

MAJOR FUNDING FOR THE
YIZKOR BOOK PROJECT WAS PROVIDED BY:
*Harry and Lillian Freedman Fund*
*David and Barbara B. Hirschhorn Foundation*
*David and Barbara Margulies*
*The Nash Family Foundation*
*Harris Rosen*
*David and Sylvia Steiner*
*Ruth Taubman*



*Original publication data*

| | |
|---|---|
| TITLE | Sefer zikaron Vlodavah ṿeha-sevivah Sobibor / [ha-ʻorekh, Shimʻon Kants]. |
| IMPRINT | 880-02 Tel-Aviv : Irgun yotsʻe Vlodovah ṿeha-sevivah be-Yiśraʻel, 734 [1974] |
| DESCRIPT | 1290, 128 columns : ill. ; 29 cm. |
| SUBJECT | Jews -- Poland -- Włodawa. |
| | Wọdawa (Poland) -- Ethnic relations. |
| | Holocaust, Jewish (1939-1945) -- Poland -- Włodawa. |
| ADD'L NAME | Kanc, Shimon. |
| ADD'L TITLE | Life and the fall of Wlodawa and surroundings |

THIS BOOK MEETS A.N.S.I. STANDARDS FOR
PAPER PERMANENCE AND LIBRARY BINDING.

PRINTED IN THE U.S.A.

# ספר זכרון

# ולודאבה והסביבה

# סבניור



הוצא לאור
ע״י אירגון
יוצאי
ולודאבה
והסביבה
בישראל

בהשתתפות
אירגוני
יוצאי
ולודאבה
בצפון־
ודרום־
אמריקה


תל־אביב
תשל״ד

1974

# YIZKOR BOOK IN MEMORY OF

# VLODAVA

## AND REGION

# SOBIBOR

Editor: SHIMON KANC




צו פאראייביקן דעם אנדענק פון די

חרוב־געווארענע יידישע קהילות

# וולאדאווע




## וולאדאווקע, דובעטשנע,

## טאמאשווקע, וויטיטשנע

קאפלאנוס, אָסאָווע, ברוּס, הײנסק, ווירעק, דאלהאבראט, סאביבאר, סוכאַווע, סמאלארעס, פישטש, פילמע, אקאנינקע, אלשאנקע, האלישעופאליע, אדאמפאל, וואלטשענא, וואסקעוואלע, זבערעזש, זשוקאוו, זאהײַקע, כאראסטיטע, ליטע, מאטעשין, מאריאנקע, סטאלנע, סטאווקי, פאלעמעץ, פויליש ארכעווע, רוסיש ארכעווע, שישנע, שומינקע, קאדעניאץ, דובאָק, פשיוויעראוויע, גריכאוו.

**ועד הספר — בוך קאָמיטעט:**

זישה פוקס

אברהם ברנהולץ — שרה אומולינסקי

יעקב רוזנבלט — יחזקאל הוברמן

אליהו הולצמן — יונה שרמן

העורך: שמעון קאנץ

**ועד האירגון:**

אברהם ברנהולץ (יו״ר)

זישה פוקס (יו״ר כבוד) — שרה פורת

יעקב רוזנבלט (מזכיר) — עליזה רמס

יחזקאל הוברמן — מלכה תכלת

גאולה גלינצמן — הלה שורר

אליהו הולצמן — יונה שרמן

שלמה חוינה — חיים קליגר

# נזכור

את נשמות מיליוני אחינו ואחיותינו שנ־כרתו מארץ החיים, את אלה שנרצחו בולודאבה ובמחנה סוביבור, את כל בית ישראל שהובל לטבח ואפרו התפזר בכל קצווי תבל; את המעונים והגבורים, שהרימו את נס המרד ויקדשו את שם ישראל בלחמם ובנפלם בין חומות הגיטו, במחנה סוביבור בשורות גדודי הפרטיזנים, ביערות ובחזיתות, בכל מערכות הקרב ברחבי אירופה כולה ובלבם חזון העליה למולדת, אמונה באדם ובגאולת ישראל.

**נזכור** את היהודים הפשוטים ואת בחירי התרבות, תפארת האדם, מזקן ועד ילד, הישרים והיקרים, בעלי צדקה וגמילות חסדים, אהבת הבריות ומסירות נפש, אהבת ישראל ואהבת ארץ ישראל, התקוות ומשאת הנפש, השאיפות הרמות, האמונה והגבורה, את השנאה והבוז לחית האדם.

**נזכור** את בתי הכנסת ובתי המדרשות, את מוסדות הצדקה והחסד, את כל הכשרונות המזהירים, את בתי עקד הספרים ואת הבתים שהיו קודש לעבודת העם והארץ.

**נזכור** את קברות אבותינו, את כל פרי עמלם הנאמן, את אבני מצבותיהן שהיו אות ועדות לתפארת בית ישראל בדורות עברו, והשטן המשחית שפך את טירוף חמתו עליהן.

**נזכור** את כל אלה שנשמדו ונגדעו בידי זדים חדלי־אישים למיניהם: מי באש ומי במים, מי ברעב ומי בצמא, מי בחרב ומי שנקבר חיים ומי בתאי גזים, כל אלה שעונו ונעקרו ומסרו נפשם על קידוש השם.

**נזכור** ונספוד להם בכל כ״ב האותיות, ששפתיהם בהן שירי־תוחלת רנו.

**נזכור** — לא נשכח!




המצבה במרתף השואה על הר־ציון בירושלים

**אלה אזכרה ונפשי עלי אשפכה, כי בלעוני זרים כעוגה בלי הפוכה.**

התחלת ה„פיוט" עשרה הרוגי מלכות בעבודת יום־הכפורים.

# אלה אזכרה

אי אפשר לתאר במלים את חורבנו של עם ישראל בשנות ת"ש תש"ה.

אי אפשר כלל למצוא ביטוי הולם לגודל צערנו על אבדן ששת המיליונים יהודים, קדושים וטהורים, שעלו על המוקד בתקופת החורבן הנורא של יהודי אירופה.

אי אפשר למצוא איש שיוכל לקונן את קינת החורבן הזה.

אי אפשר לנו לעשות כעת דבר בשביל קדושים אלה.

אי אפשר אפילו להקים מצבה על קברם, כי הנאצים הארורים שרצחו אותם, שרפו את גופותיהם ולא נודע אנה הלך אפרם.

אבל אי אפשר לנו לשכוח אותם.

אם כי מצבת אבן לא נוכל להקים על קבריהם, הרי יש לאל ידנו להציב להם מצבה סמלית במרתף השואה על הר־ציון בירושלים, ונוכל גם להעמיד להם מצבה רוחנית.

מצבה זו — תולדות העיר וזכרונות אנשיה — היא נר לזכרם, למען יחיה לעולמי־עד.

ונסיים בתפילה שהיא גם סופו של הפיוט „עשרת הרוגי מלכות" ליום הכפורים:

חנון, הביטה ממרומים,
תשפוכת דם צדיקים ותמצית דמים
תראה בפרגודך והעבר כתמים,
מלך יושב על כסא רחמים!

# אל מלא רחמים

אל מלא רחמים, דיין אלמנות ואבי יתומים
אל נא תחשה ותתאפק לדם ישראל
שנשפך כמים. תן מנוחה נכונה על כנפי
השכינה, במעלות קדושים וטהורים
כזוהר הרקיע מזהירים של אלפי קדושי

# ולודאבה והסביבה
# סוביבור

אנשים ונשים, ילדים וילדות שנהרגו
ונשחטו, נשרפו ונטבעו, נחנקו ונקברו
חיים, כולם קדושים וטהורים.
ארץ אל תכסי דמם!

# מפת העיר

**WŁODAWA**




Bożnica
Kierkut
Kościół rzym-kat
Cmentarz

די מאפע פון דער שטאט



# על הסף

חובה קדושה מוטלת עלינו, יוצאי קהילת ולודאבה והסביבה, שזכו לעלות ארצה בטרם שואה ושרידי שארית הפליטה שנתקבצו למדינת ישראל העצמאית, להציב יד־ושם לקהילתנו — קהילת ולודאבה.

בספר זה שלפנינו אנו מתיחדים עם זכרם הקדוש של בני קהילתנו, אשר הוש־מדו בצורה כה איומה ומחרידה שאין מלים בפי אנוש עלי אדמות לתארה ולכנותה בשם.

בדם ואש נפלו ועלו השמימה, אך זכרם חי בלבנו ויחיה לנצח בלב הדורות.

אל דמי לנו ואל דמי לעולם !

מקרוב ומרחוק התגייסו יוצאי ולודאבה למפעל הוצאת ספר הזכרון. השתדלנו לשזר פרקים מחיי קהילתנו, חיי עמל ויצירה, חיי חומר ורוח, חיים תוססים לכל צורותיהם ותקופותיהם.

דורות על דורות נמשכה שרשרת החיים היהודיים בולודאבה והסביבה. חיים יהודיים רב-גוניים צמחו בה והעמיקו שרשים. הדורות הבאים ימצאו בספר זה, כבכל ספרי הזכרון לקרבנות השואה, עדות וראי למה שהיה בתפוצות אירופה לפני החורבן הנורא ולפני שנמחק כל זכר לחיים היהודיים באזורנו.

אנו נושאים בלבנו את דמויות המורדים והלוחמים שביטאו את צמאון הנקמה ורצון הקיום של העם כולו וצרפנו קו לקו, תג לתג את כל גילויי הגבורה של הנוער באזור ולודאבה. בשקידה רבה אספנו את החומר על המרד בסוביבור, על התנגדות יהודי אזור ולודאבה לרוצחים הנאצים, על גבורתם ביחידות לוחמות יהודיות ביערות ובחזיתות שונות, על מאבקם על עצם החיים — שלהם, של קרוביהם ושל עמם.

נביע תודה לכל בני עירנו שהתנדבו בממון ובמעשה למען ספר הזכרון ונציין את עזרתם של ארגוני יוצאי ולודאבה בארצות הברית ובאמריקה הלאטינית.

ישמש הספר מפעל ראשון לזכר קהילתנו שאיננה עוד. נעלה נר תמיד לזכר קדושים וטהורים, לזכר הגבורה, ההתעלות והמסירות.

יהא הספר גל־עד לזכרון עולם !

**ועד הספר**

## יצחק קצנלסון

*****

ולודבה, עירת קטנה ודלה!
קטנה ודלה? הוי, לא־כך את, לא הא!
עשיר רחובך הנדח, המרשש,
עשיר בתורה, בבתי־המדרש.

בגמרא, ברש״י, ברשב״א ורמב״ם,
ב„שאלות ותשובות״ מה יערב וינעם!
במעשים, במעשיות־צדיקים מגלל...
כל מלה של קדשה, כל דבור נאצל

יהלכו באהלך וחינך מעידים:
ולודוה, עולם של לומדים, חסידים!
לומדיך, ולודוה, רכים בשנים,
ראו מראיהם והציצו לפנים!

הביטו בעינם וראו נשמתם,
שחור אישונם, אך בהיר מבטם;
חור הקלסתר, הפאות מבהיקות,
המח נלהב, והלב הוא ביקוד...

נשמה פולין, השברה עד מאד,
אויב ירצחנה, יירה וישדד,
פגע הכדור בולודבה, לא חס,
נרדפים פולנים, ויהודים למרמס.

החף מעוון צפוי קדם למות,
ורבה המצוקה, נוראה היתמות...
אימה היא לשבת בבית, פתאם
פורצים לחדרי־השנה, לקיטון,

ביום ובליל. כל שעה — מחתה,
מנתקים משנה, משליכים ממטה,
לרחוב אם תצא, לא יראוך עוד שב
אם כמות־אדם מת — האשר מה רב!

קול בכי ישמע ודמעה אין נראית,
בסתר נוקבה היא ביתר שאת!
מי בוכה במעונות היהודים יום וליל?
הן כולם הושמדו, מי בוכה פה בילל?

*****

אָך, וולאָדאַווע, שטעטעלע אָרעם און קליין —
אָרעם און קליין? אַ, דו ביסט עס ניט. ניין!
ס'איז רייך דייך פאַרוואָרפענע, אָרעמע גאַס,
מיט בית־מדרשים, מיט תורה, מיט ש״ס!

מיט תוספותן, רשי״ס, רשבא'ס און רמבמ'ס,
מיט שאלות ותשובותן זיס און באַטעמט,
מיט מעשים און מעשיות — צדיקים אַ סך —
און הייליק די ווערטער און איידל די שפּראַך.

וואָס לאָזן זיך הערן ביי דיר אין געצעלט —
וולאָדאַווע, לומדישע, חסידישע וועלט!
וולאָדאַוועער לומדים, יונג יונגיקע נאָך —
קוקט, קוקט זיי אין פּנים און זעט זייער תוך!

איר קוקט, קוקט אין אויג זיי, און זעט זייער זעל —
די אויגן־אַפּלען שוואַרצע, די בליקן העל־העל,
די פּנימלעך בלאַסע, די פּאהלעך שוואַרץ,
דער קאָפּ היציק־היציק און זידיק דאָס האַרץ...

פּוילן צעבראָכן, פאַרניכטעט און פאַרוויסט,
דער פּיינט אַ רוצח, ער רויבט און דערשיסט,
די קויל האָט געטראָפן אויך וולאָדאַווע שווער,
ער פּייניקט פּאָליאַקן און יידן נאָך מער.

ווער אומשולדיק מער איז — געוויסער זיין טויט,
און גרויס, גרויס דער עלנט און שרעקלעך די נויט...
אין שטוב איז אַ פּחד, אַ מורא צו זיין —
מען דרינגט טיף אין קאַמערס, אין אַלקער אַריין

בייטאָג און ביינאַכט, פון פרימאָרגן ביז שפּעט
מען רייסט פון שלאָפן אויף, מען שליידערט פון בעט.
באַווייזט ווער אין גאַס זיך — ער קומט שוין ניט צוריק!
און שטאַרבט מיט זיין טויט ווער — אַך, וואָס פאַר אַ גליק!

מען הערט אַ געוויין און מ'זעט נישט די טרער —
אַ טרער אַ באַהאַלטענע עגבערט נאָך מער!
ווער וויינט אין דער יידישער היים טאָג און נאַכט?
מען האָט דאָך זיי אַלעמען דאָרט אומגעבראַכט.

זישע פוקס

# אזוי
# האבן מיר אנגעהויבן



ער געדאַנק וועגן אַרויסגעבן אַ ספר יזכור צום אָנדענק פון אונדזער פאַרשניטענער קהילה, איז ביי אונדז, וולאָדאַווער לאַנדסלייט אין ישראל, אויפגעקומען נאָך אין די לעצטע יאָרן פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווי נאָר עס זענען אָנגעקומען די ערשטע ידיעות וועגן אומקום פון די יידן אין וולאָדאַווע צוזאַמען מיטן גאַנצן פוילישן יידנטום.

מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז פון דורות יידן און יידישקייט זענען געבליבן בלויז ריזיקע ברידער־קברים, אָן אַ מצבה, אָן מינדעסטן אָנדענק, וועלכער זאָל אַרויסשרייען צו דער וועלט די שוידערלעכע טראַגעדיע, וואָס האָט פּאַסירט מיט אונדזער פאָלק, די בלוטיקסטע טראַגעדיע אין דער יידישער געשיכטע.

דער דאָזיקער געדאַנק האָט נאָך אין יענער צייט נישט געהאַט קיין שום אויסזיכטן צו ווערן רעאַליזירט. עס איז אַפילו שווער געווען צו רעדן וועגן דעם, אָבער טיף אין האַרצן האָט שוין געלעבט דאָס געפיל פונעם גרויסן חוב, וואָס ווערט אַרויפגעלייגט אויף אונדז, דער הייליקער חוב פון לעבנגעבליבענע אויפצושטעלן אַ מצבה פאַר די קדושים, וועלכע מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

דאָס איז געווען אין יענעם טאָג, ווען טויזנטער יידן האָבן דעמאָנסטרירט אויף די גאַסן פון תל־אביב, געטראָגן אין די הענט שוואַרצע פענער און טראַנספּאַראַנטן, אויסגעשריגן פאַר דער וועלט דעם שרעקלעכן ווייטיק, דעם ווײ־געשריי צום וועלט־געוויסן צו ראַטעווען די יידן, וועלכע האָבן נאָך דעמאָלט געלעבט אין פוילן, אין פּיין און שרעק פאַרן אָנקומענדיקן טויט.

מיט ספרי־תורה אין די הענט האָבן די דעמאָנסטרירנדיקע יידן זיך דערנענטערט צום גרויסן בית הכנסת אויף אלנבי־גאַס, ווו עס זענען געהאַלטן געוואָרן האַרצרייסנדיקע דרשות און רעדעס און נאָכן חזנס „אל מלא רחמים" האָבן די טויזנטער פאַרזאַמלטע אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שיך און אבילותדיק זיך אַוועקגעזעצט אין מיטן גאַס, מיט געבויגענע קעפּ און צעבראָכענע הערצער, אין טיפן טרויער נאָך די מיליאָנען אומגעקומענע.

עס זענען אויסגעבראָכן יאָמערלעכע געוויינען, וואָס זענען געגאַנגען עד לב השמים. דערוואַקסענע מענער און פרויען האָבן באַוויינט די פאַרפּייניקטע און פאַרלוירענע אין דער שוידערלעכער שחיטה, וואָס האָט נישט קיין גלייכן אין דער מאַרטירער־געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

דאָס איז געווען אַ ביטער און שוידערלעכער געקלאָג, וואָס באַגלייט אונדזער גאַנץ לעבן.

אומקערנדיק זיך פון בית הכנסת האָב איך אויפן וועג באַגעגנט יהושע ערליך ז"ל, וועלכער איז געשטאַנען ביי זיין אַפּטייק און אויף זיין פּנים האָט זיך געמאָלן די צעבראָכנקייט און דערשלאָגנקייט, וואָס איז געווען אין יענעם טאָג אויף די פּנימער פון אַלע יידן אין תלאביב.

צו גרויס איז געווען דער ווייטיק אויף צו באַנעמען אים מיטן מענטשלעכן מוח, יעדער פון אונדז האָט נאָך געוואָלט אין עפּעס גלויבן, האָט נאָך דערוואַרט אַ ידיעה פון נאָענטע, וועלכע מען האָט זיך געוואָלט איינרעדן, אַז זיי זענען געבליבן לעבן.

מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז מיר זענען יחידים פון מיליאָנען, וואָס זענען פאַרפּייניקט און פאַרטיליקט געוואָרן. דאָך האָבן מיר זיך געקלאַמערט אין דער האָפענונג, אַז עס וועט נאָך געלונגען עפּעס אָפּצוראַטעווען.

איך האָב פאַרגעשלאָגן ערליכן, אַז מיר, די וולאָדאַווער יידן אין ישראל, זאָלן זיך צונויפנעמען, אָרגאַניזירן און שאַפן אַ קאָמיטעט, וואָס זאָל אויף זיך נעמען די אויפגאַבע צו זאַמלען געלט־מיטלען, כדי צו זיין צוגעגרייט אויף יעדן רוף פון אונדזערע ברידער נאָך הילף. מיר האָבן זיך געקלאַמערט אין געדאַנק, אַז עס וועלן זיך נאָך אָפּרופן אָפּגעראַטעוועטע פון טאָל פון טויט, פון פאַרברענונג און אַש.

יהושע ערליך האָט שטיל אַקצעפּטירט מיין פאָרשלאָג און נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר, אַ גרופּע וולאָדאַווער לאַנדסלייט, צונויפגעטראָפן זיך ביי יוסף גאָלדמאַן אין שטוב,

אויף רח׳ עליה 31, ווו עס איז געשאַפן געוואָרן דער קאָמיטעט פון דער וואָלאַדאַווער לאַנדסמאַנשאַפט.

אין יענעם ערשטן קאָמיטעט זענען אַריין פאָלגנדע חברים: יהושע ערליך, יוסף גאָלדמאַן, משה באַנקהאַלטער, מרדכי באַרנהאָלץ זכרונם לברכה און, יבדלו לחיים ארוכים וטובים: אליעזר לייכטער און דער שרייבער פון די שורות.

אין יאָר 1944 איז אָפיציעל געשאַפן געוואָרן דער „ארגון יוצאי וולודבה והסביבה בישראל" און אַלס פּרעזעס איז אויסגעוויילט געוואָרן יהושע ערליך. אַלס קאַסיר — אליעזר לייכטער.

אַלס מיטגלידער אין קאָמיטעט זענען אַריין: יוסף גאָלדמאַן, משה באַנקהאַלטער ז״ל און יב״ל רפאל כהן, צבי האַלצמאַן און זישע פּוקס.

מיר האָבן זיך אַנגעשלאָסן אין „התאחדות עולי פולין", צונויפגעקומען זיך אויף זיצונגען, אָרגאַניזירט געלט־זאַמלונגען און מיט צאַפּלדיקע הערצער געוואַרט אויף ידיעות פון אָפּגעראַטעוועטע, געפּלעגט און געצערטלט אין זיך די האָפענונג, אַז עס וועלן זיך פאַרט אָפּרופן לעבנגעבליבענע יידן פון וואָלאַדאַווע.

אין די טעג פון מאַי 1945, ווען די צווייטע וועלט־מלחמה איז געווען פאַרענדיקט, זענען די יידן אין תל־אביב געגאַנגען אין אַ גרויסער דעמאָנסטראַציע און פון אַ טראַנספּאַראַנט האָט אַראָפּגעשריגן די אויפשריפט:

„אונדזער בילאַנס — זעקס מיליאָן קרבנות!"

די גרויסע פרייד מיטן זיג איז געווען געמישט מיט ענדלאָזן טרויער איבערן מוראדיקן חורבן, וואָס אונדז האָט געטראָפן.

דעמאָלט האָבן מיר נאָך אַלץ נישט געהאַט קיין שום ידיעה פון וואָלאַדאַווע. אין יאָר 1945 איז אָנגעקומען דער ערשטער אָפּגעראַטעוועטער ייד פון וואָלאַדאַווע, יצחק פרידמאַן, אַ יונגער בחור, אַ זון פון פייוול לעדערמאַנס טאָכטער, גיטל, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט חיים־יוסף פרידמאַן.

מיר האָבן גערופן אַ ספּעציעלע זיצונג פון קאָמיטעט און דער יונגער בחור האָט פאַר אונדז אויפגעוויקלט די מגילה פונעם מוראדיקן חורבן. די יסורים און פּיין, וואָס ער אַליין האָט דורכגעמאַכט, די ליקווידאַציע און אומקום פון דער גאַנצער יידישער קהילה אין וואָלאַדאַווע; די גהינום־פּיין אין געטאָ און אין די לאַגערן, דעם שוידערלעכן אומקום אין טויט־לאַגער סאָביבאָר. ער האָט אויך דערציילט וועגן די יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער, וועגן די באַהאַלטענע אין גריבער און וועגן קעמפנדיקע אין דער פּאַרטיזאַנער אַרמיי.

מיר זענען געזעסן דורכגענומענע, דורכגעשוידערטע פון גרויל. עס האָט זיך געוואָלט מיטשרייען דעם לעצטן „שמע ישראל" פון די פאַרטיליקטע קדושים, אָבער אין אונדזערע הערצער איז געווען פינצטער און מיר זענען געזעסן שטום, אָן לשון. זענען דען פאַראַן ווערטער, וואָס זאָלן אימשטאַנד זיין אויסצודריקן די יסורים פון יענע שעהן?!

דעם בחורס שטים האָט זיך אויך געבראָכן און פון מאָל צו מאָל איבערגעריסן. די ווערטער זענען געקומען ביי אים פון פאַרשטיקטן האַלדז, ביז ער האָט זיך אינגאַנצן צוזאַמענגעבראָכן און איז אַנטשוויגן געוואָרן, געבליבן זיצן שטום, מיט אויפגעריסענע אויגן, פאַרקוקט אין זיין דורכגעמאַכטן כף הקלע.

עס איז געווען אַ שוידערלעך שווייגן. פון אַלעמענס אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן.

דער געדאַנק וועגן אַרויסגעבן אַ ספר יזכור האָט אָן אויפהער געעקבערט אונדזערע מוחות. אינעם שטעלן אַ מצבה צום אָנדענק פון אונדזער פאַרשניטענער קהילה האָבן מיר געזען נישט קיין סתם אָפּגעדרוקטע שטומע ווערטער, נאָר דאָס קול פון די נשמות פון די קדושים, וועלכע זענען אַזוי ברוטאַל אויסגעמאָרדעט געוואָרן; דאָס קול וואָס יעדער פון אונדז האָט געהערט רופן אין זיך:

„געדענק, זאָלסט אין אונדז נישט פאַרגעסן!"

מיר האָבן זיך אָבער אָפּגעגעבן אַ חשבון פון די אומגעוויינלעכע שוועריקייטן, וואָס זענען פאַרבונדן מיט אַזאַ ווערק, מיטן מיפולן צונויפזאַמלען און צוזאַמענשטעלן די מאַטעריאַלן פאַר אַ ספר זכרון, דאָס שאַפן די נויטיקע פינאַנסיעלע מיטלען. און דערצו האָבן מיר געזען פאַר זיך אַ ברייט פעלד פון אַרבעט פאַר העלפן די אָפּגעראַטעוועטע.

אין יענער צייט האָבן מיר אָרגאַניזירט אַ ברייטערן קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריינגעצויגן געוואָרן אויך פרויען.

עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַן אינטענסיווע טעטיקייט. מיר האָבן געזאַמלט מלבושים, וועש, שיך, סוועטערס. מיר האָבן באַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצושיקן פּעקלעך קיין וואָלאַדאַווע.

אין יענער צייט איז אונדז געלונגען פעסטצושטעלן די דאַטע פון חורבן, ב׳ אייר. מיר האָבן אָפּגענומען גביית עדות פון די, וואָס האָבן מיטגעמאַכט דעם חורבן און עס איז אויף שטענדיק באַשטימט געוואָרן דער טאָג אַלס יאָרצייט נאָך אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע.

אין יאָר 1947 זענען די וואָלאַדאַווער יידן אין ישראל זיך צונויפגעקומען אויף דער ערשטער אזכרה נאָך אונדזערע קדושים. אַלע פאַרזאַמלטע האָבן געזאָגט קדיש.

אַ טיפער שוידער האָט דורכגענומען דעם פאַרזאַמלטן עולם ווען דער חזן האָט געמאַכט דעם „אל מלא רחמים". אַ יאָמערלעך געוויין האָט זיך געריסן פון אַלעמענס הערצער.

עס איז געקומען די צייט פון באַפרייאונגס־קאַמף, ווען דער גאַנצער ישוב האָט גענומען אַן אַקטיוון אַנטייל און עס זענען געפאַלן טויזנטער קרבנות. צווישן די העלדן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין מלחמת השחרור האָט זיך אויך געפונען אונדזער יצחק פרידמאַן, וואָס האָט אונדז דער ערשטער געבראַנגט די ידיעה פון אונדזער חרוב־געוואָרענער קהילה. ער האָט אנטיילגענומען אין אַ ריי קאַמפּס־אַקציעס, ביז ער איז העלדיש געפאַלן אין איינער אַזאַ קאַמפּס־אַקציע, צוזאַמען מיט נאָך צוויי העלדישע חברים.

די לוויה פון יענע העלדן איז פאַרגעקומען אין אַ זונטיק. ביים גרויסן בית הכנסת האָט זיך פאַרזאַמלט אַ גרויסע צאָל מענטשן, וועלכע האָבן אָפּגעגעבן כבוד די יונגע העלדן, וואָס זענען געפאַלן אין קאַמף און האָבן אַוועקגעגעבן זייער יונגע לעבנס פאַר דער באַפרייאונג פון דער ידישער מדינה.

אונדזער בן עיר, דער יונגער יצחק פרידמאַן, האָט דורכגעמאַכט אין זיין לעבן די שווידערלעכסטע גיהנומס. איז געקומען קיין ישראל מיטן ציל צו פאַראנקערן זיך דאָ און העלפן בויען דאָס לאַנד. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די קאַמפן האָט ער זין׳ גלייך אָנגעשלאָסן אין די רייען פון די אצ"ל־קעמפער. קיינער פון אונדז האָט וועגן דעם נישט געוווּסט. ער איז געווען באַשיידן און איבערגעגעבן דער ציל פון באַפרייען די יידישע מדינה. קיינער פון אונדז האָט אויך נישט געוווּסט וועגן זיין טויט. איך האָב זיך צופעליק וועגן דעם דערוווּסט און דערפאַר געווען דער איינציקער וואָלאָדאַווער, וואָס האָט זיך באַטייליקט אין דער לוויה, באַגלייט צו זיין אייביקער רו דעם העלדישן בחור פון וואָלאָדאַווע.

יהא זכרו ברוך!

עס איז ווייטער אָנגעגאַנגען די אָרגאַניזירטע הילפס־אַקציע. מיר האָבן געשאַפן אַ גמילת חסד־קאַסע א.ג. פון די קדושי וואָלאָדאַווע והסביבה. די קאַסע איז נאָך דעמאָלט געווען גענוג אָרעם, האָט אָבער זיך אַרויסגעוויזן פאַר זייער נוצלעך, ווייל עס זענען כסדר אָנגעקומען נייע לאַנדסלייט, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין הילף.

אין יאָר 1950 איז נפטר געוואָרן יהושע ערליך ז"ל. דאָס איז געווען אַ גרויסער פאַרלוסט פאַרן קאָמיטעט, אַ פאַרלוסט, וועלכן עס האָבן אָפּגעפילט אַלע וואָלאָדאַווער ידן אין ישראל. ביי אים האָט זיך געפּאָרט אינטעליגענץ און איידלקייט פון אַ לויטערע נשמה. ער איז געווען איבערגעגעבן דעם קאָמיטעט מיט לייב און לעבן און מיט דער גאַנצער וואַרעמקייט פון זיין האַרץ גרייט געווען צו העלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן.

אין אַ קורצער צייט אַרום איז אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג אויסגעוויילט געוואָרן דער שרייבער פון די



שורות אַלס פּרעזעס און צום קאָמיטעט איז צוקאָאָפּטירט געוואָרן שמואל בעקערמאַן.

אין יאָר 1952 האָבן מיר איינגעאָרדנט אַ צוזאַמענטרעף פון אַלע וואָלאָדאַווער לאַנדסלייט, וואָס זענען געווען צעוואָרפן איבערן גאַנצן לאַנד. מיר זענען זיך צונויפגעקומען ביי געדעקטע טישן, אין אַן אַטמאָספער פון ברידערלעכקייט. באַזונדערס האָט זיך אָנגעזען דער אַנטייל פון דער גרויסער גרופּע וואָלאָדאַווער, וואָס האָבן געוווינט אין חיפה און עס האָט אָנגעפירט מיט זיי שבתאי קאַמינער ז"ל.

דער אָוונט איז דורך זייער פייערלעך. צום ערשטן מאָל האָבן אין ישראל זיך צונויפגעטראָפן אַלע וואָלאָדאַווער לאַנדסלייט, די וותיקים און די נייע עולים, וואָס האָבן דורכגעמאַכט פאַרשידענע גיהנומס אין זייער לעבן.

עס האָט זיך געשאַפן אַ פאַרשטאַרקטע דערנענטערונג און עס זענען אָנגעבונדן געוואָרן ענגערע באַציאונגען צווישן די לאַנדסלייט. עס איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכער צוזאַמענטרעף.

נאָך יענעם אָוונט האָט זיך אויך פאַרגרעסערט דער פאָנד פון אונדזער גמילת־חסד קאַסע.

אין יאָר 1953 האָבן די וואָלאָדאַווער לאַנדסלייט פון אַמעריקע געשיקט אונדז אַ ספר־תורה, וועלכע איז דורך אונדז אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס יראת הכבוד. עס האָט זיך געשאַפן אַ ספּעציעלער אָרגאַניזיר־קאָמיטעט און די ספר־תורה איז געפירט געוואָרן אונטער אַ חופה, באַגלייט מיט אַן אָרקעסטער, פון „בית שאלתיאל" אויף רחוב לווינסקי, דורך די גאַסן: עליה, הקונגרס, צ׳לנוב, ביז צום בית הכנסת „פועלי צדק", ווו עס דאַווענען פיל וואָלאָדאַווער ידן.

דאָס איז געווען אין אָוונט און דער וועג איז געוואָרן באַלויכטן מיט פאַקלען. דער עולם האָט געטאַנצט און געזונגען איבערן גאַנצן וועג ביזן אַריינפירן די ספר תורה אין בית הכנסת.

די גרויסע פייערונג איז פאַרענדיקט געוואָרן מיט דער דרשה פון הרב מאָושאָוויטש.

אין יאָר 1954 האָבן די וואָלאָדאַווער לאַנדסלייט אין ניו־יאָרק געפייערט דעם פערציק־יאָריקן יובילײ פון זייער זיין אין אַמעריקע. מיט דער הילף פון פּרעזידענט ה׳ היימאָוויטש ז"ל און פון ה׳ בריסקער ז"ל, דער סעקרעטאַר פון דער וואָלאָדאַווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ניו־יאָרק און אויך דורך דער טיכטיקער פאַרמיטלונג פון ירחמיאל זבערטשוק ז"ל אין ישראל, האָט אונדזער גמילת חסד קאַסע באַקומען צוגעשיקט צוויי טויזנט דאָלאַר.

דער וואָלאָדאַווער קאָמיטעט אין ישראל גיט אָפּ אַ סך אויפמערקזאַמקייט דער דאָזיקער גמילת חסד־קאַסע, האָט

צו דעם צוועק געפירט אַ לענגערע קאָרעספּאָנדענץ מיט די לאַנדסלייט אין אַמעריקע און ביזן היינטיקן טאָג ווערט דאָס געלט פון דער קאַסע אויסגענוצט פאַר וויכטיקע הילפס־צוועקן. עס ווערן דערטיילט הלוואות צו יעדן וואָס ווענדט זיך צו אונדז. די חודשלעכע אויסצאָלונגען זענען צוגענגלעכע און אָן פּראָצענט.

מיט דער צייט האָבן אונדזערע לאַנדסלייט אין חיפה געשאַפן אַ באַזונדערן קאָמיטעט מיט שבתאי קאַמינער אַלס פּרעזעס. די גרינדונג איז פאָרגעקומען לויט דער איניציאַטיוו פון תל־אביבער קאָמיטעט און די צוזאַמענאַרבעט איז זייער אַ גוטע.

ש. קאַמינער ז״ל האָט זייער פיל אויפגעטון פאַר די וולאַדאַווער אין חיפה. איז שטענדיק גרייט געווען צו קומען מיט הילף און ווען מען האָט געדאַרפט האָט ער אפילו אויס־געלייגט געלט פון זיין אייגענער קעשענע.

דעם 8־טן מאַי 1960 תש״כ האָבן די וולאַדאַווער לאַנדס־לייט פאַרלוירן אַ געטרייען און איבערגעגעבענעם חבר און פריינט, שבתאי קאַמינער ז״ל, וועלכער האָט מיט אַ סך באַגייסטערונג און ענערגיע געפירט די אַרבעט לטובת וולאַ־דאַווער לאַנדסלייט אין גאַנצן לאַנד. און גאָר באַזונדערס פאַר די, וואָס האָבן מיט אים צוזאַמען געאַרבעט אין חיפה און פון דער נאָענט געפילט זיין געטרייע איבערגעגעבנקייט.

יהא זכרו ברוך.

מיט עטלעכע יאָר פריער, אין יאָר 1956 איז נפטר גע־וואָרן אונדזער חשובער קאָמיטעט־מיטגליד, משה באַנקהאַל־טער, וועלכער איז מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דעם ארגון און זיין ווירונג איז שטענדיק געווען אָפן פאַר יעדן וולאַדאַווער ייד, וואָס האָט זיך צו אים געוואַנדן. זיין פּטירה איז געווען אַ גרויסער פאַרלוסט פאַרן גאַנצן ארגון און אַלע וולאַדאַווער היטן אין האַרצן זיין אָנדענק.

יהא זכרו ברוך!

נאָך דער פּטירה פון משה באַנקהאַלטער ז״ל נעמט איבער יוסף גאָלדמאַן די גאַנצע אַרבעט פון קאָמיטעט צו זיך אין זיין ווירונג, ווו עס קומען פאָר די זיצונגען און עס ווערט אויך געפירט די גמילת חסד־קאַסע.

אין יענער צייט פלעג איך אים באַזוכן כמעט צוויי מאָל אין טאָג, כדי אָנצוהאַלטן די קאָרעספּאָנדענץ, באַראַטונגען. ער פלעגט אויך מיט מיר פאָרן קיין חיפה, ווען מען האָט דאָרט געדאַרפט שאַפן אַ זעלבשטענדיקע אָפּטיילונג פון דער גמילת חסד־קאַסע. דער אָפּטיילונג איז צוגעטיילט געוואָרן אַ געוויסע סומע געלט, כדי זיי זאָלן נישט דאַרפן וואַרטן ביז מיר וועלן זיי שיקן פון תל־אביב און זיי זאָלן קענען אַליין פונאַנדערטיילן די הלוואות.



## דער ספר־זכרון

אין יאָר 1957 האָט דער געדאַנק אַרויסצוגעבן אַ ספר־יזכור אָנגענומען הויט און פלייש. אונדזער וולאַדאַווער לאַנדסמאַן יעקב ראָזנבלאַט איז צוגעצויגן געוואָרן צו דער אַרבעט אַלס סעקרעטאַר און מיר האָבן אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַל פאַרן ספר הזכרון צום אָנדענק פון אונדזערע קדושים. יעקב ראָזנבלאַט איז געפאָרן צו יעדן וולאַדאַווער אהיים און אויפגענומען די מאַטעריאַלן פון די, וועלכע האָבן איבערגעלעבט דעם אומקום און אַזוי אַרום איז געשאַפן גע־וואָרן דער יסוד פאַרן ספר יזכור.

אין יאָר 1958 איז פאָרגעקומען אַן אַלגעמיינע פאַרזאַמ־לונג, אויף וועלכער אונדזער חשובער לאַנדסמאַן, ר׳ אברהם באַרנהאַלץ איז געוואָרן אויסגעוויילט איבערצונעמען די הויפּט־אַרבעט פון ארגון.

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען איך האָב זיך גע־פילט זייער מיד און בין נישט געווען בכוח צו טראָגן אויף זיך די לאַסט, וואָס איז מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ שווערער, אַלץ רייכער אין פאַרשידענע טעטיקייטן און איך האָב דער־פאַר פאָרגעשלאָגן אויסצוויילן אברהם באַרנהאַלץ אַלס פּרע־זעס, אָבער גלייכצייטיק האָב איך אים ווייטער געהאָלפן וויפל איך האָב נאָר געקאָנט אין זיין טעטיקייט. די חברים האָבן ממש אויפגעצוווּנגען מיר צו בלייבן אַלס ערן־פּרעזעס.

אין זעלבן יאָר איז אין לאַנד געפייערט געוואָרן דער צען־יאָריקער יובל פון דער אַנטשטייאונג פון מדינת ישראל און עס זענען געקומען צו אונדז וולאַדאַווער לאַנדסלייט פון אַמעריקע, קאַנאַדע, אַרגענטינע און אַנדערע לענדער. מיר האָבן גערופן אַ גרויסן צוזאַמענפאָר פון אַלע וולאַדאַווער אין גאַנצן לאַנד און עס איז דורכגעפירט געוואָרן אַ גראַנ־דיאָזער אָוונט.

דער הויפּט־ציל, וועלכן אונדזער ארגון האָט זיך געש־טעלט, איז שוין דאַן געווען צו קאָנצענטרירן אַלע כוחות און די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט צום אַרויסגעבן דעם ספר הזכרון.

אין יאָר 1958, כ״א אדר תשי״ח, איז נפטר געוואָרן אונדזער חשובער קאָמיטעט־מיטגליד יוסף גאָלדמאַן ז״ל. מיט זיין פּטירה איז ווידער אַוועק אַ געטרייער חבר און פריינט פון אַלע וולאַדאַווער, פאַר וועלכע ער האָט זייער פיל געטון.

יהא זכרו ברוך!

אין אַ געוויסער צייט שפּעטער קומט קיין ישראל אויף אַ באַזוך אונדזער וולאַדאַווער לאַנדסמאַן פון בראַזיל, חיים שקלאַ און אונטער דער אָנפירונג פון פּרעזעס באַרנהאַלץ שאַפט ער אַ פרויען־קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף, וואָס איז טעטיק ביי אונדזער ארגון. זינט דעמאָלט ווערט רעגולער,

צווייִמאָל אין יאָר, פאַר פּסח און פאַר ראש־השנה, צוגעשיקט דורך דער פּאָסט טשעקן צו די, וואָס נויטיקן זיך אין הילף, עלטערע מענטשן, קראַנקע און סתם נויטבאַדערפטיקע.

די גאַנצע צייט ווערן דורכגעפירט געלט־זאַמלונגען ביי אונדזערע לאַנדסלייט פון צפון־אַמעריקע, פון בראַזיל, פון אַרגענטינע און פון ווענעזועלאַ.

צווישן די 600 משפחות וואָלאַדאָווער, וואָס געפינען זיך אין ישראל זענען פאַראַן אויך אַזעלכע, וואָס נויטיקן זיך אין שטיצע. מיר געבן זיך אָפּ אַ חשבון, אַז די הילף, וועלכע מיר זענען בכוח זיי צו געבן, איז נישט קיין גענוגנדיקע, אָבער מיר טוען אַלץ, אויף וויפל עס דערלויבן אונדז די מעגלעכקייטן, אַקעגנצוקומען זיי מיט הילף, מיט שטיצע און אויף יעדן יום־טוב צוצוטיילן זיי די שטיצע ווי אַן אויסדרוק פון דער וואַרעמסטער אויפמערקזאַמקייט.

ביים היינטיקן טאָג באַשטייט די פאַרוואַלטונג פון אונדזער ארגון פון פאָלגענדע מיטגלידער:

א. באַרנהאָלץ, ז. פוקס, מלכה תכלת, י. שערמאַן, יחזקאל הובערמאַן, עליזה רמס, ג. גלינצמאַן, העלע שערער, ש. כוינע און שרה פורת.

אין דער קאָמיסיע פון דער גמילת חסד־קאַסע זענען: באַרנהאָלץ און פרוי תכלת, וועלכע גיט זיך אָפּ דער אַרבעט מיט דער גאַנצער איבערגעגעבנקייט און טוט זייער פיל פאַר די, וואָס ווענדן זיך צו איר נאָך הילף.

אין דער קאָמיסיע פאַר סאָציאַלער הילף זענען: א. באַרנהאָלץ, מ. תכלת, י. ראָזנבלאַט.

דער בוך־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך פון ס׳ניי אָרגאַניזירט אין יוני 1964, אונטער דער אָנפירונג פון חבר א. האָלצמאַן, וועלכער האָט געשאָנקען אַ סך מי און ענערגיע ביים אָרגאַניזירן און קאָנטראָלירן די געזאַמלטע מאַטעריאַלן, די מיטגלידער אין קאָמיטעט זענען: אברהם באַרנהאָלץ, זיסע פוקס, יעקב ראָזנבלאַט, יונתן שערמאַן, יחזקאל הובערמאַן, מרדכי וואָלאַדאָווער, שרה אמאַלינסקי־לוסטיגמאַן און תמרה טורקעניץ.

אין יענער צייט האָט חיים קליגער צוגעשיקט פון לובלין וויכטיקע מאַטעריאַלן, דאָקומענטן, דיאַגראַמען און בילדער וועגן יידישן לעבן אין וואָלאַדאָווע.

דער בוך־קאָמיטעט קומט זיך צונויף אויף וועכנטלעכע זיצונגען, יעדעס מאָל ביי אַן אַנדערן חבר, ווו מען לייענט און קאָרעגירט דעם געזאַמלטן מאַטעריאַל פאַרן איבערגעבן עס דעם רעדאַקטאָר פון בוך.

זאָל דאָס יזכור־בוך זיין אַ שטענדיקע דערמאָנונג לדורי־דורות, וועלכע וועלן זען אין דאָזיקן ספר אַ דאָקומענט און אַ שפּיגל פון אַ רייכן לעבנסשטייגער, וואָס איז מער נישטאָ.

זאָל דאָס געשריי, וואָס גייט אויף פון דאָזיקן בוך נישט פאַרשטילט ווערן און נישט אויפהערן צו מאָנען ביז דורי־דורות.



## אונדזער יזכור־בוך

אין די בלעטער פונעם דאָזיקן היסטאָריש־דאָקומענטאַרן ספר, געשריבן דורך איבער הונדערט און צוואַנציק וואָלאַדאָווער יידן, צעוואָרפענע איבער פאַרשידענע טיילן וועלט, איז פאַראייביקט דאָס לעבן און אומקום פון אַ יידישע קהילה, וואָס האָט באַוווינט וואָלאַדאָווע און די אַרומיקע געגנט און פאַרנומען איר באַשיידן אָרט אויף דער מאַפּע פון די אַמאָליקע יידישע תפוצות.

אין פאַרלויף פון הונדערטער יאָרן האָבן די יידן אין וואָלאַדאָווע און אין דער אַרומיקער סביבה געבויט זייערע היימען און מיט דער צייט איז דאָרט אויפגעקומען אַ פּולסירנדיק יידיש לעבן מיט אַלע אינסטיטוציעס, פאַרבאַנדן און פאַרטייען, וואָס האָבן עקזיסטירט אין די פאַרשידענע יידישע ישובים אין פוילן. דער לעבנסשטייגער אין וואָלאַדאָווע, דער לעבנסריטם אין דער היים און אין גאַס, אין קודש און אין חול, איז געווען דורך־און־דורך אַ יידישער. נישט בלויז לומדים, תלמידי חכמים, נאָר אויך פּשוטע פאָלקס־מענטשן און האַרעפּאַשניקעס האָבן מיטן אוועקגיין פון טאָג, פון אַ שווערן און לאַנגן אַרבעטס־טאָג, אָפּגעטרייסלט פון זיך דעם וואָכיקן שטויב, די גשמיות, און זענען אַוועק אין שול, אין בית המדרש, אין די חסידים שטיבלעך, ווו דער הויפּט־תענוג איז געווען אַ בלאַט גמרא, אַ פּרק משניות, אַ שטיקל עין יעקב אָדער פּשוט תהלים־זאָגן. יידן האָבן זיך באַנייט און אָפּגעפרישט אין די דאָזיקע שעהן, האָבן זיך דערקוויקט דאָס האַרץ. אַזעלכע זענען געווען די שטיל־צאַפּלענדיקע און פלינדיקע הערצער פון די יידן אין וואָלאַדאָווע. אַזוי איז עס אויך געווען אין וואָלאַדאָווקע און אין אַרומיקע דערפער.

די יידן אין וואָלאַדאָווע האָבן געפירט אַן אינטענסיוו־געזעלשאַפטלעך לעבן, געשאַפן געזעלשאַפטלעכע און סאָציאַלע אינסטיטוציעס, צדקה־אַנשטאַלטן, און איבער אַלעם דערציערישע, חדרים און שולן. אין די הונגעריקסטע היימען אין וואָלאַדאָווע, האָבן טאַטע־מאַמע געחלומט וועגן געבן זייערע קינדער וויסן, תורה און גמרא. דאָס איז געווען זייער הייסע שטרעבונג און מיט דער צייט האָט דער באַגער אַרומגענומען אויך וועלטלעך וויסן.

מיטן פאַרלייגן די באַן־ליניע האָט זיך לאַנגזאַם אָנגעהויבן דער אויפשטייג, עקאָנאָמישער און קולטורעלער, פון די איינוווינער אין וואָלאַדאָווע. די יידן האָבן אינטענסיווער גענומען בויען זייער ווירטשאַפטלעך לעבן, וואָס איז באַש־

טאַנען פון מלאכה און האַנדל. די ייִדן זענען געווען די פאַר־בינדלער צווישן דער שטאָטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג. די ייִדן אין וולאַדאַווע האָבן אַנטוויקלט די עקספּלואַטאַציע פון האָלץ אין די אַרומיקע וועלדער און אויסגעצייכנט זיך מיט זייער איניציאַטיוו און ענערגיע ביים עקספּאָרטירן דאָס האָלץ קיין אויסלאַנד און דער עקספּאָרט האָט מיט דער צייט אָנגענומען אַ גרויסן פאַרנעם, באַרייכערט די מלוכה־קאַסע מיט אויסלענדישער וואַלוטע און געגעבן באַשעפטיקונג טויזנטער אַרבעטער פון שטאָט און דאָרף.

ייִדן אין וולאַדאַווע האָבן אַנטוויקלט אַ דינאַמישן תבואה־ און פיש־האַנדל, וואָס איז זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער די מערק פון אַלע גרעסערע שטעט און איז אַריבער ווייט די גרענעצן פון פוילן.

צוזאַמען מיטן ווירטשאַפטלעכן אונטערנעמונגס־גייסט איז אויך געוואַקסן דאָס ייִדישע אייגנאַרטיק גייסטיק לעבן. די וואָך און דער יום־טוב איז געווען דורכגענומען מיט ייִדישן גייסט. יעדן פרייטיק פאַרנאַכט איז ווי אַנטשוויגן געוואָרן די גאַנצע וועלט אַרום און מיט יראת הכבוד צוגעהערט זיך צום אָנקום פונעם שבת. דאָס ליכט־בענטשן פון אונדזערע מאַמעס האָט געהערט צו די הייליקסטע מינוטן אין אונדזער שטעטל און האָט געהייליקט אונדזער לעבן אומעטום וווּהין דער גורל האָט אונדז פאַרוואָרפן.

שבת און יום־טוב האָבן גערוט די גאַסן און געסלעך, וואָס זענען געוואָרן ווי דורכגענומען מיט הייליקער פּאַרכטיקייט. אַלע שטובן זענען געוואָרן דורכגעזאַפּט מיטן זאַפט פון דער ייִדישער נשמה.

מיט גרויס איבערגעגעבנקייט איז אויף אַלע געביטן געפירט געוואָרן די געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט פון די ייִדן אין וולאַדאַווע. ייִדן זענען געווען פאַרטראָטן אין די פאַרשידענע רעגירונגס־אינסטיטוציעס, אין דער מוניציפּאַליטעט און אומעטום האָבן די פאַרשטייער פון דער ייִדישער באַפעלקערונג מיט גרויס איבערגעגעבנקייט געקעמפט קעגן די שטערונגען פון יענער צייט, וואָס איז געשטאַנען אונטערן צייכן פון ירידה און דעגענעראַציע. די פּוילישע רעגירונג האָט כסדר פאַרעפנטלעכט נייע גזירות. פון היטלעריסטישן דייטשלאַנד האָבן גענומען בלאָזן בייזע ווינטן, וועלכע האָבן אין פוילן געפונען אַ פרוכטבאַרן באָדן. אויף טריט און שריט האָבן זיך געהערט די קרעכצן פון דער שווערער צייט.

ייִדן פון וולאַדאַווע איז אָפט אויסגעקומען צו נעמען דעם וואַנדער־שטעקן אין דער האַנט און זוכן זיך אַן אָרט אין דער גרויסער וועלט. אַ סך יוגנטלעכע האָבן נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה אויף פאַרשידענע וועגן עולה געווען קיין ארץ־ישראל. זייער צוקונפט האָבן זיי געזען אין דער נאַציאָנאַלער דערלייזונג פון ייִדישן פאָלק. עולים פון וולאַ־



דאַווע האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל אין אויפבוי און פאַרטיידיקונג פון ייִדישן ישוב אין ארץ־ישראל.

אין יאָר 1939, פּוילן איז געוואָרן צעבראָכן און פאַרקנעכטעט, באַהערשט פון די היטלעריסטישע חיילות. די נאַציסטישע האָרדעס האָבן פאַרנומען אויך אונדזער געגנט און צוזאַמען מיט די פּאָליאַקן און אוקראַינער גענומען זיך יאָגן מיט ווילדער אַכזריות נאָך די ייִדן, זייערע שכנים, מיט וועלכע זיי האָבן געלעבט צוזאַמען אַזויפיל הונדערטער יאָרן. בלויז איינצלנע זענען געווען צווישן דער קריסטלעכע באַ־



ז. פוקס ווייזט אָן אויף דער מצבה פון די קדושי וולאַדאַווע:
אין מרתף השואה אויפן הר־ציון אין ירושלים

פעלקערונג, יחידים, חסידי אומות העולם, וואָס האָבן אויסגעשטרעקט אַ מענטשלעכע האַנט צו די פאַרפאָלגטע ייִדן. דער רוב האָט געהאָלפן די נאַציס דורכפירן זייער מאָרדיקע פאַרניכטונג, געטון אַלץ אויף צו פאַרגרעסערן די גרויזאַמע יסורים פון די פאַרפייניקטע ייִדן, געשענדעט און געברענט, גערויבט און געמאָרדעט.

ווי די דייטשע נאַציס האָבן אויך די פּוילישע און אוקראַינישע געמיינט צו פאַרווישן די שפּורן פון זייערע באַרבאַרישע מעשים און געיאָגט זיך נאָך יעדן באַהאַלטענעם ייִד, וואָס וואָלט געקענט זיין אַן עדות פון זייערע גרויזאַמקייטן. דאָס דאָזיקע סיסטעמאַטישע פאַרווישן די שפּורן גייט אָן די גאַנצע צייט אויך נאָך דער מלחמה, ביזן היינטיקן טאָג. דאָס ווערט געטון אויף די שטחים פון די אַמאָליקע געטאָס און טויט־לאַגערן, פון די מאַסן קברים אין סאָביבאָר, טרעבלינקע, אוישוויץ, באַבי־יאַר, פּאָנאַר און פּאָליגאָן. עס ווערט סיסטעמאַטיש געפעלשט די געשיכטע פון דער ייִדישער מאַרטיראָלאָגיע.

אונדזער ספר הזכרון צום אָנדענק פון דער חרוב־געוואָ־

רענער יידישער קהילה אין וולאַדאַווע איז גלייכצייטיק אַ דערמאָנונג און וואָרענונג לדורי דורות; אַ געשריי, וואָס וועט נישט פאַרשטילט ווערן און נישט אויפהערן צו מאָנען נקמה פאַרן בלוט, וואָס איז פאַרגאָסן געוואָרן אויף דער פוילישער ערד ביי דער אַקטיווער מיטהילף פון די פוילישע נאַציס, וועמענס נאָכפאָלגער ווילן איצט פאַרווישן די שפורן.

דאָס איז אייגנטלעך די ראָל און באַשטימונג פון דאָזיקן ספר: נישט נאָר זכרונות פון דער ווייטער און נאָענטער פאַרגאַנגנהייט, נישט בלויז אַ מצבה פאַר די קדושים און אַן אָנדענק־ליכט פאַר די לויטערע און הייליקע נשמות, נאָר אויך אַ מאָנונג געשריבן מיט אותיות פון פייער און בלוט:

„זכור את אשר עשה לך עמלק!"

דאָס מיינט די עמלקים פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, די פוילישע ווי די דייטשע, די בלוטיקסטע מערדער פון אַלע צייטן, וואָס גייען אָן מיט זייער חיהשער שנאה צו די יידן ביזן היינטיקן טאָג.

אין דאָזיקן ספר שרייען אויס זייער מאָנונג די איינצל־נע, געציילטע פון אונדזער פאַרטיליקטן וולאָדאַווע, וועלכע זענען על־פי־נס ניצול־געוואָרן פון אומקום. זיי האָבן אין די גרויזאַמע טעג און נעכט געוואַנדערט איבער די פעלדער און וועלדער, געזוכט אַנצושליסן זיך אין די רייען פון די קעמפנדיקע פאַרטיזאַנער, וווּ זיי האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער דרייסטיקייט און גבורה. זיי האָבן גענעכטיקט אין שניי און פראָסט, איינגעזאַפּט אין זיך דעם גרויל פון יענער פינצטערער צייט, צוגעזען מיט די אייגענע אויגן די גרויזאַמ־קייטן און זענען לעבעדיקע עדות פון די רציחות, וועלכע די שונאים מיינען צו פאַרווישן.



עס איז דערפאַר קלאָר דער הייליקער חוב, וואָס ליגט אויף אונדז צו דערמאָנען און זאָרגן, אַז עס זאָלן נישט פאַרגעסן ווערן די פאַרברעכנס, וואָס זענען באַגאַנגען גע־וואָרן דורך די דייטשע מערדער און זייערע פוילישע און אוקראַינישע מיטהעלפער, אין געטאָ און אין סאָביבאָר, אומע־טום, ווו זיי האָבן זיך געיאָגט נאָך די יידישע קרבנות.

אויף די חורבות פון דער יידישער קהילה אין וולאָדאַווע, ווי אויך אין די יידישע ישובים פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער פאַרשוועכטע בתי־תפילה, געשענדעטע און צע־שטערטע בית־עלמינס, ווו עס רוען די ביינער פון אונדזערע עלטער־זיידעס, די בויער פון דער שטאָט — שטייען מיר מיט געבויגענע קעפּ ביים אויפשטעלן דעם דענקמאָל פאַר די אומ־געבראַכטע קדושים — דעם ספר הזכרון.

מיט טיפן טרויער און הייליקן צאָרן זענען מיר זיך מתיחד מיט זייער הייליקן אָנדענק און טאָג און נאַכט הערן מיר זיך צו צו זייער לעצטן רוף;

געדענקט, איר טאָרט אין אונדז נישט פאַרגעסן!

זאָל דער רוף דורכדרינגען די הערצער אויך פון אונד־זער יוגנט און פון אַלע קומענדיקע דורות. זאָל דער ספר הזכרון פון אונדזער פאַרשניטענע קהילה זיין פאַר זיי אַ הייליקע מגילה, וואָס דערציילט פון יידישן פיין און אומקום און לערנט האַלטן טייער און הייליק דעם קיום און אַנטוויק־לונג פון מדינת ישראל, ווי אַ פעסטונג און גאַראַנטיע קעגן דעם ווילן פון די שונאים אונדז צו פאַרטיליקן. אַזאַ איז געווען די צוואה פון אונדזערע קדושים:

זכור ואל תשכח!

**זישע פוקס**

# מבוא



ברי פתיחה אלה נכתבים בסיומו של המפעל הצנוע להנצחת זכרם של קדושי קהילת ולודאבה והסביבה בספר־זכרון זה. למרות שהושקעה בספר עבודת־נמלים בפינוח כל פרט בתולדותיה של הקהילה, באיסוף ידיעות על החיים הציבוריים, הכלכליים, החברתיים, התרבותיים, וכמובן גם על המצב הסוציאלי, התנאים המדיניים־כלכליים והיחסים הפוליטיים־מקומיים של הישוב עם השלטונות המחוזיים והעירוניים, בחיפוש אחרי תמונות מתקופות קדומות הממחישות את המציאות החברתית והאישית של משפחות יהודיות בולודאבה, בגילוי מקורות על ראשיתו של הישוב היהודי ובהצגת הקונפליקט הדתי־תרבותי בין החסידות וההשכלה — כל אלה לא הושגה, לדעת כותב הטורים, אלא מקצתה של התמונה ההיסטורית־חברתית והכלכלית־תרבותית של קהילת ולודאבה.

כל עיר ועיירה במזרח־אירופה ייצגה עולם ומלואו של חיים יהודיים, תכני־תרבות, הווי דת ומנהגים, מסורת דורות, תסיסה לאומית־ציונית מזה ודחף מהפכני של הנוער ואנשי־עמל לאור ההישגים הראשונים של המהפכה האוקטוברית ששכנה ממש על סיפה של ולודאבה מזה, ולמרות זאת נודעה יוקרה ייחודית לקהילת ולודאבה, ששימשה עיר־מחוז ומרכז־חיים ותרבות ליהודי הסביבה בדורות האחרונים לפני השואה.

קהילת יהודי ולודאבה, בעלת מסורת של מאות שנים, משופעת עבר עשיר של פעילות יהודית והווי רב תהילה, שזור חיי מעשה ותוכן רוחני רב, הושמדה על־ידי הצוררים הנאצים.

בספר זכרון זה נסינו למסור למעלה מ„קוצו של יוד״ מיוקרה זו, מחן יהודי־ולודאבאי־ייחודי האצור אולי בין־השיטין יותר מאשר בכתוב ובמובא בזכרונות, ברשימות, בסיפורים, במאמרים, בעדויות ובתמונות. ולודאבה היתה עיר של עממיות יהודית שוקקת ויוצרת, עיר החסידים ועיר ההשכלה, ישוב יהודי צפוף השומר אמונים למסורת ומתלהב מרעיון שיבת־ציון, הציונות המדינית של ד״ר הרצל ופעילים נלהבים הנחלצים למאבק הפוליטי על זכויות היהודים לייצוגם בשלטונות העירוניות כאזרחים גאים ושווי־זכויות.

זו היתה ולודאבה — ואלה היו, יהודיה, חולמיה ולוחמיה, מנהיגיה ודבריה, עשיריה ועניה, הלומדים שבה ועמי־הארצות שבה, חסידים נלהבים וסוחרים מפוכחים, נאורים ומאמינים באורה של ההשכלה ובתפקידה ההיסטורי הייחודי של התנועה היהודית הלאומית כפי שנתגלמה בהסתדרות הציונית, במפלגותיה ובתנועות הנוער החלוציות, בתנועת ההתחדשות הלאומית והחברתית ההיסטורית של הנוער היהודי בגולה.



כל ימיה של יהדות ולודאבה — ימי מאבק.

התחילו — במאבק על הזכות ליהנות מזכויות־אזרח מלאות וכשהגיחו מעמקי האוכלוסיה הפולנית כוחות שפתחו בהתקפות בלתי־פוסקות על מעמדם הכלכלי של יהודי ולודאבה ועל עמדתם כאזרחים שוים, נפתחה תקופת מלחמת הגנה על מעמדם ושיוויונם האזרחי. יהודי ולודאבה הרגישו עצמם חלק מן העם היהודי הגדול, ההולך לקראת תחייתו וגאולתו, ואינו מוכן לקנות את שוויונו במחיר וויתור על ייחודו ותקומתו. ושוב גבר המאבק על שיוויון אזרחי מלא וזכויות של חטיבה לאומית בכל שטחי החיים המיוחדים לה: בקהילה ובתרבות, בלשון ובחינוך, בעבודה ובפרנסה.

מאבק זה תפס מקום מרכזי בחיי יהודי ולודאבה ועורר את כל המפלגות לפעילות בכל שטחי החיים הציבוריים, הכלכליים, התרבותיים והלאומיים.

אולם גברו ההתקפות האנטישמיות שהתישו את כוח ההתנגדות של הציבור היהודי. מאוכזבים ונטולי־אמונה בכוחותיהם ובאפשרות התנגדות פעילה, נכנסו יהודי ולודאבה לתקופת הכיבוש הנאצי. ביסוד קיומם הניחו שוב את אמונת הגולה לכל תקופותיה, שהשיר העממי נתן לה ביטוי קלאסי: „מיר וועלן זיי איבערלעבן”, כלומר: אתם סופכם למות ואנו — לחיים. אולם כשהבינונו, מה הן דרכי הנאצים, שמגמתם היא להשמיד את כל היהודים כולם. התנערו מהאשליות וקמו כגבורים להגן על כבוד עמם ונשמתו, שהנאצים אמרו להטביעה בדם הנטבחים והנדרסים והנשרפים.

ואז עלתה יהדות ולודאבה בלהבות. הגיטו — נכנס להיכל נצח־ישראל.

ולודאבה ויהודיה — אינם עוד. השואה האיומה ערתה עד היסוד בקהילת ולודאבה הקדושה. יהא ספר — זכרון זה מצבה חיה לזכרם, נר תמיד לנשמתם ומקור התייחדות עם עברה המפואר של הקהילה, מאבקיהם, כשלונותיהם והישגיהם של יהודיה — ועל כך יסופר בדפים אלה להלן.

קודם שנפרט את תכנו, מדוריו והמבנה של הספר, עלינו לטפל בבעיה עקרונית המבהירה את צורת ההגשה של החומר התיעודי ובעית העריכה הכרוכה בה.

נעלה מכל ספק שאילו קיבל את החומר שהוגש בספר זה בטרם הדפסתו אדם שאומנתו מדעי החברה והיהדות, היה יכול לכתוב עבודה מקיפה, אולי גם מעמיקה, בתולדותיה, חייה, מהותה, תכנה, תרבותה וחברתה של קהילת ולודאבה. אולם מאחר שתפקיד היחידי של ספר זה הוא לשמש עדות חיה לקהילה שנספתה באימי השואה, כפי שהיא מצטיירת

בעיני בניה־בוניה־שרידיה בישראל ובתפוצות, שומה היה על המערכת למלא את המשימה הראשונית הזאת. ואמנם כך הוג־דרה הפעולה שהיתה כרוכה באיסוף החומר, ניפויו, עריכתו והדפסתו כספר־זכרון לקהילת ולודאבה בתקופה זו של תיעוד החיים היהודיים והנצחתם בעשרות ומאות ספרי „יזכור" טרם הגיעה שעתו של החוקר וההיסטוריון. הדור אשר הכיר את החיים ב„בית הישן" — אותה „אלטע היים", כפי שהיא מכונה בפי הדור שלנו — אותו דור שמבשרו חזה אימת־ה־אימים של השואה שטרם היה כדוגמתה בתולדות עמנו חי עדיין. שום עבודת מחקר לא תצלח היום להקיף את מימדי החורבן מזה ולהקים מבנה אדריכלי מושלם ואחיד שיתאר את חיי ההמונים במזרח־אירופה על כל שלל־גווניהם מזה.

סבירה איפוא הדרך אותה נקטו העורכים של ספרי־ההנצחה, למסור חומר תיעודי, לאסוף מסמכים, רשמים, עדו־יות, מאמרים, חומר סטטיסטי ועוד שישמשו גם עדות חיה לקהילות ישראל שהושמדו על־ידי האיומה שבחיות הרצה שהולידה האנושות וגם מקור נאמן לאנשי המדע ולהיסטו־ריונים לימים יבואו להקים בנין מדעי והיסטורי מפואר לשליש עמנו שנספה בשואה והיה מקור חיים והשראה לדורנו ולדורות הבאים אחרינו.

אופי ספציפי של הספר העמיד לפני כותב הטורים את הבעיה הפשוטה — והמסובכת — כאחד: כיצד עורכין? הנקל היה לשכתב את כל החומר בסגנון אחיד, סגנונו של העורך, והספר המודפס היה מופיע בשפה בהירה, מדוייקת אולם לא כנה. מה שנשאר מולודאבה, מחייה, מנהגיה, מסורתה, אורח־דיבורה, הפולקלור שלה וצורת תגובותיה לתובעות ולאירועים נשתמר עדיין בבניה־שרידיה של הקהילה, מאחר שהכותבים, רושמי הרשימות המחברים כולם, ביוצאים־מן־הכלל מעטים, הם בני־עיר המעלים זכרונות מימי־עברם כשהם היו עדיין צעירים וקולטים רשמים מהווי העיר ויהודיה, נעלה מכל ספק, שהם מוסרים בדבריהם וברשימותיהם הדים נאמנים מאורח הדיבור והכתיבה, נוהג ספור והעלאת זכרונות, דברי־חידודין ובדיחות־עם עסיסיות שנשתמרו אתם, כפי שנשמעו בחוצות ולודאבה ובבתיה.

לדעתו נכס יקר הם, צורת העלאת הדברים, סגנון כתי־בתם, אורח מסירת האירועים ומשום כך נודע ערך רב לעריכה זהירה, שאינה מקפחת את עסיסיותם הראשונית של הדברים הכתובים ומנסה להכניס את השינויים ההכרחיים כדי להת־קינם לדפוס. אין טעם לכן לטענה, שהושמעה לא פעם מאת מבקרים אניני־טעם לכאורה, המדברים על כתיבה עלגת וע־ריכה רשלנית המקובלות בספרי־יזכור רבים. אנינות־הטעם האמיתית והכנה, לדעתנו, מקרה בראיית ההווי, אורח ההבעה, צורת הסיפור וחן הפשטות העממית העולה מן הכתוב על־ידי



שרידי האינטליגנציה של קהילת ולודאבה ועסקניה הצעירים שראשיהם הכסיפו בינתיים.

דרך זו נקט העורך, ואם חלו פה ושם טעיות־ניסוח ושי־בושי־עריכה הרי קרו הדברים לא משום קוצר־רוח אלא מתוך רתיעה שלא לחבל בביטוי עממי, באורח דיבור מקובל בקרב יהודי ולודאבה וגם בגלל החשש שמא ייפגעו דברים מקוריים. נקטנו איפוא בכלל, שבמקרה של חוסר־וודאות השארנו את הרשימות, הזכרונות, התעודות והמאמרים ככתבם וכלשונם באותם מקומות שהיו חייבים אולי עריכה מדוקדקת יותר. כלל זה, לדעתנו, היה מחייב וקובע, והיה נקוט בידינו מלכ־תחילה בגשתנו לעבודת הכתיבה מחדש של כל כתב־יד ש־הוגש לנו, בדיקת האוטנטיות שלו ולאחר מכן עריכה ראשונה ושנייה — ולפעמים גם שלישית — עד שהוצאנו מתחת ידינו דבר תקין בתנאים הנתונים.

לא נקטנו, כמו כן, חלוקת החומר לשתי שפות נפרדות, עברית ויידיש, בגלל שתי סיבות: **הראשונה מעשית**, היות והחומר שנאסף לא היה בכוחו לפרנס ראייה מושלמת של חיי ולודאבה משני צידי המטבע הלשונית שהיתה שגורה בקהילת ולודאבה. החומר, למעשה, השלים את עצמו בשתי השפות ורק על־ידי הגשה כוללת ומקיפה ניתן היה להשיג במידה ידועה את המטרה שהציגוה לעצמה הועדה והמערכת של הספר. הסיבה השנייה נעוצה בגישה ייחודית להבנת המציאות היהו־דית כפי שנשתקפה בחיי יומיום לא בלבד בקהילת ולודאבה. חייהם, מנהגיהם, תפילותיהם, מכתביהם, משנתם ואורח דיבו־רם של יהודי מזרח־אירופה היו רוויים עברית כשהיא ארוגה בתוך המסכת הלשונית העממית של שפתו יידיש. אחד מקרא ושניים תרגום הפכו הווי־תרבותי לאומי מימים קדמונים של עזרא ונחמיה ועד המאה העשרים של המוני היהודים במזרח־אירופה.

על־ידי הבאת דברי המשתתפים בספר הזכרון בשפתם הם, בעברית או ביידיש, הושג שלב נוסף בראיית ההווי היהודי באורח דיבורו, כתיבתו והגותו הייחודית שהתבטאה בדורות האחרונים בעיירה היהודית בדו־לשוניות עסיסית ומקורית.

אכן, גם בכיוון למטרות אלה לא היתה הדרך להשגתן נוחה כלל בכל משק הכנת הספר, על תהליכיה ושלביה, קשיים ומעצורים מילאו את כל הדרך: העדר מידע בצורות שונות כתחליף לחומר שאיננו; לא כל מספר בכוח הוא סופר בפועל. יש סוג של חכמים ובעלי־נפש שכוחם בפיהם ואינם מעלים את דבריהם על הכתב. הרבה טעמים לדבר, ועיקרם ענווה יתירה שסותמת את צינור ההבעה שבעט, ולכן גם דברים שבעל־פה רשמנו ונאמרו בשם אומרם.

ספר הזכרון של קהילת ולודאבה והסביבה ערוך מסכות־מסכות, הן מבחינה כרונולוגית והן מבחינת תוכן העניינים.

הספר פותח בעבודה מדעית, בפנקס המקורי של שנת

ולודאבה היתה מאלה הקהילות שפרנסיהם היו מושרשים בהווי החיים המתרקמים והכירו בערך הרב של העלאת פרקי־חיים בפנקס הקהילה, ששימש מעין „דברי הימים" של קהילות עתיקות ומפורסמות בפולין, בליטא ובאיזורים רבים אחרים באירופה המזרחית. העניינים הרשומים בו, הכנסות והוצאות הקהילה וכמו כן הבאת תעודות, ככתבן וכלשונן להדגמת אורח הכתיבה של הרשומות בפנקס הקהילה, ששהיה מסמך רשמי ואיסור חמור חל על שינוי במובאות או בגירסאות: הפנקס הזה מפענח את שרשיה העמוקים וחייה עתירי הדורות של קהילת ולודאבה.

חייהם של יהודים שומרי תורה ומצוות נתרכזו בבתי־התפילה, בקלויזים ובבתי־המדרש ולהם מוקדש מקום מיוחד בספר. היו אלה נקודות הגיבוש לציבורים, לחבורות חסידים. לכל אחד מבחני־התפילה היה אופי משלו. לא הרי זה כהרי זה. מתפלליו של כל בית־תפילה טבעו חותמם עליו והיו מושפעים ממנו. בכל חסידים־שטיבל מצויים היו בעלי הדרת־פנים לעשרות, שאפשר היה לחשבם לעילית החסידות הפולנית.

החסידים התרכזו במחיצה רוחנית שהבדילה ביניהם לבין יתר יהודי ולודאבה. כל עדת החסידים מחויבת היתה להתפלל ב„שטיבל", שכן זה סימן ההשתייכות לתנועת החסידות. לכל שטיבל פנים אחרות, מנהגים מיוחדים, ניגונים משלו. השטיבל היה כעין עולם מיוחד לעצמו, מעין בית־משפחה גדול. השטיבל נתן לחסיד בטחון שאין הוא גלמוד בעולם, שמובטח לו אחיזה ומשען וחסות בשעת הצורך. השטיבל נעשה למוסד דתי וציבורי כאחד. בו נוצרה האווירה החסידית, נערכו „סעודת מצוה", שתו יי"ש ביום זכרון של הרבי הנפטר, חגגו את השמחות הפרטיות של כל יחיד ויחיד, שכאן לא היה יחיד ושמחתו לא היתה שמחת־יחיד.

בולודאבה היתה תנועת מתנגדים לחסידות מהסוג הידוע במקומות אחרים. אולם במשך הזמן הם נבלעו ונתבטלו בששים ברוב החסידי שבעיר.

ולא מעטים היו בין החסידים בעלי לב יהודי חם, מלאי צער ואהבה ליהודי שינקו חיות מידיעה טובה שהגיעה מארץ־ישראל, חדורי הגאולה והעליה. רבים היו בין החסידים ובחוריהם שטוו חלומות־זהב על מדינה יהודית, על עתיד גדול לעמנו. והיו גם כאלה שעלו לארץ ופתחו בה קנים חדשים לחסידות. בצער רב וביגון יש לציין, כי רבו עוד יותר, שחלמו ולא זכו לראות בהגשמת חלומם, והלכו בדרכם הנצחית האחרונה כששירת „אני מאמין" מתרוננת מתוך גרונותיהם כתפילת אשכבה עצמית, וזוהר האמונה והבטחון בעתיד ישראל מרחף לנגד עיניהם.

החיים הציוניים היו תוססים, חדורי־אמונה והתלהבות של עושים במלאכת הקודש. במרץ ובתנופה השתתף הנוער הוולודאבאי בתחייה החברתית־תרבותית והצטיין גם בערנות פוליטית.

ולודאבה היתה כמו כן מרכז לפעילות תרבותית שהקימה מתוכה עסקנים נאמנים שטרחו להחדרת הספר בקרב הנוער. תולדות הספריות והתפתחותם של האיגודים מובאים בספר זה בהרחבה ומוגשים פרקי־זכרונות מעניינים על הפעילות התיאטרונית והמקהלות על־ידי עסקנים שפעלו הן באורח עצמאי והן על־ידי המפלגות והאירגונים, וגם להצגות בעברית.

הפעילות התרבותית בשפת יידיש ידעה תקופת פריחה בשנות העשרים והשלושים והיתה ביטוי נאמן להווי חברתי מסויים מאחר שהמוני הנוער ובעלי המלאכה ששפת דיבורם היומיומית היתה יידיש, קיבלו באורח טבעי את התפתחות הספריות, הנשפים הספרותיים, ההרצאות של סופרים־אורחים והופעות מרצים מקרב האינטליגנציה המקומית ואישיה הבולטים. ביקורי הסופרים האורחים הפכו לאירועים ספרותיים חשובים בחיי ולודאבה ומילאו תפקיד חשוב ביצירת הווי־תרבות בישוב היהודי המקומי.

חייה התוססים של ולודאבה היהודית מוצאים להם ביטוי נאמן בהעלאת זכרונות על פעולת המוסדות בקהילה, אם זה קופת גמילות־חסדים שעשתה רבות למען סוחרים ובעלי־מלאכה המאבקם היומיומי הקשה למען קיומם, אם זה הבנקים של הסוחרים ובעלי־מלאכה, ביקור־חולים או לינת הצדק.

רב־אנפיותם של החיים היהודיים בולודאבה, ערנותם הציבורית, צמאונם לדעת ולתורה, נכונותם למעשים־טובים ולהגשת עזרה סוציאלית שלא על מנת לקבל פרס, מעלים לפנינו בספר זה דמויות אציליות מבני הקהילה היהודית שהיתה למרכז חיים וכוח משפיע על החיים היהודיים בסביבה.

בספר נעשה נסיון רציני להגיש לקורא תמונה מקיפה על מצבה הכלכלי של קהילת ולודאבה מראשית המאה העשרים ועד השואה. אם הסטאטיסטיקות אינן מבוססות על נתונים מדעיים, יש בכל זאת ערך רב לתמונה המתקבלת. מהמיספרים המובאים בספר. החלוקה של הפרנסות היהודיות חופפת את הנתונים המדעיים של מחקרים סוציולוגיים שנעשו משך שנים על המצב החברתי־כלכלי של המוני היהודים במזרח־אירופה בכלל ובפולין בפרט.

בספר מובאים תיאורים יפים של החיים היהודיים על אורותיהם וצלליהם, אשר לא תמיד התנהלו על מי מנוחות ולא חסרו רוחות סוערות אשר הסעירו, לא אחת, את הרחוב היהודי ואף את קירות בית היהודי הרעידו. חיי היהודים כמו שהם, אשר, כאמור, לא חסרו צללים, היו רפודים יחסי נימוס והלכות דרך־ארץ, מעשי־חסד ועזרה לזולת. המשך החיים היה קשור ושזור לעבר והעבר המפואר המריץ לרקום את חוטי ההווה, להמשיך במסורת ההווה וההתהוות תוך שמחת היצירה

גאַנץ װאָלאָדאַװע, דערלױבט די צוריקגעקומענע ייִדן, שארית הפליטה פון די כמעלניצקי־שחיטות, זײ זאָלן אױסבױען אין װאָלאָדאַװע אַ הילצערנע שיל און אַ שעכט־הױז פּאַר אַן אָפּצאָל פון צװײ זלאָטעס פון יעדן שטח און געבן צו האַלבע פונט פעפער.

**1713**

געװען רב אין װאָלאָדאַװע —ר׳ פּנחס — מחבר פון ספר „ברית שלום", דערשינען אין יאָר 1718 אין פראַנקפורט אם מײן (דײטשלאַנד).

**1727**

געװען רב אין װאָלאָדאַװע — ר׳ פּתחיה בן דוד לידא פון אַמסטערדאַם, מחבר פון ספר „יד כל בו".

**1760-61**

אין לױף פון אַריבער הונדערט יאָר, האָבן זיך אין װאָלאָדאַװע און איר אומגעגנט, אומגעקערט װינציקע פון די װאָלאָדאַװער שארית הפליטה און אױך אַנדערע ייִדן פון צװײטע ערטער. אין דעם יאָר האָבן די ייִדן אין װאָלאָדאַװע געצײלט 150 משפחות, קנאַפּע 500 נפשות און 136 נפשות אין די אַרומיקע דערפער, װאָס האָבן געהערט צו דער װאָלאָדאַװער קהילה.

**1761**

האָט די װאָלאָדאַװער קהילה געעפנט אַ נײעם פּנקס, אין װעלכן ס'שפּיגלט זיך אָפּ דאָס ייִדישע לעבן אין װאָלאָדאַװע און אומגעגנט אױף אַלע געביטן, לױט יענעם לעבנס־שטײגער, װאָס איז דורך דער קהילה רעגולירט געװאָרן מיט געזעצן און תקנות.

**1764**

איז נעבן אַלטן כמעלניצקי־בית עולם אױפן אָרט פון דער פריערדיקער הילצערנער שול, אױפגעשטעלט געװאָרן װי אַ געמױערטע פעסטונג מיט אַ זעלטענער קינסטלערישער אַרכיטעקטור, די גרױסע, זײער הױכע שול. װעגן דער שול גײען אַרום פאַרשידענע לעגענדעס און צװישן זײ, אַז דער אַלטער כראַביע זאַמױסקי האָט זי געלאָזט בױען צוזאַמען מיט דער רוסישער צערקװע און פּױלישן קאָשטשיאָל להבדיל. הײנט, נאָך דער שװידערלעכער שואה, האָבן די פּאַליאַקן געמאַכט פון דער דאָזיקער אַלטער אַרכיטעקטאָנישער קונסט־שול אַ גרױסן תבואה־שפּײכלער.



**1785**

די װאָלאָדאַװער קהילה װערט אַרײנגעצױגן אינעם דעמלסדיקן אױפגעהעצטן קאַמף פון די מתנגדים קעגן די אױפגעקומענע חסידים, װאָס האָבן אָנגעהױבן אַרײנדרינגען אינעם שטעטלדיקן לעבן. אין יענע יאָרן, װען עס זענען פאָרגעקומען די פונאַנדערטײלונגען פון דער פּױלישער מלוכה, צװישן רוסלאַנד, דײטשלאַנד און עסטרײך, װאָס האָבן געהאַט זײערע השפעות אױף דער עקאָנאָמיק פון לאַנד, זענען די װאָלאָדאַװער ייִדן שטאַרק פאַראָרעמט געװאָרן.

**1800**

האָט די קהילה־אַדמיניסטראַציע, אין קאַמף קעגן די חסידים, פאַרבאָטן זײער מנין בנוסח ספרד. דער דאָזיקער קאַמף האַלט אָן בערך עטלעכע צענדליק יאָרן, מיט שטאַרקע מחלוקתן צװישן מתנגדים און חסידים. די מחלוקתן הערן אױף, װען די חסידים פאַרשטאַרקן זײער השפעה אין שטאָט און דעמלט װערט דורך דער קהילה אָנגענומען אַ תקנה, אַז יעדער אײנער ייִד און מנינים קענען דאַװנען לױט זײער אײגענעם נוסח. די װאָלאָדאַװער חסידים װערן שױן טאָלע־רירט מיט זײערע זיך שאַפנדיקע חסידישע „שטיבלעך". מיט דער צײט װערן זײ כמעט דער פירנדיקער טײל פון די װאָלאָדאַװער ייִדן.

**1815-1816**

קומען פאָר צװײ עלילת דם־פּראָצעסן אין װאָלאָדאַװע. אין ערשטן יאָר קומען די װאָלאָדאַװער ייִדן אָפּ מיט בלױזער שרעק. דאַקעגן אין 1816 קומט פאָר אַ פּאָגראָם אין שטעטל, נאָך פאַרן פּראָצעס. בײדע געריכטס־אױסגאַנגען זענען לטובת די ייִדן.

**1824**

לױט אַ דעקרעט פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, װערן אַרױסגעטריבן אַלע ייִדן פון די דערפער, װאָס געפינען זיך אין װיטעבסקער און מאָהיליװער גובערניעס (װײסרוס־לאַנד). דאָס איז געװען אַ װײטערדיקע פּאָליטיק פון יענעם „תחום המושב", װאָס ס'האָבן אײנגעפירט די פריערדיקע רוסישע צאַרן. אַ געװיסער טײל פון עטלעכע צענדליק ייִדישע אַרױסגעטריבענע משפחות, קומען אָן קײן װאָלאָדאַװע, װוּ די דאָרטיקע ייִדן מיט דער קהילה, אָרדענען זײ אײן אין שטעטל און אין די אַרומיקע דערפער.

**1827**

וולאָדאַווער יידישע באַפעלקערונג: בערך 4.480 נפשות. צווישן דער באַפעלקערונג, צוויי יידן מיטן טיטול דאָקטער, איין דאָקטער מעדיצין, איין גאָלדשמידט, 2 שיסטער, 2 שניידער, איין שאָפער, בעלי מלאכות און סוחרים.

**1830**

דאָס יאָר פון דער באַרימטער, טרויעריקער פאַר יידן קאַנטאָניסטן־גזירה פון צאַר ניקאָליי דעם ערשטן, אַז יידן מוזן אָפּגעבן זייערע צוועלף־יעריקע ייִנגלעך צו דינען דעם צאַר 25 יאָר. דאָס האָט זיך אָפּגעפילט אויך אין וולאָדאַווע. איינער אַזאַ קאַנטאָניסט, וועמען מ׳האָט גערופן דער „ניקאָלייעווער סאָלדאַט", וועמען מ׳האָט געכאַפּט אין בריסק, איז געווען אַ דובעטשנער דער אַלטער ר׳ מאָטל, שמואל בודניקס אַ שווער, וועמען ס׳איז געלונגען, נאָך פאַר די פינפאונצוואַנציק יאָר, זיך צוריקצוקערן ווי אַ ייד.

**1835**

דאָס ערשטע אַריינדרינגען פון דער השכלה אין וולאָדאַווע. די מתנגדים ווי די חסידים פאַראייניקן זיך אין קאַמף קעגן דער השכלה.

**1836**

אַ יאָר שפּעטער איז אַרויס די צענזורע־גזירה פון ניקאָליי דעם ערשטן איבער די יידישע רעליגיעזע ספרים. זי דערגייט אויך קיין וולאָדאַווע. עטלעכע יאָר ווערן טויזנטער יידישע ספרים פאַרברענט דורך די צענזאָרן אין פיל שטעט אין רוסלאַנד און אין אירע פאַרנומענע געביטן.

**1842**

דערגייט קיין וולאָדאַווע דער דעקרעט פון צאַר ניקאָליי דעם ערשטן, וועגן שאַפן יידישן שולן אין דער רוסישער שפּראַך. די מתנגדים ווי די חסידים, זעען אין דעם געזעץ צוואַנגס אַסימילאַציע.

**1850**

אויפגענומען אַלס מרא דאתרא אין וולאָדאַווע דעם וולאָדאַווקער רב, ר׳ לייבעלע הורוויץ.

**1872**

געזעץ פון אַלעקסאַנדער דעם צווייטן קעגן די יידישע חדרים און קעגן די חסידיש־לאַנגע קאַפּאָטעס. דאָס רופט זיך אויך אָפּ אויף די וולאָדאַווער יידן; זיי מוזן אויסבאַהאַלטן דאָס לערנען פון די קינדער אין די חדרים און



נישט איינמאָל ווערן די מלמדים אַרעסטירט, טרעפנדיק זיי לערנען מיט די קינדער.

**1880**

בערך, אַנגעהויבן בויען די באַן ליניע ביי וולאָדאַווע אויף דער אַנדערער זייט בוג.

**1901**

די ערשטע ציוניסטישע שקלים פאַרטיילט דורך די וולאָדאַווער יינגע ציוניסטן, הגם, נאָך נישט אָרגאַניזירט אין אַן ענגער גרופּע. איינער פון די אַקטיווסטע שקלים־פאַרשפּרייטער, איז געווען יאָסל גאָלדמאַן, שפּעטער איז ער באַקאַנט געווען אין שטאָט מיטן נאָמען יאָסל קאָוואַל.

**1902**

געשאַפן די ערשטע „מזרחי" אָרגאַניזאַציע, צווישן די ערשטע גרינדער געווען אויך בערל יענטעס ־ ראָטנבערג.

**1903**

זיך געשאַפן די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין וולאָדאַווע מיט די אָנפירער — שמערל באַרנהאָלץ, אשר לערער, פייגלסאָן און אַנדערע. אין זעלבן יאָר האָט זיך אויך געשאַפן די „בונדישע" אָרגאַניזאַציע. די הויפּט אָנפירער זענען געווען דעם אַלטיטשקן רב ר׳ לייבעלעס אייניקלעך. די גאָר אַקטיווסטע פון די אייניקלעך, זענען געווען עקיבא און די יינגע מאָטל, דעם זאַמאָשטשער רבס טאָכטער. שטאָט האָט זיי גערופן „די שטרייקער".

**1904**

געגרינדעט אין וולאָדאַווע די ערשטע יידישע באַנק דורך מאָטעס האָלצמאַן, „דאָם באַנקאָווי מאָטעס האָלצמאַן", האָט עקזיסטירט ביזן יאָר 1914.

**1904**

צאַר ניקאָליי דער צווייטער, אינספּעקטירט די וולאָדאַווער קאַזאַרמעס. די שטאָטישע מאַכט האָט אויפגעשטעלט אַ טריומף־טויער לכבוד זיין קומען. צווישן אַנדערע, איז ער אויפגענומען געוואָרן דורכן וולאָדאַווער רב ר׳ לייבעלע און שטאָטישע באַלעבאַטים מיט אַ ספר תורה און ברויט מיט זאַלץ.

**1904—5**

אלי רוסמאַן, אַ קעמל־מאַכער און אַ מומחן אויסצוואַרבעטן שופרות, אַ וולאָדאַווער ייד, וועמען שטאָט האָט גע־

רופן „פאַרטאַרטורטשיק" פאַר זיין אַנטיילנעמען אין די קאַמפן ביי פאַרטאַרטור, באַקומט פונעם רוסישן קייסער צאַר ניקאָליי דעם צווייטן, אַ הויכראַנגיקן מעדאַל, פאַר וועלכן הויכע מיליטער־לייט גיבן אים כבוד.

**1905**

ערב פסח, אין דער נאַכט פון בדיקת חמץ, האָט זיך צעפלאַקערט דער נאַפט־רעזערוואַר פון מ. ב. דאָס איז געווען אַ נקמה־אַקט פון די „שטרייקער" צוליב דעם וואָס די באַלעבאָסטע איז כסדר געלאָפן זיי פאַרמסרן ביים אַל־טיטשקן רב ר' לייבעלע.

**1905**

ערשטער שוסטער־שטרייק אין וולאַדאַווע, אָנגעפירט דורכן „בונד". אין יענער צייט זענען אַ סך יידישע רעוואָ־לוציאָנערן אין וולאַדאַווע געוואָרן אַרעסטירט און אָפּגע־שיקט קיין סיביר. אַנדערע, וואָס האָבן זיך באַצייטנס באַ־וויזן צו באַהאַלטן, זענען אַנטלאָפן קיין אויסלאַנד. צווישן די אַנטלאָפענע זענען געווען ר' לייבעלעס אייניקלעך. צווישן די געשיקטע קיין סיביר איז אויך אַריינגעפאַלן מענדל מינץ פון וולאַדאַווקע, וועלכער איז ערשט באַפרייט גע־וואָרן בעת דער קערענסקי־רעוואָלוציע אין 1917. דערמיט איז ליקווידירט געוואָרן דער „בונד" אין וולאַדאַווע.

**1908**

געגרינדעט געוואָרן די צווייטע באַנק — „וזאַיעמני קרעדיט", עקזיסטירט ביזן יאָר 1913. די גרינדער: הערשל געפן — דירעקטאָר, פייוול לעדערמאַן — קאַסיר, נחמן סאַ־מלסאַן — בוכהאַלטער. אין זעלבן יאָר איז נפטר געוואָרן דער אַלטיטשקער רב, ר' לייבעלע ז"ל און עס איז געוואָרן אויפגענומען דער מינסקער רבי, ר' יודא אריה פערלאָוו אַלס מרא דאתרא פון וולאַדאַווע.

**1908—9**

ר' אליעזר בארנהאָלץ האָט אָנגעהויבן בויען די פּאַ־ראַווע מיל.

**1913**

באַרנהאָלצס מיל פאַרלייגט די ערשטע עלעקטרישע נעץ אין שטאָט. די ערשטע עלעקטרישע לעמפלעך זיך אָנ־געצונדן אין דער גרויסער שול, אין בית מדרש און אין אהרן בערלס ראַזורע.



**1915**

די צאַרישע אַדמיניסטראַציע טרייבט אַרויס אַלע יידן, וועלכע וווינען נאָענט צו די פראָנטן. פיל יידן פליטים קומען אָן קיין וולאַדאַווע, וווּ עס ווערט באַלד געשאַפן אַ הילפס קאָמיטעט מיט אַ קוך און קליידער־שטיצע פאַר די אַרויסגעטריבענע. די מלחמה לאָזט זיך פילן מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער. די דייטשן באַשיסן מיט האַרמאַטן די אַלטע הויכע שול. צוויי לעצטע סנאַראַדן האָקן דורך דעם סופיט, בלייבן אָבער שטעקן, נאָר שפּליטערן צעפאַלן זיך איבער די אין שול פול געפאַקטע מענטשן. ס'זענען דאָ עטלעכע געהרגעטע און פאַרוווּנדעטע. די צוויי סנאַריאַדן האָט מען שפּעטער פאַרמויערט אינעם סופיט. זיי זענען געבליבן לזכר עולם. ווען די דייטשן זענען אַריינגעקומען אין שטאָט זענען זיי דורך די יידן גוט אויפגענומען גע־וואָרן. שפּעטער האָבן די דייטשן געכאַפּט אין די גאַסן יידי־שע און פוילישע יוגנטלעכע און זיי געשיקט אויף צוואַנגס־אַרבעט קיין דייטשלאַנד.

**1917**

לייבל מאַלעריטער (ליכטענבערג), וועלכער איז שטאָ־טישער בירגערמייסטער, בויט צוריק אויף דאָס אָפּגעברענטע בית מדרש. עס איז אויך אין זעלבן יאָר געגרינדעט געוואָרן די „אגודת ישראל", ביי דוד שטילערמאַן אין האָטעל.

**1917**

2־טן נאָוועמבער, אויסגערופן די באַלפור־דעקלאַראַ־ציע אין סאַן רעמאָ, וואָס זאָגט צו, צו שאַפן אַ יידישע נאַ־ציאָנאַלע היים אין ארץ ישראל. די וולאַדאַווער יידן נעמען איף די ידיעה מיט טענץ אין די גאַסן, מיט מיטינגען אין שול און פרויען נעמען אַראָפּ זייער צירונג, גיבן עס אַוועק פאַר ארץ ישראל. אין זעלבן יאָר איז געשאַפן געוואָרן דער ערשטער דראַמאַטישער קרייז אין וולאַדאַווע. אנטיילנעמער: מאיר סראל בריקמאַן — רעזשיסער. דוד לייב פעלדמאַן, קלאַראַ ראָטנבערג, יאָסל פרייבערג, יצחק אײדלשטיין — פּראָוויזאָר פון אַפּטייק, ראובן סאַמעלסאַן, חייקע סקראָבניק, הערשל זילבערשטיין (זישע קאָוואַלס) און יאַכעט פּאָזיאַמ־קאַ. מיט אַ יאָר שפּעטער זענען צוגעקומען — שרהלע שפּילמאַן, אסתר קירמאַן, נחום בלושטיין און רחל קאָרן.

**1917—18**

דזשוינט געשאַפן אַ קוך פאַר קינדער. — קאָמיטעט: יעקב הערש גרינהויז, קיווע שטערן, פיניע שפּילמאַן, דוד בעקערמאַן, אהרון מאָטל פרידמאַן, האַפּסלער, משה ראַ־זשאַנקער און אַנד.

**1918**

די רעוואָלוציע אין דייטשלאַנד, האָט געצוווּנגען די דייטשע אַרמייען זיך צוריקצוציען פון פוילן. אין דער זעלבער צייט, האָט אַ געוויסער אַניסעוויטש, אַ וואָלאָדאַווער פּאָליאַק, וואָס איז צוריקגעקומען פון רוסלאַנד, אָרגאַניזירט אַ גרופּע פּאָליאַקן מיט יידן. זיי האָבן אַנטוואָפנט דאָס דייטשע מיליטער, וואָס איז געשטאַנען אין וואָלאָדאַווע און איבערגענומען די מאַכט אין שטאָט. מיט עטלעכע טעג שפּעטער, זענען אָנגעקומען פּוילישע לעגיאָנערן, געפּאָדערט פון אניסעוויטשן, ער זאָל אָפּגעבן דאָס גאַנצע פּאַרכאַפּטע געווער. ער האָט זיך קעגנגעשטעלט. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ פאָרמעלע שלאַכט איבער די וואָלאָדאַווער גאַסן. ס'זענען פאַרוואונדעט געוואָרן יידן און פּאָליאַקן און משה רימערס זון איז געהרגעט געוואָרן. צום סוף איז אַניסעוויטש געצוווּנגען געווען זיך אונטערצוגעבן די לעגיאָנערן. ער איז אַרעסטירט געוואָרן און צוזאַמען מיט אים אויך יידן מיט פּאָליאַקן און דערמיט איז פאַרענדיקט געוואָרן דער אַניסעוויטש-פּוטש. אויפן פּראָצעס איז אַרויסגעטרעטן דער אַדוואָקאָט און כלל-טוער פון וואַרשע, נח פּרילוצקי. מיט עטלעכע יאָר שפּעטער האָט אַניסעוויטש זיך אַרונטערגעוואָרפן אונטער אַ לויפנדיקן צוג אויף דער אַנדערער זייט בוג אין טאָמאַשעווקע...

אין זעלבן יאָר האָט מען אָנגעהויבן בויען דאָס יתומים-הויז אין וואָלאָדאַווע אויפן פּלאַץ פונעם אַלטן „הקדש", ווו ס'ווערן אַריינגענומען די יתומים פון דער ערשטער וועלט-מלחמה.

**1919**

וואָלאָדאַווער יידן דערפילן די בלוטיקע מעשים פון די האַלערטשיקעס, וואָס טראָגן זיך ווי אַ ווילדער הוראַגאַן איבער אַ גאַנצער ריי שטעט און שטעטלעך. פּאָגראָמירן, רייסן און שניידן יידישע בערד, צוזאַמען מיטן פּנים און פאַרגוואַלדיקן יידישע טעכטער.

**1920**

די רויטע אַרמיי אַריין אין וואָלאָדאַווע, געווען בלויז 8 טעג און צוריק אַריבער אויף דער אַנדערער זייט בוג. קיין וואָלאָדאַווע קומט אַריין העטמאַן באָלאַק באַלאַכאָוויטשס אַרמיי. זיי ראַבירן, שענדן און הרגענען אין שטאָט און אין די אַרומיקע דערפער. פיל יידן פון שטאָט אַנטלויפן אין דאָרף שאַצק. דאָרט ווערן פיל שאַצקער יידן און אויך וואָלאָדאַווער יידן געהרגעט דורך די אָנגעקומענע באַלאַכאָווצעס. זיי הרגענען די יידן מיט כל מיני מיתות משונות. יידישע פרויען און מיידלעך ווערן געשענדעט און דערנאָך געהרגעט.



אין וואָלאָדאַווע און אין אומגעגנט בלייבן איבער זייער פיל אלמנות און יתומים.

**1920-21**

געגרינדעט דריטע באַנק — „באַנק ליודאָווי". דירעקטאָר — גאָלדפעדער. מיטגלידער: משה ראָזשאַנקע, יאנקל קירמאַן, אשר לערער, שיע פעסטמאַן, יאַקובאָוויטש און נאָך עטלעכע. אָנגעהאַלטן ביז 1939.

**1921**

אין דעם יאָר האָט דער „דזשוינט" אַרויסגעשיקט בערך דרייסיק יתומים-קינדער פון וואָלאָדאַווע און אומגעגנט קיין אַמעריקע און אויך קיין דרום אַפריקע. די צאָל וואָלאָדאַווער באַפעלקערונג, לויט דער נאַציאָנאַליטעט, יידן — 60.9%, פּאָליאַקן — 38%, די רעשט — רוסן און אַנדערע.

**1922**

שעפסל קאַמינער, איטקע פעסטמאַן, הערשל שטולבערג און אַנדערע האָבן געגרינדעט דעם „השומר". זיי האָבן אויך געשאַפן דעם בלאָז-אָרקעסטער.

געגרינדעט אין ניו-יאָרק דעם ערשטן וואָלאָדאַווער פרויען-עקזעלערי - קאָמיטעט: מניחה חיימאָוויטש, לאה פאַלקער, מיסיס קופערמאַן, גאָלדע עקהויז, די אויפגאַבע איז געווען צו העלפן די וואָלאָדאַווער, דאַן געקומענע עמיגראַנטן קיין אַמעריקע. עקזיסטירט ביזן יאָר 1933.

געגרינדעט די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען אין וואָלאָדאַווע. דער לאָקאַל אויף דער פּאָטשט-גאַס שפּעטער אין ראָזשאַנקער גאַס ביי יצחק זעליק שוסטער אין הויז.

געגרינדעט „יוגנט קולטור" (אומפּאַרטייאיש), דורך יאָסל כץ.

**1922-23**

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געשאַפן דעם בית ספר „תרבות", ווו עס פירט אָן מיט דער דאָזיקער שול דער העברעאיש לערער יוסף קיפּעל.

**1923**

געשאַפן דעם ספּאָרט קלוב „מכבי".

**1924**

ערשטע לעגאַלע עליה מיט סערטיפיקאַטן פון וואָלאָדאַווע קיין ארץ ישראל.

געשאַפן אין וואָלאָדאַווע די נאָוואַרדיקער ישיבה.

געגרינדעט די לינקע פועלי ציון דורך דוד ליפשיץ,

מיט דער מיטהילף פון שלמה גערשקאָפּ און דעם שרייבער פון די שורות.

**1925**

לינקע פּועלי ציון געעפנט אַ לאָקאַל „געזעלשאַפט אוונט קורסן" ביי מענדל ליפשיץ אין הויז — מאַרק־גאַס.

געגרינדעט די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי „ברית הצוהר" און יוגנט אָרג. „ביתר". דורך אלי האַלצמאַן און מאָטל ראַבינאָוויטש.

ערשטע געקומענע חלוצים פון פרעמדע שטעטלעך שטעלן אויף אַ הכשרה־קיבוץ אין טאָמאַשאַווקע.

**1926**

נאָכן אָפּפאָרן פון הרב און רבי יודא אריה פּערלאָוו קיין אַמעריקע, ווערט דער ליקעווער רבי ר' משה ברוך מאַרגענשטערן אויפגענומען אַלס מרא דאתרא אין וולאָדאָווע. מיט אים זענען ווייטער טעטיק אַלס רבנים די פריער־דיקע דער „סלאָוועטיטשער" רב און דער „נעמיראָווער" רב.

**1927**

געשאַפן „טאָז" און „אָרט".

**1927-28**

מאָטל ביגמאַן בויט אויף אַ ניי בית המדרש נעבן שיע זאמער.

**1930-31**

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אויפגעבויט אַן אייגן הויז.

**1931**

די באַפעלקערונג אין וולאָדאַווע לויט נאַציאָנאַליטעטן, זייערע פּראָצענטער: יידן — 68,2%, קריסטן 30%, די רעשט — רוסן און אַנדערע.

**1931**

געשאַפן „יידנשטאַטס פּאַרטיי", ווי אויך „ברית הקנאים", דורך אלי האַלצמאַן.



**1933**

געשאַפן דעם „השומר הדתי" דורך יוסף שטילערמאַן.

ר' הערשל גפן אויפגענומען אַלס רב אין טאָמאַשאָווקע.

2־טער נאָוועמבער 1933 איז אין דער וולאָדאָווער קהילה פּראָטאָקאָלירט געוואָרן דאָס איבערשיקן מיט אַ גרופּע וולאָ־דאָווער עולים קיין ארץ ישראל, עטלעכע גמרות, אויף וועמענס בלעטער־ראַנדן זענען געווען פאַרזען מיט הערות אייגנהענטיק פונעם ב"ח, געוועזענער רב אין וולאָדאָווע. דאָס איז געשיקט געוואָרן ווי אַ מתנה פאַרן נאַציאָנאַלן מוזעאום ביים העברעישן אוניווערזיטעט אויפן הר הצופים אין ירושלים. אונטערגעשריבן — לעאָן האפּסלער.

**1933-34**

אָנגעהויבן זיך דער פּוילישער בויקאָט קעגן די יידישע סוחרים.

**1935**

פאַרברענט געוואָרן אין דער גרויסער שול 33 ספרי תורה מיטן אַלטן קינסטלערישן, פּראַכטפולן ארון קודש.

**1936**

געגרינדעט די אָרגאַניזאַציע „החלוץ".

**1937**

פאַרשידענע בעלי מלאכהשע וואַרשטאַטן:

402 — יידישע,

121 — קריסטלעכע.

אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען:

85,2% — יידישע

3,7% — פּוילישע,

3,2% — פּוילישע, אָפּגעגעבן אין דזשערזשאַווע צו יידן,

7,2% — שותפותדיקע — פּויליש־יידישע.

**1937-38**

האַנדלס אונטערנעמונגען:

311 יידישע — 89,8%.

# אומקום

מיין שוועסטער דבורה, איר פינף יעריק יינ־
געלע מעכעלע — אומגעקומען אין וואַרשע־
ווער געטאָ — אַ מצבה.

**1939**

בערך אָקטאָבער. די דייטשע אַרמיי אַריין אין וולאָדאַווע. באַלד אין דעם ערשטן טאָג, האָט אַ דייטש אויף אַ מאָטאָ־ציקל, פאַרשלעפּט דעם אַלטן יוסף געלערמאַן פון קאָדניע. שפּעטער האָט מען אים געפונען אַ געהרגעטן אויף אַ שוי־דערלעכן אופן. דער אָנהויב פון דער שואה אין וולאָדאַווע. דער ערשטער קרבן אין וולאָדאַווע.

**1939**

בעת אַ באָמבאַרדירונג אין קאָצק, איז פאַרוווּנדעט גע־וואָרן דער רבי משה ברוך מאָרגענשטערן, אויפן וועג קיין וולאָדאַווע, איז אָבער נפטר געוואָרן אין פּאַרצעווע און דאָרט געקומען צו קבר ישראל.

נאָך דער פטירה פון רבין, איז זיין זון ר' מענדעלע מאָרגענשטערן אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין וולאָדאַווע.

נאָך ראש השנה. די דייטשע טרייבן אַריין אַלע יידן פון שטאָט, יינג און אַלט, מענער, פרויען און קינדער, אין דער אַלטער שול לעבן דעם כמעלניצקי בית־עולם, שליסן זי אָפּ אויף 48 שעה אָן עסן און אָן טרינקען און שיסן אַריין דורך די פענצטער. ס'פאַלן פיל פאַרוווּנדעטע און פיל פון חלשות. ווען זיי עפענען זי נאָך 48 שעה, נעמען זיי צען ערובניקעס, וועלכע ווערן שרעקלעך געפּייניקט.

ערב יום כפור. די דייטשן פאַרשווינדן פון שטאָט. ס'איז שטיל, נישטאָ קיין שום מיליטער.

באַלד נאָך סוכות קומט אַריין אין שטאָט די סאָוועטישע אַרמיי. זיי זענען בלויז עטלעכע טעג און גייען צוריק אַריבער דעם טייך בוג. מיט זיי לויפן מיט אַ געוויסער טייל וולאָ־דאַווער, צווישן זיי אַממערסטן יינגע. ס'קומען צוריק אַריין די דייטשן.

נאָוועמבער ווערן פאַרשלעפּט דורך דער געשטאַפּאָ איינ־אונדרייסיק וולאָדאַווער שטאָט־באַלעבאַטים, עלטערע און יינגע. זיי ווערן פאַרשלעפּט קיין כעלם ווי ערובניקעס. דאָרט ווערן זיי דורך דער געשטאַפּאָ געשמיסן און שרעקלעך צע־שלאָגן און נאָך פאַרשידענע אַנדערע פּייניקונגען, ווערן זיי צוריקגעשיקט קיין וולאָדאַווע און די שטאָט ווערט אויפגע־פאָדערט צו צאָלן אַ גרויסע קאָנטריבוציע.



**1940**

די דייטשן צווינגען אויף, אַלע יידן אין וולאָדאַווע, אָנטאָן די „שאַנד־באַנד", (אַזוי רופן זיי דעם מגן דוד).

ווינטער ברענגען די דייטשן צו דער סאָביבאָרער באַן־סטאַציע אַ טראַנספּאָרט יידישע פּלעניקעס און אַנדערע פאַרשלעפּטע יידן. הייסן זיי אַרויסגיין פון די וואַגאָנען און שיסן אין זיי. ס'פאַלן פיל געהרגעטע, בערך אַ הונדערט מאַן געלונגט צו אַנטלויפן. וולאָדאַווער יידן גיבן זיי הילף, ווי ווייט זייערע מעגלעכקייטן, וואָס זענען שוין דעמלט געוואַלדיק באַגרענעצט. די געהרגעטע פּלעניקעס ברענגען די וולאָדאַווער יידן צו קבורה אויפן שטאָטישן בית עולם און די פאַרוווּנדעטע דערטיילן זיי הילף.

די דייטשן שאַפן אין וולאָדאַווע אַן אָפענעם אַרבעטס לאַגער.

**1941**

22 יוני. די דייטשן אַריבער דעם טייך בוג. אָנגעפאַלן אויף דער סאָוויעטישער אַרמיי אומגעריכט און אין זעלבן טאָג האָבן זיי געפירט רוסישע פּלעניקעס פון טאָמאַשאָווקע קיין וולאָדאַווע.

פאַרמאַכטער אַרבעטס־לאַגער אין וולאָדאַווע. געטאָ. דער לאַגער — די גאַנצע רעכטע זייט פון דער ווירקער־גאַס, אָנקומענדיק פון ווירעק און די געטאָ — אין דער לינקער זייט פון דער זעלבער גאַס.

**1942**

וולאָדאַווער יידן ווערן אַוועקגעשיקט אויף אַרבעט קיין סאָביבאָר, אַ דאָרף, אַכט קילאָמעטער פון וולאָדאַווע. דאָרט אין וואַלד, בויען זיי צוזאַמען מיט האָלענדישע און אַנ־דערע יידן, די געביידעס, וואָס זענען באַשטימט געווען פאַר די גאַז־קאַמערן, אָבער זיי האָבן נישט געוווּסט וואָס זיי בויען. די דייטשן פּרוּוון אויס די גאַז־קאַמערן אויף זייערע בויער... בלויז צוויי וולאָדאַווער יידן איז געלונגען צו אַנטלויפן נאַקעטערהייט און אַזוינאָך זענען וולאָדאַווער יידן געוויר געוואָרן וועגן די גאַז־קאַמערן אין סאָביבאָר.

לויט אַ באַריכט פון 25.26.1.1942, וואָס ס'האָט אָפּגע־געבן דער וולאָדאַווער דעלעגאַט אויף דער קאָנפערענץ פון כעלעמער ראַיאָן, פאַר יידיש־געזעלשאַפטלעכער זעלבסט הילף, איז צו דער דערמאָנטער דאַטע געווען אין וולאָדאַווע זיבן הונדערט קינדער אין עלטער פון 8 ביז 12 יאָר.

בערך שבועות, ערשטע אַקציע. גענומען אַלטע, קראַנקע און אינוואַלידן און בכלל די אַלע וואָס זענען געפאַלן צו לאַסט דעם יודענראַט, זיי אָפּגעשיקט קיין סאָביבאָר. נאָך דער דאָזיקער אַקציע, רופט אויס דער ראַדזינער רבי, וואָס

איז דאָ אין וולאָדאַווע, אַ דריי טאָגיקן תענית. דער רבי ווערט אַרעסטירט.

שבת נאָך שבועות. די דייטשן דערשיסן דעם ראַדזינער רבי ר' שמואל שלמה ליינער נעבן שטאָטישן בית עולם.

חודש יולי. צווייטע אַקציע — קינדער...

ביי דער דאָזיקער אַקציע איז דער רב, ר' מענדעלע מאָרגענשטערן מיטגעגאַנגען מיט זיינע קינדער.

24 אָקטאָבער. דריטע גרויסע אַקציע.

אַוועקגעטריבן בערך צען טויזנט יידן פון וולאָדאַווע קיין סאָביבאָר. דאָ זענען געווען אויסער וולאָדאַווער, אויך אויסלענדישע יידן און פון אַנדערע שטעט אין פוילן. ביים אַריינגיין אין די וואַגאָנען און ביים אַרויסטרייבן זיי אויף דער באַן־סטאַציע אין סאָביבאָר, איז פאָרגעקומען אַ גרויסער ווידערשטאַנד מצד די אומגליקלעכע יידן קעגן די דייטשן. פיל זענען געפאַלן טויטע, נאָך איידער זיי זענען דערגאַנגען צו די גאַז־קאַמערן...

חודש נאָוועמבער. פערטע אַקציע. געכאַפּט די אויסבאַהאַלטענע און די צוריקגעקומענע פון פאַרשידענע באַהעלטענישן, זיי אַוועקגעטריבן קיין סאָביבאָר...

נאָך דער פערטער אַקציע, האָט זיך געשאַפן אַ גרופּע וולאָדאַווער פּאַרטיזאַנער, וואָס זענען אַוועק אין וואַלד מיט משה ליכטנבערג בראָש.

**1943**

מאַי. פינפטע אַקציע. אויפגעכאַפּט די גאָר קליינע ביסלעך איבערגעבליבענע יידן וואָס זענען צוריקגעקומען פון די באַהעלטענישן, אויפן צוזאָג פונעם הויפּט־מערדער פון וולאָדאַווער געשטאַפּאָ, ניטשקע, אַז ער וועט זיי מער נישט שלעכטס טאָן. מוצאי פסח איז ענדלעך וולאָדאַווע געוואָרן יודענריין. אַ קלענער טייל געלונגט נאָך צו אַנטלויפן אין אדאמפּאָלער לאַגער.

**1943 — יזכור**

מאַי — ב' בחודש אייר תש"ג — טאָג פון אומקום פון וולאָדאַווע און אומגעגנט — קדושים. אין דעם טאָג קומט פאָר יאָר־יערלעך די אזכרה.

אויגוסט. די שחיטה איבער די אַדאַמפּאָלער יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון וולאָדאַווע.

14 אָקטאָבער. העלדישער אויפשטאַנד אין טויטנלאַגער סאָביבאָר, אָנגעפירט דורך דעם יידיש־סאָוועטישן אָפיציר, אַלעקסאַנדער מ. פעטשאַרסקי מיט נאָך אַנדערע יידישע העלדן. ס'ראַטעווען זיך זייער ווינציקע. נאָכדעם אויפשטאַנד, פאַרניכטן די דייטשן דעם טויטנלאַגער און יאָגן זיך נאָך די יידישע פּאַרטיזאַנער און אַנדערע אויסבאַהאַלטענע יידן, וואָס געפונען זיך אין די וועלדער. פון דאָזיקן אויפשטאַנד זענען געבליבן געציילטע. זיינע מיטהעלפער צו אָרגאַניזירן דעם אויפשטאַנד: ס. מ. ראָזנפעלד, מ. א. לעוו, א. מ. ווייספּאַפּיר, א. ר. טאַמין און אַנדערע.

**1944**

אויגוסט. וולאָדאַווע ווערט באַפרייט דורך דער סאָוויעטישער אַרמיי, אָבער קיין יידן זענען דאָרט שוין נישט געווען.

סעפּטעמבער. קומען צוריק פון די וועלדער און אויך פון רוסלאַנד אַ קליינע גרופּע וולאָדאַווער לעבנגעבליבענע יידן. זיי מאַכן אין שול זייער ערשטע אזכרה נאָך די וולאָדאַווער קדושים און וואַנדערן אַוועק ווייטער פון זייער חרוב געוואָרענער און צעבלוטיקטער היים. זיי טרעפן אַלע יידישע בית עולמס מיט אויסגעריסענע מצבות, מיט וועלכע די דייטשן האָבן געפלאַסטערט די גאַסן.

געגרינדעט דורך די וולאָדאַווער יידן אין ארץ ישראל דעם וולאָדאַווער קאָמיטעט — „ארגון יוצאי ולודבה והסביבה בישראל" אין תל אביב, כדי צו העלפן די געראַטעוועטע יידן, די שארית הפליטה פון וולאָדאַווע.

**1946-47**

אַן אויספאָרשונג נאָך דער מלחמה, דורך דער פּוילישער מלוכה־קאָמיסיע, שטעלט פעסט פאָלגענדע אינפאָרמאַציע, וועגן צוויאַנצוואַנציק אַרבעטס־לאַגערן פאַר יידן אין דער געגנט פו כעלם—הרוביעשאָו—וולאָדאַווע, בעת דער דייטשע אָקופּאַציע.

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1) | אבראַוויעץ | 200 | |
| 2) | אוכרינאָוו | ? | צאָל אומבאַקאַנט |
| 3) | אסאווא | 400 | |
| 4) | אשטשאוו | 1500 | |
| 5) | שושנע | 100 | |
| 6) | דאראהוסק | 300 | |
| 7) | דאלהאביטשעוו | ? | צאָל אומבאַקאַנט |
| 8) | ווארענזש | ? | צאָל אומבאַקאַנט |
| 9) | וויטקאָוו | 350 | |
| 10) | וויעראַשין | 1060 | |
| 11) | זמודזש | 200 | |
| 12) | טורקאָוויץ | 250 | |
| 13) | טשערניעאָוו | 200 | |
| 14) | לוטע | 200 | |
| 15) | מארישין | ? | צאָל אומבאַקאַנט |

16) מירטש — — — — 3000
17) סאווין — — — — 140
18) קאָנין — — — — — 150
19) קאַמיען — — — — 115
20) קריכאָוו — — — — 2500
21) רודא־אַפּאַלין — — — 650
22) שעלעשטשע ביים וויעפש 140
צוזאַמען — 11,455

די אַלע זענען אויסגענוצט געוואָרן ביזן לעצטן אָטעם, שפּעטער זיי סעלעקטירט צו די אויוונס און זיי פאַרביטן מיט אַנדערע יידן־שקלאַפן.

**1953**

וולאָדאַווער יידן אין ישראל באַקומען אַ ספר תורה ווי אַ מתנה פון די וולאָדאַווער לאַנדסלייט אין צפון אַמעריקע. דאָס ספר ווערט מיט פּאַראַד אַריינגעפירט אין דער שול „פּועלי צדק״ אויף רח׳ צלנוב אין תל אביב.

**1954**

צו דער פערציק יעריקער פייערונג פונעם אַנקומען פון די ערשטע וולאָדאַווער לאַנדסלייט קיין אַמעריקע האָבן די דריי פּאַראייניקטע וולאָדאַווער קאָמיטעטן אין ניו־יאָרק אַרויס־געשיקט 2000 (צוו ייטויזנט) דאָלאַר צו דער גמילת חסד קאַסע ביים „ארגון יוצאי ולודבה והסביבה בישראל״.

**1956־57**

אָנגעהויבן זאַמלען מאַטעריאַלן פאַרן יזכור־בוך דורכן חבר ראָזנבלאַט יעקב.

**1960**

אויפגעשטעלט דורכן „ארגון יוצאי ולודבה והסביבה בישראל״ — אַ מצבה אינעם „יער הקדושים״ לזכר די קדושי ולודבה והסביבה.

**1963**

געשטעלט אַ מצבת זכרון לקדושי ולודבה והסביבה אינעם מרתף השואה אין ירושלים.



**1964**

ווערט אין דייטשלאַנד געפונען דער שעף פון דער וולאָ־דאַווער עס־דע (זיכערהייטס דינסט) — געשטאַפּאָ, דער רוצח ניטשקע מיט זיינע מיטהעלפער, וועלכע האָבן אויף זייער רוצחישע געוויסנס, פיל צענדליקער טויזנטער יידן, מענער, פרויען און קינדער, וועמען ער מיט זיינע מיטהעל־פער האָבן געטריבן אין די גאַז־קאַמערן פונעם טויטנלאַגער סאָביבאָר.

**1965**

הויבט זיך אָן דער פּראָצעס קעגן דעם שעף פון דער געשטאַפּאָ אין וולאָדאַווע, ניטשקע מיט זיינע מיטהעלפער אין דער שטאָט האַנאָווער. קעגן די דאָזיקע מערדער, טרעטן אַרויס וולאָדאַווער לעבנגעבליבענע יידישע פּאַרטיזאַנער. — וולאָדאַווער עדות: אמאלינסקי שרה, גרינהויז יחיאל, הור־בערמאַן יחזקאל, טורקעניץ תמר, כהן יאָסל, לעדערמאַן אביגדור, לעדערמאַן שמעון, מעלצער אליעזר, קנאַפּמאַכער פעסל, קנאַפּמאַכער משה און ראָזשאַנקע לייב.

**1965**

29 יוני. די פּוילישע רעגירונג אַנטהילט דעם דענקמאָל אין טויטנלאַגער סאָביבאָר. ס׳לייגן אַ קראַנץ בלומען, אַ גרופּע וולאָדאַווער געבליבענע אין פּוילן מיט חיים קליגער בראש.

**1966**

דער תליון פון טויטנלאַגער סאָביבאָר, דער עס עס אָפי־ציר קארל פרענצעל, איז פאַרמשפּט געוואָרן אין דייטשלאַנד צו אייביקער תפיסה (אַ וווּנדער?). זיינע זעקס מיטהעלפער אין די מאַסנמאָרדן, האָבן באַקומען שטראָפן פון 3 ביז 8 יאָר תפיסה. דער הויפּט אָנגעקלאָגטע קורט בולאַנדער, איז באַגאַנגען זעלבסמאָרד אין תפיסה, אַנדערע 4 זענען באַ־פרייט געוואָרן „צוליבן פעלן פון באַווייזן״...

**1970**

חודש מאי זיך אָנגעהויבן אין דיסעלדאָרף, מערב־דייטשלאַנד דער פּראָצעס קעגן הויכן עס־עס־אָפיציר פראַנץ פּאַול שטענגעל, וועלכער איז געווען דער קאָמענדאַנט פון סאָביבאָר און שפּעטער פון טרעבלינקע, וווּ ס׳זענען אומגע־בראַכט געוואָרן אַריבער אַ מיליאָן יידן.

בן מתתיהו
תל־אביב

# מיין שטעטל
# ווי איך האב דיך געזען
# און געדענק דיך

כ׳האָב געזען דיך אין דיין שענסטן גלאַנץ,
געהערט דיין זונגען אין שמחת־תורהדיקע טעג.
כ׳האָב אויך געזען דיין טרויעריקן סוף,
געהערט דיך קדיש־זאָגן אויפן לעצטן וועג.

כ׳וויל אַ מצבה דיר פאַראייביקן,
פון ווערטער, נישט פון שטיין.
פון דיין שיינקייט, מידות און שטאָלץ
דערציילן — ווי אַמאָל האָסט אויסגעזען.




י געשיכטע דערציילט: יידן זענען געקומען קיין פוילן נאָך איידער מיעשקאָ דער 1־טער האָט פעסט־געשטעלט איר זעלבשטענדיקייט. פוילן האָט זיך דאַן געפונען אין די גרענעצן צווישן שוואַרצן און באַלטישן ים. די יידן האָבן זיך באַזעצט אין ישובים אויף די ברעגעס פון די פאַרשידענע טייכן. נאָך איידער פוילן האָט אָנגענומען דעם קריסטלעכן גלויבן — דערציילט ווייטער די געשיכטע — האָבן זיך אויף איר טעריטאָריע שוין געפונען יידישע סוחרים. טייל פון זיי האָבן געשטאַמט פון די כוזרים, אַ טייל איז גע־קומען פון די מערב־לענדער. אַזוי איז שוין אויף לאַנגע צייטן געבליבן דער האַנדל אין אַ גרויסער מאָס אין יידישע הענט. די גזירות אויף יידן אין מערב־אייראָפּע, באַזונדערס נאָכן ערשטן קרייץ־צוג אין יאָר 1096 האָט זיך די צאָל יידן אין פוילן פאַרגרעסערט. אין יאָר 905 האָט אַ פּוילישער פירשט דערלויבט די יידן פריי זיך צו באַזעצן אין דער מדינה, אָפּהיטן זייער רעליגיעזן קולט און די ענינים צווישן איין ייד און אַנדערן האָבן געקענט דערלייקטווערן אין אייגענעם געריכט. די יידן האָבן זיך אויך געפונען אונטערן שוץ פון דער רעגירונג און נישט געווען אויסגעשטעלט אויפן גוטן ווילן פון די באַזונדערע פּריצים.

אויפן ברעג פונעם גרויסן טייך בוג האָט זיך אַנטוויקלט אונדזער געבוירן־שטאָט וולאָדאַווע. און אַזוי איז זי טאַקע אָנגערופן געוואָרן אין פּויליש: וולאָדאַווע נאָך בוגיעם. לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז וולאָ־דאַווע איינע פון די עלטסטע ישובים אין פוילן, וווּ ס׳האָבן זיך באַזעצט די ערשטע איינגעוואַנדערטע יידן.

אַרום וולאָדאַווע האָבן זיך אַנטוויקלט קלענערע שטעטלעך. דאָס עלטסטע פון זיי איז געווען דאָס שכנותדיקע שטעטל וולאָדאָווקע, וואָס האָט זיך געפונען אינעם נידעריקן טייל אויף דער צווייטער זייט פון דעם טייך בוג און האָט אויסגעזען ווי אַ המשך פון וולאָדאַווע, וואָס נאָר דער טייך האָט זיי צעטיילט. לויט ווי עס ווערט איבערגעגעבן איז וולאָדאָווקע אַנטשטאַנען אין איין צייט מיט וולאָדאַווע און האָט געציילט אייניקע הונדערט יידישע משפחות, איז געווען אַ ריין יידיש שטעטל, געהאַט אַ יידישן סאָלטיס. אויך די שטעט־לעך ציצעוו, ביי אַ דרייסיק קילאָמעטער פון וולאָדאַווע; דובעטשנע — פופצן ק״מ פון שטאָט, האָבן געציילט אַן ערך הונדערט יידישע משפחות אין יעדן שטעטל.

אַ גרעסערער יידישער ישוב מיט עטלעכע הונדערט משפחות האָט זיך געפונען אין טאָמאַשעווקע, ביי דער וולאָדאַווער באַן־סטאַציע. דער ישוב האָט זיך כסדר אַנטוויקלט און מיט יעדן יאָר פאַרגרעסערט זיך אין אַ גענוג גיכן טעמפּאָ.

יידן האָבן זיך אויך באַזעצט אין די דערפער אַרום וולאָדאַווע: קאפלאנאס, אסאווע, ברוס, הײנסק, וויטישנע, וויריק, דאלהאביאט, סאָביבאָר, סוכאָווע,, סמאלארעס, פּישטש און פּילמע. אין יעדן פון די דערפער האָבן געוווינט צו עטלעכע צענדליק יידישע משפחות. יידישע משפחות האָבן אויך געוווינט אין די קלענערע דערפער: אקאָנינקע, אָלשאַנקע, האַלישעוו, האליע, אַדאַמפּאָל, וואלטשענא, וואָסקעוואָלע, זבערעזש, זשוקאָוו, זאהייקע כאראסטיטע, ליטע, מאַטעשין, מאריאנקע, סטילנע, סטאווקע, פּאלעמעץ, פּויליש־ארכעווע, רוסיש־ארכעווע, שישנע, שומינקע, קאדעניעץ, דובאק, פּשיווערעביע, גריכאָוו א. אַ.

ווען מיר זאָגן: וואָלאַדווער יידן, מיינען מיר אויך די יידן פון די שטעטלעך און דערפער אַרום וולאָדאַווע, וועלכע האָבן אין משך פון הונדערטער יאָרן, ווי די יידן אין פּוילן בכלל, געגעבן זייער ביישטייער צו דער אַנטוויקלונג פון דער ווירטשאַפט אין פּוילן, האָבן אַנטוויקלט דעם האַנדל און די אינדוסטריע.

אין פאַרלויף פון די הונדערטער יאָרן זענען געווען צייטן פון פּריווילעגיעס און אויך פון רדיפות, פון גזירות, פּאָגראָמען און רציחות. עס זענען געווען צייטן פון באַגרענעצונגען און דראָונגען, אָבער נישט געקוקט דעריף האָבן די יידן יעדעסמאָל פונסניי אָנגעהויבן בויען זייער ווירטשאַפטלעך לעבן, געקלאַמערט זיך אין דער יידישער אמונה און געהאָפט אויף בעסערע צייטן. יעדער דור האָט ממשיך געווען דעם טראַדיציאָנעלן וועג פון די יידישע פריערדיקע דורות, אָפּגעהיטן די יידישע דינים און מנהגים.

אַזוי האָט עס אויך אויסגעזען אין וולאָדאַווע, וואָס איז אויסגעוואַקסן אין אַ שיינער יידישער שטאָט, ווי אויף אירע פופצן טויזנט איינוווינער זענען צען טויזנט יידן געווען אַקטיוו אויף אַלע געביטן פון ווירטשאַפטלעכן און געזעלשאַפטלעכן לעבן. עס זענען געווען דאָרט יידן פון אַלערליי חסידישע שטרעמונגען, ציוניסטישע און סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס און עס האָט געבליט אַ יידיש קולטור־געזעל־שאַפטלעך לעבן און עס האָבן אָנגעהאַלטן ביזן גרויסן חורבן פון אייראָפּעאישן יידנטום אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

היינט איז אין וולאָדאַווע און אין אַלע אַרומיקע שטעטלעך און דערפער נישטאָ קיין איין יידיש נפש. דאָס אַמאָליקע וולאָדאַווע מיט איר זיבעציק פּראָצענטיק יידישער באַפעלקערונג, איז פּונקט ווי די גאַנצע אַרומיקע געגנט, פּולשטענדיק יידן־ריין. נישטאָ ביים היינטיקן טאָג קיין שפּור פונעם טויזנט־יאָריקן יידישן לעבן און עס מערקן זיך שוין די וואַרשיינלעכקייטן, אַז עס וועלן געמאַכט ווערן דורך די שונאי ישראל באַמי־אונגען צו פאַרווישן און אָפּלייקענען דעם גרויסן צושטייער,, וואָס יידן האָבן געגעבן פאַר דער אַנטוויקלונג פון פּוילן

אויף די הייליקע בלעטער פון אונדזער יזכור־בוך שרייען מיר אויס: יידיש לעבן אין פּוילן איז נישט געווען קיין לעגענדע, נישט קיין חלום נאָר ממשותדיקע ווירקלעכקייט! יידיש לעבן אין פּוילן איז געווען אַ דערהויבענער און הייליקער אמת, וואָס איז ברוטאַל, מיט דער גרויזאַמסטער אכזריות, פאַרטיליקט געוואָרן!

נאָכן גרויסן חורבן זענען געבליבן היסטאָרישע עדות: די גרויסע גרויע שיל־מויער מיטן קיילעכיקן דאַך, מיט אירע איצט פאַרחושכדיקע ווענט אויף דער סאָלנע־גאַס, וואָס איז אין דער חורבן־תקופה פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ תבואה־שפּייכלער. דאָס איז געווען אונדזער גרויסער און הייליקער בית־הכנסת. דאָרט האָבן טויזנטער און צענדליקער טויזנטער יידן אין משך פון יאָרן געדאַוונט זייערע תפילות, געלערנט די תורה שבכתב ושבעל פה, אָפּגעהיטן די יידישע יום־טובים, געפרייט זיך מיט זיי, געזונגען און געטאַנצט.

די פאַרוויינטע מויערן פון דער פּוסטער שיל האָבן ערשט מיט עטלעכע דרייסיק יאָר צוריק אויסגעזען ווי אַ בת־מלכה. היינט שטייט זי פאַרשעמט און פאַריתומט, אין עלנטער פאַרטראַכטקייט, ווי זי וואָלט זיך צוהערן צום אָפּהילך פון די יידישע תפילות, יידישע נגונים און יידיש געוויין.

אַ היסטאָרישער עדות, די טרויעריקסטע, וואָס קיין געשיכטע האָט עס נאָך נישט דערציילט, איז די סאָלנע־גאַס אָדער ווי מען האט זי גערופן: די שיל־גאַס. די גאַנצע לענג, אָנהייבנדיק פון מאַרק ביזן פאָזשאַרנער סאָד איז ברוקירט מיט יידישע מצבות, וואָס זענען אַרויסגעריסן געוואָרן פון די יידישע בתי הקברות, פון אַלטן בית הקברות אויף נאַ־דאָלו, פון בית הקברות פון כמיעלניצקיס צייטן, וואָס האָט זיך געפונען אין נאָענטער שכנות פון דער שול, ווי אויך פונעם לעצטן בית עלמין, ביים כעלמער־טראַוויניקער וועג.

מיט אַט די מצבות פון אונדזער אבות אבותינו, וואָס האָבן דאָ געלעבט לאַנגע דורות, האָבן די נאַציס ברוקירט די סאַלנע־גאַס. טרעטנדיק אויף די שטיקער מאַרמאָר קען מען נאָך היינט לייענען די האַלב־אָפּגעמעקטע ווערטער: תנצב"ה, החסיד, האישה הצנועה און אַנדערע טיטלען און נעמען פון יידן, וואָס האָבן דאָ געלעבט און געמיינט צו געפינען זייער רו נאָכן טויט.

דאָס זענען די שפורן, וואָס זענען געבליבן פון דער גרויסער יידישער קהילה אין וולאָדאַווע, וועגן וועלכער עס איז פאַראַן אַזויפיל צו דערציילן און אויך איך האַלט פאַר מיין חוב איבערצוגעבן מיינע איבערלעבענישן אין מיין היים־שטאָט, ווי איך האָב זי געזען און אויף וויפל איך געדענק.

# וולאדאווקע

דער טייך בוג, וואָס האָט פונאַנדערגעטיילט וולאָדאַווקע פון וולאָדאַווע, האָט ביידע שטעטלעך געגעבן אַן אייגנטימלעכן קאָלאָריט, אַן וועלכן מען האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן סיי די וולאָדאַווקער און סיי די וולאָדאַווער לאַנדשאַפט. מערסטנס זענען די וואַסערן פונעם בוג געפלאָסן רואיק, סטאַטעטשנע, כמעט אידיליש. אפילו קינדער האָבן זיך געקענט באָדן אין טייך. אזוי האָט עס אויסגעזען אַ גאַנץ יאָר, אָבער מיטן אָנקום פון פרילינג זענען פון די בערג אַריינגעפלאָסן אינעם טייך ריזיקע וואַסער־שטראָמען און זיי האָבן זיך אומרחמנותדיק צעשטורעמט. די צעיושעטע כוואַליעס האָבן זיך דעמאָלט געוואָרפן אויף וולאָדאַווקע, וואָס איז געשטאַנען אויף דער נידעריקער זייט פונעם ברעג.

דער אידילישער בוג איז מיטאַמאָל אויסגעוואַקסן פילפאַכיק און פאַרגאָסן די הייזער אין וולאָדאַווקע. אין דראַמאַטישער שפּאַנונג, מיט פחד אין די אויגן האָט מען דעמאָלט אַראָפּגעקוקט פון וולאָדאַווע, וואָס איז געשטאַנען אויפן באַרג. די איינוווינער פון וולאָדאַווע, וואָס זענען געווען געקנופּט און געבונדן מיט וולאָדאַווקע, וואָס וואָלט מסתמא געווען איין שטאָט ווען נישט דער טייך, וואָס האָט זיי פאַרנאַנדערגעטיילט, האָבן מיט טיפער זאָרג און שרעק געקוקט ווי די צעברויזטע כוואַליעס פונעם טייך האָבן פאַרכאַפּט גאַנצע טיילן פונעם שטעטל.

די פאַרפלייצונגען זענען אפשר געווען איינע פון די סיבות, פאַרוואָס וולאָדאַווקע האָט זיך נישט פאַרגרעסערט, נישט אַנטוויקלט זיך ווי וולאָדאַווע, נאָר געבליבן אַ קליין שטעטעלע. עס איז אויך געווען די באַן־סטאַציע אין וולאָדאַווע וואָס האָט צוגעצויגן אַ באַדייטנדיקע צאָל וולאָדאַווקער איינוווינער, ווייל זי איז געווען אַ וויכטיקער פרנסה־קוואַל. די וולאָדאַווקער יידן האָבן אַ גרויסן חלק אינעם אַנטשטיין פון טאָמאַשעווקע, דאָס שטעטל ביי דער באַן־סטאַציע.

וולאָדאַווקע איז געווען אַ דורכאויס יידיש שטעטל, געהאַט יידישע סאָלטיסן. דער ערשטער, וועמען מען געדענקט, איז געווען בעריש ערליך. שפּעטער איז זיין זון מאָטל געוואָרן סאָלטיס. די לעצטע צייט, ביז צו דער צווייטער וועלט־מלחמה איז געווען סאָלטיס מאָטלס זון, אברהמעלע ערליך.

לייב פישמאַן, פון די ערשטע קאָצקער חסידים, איז געווען קאָזשאָנער ראַבינער, זיין זון בנימין, ווי מען פלעגט אים רופן בנימין לייבס, איז געווען אַ גרויסער למדן און אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס.

די קאָזשאָנער ראַבינער האָבן פונקט ווי די סאָלטיסן געטון פיל טובות דער יידישער באַפעלקערונג, באַזונדערס די אַנטלאָפענע יידן, ביים צושרייבן אָדער ביים נויטיקן זיך אין אַ געבורט־צייגעניש צי אַ פּאַספּאָרט.

די געשיכטע דערציילט, אַז וולאָדאַווקע איז אַמאָל געווען אַ גרויס שטעטל, וואָס האָט געהערשט איבער דער ארומיקער געגנט. עס זאָגט דערויף עדות דער פנקס פון דער חברה קדישא, וועלכן מען האָט אָנגעהויבן צו שרייבן מיט פינף הונדערט יאָר צוריק. וולאָדאַווקע האָט געהאַט אַ באַזונדערן בית קברות, וואָס האָט זיך געפונען נעבן דעם דאָרף רוסיש־אָרכעווע. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דאָס בית־הקברות געשענדעט געוואָרן. די פויערים פונעם דערנעבנדיקן דאָרף האָבן אַרויסגעריסן די מצבות און געפּלאַסטערט מיט זיי דעם צוגאַנג צו זייערע הייזקעס. געבליבן זענען נאָר איינצלנע, גאָר אַלטע מצבות.

אין וולאָדאַווקע פלעגן פאַרקומען גרויסע יערלעכע יאַרידן, וועלכע האָבן זיך געצויגן עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד און

זענען געווען באַקאַנט איבער גאַנץ פּוילן. אויף די יאַרידן פלעגן קומען סוחרים און פּויערים פון נאָענט און ווייט.

ייִדן אין וולאַדאַווקע האָבן געפירט אַ האָלץ־מסחר אויף אַ גרויסן פאַרנעם, געהאַט זייערע קונים אויך אין אויסלאַנד. אַ וויכטיקער מקור פון פּרנסה זענען געווען די צעגעלניעס. אַ סך ייִדן האָבן זיך פאַרנומען מיט האַנטווערקעריי און אויך מיט ערד־אַרבעט. פעלדער, סעדער און וועלדער האָבן פון אַלע זייטן אַרומגענומען דאָס שטעטל און אַלץ האָט דאָ עדות געזאָגט אויף דער אייביקער פאַרבינדונג צווישן שטאָט און דאָרף, צווישן מענטש און נאַטור.

אין וולאַדאַווקע איז געווען אַ גרויס בית המדרש און אייניקע חסידים־שטיבלעך. די דאָזיקע קליינע ייִדישע קהילה האָט זיך קונה שם געווען מיט אירע לומדישע רבנים, וואָס זענען אויך געווען פון גרויסן יחוס. עס ווערן דערמאָנט די נעמען:

הרב שמואל זאַק, וועלכן מען האָט גערופן דער ביאַ־לער רב.

הרב נחמיה, אַ געבוירענער אין וולאַדאַווקע, געלערנט ביים רב און מחבר פון צבי תאומים, וועלכער איז אויך גע־ווען אַ מחבר פון וויכטיקע ספרים. הרב נחמיה ווערט דער־מאָנט אינעם ספר „עזרת ישראל". ער האָט אויך אַרויס־געגעבן דאָס ספר „תורה מציון".

ער איז נפטר געוואָרן אין וולאַדאַווקע, י"ד אדר תרצ"ו. זיין אהל האָט זיך געפונען אויפן וולאַדאַווקער בית עלמין.

נאָך אים האָט איבערגענומען דעם כסא הרבנות זיין זון, ר' יונהלע.

רבנים אין וולאַדאַווקע זענען אויך געווען: ר' גרשון ייִדל ליבערמאַן, ר' לייבעלע, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן רב אין וולאַדאַווע; ר' מאָטעלע, וועלכן מען האָט גערופן דער טריסקער רבי און זיין מויער איז געשטאַנען ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דער לעצטער רב אין וולאַדאַווקע איז געווען ר' מענ־דעלע מאָרגנשטערן, דער עלסטער זון פון לוקעווער רבין, ר' משה ברוך מאָרגנשטרן, אַן אייניקל פונעם ערשטן קאָצ־קער רבין, ר' מענדעלע.

אין אָנהויב 1939 האָט ר' מענדעלע איבערגענומען דעם כסא רבנות אין וולאַדאַווע, אָבער דערביי אויך נישט רעזיג־נירט פון וולאַדאַווקע, וווהין ער פלעגט קומען אייניקע מאָל אין דער וואָך.

צו די אָנגעזעענסטע תושבים, וואָס האָבן אין וולאַ־דאַווקע זיך פאַרנומען מיט שטאַטישע און פילאַנטראָפּישע ענינים, האָבן געהערט: אייזיק אייזנבערג, ישראל האָלצמאַן, הערש־בער פוקס, פּייוול אלטוסקי, מינץ, דער צעגעל־ניע־אייגנטימער יעקב פרידמאַן, קוניע נוימאַן, גבאי פון



חברה קדישא, שלמה לעדערער (גערופן: שלמה פון דער מאַסט). זיינע זין: מלך און מענדל זענען געווען פון די אָנפירנדיקע ציוניסטן אין וולאַדאַווקע; ניסעלע ראַבאַווער און זיין זון יוסף; אליהו רובינשטיין, וועלכער פלעגט איבער־פירן מענטשן איבערן טייך מיט זיינע אייגענע שיפלעך; שלמה לייב און זיין זון אהרון האָלצמאַן, הערשל פאַרבער, ראובן־הערש ווינאָגראַד, מעשל נוימאַן, משה פרעגעל א. א.

די שוחטים אין וולאַדאַווקע זענען געווען באַקאַנט מיט זייער אָפּגעהיטנקייט, מיט זייער לומדות און יחוס. צו די אָנגעזעענסטע האָבן געהערט משה און זיין זון מאיר.

גוטע און פרומע ייִדן זענען געווען די מלמדים, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער איבערגעגעבנקייט ביים לערנען די תלמידים. עס זענען געבליבן אין זכרון: אליעזר פּסח ביאַלי און זיין זון איצל, אברהמעלע דעם חזנס, יעקב וועלוול א.א. וולאַדאַווקע האָט אויך געהאַט אַ סך נשים צד־קניות, וועלכע פלעגן העלפן אָרעמעלייט און בעזונדערס אַזעלכע, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין מתן בסתר. אַזעלכע זענען געווען: אסתר־באַסיע פוקס, שפרה בת־אהרון ביאַלי, יוכבד ביאַלי, אסתר האָלצמאַן, צביה האָלצמאַן, לאה־דבורה האָלצמאַן, געלע מינץ, ביילע שניידערמאַן, שאשע האָלצמאַן, ליבע פּיעטרושקע א.א.

אין יאָר 1905 האָבן וולאַדאַווקער יוגנטלעכע גענומען אַקטיוון אָנטייל אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט, אין בונט קעגן רוסישן צאַריזם. אייניקע פון זיי האָט מען פאַר־שיקט אין וויטן סיביר. זייער אָנפירער מענדל מינץ, וועל־כער איז באַפרייט געוואָרן אין יאָר 1917, איז שפּעטער גע־וואָרן אַן אָנגעזעענער פּאָליטישער טוער אין דער רוסישער שטאָט טולאַ, וווּ זיין פאַמיליע לעבט ביזן היינטיקן טאָג.

אַ טייל פון דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט, וועלכע מען האָט גערופן „די שטרייקער" זענען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע.

דעם קליינעם שטעטל וולאַדאַווקע איז אין אַ ריי תקופות אויסגעקומען צו געפינען זיך אויף דער גרענעץ און שפּילן אַ ראָל אין דער סטראַטעגיע פון פאַרשידענע מיליטערישע שטאַבן. ווען פּוילן האָט זיך געפונען אונטער דער רוסישער אָקופּאַציע איז וולאַדאַווקע צוגעטיילט געוואָרן צו דער גראָד־נער גובערניע. דאַקעגן וולאַדאַווע האָט געהערט צו דער שעדלעצער גובערניע. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה ווען פּוילן איז ווידער געוואָרן זעלבשטענדיק, האָט וולאַדאַווקע געהערט צו ברעסט ליטאָווסק און וולאַדאַווע צום לובלינער קרייז. ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, בעת דער דייטשער אינוואַזיע, איז דער טייך בוג געווען די גרענעץ־ליניע און וולאַדאַווקע איז פאַרבליבן ביי די רוסן. דאַקעגן וולאַדאַווע האָט געהערט צו דייטשלאַנד.

נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ווידער דער טייך בוג געוואָרן די גרענעץ צווישן רוסלאַנד און פּוילן.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די רוסן עוואַקוּאירט אַלע איינוווינער קיין טאָמאַשאוו־קע און וולאָדאַווקע איז פאַרשוווּנדן פון דער מאַפּע, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרענעץ־סטאַציע, וואָס איז אָפּגעהיטן געוואָרן דורך די רוסן מיט דער גאַנצער שטרענגקייט און געווען נישט צוטריטלעך פאַר דער ציווילער באַפעלקערונג.

ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָבן די ייִדן אין וולאָדאַווקע זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אינטענסיווער טעטיקייט ביים ראַטעווען די ייִדן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון אָקופּירטן פּוילן.

די דייטשן, וועלכע האָבן געהערשט אין וולאָדאַווע, האָבן די גרענעץ ביים טייך בוג נישט אָפּגעהיטן מיט קיין באַזונדערער שטרענגקייט, אַזוי ווי עס האָבן עס געטון די רוסן אויף דער אַנדערער זייט גרענעץ, אין וולאָדאַווקע. די רוסן האָבן אָן איבעררייס פּאַטראָלירט דעם ברעג פון דער אַנדערער זייט גרענעץ. באַזונדערס קעגנאיבער וולאָדאַווע. די ייִדן, וועלכע האָבן זיך געוואָלט ראַטעווען פון דער דייטשער אָקופּאַציע, זענען ביים אַריבערלויפן די גרענעץ געוואָרן דורך די רוסן אַרעסטירט און פאַרשיקט. די וולאָדאַווקער ייִדן, וואָס האָבן געוווינט נאָענט פון ברעג, פלעגן נאָכקוקן די רוסישע זעלנער און ווען זיי האָבן זיך דערווייטערט פונעם שטעטל, האָבן זיי דורך אָנציגדן שוועבעלך געגעבן צייכנס צו די ייִדן אויף דער אַנדערער זייט בוג, אַז דער וועג איז פריי און זיי קענען אַריבערגיין דעם טייך.

דאָס איז געווען ווינטער 1939 און 1940. די וולאָדאַווקער ייִדן פלעגן אַריינגעמען די פּליטים אין זייערע שטובן, געגעבן זיי אָפּצועסן און נאַכטלעגער. דאָס שוואַרצן די גרענעץ פלעגט על־פּי־רוב פאָרקומען ביינאַכט ווען מען איז אַריבער דעם טייך אויף שיפלעך אָדער שווימענדיק. אין באַגין האָט מען די פּליטים אָפּגעשיקט קיין טאָמאַשאוו־קע, מיטגעבנדיק זיי אַרבעטס־כלים, עס זאָל הייסן, אַז דאָס זענען וולאָדאַווקער איינוווינער, וואָס גייען צו דער אַרבעט קיין טאָמאַשאוווקע און דאָרט פלעגן זיי זיך אויסמישן מיט דער אָרטיקער באַפעלקערונג.

הונדערטער יאָרן האָבן די ייִדן אין וולאָדאַווקע געפירט זייער רואיק פרידלעך לעבן, אָפּגעהיטן ייִדישע מנהגים און טראַדיציעס. יעדער איז פאַר זיך געווען אַ וועלט אַ גאַנצע, שטילע נשמות, וואָס האָבן נישט פאַרפעלט קיין מנחה ומעריב, בציבור צי ביחידות און יעדנס גרויסער תענוג איז געווען אַוועקצוזעצן זיך לערנען אַ בלאַט גמראַ אָדער אַ פּרק משניות, יעדער אַיינער לויט זיין מדריגה און דאָך האָבן אַלע, דאָס גאַנצע שטעטל ייִדן, געפילט זיך באַהאַפטן און פאַר־



בונדן, אַזוי זינט די ווייטע דורות ביז די לעצטע טעג פון גירוש און אומקום.

עס איז נישט מעגלעך איבערצוגעבן אַלע מאָראַלישע שיינקייטן, וואָס זענען אָפּגעהיטן געוואָרן אין משך פון דורות אין קליינעם הונדערט־פּראָצענטיק ייִדישן שטעטל וולאָדאַווקע. אַלץ איז חרוב געוואָרן אויף אייביק. זאַלן מיר כאָטש אַביסל איבערגעבן פאַר די קומענדיקע דורות.

## טאָמאַשאוווקע

דער גרויסער באַוואַלדיקטער שטח מיט די הויכע סאָסנע־ביימער, וואָס האָט אַרומגערינגלט די וולאָדאַווער באַן־סטאַציע, פיר קילאָמעטער פון דער שטאָט, אויף דער צווייטער זייט בוג, איז געווען די באַן־ליניע בריסק־כעלם. דאָרט האָבן זיך געפונען פיל פאַבריקן, אָבער אין די צאַרישע צייטן האָבן ייִדן נישט געהאַט קיין רעכט צו באַזעצן זיך. די איינצלנע, וועלכע האָבן דאָרט געוווינט, האָבן געמוזט האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש, די אַזוי גערופענע „פּראַוואָ זשיטעלסטוואַ”.

די סיבה פאַרוואָס מען האָט ייִדן נישט דערלויבט צו וווינען דאָרט איז געווען די קייזערלעכע סאַנאַטאָריע „אַלעקסאַנדראָוו”, ווו עס פלעגן קומען זיך היילן די מענטשן פון צאַרישן הויף און מיניסטאָרן. אַ סך פון זיי זענען געווען פּסיכיש קראַנקע און קיינער האָט נישט געטאָרט האָבן קיין צוטריט אַהין, כדי מען זאָל זיך נישט דערוויסן וועגן דער קראַנקהייט פון די הויכע לייט.

ערשט נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען עס איז אַנטשטאַנען די פּוילישע מלוכה, האָבן ייִדן זיך אָנגעהויבן באַזעצן אין יענער געגנט .דער לעצטער כראַביע פון די זאַמאָיסקיס, צו וועמען עס האָט געהערט דער גאַנצער שטח אַרום דער באַן־סטאַציע, האָט אָנגעהויבן פאַרקויפן שטיקער באָדן, אויף צו בויען דעם ישוב, וועלכער האָט זיך גערופן טאָמאַשוווקע א. נ. פון זיין פאָטער דער כראַביע טאָמאַש זאַמאָיסקי. די ייִדן פון וולאָדאַווקע, פון וולאָדאַווע און פון די אַרומיקע דערפער האָבן געקויפט פלעצער און גענומען בויען הייזער, מערסטנס הילצערנע. אין פאַרלויף פון אייניקע יאָרן האָט דער ישוב טאָמאַשוווקע באַקומען אַ פּנים פון אַ שיין שטעטל, די גאַסן זענען געווען באַצירט מיט הויכע סאָסנע־ביימער און אין משך פון אַ קורצער צייט האָבן שוין דאָרט געלעבט עטלעכע הונדערט משפּחות, פון וועלכע 90 פּראָצענט זענען געווען ייִדן.

פון דער וולאָדאַווער באַן־סטאַציע אין טאָמאַשוווקע פלעגן גיין גרויסע טראַנספּאָרטן מיט סחורות, פאַרן גאַנצן

לאַנד און אויך פאַר אויסלאַנד. מערסטנס זענען די טראַנס־פּאָרטן באַשטאַנען פון האָלץ־מאַטעריאַלן, פון תבואה און פלייש. אין טאָמאַשאָווקע האָט זיך געפונען די גרויסע פּויליש־בעלגישע אונטערנעמונג, וועלכע האָט אויסגעאַרבעט באַן־שוועלן, טעלעפאָן־סלופּעס א. אַ. דאָרט האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע טאַרטאַקן און סמאָלאַאַרניעס, אין וועלכע עס זענען געווען באַשעפטיקט אַ סך איינוווינער פון דער געגנט.



טאָמאַשאָווקער רב ר׳ הערשל גפן

אַ דאַנק דער גוטער טרוקענער לופט איז די געגנט אויך געווען אַ דאַטשע־און אָפּרו־אָרט. זומער פלעגן אַהין קומען אַ סך געסט .עס האָבן זיך געבויט פּענסיאָנאַטן און אויך אַ סך פּריוואַטע איינוווינער האָבן פאַרדונגען זייערע צימערן פאַר די געסט. אַזוי האָט דאָס יידישע שטעטל טאָמאַשאָווקע זיך צעוואַקסן און פון טאָג צו טאָג געוואָרן געדיכטער.

ר׳ יאַנקל האָלצמאַן, אַ רייכער וואַלד־סוחר און פרומער ייד, האָט נעבן זיין הויז אין צענטער פון שטעטל אויפגע־בויט אַ גרויס בית־המדרש, געלאָזט שרייבן עטלעכע ספרי־תורהס און האָט אויך אויפגענומען אַלס רב דעם גרויסן למדן ר׳ הערשל לייזער משהס (הערשל גפן). ער פלעגט זיצן יומם ולילה און לערנען אין ביאַלער־מעזריטשער שטיבל, געלערנט אויך אַ שיעור מיט די חסידים פון שטיבל.



זיין פרוי רחלע, האָט געפירט אַ לעדער־קראָם, וועלכע זי האָט אויפגעגעבן ווען איר מאַן איז געוואָרן טאָמאַשאָווקער רב.

יאַנקל האָלצמאַן איז געווען אַ גרויסער נדבן און האָט אויך אויפגעשטעלט אייניקע הייזער פאַר אָרעמע קרובים און פריינט, וועלכע ער האָט געהאָלפן זיך איינאָרדענען, געשאָפן פאַר זיי פּרנסה.

פון די טאָמאַשאָווקער איינוווינער דערמאָנט זיך אויך דער אָנגעזעענער ראַדזינער עילוי, ישראל טשעסנער, אַן איידעם פון די האָלצמאַנס און זיין פרוי יהודית; אליעזר נוימאַן, וואָס האָט זיך געמאַכט דאָס ערשטע שפּייז־געשעפט אין דעם נייעם שטעטל; יהושע פּיעטרושקע מיט זיין פרוי ליבע, וועכע האָבן געבויט די ערשטע בעקעריי. ישראל ווינאָגראַד, אַן אָנגעזעענער נדבן און כלל־טוער מיט זיין פרוי ליבע, וועמענס שטוב איז תמיד געווען אָפן פאַר יעדן נויטבאַדערפטיקן; משה ליאַס, אַ פּילאַווער חסיד און אייגנ־טימער פון אַ טאַרטאַק, וועלכער האָט זיך צוזאַמען מיט זיין פרוי קריינדל, פאַרנומען מיט העלפן נויטבאַדערפטיקע; טוביה און אסתר ליכטנבערג, געצל עפּעל, אַן אייגנטימער פון אַ סמאָלאַרניע; זיין שוואָגער קליינער — פון די ערשטע תושבים; אברהם לייב צוקערמאַן, משה וואַקס, משה סאסנע, דודטשע לעדערער, איצל ביאַלער, ישראל קאַגאַן, אהרון האָלצמאַן — אַלע זענען זיי געווען פון די ערשטע טאָמאַשאָווקער. צו די אָנגעזעענע משפחות האָבן זיך אויך גערעכנט: משה זעלצער, יהושע וואַסערניס, חיים פּנחס נוימאַן, אַלערגאַנט, פרידמאַן, משה פּיעטרושקע, עטל שערמאַן מיט אירע זין און טאָכטער פּאָלע, יונה ראָטנבערג, אָסעלקאַ, קראַמאַזש, משה ריכטמאַן א. אַ.

צו די ציוניסטישע אַקטיוויסטן האָבן געהערט: יאַנקל ניסנבוים און זיין פרוי שרה־יענטע, די ברידער שערמאַן, אברהם ראָזן און זיין פרוי שרה־ביילע, חיים־ישראל ליאַס און זיין פרוי חנקה, פריידע, העניע, לייבל, יאָסל ליאַס, די ברידער זיינוול און יעקב־חיים פּיעטרושקע, ישראל צוקער־מאַן און פאַניע. זיי האָבן געשאַפן אַ קולטור־קרייז, אַ ביבליאָטעק און געפירט אַ וואַרעמע ציוניסטישע טעטיקייט, אויפגעשטעלט די הכשרה־פּונקטן אין טאָמאַשאָווקע, געשאַפן אַרבעט פאַר די חלוצים.

בהדרגהדיק האָט זיך דאָס שטעטל אַנטוויקלט אויף אַלע געביטן, ביז עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה. טאָמאַשאָווקע, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער אַנדערער זייט בוג איז געוואָרן פאַרנומען דורך די סאָוויעטן. אין וולאַדאַווע זענען געווען די דייטשן. דער טייך בוג איז געווען די גרעניץ, וואָס האָט פונאַנדערגעטיילט אויך די צונויפגעוואַקסענע יידישע ישובים.

ביז יוני 1941 האָבן אין טאָמאַשאָווקע געהערשט די

רוסן. אַ סך יידן זענען פֿאַרשיקט געוואָרן. אַנדערע האָבן געמוזט פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל און געמוזט וווינען 100 קילאָמעטער ווייטער. עס זענען געבליבן בלויז די אָרעמערע אַרבעטס־מענטשן און אַזעלכע, אויף וועלכע עס איז נישט געווען קיין חשד פֿון אָנגעהערן צו וועלכער עס איז פּאַרטיי. עס זענען צוגעקומען אויך יידן פֿון וולאַדאַווע, וואָס זענען אַריבער די גרעניץ, יידן פֿון די אַרומיקע דערפֿער.

אין יוני 1941 זענען די דייטשן אַריבער דעם בוג און האָבן אויך אין טאָמאַשעווקע גענומען איינפֿירן דעם רוצחישן רעזשים לגבי דער יידישער באַפֿעלקערונג. יום־כּיפּור 1942 האָבן די דייטשן אַרויסגעפֿירט אַלע יידן צוויי קילאָמעטער הינטערן שטעטל און באַפֿוילן זיי צו גראָבן גריבער. די יידן פֿון טאָמאַשעווקע, וולאַדאַווקע און פֿון די אַרומיקע דערפֿער זענען אין יענעם טאָג געוואָרן אויסגעשאָסן און באַגראָבן אין די גריבער, וועלכע זיי האָבן אַליין אויסגעגראָבן. דער רב, ר׳ הערשל גפֿן איז מיטגעגאַנגען מיט דער עדה, אָנגעטאָן אין טלית און איז אומגעקומען צוזאַמען מיט אַלע יידן. אַ גאָר קליינע צאָל יידישע יוגנטלעכע איז געלונגען צו אַנטלויפֿן אין די וועלדער, בלויז איינצלנע פֿון זיי זענען געבליבן לעבן.

קורץ פֿאַר דער היטלעריסטישער מפּלה, ביים אָפּטרעטן פֿון טאָמאַשעווקע, האָבן די געסטאַפּאָ־לייט געבערענגט צו פֿירן גראָב־מאַשינען און אַלע אומגעקומענע קדושים אַרויסגענומען פֿון די גריבער און זייערע קערפּערס פֿאַרברענט. די גריבער זענען צוריק פֿאַרשאָטן געוואָרן און די ערד איז געוואָרן פֿאַראַקערט און פֿאַרזייט, מען זאָל נישט דערקענען און נישט איבערלאָזן קיין שפּורן פֿון די דייטשע מערדערייען אין יענעם יום־כּיפּור 1942.

אַזוי איז אונטערגעגאַנגען דאָס יונגע און שיינע יידישע שטעטל. אַזוי זענען אומגעקומען די קדושים, וואָס האָבן דאָרט געפֿירט אַן ערלעך יידיש לעבן.

**בן מתתיהו**

## יצחק קצנלסון

**
*

ולודוה העיר, והאור מרדזין!
בא ריח הדבש, הדבורה אי תלין?
התשרה השכינה, כל פינה שהיא שם,
ואלהים לא היה במקום, לא שכן?

היפל אור ממעל, גלוי במרחב,
ולא תראה עמו שמש־זהב?
גדולה השמחה וגדולות האימות —
דומה, אין רואים, ורואים בכל זאת.

שנתים כמעט על ולודוה יגן,
וכמו כל ימיו הרבי כאן שוכן...
חיים בזכותו, שמו בחשאי יפאר,
יודעים זאת ואיש אין יודע דבר.

**
*

וולאָדאַווע די שטאָט — און דאָס ליכט פֿון ראַדזין!
פֿאַרשמעקט האָט דער האָניק און וואו איז די בין?
קען רוען די שכינה אין ערגעצוואו זיין
און גאָט — ער זאָל דאָרט ניט האָבן געווען?

צי פֿאַלט פֿונעם הימל אַ ליכט אַראָפּ פֿריי
און גאָלדיק די זון זאָל ניט זיין דאָן דערביי?
עס שוועבט גרויס אַ פֿרייד און מיט שרעק גרויס געפּאָרט,
ס׳איז דאַכט ניט קאָנטיק און קאָנטיק איז פֿאָרט.

דער רבי וואָס שטעלט זיך פֿאַר וולאָדאַווע איין,
ווי ער וואָלט שוין כל ימיו אין וולאָדאַווע זיין...
אַלץ לויבט שטיל זיין נאָמען, אַלץ לעבט אין זיין זכות,
מען ווייס און ס׳איז ניט פֿאַר קיינעם באַוואוסט.

מרדכי וולאָדאַווער
**גבעתיים**



# אין
# גאַנג פון דורות



לאָדאַווע איז געווען אָפּגעטיילט פון וולאָדאַווקע דורכן טייך בוג מיט זיינע טיפע וואַסערן. דער פּאַראָם, וואָס האָט געהערט צו אברהם־לייב פון דער מאַסט, האָט איבערגעפירט וועגענער און מענטשן פונעם קליינעם ישוב וולאָדאַווקע צו דער פּאָוויאַטאָווער שטאָט וולאָדאַווע.

אינעם פאַריקן יאָרהונדערט איז שוין וולאָדאַווקע געווען אַן אייגנאַרטיקער, כאָטש קליינער ישוב, וואָס איז באַשטאַנען פון הילצערנע הייזער, עטלעכע קלייטלעך, הינטערן שטעטל זענען געווען עטלעכע צעגעלניעס. אויפן זאַמדיקן באָדן האָבן די איינוווינער פאַרזעצט קאַרטאָפּל, געהאָדעוועט בהמות, עופות און ווי נישט איז געצויגן זייער חיונה.

דער ישוב האָט געהאַט אַ הילצערנעם בית המדרש און אַן אייגענעם רב, וואָס האָט געפּסקנט שאלות, דין־תורהס און פון צייט צו צייט געהאַלטן אַ דרשה. אַזוי איז זיך רואיק געגאַנגען דאָס לעבן אינעם קליינעם ישוב, אָבער ווען דער פרילינג האָט מיט זיך געבערענגט די פאַרפלייצונגען, דער פאַרפרוירענער בוג פון אַ גאַנצן ווינטער האָט זיך צעלאָזט און אָנגעטון גרויסע שאָדנס. דאָס האָט גורם געווען דערצו, אַז די איינוווינער און באַזונדערס די יוגנט האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן נמאס ווערן דאָס שווערע און לאַנגווייליקע לעבן אין אַזאַ קליינעם ישוב און האָבן זיך גענומען איבערציען קיין וולאָדאַווע.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אין וולאָדאַווקע אויסגעבראָכן אַ שריפה און די הילצערנע הייזער זענען אַוועק מיטן רויך. בלויז ביים ברעג בוג איז געבליבן ווי אַ זכר די געמויערטע חורבה פונעם קוזמיר רבינס הויז.

דריי וועגן האָבן פאַרבונדן וולאָדאַווע מיט דער גרויסער וועלט. דאָס זענען געווען די קאָמוניקאַציע־וועגן,



ברוקירטע שאָסייען, וואָס האָבן זיך געצויגן ביז לובלין און בריסק. דערצו איז צוגעקומען די באַן־ליניע בריסק־כעלם, וואָס האָט זיך געפונען פיר קילאָמעטער פון דער שטאָט.

די גרויסע און געדיכטע וועלדער, וואָס האָבן אַרומגענומען די שטאָט, זענען געווען אַ שפעדיקער קוואַל פון גוטן געהילץ, וואָס איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן אין טראַטוועס און פּאַסן דורכן בוג קיין דאַנציג.

טאָג און נאַכט האָבן געאַרבעט די דריי טאַרטאַקן, געזעגט די קלעצער און די ברעטער, וואָס זענען איבערטראַנספּאָרטירט געוואָרן מיט דער באַן אין דער גרויסער וועלט.

אין יאָר 1908 האָט אליעזר באַרנהאַלץ אָנגעהויבן בויען די פּאַראָווע מיל אויף ענדע ווירקער גאַס. אין יאָר 1910 האָט די מיל אָנגעהויבן אַרבעטן און נאָך דריי יאָר, אין יאָר 1913, האָט די מיל פאַרלייגט די עלעקטרישע נעץ איבערן שטעטל. די ערשטע עלעקטרישע לעמפלעך האָבן זיך אָנגעצונדן אין דער שיל, אין בית המדרש און אין אהרון בערלס ראַזורע.

לייזער באַרנהאַלצס גרויסע פּאַראָווע מיל און שלום לעמבערגערס וואַסער־מיל ביים סטאַוו, האָבן כסדר געמאָלן ווייץ און קאָרן, און דאָס מעל איז פונאַנדערגעפירט געוואָרן אויף פורן און שליטנס איבער די אַרומיקע ישובים ביז קיין קאָברין.

הינטער דער שטאָט האָבן זיך געפונען מיליטערישע קאַזאַרמעס, וואָס זענען שטענדיק פול געווען מיט סאָלדאַטן און האָבן צוגעגעבן לעבן דעם שטעטל און די קלייטן און שענקען האָבן אויסגערעכנט זייער פדיון אויך אויף די סאָלדאַטן. געווען אויך יידישע סאָלדאַטן, וואָס פלעגן קומען אויף שבת אין שטעטל. די פּאַדריאַטשיקעס: זישע דעם רבס און דוד וועלוול לייבמאַן, וועלכע האָבן צוגעשטעלט פוראַזש

און פּראָוויאַנט, האָבן פון צייט צו צייט אויסגעפּועלט ביי די אָפיצירן אַ טובהלע פאַר ידישע סאָלדאַטן, וואָס האָבן געדינט אין די וולאַדאָווער קאַזאַרמעס.

די צווי גאַרבאַרניעס פון מאָטל סאקאל און דוד זאווועלס האָבן אויסגעאַרבעט פעלן און לעדער, וועלכע האָבן געהאַט אַ גוטן שם אין דער גאַנצער אַרומיקער געגנט. די זייף־פאַבריק פון די שעדרעוויצקעס, די אָלעיאַרניעס, די קאַשע־מילעכלעך, די גרויסע שניידער־און שוסטער־וואַרשטאַטן — האָבן געגעבן באַשעפטיקונג ידישע בעל־מלאכות און האָבן צוגעשטעלט די פּראָדוקטן פאַר דער שטאָטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג.

אַ שם פון גוטע בעל־מלאכות האָבן געהאַט די וולאַדאָווער שינדלמאַכער, פשוטע האָרעפּאַשנע ידן, וואָס האָבן געטון זייער אַרבעט געטריי און מיט פאַרשטאַנד.

די ידישע באַפעלקערונג האָט געציילט ביי אַ צען טויזנט נפשות. די קריסטלעכע באַפעלקערונג, די א. ג. „מיעשטשאַניעס", האָבן געוווינט אויף דער גויאישקער גאַס, וואָס האָט זיך געגרענעצט מיט זייערע פעלדער און אויף נאַ דאָלו ביים בוג. אין אַלגעמיין האָבן געהערשט גוטע שכנותדיקע באַציאונגען צווישן דער ידישער און קריסטלעכער באַפעלקערונג.

ביז צו דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט וולאַדאָווע געהערט צו כעלמער גובערניע. ווען די פּאָליאַקן האָבן איבערגענומען די מאַכט איז וולאַדאָווע איבערגעגאַנגען צו דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט.

אויפן מאַרק־פּלאַץ אין צענטער פון שטאָט, איז געשטאַנען דער בראַם, אַן אַלטע דיק־געמויערטע געביידע מיט קלייטן און יעדן דאָנערשטיק איז דאָרט פאָרגעקומען אַ יאַריד, אויף וועלכן עס זענען זיך צונויפגעפאָרן הונדערטער פּויערים. עס איז דעמאָלט געשטאַנען אַ טומל פון קולות, וואָס האָבן איינע די אַנדערע געוואָלט איבערשרייען אויף אַלע וועגן, וואָס האָבן פון די אַרומיקע דערפער און דערפלעך געפירט אין שטעטל אַריין, זענען געפאָרן וועגענער געפאַקט מיט פּויערים און פּויערטעס. אויך די צאָל פון די פּוסגייער איז געווען גרויס. די ידישע סוחרים און קרעמער האָבן צונויפגעשטעלט זייערע סטראַגאַנעס פון גאַלאַנטעריע, קאָנפעקציע און שניט־סחורות, די בעלי־מלאכות האָבן פאַרקויפט פאַרשידענע מלבושים, פעלצן, שיך און שטיוול, כאָמאָטעס צו פערד, און פאַרשידענע אַנדערע אַרטיקלען, אין וועלכע עס האָט זיך געניטיקט די דאָרפישע באַפעלקערונג.

די הויפּטגאַסן, די אַריסטאָקראַטישע מיל־גאַס, נעבן פּאַוויאַט און קאָשטשאָל, נעבן דער רוסישער צערקוויע; די



ראַזשאַנקער־גאַס און די אַנדערע גאַסן אַרום דעם מאַרק, זענען געווען אָנגעפּיקעוועט מיט קלייטן און קלייטלעך, מיט שענקען און ראַזורעס.

די גרויסע געמויערטע שיל, וועלכע איז געווען איינע פון די דריי שילן וואָס אַ באַוווסטער גראַף אין 18־טן יאָרהונדערט האָט אויפגעבויט, איז געווען אַ הויכע און דיקגעמויערטע געביידע מיט אַ זעלטן שיינעם אַרכיטעקטאָנישן סטיל, מיט קינסטלעריש אויסגעפירטע אָרנאַמענטיק און די פענצטער אין דער הויך מיט קאָלירטע שויבן. ביי דער שיל איז געווען אַ גרויסער פּאָליש פון וואַנען טרעפּ האָבן געפירט צום שניידערישן און שוסטער־שילעכל. דער היילצערנער אָרון קודש איז געמאַכט געוואָרן דורך אַ באַוווסטן קינסטלער.

ביים אַריינגאַנג צו דער שיל האָט זיך געפונען אַן אַלטער בית הקברות מיט איינגעזונקענע מצבות. דאָרט זענען געלעגן די קרבנות פון כמיעלניצקיס שחיטות.

נישט ווייט פון דער שיל האָט זיך געפונען דער געמויערטער בית המדרש. אין אַן אָפּגעזונדערט געסל האָט זיך געפונען דער הקדש.

אין יענער געגנט איז געווען דער מאַגיסטראַט און אויפן הויף האָט זיך געפונען די קאַזע, אַן אַרעסט־הויז, ווו באַשטראָפטע אויף עטלעכע טעג פאַר עובר זיין אויף די אַדמיניסטראַטיווע פאַרשריפטן, ווי למשל פאַר נישט האַלטן ריין די גאַסן אַרום זייער הויז א. ד. ג., זענען אָפּגעזעסן זייערע שטראָפן.

תורה און עשירות גייען זעלטן צוזאַמען און צו די זעלטענע האָט געהערט אונדזער רב ר' לייבעלע.

נאָך ר' לייבעלען איז געווען רב דער מינסקער רבי, וואָס איז אויך געווען אַ זעלטענער בעל מנגן. שפּעטער איז געוואָרן רב דער לוקאָווער רבי, ר' משה ברוך מאָרגענשטערן.

גרויסע תלמידי חכמים און יראי שמים זענען אויך געווען די דיינים, דער סלאָוואַטיטשער רב, ר' יונה, ר' יעקב יהושע און רב פייוול דאַנציגער און דער קאָזשאַנער ראַבינער סעגאַל.

גרויסע למדנים זענען אויך געווען די שוחטים: ר' אברהם לאמאזער, ר' משה וולאַדאָווקער. די שמשים: בנימין, אברהם און הערש לאבער האָבן חוץ זייער שטענדיקער אַרבעט אין שיל און אין בית המדרש, געוועקט אויך צו סליחות, צעטראָגן בילעטן אויף חתונות און יעדן ערב שבת זענען זיי אַרומגעגאַנגען איבערן מאַרק, אַרום די קלייטן און אויפן קול געגרופן אין שיל אַריין.

שמואלקע גדליהס האָט מיט אַ שיינע כתב־יד געשריבן

פראָשעניעס צו נאַטשאַלסטוואָ, הערצקע פישמאַן, דער שרייַ־בער פון פראָשעניעס האָט אויך פאַרטיידיקט אין געריכט.

די דרדקי־מלמדים האָבן תמיד געהאַט פולע חדרים מיט קינדער.

שמשון מלמד, אַ קאָצקער חסיד, האָט שוין געלערנט גמרא מיט בר־מצווה יינגלעך.

אין די קאָצקער, גערער, ביאַלער און ראַדזינער חסי־דים־שטיבלעך האָבן בחורים און יונגעלייט, וואָס האָבן גע־געסן קעסט, געלערנט גמרא און פוסקים, געהיצט זיך ביי פילפולים און געפילט דערביי דעם גרעסטן תענוג.

דער שטאָט־בורר נתן־דוד וואגשאל, האָט געמאָסטן ירושה־פלעצער אויפן וויערשאק. דער נגיד דוד ביגמאַן, וועלכער האָט געהאַלטן אין אַרענדע די אָזערע פון פאַלע־מעץ, פלעגט זיך באַרימען מיט זיין הצלחה.

מאַטיס האַלצמאַן, אַ לוקאָווער חסיד, אַ גרויסער וואַלד־סוחר און אַן אייגנטימער פון אַ באַנק־הויז, איז יאָרן לאַנג געווען דער פרעזעס פון „מעות חיטים" קאָמיטעט.

די דאָזערעס נחמן מאַרקיטע און יעקב־הערש גרינהויז זענען געווען אַקטיוו אין אַלע שטאָטישע ענינים און מען האָט זיך גערעכנט מיט זייער דעה.

די אָנגעזעענע באַלעבאַטים שמערל באַרנהאָלץ, הילל באַרנשטיין, אברהם כהן, מענדל קאַרעווער, וועלוול ראַבי־נאָוויטש, משה ליאַס, אליעזר־יוסף האַלצמאַן און שאול וואַלט־ליכטנבערג — האָבן געשפילט אַ גרויסע ראָל אין דער האָלץ־בראַנזשע און אַרום זיי האָט זיך תמיד געדרייט אַ שטאַב פון מעקלער און קלענערע האָלץ־סוחרים.

נח רופא און בערל רופא, וועלכן מען האָט אויך גע־רופן צו קראַנקע, פלעגט תמיד קומען און העלפן די ליידנדע קראַנקע.

אַ שם איבער דער גאַנצער געגנט האָבן געהאַט די וואָ־דאַווער קלעזמער, וועלכע מען פלעגט איינלאַדן אויף חתו־נות אויך אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. מיט זיי פלעגט מיטפאָרן אביגדור ביאַלער, וואָס האָט געוויילט דעם עולם מיט בדחנות.

שאול קאָלעקטאָר, אַ פרומער ייד, אַ חסיד, האָט מזכה געווען די שטאָט מיט לאָטעריע־צעטלען און האָט מתפלל געווען, אַז זיינע קונים זאָלן געווינען דאָס גרויסע געווינס.

געווען אויך אין שטעטל אַ טיפ „„דער שטימער", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיטן פונאַנדערטיילן די צייטונגען „היינט" און „מאָמענט", וואָס זענען אָנגעקומען פון וואַרשע מיט דער באַן און ער האָט זיי מיט גרויס אייפער געכאַפט



און באַלד געלאָפן מיט זיי איבער דער שטאָט צו זיינע קונים.

אין יאָר 1905 איז אין וולאָדאַווע געווען אַ גרויסע רע־וואָלוציאָנערע באַוועגונג. די הויפט־אָנפירער זענען געווען ר' לייבעלעס אייניקלעך, די אַקטיווסטע צווישן זיי — קיווע און מאָטל, ר' לייבעלעס אַן אייניקל דעם זאַמאָשטשער רבס אַ טאָכטער, האָט געלערנט מיט דער יוגנט די תורה פון סאָ־ציאַליזם און אויסלייזן די מענטשהייט. מענדל מינץ האָט אויך געהערט צו די אַקטיווע אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

שפעטער האָט אין וולאָדאַווע זיך געגרינדעט אַ ציו־ניסטישע באַוועגונג. דער ציוניסטישער קלוב, וואָס האָט זיך געפונען אויפן גאָרן פון דאָבעלע בעקערס הויז, איז געווען פול מיט יוגנטלעכע. אַ סך פון זיי האָבן דעמאָלט פאַרלאָזט זייערע רייכע היימען און עולה געווען קיין ארץ־ישראל, ווו זיי האָבן געטון די שווערסטע אַרבעטן, גע־טרוקנט זומפן און געבויט שאָסייען. היינט זענען זיי די ותיקים אין דער וולאָדאַווער לאַנדסמאַנשאַפט.

בעת די אַראַבישע אומרוען אין יאָר 1929 זענען אין ירושלים געפאַלן די ערשטע קרבנות די ברידער יוסף און יהודה ראָטענבערג, וועלכע האָבן געשטאַמט פון אַן אָנגע־זעענער וולאָדאַווער משפחה.

שפעטער האָט זיך געגרינדעט דער ספאָרט־קלוב „מכבי" מיט אַן אייגענעם אָרקעסטער. די פוטבאָל־פאַר־מעסטן פלעגן פאָרקומען אין פאָזשאַרנעם סאַד.

אין די צוואַנציקער יאָרן האָבן אַ טייל יוגנטלעכע זיך אַ קערעווע געטון אויף לינקס. בראש פון די לינקע איז גע־שטאַנען משה קאַסטער. עטלעכע יוגנטלעכע האָבן שפע־טער פאַר זייער רעוואָלוציאָנערישקייט באַצאָלט מיט יאָרן תפיסה.

צו דער לאַנדשאַפט אין שטעטל האָט אויך געהערט דער וואַסערטרעגער ישראל פראַסטיק, וואָס האָט אויף קאָראָמיסלעס געטראָגן די עמערס וואַסער פונעם מאַרק־פלומפ; האַפקע האָט מיט זיין איינגעדאַרטער קלאַטשע אַרומגעפירט געלן זאַמד פון די שישנער בערג און פאַר־קויפט אַ קאַשיק פאַר אַ זעקסער. אין די הילצערנע אָרעמע הייזער האָבן די ווייבער באַפוצט מיטן זאַמד די ליימענע פאָלן פון דער קיך.

## שבת

עס איז אָנגעקומען דער שבת. דער מאַרק איז געוואָרן אויסגעליידיקט, אַלע קלייטן פאַרמאַכט.




דער מאַרק. רעכטס — דוד ביגמאַנס הויז, וווּ עס האָט געוווינט דער ליקעווער רב, ר׳ משה־ברוך מאָרגנשטערן, הי״ד.




ברוך לאַמקעס צייטונגס־קיאָסק, דער איינציקער אין שטאָט, אין פראָנט פונעם מאַרק.




פראַגמענט פונעם מאַרק פון דער אַנדערער זייט בראָם.

די הייליקייט פונעם שבתדיקן טאָג האָט אַרויפגעלייגט זיין חותם אויפן יידישן קינד ביז זיין וויטן עלטער, האָט אין אַ געוויסן זין געפאָרמעט זיין גייסטיקע געשטאַלט און אַנטוויקלט אין איש די באַגייסטערונג פאַר שיינקייט און דערהויבנקייט, די פעלבארקייט פאַר געזאַנג און פּאָעזיע, פאַר שירה וזמרה.

יעדער לויט זיין פרנסה־שטאַנד האָט לכבוד שבת צוגעגרייט בעסערע מאכלים און שענערע מלבושים, פאַר זיך און פאַר די קינדער. אַ גאַנצע וואָך האָט מען זיך באַגנוגנט מיט אבי־וואָס. געווען אין וואָלאַדאַווע שטובן, אין וועלכע מען האָט נישט געגעסן מער ווי אַ שטיקל שוואַרץ ברויט מיט וואַסער, בלויז ס׳ חיות צו דערהאַלטן, אָבער אויף שבת איז געווען א מצווה צוצוגרייטן פרישע חלות, ווין און פיש. פאַר די, וואָס האָבן דאָס אַלץ נישט געקענט זיך פאַרגינען, זענען תמיד געווען אין וואָלאַדאַווע מענטשן מיט גרויסע הערצער, נשים צדקניות, וואָס האָבן שוין געזאָרגט, אַז די שבתדיקע מאכלים זאָלן אויף פאַרבאָרגענע וועגן דערגיין אין יענע הונגעריקע שטובן און די ברכה פון שבת זאָל רוען אויף זייערע טישן. אין אַ סך שטובן האָבן ווייסע טישטעכער זיך באַוויזן נאָר לכבוד שבת און יום־טוב. דעמאָלט האָט אויף אַלעם זיך צעשפּרייט דער חן פון קדושה. אין די אויפגעפוצטע זילבערנע אָדער מעשענע לייכטער האָט די מאַמע געצונדן ליכט.

יידן אין שוואַרצע אַטלאַסענע קאַפּאָטעס זענען געגאַנגען אין בית־המדרש, געפירט קינדער ביי די הענט און באַלד האָט זיך געהערט דאָס געזאַנג פון „לכו נרננה“, וואָס איז געגאַנגען פון בית המדרש, פון די חסידים־שטיבלעך, פון אַלע מנינים, וואָס האָבן זיך געטובלט אין ליכט פון צעבליצטע לאָמפּן.

געזאַנג פון זמירות האָט זיך געהערט פון אַלע שטובן, פרייטיק־צו־נאַכטס און שבת באַטאָג. עס איז דאָס געזאַנג פון דורות, וואָס האָט אין וואָלאַדאַווע געהאַט זיין באַזונדערן חן און וווּנדער.

די אינטעליגענטע יוגנטלעכע האָבן פאַרברענגט אין הויז פונעם סעקרעטאַר גרובער,ביים מאַגיסטראַט, ווו מען האָט ביי אַ גלעזל טיי דיסקוטירט אויף פּאָליטישע טעמעס, געזוכט אַ לעזונג צו וועלט־פּראָבלעמען.

עס איז אָנגעקומען דער בין השמשות און פון די חסידים־שטיבלעך האָבן זיך צעטראָגן זיס־פאַרבענקטע ניגונים פון די שלוש־סעודותדיקע זמירות.

***

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט נאָר אַ טייל פון די וולאָדאַווער יידן זיך געראַטעוועט. ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די אַקציעס פון פאַרשיקן און אומברענגען די וולאָדאַווער יידן אין סאָביבאָר, זענען גרופּעס יוגנטלעכע אַנטלאָפן אין די וועלדער און העלדיש געקעמפט אין די רייען פון די פּאַרטיזאַנער. ווייניק זענען פון זיי פאַרבליבן און זיי געפינען זיך היינט אין ישראל.

היינט איז וולאָדאַווע יידן־ריין. די נאַציס האָבן אָפּגעווישט יעדן שפּור פון יידיש לעבן, האָבן אַפילו צעשטערט דעם בית הקברות און מיט די שטיינער אויסגעפלאַסטערט די גאַסן.

געבליבן איז בלויז ווי אַ זכר דער בנין פון דער אַלטער שיל, וועלכער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ תבואה־שפּייכלער, אַ שטומער עדות פון אַ פאַרגאַנגענער תקופה פון שיין יידיש לעבן. זאָלן די דאָזיקע שורות דינען ווי אַ קדיש נאָך אונדזער אומגעבראַכטער יידישער קהילה.

## דאָס שטורמישע יאָר 1905

דאָס יאָר 1905, די פּאָגראָמען, דער אויפשוווּנג פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָבן אויך געהאַט זייער אָפּקלאַנג אין וולאָדאַווע. הגם עס האָבן געהערשט פריינטלעכע באַציאונגען מיט די פּאָליאַקן, די מיעשטשאַניעס, וועלכע האָבן געוווינט אין עק שטאָט אויף דער גויישקער גאַס, ווי אויך מיט די רוסן, וועלכע האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט צוואָנציק פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג — האָט מען זיך דאָך געשראָקן פאַר אַן אויפברויז, בעיקר מצד דער דאָרפישער באַפעלקערונג אַרום וולאָדאַווע. די גלחים אין די קאָשטשאָלן האָבן כסדר געהעצט און געפּרעדיקט, אַז אין אַלע צרות פון הייליקן רוסלאַנד זענען שולדיק די יידן.

אין דער זעלבער צייט האָבן ביי אונדז אויך אָנגעהויבן שפּראָצן רעוואָלוציאָנערע שטימונגען. פון בריסק, ווו עס האָט זיך געפונען דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט פון גאַנצן ראיאָן, זענען קיין וולאָדאַווע געקומען און אָרגאַניזירט אַ גרופּע יונגלעכע, אין דער ערשטער ריי פון דער אינטעליגענץ, וועלכע האָבן גענומען פירן אין וולאָדאַווע אַ רעוואָלוציאָנערע טעטיקייט. צווישן די אָנפירער זענען געווען אויך די אייניןקלעך פונעם אַלטן רב ר' לייבעלע: קיווע, שמאי און שמואל ראָזנבוים, משה וועבער, חנא האפסלער, אַ זון פון חיים־יידל מלמד, אַלטער סאַפּירשטיין, יענטע רובינשטיין, נחום יאבלאנעק, מענדל מינץ, דער זון פון געלע איז געווען דער הויפּט־אָנפירער פון דער וולאָדאַווקער גרופּע. דער דאָזיקער אַקטיוו האָט געדונגען אַ לאָקאַל, אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן. מאָטל, ר' לייבעלעס איינִיקל, אַ מיידל, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ נישט דורכשניטלעכער אינטעליגענץ, האָט געלערנט מיט דער יוגנט די טעאָריע פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. אין דער טעטיקייט זענען אויך אַריינגעצויגן געוואָרן די שניידער־ און שוסטער־געזעלן, עטלעכע סטאָליאַרעס, שלאָסער און היטלמאַכער, ווי אויך די אַרבעטער פון דער וואַסערמיל און פון טאַרטאַק.

עס זענען אַריינגעצויגן אין דער רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אויך עטלעכע פּאָליאַקן. דאָס זענען געווען פּוילישע פּאַטריאָטן, וועלכע האָבן פריער פון אַלץ געזען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג דעם וועג צו באַפרייען פּוילן פון רוסישן יאָך.

נאָך אַ קורצער צייט האָט מען אין שטעטל אָנגעהויבן פילן די טעטיקייט פון דעם דאָזיקן רעוואָלוציאָנערן אַקטיוו. עס איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ שטרייק. די אַרבעטער האָבן געפאָדערט אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און בעסערע לוינען. דער שטרייק־קאָמיטעט האָט באַשטייערט די רייכע באַלעבאַטים מיט אַ געלט־אָפּצאָל לטובת די שטרייקנדיקע אַרבעטער. די „שטרייקער" האָבן אין שטעטל באַקומען אַ שם פון אַן אָרגאַניזירטן כוח, מיט וועלכן מען האָט זיך געמוזט רעכענען.

אויך נאָכדעם ווי דער שטרייק האָט זיך געענדיקט האָט מען די רעוואָלוציאָנערן נאָך אַלץ גערופן די „שטרייקער". שבת פלעגן זיי אַראָפּקומען קיין וולאָדאַווקע און גערופן פאַרזאַמלונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען הינטער די ציגיעלניעס. אויף די פאַרזאַמלונגען זענען געהאַלטן געוואָרן רעדעס, וואָס האָבן גערופן די יוגנט אָנצושליסן זיך אין דער רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג. מען האָט געזונגען פרייהייט־לידער, געשריגן: „דאָלאָי ניקאָליי!... דאָלאָי סאַמאָדזשערזשאַוויעץ!".

אין דער זעלבער צייט איז אָרגאַניזירט געוואָרן אַ זעלבשוץ. איינמאָל אין אַ שבת, ביי קריאת תורה, האָט איינער פון דער זעלבשוץ געהאַלטן אַ רעדע אין וולאָדאַווקער בית המדרש, געזאָגט: „...חוץ תהילים זאָגן, דאַרף אויך יעדער ייד אָנגרייטן אַ שאַרפע האַק און זיין צוגעגרייט צו אַן עת

צרה, ווען מען וועט זיך דאַרפן קעגנשטעלן די פּאָגראָמטשיקעס...״.

מען האָט זיך איינגעשאַפּט געווער. דעם רבנס אייניקלען האָבן נישט געפונען קיין זיכערער אָרט ווו צו באַהאַלטן עטלעכע רעוואָלווערן ווי ביים זיידן אויפן בוידעם און דווקא אינעם געפלאָכטענעם מצה־קויש...

די מיטגלידער פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג האָבן זיך נישט באַגנוגנט בלויז מיט האַלטן רעדעס און זינגען רעוואָלוציאָנערע לידער. אויף דער נאַכט פלעגן זיי אַריבערוואַרפן אַ רויטע פאָן איבער די טעלעגראַפישע דראָטן. דאָס איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ ספּעציעלער טעכניק, מיט אַ שטיין, וואָס מען האָט צוגעבונדן צו דעם רויטן לייוונט און קונציק אַריבערגעוואָרפן עס איבער די דראָטן, אַזוי אַז עס איז נישט לייכט געווען עס אָפּצוטשעפּען. די פּאָליציאַנטן האָבן כמעט יעדן טאָג געדאַרפט זיך מאַטערן ביים אַראָפּנעמען די פאָן פון די דראָטן און דערנאָך גענומען אַרומזוכן די „קראַמאָלטשיקעס״.

אין יענער צייט האָט אין וולאָדאַווע געבושעוועט אַ באַנדע גנבים. זיי פלעגן באַגנבענען קלייטן, שטובן, אָנגעוואָרפן אַ פּחד אויף דער באַפעלקערונג, אָבער די פּאָליציי איז געווען מער פאַראינטערעסירט צו כאַפּן די רעוואָלוציאָנערן מיט די רויטע פענער.

איינמאָל האָבן די גנבים אַרויסגעגנבעט דעם גאַנצן אויסשטייער פון אַן אָרעמער יתומה. די גרויסע עוולה האָט אויפגערודערט די שטאָט. אין בית המדרש האָט עס גענומען קאָכן ווי אין אַ קעסל. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיך צונויפרעדן מיט די גנבים און אויסלייזן ביי זיי דעם אויסשטייער פון דער יתומה. ביי גאָר אַן אַנדערער מיינונג זענען געווען די רעוואָלוציאָנערן. אין אַן אויף דער נאַכט, ווען די גנבישע כנופיה האָט געהוליעט מיט זייערע „כלות״, אין דער מלינה, וואָס האָט זיך געפונען ביים סוף פון שטעטל, זענען די רעוואָלוציאָנערן איבערגעפאַלן דאָס הויז, צעשלאָגן די גנבים מכות רצח, צעבראָכן דאָס מעבל און כמעט חרוב געמאַכט דאָס גאַנצע הויז.



דעם אויסשטייער האָט מען ביי די גנבים נישט אָפּגענומען, דערפאַר אָבער האָבן די רעוואָלוציאָנערן אָרגאַניזירט אַ זאַמלונג פון געלט אויף אַ נייעם אויסשטייער. די חתונה פון דער יתומה איז געפּראַוועט געוואָרן אויף אַ גרויסאַרטיקן אופן. דאָס ליקווידירן די גנבים־באַנדע און די גרויסאַרטיקע חתונה האָבן אין שטאָט געמאַכט אַ גרויסן רושם און עס איז נאָכמער געהויבן געוואָרן דער אָנזען פון די „שטרייקער״.

אין אַ צייט אַרום האָבן די רעוואָלוציאָנערן ליקווידירט אַ פּראָוואָקאַטאָר, וואָס איז אַראָפּגעקומען פון כעלם. די וולאָדאַווער רעוואָלוציאָנערן האָבן אים דערשאָסן ביי דער בריק איבערן בוג. אין שטאָט איז געוואָרן אַ בהלה. עס איז געקומען אַ פאַרשטאַרקטע גרופּע זשאַנדאַרמעריע און אַרעסטירט עטלעכע „שטרייקער״, אַנדערע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, אַוועק אין פרעמדע שטעט. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געמוזט אַנטלויפן פון רוסלאַנד און זענען אַוועק קיין אַמעריקע.

קיווע ראָזענבוים האָט ביז דער צווייטער וועלט מלחמה געוווינט אין וואַרשע און איז געווען אַקטיוו אין „בונד״. מאָטל האָט אַ צייט געוווינט אין ריגע. לעצטנס — אין שווייץ. שמאי ראָזענבוים, וואָס איז אַוועק קיין אַמעריקע, האָט דאָרט יאָרן לאַנג פאַרנומען דעם אַמט פון סעקרעטאַר אין פאַראיין פון וולאָדאַווער לאַנדסלייט.

עטלעכע רעוואָלוציאָנערן האָט מען אין יענער צייט פאַרשיקט קיין סיביר. מענדל מינץ, איינער פון די פאַרשיקטע, איז אין יאָר 1917, ביים אויסברוך פון דער רוסישער רעוואָלוציע באַפרייט געוואָרן און פאַרנומען אַ הויכן אַמט אין סאָוויעט־רוסלאַנד.

אַזוי האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אין וולאַדאָווע יענע שטורמישע עפּאָכע פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

**מרדכי וולאָדאווער**

יעקב ראָוונער

ריאָ דע זשאַנעיראָ, בראַזיל

# צווישן תקופות

פאַרוואָרפן איבער ימען, אין דעם ווייטן ריאָ־דע־זשאַ־נעיראָ, זיץ איך אָפט מיט צוגעמאַכטע אויגן און דערזע מיין טייער היימשטעטל וואָלאָדאַווע, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן. עס גייען־אויף פאַר מיר גאַסן און געסלעך מיט היימישע געשטאַלטן. אין האַרצן נעמען שלאָגן לאַנג־פאַרגעסענע טענער. איך דערמאָן זיך ניגונים און מעשיות, געשיכטעס און געשעענישן. וויל איך דאָ פאַרצייכענען וואָס איך געדענק, וואָס איך האָב גע־הערט און וואָס איך ווייס וועגן אונדזער ייִדיש וואָלאָדאַווע, וואָס איז שוין מער נישטאָ.

*

וואָלאָדאַווע איז געווען איינער פון די עלטסטע ייִדישע ישובים אין פּוילן. דאָ זאָלן ייִדן זיך האָבן באַזעצט אין סוף עלפטן און אָנהויב צוועלפטן יאָרהונדערט, אַנטרונענע פון דייטשלאַנד, בעת די קרייץ־צוגן.

אַנטרונענע פון די קרייץ־צוגן, כדי אין הונדערטער יאָרן אַרום אומקומען אין די האַקנקרייץ־צוגן.

אַלס ייִנגל האָב איך געהערט ווי זקנים דערציילן, אַז דער אַלטער בית־מדרש, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז שוין אַריבער זעקס הונדערט יאָר אַלט. ער וואָלט היינט אַלט געווען 650 יאָר.

אין דעם דאָזיקן בית־מדרש האָב איך געלערנט. קיין עלעקטריש ליכט איז נאָך דאַן נישט געווען און אַ נאַפט־לאָמפּ איז געווען אַ לוקסוס. חלבנע ליכטלעך האָבן מיר געהאַלטן אין די הענט, זיצנדיק איבער די אַלטע גמרות מיט פאַרגעלטע בלעטער און שוין בלייכע און מטושטשע אותיות. אָבער געלערנט האָט מען אַזוי געשמאַק, אַז מען האָט נישט באַמערקט ווי דאָס ליכטל גייט־אויס און מען האָט זיך בלויז געכאַפּט דאַן, ווען מען האָט דערפילט אַ ברען אין די פינגער... דאָנערשטיק פלעגט מען לערנען אַ גאַנצע נאַכט. דאָס האָט געהייסן „די משמר־נאַכט". אַ סך ליכטלעך פלעגן מיר אויסברענען אין אַזאַ נאַכט.

נעבן בית־מדרש איז געשטאַנען די שיינע שול, וואָס אויף די קאָלירטע שויבן פון דער מזרח־וואַנט האָבן זיך געפונען די אותיות תקל"ז. שווער צו וויסן, צי דאָס איז די דאַטע, ווען די שול איז אויפגעבויט געוואָרן, אָדער ווען זי איז איבערגעבויט געוואָרן, אָדער ווען די קאָלירטע פענצ־טער־וויטראַזשן זענען געמאַכט געוואָרן. אַלנפאַלס, וואָלט עס היינט געווען 182 יאָר. מיר האָבן שטאָלצירט מיט אונ־דזער שיינער שול און מיט דעם זעלטן שיינעם אָרון־קודש, וואָס האָט געהאַט אַזעלכע וווּנדערשיינע שניצערייען. ווע־מענס קונסט־אַרבעט איז דאָס געווען?

אַ מדינה־גייער האָט אַמאָל, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה, דורכגעוואַנדערט וואָלאָדאַווע. אַן אָפּגעריסענער, אָפּ־געשליסענער אָרעמאַן, וואָס גייט איבער די הייזער און קלייבט נדבות. גענעכטיקט האָט ער, ווי אַלע וואַנדערנדיקע בעטלער, אין הקדש. אָבער אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער דאָזיקער עלנטער עני־ואביון האָט פאַרמאָגט אַ רייכע וועלט אין זיך. אפשר איז ער געווען אַ פאַרוואָגלטער קינסטלער, וועלכער האָט זיין תיקון נישט געקענט געפינען, אָדער אפשר גאָר איינער פון די באַהאַלטענע ל"ו צדיקים, ווי דאָס הייליקע שניידערל אין „קידוש השם"? דער דאָזיקער נסתר האָט אָנגעקוקט אונדזער שול און ער האָט אַ זאָג געטון:

„די דאָזיקע שול איז ווערט צו האָבן דעם שענסטן אָרון־קודש".

און ער האָט זיך טאַקע באַלד אַליין אַוועקגעשטעלט שניצן. צוגלייך מיט אַנדערע ייִנגלעך, בין איך געלאָפן אין הקדש אַריין, זען ווי דער אָרעמאַן שניצט און גאַפן איבער די פּלאַי־פּלאַים. עס איז באמת געווען מעשי ידיו להתפאר אַ מאַגער, שוואַך ייִדעלע איז דאָס געווען, אָבער דאָס האָלץ אין זיינע דאַרע הענט איז געווען נאָכגיביק און אונטערטע־ניק, ווי דאָס האָלץ וואָלט געוווּסט, צו וואָס עס וועט דינען און וואָס עס וועט באַשיינען...

ער האָט געשניצט און פון אונטער זיינע דאַרע, פיי־בערנדיקע פינגער האָבן זיך אַנטפּלעקט וווּנדערלעכע זאַכן: דאָס רויע האָלץ איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין רייפע, זאַפ־טיקע פירות. עס האָבן אויפגעלעבט אויסטערלישע פייגל, אָדלערס, טויבן, גאָלדענע פּאַוועס, עס האָבן זיך באַוויזן הירשן אין גרינגן געלאָף און מעכטיקע לייבן, וואָס אָט־אָט וועלן מיר דערהערן זייער געברום...

נעבן דעם וווּנדערלעכן אָרעמאַן איז געשטאַנען אַ פּושקעלע און יעדער צושויער האָט אַהין אַריינגעוואָרפן זיין נדבה.

דער דאַזיקער נסתר האָט אָבער זיין ווונדערלעכע שאַפונג נישט פאַרענדיקט. אַזוי פלוצלינג ווי ער האָט זיך באַוויזן אין אונדזער שטאָט, אַזוי פלוצלונג איז ער פאַרשוווּנדן (אין דער מלחמה־צייט). דאַן האָט שוין אונדזער היימישער משה שניצער גענומען אויף זיך, דעם אָרון־קודש צו פאַרענדיקן. ער האָט די אַרבעט פאַרענדיקט און וולאָדאַווע האָט געהאַט מיט וואָס צו שטאָלצירן.

מיט נאָך אַ יקר־המציאות האָט וולאָדאַווע שטאָלצירט: אין פּאָליש פון דער שול, אין אַן אַלטער שאַפע, איז געווען באַהאַלטן דעם ב״ח׳ס ש״ס מיט זיין אייגענעם כתב־יד. דער ב״ח אַליין האָט געמאַכט די הגהות אויפן דאָזיקן ש״ס זיינעם, וואָס איז געווען געבונדן אין דעמבענע טאָוולען. ווי הייליק און טייער דער דאָזיקער ש״ס איז געווען ביי די וולאָדאַווער יידן, קען דינען דער פאַקט, וואָס אַמעריקאַנער יידישע קהילות האָבן געוואָלט באַצאָלן פאַר אים אַ הון רב און וולאָדאַווע, דאָס אָרעמע שטעטל אין פוילן, האָט נישט געוואָלט אָוועקגעבן פאַר קיין שום געלט און אַפילו נישט פאַר דאָלאַרן.

אונדזערע קלוגע שטאָט־טאַטעס האָבן אַ פּאַסיקערן און זיכערן אָרט געפונען, וווּ דער ש״ס פון ב״ח הקדוש זאָל אויפגעהיטן ווערן לדור־דורות: אין דעם מוזיי פון ירושלימער אוניווערזיטעט, אויפן הר־הצופים, וווּ ער געפינט זיך ביזן היינטיקן טאָג.

דער ש״ס איז געדרוקט געוואָרן אין יאָר רפ״ב.

## זינט ת״ח ות״ט ביזן צאַר ניקאָליי

אין וולאָדאַווע איז שוין מיט הונדערטער יאָרן צוריק געווען אַ גרויסער יידישער ישוב, אַן עיר־ואם בישראל, זעט מען פון דעם ספר „יון מצולה" פון ר' נתן נאַטע הכהן האַנאָווער ז״ל, וווּ ער באַשרייבט די שחיטות פון ת״ח־ות״ט (1648—1649). צוזאַמען מיט די שחיטות אין נעמיראָוו און טאָלטשין, באַשרייבט ער אויספירלעך די שחיטה אין וולאָדאַווע, וווּ איבער צען טויזנט יידן זענען אומגעבראַכט געוואָרן על קידוש־השם.

אַ גרויסער טייל פון די דאָזיקע יידן איז באַשטאַנען פון פּליטים, וואָס זענען אַנטלאָפן פון שכנותדיקע שטעטלעך, געמיינט זיך צו ראַטעווען אין וולאָדאַווע און זענען דאָרט אומגעקומען אין דער גרויזאַמער שחיטה.

פון יענע שחיטות טאַקע, שטאַמט דאָך דער בית־החיים נעבן דער שול, וואָרעם מען האָט דאַן נישט געקענט ברענגען די קדושים צו קבר־ישראל אויפן בית־עולם מחוץ־לעיר. באַזונדערס איז נעבן דער שול געווען אַ בערגל, וווּ כהנים פלעגן נישט טאָרן גיין. מען האָט דערציילט, אַז דאָרט



זענען אומגעבראַכט געוואָרן אַ חתן מיט אַ כלה, ווען מען האָט זיי געפירט צו דער חופה...

אין יאָר 1903 האָט וולאָדאַווע מקבל־פּנים געווען דעם צאַר ניקאָלאַי ווטאָראָי (דעם צווייטן).

כאָטש איך בין קוים זיבן יאָר אַלט געווען, געדענק איך אַלץ גענוי. דער יידישער ישוב האָט זיך פיבערדיק געגרייט און האָט אויפגעבויט אַ ספּעציעלע סוכה אַנטקעגן דעם בראָם, וווּ דער אַלטער רב הגאון ר' לייבעלע זצ״ל, מיט די פּני העיר, האָבן דערוואַרט דעם צאַר מיט אַ ספר־תורה. דער צאַר האָט זיי אָבער מבייש־געווען, נישט אָפּשטעלנדיק זיך דאָרט און נישט אַ קוק־טוענדיק אַפילו אין זייער זייט.

ווען אין אַ פּאָר יאָר אַרום, איז די גאַנצע צאַרישע משפחה אומגעבראַכט געוואָרן, האָבן פרומע יידן געגלויבט, אַז דאָס איז אַ שטראָף פון הימל, פאַרן גרינגשעצן דעם כבוד התורה וכבוד הרב.

נאָך דעם צאַרס וויזיט אין וולאָדאַווע האָט זיך אָנגעהויבן די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה. עס האָבן זיך אָנגעהויבן דעם צאַרס מפּלות. די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט מוטיקער געלאָזט הערן איר שטים מיט די לאָזונגען: „דאָלוי! דאָלוי ניקאָלאַי! דאָלוי פּאָליציי!"

פון ניקאָלאַיס וויזיט אין וולאָדאַווע איז געבליבן אַ זכר: דער טריאומף־טויער ביים אַריינפאָר אין שטאָט, אויף דער ראַזשאַנקער גאַס און דער דענקמאָל פון שוואַרצן מאַרמאָר ביי דער רוסישער צערקווע, אויף דער מיל־גאַס. סיי אויפן טויער און סיי אויפן דענקמאָל האָבן געשטאַרצט די צוויי־קעפּיקע אָדלערס, ביז די דייטשן זענען געקומען אין יאָר 1915 און זיי האָבן די אָדלערס צעבראָכן און אָפּגעהאַקט זייערע רויב־פויגלשע קעפּ.

נייע ווינטן האָבן גענומען בלאָזן אין שטעטל און יוגנט האָט זיך גענומען אָרגאַניזירן אין באַוועגונגען. איך געדענק די גרינדונג פון „מזרחי" און איר לאָזונג: תורה ועבודה. מזרחי האָט איינגעאָרדנט אַ ביבליאָטעק און נישט איין ישיבה־בחור איז משלח־געוואָרן פון שטיבל צוליבן לייענען די טריף־פּסולס, די ביכער פון דער מזרחי־ביבליאָטעק... דאָס איז געווען דער ערשטער טריט צו השכלה, צו וועלטלעכער בילדונג.

קיין ישיבה־בחורים האָבן, אָבער, ווייטער נישט אויסגעפעלט און די שטיבלעך זענען געווען פול. אויסערן בית־מדרש, זענען געווען ביי אונדז פאָלגנדע חסידים־שטיבלעך: אַ גערער, אַ פּילעווער, אַ סאָקאָלאָווער, אַ לוקאָווער, אַ מעזריטשער, אַ ראַדזינער, אַ טריסקער און אַ קוזמירער.

אויסער דעם, זענען ביי אונדז געווען הושיאַטינער,

באַיאַנער, טשאָרטקאָווער און סאַדיגורער חסידים אָן איי־גענע שטיבלעך. שבת און יום־טוב פלעגן זיי דאַווענען ביי מיין פעטער ר׳ יעקב שמאי ראָוונער. יעדעס שטיבל האָט פאַרמאָגט בחורים און קעסט־יונגעלייט, וועלכע האָבן גע־שמאַק געלערנט. די וואַרעמקייט פון יענע שטיבל־יאָרן האָט נאָכדעם באַגלייט די לערנער אַ לעבן־לאַנג און אויף די עלטערע יאָרן, זענען נאָך אַלץ אַזוי ליב און זיס די זכרונות פון יענע טעג.

ביז דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ביי אונדז אויך גע־ווען דעם מינסקער רבינס ישיבה. שפּעטער איז אויך געווען די נאָוואָגראָדקער ישיבה. עס איז געווען ביי אונדז אַ צייט פון תורה, חסידות און השכלה־באַוועגונגען.

## לומדים און אנשי־מעשה

די שטאָט וולאָדאַווע, וואָס ליגט אויף אַ באַרג ביים מערב־ברעג פון טייך בוג, האָט אַראָפּגעקוקט צו איר קליין שוועסטערל, צום שטעטעלע וולאָדאַווקע, וואָס איז געלעגן אין טאָל, אויפן מזרח־ברעג פון בוג. וולאָדאַווע האָט פריער געהערט צו דער שעדלעצער גובערניע און איז שפּעטער אַריבער צו דער כעלעמער. דאַקעגן וולאָדאַווקע האָט גאָר געהערט צו דער גראָדנער גובערניע.

וולאָדאַווקע איז געווען כמעט אַ ריין־יידישער ישוב, גוט באַוווּסט אין דער חסידישער וועלט. דאָרט איז דאָך געווען די רעזידענץ פון דעם קוזמירער רבין ר׳ מאָטעלע טווערסקי זצ״ל, דעם טריסקער מגיד׳ס זון. דער איינציקער אין וולאָדאַווקע צוויי שטאָקיקער בנין, איז געווען דעם רבינס הויף.

נישט ווייט פון וולאָדאַווקע, נעבן דער באַן, האָט זיך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה גענומען בויען אַ נייער ישוב „טאָמאַשעווקאַ״. נאָך דער מלחמה האָט זיך דער נייער ישוב צעבליט און עס איז אויסגעוואַקסן אַ שיין יידיש שטעטעלע.

דער וולאָדאַווער לעדער־קרעמער ר׳ הערשל גפן, אַ גרויסער למדן, איז דאָרט געווען רב. זיין פרוי האָט גע־פירט דעם מסחר און ער האָט אין מעזריטשער שטיבל זיך אָפּגעגעבן מיט תורה און חסידות.

וולאָדאַווע גרענעצט זיך מיט נאָך צוויי גובערניעס, מיט גראָדנער און וואָלינער. נעבן דער באַן קרייצן זיך די שאָ־סייען פון דריי גובערניעס: כעלעמער, גראָדנער און וואָ־לינער. אויף יענעם אָרט איז געשטאַנען אַ גרענעץ־סלופּ, געפאַרבט שוואַרץ־ווייס, לויטן רוסישן שטייגער, מיט דריי שילדן, וואָס האָבן געטראָגן די נעמען פון די דריי גובער־ניעס. דערפאַר פלעגט מען זיך וויצלען ביי אונדז: ווען



אַ האָן וואָלט אַ קריי געטון נעבן יענעם גרענעץ־סלופּ, וואָלט מען באַלד דערהערט זיין קריי אין דריי גובערניעס...

די נאָענטקייט פון די דאָזיקע באַזונדערע געביטן האָט משפּיע געווען אויפן וולאָדאַווער יידיש־לשון, אין וועלכן עס האָבן זיך געמישט פּויליש־יידיש, ליטווישער און וואָ־לינער דיאַלעקטן.

וולאָדאַווע האָט זיך געריימט מיט אירע אַלטע גאונים און גדולי־התורה. דעם ב״ח הקדוש האָב איך שוין דער־מאָנט. מיט אַ הונדערט יאָר צוריק איז ביי אונדז געווען רב דער גאון ר׳ צבי הירש תאומים. זיין אהל איז נאָך געווען אויפן וולאָדאַווער בית־עולם אין מיינע צייטן. נאָך אים, האָט די כסא־רבנות פאַרנומען דער רייוויצער רב ר׳ אפרים פישל הורביץ. די ווייטערדיקע רבנים זענען שוין געווען אין מיין צייט: ר׳ לייבעלע ווייסברויט, פון לובלינער חוזה׳ס גזע. ער האָט יומם־ולילה געלערנט און געפאַסט תעניתים, טועם־געווען בלויז צו דערהאַלטן דאָס נפש. פון זיינע פיר זין איז איינער געווען רב אין זאַמאָשטש.

דער רב איז נפטר געוואָרן שבת פ׳ שקלים, צו עט־לעכע און זיבעציק יאָר.

אויף יענעם שבת האָט דער רב געהאַט אַן אורח־הגון: דעם טאַרלער רב ר׳ יודל ראָזענבערג, מחבר פון די ספרים „אורות נדרים״ און „זיו הזהר״. ביים וואַשן זיך צום עסן איז ר׳ לייבעלע נפטר געוואָרן.

צו דער לויה זענען געקומען אַ סך יידן פון אַרומיקע שטעטלעך, מיט זייערע רבנים. אויפן פּלאַץ, וווּ עס איז יאָרן שפּעטער אויפגעבויט געוואָרן מאָטל ביגמאַנס בית־מדרש, האָבן גדולי־התורה געהאַלטן הספּדים.

נאָכדעם איז געווען ביי אונדז רב דער נאָוואָמינסקער רבי ר׳ יהודה־לייב פערלאָוו שליט״א. ער האָט אין וולאָ־דאַווע געגרינדעט אַ ישיבה. דער נאָוואָמינסקער רבי איז פון דער קאַרלינער דינאַסטיע, משפּחה פון דעם קוידענאָווער און סטאָלענער רביים. ער איז דעם מאַקאַראָווער רבינס איידעם און אַ שוואָגער פון ר׳ לייבעלע קעלצער. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז ער אַרויסגעפאָרן קיין לובלין און פון דאָרט — קיין אַמעריקע. ער איז היינט פון די עלטסטע רבנים־גאונים אין ברוקלין — וויליאַמסבורג.

דאַן האָט ביי אונדז די כסא־רבנות פאַרנומען דער לו־קאָווער רבי ר׳ משה ברוך מאָרגענשטערן, אַן אייניקל פון אַלטן קאָצקער.

עס איז אויך געווען אַ קאָזיאָנער רב, ר׳ יוסף חיים סעגאַל, דער מחבר פון ספר „תוספות חיים״, — אַ חיבור אויף פרקי־אָבות.

דער נעמיראָווער רב ר׳ מאיר ראָזענבערג איז געווען

ביי אונדז אַ דיין. אויך ר׳ פּיזול נאָטע דאַנציקער איז געווען דיין אין וולאָדאַווע.

צו דער דאָזיקער גאָלדענער קייט, איז כדאי צוצוגעבן נאָך אַ גאָלדענעם רינג: לויט דעם גרויסן יידישן היסטאָריקער, יעקב צינבערג, איז דער דובנער מגיד אויך געווען אַ וולאָדאַווער תושב.

## סוחרים און אונטערנעמער

עס איז געווען אַ שטאָט מיט שטעט צוגלייך, מיט סוחרים און קרעמער, מיט בעלי־מלאכות און ווינט־יאַגערס, בעלי־עגלות, טרעגער און וואַסער־פירער. עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן זיך ביטער געראַנגלט פאַר דער בידנער פרנסה, געווען אַ מיטלקלאַס און געווען גבירים. פאַר מיין צייט, מיט 50 יאָר צוריק, איז דער רייכסטער ייד אין שטאָט געווען דוד ביגמאַן. מען האָט דאַן גערעדט עפּעס וועגן אַ נס, וואָס עס איז אים געשען און ער האָט זיין רייכטום באַקומען פלוצלונג. עס איז נישט אַנצונעמען, אַז ער זאָל האָבן געפונען נאַפּאָלעאָנס אוצר, ווייל נאַפּאָלעאָן האָט עס אין וולאָדאַווע נישט פאַרלוירן...

געווען אין וולאָדאַווע טיכטיקע מענטשן אויף פאַרשידענע געביטן, וועלכע האָבן מצליח געווען. עס זענען געווען אַזעלכע פאַרמעגלעכע וואַלד־סוחרים, ווי מאָטעס האַלצמאַן, זיין זון לייזער יאָסל, מיין פעטער שמאי ראָוונער; אַזעלכע האָלץ־סוחרים ווי אהרן־מאָטל פרידמאַן (ישראל־אברהמס), יואל מעלעס, גדליה שיינדעלעס און יעקב הירש. צוויי גרויסע מילן זענען געווען: זלמן סראָלעס (לעמבערגערס) וואַסער־מיל און לייזער מאָטעסעס (בארנהאָלצס) פאַראָווע מיל. עס זענען געווען אַזעלכע הורטאָווניקעס מיט שיינע



געשעפטן, ווי בערעלע יענטעס (ראָטענבערג) און זיין ברודער יעקב־ישראל, וועלכער איז אומגעקומען אין אַ וואַרשעווער קאַטאַסטראָפע. אַלטער דיינעבערג (שרה־חנה׳ס) און זיין אידעם נאָטע. משה מעש ליכטנשטיין, דודל בעקערמאַן, שמעון (נחמן׳ס), סאַמעלסאָן מיט זיין זון בונם און אייניקל משה.

איך האָב פאַרלאָזט פּוילן אין יאָר 1932 און האָב זיך באַזעצט אין בראַזיל, אין דער שטאָט ריאָ־דע־זשאַניירא, וווּ איך וווין ביז איצט, מיט דער האָפענונג עולה צו זיין אין אונדזער לאַנד. מיינע זכרונות וועגן וולאָדאַווע זענען דערפאַר בלויז ביזן יאָר 1932. די שארית־הפליטה פון וולאָדאַווע האָט זיכער מער צו דערציילן און זיי וועלן אוודאי זייער פליכט טון. איך וויל דאָ בלויז פאַרענדיקן מיט איין טיפּ, וואָס ער אַליין און זיינע מעשיות האָבן געלאָזט אויף מיר אַן אומפאַרגעסלעכן איינדרוק: דאָס איז משה קעמלמאַכערס זון, וועלכן מען האָט גערופן „עליע פאַרטאַרטורטשיק"...

פאַרוואָס האָט מען אים אַזוי גערופן? — ווייל ער איז געווען אַ סאָלדאַט אין רוסיש־יאַפּאַנישן קריג און ער האָט זיך געשלאָגן ביי פּאָרט אַרטור. אַ לאַנגע צייט האָט מען נישט געהערט פון אים און מען האָט אים שוין געהאַלטן פאַר אַ פאַרלוירענעם. ערשט נאָך דער מלחמה האָבן די צייטונגען געשריבן וועגן אַ העלדישן וולאָדאַווער יידישן סאָלדאַט, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט ביי פּאָרט אַרטור, האָט געראַטעוועט די „זנאַמיע" פון דער רוסישער אַרמיי און ער האָט דערפאַר באַקומען מעדאַלן. דאַן איז עליע אַראָפּגעקומען אין שטעטל אַריין, דער העלדישער עליע, מיט וועלכן אונדזער גובערניע האָט שטאָלצירט... אויפן שטערן האָט ער געהאַט אַ טיפן סימן פון אַ וואונד און אויף דער ברוסט, — די יחוסדיקע מעדאַלן....

חיים שקלאַ, חיים קליגער,
יעקב ראָזנבלאַט

# ערשטע יאָרן



י שטאָט וולאַדאַווע, אמת, קען זיך נישט פאַררעכענען צו די גרויסע שטעט, געהער אָבער צו די אַלטע יידישע קהילות, אויסגעפּרוווטע אין אַלע פייערן. אויף אירע אַלטע „בראָם״־מויערן, זענען נאָך פאַראַן שפּורן פון די בלוטיקע רציחות איבער יידן מיט הונדערטער יאָרן צוריק. דער אַלטער בית־עולם, אַנטקעגן דער אַלטער שיל, דערמאָנט אין יענע שווידערלעך אומגעקומענע יידן אין די שחיטות פון ת״ח ות״ט.

יאָרן לאַנג נאָך די כמיעלניצקיס שחיטות האָבן יידן געדאַוונט אין דער דאָזיקער שיל, אין דערנעבנדיקן פּאָליש, האָבן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אין די אומגעקומענע אָבער נישט געקענט צולאָזן צו זיך דעם געדאַנק, אַז די שחיטות איבער יידן וועלן זיך איבערחזרן אין אַ פיל גרעסערן גרויזאַמערן פאַרנעם.

## די בראָם

אַזוי האָט מען גערופן אַ רינג פון געביידעס, וואָס זענען געשטאַנען אינמיטן שטאָט, פאַרנומען אַן ערך צוויי הונדערט מעטער די לענג און אויף אַזאַ שטח אין דער ברייט. די מויער האָט געהאַט איבער אַ האַלבן מעטער די דיק און איז געבויט געוואָרן אין סטיל פון אַ פעסטונג. צוויי טויערן זענען געווען, איינע פון מזרח און די צווייטע פון מערב. פון די טויערן איז שוין לאַנג קיין זכר נישט געווען. עס זענען געבליבן בלויז די אַריינגאַנג, וועלכע האָבן געפירט אינעם אינעווייניקסטן הויף פון דער בראָם, ווו עס האָבן זיך געפונען איינשטאָקיקע הייזער.

די בראָם איז לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן געווען מיט הונדערטער יאָרן צוריק דער אָנהויב פון דער שטאָט. דער אַלטער בית עולם, וואָס געפינט זיך אַן ערך דריי הונדערט מעטער ווייטער פון דער בראָם, רעדט אויך דערפאַר, אַז דאָ איז אַמאָל געווען די אַלטע שטאָט און אין פאַרלויף פון די יאָרן און דורות האָט זיך די שטאָט אַרויסגערוקט אַלץ ווייטער און ווייטער.

איבערן מערבדיקן אַריינגאַנג שטייט אַ מאָנומענט פון אַ רייטער מיט אַן אַראָפּגעהאַקטן קאָפּ. אַלטע לייט האָבן



דערציילט, אַז דאָס איז געווען דער מאָנומענט פאַר דעם צורר היהודים כמיעלניצקי ימ״ש, וועלכער האָט פאַרשריבן אַזאַ בלוטיק קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון יידן אין פּוילן, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען קרבנות די טויזנטער יידן פון דער אומגעגנט, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן קיין וולאַדאַווע.

אַרום און אַרום האָבן זיך געפונען פאַרשידענע געוועלבער, לויט פאַרשידענע בראַנזשעס. אויף צפון־זייט זענען געווען די אייזן־געוועלבער. אויף מערב־זייט — כל־מיני קליידער — און גאַלאַנטעריע־געשעפטן פאַר דער שטאָטישער און דאָרפישער באַפעלקערונג. אויף דרום זייט זענען געווען די געוועלבער מיט שפּייז־אַרטיקלען. די מזרח־זייט האָבן פאַרנומען די געוועלבער מיט מאַנופאַקטור. אַזוי איז די אַלטע בראָם פאַרוואַנדלט געוואָרן אין די שפּעטערדיקע יאָרן אין אַ האַנדלס־צענטער מיט רייכע און אָרעמע שפּייכלער פון עסן און אַנטון פאַרן שטעטל און פאַר דער גאַנצער אַרומיקער געגנט. מיט דער צייט האָט זיך דער צענטער אויסגעברייטערט, צעצווייגט אויף אַלע פיר זייטן מיט גאַסן און געסלעך.

אויף מערב־זייט געפינט זיך דער שטאָטישער פּלומפּ, פון וועלכן די איינוווינער פון די אַרומיקע געסלעך פלעגן נעמען וואַסער. אַהער פלעגן אויך קומען די פּויערים וואָס זענען זיך אָנגעפאָרן אויף די דאָנערשטיקע יאַרידים און האָבן ביים פּלומפּ אָנגעפּויעט זייערע פערד.

אויף די דאָנערשטיקע יאַרידים פלעגן די פּויערים אוועקשטעלן אַרום דעם בראָם די הונדערטער פורן מיט די האַלאַביעס אַרויף אין דער הויך. נישט איינמאָל פלעגן די דאָזיקע דרענגער אָננעמען אַ דראָענדיקן כאַראַקטער, האָבן געשראָקן און געוואָרנט: „היט זיך, זשידקעס, פאַר אונדז, קריסטן, מיר זענען דאָ און זענען שטענדיק גרייט אָנצופאַלן אויף יידן...״ עס פלעגט טאַקע טרעפן אַז נאָך אַזאַ דאָנערשטיקן יאַריד, ווען די פּויערים האָבן שוין געהאַט אויספאַרקויפט זייערע זעקלעך תבואה, אַ קו, אַ פערד און אַנדערע דאָרפישע פּראָדוקטן, פלעגן זיי זיך אָנשיכורן, נעמען זיך קריגן און גלייך איבערגיין אין אַ געשלעג. אויף די יידן אין שטעטל איז דעמאָלט אָנגעפאַלן אַ פּחד. יידן האָבן געוווּסט, אַז ווען

איוואַן מיט סטעפּאַן שלאָגן זיך, קען דער ייד זיין דאָס כפּרה־הינדל...

אין די לעצטע יאָרן איז די בראָם מיט אירע געשעפטן שוין נישט געווען די איינציקע שפּייזעריין פון דער שטאָט און דאָרף. פון אַלע זייטן זענען זיך צעוואַקסן גאַנצע גאַסן מיט נייע געשעפטן מיט פאַרשידענע אַרטיקלען. פון מזרח־זייט איז געווען אַ גאַנצע ריי געשעפטן.

אויף דרום־זייט האָבן זיך געפונען די געוועלבער, וואָס האָבן קאָנקורירט מיט דער בראָם. דאָ האָט זיך אויך געפונען גרינשפּאַנס רעסטאָראַן, וווהין עס פלעגן אויך קומען פויערים, מערסטנס מיט יידישע הענדלער, מיט וועלכע זיי האָבן געשלאָסן געשעפטן. יידישע פערד־ און בהמות־הענדלער פלעגן דאָ כאַפּן אויף גיך אַ „קאפּעלע״ פאַרבייסן מיט אַ געבראָטענער גאַנז אָדער קאַטשקע. עס פלעגט טרעפן, אַז יידן זענען דאָ געוואָרן בגילופין און די קולות זענען געוואָרן העכער, געלעכטערס האָבן זיך צעטראָגן איבערן טומלדיקן מאַרק, באַגלייט מיט שעפּטשערייען פון אַנדערע, וואָס האָבן זיך פון די הויך־געפירטע שמועסן דערוווסט פאַרשידענע מעשיות, אָבער נישט געקוקט אויפן געליאַרעם און רעש איז עס צו קיין געשלעגן צווישן די יידן קיינמאָל נישט געקומען.

אויף מערב־זייט, אַקעגן דער בראָם, האָט זיך אויס־געבויט מיט גאָר אַנדערע געוועלבער, וואָס האָבן מיט איר כמעט ניט קאָנקרירט. דאָ האָבן זיך געפונען די געשעפטן פון לעדער און מעבל. אויך אַהין פלעגט עס ציען די דאָרפישע פויערים און טיילמאָל אויך שטאָטישע מענטשן. אין אַ שמאָלן קאָרידאָר, ביי רחלע מרים שפּרינצעס אין הויז, באַלד אונטער די שטיגן, האָט געוווינט אַן אלמנה, חיה די ראסיסקערין, אַ באַפאַלענע מיט קינדער. זי האָט בסוד־סודות געהאַט צו פאַרקויפן דעם ביטערן טראָפּן י״ש און אויך דעם גאָר זיסן סאַכאַרין. דאָס פאַרקויפן איז טאַקע אָנגעגאַנגען בסוד־סודות, אָבער ווי דער שטייגער איז עס געווען אַ סוד פאַר גאַנץ בראד און אַלע האָבן געוווסט וועגן איר האַנדל מיט די אומלעגאַלע סחורות. ווען אומעטום זענען די געוועלבער שוין געווען פאַרשלאָסן, האָבן אין דער טונקל געשלייכט זיך סילועטן אַהין צום שמאָלן פינצטערן קאָרידאָר, שטיל אָנ־געקלאַפּט אין חיה די ראסיסקערינס טיר, באַקומען דאָרט די געהיימע סחורה, צו וועלכע דאָס האַרץ האָט אַזוי געצויגן. די ראסיסקערין פלעגט אירע סחורות האַלטן אויך ביי די שכנים וועלכע האָבן אויף איר רחמנות געהאַט, אַן אלמנה, וואָס דאַרף אויסהאַלטן פּיצלעך קינדער און ווער האָט זיך דאָס געוואָלט אָפּזאָגן פון אַזאַ מצווה, נישט געקוקט דערויף וואָס עס איז געווען פאַרבונדן מיט סכנות.

פון דאַנען האָבן זיך פאַרצווייגט פאַרשידענע גאַסן. אין



סאַמע ראַג איז אַוועק די ווירקער גאַס, דורך וועלכער מען איז געפאָרן צום דאָרף ווירעק. דאָס געסל האָט אויסגעזען זייער אָרעם, נידעריקע הילצערנע הייזלעך, צווישן וועלכע עס האָט זיך דורכגעוואָרפן דאָ און דאָרט אַ געמויערט איינ־שטאָקיק הויז. די גאַס איז אויך געווען זייער שלעכט ברוקירט און בעת אַ רעגן זענען דאָרט געווען טיפע בלאָטעס, וואָס האָבן געהאַט אַ שם אין שטעטל: די ווירקער בלאָטעס.

גייענדיק גלייך פונעם מאַרק, לינקס פון דער ווירקער גאַס, האָט עס אַוועקגעפירט צו דער גוישער גאַס, ווו עס האָבן געוווינט די מיעשטשאַניעס און אויך איינצלנע יידישע משפחות. איבער יענער גאַס האָבן זיך געצויגן די מיעשטשאַ־נישע ווירטשאַפטן מיט זייערע שטאַלן, סטאַדאָלעס און קאַמערן. הינטער זיי האָט מען שוין געזען די צעגרינטע גערטנער און פעלדער. אָפּגעהיטענע יידענעס פלעגן גיין אַהין מיט די אייגענע טעפּלעך קויפן מילך, שטיין ביים מעלקן און ברענגען אין שטוב אַריין גלאַט כשרע מילך, גלייך פון דער קו.

צווישן די דאָזיקע מיעשטשאַניעס האָט יעדער געהאַט זיין „זשידעק״, פון וועלכן ער האָט געהאַלטן, אַפילו ליב געהאַט. דאַקעגן די אַנדערע יידן באַרעדט, געזידלט און געמאַכט מיט דער בלאָטע צוגלייך.

פון דער גוישער גאַס האָט עס געפירט צו דער בלאָטענער גאַס, וואָס האָט זיך כשר און ערלעך פאַרדינט דעם דאָזיקן נאָמען, ווייל בעת די רעגנס איז דאָרט שווער געווען אַ פוס אַרויסצושלעפן.

אויף צפון פון מאַרק האָט עס געפירט צו דער ראָזשאַנקער גאַס, דורך וועלכער מען איז געפאָרן צום דאָרף ראָזשאַנקי. אין סאַמע אָנהייב פון דער ראָזשאַנקער גאַס איז געשטאַנען דוד ביגמאַנס הויז, אין וועלכן עס האָט אין די לעצטע יאָרן זיך באַזעצט דער ליקעווער רבי. ער איז אויך געווען אַ לומ־דישע פערזענלעכקייט און איז געוואָרן אויך דער מרא דאַתרא אין וולאָדאַווע. דער ליקעווער רבי האָט געהאַט זיינע חסידים נישט בלויז אין וולאָדאַווע נאָר אויך אין אַנדערע שטעט. ווען ער איז געוואָרן רב איז מען צו אים געקומען פון אומעטום האַלטן דין־תורהס. נישט געקוקט דערויף, וואָס אין שטאָט האָבן געוווינט נאָך צוויי רבנים, דער נעמיראָווער און דער סלאַוועטישער, איז מען סיי מיט דין־תורהס און סיי שאלות אַממערסטן געקומען צו אים. ער איז אויך געווען דער קאזיאנער ראַבינער.

אין די דערבייאיקע געסלעך, אָפּצווייגונגען פון דער ראָזשאַנקער, האָבן זיך געפונען די יידישע שמידערייען. יידישע קאוואַלעס האָבן געטון כלערליי שמידעריי־אַרבעטן, געשמידט פאַדקאָוועס צו דאָרפישע פערד, פאַראָכטן רעדער א.א.

פון דער ראָזשאַנקער־גאַס ציט זיך דער וועג צום

קריסטלעכן צמענטאַזש, הינטער דער שטאָט, ביים שאָסיי, וואָס צעצווייגט זיך פון איין זייט קיין כעלם און פון דער צווייטער זייט אין דער ריכטונג צום בוג, צו בריסק דליטא.

אויף דער צווייטער זייט פון שאָסיי האָט זיך געפונען דער טאַרטאַק פון כראַביע זאַמאַיסקי, ווו עס זענען געווען אָנגעוואָרפן אַ סך סאָסנע- און דעמבענע-קלעצער.

אין די שבתדיקע פרימאָרגנס פלעגן שטראָמען אַהער יונגע בחורים און מיידלעך, ווער מיט ביכלעך אונטערן אָרעם, ווער מיט באַלעמס צו שפּילן פוטבאָל. אַנדערע זענען סתם אַזוי געגאַנגען כאַפּן אַ שפּאַציר אויף דער פרייער לופט, אונטער גרין-באַבלעטערטע ביימער און אויף דער „דעמבענער פלאַזשע". אַזוי האָט די יוגנט אין וולאָדאַווע געקרוינט די ליגנדיקע קלעצער ביים טאַרטאַק. די קלעצער האָבט טאַקע געקענט דערציילן אַ סך „קלאָץ-געשיכטעס". וועגן התלהבותדיקע דיסקוסיעס און ראָמאַנטישע שמועסן.

פון דאַנען טאַקע, פון די דאָזיקע שפּאַצירן הינטער דער שטאָט, זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן די פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס, פאַרטייען, קולטור-קלובן און אַלערליי שאַטירונגען.

דאָס שיל-געסל, וואָס הייבט זיך אָן ביי דער ראַזשאַנקער גאַס, פירט צום אַלטן כמיעלניצקי בית-הקברות. עטוואָס נעענטער האָט זיך געפונען דאָס בית-המדרש. האַרט ביים בית-עולם איז געשטאַנען די אַלטע שיל, וועלכע האָט זיך אַרויסגעהויבן איבער אַלע אַרומיקע הייזער מיט איר קיילעכיקן קופּאָלאַרטיקן דאַך.

אַ סך מעשיות און לעגענדעס זענען געשפּינען געוואָרן אַרום דער אַלטער שיל אין וולאָדאַווע. אַ לעגענדע האָט דערציילט, אַז דער אַלטער כראַביע, פּראַדזיאַד זאַמאַיסקי האָט עס געלאָזט אויסבויען די שול פאַר די יידן פון זיין שטעטל. מען האָט אויך דערציילט, אַז דעם ערשטן פונדאַמענט-ציגל האָט מען דעם ליים געמישט נישט מיט וואַסער, נאָר מיט ווייסלעך פון אייער. מאַמעס און באָבעס האָבן זיך איבערגעגעבן פון דור צו דור, אַז אונטערן פונדאַמענט פון דער אַלטער שיל ליגט אַן אוצר מיט גאָלד...

בעת דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די דייטשן זענען שוין געווען נאָענט צו דער שטאָט און די רוסן האָבן זיך שוין געהאַט צוריקגעצויגן, האָבן די דייטשן באַשאָסן דאָס שטעטל. שראַפּנעלן זענען אויך געפאַלן אויף דער שיל, אָבער עס איז איר גאָרנישט געשען. אירע דיקע מויערן האָבן אויסגעהאַלטן די שווערע באָמבאַרדירונג און די שיל איז געבליבן גאַנץ.

ערשט די לעצטע צוויי שראַפּנעלן האָבן דורכגעהאַקט דעם דיקן סופיט, געבליבן שטעקן אין באַלקן און די ברוכטיילן האָבן פאַרוווּנדעט עטלעכע פון די יידן, וואָס



האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אין שיל, מיינענדיק צו באַשיצן זיך פון דער באָמבאַרדירונג. יענע צוויי שראַפּנעלן האָט מען דערנאָך איינגעמויערט אינעם סופיט לזכר עולם.

## דער אַלטער בית-עלמין

קעגנאיבער דער שיל, באַלד ביים אַרויסגאַנג פון פּאַליש, ליגט דער אַלטער בית-עולם און איבער די איינגעזונקענע קברים האָבן זיך צעוואַקסן הויכע און ברייט-פאַרצווייגטע ביימער, צווישן וועלכע עס שטאַרן אַרויס שפּיצן פון די שטיינער, וועלכע דערציילן וועגן אַמאָליקן פּריצייטיק-פאַרשניטענעם און אָפּגעהאַקטן לעבן. פרומע יידן האָבן געפירט אַהער פאַרוון די חופות פון זייערע קינדער. דערמיט האָבן זיי געוואָלט אויסדריקן דעם עקשנותדיקן המשך, די דעצידירטקייט ממשיך צו זיין דעם גרויסן געראַנגל פאַרן לעבן, פאַר נצח ישראל, להכעיס די שונאי ישראל אין אַלע צייטן און אין אַלע לענדער.

אין די לעצטע תקופות, אין די אָנהויב צוואַנציקער יאָרן פונעם היינטיקן יאָרהונדערט, איז אינעם לעבנסשטייגער פון די שטאָטישע איינוווינער פאָרגעקומען אַ גרויסער איבערברוך. די יוגנט האָט זיך גענומען אָפּרייסן פון די פרומע היימען, פון די דורות-לאַנגע יידישע מנהגים. די ערשטע וועלט-מלחמה, די רעוואָלוציעס, האָבן אויפגעטרייסלט דעם איינגעפונדעוועטן און פאַרוואָרצלטן יידישן לעבנשטייגער. יידישע יוגנטלעכע זענען אַרויסגעפאָרן אין דער גרויסער שטאָט, געקומען אין באַרירונג מיטן מאָדערנעם לעבן, באַקענט זיך מיט די נייע שטרעמונגען און צוריקקומענדיק אין שטעטל געברענגט מיט זיך דעם אָטעם פון דער גרויסער שטאָט.

רעכטס, גייענדיק מיטן שיל-געסל, קעגנאיבער דעם בית--המדרש, האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. אויפן גאָרן, אינעם נאַרוואַס אויסגעענדיקטן הילצערנעם הויז פונעם סטאָלער הערשל „קעפל", האָבן זיך אָרגאַניזירט די שטאָטישע אַרבעטער פון די פאַרשידענע פאַכן. אין שטאָט פלעגט מען זיי רופן „די פאַריינטשיקעס". די בעלי-מלאכות און סתם באַלעבאַטישע יידן האָבן נישט ליב געהאַט „די פאַריינטשיקעס", קודם-כל דערפאַר, וואָס מען האָט זיי געהאַלטן פאַר אַפּיקורסים, פאַר גויים, וואָס גלייבן נישט אין קיין שום גאָט.

אין יענעם הילצערנעם הויז פון הערשל „קעפל", וועלכן מען האָט אַזוי גערופן ווייל ער האָט געהאַט תמיד פאַרוואָרפן דעם קאָפּ אָן אַ זייט, פלעגן יעדן פרייטיק-צו-נאַכטס צונויפקומען זיך די יוגנטלעכע אַרבעטער, אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען, געהערט פאַרלעזונגען, אָרגאַניזירט קעסטל-אָוונטן און ליטעראַרישע שמועסן. ווען אינעם אַקעגנאיבערדיקן בית-

המדרש פלעגט זיך דערהערן דאָס אויסציקלען פונעם חזן דעם הויכן „לכו נרננה״, דאָס געזאַנג פון „לכה דודי״ האָט אינעם פאַראיינס־לאָקאַל אויפגעבליצט דער נאָר וואָס אָנגע־צונדענער לאָמפּ און עס האָבן זיך דערהערט גאַנץ אַנדערע געזאַנגען. מען האָט דערפילט דעם געראַנגל צווישן צוויי קעגנזעצלעכע כוחות...

## בית־יתומים

נישט ווייט פונעם פאַריין־לאָקאַל געפינט זיך דער „פּריי־וט״, דער בית־יתומים, וואָס איז אויפגעבויט געוואָרן דורכן דזשאָינט און האָט אַריינגענומען יתומים פון וואָלאַדאָווע און פון דער אַרומיקער געגנט. מערסטנס זענען עס געווען קינ־דער ,וועמענס עלטערן זענען אויסגעהאַרגעט געוואָרן דורך די בלוטיקע רוצחים, די באַלאַכאָוויצעס, פון יאָר 1920. דער אויפזעער און דערציער פון די יתומים איז געווען שמואלקע דער שוואַרצער, אַ חסידישער ייד, תמיד אָנגעטון ריין, אויס־געפוצט.

גייענדיק מיטן שלי־געסל נאָענטער צו דער ווירקער גאַס, איז מען צוגעקומען צום מאַגיסטראַט. עטוואָס ווייטער צום פּאַזשאַרנעם סאַד. אַמאָל איז דאָרט טאַקע געווען אַסאַד און שפּעטער האָבן די פייערלעשער אויסגענוצט דעם ליידיקן פּלאַץ, אָוועקגעשטעלט דאָרט דאָס פּאַזשאַרנע פעסל מיט וואַסער צום לעשן שריפות. אויפן פּלאַץ זענען געבליבן עטלעכע געציילטע ביימלעך, ווי אַ זכר פונעם אַמאָליקן סאַד. אַהין פלעגן אויך קומען יינגלעך שפּילן פוטבאָל. געווען צייטן ווען יוגנטלעכע אַרבעטער פלעגן קומען אַהין, מיטנעמען לפנים דעם באַלעם, אָבער אָוועקגעזעצט זיך גאָר לייענען אַ ביכל, דורכשמועסן געשעעניש, וואָס זענען פאָרגעקומען אין דער וועלט און זענען דורך פאַרשידענע וועגן דערגאַנגען אויך קיין וואָלאַדאָווע.

כאָמיק, דער פּאָליטישער רעפערענט פון דער פּאָליציי און אויך דער פּאָליציאַנט קרול האָבן זיך גיך דערוווסט דעם באַדייט פון יענע מכלומרשטע פוטבאָל־קרייזן און פלעגן פלוצלינג אויסוואַקסן אויפן פּאַזשאַרנעם סאַד, אַרומקוקן זיך, זען און הערן, וואָס דאָרט טוט זיך. נישט האָבנדיק קיין ברירה האָט חברה געמוזט איבערייסן לייענען, די שמועסן וועגן די הויכע ענינים און נעמען זיך צום קאָפּן דעם באַלעם.

דאָס אַלטע תלמודישע ווערטל: „מתוך שלא לשמה בא לשמה״. דאָס האָט זיך אויך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק אין די דאָזיקע פאַלן. פון די מכלומרשטע שפּילערייען מיטן באַלעם זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן די ספּאָרט־מאַנשאַפטן ביי די אַרבעטער פאַריינען.



אויף לינקס פון דער ווירקער גאַס איז געשטאַנען טשער־וואָנאָגורעס פּאַראָווע מיל, וואָס האָט געגעבן דער שטאָט אויך עלעקטריע.

קעגנאיבער דער בראָם אויף מערב־זייט האָט זיך געפונען דער לאָקאַל פון דער לינקער פועלי־ציון „געזעלשאַפט אָוונט קורסן״ וועלכע זענען געווען פּאָפּולער א.נ. די „פּעצעקעס״. אין סאַמע ראָג, ביי שימעלע מאַטעסעס אין הויז איז געווען דער לאָקאַל פון „מכבי״. עטוואָס ווייטער, אויף לינקס, אינעם הויז פון מאָטל דאַבעלעס האָט זיך געפונען דער ציוניסטי־שער לאָקאַל. אין אַ דערנעבנדיק געסל איז געווען די העבראַישע תרבות־שול.

פון די אַנדערע זייטיקע געסלעך האָט זיך געטראָגן אַ קול־תורה, גמרא־נגונים, אויסגעזונגען אויף פאַרשידענע אופנים, מיט דביקות און התלהבות, זיי זענען געקומען פון די פאַרשידענע חסידים־שטיבלעך, ווי בחורים און יונגעלייט האָבן טאָג־און נאַכט געלערנט תורה.

## די וואַסערמיל

אין די חסידים־שטיבלעך האָבן געלערנט און געדאַוונט אָנהענגער פון די פאַרשידענע רביים אין פּוילן .דאָרט האָט מען זיך תמיד געשאָקלט מיט גרויס התלהבות, לערנענדיק ביי די לאַנגע טישן און דאַווענענדיק מיטן פנים צו דער מזרח־וואַנט, אַלטע יידן מיט גרויע בערד און יונגעלייט מיט קוים־שפּראָצנדיקער חתימת זקן, פון השכמות־אָן ביזן צו־פאַלן פון דער נאַכט און שפּעטער ביז חצות. געווען דאָרט לומדים מיט שאַרפע קעפּ, שטענדיק נאָר אין ספרים אַריינ־געטון און געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן באַהאַלטענער־הייט צוגעכאַפּט זיך צו גאַזעטן פון דער גרויסער וועלט.

אויפן מזרח פון דעם בראָם האָט עס געפירט צום יאַטקע־געסל און צום באַד־געסל. נישט ווייט פון די געסלעך האָט זיך געפונען דער טייך, אויף וועלכן ס׳איז געשטאַנען שלום־זלמנס וואַסער־מיל. אין יענעם טייך איז אַריינגע־פלאָסן דאָס אומריינע מקווה־וואַסער און אויך דאָס גאַנצע שמוץ פונעם שעכטהויז. דאָך זענען די וואַסערן אינעם טייך געפלאָסן קלאָרע און יעדן טאָג זענען געקומען אַהין ווייבער און מיידלעך וואַשן די וועש פון זייערע הייזער. זיי זענען געשטאַנען אין טייך און מיט די לענגלעכע „פּראַטשעס״, ברעטלעך אַזעלכע, געקלאַפּט אויף די שטיקער געוואַשענע וועש און שפּעטער געשווענקט זיי אינעם טייך.

געווען צייטן, ווען די שטאָטישע וואַסער־פירער האָבן דאָ געשעפּט דאָס וואַסער וואָס זיי האָבן פונאַנדערגעפירט אין די באַלעבאַטישע הייזער. אין די שפּעטערדיקע יאָרן

האָט מען שוין געפירט דאָס וואַסער פונעם בוג, אָבער דערנאָך האָט מען אינגאַנצן אויפגעהערט צו פירן דאָס וואַסער פון די טייכן, נאָר פון אליעזר באַרנהאָלצס זיך דרייענדיקן ברונעם מיט די צוויי עמער, שפּעטער פון די שטאָטישע פּלומפּן און פון הערשל טוביהס פּלומפּ. געווען אַ וואַסערטרעגער, וואָס מען האָט אים גערופן ר' גרשון. ער איז געווען אַן אָפּגעקומענער אָנגעזעענער באַלעבאָס, וואָס פּלעגט פונאַנדערטראָגן די עמערס וואַסער איבער די הייזער.

אין די צייטן פון געטאָ האָבן די דייטשע רוצחים געצוווּנגען די יידן אין וולאָדאַווע צו פאַרשיטן דעם טייך און אַ סך זענען דערביי פאַרפייניקט געוואָרן ביז טויט.

אויף צפון, ווו עס האָבן זיך געפונען די גאַלאַנטעריע־און פּאַפּיר־געשעפטן האָט זיך אויך געפונען די אַפּטייק פון דער פאַמיליע גראָס, וואָס איז אין יענער צייט געווען אָנגענומען אַלס אינטעליגענטער מענטש און איבערגעגעבענער ציוניסט.

דורכגייענדיק די פּאָטשט־גאַס, איז מען צוגעקומען צום קינאָ פון קאַזשיקטשיכן, וואָס איז געשטאַנען קעגנאיבער דעם יונגן גאָרטן. אינעם דאָזיקן קינאָ פלעגן די פאַרשידענע דראַמקרייזן אַרויסטרעטן מיט זייערע פאָרשטעלונגען.

פון קאָזשיטשיכעס קינאָ איז מען אַריינגעגאַנגען אין דער קאָשטשעלנע־גאַס, אָדער ווי יידן פלעגן זי רופן: די מיל־גאַס. אויפן פּאַן פונעם יונגן גאָרטן איז געשטאַנען די הויכע רוסישע צערקווע מיט אירע מויערן, אַרומגערינגלט מיט ברייט־צעצווייגטע ביימער. די קאָשטשעלנע־גאַס האָט שוין אויסגעזען מאָדערן, מיט גרויסע שויפענצטער, אין וועלכע עס זענען געווען אויסגעשטעלט פאַרשידענע סחורות, ווי אין דער גרויסער שטאָט. אויף דער דאָזיקער גאַס האָט די שטאָטישע יוגנט שפּאַצירט ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָרט האָט מען זיך באַשטימט ראָנדעוווען, נאָענט פון יונגן גאָרטן.

ביים סאַמע עק פון דער גאַס לינקס, האָט מען זיך אַריינגעדרייט אין אַ שמאָל געסל מיט אַלטע הייזער. אינעם דאַזיקן געסל האָט זיך געפונען די שטאָטישע „קאָזע". דאָס איז געווען אַן אַרעסט־הויז, ווו עס זענען אָפּגעקומען זייערע אַדמיניסטראַטיווע שטראָפן די שטאָטישע באַלעבאַטים פאַר נישט האַלטן ריין די הייזער אָדער עובר זיין אויף אַן אַנדערע עבירה. נישט איינמאָל האָט מען דאָ שפּעטער איינגעזעצט אויך די פירער פון די פאַראיינען, אויף וועלכע עס איז געפאַלן אַ חשד, אַז זיי האָבן געטיילט אומלעגאַלע פּראָק־



לאַמאַציעס, אָדער אויפגעהאָנגען אַ רויטע פאָן אויף די עלעקטרישע דראָטן.

פון דער מיל־גאַס ציט זיך אַ שאַרפער באַרג־אַראָפּ און לינקס שטייט דאָרט דער הויכער פּוילישער קאָשטשאָל, גאָוועדיק פאַריסן. אונטער אים געפינט זיך די געביידע פון פּאַוויאַטאָוון סטאַראָסטע און פון דאָרט פירט עס דורך אַן אַלטן גאָרטן צו דער נאַדאָלע־גאַס, וואָס געפינט זיך צופוסנס פון באַרג. דאָרט וווינען די פּוילישע באַאַמטע.

רעכטס אויפן שפּיץ באַרג האָט געוווינט דער יידישער פאָטאָגראַפיסט קאַלעצקי, אַ מאָדערנער און פאָרגעשריטענער מענטש.

אַ צווייטער וועג באַרג־אַראָפּ האָט געפירט צו דער זעלבער נאַדאָלע־גאַס, נענטער צום בוג. דאָרט פאַרן אַריינגאַנג אין דער גאַס איז געשטאַנען דער פּלומפּ, וואָס האָט קיינמאָל נישט גערוט, און פון זעלבן באַרג האָט טאָג און נאַכט געפלאָסן אַ לויטערער וואַסער־קוואַל.

נאָך דער וואַסער־מיל האָט די גרעבלע געפירט צו דער פּוילישער און רוסישער אָרכאָווע, דערפער, וואָס ליגן לענגאויס דעם בוג. קעגנאיבער דער מיל איז געשוווּמען אַהין און צוריק דער פּראָם, וואָס האָט אַריבערגעפירט מענטשן און זאַכן פון וולאָדאַווע קיין וולאָדאַווקע, אַ שטעטעלע אויף דער אַנדערער זייט בוג אַקעגן וולאָדאַווע, און צוריק.

שטייענדיק אויפן ברעג פונעם בוג האָט מען געזען דאָס שטעטעלע וולאָדאַווקע מיט זיינע נידעריקע הילצערנע הייזלעך, צעוואָרפן איבער דער זאַמדיקער ערד. צווישן זיי האָט זיך אַרויסגעזען די איינציקע איינשטאָקיקע מויער, וואָס האָט געהערט צום טריסקער רבין ר' מאָטעלע. יענע מויער האָט באַשיינט דאָס שטעטעלע און ווען עס איז געקומען ערב פּסח, די צייט ווען דער בוג פאַרפלייצט אַריבער די ברעגן, זענען די איינוווינער פון די נידעריקע הייזלעך, אַוועק צו דער מויער, ראַטעווען זיך פון די פלייצנדיקע וואַסערן.

אַזוי האָט אויסגעזען דאָס לעבן אין אונדזער שטאָט ביז עס איז געקומען די גרויזאַמע קאַטאַסטראָפע.

אויף דער פאָן פון דער דאָזיקערווירקלעכקייט ווילט זיך פּרווון פאַרצייכענען די באַזונדערע קאַפּיטלעך פונעם יידישן לעבן אין וולאָדאַווע, קאַפּיטלעך פון פרייד, פון אידילישער שלווה און קאַפּיטלעך פון שווערע טראַגישע צייטן, פון טרויעריקע געשעענישן, מיט וועלכע עס איז אַזוי רייך געווען דאָס יידישע לעבן אין וולאָדאַווע.

אברהם לעמבערגער
תל־אביב

# פון אמאליקן לעבן

אַ שטאָט פון רבנים, דיינים, שוחטים און סתם לומדים, תלמידי חכמים, ישיבה־בחורים. זיי זענען עס געווען די אנשי מדרגה. עס זענען אויך געווען סוחרים און קרעמער, מעקלער און קאָמיסיאָנערן, מאַרק־הענדלער א.א. אַזוי געדענק איך ווּלאַדאַווע פון פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה און אַזאַ וועט זי אויף אייביק בלייבן אין מיין זכרון.

געווען אויך אַרבעטס־מענטשן, זעלבשטענדיקע און אַזעלכע, וואָס האָבן געאַרבעט ביי יענעם, שניידער, שוסטער, סטאָלאַרעס, היטלמאַכערס, קאַוואַלעס, פריזירערס, פעלדשערס, בעקער און אַנדערע.

נאָך אַ שווערן אַרבעטס טאָג איז די בעסטע פאַרווייליונג געווען צו קומען אין אַלטן בית־המדרש אָדער אין חסידים־שטיבל, ווּ מען האָט געדאַוונט און געלערנט, געהערט אַ שיעור אָדער מעיין געווען אין אַ ספר.

אין בית המדרש האָבן די יידן זיך אויסגעטון פון גשמיותדיקן עול און געוואָרן אַריינגעטון אין אַ וועלט פון רוחניות, אין אַ וועלט פון העכערע גייסטיקע ווערטן.

אין די ווינטער אָוונטן פלעגט מען זיך זאַמלען אין גרופּעס אַרום דעם וואַרעמען אויוון, געפירט שטענדיקע וויכוחים איבער שטעטלשע ענינים און איבער דברים העומדים ברומו של עולם, איבער פּאָליטיק, איבער מלחמות, וואָס קומען שוין פאָר אָדער אַזעלכע, וואָס דאַרפן ערשט פאָר־קומען און מען זעט שוין באַשיינפּערלעך ווער עס וועט מנצח זיין.

אַלע נייעסן, פון שטעטל, פון דער מדינה און פון גאָר דער וועלט, האָט מען זיך דערוווּסט און אַרומגערעדט אין בית־המדרש, ווּ עס האָבן זיך אויך געפונען ספּעציאַליסטן פאַר יעדן פּראָבלעם באַזונדער און אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פאַרשטאַנען אין אַלע ענינים פון דער וועלט...

די סוחרים פון ווּלאַדאַווע האָבן זיך גערופירט פון פאַר־שידענע אָפּשניטן. געווען סוחרים פון עופות, גענז און גענזן־שמאַלץ, סוחרים פון בהמות, פון תבואה און פּאַדריאַטשיקעס,



וואָס האָבן צוגעשטעלט כל־מיני מאַטעריאַלן פאַרן מיליטער, פאַר די קאַזאַרמעס אין שטאָט. געווען אויך פּאַדריאַטשיקעס, וואָס האָבן צוגעשטעלט מאַטעריאַלן פאַרן בויען די באַן־ליניע אין ווּלאַדאַווע.

געווען גרויסע האָלץ־סוחרים, וואָס פלעגן אַרויסשיקן דאָס געהילץ מיטן טייך בוג אַזש ביז דאַנציג. געווען סוחרים, וואָס פלעגן אָפּדינגען סעדער מיט פּרוכטן ביים גראַף זאַמאַיסקי און אַנדערע פּריצים אין דער נאָענטער און ווייטער סביבה. אַ גאַנצן זומער פלעגן זיי טאָגן און נאַכטיקן אין די סעדער, צוהיטן די ביימער. ווען די פּרוכטן זענען רייף געוואָרן האָט מען זיי פאַרקויפט אויפן מאַרק, סאָרטירן און די שענערע און בעסערע האָט מען געשיקט מיט דער באַן קיין וואַרשע און ווייט אין טיף רוסלאַנד.

## ווּלאַדאַווער שופרות

ווּלאַדאַווע איז געווען באַקאַנט מיט דער פאַבריקאַציע פון שופרות, וואָס האָט זיך דאָרט שיין אַנטוויקלט, באַזונדערס דורך די רוסמאַנס. איידער עס איז אין שטאָט געווען אַן עלעקטרישע סטאַציע האָט מען די שופרות געמאַכט מיט דער האַנט, מיט גרויס מייסטערשאַפט אויסגעאַרבעט פון הערנער, און אַ ווּלאַדאַווער שופר איז געווען באַרימט אין גאַנץ פּוילן און אויך אין פאַרשידענע אַנדערע לענדער, ווי ענגלאַנד, אַמעריקע, און אויך אין ווייטן אַפריקע, אומעטום ווּ עס האָבן זיך געפונען יידן, יידישע ישובים.

די שופר־פּראָדוקציע פון די רוסמאַנס גייט אויך ווייטער אָן אין ישראל. ווען הרב גורן האָט נאָך דער סיני־אַקציע געבלאָזן שופר, איז עס געווען דער שופר, וואָס יעקב רוסמאַן האָט אים געמאַכט אין יאָר 1956.

שטיל און רואיק איז זיך געפלאָסן דאָס לעבן אין ווּלאַדאַווע, יעדער האָט זיך געפונען זיין פּרנסה, זעלטן בהרחבהדיק, אָבער געבענטשט מיט דער שיינער מידה פון אַ שמח בחלקו, צו באַגנוגנען זיך און זיין צופרידן מיט דעם, וואָס מען קען מפרנס זיין ווייב און קינדער.

אין יענע צייטן זענען די מענטשן געווען איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן. עס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די יידן אין וואָלאָדאַווע די גרייטקייט אַרויסצוהעלפֿן איינע די אַנדערע אין אַ נויט. ווען עס האָט געטראָפֿן אַ פֿאַל, אַז אַ סוחר אָדער אַ בעל מלאכה האָט זיך געפֿונען אין אַ שווערער לאַגע, האָבן יידן אין שטעטל נישט גערוט נישט געשטאַנען מיט פֿאַרלייגטע הענט און צוגעקוקט זיך ווי יענער ברעכט זיך איין, נאָר באַמיט זיך אויף פֿאַרשידענע אופֿנים אַרויסצוהעלפֿן דעם מענטש, געבן אים די מעגלעכקייט אַרויסצובאַקומען זיך פֿונעם קריזיס און ער זאָל קענען ווייטער עקזיסטירן, פֿירן זיין געשעפֿט אָדער וואַרשטאַט.

פֿונקט ווי מיט צרות האָט מען זיך אויך געטיילט מיט שמחות. אַ חתונה אין שטעטל צי אַן אַנדערע שמחה, איז געווען די שמחה פֿון גאַנצן שטעטל. אַלע האָבן זיך געגרייט, יעדער אויף זיין שטייגער, אָבער מיטן געפֿיל פֿון אָנגעהעריקייט פֿון אַ מיטבאַטייליקטן אינעם געשעעניש.

אין שטאָט זענען געווען קאַזאַרמעס פֿון רוסישן מיליטער, וווּ עס האָבן געדינט אויך אַ סך יידישע בחורים און יונגע־לייט, פֿון נאָענטע און ווייטע שטעט אָבער שטענדיק איז געווען אַ נאָענטער קאָנטאַקט צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג אין וואָלאָדאַווע מיט די יידישע סאָלדאַטן אין די קאַזאַרמעס. מען פֿלעגט זיי איינלאַדן אויף שבת, אויף אַ יום־טוב און זיי פֿלעגן זיך אין יידישע שטובן אין וואָלאָדאַווע פֿילן היימיש, ברידערלעך.

גאָר לעבעדיק און טומלדיק זענען געווען די מאַרק־טעג אין וואָלאָדאַווע. אויף אַלע וועגן, וואָס האָבן פֿון די אַרומיקע דערפֿער און דערפֿלעך געפֿירט אין שטעטל אַריין זענען געפֿאָרן פֿורן און פֿורלעך געפּאַקט מיט פּויערים און פּויערטעס, אויך די צאָל פֿיסגייער זענען געווען גרויס, אַלע האָבן זיי געברענגט זייערע דאָרפֿישע פּראָדוקטן אין שטעטל אַריין.

דער געזונטער ריח פֿון ווייץ און קאָרן, וואָס מען האָט געפֿירט אין זעקלעך; דער געשמאַקער ריח פֿון פּרוכטן און כלערליי גרינסן האָבן זיך מיט פֿרישקייט געטראָגן אין דער ריינער פֿרימאָרגנדיקער לופֿט. אַלץ וואָס איז געוואַקסן אין דאָרף און וואָס עס האָט אַרויסגעגעבן די פֿעטע ערד אין דער געגנט אַרום וואָלאָדאַווע, האָט מען אינעם מאַרק־טאָג, גלייך מיטן־טאָג־ליכט, געפֿירט אין שטאָט אַריין.

אַזוי האָט עס אויסגעזען אין יעדן מאַרק־טאָג. און עס איז אין וואָלאָדאַווע נישט געווען קיין איין ייד, וואָס זאָל אַ גאַנצע וואָך נישט אַרויסקוקן אויף דעם יאַריד. עס האָבן אויף אים אַרויסגעקוקט די קלענערע מוכרי־תבואהניקעס, וואָס האָבן געהאַנדלט מיט ווייץ און קאָרן. מיט גרויפּן און רעטשקע און אויך מיט האָבער און גערשטן. עס זענען צווישן זיי געווען פֿיינע באַלעבאַטים, אַזעלכע וואָס האָבן געקענט לערנען אַ בלאַט גמרא און די פֿון זיי, וואָס זענען נישט געווען קיין לומדים, זענען אויך געקומען יעדן טאָג אין בית המדרש, געדאַוונט, געזאָגט תהילים און האָבן מיט גרויס כוונה געבעטן ביים רבונו של עולם, ער זאָל ברענגען ישועות און נחמות אויף אַלע יידן.

עס האָבן אויפֿן יאַריד אַרויסגעקוקט די בעלי־מלאכות פֿון שטעטל, די קירזשנערס, די שניידערס, די שוסטערס, די בלעכער, די סטאָלאַרס און אַלע אַנדערע יידישע בעלי־מלאכות, וואָס האָבן אַ גאַנצע וואָך שווער געאַרבעט און ווייניק פֿאַרדינט. יעדער בעל־מלאכה האָט עפּעס צוגעגרייט צו פֿאַרקויפֿן און אין אַלץ האָט מען אַריינגעלייגט אַרבעט און געלט, מיט דער האָפֿענונג, אַז די אַרבעט וועט נישט זיין אומזיסט און דאָס געלט וועט נישט זיין אַרויסגעוואָרפֿן.

אַפֿילו די מלמדים אין שטעטל, דרדקי־און גמרא־מלמדים, האָבן אַ גאַנצע וואָך אַרויסגעקוקט אויפֿן מאַרק־טאָג, ווען פּויערים און פּויערטעס וועלן אויף די וועגן, וואָס פֿירן פֿון די אַרומיקע דערפֿער קומען קיין וואָלאָדאַווע קויפֿן און פֿאַרקויפֿן.

און ס'איז נישט קיין וווּנדער, וואָס אַפֿילו זיי, די מלמדים, וואָס האָבן געלערנט מיט יידישע קינדער תורה, האָבן אַרויסגעקוקט אויפֿן מאַרק־טאָג. קודם־כל איז עס געווען דערפֿאַר, וואָס ווען זיי האָבן נאָר געמאָנט שכר לימוד ביי עמיצן, האָט מען זיי אָפּגעלייגט אויף נאָכן מאַרק־טאָג. אָבער חוץ־דעם, האָט כמעט יעדער מלמד געהאַט אַ ווייב, וואָס איז געווען אַן „אשת חיל" און האָט געווייגלעך מיט עפּעס געהאַנדלט, מיט ליכט, מיט הערינג, מיט זאַלץ, מיט קאַנדל־צוקער, מיט נאַפֿט, מיט געזאַלצענע פֿיש, מיט פּויערישע פּאַטשיילעס אָדער מיט וואָס עס האָט זיך נאָר געמאַכט.

די דאָזיקע מלמדקעס האָבן געהאַט זייערע שטעלעכלעך אין מאַרק און אָפּגעגעבן זיך מיט מסחר האָבן זיי נישט דערפֿאַר וואָס זיי האָבן עס ליב געהאַט אָדער האָבן זיך גלאַט געוואָלט טומלען, נאָר דערפֿאַר וואָס זיי האָבן געמוזט; פֿון קנעלן אַליין האָט מען קיין פּרנסה נישט געקענט האָבן און ווי איז געווען דעם מלמד, וואָס האָט נישט געהאַט אַ ווייב אַן אשת חיל, וואָס האָט געברענגט די פּרנסה אין שטוב אַריין.

אין די פֿינצטערע ווינטער־אָוונטן פֿלעגן מיר גיין אין חדר מיט לאַמטערנעס, די בלאָטעס זענען געווען טיפֿע און קינדער פֿלעגן זיך דערציילן פֿאַרשידענע מעשיות וועגן שדים און רוחות, וועגן טויטע וואָס וואַנדערן אַרום, ווייל זיי קענען נישט געפֿונען קיין תיקון פֿאַר די עבירות, וואָס זיי האָבן געטאָן ביים לעבן. עס איז געווען אַ פּחד צוצוהערן זיך צו די אַלע מעשיות, אָבער דאָך האָט עס קיינעם פֿון די יינגלעך

נישט אָפּגעשראָקן, חדר־יינגלעך פלעגן נאָכן לערנען לויפן זוכן פּיאָווקעס, כאַפּן טויבן און פייגעלעך. פּיאַווקעס האָט מען פאַרקויפט צו די פעלדשערס, אין די אַפּטייקן פון פאַרזינסקי און פריד, וואָס האָבן זיך געפונען אינמיטן מאַרק.

געווען אין וואָלאָדאַווע אויך פאַבריקלעך פון סאָדעוואַסער, וואָס מען האָט געגאָסן אין פלעשער און אין קופּערנע באַלאָנען.

געווען אויך אַזעלכע וואָס האָבן אויסגעאַרבעט היימישע פּאַפּיראָסן, פאַרקויפט זיי אין הורט און אין דעטאַל.

באַזונדערס האָבן זיך איינגעקריצט אין זכרון די יום־טובים, ווען די שטאָט האָט געענדערט איר אויסזען און די מענטשן זענען געוואָרן געמיטלעכער און אויסגעזען ווי צו לעבן אין דער ספערע פון אַן אַנדערער וועלט, אין אַ וועלט פון גייסט, פון רוחניותדיקע פאַרלאַנגען.

צומשטאַרקסטן האָבן אין קינדערשן געמיט זיך איינגעקריצט די פורים־טעג, וואָס זענען געפייערט געוואָרן מיט פאַרשידענע שפּילן. פאַרשטעלטע האָט מען שפּאַצירט אין די גאַסן, געגאַנגען איבער פאַרמעגלעכע הייזער, פאָרגע־שטעלט „יוסף מיט די ברידער”, „אחשורוש און המן”, „אסתר המלכה. פון די ליבהאָבער, וואָס האָבן אַנטיילגענומען אין די דאָזיקע שפּילן, זענען שפּעטער אויסגעוואַקסן די מיט־גלידער פון די דראַמקרייזן מיט אַמביציעס צו שפּילן טעאַטער.

באַזונדערס פריילעך איז געווען שמחת־תורה, ווען די גרויסע שיל איז געווען געפּאַקט צו די הקפות און מען האָט געטאַנצט אויך אינדרויסן.

האַרציקע און ערלעכע זענען זיי געווען די וואָלאָדאַווער יידן און דערפאַר האָבן זיי זיך אַזוי איינגעקריצט אין זכרון פון די לעבנגעבליבענע. זייער גאַנץ לעבן, די שיינקייט און גוטסקייט, וואָס זיי האָבן אין זיך געטראָגן, נעמען מיר איבער בירושה און היטן אָפּ ווי דעם טייערסטן אוצר.




די פּאָטשט־גאַס: נעבן דער טיר פון זייער הויז שטייען: יוסל וואָלפּס, זיינעביידע זין רחמיאל און דוד, די טאָכטער און נאָך אנדערע יידן.

משה ראָזשאַנקע

# די ערשטע וועלט־מלחמה

בעתן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן די רוסן צוגענומען דאָס גאַנצע מעש פון שטאָט. מיין שלאָסער־מעכאַנישע פאַבריק האָבן די רוסן כמעט אויסגעליידיקט און איך האָב דאַן אויפגעשטעלט אַ קליין מילעכל. די יידן, וואָס פלעגן גיין איבער די פאַרלאָזטע פעלדער אויפקלויבן אַ ביסל תבואה, קאָרן אָדער ווייץ, פלעגן עס ברענגען צו מיר, צו מאָלן.

ווען עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען די פליטים פון אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָבן מיר געשאַפן אַ קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך גלייך גענומען אָרגאַניזירן אַ קיך פאַר די פליטים. אין קאָמיטעט זענען געווען פאַרטרעטן די מערסטע מיטגלידער פון דער חברה קדישא און מיר האָבן געזאַמלט פראָדוקטן אויך ביי די פריצים און מיעשטשאַנעס. די טרוקענע פראָדוקטן האָבן מיר פונאַנדערגעטיילט צווישן די משפחות.

שפעטער האָט דער דזשאָינט אָנגעהויבן שיקן פאַרשידענע פראָדוקטן און מלבושים פון אַמעריקע און עס האָט זיך געשאַפן נאָך אַ קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען צוו. אַנד. געווען פאַרטראָטן: יעקב־הערש גרינהויז, קיווע שטערן, פיניע שפילמאַן, דוד בעקערמאַן, אהרון־מאָטל פרידמאַן, האפסלער און איך. שפעטער האָבן מיר געשאַפן די קיך, וועלכע האָט זיך גערופן די אַמעריקאַנער קיך, ווייל אַלע פראָדוקטן זענען געקומען פון אַמעריקע, געשיקט דורכן דזשאָינט. אין דער קיך האָט מען געקאָכט רייז מיט באָבעלעך און גלייכצייטיק אַרויסגעגעבן זיסע פושקעלעך מילך און קאַקאַאָ. פאַר קינדער האָט מען געטיילט שיך און מלבושים.

אַזוי האָט וולאָדאַווע אין יענער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה אויפגענומען די יידישע פליטים און מיט אַלע כוחות באַמיט זיך צו לינדערן דעם הונגער און די נויט פון דער פאַראָרעמטער יידישער באַפעלקערונג אין וולאָדאַווע.

דאָס האָט אַזוי געדויערט ביזן סוף יאָר 1918, ווען די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זייער צוריקמאַרש און זענען קוים מיטן לעבן אַנטלאָפן פון פוילן. עס האָט זיך דעמאָלט געשאַפן אַ צייטווייליקע שטאָט־פאַרוואַלטונג, אין וועלכער איך בין אויך געווען פאַרטראָטן. געאַרבעט צוזאַמען מיטן בורמישטש זאַלעווסקי און דעם בעקער אַנטאָניעווסקי, וועלכער איז געווען וויצע־בורמישטש.

אין אַ געוויסן טאָג זענען פון לובלין אָנגעקומען עטלעכע לעגיאָנערן, וואָס האָבן דערקלערט, אַז זיי האָבן באַקומען די אויפגאַבע איבערצונעמען די מאַכט אין דער שטאָט. געפאָדערט פון דער מיליץ אָפצוגעבן דאָס געווער. אַניסעוויטש, אַ זון פון אַ פוילישן מיעשטשאַן, וואָס האָט געוווינט אויף דער גאַס נאַדאַלו, איז געווען דער אָנפירער




ר' אליעזר ראָזשאַנקע, גערופן לייזער קעסלער מיט זיין פרוי. זיי זענען געווען די ערשטע עולים פון וולאָדאַווע קיין ארץ ישראל.

אין דער מיליץ. ער איז געקומען מיט אַ קורצער צייט צוריק פון רוסלאַנד און איז, ווייזט אויס, געווען אָנגע־שטעקט מיט דער רעוואָלוציאָנערער שטימונג און האָט אין וולאָדאַווע אָרגאַניזירט אַ גרופּע קעמפער, וואָס האָט זיך קעגנגעשטעלט די לעגיאָנערן און נישט געוואָלט אָפּגעבן דאָס געווער.

אין דער דאָזיקער גרופּע זענען געווען קריסטלעכע און יידישע יונגעלייט, צווישן זיי: ברוך ציין, משה רימערס זון און נאָך עטלעכע, וואָס איך געדענק נישט זייערע נעמען. זיי אַלע האָבן פשוט נישט געגלויבט, אַז די לעגיאָנערן קומען אין נאָמען פון אַ געשאַפענער רעגירונג.

אַניסעוויטש האָט אָוועקגעשיקט רייטערס קיין כעלם, ווו זיי האָבן זיך געדאַרפט דערוויסן ווי אַזוי עס זעט אויס דער פּוילישער מצב. דערווייל האָבן די לעגיאָנערן אָנגע־הויבן מיט כוח צו פאַרנעמען די שטאָט. עס איז אויסגע־בראָכן אַ שלאַכט צווישן די לעגיאָנערן און אַניסעוויטשעס מענטשן.

ס'איז געווען אַ בלוטיקע שלאַכט. די לעגיאָנערן האָבן פאַרנומען די גאַנצע מיל־גאַס, דעם פּוילישן קאַשטשאָל און די רוסישע צערקווע. די קעגנזייטיקע שיסעריי איז לאַנג אָנגעגאַנגען. דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביסענער.

איך בין דעמאָלט געווען אַ שותף צו דער וואַסער־מיל און בין צוזאַמען מיט נח רופא געלאָפן צו שלום זלמנס הויז. אויפן וועג האָב איך געזען ווי ברוך ציין פאַלט פון אַ קויל.

אין שלום זלמנס הויז זענען מיר געזעסן אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט. ערשט ווען עס האָט זיך באַרואיקט זענען מיר אַרויס אין גאַס און גלייך זיך גענומען צום צו־נויפקלייבן די יידישע הרוגים. מיר, די חברה קדישא, האָבן אין יענעם טאָג צונויפגענומען און מקבר געווען זעקס יידי־שע הרוגים.

די מאַכט איז שוין געווען אינגאַנצן אין די הענט פון די לעגיאָנערן, וועלכע האָבן אַרעסטירט אַן ערך 30 יידן און צווישן זיי אויך מיין ברודער גרשון הענעך, משה גדליהס אַ שטיף־זון און נאָך אַנדערע יונגעלייט, וועלכע זענען געווען פאַרדעכטיקט אין אָנטייל נעמען אין די שלאַכטן.

שפּעטער איז פון וואַרשע געקומען אַן אויספאָרשונגס־קאָמיסיע און דערנאָך איז פאָרגעקומען אַ פּראָצעס. משה גדליהס שטיף־זון, פון פאַך אַ דרוקער, איז געוואָרן באַשול־דיקט אין דרוקן פּלאַקאַטן, וואָס האָבן גערופן צום אויפ־שטאַנד. ער האָט באַקומען 3 יאָר תפיסה. אויך אַניסעוויטש



איז פאַרמשפּט געוואָרן אויף לאַנגיאָריקער תפיסה, נאָר איז שפּעטער אויסגעטוישט געוואָרן קיין רוסלאַנד. נאָך אַ גע־וויסער צייט איז ער צוריקגעקומען, אָבער לסוף איז ער באַגאַנגען זעלבסטמאָרד אַרונטערוואַרפנדיק זיך אונטער אַ לויפנדיקן צוג אין טאָמאַשעווקע.

## באַלאַכאָווצעס

מיט צוויי יאָר שפּעטער איז וולאָדאַווער יידן ווידער באַשערט געווען צו געבן קרבנות. דאָס איז געווען אין יאָר 1920 בעת דער פּויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה. איידער די באָלשעוויקעס זענען אַריין האָט באַלעכאָוויטשעס אַרמיי באַזעצט די שטעט און שטעטלעך אין וולאָדאַווער ראַיאָן און אָנגעמאַכט אַ מוראדיקן חורבן צווישן דער יידישער באַפעלקערונג. דעם זעלבן גורל האָט אויך געטיילט וולאָ־דאַווע. גאָר שטאַרק זענען געטראָפן געוואָרן די וולאָדאַווער יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן איבערן בוג, געזוכט זיך צו באַ־האַלטן אין דאָרף אויף שאַצק.

אין יענער צייט זענען דערהרגעט געוואָרן: פּנחס ווירקערס זון, משה פישמאַן, הערצקע שרייבערס אַ זון, וועלכער האָט נישט געלאָזט פאַרגוואַלטיקן זיין כלה, פּנחס ווירקערס אַ טאָכטער.

גרויסע צרות האָבן די באַלעכאָווצעס אָנגעטון די יידן אין די דערפער, ווו זיי זענען געווען שוצלאָז און די מער־דער האָבן זיך איבער זיי איזדיעקעוועט.

אין וולאָדאַווע האָבן די באַלעכאָווצעס געכאַפּט פרויען צו דער אַרבעט און פיל פון זיי פאַרגוואַלטיקט. עס איז דעמאָלט דערהרגעט געוואָרן הערשקע סאַפירשטיין, וואָס האָט געוווינט ביי מיר. אים האָט דערהרגעט אַ יונגער באַלעכאָוויעץ. מיינס אַ שכן, אַ שוסטער, האָבן די באַלע־כאָווצעס געהאַנגען אַלס פאַרדעכטיקטן אין באָלשעוויזם. געשען איז עס צוליב דעם, וואָס עמיץ האָט זיך געבייזערט אויף אים: „וואָס, דו ביזט שוין אויך אַ באָלשעוויק?" צו די באַלעכאָווצעס איז דערגאַנגען דאָס וואָרט באָלשעוויק און זיי האָבן אים גלייך אָוועקגעפירט און געהאָנגען. דוד שטילערמאַן האָבן זיי אַרעסטירט און אָפּגעהאַלטן דריי טעג. ערשט ווען איך בין אַוועק אין מאַגיסטראַט אינטערווענירן ביים בורמישטש, האָבן זיי אים באַפרייט.

אין סאָכאָווע האָבן די באַלעכאָווצעס דערהרגעט פינף יידן, אַ טאַטן און אַ זון און די גאַנצע משפחה. אין אַדאַמפּאָל האָבן זיי דורכגעשטאָכן אַ פאָטער צוזאַמען מיט זיין טאָכ־טער, ווען ער האָט פאַרטיידיקט זיין קינד און נישט געלאָזט זי פאַרגוואַלטיקן. נעבן בית עולם האָבן מיר געפונען דעם

טויטן קערפּער פון אַ מיידל, וואָס איז אויף אַ שווידערלעכן אופן פאַרגוואַלטיקט געוואָרן.

אין שטאָט האָט יעדער באַמיט זיך צו באַהאַלטן די מיידלעך און יונגע פרויען. אויך ביי מיר האָט זיך באַהאַלטן אַ מיידל מיט אַ מוטער, אָבער ביינאַכט האָבן זיך די באַלעכאָוועצעס אַריינגעריסן צו מיר און זי פאַרגוואַלטיקט. פאַרטאָגס זענען ווידער געקומען באַלעכאָוועצעס, אָבער איך האָב באַוויזן זי צו באַהאַלטן און געזאָגט, אַז איך ווייס נישט ווּהין זי איז אַוועק.

דער באַלעכאָוויעץ אַקסאַקאָוו האָט זיך געטשעפּעט צו מיין טאָכטער, געזאָגט, אַז ער איז אַ ייד און וויל מיט איר חתונה האָבן. דערווייל האָט ער זי איינגעלאַדן אויף אַ באַל, וואָס די באַלעכאָוועצעס האָבן איינגעאָרדנט. איך האָב געזאָגט, אַז זי איז קראַנק און האָב זי אָפּגעפירט צו אַ דאָקטאָר קיין כעלם. ווען ער האָט געזען, אַז ער וועט מיט גוטנס גאָרנישט פועלן, האָט ער מיר גענומען דראָען אָנצוקלאָגן מיך, אַז איך בין מיט די באָלשעוויקעס. דער סוף איז געווען, אַז זיי האָבן מיך טאַקע אַרעסטירט און איך האָב זיך געמוזט אויסקויפן פאַר אַ סך געלט.

עס איז געקומען צו אַ פּראָצעס, אָבער ביי דער אויספאָרשונג האָב איך גראָד אָנגעטראָפן אויף אַ סלעדאָוואַטעל, וואָס האָט מיך געקענט נאָך פון פאַר דער מלחמה. פאַר אַ גרעסערע סומע געלט האָט ער פאָרגעלייגט צו זאַמלען אונטערשריפטן פון באַלעבאַטים, וואָס זאָלן באַשטעטיקן, אַז זיי קענען מיך אַלס בורזשוי און ווי אַזעלכער איז נישט מעגלעך, אַז איך זאָל האַלטן מיט די באָלשעוויקעס. אין צווישן איז אָנגעקומען פּויליש מיליטער, האָט איבערגענומען די קאָמענדע איבער דער שטאָט און איך בין באַפרייט געוואָרן.

חוץ די באַלעכאָוועצעס האָבן יידן געהאַט אויסצושטיין צרות אויך פון די האַלערטשיקעס, וועלכע זענען באַפאַלן יידן און אָפּגעשניטן ביי זיי די בערד, אַרויסגעריסן מיט שטיקער פּנים און געשלאָגן מכות רצח. מיטן אָנקום פון פּוילישן מיליטער האָט זיך די לאַגע באַרואיקט און עס איז געוואָרן איינגעשטילט. די באָלשעוויקעס זענען אין שטאָט געווען בלויז אַכט טעג, אָבער אין פאַרלויף פון דער קורצער צייט האָבן זיי באַוויזן צו קאָנפיסקירן דאָס פאַרמעגן ביי די רייכע. מען האָט געשמועסט אין שטאָט, אַז די באָלשעוויקעס זענען שוין דערגאַנגען ביז פּראַגע און וועלן באַלד איינעמען וואַרשע. אָבער אין עטלעכע טעג אַרום, ווען אויפן מאַרק איז פאָרגעקומען אַ מיטינג, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אָרגאַניזירט, איז פּלוצים געוואָרן אַ מהומה און די באָלשעוויקעס האָבן אָנגעהויבן צוריקצוציען זיך, זענען אַנטלאָפן אויף דער אַנדערער זייט בוג.



## שאַצק

די באַלאַכאָוועצעס האָבן אַרויסגערופן אומרוען צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין דער גאַנצער געגנט. יידן זענען געלאָפן אין גרויס פּאַניק פון שטאָט אין דאָרף. אַ סך וואָלאַדאָוועער יידן זענען אַנטלאָפן אויף דער אַנדערער זייט בוג און געפּרוווט זיך ראַטעווען אין דעם קליינעם שטעטל שאַצק אָדער אין קאָברין. מען האָט דערציילט, אַז די באַלעכאָוועצעס האָבן דאָרט אויסגעהאַרגעט איבער 150 יידן, מענער, פרויען און קינדער.

ווען עס האָט זיך איינגעשטילט בין איך מיט שיע לעמפּעל, משה רובינשטיין און נח באַגרעבער אַוועק אַהין, אויפגעזוכט די קדושים און זיי געבראַכט צו קבורה אין וואָלאַדאָווע. דאָס אויפזוכן איז נישט אָנגעקומען גרינג און האָט געדויערט עטלעכע חדשים. מיר אַליין האָבן אַרויסגענומען 64 טויטע קערפּערס. צווישן זיי, געדענק איך, פּייוול לעדערמאַנס זון, יעקב-הערש גרינהויז זון. אַ סך קערפּערס זענען געווען אין אַ מוראַדיקער צושטאַנד. די מערדער האָבן זיך איבער זיי איזדיעקעוועט, געשניטן פון זיי שטיקער, צעשניטן מיט אַ זעג און אַנדערע מוראַדיקע פּייניקונגען.

די דאָזיקע שחיטה האָבן די באַעכאָוועצעס דורכגעפירט אין משך פון צוויי טעג, ערב יום-כיפור און אויף צומאָרגנס דעם גאַנצן יום-כיפורדיקן טאָג.

עס זענען אַדורך פינף חדשים און עס איז אָנגעקומען אַ בריוו פון דובאָוונער סלעדאָוואַטעל, אַז ער האָט באַשטימט צו קומען אויף אונטערזוכן דאָס קבר פון העשקע שאַפּירשטיין, ווייל מען דאַרף אים פּאַלמעסן און זען צי דער באַלעכאָוויעץ, וואָס ווערט באַשולדיקט אין דערמאָרדן אים, איז ווירקלעך דער שולדיקער.

צו מיר איז דעמאָלט געקומען צו לויפן שאול וואָלף ליכטנבערג מיט העשקעס זון, אַלטער שאַפּירשטיין, און זיי האָבן מיך געבעטן, אַז איך זאָל זען עפּעס צו טון, מען זאָל דעם פאָטער נישט פּאַלמעסן. דער מצב איז געווען אַ שווערער און איך האָב נישט געוווסט, וואָס מען הייבט אָן טון. אָבער ווען עס איז געקומען דער טאָג, ווען מען האָט געדאַרפט דורכפירן דאָס פּאַלמעסן, האָב איך דעם דאָקטאָר אָנגעוויזן אויף אָן אַנדער קבר פון אַ מענטש, וואָס איז שוין געווען לאַנג טויט און איך בין געווען זיכער, אַז יענעמס גוף איז שוין אינגאַנצן צעפאַלן. דער דאָקטאָר האָט ווירקלעך פעסטגעשטעלט, אַז מען קען שוין נישט דורכפירן די אונטערזוכונג און אַזוי איז אויסגעמיטן געוואָרן דאָס פּאַלמעסן.

דודל טוביהלעס-גיידנקאָרן איז געווען אַ דראָזשקאַזש און בעת די באָלשעוויקעס זענען אַריין איז ער געוואָרן אַריינגעצויגן אין דער מיליץ. נאָכדעם ווי די פּאָליאַקן האָבן

איבערגענומען די מאַכט, האָבן זיי אים אַרעסטירט און פאַר־
משפּט צום טויט דורך שיסן. אין דער זעלבער צייט איז אויך
פאָרגעקומען אַ פּראָצעס קעגן אַ באַלאַכאָוויעץ, וואָס האָט
דערמאָרדעט אַ יענדראָווער ייד און ער איז אויך פאַרמשפּט
געוואָרן צום טויט.

עס איז געווען אין אַ פרייטיק, ווען מען האָט די ביידע
פאַראורטיילטע אַוועקגעפירט צום פּוילישן צמענטאַזש און
זיי געהייסן אַריינגיין אין אַ צוגעגרייטן גרוב. אַרום זיי זענען
געשטאַנען גרייט די זעלנער, וואָס האָבן געדאַרפט אויספירן
דעם אורטייל און צווישן זיי איז געווען אויך אַ יידישער
סאָלדאַט און ער האָט שפּעטער דערציילט, אַז דוד האָט אין
יענעם מאָמענט געבעטן, מען זאָל אים דערלויבן זאָגן ווידוי
און רופן דעם רב.

דער יידישער זעלנער איז אַוועק אין שטאָט און געב־
רענגט דעם נעמיראָווער רב, וואָס איז אין יענער צייט געזעסן
אויפן כסא הרבנות אין וולאָדאָווע. גלייך ווי דער רב האָט
זיך דערנענטערט צו די פאַרמשפּטע האָט דוד זיך געוואָנדן
צו אים:

„רבי, איך בין אַ ייד און איך וויל נישט בלייבן ליגן
צוזאַמען מיטן ערל... עס איז מיין לעצטער פאַרלאַנג און
איך בעט אייך צו טון אַלץ, וואָס וועט זיין מעגלעך אַרויס־
צונעמען מיר פון דעם גרוב און ברענגען צו קבר ישראל.
דעם סימן וועט איר האָבן, איך טראָג אויפן לייב אַ מגן־דודל
אויף אַ קייטעלע...“

נאָך דער דאָזיקער דראַמאַטישער סצענע איז דודל צו־
ריקגעגאַנגען אין גרוב און עס האָבן אָפּגעהילכט די שאָסן,
וואָס האָבן פאַרענדיקט ביידע לעבנס.

דער נעמיראָווער רב האָט מיך די גאַנצע צייט כסדר
דערמאָנט, אַז מען דאַרף אַרויסנעמען דודלס קערפּער. איך
האָב זיך געוואָנדן צו דודלס ברודער און שוועסטער זיי זאָלן
אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש אַרויסצונעמען זייער ברודער
פונעם קבר. זיי האָבן זיך אָבער אָפּגעזאָגט דאָס צו טון און
עס איז פאַרביי אַן ערך אַנדערטהאַלבן יאָר, אין משך פון
וועלכע אונדזער חברה קדישה האָט אַרויסגענומען פיל אַנ־
דערע דערהאַרגעטע יידן און זיי געבערענגט צו קבר ישראל.
דאָקעגן דודל איז געבליבן ליגן אויפן פּוילישן צמענטאַזש אין
איין גרוב מיטן דערשאָסענעם באַלעכאָוויעץ. אין איינעם אַ
פרייטיק־צו־נאַכטס האָט זיך מיר געחלומט, אַז דודל טוביה־
לעס שטייט איבער מיר און בעט זיך: „משה, נעם מיך
אַרויס, נעם מיך אַרויס!“



דער נעמיראָווער רב איז ווידער געקומען צו מיר, דער־
מאָנט מיך אין דודלס לעצטער בקשה און געזאָגט, אַז ער
אַליין גייט אָפּט אויף זיין קבר און בעט מחילה און עס איז
שוין די העכסטע צייט מיר זאָלן מקיים זיין יענעמס צוואה.

אין אַ פאַרטאָג בין איך צוזאַמען מיטן נעמיראָווער רב,
מיט משה רובינשטיין און שיע לעמפּל, אַוועק צום קבר און
אַרויסגענומען דודלען, אויף וועלכן מיר האָבן נאָך געפונען
דעם סימן, דאָס מגן־דודל אויף אַ קייטעלע, און מיר האָבן
אים געבערענגט צו קבר ישראל.

געווען אַ פאַל מיט אַ זאַמאָשטשער בחור, גינסבורג,
וועלכן די פּאָליאַקן האָבן באַשולדיקט אַלס דעזערטער און
פאַרמשפּט צום הענגען. די דריי זעלנער, וואָס האָבן אים
געפירט און געדאַרפט אויספירן דעם אורטייל, זענען געווען:
אַ רוס, אַ פּאָליאַק און אַ ייד. דער יידישער זעלנער האָט מיר
שפּעטער דערציילט דעם פאַרלויף פונעם אויספירן דעם אור־
טייל:

בעתן הענגען אים האָט זיך דער שטריק אָפּגעריסן און
ער איז אַראָפּגעפאַלן. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט אויך
ביים צווייטן מאָל און ביים דריטן מאָל. ווען ער איז צום
דריטן מאָל אַראָפּגעפאַלן איז ער שוין געווען אין גסיסה־
צושטאַנד. די זעלנער זענען צוגעגאַנגען צום זשאַנדאַר, וואָס
איז געריטן אויף אַ פערד און געבעטן אים, ער זאָל זיי געבן
זיינע לייצעס, וועלכע וועלן פאַרזיכערן, אַז דער געהאָנגענער
וועט מער נישט אַראָפּפאַלן. דער זשאַנדאַר האָט קאַטעגאָריש
אָפּגעזאָגט: „אויב עס טרעפט אַזאַ פאַל און דער געהאָנגענער
פאַלט עטלעכע מאָל אַראָפּ פון דער תליה, ווערט עס גערעכנט
ווי דער אורטייל וואָלט שוין געווען אויסגעפירט... פאַר מיר
איז ער שוין טויט“.

דער זשאַנדאַר איז אַוועק, אָבער די זעלנער האָבן, ווייזט
אויס, מורא געהאָט און האָבן זיך באַראָטן צווישן זיך וואָס
צו טון. אין דעם מאָמענט איז דער געהאָנגענער יידישער
בחור געקומען צו זיך און מיט אַ פאַרשטיקט קול געבעטן זיך
ביי די זעלנער, אַז זיי זאָלן צו וויסן טון זיין מוטער אין
זאַמאָשטש וועגן זיין טויט און מען זאָל אים שטעלן אַ מצבה.

די זעלנער האָבן אים געשאָסן און צו מיר זענען זיי
געקומען דערנאָך, איך זאָל דורכפירן מיט דער חברה קדישא
זיין קבורה.

אין צוויי חדשים אַרום איז פון זאַמאָשטש געקומען זיין
מוטער און אַ שוועסטער און האָבן אים געשטעלט אַ מצבה.



ד״ר שושנה געלערנטער־קאמעניר
באר־שבע

# דאס טרויעריקע קאפיטל באלאכאווצעס

עס איז אָנגעקומען דאָס יאָר 1920, בעת די רויטע באָלשעוויסטישע אַרמיי האָט צוריקגעטריבן די פּוילישע אַרמיי פון רוסלאַנד און איז שוין געשטאַנען ביי די טויערן פון וואַרשע, האָט צוזאַמען מיט דער פּוילישער אַרמיי געקעמפט קעגן די באָלשעוויקעס, דער גענעראַל באלאק באַלאַכאָוויטש, אַ ווייסער גענעראל־העטמאן, אַזאַ רוצח ווי דעניקין, קאָלטשאַק, פּעטלורע און אַנדערע אין יענער צייט רוצחישע גענעראַלן, וואָס האָבן געשחטן יידן ווו נאָר זיי זענען געקומען. די באלאָכאָווצעס האָבן געטראָגן די זעלבע מונדירן ווי די רוסיש־צאַרישע קאָזאַקן מיט אַ פּעדערל אין די פּאָפּאַכעס און אַ זשעטאָן מיט אַ סקעלעטן־ קאָפּ און אַן אויפשריפט „בעי זשידאוו ספּאַסאַי ראַסיאַ״.

דער שטאַב פון דער פּוילישער אַרמיי האָט זיי געגעבן פרייע הענט צו מאָרדן יידן און רויבן זייער פאַרמעגן ווו נאָר זיי זענען געקומען די ערשטע. עס איז זיי געלונגען די ערשטע צו באַזעצן ראטנע, קאָוולע, שאצק און אַנדערע קלענערע שטעטלעך און דערפער אויף וואָלין, ווו זיי האָבן דורכגעפירט פּאָגראָמען, פאַרגוואַלדיקונגען און מאָרד איבער דער יידישער באַפעלקערונג.

אונדזער שטעטל וולאָדאַווקע, וואָס איז אָפּגעטיילט פון וולאָדאַווע דורכן טייך בוג, ווו מען שווימט אַדורך דעם טייך אין זומער מיט אַ פּעראָם, ווינטער גייט מען דורך דעם טייך צופוס אויפן אייז און עס מאַכט דעמאָלט דעם איינדרוק ווי ס'וואָלט געווען איין שטאָט, וואָס ציט זיך באַרג־אַראָפּ פון וולאָדאַווע און פאַרענדיקט זיך מיט וולאָדאַווקע אויף דער צווייטער זייט בוג.

וולאָדאַווע און וולאָדאַווקע האָבן געהאַט אַרום זיך אַ געמישטע פּוילישע, אוקראַאינישע און ווייס־רוסישע באַפעלקערונג, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען נישט ווינציק אַנטיסעמיטישע רוצחים און די דאָזיקע פּויערים



אַ גרופּע יתומים נאָך די פּאָגראָמען פון די באַלעכאָווצעס אין וולאָדאַווע

האָבן שטענדיק אויסגעקוקט אַ געלעגנהייט צו קענען מאָרדן און רויבן די יידישע באַפעלקערונג. די געלעגנהייט איז זיי געגעבן געוואָרן, ווען די באַלאַכאָווצעס זענען אַריין אין וולאָדאַווע.

ווען די רויטע אַרמיי, האָט אָנגעהויבן איר צוריקטריט און הערנדיק, וואָס די באַלאַכאָווצעס טוען אָפּ מיט די יידן אין אַנדערע ערטער, זענען פיל יידן געלאָפן מיט דער רויטער אַרמיי אויף דער צווייטער זייט בוג, האָפנדיק זיך צו ראַטעווען פון אַ זיכערן טויט. צווישן די, וואָס זענען געלאָפן געדענק איך די נעמען פון אייניקע פון זיי: ניסעלע ראַבעווער מיט טעכטער און איידעמס און אייניק־לעך.

זלמן עפּעלבוים איז געווען פון די ערשטע וועמען די באַלאַכאָווצעס האָבן אין דאָרף פילעמיץ אָפּגעשניטן די באָרד מיט שטיקער פלייש און ביי בלוטיקע קלעפּ צוגע־רויבט אַלץ וואָס ער האָט געהאַט. דאָס זעלבע האָבן זיי געטאָן מיט נאָך אַנדערע וולאָדאַווער און וולאָדאַווקער יידן, זיי רוצחיש צעשלאָגן און פאַרטריבן פון דאָרף. זיי זענען געגאַנגען קיין פּישטש ביז דעם מאַלעריטער שאָסיי. ניסעלע ראַבעווערס איידעם יהושע געלערנטער מיט זיין פרוי שרה, ניסעלע ראַבעווערס טאָכטער, וועלכע איז געווען שוואַנגער און מיט דריי קליינע קינדער, האָבן נישט געקענט גיין קיין מאַלעריטע. זיי, מיט נאָך אַ סך יידן און ניסעלע ראַבעווערס גאַנצע גרויסע משפחה האָבן באַשלאָסן צו גיין אין דאָרף שאַצק, ווו זיי האָבן געהאַט אַ סך פריינט. ניסעלע ראבעווער איז געווען קראַנק, האָבן יהושע געלערנטער און זלמן עפּעלבוים אים געטראָגן אויף די פּלייצעס. זיי האָבן געהאָפט, אַז אין שאַצק זענען דאָ פיל פּויערים, וואָס האָבן גוט געקענט ניסעלע ראבעווער און יענע וועלן זיי אויסבאַהאַלטן.

די קלאַנגען וועגן די שרעקלעכע שחיטות, וואָס די באַלאַכאָווצעס האָבן אויסגעפירט אין קאַמען קאַשירסק, האָט אויף אַלעמען אָנגעוואָרפן אַ טויט־שרעק. מידע, הונ־געריקע און דערשלאָגענע איז מען אָנגעקומען אין דאָרף שאַצק. די דאָרטיקע יידן האָבן אונדז אויפגענומען מיט אָפענע אָרעמס, זיך געטיילט מיט זייער ביסן און אונדז אַריינגענומען אין זייערע דירות.

דאָס איז געווען עטלעכע טעג פאַר ראש השנה. די פעלדער אַרום זענען שוין געשטאַנען נאַקעטע. דאָ און דאָרט האָט זיך אָנגעזען אַ צעקאָפּעט קאַרטאָפל־פעלד און אויך די אויסגעקאָפּעטע לאָנען האָבן געהאָלפן שטילן דעם הונגער, אויסזוכנדיק איבערגעבליבענע קאַרטאָפל.

נאָך צוויי שטילע, אָבער אין פּאַניק דערוואַרטעטע טעג, זענען די באַלאַכאָווצעס אַריין מיט ווילדע געזאַנגען



און געשרייען קיין שאַצק. זיי האָבן גלייך אָנגעהויבן זייער רויב־פאַרגוואַלדיקונג־און מאָרד־מאַרש און די געשרייען איבערן דאָרף זענען געווען אין לשער.

איך בין דאַן אַלט געווען צוועלף יאָר און כאָטש עס געדענקט זיך נישט אַלע נעמען פון די וולאָדאַווער און וולאָדאַווקער יידן, וואָס זענען אויסגעהרגעט געוואָרן, ווילט זיך פאַרצייכענען די נעמען, וועלכע זענען געבליבן אין זכרון:

ירוחם פון וולאָדאַווקע, זיין פאָטער האָט געהייסן בערל, ער איז געווען אַן איידעם ביי אַ וולאָדאַווער בהמות־סוחר. שמילקע קלעזמער און אַ ווירקער ייד, וועמענס נאָ־מען כ׳געדענק נישט.

די צווילדעטע באַלאַכאָווצעס האָבן מיט זייערע שווערדן צעשטאָכן יידישע קינדער און זיי געוואָרפן אין דער אָזערע. ליבעוונער מיידלעך און וולאָדאַווער דריי מיידלעך זענען פאַרגוואַלדיקט געוואָרן און יאָרן לאַנג גע־ליטן ביז זיי זענען געשטאָרבן. איינע פון די שרעקלעכ־סטע פאַלן איז געווען, דאָס פאַרגוואַלדיקן אַ שוואַנגערדיקע פרוי אין די אויגן פון אירע קליינע קינדער.

דער גורל פון פיל יינגע מיידלעך און פרויען איז גע־ווען אַ שרעקלעכער. זיי זענען געוואָרן פאַרפייניקט און שפּעטער דערשאָסן.

ערב ראש השנה און ראש השנה איז געווען דער גרויליקסטער מאַסן־מאָרד. די באַלאַכאָווצעס האָבן אויף מיינע אויגן דערשאָסן ניסעלע ראַבעווער. דאָס איז געווען פרייטיק צו קבלת שבת. דערציילנדיק שטיל מיין פאָטער, יהושע געלערנטער, וועגן דעם שרעקלעכן פאַל פונעם זיידן, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל אַוועק אין וואַלד זיך אויסבאַהאַלטן. ער האָט אָבער נישט געוואָלט פאַרלאָזן זיין פרוי און קינדער און איז די גאַנצע צייט געזעסן און גע־זאָגט תהלים.

שבת, דעם ערשטן טאָג ראש השנה, האָבן די באַלאַ־כאָווצישע רוצחים אַרויסגענומען יהושע געלערנטער פון ווינונג און אים געפירט צום שטאַב. איך בין נאָכגעלאָפן. זיי האָבן מיך געשלאָגן און געפּרוווט פאַרטרייבן, אָבער איך בין ווידער נאָכגעלאָפן. דאָרט האָבן זיי אים געצווונגען אויסצולאָדן זעק מיט שפּייז פון צענדליקער פירן, שפּעטער אים צוגעפירט צו אַ גרויסן גרוב און אים באַפוילן צו גראָבן אַ צווייטן גרוב אין דער זייט. זיי האָבן געזויפט און געפרעסן פון אַ טיש, ווו עס זענען געשטאַנען פלעשער מיט וואָדקאָ און פאַרשידענע פליישן און בעת מיין פאָטער האָט געגראָבן דעם גרוב, האָבן זיי אים געשלאָגן מכות רצח, באַדעקנדיק זיין פנים און קערפּער מיט בלוטיקע ווונדן. שפּעטער האָבן זיי אים אַוועקגעשליידערט אויף דער

ערד, אים געבונדן די הענט און פיס מיט שטעכיקן דראָט און אַ לעבעדיקן אים אַריינגעוואָרפן אינעם גרויסן גרוב, ווו עס זענען שוין געלעגן צענדליקער געהרגעטע יידן.

פון זייטיקע געסלעך האָבן פויערים געשלעפּט גע־הרגעטע יידן און זיי אַרויפגעוואָרפן אויף אים. איך האָב געמאַכט געוואַלדן און גרויליק געשריגן.

פּלוצים האָב איך דערפילט אַ זעץ איבערן קאָפּ און עמעץ האָט מיך געשלעפּט פאַר די האָר. אַ באַלאַכאָוויעץ האָט געשריגן: „שיס זי, דעם זשידאָווסקי וויראָדעק", נאָר דער עמעץ האָט מיך ווייטער געשלעפּט פאַר די האָר. דאָס איז געווען אַן אַלטע פויערטע, וואָס האָט מיך אַוועקגע־שלעפּט פונעם בלוטיקן פּלאַץ...

אייניקע טעג האָט שרה ניסעלע ראבעווערס געלעבט מיט האָפענונג, אַז איר מאַן באַהאַלט זיך אויס אין די וועל־דער, ווייל איר קליינע טאָכטער האָט פון איר אויסבאַהאַל־טן די געשעענע טראַגעדיע. זי האָט זיך דאָס אָבער שפּע־טער דערוווסט פון דער אַלטער פויערטע.

אַ קינד פון דריי יאָר, דודל, האָט געהאַט אַ צעשפּאָל־טענעם קאָפּ פון אַ שווערד, וואָס האָט זיך ביי אים אַ לאַנגע צייט שווער געהיילט.

ווען די רוצחים האָבן שיכורע פון וואָדקאַ, רויב און מאָרד פאַרלאָזט דאָס דאָרף שאַצק, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צאָל אלמנות און יתומים איז אַ שרעקלעך גרויסע און אַ סך פאַרגוואַלדיקטע מיידלעך און פרויען זענען אַראָפּ פון זינען.

דאָס צוריקקערן זיך קיין וואָלאָדאַווע־וואָלאָדאַווקע איז געווען שרעקלעך באַגלייט מיט געוויינען, ספּאַזמעס, פאַלן אין חלשות. די געבליבענע אלמנות און יתומים האָבן נישט געקענט קומען צו זיך פון פאַרצווייפלונג. די היימען זענען געווען אויסגערויבט.

חנוכה האָט מען אונטער אונדזער הויז געבראַבנגט פינף פירן מיט יידישע הרוגים, צווישן זיי אויך יהושע געלערנטער מיט די געבונדענע הענט און פיס מיטן שטע־כיקן דראָט. אויך ירוחם, בערלס זון און שמילקע קלעזמער.

איך געדענק נישט די נעמען פון די אַנדערע געהרגע־טע. אייניקע פון זיי האָט מען געפירט קיין וואָלאָדאַווע און אַ סך קיין ליבעוונע. ניסעלע ראַבעווער איז מיט שאַצקער הרוגים באַערדיקט געוואָרן אין ליבעוונע.

שרה געלערנטער האָט מיט עטלעכע טעג שפּעטער געבוירן אַ זון, וועלכן מען האָט געגעבן אַ נאָמען נאָכן פאָטער — יהושע. דאָס קינד האָט געלעבט בלויז פערצן חדשים. נאָך דעם קינד איז אויך באַלד געשטאָרבן די יונגע מוטער, איבערלאָזנדיק עלנט די דריי קיילעכדיקע יתומים.

גאַנץ אָפט פלעג איך באַזוכן די רוסישע אַרכעווע, ווו אָפּגעטיילט אויף אַ בערגל אויפן בית הקברות זענען געווען אַ סך צענדליקער קברים פון די קדושים.

שפּעטער האָט זיך אין וואָלאָדאַווע געשאַפן אַ בית יתו־מים, אויסגעהאַלטן געוואָרן דורכן „דזשאָינט". וואָלאָדאַווער בעלי בתים ווי: אֵלי געזונדהייט, יונה קאַליכשטיין, שאול־קע סאמעלסאָן, קיווע בנימין לייבס, זענען געווען אַקטיווע מיטאַרבעטער ביים בית יתומים. דוכט זיך, אַז שפּעטער איז אויך געווען שאול וואָלף ליכטענבערג און גאַנץ באַ־זונדערס האָבן גענומען אַן אַקטיוון אָנטייל ד"ר יוסף פעלד־מאַן און זיין פרוי. אויך דער רוסיש יידישער שניידער קאַניעווסקי, וועלכער האָט געוווינט אין „פּריוט", האָט געטיילט זיין ברויט די קינדער פון בית יתומים.

שמילקע ביאַלער, ווענען מ'האָט גערופן שמילקע דער



ווי תמיד אין אַ פּאָגראָם ווערן צומשווערסטן געטראָפן די קינדער און זיי האָבן אָפט אַרויסגעוויזן ווונדערלעכע שטאַנדהאַפטיקייט, אָבער דערשיטערנדיק איז געווען דער גורל פון די קינדער, וועלכע זענען געבליבן אָן טאַטע־מאַמע, קיילעכיקע יתומים. דאָך ווי עס טרעפט מיט ביימער געטראָפענע פון אַ האַק אין שטאם. ווי טיף עס זאָל נישט זיין די ווונד, דאָך בליט דער ביים און וויל נישט פאַרוויאַנען.
אויפן בילד זעען מיר די יתומים נעבן דער שול אין יאָר 1921, פאַרזאַמלט צום אָפּפאָרן קיין דרום־אַפריקע און אַמעריקע.

שוואַרצער (אַזאַ איז ער טאַקע געווען), איז געווען דער דערציער פון די קינדער און זיך באַמיט צו מאַכן פון די קינדער אַ גוטן מענטשן־מאַטעריאַל.

שפּעטער האָט זיין אַמט איבערגענומען אסתר קעלבערמאַן, אַ זייער איבערגעגעבענע צו די קינדער און געטאָן פאַר זיי אַ סך גוטס. טייל פון די דאָזיקע יתומים־קינדער געפונען זיך אין בראַזיל, דרום אַפריקע און אַנדערע לענדער.

אלי ליבעס פישמאַן

# די דובעטשנער הוטע

די דובעטשנער הוטע איז געווען אַ קוואַל פון פרנסה פאַר אַ סך יידן אין וואָלאַדאַווע און אין דער סביבה. עס איז דעריבער כדאי צו דערציילן די געשיכטע פון דער דאָזיקער הוטע בקיצור, און די געשיכטע איז אַזאַ:

אויפגעבויט די הוטע האָט אַ פּוילישער פּריץ מיטן נאָמען קאַרפּינסקי. דער דאָזיקער פּריץ קאַרפּינסקי האָט אויך פאַרמאָגט זיין אייגנטום פאָלגנדע אַכט דערפער און פאָלוואַרקס: האַנסק, דובעטשנע, קראַטיע, לעץ, יאַזדאַוו, קאַלאַטש, לובאַווויטש און קאָלטשין. דער פּריץ אַליין האָט געוווינט אין האַנסק.

די דובעטשנער הוטע איז שפּעטער איבערגעגאַנגען אין יידישע הענט און דער דאָזיקער איבערגאַנג איז געווען פאַרבונדן מיט אַ געוויסן יאַרמאַלעוויטש, — אַ מעקלער פון וועלדער און פּריצישע מאַיאָנטקעס. דער יאַרמאַלעוויטש איז געווען אַ פרומער ייד פון וואַרשע, אָבער אין יענער צייט, האָט ער שוין געהייסן אַ פּאָסטעמפּאָווער", אַ היינט־וועלטיקער הייסט עס. ער איז געווען פון די גרעסטע און פּעאיקסטע מעקלער צווישן פּריצים, געהאַט אַ גוטן נאָמען און אַ שטאַרקע השפּעה. אַפילו אַן אַנטיסעמיטישער פּריץ, וועלכער האָט נישט געוואָלט האַנדלען מיט קיין יידן, האָט דאָך געהאַנדלט מיט יאַרמאַלעוויטשן, וועלכער האָט פאַרקויפט זיינע גרויסע שטחים וועלדער און דווקא צו יידישע וואַלד־סוחרים. מען האָט דאַן געשמועסט, אַז יאַרמאַלעוויטש האָט דערביי אָפּגענומען אַ גוזמאָדיקע סומע מעקלעריי.

דאַן האָט זיך געוואָנדן צו אים אַ מאָסקווער פּולקאָווניק, אַז ער זאָל אים אויסבויען אַ פּאַלאַץ אין וואַרשע. יאַרמאַלעוויטש האָט זיך עס אונטערגענומען, באַקומענדיק פון פּולקאָווניק אַ געהעריקן האַנט־געלט.

אין יענער צייט איז געווען אַ רוסיש געזעץ, אַז אַ בנין מוז קודם־כל זיין פאַרשריבן אויפן נאָמען פון בוי־אונטערנעמער. ערשט ווען דער בנין ווערט פאַרטיק, שרייבט אים דער בוי־אונטערנעעמער איבער אויפן נאָמען פונעם פאַקטישן אייגנטימער.

דער פּאַלאַץ איז אויפגעבויט געוואָרן צום טערמין און דער פּולקאָווניק איז געקומען אים איבערנעמען. דער גאַנצער פּאַלאַץ איז אים געפעלן געוואָרן, אָבער ער האָט געוואָרפן אַן אומחן אויף צוויי טעראַסן, וואָס לויט זיין מיינונג, שטייען זיי נישט אויף די געהעריקע ערטער און פאַרמיאוסן אים דעם שיינעם איינדרוק פון גאַנצן פּאַלאַץ. דער קאַפּריזנער פּולקאָווניק האָט נישט געוואָלט צוצאָלן דאָס איבעריקע געלט און איבערנעמען דעם פּאַלאַץ. ער האָט מוותר געווען אויפן האַנט־געלט און איז אַנטלאָפן צוריק קיין מאָסקווע. יאַרמאַלעוויטש האָט נאָך געפּרוווט אונטערהאַנדלען, אָבער די לאַנגע אונטערהאַנדלונגען האָבן זיך געשלעפּט אַ פּאָר יאָר, ביז דעם פּולקאָווניק האָט זיך גאָר פאַרגלוסט אַוועקצושטאַרבן. אַזוי איז דער פּאַלאַץ געבליבן ביי יאַרמאָלעוויטשן.

דער פּריץ קאַרפּינסקי, דער אינהאַבער פון די אויבנדערמאָנטע אַכט דערפער און גיטער, וועלכער איז כמעט תמיד געזעסן אין וואַרשע, — אים איז דווקא דער פּאַלאַץ געפעלן. ער האָט זיך דאַן געוואָנדן צו יאַרמאָלעוויטשן, אַז ער זאָל זיך מיט אים ביטן: ער גיט אים אַוועק פאַרן דאָזיקן פּאַלאַץ, אַלע אַכט דערפער און גיטער, מחמת ער קען

דאָרט נישט דורכקומען מיט זיינע פּאַראַבקעס, וועלכע האָבן די קעפּ אויפגעהויבן נאָכן אָפּשאַפן די פּאַנשטשיזנע און זיי פּאָלגן נישט.

און אַזוי האָבן דער יידישער גרויס-מעקלער און דער פּוילישער פּריץ געמאַכט אַ בייט. קאַרפּינסקי האָט זיך אַריינגעצויגן אין וואַרשעווער פּאַלאַץ און יאַרמאָלעוויטש איז אַריבער קיין האַנסק, אָנצופירן מיט זיינע אַכט דערפער און גיטער. ער האָט שוין יאָ געקענט אויסקומען מיט זיינע פּאַראַבקעס און אַלע ענינים האָבן זיך איינגעאָרדנט. עטלעכע יאָר האָט ער דאָ געבאַלעבאַטעוועט און ער האָט דווקא זייער שטאַרק מצליח געווען. איינמאָל האָט אים אפילו דער כראַביע זאַמאָיסקי פּאַרגעלייגט, אַז ער זאָל זיך מיט אים בייטן. זאַמאָיסקי האָט אים געוואָלט אָפּגעבן דעם ראַזשאַנקער הויף, אָבער יאַרמאָלעוויטש האָט נישט מסכים געווען.

יאַרמאָלעוויטש האָט חתונה געמאַכט זיין טאָכטער מיט אַ פרומען יונגנמאַן, וועלכער האָט נישט געוואָלט גיין צו דער חופה אָן אַ שטריימל... מען האָט געמוזט וואַרטן מיט דער חופה, ביז עס איז געשאַפן געוואָרן אַ שטריימל. עט־לעכע יאָר שפּעטער, איז דער זעלבער פּאַנאַטיש-פרומער יונגערמאַן געוואָרן אַ פּאַנאַטישער אפיקורס און ער פלעגט חוזקן פון רביים. איינמאָל, דערציילט מען, כדי צו פּראַווען ליצנות, איז ער געפאָרן צו אַ רבין און דערלאַנגט אַ קוויטל, אַז ער דאַרף נעבעך אַ רפואה שלימה. געווען איז ער געזונט ווי אַ נוס, אָבער ער האָט געשפּילט די ראָל פון אַ חלוש, אַ קראַנקן נעבעך. דער רבי האָט אים אָנגעקוקט, געזיפצט און געזאָגט: „טרינק זויערמילך, דו הערסט? נאָר זויער־מילך קען דיר העלפן". דער יונגערמאַן האָט שוין נאָכדעם לאַנג נישט געלאַכט: ער האָט אָנגעהויבן קרענקען אויף דער אמתן, האָט נישט געגעסן און געדאַרט אַזוי לאַנג, ביז דאָקטוירים האָבן אים געראָטן צו טרינקען זויערמילך. זויער־מילך איז געוואָרן זיין איינציקע שפּייז און בלויז דערמיט האָט ער זיך דערהאַלטן...

דער אַלטער יאַרמאָלעוויטש איז געשטאָרבן און אי־בערגעלאָזט זיבן קינדער, פיר זין און דריי טעכטער. די זין האָבן געהייסן מיט אַזעלכע יידישע נעמען, ווי: סטאַך, קובאַ, לעאָן און סימאָן. די קינדער האָבן זיך צעטיילט מיט דער ירושה און האָבן אָנגעהויבן אויסצופאַרקויפן זייערע מאַיאָנטקעס. די דובעטשנער הוטע האָט דאַן אָפּגעקויפט דער וואַרשעווער נגיד שאָולבערג. שאָולבערג האָט די הוטע פאַרגרעסערט און ער האָט אָנגעהויבן אַריינצונעמען יידן צו דער אַרבעט. אַזוי זענען ביסלעכווייז אַלע האַנסקער יידן, אַרום אַ הונדערט און צוואַנציק משפחות, אַריין קיין דובעטשנע.

דאָס גלאָז פון דער הוטע פלעגט מען מערסטנטייל פירן מיט פורן קיין וואַרשע און קיין לובלין אָבער אַ טייל איז אויך געגאַנגען מיט דער באַן, דורך דער וולאָדאַווער באַן־סטאַציע. אַ סך יידן פון וולאָדאַווע און אומגעגנט האָבן געלעבט פון דער הוטע.

דובעטשנע האָט פאַרנומען אַ ריזיק-גרויסן שטח. דער פּריץ שאָולבערג האָט שפּעטער פאַרקויפט אַ סך באָדן, איבערלאָזנדיק פאַר זיך בלויז דעם טאָרף־באָדן, וואָס ער האָט געדאַרפט צום באַהייצן די הוטע. דעם באָדן האָבן גע־קויפט יידן, פּאָליאַקן און דייטשן. די דייטשן האָבן הינטער דובעטשנע זיך אויסגעבויט אַ גאַנצע קאָלאָניע. די דאָזיקע באָדן-שטחים האָבן די אַרבעטער אויסגעצאָלט מיט זייער שכירות פון דער הוטע גופא.

שאָולבערג האָט אויפגעשטעלט אַ בית־מדרש אויף דער אַרגענטינער גאַס און נאָכדעם, נישט צו וועקן קיין קנאה־שנאה ביי די דייטשן, — האָט ער אויך פאַר זיי אויפגע־שטעלט, להבדיל אַ געבעט-הויז פון רויטע ציגעלעך.

די יידן האָבן זייער געהאַלטן פון פּריץ שאָולבערג און ער פלעגט טאַקע טון גרויסע טובות. ער פלעגט באַזאָרגן מיט באַהייצונג דעם בית־מדרש און די מקווה און ער פלעגט צאָלן דעם רב, ר' אליעזר פרידמאַן און דעם שוחט.

אויסער דער דובעטשנער הוטע, האָט שאָולבערג נאָך פאַרמאָגט אַ צווייטע הוטע אין אָליווקע, הינטער קאָוועל. די דאָזיקע הוטע איז געווען אַ געדונגענע, ער האָט זי גע־האַלטן אין אַרענדע און ער האָט דאָרט אויך געהאַט אַ וואַלד, מיט וועלכנס געהילץ ער פלעגט באַהייצן יענע הוטע. עס איז נישט באַוווּסט, צי דאָס איז אַ השערה, אַ רכילות, אָדער אַ פאַקט, נאָר דערציילט האָט מען, אַז צוליבן דאָזיקן וואַלד איז שאָולבערג געשטאָרבן. ער האָט זיך נעמ־לעך דערוווּסט, אַז מען באַגנבעט אים דעם וואַלד און ער האָט גאָרנישט געקענט העלפן. פון דעם זאָל ער זיך האָבן גענומען אַזוי צום הארצן, אַז אין איינעם אַ טאָג, האָט מען אים געפונען אַ טויטן אויף דער קאַנאַפּע.

די פּריצטע-אַלמנה האָט באַלד נאָכדעם פאַרקויפט יענעם וואַלד און איבערגעגעבן יענע הוטע, בלייבנדיק בלויז די אינהאַבערין פון דער דובעטשנער הוטע. דאָ האָט זי זיך אַ נעם-געטאָן ענערגיש און האָט איינגעפירט גאַנץ אַנדערע, שטרענגע „פּאָזשאָנדקעס". זי האָט שוין נישט געהאַט איר מאַנס סענטימענט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג און פאַר די יידישע אַרבעטער. די דאָזיקע ענדערונג האָבן מיר גוט געפילט די לעצטע יאָרן, ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט-מלחמה.

מיין פאָטער ע"ה, משה שטשעסניקער, האָט געאַרבעט אין דער הוטע ביים וויקן דעם שטרוי. ער איז געשטאָרבן

אין יאָר 1918 אויף זיין געלעגער. מיין מוטער ליבע, וואָס מיך האָט מען גערופן לויט איר „אלי ליבעס", איז אין עלטער פון עטלעכע און אַכציק יאָר, אומגעבראַכט געוואָרן אין דער סאָביבאָרער גאַז־קאַמער. אויך מיין ברודער שמואל מיט זיינע קינדער זענען דאָרט אומגעבראַכט געוואָרן. מיין עלטערער ברודער, אלתר, איז געווען אין וואַרשע. ער איז פון דאָרט אַנטלאָפן און ער געפינט זיך היינט אין קאַנאַדע. (מיין צווייטער ברודער, שכנא, האָט געוווינט מיט ווייב און פיר קינדער אין סלאוואטיטש. זיי זענען אַלע דערשאָסן געוואָרן דורך די דייטשן).

איך אַליין האָב אַלע מיינע יאָרן געאַרבעט אין דד־בעטשנע. איך האָב געפירט דאָס גלאָז קיין לובלין און אַנדערע שטעט. אין יאָר 1939 בין איך אַנטלאָפן מיט מיין משפחה קיין רוסלאַנד און ערשט אין יאָר 1946 זענען מיר צוריקגעקומען קיין פוילן. מיר זענען דאָרט לאַנג נישט געווען. נאָכן קעלצער פּאָגראָם, זענען מיר אַנטלאָפן קיין דייטשלאַנד און אין יאָר 1949, זענען מיר געקומען קיין ישראל. איך מיט מיין פרוי און אונדזערע צוויי זין מיט זייערע משפחות, וווינען איצט אין יבנה הדרומית, ווו מיר פירן אַ דאָרפישע ווירטשאַפט.

י. מילנער

# די ערשטע באַן

כאָטש דאָס שטעטל איז געווען שעדלעצער גובערניע, אָבער דאָך איז עס געווען זייער נאָענט צו כעלם. אין מיטלפּונקט צווישן כעלם און בריסק. און יידן פון די ביידע שטעטלעך האָבן זיך געפילט ביי זיך אין יעדן פון דעם פּלאַץ. מען האָט אַפילו דערציילט אַ מעשה, און יידן האָבן געשווירן ביי זייער באָרד און פאות, אַז עס איז אַ פאַקט, וואָס קאָן אַריין אין אונדזער פאָלקלאָר. ווי באַקאַנט האָט זיך צום ערשטן מאָל באַוויזן אַ באַן אין דער געגנט, און דאָס איז געווען די אייזנבאַן „כעלם — בריסק". אַז מען האָט געלאָזט דעם ערשטן צוג, איז גאַנץ כעלם געווען אויפן וואָקזאַל און מען איז געקומען פון אַלע עקן שטאָט זען דעם וווּנדער. דער נאַטשאַלניק פון דער באַן האָט מודיע געווען:

— לכבוד אַזאַ וויכטיקן טאָג, קאָנען אַלע פאָרן אומזיסט ביז וולאָדאַווע!...

איר שטעלט זיך פאָר ווי מען האָט זיך געשטופּט אין די וואַגאָנען, אָבער דער נאַטשאַלניק האָט נאָר געזאָגט ביז וולאָדאַווע. כדי צו פאָרן צוריק האָט מען שוין געדאַרפט נעמען בילעטן און קיינער האָט נישט געהאַט קיין פּרוטה אין קעשענע. דעמאָלט זענען די שענסטע כעלמער באַלעבאַטים געגאַנגען איבער די וולאָדאַווער הייזער בעטן נדבות, כדי צו קויפן אַ בילעט צוריק אַהיים...

יידן זענען אין וולאָדאַווע געווען שוין אין יאָר 1536. דאָס איז אַ שטעטל, ווו כמעלניצקי האָט אויסגעראָטן אַלע יידן אין יאָר ת"ח און עס זענען דאָרט אומגעקומען אויך די יידן, וואָס זענען געקומען זיך ראַטעווען פון די שכנותדיקע שטעטלעך אין וולאָדאַווע. פאַר דער לעצטער מלחמה זענען אין וולאָדאַווע געווען קרוב צוועלף טויזנט יידן, מיט אַלערליי יידישע אינסטיטוציעס, מיט אַ פיין יידיש לעבן. פון דעם אַלעם איז געוואָרן, ווי באַקאַנט, אַ תל־עולם.

איך וויל נאָר צוגעבן, אַז פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָבן רוסישע יידן, הויפּטזעכלעך פון אָדעס, אויסגעקליבן דעם וולאָדאַווער פּאָוויאַט און זיך דאָרט באַזעצט אין גרויסע און זייער רייכע גיטער, וואָס מען האָט גערופן „אימעניעס".

אַזוי האָט אין יענער צייט געוווינט אין וולאָדאַווע אַ יידישער „פּאָמיעשטשיק" גורעוויטש, וועמענס זון איז געווען פּראָפעסאָר אין דער סאָרבאָנע, זיי זענען אַלע היינט אין ניו־יאָרק, אָבער געדענקען שטענדיק זייער אַלטע היים, וולאָדאַווע.

היינט איז פון דעם גרויסן פילפאַרביקן יידישן ישוב אין וולאָדאַווע נישטאָ קיין זכר. די שטאָט איז איינע פון אונדזערע גרויסע בית־עלמינס. וואָס פאַראַ ווילדע פאַנטאַזיע און קרימינעלער מוח האָט גאָר געקאָנט אַזאַ זאַך אויסטראַכטן.

# תורה און רעוואלוציע אין וולאַדאַווקע

ביים סוף 19־טן יאָרהונדערט איז וולאָדאַווקע געווען אַן אייגנאָרדנטער ישוב, כאָטש אַ קליינער, פון אַ הונדערט און צוואָנציק משפחות. דער ישוב האָט זיך געפונען אויף דער צווייטער זייט בוג און איז באַשטאַנען פון עטלעכע געסלעך מיט הילצערנע הייזער, די דעכער באַדעקט מיט שינדלען, עטלעכע קלייטלעך אויפן גרויסן מאַרק־פּלאַץ, ווו עס זענען פיר מאָל אין יאָר פאָרגעקומען גרויסע יאַרידן, אויף וועלכע עס זענען זיך צונויפגעפאָרן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער און דאָ פאַרקויפט זייערע בהמות, פערד, קי און שעפסן. ווי אַויך תבואה און גרינצייג. פאַרן אָפּגעלייזטן געלט האָבן זיי איינגעקויפט מלבושים, פעלצן און שיכוואַרג, ווי אויך כאָמעטן צו די פערד, וואָס וולאָדאַווקער אין וולאָדאַוואָער סוחרים און בעלי־מלאכות האָבן אויסגעשטעלט אויף זייערע סטראַגאַנעס צום פאַרקויפן.

די קאָמוניקאַציע פון וולאָדאַווקע קיין וולאָדאָווע איז אין זומער באַשטאַנען פון אַ פאַראָם, ווו מען האָט גענומען אַ קליינעם אָפּצאָל סיי פון די פורן און סיי פון די פיסגייער. די לעצטע יאָרן האָט די קאָנצעסיע אויפן פאַראָם געהאַלטן אברהם־לייב צוקערמאַן (אברהם־לייב פון דער מאָסט) און לעדערער.

הינטערן ישוב זענען געווען צוויי צעגעלניעס, וואָס האָבן געהערט צו ר׳ לייבעלעס איידעם יואלקע ראָזענבוים און קוניע ניימאַן.

הינטערן דאָרף ארכאווע האָט זיך געפונען דער יידישער בית הקברות.

דער רוב איינוווינער האָט אַרום די הייזער געהאַט גערטנדלעך מיט גרינצייג פאַרן אייגענעם געברויך. די פאַרמעגלעכערע באַלעבאַטים האָבן פאַרמאָגט אַ קו און עופות. די אָרעמערע האָבן געהאָדעוועט ציגן און די מילך איז געווען אַן אָנשפאַר פאַר זייער חיונה.

צווישן די בעלי־מלאכות זענען געווען טשעסלערס, שינדלמאַכערס, מוליאַרס, און פעלצנמאַכערס. געווען אויך עטלעכע שוסטערס, שניידערס און בעלי־עגלות, וועלכע האָבן געפירט די ציגל פון די ציגעלניעס קיין וולאָדאַווע און די אַרומיקע ישובים.

עטלעכע יידן האָבן געצויגן חיונה פון גיין איבער די דערפער, געהאַנדלט און געאַרבעט ביי די פּויערים. זייערע פרויען האָבן צוגעהאָלפן אין דער פרנסה מיט זעצן און האָדעווען גענדז. אין די עטלעכע קלייטלעך אַרום מאַרק־פּלאַץ האָט מען פאַרקויפט שפּייז, געפעס און אַנדערע זאַכן. דאָס גרעסטע שפּייז־געוועלב האָט געהערט צו משה ראָטענבערג, בערל ראָטענבערגס פאָטער.

אַ קוואַל פון פרנסה איז אויך געווען דעם קוזמיר רבינס הויז, ווו דער רבי ר׳ מאָטעלע האָט געפירט רביסטווע, געפּראַוועט טישן, געזאָגט תורה אינעם גרויסן שאָלאש ביי זיין צוויי־שטאָקיקער געמויערטע געביידע. די חסידים, וואָס פלעגן קומען אויף די יום־טובים האָבן אַריינגעבראַכט לעבן אין דעם קליינעם ישוב, וואָס האָט זיך נעבן זיי אַרויסגעהאָלפן אין דער פרנסה.

אינעם גרויסן הילצערנעם בית המדרש און אין די שטיבלעך פון די קאָצקער חסידים, ביאַלער און ראָדזינער, האָבן בחורים און יונגעלייט געלערנט תורה יומם ולילה. מגידים פלעגן אָפט קומען האַלטן דרשות. צווישן די מגידים איז אויך געקומען דער טריסקער מגיד, וועמענס דרשות האָבן זיך ביי אַ סך יידן איינגעקריצט אין זכרון.

אין הויף פונעם בית המדרש האָט מען געשטעלט די חופּות. ווען עס איז געשטאָרבן אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס האָט מען אים מספּיד געווען ביים אַריינגאַנג צום בית המדרש.

איינער פון די גרויסע צדיקים אין 19־טן יאָרהונדערט ר׳ צדוק הכהן פון לובלין, מחבר פון די ספרים: „פּרי צדיק״, „צדקת צדיק״, „קדושת שבת״, „שביתת שבת״, „רסיסי לילה״, און „דברי חלומות״, האָט חתונה געהאַט קיין וולאָדאַווקע, איז געוואָרן דער איידעם פון ר׳ שמואל הירש הכהן, אַ רייכער אקסן־סוחר, וואָס האָט שוין עטלעכע יאָר געוווינט אין וולאָדאַווקע. אין דער ערשטער צייט האָט ר׳ צדוק הכהן געלערנט אין בית המדרש, שפּעטער האָט ער פאַרנומען דעם כסא הרבנות אין לובלין און נאָך דער פּטירה פונעם איזשביצער רבין,

זענען די חסידים געפאָרן קיין לובלין צו ר׳ צדוקן. איינער פון זיינע חסידים איז געווען ר׳ לייבעלע פון וולאָדאַווקע. ר׳ צדוק איז נפטר געוואָרן ט׳ אלול תר״ס.

נאָך דעם ווי ר׳ לייבעלע איז געוואָרן רב אין וולאָדאַווע האָט זיין פלאַץ אין וולאָדאַווקע פאַרנומען ר׳ אליעזר לאַנגלעבן. שפעטער האָט זיין אָרט פאַרנומען דער בריסקער רב, טשערקאַס. אַ שטיקל צייט איז אין רבינס הויף געזעסן דער מינסקער רבי, וועמענס פאַמיליע נאָמען איז געווען פערלאָוו.

קאָזשאָנער ראַבינער איז געווען ר׳ בנימין לייב פישמאַן.

אין אָנהויב 20־טן יאָרהונדערט האָט דעם כסא הרבנות אין וולאָדאַווקע פאַרנומען דער לובלינער רב, וועלכער איז שפעטער אַוועק קיין אַמעריקע. די רבנים אין וולאָדאַווקע האָבן אויסער זייערע שכירות געהאַט אויך די קאָנצעסיע צו פאַרקויפן הייוון.

צוליב אַ מחלוקת צווישן חסידים זענען אין וולאָדאַווקע געווען צוויי שוחטים: ר׳ משה און ר׳ עזריאַלקע.

מלמדים זענען אין די לעצטע יאָרן געווען: איצל ביאַלי, לייבעטשקע, חיים מלמד, אברהמלע דעם חזנס און בערעלע בנימינס, וועמענס פרוי עס האָט אויך געלערנט אין חדר מיט די קינדער שרייבן. האָט אַכטונג געגעבן אויף זייער שיינער האַנטשריפט, באַמיט זיך זיי זאָלן האָבן אַ שיינעם „פאַטשערעק״.

צווישן די אָנגעזעענע באַלעבאַטים איז אויך געווען ר׳ מתתיהו האַלצמאַן, אַ לוקאָווער חסיד און אַ נגיד. אויסער וואַלד־סוחר האָט ער זיך אויך באַשעפטיקט מיט פעלץ און רויכוואַרג, וואָס זיינע מענטשן האָבן פאַר אים איינגעהאַנדלט און ער האָט זיי עקספאָרטירט אין אַנדערע לענדער.

זיינע איידעמס: וועלוול ראַבינאָוויטש, משה ליאַס און דודטשע יאַקובאָוויטש זענען אויך געווען סוחרים און דערביי זייער איידעלע יונגעלייט און בני־תורה. ר׳ מאָטיסעס ברודער, שלמה־לייב, איז תמיד געזעסן אין בית־המדרש און געלערנט. זיין ברודער יאַנקל איז אויך געווען אַ וואַלד־סוחר, האָט גענומען צו זיך זיינע שוועסטערקינדער, האָט זיי דערצויגן און איינע האָט ער חתונה געמאַכט פאַר ישראל טשעסנער, וואָס האָט געהאַט אַ שם פון אַ גרויסן למדן און איידעלן יונגערמאַן.

אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס איז אויך געווען דער פאַדריאַטשיק פון שאָסייען, רורען. עס האָבן אויך געהערט צו די חשובע באַלעבאַטים די וואַלד־סוחרים און תבואה־הענדלער: הערש ווינאָגראַד, מאָטל גראַבאָוויצער, שמואל לייכטער, מאָטל בערעשיס, ישראל נוטע און זישע עזריאַלקעס.

מרדכי־הערש האָט פאַרקויפט לאָטעריע־צעטלען. דער קצב ברוך־זאַנוול האָט געזאָרגט, אַז דער אויוון אין בית המדרש זאָל נישט רויכערן, גלייכצייטיק איז ער אויך געווען דער הויפט־פאַרזאָרגער פון האָלץ פאַרן אויוון אין בית המדרש.

דער פורמאַן מאיר גאַנטער האָט אין זיין פרייער צייט געלערנט אין בית המדרש.

אין יאָר 1905, ווען אין רוסלאַנד זענען אין די יידישע שטעטלעך אויסגעבראָכן פאָגראָמען האָט דער וולאָדאַווקער רב גוזר תענית געווען. נאָכן דאַווענען איז אַרויף אויפן באַלעמער דער רעוואָלוציאָנער נחום, מרדכי שינדלמאַכערס זון, און ער האָט אויסגערופן:

„יידן, בלויז מיט אייער תהילים זאָגן אַליין וועט אייך גאָרנישט העלפן. צו דעם זאָל יעדער אָנגרייטן אַ שאַרפע




דער אַריבערפאָר איבערן טייך בוג פון וולאָדאַווע קיין וולאָדאַווקע. אויף יענער זייט בוג זעט מען די שטאָקיקע מויער פון טריסקער רבין ר׳ מאָטעלע. דאָ אין דער מויער פלעגן פיל וולאָדאַווקער יידן זיך ראַטעווען בעת אַ פאַרפלייצונג, וואָס פלעגט זייער אָפט אויסגיסן פון בוג אין די פאַר פסח־טעג.

האַק, אייזנס און אַנטקעגנגיין די פּאָגראָמטשיקעס מיט כוח".

צו קיין פּאָגראָם איז נישט געקומען.

די רעוואָלוציאָנערן האָבן גענומען געלט ביי רייכע באַלעבאַטים צו שטיצן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג און אין פאַל פון אַ שטרייק העלפן די שטרייקנדיקע.

צווישן די גיבורים פון שטעטל זענען געווען אויך משה מענאַשקע מיט זיינע זין.

שבת פלעגן אָנקומען רעוואָלוציאָנערן פון וולאָדאָווע, האָבן זיך צונויפגעזאַמלט הינטער די ציגעלניעס, אַמאָל אויך אין בית המדרש, ווו זיי האָבן געהאַלטן רעדעס, גערופן, מען זאָל אַראָפּוואַרפן דעם צאַר און איינפירן אַ סאָציאַליסטישע אָרדענונג. צווישן די אָנפירער פון די רעוואָלוציאָנערן זענען געווען ר' לייבעלעס אייניקלעך קיוועלע און מאָטל דעם רבס. אין וולאָדאָווקע איז געווען בלויז אַן אוריאַדניק, וועלכער האָט נישט געקענט שטערן זייערע רעדעס. ערשט שפּעטער זענען אָנגעקומען קאָזאַקן און אַרעסטירט די אָנפירער. אַ טייל איז פאַרמשפּט געוואָרן צו לאַנגע יאָרן תפיסה און פאַרשיקונג. אַנדערע זענען אַנטלאָפן קיין אַמעריקע.

דער רעוואָלוציאָנערער מענדל מינץ, וועלכער איז אין יאָר 1905 פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, איז נאָך דער רעוואָלוציע פון יאָר 1917 צוריקגעקומען און שפּעטער פאַרנומען אין סאָוויעט־רוסלאַנד אַ הויכן אַמט.

די גרויסע פאַרפלייצונגען, וואָס זענען פאָרגעקומען אין אַן ערב פּסח, האָבן דערפירט דערצו, אַז דער ישוב איז געוואָרן אָפּגעריסן פון דער וועלט. דער וועג קיין וולאָדאַווע דורך דער גרויסער בריק איז געווען אַ שלעכטער, אַ בלאָ־טיקער און זייער ווייט.

דאָס מאָנאָטאָנע לעבן אינעם קליינעם וולאָדאָווקע האָט אַ סך מענטשן דערפירט איבערצוציען זיך קיין וולאָדאַווע, ווו עס האָט זיך געפירט אַ לעבהאַפטיקע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט.

אין יאָר 1915, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן איז וולאָדאַווקע פולשטענדיק אָפּגעברענט געוואָרן. אַ סך איינוווינער האָבן זיך באַזעצט אינעם ניי־אויפגעקומענעם ישוב טאָמאַשוווקע, ביי דער באַן־סטאַציע, אַנדערע האָבן זיך באַזעצט אין וולאָדאַווע, ווו זיי האָבן זיך ביסלעכווייז איינגעאָרדנט און זיך אָנגעשלאָסן אין דעם אַלגעמיינעם לעבן פון דער שטאָט.

פונעם דאָזיקן אייגנאַרטיקן ישוב איז ביים היינטיקן טאָג געבליבן בלויז אַ חורבה פון רבינס הויף. אין יאָר 1939, ווען די נאַצישע רוצחים האָבן באַהערשט וולאָדאַווע האָבן די יידן פון וולאָדאַווקע דורכגעמאַכט אַלע יסורים און קאָשמאַרן, געטיילט דעם זעלבן גורל פון די וולאָדאַווער יידן.

## יצחק קצנלסון

***

מוריד הרבי את ראשו במצוגה,
ונוטפות הדמעות הכבדות, בלי פוגה...
מה בכי לרבי ? ובדמעו — מפני־מה
יוריד ראשו מטה לארץ דומה ?

שם הרחק שברך, קרא אל על ממכאוב,
עדי ארץ תבקע ושמים תנקב...
עד שטן יתר תהומה ואלהים אז ירד —
הוי, אל־נא תוריד את ראשך הכבד.

הואט קול הבכי... הרבי מרדזין
רחמיו לאלהים לוהטים ועזים,
הוא בוכה, ונצרב בדמעו אלהים,
ומוריד ראשו כבד הרבי מרדזין.

***

דער רבי — ער לאָזט שווער אַרונטער זיין קאָפּ —
און טרערן ווי באָב קאַפּעך שווער אַראָפּ...
וואָס וויינט ער, דער רבי ? און וויינט ער — פאַרוואָס
לאָזט ער דעם קאָפּ טיף אַרונטער ? ניט לאָז.

שריי אויס ווייט דעם ווייטיק, רוף הויך אויס די בראָך —
דיין געוואַלד שפּאַלט די ערד, מאַכט אין הימל אַ לאָך...
דער טייוול שפּרינגט אויף טיף און גאָט קומט אַראָפּ —
אָ, לאָז ניט אַרונטער, דעם שווערן, דעם קאָפּ.

דער רבי וויינט שטילער, מען הערט קוים זיין שטים
ער האָט, דער ראַדזינער, רחמנות אויף אים,
ער וויינט — און גאָט שטיקט זיך, הייס, הייס מיט זיין טרער —
און ס'לאָזט דער ראַדזינער דעם קאָפּ אַראָפּ שווער.

יצחק קצנלסון

# ליד פון אויסגעהרגעטן יידישן פאלק

עס וועט די זון מער אין איר אויפשטייג איבער אַ קליין שטעטל אין ליטע און אין פוילן נישט טרעפן שוין אַ ייד
אַ ליכטיקן אין פענצטער, אַ אַלטיטשקן, אַ זאַגנדיקן אַ קאַפּיטל תהילים און אַ צווייטן גייענדיקן אין שול —
עס וועלן אַלץ נאָך פויערן אין פורן אויף אַלע וועגן איר אַנטקעגן פאָרן, זיי וועלן אַלץ נאָך פאָרן צום יאַריד,
אַזוי פיל גויים — גוואַלד! מערער נאָך ווי פריער! און דער מאַרק, דער מאַרק איז טויט! דער מאַרק איז פול
און איז נישט פול!

עס וועט דאָס קול פון תורה זיך נישט לאָזן הערן פון ישיבות מער, פון קיין בית־מדרש, און בחורימלעך בלאַס
געאיידלטע אין לערנען, און פאַרטיפן זיך אין דער גמרא אין פאַרטראַכטן זיך... ניין, ניין, נישט בלאַס. עס איז
אַזאַ אַ שיין,

פאַרלאָשן שוין... רבנים, ראשי־ישיבות, יידן לערנער, גאונים דאַר און קוואַר און שוואַך, אָנגעפילט מיט ש״ס,
מיט פוסקים, קליינע יידעלעך מיט גרויסע קעפּ, מיט הויכע שטערנס, אויגן קלאָר — נישטאָ זיי שוין, זיי וועלן
מער נישט זיין.

עס וועט אַ מאַמע ניט פאַרוויגן מער אַ קינד, מען וועט ניט שטאַרבן שוין ביי יידן, און ניט געבוירן ווערן מער,
ניט געזונגען ווערן לידער האַרציקע פון יידישע, פון דיכטער, פון שרייבער גרויסע, שוין פאַרביי,
און יידישע טעאַטערס וועלן מער ניט זיין שוין, מען וועט ניט לאַכן דאָרט, ניט לאָזן שטיל אַ טרער,
און מוזיקער און מאָלער יידישע, באַרטשינסקיס, זיי וועלן מער אין פרייד און לייד ניט שאַפן, ניט זוכן וועגן ניי.

און מיינע קאָמוניסטן, היצקעפּ וועלן זיך ניט אַמפּערן שוין מער, ניט קריגן זיך מיט מיינע מאַסן פונעם בונד,
און ביידע זיי מיט מיינע פרייסטע, מיט די טרייסטע מיינע, וואָס האָבן גאַנץ דעם יאָך אויף זיך געשלעפּט —
חלוצים יידישע! זיי האָבן זיך דער וועלט אָוועקגעשאָנקען און ניט פאַרלאָזן זי די אייגענע די וואונד,
כ׳האָב צוגעקוקט זיך צו די קריגערייען און געוויייטיקט... נאָר וואָלט איר ווייטער זיך אַרומגעריסן, אַבי איר
וואָלט געלעבט!

ווייַ מיר, נישטאָ, נישט קיינער שוין... געוועזן אַ פאָלק, געוועזן און שוין נישטאָ!... געוועזן אַ פאָלק, געוועזן און
שוין... שוין אויס!

אַ מעשהלע אַזאַ, עס הייבט פון חומשל זיך אָן ביז איצט... אַ מעשהלע גאָר טרויעריק, ווער זאָגט, אַז שוין?
אַ מעשה פון עמלקן און ביז אָן ערגערן פון אים, דעם דייטש... אַ הימל ברייט, אַ ברייט די ערד, אַ ימים גרויס...
נישט האָלט צוזאַמען אין איין קנויל זיך און נישט פאַרניכט די שלעכטע אויף דער ערד, זאָלן זיי פאַרניכטן
זיך אַליין!



# מוסדות, דת וחינוך

# רבנים, חסידים און בתי תפילה

# על הרבנים ועל החסידים

...עיר של תורה היתה ולודאבה מראשיתה ועד חורבנה, עיר של רבנים וחסידים אנשי־מעשה, ובמשך שנים ודורות הוסיפה לשמור על מורשתה ודמותה המסורתית. האווירה הרוחנית של הסביבה החסידית בולודאבה יניקתה מאישים כבירי־כוח ואדירי־מעש שמטרתם היתה להבטיח לבני־ישראל הצלחה נפשית על־ידי מעשים ורגש, בניגוד להשקפת המתנגדים השכלנים, כי עיקר ההצלחה היא שלמות שכלית, כלומר: קניית מושכלות נעלים שרק יחידי סגולה, לומדים וגאו־נים יוכלו לרכשם.

מהרישומים והשרטוטים של שרידי ולודאבה אפשר ללמוד על הפסיפס רב־גוונים של זרמים שהיה מצוי בעיר והצטיינו בעושר של מנהגים ונוסחאות, נחלת כל בית אדמו"ר שבממשיכי תורת החיים של הבעש"ט. כל חסיד הלך בשיטתו וכל השיטות הטיפו לאהבת הבריות, ללימוד סניגוריה ומסירות נפש על כל יהודי.

רשימותיתהם של נתן רוטנברג, מינקוביץ, פיגה לדרשטיין, אונגר, בן־מתתיהו, רוז׳נקה, שטרוזמן, הנסקר, שטילרמן, ביאלי, וויינשל מספרים על הרבנים, גדולי התורה ועל קהל החסידים שהיה מורכב מזרמים שונים וחייהם נתרכזו ב„שטיבלך" ובבתי המדרש. היו אלה נקודות-הגיבוש לעצות, לדיבורים, התחברות חסידית ולכל אחד מבתי התפילה היה אופי משלו. מתפלליו של כל בית תפילה טבעו חותמם עליו והיו מושפעים ממנו, סיגלו לעצמם סגנון מיוחד, ניגונים, מנהגים ונוסחאות מיוחדים, השפיעו על רבים והטביעו את חותמם על הנוף האנושי בולודאבה. כשם שלכל שושלת היתה אטמוספירה משלה, כך חגו לם הניגונים חוגים לפני עצמם בתחומי השושלת. כל חסיד ידע להבחין את הצליל המיוחד, בניגוד לניב ולניגון של שושלת אחרת.

איזו השראה אצילית חופפת אותנו ומעוררת בנו געגועים טמירים בקראנו על הרבנים והחסידים בולודאבה. מה רב היה רגש הקיבוצית שרווח בקרב החסידים ומה רבה האחווה והרעות בין מתפללי השטיבלעך. הכל התפלל בצוותא, אך רבים אהבו להתפלל גם ביחידות לבל יפריעו להם בהתלהבותם ובהתרגשותם בעת תפילתם. היו שהתרוצצו בזמן התפילה הלוך וחזור, ויש שעמדו קפואים ובלהט שפכו את לבם בתפילותיהם. היו שכבשו בצעקות, בריקודים ובמחיאת כפיים ואחרים הקפידו במיוחד שלא להפריז בהתלהבות ושלא להבליט את ההת־רגשות הפנימית בשום תנועה חיצונית, לא לעשות רעש בעולמות העליונים ולהזהר מהעוויות. אנו רואים את כולם בחזון רוחנו, כאילו דרנו אתם יחד; אנו סופגים לתוכנו את פרכוסי נפשותיהם ומתחממים לאור אהבתם, אהבת ישראל, הלוחשת במעמקי ישותם, ובאה לגילויה האדיר בדרכו האחרונה של הרב ר׳ מנדל מורגנ־שטרן, רבה של ולודאבה, עליו מספר בן־מתתיהו ומתאר את גבורתו כשסרב לעזוב את הילדים בידעו שהם מובלים למחנה המוות — סוביבור. המפקד הנאצי רוצה לשחררו, כי ידע שטרם הגיע זמנו, אולם הרב מופיע כאישיות מופלאה, זקופת קומה, ספוגת אהבה, קוממיות אנושית וגבורה עילאית. רבה של ולודאבה התעלה לדמות גבור במלוא שיעור קומתו בזר כפול על ראשו — זר העינויים והנצחון על החיה הנאצית, על פחד המוות. הוא נשאר עם הילדים בכדי לנחמם ולעודדם ברגעי חייהם האחרונים, ונצחונו זה נוטע בנו אמונה כבירה בנצחונה של האנושות הצרופה על היצרים הבהמיים של ההמוניות הגסה, הפרועה והרצחנית.

המערכת

נתן ראטנבערג
חיפה

# מהר״ם מרוטנבורק - רב אין וולאדאווע

דאָס ספר „שאלות ותשובות״ פון מהרם רוטנבורק, וועלכער איז געווען רב אין וולאָדאַווע און שפּע־טער אב״ד אין קוזמיר, האָב איך מיטגענומען מיט זיך ביי מיין עולה־זיין קיין ארץ־ישראל, און כ׳האַלט פאַר אַ גרויסן זכות, וואָס מיר איז געלונגען אָפּצוראַטעווען אַזאַ יקר־המציאות, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר אויך אַ גרויסן היסטאָרישן ווערט. עס ווערן אין אים באַהאַנדלט שאלות און פּראָבלעמען, אין וועלכע עס שפּיגלט זיך אָפּ דער לעבנס־שטייגער פון די יידן אין דער גאַנצער געגנט. עס ווערן דאָ דערמאָנט די יידישע קהילות אין סלאוואטיטש, דאמאַטשאַוו, קוזמיר, קאָלושין, זאַמאָשטש, ראַדזין, שעד־לעץ, ווישניץ, כעלם, פשעמישל, בריסק, פלאָצק א. א.

פון די אַלע קהילות פלעגט מען זיך ווענדן צום מהר״ם רוטנבורג מיט שאלות, וואָס האָבן געטראָגן אַ קאָמפּליצירטן כאַראַקטער און עס האָט זיך געפאָדערט אַ סך בקיאות און חריפות זיי צו פאַרענטפערן. פון יענע אַלע ערטער פלעגט מען אויך קומען צו אים מיט דין־תורהס און מיט זיין פסק־דין האָבן זיך גערעכנט רבנים און שופטים.

דער וולאָדאַווער רב ר׳ משה רוטנבורג ציט זיין יחוס פונעם גרויסן גאון מהר״ם מרוטנבורק, וועלכער האָט גע־לעבט אין דייטשלאַנד אין די יאָרן 1215—1293. ר׳ מאיר בר ברוך פון רוטנבורג איז געווען דער ראש פון דער מאַינצער ישיבה, הויפּט־רב פון דייטשישע פּראָווינצן אין 1286, איז געווען איינער פון די גרעסטע גאונים אין דער רבנישער ליטעראַטור, איז אַריין אין דער יידישער גע־שיכטע מיט זיין העראָישער האַלטונג אינעם קאָנפליקט מיטן דעמלטיקן מושל פון מאַינץ, דעם הערצאָג אַלברעכט פון האָהענבערג.

דער נאָמען ראַטנבורק האָט דורכגעמאַכט פאַרשידענע אומוואַנדלונגען: רוטנבאַרק, רוטנבאַרג, רוטנבורג, לסוף ראַטנבערג, ווי מיר, די אייניקלעך און אור־אייניקלעך פונעם גרויסן גאון, רופן זיך ביזן היינטיקן טאָג.

די „שאלות ותשובות״ זענען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1770—1880 און דערשינען אין דרוק אין יאָר 1857, אין לעמבערג. דאָס ספר איז איבערגעגעבן געוואָרן צום דרוק דורכן רבס אייניקל, ר׳ משה־פישל רוטנבאַרק,




שאלות תשובות

Szales Jeziwes.

פאָטאָסטאַט פונעם ספר „שאלות ותשובות״ פון וולאָדאַווער רב, מהר״ם מרוטנבורק. די אָפּשטאַמיקע פון מהר״ם האָבן געלעבט אין וולאָדאַווע ביזן חורבן.

וועלכער האָט אויך געשריבן די הקדמה צום ספר און דער־ציילט אין איר, אַז זיין זיידע, דער מהר״ם פון וולאָדאַווע האָט געשריבן אַ סך ספרים, וועלכע האָבן אָבער נישט זוכה געווען צו דערשיינען, ווייל זיי זענען פאַרברענט געוואָרן אין דער גרויסער שריפה, וואָס איז אויסגעבראָכן נאָכן רבס טויט. די „שאלות ותשובות״ זענען דער איינ־

ציקער כתב־יד, וואָס איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן און געדרוקט אין רש״י־כתב.

ר׳ משה רוטנבורק איז שפּעטער געוואָרן אב״ד אין קוזמיר, ווו ער איז אויך נפטר־געוואָרן. זיין זון און אייניקל זענען געבליבן וווינען אין וולאָדאָווע. דאָס באַווייזט ווי שטאַרק די משפחה רוטנבורק איז געווען פאַרוואָרצלט אין וולאָדאָווע. דעם רבס זון ר׳ שלמה איז געווען איינער פון די גרעסטע גבירים אין שטאָט. דעם אָנדענק פון זיין גרויסן טאַטן האָט ער אָפּגעהיטן הייליק און טייער און האָט אין זיין צוואה אָנגעזאָגט זיין זון ר׳ משה־פישל, ער זאָל איבערגעבן צום דרוק דאָס אָפּגעראַטעוועטע ספר פון זיין פאָטער.

ר׳ משה־פישל איז געווען אַן אײדעם פונעם באַרימטן גאון ר׳ חיים־אלעזר וואַקס, דער מחבר פונעם גרויסן ספר „נפש חיה", איז געווען רב אין זיין געבורט־שטאָט טאַרנאָגראַד, און איז שפּעטער געוואָרן רב אין קאַליש. ער איז אין זיין יוגנט געווען זייער רייך, געירשנט פון זיין פאָטער אַ פאַלוואַרק און אַ פאַפּיר־פאַבריק און זייענדיק

רב אין טאַרנאָגראַד האָט ער נישט גענומען קיין געלט און האָט נאָך אויף זיין חשבון אויסגעהאַלטן אַ גרויסע ישיבה, אין וועלכער עס האָבן געלערנט הונדערטער בחורים. אַ סך פון זיי זענען אויסגעוואַקסן גאונים און געווען רבנים אין יידישע קהילות אין פוילן און גאַליציע.

דאָך האָט דער גרויסער גאון ר׳ חיים־אלעזר אויסגעקליבן פאַר אַן אײדעם דעם וולאָדאָווער בחור, משה פישל רוטנבארק אַן דאָס ווייזט דערויף, אַז ער האָט אין אים געזען אַ גדול בתורה און אַן איבערגעגעבענעם מיטן גאַנצן האַרץ פאַר די ענינים פון גרדיס יידישקייט, פאַר מצוות און מעשים טובים.

אין משך פון אַלע יאָרן האָב איך אין שטוב געהערט דערציילן וועגן דער גרויסקייט פון דער משפחה רוטנבורק, מיט וועלכער מיר האָבן זיך געיחוסט. מיין פאָטער, ר׳ בערל האָט אונדז איבערגעגעבן דעם יחוס ווי אַזוי מיר שטאַמען פון דער דאָזיקער משפחה און אַלץ, וואָס האָט געהאַט מיט איר אַ שייכות איז פאַר אונדז געווען טייער און הייליק.



דאָס אַלטע בית המדרש איז נאָך דער מלחמה געוואָרן פאַרוואַנדלט אין אַ מאַגאַזין.

זאב חיים
בה״ר יקותיאל מינקאָוויטש

# דער רבי
# הרב ר׳ יודא־ארי פערלאוו

געבוירן אין נאָוואָמינסק, נעבן וואַרשע. שוין אין זיין קינדהייט האָט ער אַרויסגעוויזן אויסערגעוויינלעכע פעאיקייטן: חריפות און שנעלע תפיסה, וואָס האָט אים אויסגעצייכנט פון זיין גאַנצן אַרום דערצו איז ער באַשאָנקען געוואָרן מיט אַ וווּנדערלעכן זכרון און אַ גרויסע התמדה. זיינע מלמדים האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן מיטן פאַרענטפערן אַלע זיינע קשיות און שאלות, וואָס ער האָט געשטעלט ביים לערנען האַרבע סוגיות. עס איז דערגאַנגען דערצו, אַז דער פאָטער, דער סבא קדישא ר׳ יאַנקעלע זצ״ל האָט געמוזט מיט אים אַליין לערנען.

דער רבי ר׳ יודא ארי׳ פערלאָוו זצ״ל איז דער זעקסטער דור נאָך ר׳ לוי יצחק בארדיטשעווער, אַן אייניקל פון רבי פנחס קאָריצער און פון רבין ר׳ שלמה חיים קוידאַנאָווער. ער איז דער איידעם פון ר׳ דודל מאַקאַראָווער, וואָס איז אַליין געווען דעם טריסקער מגידס איידעם.

אין יאָר תרס״ח (1908) איז ער אויפגענומען געוואָרן אַלס אב בית־דין אין וולאָדאַווע, ווו ער האָט עוסק געווען במשך פופצן יאָר.

ווען ער איז אין יאָר תרפ״ד געקומען קיין אַמעריקע האָט ער קאָנצענטרירט אַרום זיך יראים ושלימים און ער איז מתקן געווען וויכטיקע תקנות פאַר שמירת שבת און טהרת המשפחה. ער האָט אַ סך געטון פאַר צוציען יידן צום לערנען תורה און אָפּהיטן תרי״ג מצוות. אין משך פון דער צייט איז דער רבי ר׳ יודא ארי׳ געוואָרן אַ צענטראַלע פערזענלעכקייט אין די ענינים פון דת ודין און פון אַלע זייטן ווענדט מען זיך צו אים מיט שאלות און עצות אין יידישקייט־ענינים.

ווי אַן אוהב ציון האָט ער באַזוכט אונדזער הייליק לאַנד, אַרומגערייזט אין דער לענג און אין דער ברייט איבער די אַלטע און נייע ישובים. ער האָט פאַרבראַכט אַ סך צייט אויף די קברים פון די תנאים און אַנדערע גדולי ישראל. ער איז אַריינגעקומען אין שטוב פון הרב קוק



און זיי האָבן זיך שטאַרק באַפריינדעט, געוואָרן איבערגעגעבענע ידידים בלב ונפש.



ר׳ יודא־אריה פערלאָוו
מינסקער רבי — אב־בית־דין אין וולאָדאַווע

אין ארץ־ישראל זענען דערשינען זיינע צוויי ספרים. דער ערשטער און צווייטער טייל פון „לב אריה החדש״, וואָס אַנטהאַלט פירושים און רעיונות איבער דער תורה, איבער ארץ־ישראל און כעניני־האומה, ווי אויך חידושים

אויף ש״ס. זיין דריטן ספר האָט ער געדרוקט אין ניו־יאָרק, מיט צען יאָר צוריק.

דעם רבינס טאָג־טעגלעכע התנהגות: ער שטייט אויף אַזייגער פיר פאַרטאָג און גייט צו טבילה. דערנאָך נעמט ער לערנען שעורים, נעמט מאַכן די הכנות צום דאַווענען ביז זיבן אַזייגער. דאַן איז ער זיך מצטרף צו אַ מנין מתפללים. נאָכן דאַווענען עסט ער אָפּ אַ לייכטן פרישטיק און באַפרייט זיך צום אויפנעמען זיינע חסידים, פריינט און פאַרערער, וואָס ציילן זיך אין די טויזנטער, קומען צו אים פון ווייטע שטעט אַרויסלייגן פאַר אים זייערע דאגות און שווערע געמיטער. דער רבי האָט אַ וואַכזאַם אויער און אַ פילנדיק האַרץ פאַר יעדן איינציקן. מענטשן, וואָס קומען צו אים דערשלאָגענע און צעבראָכענע גייען אַרויס געטרייסטע און דערמוטיקטע.

פאַרן רבין איז דער חסיד און יעדער ייד, קודם־כל, אַ טייל פונעם כלל און דער וועג צום בורא — אַ בציבורדי־קער. שבת, ראש־חודש און יום־טוב שטייט דער רבי אַליין ביים עמוד און מיט זיין תפילה און השתפכות הנפש מונטערט ער אויף שוואַכע און אַנדרימלטע הערצער, שטאַרקט די געשטרויכלטע און איז מקרב זייערע הערצער צום רבונו של עולם.

נפשר געוואָרן איצט, בהגיעו לגבורות.

מ. וולאַדאַווער
גבעתיים

# הרב ר׳ לייבעלע



לאַדאַווע האָט תמיד שטאָלצירט מיט אירע גרויסע רבנים, וועלכע האָבן אין פאַרשידענע צייטן פאַר־נומען דעם כסא הרבנות און מיט זייער פערזענ־לעכקייט צוגעגעבן חשיבות דער קהילה. אַזעלכער איז אויך געווען דער רב׳ ר׳ יהודה לייב הלוי הורוויץ, וועל־כער איז פריער געווען רב אין וולאַדאַווקע און שפּעטער אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן י. ה. אויפגענומען געוואָרן אַלס מורא דאתרא אין וולאַדאַווע. ער איז געווען זייער באַליבט ביי אַלע שיכטן פון דער באַפעלקערונג און מען האָט אים גערופן היימיש: ר׳ לייבעלע.

זיין שלשלת היוחסים האָט זיך געצויגן פון של״ה הקדוש, מחבר פונעם ספר „שני לוחות הברית״ ביז צום לובלינער רבין דעם חוזה.

אין די ייִנגערע יאָרן איז ר׳ לייבעלע געווען רב אין וולאַדאַווקע, אַ ישוב אויף דער צווייטער זייט בוג. אין אַנהויב פופציקער פון פאַריקן יאָרהונדערט האָט די וולאַדאַווער קהילה באַשלאָסן אים אויפצונעמען אַלס רב און אין אַ מוצאי שבת איז געקומען צו אים אַ דעלעגאַציע פון אָנגעזעענע באַלעבאַטים און זיי האָבן מיט זיך מיט־געברענגט אַ כתב, וואָס איז געווען אונטערגעשריבן פון אַ גרויסער צאָל וולאַדאַווער יידישע איינוווינער און אים איינגעלאַדן איבערצונעמען דעם כסא הרבנות אין וולאַ־דאַווע. נאָך אַ קורצן ישוב הדעת האָט ער מסכים גע־ווען און איז גלייך אַוועק צוזאַמען מיט דער דעלעגאַציע, אַריבער דעם בוג מיטן פּראָם. אין וולאַדאַווע האָט מען אים אָפּגעוואַרט מיט גרויס כבוד און ער האָט גלייך פאַר־נומען דעם כסא הרבנות פון שטאָט.

ר׳ לייבעלעס ברודער, ר׳ מאָטעלע איז געווען רב אין ניי־זאַמאָשטש און איז דאָרט אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין קהילה.

יאָרן לאַנג האָבן די יידן אין וולאַדאַווקע געהאַט טענות צו וולאַדאַווע, אַז מען האָט ביי זיי „אַרויסגעגנבעט״ זייער רב, וועלכן זיי האָבן זייער ליב געהאַט.

ר׳ לייבעלע האָט זיך קונה שם געווען נישט בלויז מיט זיין יראת שמים און ערלעכקייט נאָר אויך מיט זיין האַרציקער באַציאונג און ליבשאַפט צו די פשוטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך גיך צו אים צוגעבונדן. ער האָט תמיד געזאָרגט פאַר די אָרעמעלייט פון שטאָט. פון זיין קאַרגער שכירות האָט ער גלייך אַראָפּגענומען מעשר פאַר אָרעמע־לייט. מען האָט געוווּסט, אַז ער האָט אָפט פאַרלייקנט פאַר

דער רביצין אַ פּאָר גילדן, וואָס ער האָט באַקומען פאַר אַ דין־תורה און האָט דאָס געלט פונאַנדערגעטיילט צווישן נויטבאַדערפטיקע. ווען די רביצין מרים האָט צו אים געטענהט, אַז עס קלעקט איר נישט אויף שטוב־הוצאות, האָט ער איר גוטמוטיק געענטפערט: „אויף קאַשע מיט מילך קלעקט דיר? גדענק, אַז עס זענען דאָ אָרעמעלייט, וואָס האָבן נישט אויף אַ שטיקל ברויט".

עס פלעגט טרעפן, ווען עס איז צו אים אַריינגעקומען דער גביר פון שטאָט, דוד ביגמאַן און די רביצין האָט פאַר אים אָפּגעווישט און צוגעטראָגן אַ שטול, איז דער רב געוואָרן אויף איר ברוגז, הלמאי זי חנפט דעם גביר.

אין שטאָט איז געווען אַ גרויסער עילוי, לייבישל, וואָס איז פון צופיל לערנען און גריבלען זיך אין קבלה ספרים אַראָפּ פון זינען און פלעגט רייסן פאַסן פון זיין אייגענעם העמד. די רביצין מרים האָט דערפאַר שטענדיק געזאָרגט, אַז לייבישל זאָל אויף שבת און יום־טוב האָבן אַ גאַנץ העמד. דאָס איז נאָר איינער פון די פיל פאַלן ביי וועלכע עס איז געקומען צום אויסדרוק די טיפע גוטסקייט פון דער רביצין. און זי האָט דערפאַר אַזוי גוט פאַרשטאַנען דאָס גרויסע האַרץ פון איר מאַן, ר' לייבעלע.

ביי אַ דין־תורה האָט ר' לייבעלע תמיד געזוכט די גערעכטיקייט אויפן צד פונעם אָרעמאַן. עס האָט פּאַסירט, אַז אַ שטאָטישער באַלעבאָס, אַ באַקאַנטער חסיד, האָט גערופן צו אַ דין־תורה אַ קירזשנער, וואָס האָט פאַר אים אויפגענייט אַ טייער פעלצל. דער חסידישער באַלעבאָס האָט געטענהט, אַז דער קירזשנער האָט אים קאַליע געמאַכט די פעלצלעך און ער האָט אים דערפאַר נישט געוואָלט באַצאָלן דעם אויסגעדונגענעם פּרייז פאַר דער מלאכה. נאָכן אויסהערן די טענות פון ביידע צדדים האָט ר' לייבעלע זיך געוואַנדן צום חסיד בזו הלשון:

„דו מיינסט אוודאי, אַז איך ווייס נישט, אַז איידער דו ביזט געקומען צו מיר, האָסטו מעיין געווען אין חושן משפט, כדי צו וויסן ווי אַזוי אויסצוליגן דיינע טענות און מיר אויפווייזן, אַז דו ביסט גערעכט. האָסט אַ טעות. אַנשטאָט אַריינקוקן אין חושן משפט, קוק בעסער אַריין אין קירזשנערס האַרץ..."

דער קירזשנער האָט געוואונען די דין־תורה.

ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ שאלה אויף אַ בהמה, וואָס האָט געדראָט צו ווערן טריפה, האָט ר' לייבעלע שעהנווייז געבלעטערט אין די ספרים, וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט אויפן טיש אין אַ גאַנצן שטויס, ביז ער האָט געפונען אַ הכשר אויף דער בהמה. אים איז שווער געווען



שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז דער קצב זאָל חלילה ליידן אַ גרויסן שאָדן.

ר' לייבעלע איז געווען פון מיטעלן וווּקס, געהאַט אַ שפּיציק בערדל און פון הינטער די לאַנגע ברעמען האָבן אַרויסגעקוקט זיינע גוטע אויגן. די אָפטע תעניתים האָבן אים אָפּגעשוואַכט. מען פלעגט אים זען גאַנצע טעג אַרומגיין אַן איינגעהילטן אין טלית, פאַרטון אין תפילות און לערנען תורה. גאַנצע טעג פלעגט ער זיך באַגנוגענען מיט אַ גלאָז טיי און אַ קיכל, וואָס ער האָט טועם געווען נאָכן דאַווענען. ערשט אויף דער נאַכט, נאָך מעריב, האָט ער געגעסן אַביסל קאַשע מיט יויך. ווען עס האָט געטראָפן אַ שווערע שאלה אויף אַ בהמה אָדער אַ וויכטיקע דין־תורה האָט ער זיין נאַכטמאָל געגעסן ערשט שפּעט אויף דער נאַכט.

גרויס צער האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זיין פּנים, ווען ער האָט געדאַרפט גטן אַ פאַרפאַלק און ער האָט נישט געזשאַלעוועט קיין מי ביים צורעדן זיי צו אַ שלום־בית. ווען דאָס איז אים געלונגען איז נישט געווען קיין גרעניץ צו זיין פרייד.

אַ גאַנצע וואָך איז ער געווען פאַרנומען מיט פּסקענען שאלות, דין־תורהס און מיט פאַרשידענע שטאָטישע קהלה־ענינים. מוצאי שבת, נאָך הבדלה פלעגט צו אים קומען דער בורר נתן־דוד וואַגשאַל, וועלכער פלעגט לייענען דעם וואַרשעווער „מאָמענט". די רביצין האָט אים מכבד געווען מיט אַ גלאָז טיי און ער איז געזעסן מיטן רב, איבערגעגעבן אים די וויכטיקע נייעס פון דער וואָך. דער רב האָט אויסגעהערט מיט גרויס אינטערעס און ביי די טרויעריקע ידיעות וועגן די רדיפות און פּאָגראָמען, וואָס זענען פאָרגעקומען אויף יידן, האָבן זיך אַרויסגעריסן פון אים טיפע זיפצן.

ווען עס איז צו אים דערגאַנגען וועגן אויפקום פון ציוניזם, האָט ער געזאָגט: „ווען עס ברענט אויס אַ שריפה דאַרף יעדער צולייגן אַ האַנט צום לעשן דאָס פייער... אין רוסלאַנד איז אויסגעבראָכן אַ גרויסע שריפה, יידיש לעבן און פאַרמעגן זענען אין גרויס סכנה. ווער עס קען ראַטעווען יידן און יידיש האָב און גוטס, טוט אַ גרויסע מצווה... דאָס באַזעצן יידן אין ארץ־ישראל איז אַן אתחלתא דגאולה".

ר' לייבעלעס זון, ר' יוסף איז געווען רב און קאַזשיאַנע ראַבינער אין זאַמאָשטש.

דעם רבס אייניקלעך, פון דער טאָכטער, זענען אַרויס לתרבות רעה און אין יאָר 1905 האָבן זיי אַקטיוו אָנטיילגענומען אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. באַזונ־

דערס אַקטיוו איז געווען מאָטל, וועלכע האָט געלערנט וולאַדאַווער בחורים און מיידלעך די תורה פון רעוואָלוציאָנערן סאָציאַליזם. דאָס האָט אים פּאַרשאַפט גרויס עגמת נפש און חרפּות. דאָך האָט ער זיי נישט גערודפט, געהאָפט, אַז זיי וועלן תשובה טון אויף זייערע שלעכטע מעשים און זיך באַצויגן צו זיי מיט פאַרגיביקייט און טאָלעראַנץ.

די יידן אין שטאָט האָבן אים אַרויסגעוויזן גרויס דרך־ארץ און ליבשאַפט. אַ סך האָבן אויך געגלויבט אין כוח צו העלפן, אויסצובעטן אַ ישועה און אַ נחמה. אין די לעצטע יאָרן פלעגט מען קומען צו אים מיט אַ קוויטל ווי צו אַ רבין, אָבער ר׳ לייבעלע האָט נישט געוואָלט נעמען קיין קוויטלעך און נישט קיין פדיון און האָט די שווערע הערצער געטרייסט: „השם יתברך איז אַ רחום וחנון און איז זיך מרחם אויף יידן אויך אָן אַ קוויטל״.

ר׳ לייבעלע איז נפטר געוואָרן אין יאָר תרס״ט, אין שבת פרשת שקלים. דאָס איז געשען פלוצלינג, נאָכן דאַווענען, ביים וואַשן זיך צו דער שבתדיקער סעודה. די פטירה האָט אַרויסגערופן אַ טיפן טרויער אין דער גאַנצער שטאָט. אין דער לוויה האָבן זיך באַטייליקט אַלע יידן פון דער שטאָט און אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. אַלע קלייטן און וואַרשטאַטן זענען געווען געשלאָסן און דער טרויער האָט אַרומגענומען קליין און גרויס. לאַנגע יאָרן האָבן יידן געפלעגט זיך דערציילן מעשיות וועגן רבס גרויסן האַרץ.

מרדכי וולאַדאַווער

# פיר תפילות

ביים פאַרגעלטן מחזור אין אַלטן בית מדרש
האָט מיין זיידע, דער רב, פון לובלינער גזע
מיט אימה ביי תקיעות געוויינט בלחש
„מן המצר קראתי יה — ענינו במרחב יה״...

אין קאָצקער שטיבל, צווישן וועלדער געדיכטע
האָט מיין טאַטע מיט גרויס אמונה אינעם בורא
ביי „ונתנה תוקף״ מיט אַ סקאַרבאָוון ניגון
געזונגען „כמה יעברון — וכמה יבראון״...

פון שטעטל סאָווין אויף שלאַכן צעבלוטיקט,
האָט מיין ברודער דער רב בראש מיט זיין עדה, —
אויפן וועג קיין סאָביבאָר מיט תפילות געמוטיקט;
גערופן „שמע ישראל, שמע קולינו!״

און איך, אַ וואַנדערער פון פויליש מדינה,
לויב דעם בורא אין דעם דור פון גאולה,
און בעט אין שעה פון שקיעה, ביי הימלען צעפלאַמטע
שלום על מדינת ישראל — ועם ישראל.

# דער סאווינער רב ר׳ משהלע ז״ל

סאווין, אַ שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען פינף און דרייסיק קילאָמעטער פון וולאָדאַווע. דער יידישער ישוב איז באַשטאַנען פון עטלעכע הונדערט משפּ־חות.

אין יאָר 1926 האָט סאַווין אויפגענומען אַלס רב ר׳ ר׳ משה־שמואל הלוי הורוויץ (המכונה ווייסבראט), וועל־כער איז געווען דער עלטסטער זון פון זושע דעם רבס פון וולאָדאַווע.

נאָך אין חדר, ווען ער האָט געלערנט ביים גמרא־מלמד ר׳ שמשון האָט ער אַרויסגערופן גרויס התפעלות מיט זיינע פעאיקייטן ביים לערנען די שווערסטע סוגיות אין דער גמרא און חוץ רש״י און תוספות געלערנט אויך אַנדערע מפורשים. צום ווערן בר־מצווה איז ער אַריין אין




הרב ר׳ משהלע הורוויץ (ווייסבראט)
אַן אייניקל פונעם אלטן וולאָדאַווער רב ר׳ לייבעלע



פולאַווער שטיבל וווּ ער האָט שוין געלערנט פאַר זיך און יומם ולילה עוסק געווען אין לערנען מיט גרויס התמדה ש״ס און פוסקים.

זיין אידעלער אויסזען האָט צוגעצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט און זיין האַלטונג האָט אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ. ווען ער איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר האָט ער חתונה געהאַט און איז געוואָרן דער איידעם פון לענ־טשנער גביר און פולאַווער חסיד ר׳ זעליק טענענבוים.

אין יאָר 1941 האָבן די דייטשן געמאַכט אין סאַווין אַ טראַנזיט־לאַגער, וווהין מען האָט געבראַכט יידן פון וואַרשע און קראָקע. נאָך אַ סעלעקציע האָבן זיי די אַלטע און אומפעאיקע געשיקט קיין סאָביבאָר, ווו עס האָט זיך געפונען אַ פאַרניכטונגס־לאַגער. די געזונטע האָבן זיי איבערגעלאָזט אין סאַווין אינעם לאַגער, וואָס האָט זיך געפונען אין דער מלוכהשער שול.



דעם רבינס מוטער מיט איר אייניקל, אַ זון פון ר׳ משהלע

סוף 1941 האָבן די דייטשן פאַרניכטעט פולשטענדיק די גאַסן, ווו עס האָט געוווינט די ידישע באַפעלקערונג. אויפן אָרט פון דער שיל האָבן זיי אויפגעשטעלט אַן אַר־בעטס־לאַגער מיט באַראַקן באַזונדער פאַר מענער און באַזונדער פאַר פרויען. דער לאַגער איז געוואָרן אַרומ־געצוימט מיט שטעכלדראָטן. חוץ די יידן פון סאַווין האָבן זיך דאָרט געפונען אויך עטלעכע טויזנט יידן פון ווין און פון האָלאַנד. אַלע האָט מען יעדן טאָג געטריבן צו דער אַרבעט און דערביי געשלאָגן און געפייניקט. צווישן דער דאָזיקער מחנה שקלאַפן־אַרבעטער האָבן זיך אויך געפו־נען דער רב ר' משהלע און די רביצין ברײַנדל. זיי האָבן שווער געאַרבעט ביים טרוקענען די זומפּן און דערביי געליטן הונגער און דורשט. גרויס זענען געווען די ליידן פונעם רב ווען מען האָט אים אָפּגעשוירן די באָרד און די לאַנג־געקרייזלטע פאות. אין שווערן צער האָבן זיך פון אים אַרויסגעריסן זיפצן, ער האָט זיך באַקלאָגט, אַז מען האָט ביי אים צוגענומען דעם צלם אלוקים.

אָבער די גאַנצע צייט האָט דער רב זיך געהאַלטן שטאַרק און ווירדיק. אין די שווערסטע מאָמענטן האָט ער געטרייסט זיין עדה און מתפלל געווען, אַז השי"ת זאָל זיך מרחם זיין אויף זיין פאָלק ישראל.

דעם רבס שוואָגער, יוסף טענענבוים (היינט אין אַמעריקע), האָט געפּרוווט אויסקויפן דעם רב מיט דער רביצין פאַר אַ קילאָ גאָלד. דער היטלעריסט, מיט וועלכן יוסף טענענבוים האָט אונטערגעהאַנדלט, האָט ביי אים צוגענומען דאָס גאָלד און דערנאָך אים מערדערלעך צע־שלאָגן.

אין יאָר 1942 איז ר' משהלע מיט זיין פרוי צוזאַמען מיט די יידן פונעם לאַגער איבערגעשיקט געוואָרן אין וולאָדאַווער געטאָ, פון וואַנען מען האָט זיי שפּעטער ביי דער גרויסער אַקציע פאַרטריבן קיין סאָביבאָר, ווו זיי זענען אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן.

שמואל אונגר

# הרב ר' אברהם טרוכנובסקי ז"ל

## סלאָוועטיטשער רב

נולד בעיר סטויסק, פלך לומזה. אביו ר' מרדכי היה תלמיד חכם גדול תלמידו של רבי חיים ז"ל מוולוז'ין ועסק במסחר.

כנהוג בימים ההם קיים ר' אברהם „הוה גולה למקום תורה" ונדד למקומות תורה, למד בישיבות וולוז'ין, סלובודקה שבקובנה ובריסק דליטא. קיבל סמיכות לרבנות מרבי חיים סולובייציק ז"ל מבריסק ומעוד גאוני הדור.

בבריסק נשא לאשה נחמה, בתו של ר' דוד ניימרק, גיסו של „הגדול" ז"ל ממינסק, הוחזק על שלחנו והתמיד בלימוד התורה. אחר כן המשיך בלימודיו בעיר מינסק ויצק מים על ידיו של ש"ב הרב ממינסק ר' אליעזר רבינוביץ ז"ל, חתנו של „הגדול" עד שנתמנה לאב"ד בסלויטיץ', מקום רבנותו הראשון.

כשבאו נכבדי סלוויטיץ' לר' אברהם ז"ל למסור לו כתב הרבנות, היסס לקבל רבנות בעיר של חסידים והלך לשאול בעצתו של ר' חיים ז"ל אב"ד מבריסק ור' חיים ז"ל יעץ לו לקבל כתב הרבנות באמרו בחיוך: „תתנהג כמנהג המקום, תלבש אבנט וכיו"ב."

בסלויטיץ' כיהן כאב"ד עד הגירוש במלחמת העולם הראשונה, אחר כן נתמנה לרב בולודבה והיה מכונה בשם „הרב מסלוויטיץ'".

הרב ר' אברהם ז"ל היה טיפוס של רבני ליטא מדור הראשון, היה למדן מופלג, חריף ובקי; היה לן באוהלי תורה יומם ולילה. מנהגו היה לעמוד שעות רבות על רגליו ליד „סטנדר" ולומד בקול רם וקולו הערב היה מתנגן ומשתפך על פני דומית הלילה.

היה מומחה בטיב גיטין וקידושין והרבה רבנים עמדו אתו בקשרי שאלות ותשובות בענינים אלה. פירסם מאמריו בירחון התורני „שערי תורה" שיצא בורשה. כן הצטיין בפסקי דין ממונות, וסוחרים רבים פנו אליו במיוחד להתדיין

בעסקיהם ובעניני שותפות וסכסוכים. היה בעל מידות תרומיות, הליכותיו עם אנשים עוררו כבוד לו, חיבבוהו והעריצוהו מאד.

בזמן מלחמת רוסיה ופולין כשקלגסי באלאכוביץ' ימ"ש ערכו פרעות ביהודים בכל ערי פולין וכוס הפורעניות הגיעה גם לוולודבה, ביום ראש השנה, באמצע התפילה, הוציאוהו הבלחובצים מבית הכנסת כשהוא לבוש מעיל המשי וחבוש בשטרימל והכריחוהו לנקות הרחוב, ואחר כן נלקח כאילו לחקירה והיכוהו שם באופן אכזרי. מאז חלה ולא חזר לאיתנו כל ימי חייו.

נפטר ביום ז' שבט תרצ"ג.

אשתו הרבנית נחמה, נספתה בשואה בוולודבה. בנם לייבל ומשפחתו נספו בשואה בעיר זמושץ'. בתם שרה אונגר ובעלה כותב הטורים האלה יבל"ח נמצאים בישראל.



דער סלאָוועטיטשער רב, ר' אברהם טראַכאַנאָווסקי ז"ל, איז געבוירן געוואָרן אין דער שטאָט סטויסק, לאָמזשער גובערניע. זיין פאָטער איז געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם און אַ תלמיד פון דעם רבין ר' חיים ז"ל פון וואָלאָזשין, און ער האָט זיך פאַרנומען מיט מסחר.




ר' אברהם טראַכאַנאָווסקי



ווי עס פלעגט זיך פירן אין יענע צייטן, האָט ר' אברהם מקיים־געווען דעם „הוי גולה למקום תורה" און ער האָט געוואַנדערט צו די תורה־צענטערס, וואָס זענען באַרימט אין דער יידישער וועלט. ער האָט געלערנט אין די ישיבות פון וואָלאָזשין, סלאָבאָדקע, אין קאָוונע, און אין בריסק דליטא. ער האָט באַקומען סמיכות לרבנות פון דעם בריסקער רב מרדכי חיים סאַלאָווייטשיק ז"ל און אויך פון אַנדערע גאונים.

אין בריסק האָט ער זיך גענומען פאַר אַ ווייב נחמה'ן, די טאָכטער פון ר' דוד ניימאַרק, דעם שוואָגער פון הרב רבי ירוחם־יהודה־לייב פערלמאַן ז"ל, וועלכן מען האָט גערופן „דער גדול פון מינסק".

ר' אברהם איז געזעסן אויף קעסט פון זיין שווער און ער האָט מיט התמדה געלערנט תורה. שפּעטער האָט ער ממשיך־געווען דאָס לערנען אין דער שטאָט מינסק און ער איז געווען אַ הילף (אַסיסטענט) ביים מינסקער רב ר' אליעזר ראַבינאָוויטש ז"ל, דעם איידעם פון דעם מינסקער „גדול", ביז ער איז באַשטימט געוואָרן אַלס אב בי־דין.

די רבנות אין סלאָוועטיטש האָט ר' אברהם אָנגענומען מיט דער הסכמה פון זיין רבין הרב חיים סאָלאָווייטשיק ז"ל פון בריסק. ווען די סלאָוועטיטשער באַלעבאַטים זענען




די רביצן נחמה

געקומען צו אים, איבערצוגעבן אים דעם כתב־הרבנות, האָט ער זיך געוואַקלט אָנצונעמען, וואָרעם סלאָוועטיטש האָט זיך גערעכנט פאַר אַ חסידישער שטאָט. ער איז געגאַנגען פרעגן אַן עצה ביי ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ז״ל און ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק ז״ל האָט אים געראַטן יאָ אָנצונעמען דעם כתב־הרבנות, זאָגנדיק מיט אַ שמייכל, אַז ער זאָל זיך אונטערגאַרטלען און זיך פירן לויט די מנהגים פון יענעם מקום. דער דאָזיקער פאַקט איז באַזונדערס אינטערעסאַנט דערפאַר, ווייל דער בריסקער רב איז געווען באַוווסט אַלס שטרענגער מתנגיד און שאַרפער קעגנער פון חסידות, וואָס עס איז געקומען צום אויסדרוק אין יצחק לייבוש פרצעס דערציילונג וועגן בריסקער רב און ביאַלער רבין א. נ. „צווישן צוויי בערג״...

אין סלאָוועטיטש איז ר׳ אברהם געווען אָב בית־דין ביזן גירוש אין דער ערשטער וועלט־מלחמה. נאָכדעם איז ער באַשטימט געוואָרן אַלס רב אין וולאָדאַווע, ווו מען האָט אים גערופן „דער סלאָוועטיטשער רב״.

דער סלאָוועטיטשער רב האָט געהערט צו דעם טיפּ ליטווישע רבנים פון אַלטן דור. ער האָט פאַרמאָגט אַ הדרת־פּנים, געווען אַ גרויסער תלמיד־חכם, חריף און בקי. אין געצעלט פון תורה איז ער געזעסן טאָג־און־נאַכט. אין די נעכט, האָט ער זיך נוהג געווען, צו שטיין אויף די פיס ביים שטענדער און לערנען אויפן קול. זיין אַנגענעמע שטימע, וואָס האָט געקלונגען מיט אַ ניגון, האָט זיך געטראָגן אין דער נאַכט־שטילקייט. דער שניידער ר׳ יואלקע, אַ ירא־שמימדיקער ייד, וועלכער האָט געווינט בשכנות מיטן רבין אין סלאָוועטיטש, דערציילט, אַז ווען ער פלעגט אַרויסגיין ביינאַכט פאַרמאַכן די לאָדנס, פלעגט ער אַזוי מיטגעריסן ווערן, אַז ער פלעגט שטיין הינטערן רבס פענצטער און זיך איינהערן און האָבן גרויס תענוג פון זיין קול התורה.

הרב ר׳ אברהם טראָכאַנאָווסקי איז באַרימט געווען אַלס דער בעסטער מומחה אין גיטין און קידושין און אין פסקי דיני ממונות (געלט־ענינים). אַ סך רבנים האָבן אָנגעהאַלטן



מיט אים אַ קאָנטאַקט אין שאלות תשובות. געשעפטס־לייט זענען ספּעציעל געקומען צו אים, צו האָבן אַ דין־תורה וועגן די סכסוכים אין זייערע געשעפטס־שותפותן.

ר׳ אברהם האָט פאַרעפנטלעכט מאמרים אין חודשלעכן תורה־זשורנאַל „שערי תורה״, וואָס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין וואַרשע, דורך דער אגודת־הרבנים. ער איז געווען אַ צאַרטע נשמה און באַשאָנקען מיט גוטע מדות. זיין באַגיין זיך מיט מענטשן, האָט דערוועקט צו אים רעספּעקט. מען האָט געהאַט צו אים גרויס דרך־ארץ, פאַרערונג און ליבאַשפט.

בעת דער פּויליש־רוסישער מלחמה, ווען די באַנדעס פון באַלאַכאָוויטש ימ״ש, האָבן געמאַכט פּאָגראָמען אויף יידן אין די שטעט פון פּוילן און זיי האָבן אויך געווילדעוועט אין וולאָדאַווע, — האָבן די באַלאַכאָווצעס אַרויסגעשלעפּט דעם רב פון שול, אינמיטן דער ראש־השנהדיקער תפילה און זיי האָבן אים געצוווּנגען צו רייניקן די גאַס. שפּעטער האָבן זיי אים גענומען כלומרשט צו אַן אויספאָרשונג און זיי האָבן אים אכזריותדיק געפּייניקט. פון דאַן אָן, האָט דער רב נעבעך געקרענקט און ער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען צו זיינע כוחות.

זיין פרוי, די רביצין נחמה טראָכאַנאָווסקי ז״ל, איז געווען אַ קלוגע און גאָטס־פאָרכטיקע פרוי און זי האָט געטון גמילות־חסידים מיט אַ סך מסירת־נפש. היות עס האָט זיך געצויגן איר יחוס־קייט פון דעם בעל תוספות יום־טוב, — איז ביי איר געווען אַ מנהג איינצואָרדענען יאָר־יערלעך אַ סעודת־מצווה, אין דעם טאָג, ווער דער בעל תוספות יום־טוב איז געהאַט באַפרייט געוואָרן פון דער תפיסה.

דער רב ר׳ אברהם טראָכאַנאָווסקי ז״ל איז נפטר־געוואָרן אין וולאָדאַווע, זיבן טעג אין חודש שבט פון יאָר תרצ״ג.

די רביצין נחמה ז״ל איז אומגעקומען אין וולאָדאַווע בעת דער נאַצישער יידן־אויסראָטונג.

זייער זון לייבל מיט זיין ווייב און צוויי טעכטער זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין דער שטאָט זאַמאָשטש.

# דער רבי און זיין ספר

## לזכר דעם וולאָדאַווער רבי ר' משה־ברוך מאָרגענשטערן זצ"ל



יים אויפנעמען אַ רב פאַר אונדזער שטאָט פלעגט מען תמיד לאַנג זוכן און קלויבן גרויסע למדנים, גאונים, אַזעלכע ווי עס זענען געווען די רבנים: ר' מאָטעלע, ר' לייבעלע, דער מינסקער רבי יהודה־אריה פער־לאָוו א. א.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה איז די שטאָט זיך צעוואַקסן און די יידישע באַפעלקערונג האָט זיך געהאַלטן אין איין פאַרגרעסערן. דאַן האָט די יידישע קהילה באַ־שלאָסן אויפצונעמען אַ הויפט־רב, וועלכער זאָל חוץ גרוי־סער למדן קענען אויך רעפּרעזענטירן די יידישע קהילה פאַר דער פּוילישער מאַכט. אויך דאָס מאָל האָט די שטאָט אָנגעהויבן אינטענסיוו זוכן אַ קאַנדידאַט, וואָס זאָל פאַר־מאָגן די אַלע דערמאָנטע מעלות.

יעדעס יאָר פלעגט ביי אונדז אין שטוב איינשטיין דער לוקאָווער רבי ר' משה־ברוך מאָרגענשטערן, דער זון פון לוקאָווער רבין ר' הערשעלע, אַן אייניקל פון רבין ר' דודל קאָצקער, אַן אוראייניקל פון באַרימטן ערשטן קאָצקער רבין ר' מענדעלע. דער רבי ר' משה־ברוך מאָר־גענשטערן פלעגט קומען קיין וולאָדאַווע באַזוכן זיינע חסידים און פלעגט שוין האָבן אַ טראַדיציע איינצושטיין ביי אונדז אין שטוב.

בעת איינעם אַזאַ באַזוך אין יאָר 1925 האָט די יידישע קהיל זיך געוואָנדן צום רבין ר' משה־ברוך מיטן פאַר־שלאַג, ער זאָל איבערנעמען דעם פּאָסטן פון אַ הויפט־רב ביי אונדז אין שטאָט און דער רבי האָט מסכים געווען אָנצונעמען דעם כסא הרבנות.

אַזוי אַרום איז דער לוקאָווער רבי משה־ברוך אויס־געוויילט געוואָרן אַלס הרב הראשי אין וולאָדאַווע און איז דורך דער גאַנצער שטאָטישער באַפעלקערונג אויפגענומען געוואָרן מיט אַ קעניגלעכן כבוד. אין די אָפיציעלע אויפ־נאַמעס האָבן אָנטיילגענומען אויך פאַרשטייער פון דער קריסטלעכער באַפעלקערונג, פון דער פּוילישער רעגירונג, פאַר זיינע חסידים אין פוילן און אין אויסלאַנד איז ר' משה־ברוך ווייטער געווען דער וולאָדאַווער רבי.

נאָך אַלס קינד האָט דער רבי געשמט פאַר אַ גרויסן עילוי. ער איז כסדר געשטיגן אין לערנען און אַלס בחור האָט ער אַרויסגעוויזן גרויס חריפות און גאונות. דערביי איז ער אויך געווען אַ זעלטענער בעל מידות טובות. אין אים זענען געווען פאַראייניקט אַ געניאַלער מוח און אַ גרויס האַרץ.

נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער ר' הערשעלע האָבן די חסידים אים אויסגעוויילט אַלס לוקאָווער רבי. אין פוילן איז ער אויך באַקאַנט געווען אַלס וויצע־פּרעזיצער פון דער צענטראַלע פון „אגודת ישראל". ער האָט געשמט נישט בלויז אַלס גרויסער למדן, גאון און חכם, נאָר אויך אַלס בקי אין וועלטלעכע ענינים. עס פלעגן זיך ווענדן צו אים נאָך עצות אין בוררות זיינע חסידים און גרויסע סוחרים פון גאַנצן לאַנד. ער פלעגט יעדן אויפנעמען מיט ליבשאַפט און מענטשלעכער גאָענטקייט, באַציען זיך מיט רחמנות, טרייסטן, אויסרעדן, זאָרגן און יעדן צוגעבן מוט און בטחון. דערצו איז ער אויך געווען אַ גרויסער נדבן און מיט אַ סך פאַרשטענדעניש פאַר די פּערזענלעכע נויטן פאַר זיינע אָרעמע חסידים, וועלכע ער פלעגט אָקעגנקו־מען מיט מאַטעריעלער הילף.

צו זיינע „טישן" און „תורה־זאָגן" פלעגן קומען נישט בלויז זיינע חסידים, נאָר אויך אָנהענגער פון אַנדערע רביים, אָנגעזעענע לומדים, שטאָטישע באַלעבאַטים און אויך יוגנטלעכע, וועלכע ער פלעגט באַזונדערס מקרב זיין מיט גרויס ליבשאַפט.

דער רבי איז געווען באַשאָנקען מיט הדרת פּנים, אויף זיין פּנים האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די שיינע מידות און די חכמה, וועלכע ער האָט פאַרמאָגט. אַלס רעפּרע־זענטאַטיווע פּערזענלעכקייט האָט ער אַרויסגערופן צו זיך יראת הכבוד און פאַרערונג. דערצו איז ער אויך געווען טאַלאַנטירטער רעדנער און בעל דרשן.

דער רבי האָט מחבר געווען דאָס ספר „עטרת צבי", וואָס ער האָט געווידמעט דעם אָנדענק פון זיין פאָטער דעם לוקאָווער רבין ר' הערשעלע.

נאָכן איבערנעמען דעם כסא הרבנות אין וולאָדאַווע האָט דער רבי אַחוץ זיין רבנישע איבערגעגעבענע טע־

טיקייט פאַר דער קהילה, אויך עוסק געווען אין פלאַנצן יידישקייט צווישן יחידים און גאַנצע מנינים. צו זיינע פרייטיק־צו־נאַכטיקע „טישן" און שבת־צו־נאַכטיקע מלווה מלכהס זענען געקומען מענטשן פון פאַרשידענע שיכטן. זיי זענען אויך געווען די שטענדיקע מתפללים פון דער גרויסער שיל און פון די בתי מדרשים. דער רבי פלעגט זיי מקרב זיין גלייך ווי זיינע חסידים, האָט פאַר זיי געזאָגט תורה און געוועקט צו התעוררות.

אויף די יום־טובים און ימים נוראים פלעגן קומען צום רבין חסידים פון גאַנצן לאַנד. װלאָדאַװע האָט דעמאָלט באַקומען דעם אויסזען פון אַ גייסטיקן צענטער. דער רבי האָט מיט זיין תורה זאָגן ביים טיש פונקט ווי בשעת שמועסן ביחידות דערהויבן די נשמות, אָנגעצונדן דעם הייליקן פלאַם פון דערהויבנקייט און יראת שמים. פאַרשטענדלעך, אַז אין אַזעלכע טעג איז דאָס לעבן אין װלאָדאַװע אַריינגעצויגן געוואָרן אינעם ריטם פונעם לעבן אין „הויף". אין צענדליקער הייזער האָט מען שנעל אַריינגעכאַפּט די יום־טובדיקע סעודה, כדי מען זאָל קענען גיין צום „טיש".

דער „הויף" איז אויך געווען אַ מין פענצטער צו דער גרויסער וועלט. חסידים פון די גרויסע שטעט האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך גרויסשטאָטישע רחבות. האָבן געברענגט צו אַ דערנענטערונג פון מרחקים, מען האָט זיך געטראָפן, באַפריינדעט און טיילמאָל אויך געשלאָסן שידוכים.

נישט בלויז אַ גייסטיקער קוואַל איז געווען דער װלאָדאַװער רבי און זיין הויף, נאָר איז אויך געווען אַ חשובער מקור פון חיונה. נישט ווייניק באַלעבאַטים האָבן אויסגענוצט אַ יום־טוב אויף צו פאַרדינען עטלעכע זלאָטעס דורך אַריינעמען חסידים צו זיך אויף סטאַנציע. דאָס שטעטל האָט אין אַזעלכע טעג אויסגעזען ווי אַ יידישער יאַריד.

איך וויל דאָ דערמאָנען אַ פאַל מיט אַ ספר־תורה, וואָס האָט אַרויסגערופן אַ סך פאַרוווּנדערונג. דאָס איז געווען ווען דער רבי האָט באַשלאָסן צו שרייבן אַ ספר און עס זאָלן אין דעם אָנטיילנעמען אַלע יידן פון דער שטאָט און אויך פון די אַרומיקע שטעטלעך. דאָס האָט אַרויסגערופן אין שטעטל אַ גרויסע אויפרודערונג. אַ סך פרויען האָבן זיך געוואַנדן צום רבין, ער זאָל זיי צוטיילן דעם זכות צו מאַכן דאָס מענטעלע פאַרן ספר. ווילנדיק אויסמיידן מחלוקות האָט דער רבי געהייסן, אַז אַלע פרויען זאָלן בשותפות אויסנייען דאָס מענטעלע.




די לויה פון די פאַרברענטע 33 ספרי תורות. אין פראָנט — דער ליקעווער רבי. העכער צווישן די יידן — דער טאָמאַשאָווקער רב ר' הערשל גפן. רעכטס לעבן טאָמאַשאָווקער רב, דער מיטן וועליסאָפּעד היטל — לייבל קאַטלער פון דער ווירקער גאַס, מיטגליד אין חברה קדישה.

עס איז טאַקע אַרויסגעקומען אַ שיינע קינסטלערישע אַר־בעט, אויסגענייט און באַצירט מיט אמתע גאָלד־פעדים און דימאַנטן. אויף אַזאַ זעלבן שותפותדיקן אופן זענען גע־מאַכט געוואָרן די עץ־חיימס פון העלפאַנטביין, קינסטלע־ריש געשניצט און באַפוצט.

דעם „רבינס ספר״ ווי מען האָט עס גערופן אין שטאָט, האָט באַקומען אַ שם אויך אויסער די גרענעצן פון וואָלאָדאַווער ראַיאָן און דער טאָג פון סיום הספר, ווען מען האָט די ספר־תורה געפירט פון רבינס שטוב אין דער גרויסער שיל, איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן יום־טוב פאַר דער גאַנצער שטאָט. דער צוג איז באַגלייט גע־וואָרן מיט יידישער מוזיק פון אַלערליי אינסטרומענטן. עס האָבן געשפּילט אַלע קלעזמאָרים און דער מכבי־אָר־קעסטער. יידן האָבן געטאַנצט אינמיטן גאַס און דער רבי האָט אונטער אַ ספּעציעל אויפגעשטעלטער חופּה אַריינ־געפירט דאָס ספר אין ארון קודש פון דער גרויסער שיל.

אַ קורצע צייט נאָכדעם איז אין שיל אויסגעבראָכן אַ שריפה און דער באַרימטער ארון קודש, וואָס איז געווען אַ פּראַכטפולע קינסטלערישע אַרבעט פון האַלץ־שניט, איז פאַרברענט געוואָרן צוזאַמען מיט דריי־און דרייסיק ספרי־תורה, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען דעם רבינס ספר. דער רבי האָט זיך גראַד געפונען אין יענער צייט אויף אַ באַזוך ביי זיינע חסידים אין אַ צווייטער שטאָט. די קהילה האָט אים טעלעגראַפיש אַרויסגערופן צו דער לוויה פון די ספרי־תורהס. אַ גרוי־סער טרויער האָט דעמאָלט געהערשט אין שטאָט און דערצו איז נאָך צוגעקומען דער ווייטיק נאָך דער פאַר־ברענטער נייער ספר־תורה פונעם רבין.

עטלעכע טעג נאָך דער שריפה איז אין שטאָט זיך צעגאַנגען דער קלאַנג, אַז דעם רבינס ספר איז נישט פאַר־ברענט געוואָרן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער רבי האָט אין טאָג פון זיין אָפּפאָרן, אייניקע טעג פאַר דער שריפה, אַרויסגערופן צו זיך זיין משמש יאָסקע און באַ־פוילן אים גלייך איבערצוטראָגן די ספר־תורה פון דער גרויסער שיל אין אַלטן בית המדרש. ערשט ווען יאָסקע משמש האָט אויסגעפירט דאָס שליחות איז דער רבי אָפּ־געפאָרן.

דער דאָזיקער פאַל האָט אַרויסגערופן אַ סך פאַרווונ־דערונג צווישן די יידן אין שטאָט און אויך אין אַנדערע שטעט. אומעטום האָט מען וועגן דעם אַ סך גערעדט און קאָמענטירט אויף אַ פאַרשידענעם אופן.

ביזן יאָר 1939 האָט דער רבי געפירט דאָס רבנות און געברענגט דער שטאָט אַ סך כבוד און שטאָלץ. ער



האָט זיך איינגעקריצט אין יעדנס זכרון מיט זיין בנעימות־דיקער צוריקגעהאַלטנקייט, מיט זיין כוח התורה און ברייטן פאַרנעם אין חסידות, מיט זיין התמדה אין לערנען, וואָס האָט אים נישט געשטערט צו זיין אַ גרויסער בעל מעשים. זיין התלהבות איז תמיד געווען אַ געדעמפּטקייט, זיין עמקות האָט ווי געשטראַלט אין דער שטיל. ער איז געווען אַ טיפּזיניקער רבי, ווייל ער איז גלייכצייטיק גע־ווען אַ גרויסער רב, אַ שר התורה.

אין סעפּטעמבער 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די מלחמה, איז דער רבי געווען אין קאָצק. בעת אַ באָמ־באַרדירונג פון די דייטשע עראָפּלאַנען האָט דער רבי מיט אייניקע פון זיין משפחה זיך געפונען אין אַ בונקער, ווו עס איז אַריין אַ באָמבע און האָט אַלעמען פאַרווונדעט. דער רבי האָט זיך גלייך געהייסן פירן קיין וואָלאָדאַווע. אויפן וועג אין שטעטל פאַרצעווע, וואָלאָדאַווער פּאָוויאַט, האָט זיך דעם רבינס געזונטצושטאַנד שטאַרק פאַרערגערט און מען האָט אים ווייטער נישט געקענט פירן.

דער לעצטער וואָלאָדאַווער רב און רבי ר׳ משה־ברוך מאָרגענשטערן זצ״ל איז נפטר געוואָרן און געקומען צו קבורת ישראל אין פאַרצעווע.

כבוד זיין אָנדענק.

## ר׳ מענדעלע מאָרגנשטערן
## דער לעצטער וואָלאָדאַווער רב

ר׳ מענדעלע איז געווען אַן אורא־אייניקל פון באַרימטן קאָצקער רבין און האָט אויך געטראָגן זיין נאָמען. זיין פאָ־טער, ר׳ משה־ברוך איז געווען רב און רבי און מען האָט אים גערופן דער לוקעווער־וואָלאָדאַווער רבי.

שוין אַלס קינד איז ר׳ מענדעלע געווען באַרימט ווי אַן עילוי. צו דריי און צוואַנציק יאָר איז ער שוין געווען רב אין וואָלאָדאַווקע און זיין נאָמען איז געוואָרן פּאָפּולער אין דער גאַנצער געגנט. ער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין גדלות אין תורה און חכמה אין ענינים שבין אדם לחברו. פון דער גאַנצער געגנט איז מען געקומען צו אים מיט דין תורהס, סוחרישע סכסוכים, בוררות. זיין כוח איז באַשטאַנען אין אויסגלייכן, אין שלום מאַכן, אַז ביידע צדדים זאָלן זיין צופרידן .ר׳ מענדעלע האָט אויך פאַרמאָגט אַ גרויסן רעדנער־טאַלאַנט און כוח הסברה. צו זיינע דרשות פלעגן קומען קיין וואָלאָדאַווקע יידן אויך פון וואָלאָדאַווע, גרויס בקיאות אין גמרא און אין מדרש. זיינע דרשות האָבן גרויסן בקיאות אין גמרא און אין מדרש. זיינע דרשות האָבן צוגעצויגן אַ גרויסן עולם צוהערער. גאָר באַזונדערס האָט צו אים געצויגן חסידישע יוגנט, בחורים און יונגעלייט,

וועלכע פלעגן אים שטאַרק ליב האָבן פֿאַר זיין האַרציקער באַציאונג צו יעדן איינציקן.

אין אָנהויב יאָר 1939 איז זיין פֿאָטער, ר׳ משה־ברוך, וועלכער איז געווען רב אין וולאָדאַווע, איבערגעפֿאָרן קיין קאָצק, ווו ער איז געקרוינט געוואָרן אַלס קאָצקער רבי. זיין זון, ר׳ מענדעלע איז דעמאָלט אויפגענומען געוואָרן אַלס רב אין וולאָדאַווע.

שוין זייענדיק רב אין וולאָדאַווע האָט ער נישט פֿאַרגעסן אין זיין שטעטעלע וולאָדאַווקע, צו וועלכן ער האָט געפילט גרויס צוגעבונדנקייט און פלעגט עטלעכע מאָל אין דער וואָך קומען אַהין פסקענען שאלות, דין־תורהס און פֿאַראינטערעסירן זיך מיט די קהילה־ענינים, נישט נעמענדיק דערפֿאַר קיין שום שכירות.

דעם רבס ליבשאַפֿט צו קינדער איז געקומען צום אויסדרוק אַלע זיינע יאָרן. ער פלעגט תמיד אין שמחת תורה אויפגערופֿן ווערן „עם כל הנערים״ און ער האָט זיי אַרומגעהילט מיט זיין טלית און געזאָגט מיט זיי די ברכה „המלאך הגואל״.

ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט־מלחמה און די דייטשן האָבן פֿאַרנומען וולאָדאַווע, האָבן זיי ר׳ מענדעלען אַרעסטירט מיט נאָך ניין יידן אַלס ערובניקעס. דערביי האָבן די געסטאַפּאָ־לייט אויפגעפאָדערט דעם רב אָפּצוגעבן אַלע חלפים, מיט וועלכע שוחטים האָבן זיך באַנוצט. עס איז אַרויס די גזירה, וואָס האָט פֿאַרבאָטן יידישע שחיטה.

בעת דער קינדער־אַקציע איז אויך דער רב אַרויס מיט זיינע קינדער אויפֿן ספּאָרט־פּלאַץ, ווו עס האָבן זיך צונויפגעזאַמאַלט אַלע יידישע קינדער פון שטאָט. ווען דער געסטאַפּאָ־שעף האָט דערזען דעם רב, האָט ער אים געוואָלט באַפרייען, געהאַלטן, אַז עס איז נאָך נישט געקומען זיין צייט, אָבער ר׳ מענדעלע האָט זיך אָפּגעזאָגט, וויסנדיק, אַז ער גייט מיט די קינדער דעם לעצטן וועג. און ער איז נישט אָפּגעטראָטן פון זיי, באַגלייט די וולאָדאַווער יידישע קינדער קיין סאָביבאָר.

אין דער מגילה פון פיין און יסורים פון וולאָדאַווער געטאָ, איז דעם רבס שטעלן זיך אין שפּיץ פון די קינדער אויף זייער לעצטן וועג צו די גאַז־קאַמערן אין פֿאַרניכטונגס־לאַגער סאָביבאָר איינע פון די העראָאישסטע קאַפּיטלעך. דעם רבס באַגלייטן די קינדער צום טויט און דאָס אָפּוואַרפן אַלע אָנבאָטן וועגן זיין פערזענלעכער רעטונג איז געווען אַ נאַטירלעכער קולמינאַציע־פונקט אין לעבן פון דעם גרויסן צדיק און קיין שום כוח איז נישט אימשטאַנד צו ענדערן זיין פעסטן באַשלוס: נישט איבערלאָזן די קינדער אַליין אין די הענט פון די רוצחים, נאָר גיין צוזאַמען מיט זיי, שטאַרבן צוזאַמען מיט די קינדער.



די אַנוועזנהייט פונעם רב האָט באַרויקט די קינדער, דער רב האָט די גאַנצע צייט מיט זיי גערעדט, געטרייסט, נישט צוגעלאָזט קיין פּאַניק, קיין פּחד.

דעם רבס איבערמענטשלעכע גבורה האָט אויפגעטרייסלט די יידן אין וולאָדאַווע און אויך געהאַט אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג וויט אַרום. דער העראָישער אַקט איז פֿאַרגליכן צום לעצטן מאַרש פון יאַנוש קאָרטשאַק מיט זיינע צוויי הונדערט קינדער, וואָס איז אַריין אין דער לעגענדע פון וואַרשעווער געטאָ, צוזאַמען מיטן באַוואָפנטן אויפשטאַנד.



דער לעצטער וולאָדאַווקער־וולאָדאַווער רב
ר׳ מענדעלע מאָרגנשטערן, הי״ד (אין די יינגע יאָרן)

אויפן לעצטן וועג פון וולאָדאַווער ספּאָרט־פּלאַץ ביז צו די סאָביבאָרער גאַז־קאַמערן, האָט דער רב די גאַנצע צייט אַרומגענומען די קינדערלעך, געטרייסט זיי און צוזאַמען מיט זיי אומגעקומען אויף קידוש השם.

## דער אָנדענק־טאָוול אויפן ארון קודש

זינט די ערשטע צייטן, ווען יידן זענען געקומען קיין פוילן, האָבן זיי זיך באַזעצט אויף די ברעגן פון דער ווייסל און פונעם בוג און לויט ווי די געשיכטע דערציילט וווינען שוין זייט דאַן יידן אין אונדזער צווילינג־שטעטל וולאָדאַווע ־ וולאָדאַווקע, וועלכע ליגן אויף ביידע

זייטן פון טייך בוג. עס זענען געווען צייטן ווען די יידן האָבן באַטראָפן 70 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַ־פעלקערונג פון די ביידע שטעטלעך.

היינט איז אין וולאָדאַווע שוין נישטאָ קיין איין ייד. אין די איבערגעבליבענע הייזער, וווּ עס האָבן אַמאָל גע־לעבט דורות יידן, וווינען היינט קריסטן. די בית עלמינס זענען פאַרניכטעט, די מצבות צעשטערט און אַרויסגעריסן און די ערד איז געוואָרן פאַראַקערט. דער איינציקער אָנ־דענק און עדות פון אַמאָליקן יידישן לעבן איז די גרויסע שיל און איר קינסטלעריש־אויסגעפּאַרטיקטער ארון קודש, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן נאָך דער שריפה פון דער אַלטער שיל. אויף די שיין־געשניצטע טירן פונעם ארון קודש איז פאַראַן אַ גאָלדענער טאָוול מיט דער אויפ־שריפט: „לזכר ר׳ מתתיהו בר׳ ישראל האַלצמאַן ז״ל״.

וועגן דאָזיקן אָנדענק־טאָוול, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ היסטאָרישן פאַקט פון יידישער גבורה פון אַן אַנגעזע־ענעם תושב אין אונדזער שטאָט — וויל איך דאָ דערמאָ־נען.

מתתיהו האַלצמאַן איז געווען פּאַרזיצער פון מעות־חיטים־קאָמיטעט אין שטאָט. זיינע נאָענטסטע מענטשן, וואָס האָבן אים געהאָלפן אין דער אַרבעט זענען געווען: נתן־דוד וואַגשאָל, דוד בעקערמאַן און יונהלע סקלאַדניק, וועלכער איז געווען דער סעקרעטאַר פון קאָמיטעט. אין משך פון 50 יאָר איז ר׳ מתתיהו האַלצמאַן געשטאַנען בראש פון דאָזיקן קאָמיטעט און זיך אָפּגעגעבן מיט זאַמ־לען מעות חיטים און פאַרזאָרגן אָרעמע יידן מיט מצות, וויין און אַנדערע שפּייזן אויף פּסח. ער האָט אין דעם געזען אַ הייליקע געזעלשאַפטלעכע אַרבעט און ער האָט זי געטון מיט גרויס ברען ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן. ער איז אויך געווען גבאי פון חברה קדישא.

אויפגעצויגן אין חדוות הבורא און אין גייסטיקער הרח־בת הדעת האָט ער אין דער אַרבעט פאַרן כלל זיך אויסגע־צייכנט מיט מאָראַלישער פעסטקייט און אָט דער מאָראַלישער כוח אינאיינעם מיט זיין איידלקייט און נשמהדיקער באַציאונג צו מענטשן, אינאיינעם מיט זיין תמימות און פשטות, האָבן אים באַליבט געמאַכט ביי אַלע, וואָס האָבן אים געקענט. דערצו האָט ער געהאַט אַ וואַרעם האַרץ און אַ ברייטע האַנט. ער איז געווען גרייט אָוועקצוגעבן דעם לעצטן גראָשן אויב אַ נויטבאַדערפטיקער האָט זיך צו אים געוואָנדן. מען פלעגט זיך ווענדן צו אים אויך נאָך אַן עצה אין אַ שווערן מצב. מען האָט געוווּסט, אַז ער האָט אַן אָפן אויער פאַר אַ מענטש, וואָס איז געקומען אויסגיסן פאַר אים זיין ביטער האַרץ.



ער האָט געגלייבט אין נצחון פון גוטס איבער שלעכטס און אין די שווערסטע מאָמענטן האָט ער געפונען די ווערטער צו שטאַרקן און מונטערן דאָס געמיט ביי געפאַלענע מענטשן.

ער איז געווען אַ קאָצקער חסיד, פון די, וואָס האָבן נאָך באַזוכט דעם ערשטן קאָצקער רבינס זון, דעם רבי ר׳ דודל. שפּעטער איז ער געווען אַ לוקאָווער חסיד, גע־פאָרן צום רבי ר׳ הערשעלע און דערנאָך צו זיין זון ר׳ משה־ברוך מאָרגנשטערן.

אַלע רביים, וועלכע זענען געקומען צו אונדז אין שטעטל זענען איינגעשטאַנען ביי ר׳ מתתיהו האַלצמאַן. ער האָט אויך פיל מיטגעהאָלפן אויפצונעמען דעם לוקע־ווער רבין, ר׳ משה־ברוך מאָרגנשטערן אַלס הויפּט־רב אין וולאָדאַווע. ער האָט עס באַטראַכט פאַר אַ גרויסן זכות און כבוד פאַר אונדזער שטאָט צו האָבן אַלס רב דעם לעצטן רבין פון דער קאָצקער דינאַסטיע.

אין יאָר 1904 האָט ר׳ מתתיהו האַלצמאַן געשאַפן אין שטאָט די ערשטע יידישע באַנק, וואָס האָט פיל מיטגע־האָלפן צו שטעלן אויף די פיס יידישע סוחרים, קליינ־הענדלער און האַנטווערקער. זייענדיק אַ גרויסער וואַלד־סוחר און אייגנטימער פון טאַרטאַקן, האָט ער דער ערש־טער געבויט מאָדערנע מאָטאָר־גאַטער־טאַרטאַקן אין וולאָ־דאַווע.

דאָס האָט ער, ר׳ מתתיהו האַלצמאַן אויפגעבויט דאָס קאָצקער־לוקעווער שטיבל וווּ ער האָט געדאַוונט און גע־לערנט צוזאַמען מיט די אַנדערע קאָצקער חסידים.

ביים סוף פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט אונ־דזער שטאָט פיל געליטן. זי איז געווען אַ געוויסע צייט פאַרנומען דורך דער רויטער אַרמיי, אַ צייט האָבן דאָרט געבושעוועט באַלאַכאָוויטשעס סאָלדאַטן מיטן העטמאַן בור־לעק בראש, וועלכע האָבן געמאָרדעט און געפּייניקט יידישע איינוווינער. ביי יעדן מאָל בייטן זיך פון די אַר־מייען האָבן פּוילישע כוליגאַנעס זיך פאַרנומען מיט שלאָגן און באַרויבן יידן. אין יענער צייט האָט זיך געשאַפן אַ יידישע זעלבשוץ, אין וועלכע עס זענען אַריין חיים־יידל שטאַקערמאַן, אביגדור שפּילמאַן, העשל יאַכעלעס, הערשל ווינער, שמואל גאָלדשטיין, דוד טענענבוים, שמואל פּיש־מאַן און פיל אַנדערע, וועלכע האָבן טאָג און נאַכט געהיטן די שטאָט, די יידישע געגנט און ביי יעדן אַרויסטריט פון די אַנטיסעמיטישע שלעגער און רויבער, האָבן זיי ענער־גיש רעאַגירט און אַרויסגעוויזן גרויס העלדישקייט.

ווען די נייע פּוילישע רעגירונג האָט פאַרנומען וולאָ־דאַווע האָט מען אַרעסטירט די מיטגלידער פון דער יידי־

שער זעלבשוץ און זיי באַשולדיקט אין קאָמוניזם. דאַן האָט ר׳ מתתיהו האַלצמאַן אונטערגענומען אַן ענערגישע אַקציע זיי צו באַפרייען. ער איז שוין דאַן געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע באַלעבאַטים אין שטאָט, איז געווען באַקאַנט און אָנגעזען ביי די דעמאָלדיקע אָנפירער פון דער פוילישער באַפעלקערונג. איז אויך געווען נאָענט מיטן כראַביע זאַמאָיסקי, וועלכער האָט דאַן געהאַט אַ דעה אין דער אָנפירונג. דער אויספאָרשונגס־ריכטער האָט געוווינט אין מתתיהו האַלצמאַנס הויז, ר׳ מתתיהו האָט אויסגענוצט די אַלע באַקאַנטשאַפטן, אומעטום אינטערווענירט, אויפגעקלערט פאַרן אויספאָרשונגס־ריכטער די נויטווענדיקייט פון דער יידישער זעלבשוץ אין יענער אומרואיקער צייט, ווען דאָס לעבן פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געווען באַדראָט דורך די פאַרשידענע כוליגאַנעס. ער האָט אַנגעוואַנדן אַלע מיטלען איבערצוצייגן די אָנפירנדיקע פּאָליאַקן, אַז די יידישע זעלבשוץ האָט נישט געטראָגן קיין שום פּאָליטישן כאַראַקטער, נאָר האָט זיך אָרגאַניזירט מיטן אויסשליסלעכן ציל צו באַשיצן דאָס לעבן פון די יידישע איינוווינער. נאָך די מיפּולע אָנשטרענגונגען איז אים געלונגען צו באַפרייען ביזן משפּט אַלע מיטגלידער פון דער זעלבשוץ. זיין גרויס הויז האָט ער אויפגעגעבן אַלס גאַראַנטיע, אַז זיי זענען נישט קיין קאָמוניסטן און וועלן זיך צושטעלן צום פּראָצעס.

צום פּראָצעס האָבן זיך דעמאָלט ביידע צדדים שטאַרק געגרייט. די פּראָקוראַטור האָט געטון אַלץ צובאַשולדיקן די יידישע זעלבשוץ אין קאָמוניזם. אַלס פּאַרטיידיקער איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דער באַקאַנטער אַדוואָקאַט און שפּעטערדיקער דעפּוטאַט אין פּוילישן סיים נוח פּרילוצקי. מתתיהו האַלצמאַן אַליין איז אויפן פּראָצעס אַרויסגעטראָטן אַלס עדות און זיינע דערקלערונגען האָבן געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק אויפן געריכט. אַלע מיטגלידער פון דער יידישער זעלבשוץ זענען באַפרייט געוואָרן.

ווען מען האָט אויסגעפּאַרטיקט דעם נייעם ארון קודש נאָך דער שריפה אין שול, האָבן די מיטגלידער פון דער יידישער זעלבשוץ אַרויפגעגעבן דעם אָנדענק־טאָוול אַלס אויסדרוק פון טיפער דאַנקבאַרקייט צו ר׳ מתתיהו האַלצמאַן פאַר זיין גרויסער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט.

ביים היינטיקן טאָג איז די דאָזיקע אויפשריפט דער איינציקער אָנדענק פונעם פילקאָליריקן יידישן לעבן אין אַמאָליקן וולאָדאַווע.



## בתי־תפילה

וולאָדאַווע האָט פאַרמאָגט אַ סך ערטער ווו פרומע יידן פלעגן קומען דאַווענען און לערנען: די גרויסע שיל, צוויי בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך און פאַרשידענע מנינים. עס איז כמעט נישט געווען קיין ייד, וואָס זאָל נישט געהערן צו איינע פון די דערמאָנטע בתי־תפילה.

גאָר פרי, גלייך ווי עס האָט אָנגעהויבן טאָגן, פלעגן שוין יידן גיין דאַווענען צום ערשטן מנין, אָדער זאָגן תהילים. עס זענען געגאַנגען חסידים און פשוטע יידן, קרעמער און בעל־מלאכות. די וואָס האָבן געדאַרפט גיין פרי צו זייער אַרבעט און באַשעפטיקונג זענען אויך געווען פון די ערשטע צום מנין.

שבת און יום־טוב איז פאַרשטילט געוואָרן דער רויש און טומל פון אַ גאַנצע וואָך און אין די גאַסן האָט מען געזען הונדערטער און טויזנטער יידן, וואָס גייען צום דאַווענען אָדער צוריק. זיי זענען געווען אָנגעטון אין שוואַרצע זיידענע און טוכענע קאַפּאָטעס, אין קורצע אָנצוגן, אין סאַמעטענע היטלעך און אין שטריימלעך. די פרויען זענען געווען אויסגעפּוצט אין זייערע שענסטע קליידער און מיט גראָבע סידורים אונטער די אָרעמס.

דורכגענומען מיט פאַרכטיקייט איז די שטאָט געוואָרן צום אָנקום פון די ימים־נוראים. אין די טעג פון ראש השנה און גאָר באַזונדערס אין יום־כיפור, האָט די שטאָט אויסגעזען ווי אַרומגענומען פון געטלעכער קדושה. פון אַלע יידישע פענצטער האָבן אַרויסגעשיינט די ברענענדיקע ליכט. הייזער און געסלעך זענען געוואָרן אַרומגעהילט מיט אימה, שטיל, מיט צעבראָכענע הערצער איז מען געגאַנגען אין שיל, אין בית־המדרש, אין די חסידים שטיבלעך און אויפן וועג האָבן די באַגעגנטע זיך געווונטשן מיט אַ גוט יום־טוב און אויסבעטן זיך אַ גוט יאָר.

באַזונדערס גרויס זענען געווען די מאָמענטן פון איבערבעטן זיך אין ערב יום־כיפור. ביז טרערן פלעגט דערגיין דאָס אַנטשולדיקן זיך איינער פאַרן צווייטן און זיך מוחל זיין באַגאַנגענע חטאים, עוולות אָדער באַליידיקונגען. מענער האָבן זיך געגעבן די הענט, פרויען האָבן זיך אַרומגענומען, געקושט און געווונטשן זיך די טראַדיציאָנעלע ברכה צו דערלעבן איבער אַ יאָר.

## די גרויסע שיל

פון דור צו דור האָט מען זיך איבערגעגעבן און דערציילט, אַז די גרויסע שיל האָט געבויט, ריכטיקער: איבערגעבויט און פאַרגרעסערט דער כראַביע זאַמאָיסקי פון יע־

נער ציט, וועלכער האָט גלײכצײטיק געבויט פאַר זיך דעם גרויסן פּאַלאַץ אין ראַזשאַנקער הויף, זיבן קילאָמעטער פון שטאָט. דער זעלבער זאַמאָיסקי האָט דאָן אויך געבויט דעם קאַטוילישן קאָשטשאָל אויף דער מיל־גאַס, (וואָס האָט שפּעטער געקריגן דעם נאָמען די דריטע־מאַי־גאַס) בערך אין 17־טן יאָרהונדערט. עס ווערט אויך איבערגעגעבן, אַז די רײכע ייִדן אין וולאָדאַווע האָבן זיך אויך מיטבאַטײליקט אינעם איבערבוי פון דער גרויסער שיל. זיכער איז, אַז דאָס באַצירן די ווענט פון דער שיל, די גאַנצע אינעווייניקסטע אײנריכטונג, איז געטון געוואָרן דורך דער ייִדישער באַפעלקערונג.

די גרויסע וולאָדאַווער שיל האָט געשמט איבער גאַנץ פּוילן ווי אײנע פון די שענסטע בתי־הכנסת. זי איז געבויט געוואָרן הויך, מיט אַ רונדן סופיט און די ראַנדן פון די ווענט זענען געווען פּאַרקײלעכיקט, די הויך איז דערגאַנגען ביז פיר שטאָק און זי האָט אַרײַנגענומען איבער צוויי טויזנט מתפללים. די ווענט און זײַלן זענען געווען באַהאַנגען מיט זילבערנע טאַצן. די פענצטער מיט די פאַרשידנפאַרביקע שויבן האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט קינסטלעכע וויטראַזשן. צענדליקער זשיראַנדאָלן מיט זייערע הונדערטער ליכטער האָבן אין די ימים טובים געפלייצט מיט ליכט. די ספרי־תורה זענען געווען באַצירט מיט זילבערנע עטרות, מיט גאָלדענע קרוינען.

ביים אַרײַנגאַנג אין שיל איז געווען אַ גרויסער פּאָליש, אין וועלכן עס זענען אין די יום־טובים געווען באַזונדערע מנינים צום דאַווענען. פונעם פּאָליש האָבן געפירט טרעפּ צו דער פרויען שיל, די עזרת נשים, וואָס האָט זיך געפונען אויף דער מערב־זייט פון שיל־זאַל. אויך אונטן, פון דער דרום־און צפון־זייט זענען געווען אָפּגעטיילטע זאַלן פאַר פרויען, מיט פענצטער, וואָס זענען אַרײַן אין שיל־זאַל. אין דער הויך האָבן זיך אויך געפונען אַ שוסטער־שטיבל און אַ שניידער־שטיבל צום דאַווענען ווי אויך אַ ישיבה.

נאָך דער ערשטער וועלט מלחמה איז די שיל ווידער געוואָרן אויפגעפרישט און באַנייט. וואַרשיינלעך האָט די שיל אויך געליטן פון דער מלחמה, מעגלעך, אַז די היימלאָזע ייִדן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון אַנדערע שטעטלעך און האָבן דאָרט געוווינט אין דער מלחמה־צייט, האָבן פאַראורזאַכט געוויסע שאָדנס און די שיל האָט זיך דערפאַר געניטיקט אין אויפפרישונג. מען האָט אַראָפּגעבראַכט אַ קינסטלער־־שניצער, וועלכער האָט ביי דער מיטהילף פון וולאָדאַווער קינסטלער, משה שניצער, עטלעכע יאָר געאַרבעט איבערן אויפפרישן די שיל. זיי האָבן אויפגעבויט אַ נייעם ארון קודש, געשניצט פון האָלץ, וואָס האָט געהאַט



אַ שם מיט זיין הויך־קינסטלערישער ווערט איבער גאַנץ פּוילן.

אינמיטן דער שיל, אַרום דעם גרויסן בעלעמער, זענען געשטאַנען, ווי שומרים, פיר גרויסע מאַרמאָרנע זיילן, מיט גרויסע קאַסטנס אַרום. אין זיי האָבן זיך געפונען הונדערטער ספרי־תורה זינט לאַנגע דורות. אין די דאָזיקע ספרי־תורה האָט מען שוין נישט געלייענט, נאָר גענוצט זיי צו הקפות פאַר די מתפללים אין דער שיל און זענען אויך אויסגעבארגט געוואָרן אין שמחת תורה פאַר די בתי־מדרשים, חסידים־שטיבלעך און באַזונדערע מנינים.

אין יאָר 1933, ווען אַ ליכטל פון עמוד האָט זיך איבערגעקערט, איז אויסגעבראָכן אַ שריפה און עס איז פאַרברענט געוואָרן דער ארון קודש מיט איבער דרייסיק ספרי־תורה. וועגן דער שריפה וועט מיר נאָך אויסקומען שרייבן באַזונדער. איצט וויל איך אָפּמערקן, אַז עס איז אַראָפּגעבראַכט געוואָרן אַ קינסטלער, וועלכער האָט פונסניי אויפגעבויט דעם ארון קודש, וואָס האָט פאַרנומען די גאַנצע ברייט פון דער מזרח וואַנט און די גאַנצן הויך ביזן סופיט. דאָס איז געווען אַן אַרבעט, וואָס האָט מיט זיין קינסטלערישער הויך איבערגעשטיגן דעם פריערדיקן ארון קודש.

די גרויסע שיל האָט אויך געדינט פאַר ספּעציעלע אסיפות. יעדער רב פון שטאָט פלעגט דאָרט האַלטן זיין דרשה שבת תשובה און שבת הגדול. אין דער שיל זענען אויך איינגעאָרדנט געוואָרן די נאַציאָנאַל־מלוכהשע פייערונגען, ווי דעם 11־טן נאָוועמבער און 3־טער מאַי, ווי אויך די ייִדישע נאַציאָנאַלע: כ׳ תמוז, הערצלס יאָרצייט, דעם 2־טן נאָוועמבער דער יאָרטאָג פון דער באַלפור־דעקלאַראַציע. די פייערונגען פלעגן פאַרקומען מיטן אָנטייל פון חזן מיט זיין כאָר און מכבי־אָרקעסטער. מיט רעדעס זענען אַרויסגעטרעטן רבנים, גבאים און ציוניסטישע רעדנער.

זאָלן דערמאָנט ווערן, אויף וויפל איך געדענק, אייניקע פון די מתפללים און גבאים פון דער שיל:

גבאים זענען אין פאַרשידענע צייטן געווען: אליעזר ראַזשאַנקער, דוד ביגמאַן, פישל סאַמעלסאָן, משה ראַזשאַנקער, נחמן מאַרקיטער, משה צעלניק, ירמיהו שוסטער, מתתיהו באַרענהאָלץ, יהושע לעמפּעל א. א.

אין ועד פון דער שיל זענען געווען: די ברידער פוקערמאַן ,חיים־וואָלף בראָנשטיין, פיניע שפּילמאַן, דוד שנור, וועלכער איז אויך געווען בעל קורא.

חזנים: יאָסעלע יאַראָסלאַווער, איצל שמולעס, וועלכער האָט יאָרן לאַנג געדאַוונט פאַרן עמוד באַגלייט מיט אַ גרויסן כאָר, עלעלע ביאַלי, אַ לוקעווער חסיד; דער באַרימטער חזן, וועלכן מען האָט גערופן: דער לובלינער שוסטער.

בעלי־תפילה: אברהם בן־ציון רייכמאַן, אַ ראַדזינער חסיד; נחמן מאַרקיטער, אברהמעלע לאמאזער, אַ שוחט.

פון די משוררים געדענק איך: לייזער קאָרן, מאָטל זילבערשטיין, ישעיהו קירמאַן, דוד־לייב פעלדמאַן, יאַניע פעלדמאַן, חיים יידל, ישראל זילבערשטיין.

שמשים: בנימין דער הויכער, יאָסקע וולאַדאַווקער, אברהם לאַווער א. א. צו זייער פרנסה האָט אויך געהערט דאָס פונאַנדערטראָגן „בילעטן", איינלאַדונגען אויף פאַרשידענע שמחות. פון די הונדערטער מתפללים אין דער שיל זענען אין מיין זכרון געבליבן די נעמען:

שאול סאַמעלסאָן, אליהו געזונטהייט, חיים העכט, מנשה קעלבערמאַן, יצחק־זעליק שוסטער, בערל זייפער — אַ פעלדשער, אהרון זייפער, זישע קאַוואַל זילבערשטיין, אלי רוסמאַן — פאַרטאַרטורטשיק, זישע קאַוואַל זילבערשטיין, אלי ליך — אַפּטייקער, מאָטל לעדערמאַן, הערשל טוביהס פייגנבוים, אַלטער שאַפּירשטיין, לייביש ביגמאַן, הערצקע פישמאַן, שמואל פישמאַן, משה מעש, ירחמיאל רייס, יאָסל שומאַכער, יצחק לייב פעלדמאַן, הילל בראַנשטיין, מענדל־שאול וואַלפס ליכטנבערג, אלי (אליהו) לעמבערגער, בערל שלעווין, אהרון סאַמעלסאָן, לייזער האַרציק, אבא הובערמאַן, יצחק לעמבערגער, שמואל באַרנהאַלץ, אליעזר בראַנשטיין, לייזער מאשאנצניק, ירחמיאל ראַטענבערג, ראובן ראַטענבערג, יאָסל ראַטענבערג, פאַלעק שוסטער, נוח הורלעלעס, אשר בראַנשטיין, מעכעלע קראַקוס, יצחק־אהרון פישמאַן, משה קרייז, דוד קרייז, הערשל קרייז, יאַנקל קרייז, אברהם־חיים ברוכס, חיים פישמאַן, שמחה פישמאַן, הערצקע פישמאַן, לעאָן אפסטעלער, חיים יידל, יאַנקל קירמאַן, אביגדור לעדערמאַן, יאָסל פרייבערג, בערל פרייבערג, אהרון שפילמאַן, אליעזר פידלמאַן, שמואלקע פידלמאַן, פרץ פידלמאַן, חיים פידלמאַן, לייבל קוטשער, ישראל־שמואל קוטשער, משה קוטשער, ברוך־הערש גרינשפאַן, פישעלע גרינשפאַן, אהרון גרינשפאַן, לייבעלע גרינשפאַן, יצחק ניימאַן א. א.

פרומע פרויען, וועלכע פלעגן זיין צווישן די שטענדיקע דאַווענערינס אין די שבתים און די יום־טובים אין שיל, געדענק איך:

רחלע גפן, די שפּעטערדיקע רביצין אין טאָמאַשוווקע, צביה האַלצמאַן, גיטל ראַבינאָוויטש, פייגע באַרנהאַלץ, אסתר־באַשע פוקס, לאה בראַנשטיין, פייגע־מירל האַלצמאַן, חיהלע שאַפּירשטיין, זעלדע ביגמאַן, רייזל זייפער, חנה שפילמאַן, דריזל האַלצמאַן, מירעלע מאַנדלבוים, פייגע סאַמעלסאָן, מרים לעמבערגער, חיה וואַקסמאַן, דאָבע־רחל שפילמאַן, אסנע גאָלדשטיין, חנה משה מאירס — אַ זאָגערין; רבקה שטיצבערג, לאהטשע הובערמאַן,



שיפרע פיין, נעמי ראַלניק, שיפרע שניידערמאַן, פערל איטשע מאירס — אַ גבאיטע; יוכבד קראַקוס, חוהלע קראַקוס, ציפורה יאַקובאָוויטש, זעלדע בראַנשטיין, חוה באַרנהאַלץ, רבקה טשערוואָנאַגוראַ, ברײַנע אייזנבערג, איטע לעדערמאַן, דאָבע לעדערמאַן, פערל שטערנפעלד, פערל לעדערמאַן, רחל לעדערמאַן, מאַשע ראַזשאַנקער, באַשע אייזנבערג, רייזע ערליך, לאה לעדערמאַן.

דאַ וויל איך באַמערקן, אַז ביים פאַריכטן און מאָלעווען די שיל, ווי אויך ביים אויפשטעלן בײַדע ארון קודש, האָבן זיך באַטייליקט אַלע יידן פון שטאָט, אָן אונטערשיד צי ער האָט געדאַוונט אין שיל, אין די בתי מדרשים אָדער חסידים־שטיבלעך. די שיל איז געווען די קרוין פון שטאָט און אַלע אָן אויסנאַם, רייך און אָרעם, האָבן מנדב געווען, יעדער לויט זיינע מעגלעכקייטן.

ווען איר וועט אין אונדזער ספר הזכרון זען די בילדער פון שיל, זאָל יעדער פון אונדז זיך דערמאָנען מיט גרויס יראת הכבוד אונדזערע אבות אבותינו, די טייערע יידן, מענער און פרויען, וועלכע האָבן געזאָרגט פאַרן שיינעם אויסזען פון דער שיל, פאַר איר קינסטלערישער באַצירונג, וואָס האָט אַרויסגערופן דעם דרך־ארץ אויך פון קריסטלעכע איינוווינער.

איך שטרייך אונטער, אַז די וולאַדאַווער שיל האָט געשמט אַלס איינע פון די שענסטע שילן אין פוילן. ווי אַ באַווייז קען אויך דינען דאָס אַפּהיטן זי דורך דער נאָך מלחמהדיקער פוילישער רעגירונג, האָט אויסגעוויילט די וולאַדאַווער שיל צווישן די שענסטע פינף יידישע שילן, וואָס ווערן אָפּגעהיטן ווי אַ מוזיי פון יידישע רעליקוויעס, וועלכע צייכענען זיך אויס מיט זייער הויך קינסטלערישער ווערט.

## בתי־מדרשים

אויף דער סאָלנער גאַס, אויף וועלכער עס איז געשטאַנען די גרויסע שיל, האָבן פון בײַדע זייטן זיך געפונען צוויי בתי־מדרשים: דער אַלטער בית המדרש און מאָטלס בית המדרש. דער אַלטער בית המדרש איז געבויט געוואָרן מיט עטלעכע הונדערט יאָר צוריק. און איז איבערגעבויט געוואָרן פאַרגרעסערט און פאַרשענערט אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען וולאַדאַווע האָט זיך געפונען אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע און לייבל ליכטנבערג איז געווען דער בירגערמייסטער פון שטאָט. מען פלעגט אים אויך רופן: לייבל מאלאריטער. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש און אַ פרום אָפּגעהיטענער ייד. דעם הויכן אַמט, וואָס די דייטשן האָבן אים אָנפאַרטרויט,

האָט ער אויך אויסגענוצט פאַרן דורכפירן דאָס איבערבויען דעם אַלטן בית המדרש.

אויף דער רעכטער זייט פון דער שיל האָט זיך געפונען דער נייער בית המדרש, אויפגעבויט דורכן אָנגעזעענעם וולאָדאַווער תושב, מרדכי־מאָטל ביגמאַן, אין יאָר 1927. מאָטל ביגמאַן איז געווען אַ פרומער און באַשיידענער מענטש, אַ פּילעווער חסיד און אַ גרויסער נדבן. ער איז אַלע יאָרן געווען דער גבאי פונעם בית המדרש, און אויך זיין פרוי, וואָס איז געווען באַקאַנט מיט איר שטענדיקער גרייטקייט צו העלפן אָרעמע יידן, האָט געפּלעגט זאָרגן פאַר דער ריינקייט און שיינקייט אין זייער בית המדרש, וועלכן מען האָט טאַקע גערופן: „מאָטלס בית המדרש".

אין ביידע בתי מדרשים האָבן תמיד געלערנט יידן. עס זענען געווען פאַרשידענע חברות, ווי: חברה עין יעקב, חברה משניות, חברת תהילים.

מיט אָט די חברות האָבן געלערנט אָנגעזעענע לומדים, ווי: יצחק מגיד פייגנבוים, זיין זון יאָסעלע מגיד. זיי האָבן געשטאַמט פון דורי־דורות מגידים און יעדער פון זיי איז געווען אַן אויסגעצייכנטער בעל דרשן. אלתרל מגיד האָט אויך מחבר געווען אייניקע ספרים. שאול־מעכל רייזע האָט געשמט מיט זיינע משלים, וואָס ער האָט אַזוי שיין צוגעפאַסט צו זיינע דרשות.

חיים־יהודה געלערנטער האָט געשטאַמט פון אַפּאָלע און איז אויך געווען צווישן די לומדים אין וולאָדאַווע.

אָט די, וועלכע זענען מיר געבליבן אין זכרון, האָבן געלערנט מיט די יידן אין ביידע בתי מדרשים, האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער כוח מסביר צו זיין שווערע סוגיות. זייערע אויסטייטשונגען און משלים האָבן צוגעצויגן פיל צוהערער. ווען זיי זענען אַרויסגעטרעטן מיט דרשות זענען געקומען הערן אויך די פאַרשידנערליי חסידים, ווי אויך פרויען. די משלים מיט וועלכע זיי האָבן דורכגעפלאָכטן זייערע דרשות, זענען געווען זייערע אייגענע שאַפונגען און אַפילו נישט פרומע האָבן ליב געהאַט זיך צוצוהערן צו זיי.

גבאים פון אַלטן בית המדרש זענען געווען:

יעקב באַנקהאַלטער, מאָטל בראָנשטיין, בנימין ראַוונער, משהלע סטאָלער (זיין פאַמיליע־נאָמען געדענק איך נישט), שלום לעמבערגער, אייזיק באַרנהאָלץ א. אַ. צווישן די מתפללים פון ביידע בתי־מדרשים געדענק איך:

בערל שיינדלס ראָטענבערג, ברוך ארכעוויר, שמואל סלאָוועטישער־שניידערמאַן, יאַנקל אסאוויר, דוד וועלוול לייבמאַן, יצחק־לייב פעלדמאַן, משה רובינשטיין, חיים יאַקע־



לעס, מאיר גאַנטנער, אליעזר פידעלמאַן, יחיאל בויעז, לייבל קוטשער, פעלדשער בענדלער, הערש־לייב סטול, בענע־בן־ציון באַרנהאָלץ, דוד מעלצער, מעכעלע קראָקעס, אברהמעלע ספּיוואַק, יהושע וואַקסמאַן, דוד וואַגענשפּאַן, שמעון ליכטנבערג, וועלוול קאַמאַשנמאַכער, שלמה רובינשטיין, יוסף פּרייטיק, משה־חיים ערליך, ישעיהו דוד גייער, ברוך לעמבערגער, יצחק לעמבערגער א.א.

חזנים אין ביידע בתי־מדרשים זענען געווען:

בנימין זאַוועלעס, אלילע ביאַלער, בעל תפילה און בעל קורא — אשר מלמד, משה טעמעס, בנימין־לייב פישמאַן,

שמשים: בנימין דער הויכער, בערעלע, הערש לאַבער א.א.

ביידע בתי מדרשים זענען תמיד געווען אָפן און שטענדיק האָט מען דאָרט געדאַוונט און געלערנט. כמעט יעדן אָוונט, צווישן מנחה און מעריב פלעגט אַרויסטרעטן אַ מגיד מיט אַ דרשה. די מגידים פלעגן קומען פון אַנדערע שטעט, נאָענטע און ווייטע, וווהין עס איז דערגאַנגען דער שם, אַז וולאָדאַווע פאַרמאָגט ליבהאָבער צו הערן אַ בעל דרשן און וולאָדאַווער יידן פלעגן זיי שיין אויפנעמען.

אין ביידע בתי מדרשים זענען די ווענט געווען באַשטעלט מיט ספרים, ווי אַ גרויסע רעליגיעזע ביבליאָטעק, ווו די ספרים זענען געווען פריי פאַר יעדן וואָס האָט באַגערט אין זיי צו לערנען. אין די בתי מדרשים פלעגט מען אויך פאַרקויפן טליתים, תפילין, סידורים און אַנדערע כלי־קודש.

אַן אחדות האָט געהערשט צווישן די מתפללים אין יעדן בית המדרש און ווען עס איז געשען אַ פאַל, אַז עמיץ האָט זיך גענויטיקט אין מאַטעריעלער הילף, האָבן זיך אין די בתי מדרשים תמיד געפונען מענטשן, וואָס זענען גרייט געווען צו העלפן.

אין ביידע בתי מדרשים האָט געהערשט אַ היימישקייט, ווי אין אַ פאָלקסטימלעכן מקום תפילה. עס האָבן דאָרט געדאַוונט פשוטע פאָלקס־מענטשן און שיינע יידן. מען פלעגט זיך אַריינכאַפּן, ווער אויף אַ שיעור גמרא אָדער סתם אַ פּרק משניות, בלעטערן אַן אַלט ספר אָדער טאַקע לערנען מיט התלהבות ביז שפּעט אין דער נאַכט. פון באַגין אַן האָבן זיך דאָרט געהערט די קולות פון פאַרטאָגיקן תהילים־זאָגן פון עמך און די צעצויגענע גמרא נגונים פון בחורים, פון יונגעלייט און עלטערע יידן, וואָס פלעגן זיך מתפלפל זיין אין שווערע סוגיות.

ביידע בתי מדרשים, דער אַלטער און מאָטלס, שטייען איצט פּוסט, אויסגעליידיקט און אירע מתפללים, די טייערע, פשוטע און ערלעכע יידן, זענען אויסגעמאָרדעט געוואָרן.

## חסידים־שטיבלעך

דאָס חסידישע לעבן האָט זיך געפירט אין אָפּגעזונדערטע מנינים, וועלכע מען האָט גערופן „שטיבלעך" און זיי זענען אויפגעבויט געוואָרן טייל דורך די חסידישע קאָלעקטיוון און טייל דורך איינצלנע פאַרמעגלעכע חסידים.

עס ווערט דערציילט, אַז מיטן אויפקום פון חסידות אין פוילן, האָט עס אויך גלייך אַרומגענומען אונדזער שטאָט וולאָדאַווע און וולאָדאַווקע. אין משך פון דורות האָט זיך דאָס חסידות צעטיילט אין באַזונדערע שטרעמונגען, יעדער רבי מיט זיין אייגענעם חסידישן דרך און זיינע הייסע אָנהענגער, וועלכע פלעגן פאָרן צום רבין, האָבן אין זייערע שטעט און שטעטלעך געהאַט זייערע באַזונדערע חסידים־שטיבלעך. יעדעס שטיבל און זיינע חסידים האָט מען גערופן אויפן נאָמען פון דער שטאָט אָדער שטעטל, ווו דער רבי האָט געוווינט.

אין יעדן שטיבל האָט געהערשט גרויס אחדות צווישן איין חסיד און אַנדערן. אַלע, אָרעם און רייך, האָבן צווישן זיך גערעדט אויף „דו". דאָס „שטיבל" איז חוץ אַ מקום תפילה און לימוד התורה, געווען אויך אַ פּלאַץ פאַר חסידישן פאַרברענגען. דאָרט האָט מען אַראָפּגעוואָרפן פון זיך אַלע דאגות פרנסה און אַנדערע טאָג־טעגלעכע זאָרגן. ווען איינער פון די חסידים האָט זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע, האָט עס אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטיבל און די חסידים פלעגן אים אַרויסהעלפן מיט אַ גמילות חסד און אויפשטעלן פאַר אים אַ מקור פון פרנסה.

על פי רוב איז אין די שטיבלעך געווען פריילעך. די תפילות זענען געווען באַגלייט מיט חסידישע נגונים, וואָס האָבן פאַרטריבן די עצבות. יעדעס שטיבל האָט געהאַט אירע אייגענע ניגונים, וועלכע מען האָט געזונגען ביים רבין און יעדן נייער נגון, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אין די יום־טובים, אין די ימים־נוראים, דורך די חסידישע מנגנים אָדער דורכן רבין אַליין, האָט זיך שפּעטער צעטראָגן איבער אַלע „שטיבלעך" פונעם רבינס חסידים אין די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. חסידות האָט באַדייט אויך פרייד, שמחה און בטחון. די לאָזונג פון אַלע חסידים איז געווען עבדו את ד׳ בשמחה ובחדווה.

דער רבי האָט ווירקלעך מיט זיך פאָרגעשטעלט אַן אידעלע פערזענלעכקייט וואָס האָט פאַרמאָגט אַ גרויסן כוח איינצופלאַנצן זיינע אָנהענגער אמונה און בטחון. די חסידים האָבן מיט גרויס דביקות צוגעהערט זיך צום רבינס טיפע תורה־אויסטייטשונגען, פילאָזאָפישע און מיסטישע רעיונות, קלוגע משלים, מיט וועלכע ער האָט דורכגעפלאָכטן דאָס תורה־זאָגן ביים „פירן טיש". מערסטנס רביים האָבן



געפירט אַ באַשיידענעם לעבנס־שטייגער, אויסגעצייכנט זיך מיט פשטות אין זייער טאָג־טעגלעכער התנהגות. אַרויסגעוויזן דעם חסיד וואַרעמע נאָענטקייט, פאַראינטערעסירט זיך מיט זיין פּריוואַטן לעבן, געפונען צייט אויסצופרעגן, געבן עצות און, דער עיקר, ברכות.

דער שיינער חסידישער געדאַנק און חסידישע התנהגות האָבן אַרומגענומען אונדזער שטאָט און די אַרומיקע שטעטלעך און עס האָבן זיך גיך געמערט די חסידים־שטיבלעך אין וולאָדאַווע, וואָס איז מיט דער צייט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ חסידישע שטאָט. איייניקע פון די חסידים־שטיבלעך און חסידים, וועלכע איך געדענק, וויל איך דאָ דערמאָנען.

## קאָצקער־לוקעווער חסידים־שטיבל

יידן פון וולאָדאַווע און וולאָדאַווקע זענען געווען פון די ערשטע חסידים, וואָס זענען געפאָרן צום קאָצקער רבין ר׳ מענדעלע. צו זיי האָבן געהערט: ר׳ אליהו ראַבינאָוויטש, אַ וואַלד־סוחר און גאון אין לערנען; ר׳ משה אייזנבערג, ר׳ ישראל האָלצמאַן — אַ למדן און אָנגעזעענער כלל־־טוער; ר׳ לייב פישמאַן — סאלטיס אין וולאָדאַווקע, וואָס איז גלייכצייטיק געווען אַ גאון אין לערנען; ר׳ לייב נוימאַן, ר׳ גרשון־יידל ליבערמאַן — רב אין וולאָדאַווקע; ר׳ פסח ביאלי, וואָס האָט אויך געהערט צו די לומדים אין שטאָט.

קאַצקער חסידים האָט צוגעצויגן אין וולאָדאַווע אַ סך אָנהענגער און די ערשטע חסידים־שטיבלעך אין וולאָדאַווקע און וולאָדאַווע זענען געווען די קאַצקער. נאָך דער פּטירה פונעם רבין ר׳ מענדעלע איז מען געפאָרן צו זיין זון ר׳ דודל. קאַצקער חסידים פלעגן זונגען: „צום רבין פאָרט מען נישט, צום רבין גייט מען". די ווערטער האָבן אָפּגעשפּיגלט די ווירקלעכקייט, אויך פון וולאָדאַווע האָבן חסידים עולה־רגל געווען צום רבין.

בנימין פישמאַן אָדער ווי מען האָט אים גערופן: בנימין לייבס, איז געווען קאַזשאַנער ראַבינער. די יונגע בחורים, די ברידער: שלמה־לייב, מאַטיס און יעקב האָלצמאַן, מעשל נוימאַן, פייוול אַלטוסקי, אברהמעלע דעם חזנס, אַ ייד אַ בן־תורה, וועלכער איז שפּעטער געווען מלמד; איצל ביאלי וועלכער איז אויך געוואָרן שפּעטער אַ מלמד און געהאַט אַ שם פאַר אַ גרויסן למדן; יואל אייזנבערג — דאָס זענען געווען אַלע חסידים, וואָס האָבן זיך געקלאַמערט אינעם קאצקער דרך.

נאָך דער פּטירה פונעם רבין ר׳ דודל האָט פאַרנומען זיין פּלאַץ זיין זון ר׳ חיים־ישראל מאָרגענשטערן, וועלכער

איז געווען רב אין לאמאז. נאָך זיין פּטירה האָט זיך קאָצק צעטיילט צווישן זיינע פיר זין. ר׳ הערשעלע איז געווען רבי אין לוקאָווע, ר׳ משה אין פּולאַווע און האָט לעצטע יאָרן געוווינט אין וואַרשע; ר׳ יצחק־זעליג — אין סאָקאָלאָוו און ר׳ יוסף — אין קאָצק. די מערסטע חסידים פון וולאָדאַווע און וולאָדאַווקע זענען געפאָרן קיין לוקאָווע צום רבין ר׳ הערשעלע.

אין יאָר 1906 האָט דער איבערגעגעבענער חסיד ר׳ מתתיהו האַלצמאַן, וועלכער איז אויך געווען אַן אָנגעזעענער וואַלד־סוחר און אייגנטימער פון דער ערשטער יידישער באַנק, אויפגעבויט אַ גרויס לוקאָווער שטיבל אויף דער ראָזשאַנקער גאַס. זיין פרוי צביה פלעגט לערנען מיט די פרויען האָט פאַרמאָגט טאַלאַנט צו דערציילן און אויסטייטשן און זי האָט אויך אַליין אויסגעצירט דאָס לוקאָווער שטיבל, אָפּגעהיט די ריינקייט און געזאָרגט אַז דאָס חסידים־שטיבל זאָל זיין אויסגעשטאַט מיט אַלעם נויטיקן. די דאָזיקע באַשעפטיקונג איז געווען איר גרעסטער פאַרגעניגן און זי האָט עס געטון מיט גרויס איבערגעגעבנקייט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

פון די מתפללים אין דעם לוקאָווער שטיבל געדענקט זיך דער למדן ר׳ אברהמעלע דעם חזנס, וואָס איז אַליין אויך געווען אַ בעל־תפילה און בעל־תקיעה; זיין זון בעריש און אייניקל אליהו. אליעזר־יוסף האַלצמאַן, — פּרעזעס פון דער יידישער גמינע און פון דער שטאָטישער גמילות־חסד־קאַסע. לוקאָווער זענען אויך געווען די ראַטמענער און כלל־טוער: דוד האַלצמאַן און פייוול לעדערמאַן. יצחק־מאיר האַלצמאַן איז געווען אַ מנגן און אַ בעל־תפילה ביים רבין; שמשון מלמד, פּסח בורשטיין, מענדל פייערמאַן, דוד הובערמאַן — אַ שוחט, וואָס פלעגט זיך אויך אויסצייכענען מיט זיין זכרון נאָכצודערציילן דעם רבינס תורה־זאָגן, וואָס ער האָט געהערט ביים רבינס טיש, שלמה האַלצבלאַט, יעקב רעכטמאַן — אַ בעל־תפילה; פייוול ברוסמאַן, אליהו־אלילע ביאַלי — אַ זינגער ביים רבינס טיש און חזן אין שטאָט; לייב פישמאַן, עקיבא שטערן, וועלוול ראַבינאָוויטש און זיינע זין, ישראל־יוסף, אברהם און זיינוול ראַבינאָוויטש; אליהו וועלוול, וואָס איז געווען דער טענצער פון שטיבל, האָט שטאַרק ליב געהאַט אַ חסידישן ריקוד און איז דערביי געווען אַ גרויסער למדן; משה שוחט, ראובן־הערש ווינאָגראַד, יצחק־אהרן האַלצבלאַט, יהושע הובערמאַן, יאַסעלע גראַבאַווער, אייזיק אייזנבערג און משה אייזנבערג.

די שטיבל־בחורים: אליהו האַלצמאַן, די ברידער חיים און יאָסל לעדערמאַן, די ברידער הערשל־צבי, משה, יצחק און שמשון האַלצמאַן די ברידער אליהו, לייבל און מאָטל



ראַבינאָוויטש, חיים בורשטיין, די ברידער יצחק און יעקב האַלצמאַן, בנימין פישמאַן, אליעזר אייזנבערג א.א.

דער רבי ר׳ הערשעלע פלעגט קומען כמעט צוויי מאָל אין יאָר קיין וולאָדאַווע און איז דעמאָלט איינגעשטאַנען ביי מאַטיס און צביה האַלצמאַן, ביי וועלוול און גיטל ראַבינאָוויטש. צביה און איר טאָכטער גיטל זענען געווען הייסע חסידעסטעס און האָבן געזאָרגט, אַז די אכסניה פאַרן רבין זאָל האָבן אַלע באַקוועמלעכקייטן אויך פאַר די חסידים, וואָס האָבן מאַסנווייז געשטראָמט אַהין. דעם רבינס טיש איז געווען געגרייט מיט כל־טוב.

נאָך דער פּטירה פון רבין ר׳ הערשעלע איז געוואָרן רבי זיין זון, ר׳ משה־ברוך מאָרגנשטערן, וועלכער איז שפּעטער אויסגעוויילט געוואָרן אַלס הויפּט־רב אין וולאָדאַווע. דער לוקאָווער רבי האָט זיך באַזעצט אין וולאָדאַווע, אָבער דאָס חסידים־שטיבל האָט מען ווייטער גערופן: לוקאָווער.

וועגן דעם רבין און רב ר׳ משה ברוך מאָרגנשטערן הי״ד, וועלכער איז אומגעקומען ביים אָנהויב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה צוזאַמען מיטן גרעסטן טייל פון זיין משפחה, דערצייל איך באַזונדער אין אַ צווייט אַרטיקל. דאָ וויל איך נאָר צוגעבן, אַז מיטן רבינס באַזעצן זיך אין וולאָדאַווע האָט די שטאָט אויפגעלעבט און האָט פיל גענאָסן אויך מאַטעריעל. הונדערטער חסידים פלעגן קומען פון אַנדערע שטעט אויף יעדן יום־טוב קיין וולאָדאַווע. מערסטנס זענען די חסידים געווען פאַרמעגלעכע יידן, וואָס האָבן אַריינגעבראַכט דער שטאָט אַן אָנגעזעענע הכנסה.

דער וולאָדאַווער רב און לוקאָווער רבי, ר׳ משה־ברוך מאָרגנשטערן, האָט מיט זיין שיינער התנהגות און גאונות אין תורה צוגעצויגן פיל חסידים צווישן פּשוטן עולם אין שטאָט. דער רבי האָט אויך מחבר געווען דאָס ספר „עטרת־צבי״.

## פּאַרצעווע־מעזריטשער חסידים־שטיבל

צו די גרעסטע חסידים־שטיבלעך האָט געהערט דאָס שותּפותדיקע ביאַלער־מעזריטשער שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען ביים עק פון גרויסן מאַרק, ביים אַראָפּגיין צום סטאַוו. דאָרט האָט מען געלערנט יעדן טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט. עס איז אויך געווען איינגעפירט, אַז די פריזיוניקעס, די יידישע בחורים, וועלכע מען האָט גערופן צום מיליטער, זאָלן פאַרברענגען עטלעכע וואָכן אין דעם שטיבל פאַרן גיין צו דער מיליטער־קאָמיסיע.

אין ביאַלער־מעזריטשער חסידים־שטיבל האָט מען אַ

גאַנצן טאָג אָן איבערייס געדאַווענט און געלערנט און עס איז דאָרט שטענדיק געווען פריילעך. צווישן די אָנגעזעענע חסידים, וואָס האָבן געשמט אַלס גרויסע לומדים, געדענק איך:

**הערשל-לייזער משהס אָדער הערשל גפן**, אַ לעדער־קרעמער, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן רב אין טאָמאַשוווקע און געווען דאָרט ביזן חורבן; זיין פרוי, די רביצין, רחלע גפן האָט געפירט דאָס לעדער געשעפט און איז געווען זייער אַן ענערגישע פרוי, פרום און אָפּגעהיטן; אברהם פורער, וועלכן מען האָט גערופן אברהם יידעלעס, אַ וואַלד־בראַקער, פלעגט שמחת תורה טאַנצן אין די גאַסן, איינגעהילט אין טלית. אַלס וואַלד-בראַקער פלעגט ער גאַנצע וואָכן זיין אונטערוועגנס, אָבער האָט דאָרט אויך געלערנט ביז שפּעט אין די נעכט. די פּויערים האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ הייליקן און פלעגן קומען בעטן ביי אים אַ ברכה; הערש-לייבעלע, האָט געהאַט אַ שם אַלס זייער קלוגער בורר; שמואל-דוד יאַקובאָוויטש — געשמט אַלס עילוי, געהאַט אַ גענויאַלן זכרון, כאָטש אַ הייסער חסיד, איז ער אויך געווען אַ געלערנטער, געהאַט אייראָפּעאישע בילדונג און געקענט עטלעכע שפּראַכן. ער איז אויך געווען אַ הייסער אַנהענגער פון בער באָראָכאָוו, דער טעאָרעטיקער פון די פּועלי-ציון. חוץ זיין גרויסער ספרים-ביבליאָטעק האָט ער אויך פאַרמאָגט אַ רייכע ביבליאָטעק פון וועלטלעכע ליטעראַטור, וויסנשאַפטלעכע ביכער אין פאַרשידענע שפּראַכן; הערשל-שמואל צאַלעס קרייז, משה דודטשעס, הערשל דודטשעס, יאָסל זאַנשיין, יאַנקל זאַנשיין, יעקב-הערש שוחט, אַ בעל-תפילה, יעקב-לייב פּעפּערמאַן, ישעיה קראַקעס, אברהמעלע לאַמאַזער — שוחט און בעל-תפילה, די ברידער יאַנקל און דוד-לייב גאַנז, הרב סעגאַל — קאָזשאָנער ראַבינער און זיינע דריי זין; יאָסעלע מגיד, אַ מחבר פון אייניקע ספרים, משה אשר פורער, יודל פורער, שלמה שטערנפעלד — פּרעזעס פון דער יידישער גמינה און פון אגודת ישראל; דער נעמעראָוער רב נטע ראָזענבערג און אַ סך שטיבל-בחורים, וועלכע האָבן געשמט מיט זייער לומדות. משה מאַריאַנקער, יעקב-מאיר סוראָקער, שלמה-יידל הובערמאַן — אַ שוחט, הערשעלע האַרן און אַנדערע אָנגעזעענע חסידים.

בעתן רבינס באַזוך זענען די „טישן” תמיד איינגעאָרדנט געוואָרן אין שטיבל צוליבן גרויסן עולם חסידים, וואָס פלעגן קומען הערן דעם רבינס תורה-זאָגן.

דאָס ביאַלער-מעזריטשער חסידים-שטיבל איז געווען אַ צענטער פון תורה און חסידות און איז געווען באַקאַנט מיט זיינע לומדים, תלמידי-חכמים.



## ראַדזינער שטיבל

דאָס ראַדזינער שטיבל האָט זיך אויך גערופן דאָס רייכע שטיבל, איז געווען געמויערט פון ציגל, אויף אַ גרויסן פאַרנעם, האָט זיך געפונען אויף דער קאָזיאַ-גאַס.

דאָס נייע שטיבל האָבן געבויט די חסידים מיט דער מיטהילף פונעם פאַרמעגלעכן בערל גראַסבאָרד, אַ ייד אַ למדן, אַ הייסער חסיד און אַ נדבן. אויך אַנדערע שטאָטישע באַלעבאַטים האָבן געגעבן זייער צושטייער.

דאָס איז געווען אין יאָר 1910.

דאָס ראַדזינער חסידים-שטיבל האָט געשמט מיט זיינע לומדים און שאַרפע קעפּ. דאָרט פלעגן אויך לערנען יומם ולילה אַ סך בחורים און יונגעלייט.

דער ערשטער גבאי איז געווען בערל רויזעס רייכמאַן. נאָך זיין פּטירה איז געוואָרן גבאי אלתר-אהרון בן-אברהם בן-ציון רייכמאַן, וועלכער איז געווען פון די ערשטע ראַדזינער חסידים אין וולאָדאַווע. אין די ימים-נוראים איז ער געווען בעל תפילה ביים רבין און האָט טאָקע געשמט אַלס בעל מנגן, געדאַווענט פאַרן עמוד אויך אין דער גרויסער שיל.

מען דערציילט, אַז עס איז געשען אַמאָל אַ פאַל, ווען קריסטן האָבן צעריסן די דראָטן פון ערוב, כדי יידן זאָלן נישט קענען טראָגן אום שבת. דאָס האָט זיך איבערגעחזרט און די יידן האָבן זיך געוואָנדן צו דער רוסישער מאַכט נאָך הילף, אָבער אַלע ביטעס האָבן נישט געבראַכט קיין שום רעזולטאַט. דעמאָלט האָט אלתר-אהרן רייכמאַן זיך געוואָנדן קיין פּעטערבורג צו דער רוסישער קעניגין מאַריאַ פיאַדראָוונאַ. די ביטע איז געווען זייער שיין אָנגעשריבן און אַזוי רירנדיק, אַז דער פאַרלייענער פון דער ביטע פאַר דער קעניגין האָט שפּעטער דערציילט, ווי ער האָט באַמערקט טרערן אין דער קעניגינס אויגן.

אין יענעם יאָר ראש השנה, בעת אלתר-אהרן האָט געדאַווענט אין שיל זענען אָנגעקומען הויכע נאַטשאַלניקעס און אים איבערגעגעבן דעם פּאָזיטיוון ענטפער פון דער קעניגין. דער ערוב איז צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן אויפן חשבון פון דער רעגירונג און די מאַכט האָט שטרענג אָפּגעהיטן ער זאָל נישט באַשעדיקט ווערן.

דאָס ראַדזינער שטיבל האָט געציילט זעקס מנינים. גבאי איז געווען חיים-יאַנקל לעדערמאַן. אים האָבן תמיד באַגלייט צום דאַווענען זיינע צוויי זין, בנימין און אברהם, וועלכע זענען פונקט ווי זייער פאָטער געווען הייסע ראַדזינער חסידים.

צו די אָנגעזעענע ראַדזינער חסידים האָט זיך אויך גערעכנט ר' הערשל-צבי שטשעדראָוויצקי, וועמען זיין

גרויס לומדות האָט נישט געשטערט צו זיין גלייכצייטיק אַ הייסער ציוניסט. זיינע זין וועלוול־זאב און יעקב זענען געווען פון די אָנפירער אין הפועל המזרחי.

דער עילוי ישראל טשעסנער פון טאָמאַשעווקע איז אויך געווען אַ ראַדזינער חסיד. אַזעלכע זענען אויך געווען: יהושע וואַסערמאַן, חיים רייטלער, וועלכער האָט זיך אויך גערעכנט אַלס ציוניסט; יהודה שטילערמאַן, פישל געלערנטער, יהושע געלערנטער, וועלכער איז אויך געווען אַ בעל־תפילה און בעל מנגן ביים רבינס טיש; ניסעלע ראַבאַוער, מרדכי יוסף, טודרוס פעלדמאַן, משה ראַזשאַנקער, דוד שטילערמאַן, וועלכער איז אַ צייט געווען אויך גבאי; אייזיק ניסנבוים, גרשון סטורניק, אייזיק מענדעלעס, דער בעל תפילה בצלאל פישמאַן, גרשון ראַזשאַנקער — בעל־קורא, אליעזר ראַזשאַנקער, וועלכער איז געווען אויך פון די ערשטע עולים; הערש־חיים גערטנער, שמעון לעדערמאַן, ברוך שטילערמאַן, יונה קאַליכשטיין — אַ ראַטמאַן, מרדכי־איטשע ראָזנבלאַט, בצלאל מלמד, בנימין בלומענקראַנץ, שמואל פעלדמאַן, שמחה ניסנבוים, גרשון־הענעך אײדלמאַן, בנימין אײדלמאַן, משה אײדלמאַן, אייזיק לעדערמאַן, יוסף לעדערמאַן, פייוול טשעסנער, אליהו טשעסנער, שמואלקע שטשעדראָוויצקי, הענך שטילערמאַן, משה־מרדכי פישמאַן, ראובן שרייער, מענדל ראַדזינער — אַ מלמד, נחמיה ראַזשאַנקער, גרשון לעדערמאַן, משה לעדערמאַן, יאָסל לעדערמאַן, ישראל טשעסנער.

שטיבל בחורים: אייזיק ניסנבוים, גרשון שישציק, אייזיק מענדעלעס, וועלוול און יעקב שטשעדראָוויצקי א. א.

צו די אָנפירנדיקע הייסע חסידים און רבינס מקורבים בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה זענען געווען: גרשון־הענעך זיידמאַן, בערל האַלבערשטאַדט און מאָטל־מרדכי רייכמאַן.

עס איז כדאי צוצוגעבן, אַז אין די מלחמה־יאָרן און אין געטאָ האָט מאָטל־מרדכי רייכמאַן געזאָרגט פאַרן רבין און זיין משפחה מיט גרויס מסירות נפש. ער איז געבליבן אַ הייסער און איבערגעגעבענער חסיד, וווינט היינט אין חיפה, וווּ ער לערנט מיט די חסידים אַ שיעור און האָט ביזן היינטיקן טאָג אַ שם פאַר אַ גרויסן למדן. ער האָט זיך גערעטעוועט צוזאַמען מיטן היינטיקן ראַדזינער רבין, וועמען ער האָט אָפּגעהיט און געהאָלפן זיך באַהאַלטן, געפונען פאַר אים באַהעלטענישן, ביז עס איז געקומען די ישועה.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז דאָס ראַדזינער שטיבל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אַרעסט־שטוב פאַר „באַשולדיקטע יידן". דאָס חסידים־שטיבל האָט זיך דעמאָלט איבערגעטראָגן אין מאָטל לעדערמאַנס הויז, וואָס האָט זיך



געפונען אויף דער ווירקער גאַס און האָט געהערט צום געטאָ.

דער רבי, ר' שמואל־שלמה ליינער הי"ד, אַן אייניקל פונעם בעל התכלת, ר' גרשון הענעך, האָט כל ימיו געוווינט אין ראַדזין, ערשט סוכות 1939, נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן אַרויסגעטריבן די יידן פון ראַדזין איז דער רבי אַנגעקומען קיין וולאָדאַווע און מיטגענומען מיט זיך עטלעכע ישיבה־בחורים פון זיין ישיבה אין ראַדזין. דער רבי האָט געוווינט ביים שטיבל און די משפחה — אין משה ציגיעלמאַנס הויז.

דערוויסנדיק זיך וועגן דער סאָביבאָרער קרעמאַטאָריע האָט דער רבי אַרויסגעגעבן אַ דריי־טאָגיקן תענית און גערופן צו גיין אין וואַלד. די געסטאַפּאָ האָבן דעם רבין געכאַפּט און אים געשאָסן נעבן וולאָדאַווער בית הקברות.

דער רבי איז געקומען צו קבורה אויפן אָרט, וווּ מען האָט אים דערשאָסן ביים אַריינגאַנג אין בית הקברות.

## דאָס פּולאַווער חסידים־שטיבל

ווי אין אַלע אַנדערע חסידים־שטיבלעך האָט מען אויך אין פּולאַווער חסידים־שטיבל געלערנט יומם ולילה, באַזונדערס יונגע בחורים. די פּולאַווער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער התלהבותדיקן דאַווענען און שיינעם זינגען. יעדער בעל תפילה אין פּולאַווער שטיבל האָט געשמט מיט זיין שיינער שטים און זיסער נגינה. אַ סך שטאָטישע באַלעבאַטים זענען געגאַנגען אַהין דאַווענען, כדי צו הערן דאָס שיינע חזנות פון די פּולאַווער בעלי תפילה.

פון די פּולאַווער חסידים געדענקט זיך:

אהרון שניידערמאַן, שמואל לייכטער, משה ליאַס, וועלכער איז אויך געווען אַן אָנגעזעענער כלל־טוער, אַ למדן און האָט לעצטנס געוווינט אין טאָמאַשעווקע. זיינע זין חיים־ישראל, פאַרמאָגט אַ שיינע שטים, אומגעקומען אין ראַפאַלאָווקע; לייבל — אַן אַקטיווער קעמפער און העלדישער פאַרטיזאַן, איז אומגעקומען דורך די פּוילישע א.ק. אָוצעס שוין נאָך דער מלחמה; יאָסל איז אומגעקומען אין סאָביבאָר, זישע שמאַראַק, מרדכי שמאַראַק, לייבל שאַמעס — אַ בעל תפילה, נאַסקע לייכטער, וועלכער האָט זוכה געווען עולה צו זיין קיין ישראל; דוד זיינוולס, יצחק זיינוולס, בנימין זיינוולס — אַ בעל־תפילה און אַ גרויסער למדן; שאול־מעכל רייזע — געלערנט מיט יידן אין גרויסן בית המדרש; אהרון האַלצמאַן מיט זיינע צוויי זין, אהרון־מאָטל פרידמאַן, משה שוחט און זיין זון מאיר שוחט, יצחק מאיר באַבאַד, זישע דעם רב'ס ווייסבראַט, דער זון פון רב לייבעלע,

וולאַדאַווער רב, משה מאַנדלבוים — אַ בעל תפילה, חנינה מאַנדלבוים, יהושע לייכטער און זיין זון בונים, יצחק־הערש מאַנדעלבוים, הערשל שניידערמאַן, יעקב פוקס, נטע פוקס, שמואלקע גדליהס זילבערמאַן און זיין זון, משה דוד פּי־ליצער, ברוך פּיליצער, לייבל פּיליצער, מאָטיע שוחט הו־בערמאַן און זיין זון אברהמעלע הובערמאַן, אויך אַ שוחט, פּייוועלע צוקערמאַן, משה־דוד פּיליצער, מענדל כילקעס, יחיאל א. א.

די פּולאַווער חסידים האָבן געהאַט אַ שם פון גרויסע לומדים און די גרעסטע מערהייט אַנגעזעענע סוחרים, גע־פירט גרויסע געשעפטן. תמיד איז דאָרט געווען פריילעך און דאָס זינגען האָט אָפּגעהילכט איבער דער גאַנצער גאַס.

די פּולאַווער חסידים האָבן אָפט געפּלעגט דערציילן וואונדערלעכע מעשיות פון קאָצקער הויף, די התנהגות פון רבין און זיינע תורה־ווערטער.

## קוזמער שטיבל

אין די לעצטע יאָרן איז דאָס קוזמער שטיבל פונ־דאַסניי איבערגעבויט געוואָרן און עס האָבן דאָרט גע־דאַוונט אויך די יידן, וואָס האָבן געוווינט אין נאָענטער שכנות. דאָרט איז יעדן טאָג געווען אַ מנין. אין די אָוונטן פלעגן דאָרט לערנען חסידישע חדר־ייִנגלעך און שטיבל־בחורים. אין דער לעצטער וועלט־מלחמה האָט זיך דאָס שטיבל געפונען אין תחום פון געטאָ און עס האָבן דאָרט געוווינט די פּליטים, אַרויסגעטריבענע יידן פון קאַליש און אַנדערע שטעטלעך ווי אויך פאַרווונדעטע זעלנער, וואָס זענען אַריינגעפאַלן אין געפאַנגענשאַפט, פּוילישע און רוסישע יידן.

צווישן די קוזמער חסידים, באַקאַנט אַלס אָפּגעהיטענע יידן און לומדים זענען געווען:

איטשע־מאיר זאַוועלעס — אַ בעל־קורא, בנימין זאַווע־לעס — אַ בעל־תפילה, יחיאל נח קאַנער, ברוך זעקעלמאַן, זיינוול פלאַמענבוים, יחיאל מלמד, מאָטל שימעלעס בראַנ־שטיין, פּתחיה מאַרקיטער ראָטנבערג, שאול פּידעלמאַן, יונהלע סקלאַדניק פרידמאַן, וואָס האָט זיין גאַנץ לעבן גע־אַרבעט אין מעות חיטין־קאָמיטעט; אברהם שמאַראַק, יעקב שמאַראַק, ישראל קראַסאָווסקי, משה זעקעלמאַן — גבאי, נחום ראָטנבערג, שלמה פעלדמאַן, מרדכי־נחום דובעצקי, יוסף וויינשטיין, לייבל וויינשטיין, נתן ראָטנבערג יואלטשע פעלדמאַן, משה עקהויז, ישראל עפּלבוים, שמעון עפּלבוים, שמואלקע עפּלבוים א. א.

שטיבל־בחורים: יעקב־יוסף זעקעלמאַן, דוד קליינמאַן,



דוד זעקעלמאַן, אהרון ראָטנבערג, שלמה קאַסאָווסקי, יהושע עקהויז, שלמה זיינוול און זלמן־יידל שמאַראַק. אברהמעלע שמאַראַק.

דער קוזמער רבי, ר' משה לייבעלע טווערסקי פלעגט יעדעס יאָר באַזוכן זיינע חסידים אין וולאַדאַווע. דעם רבינס באַזוך האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסן יום־טוב און הערן דעם רבינס תורה זאָגן זענען געקומען אַ סך חסידים אויך פון אַנדערע שטיבלעך, ווי אויך שטאָטישע באַלעבאַ־טים.

אין קוזמער שטיבל האָט תמיד געהערשט שמחה און חדווה, ביים דאַווענען און ביים לערנען. יעדן אָוונט, נאָכן דאַווענען מעריב האָט מען דאָרט געלערנט און די נגונים האָבן איבערגעשטיגן איינע די אַנדערע.

## טריסקער שטיבל

דאָס טריסקער שטיבל האָט געהאַט אַ שם מיט די שיינע נגונים און פייערדיקע טענץ, מיט וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט די טריסקער חסידים. בעת דער טריסקער רבי, ר' משהלע פלעגט באַזוכן וולאַדאַווע האָבן וולאַדאַווער יידן געשטראָמט אַהין מאַסנוויז. עס זענען געגאַנגען נישט בלויז זיינע חסידים, נאָר אויך אַנדערע, פּשוטע יידן, וואָס האָבן געוואָלט זען ווי די טריסקער חסידים טאַנצן אויף די טישן.

דער רבי אַליין איז געווען אַן אויסגעצייכנטער בעל מנגן, געהאַט אַ שיינע לירישע שטים, זיין זמירות־זינגען האָט צוגעצויגן אַ גרויסן עולם. ער פלעגט קומען קיין וולאַדאַווע יעדעס יאָר.

אין שטיבל איז אויך געווען איינגעפירט, אַז יעדן אָוונט נאָכן דאַווענען און נאָכן לערנען דעם שיעור, פלעגט מען זיך צעזונגען, איבערחזרן די נגונים פון טריסקער הויף. וועגן דאַזיקן זונגען האָט מען אין שטאָט אַ סך גערעדט, מיט גרויס פּיעטעט, און אַ סך יונגטלעכע זענען געקומען אין שטיבל אַריין און מיטגעזונגען די שיינע נגונים און דאָס האָט אָפּגעקלונגען ווי אַ גרויסער גוט־אָרגאַניזירטער כאָר.

צווישן די חסידים געדענקט זיך: הערש־לייב צאַלקעס, פישל סאַמעלסאָן — אַן אַנהענגער פון ציוניזם, משה מעש, מאיר־הערש מאַטקעס — אַ זינגער און בעל־תפילה, נחמיה גאָלדשטיין, איטשע זיינוולס, יצחק־העניך רובינשטיין, אשר מלמד און בעל־קורא, יצחק זאוול פרידמאַן — אַ מלמד און קלוגער ייד, דוד בעקערמאַן אַנגעזעענער כלל־טוער, וואָס איז כל־ימיו געווען טעטיק אין מעות חיטין־קאָמיטעט; שאול פּידלמאַן, אַ קאָלעקטאַר, מנגן און בעל־תפילה.

אין געטאָ איז אויך דאָס שטיבל פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ווין־אָרט פאַר היימלאָזע יידן.

## פאַרצעוווער שטיבל

נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס פאַרצעוווער שטיבל האָט נישט פאַרמאָגט אַ סך חסידים איז עס אָבער געווען זייער אָנגעזען. עס פלעגט אָפט קומען צו זיי דער פאַר־צעווער רבי. פאַרצעוו איז געווען נישט ווייט פון וולאָדאַ־ווע, געהערט צום וולאָדאַווער פאָוויאַט. ביי זיין יעדן באַ־זוך פלעגט דער רבי זיין דער גאַסט פון פוילישן סטאַראָס־טע, וואָס פלעגט אים אויפנעמען מיט גרויס כבוד. דער רבי איז געווען גלייכצייטיק רב אין פאַרצעוו.

דער פאַרצעווער רבי איז אויך געווען אַ גוטער בעל מנגן און זיינע שיינע נגונים זענען געזונגען געוואָרן אויך דורך אַנדערע חסידים און ביי זיין קומען קיין וולאָדאַווע זענען געקומען צו אים אויך חסידים פון די אַרומיקע שטעטלעך, „נעמען שלום" און הערן זיין שיין זונגען.

ווי מען גיט איבער האָט דער אַסטראָווער רבי גע־האָלפן אויפבויען דאָס פאַרצעווער שטיבל.

פון דעם פאַרצעווער שטיבל דערמאָנט זיך: אליעזר באַרנהאָלץ, אייגנטימער פון דער פאַראָווער מיל און דער ערשטער, וואָס האָט איינגעפירט עלעקטרישע ליכט אין שטאָט. ער איז דערביי געווען אויך אַ גרויסער למדן; שמואל קריידערשטיין, מאָטיס מאַנקובסקי — בעל־קורא און דאָזאָר אין דער גמינע, נחום דער גלעזער, ישראל קראָס־נאָווסקי, משה סאַמעלסאָן, מנחם פוקס — מלמד און בעל תפילה, לייבל ליכטענבערג (מאַלעריטער), געווען ביר־גערמייסטער בעת דער דייטשער אָקופּאַציע אין דער ער־שטער וועלט־מלחמה.

אויך אין פאַרצעווער שטיבל האָט מען יעדן טאָג גע־דאַוונט און געלערנט ביז שפּעט אין אָוונט.

## סאָקאָלאָווער שטיבל

דאָס שטיבל האָט זיך געפונען ביי דער פאַראָווער מיל, וואָס איז שפּעטער איבערגעגאַנגען צו ישעיהו טשערוואָנאַ גורא, מרדכי גורפינקל און משה ספּאָקאָיני.

אדאַנק דעם וואָס דער סאָקאָלאָווער רבי איז געווען געניגט צו ארץ־ישראל זענען אַלע סאָקאָלאָווער חסידים געווען ציוניסטיש געשטימט. אַ סך שטיבל־בחורים זענען אַריינגעטרעטן אין הפועל המזרחי.

אין זכרון זענען געבליבן די חסידים:



משה מאָטיסעס גאָלדבערג, חיים בעקערמאַן — אַ כלל־טוער און נדבן, מאָטיס וואַיאַק, פייוול צוקערמאַן, פישל צוקערמאַן, אברהמעלע כץ, דוד לענדעראָווער, אהרון פעל־הענדלער, שמואל סלאָוויטשער, — שניידערמאַן און זיינע זין לייבל און שמעון שניידערמאַן, וועלכע זענען ווי זייער פאָטער געזעסן טאָג און נאַכט געלערנט. היינט גע־פינען זיי זיך אין וועגעזועלאַ און זענען באַקאַנט מיט זייער ברייטהאַרציקער נדבנות פאַר פיל אינסטיטוציעס און אויך פאַר דער וולאָדאַווער לאַנדסמאַנשאַפט אין יש־ראל; דוד לוסטיגמאַן — אַ כלל־טוער אין פאַרשידענע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס; מרדכי גורפינקעל, יאָסל שיסגאַל א. אַ.

דאָס שטיבל, וואָס האָט זיך געפונען ביי דער פאַראָ־ווער מיל, איז אויך אויסגעהאַלטן געוואָרן דורך די באַלע־באַטים פון דער מיל, באַזונדערס דורך מרדכי גורפינקל און דוד לוסטיגמאַן.

## גערער שטיבל

דאָס גערער שטיבל האָט געהאַט גרויס אָנזען אין שטאָט, אָבער דער גערער רבי האָט קיינמאָל נישט באַזוכט זיינע חסידים אין וולאָדאַווע. דאַקעגן פלעגט אָפט קומען אַהין זיין איידעם, וועלכער האָט אָפּגעקויפט דעם גרויסן וואַלד אין קאַפּלאַניע. ביי יעדן וויזיט האָט ער באַזוכט דאָס גערער שטיבל, וואָס זיך געפונען אין דוד בע־קערמאַנס הויז, אין צענטער פון מאַרק.

גערער חסידים זענען געווען אָנגעזעענע כלל־טוער:

ישעיהו טשערוואָנאַגורא — גבאי, פרעזעס פון דער גמינע, אַקטיוו אין פיל אינסטיטוציעס, ווי אויך אין ראָט פון דער סוחרים־באַנק, אין דער גמילת חסד־קאַסע, אין דער חברה קדישא; הענעך בעקערמאַן, איטשע מאיר בעקערמאַן, משה גדליהס, שמעון מלמד, שמואל קאַוועגשטאַק — אַ גבאי, ראובן ראָזענבערג, משה מאַנדל, יאַנקל גרעק, לייביש וויינשטאָק, משה יונהס, מעכל וויינבערג, דוד־וועלוול לייב־מאַן און זיין איידעם זלמן — אַן עילוי וועלכן די דייטשן האָבן דערשאָסן בעתן דאַוונען; מענדל ליכטנבערג און זיין זון יאַנקל, אליעזר שאַפּראַן, יחיאל זילבערמינץ, נפתלי אָסעלקאָ, ברוך כהן, חיים־נטע פרידמאַן, ישראל וויינבערג, ישעיהו אברהם מאירס, אברהם טשערוואָנאַגורא, איטשע טשערוואָנאַגורא א. אַ.

אין גערער שטיבל פלעגן אָפּהילכן די גמרא נגונים ביז שפּעט אין דער נאַכט.

## לעווערטאָווער שטיבל

אויף דער סאָלנער גאַס, קעגנאיבער מאָטל ביגמאַנס בית המדרש, האָט זיך געפונען דאָס לעווערטאָווער שטיבל. די לעווערטאָווער חסידים האָבן תמיד געהאַט צו דערציילן וווּנדער פון זייער רבין, באַזונדערס ביים העלפן קראַנקע אויסהיילן זייערע מחלות. די לעווערטאָווער חסידים אין וולאָדאַווע האָבן אָפט געפלעגט פאָרן צו זייער רבין קיין לעווערטאָוו און אויך אים אַראָפּברענגען צו זיך קיין וולאָדאַווע.

פון זייערע נעמען זענען געבליבן אין זכרון: אַרעלע פרידמאַן, אברהם רייז, משה זעקעלמאַן, משה הערץ, איצל שמואלקעס, אליעזר האָכשטיין. זיי פלעגן יעדן טאָג אָפּהיטן עס זאָל זיין אַ מנין און צווישן מנחה און מעריב פלעגן זיי זיצן און לערנען.

אָנהויב 1940 האָט די געסטאַפּאָ אַרויסגעטריבן די יידן פון לעווערטאָוו און אַ סך פליטים זענען געקומען קיין וולאָדאַווע. דאָס שטיבל איז אָפּגעגעבן געוואָרן פאַר די היימלאָזע יידן.

## דער ציוניסטישער מנין

אין ציוניסטישן מנין האָט מען געדאַווענט נאָר שבת און יום טוב. דער מנין האָט זיך געפונען אינעם גרויסן זאַל פון דער תרבות־שול. אויף די ימים נוראים פלעגט מען אַראָפּברענגען אַן אָנגעזעענעם חזן. אַלע הכנסות פון די עליות זענען געגאַנגען פאַר קרן קיימת לישראל. יעדער האָט מנדב געווען לויט זיינע מעגלעכקייטן.

אין ציוניסטישן מנין האָבן געדאַווענט: שמערל באַרנהאָלץ, אברהם קאַן, אשר לערער, שאול סאַמועלסאָן, אליהו געזונטהייט, דוד אלאַמוצקי, מאיר־ישראל בריקמאַן, שאול וואָלף ליכטנבערג, יהושע ליכטנבערג, שמעון ליכטנבערג, זעליג בראַנשטיין, משה אידלסבערג, אהרון סאַמועלסאָן, שמואל פּיעטרושקע, שלום לעמבערגער, אברהם פראַמער, יונה קאַלעכשטיין, הערשל אלאַמוצקי, אלעזר שאַפּערשטיין, דוד גרינשטיין, נפתלי גרובער, בענע באַרנהאָלץ, אַבאַ הובערמאַן, ד״ר גרינשטיין א. אַ.

דער ציוניסטישער מנין איז געווען אַ צענטער פאַר פרומע יידן, וועלכע זענען געווען ציוניסטיש געשטימט און עס פלעגן דאָרט קומען אויך אַ סך פון די ציוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס און דווקא דאָרט, אינעם ציוניסטישן מנין, זענען די תפילות געזאָגט געוואָרן שטיל און ערנסט. עס איז אויך געווען אַ באַזונדער צימער פאַר די פרויען, אַן עזרת נשים.



## רבנים, שוחטים און מלמדים

צו די באַשרייבונגען פון די דערמאָנטע בתי־תפילה וויל איך צוגעבן די רבנים, שוחטים און מלמדים, וועלכע זענען געווען פאַרבונדן מיט אָט די הייליקע ערטער און האָבן אַקטיוו געהאָלפן אַנטוויקלען דאָס רעליגיעזע לעבן אין שטאָט.

אין אַלע צייטן, זינט יידן האָבן געוווינט אין וולאָדאַווע, זענען דאָרטן געווען רבנים, וועלכע האָבן אָנגעפירט מיט דער יידישער קהילה. לײדער איז נישט געבליבן קיין פּנקס, וואָס זאָל דערמאָנען זייערע נעמען און דערציילן וועגן זייערע מעשים און אויפטוען. לאָמיר דערפאַר דערמאָנען די נעמען פון די עלטסטע רבנים, וועלכע זענען געווען באַוווּסט אין וולאָדאַווע.

אַ לענגערע צייט איז געווען רב אין וולאָדאַווע הרב יואל סירקיש, וועלכער איז געווען אַ באַרימטער פוסק. זייענדיק רב אין וולאָדאַווע האָט ער מחבר געווען זיין באַרימטן פירוש אויפן ספר הטורים א. נ. „ב״ח" (בית חדש) און איז טאַקע געבליבן באַקאַנט אין דער רבנישער וועלט אַלס דער ב״ח.

וועגן דער דאָזיקער חשובער רבנישער פּערזענלעכקייט און זיין באַרימטן ספר דאַרף באַזונדערס געשריבן ווערן.

אַ געוויסע צייט איז אויך געווען רב אין וולאָדאַווע ר׳ צדוק הכהן אַ באַרימטער תלמיד חכם.

רב אין וולאָדאַווע איז אויך געווען ר׳ צבי תאומים, אַ ראַדזינער חסיד, געווען אָנגעזען אין דער רבנישער וועלט און באַקאַנט מיט זיין חכמה, לומדות און יראת שמיים. ער איז נפטר געוואָרן אין וולאָדאַווע.

צו די באַליבסטע רבנים אין וולאָדאַווע האָט אויך געהערט הרב ר׳ לייבעלע ווייסבראַט. צו זיין אהל אויפן טראַוניקער בית־עלמין פלעגן יידן גיין מתפלל זיין, האַלטנדיק פון זיין גרויסן כוח אַלס גוטער ייד.

הרב פישל האָט מען גערופן דער רעוויצער רב מעגלעך, אַז דאָס איז געווען דערפאַר, וואָס ער איז געקומען פונעם שטעטל ריזוויץ, וואָס האָט זיך געפונען צווישן כעלם און לובלין.

הרב פייוול נטע דאַנציגער איז געווען באַקאַנט ביי די יידן אין וולאָדאַווע אַלס גרויסער רודף שלום, וועלכער האָט מיט גרויס חכמה געפלעגט אויסגלייכן דין־תורהס און מחלוקותן.

זיינע דרשות זענען געווען מיט אַ סך טעם און טיפע מוסר געדאַנקען. אין שטאָט האָט מען וועגן אים גערעדט מיט אַ סך אָנערקענונג און לויב. ער איז געווען אַ סך יאָרן רב אין וולאָדאַווע און האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע.

הרב יידל יהודה ליבערמאַן איז געווען רב אין וואָלאַ־דאַוּוקע, געווען אָנגענומען אין שטאָט ווי אַ גדול בתורה ומעשים טובים און מען האָט זיך באַצויגן צו אים מיט גרויס יראת הכבוד. ער האָט זיך באַצויגן מיט ליבשאַפט צו אַלעמען גלייך, צו די פּראָסטע יידן ווי צו די אָנגע־זעענע באַלעבאַטים.

הרב הרב אברהם טראַכנאָווסקי האָט מען גערופן דער סלאָוועטיטשער רב. אין וואָלאָדאַווע האָט מען זיך דערציילט וועגן זיין גרויסער התמדה. טאָג און נאַכט האָט ער גע־לערנט. ער איז געווען אַ פּוסק מיט גרויס סמכות און איז געווען באַקאַנט אַלס רב המקיל. מען פלעגט אים טאַקע רופן דער גרינגער רב פון בית הילל. מען האָט אים געהאַלטן פאַר איינעם פון די גדולי הוראה, אַ גאון, וואָס האָט זיין גאונות דערגרייכט דורך זיין קלאָרן מוח און אויסערגע־וויינלעכן פלייס און דערפאַר האָט ער גענומען אויף זיך מקיל צו זיין ביי פאַרשידענע שאלות, ווען ער האָט נאָר איינגעזען, אַז עס איז דאָ אַן אָרט נישט צו ברענגען קיין שאָדן קיין שום ייד.

הרב נטע ראָזנבערג האָט מען גערופן: דער נעמעראַ־ווער רב, איז געווען שטאַרק פרום, שטרענג אָפּגעהיטן אַ מצווה קלה כחמורה.

הרב נטע פוקס, הרב יונה גאָלדשטיין, הרב יוסף־חיים סעגאַל, הרב הערשל גפן, וועלכער איז געווען רב אין טאָ־מאַשוּוקע איז געווען אַ ביאַלער־מעזריטשער חסיד; הרב משה ברוך מאָרגנשטערן — לוקעווער רבי, קאָצקער איי־ניקל, מחבר פון ספר עטרת־צבי, זיין זון ר׳ מענדעלע מאָרגנשטערן איז געווען פריער רב אין וואָלאָדאַווקע און שפּעטער אין וואָלאָדאַווע, ווו ער איז געווען דער לעצטער רב.

דיינים און מורי הוראה זענען געווען: ר׳ פייוול דאַנ־ציגער, ר׳ יונה, ר׳ אליהו ראָזנבערג, אַ זון פון נעמעראַ־ווער רב.

שוחטים: אברהמעלע לאַמאַזער, משה שוחט און זיין זון מאיר פון וואָלאָדאַווקע, מתתיהו שוחט, חיים גאָלדשטיין און אליהו ביאַלי.

סופרים: ר׳ בן־ציון סופר, ר׳ הערשל סופר. זיי האָבן געשריבן נאָר ספרי־תורה און געווען גרויסע לומדים. סופרים זענען אויך געווען: משה מירמלשטיין און פייוול שטריפּמאַן.



## מלמדים

אליעזר פסח פון וואָלאָדאַווקע, שמעון גמרא־מלמד, מאיר קעטש, מאיר אברהמעלעס, מענדעלע ראָדזינער, מענדל־הערש נחמיהס, יחיאל חומש־מלמד, אברהם דער געלער, אברהמעלע חיים נאַגעל, אשר מלמד, בנימין בלומענקראַנץ, לייביש רובינטשאַק — געלערנט אין קוז־מער שטיבל, איצל ביאַלי פון וואָלאָדאַווקע, הערשל מלמד, מרדכי מלמד — פון דערוואַקסענע בחורים, זלמן עפּלבוים — אין תלמוד תורה, ברוך בצלאל, מענדעלע פייוולס, שאול מעכל רייזע — געלערנט מיט יידן אין בית המדרש.



ר׳ יעקב מאיר מלמד

האַנשל סאַבאַל — אַ ציוניסט, יצחק מגיד — געלערנט מיט דערוואַקסענע, פּנחסל מלמד און זיין זון אויך אַ מלמד, אברהמעלע דעם חזנס, חיים־איצל מלמד, נטע, ישעיהו טענענבוים, אברהמעלע, מנחם, חיים־איציק, איצל שמואלקעס.

אָט די אַלע מלמדים האָבן זיך אויסגעצייכנט אויך אַלס גרויסע לומדים, זיי האָבן די קינדער אויך דערצויגן אין יידישן גייסט, איינגעפּלאַנצט אין זיי מידות טובות און יידישע מנהגים. אַ סך פון זיי האָבן די קינדער געלערנט אויך שרייבן און חשבון.

אין די חדרים פלעגן די קינדער פאַרברענגען פון פרי ביז שפּעט אין אָוונט. אין די ווינטער נעכט — ביז 8 אין אָוונט.

יעדער מלמד האָט געהאַט זיינע באַזונדערע אייגנ־שאַפטן. עס זענען געווען שטרענגע, קפדנים און עס זענען געווען אויך מילדע מלמדים. אַזעלכע וואָס פלעגן שטראָפן מיט גוטע רייד.

עס זענען געווען מלמדים, וואָס האָבן געשמט מיט זייערע שיינע ניגונים מיט וועלכע זיי פלעגן אויסזונגען די לערן־שיעורים. זיי זענען געווען באַרימט מיט זייער גרויסן כוח מסביר צו זיין שווערע סוגיות, צוגעבנדיק אַ שיינעם משל, אַ וווּנדערלעכע מעשה, מיט וועלכע זיי האָבן געהאַלטן געשפּאַנט די קינדער.

אַזעלכע זענען זיי געווען די רבנים, דיינים, סופרים, שוחטים און מלמדים, וועלכע האָבן דורות לאַנג געלערנט און דערצויגן יידישע קינדער הייליק, אָפּגעהיטן זייער אַרבעט ווי אַן עבודה, געווען צוגעבונדן צו די בתי־תפילה, ווו יידן האָבן אויסגעגאָסן זייערע הערצער, באַגלייט מיט האַרציקע נגונים.

אַט די אַלע מתפללים, וועלכע איך האָב געדענקט און דערמאָנט זייערע נעמען, זענען באַשטאַנען פון לומדים און פשוטע יידן, קרעמער און בעלי־מלאכות, סוחרים און אַרבעטער, רבנישע פערזענלעכקייטן און געוויינלעכע עמך יידן. אַלע צוזאַמען, ווי אויך די, וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון, האָבן פאַרגעשטעלט מיט זיך דאָס פילפאַרביקע און זאַפטיקע טראַדיציאָנעל יידיש לעבן אין וולאַדאַווע.

חרוב און פאַרטיליקט איז געוואָרן די יידישע קהילה אין וולאַדאַווע. די קדושים זענען כמעט אַלע געבליבן אָן אַ קדיש, אָן אַן אָנדענק. זאָל דערפאַר אַט די ווערטער זיין אַ מצבה נאָך די טייערע יידן, די קדושים פון דער יידישער קהילה אין וולאַדאַווע.

**בן-מתתיהו**

אריה שטרוזמאַן

# די ערשטע וועלט מלחמה

אין אַ געוויסן טאָג, צו אָונט־צו זענען אויף די מויערן פון שטאָט צעהאָנגען געוואָרן פלאַקאַטן אין רוסיש: אַ מאָביליזאַציע פון אַכצן ביז פינף־און־פערציק יאָר.

אין שטאָט איז געוואָרן אַ מהומה, מענטשן זענען שוין נישט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט. אין אַ סך שטובן האָט זיך געהערט אַ קלאָג און אַ געוויין, טאַטעס און זין זענען אַוועק פון שטוב. גאַנץ פרי האָבן זיך שוין געצויגן עשאַלאָנען מיט מאָביליזירטע, עס זענען מאָביליזירט געוואָרן אויך פערד און פורן. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען מיט פאַרוויינטע פנימער. מען האָט צוגענומען מענער פון פרויען, דערוואַקסענע זין און טאַטעס פון קינדער.

עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט מלחמה.

ערגעץ־ווו האָט מען געשאָסן און באָמבאַרדירט און די געבליבענע אין שטאָט האָבן אויף זייער אייגענעם אופן גע־פירט די מלחמה, אַ מלחמה פאַרן קיום, פאַרן איבערלעבן די שווערע צייט. גלייכצייטיק האָט מען נאָכגעפאָלגט דעם גאַנג פון די געשעענישן. ווען מען האָט געזען פאַרבייפאָרן זעלנער, האָט עס געהייסן, אַז מיר גייען פאָרויס. ערגער איז געווען ווען מען האָט געזען פאָרן מיליטערישע עשאַלאָנען אויף צוריק.

ווען די רוסן האָבן זיך צוריקגעצויגן פון שטאָט, זענען אַסך הייזער פאַרברענט געוואָרן. עס איז אָנגעקומען די דייטשע אַרמיי און וולאַדאַווע האָט אין אויגוסט 1915 שוין געפונען זיך אונטער דער דייטשער אָקופּאַציע.

אין יאָר 1918, ווען די מלחמה איז שוין געווען פאַרענ־דיקט, האָבן זיך אָבער נאָך נישט געענדיקט די צרות, וואָס האָבן זיך געשיט אויף יידן. אין די יידישע שטעטלעך האָבן געבושעוועט די פעטלוראָוצעס, מאַכנאָוצעס און באַלאַ־כאָוצעס, וועלכע האָבן זיך באַזונדערס געגעבן צו פילן אין וולאַדאַווע, האָבן גערויבט, געשאָסן און געהאַנגען.

מיטן אָנטשטיין פון דער פוילישער רעגירונג איז אין וולאַדאַווע אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד, אין וועלכן עס

האָבן אַנטיילגענומען פּאָליאַקן און ייִדן. אין שפּיץ פֿון דעם אויפֿשטאַנד איז געשטאַנען אַ פּאָליאַק פֿון וולאָדאַווע מיטן נאָמען אַניסעוויטש, וועלכער איז אין די צאַרישע צייטן געווען סעקרעטאַר אין געריכט. די אויפֿשטענדלער האָבן נישט אַריינגעלאָזט דעם פּוילישן לעגיאָן קיין וולאָדאָווע. זיי זענען געווען באַוואָפֿנט מיטן געווער, וואָס זיי האָבן צוגענומען ביי די אָפּטרעטנדיקע דייטשן. עס איז זיי אויך געלונגען צו נעמען אין געפֿאַנגענשאַפֿט אַ געוויסע צאָל דייטשן, וועלכע האָבן זיך נאָך געפֿונען אין דער געגנט פֿון וולאָדאַווע און צוזאַמען מיטן געווער און פּראָוויאַנט האָט מען זיי געבערענגט אין שטאָט אַריין, צוגענומען ביי זיי אַלץ און באַפֿרייט.

צווישן די אויפֿשטענדלער און דעם לעגיאָן איז פֿאָרגעקומען אַ פֿאַרביסענע שלאַכט. מען האָט זיך קעגנזייטיק באַשאָסן. די לעגיאָנערן האָבן געבערענגט די פּאָליאַקן, וואָס האָבן געוווינט אין ראָזשאַנקע, צען קילאָמעטער פֿון וולאָדאַווע, האָבן זיי אַוועקגעפֿירט צום פּוילישן קלויסטער און נאָך אַ פֿאַרביסענער שיסעריי האָבן די לעגיאָנערן באַזיגט אַנעסעוויטשעס מענטשן, האָבן אַ סך אַרעסטירט און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די רויבערייען, פֿון וועלכע עס האָבן אַמייסטן געליטן די וולאָדאַווער ייִדן.

## דער בית הכנסת

דער בית הכנסת אין וולאָדאַווע האָט זיך געפֿונען אינמיטן שטאָט, נעבן מאַרק. אין אָנפֿאַנג איז דער אַריינגאַנג אַ שמאָלער, ברייטערט זיך אויס ביים טויער. אין עק געפֿינט זיך דער האַנט־פֿאַס, ביי וועלכן מען פֿלעגט זיך וואַשן די הענט. דאָס וואַסער האָט מען געבערענגט פֿון הערשל טוביהס פּלומפּ. איבערן האַנט־פֿאַס איז געהאנגען אַ קופּערנע קוואָרט און דאָ פֿלעגן די לוויים אַרויפֿגיסן דאָס וואַסער אויף די הענט פֿון די כהנים פֿאַרן דוכענען. דערנעבן זענען געווען טרעפּ, וועלכע האָבן געפֿירט אַרויף צום שניידער־שטיבל. אויף דער רעכטער זייט האָבן די טרעפּ געפֿירט צום שוסטער־שטיבל. אין די דאָזיקע שטיבלעך האָבן די שניידער און שוסטער געדאַוונט יעדן שבת. אַ גאַנצע וואָך זענען דיביידע שטיבלעך געווען ישיבות, אין וועלכע בחורים און יונגעלייט האָבן געלערנט און געדאַוונט.

דאָס בית הכנסת איז געווען גרויס און ברייט. אויפֿן הויף זענען געווען שיינע, רונדיקע זיילן. די פֿענצטער פֿון בית הכנסת זענען געווען פֿאַרביקע, געצייכנטע מזלות.



דעם ארון קודש האָט אויסגעפּאַרטיקט דער קינסטלער, וועלכער איז ספּעציעל געקומען פֿון וואָלקאָוויסק. ער האָט אָנגעהויבן די אַרבעט פֿאַר מיין אָפּפֿאָרן פֿון וולאָדאַווע און אין זכרון איז מיר געבליבן זיין געשטאַלט, קליין־געוויקסיק, שטענדיק אַריינגעטון און זיין קינסטלערישער אַרבעט, ביי וועלכער ער איז געווען באַשעפֿטיקט אין די פֿאַרטאָגן און אין די שפּעטע אָוונט־שעהן. ער פֿלעגט אַרבעטן אין אַ צימער פֿון יתומים־הויז. דער איינציקער וועמען ער פֿלעגט צולאָזן אין דער צייט פֿון זיין אַרבעט, איז געווען משה שניצער. איך האָב געמוזט אַוועקפֿאָרן און האָב לײַדער נישט געזען דעם ארון קודש נאָכן פֿאַרענדיקן אים.

שבת איז דער בית־כנסת געווען פֿול מיט מתפּללים. אַ גאַנצע וואָך פֿלעגן דאָרט דאַווענען די „שיל־ייִדן", וועלכע פֿלעגן אויפֿשטיין אין פֿריען באַגין, זומער און ווינטער און געווען די ערשטע מתפּללים. צווישן זיי איז אויך געווען מיין פֿאָטער, מרדכי שטרוזמאַן. איך בין נאָך אַ קינד געווען, ווען איך פֿלעג אויך אויפֿשטיין טיילמאָל אין פֿריען באַגין, ווען עס איז נאָך געווען פֿינצטער אינדרויסן און פֿאַר מיינע אויגן שטייען די געשטאַלטן פֿון יענע ייִדן אָנגעטוענע אין טליתים, מיט פֿאַרשאַרצטע אַרבל פֿון דער לינקער האַנט, אויף וועלכער זיי האָבן געלייגט די תפֿילין של יד. אינדרויסן איז געשטאַנען אַ שאַרפֿער פֿראָסט און ביי מיר האָבן די הענט געציטערט פֿון קעלט, אָבער ווען דער שמש האָט געגעבן אַ קלאַפּ אין טיש און עס האָט זיך דערהערט דאָס קול פֿון בעל תפֿילה: „ברוך שאמר והיה העולם..." האָט זיך אויסגעוויזן ווי עס ווערט וואַרעם. די וואַרעמקייט איז געגאַנגען פֿון התלהבותדיקן שאָקלען זיך בעת די תּפֿילות.

אינגאַנצן אַן אַנדערן אויסזען האָט דאָס שטעטל באַקומען אין אַ יום־טוב, אָבער גאָר באַזונדערס האָט זיך איינגעקריצט אין געמיט די שטימונג פֿון יום־כּיפּור. אין שטאָט האָט מען דערפֿילט די אימה פֿאַרן יום הדין. פֿרויען זענען געגאַנגען צו קול־נדרי מיט פֿאַרוויינטע אויגן, אויף דער פּאָדלאָגע פֿון דער שיל איז געווען אויסגעלייגט היי פֿאַר די, וואָס זענען געבליבן אין שיל אַ גאַנצע נאַכט.

ווען דער אַלטער חזן, ר' בנימין, אַ פֿרומער ייִד, אַ יודע ספֿר, האָט געהאַט אַ געלע באָרד און אַ זיס קול, וואָס האָט זיך צעגאָסן אין השתּפּכות הנפֿש, באַזונדערס ביי דער תּפֿילה „יעלה תחנוננו" און נאָך שטאַרקער ביי נעילה, ווען ער האָט אַ געשריי געטון: „שערי שמים פתח".

גוט איז געווען אויפֿן האַרצן ווען דער שופֿר האָט

נאָכן דאַווענען נישט פאַרהאַקט זיך ביי די תקיעות און אַלעמען האָט אַרומגענומען די זיכערקייט, אַז די תפילות זענען אָנגענומען געוואָרן, זענען דערגאַנגען צום כסא הכבוד און האָבן פאַרטריבן דעם שטן המקטרג.

איך זע פאַר זיך די געשטאַלטן פון די שיל־יידן. אָט איז נחמן מאַרקיטער מיט זיין לאַנגער און שיינער באָרד און הויכער פיגור, האָט אַביסל אונטערגעהינקט, אָבער דאָס האָט אים נישט געשטערט צו זיין פאַרעכנט צו די שיינע באַלעבאַטים אין שטאָט, ער איז געווען דער גבאי אין שיל. אין דער מיל־גאַס האָט ער געהאַט אַ וויין־געשעפט און שמחת תורה איז ביי אים אין שטוב פאָרגעקומען דער „קידוש” פאַר די שיל־יידן. און פון דאָרט איז מען מיט געזאַנג געגאַנגען איבער די גאַסן אין שיל אַריין צו די הקפות.

נעבן אים זע איך יאַנקל באַנקהאַלטער, וועלוול יחזקאלס, משה ראָזשאַנקער, וועלכער איז דערנאָך געווען גבאי. פון זיין רעכטער זייט זע איך ירמיהו שוסטער, וואָס פלעגט שטיין די גאַנצע צייט פון דאַווענען נאָר פון מאָל צו מאָל פלעגט ער זיך אַרומדרייען און דערלאַנגען יעדן דאָס טאַבאַק־פּישקעלע צו נעמען אַ שמעק טאַבאַק. פאַראַן דאָ אויך אביגדור טאקער, די ברידער גוטערמאַן, דעם פאָטאָגראַפיסט קאלעצקי. ביים עמוד, נעבן די ברענענדיקע ליכט שטייט מיין פאָטער, מרדכי שטרוזמאַן.

שבת פלעגן די מענטשן פון די שטיבלעך אַריינקומען אין שיל כדי אַריינצוכאַפּן די קדושה פון מוסף.

אויפן שיל־הויף פלעגן זיך פאַרזאַמלען די פייגעלעך און מיט זייער שוויסטשעריי באַגלייטן די תפילות. באַזונדערס פריילעך און לוסטיק איז געווען שבת־שירה.

## דאָס בית המדרש

אין מיין פאַנטאַזיע איז דאָס אַלטע בית המדרש געבליבן ווי פון הילל הזקנס צייטן. ווינטער, ווען עס האָט אָנגעשיט אַ געדיכטער שניי, האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אויפן דאַך ליגט דער תנא פאַרשאָטן, כדי צוצוהערן זיך צום לערנען פון שמעיה ואבטליון.

דערנאָך האָט מען אויף דעם פלאַץ געבויט דאָס נייע בית המדרש וואָס איז געשטאַנען לינקס פון בית הכנסת. אין בית המדרש האָט מען געדאַוונט און געלערנט. מגידים פלעגן קומען אַהער פון אַנדערע שטעט האַלטן דרשות, רופן צו תשובה־טון און גיין אין גאָטס וועגן.

אין די פאַרנאַכטן, צווישן מנחה און מעריב, פלעגן יידן זיך דערציילן דאָ וווּנדערלעכע מעשיות פון גוטע יידן, גערעדט וועגן פּאָליטיק. דאָס בית המדרש איז געווען אַ וואַרעמע היים פאַר אַלע יידן אין שטאָט. עס האָבן זיך דאָ צונויפגעזאַמלט גרויסע לומדים, סוחרים און בעלי־מלאכות, טרעגער, בעקערס, וואָס האָבן געברענגט מיט זיך ריחות פון פריש ברויט. יעדער האָט דאָ געפונען זיין פלאַץ, אָפּגעדאַוונט מנחה־מעריב, האָבן זיך אין די ווינקלען אַוועקגעזעצט באַזונדערע גרופּעס. ווער עס האָט גענומען שמועסן אין לערנען, געפּילפּולט זיך אָדער איבערדערציילט אַן אגדתא פון דער גמרא, פון מדרש און ווער עס האָט ווייטער גערעדט וועגן פּאָליטיק.

איך זע פאַר זיך יידן, וואָס זענען תמיד געזעסן אָפּגעזונדערט און געשאָקלט זיך איבער דער גמרא. וואָס מער זיי האָבן זיך פאַרטיפט אין לערנען אַלץ מער האָבן זיך צעשיינט זייערע פּנימער.

געווען אויך לומדים, וואָס האָבן געלערנט מיט אַנדערע, זענען געזעסן אויבן־אָן און אַרום טיש האָבן זיך אַלע צוגעהערט צו זייערע שאַרפזיניקע פּילפּולים.

געווען אויך שוויגערס, וואָס זענען תמיד גרייט געווען אויסצוהערן עמיצנס אַ חידוש אין דער גמרא און אפילו ווען דער חידוש איז זיי נישט געווען צום האַרצן, האָבן זיי הסכמהדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ. האָבן נישט אַרויסגעוויזן זייער שאַרפזיניקייט, כאָטש אַלע האָבן געוווּסט, אַז זיי זענען גרויסע לומדים.

גאָר התלהבותדיק איז געווען אין בית המדרש אין די פאַרנאַכטן, ווען חסידים זענען נאָר־וואָס צוריקגעקומען פונעם רבין און מיט גרויס התלהבות איבערדערציילט זיך תורה־ווערטלעך פונעם רבין אָדער איבערגעזונגען אַ נייעם ניגון, וואָס מען האָט געהערט ביים רבינס טיש. דאָס זענען געווען איינצלנע, וועלכע האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן ביזן קומען אין חסידים־שטיבל, נאָר גלייך אַוועק אין בית־המדרש, כדי צו טיילן זיך מיט זייערע איבערלעבענישן ביים רבין.

## דאָס בית הקברות

אין דער רעכטער זייט פון דער שיל האָט זיך געצויגן דער וועג ביז הינטערן מאַגיסטראַט, אַהין ווו עס האָט זיך געפונען דער אַלטער בית הקברות פון די גאָר אַלטע צייטן, ווען וולאָדאַווע איז געווען אַ קליינער ידישער ישוב. ווען עס איז עמיצן אויסגעקומען דורכצוגיין דאָרט ביינאַכט, ווען עס איז שוין געווען פינצטער, פלעגט אים באַפאַלן אַ פחד און מיט פלאַטערנדיקער שרעק איז מען צוריקגעלאָפן אין בית המדרש אַריין, געוואַשן די הענט ביים כיור. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געזען „מיט די

אייגענע אויגן״, ווי מתים טאַנצן און שדים דערנענטערן זיך צו די פענצטער פון שיל און בית המדרש. אין די אויערן האָבן געקלונגען ווייטע קולות, וואָס האָבן געשראָקן מיט פרעמדקייט. חדר־ייִנגלעך האָבן זיך געפלעגט דערציילן וועגן גלגולים פון זינדיקע נשמות, וואָס ווערן פאַרוואַנדלט אין חיות, כדי אָפּצוקומען אויף דער וועלט די שטראָף פאַר זייערע זינד.

דעם בית הקברות האָבן ייִדן גערופן דאָס בית החיים.

אַ סך שיינקייט פאַרמאָגן אין זיך יענע פאַרגאַנגענע יאָרן אין וולאָדאַווע, ווייטע, זיסע שטעטלדיקע יאָרן, געהילטע אין חלומות וועגן גרויסע מעשים און פאַנטאַזיעס וועגן אַ ווייטער גרויסער וועלט; באַגלייט מיט התלהבות־דיקע תפילות פון פרומע ייִדן, מיט פאַרבענקטע נגונים און עקזאלטירטע געזאַנגען פון יונגע חלוצים, מיט אידעאַליסטישע טרוימער, וואָס האָבן געזען זעאונגען און געגליט מיט דערוואַרטונגען.

היינט איז פון דעם אַלעם געבליבן איין גרויסער חורבן. די שיל און דאָס בית המדרש זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין מאַגאַזינען. דער בית הקברות איז געוואָרן צעאַקערט. עס איז נישטאָ ווער עס זאָל זיך שרעקן פאַרן טאַנץ פון די מתים אין די נעכט. עס זענען געבליבן בלויז די רוצחים, וועלכע האָבן קאַלטבלוטיק געמאָרדעט און די, וואָס האָבן גלייכגילטיק צוגעקוקט צו די אכזריותן און געלאַכט.

אַ ווילד געלעכטער פון אמתע שדים.

## דער לעצטער בית־עולם אין וולאָדאַווע

וינוחו על משכבם — דאָ זענען געקומען צו קבורה די, וואָס האָבן געהאַט די זכיה צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט: דאָ רוען פאַרגאַנגענע דורות, פאַרקריצטע מיט שבחים אין שטיין, פאַר ווייטערדיקע דורות. אמת, אין דער לופט האָבן דאָ אָפּט געשוועבט געוויינען און יאָמערן און צוריקגייענדיק פון אַ לוויה זענען געשטאַנען גרייט עמערס וואַסער מיט קוואָרטן אָפּצוגיסן די הענט און אָפּשווענקען די טומאה פונעם מת, און דער עולם מלווים, פאַרשוויגן און פאַרביסן, ווי דער שטייגער איז נאָך אַ לוויה, האָט געטרייסלט מיט די נאַסע הענט אין דער לופטן: עס האָבן זיך אַרויסגעריסן שטילע זיפצן — דאָך האָבן די ייִדן גערופן דעם בית־עלמין „דאָס הייליקע אָרט״ און וויפל מען האָט דעם מת באַגלייט מיט יללות פון צעבראָכענע הערצער, איז דאָך געווען אַ טרייסט צו האָבן די פיר איילן צווישן ייִדן.




**אריה שטרוזמאַן**

# משה ראָזשאַנקע

תל־אביב

# רבנים

שוין באַלד 300 יאָר ווי דער ב״ח איז געווען רב אין וולאָדאַווע. אין אונדזער בית־כנסת זענען געבליבן די גמרות, אויף וועלכע דער ב״ח האָט געשריבן זיינע הערות. אין מיינע צייטן זענען אין שיל געווען נאָך זיבן אַזעלכע גמרות, אויף וועלכע דער ב״ח האָט מיט זיין האַנטשריפט געשריבן זיינע הערות. די גמרות זענען געשטאַנען באַזונדער, פאַרמאַכט אין אַ שאַנק, און עס איז געווען אויף זיי אַן איסור נישט אַרויסצוגעבן קיינעם. די יידן אין וולאָדאַווע האָבן שטאָלצירט מיט זייער גרויסן רב און האָבן געהאַלטן טייער די דאָזיקע גמרות, אויף וועלכע עס זענען געבליבן די שפורן פון ב״חס גאונות.

דאָס איז געווען אין יאָר 1923, ווען שלום אַש איז געקומען קיין וולאָדאַווע און דערוויסנדיק זיך וועגן די דאָזיקע גמרות האָט ער געוואָלט אָפּקויפן איינע אַזאַ גמרא און געוואָלט דערפאַר באַצאָלן יעדן פּריז. איך בין דעמאָלט געווען גבאי אין שיל און האָב זיך קאַטעגאָריש קעגנגעשטעלט דעם פאַרקויפן דעם ב״חס גמרא. דער ציבור וולאָדאַווער יידן האָט מיך אונטערשטיצט און מען האָט שלום אַשן אָפּגעזאָגט.

אין טאָמאַשעווקע איז געווען רב ר׳ הערשל גפן, אַ גרויסער תלמיד־חכם, וועלכער האָט זיך נישט באַגנוגט מיט פּסקענען שאלות און אנדערע רבנות־ענינים, נאָר האָט זיך אויך אָפּגעגעבן מיט לערנען בחורים, געגעבן זיי שיעורים, לשם מצווה, נישט גענומען דערפאַר באַצאָלט, האָט נישט געהאַט קיין טענות צו קיינעם, האָט נישט דערלאָזט קיין קטנות דמוחין און קיין חולשת הדעת.

זיינע דרשות זענען געווען מיט אַ סך טעם און טיפע מוסר־געדאַנקען. יידן האָבן וועגן אים גערעדט מיט אַ סך אנערקענונג און לויב.

אין אַ צייט אַרום האָט עמעץ אַרויסגעגנבעט איין גמרא מיטן ב״חס הערות און מען האָט זיך שפּעטער דערוווּסט, אַז זי איז אַוועקגעפירט געוואָרן צו שלום אַשן קיין וואַרשע, ווו דער גרויסער יידישער שרייבער האָט פאַר איר באַצאָלט אַ הויכן פּרייז.



נאָך וולאָדאַווע איז דער ב״ח אַוועק קיין פּראָג. ער איז אויך געווען אַ צייט רב אין קראָקע.

יידן אין וולאָדאַווע האָבן נישט אויפגעהערט צו שטאָלצירן מיטן ב״ח, וועלכער האָט פאַרנומען אַזאַ גרויס אָרט צווישן די גאונים פון יענער צייט. עס איז דערפאַר געווען אויך פאַר אַנדערע רבנים אַ יחוס צו פאַרנעמען דעם כסא הרבנות אין וולאָדאַווע.

קיין וולאָדאַווע זענען ווירקלעך געקומען גרויסע לומדים צו פאַרנעמען דעם כסא הרבנות. צווישן זיי איז געווען דער באַרימטער ר׳ הערשעלע, אַ מתנגד, אָבער אַ גרויסער למדן, אַן עוקר הרים; ר׳ אפרים פישל — רייוויצער רב, אַן איזשביצער חסיד, באַרימט מיט זיין לומדות און יראת שמים. נאָך ר׳ אפרים פישל איז געקומען ר׳ לייבעלע, וועלכער איז פריער געווען רב אין וולאָדאַווקע. דערנאָך איז געוואָרן רב דער נאָוואָמינסקער רבי, הרב פערלאָוו, וועלכער איז נפטר געוואָרן אין אַמעריקע.

אין וולאָדאַווקע איז געווען רבי, ר׳ מאָטעלע טריסקער. ער האָט דאָרט געהאַט זיין אייגענע מויער, אָבער נאָך אַ געוויסער צייט האָט ער אָנגעהויבן צו ליידן רדיפות פון דער מאַכט, וועלכע האָט אים חושד געווען, אַז ער העלפט יידישע בחורים באַפרייען זיך פון מיליטער און ער איז דערפאַר אַרויסגעשיקט געוואָרן פון וולאָדאַווע, ערגעץ אין ראַדאָמער גובערניע.

ר׳ מאָטעלע טריסקערס הויז האָט איבערגענומען דער נאָוואָמינסקער רבי הרב פערלאָוו, וועלכער איז אויך געווען זיינס אַ קרוב.

נאָכן נאָוואָמינסקער רבין איז געקומען דער ליקאָווער רבי, ר׳ משה ברוך מאָרגנשטערן, וועלכער איז געוואָרן מרא דאתרא. אין איין צייט מיט אים זענען אויך געווען דער בריסקער, אָדער ווי מען האָט אים גערופן: דער סלאָוואַטיטשער רב און דער נעמיראָווער. דער ליקאָווער רבינס זון, ר׳ מענדעלע, וועלכער האָט נאָך אים איבערגענומען דאָס רבנות, איז אומגעקומען צוזאַמען מיט דער עדה וולאָדאַווער יידן.

# חסידות

מיין מוטער מלכה ז"ל געווידמעט



י אַ סך אַנדערע שטעט און שטעטלעך האָט אויך וואָלאַדאָווע צו דערציילן אַ שטיק געשיכטע אין דער חסידישער באַוועגונג. די וואָלאַדאָווער ערד איז דורכגעווייקט מיט יידיש בלוט און יידישע טרערן, אָבער גלייכצייטיק איז דאָס יידישע לעבן אין שטעטל רייך אין דערינערונגען וועגן געשטאַלטן פון ליכטיקע יידישע פּער־זענלעכקייטן, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט אין משך פון דורות מיט זייער תורה און מעשים טובים. אַזעלכע זענען געווען סיי די חסידים און סיי די מתנגדים, אָבער געבליבן אײַנגעקריצט אין דער געשיכטע פון יידישן וואָלאַדאָווע איז די חסידישע באַוועגונג אין אַלע אירע שאַטירונגען, וואָס האָבן געווירקט צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

אינמיטן פון 18־טן יאָרהונדערט זענען נאָך אין וואָלאַ־דאָווע נישט געווען קיין חסידים פון אַ באַשטימטער שאַ־טירונג. עס איז אָבער געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די יידן אין וואָלאַדאָווע דער גלויבן אין רביים. אין יענע יאָרן האָבן פאַרשידענע רביים פון רוסלאַנד און ווייסרוסלאַנד נישט גע־וואָרט, אַז די חסידים זאָלן קומען צו זיי, נאָר פלעגן אַליין אַרומפאָרן איבער שטעטלעך און דערפער, ווו עס זענען געווען קליינע און גרעסערע ישובים. יענע רביים האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט גרויס אהבת ישראל און אַרויסגעוויזן גרויס ליבשאַפט צו די פּשוטע יידן אין די שטעטלעך און צו די געוויינלעכע דאָרפס־לייט און די יידן פלעגן זיי אויפ־נעמען בכבוד גדול, געלעכצט נאָך זייער ברכה.

יעדער רבי האָט געהאַט זיין אייגענעם דרך אין חסי־דות, אָבער אַלע האָבן זיי פאַרשפּרייט צווישן די יידן לערע פון חסידות. זייער באַזונדערקייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן נישט געוואָלט רופן די מענטשן צו תורה און מצוות דורך אָניאָגן אויף זיי אַן אימה, נאָר דורך געווינען די הערצער פון יונג און אַלט, מענער און פרויען — דורך גוטסקייט, האַרציקייט און, הויפּטזאַכלעך, פאַרשטענדעניש פאַר פּשוטע יידן פון אַ גאַנץ יאָר.

אַזאַ רבי איז אויך געווען ר' אהרעלע קאַרלינער, וועל־כער איז אַרומגעפאָרן איבער דער געגנט פון וואָלאַדאָווע און פלעגט זאָגן, אַז אַחוץ דעם, וואָס יידן וועלן קריגן גרויס שכר פאַרן גוטס וואָס זיי טון, וועלן זיי מיט דעם אויך טון גרויס נחת רוח זייער באַשעפער. ר' אהרעלע האָט מיט זיינע דרשות געפאַנגען די הערצער פון זיינע צוהערער אין וואָלאַ־



דאָווע. ביי אים איז דער אויבערשטער געווען אַ רחמן, אַ גומל חסדים, פון וועמען עס שטראָמט ליבע און גוטסקייט און וועמענס איינציקער באַגער איז, אַז דער מענטש זאָל גיין אויפן אָנגעוויזענעם וועג.

וואָלאַדאָווער חסידים פלעגן אין די שפּעטערדיקע דורות זיך דערציילן און איבערחזרן ר' אהרעלעס דערקלערן און אויסטייטשן מאמרי חז"ל, פון וועלכע ער האָט אַרויסגענומען די סאַמע טיפסטע און שענסטע געדאַנקען. ער האָט בעיקר געוועקט אין עולם אהבת ישראל, געזאָגט, אַז אהבה און יראה זענען די סאַמע יסודות פון יידישקייט. אהבת השם און יראת השם זענען צוויי גלייכע מצוות — פלעגט דער קאַר־לינער רבי זאָגן אין זיינע תורה־ווערטער ביים טיש און אין בית המדרש.

די ווירקונג פונעם קאַרלינער אויף די וואָלאַדאָווער יידן איז געווען אַן אויסערגעוויינלעכע. ער האָט זיינע צוהערער פּשוט אַריינגעבראַכט אין אַ נייער וועלט. סיי דער נוסח און סיי דער אינהאַלט פון זיין תורה־זאָגן און פון זיין התנהגות זענען געווען ניי און אינגאַנצן אַנדערש פון דעם, וואָס מען האָט געפלעגט הערן פון די מתנגדישע רבנים.

זייענדיק אין וואָלאַדאָווע איז דער קאַרלינער רבי איינ־געשטאַנען ביים באַוווּסטן בעל צדקה, דעם זברעזשער אַרענ־דאַר, ר' מעכל זבערטשוק. אַהין פלעגן שטראָמען אויך די יידישע דאָרפס־לייט, וועלכע ער האָט געגעבן זיינע ברכות און נישט גענומען ביי זיי קיין „פדיון".

דער קאַרלינער רבי האָט מיט אַ באַזונדערער ליבע זיך באַצויגן צום פּשוטן יידישן פאָלקס־מענטש, צום יידישן בעל־מלאכה, צום אָרעמען יידישן הענדלער און צו אַלע, וואָס האָבן כשר פאַרדינט זייער שטיקל ברויט. חסידות האָט אין אָט די פּשוטע יידישע פאָלקס־מענטשן געזען די גאַנצע שיינקייט פון יידישן פאָלק און די גאַנצע שיינקייט פון יידישן מענטש און די גאַנצע טיפקייט פון דער יידישער נשמה. נישט קוקנדיק אויף דעם וואָס דעמאָלט איז געווען אַ צייט ווען דער למדן האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן אין לעבן פון יידישע קהילות, האָבן אָבער די חסידישע רביים אָנגעוויזן, אַז נישט נאָר דער, וואָס קען לערנען, נאָר אויך דער פּשוטער ייד,

וואָס קען נישט מער ווי עברי און מעביר־זיין די סדרה, האָט דעם זעלבן ווערט. דערמיט האָבן זיי אריינגעגעבן אַ נייע נשמה די פשוטע פֿאָלקס־מענטשן, וועלכע זענען ביז דעמאָלט געווען ווי פֿאַרשטויסן.

וולאָדאַווע איז געווען אַ מתנגדישע פעסטונג. די מחלוקת צווישן די מתנגדים און חסידים האָט זיך אָנגעהויבן אַן ערך צוועלף יאָר נאָך דער פטירה פון רבי ישראל בעל־שם־טוב מיטן חרם פון ווילנער גאון קעגן חסידות, וואָס איז אַרויס־געגעבן געוואָרן אין יאָר תקל״ב (1772). נישט געקוקט דע־רויף האָט חסידות פּאַוואָליע פאַרכאַפּט די הערצער און די מוחות פון יידישן עולם, אפשר טאַקע דערפאַר, וואָס די חסי־דים זענען געגאַנגען בהדרגה, נישט געאיילט און נישט איבערגעכאַפּט די מאָס, פריער פארבארגענערהייט און ערשט שפעטער אנטפלעקט זיך אפן און אויך אין וולאָדאַווע איז זייער צאָל בהדרגהדיק געוואַקסן און זייער איינפלוס איז מיט יעדן טאָג געוואָרן גרעסער.

אין אָנהויב 18־טן יאָרהונדערט און אין די שפעטערדי־קע יאָרן זענען די מתנגדים אין וולאָדאַווע נאָך געווען אַ שטאַרקער כוח. די וולאָדאַווער קהילה האָט פאַרבאָטן דעם ערשטן חסידישן מנין אין בית המדרש. יעדן שבת זענען אין בית המדרש פאָרגעקומען קריגערייען צווישן די חסידים און מתנגדים. קיין חסידים־שטיבל איז נאָך דעמאָלט אין וולאָדאַווע נישט געווען.

אין די ערשטע צענדליקער פון 19־טן יאָרהונדערט, ווען איבער גאַנץ פּוילן האָט זיך געלאָזט הערן דער שם פונעם קאָצקער רבין, ר׳ מענדעלע, האָבן זיך אויך אין וולאָדאַווע באַוויזן די ערשטע קאָצקער חסידים, צווישן וועלכע עס זענען אויך געווען גרויסע לומדים און זיי האָבן אָנגעהויבן פאָרן קיין קאָצק. ביים סוף פון דער ערשטער העלפט פונעם 19־טן יאָרהונדערט איז אין וולאָדאַווע שוין געווען דאָס ערשטע קאָצקער חסידים־שטיבל.

שפעטער בעת דעם גרויסן געשעעניש, ווען ר׳ מענדעלע האָט אויפגעהערט אופצונעמען חסידים, געזעסן אין אַ באַזונ־דער חדר און אויסער מקורבים האָט מען צו אים נישט צוגע־לאָזט. חסידים האָבן ביסלעכווייז אויפגעהערט פאָרן קיין קאָצק. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אָפּגערעכט גלות, געוואַל־גערט זיך ביי פרעמדע טישן, געגאַרט נאָך אַן אמת וואָרט פון אַ גרויסן רבין. עס האָט זיך דאַן געשאַפן דער גערער הויף, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט דעם קאָצקערס תלמיד, ר׳ איטשע־מאיר, דער מחבר פונעם ספר „חידושי הרי״ם".

אין וולאָדאַווע ווערט אַלץ לעבעדיקער די חסידישע באַוועגונג און עס שאַפט זיך אויך דאָס אַסטראָווער חסידים־שטיבל, וואָס איז אין יאָרן אַרום פאַרוואַנדלט געוואָרן אין ביאַלער חסידים־שטיבל. ביסלעכווייז ווערט די אַטלעסענע קאַפּאָטע און דאָס סאַמעטענע היטל דער סימן מובהק פון חסידישן לבוש צווישן די וולאָדאַווער יידן, וואָס דאַווענען אַלץ מער דעם נוסח ספרד.

די וולאָדאַווער מתנגדים זענען אויך שוואַכער געוואָרן אין זייער מלחמה קעגן די חסידים. זיי האָבן זיך אַרומגעזען, אַז עס נייגן זיך אַלץ מער צום חסידישן גאַנג, נישט נאָר די פשוטע יידן, נאָר אויך גרויסע לומדים. מיט יעדן טאָג זענען צוגעקומען נייע חסידים, וואָס האָבן געהאַט זייער אייגענע שטיבלעך. די וולאָדאַווער קהילה האָט ענדלעך אויפגעהערט צו פירן דעם קאַמף קעגן די חסידים און עס איז אַרויס אַ תקנה, אַז יעדער איינער און אויך אַ גאַנץ מנין קאָן דאַווענען לויטן נוסח ווי אים געפעלט.

מיט יאָרן שפעטער זענען געשאַפן געוואָרן אין וולאָדאַווע נאָך אַנדערע חסידים־שטיבלעך און ביסלעכווייז זענען די חסידים געוואָרן אַ מערהייט אין שטאָט און אויך איבערגע־נומען די פירנדיקע ראָל אין דער קהילה.

אין וולאָדאַווע פלעגט מען אַ סך רעדן וועגן ר׳ ישראל האַלצמאַן פון וולאָדאַווקע, וועלכער איז געווען פון די ערש־טע חסידים אינעם קאָצקער שטיבל. געווען נאָך אַנדערע וויכ־טיקע מענטשן, וועגן וועלכע מען האָט אַ סך דערציילט אין די שפעטערדיקע יאָרן.

אינעם צווייטן חסידים־שטיבל, אין וועלכן עם האָבן גע־דאַווענט די אַסטראָווער־חסידים, וואָס זענען געפאָרן צום רבין ר׳ יהושעלע איז פון די אָנגעזעענסטע געווען ר׳ מעכל זבערט־שוק פונעם דאָרף זבערעש, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גייסטיקע מעלות און מידות טובות. צווישן עלטערן דור חסידים פלעגט מען זיך דערציילן, אַז ר׳ יהושעלע אַסטראָווער האָט אַליין מחנך געווען דאָס אַסטראָווער שטיבל אין וולאָדאַווע, און האָט אויך געפלעגט זאָגן, אַז אים זענען מער ליב די פשוטע מענטשן מיט תמימותדיקע הערצער, ווי די לומדים וואָס האַלטן זיך גרויס מיט זייער לערנען און בלאָזן פון זיך

אינעם שטיבל פון די ביאַלער חסידים, וואָס זענען גע־פאָרן צום רבין ר׳ יעקב־יצחק, דער איידעם פונעם אַסטראָ־ווער און אַן אייניקל פון ייד הקדוש, זענען געווען פון די באַקאַנטסטע: ר׳ ברוך־ישראל זבערטשוק, ר׳ מעכל זבע־רעזשערס זון. שפעטער זענען צום ביאַלער געפאָרן אויך ר׳ ברוך־ישראלס ביידע זין, ר׳ מעכל זבערטשוק פון וולאָדאַווע און ר׳ בן־ציון פון ציצעוו.

דער ביאַלער רבי, ר׳ יעקב־יצחק האָט נאָך דער פטירה פון זיין שווער אין יאָר 1873 איבערגענומען אַלע זיינע חסי־דים און מען פלעגט דערציילן, אַז ער האָט אַוועקגעשטעלט אויפן טיש אַ פושקע און אַנשטאָט אַ פדיון פאַר זיך האָט ער געהייסן אַריינוואַרפן דאָס געלט אין דער פושקע, אויף וועל־

כער עס איז געווען אן אויפשריפט „א מתנה אקעגנצוגיין משיחן". דער ביאלער רבי איז געווען באקאנט מיט זיין זאגן, אז עס איז די צייט פון עקבתא דמשיחא און אז אט־אט דארף משיח אנקומען.

נאך דער פטירה פון ר' יעקב־יצחק אין יאר 1905 אין זיין רבישע ירושה צעטיילט געווארן צווישן זיינע זין אין פיר רביסטוואס: שעדלעץ, לובלין, ווי אויך פארצעווע און מעזריטש. ר' ברוך־ישראל מיט זיינע ביידע זין זענען גע־פארן קיין פארצעווע צום רבין ר' נתן דוד.

נאך דער פטירה פון ר' מענדעלע קאצקער אין יאר 1859 האט זיך דאס קאצקער שטיבל צעצווייגט און עס האבן זיך געשאפן דריי אנדערע שטיבלעך: קאצק־לוקאוו, קאצק־פילעוו און קאצק־סאקאלאוו. אין דער זעלבער צייט זענען געשאפן געווארן נאך אנדערע שטיבלעך, וועלכע זענען זיך צעוואקסן אין כמות און אין איכות און ארומגענומען א סך הונדערטע חסידים, וואס האבן זיך געקלאמערט אין די באזונדערע וועגן, וואס עס האבן אנגעצייכנט די רבישע פערזענלעכקייטן.

אליעזר יצחק וואסערמאן

# קאצקער חסידים



לכות חסידות.

ווילאדאווע איז יארן לאנג געווען א פעסטונג פון חסידות. עס זענען דארט געווען פארשידענע חסי־דים־שטיבלעך און צו די גרעסטע איז געווען פארעכנט דאס קאצקער שטיבל, ווו בחורים און יונגעלייט פלעגן זיצן גאנצע טעג און לערנען, פון באגין ביז שפעט אין דער נאכט. געווען אויך עלטערע חסידים, גרויסע לומדים, וואס האבן געלערנט א שעור מיט די יונגע בחורים.

דער דרך פון די קאצקער איז געווען דביקות און אינערליכע חדווה, די התלהבות איז געווען אן אינעוווי־ניקסטע, א פארטיפטע, נישט געמאכט קיין רעש ביים דא־ווענען. בלויז אין די שבתדיקע בין השמשותן, ביי שלוש סעודות האבן די אלטע קאצקער נגונים זיך צעטראגן אי־בער די ארומיקע שטילע געסלעך, דערציילט פון חסידישן פייער, וואס וויל זיך נישט לאזן אפקילן מיטן אנקום פון דער וואך. אויך די מלווה־מלכהס זענען אין קאצקער שטיבל געפראוועט געווארן מיט גרויס התלהבות.

די קאצקער זענען געווען באקאנט אלס שארפע חסי־דים, וואס האבן רעאגירט דרייסט און געוואגט אויף עוו־לות, אויף עבירות, געזאגט יעדן דעם אמת אין פנים אריין און נישט נתפעל געווארן פון קיין גבירים, וואס האבן געוואלט האבן די דעה אין שטאט.

צווישן זיך האבן די קאצקער זיך געהאלטן זייער חבריש. ביי די קאצקער האט מען נישט פארקויפט קיין עליות, נאר איינגעטיילט לויט א סדר און עס איז בכלל נישט געווען קיין אונטערשיד צווישן אן ארעמען און א רייכן חסיד. אלע זענען צווישן זיך געווען אויף דו, חוץ די ישישים, וועלכע מען האט אפגעגעבן גרויס כבוד. ווען איינער פון די חסידים האט געמאכט א שמחה האט מען נאך קבלת שבת מכריז־געווען אויפן קול און איינגעלאדן אלע חסידים אין דער שטוב פון בעל השמחה, ווו מען האט געזונגען און געטאנצט, זיך משמח געווען ווי מיטגלידער פון איין משפחה.

אין יאר 1906 ווען עס איז נפטר געווארן ר' מענדע־לעס אייניקל, ר' חיים ישראל, האבן זיך די קאצקער חסי־דים צעטיילט אין דריי גרופן. דער גרעסטער טייל איז געפארן צו ר' משה'לען, וועלכער האט געוווינט אין פילעוו און נאך דער ערשטער וועלט־מלחמה האט ער זיך בא־זעצט אין ווארשע, ווו ער האט געהאט א גרויסע צאל חסידים. אנדערע זענען געפארן צו זיין ברודער ר' זעליג, דער סאקאלאווער רבי. א דריטע גרופע איז געפארן צום לוקאווער רבין, ר' הערשעלע. נאך זיין פטירה איז גע־ווארן רבי זיין עלטסטער זון, ר' משה־ברוך מארגנשטערן, וועלכער איז שפעטער, אין יאר 1926 געווארן רב אין ווילאדאווע.

דאס פילעווער שטיבל האט אין די שפעטערדיקע יארן געהאט א פינף מנינים חסידים. צווישן די פון עלטערן דור זענען געווען: ר' שמשון מלמד, מענדל קארעווער (האנ־דלסמאן), כילקע, אהרון־מאטל, מענדל לעדערמאן, דוד זאנוולס פרידמאן, ישראל־פנחס ניימאן, מענדל אפאטש־נער, שמואלקע גדליהס, אברהם־שמואל, זישע דעם רבס, נתן־דוד וואגשאל, משה ליאס, ברוך לאזער, אברהמל מעק־

לער (גורפינקל), מאטיס און זעליג וואיאק, פון די יונגערע זענען געווען: דוד שמשונס, משהלע מעכלס, אברהם שמואל, אהרון גאָלדמאַן (היינט אין אַרגענטינע) און אליעזר יצחק וואַסערמאַן — אַן אַלטער תושב אין ישראל, וועלכער האָט מיט זיין שיינער שטים געזונגען אַלטע און נייע קאָצקער נגונים.

גבאי אין שטיבל איז יאָרן לאַנג געווען הערשל שניי־דערמאַן.

דאָס סאָקאָלאָווער שטיבל איז באַשטאַנען פון אַ צוויי מנינים חסידים און עס האָבן דאָרט געדאַוונט אויך אַזעלכע, וועלכע זענען נישט געווען קיין חסידים. צווישן די אַלטע סאָקאָלאָווער חסידים זענען געווען: בערל ראָטענבערג, שמואל שניידערמאַן (סלאוואטיטשער) זעליג מאַטיסעס, בנימין־שמואל א. אַ.

די לעצטע יאָרן האָט דאָס סאָקאָלאָווער שטיבל זיך געפונען אין קאַנטאָר פון דער פּאַראָווער מיל, וואָס האָט געהערט צום גערער חסיד ישעיה טשערוואָנאַגורא. צווישן די מתפללים זענען געווען: דוד לוסטיגמאַן, ברוך־מרדכי סאָקאָל, שמואל שניידערמאַן, רפאל כהן, (היינט אין ישראל), איטשע־מאיר בעקערמאַן (סיסטשיק).

נאָך ר׳ משה׳לס פּטירה זענען די פּילעווער חסידים געפאָרן צו ר׳ חיים ישראלס יונגסטן זון, ר׳ יאָסעלע, וועלכער האָט געוווינט אין קאָצק. די חסידים, וואָס זענען געפאָרן אַהין האָבן אויך געלייגט קוויטלעך אויסן אהל פון ר׳ מענדעלע, דעם אַלטן קאָצקער רבין.

דער מוראדיקער חורבן האָט אין וולאָדאַווע אָפּגעהאַקט און פאַרשניטן אַ שיינע תקופה פון קאָצקער חסידות, וואָס האָט ממשיך געווען דעם דרך פונעם אַלטן קאָצקער רבין, קאָצקער חסידים האָבן געשפּילט אַ ראָל אויך אין אַלגעמיינעם לעבן פון די יידן אין וולאָדאַווע. ווער עס איז געקומען מיט זיי אין באַרירונג האָט אָפּטמאָל דערפילט אין האַרצן דעם רוף פון דער אינעווייניקסטער, נישט געפעלשטער התלהבות פון די קאָצקער חסידים.


נחום גאָלדשטיין
קרית מוצקין


# הרב ר׳ יונה גאלדשטיין

## (יונה דעם רבס)

געבוירן אין וולאָדאַווע אין יאָר תר״י האָט ער אַלס יונגער בחור זיך אויסגעצייכנט מיט זיין התמדה אין לערנען. ער האָט געלערנט ביים וולאָדאַווער רב ר׳ צבי תאומים. געדאַוונט האָט ער אין מעזריטשער שטיבל.

הגם ער איז נישט אויפגענומען געוואָרן אָפיציעל אַלס רב אָדער דיין און האָט נישט באַקומען קיין געהאַלט פון דער וולאָדאַווער קהילה, איז ער דאָך פאַרעכנט געוואָרן אין שטאָט אַלס רב און מען האָט אים גערופן: ר׳ יונה רב. ער האָט געפּסקנט שאלות און דין־תורהס.

צווישן די סוחרים פון וולאָדאַווע און פון דער אַרומיקער געגנט האָט ר׳ יונה גאָלדשטיין געהאַט אַ שם פון אַ גרויסן חכם און זיי האָבן אים דערפאַר אָפט גענומען אַלס בורר.

ערב פסח האָט מען ביי אים אויך פאַרשריבן דאָס חמץ.

ר׳ יונה גאָלדשטיין האָט זיך איבערגעשריבן שאלות און תשובות מיט ר׳ יאָשע בער בריסקער און ר׳ העשל האָרנשטיין. ער האָט געשריבן חדושים אויף תורה און תלמוד אין ספר „תורה מציון״. ער ווערט אויך דערמאָנט אינעם ספר „עזרת ישראל״.

די יידן אין די דערפער אַרום וולאָדאַווע האָבן אים אַרויסגעוויזן גרויס ליבשאַפט פאַר דער וואַרעמער אויפמערקזאַמקייט, וואָס ער האָט זיי געשענקט.

ער איז נפטר געוואָרן י״ד אייר, תרצ״ו.

יוסף שטילערמאַן
קרית מוצקין

# דער ראַדזינער מנין אין ר׳ דודס שטילערמאַנס גאַסט־הויז

די שטילערמאַנס, אַ פאַרצווייגטע משפחה אין וולאָדאַווע, האָבן געוווינט אויף דער מיל־גאַס, ווו זיי האָבן געהאַלטן אַ כשר גאַסט־הויז, צום עסן און צום שלאָפן. ר׳ דוד איז געווען אַ הייסער ראַדזינער חסיד, באַאַקאַנט אין שטאָט מיט זיין פרומקייט און גאַסטפריינטלעכקייט. גייענדיק אינדערפרי צום דאַווענען האָט ער יעדן אַקעגנגעטראָגן זיין צעשמייכלטן גוטמאָרגן און מיט יעדן אָפּגעשטעלט זיך רעדן, פאַראינטערעסירט זיך מיט זיין מצב און איז שטענדיק גרייט געווען קעגנצוטראָגן זיין הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע.

ווען עס פלעגט קומען אין שטאָט אַריין אַ בעל דרשן, אַ מגיד צי סתם אַ שליח פון אַ ישיבה, האָט ער זיך אויפגעהאַלטן ביי ר׳ דוד שטילערמאַן. עס פלעגט טרעפן, אַז אין שטעטל איז געקומען אַן אָנגעזעענער ראַדזינעד חסיד, אָבער אַ גרויסער אָרעמאַן, האָט ר׳ דוד געזאָגט צו זיין ווייב:

„זאָלסט וויסן, אַז דער גאַסט איז אַ רייכער ייד, אַ וואַלד־סוחר און צאָלט מיט אַ ברייטער האַנט... זע, זאָלסט אים גוט באַדינען, געבן עסן און טרינקען פון שענסטן און בעסטן".

דער אמת איז געווען, אַז נאָך דעם אַלעם האָט ר׳ דוד דעם אָרעמאַן נאָך צוגעצאַלט מיט אַ שיינער נדבה.

זיין זון, ר׳ גרשון הענעך, וואָס איז געגאַנגען אין די וועגן פון זיין פאָטער, האָט קיינמאָל נישט געהאַט קיין צייט פאַר זיך און האָט טאַקע נישט חתונה געהאַט ביזן יאָר 1939.

ר׳ דוד איז געשטאָרבן באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די פוילישע אַרמיי, די פילסודטשיקעס זענען אַריין קיין וולאָדאַווע. אין יענער צייט האָבן ביי ר׳ דודן געוווינט עטלעכע אָרעמע משפחות. אין שטעטל איז אָנגעגאַנגען אַ געדיכטע שיסעריי, אָבער איינער פון די משפחות, אַ טויבער, האָט נישט געהערט די שיסעריי און געעפנט דעם לאָדן, געוואָלט זען וואָס עס טוט זיך אין גאַס. אין דעם מאָמענט האָבן זיך אַריינגעריסן עטלעכע האַלערטשיקעס און געפאָדערט מען זאָל זיי אַרויסגעבן דעם שפּיאָן, וועלכער האָט געשאָסן אויף די פוילישע זעלנער. די מענער זענען אַלע געווען פאַרשטעקט אין באַהעלטענישן און די האַלערטשיקעס האָבן געוואָלט פאַרנעמען די פרויען און קינדער. עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויס געיאָמער, ווען ר׳ דוד שטילערמאַן האָט דערהערט די געוויינען, איז ער, אַ קראַנקער און צעבראָכענער, אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און דערקלערט די האַלערטשיקעס, אַז ער האָט דאָס געעפנט דעם לאָדן. דאַן האָט מען אים אַרויסגעפירט פון שטוב, צוגעבונדן צו אַ פערד און אַזוי אים געשלעפט איבער די גאַסן צום דערשיסן.

אין שטעטל האָט זיך אויפגעהויבן אַ גרויסע בהלה. די שרעק איז געווען גרויס. מען האָט נישט געוווסט וואָס צו טון, ווי אַזוי אָפּצוראַטעווען ר׳ דודן פון אַ זיכערן טויט. אין דעם מאָמענט איז געשען אַ נס:

עס איז אַרויס דער אַלטער קאַלעצקי, אַ פאָטאָגראַפיסט, און איינשטעלנדיק זיין אייגן לעבן, האָט ער זיך געוואָנדן צו די האַלערטשיקעס און אים איז געלונגען אַרויסצוראַטעווען ר׳ דודן פון זייערע הענט.

די שווערע איבערלעבענישן האָבן אונטערגעגראָבן פולשטענדיק ר׳ דודס געזונט און ער איז אין אַ קורצער צייט אַרום געשטאָרבן.

זיינע קינדער האָבן ווייטער געפירט דאָס גאַסט־הויז. זיין זון הינך שטילערמאַן איז, פונקט ווי זיין פאָטער געווען טאָג און נאַכט פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, געזאָרגט פאַר די נויטבאַדערפטיקע, פאַר איינעם אַ גמילת חסד, אַ הלוואה, פאַר אַן אַנדערן אונטערצושרייבן אין באַנק קופּיעצקי, ווו ער איז געווען אַ מיטגליד, אַ גאַראַנטיע אויף אַ לאַנג־טערמיניקער הלוואָה. גאַנץ אָפט פלעגט טרעפן, אַז יענער האָט נישט געצאָלט די וועקסלען צו דער צייט און הינכן איז אויסגעקומען צוליידן.

אינעם גרעסטן און שענסטן צימער פון גאַסט־הויז האָט זיך געפונען אַ מנין מיט אַן אייגענער ספר־תורה און

ארון הקודש. זעלטן מען האָט דאָרט געדאַווענט אינדער־וואָכנס, אָבער יעדן שבת און יום־טוב איז דאָרט געווען פול מיט מתפללים, ס׳רוב ראַדזינער חסידים, צווישן וועלכע עס האָבן זיך אויך געפונען מער מאָדערן געקליידעטע, מיט צוגעשווירענע בערדלעך ווי אויך אינגאַנצן ראַזירט.

דער ראַדזינער מנין האָט געהאַט אַ שם מיט זיינע בעסטע בעלי־תפילות און מיטן שענסטן אתרוג און לולב.

יעדן שבת בין השמשות זענען דאָרט פאָרגעקומען די שלוש סעודותן. יעדער פון די מתפללים האָט מיט זיך מיטגעברענגט עפּעס צום עסן, ווער אַ חלה, עטלעכע הערינג און ווער עטלעכע פלעשער ביר, וויין אָדער בראָנפן אויף אַ לחיים. ביי די זמירות האָט מען געזונגען שיינע ראַדזינער נגונים.

אַזוי איז אויך געווען ביי די מלווה מלכהס. אויפן טיש איז געשטאַנען אַ קאָכעדיקער סאַמאָוואַר און ביי גלעזלעך הייסע טיי האָט מען זיך דערציילט פאַרשידענע מעשיות וועגן אַלטן ראַדזינער רבין, קלוגע ווערטלעך, תורה־ווערטער און די נגונים האָבן זיך געצויגן ביז שפּעט אין דער נאַכט.

די ניגונים און די תורה־ווערטער האָבן תמיד געהאַט אַ טיפערן זין און חסידים האָבן געוואָלט אים דערגרונטעווען, באַמיט זיך צו דערגיין, וואָס דער רבי האָט געמיינט. אין רבינס רייד האָט מען תמיד געפילט סיי העכערע לעבנס־חכמה און סיי דאָס פייער פון אַ גרויסער נשמה. דאָס דאָזיקע פייער האָט זיך באַזונדערס צעפלאַקערט אין די מוראדיקע טעג פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע, ווען דער ראַדזינער רבי, דער גרויסער קדוש, האָט אַרויסגעוויזן אַזאַ אומגעהויערע גבורה, פאַרויסגעזען דעם חורבן און גערופן צו ווידערשטאַנד.

אין זכרון זענען מיר געבליבן טייל נעמען פון די מתפללים:



נאָסקע לייכטער, דער בעל מוסף, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ זיסע שטים און זיין דאַווענען האָט זיך אויסגעצייכנט מיט מתיקות. ער געפינט זיך היינט אין ישראל.

אַ גרויסער בן־תורה מיט סמיכות אויף רבנות איז געווען ר׳ דודס איידעם חיים־יהודה, ווי אויך דער צווייטער איידעם — ר׳ מרדכי.

מיין פאָטער, ר׳ משה שטילערמאַן איז געווען דער בעל שחרית פון מנין. ער האָט פאַרמאָגט אַ שיינע טענאָר־שטים.

צווישן די מתפללים זענען אויך געווען שיע פּעסטמאַן, הערשל שניידערמאַן, יונה קאַלעכשטיין, אליהו געזונטהייט, הערשל ניסעלעס, דער אַלטער קאַלעצקי, יצחק און ישראלקע גאָלדמאַן, הערשל שעדראָוויצקי, שיע לעמפעל, א. געלניקאָו מיט זיינע זין, משה ספּאָקוינער. לײדער האָב איך פאַרגעסן די נעמען פון די אַנדערע מתפללים.

מיין פאָטער איז אויך געווען אַ הייסער ראַדזינער חסיד, געפאָרן יעדן יום־טוב צום רבין. ער איז פּריצייטיק געשטאָרבן. מיין מוטער, רחל, איז אין דער לעצטער אַקציע אין וולאָדאַווער געטאָ, אַוועק צוזאַמען מיט די אַנדערע וולאָדאַווער ייִדן און צוזאַמען מיט מיין שוועסטער חוה, געגאַנגען אין לעצטן וועג צו די קרעמאַטאָריעס אין סאָביבאָר.

דער גורל האָט געוואָלט, אַז איך זאָל זיין דער איינציקער פון דער פאַרצווייגטער משפחה שטילערמאַן, וואָס האָט זיך אָפּגעראַטעוועט, דורכמאַכנדיק אַ לאַנגן יסורים־וועג, וואַנדערנדיק איבער פאַרשידענע לענדער ביז איך האָב זוכה געווען עולה צו זיין אין מדינת ישראל. זאָלן די עטלעכע ווערטער דינען ווי אַ קדיש נאָך מיינע טייערסטע און נאָענטסטע.

מרדכי ביאַלי

בוענאָס איירעס, אַרגענטינע



# אונדזער היים

ביי יעדן איינעם פון אונדז איז געבליבן איינגעקריצט אין זכרון אונדזער אַלטע היים. אמת, די פאַרלאָפענע יאָרן האָבן אַ סך אָפּגעמעקט און פאַרווישט, אַז עס איז שווער דאָס אַלץ אַרויסצוברענגען, אָבער ווער זאָל דאָס טון אויב נישט מיר, די דאָזיקע וועמען די השגחה האָט בחסד עליון מזכה געווען מיטן זכות אויפצושטעלן אַ גע־שריבענע מצבה פאַר אונדזערע שטעטלעך, וועלכע זענען פאַרטיליקט געוואָרן פונעם נאַצישן עמלק, ימח שמו וזכרו?!
מיר זענען טאַקע נישט קיין שרייבער, אָבער לויט אונדזערע מעגלעכקייטן וועלן מיר זיך באַמיען אַרויסצוברענגען דאָס, וואָס עס איז פאַרבליבן אין אונדזער זכרון.

פון איין זייט פונעם בוג איז געווען וולאָדאַווע, אַ גרע־סער שטעטל, וואָס האָט געהערט צום לובלינער קרייז, און פון דער אַנדערער זייט — מיין געבוירן־שטעטעלע, וולאָ־דאַווקע, וועלכעס האָט שוין באַלאַנגט צום ברעסט־ליטאָווסקער קרייז. דער בוג איז געווען די גרענעץ צווישן די ביידע פראָווינצן, און במילא האָבן שוין די צוויי שטעטלעך אַזוי נאָענטע צו זיך און ווען נישט דער בוג וואָלטן זיי גע־בילדעט איין גרעסערע שטאָט — באַלאַנגט צו צוויי פאַר־שידענע פראָווינצן.

## חסידים

וולאָדאַווקע איז געווען פיל קלענער פון וולאָדאַווע. בסך הכל האָבן דאָרט געלעבט נישט מער ווי עטלעכע צענד־ליק יידישע פאַמיליעס, ווירטשאַפטלעכע און געזעלשאַפט־לעכע, אָבער דאָס לעבן איז געווען אַזוי פאַרביק, אַז עס האָט דאָרט גאָרנישט געפעלט פון דעם וואָס עס איז געווען אין די גרעסערע שטעט און שטעטלעך. געווען יידן פרומע און אויפגעקלערטע, נגידים און קבצנים, למדנים און עם־הארצים, סוחרים, בעלי מלאכה און סתם יידן. די פרומע יידן זענען ס׳רוב געווען קאָצקער חסידים. שפּעטער, ווען די קאָצקער האָבן זיך צעטיילט אין עטלעכע צווייגן, זענען אויך די וולאָדאַווקער געוואָרן סאָקאָלאָווער חסידים, לוקאָ־ווער און פולאַווער חסידים, און כאָטש די אַלע רבישע הייף זענען אַרויסגעקומען פון איינעם און דעם זעלביקן מקור, האָבן דאָך נישט געפעלט קיין מחלוקתן צווישן די פאַרשי־דענע חסידים. יעדער האָט זיך באַמיט אַריבערצוציען דעם אַנדערן צו זיין רבין. עס פלעגט אויך טרעפן אַז ביים פאָרן צום רבין אויף יום טוב, האָט מען אַמאָל פאַרנאַרט אַ חסיד פון איין רבין צום אַנדערן. ווי אַזוי האָט דאָס געקענט גע־שען? פשוט, האָט איינער נישט געהאַט מיט וואָס צו פאָרן, האָט אים אַן אַנדערער חסיד מיטגענומען, אויפן וועג האָט מען געמאַכט, אויפן חסידישן שטייגער, אַ שנעפּסל, און ווען מען איז מיט מזל דערפאָרן, איז מען געוואָר געוואָרן, אַז מען געפינט זיך שוין ביי אַן אַנדערן רבין. אַ סך מאָל האָט טאַקע אַזאַ פאָרטל געהאַט אַ פעולה און פון אַ לוקאָווער חסיד איז מען גאָר געוואָרן אַ פולאַווער.

## מלמדים

מיין טאַטע עליו השלום איז געווען אַ פולאַווער חסיד. ער איז געווען אַ ייד אַ למדן און זיין פרנסה איז געווען מלומדות. דעריבער טאַקע האָט מען אים גערופן איצל מלמד.

בכלל האָבן קיין מלמדים נישט געפעלט ביי אונדז אין שטעטל. די, וועלכע איך געדענק, זענען געווען לייבושקע מלמד, געלערנט מיט גרעסערע קינדער, ס׳רוב פון אַזעלכע היימען, ווו מען האָט געקענט באַצאָלן אַ לייטישן שכר־לימוד. געווען חיים מלמד, וועלכער האָט געלערנט מיט קינדער פון בערך נאָך 14 יאָר. געווען אברהמעלע דעם חזנס, אַ גמרא־מלמד, וועלכער האָט געלערנט מיט קינדער פון בערך 10 ביז 14 יאָר. ערשט זענען געווען עטלעכע דרדקי־מלמדים — מרדכי מלמד, יידל מלמד און בערעלע

מלמד. מיין טאַטע עליו השלום, ר׳ איצל מלמד, האָט געלערנט מיט גרעסערע קינדער, און האָט געהאַט אַ סך תלמידים, און טראָץ דעם וואָס ער איז געווען, ווי איך האָב שוין דערמאָנט, אַ גרויסער למדן, און האָט געהאַט אַ סך תלמידים, איז די פּרנסה געווען בדוחק ווי געוויינטלעך ביי אַ מלמד...

## שוחטים

שוחטים געדענק איך צוויי: מאיר בער שוחט און זיין זון משה שוחט. אַגב האָט מיין ברודער אליהו ע״ה אויך געוואָלט ווערן בשעתו אַ שוחט, אָבער מען האָט אים נישט צוגעלאָזט. איך געדענק נאָך ווי ער האָט זיך געלערנט שחיטה און איבער מיר האָט ער טריף־געמאַכט אַ שעפּסל. איך בין געווען דער, וואָס האָט באַדאַרפט צוהאַלטן פעסט דאָס שעפּסעלע, האָט מען מיך אָבער אַ רוף געטון אינמיטן דערינען, און איך האָב עס אָפּגעלאָזט, און דאָס שעפּסעלע איז טריף געוואָרן. דער צער פון מיין ברודער אליהו איז געווען אין לשער. מילא פון מיר, איז דאָך אָפּגערעדט...

פונדעסטוועגן האָט מיין ברודער נישט נאָכגעגעבן. ער איז מיט אַ צייט שפּעטער געוואָרן שוחט אין מאַלאַריטע, און אַזוי ווי עס איז אים שווער געווען זיך מפרנס צו זיין בלויז פון שחיטה איז ער אויך געוואָרן אַ סוחר.

## רבנים

רבנים זענען אין אָט דער קליינער וולאָדאַווקע געווען צוויי. איינער האָט געהייסן דער בריסקער רב. אַזוי האָט אים גערופן דאָס גאַנצע שטעטל, און זאָל ער מיר מוחל זיין, אָבער דעם גענויעם נאָמען זיינעם געדענק איך נישט. ער איז געווען דער „גלאָוונער״ רב פונעם שטעטל און געהאַט דעם אָנשפּאַר זיינעם צווישן די חסידים און די גאָר פרומע יידן. דער צווייטער האָט געהייסן אלעזר רב. אים האָבן געשטיצט די סתם יידן פון אַ גאַנץ יאָר. ווי דער שטייגער איז, איז צווישן ביידע צדדים געווען אַ שטענדיקע מחלוקת מיט קריגערייען, און עס פלעגט אַ מאָל דערגיין צו געשלעגן אויך. איבער וואָס מען האָט זיך געקריגט איז שווער געווען צו דערגיין און איך ווייס דאָס נישט ביזן היינטיקן טאָג, נאָר אויב דער סדר העולם איז געווען אַזוי אין אַלע קליינע שטעטלעך, ווו עס זענען געווען צוויי רבנים, פאַרוואָס האָט וולאָדאַווקע באַדאַרפט זיין אַן אויסנאַם?...



## ר׳ אליהו סופר

און אויב מיר האָבן שוין דערמאָנט רבנים, שוחטים און מלמדים איז טאַקע אַ יושר צו דערמאָנען אויך ר׳ אליהו סופר, אַ ייד אַ גרויסער למדן, וועלכער איז, רחמנא ליצלן, געבוירן געוואָרן אָן פיס. זיין ווייב האָט פאַר אים געהאַט אַ סך דרך ארץ און פלעגט אים אויף די אייגענע הענט אַראָפּנעמען פון בעט, ווען ער האָט זיך באַדאַרפט זעצן צום טיש און שרייבן. אויך האָט זי אים צוגעהאָלפן אין דער פּרנסה, געהאַנדלט מיט דרויבלעך, און יש אומרים, אַז דאָס איז טאַקע זי געווען די גלאָוונע פּרנסה־געבערין.

## סוחרים

איבעריק צו זאָגן, אַז אויסער די אַלע כלי קודש זענען געווען אין שטעטל סוחרים און בעלי מלאכות. דער הויפּט־מסחר איז געווען מיט רינדער און מיט פיש, וועלכע מען האָט געשיקט קיין טשענסטאָכאָוו און אויך מיטן בוג אין די ווייטערע מקומות. די פיש האָט מען געפלעגט פאַנגען אין די נאָענטע אָזיערעס, און מען האָט זיי געשיקט קיין וואַרשע.

איינער פון די גרעסטע האָלץ־סוחרים איז געווען מאַטעס ישראלקעלעס. געהייסן האָט ער טאַקע מתתיהו האָלצמאַן, (זיין זון איז אליהו האָלצמאַן, וועלכער געפינט זיך איצט אין ישראל), אָבער לויטן מנהג פון די קליינע שטעטלעך האָט מען אים גערופן נישט ביים פאַמיליע־נאָמען, נאָר מאַטעס ישראלקעלעס. זיין ברודער יענקל ישראלקעלעס איז אויך געווען אַ האָלץ־סוחר אָבער אַחוץ דעם האָט ער געהאַט אַ גרויסע קלייט פון אייזנוואַרג און שפּייז־אַרטיקלען. זיי ביידע זענען געווען די דעה־זאָגערס אין שטעטל און מען האָט זיך גערעכנט מיט זייערס אַ וואָרט.

## טיפּן

געווען אויך כלערליי אינטערעסאַנטע טיפּן ביי אונדז אין שטעטעלע. איינעם פון זיי געדענק איך גוט, ווען מען האָט אים געברענגט אַן אָפּגעבריטן (אָדער ווי מען פלעגט זאָגן ביי אונדז — אַן אָפּגעפּאַרעטן״) צו מיין טאַטן, וועלכער האָט געהאַט אַ ידיעה אין עניני־רפואה.

די מעשה איז געווען אַזאַ:

געהייסן האָט דער ייד משה מעכל און ער האָט זיך מפרנס געווען דערפון, וואָס ער האָט געפירט מיט זיינס אַ פערד־און־וועגעלע פלייש קיין „אַלעקסאַנדראָווע״. דאָס

איז געווען אַ היים פאַר אינוואַלידן פון צווישן די באַן־אַרבעטער. משה מעכל האָט באַשלאָסן אַז דאָס פערד קאָסט אים צופיל, עס פרעסט האָבער. האָט ער אים אָנגעהויבן אָפּגעוווינען צוביסלעך, ביז וואַנען דאָס פערד איז געפאַלן. אויס פערד־און־וועגעלע, האָט משה מעכל אָנגעהויבן צו טראָגן די הינטער־חלקים פון די רינדער קיין „אַלעקסאַנדראָווע" אויף די אַקסלען. קיין גרויסער למדן איז ער טאַקע נישט געווען, נאָר ער האָט געהאַט אַ גרויסע מעלה — ער האָט געהאַט דרך ארץ פאַר תלמידי חכמים און ליב געהאַט צו הערן כאָטש דברי תורה. אויך האָט ער ליב געהאַט צו זינגען ביים דאַווענען אויפן הויכן קול. שבת צו נאַכטס נאָך הבדלה פלעגן יידן זיך צוזאַמענקומען ביי מאַטעס אָדער יענקל ישראלקעלעס, ווו מען פלעגט געווייינלעך, מעשה גביר, שטעלן אַ סאַמאָוואַר. משה מעכל האָט, פאַרשטענדלעך, נישט געקענט פעלן דאָרטן. ער האָט שטאַרק ליב געהאַט טרינקען טיי, האָט זיך אים אַ מאָל פאַרגלוסט אויסטרינקען אַן איבעריק גלאָז טיי און ער האָט עס אַ כאַפּ געטון אַזוי שנעל, אַז ער האָט עס אויסגעגאָסן אויף זיך. די געוואַלדן זענען געגאַנגען עד לב השמים, און מען האָט אים געבראַכט צו פירן צו מיין טאַטן, וועלכער האָט אים געגעבן אַ מין רפואה. אגב איז אָט דער משה מעכל איז געווען מיין שדכן.

אַ צווייטער טשיקאַווער טיפּ איז געווען הערשל „טשאַשקע", אַ ווילער און אַן ערלעכער ייד, אַ גרויסער אָרעמאַן נעבעך, טראָגט די צוויי פּרנסות, וואָס ער האָט געהאַט. ער איז געווען קברן און שמש. ער האָט געהאַט נאָר איין אויג. דאָס צווייטע האָט ער פאַרלוירן בעת ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַר אַ נייער געביידע און אַ גוי אַ מוליאַר האָט אויף אים אַ שפּריץ געטון מיט וואַפּנע און אים אויסגעברענט אַן אויג.

איך געדענק נאָך ביז היינט ווי ער פלעגט אַרומגיין און וועקן צו עבודת הבורא, געקלאַפּט אין די פענצטער און גערופן צו סליחות.

עס געדענקט זיך מיר אויך „פראָנדיק" דער שוסטער, (יאָסל פראָנדיקס טאַטע) אַ פשוטער און ערלעכער ייד, האָט זיך קונה שם געווען דערמיט, וואָס ער האָט יעדן טאָג, זומער און ווינטער, זיך געמוזט טובל זיין אין בוג. מילא, זומער ווי זומער, אָבער וואָס טוט מען ווינטער, ווען דער בוג איז פאַרפרוירן? האָט פראָנדיק טאַקע זיך נישט געפוילט און אויסגעהאַקט אין אייז אַן עפענונג, אָדער ווי מען האָט עס גערופן ביי אונדז אַ „פּאָלאַנקע" און זיך טובל געווען אין אייז־קאַלטן וואַסער. אויף שבת פלעגט ער אויס־



האַקן די „פּאָלאַנקע" פרייטיק פאַרנאַכט, כדי נישט מחלל שבת זיין, חלילה.

געווען אויך אין שטעטל אַ ייד אַ בתים־מאַכער, געמאַכט בתים צו תפילין, אַן אַרבעטזאַמער און שטענדיק אַ פאַרהאָרעוועטער, אָבער פרנסה האָט ער נעבעך נישט געהאַט.

אַזאַ איז עס געווען אָט דאָס געבוירן־שטעטעלע מיינס. אַ שטעטל ווי אַלע יידישע שטעטלעך פון יענער צייט מיט יידן כלערליי, ווער רייכער און ווער אָרעמער, ווער עס האָט מער געקענט לערנען און ווער ווייניקער, אָבער אַלע זענען זיי געווען טייערע און האַרציקע יידן און געפירט אַן ערלעך יידיש לעבן, ביז דער רוצחישער שונא ימח שמו, האָט זיי אומגעברענגט.

לאָמיר טייער האַלטן זייער אָנדענק!

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן, בין איך אין וולאָדאַווקע נישט געווען, נאָר אין רוסלאַנד. ווען איך האָב זיך אומגעקערט פון דאָרטן, האָט מיין טאַטע מיט מיינע ברידער אליהו און שמואלקע שוין געוווינט אין וולאָדאַווע. איך האָב אויך דאָרטן געטראָפן מיין באָבען יוכבד, וועלכע איז געווען אַ מין ווייבערישער מלמד. זי האָט געלערנט מיידלעך דאַווענען און אויך שרייבן און לייענען יידיש. מיין ברודער אליהו איז געווען, ווי איך האָב דאָס שוין דערמאנט, אַ שוחט און אַ סוחר און מיין ברודער שמואלקע האָט אָנגעפירט מיט אַ קינדער־היים, אָדער ווי מען האָט עס גערופן דאַן אַ „פּריאוט". ער האָט בכלל שוין דעמאָלט געפירט אַ פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און אַ סך געהאָלפן אָרעמע מענטשן, וועלכע זענען געוואָרן נויטבאַדערפטיק איבער דער מלחמה.

ביידע ברידער מיינע זענען געווען שטאַרק באַליבט ביי אַלעמען פאַר זייער אַרבעט לטובת הכלל. איך האָב אויך דאָרטן באַגעגנט מיין שטיף־ברודער הערשל, וועמען מען האָט איבער זיין הויכן וווקס גערופן „הערשל דער לאַנגער". ער איז געווען אַן אויסנעמלעך גוטער און האַרציקער מענטש און געטרייער ייד.

אין יאָר 1922 בין איך אַרויסגעפאָרן פון פוילן קיין אַרגענטינע, ווו איך ווווין זינט דעמאָלט אָן, אויפגעשטעלט ברוך השם אַ נייע היים, און געטון פאַר יידישקייט און יידישן לעבן, וואָס איך האָב געקענט אין די ראַמען פון מיינע מעגלעכקייטן. דאָס היים־שטעטל מיינס איז מיר אָבער געבליבן איינגעבאַקן אין האַרצן און איך האָב זיך שטענדיק באַמיט, אַז דער המשך פון די יידישע שטעטלעך וולאָדאַווקע און וולאָדאַווע זאָלן דאָ, אין דער ווייטער אַרגענטינע, אויך געפינען אַ תיקון. אין 1926 האָבן מיר, אַ גרופּע פּוילישע

יידן, געגרינדעט דאָ די ערשטע פּוילישע שיל „בית הכנסת אנשי פּוילין" ביים מוהל לאַפּידוס אין שטוב. איך האָב טאַקע געהאַט דעם זכות צו זיין איינער פון די מיטגרינדער און איך געמאַכט, צוזאַמען מיט אברהם און שלום וויאטער דעם ערשטן ארון קודש פאַר אָט דער שיל טאַקע.

אין 1929 איז צו מיר אַהערגעקומען מיין ברודער שמואלקע, וועלכער האָט דאָ אויך אָנגעהויבן צו פירן אַ פאַרצווייגטע געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט זשורנאַליסטישער טעטיקייט און איז אויך געווען זייער אַקטיוו ווי אַ שול־עסקן, שוין אָפּגערעדט דערפון, וואָס ער איז אַלע יאָרן געווען אַן איבערגעגעבענער ציוניסט און דאָ געהאָלפן אָרגאַניזירן די ציוניסטישע אַרבעטער־פּאַרטיי.

מיין ברודער אליהו איז לײדער פאַרבליבן אין פּוילן און איך האָב אים שוין מער נישט געזען.

אַ גרויסע פרייד איז פאַר מיר געווען צו באַגעגענען, בעת מיין נישט־לאַנגסטיקער רייזע קיין ישראל, מיין ליבע שוועסטער מרים שפּרינצע שתחיה, וועלכע וווינט איצטער אין נתניה מיט איר טייערער און ליבער משפחה. איר מאַן שלום מעכל ע"ה, וועלכער איז געווען בשעתו אַ נאָענטער חבר פון הערשל דעם לאַנגן, איז לײדער אומגעקומען אין רוסלאַנד.

אין 1930 איז ביי מיר אין שטוב, אויף דער גאַס קאָריענטעס 2021, געגרינדעט געוואָרן דער לאַנדסלייט־פאַריין פון וולאָדאַווע און אומגעגנט, וועלכער איז טעטיק ביזן היינטיקן טאָג.

במשך פון דער גאַנצער צייט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן מיר זיך באַמיט אָנצוהאַלטן אַ קאָנטאַקט מיט אונדזער אַלטער היים, און געשיקט אַהינצו אַ סך מאָל הילף וויפיל מיר האָבן געקענט.

איך געדענק ווען עס איז אָנגעקומען די ידיעה פון וולאָדאַווער רב, אַז עס איז אויסגעבראָכן אַ שריפה און עס איז פאַרברענט געוואָרן דער ארון קודש פון דער שול מיט



אַ סך ספרים. אָט דער ארון קודש איז געווען ממש אַן אַנטיק, און מיר האָבן געהאַט אַ סך צער דערפון. קיין ספרים האָבן מיר נישט געקענט שיקן, אָבער מיר האָבן צוזאַמענגענומען אַ שפּאָרע סומע געלט און געשיקט קיין וולאָדאַווע אויף אויפצובויען אַ נייעם ארון קודש. צו דעם צוועק איז געשאַפן געוואָרן אַ ספּעציעלער קאָמיטעט, אין וועלכן לייבל קליין איז געווען פּרעזידענט און איך בין געווען וויצע־פּרעזידענט.

אין 1932 האָב איך זיך אַריבערגעצויגן אין דער פאָרשטאָט פון בוענאָס איירעס, וואַלענטין אַלסינאַ, און אויך דאָ האָב איך אָנגעהויבן צוזאַמען מיט מיין ברודער שמואלקע צו בויען אַ יידישע סביבה.

דער יידישער ישוב אין וואַלענטין אַלסינאַ איז נישט קיין גרויסער אין צאָל, אָבער אַ דאַנק דער אַרבעט פון עסקנים־עקשנים, אַן אַרבעט, צו וועלכער איך האָב צוגעלייגט אַ האַנט אויף וויפיל מיינע מעגלעכקייטן האָבן מיר דערלויבט, און טיילמאָל אפשר איבער די מעגלעכקייטן, איז דאָ היינט פאַראַן אַ יידיש־העברעישע שול, אַ סוב־קאָמיטעט פון דער מגבית, פון קרן קימת, פון דער וויצאָ, אַ יוגנט־קלוב און אויך אַ גרויסער קרעדיט־קאָאָפּעראַטיוו.

עס איז אויך פאַראַן אַ שיל, וועלכע איז, אַלס אַנערקענונג פאַר די פאַרדינסטן פון מיין ברודער, אָנגערופן געוואָרן אויף זיין נאָמען „בית הכנסת ע"ש שמואל ביאַלי".

איצט בויט זיך אַ נייער גרויסער בנין, וועלכער וועט דינען ווי אַ בית־עם פאַר דער גאַנצער געגנט און אַרייננעמען אָט די אַלע אינסטיטוציעס, אויסער קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער פאַרמאָגט זינט עטלעכע יאָר אַן אייגענעם בנין.

אַזוי באַמיט מען זיך, אויף וויפיל די כוחות דערלויבן, צו בויען דאָ דאָס יידישע לעבן און איבערהויפּט דערמוטיקט אונדז אין דער דאָזיקער אַרבעט דער אָנדענק פון אונדזער אַלטער היים, פון אָט די אַלע טייערע און כשרע יידן, וועמענס אָנדענק מיר ווילן פאַראייביקן אין אונדזער ספר הזכרון.

מ. וולאָדאַווער

# זישע דעם רבס

זישע דעם רבס האָט געהערט צו די באַקאַנטע יידן אין וולאָדאַווע. געבוירן איז ער אין וולאָדאַווקע, ווען זיין פאָטער ר׳ לייבעלע איז נאָך געווען רב אינעם קליינעם וולאָדאַווקע, זישע האָט טאַקע געלערנט אין וולאָדאַווקער בית המדרש און שפּעטער ווען ר׳ לייבעלע האָט איבערגענומען דעם כסא הרבנות אין וולאָדאַווע, האָט זישע ממשיך געווען זיין לערנען אין פולאַווער שטיבל אין וולאָדאַווע.

ר׳ לייבעלע האָט פאַר זיין יינגסטן זון זישע זיך משדך געווען מיטן קאָברינער רבינס הויף. דאָס איז געווען דעם קאָברינער רבינס, ר׳ נחומקעס יינגסטער ברודער, ר׳ מרדכי חיים פאַלעווסקי. אין קאָברין האָט מען אים גערופן ר׳ מאַטינקע און באַצויגן זיך צו אים מיט ליבשאַפט און פיעטעט.

ר׳ מאַטינקע איז געווען אַן איש צדיק תמים און אַ גרויסער בעל מנגן. קאָברינער יידן פלעגן קומען אין רבינס בית המדרש ספּעציעל צו הערן ר׳ מאַטינקעס תפילות.

פייגעלע, ר׳ זישעס פרוי, האָט געהאַט אַן איידעלן און סימפּאַטישן אויסזען און האָט גלייך ביים אָנקומען קיין וולאָדאַווע געווונען די סימפּאַטיע פון די אָרטיקע יידישע איינוווינער. איר שווער, ר׳ לייבעלע און אויך די רביצין מרים האָבן זי מקרב געווען ווי אַן אייגן קינד, געשעצט הויך איר איידלקייט.

פייגעלעס ברודער, ר׳ משהלע פאַלעווסקי איז געווען אין כעלם אַן אָנגעזעענער סוחר און זיין שם איז דערגאַנגען אויך קיין וולאָדאַווע, ווו ער איז געווען באַקאַנט אַלס תלמיד חכם און ירא שמיים.

ווי אַלע ר׳ לייבעלעס קינדער האָט אויך זישע באַהערשט די רוסישע שפּראַך אין וואָרט און אין שריפט און האָט טאַקע גלייך נאָך דער חתונה באַקומען אַ פּאָסטן אַלס פאַרוואַלטער פון מלוכהשע בנינים און קאַזאַרמעס הינטער וולאָדאַווע.

דער פּאָדריאַטשיק, אַ רייכער ייד פון בריסק, פלעגט זעלטן קומען קיין וולאָדאַווע און האָט זיך אינגאַנצן פאַרלאָזט אויף זישעס ערלעכקייט און אַדמיניסטראַטיווע פעאיקייטן. ער האָט טאַקע אָנגעפירט מיט אַלעם און סרוב אָפיצירן און סאָלדאַטן האָבן אים געהאַלטן פאַרן פּאָדריאַטשיק און נישט געקוקט אויף זיין חסידישע הלבשה האָבן זיי אים אַרויסגעוויזן דרך־ארץ. ער איז געווען אַ הדרת פנים, אַ הויכע פיגור, שיין צעקעמטע בלאָנדע באָרד, וואָס האָט אים געמאַכט



ענלעך צו אַ באַרימטן רוסישן גענעראַל און די אָפיצירן האָבן אים דערפאַר גערופן: „גענעראַל סקאָבעליאָוו״.

ר׳ זישע האָט זיין באַקאַנטשאַפט מיט נאַטשאַלסטווע אָפּט אויסגענוצט לטובת די יידישע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן געדינט אין די וולאָדאַווער קאַזאַרמעס. ער האָט געזאָרגט, אַז זיי זאָלן באַקומען עטלעכע טעג אורלויב אַהיימצופאָרן זעען זיך מיט דער משפחה ווי אויך אויסגעפועלט אַ בעסערע באַציאונג פונעם פעלדפעבל צום יידישן סאָלדאַט און פאַרשידענע אַנדערע טובות. ער פלעגט אויך איינלאַדן יידישע סאָלדאַטן צו זיך און זיי האָבן זיך אין זיין הויז געפילט היימיש. פייגעלע האָט זיי אויפגענומען בסבר פנים יפות, שטענדיק געהאַט פאַר זיי אַ פריינטלעך וואָרט און כיבוד.

די קאַזאַרמעס זענען געווען אַ מקור פון פרנסה פאַר וולאָדאַווער יידישע בעלי מלאכות. עס זענען דאָרט געווען באַשעפטיקט יידישע בוי־אַרבעטער, סטאָלאַרעס, שלאָסער, בלעכער און מאַלאַרעס. איטשע בעל־עגלה האָט יאָרן לאַנג געפירט צו די קאַזאַרמעס פאַרשידענע מאַטעריאַלן.

ר׳ זישעס נאָענטע ידידים אין פולאַווער שטיבל זענען געווען: מענדל האַנדלסמאַן, וועלכן מען האָט גערופן מענדל קאָראָווער; נתן־דוד וואַגשאַל, מאָטל ביגמאַן, הערשל שניידערמאַן, גבאי פון שטיבל; אהרון מאָטל, משה לאהס, מענדל לעדערקרעמער, שמואלקע זילבערשטיין (שמואל גדאַליעס), דוד זיינוולס, איינגנטימער פון אַ גאַרבעריי; לייזער־איטשע וואַסערמאַן, וועלכער וווינט היינט אין ישראל; עזריאל קוילן־סוחר, מעכל און כילקע פון דער ווירקער גאַס.

אין די ימים־נוראים האָט זישע דעם רבס צוזאַמען מיט נאָך חסידים אונטערגעהאַלטן דעם בעל מוסף, אהרון־מאָטל.

מען פלעגט אים אויך שטענדיק זען ביים צוגרייטן אַ מלווה מלכה, צי אַ לחיים אויפן אַלטן רבינס יאָרצייט און האָט זיך לעבעדיק געפאָרעט ביי יעדער שמחה.

בכלל איז ר׳ זישע נישט געווען קיין פאַנאַטישער חסיד. איז געווען באַפריינדעט אויך מיט אַנדערע באַלעבאַטישע יידן, וואָס זענען געווען אָנגעזען אין שטאָט, ווי שמערל און בענע באַרנהאַלץ, הילל באָרנשטיין, וועלוול ראַבינאָוויטש, מאַטיס האָלצמאַן, לייזער יאָסל האָלצמאַן, בערל ראָטנבערג, מאָטל סאָקאָל, יעקב־הערש גרינהויז, מענדל ליכטנבערג, אברהמקע כהן, אלי געזונטהייט און פייוול לעדערמאַן. אין דער

פאַראָווער מיל פון לייזער באַרנהאָלץ און שאַיע טשערוואָנאַ־
גוראַ איז ר׳ זישע געווען אַ בן־בית און מען האָט זיך גע־
רעכנט מיט זיין מיינונג.

ביזן יאָר 1910 האָט זישע געווינט אין אַ געסל ביי דער ראַזשאַנקער גאַס, שפּעטער אין הויף פון נח רופאס הויז נאָענט צו ר׳ לייבעלעס דירה אויף דער ראַזשאַנקער גאַס אין נפתלי פעלצן־מאַכערס הויז. שפּעטער האָט זישע געוווינט עטלעכע יאָר ביים אָנהויב פון דער גוויישקער גאַס אַנטקעגן דער וווי־בונג פון די ברידער פּרעגעל. אין יאָר 1913 האָט ער זיך אויפ־געבויט אַ געמויערטע שטאָקיקע געביידע אויף דער בלאָטנער גאַס. ביים לייגן דעם פונדאַמענט האָט די אַלטע רביצין מרים געלייגט דעם ערשטן ציגל.

זישע האָט באַוווינט דעם אויבערשטן שטאָק, דעם אונ־טערשטן האָט געדונגען משה ליאָס. אין אַ באַזונדערן צימער מיט אַ באַזונדערן אַריינגאַנג, מיט אַ קליין קוכל אין ווינקל, האָט געוווינט מענדעלע כילקעס.

די שכנים אַרום הויז זענען געווען: משה שרייבער, דוד זיינוולס, דוד קרייז, מאיר גאַנטער און צאַלקע קאָוואַל.

ביים אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען אין די קאַזאַרמעס אָפּגעשטעלט געוואָרן אַלע בוי־אַרבעטן און זישע האָט דאַן אויפן אייגענעם חשבון אָנגענומען דעם פּאָד־ריאַד צוצושטעלן פוראַזש און אַנדערע פּראָדוקטן פאַר דער מיליטערישער קאָמאַנדע וואָס האָט באַדינט די שוואַכערע פערד, וואָס זענען צוריקגעשיקט געוואָרן פונעם פראָנט.

אין יאָר 1915, ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו וולאָדאַווע, איז זישע דעם רבס מיטגעפאָרן מיט דער קאָ־מאַנדע אין טיף ווייסרוסלאַנד, האָט אַ שטיקל צייט געוווינט אין ניעסוויעזש. אין דאָרטיקן גאַרניזאָן האָבן זיך אויך געפונען עטלעכע יידישע סאָלדאַטן, זאַפּאַסניקעס פון וולאָדאַווע. ווען זיי האָבן דערזען פאַר זיך ר׳ זישען האָבן זיי זיך צעוויינט פאַר פרייד. זיי האָבן שוין אַ לענגערע צייט נישט געגעסן פון קעסל און ר׳ זישע האָט זיי פאַרבעטן צו זיך אין שטוב, ווו זיי האָבן זיך געפילט היימיש און דערמוטיקט מיט דער האָ־פענונג, וואָס ר׳ זישע האָט זיי געגעבן, אַז די מלחמה וועט זיך באַלד ענדיקן און זיי וועלן קענען בשלום צוריקפאָרן צו זייערע משפחות אין וולאָדאַווע.

צווישן די סאָלדאַטן איז געווען אַ חסידישער יונגערמאַן מיט אַ בלאָנד בערדל, וועלכער האָט געזאָגט אויסנווייניק גאַנצע קאַפּיטלעך תהילים, אַפילו ביים וואַשן און פוצן די פערד. ר׳ זישע האָט געפועלט ביים אָפיציר, ער זאָל דעם יונגנמאַן אָוועקנעמען פון די פערד און צוטיילן צו שיילן קאַרטאָפל אין קיך. ר׳ זישע האָט מיט יענעם יונגנמאַן גע־



פלעגט שמועסן און לערנען און געהאָלפן אים אַרויסנעמען דעם שטענדן פונעם שינעל.

נאָך לאַנגע וואָגלענישן איבער די שטעט און שטעטלעך פון מינסקער, מאָגילאָווער און פּאָלטאַווער גובערניעס, האָט זישע דעם רבס באַזעצט זיך אין לאָזאָוואַיאַ, יעקאַטערינאָס־לאַווער גובערניע. דאָרט האָט ער געזען פאַר זיך אַ גוטע עקאָנאָמישע פּאָזיציע, איז געווען אָנגעזען אַלס פּעאיקער פּאָדריאַטשיק.

די גאַנצע צייט האָט ער אָבער נישט אויפגעהערט צו בענקען נאָך וולאָדאַווע און תמיד געזוכט וולאָדאַווער יידן, וואָס זענען אויך פאַרוואָגלט געוואָרן אין יענע ווייטע ערטער. דערוויסנדיק זיך, אַז אין לאָזאָוואַיאַ וווינען זיינע ידידים: מרדכי דובעצקי און אברהם לייב פון דער מאַסט, האָט ער זיך מיט זיי שטאַרק דערפרייט. דערצו האָט ער דאָ געהאַט די געלעגנהייט צו זיין נאָענט צו זיין ברידער יוסף, דער זאַמאָשטשער רב, וועלכער איז אַלס קאָזיאַנער ראַבינער אַנטלאָפן פון שטאָט און זיך באַזעצט אין יעקאַטערינאָסלאַוו.

דאָס לעבן אין דער ווייטער פרעמד האָט די וולאָדאַווער משפחות פאַרבונדן אין אַ שטאַרקער פריינטשאַפט און זיי האָבן זיך געהאַלטן ווי איין משפחה.

עס איז אויסגעבראָכן די רוסישע רעוואָלוציע, וואָס איז געווען באַגלייט מיט כאַאָס, צעטומלעניש און רציחות און האָט אָנגעפילט יידישע הערצער מיט פחד, אָבער ר׳ זישע האָט אַלעמען געטרייסט און געזאָגט, אַז עס קומט אַ ישועה פאַר די יידן אין רוסלאַנד. ווען עס איז פאַרעפנטלעכט גע־וואָרן די באַלפור־דעקלאַראַציע, האָט ער געהאַלטן, אַז פאַרן יידישן פאָלק קומט אָן אַ נייע תקופה, אַ תקופה פון גאולה.

נאָכן פאַלן פון דער קערענסקי־רעגירונג האָט ער אויפ־געגעבן דעם פּאָדריאַט און זיך גענומען צום מסחר מיט מאַ־נופאַקטור ,וואָס ער האָט געבראַכט פון כאַרקאָוו.

אין יענער צייט איז אין יעקאַטערינאָסלאַוו געווען אויך די אַלטע וולאָדאַווער רביצין ,וועלכע האָט געוווינט ביי איר זון, יוסף און איז דאָרט געשטאָרבן בשיבה טובה.

נאָכן אונטערשרייבן דעם בריסק־ליטאָווסקער שלום־אָפּמאַך, האָט זישע געשיקט זיין טאָכטער קאַלטשע קיין וולאָדאַווע, ז׳ זאָל זיך פאַרנעמען מיטן צוריק אויפבויען דאָס אָפּגעברענטע הויז.

ווען די באָלשעוויקעס האָבן מאַרשירט אויף וואַרשע האָט ער מיט זיין משפחה פאַרלאָזט לאָזאָוואַיאַ און איז אַוועק צוריק קיין וולאָדאַווע. אויפן וועג, האָט מען אים פאַרהאַלטן אין כאַרקאָוו. די טשעקיסטן האָבן געטענהט, אַז וולאָדאַווע געפינט זיך ביי די פּאָליאַקן און ער קען אַהין נישט פאָרן.

באין ברירה איז ער צוריקגעפארן קיין לאזאוואיא און א געוויסע צייט געוווינט ביי ר׳ אברהם לייב פון דער מאסט.

אינעם שטעטל לאזאוואיא האבן געוווינט אינגאנצן צען טויזנט איינוווינער, אבער דאס איז געווען א וויכטיקע באן־סטאציע, ווו עס האבן זיך געקרייצט די ליניעס אויף קיעוו, כארקאוו און יעקאטערינאסלאוו. דאס שטעטל האט שטארק געליטן פון די שלאכטן צווישן די באלשעוויקעס און דעניקינס ווייסע ארמיי, ווי אויך אנדערע אוקראינישע באנדעס און דאס שטעטל פלעגט איבערגיין פון האנט צו האנט. די עקא־נאמישע לאגע איז געווען זייער א קריטישע און זישע האט געמוזט זיך איבערציען קיין ראסטאוו, ווו עס האט שוין גע־וווינט זיין טאכטער קאלטשע, וועלכע האט אינצווישן חתונה געהאט פאר א ווייטן קרוב פון דאמאטשעווע, א געוויסע צייט האט זי געוווינט אין סאראטאוו.

ענדלעך איז א דאנק דעם בריסקער שלום־אפמאך געגעבן געווארן די מעגלעכקייט די פוילישע בירגער אין רוסלאנד צוריקצופארן קיין פוילן און זישע מיט זיין משפחה האבן פארלאזט ראסטאוו און אהיימגעפארן קיין וולאדאווע.

מער האט זישע שוין נישט געהאט צו טון מיט די פוילי־שע קאזארמעס, נאר געהאנדלט בשותפות מיט וועלוול רא־בינאוויטש אין דער האלץ־בראנזשע, שפעטער האט ער גענו־מען אין ארענדע אן אזערע. די לעצטע יארן איז ער געווען קאסיר אינעם שעכטהויז פון דער וולאדאווער יידישער קהילה.

דאס שיינדל אין זיין משפחה איז געווען זיין עלטסטער זון משהלע, וועלכער האט פארנומען דעם כסא הרבנות אין סאווין.

נאך דער פטירה פון זיין פרוי פייגעלע, האט ר׳ זישע חתונה געהאט צום צווייטן מאל. ווען די היטלעריסטן האבן אומגעבראכט די וולאדאווער יידישער קהילה האט ער צוזאמען מיט משהלען און זיינע צוויי טעכטער זעלדע און חנה מיט זייערע משפחות געטיילט דעם ביטערן גורל פון די וולאדא־ווער יידן אין סאביבאר.

* * *

קנאפע פערציק יאר האט דער שרייבער פון די שורות, ר׳ זישעס ייִנגסטער זון מרדכי־חיים (מאטל), געוווינט אין ארגענטינע, וועלכער איז געווען באקאנט צווישן דער יידישער שרייבער־משפחה אין בוענאס־איירעס, איז געווען איינער פון די גרינדער פון דער וולאדאווער לאנדסמאנשאפט אין ארגענטינע. לעצטנס האט ער זיך באזעצט אין ישראל, גע־שלאגן ווארצלען אין דער יידישער מדינה. זיין זון, זאב וולא־דאווער, איז דאקטאר מעדיצין, ארבעט אין שפיטאל תל־השומר.

זעליק וויינשל

ניו־יארק

# יידישע הוויה

## מגידים



לאדאווע, שטעטל פון מיין געבוירן, ווו אלע האבן מיך געקענט אונטער פארשידענע נעמען. מען האט מיך גערופן: זעליק ישראלעכעס און מיט אנדערע צונעמען. מיין באבע רייזעלע, פון טאטנס צד, פלעגט מען רופן: „די קליינע חזנטע". זי איז געווען א זאגערקע, פלעגט דאווענען אין שיל אויפן קול און די ווייבער, וואס האבן נישט געקענט דאווענ׳ען, האבן איר נאכגעזאגט יעדעס ווארט.

ליב און טייער זענען מיר אלע געשטאלטן פון מיין היימשטעטל. איך געדענק זיי אלע. עס שטייט מיר פאר די אויגן בנימין זיינוועלעס, דער חזן מיט זיינע משוררים: מרדכי־יאסלס זון, יאנקל קוטשעבאן, מנשהקע טרעגער, מאטל שימעלע ליכטציערס זון, א קוזמירער חסיד, האט גע־דאוונט אין קוזמירער שטיבל; ישראל־יאנקל קאשעמאכערס זון און אנדערע וועמענס נעמען עס זענען מיר ארויס פון זכרון, אבער זייערע פנימער שוועבן פאר מיינע אויגן.

איך זע פאר זיך די באליבטע געשטאלט פון בנימין שמש. פון אשר מילאב, דער בעל־קורא.

אין יאר 1920, ווען איך בין אוועק קיין אמעריקע איז צוזאמען מיט מיר אויך געפארן דער חזן פון דער גרויסער שיל מיט זיין גאנצער משפחה.

דער שמש פון דער גרויסער שיל איז געווען אברהם,

וועלכן מען האָט גערופן אַזוי פשוט: אברהם שמש און איז געווען באַקאַנט פאַר אַ פרומען און ערלעכן ייד.

דוד טשילענער, יאַנקל ישראל אברהמס אַן איידעם, האָט אין בית המדרש געפלעגט לערנען די יידן משניות און די יידן פלעגן זיך צוהערן צו זיין לערנען מיט אָפענע הער־צער, געשלונגען יעדעס וואָרט.

אין שטעטל פלעגן קומען צו פאָרן מגידים, וועלכע פלעגן אין די אָוונטן אינמיטן דער וואָך האַלטן דרשות, רופן יידן זאָלן זיין גוט און פרום, אָפהיטן מצוות און דער־פאַר פלעגן זיי צונויפנעמען אַ פאָר זלאָטעס אויף פרנסה.

וולאָדאַווע האָט אויך געהאַט אייגענע מגידים. פאַר מיין צייט געדענק איך אלתר מגיד, בנימין בלומענקראַנץ און יעקב־ישראל אברהמס.

צו דער חברה קדישא האָבן געהערט פרומע, ערלעכע יידן, וועלכע האָבן לשם מצווה עוסק געווען מיט יעדן מת, מטהר געווען און באַגראָבן. צווישן זיי געדענק איך: אברהם ארציס, איצל קעסלער, יאַנקל קירזשנער.

אין שוסטער־שטיבל האָט געפלעגט דאַווענען משה סטווס, וועלכער איז אויך געווען בעל־קורא אין בית המדרש.

ווי לעבעדיק שטייט מיר פאָר די אויגן די געשטאַלט פון אַלטן רב ר׳ לייבעלע. איך געדענק דעם שבת ווען ער איז נסתלק געוואָרן. אויף צו מאָרגנס, זונטיק, איז געווען די לוויה און אַ גרויסער טרויער האָט געהערשט אין דער גאַנצער שטאָט. אַלע געשעפטן און קראָמען זענען געווען געשלאָסן, די קינדער זענען אין יענעם טאָג נישט געגאַנגען אין חדר. אַלע האָבן געפילט, אַז עס איז אַוועק פון דער וועלט אַ גרויסע פערזענלעכקייט.

## די מחלוקת

נאָך ר׳ לייבעלעס פטירה האָט זיך צעפלאַקערט אַ מחלוקת צווישן צוויי צדדים. „עמך״ שער און אייזן זענען געווען פאַר דער קאַנדידאַטור פון נאָוואָמינסקער רבין ר׳ יודא ארי׳ פערלאָוו, וועלכן זיי האָבן געוואָלט פאַר אַ רב אין וולאָדאַווע. דאַקעגן זענען געווען קעגן אים די חסידים און לומדים און אין יענעם שבת, ווען דער רב האָט גע־דאַרפט האַלטן די דרשה אין דער גרויסער שיל, האָט זיך צעפלאַקערט די מחלוקת, אָבער געזיגט האָט דווקא עמך און דער נאָוואָמינסקער רבי איז אויפגענומען געוואָרן ווי דער מרא דאתרא.

אין שייכות מיט דעם געדענקט זיך מיר פאָלגנדער עפיזאָד:



דער וולאָדאַווער נאַטשאַלניק, וועלכער האָט געטראָגן אַ לאַנגע באָרד, האָט אין יענעם פרייטיק־צו־נאַכטס אָפגע־שלאָסן אַלע חסידים־שטיבלעך און ממש געצוווּנגען די חסי־דים, זיי זאָלן גיין דאַווענען אין דער גרויסער שיל, ווו מען האָט אויפגענומען דעם רב און עס איז געמאַכט געוואָרן אַ סוף צו דער גרויסער מחלוקת. די חסידים האָבן זיך אונ־טערגעגעבן און גענומען אויף זיך דעם עול פונעם נאָוואָ־מינסקער רבין, אַלס דעם נייעם רב אין שטעטל.

אין יענער צייט האָט מען אויך פאַרענדיקט דאָס אויפ־בויען דאָס ראַדזינער שטיבל. די חסידים האָבן דאַן צום חנוכת הבית אַראָפגעבראַכט דעם ראַדזינער רבין און דער רבי האָט טאַקע דעמאָלט אַ סך געטון שלום צו מאַכן צווישן די צעקריגטע צדדים און דערפירן, אַז אַלע זאָלן איינשטי־מיק אויפנעמען דעם רב.

מורה־הוראה איז אין יענער צייט געווען ר׳ פייוול נאָטע דאַנציקער.

## רציחות און שריפות

עס זענען מיר געבליבן אין זכרון אויך טראַגישע פאַלן, וואָס זענען געשען אין אונדזער שטעטל: אין 1914, פורים־צייט האָט אַ גוי אויסגעהרגעט אַ גאַנצע יידישע משפחה אין דער סמאַלאַרניע, וואָס איז געווען אויפן טראַוואָניקער שאָסיי. גלייכצייטיק האָט ער אויך פאַרברענט די סמאַלאַר־ניע צוזאַמען מיטן הויז, ווו די יידן האָבן געוווינט. דאָס האָט אויפגעטרייסלט דאָס גאַנצע שטעטל. איך געדענק דאָס געוויין, וואָס האָט אויסגעבראָכן, ווען מען האָט די טויטע קערפערס געברענגט צו פירן צום „הקדש״.

אין יאָר 1904, אין שמחת־תורה, איז אָפגעברענט גע־וואָרן די נאַדאַלו־גאַס. אַזעלכע שריפות פלעגן אין שטעטל פאָרקומען אָפט און נאָך יעדער אַזאַ שריפה זענען געבליבן פאַראומגליקלעכטע יידישע משפחות.

איך געדענק שיע פעסטמאַנס אַ יינגל איז אין אַ פאַר פסח דערטרונקען געוואָרן ביי די לאַוועס.

## דער בעל תשובה

מען האָט אים גערופן: „ישראל פראַסטיק״. דעם נאָמען האָט ער באַקומען צוליב זיין באַזונדערן מצב און באַזונדע־רער התנהגות, וואָס האָבן אים אונטערשיידט פון אַנדערע. ער פלעגט עסן „טעג״ ביי וולאָדאַווער באַלעבאַטים, איבער־שלאָפן פלעגט ער אין וולאָדאַווקע ערגעץ אויף אַ בוידעם, אַפילו אין די גרעסטע פרעסט. מען פלעגט באַוווּנדערן ווי־

ער האָט נישט קיין מורא פאַר קעלט און עס אַרט אים נישט קיין פראָסט. צוליב דעם האָט ער באַקומען דעם צונאָמען „פראָסטיק". ער איז געווען אַ ישיבה־בחור, אַ גרויסער למדן.

מען האָט דערציילט, אַז ער האָט געלערנט מיט נאָך אַ חבר און יענער האָט אים איבערגעגעבן, אַז אויף איין אָרט, ווו ער עסט אַ „טאָג", האָט זיך אַ מיידל פאַרליבט אין אים. פראָסטיק האָט אים געבעטן, ער זאָל אים ווייזן דאָס מיידל און איז דערנאָך געוואָרן אַזוי אַייפערזיכטיק אויף זיין חבר, אַז ער האָט גענומען אים אָנטון צרות. דערנאָך איז ער אָבער געוואָרן איבערגענומען מיט גרויס חרטה און האָט גענומען אויף זיך אַ תשובה קיינמאָל נישט חתונה צו האָבן.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען וולאָדאַווע איז געווען פאַרנומען דורך די דייטשן איז אין שטעטל אויסגעבראָכן אַ כאָלערע־מגיפה, וואָס האָט אָפּגעקאָסט אַ סך קרבנות. דער רב האָט דעמאָלט אויסגערופן תעניתים, געהייסן אויסזוכן אָרעמע חתן־כלה און שטעלן די חופה אויפן בית־עולם. דאָס איז געווען אָנגענומען אין אַלע יידישע שטעטלעך אין פוילן, ווו עס איז אויסגעבראָכן אַ מגיפה און יידן זענען געווען זיכער, אַז דאָס איז אַ סגולה אָפּצושטעלן די עפּידעמיע.

בעת די באַלאַכאָוועס זענען געווען אין וולאָדאַווע זענען געפאַלן אַ סך יידישע קרבנות. צוו. אַנד. איז אויך געהרגעט געוואָרן משה הערצקעס ביים באַשיצן דעם כבוד פון זיין כלה קעגן די רוצחישע אָנפאַלער.

אריה שטרוזמאַן

# חדרים און מלמדים

דאָס חדר איז באַשטאַנען פון איין צימער, אין וועלכן דער מלמד האָט געוווינט און געלערנט. דאָס צימער איז געווען אָפּגעטיילט מיט אַ ווענטל פון אַלקער.

דעם מלמד האָבן די תלמידים גערופן רבי און זיי פלעגן העלפן דער רביצין ברענגען אַן עמער וואַסער פון הערשל טוביהס ברונעם, פון דער קרעניצע, וואָס איז שטענדיק געווען פול מיט וואַסער, וואָס האָט געשטראָמט פון באַרג, ווי אויך פונעם ברונעם אויף דער ראָזשאַנקער־גאַס נעבן ציגעלנעם סאָד.

אַ באַזונדער קאַפּיטל איז געווען דאָס אויסגיסן אומריינע וואַסערן. קיין קאַנאַליזאַציע איז נישט געווען, האָט מען געמוזט גיסן אינדרויסן און דאָס איז נישט געווען קיין גרינגע זאַך, ווייל מען האָט געדאַרפט אַכטונג געבן, עס זאָל נישט אָנקומען אַ פּאָליציאַנט. אמת, עס איז נישט געווען קיין מורא פאַר אַן אָפיציעלער שטראָף, אָבער עס איז געווען פאַרבונדן מיט כאַבאַר, וואָס מען האָט געמוזט געבן דעם פּאָליציאַנט אין יד אַריין.

קומענדיק אינדערפרי אין חדר אַריין האָט אונדז אַקעגנגעשלאָגן דער ריח פון דער שיסל מיט אומריין וואַסער, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט פון אַ גאַנצער נאַכט, מיט אַ צוגאָב פון נעגל־וואַסער, וואָס מען האָט געגאָסן פון דער קופּערנער קוואָרט, וועלכע איז געשטאַנען אויף דער פּאָדלאָגע אינמיטן שטוב. דאָס האָט אויסגעזען נאַטירלעך און קיינער האָט זיך נישט פאָרגעשטעלט, אַז עס קען זיין אַנדערש.

דאָס מעבל אין חדר איז באַשטאַנען פון אַ געוויינלעכן טיש, געמאַכט פון רוי האָלץ, וואָס איז אַמאָל געווען ווייס, אָבער פון דער ווייסקייט איז ווייניק געבליבן. דער טיש איז געווען פאַרפלעקט מיט טינט, צעקראַצט און צעגראַטשעט פון די קינדערישע מעסערלעך און טשוועקעס.

לענגאויס דעם טיש זענען געשטאַנען צוויי לאַנגע בענק, וואָס פלעגן זיך שאָקלען, ווייל קיינמאָל זענען די פיס נישט געווען קיין גלייכע, תמיד איז עפּעס איין פוס געווען העכער אָדער נידעריקער. קעגנאיבער דעם רבין איז געשטאַנען אַ שלאָף־באַנק, וואָס איז געווען צונויפגעקלאַפּט פון אַ לאַנגן קאַסטן און אינעווייניק זענען געלעגן די שעניקעס, זעק אָנגעפילט מיט האַרטן שטרוי. די אויבערשטע דעק איז געווען צונויפגעקלאַפּט פון צוויי־דריי ברעטער. בייטאָג האָט די שלאָף־באַנק געדינט צום זיצן פאַר די תלמידים. ביינאַכט האָט דאָס פאַרטרעטן אַ בעט פאַרן רבינס הויז־געזינט.

דער רבי איז געזעסן אויבנאָן אויף אַ טאַבאַרעטקע, וואָס איז אָפטמאָל געווען דאָס איינציקע בענקל אין שטוב. אַחוץ דעם איז נאָך געווען אַ קופערט, אַזאַ טתקע־לער קאַסטן אַרומגענומען מיט אייזערנע רייפן, אין וועל־כן מען האָט געהאַלטן די מלבושים און וועש פונעם גאַנצן הויז־געזונט.

## ר׳ מנחם מלמד

ר׳ מנחם איז געווען אַן איידעם פון ר׳ בנימין, דעם שמש פון בית המדרש. ר׳ מנחם האָט געהאַט זיין באַזונדערן אופן פון לערנען. די שוואַכערע תלמידים אָדער די, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין חשק צום לערנען, פלעגט ער האַלטן נעבן זיך, כדי ער זאָל קענען אויף זיי בעסער אַכטונג געבן, זיי זאָלן נישט באַלעמוטשען די אַנדערע און זאָלן אַליין בעסער אויפנעמען דאָס, וואָס ער האָט מיט זיי געלערנט. ער האָט געפֿאָדערט פון די תלמידים צו לער־נען מיט התלהבות, מיט אַ נגון, וואָס ער אַליין האָט זייער ליב געהאַט.

אַזוי ווי דער רבי פלעגט נאָר אַרויסגיין פון חדר, צו־גיין צו דער קראָם קויפן מאַכאָרקע מיט פּאַפּיראָסן־פּאַפּיר צום רויכערן, אָדער צום מאַרק איינקויפן אַ ביסל האָלץ צום הייצן צום קאָכן, איז דעמאָלט ביי די תלמידים גלייך געוואָרן אַ שמחה. מען האָט גלייך אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם שווערן עול און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די שפּי־לערייען, פריילעכע געלעכטערס און אַמאָל אויך געשלעגן, ביי וועלכע טייל האָבן אַראָפּגעוואָרפן די שיך פון די פיס און די קולות זענען געגאַנגען עד לב השמים.

אַזעלכע געלעגנהייטן זענען געווען גאַנץ אָפטע. דער רבי האָט אָפט געמוזט אַרויסגיין אינמיטן טאָג דערלעדיקן פּאַרשידענע ענינים. אַמאָל האָט ער זיך געדאַרפט אויך אַריינכאַפּן צו אַ רייכן באַלעבאָס, דערמאַנען אים וועגן שכר לימוד אָדער בעטן אים ער זאָל דעם קומענדיקן זמן אַריינ־געבן צו אים זיין יינגל, אין זיין חדר אַריין. ביי אים האָבן שוין געלערנט די עלטערע תלמידים. מען האָט געלערנט גמרא, תוספות און מהרש״א, א. א. נישט געקוקט דערויף האָט אין אונדז געלעבט דער חשק צו שפּילערייען, אין וועלכע מיר האָבן זיך אויף קורצע מינוטן באַפרייט פון שווערן עול פון לערנען.

ר׳ מנחם איז געווען אַ גרויסער למדן, אָבער מיט פרנסה איז אים געווען גאָר שווער. ער פלעגט שפּאַלטן שוועבעלעך אין צווייען און אין דרייען, וואָס איז געווען איינע פון זיינע קונסט־ווערק צו שפּאָרן געלט.

ווען ער פלעגט ווערן אין כעס אויף אַ תלמיד, פלעגט



ער אַריינשטופּן די באָרד אין מויל, אָנגעכאַפּט דעם טיש פון ביידע זייטן, אויפגעהויבן אים און געקלאַפּט אין דער פּאָדלאָגע, שרייענדיק דערביי: „שקצים, הממממ...!" אויף די תלמידים פלעגט דאַן אָנפאַלן אַ פחד, אָבער אין דער זעל־בער צייט האָבן זיי זיך נישט געקענט איינהאַלטן פון לאַכן, זעענדיק דעם רבינס אומבאַהאָלפענעם צאָרן, וואָס האָט אויסגעקרימט זיין פנים.

## ר׳ ברוך בצלאל מלמד

אַן עלטערער ייד, פלעגט ער אין די ווינטער־אָוונטן לערנען ביז שפּעט און אַ מידער איינגעדרימלט אינמיטן שיעור. דער קאָפּ איז אים געפאַלן אויפן טיש. מיט דער געל־גרויער באָרד פאַרויס. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז איינער פון די תלמידים זאָל אַרויסנעמען דאָס שטיקל וואַקס פון דער קעשענע צוגעקלעפּט דעם רבינס באָרד צום טיש. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט האָט ער דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק, אָבער ער האָט קיינמאָל נישט געקענט דערגיין ווער עס האָט אים דאָס אָפּגעטון.

אין וולאַדאַווע האָבן די יידישע קינדער געלערנט בלויז אין די חדרים, די עלטערן האָבן זייערע קינדער נישט געוואָלט שיקן אין דער פאָלקס־שול, כדי מען זאָל נישט ואַרפן זיצן אָן אַ היטל. בלויז איינמאָל אין דער וואָך פלעגט קומען אַ לערער, אַ מין אינספּעקטאָר, וועמענס אויפגאַבע איז געווען צו קאָנטראָלירן, צי עס הענגט אויף דער וואַנט דאָס בילד פון רוסישן צאַר ניקאָליי, צי עס איז ריין אין חדר, צי די תלמידים ווייסן און לערנען דעם נאָמען פון קייסער און קייסערין און לערנען מיט די קינדער עטלעכע ווערטער פון אַ רוסיש ביכל.

צוזאַמען מיט אים פלעגט אָפטמאָל מיטקומען אַ ייד, אַ וולאַדאַווער, מיטן נאָמען אלי שרייבער.

## אלי שרייבער־ראָזנבלום

אַ סך יאָרן זענען שוין פאַרביי, מיט אַן אַ שיעור איבערלעבענישן, צרות און יסורים, אָבער די געשטאַלט פון אלי שרייבער שטייט ווי לעבעדיק פאַר מיינע אויגן.

ער האָט געהאַט אַ הויכע און גלייכע פיגור, געלע באָרד און געטראָגן אַ שוואַרצן זשאַקעט און קיילעכדיק יידיש היטל. די שיך האָבן ביי אים שטענדיק געגלאַנצט און געגאַנגען איז ער מיט אַ שטעקעלע אין דער האַנט. ער איז געווען אַן אינטעליגענטער מענטש, פון די ערשטע משכילים אין יענער צייט.

אין מאַרק, נישט ווייט פון פוראַזשינסקיס אַפּטייק,

האָט זיך דורכגעשניטן אַ געסל, וואָס האָט געצויגן צו דער יאַטקע־גאַס. דאָרט, אין משה מעשס הויז האָט אלי שרייבער געהאַט אין יענער צייט די א.ג. מאָדערנע שולע.

די שול איז באַשטאַנען פון אַ גרויס צימער, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען עטלעכע טישן, „סקאמייקעס" מיט לעכער אויף אַריינצושטעלן די טינטערס און פּאַליצעס אויף אַוועקצולייגן די העפטן און דאָס שרייב־געצייג.

יעדע שעה אָדער צוויי שעה פלעגן זיך בייטן די תלמידים. סעגרעגירט לויט זייערע קענטעניש אין קלאַסן. אלי שרייבער האָט געלערנט רעדן און שרייבן רוסיש, חשבון, קאַליגראַפיע. פאַרשטייט זיך, אַז די אַלע לימודים זענען געלערנט געוואָרן אין ידיש.

אין יענער צייט זענען שוין אין וולאָדאַווע געוועזן אַ סך יידן. וואָס האָבן איינגעזען די נויטווענדיקייט פון קענען לייענען און שרייבן רוסיש, אָבער אַ גרויסע טייל האָט נאָך אַלץ נישט געשיקט די קינדער אין דער שול אַריין. מיין פאָטער האָט געהערט צו די, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון ווי וויכטיק דאָס איז צו לערנען די קינדער שרייבן, יידיש און רוסיש.

עס רעדט זיך נאָר אַזוי, שרייבן! רוסיש שרייבן, כ׳־מיין עפּעס מער ווי בלויז נאָכשרייבן אַ רוסישן אַדרעס, האָט אין יענער צייט געהערט צו די גרויסע ווונדער. מיין טאַטן פלעגט מען באַוווּנדערן פאַר זיין שיינער האַנט־שריפט, ממש אַ קאַליגראַף; געקענט שרייבן רוסיש, געוווּסט די כללים פון רוסישן אויסלייג און האָט אויך געקענט דעם לאַטיינישן אַלפאַבעט.

אלי שרייבער פלעגט נעמען אַ רוסישע כרעסטאָמאַטיע אין האַנט, אויסזעצן אונדז אויף די בענק אַרום די טישן, אויסדרייען אונדזערע קעפּלעך אַ קאָפּיטשקע אין אַ זייט, כדי עס זאָל זיין באַקוועם צו שרייבן, און פייערלעך אַ פרעג טון: „פאַרטיק, קינדערלעך?" אַלע האָבן מיר געענטפערט אין כאָר, אַז מיר זענען גרייט און ער האָט דאַן געזאָגט: „נו, קינדערלעך׳ איצט שרייבט, נאָר שיין און ריין".

יעדנפאַלס האָט יענע „אבראַזאָוואַניע" געהאַט אַ פּעולה. עס האָט אָנגערעגט צו וועלן קענען לייענען און שרייבן, און אין אַ סך פאַלן טאַקע מער ווי בלויז דאָס.



## שבת ביי אלי שרייבער אין שטוב

שבת אינדערפרי, נאָכן מעביר־זיין די סדרה, אויסגע־טרונקען די קאַווע, האָט מיין פאָטער גלייך גענומען אָנטון דעם זשאַקעט און איך בין שוין געשטאַנען גרייט, טראָגנדיק דעם טאַטנס טלית אונטערן אָרעם און צוזאַמען זענען מיר אַוועק אַרויף צו דער ראָזשאַנקער־גאַס, קעגנאיבער דעם ציגעלנעם סאַד, אינעם הויז פון שמואל גדליהס, ווי אלי שרייבער האָט געוווינט אויפן צווייטן שטאָק. אין איינער פון זיין צוויי־צימערדיקער דירה האָט מען זיך יעדן שבת און יום־טוב צונויפגעזאַמלט צום דאַווענען. צווישן די מתפללים זענען געווען: שמערל בארנהאָלץ, בעני באַרנהאָלץ, פייגלסאָן, וועלכן איך האָב געקענט אַלס גוטער בעל־תפילה, בעל־קורא, מיט אַ שיינער שטים צום זינגען און דערביי האָט ער פאַרמאָגט אַן אויסגעצייכנטן הומאָר. יענע שבתים, ווען איך בין געקומען אַהין צוזאַמען מיט מיין פאָטער דאַווענען, זענען מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון.

ביי אלין אין שטוב האָט זיך געפונען די ציוניסטישע פרעסע: „די וועלט", הצפירה, „השחר" און פאַרשידענע אַנדערע זשורנאַלן.

די פרײטיקצונאַכטיקע און שבתדיקע תפילות פלעגט מען זינגען מיט נגונים פון ציוניסטישע שירים. ביי קריאת התורה פלעגט מען מנדר זיין פאַרן קרן קיימת.

באַזונדערס פריילעך פלעגט זיין אין שמחת תורה. די קינדער פלעגן אַרויפקלעטערן אויף די טישן, אויף די בענק, געזונגען און געפּאַטשט מיט די הענטלעך, אָדער אַריינגעדרייט זיך אינעם טאַנץ פון די עלטערן.

מיט בענקשאַפט, וואָס האָט געצויגן ביים האַרץ, האָט מען געזונגען „על אם הדרך" און אַ סך אַנדערע לידער, מיט התלהבות, מיט הייסן שטרעבן צום לאַנד פון אונדזערע אבות. דאָס קאָלעקטיווע געזאַנג האָט זיך תמיד געענדיקט מיט „התקווה" און איינער דעם אַנדערן האָט זיך געווונטשן: „לשנה הבאה בירושלים".

אַהיימגייענדיק פון אלי שרייבערס מנין האָט אין אַלע־מענס הערצער געלעבט דאָס געפיל, אַז אָט אָט אָט און עס קומט די גאולה פאַרן יידישן פאָלק אין אייגענעם לאַנד.

## חיים לייכטער
**תל־אביב**

# די נאָוואַראַדקער ישיבה

ישיבת „בית יוסף״ האָט זיך גערופן די ישיבה פון די באַרימטסטע ישיבות, וועלכע האָבן עקזיסטירט אין רוסלאַנד ביז צו דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע. דער גרינדער פון דער ישיבה איז געווען ר׳ יוזל הורוויץ. נאָוואַראַדקער ישיבות האָבן זיך געפונען אין פאַרשידענע שטעטלעך פון רוסלאַנד, אוקראַינע און ליטע. חוץ תורה האָט מען אין די נאָוואַראַדקער ישיבות אָפּגעגעבן אַ סך צייט פאַרן לערנען מוסר.

נאָך דער רעוואָלוציע האָבן זיך די ישיבות איבערגעטראָגן קיין ביאַליסטאָק, פינסק און וואַרשע. דער צענטער איז געווען אין מעזריטש, וווּ ר׳ דוד בליאַכער איז געווען ראש ישיבה. פון מעזריטש פלעגן אַרויס עלטערע ישיבה־בחורים און אַרומפאָרן גרינדן ישיבות אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך. אין יאָר 1922 האָבן זיי געגרינדעט אין וולאָדאַווע די ישיבה „בית יוסף״, אין וועלכער עס האָבן געלערנט אַן ערך הונדערט בחורים אין עלטער פון צוועלף ביז אַכצן יאָר.

די ישיבה האָט זיך געפונען אין שניידער־און שוסטער־שילעכל, אין דער הויף איבער דער גרויסער שיל. די וולאָדאַווער קהילה האָט געהאָלפן דער ישיבה און אַריינגעשטעלט אינעם שילעכל אויוונס, כדי די תלמידים זאָלן ווינטער נישט לײַדן קיין קעלט.

שפּעטער האָט די ישיבה זיך איבערגעטראָגן אין דער נײַער הילצערנער געבײַדע, וואָס די קהילה האָט אויפגעבויט אויף דער סאָקאָלאָווער גאַס. אויפן גאָרן פון דער געבײַדע האָט געוווינט דער ראש הישיבה רב אליהו ווישלוק.

דער מנהל פון דער ישיבה איז געווען ר׳ מענדל ליפשיץ. ראשי ישיבות זענען אויך געווען ר׳ גרשון און ר׳ שמואל. מיט די עלטערע בחורים האָט דער ראש ישיבה געלערנט באַזונדער, געגעבן זיי שיעורים אין די שטיבלעך פון קוזמיר, טריסקער און ביאַלער חסידים.

צווישן די תלמידים פון דער ישיבה זענען געווען בחורים פון וולאָדאַווע און פון די אַרומיקע שטעטלעך. די בחורים, וואָס זענען געקומען פון דער פרעמד, האָבן געגעסן „טעג״ ביי די שטאָטישע באַלעבאַטים. צווישן די עסקנים, וועלכע האָבן געזאָרגט פאַר דער ישיבה, זענען געווען: ר׳ דוד בעקערמאַן, ר׳ הערשל האַרן, ר׳ חיים־שלמה שטערנפעלד, ר׳ מאַטיס מאַנקאָווסקי און די אלמנה זיסל פון די פּוטער, אסתר ביילע ראַלניק א. אַ.

די עלטערע בחורים זענען מערסטנס שפּעטער אַוועקגעפאָרן אין צענטער און פלעגן אַרומפאָרן איבער אַנדערע שטעטלעך גרינדן ישיבות. טייל ישיבה־בחורים האָבן חתונה געהאַט אין וולאָדאַווע.

אין יאָר 1939, ווען די רוסן האָבן פאַרלאָזט וולאָדאַווע, איז אַ גרופּע ישיבה־בחורים אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד. נאָך לאַנגע וואַנדערונגען זענען זיי אָנגעקומען קיין שאַנכיי, פון וואַנען זיי זענען שפּעטער אָפּגעפאָרן קיין אַמעריקע. איינער פון די אָפּגעראַטעוועטע ישיבה־בחורים אין וולאָדאַווע, טוביה גאָלדשטיין (יונה רבס איניקל) פירט אָן מיט אַ ישיבה אין אַמעריקע. ער איז ראש מתיבתא.

שאול ברוס, פון סאַווין, איז אין אַמעריקע אַ מנהל פון אַ ישיבה.

# מפלגות ואירגונים



עסקניה הציוניים של ולודאבה בחגיגת הצהרת בלפור

ציוניסטישע עסקנים אין וולאָדאָוועביים פייערן די באַלפור־דעקלאַראַציע

# פארטייען
# און
# ארגאניזאציעס



**וואָלאַדאַווער ביתריסטן און זייער אָרקעסטער**

אויפן באַנקעט, פאַרגעקומען אין כּלעם לכבוד דעם רעוויזיאָניסטישן מנהיג, זאב זשאַבאָטינסקי אין יאָר 1927. אין דער האַלטונג און גייסט פון די וואָלאַדאַווער ביתריסטן האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דער אויפגעוועקטער העלדנמוט, וואָס האָט אויפגעלעבט אין די הערצער פון די יידישע יוגנטלעכע. זיי זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון קאַמף פאַר נאַציאָנאַלער אויפלעבונג. דאָס אייגנאַרטיקע אין זיי איז געווען וואָס זיי האָבן ביי זיך אַליין און ביי אַנדערע אַ גרויסן ווערט באַקומען.

שלמה לאַמקאָ, מלכה שטיינבערג, רבקה ציון, ביילטשע לאַמקאָ, אסתר שאָולבערג א.א. אויך דער אָרקעסטער האָט צוּבאַקומען נייע מיטגלידער: אליהו ביגמאַן, יעקב גיטלמאַן, שלום קאַסטער, חיים קאַסטער, איצל ליכטנבערג, וועלוול אַלאַמוצקי, מאַטיס בראַנשטיין, זלמן אַלאַמוצקי, שלמה פּראַמער און שלמה עפּלבוים.

עס איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַמקרייז. די רעזשיסאָרן זענען געווען: דוד לייב פעלדמאַן און מאיר ישראל בריקמאַן, ביי דער מיטהילף פון טעאַטער־וועטעראַן אהרון זייפער. דוד לייב פעלדמאַן, אַן אַרבעטער, האָט דעם דראַמקרייז געווידמעט אַ סך מי און ענערגיע און אים איז געלונגען אויפצופירן אַ ריי דראַמעס און אָפּערעטעס פון גאָלדפאַדען און אַנדערע. אַזעלכער איז אויך געווען מאיר ישראל בריקמאַן, אַ זייגערמאַכער. חוץ זיין רעזשיסערישער אַרבעט האָט ער אויך, ווען מען האָט געדאַרפט, אויסגעפירט די ראָל פון סופלער. אהרון זייפער האָט געזאָרגט פאַרן גרים און קאָסטיומען. זיין גרויסע ליבשאַפט צום יידישן טעאַטער האָט זיך געפילט אין זיין איבערגעגעבענער אַרבעט פאַרן דראַמקרייז.

גאָר אינטענסיוו האָט זיך אַנטוויקלט די ספּאָרט־טעטיקייט צווישן דער ציוניסטישער יוגנט ביז עס איז דערגאַנגען צום אָנשליסן זיך אין אַלוועלטלעכן ספּאָרט־פאַרבאַנד „מכבי" און אָננעמען דעם נאָמען „יידישער ספּאָרט קלוב מכבי". ווידער זענען צוגעקומען נייע מיטגלידער, צווישן זיי: חיים לעדערמאַן, גרשון אָווערבוך, אליהו ראַבינאָוויטש, אַלטע ראַבינאָוויטש, אליהו האַלצמאַן, ראובן פּיטקאָווסקי, מאָטל באַרנהאָלץ, עלקע מאַנדלבוים, עטקאַ שטולבערג, מאַניאַ אַלאַמוצקי, אורי אַלאַמוצקי. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג איז אויסגעוויילט געוואָרן די ערשטע פאַרוואַלטונג. פּרעזעס — אליהו האַלצמאַן, אָנפירער פון אָרקעסטער — יוסף מינץ, סעקרעטאַרין — רבקה בראַנשטיין, קאַסירער — הערשל אַלאַמוצקי און עטקע שטולבערג.

די נייע פאַרוואַלטונג האָט איינגעלאַדן עלטערע ציוניסטן און סימפּאַטיקער פון וועלכע עס איז געשאַפן געוואָרן אַ פּאַטראָנאַט צום זאָרגן פאַר דער פינאַנסיעלער אויסהאַלטונג. פּאַרזיצער פונעם פּאַטראָנאַט איז געווען ד"ר יוסף פעלדמאַן, דער פּרעזעס פון דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. צום פּאַטראָנאַט האָבן געהערט: ד"ר שלמה גאָלדפאַרב, מאיר ישראל בריקמאַן, אהרון זייפער, אלתר שאַפּירשטיין, זעליג בראַנשטיין, דוד אַלאַמוצקי. מיט דער פאַרגרעסערטער צאָל מיטגלידער איז דער ספּאָרט־קלוב „מכבי" אַריבערגעגאַנגען אין אַ באַזונדערן לאָקאַל, וואָס האָט זיך געפונען אין שמעון בראַנשטיינס הויז, אָנפאַנג ווירקער־גאַס.

עס איז אַנטשטאַנען די ערשטע פוטבאָל־מאַנשאַפט: יוסף מינץ (קאַפּיטאַן), חיים ישראל ליאַס, הערשל האַלצמאַן, אבראַשאַ סאַמעלסאָן, יאַניע קאַלעצקי, אליהו האַלצמאַן, אברהם פידעלמאַן, מוליק געזונטהייט, אברהם גלינצמאַן, לייבל גרינבלאַט. שפּעטער זענען צוגעקומען: מאָטל מינץ, אברהם קאַלעצקי, יוסף כהן, יעקב גיטלמאַן, אברהם סטריכמאַן, מאָטל ראָזנבערג, יוסף גרינבלאַט א.א. די פאַרמעסטן זענען פאַרגעקומען מיט יידישע ספּאָרט־קלובן פון בריסק, כּלעם, לובלין און אַנדערע אַרומיקע שטעטלעך; אויך מיט פּוילישע פוטבאָל־מאַנשאַפטן פון וואָלאַדאַווע. עס זענען אויך געווען פאַרמעסטונגען מיט מיליטערישע מאַנשאַפטן.

אין יאָר 1925 איז פאַרגעקומען אַ ראַדיקאַלע ענדערונג. צווישן די מיטגלידער פון מכבי זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן סימפּאַטיזירט מיט די רעוויזיאָניסטן, מיט בית"ר. עס פלעגן אָפּגעבראַכט ווערן רעוויזיאָניסטישע רעדנער און עס האָט זיך געשאַפן דער ברית הצוהר און בית"ר, צו וועלכע עס זענען צוגעשטאַנען אַ גרויסע צאָל חברים. אויף אַ פאַר־

זאַמלונג איז באַשלאָסן געוואָרן אַנצושליסן זיך אין דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי און יוגנט־אָרגאַניזאַציע בית״ר. דער ספּאָרט־קלוב מכבי איז ווייטער געבליבן אומפּאַרטייאיש. די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון ביידע אָרגאַניזאַציעס זענען געווען די זעלבע, מיט איין קאַסע און מיט איין בודזשעט. צום ברית הצוהר האָבן געהערט: אליהו האָלצמאַן (פּרעזעס), מאָטל באַרנהאָלץ (סעקרעטאַר), אליהו ראַבינאָוויטש, גר־שון אווערבוך, חיים לעדערמאַן, יוסף לעדערמאַן, ראובן פּיטקאָווסקי, א.א. מפקד פון בית״ר איז געווען יוסף מינץ, זיין סגן — הערשל אלאמוצקי, ס׳איז געפירט געוואָרן אַ לעבהאַפטע טעטיקייט. אַנגעזעענע פּאַרטיי פירער זענען אַרויסגעטראָטן מיט רעפעראַטן, צוו. אנד.: ד״ר יונעצמאַן, מנחם בעגין, ד״ר ליפּמאַן א.א.

עס האָט זיך אויך געשאַפן די רעוויזיאָניסטישע אָרגאַ־ניזאַציע „ברית החייל״ פון אויסגעדינטע זעלנער. צווישן די אַקטיווסטע זענען געווען: אהרון זייפער, חיים פישמאַן, קוטשער, לעאָן אבסטלער א.א.

אין יאָר 1926 איז געקומען קיין פּוילן דער רעוויזיאָ־ניסטישער פירער זאב זשאַבאָטינסקי און דער וולאָדאַווער בית״ר־אָרקעסטער איז געוואָרן אײַנגעלאַדן קיין וואַרשע צום אַלפּוילישן בית״ר־כינוס. דער אָרקעסטער האָט דאַן גע־ציילט 42 מיטגלידער און האָט פאַרבראַכט אין וואַרשע 15 טעג. ווען זשאַבאָטינסקי האָט באַזוכט די שטאָט כעלם איז אויך אײַנגעלאַדן געוואָרן דער וולאָדאַווער בית״ר־אָרקעס־טער. עס איז פאַרבליבן אַ בילד צוזאַמען מיט זשאַבאָטינסקין פון די וולאָדאַווער בית״ריסטן.

דער וולאָדאַווער אָרקעסטער האָט געשטרעבט עולה צו זיין קיין ארץ ישראל מיט זיין גאַנצער מיטגלידערשאַפט און




1־טע שורה (רעכטס): לייזער קאָרן, לייבל ראַ־זשאַנקע, אליהו גיטלמאַן, פּרץ פידלמאַן, מתתיהו בראָנשטיין. 2־טע שורה: הערשל גאָלדמאַן, יאַניע פעלדמאַן, אברהם סטריכמאַן. 3־טע שורה (אונטן) יוסף גרינבלאַט, יעקב גיטלמאַן, שלמה זייפער

אַ גרופּע ספּאָרטלער פון „טרומפּלדור״ אין יאָר 1924. די יונגע ספּאָרטלער האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער אייפער און באַציאונג פול מיט אינער־לעכער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נאַציאָנאַלער און רעליגיעזער. דער ספּאָרט איז געווען ביי זיי פיל מער ווי סתם פאַרוויילונג און שפּיל. מיט זייערע ספּאָרט־פאַרמעסטן האָבן זיי געשטרעבט צו דינען דעם פאָלק און זענען אינגאַנצן געווען איבער־געגעבן דער ציוניסטישער אידעע.

די טרומפּעלדאָר מאַנשאַפט האָט דאַן געהערט צו השומר הצעיר



האָט זיך געוואָנדן צום תל־אביבער פייערלעשער־פאַראיין, ער זאָל איבערנעמען דעם אָרקעסטער. דער פּלאַן האָט זיך נישט אײַנגעגעבן. עס איז געווען שווער צו באַקומען אַזויפיל סערטיפיקאַטן.



אַנטיילנעמער אין מיליטערישן קורס פון „בית״ר״ אין יאָר 1924.

דער מפקד בית״ר, יוסף מינץ, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע גרויסע מעלות, איז געווען אַן ענטוזיאַסטישער טעאַטער־ליבהאָבער, האָט זיך איבערגעגעבן דער אַרבעט אין דראַמקרייז, וווּ ער האָט אַרויסגעוויזן אַקטיאָרישע פעאיקייטן. אין אָרקעסטער, מיט וועלכן ער האָט אָנגעפירט און געזאָרגט פאַר זיין אַנטוויקלונג, איז ער אויך געווען סאָליסט. אין דער פוטבאָל־מענשאַפט איז ער געווען קאַפּיטאַן. ער האָט גרויסע פאַרדינסטן פאַרן גוטן שם, וואָס די וולאָדאַווער בית״ר־אָרגאַניזאַציע האָט באַקומען אין גאַנץ פּוילן. ער איז געש־טאָרבן אין בריסק, ווינטער 1940.

אויסגעצייכנט מיט זיין ענערגיע האָט זיך אויך דער



1־טע ריי (שטייענדיק פון רעכטס: אליהו האַלצמאַן, יאַניע קאַלעצקי, ראַזאַ געזונטהייט, חיים־ישראל ליאַס, מענדל געזונטהייט, זושע פוקס.
2־טע ריי (זיצנדיק): שרה־ביילע ליאַס, שרה סאַמלסאַן, מורשה יחיאל גרינהויז, שרה כהן, גאָלדע באַרנהאָלץ.



דער אָרקעסטער פון „ביתר" און זיינע גרינדער פאַרן אַרויספאָר צו דער אַלפוילישער קאָנפערענץ, וועלכע איז פאָרגעקומען אין וואַרשע אין יאָר 1927 מיטן אָנטייל פון זאב זשאַבאָטינסקי.

סגן מפקד און קאַסירער פון מכבי—בית״ר, הערשל אלאַמוצקי, אויף וועמענס אַקסלען עס איז געלעגן דער עול פון דער גאַנצער ווירטשאַפט און אויסהאַלטונג פון אַזאַ גרויסער יוגנט־אָרגאַניזאַציע. ער איז אומגעקומען אין לאַכווע.

רבקה בראַנשטיין־האַלצמאַן, די סעקרעטאַרין פון מכבי איז אויך געווען אַ טאַלאַנטירטע אַמאַטאָרין אין דראַמקרייז, ווו זי פלעגט אויספירן הויפּט־ראָלן. זי איז אַוועק מיט דער לעצטער אַקציע קיין סאָביבאָר.

## יודנשטאַט־פּאַרטיי — ברית הקנאים

נאָכן 17־טן ציוניסטישן קאָנגרעס, ווען די רעוויזיאָניסטישע פּאַרטיי האָט באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן און נישט גיין מער צו די ציוניסטישע קאָנגרעסן, האָט זיך די פּאַרטיי געשפּאָלטן און עס האָט זיך געשאַפן די מאיר גראָסמאַן־גרופּע, וועלכע האָט באַשלאָסן צו בלייבן אין וועלט־פאַרבאַנד פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. עס איז דאַן געשאַפן געוואָרן די נייע יודנשטאַט־פּאַרטיי — ברית הקנאים. אין וולאָדאַווע זענען געווען אַקטיוו: חיים לעדערמאַן, מאָטל באַרנהאָלץ, מענדל פּראַמער, משה יעקב לערער, עלקע מאַנדלבוים, רבקה בראַנשטיין־האַלצמאַן, יוסף לאַמנקאַ, יוסף לעדערמאַן א. א. פאַרזיצער איז געווען אליהו האַלצמאַן. צווישן דער יוגנט זענען געווען אַקטיוו: ראובן פּיטקאָווסקי (מפקד) אברהמעלע וואַסערמאַן (סעקרעטאַר), העלדיש געפאַלן אין קאַמף אַלס פּאַרטיזאַנער; לייבל ראַבינאָוויטש, גיטלמאַן, מאָטל ראַבינאָוויטש, יהודה גאָלדפעדער, לובא שוסטער, מירל לעמבערגער, גוטשע גאָלדפעדער, עטל יאַבלאָנעק, טילע לערער, פייגע און חנה שאַפּירשטיין א.א. די מונדירן זענען געווען פון גראַנאַט קאָליר. עס איז געשאַפן



אַ גרופּע יוגנטלעכע פון „ברית הקנאים״



געוואָרן אַן אויבעראַט פון עלטערע ציוניסטן: שמערל באַרנהאָלץ, לוי גאָלדפעדער, אשר לערער און אַפּטייקער דוד גרינשפּאַן. די אָרגאַניזאַציע האָט זיך געפונען אין הויז פון דער משפחה לאַמקאַ, ווו עס איז געפירט געוואָרן אַ קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט און אויך ספּאָרט איבונגען.

אליהו האַלצמאַן האָט קאַנדידירט צום 18־טן און 19־טן ציוניסטישן קאָנגרעס אויף דער ליסטע פון דער יודנשטאַטס־פּאַרטיי אין פּוילן. ברית הקנאים האָט פיל געלייסטעט פאַר די ציוניסטישע קרנות און פאַרן פּאָפּולאַריזירן דעם ציוניסטישן געדאַנק צווישן דער יוגנט פון אַלע שיכטן.

## הנוער הציוני

הנוער הציוני איז געווען אַ חלוצישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע ביי דער אַלגעמיינער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין וולאָדאַווע, האָט זיך געפונען אין נייעם ציוניסטישן הויז, אָנגעפירט מיט דער טעכנישער אַרבעט, מיט דער ביבליאָטעק, ציוניסטישע קרנות, ספּאָרט און קולטור־אויפקלערערישע טעטיקייט. אין ועד זענען געווען די חברים: אברהם באַבאַט, שמחה כהן, יחזקאל הובערמאַן. צווישן די אַקטיוויסטן: מאָטל ראָזנבערג, דוד ציון, רבקה העכט, פעסקע באַרנשטיין, דוד זיגלמאַן, מלכה פוקערמאַן, חיה פוקערמאַן, רחל האַלצמאַן, שרה שאַפּירשטיין, זלמן רייזמאַן, עטל קאַלטמאַן א.א.

דורכמאַכנדיק אַן אַנטוויקלונג איז דער לאָקל פון הנוער הציוני איבערגעגאַנגען אין אַ באַזונדער הויז אויף פּילסודסקי גאַס, וווהין עס איז איבערגעפירט געוואָרן די ביבליאָטעק און עס איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די אָרגאַניזאַציאָנעלע טעטיקייט, וואָס האָט אָנגעהאַלטן ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## חלוצישע הכשרות

אין וולאָדאַווע זענען געווען טעטיק דריי חלוצישע הכשרה־פּונקטן: די אַלגעמיינע חלוצישע הכשרה, וועלכע האָט געציילט 130 חברים און חברות; די בית״רישע — 60 מיטגלידער און הפועל המזרחי — 50.

די חלוצים אויף די אַלע הכשרה־פּונקטן האָבן געאַרבעט אין פאַרשידענע אונטערנעמונגען אין וולאָדאַווע, מערסטנס אין די טאַרטאַקן און אַנדערע האָלץ־וואַרשטאַטן. אַ סך פון זיי זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל און אויף זייער אָרט זענען צוגעקומען נייע.

די חלוצים איז אָפט אויסגעקומען צו טון שווערע שוואַרצע אַרבעטן, אָבער אין דער זעלבער צייט זענען זיי געווען

טעטיק אויפן קולטור־געזעלשאַפטלעכן געביט און זענען מיט זייער פשוטן לעבנסשטייגער און גרויסן ענטוזיאַזם פאַרן ציוניסטישן געדאַנק געווען אַ מוסטער פאַר די יוגנטלעכע אין וולאַדאַווע.

די ציוניסטן אין וולאַדאַווע האָבן געזאָרגט, אַז די חלוצישע הכשרה־פונקטן זאָלן געפינען אַרבעט פאַר זייערע מענטשן און אַז זיי זאָלן זיך קאָנען אויסלעבן קולטורעל און זיך צוגרייטן צו דער עליה קיין ארץ ישראל. די הכשרה־פונקטן האָבן עקזיסטירט ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## מזרחי, הפועל המזרחי און השומר הדתי

די מזרחי אָרגאַניזאַציעס האָבן אין וולאַדאַווע געפירט אַ לעבהאַפטע טעטיקייט, זייערע עונג שבת־שמועסן האָבן צוגעצויגן אַ גרויסע צאָל רעליגיעזע יוגנטלעכע, די תורה־שמועסן זענען געווען דורכגעפלאָכטן און דורכגעדרונגען מיטן ציוניסטישן געדאַנק. עס זענען צוגעצויגן געוואָרן אויך חסידישע בחורים.

די צעירי המזרחי האָבן אַרויסגעגעבן צוזאַמען מיט דער כעלמער אָרגאַניזאַציע אַ וואָכן־צייטונג, וועמענס רעדאַקטאָר איז געווען שמואל פּיעטרושקע (שמר). אין דער צייטונג האָבן מיטגעאַרבעט: די ברידער וועלוול און יעקב שטשעדראַוויצקי, רפאל כהן און אליהו האַלצמאַן. די צייטונג האָט געווידמעט די אויפמערקזאַמקייט אויף שטאָטישע נייעסן און באַזונדערס אַלץ, וואָס האָט געהאַט אַ שייכות צום ציוניסטישן געדאַנק.

עס איז אויך געווען אַ פרויען־אָרגאַניזאַציע „ברוריה",



אַ געזעגענונגס־צונויפטרעף צום עולה־זיין פון אַ גרופּע „צעירי־מזרחי" קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1932. די דאָזיקע אָרטאָדאָקסישע יוגנטלעכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער טעמפּעראַמענט און ווילן, אידעאַליזם און אויסדויער און מיר האָבן זיי יאָרן און יאָרן געזען אין די ערשטע רייען פון די בויער אין לאַנד, אָבער זייער ווייניק זענען געווען די, וואָס האָבן געהאַט דאָס גליק עולה־צו־זיין קיין ארץ־ישראל. פּונקט ווי אין אַנדערע שטעט אין פּוילן איז עס ביי דער מערהייט יידישע יוגנט געבליבן אַ חלום, צו וועלכן זיי האָבן נישט אויפגעהערט שטרעבן. דער גרעסטער טייל האָט נישט באַוויזן צו פאַרווירקלעכן דעם חלום פון עליה און געטיילט דעם גורל פון דער פאַרשניטענער עדה.



וואָס האָט צוגעצויגן אַ סך פרומע מיידלעך, וועלכע האָבן געפירט אַן אינטערעסאַנטע קולטור־טעטיקייט.

אינעם לאָקאַל פון די צעירי מזרחי און הפועל המזרחי איז תמיד געווען לעבעדיק, באַזוכט געוואָרן פון אַ סך חברים. צו די גרינדער האָבן געהערט: רפאל כהן, וועלוול און יעקב שטשעדראָוויצקי, שלמה האַלצבלאַט, חנאַ שאַפּראַן, בנימין ראַוונער, נוימאַן, פרידמאַן, בורשטיין, בנימין פלאַמענבוים, אהרון צוקער, הינדע רובינשטיין, לובאַ שוסטער, אהרון וויינבערג חיה ווייסמאַן, שוסגאַל, שרה אייבער, נוימאַן, מירל לעמבערגער, לעדערמאַן, זיגלמאַן, נחמן גאָלדשטיין, לייבעלע פייקערס, משה חוינע, אליהו רייטלער, יעקב האַנדלסמאַן נחום גאָלדשטיין, שעפסל לעדערמאַן, אברהם לעדערמאַן, אברהם איידלמאַן, נחמן פון מאַגיסטראַט א. אנד.

מיט דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע „השומר הדתי" האָט אָנגעפירט דער טיכטיקער אברהם טשערוואָנאַגאָראַ. סגן מפקד איז געווען יוסף שטילערמאַן, פון די פיל חברים געדענקט



אברהם טשערוואָנאַגוראַ, מפקד פון „השומר הדתי" (אין צענטער) צווישן אַ גרופּע אָנטיילנעמער אין בלימל־טאָג פון „קרן החלוץ המזרחי" אין יאָר 1934.

זיך: חיים נוימאַן, ריוועלע ביאַלער, חוה שטילערמאַן, מאַיאַ קראַסאָווסקי, זילבערשטיין, רחל וואַרשטאַט, ליבערמאַן, כינקע רייז, שמואל בעקערמאַן, גאָלדמאַן, ביילע פּיטערמאַן, שרה בערמאַן מאַיע ווייסמאַן, רבקה פישמאַן, זאָנענבערג, גורמאַן, אליעזר שיסגאַל, חנה בעקערמאַן, פריידע פעלדמאַן, חיה רייכמאַן, איטע קאַסטער, גיטל כוינע, יעקב זיגלמאַן.

די דאָזיקע רעליגיעזע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געפירט אַ מוסטערהאַפטע טעטיקייט, מיט וועלכער זיי האָבן אַרויסגערופן גרויס דרך־ארץ צו זיך און צו די תורה־שמועסן און לעקציעס פלעגן קומען מיטגלידער אויך פון אַנדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס און אומפּאַרטייאישע, זיי האָבן זיך תמיד אויסגעצייכנט אין די זאַמל־אַקציעס פאַר קרן קיימת, קרן היסוד, פלעגן פאַרקויפן אַ גרויסע צאָל שקלים.



צונויפקום פון די „צעירי־מזרחי״ צום עולה־זיין פון אברהם אידלמאַן קיין ארץ־ישראל אין יאָר 1933

די טעטיקייט פון אַלע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס אין וולאָדאַווע, די נעמען פון די איבערגעגעבענע און העלדישע חלוצים, דאַרפן פאַרשריבן ווערן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון ציוניזם אין וולאָדאַווע.

## שמעון זאָנשיין

ער איז געווען אַקטיוו צווישן די האַנטווערקער, פאַרנומען זיך מיט פילאַנטראָפּישער טעטיקייט, געהאָלפן נויטבאַדערפטיקע האַנטווערקער אַרויסבאַקומען זיך פון שווערע קריזיסן.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער פאַרלוירן זיין פרוי אסתר און זון גדליה. נאָך דער מלחמה איז ער מיט דער שארית הפליטה געקומען קיין דייטשלאַנד. דאָרט האָט זיין זון יצחק אויסגעפירט אַ וויכטיקע אַרבעט אין שליחות פון דער בריחה און איז געפאַלן אויף זיין פּאָסטן.

שמעון זאָנשיין איז אויך אין דייטשלאַנד געווען אַן אַקטיווער עסקן צווישן דער שארית הפליטה אין לאַגער פאַקינג. ער האָט אויך אָרגאַניזירט די צוזאַמענטרעפן פון אַלע וולאָדאַווער יידן אויף דער אַמעריקאַנער זאָנע, האָט דאָרט איינגעאָרדנט די אזכרות נאָך די קדושים פון וולאָדאַווע.

קיין ישראל איז ער געקומען קראַנק און צעבראָכן, אָבער אַ הייסער אָנהענגער פון ישראל השלימה. געלעבט ביזן יאָר 1972.

## אהרון זייפער

**ג**ערופן האָט מען אים אהרן בערלס און איז געווען באַקאַנט אַלס איבערגעגעבענער כלל־טוער, האָט זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זיין ליבשאַפט צו טעאַטער, האָט דערצויגן יידישע יוגנטלעכע אין דער ליבשאַפט צו יידיש טעאַטער, איז געווען זייער מכניס אורח און געהאָלפן די אַמאַטאָרן פון דראַמקרייז מיט אַלעם, וואָס ער האָט געקאָנט. זיין שטוב איז תמיד געווען אָפן פאַר אַלע, וואָס האָבן געהאַט אַ נייגונג צו דער בינע־קונסט. צו אים זענען אויך אריינגעקומען די אַקטיאָרן פון די טעאַטער־טרופּעס, וואָס האָבן באַזוכט אונדזער שטאָט.

זיין הויפּט־האָבי איז געווען: גרים און קאָסטיומען, מיט וועלכע ער האָט באַדינט די דראַמקרייזן און אויך פּראָפעסיאָנעלע אַקטיאָרן, וואָס פלעגן קומען שפּילן טעאַטער אין וולאָדאַווע. ער האָט אויך געהאָלפן די פּורים־שפּילער, וואָס פלעגן אויספירן היסטאָרישע פאָרשטעלונגען אין די פּורים אָוונטן מיטן ציל צו זאַמלען געלט־מיטלען פאַר נויטבאַדערפטיקע אין שטאָט.

יעדע יידישע טעאַטער־טרופּע, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ שווערער לאַגע, פלעגט זיך ווענדן צו אהרן זייפער און ער פלעגט איינאָרדענען אַ געזעגונגס־פאָרשטעלונג, אַליין ארומגיין פאַרקויפן די בילעטן און דערמיט אַרויסגעהאָלפן די אַקטיאָרן פון זייער שווערן מאַטעריעלן מצב.

זיין נאָמען איז דערפאַר געווען פּאָפּולער אין דער טעאַטער־וועלט, ווו מען האָט געוווסט, אַז אין וולאָדאַווע האָט מען תמיד דערפאָלג און אין פאַל פון אַ קריזיס איז דער טעאַטער־מענטש אהרן זייפער גרייט אַרויסצוהעלפן.

אַ באַזונדער קאַפּיטל שטעלן מיט זיך פאָר זיינע לייסטונגען פאַרן אויסשטאַטן די פּורים־שפּילער מיט די שיינע היסטאָרישע קאָסטיומען, אין וועלכע זיי האָבן זיך געגנויטיקט צו זייערע אויפפירונגען, ווי: מכירת יוסף, עקדת יצחק, אסתר המלכה א.א. אַדאַנק אהרן זייפערן האָבן די פּורים־שפּילער געהאַט די מעגלעכקייטן אויסצופירן פראַגמענטן פון די באַרימטע יידישע אָפּערעטעס.

אהרן בערלס איז געווען באַליבט ביי דער גאַנצער שטאָ־טישער באַפעלקערונג און ווען מען פלעגט אים זען אַרומ־גיין מיט נאָך אַ חבר זאַמלען נדבות, האָבן אַלע געוווסט, אַז דאָס איז פאַר אַ הייליקן צוועק און פלעגן געבן די שענסטע באַשטייערונגען. אהרן זייפער פלעגט אַפט זאַמלען פאַר בע־לי־מלאכות און אַנדערע נויטבאַדערפיקטע, וועלכע מען האָט געדאַרפט שטעלן אויף די פיס און אויך פאַר חתונה מאַכן אַרעמע מיידלעך. זיין פרוי שרה האָט אים תמיד געהאָלפן און געמוטיקט אין זיין גרויסער אַרבעט און אַלע, וואָס האָבן באַזוכט זיין שטוב זענען דורך איר אויפגענומען געוואָרן מיט וואַרעמער גאַסטפריינטלעכקייט. זי איז געווען אויך באַ־שעפטיקט אַלס אַקושערקע.

## די משפחה שטשעדראָוויצקי אהבה צו ארץ־ישראל

די זייף־פאַבריק פון די ברידער שמואל און צבי־הירש שטשעדראָוויצקי האָט געהערט צו די וויכטיקע אונ־טערנעמונגען אין וולאָדאַווע, האָט זיך געפונען אויפן וועג, וואָס האָט געפירט צו אָקאַנינקע, ווו עס איז אויך געווען אליעזר באַרנהאָלצס פּאַראָווע מיל און סאָקאָל־כהנס גאַר־באַרניע. די זייף־פאַבריק איז אויפגעבויט געוואָרן אין יאָר 1903 און די אויסאַרבעטונגען האָבן געהאַט אַ גוטן נאָמען און דער גאַנצער געגנט ביז טיף רוסלאַנד.

די פאַבריק האָט אויסגעאַרבעט פאַרשידנערליי זייפן, פון די פשוטסטע צו וואַשן וועש ביז די בעסטע, ווי אויך כשרע צו וואַשן כלים. בעת אַלץ איז חרוב געוואָרן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט די דייטשע אָקופּאַציע מאַכט באַפוילן צו באַנייען די טעטיקייט פון דער זייף־פאַבריק, וועמענס פּראָדוקציע איז געווען אַזוי נויטיק פאַר דער גאַנ־צער געגנט.

די ברידער שמואל און צבי־הירש שטשעדראָוויצקי זענען געווען די זין פון ר׳ דב אין בריסק דליטא, אַ גרויסער למדן און מקורב פון בריסקער רב ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק. זיי האָבן געשמט אַלס ערלעכע און פעאיקע מענטשן, זענען גע־ווען אַנגעזעענע ראַדזינער חסידים.

ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען וולאָדאַווע איז צבי־הירש שטשעדראָוויצקי געוואָרן אַרעסטירט מיט נאָך פיל וולאָדאַווער ייִדן, וועלכע מען האָט אַ גאַנצע נאַכט געהאַלטן אין דער שטאָטישער שול. אים איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין קאָוועל צו זיין זון יעקב, וועלכער האָט אויך געהאַט אַ זייף־פאַבריק, זיי זענען דאָרט אומגעקומען דורך די נאַ־ציס. זיין ברודער ר׳ שמואל שטשעדראָוויצקי איז צוזאַמען מיט זיין משפחה אומגעקומען אין וואַרשע.



די שטשעדראָוויצקיס שטוב האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער אהבה צו ארץ ישראל. ר׳ צבי הירש איז געווען אַ הוי־כער, געהאַט אַ הדרת פנים, פון וועלכן עס האָבן אַרויסגע־שיינט זיינע ליבלעכע אויגן. ער האָט יעדן אויפגענומען מיט אַ האַרציקן שמייכל און פאַר יעדן געהאַט אַ גוט וואָרט. ער איז געווען דורכגענומען מיט דער שטרעבונג עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל מיט זיין גאַנצער משפחה און איז געווען אַ סימפּאַטיקער פון דער מזרחי־באַוועגונג.

זיין פרוי לאה — אומגעקומען אין וולאָדאַווע — האָט זיך אויסגעצייכנט מיט איר חכמה און גוטהאַרציקייט, מיט גרייטקייט צו העלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן מיט וואַרעמער פאַרשטענדעניש פאַר דער יוגנט און אירע שטרעבונגען, האָט וואַרעם אויפגענומען די יוגנטלעכע, וואָס פלעגן אַריינ־קומען צו אירע קינדער: וועלוול, יעקב און בת יחידה חנה. זי האָט אָפן אַרויסגעוויזן איר פאַרשטענדעניש פאַר אַקטו־עלע פּראָבלעמען און עס איז געווען אַ גענוס מיט איר צו רעדן.

זייערע זין וועלוול און יעקב זענען געווען באַגאַבט, גרויסע טאַלאַנטן און געהערט צו די אָנפירער פון צעירי מזרחי אין וולאָדאַווע. זינט דעם יאָר 1939 איז וועלוול געווען מנהל פון אַ העברעאישער שול אין פּאַביאַניץ. יעקב איז געווען אַן אייגנטימער פון אַ זייף־פאַבריק אין קאָוועל. ביידע זענען צוזאַמען מיט זייערע משפחות אומגעברענגט געוואָרן דורך די נאַציס. פון דער גאַנצער פאַמיליע שטשע־דראָוויצקי אין וולאָדאַווע איז געבליבן לעבן בלויז זייער טאָכטער חנה מיט איר פאַמיליע, וועלכע איז עולה געווען קיין ישראל אין יאָר 1932. חנה איז אין וולאָדאַווע געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער אַרבעט, אַ לענגערע צייט מורשה פון קרן קיימת לישראל און אַרויסגעוויזן גרויס איבערגעגעבנקייט און אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן. איר מאַן שמואל פיעטרושקע, היינט שמר, פון בריסק, איז געווען אַ מיטגליד פון צענטראַל־קאָמיטעט אין פוילן און איינער פון דער הנהלה הראשית פון דער תורה ועבודה־באַוועגונג, איז געוואָרן דעלעגירט צו ציוניסטישע קאָנ־גרעסן, פלעגט פון צייט צו צייט באַזוכן אונדזער שטאָט און אַרויסטרעטן מיט רעפעראַטן. אין די יאָרן 1929—1932 האָט ער געוווינט אין וולאָדאַווע און זיך באַטייליקט אויף אַלע אָפּשניטן פון דער ציוניסטישער טעטיקייט. אונטער זיין אָנפירונג איז דורך דער צעירי מזרחי אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ וואָכנבלאַט „וולאָדאַווער שטימע״, ווו עס זענען באַהאַנדלט געוואָרן אַקטועלע פּראָבלעמען באַזונדערס פון דער מזרחי־באַוועגונג. די וואָכנשריפט איז געדרוקט געוואָרן אין כעלם ווי אַ ביילאַגע צו אַ דאָרטיקער צייטונג.

# לדמותו הכלכלית והסוציאלית של הישוב היהודי בולודאבה



בחינה כלכלית וסוציאלית היתה ולודאבה פסיפס מגוון. יהודיה היו פעילים, חיפשו פרנסה, ואף היכו שרשים בשטחים שונים של הכלכלה והמשק, החל ממסחר ומלאכה עד לפיננסים ושרותים שונים, אולם לא הצטיינו באינטנסיביות מיוחדת. לא כאן המקום לקבוע את הסיבות והגורמים לכך. ייתכן שלא סיבה אחת בלבד היא שגרמה לתופעה זו כי אם צירוף של כמה סיבות וגורמים. ברם, ההרכב היחסי של כלכלת יהודי ולודאבה היה אפייני לכלכלת יהודי פולין בכללותם והשינויים שחלו בו במשך עשרות בשנים היו איטיים ביותר. אמנם רב־גווניותה של קהילת ולודאבה הצטיינה בכך שלא היה מקצוע או משלח יד שניתן ליהודים לעסוק בהם והם לא עסקו בו. פעלתנים היו, חרוצים וזריזים, לא חסכו מאמץ ולא בררו במלאכה, על מנת להתפרנס. בקשת המקצועית והכלכלית בלטו המסחר והמלאכה. בקשת הסוציאלית בלט המעמד הבינוני שאליו השתייך רוב מנין ורוב בנין יהודי ולודאבה. היו יחסי־מסחר וקשרי כלכלה אינטנסיביים ביותר בין תושבי ולודאבה היהודים לבין אכרי הסביבה. משלח ידם של היהודים, הסוחרים ובעלי־המלאכה, ומשקי החקלאות הזעירים של אכרי הסביבה, כאילו אורגנית דו־סיטרית. האיכרים סיפקו מוצרי השדה, הגן, הרפת והלול לתושבי העיירה. יהודי העיירה היו להם לשוק טוב למדי. הסוחרים היהודים סיפקו לאיכרים סחורות וכלים מכל הסוגים ובמחירים סבירים. בנין העל, מין כותרת של כלכלת יהודי ולודאבה, היו המוסדות הבנקאיים, וכאן יש לציין כי נושאי המוסדות האלה היו בני לומדי תורה וסוחרים, ומטרתם היתה לעזור לנזקקים בימי מצוקה.

## יידישע בענק

די יידן אין וולאָדאַווע זענען געווען 70 פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג. אויב מען זאָל נישט רעכענען די מיעשטשאַנעס, וועלכע האָבן געווינט אויסער דער שטאָט און האָבן זיך פאַרנומען מיט ערד־אַרבעט, וואָלט דער פּראָצענט פון יידישע איינוווינער נאָך גרעסער געווען. די יידישע איינוווינער האָבן אין זייער מערהייט זיך פאַרנומען מיט מסחר, באַזאָרגט מיט אַלעם וואָס אַ שטאָט דאַרף נישט בלויז וולאָדאַווע, נאָר אויך די קלענערע שטעטלעך און דערפער, ווען ס׳ צאָל איז דערגאַנגען ביז אַן ערך פערציק ישובים. דער מסחר האָט אַרומגענומען כלערליי אַרטיקלען פון קליידונג ביז בוי־מאַטעריאַלן און אַגראַר־מכשירים.

עס זענען געווען עטלעכע גרעסערע מילן און די מילנערס האָבן גלייכצייטיק געפירט אויך דעם מסחר מיט תבואות. געווען אויך אָליע־אַרנעס, זייף־פאַבריק, אַ גאַרבעריי. אַן אָנגעזעענעם פּלאַץ האָט פאַרנומען דער פיש־האַנדל, די גרויסע סוויטיטשער אָזערע, וואָס האָט זיך געפונען נעבן וולאָדאַווע, האָט אַרויסגעגעבן אַ סך פיש. געווען אויך די פילמער און אַנדערע אָזערעס, ווי קינסטלעכע סטאַוון, וועלכע האָבן געגעבן פאַרן מאַרק פיל טאָנעס קאַרפּן. די יידישע פיש־סוחרים האָבן דעם מסחר כסדר אַנטוויקלט און די פיש זענען פונאַנדערגעשיקט געוואָרן איבער גאַנץ פּוילן.

גרעסערע און קלענערע געשעפטן און קראָמען האָבן באַזאָרגט די באַפעלקערונג מיט אַרטיקלען פון ערשטן געברויך. גאָר אַן ערנסטער האַנדלס־צווייג איז געווען דער האָלץ־מסחר. די פיל טאַרטאַקן אין וולאָדאַווע האָבן אַרויסגעגעבן אַלערליי סאָרטן האָלץ, וועלכע זענען זיך פונאַנדערגעגאַנגען איבער גאַנץ פּוילן און אויך אין אַנדערע לענדער.

חוץ דעם זענען אין וולאָדאַווע געווען אַ סך יידישע

האַנטוועורקער, ווי: סטאָליער, שוסטער, שניידער, מויערער, בעקער, שלאָסער א.א.

מיטן וווּקס פון אינסטיטוציעס האָט דער קליינער פּראָצענט פון די שטאָטישע קריסטן, וואָס האָבן זיך נישט איינגעאָרדנט אַלס מלוכה־באַאַמטע, גענומען זוכן אַרויסצושטופּן די יידן פון זייערע האַנדלס־פּאָזיציעס און סיסטעמאַטיש אַרויסגעריסן איין פּאָזיציע נאָך דער אַנדערער.

די קריסטלעכע סוחרים האָבן געקריגן באַדייטנדיקע הילף, קודם־כל פון דער באַנק האַנדלאָווי, וואָס האָט זיי געגעבן גרויסע קרעדיטן און דערמעגלעכט זיי צו ברענגען וואָס מער סחורה און קאָנען באָרגן זייערע קליענטן אויף וויטע טערמינען און באַקוועמע באַדינגונגען, כדי אָפּצוציען זיי פון די יידישע געשעפטן.

דאַקעגן די יידישע סוחרים האָבן אַזעלכע קרעדיטן נישט באַקומען און עס איז געטון געוואָרן אַלץ, אַז זיי זאָלן נישט האָבן קיין מעגלעכקייטן צו פאַרקויפן אויף באָרג און אַזוי אַרום דערפירן זיי צום פולשטענדיקן אונטערגאַנג.

עס איז דערפאַר אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט צו שאַפן אַ יידישע באַנק, וואָס זאָל קעגנווירקן די אַנטיסעמיטישע צילן אינעם האַנדל און העלפן די יידישע סוחרים שטיין אויף די פיס.

אַזאַ יידישער באַנק איז געשאַפן געוואָרן נאָך אין יאָר 1904. דער ערשטער יידישער באַנקיר איז געווען מאַטעס האָלצמאַן און האָט זיך גערופן: „דאָם באַנקאָווי מאַטיס גאָלצמאַן". דאָס איז געווען אין דער צייט ווען די רוסישע מאַכט האָט געהערשט אין פוילן.

מאַטעס האָלצמאַן, אַ פרומער ייד, אַ קאָצקער חסיד, פלעגט פאָרן צום אַלטן קאָצקער רבינס זון, ר' דודל, האָט אויך די באַנק געפירט יידיש, אָפּגעהיטן לויט דער הלכה, און יעדער אָרדער, קוויטונג און בריוו, אויף רוסיש און יידיש, האָט זיך אָנגעהויבן מיט די אותיות „ב"ה" (ברוך השם). אויף יעדעס וועקסל איז געשטעמפּלט געוואָרן מיט די אותיות היתר־עיסקא. דער בוכהאַלטער פון דער באַנק איז געווען זיין איידעם, שמואל־דוד יאַקובאָוויטש, אַן אָפּגעהיטענער ייד און הייסער חסיד פון ביאַלער רבין. דערצו איז ער אויך געווען אַ תלמיד חכם און אַ בקי אין דער וועלטלעכער ליטעראַטור. אָנפירער און קאַסירער אין דער באַנק זענען געווען מאַטעס האָלצמאַנס זין: דוד און יצחק מאיר. צווישן די באַאַמטע איז אויך געווען באָקסנבוים.

די באַנק האָט געהאַט פאַרבינדונגען מיט אַ ריי פוילישע און אויסלענדישע בענק, האָט אַרויסגעגעבן אַ סך הלוואות און דערמיט געהאָלפן די יידישע סוחרים אַנטוויקלען זייערע געשעפטן, אַריינברענגען אַ גרויסן אויסוואַל פון סחורות. די יידישע סוחרים האָבן אין דער באַנק געזען אַ פעסטן אָנ־



שפּאַר, ווייל אָן די קרעדיטן פון דער באַנק וואָלט זיי געווען אוממעגלעך אויסצוהאַלטן די קאָנקורענץ פון די קריסטלעכע סוחרים.

הלוואות האָבן אויך באַקומען די יידישע האַנטוועורקער, וועלכע האָבן זיך געניוטיקט אין איינשאַפן מאַשינען און מאַטעריאַלן.

„דאָם באַנקאָווי מאַטיס גאָלצמאַן" האָט געהאַט אַ גוטן נאָמען אין אויסלאַנד און דאָס האָט געהאָלפן אין אַ געוויסער מאָס צום שטאַרקן דעם יידישן האַנדל. יעדע רעקאָמענדאַציע פון דער באַנק האָט גענאָסן פון אומבאַגרענעצטן צוטרוי.

די באַנק איז געווען טעטיק ביזן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה 1914.

## ווזאַיעמני קרעדיט

די צווייטע יידישע באַנק „ווזאַיעמני קרעדיט" האָט זיך געגרינדעט אין יאָר 1908. דאָס איז געווען אַ קאָאָפּעראַטיווע באַנק. די אָנפירער זענען געווען פייוול לעדערמאַן, הערשל גפן, שפּעטערדיקער רב אין טאָמאַשעווקע, דוד ביגמאַן א.א. בוכהאַלטער איז געווען נחמן סאַמעלסאָן.

די באַנק איז געווען סובסידירט און געשטיצט פון אַמעריקאַנער יידישע געזעלשאַפטן. און האָט אויך פיל מיטגעהאָלפן דער יידישער באַפעלקערונג מיט גרעסערע און קלענערע קרעדיטן. די שטיצע פאַר די יידישע סוחרים און האַנטווערקער איז געווען פון גרויסער באַדייטונג, אָבער מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז אויך די באַנק „ווזאַיעמני קרעדיט" ליקווידירט געוואָרן.

## באַנק לודאָווי

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, אין יאָר 1921, איז געגרינדעט געוואָרן די יידישע באַנק א. ג. „באַנק לודאָווי", וואָס איז געוואָרן געשטיצט דורכן דזשאָינט. די יידישע סוחרים און קרעמער, באַזונדערס האַנטווערקער, וועלכע זענען געבליבן נאָך דער מלחמה אָן מיטלען ווידער אויפצובויען זייערע פרנסות, זענען די הלוואות, ווי אויך געלט־שטיצע, געווען פאַר זיי אַ לעבנס־נויטווענדיקייט. די באַנק איז געפירט געוואָרן אויף אַ גרויסן פאַרנעם און געהאָלפן יעדן וואָס האָט זיך געניוטיקט אין לאַנג־טערמיניקע הלוואות.

דער דירעקטאָר פון דער באַנק איז געווען לוי גאָלדפעדער. צווישן די אָנגעשטעלטע זענען געווען מאָטל באַרנהאָלץ א. אַ. צום ראַט פון דער באַנק האָבן געהערט: משה ראָזשאַנקער, יעקב קירמאַן, אשר לערער, יהושע פעסטמאַן,

דוד שנור א. אַ. יעדעס יאָר האָט די אַלגעמיינע פאַרזאַמלונג אויסגעוויילט אַ נייעם ראַט.

ווען מיר רעדן וועגן דער טעטיקייט פון די דאָזיקע מענטשן און אינסטיטוציעס דאַרפן מיר געדענקען ווי שטאַרק עס איז געווען באַדראָט דער עקאָנאָמישער מצב פון די יידן אין יענער צייט. דער פוילישער אַנטיסעמיטיזם איז געוואָרן שטאַרקער און אַנגרייפערישער און די אַרבעט פון די יידישע כלל־טוער האָט דערפאַר געהאַט נישט בלויז אַ סאָציאַלן, נאָר אויך אַ נאַציאָנאַלן באַדייט. די דאָזיקע באַמערקונג איז שייך די געזעלשאַפטלעכע טוער אין אַלע אינסטיטוציעס, וואָס זענען געשאַפן געוואָרן צו העלפן דער יידישער באַפעלקערונג. אין דער טעטיקייט פון די דאָזיקע אינסטיטוציעס איז געקומען צום אויסדרוק דער שטאַרקער ווילן פון קעגנזייטיקער הילף און דאָס גרויסע אחריות־געפיל פון די געזעלשאַפטלעכע עסקנים אין וולאָדאַווע.

## באַנק קופּיעצקי

כמעט אין דער זעלבער צייט האָט זיך געשאַפן נאָך אַ יידישע באַנק א. נ. „באַנק קופּיעצקי", וואָס האָט זיך פאַרנומען מיט אַרויסהעלפן די קלענערע יידישע סוחרים און קרעמער, וועלכע זענען נאָך דער מלחמה געווען שטאַרק פאַראָרעמט און האָבן מיט די אייגענע כוחות בשום אופן נישט געקענט זיך שטעלן אויף די פיס. דער פּרעזעס פון דער באַנק: פייוול לעדערמאַן. אין פּרעזידיום: דוד בעקערמאַן, ישעיה טשערוואָנאָגוראַ, נחמן שטערן, סאַמעלסאָן, אליעזר, יוסף האָלצמאַן א.א.

מיט דער צייט איז שטאַרק געוואַקסן די אַנטיסעמיטישע העצע אין פוילן, וואָס איז געווען בעיקר געצילט אין יידישן סוחר. די פוילישע בענק האָבן פולשטענדיק צוגענומען דעם קרעדיט ביי יידן. די צוויי יידשע בענק האָבן דערפאַר אין וולאָדאַווע אויסגעפירט אַ וויכטיקע אויפגאַבע ביים אַרויסהעלפן די יידישע סוחרים. עס זענען נישט געמאַכט געוואָרן קיין אויסנאַמען ביים אַרויסגעבן הלוואות. די איינציקע קריטעריע איז געווען די נויטבאַדערפטיקייט פונעם לווה.

ביידע בענק האָבן אַרויסגעוויזן אַ זייער לעבהאַפטיקע טעטיקייט און האָבן אויפריכטיק געשטיצט די יידישע באַפעלקערונג.

זאָל ביי דער געלעגנהייט דערמאַנט ווערן די דאַנקבאַרקייט, וואָס אַלע האָבן געפילט צו די עסקנים פון ביידע בענק פאַר זייער אומדערמידלעכער אַרבעט, וועלכע איז באמת געווען לברכה פאַרן שטעטל און זיי זענען געווען טעטיק ביזן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אונטערגאַנג פון פּוילישן יידנטום.



## גמילות־חסד קאַסעס

שוין מיט הונדערטער יאָרן צוריק האָבן אין וולאָדאַווע עקזיסטירט גמילת חסד־קאַסעס, וועלכע פלעגן אַרויסהעלפן מיט הלוואות בעלי־מלאכות און קרעמער, וועלכע מען האָט געדאַרפט שטעלן אויף די פיס סיי ביים איינשאַפן זיך מכשירים, מאַשינען און אַרבעטס־מאַטעריאַלן, סיי ביים באַקומען סחורות פאַר די קראָמען.

אין די שפּעטע יאָרן פון 19־טן יאָרהונדערט זענען ביי דער דאָזיקער אַרבעט פון שאַפן און פירן די גמילת חסד־קאַסעס געווען אַקטיוו די עסקנים: דוד ביגמאַן, שמעון סאַמעלסאָן, ישראל האָלצמאַן, לייב פישמאַן, נוימאַן און אַ סך אַנדערע, וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.

די לעצטע שטאָטישע גמילת חסד־קאַסע האָט דיספּאָנירט מיט גרעסערע סומעס און איז אימשטאַנד געווען צו געבן גרעסערע הלוואות. זי האָט טאַקע געשטיצט מיט אַ ברייטער האַנט פאַראָרעמטע קרעמער און האַנטווערקער. עס זענען געווען אַ סך פאַלן ווען די גמילת חסד־קאַסע האָט גענומען אויף זיך דאָס צוריק אויפשטעלן ליקווידירטע פּאָזיציעס.

די גמילת חסד־קאַסע האָט זיך כסדר פאַרגרעסערט. אַ טייל פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים און אַפילו פון מיטלשטאַנד, האָבן געבאָרגט דער קאַסע גרעסערע און קלענערע סומעס אָן פּראָצענט. די דאָזיקע קאַסע האָט אַ דאַנק איר אומדערמידלעכער אַקטיוויטעט ביים העלפן דער יידישער באַפעלקערונג געווינען גרויס אָנזען און עס האָבן זיך כסדר געמערט די, וועלכע האָבן מאַטעריעל אונטערשטיצט די גמילת חסד־קאַסע.

די לעצטע עטלעכע צענדליק יאָר איז געווען פּרעזעס אליעזר יוסף האָלצמאַן. צו די אַקטיווסטע עסקנים האָבן געהערט: דוד בעקערמאַן, פייוול לעדערמאַן, לייביש ביגמאַן, דוד לוסטיגמאַן, דוד שנור, וועלוול זאראבטשעק, גרשון העגעך זיידמאַן, אהרון זייפער, חיים פישמאַן און אהרון פרידמאַן. זיי האָבן אַרויסגעגעבן גרעסערע הלוואות וועלכע זענען צוגעטיילט געוואָרן די, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין אַ מקור פון פרנסה און דאָס האָט זיי געהאָלפן שטעלן זיך אויף די פיס.

חוץ דער דאָזיקער צענטראַלער גמילת חסד־קאָסע איז כמעט אין יעדן חסידים־שטיבל, בית המדרש, ווי אויך ביי די פּאַרטייאישע אָרגאַניזאַציעס, געווען אַן אייגענע גמילת חסד־קאָסע אויף אַ קלענערן פאַרנעם. יעדע אַזאַ קאָסע פלעגט אַרויסהעלפן אירע מתפללים אָדער מיטגלידער מיט אָן־פּראָצענטיקע הלוואות. עס געדענקט זיך אַזעלכע עסקנים, וועלכע זענען געווען אַקטיוו אין יענע קלענערע קאָסעס און

האבן פיל מיטגעהאָלפן ביים אונטערשטיצן נויטבאַדערפטיקע און נישט דערלאָזן זיי אונטערגיין.

אַזעלכע זענען געווען :

משה מאַנדל, ישעיה טשערוואַנאַגורא, מתתיהו האַלצמאַן, דוד האַלצמאַן, די ברידער פוקערמאַן, אשר לערער, משה אײדלסבערג, אלתר שאַפּירשטיין בערל ראַטנבערג, משה גדליהס און אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן געהערט צו די באַזונדערע חסידים־שטיבלעך און פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס און זענען געווען פילבאַר פאַר די נויטן פון זייערע חברים, האָבן זיך פאַראינטערעסירט מיט זייער מאַטעריעלן מצב און זענען שטענדיק גרייט געווען זיי אַרויסצוהעלפן. דאָס איז געווען אַ צוגאָב־הילף צו דער צענטראַלער גמילת חסד־קאַסע.

טאָמאַשעווקע האָט פאַרמאָגט איר אייגענע גמילת חסד־קאַסע, וועמענס פּרעזעס עס איז געווען ישראל ווינאַגראַד. דער דאָזיקער פּשוטער פאָלקס־מענטש, וואָס איז אַליין נישט געווען פון די רייכע ייִדן אין טאָמאַשעווקע, פלעגט נישט נאָר העלפן ייִדן וואָס איז געקומען בעטן, נאָר פלעגט אַרומזוכן און קומען צו דעם וואָס האָט זיך גענויטיקט אין אַ הלוואה. ער איז אַליין געווען פון די גרעסטע נדבנים. זיינע מיטהעלפער זענען געווען : יעקב האָלצמאַן, יהושע וואַסערמאַן, ישראל קאַגאַן, דודטשע לעדערמאַן, איטשע ביאַלא, משה ליאַס, ישראל טשעסנער א. אַ.

מיטן חורבן פון אַלע אַנדערע ייִדישע אינסטיטוציעס, וואָס האָבן עקזיסטירט ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה, איז אויך אונטערגעגאַנגען אָט די שיינע אינסטיטוציע, וואָס האָט מיט אַזויפיל אידעאַליזם זיך פאַרנומען מיט העלפן דעם ייִדישן סוחר און אַרבעטס־מענטש.

**

## די געשיכטע „ב״ח״

דאָס איז געווען אין די 20־קער יאָרן, ווען עס האָט אין שטאָט אַרויסגערופן אַ גרויסן רושם דער באַזוך פונעם גרויסן ייִדישן שרייבער שלום אַש. באַזונדערס גרויס איז געווען די התלהבות צווישן דער יוגנט, וועלכע האָט ממש אַרומגערינגלט אהרון סאַמעלסאָנס האָטעל, ווו דער גאַסט איז איינגעשטאַנען. יעדער איז געווען נייגעריק כאָטש אַ קוק צו טון אויף דעם גרויסן ייִדישן שרייבער, וועמענס ווערק זענען געווען זייער פּאָפּולער צווישן די ייִדישע לייענער.

דער באַזוך איז געקומען פּלוצלינג און איז נישט געווען פאַרבינדן מיט קיין שום ליטעראַרישן אַרויסטריט. שלום אַש איז דעמאָלט נישט איינגעלאַדן געוואָרן דורך קיין שום אָרגאַניזאַציע. קיינער האָט פּשוט נישט געוווּסט וועגן דעם באַזוך. שלום אַש האָט אויך נישט געזוכט קיין קאָנטאַקט מיט



קיינעם פון די פּאַרטייען, קיינעם נישט מיטגעטיילט וועגן זיין קומען און קיינעם נישט געזוכט צו זיך חוץ דעם פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג אין דער ייִדישער קהילה אין יענער צייט.


ZARZĄD
Gminy Wyznaniowej
Żydowskiej
we WŁODAWIE,
ul. Nauma Sokolowa Nr. 10.

הקהלה העברית
ולדבה
רחוב נחום סוקולוב 10

Protokół Nr 29
וולאדאווא, דעם

Stosownie do uchwały Zarządu Wyzn. Gminy Żydów we Włodawie Zarząd uchwalił podarować dla Muzeum Narodowego Żyd. przy Uniwersytecie w Jerozolimie niniejszą księgę Talmudu autora Bacha byłego rabina miasta Włodawy.

Włodawa dnia 2 listopada 1933 r.

פאָטאָקאָפּיע פון אַ פּראָטאָקאָל געשיקט דורך דער וולאָדאַווער קהילה און מוזיי פון ירושלימער אוניווערזיטעט אויפן הר הצופים, וועגן גמרות, וואָס זענען פאַרזען מיט די הערות פונעם ב״ח, געוועזענער רב אין וולאָדאַווע, און זיי איבערגעשיקט אַלס מתנה פאַרן נאַציאָנאַלן מוזיי ביי דער אוניווערזיטעט אין ירושלים. אונטערשריפט : א. כהן, לעאָן האָפּסלער.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט און מען האָט זיך דערוווּסט וועגן דער סיבה פון שלום אַשס פּלוצלינגען באַזוך. ער איז געקומען מיט אַ פאָרשלאָג, אַז מען זאָל אים פאַרקויפן די גמרא, אין וועלכער עס געפינט זיך דער אָריגינעלער כתב־יד פונעם וולאָדאַווער רב, ר׳ יואל סירקיש, וועלכער איז באַקאַנט אין דער לומדישער וועלט א. נ. „ב״ח״, די ראשי תיבות פון זיין ספר „בית חדש״.

דער פּרעזעס האָט אים קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט דאָס צו פאַרקויפן. מאָטיווירנדיק דעם אָפּזאָג, אַז די דאָזיקע גמרא, אין וועלכער דער ב״ח האָט געלערנט און אַליין פאַרצייכנט אין איר זיינע הערות, איז צו טייער פאַר דער ייִדישער קהילה אין וולאָדאַווע און זיי וועלן עס נישט פאַרקויפן פאַר קיין שום פּרייז.

ערשט דעמאָלט האָט שלום אַש גענומען זוכן פאַרבינדונגען מיט אָנפירער פון די וולאָדאַווער יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, באַמיענדיק זיך איבערצייגן זיי, אַז אין וולאָדאַווע

האָט קיינער נישט קיין באַזונדערן נוצן פון דער דאָזיקער גמרא, דאַקעגן פאַר אים האָט זי אַ גרויסע באַדייטונג, ווייל ער זאַמלט אַזעלכע אויטאָגראַפן און האָט אין פּלאַן צו שרייבן אַ ווערק איבערן וולאָדאַווער רב, ר׳ יואל סירקיש, דעם ב״ח. דער שריפטשטעלער האָט געבעטן די יידישע יוגנטלעכע זיי זאָלן אַרויסווייזן פאַרשטענדעניש פאַר זיין פאַרלאַנג און פועלן ביי דער קהילה, אַז מען זאָל אים פאַרקויפן די גמרא, פאַר וועלכער ער איז גרייט צו באַצאָלן אַ הויכן פּרייז.

די וולאָדאַווער יוגנט, האָט אַרויסגעוויזן גרויס כבוד שלום אַשן, איז אָבער געווען דורכאויס קעגן פאַרקויפן אים די גמרא. באַזונדערס אַקטיוו איז דעמאָלט געווען די ציוניס־טישע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וועלכע האָט פאַרמאָגט אַ רייכע ביבליאָטעק און האָט זיך געוואָנדן צו דער קהילה מיטן פאַר־שלאַג אָפּצוקויפן די גמרא פאַר דער ביבליאָטעק, געבן דעם זעלבן פּרייז, וואָס שלום אַש האָט צוגעזאָגט און זיך פאַר־פליכטן נישט אַרויסצובאָרגן די גמרא, נאָר האַלטן זי אַלס אוצר פון דער ביבליאָטעק.

שלום אַש איז טאַקע אויפגענומען געוואָרן מיט גרויס אַכטונג און ענטוזיאַזם, אָבער די גמרא איז פאַרבליבן אין שטאָט, פאַרשלאָסן אין דער שאַנק פון דער גרויסער שיל. דער וויזיט פון שלום אַש האָט נאָכמער אויפגעהויבן די חשי־בות פונעם ספר, וואָס אַ סך איינוווינער פון שטאָט האָבן ביז דעמאָלט נישט געוווּסט וואָס פאַראַ אוצר די שטאָט פאַר־מאָגט.

אַרום דעם דאָזיקן ספר האָבן זיך גענומען פירן שמו־עסן. עלטערע חסידים, רבנים און גבאים האָבן זיך דערציילט דאָס וואָס זיי האָבן איבערגענומען פון זייערע עלטערן וועגן דער גרויסקייט פון די וולאָדאַווער רבנים און ווי אַזוי וולאָ־דאַווע האָט תמיד אויפגענומען איר מרא דאתרא, געצאָלט הויכע שכירות און געזאָרגט פאַר דער בכבודיקער אויס־האַלטונג פון יעדן רב אין שטאָט. הרב יואל סירקיש, וועל־כער איז געווען אַ לענגערע צייט הויפּט־רב אין וולאָדאַווע און איז געווען באַרימט אין דער לומדישער וועלט, האָט גע־נאָסן אין וולאָדאַווע פון גאָר אַ וואַרעמער באַציאונג מצד דער קהילה און פון דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין שטאָט.

ווען די שטאָט האָט זיך דערוווּסט, אַז זייער רב, ר׳ יואל סירקיש פאַרנעמט זיך מיט שרייבן זיין פירוש אויפן שולחן ערוך, האָט די קהילה צוגענומען נאָך אַ מורה הוראה, ער זאָל פּסקנען די שאלות, כדי דער רב זאָל נישט געשטערט ווערן און קאָנען אָפּגעבן מער צייט פאַרן שרייבן זיין ספר, דעם ב״ח.

ר׳ יואל סירקיש איז טאַקע געזעסן יומם ולילה איבער זיין גרויסן חיבור. אין וולאָדאַווע האָט מען אַפילו אָנגעוויזן



די שטוב, אין וועלכער דער באַרימטער גאון האָט אַ סך יאָרן געוווינט.

עס איז דערפאַר נישט פאַרשטענדלעך, פאַרוואָס הרב אברהם כהנא דער מחבר פונעם ספר „רבי ישראל בעל שם טוב״, געדרוקט אין דער דרוקעריי קעסלמאַן־פייערבערג, זשיטאָמיר תרס״א, דערציילט צוו. אַנד. וועגן דעם ב״ח, אַז ער איז געווען רב אין מעזשיביזש און האָט דאָרט געדאַוונט אין דער גרויסער שיל פונעם בעל שם טוב און דערמאָנט נישט מיט קיין וואָרט, וועגן זיין פאַרנעמען דעם כסא הרבנות אין וולאָדאַווע, ווו ער איז געווען רב עטלעכע יאָר, אין דער צייט וואָס אין מעזשיביזש איז ער אינגאַנצן געווען נאָר איין יאָר. ער דערציילט אויך אַז דער ב״ח איז געווען רב אין די קהילות: פּרוזשאַנאַ, לובאָמיל (ליבעוונע), ביזלא, שידלא, בריסק און קראָקע. עס איז נישט צו פאַרשטיין פאַרוואָס עס איז אויסגעמיטן געוואָרן צו דערמאָנען וולאָדאַווע.

דער זעלבער פעלער ווערט אויך געמאַכט אין די פאַר־שידענע ענציקלאָפּעדיעס, וועלכע זענען דערשינען ביז איצט און מען דערמאָנט אין זיי דעם ב״ח און די פאַרשידענע קהי־לות, ווו ער איז געווען רב, אָבער דווקא וולאָדאַווע, ווו ער איז געווען רב עטלעכע יאָר און האָט דאָרט געשריבן זיין ספר, ווערט נישט דערמאָנט.

ווען עס איז דערעפנט געוואָרן דער מוזיי ביים ירו־שלימער אוניווערסיטעט אויפן הר הצופים, האָט די ציוניס־טישע אָרגאַניזאַציע אין וולאָדאַווע זיך געוואָנדן צו דער קהילה מיט אַ פאַרשלאַג אָוועקצושיקן אַלס מתנה פאַרן מוזיי די גמרא מיט די הערות, וואָס דער ב״ח האָט אייגנהענטיק געשריבן.

די יידישע קהילה אין וולאָדאַווע האָט זיך אויפן דאָזיקן פאַרשלאַג אָפּגערופן מיט גרויס ענטוזיאַזם. פּרעזעס איז דעמאָלט געווען אברהם כהן, דאָזאַרעס: אשר לערער, דוד האַלצמאַן, קאַרנאָווסקי, גרשון הענעך זיידמאַן, דוד גרינשטיין (אַפּטייקער), יעקב קירמאַן א. אַ.

די יידישע באַפעלקערונג האָט דעם באַשלוס פון דער קהילה אויפגענומען מיט גרויס צופרידנקייט. אַלע זענען געווען שטאָלץ דערמיט, וואָס אין ירושלים וועט זיך געפינען די ווערטפולע מתנה פון דער שטאָט וולאָדאַווע.

דער ענטפער פון דער אָנפירערשאַפט פון ירושלימער אוניווערסיטעט האָט אויסגעדריקט די פרייד און דאַנקבאַר־קייט פאַר דער דאָזיקער מתנה, צוזאָגנדיק אָפּצוהיטן זי מיט דער גאַנצער פּיעטעט.

לײדער איז אין דער צייט פון יידישן חורבן פאַרלוירנ־געגאַנגען דער בריוו־אויסטויש, ווי אויך דער פּנקס פון דער וולאָדאַווער קהילה, ווו עס זענען געווען פאַרשריבן אַלע גע־שעענישן און באַשלוסן בנוגע אַלעם, וואָס איז געווען פאַר־

בונדן מיט דער טעטיקייט פון דער קהילה צווישן דער יידישער באַפעלקערונג.

אין דער ירושלימער אוניווערסיטעט איז אונדז געלונגען צו געפינען אַ קאָפּיע פון דעם באַשלוס, וואָס די יידישע קהילה אין וולאַדאַווע האָט אָנגענומען אין זיינער צייט וועגן אַוועקשענקען דאָס ספר פאַרן מוזיי. אָט ווי עס לייענט זיך דער אָריגינעלער באַשלוס:

„פּראָטאָקאָל 29 פון דער יידישער קהילה, וולאַדאַווע, נחום סאָקאָלאָוו־גאַס נומער 10.

פּראָטאָקאָל 29.

אין איינקלאַנג מיטן באַשלוס פון דער פאַרוואַלטונג פון דער יידישער גמינע אין וולאַדאַווע שיקן מיר אַרויס צום נאַציאָנאַלן יידישן מוזיי ביי דעם אוניווערסיטעט אין ירושלים דאָס בוך פון תלמוד פונעם ב״ח, דער געוועזענער רב פון דער שטאָט וולאַדאַווע.

וולאַדאַווע, 2.11.1933

אונטערגעשריבן זענען:

פּרעזעס פון דער פאַרוואַלטונג — א. כהן, סעקרעטאַר — לעאָן אבסטלער.

דאָ קומט דער סטעמפּל פון דער יידישער קהילה אין וולאַדאַווע.

זאָל דאָ באַמערקט ווערן, אַז דער פּרעזעס א. כהן איז אומגעקומען אין געטאָ. דער סעקרעטאַר לעאָן אבסטער האָט זיך געראַטעוועט און נאָך דער מלחמה איז ער געווען טעטיק אין צענטראַל־קאָמיטעט פון דער רעוויזיאָניסטישער פּאַרטיי אין מינכען, דייטשלאַנד, האָט שפּעטער אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און איז דאָרט געשטאָרבן.

## וולאַדאַווער „אונדזער שטימע"

אין יאָר 1926/27 האָט אַ גרופּע וולאַדאַווער קולטור־טוער אונטערגענומען די איניציאַטיוו פון אַ צונויפטרעף מיטן רעדאַקטאָר פון וואָכנבלאַט „כעלמער שטימע" ה' פייוול פריד מיטן ציל אָנטיילצונעמען אינעם אַרויסגעבן די צייטונג, אין וועלכער עס זאָל אויך זיין אַן אָפּטיילונג פאַר וולאַדאַווע.

די אָנטיילנעמער אין צונויפטרעף מיטן רעדאַקטאָר זענען געווען: די ברידער וועלוול און יעקב שטשעדראָוויצקי, שמואל פּיעטרושקע, אליהו האַלצמאַן, רפאל כהן, שלמה האַלצבלאַט א. אַ. די „כעלמער שטימע" איז געווען אַ גוט אָרגאַניזירטע וואָכן־צייטונג, וואָס איר רעדאַקטאָר, ה' פייוול פריד, אַ באַגאַבטער זשורנאַליסט און ערלעכער פּאָלקסמענטש, האָט זיך שטאַרק געמאַטערט ביים אַרויסגעבן די צייטונג, וואָס האָט זיך כסדר געפונען אין דעפיציט. דער



פאַרשלאַג איז געווען, אַז וולאַדאַווע זאָל צוטרעטן אַלס שותף און צוזאַמען אַרויסגעבן די וואָכן־צייטונג, אין וועלכער פיר זייטן זאָל פאַרנעמען וולאַדאַווע און די אַנדערע אַכט זייטן — כעלם.

די טראַנזאַקציע איז געמאַכט געוואָרן. אַלס הויפּט־רעדאַקטאָר איז ווייטער פאַרבליבן פייוול פריד. די צייטונג האָט געטראָגן דעם נאָמען „אונדזער שטימע". אַלס רעדאַקטאָר פון דער וולאַדאַווער אָפּטיילונג איז באַשטימט געוואָרן שמואל פּיעטרושקע, היינט — שמר. אין רעדאַקציע־קאָלעגיום זענען אַריין די אויבנדערמאָנטע חברים פון וולאַדאַווע און זיי זענען געווען שטענדיקע מיטאַרבעטער אין דער צייטונג.

אין דער צייטונג זענען באַהאַנדלט געוואָרן אַלע שטאָטישע פּראָבלעמען. עס זענען אויך געווען ליטעראַרישע אַרבעטן. די אַרטיקלען האָבן אויף אַן ערנסטן אופן קריטיקירט און אָנגעוויזן פאַרשידענע בלויזן. אַ גרויסער טייל פון די אַרטיקלען איז געווען געווידמעט דער ציוניסטישער טעטיקייט, האָט אַרומגענומען טעאָרעטישע און פּראַקטישע פּראָבלעמען פון די אָרגאַניזאַציעס, די אַרבעט אַרום די ציוניסטישע קרנות. אַ סך אויפמערקזאַמקייט איז געשענקט געוואָרן דעם אַלגעמיינעם לעבן אין שטאָט, דער טעטיקייט פון דער יידישער קהילה, פון שטאָטראַט און פון די פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. גאַנץ אָפט האָבן זיך באַוויזן אויך שאַרף־סאַטירישע אַרטיקלען.

די צייטונג איז אין וולאַדאַווע געוואָרן גוט פאַרשפּרייט, געהאַט אַ סך סטאַבילע לייענער און גענאָסן פון דער מאָראַלישער און מאַטעריעלער אונטערשטיצונג מצד די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

די שותפות אין דער צייטונג האָט געגעבן גוטע רעזולטאַטן. די צוועלף גרויסע זייטן האָבן פאַרנומען פּובליציסטישע און ליטעראַרישע אַרבעטן, וואָס האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם לעבנסשטייגער און די באַזונדערע פּראָבלעמען, מיט וועלכע די שטאָט האָט זיך געראַנגלט. עס זענען איבערגעגעבן געוואָרן די אַקטועלע נייעסן און באַזונדערע געשעענישן, וואָס זענען פאָרגעקומען אין ביידע שטעט. די השפעה פון דער צייטונג איז געווען קענטיק אין ביידע שטעט. די פאַרשטייער אין דער קהילה און אין שטאָטראַט האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט די קריטישע אָנווייזונגען אין די פאַרשידענע אַרטיקלען. עס איז געווען קלאָר פאַר זיי, אַז זיי געפינען זיך אונטער אָבסערוואַציע און געזעלשאַפטלעכער קאָנטראָל. קיינעם האָט נישט געשמעקט גענומען צו ווערן אין דער צייטונג „אויפן צימבל".

די רעדאַקציע פון דער וולאַדאַווער אָפּטיילונג פלעגט פון צייט צו צייט אויך איינאָרדענען עפנטלעכע ליטעראַרישע שמועסן און משפטים איבער פאַרשידענע ווערק.

די רעדאַקציע האָט זיך געפונען אין לאָקאַל פון דער אָרגאַניזאַציע „הפועל המזרחי״.

## די האָלץ־בראַנזשע

אַ דאַנק דעם האָלץ־מסחר איז וולאָדאַווע געקרוינט געוואָרן אין דער סוחרישער וועלט מיטן נאָמען קליין דאַנציג. דעם דאָזיקן שטאָלצן טיטל האָט אונדזער שטעטל זיך פאַרדינט אַ דאַנק דעם גרויסן עקספּאָרט פון פאַרשידענע האָלץ־מאַטעריאַלן, וואָס זענען פון וולאָדאַווע געגאַנגען אין אַ סך לענדער און צווישן זיי אויך ישראל. דאָס האָלץ איז געווען פון גוטער קוואַליטעט, אויסגעאַרבעט און קאָנטראָלירט דורך אויסגעצייכנטע ספּעציאַליסטן. די סוחרים זענען געווען באַקאַנט מיט זייער סאָלידער באַהאַנדלונג און פּינקטלעכן אויספירן די אָפּמאַכן און באַשטעלונגען.

די האָלץ־בראַנזשע איז אינגאַנצן געווען אין יידישע הענט. יידן האָבן אַנטוויקלט דעם האַנדל אויף אַ גרויסן פאַרנעם און דער גרעסטער טייל פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געצויגן די חיונה פון דער האָלץ־בראַנזשע.

פאַרשידענע האָלץ־מאַטעריאַלן (האָבן אַרומגענומען אַלערליי געביטן) האָט וולאָדאַווע געליפערט פאַר בוי, פאַר מעבל, ווי אויך ברען האָלץ (ברען־מאַטעריאַל) פאַר פאַבריקן, מילן, גלאָז־הוטעס און בעקערייען אין די נאָענטע און ווייטע שטעט. דאָס גרעסטע אָרט האָט פאַרנומען דער עקספּאָרט. דער האָלץ־מסחר האָט אין וולאָדאַווע עקזיסטירט הונדערטער יאָרן. געווען צייטן ווען די טראַנספּאָרטן זענען געשיקט געוואָרן מיטן וואַסער. די דערפער אַרום וולאָדאַווע, סאָביבאָר, ראָזשאַנקע, שישנע, שומינקע און סטאווקי, ווו די ברעגן פונעם טייך זענען געווען הויכע, האָבן די סוחרים אָפּגעדונגען די ברעגן און אַ גאַנצן ווינטער געפירט אַהין דאָס האָלץ און נאָך פסח, ווען דאָס אייז האָט געלאָזט, האָבן די פּויערים פון די דערפער געבונדן דאָס האָלץ אויף טראַטועס און פאָסן און זיי אַוועקגעלאָזט מיטן בוג ביז צו דער ווייסל. מיט דער ווייסל איז דאָס האָלץ געשוואומען ביז דאַנציג, ווו מען פלעגט עס אויפלאָדן אויף שיפן.

אַזוי איז געגאַנגען דער עקספּאָרט קיין אויסלאַנד און אין די פּוילישע שטעט, וועלכע זענען געלעגן אויפן ברעג פון בוג און פון דער ווייסל. אין די נעענטערע שטעטלעך איז דער טראַנספּאָרט געפירט געוואָרן מיט וועגענער. פּויערים פון די דערפער זענען געווען ספּעציאַליסטן אויף בינדן דאָס האָלץ און אַוועקשיקן עס מיטן וואַסער.

ווען עס איז דורכגעפירט געוואָרן די באַן־ליניע בריסק־כעלם, אין יאָר 1880 בערך איז דער טראַנספּאָרט פון האָלץ



מערסטנס געפירט געוואָרן מיט דער באַן. ביי דער באַן־סטאַציע, 4 קילאָמעטער פון שטאָט, זענען אויפגעבויט געוואָרן טאַרטאַקן און אַרום זיי האָבן זיך פונאַנדערגעבויט אַ סך הייזער. מיט דער צייט איז דאָס אָרט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שטעטל, וואָס האָט זיך גערופן וולאָדאַווע 2 אָדער טאָמאַשאָווקע.

פון די עלטסטע האָלץ־סוחרים זענען געווען: ישראל האָלצמאַן, אַ חסיד פונעם ערשטן קאָצקער רבין ר׳ מענדעלע און פון די גרינדער פונעם קאָצקער שטיבל אין וולאָדאַווקע; משה אייזנבערג, אויך אַ קאָצקער חסיד. פון וולאָדאַווע זענען באַקאַנט די נעמען: אברהם ביגמאַן, פרעזעס פון דער יידישער גמינע; באַרנהאָלץ, וואַקשאַל, נוימאַן. און אַנד.

ביים סוף פון 19־טן יאָרהונדערט איז אויפגעבויט געוואָרן דער ערשטער טאַרטאַק, וואָס איז געטריבן געוואָרן מיט דאַמף. די בויער זענען געווען: מתתיהו בן ישראל האָלצמאַן, קאָצקער חסיד, בשותפות מיטן ראַדאָמער האָלץ־סוחר ר׳ הערש־בער פוקס, אַן אַנגעזעענער נדבן און טריסקער חסיד. דעם טאַרטאַק האָבן זיי אויפגעשטעלט נאָענט פון דער באַן־סטאַציע און זיי האָבן אַנטוויקלט אַ גרויסן עקספּאָרט פון האָלץ.

עס איז כדאי צוצוגעבן, אַז די דערמאָנטע האָלץ־סוחרים זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן געשאַפן דעם נייעם מקור פון פרנסה פאַר די יידן ביי דער באַן־סטאַציע, ווו עס האָט זיך שפּעטער אַנטוויקלט אַ שיין יידיש שטעטל. די ביידע שותפים האָבן זיך גלייכצייטיק פאַרנומען מיט כלל־טוערייי און האָבן געהאַט גרויסע פאַרדינסטן ביים זאַמלען מעות חיטים, ווי אויך פאַר דער חברה קדישא און פאַר דער גמילת חסד קאַסע.

נאָך דער פּטירה פון ר׳ הערש־בער האָבן די אַרבעט איבערגענומען זיין זון דוד און אויך דער איידעם משה רעכטמאַן, וועלכע האָבן דעם מסחר מיט האָלץ געפירט אויף אַ גרויסן פאַרנעם און ממשיך געווען די אַרבעט לטובת הכלל.

מיט דער צייט האָט יעקב־הערש גרינהויז אויפגעבויט אַ צווייטן טאַרטאַק. מיט אים האָבן מיטגעאַרבעט זיינע זין: יחיאל, אליעזר און זיין איידעם ווידרע. יעקב־הערש גרינהויז איז געווען אַ פרומער אָפּגעהיטענער ייד און גלייכצייטיק אַ הייסער סימפּאַטיקער פון ציוניסטישן געדאַנק.

דערנאָך זענען צוגעקומען נאָך טאַרטאַקן: פון לייבל מאַלעריטער־ליכטנבערג, וועלכער איז בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט וולאָדאַווע, געווען בירגערמייסטער פון שטאָט; וועלוול ראַבינאָוויטש, אַן אָנגעזעענער וואַלד־סוחר; יעקב האָלצמאַן, וועלכער האָט זיך באַזעצט אין טאָמאַשאָווקע, אויפגעבויט דאָרט דאָס בית המדרש, געלאָזט שרייבן עטלעכע ספרי־תורהס. זיין איי־

דעם, ישראל טשעסטער איז געווען אַ ראַדזינער חסיד און אַ למדן. הערש ראַדזינסקי פון שעדלעץ, צוזאַמען מיט זיין אײדעם אברהם ציטערשפיל; משה ליאַס, אַ פיליוווער חסיד מיט זיינע זין: חיים־ישראל, לייבל און יאָסל. אַ טאַרטאַק מיט אַן עלעקטראָווניע פאַר טאַמאַשאָווקע האָט אויפגעשטעלט דער לובלינער האָלץ־סוחר אלי אהרון קירשנבוים, וועל־כער איז אַ צייט געווען פּרעזעס פון דער יידישער גמינע אין לובלין. אַ גרויסן טאַרטאַק האָבן אין וולאָדאַווע געהאַט די שותפים אליעזר־יוסף האַלצמאַן, ראַטמאַן און פּרעזעס פון גמילת חסד קאַסע; דוד האַלצמאַן, ראַטמאַן אין לעצטן וולאָדאַווער שטאָטראַט; אהרון־מאָטל פרידמאַן, יהושע זו־מער, משה ליאַס און שמואל־אלי פלאַמענבוים.

נעבן דאָרף שישני, פיר קילאָמעטער פון שטאָט, האָט אויפגעבויט אַ טאַרטאַק דער האָלץ־סוחר אבא הובערמאַן, אַ הייסער ציוניסט, געווען טעטיק אין וועד פון דער תרבות־שול.

אַ טאַרטאַק האָט אויך געהאַט לייבטשע אײַבער. ביי דער באַן־סטאַנציע סאָביבאָר, 7 קילאָמעטער פון שטאָט האָבן געהאַט אַ טאַרטאַק די ברידער מילשטיין־פירמא „ליאַס קרעסאָווע".

צען קילאָמעטער פון וולאָדאַווע ביים דאָרף פּישטש, האָט זיך געפונען דער טאַרטאַק פונעם האָלץ־סוחר משה ספּארד פון לובאָמיל. דער איינציקער טאַרטאַק אין אַדאַמ־פּאָל האָט געהערט צום כראַביע זאַמאָיסקי, אָבער איז תמיד געווען פאַרדונגען צו יידישע האָלץ־סוחרים.

האָלץ־סוחרים זענען געווען: גרשון־הענעך זיידמאַן, אַ ראַדזינער חסיד; ראובן ראָזנבערג, די עקספּאָרט־פירמע „ליאַס־פּאָל", וואָס האָט געהערט צו די שותפים שאול־וואָלף ליכטנבערג, אַלטער שאַפּירשטיין און אליהו האַלצמאַן; נח לאַמקע, אברהם כהן, יהושע וואַסערמאַן, איטשע־מאיר באַ־באַט, ראובן־הערש ווינאַגראַד, ישראל ווינאַגראַד, יוסף ווינאַגראַד, אברהם ראַבינאָוויטש, יוסף וואַסערניס, אייזיק אייזנבערג, משה אייזנבערג, משה מאַנדל, יהושע ליכטנ־בערג, זיינוול פּיעטרושקע, די ברידער שערמאַן, בעניע באַרנהאָלץ, דוד באַרנהאָלץ, די ברידער הערשל, משה און יצחק האַלצמאַן, אליהו חיים קאַגאַן, משה נוימאַן, יעקב נוימאַן, לייביש ווײַנשטאָק, משה־דוד פיליצער און זיינע זין ברוך און לייבל, יוסף פּאַסאַזשינסקי, קראַנענבערג, נאָטע ראָזנבערג, אברהם רייז, יוסף שיסגאַל, משה סוכאָווער, משה פּיעטרושקע, שמואל דב פּיעטרושקע, מאיר בראַנשטיין, הערשל זאַהייקער, אליעזר פּאַמעראַנץ, אברהם זיגלמאַן, נחום און נאָטע זיגלמאַן, לייבל ביאַלער. האָלץ־עקספּעדיטאָרן: יעקב ניסנבוים, איטשע ביאַלא, יצחק־מאיר האַלצמאַן, יעקב פּיעטרושקע, טוביה ליכטנבערג און משה סאַסנע.

האָלץ־בראַקערס: הערש־חיים גערטנער, אַ ראַדזינער חסיד, באַפולמעכטיקט פון גרויסע אויסלענדישע פירמעס איבערצונעמען פאַר זיי האָלץ־מאַטעריאַלן. זיינע ספּעציפי־קאַציעס זענען געווען אָנגענומען אין דער וועלט פון די האָלץ־סוחרים; אברהם אידעלעס־פורער, אַ ביאַלער חסיד און זיינע זין משה אשר און יהודה; מענדל דאַבראָשקלאַנקע, שמואל אביגדור פינקלשטיין, פּאַטער און זון פּרוידנהייט, יוסף קאַגאַן, חיים פּיעטרושקע, לייבל ווינאַגראַד, הערשל בראַנשטיין און סאַבאַל. די אַלע זענען געווען באַרימט מיט זייערע פּראָפעסיאָנאַלע קענטענישן אין דער האָלץ־בראַנזשע.

פון די האָלץ־אַרבעטער, וועלכע זענען כמעט אַלע גע־ווען בראַקער, האָבן זיך פאַרנומען מיט איבערגעבן, מעסטן און לאָדן, זענען געווען: יונה, גרשון יהושע, מעכעלע, מנשה קעלבערמאַן, נחום קנאַפּמאַכער, משה קוטשער און אַ סך אַנדערע, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע קענ־טענישן ביים מעסטן און מאַניפּולירן. ביי סכסוכים האָבן די סוחרים זיך גערעכנט מיט זייער מיינונג.

עס דאַרף פאַרצייכנט ווערן, אַז די יידישע האָלץ־אַר־בעטער האָבן אַריינגענומען אַלס שותפים צו דער אַרבעט די חלוצים, נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס האָט זיי גורם געווען טיילמאָל מאַטעריעלע שאָדנס.

צו דער בראַנזשע וויל איך צוגעבן די סמאָלאַרניעס, וואָס האָבן געהערט צו געצל עפּעל אין טאַמאַשאָווקע, קליי־נער מיט זיינע דריי זין, שמואל זאַלצמאַן מיט זיינע זין: ישראל און יחיאל; יהושע זומער און דוד האַלצמאַן אין סאָ־ביבאָר.

די האָלץ־סוחרים האָבן געגעבן זייער גרויסן ביישטייער מיט האָלץ־מאַטעריאַל ביים בויען דאָס בית המדרש, חסידים שטיבלעך, יתומים־הויז, דעם בנין פאַרן ציוניסטישן הויז און די ישיבה „בית יוסף".

די דריי הכשרה־פּונקטן, וואָס האָבן זיך געפונען אין וולאָדאַווע פון „החלוץ", „בית"ר", „הפועל המזרחי" וועלכע האָבן געצײַלט ביי צוויי הונדערט מיטגלידער האָבן זיך אויסגעהאַלטן אַ דאַנק די האָלץ־סוחרים. די ציוניסטישע צענטראַל־קאָמיטעטן האָבן געוווסט, אַז קיין וולאָדאַווע קען מען תמיד שיקן חלוצים אויף הכשרה, ווייל זיי וועלן קענען תמיד געפונען דאָרט אַרבעט און קענען זיך אויסהאַלטן.

איך האָב זיך באַמיט אויסצורעכענען די נעמען פון די יידישע סוחרים ,וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט דער האָלץ־בראַנזשע, כדי צו אילוסטרירן דעם גרויסן פאַרנעם, וואָס דער מסחר און עקספּאָרט האָט אָנגענומען אַ דאַנק דער יידישער איניציאַטיוו און ענערגיע. דאָס אַלץ איז מיטן חורבן פון דער יידישער קהילה אין וולאָדאַווע אונטער־געגאַנגען, ליקווידירט און פאַרניכטעט.

**בן מתתיהו**

אריה שטרוזמאַן

# די גרינדונג פון דער ערשטער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע

גלייך ווי עס האָט זיך אַביסל איינגעשטילט נאָך די שטורמישע געשעענישן איז אונטערגענומען געוואָרן די איניציאַטיוו צו רופן אַ פאַרזאַמלונג מיטן ציל צו שאַפן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע.

יענע ערשטע פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען ביי משה ראָזשאַנקער אינעם א.ג. קינאָ־זאַל, וואָס איז געווען פול געפאַקט מיט מענטשן. אין פרעזידיום האָבן זיך געפונען צוריקגעקומענע פון רוסלאַנד. צווישן זיי: אליהו געזונטהייט, שאולקע סאמעלסאָן, הערש־לייב עפּלבוים, אהרון־יואל סאַמעלסאָן, גרשון־הענעך בארנהאָלץ א. אַ.

אויף דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג איז געשאַפן געוואָרן די ערשטע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט גלייך פון אָנהויב געהאַט אַרום זיך אַ גרויסן קרייז פון סימפּאַטיקער און מען איז גלייך אַריבער צו אַ סטאַבילער ציוניסטישער טעטיקייט, צו פאַרשפּרייטן דעם ציוניסטישן געדאַנק צווישן ברייטערע קרייזן צווישן דער באַפעלקערונג אין וולאָדאַווע.

דער ערשטער לאָקאַל פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע איז געווען ביי חיה־רחל, וועלכע האָט געהאַט אַ געשעפט פון אַלקאָהאָל־געטראַנקען, ביי איר אין הויז אויפן צווייטן שטאָק איז געווען דער לאָקאַל.

צווישן די ניי־איינגעוואַנדערטע פון אַנדערע שטעטלעך קיין וולאָדאַווע, האָבן זיך געפונען אויך צוויי העבראישע לערער, איינער, אַן אַלטיטשקער, וואָס האָט געשטאַמט פון קאַרטוס־בערעזע; דער צווייטער, קיפעל, האָט געשטאַמט פון בריסק.ביידע האָבן גלייך אין אָנהויב געהאָלפן אין דער ציוניסטישער טעטיקייט, האָבן אָנגעהויבן לערנען עברית מיט יוגנטלעכע און דערוואַקסענע. געלערנט האָט מען אין אָוונט ביי אהרקע סאמעלסאָן אין האָטעל.

מיט האַרץ און נשמה האָבן די דאָזיקע מענטשן זיך איבערגעגעבן די לימודים. אַלע האָבן פאַרשטאַנען, אַז ציוניזם באַדייט אויך אויפלעבן די העבראישע שפּראַך און מחנך זיין די יוגנט אין עברית.

איך בין געבליבן איינער פון די ווייניקע תלמידים, וואָס



### ביים געזעגענען זיך צום עולה זיין קיין ארץ־ישראל

אין פּלאַן פון דער ציוניסטישער טעטיקייט איז געווען אַ וויכטיקער מאָמענט די זאַמל־אַקציע פאַרן קרן־קיימת און דאָס איינאָרדענען בלימל־טעג, אין וועלכע עס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער התלהבות די מיידלעך. גרויס איז געווען זייער פרייד מיט די געלונגענע רעזולטאַטן פון זייערע זאַמלונגען. דער בלימל־טאָג אין וולאָדאַווע האָט געשאַפן אַ יום־טובדיקע שטימונג סיי ביי די אָנטיילנעמער און סיי ביי דער באַפעלקערונג.



## אקטיוו פאַרן אויפבוי פון ארץ־ישראל

דאָס געזעגענען זיך מיט די חברים ביים עולה זיין קיין ארץ ישראל האָט געהערט צו די רירנדיקסטע מאָמענטן אין לעבן סיי פונעם עולה און סיי פון די איבערגעבליבענע חברים, וואָס האָבן ווייטער געהאָדעוועט אין זיך די שטרעבונג נאָך עליה. די ציוניסטישע אָרגאַני־זאַציע אין שטעטל איז געווען אַ קוזשניע, אין וועלכער עס איז געשמידט געוואָרן דער אידע־אַליזם און באַרייכערט דעם קולטורעלן באַ־גאַזש פון חלוצים. פון זייער אינעווייניקסטער, אייגענער קולטור־רייכקייט האָבן זיי זיך אויפ־געבויט דעם היכל פון אידעאַליזם פאַרן אויפבוי פון לאַנד.

1־טע שורה אויבן: באַנקהאַלטער, מענדל געזונטהייט, חיה גאָלדבערג, גרובער. 2־טע שורה: חיים־ישראל ליאַס, שמואל פיעטרושקע, בינטשע סאַמלסאָן, חנה שעדרעוויצקי, לאה גרינבערג. 3־טע שורה: שמואל־דב פיעטרושקע, אסתר גרובער, לייבל שטרוזמאַן, יונה שערמאַן, שרה פישמאַן, דוד ראַוונער, מאיר לייב ברוקמאַן, 4־טע שורה: חיה כ״ץ, לאה פעלדמאַן, זינאַ לעמבערגער.

מיט סיסטעם, התמדה, געדולד און עקשנות זענען געפירט געוואָרן די קורסן פאַר יוגנט און דערוואַקסענע. דאָס זענען געווען בראשית־שטיינער, פונדאַמענטן, אויף וועלכע עס האָט זיך פונאַנדערגעבויט די ציוניסטישע באַוועגונג אין וולאָדאַווע.

1־טע שורה אויבן (צווישן זיי): שרה שטרוזמאַן, חנטשע גרינשפאַן, זילבערשטיין (זושע קאָוואַלס טאָכטער). 2־טע שורה: לאָמקע נעמיראָווער רבס טאָכטער, שפרינצע, שרה אַדלער, באַבאַד, לאה גערשקאָפּ, 3־טע שורה: חיה גאָלדבערג, לייבל שטרוזמאַן, קיפּעל (לערער פון די אָוונט־קורסן — אין צענטער), ברכהטשע גאָלדבערג, כאַשע קאַלעצקי. 4־טע שורה: פינטשע (הוטנמאַכערין), רבקה עפּלבוים, רחל קיפּעל, אסתרקע קעלבערמאַן. אונטן (ליגנדיק): מרדכי רובינשטיין און יאַנקל קאַץ.



א דאַנק זייער לעבעדיקער, ענערגישער טעטיקייט איז די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע געווען אויך אַ צענטער פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וולאַדאַווע. די פריינט און חברים זענען געוואַקסן. די פּאָליטישע פּראָבלעמען זענען ברייטער, גרעסער געוואָרן און די אַרבעט איז געוואָרן דינאַמישער. די עליה פון איינעם פון די חברים קיין ארץ־ישראל איז געווען אַ גרויס געשעעניש, וואָס האָט זיך איינגעקריצט אין זכרון אויף שטענדיק.

שטייען (רעכטס): נפתלי גרובער, שמואל פּיעטרושקע, ב. סאַמלסאָן. שמואל דב פּיעטרושקע. עס זיצן: דוד ראַוונער, ד״ר פּעלדמאַן, אריה שטרוזמאַן.

האָבן געלערנט עברית, געזען ווי מיט יעדן טאָג ווערן מיר אַלץ ווייניקער, האָב איך זיך גענומען צום שאַפן נייע העבראַישע אָוונט־קורסן פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. דאָס איז מיר נישט אַזוי גרינג אָנגעקומען, ווייל עס האָבן מיר קודם־כל געפעלט די פינאַנסיעלע מיטלען. די אָרגאַניזאַציעס אין די קלענערע שטעט האָבן געמוזט זיך אַליין אויסהאַלטן און נאָך זאַמלען געלט פאַרן צענטראַל־קאָמיטעט אין וואַרשע.

די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דאַן אויפגעבויט ביי מאָטל דאבעלעס אויף דער ווירקער־גאַס אַן אייגענעם לאָקאַל אויפן צווייטן שטאָק און דאָס אַלץ מיט אייגענע כוחות. די אָוונט־קורסן זענען שוין פאָרגעקומען אין דעם דאָזיקן לאָקאַל. עס האָבן אָנגעהויבן לערנען אויך מיידלעך אין פאַרשידענעם עלטער. טייל פון זיי זענען געקומען פון פרומע היימען.

עס איז דאָ כדאי צו דערמאָנען דעם נעמיראָווער רב, אַ גרויסער למדן און ירא שמיים, דאָך האָבן זיינע צוויי טעכטער געלערנט עברית און געווען אַקטיוו אין דער טעטי־



קייט פאַר קרן־קיימת לישראל, האָבן געוואָלט מקיים זיין מיטן גאַנצן ווילן מצוות ציוניזם.

אין נייעם לאָקאַל זענען פאָרגעקומען רעפעראַטן און פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן אַרויסגערופן גרויס ענטוזיאַזם ביי אַלע צוהערער. מען האָט געלייענט די וועכנטלעכע ציוניסטישע און אַלגעמיין יידישע פּרעסע. יעדער יומא דפגרא איז אויסגענוצט געוואָרן פאַר רעפעראַטן מעניני דיומא, אונטערשטרייכנדיק דעם נאַציאָנאַלן מאָמענט.

אַדאַנק דער סיסטעמאַטישער אויפקלערונגס־אַרבעט און קולטור־געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט איז די צאָל מיטגלידער אין דער אָרגאַניזאַציע געוואַקסן.

נאָך מיין אָפּפאָרן,ביים סוף 1925 איז אין וולאָדאַווע געשאַפן געוואָרן די תרבות־שול, וואָס איז געווען אַ נאַטירלעכער המשך פון אונדזערע אָוונט־קורסן, און די ציוניסטישע טעטיקייט האָט זיך אַנטוויקלט אַלץ מער און מער ביז עס איז געקומען די מלחמה און דער גרויזאַמער חורבן פון דער גאַנצער יידישער קהילה אין וולאָדאַווע.

צבי שניידערמאַן
תל־מונד

# ציוניסטישע טעטיקייט אין יאָר 1903

מײַנע זכרונות פון וולאָדאַווע הויבן זיך אָן אין יאָר 1903, ווען איך בין אַלט געווען פערצן יאָר, זענען מײַנע עלטערן אַריבער קיין קאַליש, אָבער אין מײַן זכרון האָט זיך אײַנגעקריצט די שיינע באַרגיקע לאַנדשאַפט אַרום וולאָדאַווע, דער טײַך בוג און דער סטאַוו בײַ דער וואַסער־מיל; די גרינע לאָנקעס אַרום דער שטאָט, נאָך וועלכע איך האָב תמיד געבענקט.

ווען איך בין עלטער געוואָרן, איז מײַן גרויס פאַרגעניגן געווען צו פאָרן אַ גאַנצן מעת־לעת פון קאַליש קיין וולאָדאַווע, די שטאָט פון מײַן געבוירן. מײַנע אויגן האָבן זיך נישט געקענט אָנזעטיקן מיט דער שיינער לאַנדשאַפט און עס איז געווען אַ פאַרגעניגן צו טרינקען דאָס קוואַל־וואַסער, וואָס האָט געשטראָמט אונטערן באַרג פון דער מיל־גאַס.

אין יאָר 1903 איז אין וולאָדאַווע געשאַפן געוואָרן די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע. די גרינדער זענען געווען שמערל באַרנהאָלץ, אליהו שרײַבער און פײַגלסאָן. אַרום זיי האָט זיך גרופּירט אַ גרעסערע צאָל יוגנט. ווען מען האָט געוואָלט עפענען אַ לאָקאַל האָט קיינער נישט געוואָלט פאַרדונגען זײַן הויז פאַר די אפּיקורסים. אַזוי האָבן די פרומע יידן גערופן די ערשטע ציוניסטן אין שטעטל. דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז מײַן פאָטער שלמה־אברהם דודס, וועלכער האָט סימפּאַטיזירט מיטן ציוניסטישן געדאַנק, האָט דאַן אויפגעבויט אַ הויז אין אַ געסל נישט ווײַט פון דער ראָזשאַנקער־גאַס, ווו עס האָט געוווינט דער רב ר׳ לײבעלע און מײַן טאַטע האָט פאַרדונגען אַ „סאַלע" פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

די אָרגאַניזאַציע האָט אײַנגעאָרדנט אָוונט־קורסן פאַר לערנען תנ"ך. אויף די צוזאַמענטרעפן האָט מען געזונגען ציוניסטישע לידער, מען האָט דיסקוטירט ווי אַזוי עס דאַרף אויסזען די נאַציאָנאַלע היים. די אַקטיוויסטן זענען געווען די יוגנטלעכע: יאָסל גאָלדמאַן, אמברהמל כץ און מאָטעלע וואַרשעווער, אַ שוואָגער פון שמערל בארנהאָלץ און איידעם פון ר׳ מאָטיע שוחט.

גרויס אָנזען האָבן געהאַט די עלטערע אַקטיוויסטן: מאיר בארנהאָלץ (שמערל באַרנהאָלצס פאָטער) און שיעלע וולאַדאָווסקי, שמעון נחמנס איידעם, וואָס פלעגט יעדן שבת און יום־טוב לערנען אין לאָקאַל די פרשת השבוע און די הפטורה און די געדאַנקען אַרויסברענגען צוגעפּאַסט צו דער ציוניסטישער אידעע. שמחת בית השואבה האָט מען אין לאָקאַל געפייערט מיט מוזיק. עס האָט געשפילט די גאַנצע וולאָדאַווער קאַפּעלע מיט לייבוש קלעזמער בראש.

אין יאָר 1905 האָט דער בונד געהאַט אַ גרויסע השפעה אויף אַ סך פון דער וולאָדאַווער יוגנט און דאָס האָט גורם געווען צום אָפּשוואַכן די טעטיקייט פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין וולאָדאַווע. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך ווידער פאַרשטאַרקט די ציוניסטישע באַוועגונג. עס האָט זיך געשאַפן אַ נײַע יוגנט־אָרגאַניזאַציע, וואָס האָבן אַרומגענומען הונדערטער יוגנטלעכע, וועלכע זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן ציוניסטישן אידעאַל.

אריה גאָלדמאַן

# בית"ר

אין בית"ר ביי אונדז האָט מען געקענט זען פון אַלע פאָלקס־שיכטן, רייכע און אָרעמע, קינדער פון סוחרים און אַרבעטער. דער בית"ר פלעגט איינאָרדענען אימפּאָזאַנטע נשפּים און זיין אָרקעסטער איז באַרימט געווען אין דער גאַנצער לובלינער וואָיעוואָדסטווע. ווו עס איז נאָר פאָרגעקומען אַ צוזאַמענטרעף, אַ כּינוס, פלעגט דאָרט באַשיינען אונדזער אָרקעסטער. אויך דער ספּאָרט־קלוב „מכּבּי" האָט פאַרשאַפט פאַרגעניגן און כּבוד דער וולאָדאַווער באַפעלקערונג. מען קען דרייסט זאָגן, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט געהאַט סימפּאַטיע פון אַלע ייִדן פון אַ גאַנץ יאָר, אַפילו קריסטן האָבן זיך באַצויגן צו אונדז מיט רעספּעקט.

פיל יאָרן איז געשטאַנען ביים שפּיץ פון דער אָרגאַניזאַציע דער חבר יוסף מינץ, וועלכער איז געווען דער מפקד פון וולאָדאַווער בית"ר, וואָס האָט דורכגעפירט אַ סך וויכטיקע אַקציעס. בית"ר האָט אויך פאַרמאָגט אַן אייגענעם דראַמקרייז, וואָס פלעגט גאַנץ דערפאָלגרייך אויספירן פאַרשידענע פּיעסן.

יעדן פרייטיק־צו־נאַכטס פלעגן פאָרקומען דיסקוסיע־אָוונטן, צו וועלכע עס פלעגן קומען מענטשן פון פאַרשידענע פּאַרטייען, פון לינקס ביז רעכטס. אין דער אַטמאָספער פון אַזעלכע קולטור־אָוונטן און דיסקוסיעס, איז דערצויגן געוואָרן אַ שיינער און באַוווסטזיניקער דור.



☆ ☆ ☆

מען האָט געזען אין אונדז אַ יוגנט, וואָס איז טיף דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַלן באַוווסטזיין און רעאַליזירט די בענקעניש פון פאָלק און זיינע שטרע־בונגען צו נאַציאָנאַלער פרייהייט, צו שאַפן זיין מדינה אינעם לאַנד פון די אבות און זיין גרייט צו פאַרטיידיקן עס מיט געווער אין האַנט. עס זענען גע־קומען צו אונדז יוגנטלעכע פון אַלע שיכטן און פאַרשידענעם עלטער. די טעטיקייט האָט געטראָגן אַ דינאַמישן כאַראַקטער.

☆ ☆ ☆



☆ ☆ ☆

דאָס איז געווען אַ דור, וואָס האָט זיין צוקונפט פאַרבונדן מיט קאַמף פאַר אַ זעלבשטענדיקער ייִדישע מדינה און איז גרייט געווען מקריב צו זיין דאָס לעבן פאַרן דאָזיקן אידעאַל. די מערהייט האָט אָבער נישט זוכה געווען צו זען די פאַרווירקלעכונג פון זייער חלום. צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע ייִדן פון וולאָדאַווע זענען זיי געפּירט געוואָרן קיין סאָביבאָר און זענען געפאַלן מיט דער פלאַמיקער אמונה אין האַרצן, אַז די גאולה פון ייִדישן פאָלק וועט קומען אין אַן אייגענער מדינה.

אויבן: בית"ר־אָרקעסטער. אונטן: ל"ג בעומר־פייערונג פון בית"ר אין יאָר 1932

משה ריבאַק

# אויף הכשרה פון החלוץ הכללי

פאַראַן אַ יידיש שפּריכוואָרטל: „אַ גאַסט אויף אַ ווייל, זעט אויף אַ מייל". דאָס איז אויך געווען ווען איך בין געקומען קיין וולאָדאַווע, ווו איך האָב געלעבט נישט קיין גאַנצע צוויי יאָר. דאָך בין איך אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון די שיינע מענטשן, פונעם אַרומיקן אויסזען, פון דער לאַנדשאַפט, אַז כ'האָב עס קיינמאָל נישט געקענט פאַרגעסן.

כ'געדענק ווען כ'בין ס'ערשטע מאָל אַרויסגעפאָרן פון בריסק קיין וולאָדאַווע, איז שוין געווען האַלב טונקל און יידן האָבן אויפן וועג אַריינגעכאַפּט אַ מנחה־מעריב. וואָס מער דער צוג האָט זיך דערווייטערט פון בריסק און דערנענטערט צו דער באַן־סטאַציע פון וולאָדאַווע, האָט מען גלייך באַמערקט דעם אייגנטימלעכן יידישן אומרו פון וולאָדאַווע און ס'איז קיין ווונדער נישט, די יידישע באַפעלקערונג פון וולאָדאַווע האָט געציילט מער ווי דריי פערטל פון דער אַלגעמיינער צאָל איינוווינער.

אָנקומענדיק אויף דער סטאַציע, איז מען אַריין אין אַ סאָסנעוועלדל, וואָס האָט מיט זיינע געשמאַקע זשיוויצע־ריחות ממש געהיילט די לונגען. באַזונדערס אינטערעסאַנט איז געווען ווען מע־פלעגט אָנקומען פון דער באַן־סטאַציע גאַנץ פרי, דעמלט איז געווען מעגלעך צו באַקענען זיך מיטן גאַנצן צעגרינטן אַרום, ממש וואָס האָט פאַרכאַפּט די אויגן און געברענגט צום באַוווּנדערן און זאָגן: „מה נאה אילן זה, מה נאה ניר זה"...

פון צוג זענען אַרויס כמעט בלויז יידן. נישט ווייט פון דער סטאַציע זענען געווען טאַרטאַקן, וואָס האָבן געשניטן קלעצער אויף ברעטער, שוועלן פאַר דער באַן־ליניע און אַנדערע פאַרשידענע געהילצן. די טאַרטאַקן זענען געווען אין יידישע הענט.

אַהער, אין די וועלדלעך נעבן דער באַנסטאַציע, וואָס האָט זיך גערופן טאַמאַשוווקע, פלעגן וולאָדאַווער יידן קומען אין זומער אַביסל אָפּרוען פון דער האָרעוואַניע און אַריינאָטעמען אין זיך די פרישע לופט און געזונטע ריחות פון די סאָסנע־בוימער.

זומער פלעגן זיך די וולאָדאַווער און די וולאָדאַווקער אַריבערשיפן איבערן טייך בוג מיטן פעראָם פאַר עטלעכע גראָשן. ווינטער פלעגט דער בוג פאַרפרוירן ווערן אויף דער דיק פון אַ האַלבן מעטער און גרעבער, און מען האָט שוין נישט געדאַרפט באַנוצן דעם פראָם געגאַנגען און געפאָרן דורכן אייז פון איין זייט אויף דער צווייטער. די יוגנט פלעגט קומען אויפן בוג זיך גליטשן און אַפילו געטאַנצט אויפן אייז, ס'איז קיין מורא נישט געווען אַז ס'וועט זיך איינברעכן. אין ווינטער פלעגט מען אַרויסהאַקן גאַנצע שטיקער אייז און דאָס מיט וועגענער פירן אין אַזעלכע קעלערס, וואָס מ'האָט גערופן „ליאַדאָווניעס", ווו מ'האָט אַ גאַנצן זומער געקענט באַקומען אַ שטיקל אייז פאַר אַ רפואה ווען איינער איז חלילה קראַנק געוואָרן.

פון פורים ביז פסח, ווען דאָס אייז פון בוג האָט אָנגעהויבן לאָזן און דאָס וואַסער פון בוג האָט זיך געהויבן, האָט עס שטענדיק פאַרגאָסן דאָס שטעטעלע וולאָדאַווקע און אויך אַרויס אין די נידעריקע ערטער פון וולאָדאַווע, אָבער צום צענטער פון וולאָדאַווע האָט דאָס וואַסער נישט געהאַט קיין שליטה. דער גרויסער באַרג־אַרויף האָט באַשיצט וולאָדאַווע קעגן וואַסער. די וולאָדאַווקער פלעגן כמעט יעדן פסח אָפּריכטן דעם סדר אויף די בוידעמער אָדער אין רבין ר' מאָטעלעס מויער.

אַרום וולאָדאַווע האָבן זיך געפונען פיל גרויסע וועלדער און פיל אָזערעס. פלעגן זיך די וולאָדאַווער יידן פאַרנעמען זייער פיל מיט דער האָלץ־בראַנזשע, האַנדלען מיט וואַלד און אויך מיט פיש. דאָס האָלץ פלעגט ווערן טראַנספּאָרטירט ביז דאַנציק דורכן בוג מיט שווימענדיקע טראָטוועס און די פיש האָט מען געשיקט קיין וואַרשע און אַנדערע גרויסע שטעט.

יעדן דאָנערשטיק פלעגט פאָרקומען אַ יאַריד, ווו עס פלעגן זיך צוזאַמענקומען טויזנטער פויערים פון אַרומיקע דערפער און אויך פון אַנדערע ווייטע שטעט. דער דאָזיקער יאַריד־טאָג האָט געגעבן דער יידישער שטאָט די פרנסה אויף אַ גאַנצער וואָך.

כדאי צו דערמאָנען די יידישע טרעגערס, וועלכע האָבן געאַרבעט ביים אָפּלאַדעווען און פאַרלאַדעווען דאָס געהילץ אויף די וואַגאָנען און פון די וואַגאָנען ביי דער באַן־סטאַציע.

די אַרבעט איז געווען אַ שווערע, לאַדעווען די ברעטער, קלעצער און שוועלן, סאָסנעווע און דעמבענע, אין די וואַגאָנען אַריין, אָבער די יידישע טרעגער זענען געווען שטאָלץ מיט זייער פיזישן כוח און ערלעכער האָרעוואַניע. אָנגעפירט מיט דער גרופּע טרעגער האָט מענאַשקעלע, אַ נידעריקער, אַ קרעפּטיקער, מיט אַ שטאָלץ יידיש האַרץ. נישט איינמאָל פלעגט ער זאָגן: „פאַר וואָס נעמט מען אונדז נישט קיין ארץ־ישראל? מיר לעבן דאָך פון אמתער פיזישער אַרבעט".

דערפאַר איז ער אויך געווען צופרידן, ווען קיין וולאָדאַווע איז אָנגעקומען אַ גרופּע חלוצים, וועלכע האָבן אויך געאַרבעט ביי דער באַן און טאַקע ביים לאַדעווען די שווערע קלעצער און שוועלן אין די וואַגאָנען אַריין. די דאָזיקע צוויי גרופּעס: די יידישע טרעגער פון וולאָדאַווע און די חלוצים, האָבן פאַרשאַפט גרויס כבוד און געהויבן דעם אָנזען פון די יידן ביי דער קריסטלעכער באַפעלקערונג.

מענאַשקעלע טרעגער האָט ערשט נאָכן גרויסן חורבן זוכה געווען צו קומען קיין ישראל און איידער ער איז געשטאָרבן האָט ער נאָך באַוויזן צו באַגעגענען דאָ עטלעכע פון דער גרופּע חלוצים, די געוועזענע טרעגער אין וולאָדאַווע, וואָס לעבן היינט אין ישראל.

י. ש״ר

בת־ים

# חלוצים

טיפער האַרבסט, דיביימער אַרום דעם שטעטל שטייען נאַקעטע, שוין נישט געבליבן אויף זיי קיין זכר פון אַ בלעטל.

איבערן הימל האָבן זיך געטראָגן אָפּגעריסענע שטיקער גרויע וואָלקנס וואָס זאָגן אָן, אַז עס וועט שוין לאַנג נישט דויערן און פון הימל וועט זיך נעמען שיטן ווייסער שניי.

אין יענער האַרבסטיקער שטימונג האָבן אין שטעטל זיך גענומען טראָגן קלאַנגען אַז עטלעכע יינגלעך און מיידלעך, געקומענע פון ערגעץ־ווו, פון ווייטע היימען, האָבן דאָ פאַרלייגט אַ קיבוץ און זיי רופן זיך „חלוצים", טראָגן כאַקי־הויזן און כאַקי־בלוזעס. זיי גייען אַרום אין די רייכע שטובן, לייגן פאָר די באַלעבאַטים צו העלפן אין דער שטוב־אַרבעט, וואַשן וועש און פאַריכטן. די יינגלעך שלאָגן פאַר האַקן האָלץ און טראָגן וואַסער, קיינער ווייסט נישט פון וואַנען זיי האָבן זיך גענומען אַהער, שטוינט מען און מען גאַפט און פאַראַן אַזעלכע, וואָס ווילן נישט גלויבן אין דער גאַנצער מעשה.

גאָר גיך האָבן די קלאַנגען זיך באַשטעטיקט. מען האָט שוין געוווּסט אויף קלאָר, אַז אַ חברה פון צענדליקער יינגלעך מיט מיידלעך, אין גרינע כאַקי־מלבושים, האָבן זיך אַרויסגעלאָזט צווישן די געוועלבער, איינגעקויפט ביי די אייזן־קרעמער העק און זעגן, אין אַנדערע געוועלבער — בלוי געפּעס, שיסלען, טעלער און לעפל. מען האָט זיי געזען גיין איבערן שטעטל מיט העק און זעגן אויף די אַקסלען. אַ חברה חדר־יינגלעך זענען זיי נאָכגעלאָפן און געשריגן: „חלוצים קפוצים, יידישע שקאָצים".

דאָס איז געווען דער קערן פון דער ערשטער גרופּע פאַרמעגלעכע קינדער וואָס זענען געקומען פון ערגעץ־ווו פאַרלייגן דאָ אַ קיבוץ. דער אָפּקלאַנג פון זייער התלהבות האָט זיך גענומען טראָגן צווישן דער יוגנט אין שטעטל, אַריינגעדרונגען אין באַלעבאַטישע הייזער. אין אַ שיינעם פרימאָרגן איז אַ מיידל אָדער אַ יינגל פאַרשוווּנדן פון דער היים, ווו זיי האָבן שוין חדשים געקעמפט מיט זייערע עלטערן, נישט געזען פאַר זיך קיין אַנדערן אויסוועג ווי צו אַנטלויפן אין אַן אַנדער שטעטל. זיי זענען געקומען אין די קיבוצים מיטן גאַנצן אידעאַליסטישן פייער, שווער געהאָרעוועט און גאַנץ אָפט צוגעהונגערט, מקיים געווען דעם פסוק: „פת במלח תאכל, מים במשורה תשתה ועל הארץ תישן וחיי צער תחיה..." און צוגעגעבן: „ובעבודת הכשרה אתה עמל, וטוב לך..."

אין די פראָסטיקע ווינטער־טעג, ווען די חלוצים פלעגן גיין איבער די גאַסן, פאָרלעכווייז, מיט זייערע העק און זעגן בעטן זיך אַרבעט ביי האַקן האָלץ אָדער אַנדערע שווערע באַשעפטיקונגען, זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיי אָפּגעחוזקט. ווער עס האָט אויף אַן אמת נישט געקענט זיך פאָרשטעלן, אַז די דאָזיקע יינגלעך און מיידלעך וועלן

עס זיין די בויער פון אַ ניי יידיש לאַנד, ווער עס האָט געזען אין זיי קאָנקורענטן, מענטשן, וואָס זענען גרייט צו טון יעדע אַרבעט.

איינמאָל איז אין לאָקאַל פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייגען פאָרגעקומען אַן אויסעראָרדנטלעכע פאַרזאַמלונג. אַרבעטער פון פאַרשידענע פאַכן האָבן זיך באַקלאָגט אויף די פרעמדע חלוצים, וואָס קאָנקורירן מיט זייערע ביליקע אַרבעטס־הענט.

מיטאַמאָל האָט איבערן לאָקאַל זיך דורכגעטראָגן אַ שעפּטש: „אַ חלוץ". קעפּ האָבן זיך אויסגעדרייט צו דער טיר, וווּ עס האָט זיך באַוויזן אַ בחור אין אַ בלויער בלוזע. ער האָט אויפגעהויבן זיין האַנט, אַ צייכן, אַז ער בעט אַ וואָרט. אַלע אין זאַל האָבן איינגעהאַלטן די אָטעמס. אין דער שטילקייט האָט זיך דערהערט די שטים פונעם חלוץ:

„חברים, איך ווייס, אַז אַלץ וואָס איר האָט אונדז דאָ פאָרגעוואָרפן, איז אמת, אַלע אייערע טענות זענען גערעכטע, אָבער אַלץ וואָס מיר טון האָט דעם ציל אויסצולייזן אונדזער אין פּיין אויסגעפּרוּווטן פאָלק און אויפבויען אונדזער נאַציאָנאַלע היים, ווו יידן זאָלן פירן אַ געזונט לעבן פון אַרבעט. אונדזער חוב איז דערפאַר צוצוגרייטן די יידישע בירגערלעכע יוגנט צו לעבן פון אַרבעט און האָראָוואַניע. דערווייל וויל איך אייך פאַרזיכערן, אַז מיר וועלן טון אַלץ, כדי נישט צו שאַדענען אייערע פּראָפעסיאָנעלע אינטערעסן. מיר זעען אין אייך ברידער מיט געמיינזאַמע אינטערעסן. מיט דער האָפענונג צו געפינען ביי אייך פאַרשטענדעניש פאַר אונדזער נאַציאָנאַלער שטרעבונג אויפצובויען אַ יידיש לאַנד".

דער זאַל האָט זיך צעשטורעמט מיט אויסגעשרייען:

„ניין, נישט דאָס איז דער וועג פון יידישן אַרבעטער".

„איר האָט נישט קיין רעכט אויפן אַראַבישן לאַנד".

עס זענען געווען נאָך אַנדערע אויסגעשרייען.

דער חלוץ האָט זיך אָנגעבויגן צום פאָרזיצער, געפליסטערט עפּעס צו אים און יענער האָט מיט אַן אויפגעהויבענער האַנט איינגעשטילט די געמיטער.

דאַן האָט דער חלוץ אויסגערופן:

„חברים, פריינד, יידישע אַרבעטער, איר זייט גרייט מיך צו פאַרשטיינען, אָבער זייט וויסן, אַז די געשיכטע וועט באַווייזן ביי וועמען עס איז דער אמת, און הלוואי איר זאָלט אַמאָל נישט דאַרפן באַדויערן און וויינען איבער אייערע היינטיקע אויסברוכן".

ער איז אַראָפּ פון דער בינע און אין זיין גאַנג צו דער טיר האָט ער נאָך צוגעוואָרפן:

„איר וועט נאָך אַמאָל מיט חרטה אויסשרייען:

שמיני נוטר את הכרמים, כרמי שלי לא נטרתי. בעסער טוט עס שוין היינט".



## בנימין בערמאַן

תל־אביב

# דער מכבי אָרקעסטער

דער מכבי־אָרקעסטער אין וולאָדאַווע האָט זיך געגרינדעט אין וולאָדאַווע אין יאָר 1922, לויט דער איניציאַטיוו פון שבתאי קאַמינער און לייבל פעסטמאַן. די מיטגלידער פון אַרעסטער זענען געווען צוועלף און דרייצן־יאָריקע יוגנטלעכע.

איך געדענק דעם ערשטן ל״ג בעומר, ווען די קינדער פון דער העבראישער שול זענען געגאַנגען איבער די גאַסן פון וולאָדאַווע מיט דעם אָרקעסטער בראש. עס זענען דעמאָלט אויך געגאַנגען אַלע מיטגלידער פון מכבי־קלוב. מען האָט געטראָגן די בלוי־ווייסע פאָן. די מיטגלידער פון אָרקעסטער זענען געווען אָנגעטאָן אין זייערע אוניפאָרמען, וואָס זענען באַשטאַנען פון גראַנאַטאַנע הייזלעך און ווייסע בלוזעס, ווייסע היטלען אַרומגענומען מיט אַ בלויעם פאַס. די מיטגלידער פון אָרקעסטער זענען געווען קינדער פון אַרבעטער־משפחות, וואָס האָבן נאָכן ענדיקן די שול און דאָס חדר געמוזט אַליין אויך אַרבעטן. צוויימאָל אין דער וואָך נאָך דער אַרבעט, אין די אָוונטן, זענען פאָרגעקומען לעקציעס. דער ערשטער קאַפּעלמייסטער איז געווען שמואלקע פידלמאַן. עס האָט אויך דיריגירט דער קאַפּעלמייסטער פון 30־טן פולק וואָס איז געשטאַנען אין וולאָדאַווע.

ווען מיר האָבן שוין געקענט אַ ביסל שפּילן, האָט מכבי איינגעאָרדנט פאַר אונדז קאָנצערטן, וועלכע האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג ביי דער באַפעלקערונג אין וולאָדאַווע.

צוויימאָל אין יאָר פלעגט דער אָרקעסטער שפּילן אין די וולאָדאַווער גאַסן. דאָס איז געווען כ׳ תמוז און ל״ג בעומר. נאָכן קאָנצערט זענען מיר אַלע אַוועק אין וואַלד, ווו מען האָט פריילעך פאַרברענגט דעם גאַנצן טאָג מיט געזאַנג און שפּיל. אומקערנדיק זיך פון וואַלד זענען אונדז אַנטקעגנגעקומען יונגע און דערוואַקסענע און אונדז אויפגענומען מיט דער גאַנצער האַרציקייט. אַלע האָבן זיך מיטגעפרייט מיט אונדזער דערפאָלג.

די אויפטריטן פון אונדזער אָרקעסטער פלעגן זיין באַזונדערס פריילעך אין די חנוכה־אָוונטן. דער אָרקעסטער האָט אויך אָנטיילגענומען אין קבלת־פּנימס פאַר חשובע געסט. איך געדענק ווי מיר האָבן אויפגענומען ביי דער באַן־סטאַציע אין כעלם דעם סיים־דעפּוטאַט יצחק גרינבוים, צו וועלכן מען האָט ספּעציעל איינגעלאַדן דעם מכבי־אָרקעסטער.

אויף אַ לאַנד צוזאַמענפאָר פון בית״ר צוזאַמען מיט זשאַבאָטינסקי, וואָס איז פאָרגעקומען אין יאָר 1927 אין וואַרשע אויף וועלכן עס זענען איינגעלאַדן געוואָרן אָרקעסטערס פון פאַרשידענע שטעטלעך, האָט דער וולאָדאַווער אָרקעסטער געגומען דאָס ערשטע אָרט.

דער שם פון אונדזער אָרקעסטער איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער געגנט און מען האָט אונדז איינגעלאַדן אויף פאַרשידענע פייערונגען. ווען מען האָט אינעם שטעטל פאַרצעוו אויסגעבויט אַ נייעם בית־כנסת, האָט מען צו דער חנוכת הבית איינגעלאַדן אויך אונדזער אָרקעסטער. דער רב פון פאַרצעוו האָט אונדז דעמאָלט געווינטשן, אַז מיר זאָלן דערלעבן צו שפּילן אין די גאַסן פון ארץ־ישראל. ליידער האָבן זייער ווייניק מיטגלידער פון אונדזער אָרקעסטער זוכה געווען עולה צו זיין אין הייליקן לאַנד.

יוסף שטילערמאַן
קרית מוצקין

# השומר הדתי

די אָפּטיילונג פון השומר הדתי אין וולאָדאַווע האָט זיך אָרגאַניזירט אין יאָר 1933. די הויפּט־אָרגאַניזאַטאָרן זענען געווען: אברהם טשערוואָנאָגוראָ, סאָקאָל (פון דער גאַרבאַרניע), אייזיק לעדערמאַן און שאַפּראַן.

די ערשטע מיטגלידער פון השומר הדתי, וואָס זענען געקומען פון דער בעסטער רעליגיעזער יוגנט אין וולאָדאַווע זענען געווען אַקטיוו אין דער אָרגאַניזאַציע סיי אין דער אינערלעכער אַרבעט און סיי ווען עס איז אויסגעקומען צו פירן פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן דער רעליגיעזער יוגנט אין שטאָט.

דער לאָקאַל האָט זיך געפונען אויף דער סיימאָווע־גאַס, ביי יהושע שנידערמאַן. אויף אַן אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג זענען אויסגעוויילט געוואָרן אין דער אָנפירונג: אברהם טשערוואָנאָגוראָ אַלס מפקד הקן, סאָקאָל אַלס זיין פאַרטרעטער ווי אויך אייזיק לעדערמאַן אַלס צווייטער פאַרטרעטער. אָנפירער פון דער קולטור־קאָמיסיע איז געווען שאַפּראַן. אינסטרוקטאָר — יוסף שטילערמאַן.

פון אָנהויב אָן האָט דער השומר הדתי געפירט אַ פיל־פאַרביקע קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט. יעדן אָוונט פלעגט מען זיך צונויפקומען אין אייגענעם לאָקאַל. ווער עס האָט פאַרברענגט אין שאָך־שפּיל, דאַמקע, אָבער באַזונדערס ביי פאַרשידענע קולטור־שמועסן, דיסקוסיעס איבער אַקטועלע ענינים. גאַנץ אָפט האָט מען דערנאָך אויך אַריינגעכאַפּט אַ הורה.

מיט יעדן טאָג איז די טעטיקייט געוואָרן אַלץ מער פאַרביקער און פילזייטיקער. די קולטור־קאָמיסיע האָט אָרגאַניזירט פאַרשידענע אימפּרעזעס. אַ סטאַבילע אימפּרעזע זענען געווען די קעסטל־אָוונטן, וועלכע זענען פאָרגעקומען יעדן פרייטיק־צו־נאַכט. עס זענען געווען רעפעראַטן און דיסקוסיעס אויף פאַרשידענע טעמעס איבער קולטור־געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען. אין די דאָזיקע אָוונטן האָבן אָנטיילגענומען נישט בלויז די מיטגלידער, נאָר אויך סימפּאַטיקער פון השומר הדתי. גאָר גיך האָט זיך דער לאָקאַל אַרויסגעוויזן פאַר צו קליין אויף אַריינצונעמען אַלע, וואָס זענען געווען פאַראינטערעסירט אָנטיילצונעמען אין די אָוונטן.

עס האָט זיך אויך געשאַפן אַ דראַמאַטישער קרייז און אַ



כאָר מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט שייע קירמאַן און יוסף שטילערמאַן. דער דראַמקרייז ווי אויך דער כאָר פלעגן אַרויסטרעטן אויף פאַרשידענע אַקאַדעמיעס און אויף ספּעציעל אָרגאַניזירטע פאָרשטעלונגען, וועלכע פלעגן פאָרקומען אין שטאָטישן גרויסן קינאָ־זאַל און האָבן שטענדיק געהאַט גרויס דערפאָלג.

אונדזער השומר הדתי אָרגאַניזאַציע האָט געווידמעט אויך גרויס אויפמערקזאַמקייט דער פיזישער דערציאונג. אָרגאַניזירט ספּאָרט־איבונגען און פאַרמעסטן, וועלכע האָבן צוגעצויגן אַ סך סימפּאַטיקער.

די פאַרשידענע קאָמיסיעס ביים השומר הדתי האָבן צוגעצויגן אין דער אַרבעט אַ סך סימפּאַטיקער, וועלכע האָבן געשעצט און אָנטיילגענומען אין אונדזער אַרבעט סיי מיט זייער קולטורעלן ביישטייער און אויך פינאַנסיעלן.

דער אָנזען אין סימפּאַטיע פון השומר הדתי אין וולאָדאַווע איז געוואַקסן ביי דער גאַנצער יידישער באַפעלקערונג אין וולאָדאַווע.

ליידער זענען אַ סך פון אונדזערע בעסטע חברים און סימפּאַטיקער וועמענס חלום עס איז געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, טראַגיש אומגעקומען צוזאַמען מיט דער גאַנצער באַפעלקערונג אין וולאָדאַווע.

מיט זייער שטאַרקער חיבת ציון האָבן זיי אָנגעשטעקט אַנדערע, יונגע און דערוואַקסענע, וועלכע האָבן נישט געוואָלט אָוועקגיין פונעם וועג פון זייערע עלטערן, נישט אויסטאָן זיך פון יידישקייט און נישט אָפּטרעטן פון דער אמונה, נאָר פאַרקערט: „לתקן עולם במלכות שדי" — צו ברענגען העכערע געטלעכקייט אין לעבן פון יידן אויף דער וועלט און אין אייגענע לאַנד.

די בחורים פון „השומר הדתי" האָבן זיך אונטערשיידט פון די אַנדערע פרומע און חסידישע בחורים דערמיט וואָס זיי האָבן נישט קיין מורא געהאַט פאַר וועלטלעכקייט, אָבער ווי אַ וואָכעדיקייט, וואָס איז נישט אויסגעליידיקט פון קדושה, וואָס וואַרפט נישט אָפּ הפקרדיק די יידישע טראַדיציעס און מעקט נישט אָפּ דעם רעליגיעז־יידישן שטייגער, די יידישע מנהגים און דינים, שטערט נישט דעם „שויתי ה' לנגדי תמיד".

זייער אויסנאַמלעכקייט איז באַשטאַנען אינעם באַזיצן דעם כוח צו פאָדערן, פון זיך און פון אַנדערע, ערנסטע מעשים, וואָס זאָלן פאַרוואַנדלען די אייביקע ציון־בענקשאַפט אין אַ רעאַליזירנדיקן כוח, ווייל „לא המדרש, אלא המעשה עיקר", ווייל אַנדערש ווערט אפילו צוויי טויזנט יאָריקע גאולה־אַספּיראַציע נישט מער ווי אַ דערהויבענע אַבסטראַקציע.

דער אידעאַל פון שיבת ציון איז דערפאַר געווען דורכגענומען ביי די בחורים פון „השומר הדתי" מיט אַ טיף־רעליגיעזן וועלט־באַנעם און דאָס איז געוואָרן די טרייבקראַפט צו אַ באַנייענדיקער לעבנס־מאָראַל וואָס הייסט רעאַליזירן אידעאַלן אַנהייבנדיק מיט זיך אַליין, מיט הגשמה עצמית. זיי האָבן אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען וועלטלעכע ענינים, אָבער דערביי זיך געקלאַמערט אין יידישן לעבנס־שטייגער. ציוניזם איז ביי זיי געווען דער נאַטירלעכער רעזולטאַט פון זייער רעליגיעזער דערציאונג, פון זייער דורכגענומענקייט מיט אהבת ישראל, וואָס מיינט אהבת העם והמולדת. מיטן כוח פון דער דאָזיקער גרויסער ליבשאַפט האָבן זיי זיך געגרייט צו גיין אויף די סכנהפולע וועגן פון עליה.



די חשובע מידות פון דער רעליגיעז־ציוניסטישער באַוועגונג; מסירות־נפש, התלהבות און גרייטקייט זיך מקריב צו זיין פאַרן אידעאַל. עס איז געווען דער שטאַרקער גאולה־דראַנג, וואָס האָט מיטגעריסן די דאָזיקע בחורים און זיי באַוויגן צו נעגירן די „חיי שעה" אין זייערע היימען און גיין אויפן וועג פון בויען דאָס אייגענע לאַנד.

אַ גרופּע מיטגלידער פון השומר הדתי אָרגאַנירן צוזאַמען מיטן „הפועל המזרחי" אַ בלימל־טאָג פאַרן קרן קיימת אין יאָר 1936.



אין ארץ־ישראל האָבן זיי געזען דעם צענטער פאַר תורה און עלית־נשמה, וואָס מען איז דאָרט זוכה. דערפון האָט זיך גענומען דער דערפאָלג אין דער אַרבעט פון „השומר הדתי" צווישן דער רעליגיעזער יוגנט, וואָס איז געווען דורכגענומען מיט דער בענקשאַפט פון „ותחזינה עינינו בשובך לציון".

אַפּעל בעת דער ל"ג־בעומר־פייערונג פון „השומר הדתי" אין יאָר 1933. דער סגן מפקד אין דאַן געווען יוסף שטילערמאַן, וועלכער נעמט דאָ איבער דעם אַפּעל.

## זישע פוקס

# די ערשטע עליה



געהייליקט מיינע עלטערן הערש-בער און אסתר-באַשע, מיינע שוועסטערס: חנה (ריכטמאַן), רייזל (לוקסנבורג), יוכבד (לעווין) און זייערע משפחות;

מיינע שוויגער-עלטערן צבי-הערשל און פערל-הינדע הערצבערג, חיה-עלקע האַפמאַן, משה הערצבערג, איטע הערצבערג און זייערע משפחות.

שווער פעסטצושטעלן ווען אייגנטלעך עס האָט אין וולאָדאַווע אָנגעהויבן טליען דער ציוניסטישער פונק. עס קען זיין, אַז נאָך פון די צייטן ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די חיבת-ציון-באַוועגונג, פון הרב שמואל מאָהליווער, הרב יצחק-יעקב ריינעס און נאָך אַנדערע גדולי-ישראל, וועלכע האָבן די פונקען פון דער ציון-אייביקער יידישער בענקשאַפט צו ארץ-ישראל צעבלאָזן אין אַ הייליק פייער. וואַרשיינלעך איז שוין דאַן דער ציוניסטישער אידעאַל דערגאַנגען אויך צו די וולאָדאַוואָווער יידן און לסוף דערפירט צו דער שטאַרקער ציוניסטישער באַוועגונג אין שטאָט. עס איז אויסגעוואַקסן אַ נאַציאָנאַלער בוים, וואָס האָט זיך צעצווייגט אין באַזונדערע פּאַרטייען, איז מיט גרויסער קראַפט אַריינגעדרונגען צווישן דער יוגנט און מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן ארץ-ישראל ווי וועגן די אויסגעבענקטע היים פאַרן גערודפטן יידישן פאָלק. עס האָט זיך גענומען פירן אַן אינטענסיווע ציוניסטישע אַרבעט, וועלכע האָט געזען פאַר זיך דעם „חדש ימינו כקדם" נישט בלויז אַ פסוק פון דער תפילה, נאָר די הייסע שטרעבונג אַליין צו פאַרווירקלעכן דאָס אומקערן זיך קיין ארץ-ישראל און בויען דאָרט אַ יידישע נאַציאָנאַלע היים.

די באַוועגונג פאַר עליה האָט אין וולאָדאַווע און אין דער אַרומיקער געגנט אָנגעהויבן אומגעפער אין יאָר 1920. עס איז געווען דער חלוצים-גייסט, וואָס האָט גענומען אַריינדרינגען אין די הערצער פון די יוגנטלעכע, פון ישיבה-בחורים און בעלי-מלאכות אין וולאָדאַווע. מען איז געפאָרן מיט דער אומלעגאַלער עליה און מיט וויזעס, וואָס מען האָט באַקומען פון פּאַלעסטינע-אַמט אין וואַרשע.

צווישן די ערשטע עולים פון וולאָדאַווע, וואָס זענען אַרויסגעפאָרן מיט זייערע משפחות זענען געווען: משה באַנקהאַלטער, נח שמאַראַק, אליהו שטאַקהאַמער, יהושע שטאַקהאַמער, דוד גורפינקל, הערשל מילער, יוסף גאָלדמאַן, יעקב באַרנהאָלץ, שבתי קאַמינער, כאַשע באַרנהאָלץ מיט אירע טעכטער זהבה, מאַלאַ און לאה. עס זענען אויך עולה געווען אברהם לעמבערגער, פּייזל און גרשון העניך באַרנהאָלץ; מלכה סאַמלסאָן מיט איר טאָכטער חנה. גרעסער איז געווען די צאָל עולים, בחורים, וואָס זענען געפאָרן אַליין אָן משפחות. דאָס זענען געווען: יהודה ראָטנבערג, העניע ראָזשאַנקער, בוניו פייגנבוים, די שוועסטערס: זהבה און יונה רייטלער, משה לעמבערגער, אהרון יואל שמואלי (סאַמלסאָן), ראובן סאַמלסאָן, יצחק גאָלדמאַן, אברהם באַרנהאָלץ, אריה שטרוזמאַן, דוד ראַוונער, יוסף און פייגע ראָטנבערג, ישראל סאָלניק, ישראל מאַלצמאַן, יאַנעס שערמאַן, יעקב רוסמאַן, שאול וואָלף ליכטנבערג מיט זיין זון יצחק, יחזקאל ליכטנ-




די מיטגלידסקאַרטע פון ח' זושע פוקס אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, יאָר 1923.

שטיין, צבי האַלצמאַן, אהרון צוקער, יצחק ניסנבוים, שמואל בעקערמאַן. פון די בחורות געדענק איך: שרה פישמאַן, לאה אַפּלבוים, גיטל קאַגאַן.

זיכער זענען געווען נאָך אַנדערע, וועמענס נעמען עס זענען מיר אַרויס פון זכרון און איך אַנטשולדיק זיך, מיט דער האָפענונג, אַז די אַנדערע וועלכע וועלן שרייבן וועגן דעם, וועלן זיי דערמאָנען.

נישט געקוקט דערויף, וואָס עס זענען צו אונדז אין וולאָדאַווע דערגאַנגען די ידיעות וועגן די שוועריקייטן, וואָס עס האָבן געדאַרפט דורכמאַכן די וואָס זענען געפאָרן מיט דער אומלעגאַלער עליה, האָבן די אַנדערע זיך נישט אָפּגעשראָקן און דער דראַנג צו עליה האָט ווייטער אָנגעהאַלטן.

אין יאָר 1924 האָט די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע אין וולאָדאַווע באַקומען צוגעטיילט דריי סערטיפיקאַטן, פון וועלכע איינער איז אויסגעפאַלן אויף פּאָר מיר. צוזאַמען מיט מיר זענען געפאָרן: איטקע און איר מאַן לייבל פּעסטמאַן ז״ל און יבדל לחיים ארוכים, יחיאל גרינהויז.

אַזוי ווי מיר האָבן באַקומען די סערטיפיקאַטן האָבן מיר זיך גלייך גענומען גרייטן צום פאָרן. די ידיעה האָט אַרויסגערופן אַ שטאַרקן ענטוזיאַזם צווישן דער יוגנט אין שטאָט. אויך צווישן די עלטערע האָט מען וועגן דעם פיל גערעדט.

די יידן אין וולאָדאַווע האָבן שוין דאַן געהאַט אַ ביטערע דערפאַרונג פון דער נייער פּוילישער מאַכט. אויך אונדזער שטוב האָט געליטן און נישט געקוקט דערויף, וואָס מאַטעריעל איז אונדזער מצב געווען אַ גינסטיקער און איך האָב געהאַט גוטע אויסזיכטן זיך איינצואָרדענען, אָבער איך האָב זיך אָפּגעגעבן אַ קלאָרן דין וחשבון פון דער אַלגעמיינער יידישער לאַגע אין פּוילן און געזען דעם איינציקן אויסוועג — אין עליה.

אונדזער עולה זיין קיין ארץ-ישראל איז געווען אַ באַזונדער געשעעניש צווישן די חברים פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און ערב אונדזער אָפּפאָרן איז איינגעאָרדנט געוואָרן אַ פייערלעכער געזעגענונגס-אָוונט, וואָס געהערט צו די אומפאַרגעסלעכע דערינערונגען אין מיין לעבן.

דער באַנקעט איז פאָרגעקומען אין לאָקאַל ביי מאָטל לעדערמאַן, ביי געדעקטע טישן. די ווענט זענען געווען דעקאָרירט מיט בלוי-ווייסע פענדלעך און די אַטמאָספער איז געווען דורכגעדרונגען מיט חלוצישער התלהבות.

דער לאָקאַל איז געווען איבערפולט. עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַלע חבו״ם פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און אויך סימפּאַטיקער, יוגנטלעכע און עלטערע.

דער צוזאַמענטרעף האָט זיך געצויגן ביז אין דער פרי. עס איז גאָר קיין שיעור נישט געווען צו די געזאַנגען און



טענץ. וואָס האָט מען אַלץ נישט אויסגעזונגען אין יענעם אָוונט?! לידער פון בענקשאַפט און גאַרעניש צום צוגעזאַגטן לאַנד, לידער פון ליבשאַפט צו אַרבעט און צעגליטע מיט דער גרייטקייט מקריב צו זיין דאָס אייגענע לעבן פאַרן ציון-אידעאַל.

אַזעלכע זענען אויך געווען די רעדעס, מיט וועלכע די חברים זענען אַרויסגעטראָטן און געזעגנט די אָפּפאָרנדיקע חלוצים, מיט וועלכע מען האָט צוזאַמען געטרוימט און געקעמפט, דורכגעמאַכט שווערע און פריידיקע טעג, דורכגעדרונגען מיט חלוצישער שטרעבונג צו זעלבסט-פאַרווירקלעכונג.

ביי אונדזע האָבן די אויגן געגליט מיט פייער פון יונגן טרוים. מיר האָבן געוווּסט, אַז מיר לאָזן זיך אויף אַ וועג, וואָס איז נישט אויסגעשפּרייט מיט רויזן און מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון די שווערע לעבנסבאַדינגונגען, וואָס מיר האָבן צו דערוואַרטן אין דער נאָענטער צוקונפט ביים איינאָרדענען אונדזער לעבן פונסניי. אָבער אין אונדז האָט געברענט דאָס פייער פון דער יידישער פאָלקס-אמונה און די איבערצייגונג, אַז מיר פאָרן רעאַליזירן אַ גרויסע אויפגאַבע, וועלכע האָט שוין דאַן געגעבן אַן אינהאַלט אונדזער יונג לעבן.

די דאָזיקע אמונה און טיפע איבערצייגונג איז געקומען צום אויסדרוק אין די רעדעס, וואָס זענען געהאַלטן געוואָרן אויפן געזעגענונגס-אָוונט, אין די שמועסן און דיסקוסיעס, וועלכע זענען אָנגעגאַנגען אין לאָקאַל. צוזאַמען מיט דער גאולה-בענקשאַפט האָט מען געפילט אויך די פרייד מיט די באַקומענע סערטיפיקאַטן, וואָס האָבן, נישט געקוקט אויף דער קליינער צאָל, דאָך געהאַט אַ גרויסע באַדייטונג, דערמוטיקנדיק אין קאַמף פּאַר עליה. יעדע צאָל באַקומענע סערטיפיקאַטן, אַפילו די קלענסטע, האָט געהאָלפן פאַרשטאַרקן די ציוניסטישע טעטיקייט און געוועקט גרויסע האָפענונגען אויף דער צוקונפט.

צענדליקער יוגנטלעכע און עלטערע, פריינט און חברים, זענען געקומען באַגלייטן אונדז אויפן וואָקזאַל און ווידער האָט אין דער לופט פון שטעטל אָפּגעהילכט דאָס געזאַנג פון ציון-לידער, אין עברית און אין יידיש, דורכגענומען מיט שטאַרקן גאולה-באַגער.

ווען איך בין אַריין אין וואַגאָן, האָב איך דערפילט, אַז איך פאַרלאָז מיין היים-שטאָט און די מענטשן, וואָס זענען מיר ליב און איינגעבאַקן טיף אין האַרצן. אינעווייניק האָט עס געקאָכט מיט איינגעהאַלטענע טרערן, אָבער דאָס געזאַנג האָט מיטגעריסן, איז געשטיגן אַלץ העכער, ביז דער צוג האָט גערירט פון אָרט.

אַזוי האָט די יידישע יוגנט אין וולאָדאַווע געשטראַלט

אין איר שטרעבן צו נאַציאָנאַלער דערלייזונג און צוגלייך מיט צענדליקער טויזנטער אַנדערע געגרייט זיך עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל, אָבער ווייניק האָבן זוכה געווען זייער שטרעבונג צו רעאַליזירן.

אין וואַרשע איז דאָס געזעגענען אונדז געווען נאָך אימ־פּאָזאַנטער און איינדרוקספולער. פון פּראַגער וואָקזאַל איז אָפּגעגאַנגען אַ פולער צוג מיט עולים. אויף די פּלאַטפאָרמעס צווישן די וואַרטנדיקע צוגן איז געווען אַ גרויסע ענגשאַפט. מיט יעדן איינעם, וואָס איז אוועקגעפאָרן, זענען מיטגע־קומען קרובים און פריינט. עס זענען געפאָרן נישט בלויז יוגנטלעכע, נאָר אויך דערוואַקסענע יידן מיט זייערע מש־פּחות. באַלעבאַטישע יידן האָבן גענומען טרעגער צו זייערע באַגאַזשן. יונגוואַרג, חלוצים, האָבן אַליין געשלעפּט זייער שווער געפּעק, וואַליזקעס און רוקזעק.

אין מיין זכרון איז געבליבן אויף די באַציאונג פון די פּאַליאַקן צו יידן אין יענער צייט. ציווילע און באַן־באַ־אַמטע האָבן זיך אַרומגעשטעלט, ווי אויף אַ בייז ווונדער, ציניש געחידושט זיך: „ווי איילן דאָס אַזוי די יידן, קיין פּאַלעסטינע?...‟ זיי האָבן ווילעריש געשמייכלט אין די לאַנגע וואָנסעס אַריין אין די אויגן האָבן ביי זיי געפינקלט מיט צופרידנקייט. געווען אַזעלכע וואָס האָבן דייטלעך גע־זאָגט: „גייט, יידעלעך, פאָרט אַלע קיין פּאַלעסטינע. ווער דאַרף אייך אַלע דאָ האָבן?‟.

אין דעם געדראַנג האָבן מיר, די גרופּע וולאַדאַווער, זיך אויך אַריינגעפּלאָנטערט מיט אונדזערע וואַליזעס אין די הענט, געשטופּט זיך, ביז מיר האָבן זיך ענדלעך צוגעקראָגן צום וואַגאָן, געשאַפן זיך אַן אָרט און צוריק אַראָפּ צו אונדזערע נאָענטע און פריינט, וואָס האָבן זיך קוים געהאַלטן אינעם גרויסן געדראַנג.

מיטאַמאָל האָט אויף דער פּלאַטפאָרמע אָפּגעהילכט אַ געזאַנג: „מי יבנה הגליל? מי יבנה...‟ דאָס געזאַנג איז גע־קומען פון אַ פריידיקער גרופּע יונגוואַרג, וואָס האָט פאַר־וואָרפן די קעפּ אין גרויס עקסטאַז, אוועקגעלאָזט זיך אין אַ האָרא־טאַנץ און געשאַלט. אינעם דאָזיקן געזאַנג איז צוזאַמען מיט דער גרויסער האָפענונג אויף אַן אייגענער נאַציאָנאַלער היים געווען אויך די געזעגענונג מיט פּוילן, אַ להכעיס די שונאים, וואָס ווילן אונדז דערנידעריקן מיט רדיפות און גזירות. אויך מיר, וולאַדאַווער, זענען געוואָרן אַריינגענומען אינעם טאַנצנדיקן ראָד.

ענדלעך איז געקומען דער סיגנאַל צום אָפּפאָרן. צווישן די פאַרזאַמלטע פריינט האָט מען געזען מאַמעס מיט פייכטע אויגן. פון אַ סך האָבן זיך געגאָסן טרערן. אויך מיינע אויגן האָבן זיך פאַרנעפּלט. איך האָב געזען אַ מאַסע קעפּ. אַ וואַלד



מיט פּאַכנדיקע הענט האָט זיך געוויגט פאַר די פענצטערלעך, פאַר אונדזערע פאַרלאָפענע אויגן.

דער צוג מיט די עטלעכע הונדערט עולים האָט גענומען לויפן ווייט אוועק פון שטאָט, אוועק פון פּוילן, מיט אַ היל־כיקן געברום און פאַרבענקטן פייף פון לאָקאָמאָטיוו, אַלץ ווייטער פון דער אַלטער היים און אַלץ נענטער צום לאַנד פון דורותדיקער בענקשאַפט.

לאַנגע טעג און נעכט האָט געדויערט אונדזער רייזע קיין ארץ־ישראל. די גאַנצע צייט האָבן מיר, וולאַדאַווער, געהאַלטן זיך צוזאַמען. אויף אַ סך סטאַציעס זענען געקומען מענטשן באַגריסן די אָפּפאָרנדיקע. מיר האָבן פון אונ־דזערע וואַגאָן־פענצטער געפאָכעט מיט בלוי־ווייסע פענד־לעך.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען צום רומענישן האַפן אין קאָנסטאַנצע, ווו מיר האָבן זיך פאַרהאַלטן עטלעכע טעג, ביז מיר זענען אַרויף אויף דער שיף.

צום ערשטן מאָל האָבן מיר באַנומען ווי ווייט מיר זע־נען שוין אָפּגעפאָרן פון וולאַדאַווע, אָבער פאַר די אויגן האָבן נאָך אַלץ געשוועבט די פּנימער פון טאַטע־מאַמע, פון קרו־בים, חברים און פריינט. אין די אויערן האָבן געקלונגען זייערע וואַרעמע געזעגענונגס־ווערטער און אין הארצן האָט גענאָגט אַ בענקשאַפט.

אַלץ האָט איצט אויסגעזען אַנדערש. דאָס גאַנצע לעבן, דעם גאַנצן טומל, רעש און געפילדער האָט די שיף איינ־געזויגן אין זיך, אינעווייניק, אין די שמאָלע קאָרידאָרן, ענגע קאַבינעס, אויפן דעק.

אַזוי איז אָנגעקומען די נאַכט, אונדזער ערשטע נאַכט אויפן ים. עמיץ פון אונדז האָט דערמאָנט דעם טייך בוג אין וולאַדאַווע, די שפּאַצירן, דאָס באָדן און שווימען אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן, אָבער איצט האָט פון ים געיאָגט מיט אימה. די גאַנצע שיף, וואָס האָט ביים איינשטייגן אויסגעוויזן זיך אונדז אַזוי גרויס, האָט מיטאַמאָל גענומען אויסזען קליין, אַ קליין שפּענדעלע אויפן צעברויזטן ים. אויך איך האָב זיך אויף אַ מאָמענט דערפילט קליין, נעבעכדיק, פאַרלוירן, אָבער די נאָענטקייט פון מיינע וולאַדאַווער חברים האָט פאַרטריבן די אימה און די נעבעכדיקייט. צוזאַמען האָבן מיר זיך גע־פילט פאַרבונדן מיט אַ גרויסן כוח.

דאָס זעלבע איז מסתמא פאַרגעקומען אויך מיט די אַנ־דערע פּאַסאַזשירן. נאָכן איינשטילן זיך פון טומל און גע־פילדער איז געוואָרן שטיל, אַ פאַרבענקטקייט האָט זיך גע־לייגט אויף די פּנימער, אָבער באַלד האָבן זיך גענומען שאַפן רעדלעך חלוצים און מען האָט גלייך ווידער גענומען טאַנצן האָראַ און דאָס געזאַנג האָט איבערגעשריגן און פאַרהילכט דאָס רוישן פון די ים־כוואַליעס.

אויף צומאָרגנס האָט אונדזער וואָלאַדאַווער גרופּע זיך אויסגעברייטערט אין אַ גרעסערן קרייז. מיר האָבן פֿאַרבונדן קאָנטשאַפּטן מיט נייע מענטשן, דערנענטערט זיך, דערפֿילט זיך פֿאַרבונדן מיט אַ געמיינזאַמען ציל.

אַרום אויפֿן וועג האָט געווימלט מיט לעבן. אויך די עלטערע, באַלעבאַטישע און פֿרומע יידן האָבן נישט געפּוסטעוועט, האָבן געדאַווענט און אַפֿילו געלערנט. פֿון ערגעץ האָט זיך אויפֿגעזוכט אויך אַ בעל־תפֿילה, וואָס האָט אונדז דערמאָנט אין די בעלי־תפֿילה פֿון וואָלאַדאַווע, אָבער דאָ, אויף דער שיף האָט זיין שטים ביים דאַווענען געקלונגען ווייטיקלעכער ווי אין שטעטל, איז געווען דורכגעדרונגען מיטן צער פֿון אַ יידישער עדה, וואָס וואָגלט איבער ימען, איבער וויסטענישן און גאַרט און לעכצט נאָך רו, צו אַן אייגענער היים.

די שיף האָט זיך אַלץ מער דערנענטערט צום געגאַרטן ברעג. חלוצים זענען ווי אויפֿגעוועקט געוואָרן און האָבן אויפֿסניי אויפֿגעבראַזט אין געזאַנג און טענץ. אומרואיקע יידן מיט גרעסערע און קלענערע משפּחות האָבן שוין אַ מעת־לעת פֿריער אָנגעהויבן האַווען אַרום זייערע פּעק. דער אומרו און דערוואַרטונג, וואָס האָט געאָטעמט פֿון אַלעמען, האָט אויך מיך אָנגעשטעקט.

שעהען לאַנג בין איך געשטאַנען ביים צוים פֿון דער שיף אַ פֿאַרטראַגענער צווישן מיין אַלטער און נייער היים, אָבער באַלד זענען אונטערגעקומען יחיאל גרינהויז, לייבל פּעסטמאַן און נאָך אַנדערע יוגנטלעכע, מיט וועלכע מיר האָבן אין משך פֿון דער רייזע אַזוי גוט צוזאַמענגעלעבט זיך. פֿון אַלע האָט געשפּרודלט אַזאַ אָנרעגנדיקע, אַזאַ מיטרייסנדיקע פֿרייד און איך האָב זיך ווידער דערפֿילט דערמוטיקט, איך בין געווען יונג, מיט יונגע כּוחות און גרויסע האָפֿענונגען.

די שיף איז אָנגעקומען אין יפֿוער פּאָרט. ערשט איצט האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ געפּילדער. מאַטראָסן זענען געלאָפֿן אַהין און צוריק. אַלע האָבן זיך אַ לאָז געטון צום אויבערשטן דעק, וווּ ביי אַ טירעלע, נעבן צוויי מאַטראָסן, ווי וועכטער, איז שוין געשטאַנען אַ לאַנגע ריי מיט פּאַסאַזשירן, גרייטע צו לאָזן זיך מיט די שמאָלע טרעפּ אַראָפּ צום לאַנגגעגאַרטן ברעג.

אונדזער גרופּע וואָלאַדאַווער האָט זיך ווידער צונויפֿגענומען, געשטאַנען צוזאַמען אין דער ריי. איך האָב געקוקט אויף די ענגלישע באַאַמטע, ווייסע און אַראַבער ווי זיי שטייען צעשטעלט און היטן, אַז די ריי זאָל זיך ציען אין די צעעפֿנטע טירן פֿון די גרויסע טונקעלע זאַלן, וווּ מען וועט איבערטאַפּן די פּעקלעך.

איך האָב געקוקט אויף זיי און געפֿילט, אַז דאָס זענען פֿרעמדע, וואָס באַלעבאַטעווען נאָר צייטווייליק אין דעם לאַנד, אונדזער לאַנד, וווּ מיר וועלן בויען די צוקונפֿטיקע יידישע מדינה.

אַלץ איז צוגעגאַנגען שנעל און באַלד האָט מען אונדז אַוועקגעפֿירט אין אַ קאַראַנטין־לאַגער, אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן.

ביים פּאָרט אין יפֿו האָט אונדז אָפּגעוואַרט אונדזער טרייער חבר יעקב באַרנהאָלץ, וועלכער האָט אונדז געהאָלפֿן גיכער דורכפֿירן די פֿאָרמאַליטעטן און אין אָוונט זענען מיר שוין געבען אינדרויסן מיט אונדזער געפּעק און יעקב באַרנהאָלץ האָט אונדז אָפּגעפֿירט צו זיך אין זיין וווינונג, וווּ ער האָט אונדז אויפֿגענומען מיט אמת חברישער וואַרעמקייט.

אַדאַנק באַרנהאָלצן האָבן מיר גלייך ביים שטעלן אונדזערע ערשטע טריט אין לאַנד געפֿילט די האַרציקייט, נאָענטקייט פֿון אַ וואָלאַדאַווער חבר, די וואַרעמע הילפֿסגרייטקייט פֿון אונדזער לאַנדסמאַן.

זיכער האָט דאָס געהאַט אַ השפּעה אויף אונדזער ווייטערדיקן גאַנג און לעבן אויף דער ארץ־ישׂראלדיקער ערד. און האָט זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין אונדזער צוזאַמענלעבן און טעטיקייט, ווען מיר האָבן שפּעטער אַליין געדאַרפֿט אויפֿנעמען ווייטערדיקע עולים פֿון וואָלאַדאַווע.

נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט ביי פֿאַרשידענע אַרבעטן. איך בין געווען אַ צייט באַשעפֿטיקט ביי גערטנעריי. די אַרבעט איז נישט געווען גרינג. אָבער אין מיר האָט אַלץ געזונגען פֿון פֿרייד. איך האָב זיך געזען אַ מיטבאַטייליקטן אין בויען אונדזער לאַנד.

פּונקט ווי פֿון דער אַרבעט בין איך אויך פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דער געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט און קולטורלעבן, וואָס האָט זיך געפֿירט אין תּל־אָבֿיבֿ, די שטאָט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אינמיטן בויען, די ערשטע יידישע שטאָט.

די נייע עליה האָט מיט זיך געבראַנגט ניי לעבן.

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען גראַבסקיס פֿינאַנסן־פּאָליטיק האָט אין פּוילן געדרוקט אויף די יידן און עס האָט זיך דאַן אָנגעהויבן די פֿערטע עליה. אין תּל־אָבֿיבֿ איז געוואַקסן די בוי־באַוועגונג, עס האָבן זיך געעפֿנט נייע געשעפֿטן, נייע וואַרשטאַטן.

אַרבעטנדיק ביי גערטנעריי איז מיר אויסגעקומען צו זיין באַשעפֿטיקט אויך אין גאָרטן פֿון דעם גרויסן שרייבערדענקער, ד״ר אשר גינזבורג, וואָס איז געווען באַרימט מיט זיין פּסעוודאָנים אחד העם. ער האָט געוווינט נעבן דער גימנאַזיע „הרצליה“ און נאָך דער אַרבעט פֿלעג איך אים באַגלייטן צו דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אויף שד׳ ראָטשילד און אויפֿן וועג האָט ער מיך אויסגעפֿרעגט וועגן מיין אַרבעט, וועגן די שטימונגען צווישן די יונגע עולים

און האָט זיך אויך אינטערעסירט מיטן לעבן פון די יידן אין וולאַדאַווע.

ער איז שוין געווען אַלט, אָבער זיין מאַגנעטישע פּער־זענלעכקייט האָט פאַרמאָגט אַ סך צויבער און אויטאָריטעט. זיינע ווערק, עסייען און אַרטיקלען זענען געווען פּאָפּולער צווישן דער יידישער יוגנט נישט בלויז אין ישראל נאָר אויך אין פוילן און אין אַנדערע לענדער. מען האָט איבער זיי געפירט וויכוחים. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געטענהט, אַז ער איז טאַקע אַ גרויסער שרייבער, אָבער נישט קיין פּראַקטישער טעאָרעטיקער, נישט קיין גרויסער לערער פון לעבן, ווייל ער האָט נישט אויסגעאַרבעט קיין באַ־שטימטן סיסטעם, וואָס זאָל זיין נאָענט דער שטימונג צווישן דער דעמאָלטיקער ציוניסטישער יוגנט. אָבער קענענדיק פון דער נאָענט האָב איך געזען אין אים אַ פּערזענלעכקייט, וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט און אַרויסגעלויכטן די שיינ־קייט פון גרויסער יידישער קולטור.

דאָס געפינען זיך אין דער מחיצה פון אחד העמס גרוי־סער פערזענלעכקייט איז פאַר מיר געווען נישט בלויז אַ כבוד, נאָר אויך אַ קוואַל פון אינספּיראַציע פאַר ערנסטן פאַרטראַכטן זיך און אויך פאַר ממשותדיקע מעשים.

גליקצייטיק איז פאַר מיר געווען אַ זכיה צו האָבן די געלעגנהייט און דערציילן אים וועגן מיין היים אין וולאַ־דאַווע און איך האָב זיך געפרייט מיט זיין אינטערעס, וואָס ער האָט מיר אַרויסגעוויזן.

אין דאָזיקן שטילן גרייז־גרויען ייד מיטן קמץ־בערדל האָט געווירקט אַ גרויסע שעפערישע קראַפט און עס האָט פון אים אַרויסגעשטראַלט אַן איינפלוס, וואָס האָט דורך און דורך דורכגענומען אונדזער גייסטיק לעבן און האָט דעריבער געהאַט אַ גרויסע השפעה אויך אויף מיר.

דאָס איז בלויז אַן עפּיזאָד, איינער פון אַ סך אַנדערע, אויף וועלכע איך האָב זיך אָנגעטראָפן בעת מיינע ערשטע יאָרן אין ארץ־ישראל. עס וואָלט אָבער פאַרנומען צופיל אָרט זיי ברייטער צו באַשרייבן. אין מיין דאָזיקער אַרבעט פאַרן וולאַדאַווער יזכור־בוך וויל איך נאָר בקיצור דער־מאָנען די הויפּט־מאָמענטן אינעם לעבן פון די וולאַדאַווער עולים, קורצע קאַפּיטלעך פון אַ רייך, פילפאַרביק און גאַנץ אָפט אויך שטורמיש לעבן.

אין יאָר 1927 איז אויך אויף תל־אביב געקומען אַ שווע־רער קריזיס, וואָס האָט באַדראָט די ווייטערדיקע אַנטוויקלונג. מען האָט אויפגעהערט בויען און עס האָט געהערשט אַן אַרבעטסלאָזיקייט. די שטימונג איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער און דריקנדיקער.

אין יענער צייט האָבן די וולאַדאַווער נאָך מער פאַר־שטאַרקט זייער קעגנזייטיקע פריינטשאַפט. מיר האָבן זיך נאָך שטאַרקער צונויפגעבונדן, אָפטער זיך באַגעגנט און איינער דעם אַנדערן האָט געמוטיקט איבערצוהאַלטן די שווערע צייטן.

אמת, מיר זענען געווען יונג, פול מיט מוט און גרייט דורכצומאַכן די שווערע צייטן, אָבער יענע צייט איז ווירק־לעך געווען גאָר אַ שווערע. אין תל־אביב האָט מען מער ווי אין אַנדערע ערטער אין לאַנד אָפּגעפילט דעם ווירטשאַפט־לעכן קריזיס, וואָס האָט משפיע געווען אויך אויפן געזעל־שאַפטלעכן לעבן. דער דעמאָלטדיקער ראש העיריה, דיזענגאָף, האָט אין אַנהויב געפּרוּווט באַרואיקן די געמיטער, געזאָגט, אַז דאָס איז אַ פאַריבערגייענדיקע דערשיינונג, בלויז אַן איבעררייס אינעם צו־שנעלן טעמפּאָ פון בויאונג און וווּקס. אָבער אין שטאָט האָט מען געוווּסט, אַז עס איז אומפאַר־מיידלעך אַ דעפיציט אין דער עיריה־קאַסע, וואָס מוז זיך שווער אָפּרופן אויף דער גאַנצער ווירטשאַפט אין שטאָט.

שפּעטער זענען געקומען די געשעענישן פון יאָר 1929. מיט אַ יאָר פריער האָט דיזענגאָף צוריק איבערגענומען די אָנפירונג אין דער עיריה און ער האָט זי געפירט אויך נאָך די געשעענישן, געטון אַלץ, אַז תל־אביב זאָל זיך ווייטער בויען און וואַקסן.

ווען מיר קומט אויס היינט צו שפּאַצירן איבער רחוב דיזענגוף, דערמאָן איך זיך אין יענע צייטן, ווען ער איז געווען דער טאַטע פון שטאָט און האָט געדאַרפט באַזיגן אַזויפיל שוועריקייטן. אויף אונדזערע צוזאַמענטרעפן צווישן די וולאַ־דאַווער פלעגן מיר אַ סך רעדן וועגן זיינע מעשים, וועלכע האָבן אים אויפגעהויבן צו דער הויכער מדריגה פון אַ בויער פון דער ערשטער יידישער שטאָט. ער האָט געשאַפן דעם סינטעז פון אַלט און ניי אויף אַ זאַמדיקן באָדן, וואָס ווייניק האָבן געגלויבט, אַז מען קען אין אים שלאָגן פעסטע פונדאַ־מענטן.

אין יאָר 1929, בעת די בלוטיקע אומרוען אין לאַנד, זענען צווישן די געפאַלענע געווען אויך די ברידער יוסף און יהודה ראַטענבערג פון וולאַדאַווע. דאָס אומגליק האָט אונדז, וולאַדאַווער, זייער שווער געטראָפן. די ברידער ראַטענבערג זענען געווען גוטע און האַרציקע חברים, זענען געווען טעטיק און אַקטיוו אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. לאַנג האָבן מיר נישט געקענט קומען צו זיך נאָכן דאָזיקן שווערן פאַרלוסט.

די גאַנצע צייט זענען פון וולאַדאַווע אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל נייע עולים, יוגנטלעכע און דערוואַקסענע, וועל־כע האָבן זיך ביסלעכווייז, ווער שווערער און ווער גרינגער, איינגעאָרדנט זיך אין פאַרשידענע ערטער אין לאַנד, גע־אַרבעט אין פאַרשידענע צווייגן, אין דער ווירטשאַפט, אין

זיכערהייטס אַפּאַראַט און געווען אויך טעטיק אין קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אויף די פאַרשידענע ערטער.

די אַלע וולאָדאַווער, וועלכע זענען געווען צעוואָרפן איי־בערן גאַנצן לאַנד, האָבן אָבער כסדר אָנגעהאַלטן דעם קאָנ־טאַקט מיט די תל־אביבער חברים. אין תל־אביב איז געמאַכט געוואָרן אַ פּרוּוו צו שאַפן אַ לאַנדסמאַנשאַפט־קאָמיטעט, וועל־כער האָט אָבער נישט לאַנג עקזיסטירט. עס זענען געווען צייטן ווען דער קאָנטאַקט איז געווען אַ לויזער. איינצעלנע האָבן נישט אויסגעהאַלטן די עקאָנאָמישע שוועריקייטן, די קלימאַטישע באַדינגונגען און האָבן אויסגעוואַנדערט אין אַנ־דערע לענדער. עטלעכע זענען אויך צוריקגעפאָרן קיין וולאָ־דאַווע. געווען אָבער אויך אַזעלכע, וואָס די גרויסע בענק־שאַפט קיין ארץ־ישראל האָט זיי צוריקגעברענגט פון די ווייטסטע ערטער און קומענדיק צוריק אין לאַנד זענען זיי ווידער אויפגענומען געוואָרן דורך די וולאָדאַווער חברים מיט האַרציקער וואַרעמקייט און גאַסטפריינטלעכקייט.

אין יענער צייט האָט זיך באַזעצט אין ארץ־ישראל דער וולאָדאַווער ייד, אליעזר בערנשטיין, וואָס האָט אַ לענגערע צייט געוווינט אין לאָנדאָן, אָבער די גאַנצע צייט אָפּגעהיטן די צוגעבונדנקייט צו ארץ־ישראל, וואָס ער האָט מיט זיך מיטגענומען פון זיין היים אין וולאָדאַווע און האָט צוזאַמען מיט זיין משפחה זיך שפּעטער באַזעצט אין ארץ־ישראל. ער איז געווען פאַרמעגלעך און האָט פאַר זיין געלט איינגעקויפט באָדן, געבויט הייזער, געפלאַנצט פּרדסים אין תל־אביב און אין ראשון־לציון, האָט אַרויסגעפאָדערט פון וולאָדאַווע צענ־דליקער יידישע משפחות, פאַר וועלכע ער האָט געשאַפן מעגלעכקייטן צו באַזעצן זיך אין ארץ־ישראל.

מיר, וולאָדאַווער עולים, האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען, יונגע און עלטערע. מיט באַזונדערן געפיל פון מסירת־נפש זענען דורכגענומען געווען די יונגערע, אָנגעגאָסן מיט גבורה און טרוים און פול מיט מוט צו קעמפן סיי קעגן די רוצחישע אַראַבישע כנופיות און סיי קעגן דער ברוטאַלער גלייכגילטי־קייט פון דער וועלט.

עס דאַרף אונטערגעשטראָכן ווערן די צוגעבונדקייט, וואָס וולאָדאַווער לאַנדסלייט האָבן געפילט איינע צו די אַנ־דערע. אין דער זעלבער צייט איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די וולאָדאַווער מענטשן דאָס שטאַרקע געפיל פאַר יושר, דאָס פיינט האָבן שלעכטס, שלעכטע מענטשן און מיט אַלע חושים ליב האָבן דעם אָרנטלעכן מענטש.

מיר איז אויסגעקומען צו זיין אין סאַמע געווירבל פון געשעענישן מיט די ערשטע עולים פון וולאָדאַווע ביז צו די, וואָס זענען געקומען די לעצטע, אָפּגעראַטעוועטע פון די געטאָס פון די לאַגערן און וועלדער, ווו זיי האָבן געקעמפט און אויסגעצייכנט זיך מיט אַ סך העלדישע מעשים. איך



פיל, אַז כ'וואָלט געדאַרפט אַ סך מער שרייבן וועגן זיי, וועגן די אַלע יידן, וואָס איך האָב באַגעגנט, וועגן זייער לעבן, וואָס איז אַזוי רייך אין גרויסע מעשים און אין טראַגישע מאָמענטן. דאָס וועלן מסתמא טון אַנדערע. איך האַלט פאַר מיין חוב צו פאַרצייכענען די נעמען פון די מענטשן, וועלכע איך געדענק און בין מיט זיי געווען פאַרבונדן אין פרייד און אין צער, אין שווערע קריזיסן און גרויסע האָפענונגען און איך דאַרף אונטערשטרייכן זייער פעסטן ווילן און די עקשנות סיי פון די ערשטע און סיי פון די שפּעטערדיקע עולים פון וולאָ־דאַווע, וואָס האָבן גובר געווען אַ סך שטרויכלונגען און זיך פעסט פאַרוואָרצלט אין ישראל, געאַרבעט און געקעמפט, אין דער ווערטשאַפט און אין זיכערהייטס־אָפּטיילן, אויף די פאַרשידענע פראָנטן אין ישראל, ווו אויך אין דער יידישער בריגאַדע, אין וועלכער זיי זענען פריייוויליק אַריינגעטראָטן.

אויף שטענדיק זענען מיר געבליבן איינגעקריצט אין זכרון די דאָזיקע געשטאַלטן, די וואָס לעבן און ווירקן צו־זאַמען מיט אונדז ביזן היינטיקן טאָג, און אויך די, וואָס האָבן ליידער, נישט דערלעבט. מיר גייען נאָך ביזן היינטיקן טאָג זייערע שטימען אויף די אָפּטע באַגעגענישן זינט די ערשטע טעג ביי דער משפחה באַרנהאָלץ, ביי די שוועסטערס רייטלער, ווו מיר פלעגן פאַרברענגען אין שמועסן איבער פראָבלעמען פון דער אַלטער היים און איבער אַקטועלע פאָ־ליטישע און געזעלשאַפטלעכע פראַגן אין ארץ־ישראל.

זענען מיר דאָך ביי דער גאַנצער רייפקייט געווען גענוג יונג און דערביי געפילט זיך פאַרבונדן מיט די, וואָס מיר האָבן איבערגעלאָזט אין דער אַלטער היים, וולאָדאַווע. עס זענען געווען צווישן אונדז נאָך גאָר יונגע און נישט צו איינעם איז נאָך די מאַמען געקומען צו חלום, און געוואָנדן זיך צו אים ווי צו אַ קינד, מיט טויזנטער פאַרוואָסן און אויף אַלע איז די איינציקע תשובה געווען:

מיר בויען אַ נייע היים!

יעדער פון אונדז האָט געלעבט מיט דער האָפענונג צו ברענגען אַהער זיינע נאָענטע און מיר האָבן די גאַנצע צייט אָנגעהאַלטן דעם קאָנטאַקט מיט וולאָדאַווע, מיט אונדזערע משפחות, מיט טאַטע־מאַמע און מיט חברים.

די בריוו, וואָס מיר האָבן באַקומען פון וולאָדאַווע, זענען געווען אָפּטע טעמעס פאַר די שמועסן אויף אונדזערע באַגע־גענישן, עס זענען געווען בריוו, פון וועלכע עס האָט אַרויס־געשריגן דער וויי פון גלות פּוילן, וואָס האָט אין יענער צייט אַזוי שטאַרק געדריקט אויף די יידן. יעדער אות פון זייערע בריוו איז געווען דורכגעווייקט פון טרערן, געאָטעמט מיט צער און בענקשאַפט.

ביז סעפּטעמבער 1939 זענען די קאָנטאַקטן געווען כמ־עט רעגולערע און עס איז כסדר אָנגעגאַנגען אונדזער איי־

בערופן זיך, סיי דורך בריוו און סיי דורך די נייע עולים, מיט אונדזערע היימען אין וולאָדאַווע.

וואָס נעענטער צום חודש סעפּטעמבער 1939 אַלץ גרעסער איז געוואָרן דער אומרו אין אונדזערע געמיטער, די זאָרג פאַרן לעבן פון אונדזערע נאָענטע אין וולאָדאַווע ביז עס איז געקומען דער אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה און פולשטענדיק איבערגעריסן די פאַרבינדונג מיט אונדזער אַלטער היים, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן דער מוראַדיקער חורבן.

**זישע פוקס**

אריה גאָלדמאַן

# אומלעגאַלע עולים

עס האָט זיך אָנגעהויבן מיט חסידישער התלהבות און דבקות פאַרן רעיון פון שיבת־ציון. מיין פאָטער, דוד גאָלדמאַן, וועלכן מען האָט גערופן דודל בעקער, איז געווען פון יענע גערער חסידים, וואָס האָבן אָפן אַרויסגעוויזן זייער ליבשאַפט צו ארץ ישראל און געשפּענדעט געלט פאַר ציוניסטישע פאָנדן.

איך האָב מיין טאַטן וויניק געקענט, ווארום צו זיבן יאָר בין איך געוואָרן אַ יתום, אָבער איך האָב אָפט געהערט דערציילן וועגן זיין חסידיש־התלהבותדיקע ליבשאַפט צו ארץ ישראל. און די דאָזיקע ליבשאַפט און צוגעבונדנקייט צום יידישן לאַנד איז איבערגעגאַנגען בירושה אויך צו זיינע קינדער. אויך מיין מוטער איז געווען דורכגעדרונגען מיט דער דאָזיקער ליבשאַפט. זי האָט נאָכן טאַטנס פּטירה געפירט אַליין די בעקעריי און שפּעטער האָבן מיר, די קינדער איר צוגעהאָלפן. ווען מיר זענען אונטערגעוואַקסן האָבן מיר אַלע געהערט צו ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס.

זייענדיק אין בית״ר בין איך געווען דער מזכיר פון קרן תל־חי און פאַר קרן קימת. אין יאָר 1933 בין איך אַוועק אויף הכשרה אין קיבוץ זאַקליקאָוו, לובלינער וואָיעוואָדשאַפט. מיט מיר איז געווען נאָך אַ חבר פון וולאָדאַווע, אַלטער פרידמאַן.

ווען זשאַבאָטינסקי איז אין יענער צייט געקומען מיט אַ רעפעראַט קיין לובלין, האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין קיין לובלין צופוס. דאָס איז געווען אַ מרחק פון 180 קילאָמעטער. אָבער מיר האָבן נישט געהאַט קיין געלט אויף הוצאות צו פאָרן מיט דער באַן. מיר זענען געווען אַ צוואַנציק יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אויפן דאָזיקן שפּאַציר. אויפן וועג האָבן מיר גערוט אין קליינע שטעטלעך, ווו מיר האָבן אויך באַקומען עסן און טרינקען, אָבער ווען מיר זענען אָנגעקומען קיין לובלין, זענען מיר שוין געווען אָן כוחות. דאָך האָט אונדז דער מוט נישט פאַרלאָזט. אונדזער פרייד איז געווען גרויס מיט אונדזער געלונגענער אונטערנעמונג.

עס זענען זיך דעמאָלט צונויפגעפאָרן קיין לובלין אַרום צען טויזנט יידן פון פאַרשידענע שטעט. פון וולאָדאַווע איז געקומען אונדזער אָרקעסטער, וועמענס מיטגלידער עס האָבן אונדז אָפּגעגעבן אַ לעבעדיקן גרוס פון דער היים, ווו מיר זענען שוין נישט געווען באַלד אַ יאָר צייט.

דער רעפעראַט איז געווען פאַר אונדז אַ גרויסע איבערלעבונג. האָט אָנגעפילט אונדזערע הערצער מיט דער הייסער שטרעבונג צו פאַרווירקלעכן די אידעע, וועלכע זשאַבאָטינסקי האָט פאַר אונדז אָנגעצייכנט מיט אַזויפיל טאַלאַנט.

באַלד דערנאָך האָבן מיר זיך אומגעקערט אין קיבוץ, ווידער צופוס. צו די אַלע פאַרמאַטערנישן פונעם וועג זענען אונדז נאָך באַפאַלן אַ באַנדע שקצים מיט מעסערס און שטעקנס. עס איז געקומען צו אַ געשלעג. איין חבר אונדזערער, אַ כעלעמער בחור, איז שווער צעשלאָגן געוואָרן און האָט נאָך די קלעפּ געמוזט אָפּליגן צוויי וואָכן אין בעט.

צוריקקומענדיק פון דער הכשרה האָב איך געמוזט וואַרטן פינף יאָר אויף אַ צוזאָגטן סערטיפיקאַט, וועלכן איך האָב אָבער נישט באַקומען. דאָס זענען געווען שווערע יאָרן פון אומגעדולדיקן וואַרטן, ביז אונדזער באַוועגונג האָט באַשלאָסן אָנצוהייבן אַן אומלעגאַלע עליה. איך האָב זיך דאַן פאַרשריבן אַלס ערשטער קאַנדידאַט פון וולאָדאַווע און האָב ווערבירט נאָך עטלעכע חברים, וואָס זענען גרייט געווען עולה צו זיין אומלעגאַל קיין ארץ ישראל.

אין יענער צייט זענען געקומען פון וואַרשע קיין וואָלאָדאַווע אברהם סטאַווסקי און משה ראָזענבערג, וועלכע האָבן אונדז אויפגעקלערט די שוועריקייטן, וואָס מיר וועלן דאַרפן דורכמאַכן. אָבער קיינער פון אונדז האָט זיך נישט אָפּגעשראָקן, ווייל מיר האָבן נישט געזען קיין אַנדערע ברירה.

צווישן די קאַנדידאַטן פון וואָלאָדאַווע זענען געווען: דוב ניימאַן, שמואל בעקערמאַן, דוד באַנקהאַלטער, שמואל לעדערמאַן, משה ליכטנבערג, אַלטער פרידמאַן, יונה כ״ץ און איך.

די ערשטע זענען אַוועקגעפאָרן מיט דער דאָזיקער אומלעגאַלער עליה די חברים: ניימאַן, בעקערמאַן און פעלדמאַן. זיי האָבן זיך אָפּגעוואָלגערט צוויי וואָכן אויף אַ לאַסטשיף, דורכגעמאַכט אַ ביטערע רייזע און אויך פון ארץ ישראל האָבן זיי געשריבן טרויעריקע בריוו. זיי האָבן געהאַט אויסצושטיין אָנפאַלן פון אַראַבישע באַנדעס, האָבן געאַרבעט אין אַ פּרדס אין נס ציונה און פאַרדינט קוים אויף חיונה. זיי האָבן אונדז געשריבן דעם גאַנצן אמת, אָבער דאָס האָט מיך נישט אָפּגעשראָקן און איך האָב נישט געענדערט מיין באַשלוס עולה צו זיין און געוואַרט אומגעדולדיק אויף מיין ריי.

ענדלעך האָבן מיר באַקומען פון וואַרשע די לאַנגדערוואַרטע טעלעגראַם און מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזט אין וועג. פון וואָלאָדאַווע זענען מיר געפאָרן קודם־כל קיין וואַרשע און פון דאָרט קיין קאָנסטאַנץ. מיר זענען אָנגעקומען אין פּאָרט אַביסל צו פרי. אונדזער שיף איז נאָך נישט געהאַט אָנגעקומען און מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אין פּאָרט, געקוקט אויף דער דייטשער שיף מיט די דראָענדיקע האַקנקרייצן, וואָס האָבן אָנגעזאָגט שווערע טעג פאַר יידן אין אייראָפּע. אברהם סטאַווסקי איז אַרומגעלאָפן צווישן די רומענישע באַאַמטע, נאָכגעפרעגט זיך וועגן אונדזער שיף, אָבער אין ערגעץ האָט ער נישט געקענט באַקומען דעם ריכטיקן ענטפער. עס האָט געדויערט גאַנצע צוויי טעג ביז אים איז געלונגען צו דינגען אַ גריכישע שיף.

דאָס איז געווען אַן אַלטע שיף מיט אַ היסטאָרישער פאַרגאַנגענהייט. זי האָט געשמוגלט געווער קיין שפּאַניע בעת דעם בירגערקריג און נאָך אַזעלכע ענלעכע אומלעגאַלע נסיעות.

מיר זענען דעמאָלט געווען אַן ערך 900 עולים פון פּוילן. ביים אַרויפגיין אויף דער שיף האָט מען אונדז געציילט, ווי מען ציילט בהמות, צוגענומען ביי אונדז די פּוילישע פּעסער און מיר זענען גלייך געוואָרן אומלעגאַלע פּאַסאַזשירן.



אין דער שיף איז געווען אַ גרויסע ענגשאַפט און עס האָט געהערשט כאַאָס און אומאָרדענונג. מענער האָבן געזוכט זייערע ווייבער און איין בן עיר האָט געוואָלט געפינען דעם אַנדערן. אין דער לופט איז געשטאַנען אַ טומל און אַ געפילדער. דאָך האָט קיינער נישט פאַרלוירן דעם מוט, אַלע זענען געווען מונטער, מען האָט געזונגען און געטאַנצט. מען האָט געהאַט צוטרוי צו דער מפקדה, וואָס האָט געזאָרגט פאַר אונדז, האָט איינגעקויפט פּראָדוקטן און אָנגענומען וואַסער צום טרינקען. מען האָט אונדז געזאָגט, אַז די רייזע וועט דויערן אַ דריי — פיר טעג.

מיר זענען אַרויס פון קאָנסטאַנצער פּאָרט אין אָפענעם ים און אונדזער שיף האָט גענומען אַנטוויקלען אַ גרויסע שנעלקייט. די צעברויזטע כוואַליעס פון שוואַרצן ים האָבן גענומען מיט איר שאָקלען, קאַסטנס, זעק און פּעק זענען געפאַלן פון די נאַרעס, פון דער דעק אין וואַסער אַריין און מיר זענען געפאַלן איינע איבער די אַנדערע.

פון די דריי, פיר טעג איז געוואָרן צוויי וואָכן, צוויי שווערע וואָכן, אין וועלכע אַ סך האָבן דורכגעמאַכט די ים־קראַנקהייט. ענדלעך האָבן מיר דערגרייכט די וואַסערן פון ארץ־ישראל. ביינאַכט זענען מיר צוגעשווומען ביז אַ קילאָמעטער פון חיפהער ברעג. ווען מיר האָבן אַראָפּגעלאָזט דאָס ערשטע שיפל איז אונדז אַקעגנגעקומען אַן ענגליש פּאַטראָל שיפל, וואָס האָט אונדז געוואָלט פאַרהאַלטן. מיר האָבן זיך גענומען דערווייטערן. די ענגלענדער האָבן אויף אונדז געעפנט אַ פייער, אָבער אונדז איז געלונגען בשלום אוועקצושווימען אין אָפענעם ים.

ווידער האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אַרומוואַגלען איבער די מרחקים פון ים התיכון. אָט איז שוין פורים און באַלד איז ערב פסח און מיר שווימען נאָך אַלץ אַרום איבערן מיטללענדישן ים. עס האָט גענומען אויספעלן פּראָדוקטן, וואַסער צום טרינקען. מיר האָבן געמוזט צושווימען צו די ברעגן פון גריכלאַנד, פון וואַנען מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט מיט דער יידישער קהילה אין סאַלאָניקי. די גריכישע יידן האָבן אונדז צוגעשיקט 100 פּעקלעך מצות און מיר האָבן געפּראַוועט דעם סדר אויף דער שיף.

די צווייטע נאַכט פסח איז אויפן ים אויסגעבראָכן אַ גרויסער שטורעם, וואָס האָט מיט אונדז געשליידערט אַ גאַנצע נאַכט און מיר האָבן זיך געפונען אין אַ גרויסער סכנה.

אינדערפרי האָט זיך דער ים באַרואיקט, אויך די געמיטער האָבן זיך אַ ביסל באַרואיקט. אויף דער נאַכט זענען מיר שוין געגאַנגען שלאָפן, אָבער אינמיטן דער נאַכט האָבן מיר דערהערט אַ שרעקלעכן קלאַפּ, ממש אַן אויפרייס.

עס איז געוואָרן אַ מהומה. מיר האָבן גענומען קלעטערן צו דער אויבערשטער דעק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אינעם אונטערשטן שטאָק האָט שוין גענומען אָנקומען וואַסער. מען האָט אַרויסגעשיקט הילפס־רופן און אָנגעצונדן דאָס ליכט אויפן טורעם, מען זאָל זען ווו צוצוקומען צו אונדז און אַרויסראַטעווען די מענטשן.

דאָס איז געווען ביי קרעטאַ, ווו די שיף איז אַרויף אויף אַ פעלז, וועלכער האָט זי דורכגעלעכערט. דאָס וואַסער האָט זיך אַריינגעריסן מיט אַ געוואַלטיקן כוח, האָט פאַרגאָסן די מאָטאָרן, וואָס האָבן אויפגעהערט צו אַרבעטן.

מיר האָבן זיך אָנגעטון רעטונגס־גאַרטלען, עס זענען אַראָפּגעלאָזט געוואָרן די רעטונגס־שיפלעך, אין וועלכע מיר האָבן אָנגעהויבן אַריינשפּרינגען. דאָס איז געטון געוואָרן מער ווייניקער אויף אַן אָרגאַניזירטן אופן, אין דער נויטיקער אָרדענונג.

אינעם שיפל האָב איך זיך דערזען צוזאַמען מיט דוד באנקהאלטער. אַרום פינף פאַרטאָג זענען מיר צוגעשווומען צום אינדזל קרעטאַ. ביז אַכט אַזייגער אינדערפרי האָט מען אויפן דאָזיקן אופן איבערגעפירט אַן ערך 300 עולים.

האַלב ניין אַזייגער איז אָנגעקומען אַ צווייטע אומלעגאַלע שיף „קאַטינא", וואָס האָט געפירט אויף זיך 800 עולים און שוין צוויי חדשים אַרומגעוואָגלט איבער די ימען. זיי האָבן פונקט ווי מיר דורכגעמאַכט ענלעכע סכנות.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס איבערפירן די עולים פון אונדזער שיף אויף „קאטינא". די דאָזיקע רעטונגס־אַקציע האָט געדויערט ביז זיבן אַזייגער אין אָונט. איך בין געווען צווישן די, וואָס זענען געבליבן אויפן ברעג פונעם אינדזל קרעטאַ און זיך צוגעקוקט צו דער רעטונגס־אַקציע. ערשט אין אָונט איז מען געקומען אויך אונדז אַריבערנעמען.

אויף דער דאָזיקער שיף זענען מיר איצט געווען צוזאַמען אַן ערך פערצן הונדערט עולים. די ענגשאַפט איז געווען אומדערטרעגלעך. עס איז נישט געווען ווו זיך אַ ריר צו טון, דערצו זענען נאָך געווען אַ סך ערנסטע קראַנקע מענטשן. פיר פון זיי זענען געשטאָרבן און מען האָט זיי אַריינגעוואָרפן אין ים.

אונדזער לאַגע איז געווען אַ שווערע. עס איז נישט געווען קיין עסן און אויך נישט קיין וואַסער צום טרינקען. ווען איך דערמאָן זיך אין יענע טעג ווייזט זיך מיר אויס, אַז מיר האָבן זיך ווייניקער איבערגענומען מיטן מאַנגל אין עסן און טרינקען און מער מיט דער זאָרג ווי אַזוי צו קריגן אַ פּאָסט־קאַרטל, כדי צו קענען שרייבן אַהיים און מודיע זיין אַז מיר לעבן. דער ראַדיאָ, די פּרעסע האָט שוין געהאַט איבערגעגעבן, אַז אונדזער שיף איז אונטערגעגאַנגען און מיר האָבן זיך פאָרגעשטעלט דאָס וויינען אין אונדזערע היימען.

ענלעך זענען מיר דערשווומען ביז ציפּערן. דאָ האָט אונדזער פירערשאַפט געקויפט אַ מאָטאָר־שיפל, וואָס זאָל גרופּנווייז צופירן אונדזערע עולים צו די ברעגן פון לאַנד. אונדזער גרויסע שיף האָט זיך נישט געטאָרט דערנענטערן צום ברעג, ווייל זי וואָלט באַלד באַמערקט געוואָרן דורך די ענגלענדער.

אין דעם מאָטאָר־שיפל, ווו עס איז נישט געווען אָרט נישט מער ווי פאַר הונדערט מענטשן, האָט מען איצט אָנגעפּאַקט מיט דריי הונדערט און אַזוי זענען מיר צוגעקומען צו די ברעגן פון כפר־ויתקין.

דאָס איז געווען דעם 10־טן אַפּריל 1939. דאָס גאַנצע דאָרף איז אַרויס אויפן ברעג אונדז מקבל־פּנים זיין און יעדער תושב האָט גענומען צו זיך עטלעכע עולים. זייער הכנסת אורחים איז געווען ממש רירנדיק. מען האָט צוגענומען ביי אונדז די נאַסע מלבושים און געגעבן אונדז טרוקענע פּיזשאַמעס, בלוזעס און אלערליי אַנדערע בגדים.

מיר האָבן זיך אויסגעבאָדן, אָפּגעגעסן און זיך געלייגט שלאָפן אויף אַ מענטשלעך געלעגער. ביזן היינטיקן טאָג געדענק איך מיט דאַנקבאַרקייט און ליבשאַפט די תושבים פון כפר ויתקין, וואָס האָבן אונדז אויפגענומען אַזוי האַרציק און ברודערלעך.

פאַרטאָג, ווען מיר זענען געווען פאַרזונקען אין געשמאַקן שלאָף, האָט מען אונדז פּלוצלינג אויפגעוועקט. די ענגלענדער האָבן דערשנאַפּט, אַז עס איז אָנגעקומען אַ שיף מיט אומלעגאַלע עולים. און זיי האָבן אונדז גענומען אַרומזוכן. מען האָט אונדז גיך אַוועקגעפירט אין אַ פּרדס, ווו מען האָט אונדז באַהאַלטן, געבראַכט עסן און טרינקען. נאָכמיטאָג איז געקומען אַ פאָרשטייער פון דער הסתדרות און ער האָט פאַרשריבן וווהין יעדער וויל פאָרן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט אונדזער אומלעגאַלע נסיעה מיט אַזויפיל אַוואַנטורעס און פּאַסירונגען און אַזוי זענען מיר געווען די ערשטע אומלעגאַלע עולים פון וולאָדאַווע, וואָס זענען אָנגעקומען קיין ארץ ישראל.

יונתן

# דער ערשטער חלוצים־קיבוץ

## אין טאָמאַשאָווקע ביי דער וולאָדאַווער באַן־סטאַציע

זומער 1925 האָט אַ קליינע גרופּע ציוניסטישע יוגנט־לעכע באַשלאָסן צו שאַפן אין טאָמאַשאָווקע אַ קיבוץ. עס איז אויסגעוויילט געוואָרן אַ קאָמיטעט פון דריי מיטגלידער: חיים ישראל ליאָס איז געווען דער סעקרעטאַר, משה פאפיר — קאַסירער, פאַרזיצער — דער שרייבער פון די שורות.

מיר האָבן זיך געוואָנדן אין וואַרשעווער צענטראַל־קאָמיטעט פון החלוץ, פון וואַנען מען האָט אונדז צוגע־שיקט דעם סטאַטוס און אַ ריי בראָשורן. מען איז צוגעטרעטן צו דער אַרבעט מיטן גאַנצן ברען. אַ בנין, אַ נישט אויס־געענדיקטן, האָבן מיר באַקומען פון די באַלעבאַטים: שיע פיעטרושקע, משה זעלצער און חיים פנחס. זיי האָבן בשותּ־פות געבויט דעם בנין אויף אַ זומער־וווינונג און אים אויף אַ באַגרענעצטער צייט געשענקט פאַר אונדזער אָרגאַניזאַציע און מיר האָבן דעם בנין אויסגעענדיקט. מאַטעריאַל צום פאַרענדיקן דעם בנין, ווי פאָדלאָגעס, טירן און פענצטער, האָבן מיר באַקומען פונעם טאַרטאַק־אייגנטימער, משה ליאָס און אלי אהרון קירשנבוים, וואַסערניס, טשעסנער, ציטער־שפּילער. דער אייגנטימער פון דער טאָמאַשאָווער סמאָלאַר־ניע, עפּל, האָט אויף זיין חשבון צוגעשטעלט אַ סטאָלער.

אין משך פון אַ קורצער צייט איז די אַרבעט געווען פאַרענדיקט און מיר האָבן געפייערט דעם חנוכת הבית פונעם ערשטן קיבוץ אין טאָמאַשאָווקע.

צו דער פייערונג האָט דער וואַרשעווער צענטראַל־קאָ־מיטעט צוגעשיקט אַן אָפיציעלן פאַרשטייער דעם סעקרעטאַר ח' פונט. אין זיין רעדע האָט אָפּגעקלונגען די באַגייסטערונג פאַר די חלוצים פון טאָמאַשאָווקער קיבוץ. אינעם דאָזיקן קיבוץ האָבן די יונגע חלוצים פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך דורכגעמאַכט די הכשרה צו קענען עולה זיין קיין ארץ־ישראל.



אויסער דער אַרבעט ביי דער באַן, אין טאַרטאַקן האָבן די חלוצים געטון אויך פעלד־אַרבעט אויף געצל עפּלס אייגן שטיקל פעלד.

# דוד ליפשיץ

דוד ליפשיץ האָט געשטאַמט פון אַ שטרענג־רעליגיע־זער משפּחה. זיין פאָטער אַ חסידישער ייד, איז פרי געשטאָרבן. זיין מוטער האָט דערצויגן די קינדער אין שטרענג־יידישן גייסט, אָבער נחת האָט זי געהאַט בלויז פון איר זון אליעזר, וועלכער איז געבליבן פרום און אָפּגע־היטן. דאַקעגן דוד איז געגאַנגען אויף אַנדערע וועגן, ווייט פון זיין מוטערס לעבנשטייגער.

ער האָט פאַרמאָגט אין זיך די זעלבע נשמה־פרומ־קייט, דעם יידישן גייסט, נאָר איבערגעטראָגן דאָס אויף אַן אַנדער געביט, פאַר אַן אַנדערן אידעאַל און די אַרבעט האָט ער געטון ערלעך און איבערגעגעבן, מיט דער זעלבער התלה־בות, וואָס זיינע עלטערן און זיידעס האָבן געטון עבודת הבורא.



דוד ליפשיץ

ער איז געווען דער גרינדער און פירער פון דער לינקער פועלי־ציון־אָרגאַניזאַציע אין וולאָדאַווע, האָט אויף אַלע געביטן פון אָרגאַניזאַ־ציאָנעלע און גייסטיק־שעפערישע לייסטונגען פאַרצייכנט גרויסע אויפטוען, געוועקט די יוגנט צו אַקטיוויטעט. זיין מיינונג, זיין שטעלונג א״ז געבליבן אַ ליניע און אַ ריכטליניע צווישן זיינע אַנהענגער. דער וועג פון לערנען אַליין און זיין אַ מדריך, וואָלט אים זיכער געפירט צו העכערע פּאָזיציעס אין געזעלשאַפטלעכן לעבן, ווען נישט דער אכזריותדיקער טויט, וואָס האָט אים אַזוי יונג אַוועקגעריסן.

געקומען פון רוסלאַנד האָט דוד מיטגעברענגט מיט זיך דעם שטורעם פון דער קערענסקי־רעוואָלוציע, אָבער איז נישט פאַרכאַפּט געוואָרן פון אָקטאָבער־אויפשטאַנד, ווע־מענס אַטעם האָט זיך שוין געפילט אין די שטימונגען צווישן דער יידישער יוגנט אין וולאָדאַווע. אַזעלכער איז געווען משה קאַסטער, וועלכער האָט געזען די ישועה פון יידישן פאָלק אין דער אָקטאָבער רעוואָלוציע. דאַקעגן דוד ליפשיץ איז געווען פיל ניכטערער און נישט געלאָזט זיך מיטרייסן



פון די לאָזונגען, נאָר האָט אָנגענומען די לערע פון בער באָראָכאָוו, אַז די באַפרייאונג פון יידישן פאָלק איז ענג פאַרבונדן מיטן בויען זיין נאַציאָנאַלע היים אין ארץ־ישראל, פירן דאָרט אַ מלוכהשע טעטיקייט מיט אַלע אַטריבוטן פון אַ פאָלק און באַפרייטער אַרבעט, ווו די מאַכט דאַרף געהערן צום פּראָלעטאַריאַט.

דוד איז געווען אַ כראָנישער לונגען־קראַנקער. הויך, דאַר, בלייכע באַקן און בלאַסע ליפּן. זיין גאַנצער קערפּער האָט געטראָגן אויף זיך בולטע סימנים פון שווינדזוכט. ער האָט אויסגעזען שוואַך און צעבראָכן, אָבער דערפאַר איז ער געווען שטאַרק אין זיין גייסט און אומדערמידלעך אין דער אַרבעט פאַר דער פועלי־ציוניסטישער אידעע, אין וועלכער ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן מיט זיין גאַנצן אומ־געוויינלעכן ברען, אויפגעקלערט די וולאָדאַווער אַרבעטער־יוגנט די באָראָכאָוו־אידעע און איר חשיבות פאַר דער נאַ־ציאָנאַלער דערלייזונג פון יידישן פאָלק. ער האָט באַוויזן צו זאַמלען אַרום זיך אַ שיינע אַרבעטער־יוגנט. עס איז פאַרביי אַ קורצע צייט און ער האָט צוזאַמען מיט אַ גרופּע אידעאַליסטן געשאַפן די „געזעלשאַפט אוונט־קורסן פאַר אַרבעטער", וועלכע האָט געהאַט איר לאָקאַל ביי מענדל ליפשיץ אויפן גאָרן, אַקעגן דער בראָם. די געזעלשאַפט האָט געפירט אַן אינטענסיווע טעטיקייט און דוד ליפשיץ איז געווען איר נשמה. ער האָט אַראָפּגעבראַכט פאַרשידענע רעדנער, צווישן זיי אויך זרובבלען, געפירט אַן אינטענ־סיווע קולטור־טעטיקייט.

זיינע שטאַרקסטע קעגנער זענען געווען: משה קאַסטער און יאָסל כץ, בידע אויטאָדידאַקטן, וואָס האָבן זיך אַרויסגע־הויבן מיט זייער אינטעליגענץ און געווינען גרויס אָנזען צווישן דער וולאָדאַווער אַרבעטער־יוגנט.

עס איז געווען גראַד אין דער זעלבער צייט, ווען נחום בלושטיין (מיקיטע), דער פאָרזיצער פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, אַ געוועזענער בונדיסט, מיט אַ׳ סטאַזש פון רעוואָלוציאָנערער טעטיקייט אין יאָר 1905, האָט פאַרקויפט דעם פאַראיין־לאָקאַל צו די סוחרים, וועלכע האָבן אויפ־געהאַנגען זייער שילד, די שילד פון סוחרים־פאַראיין. די פאַראיין־מיטגלידער, וועלכע זענען פאַרבליבן אויף דער גאַס, האָבן אין דעם געזען אַ פאַרראַט.




זיי האָבן געהאַלטן, אַז די אמתע באַוועגונג פון יידישן אויפשטאַנד איז דער אַרבעטער־ציוניזם און נישט דער קאָסמאָפּאָליטישער סאָציאַליזם. זיי האָבן אין פּראָלעטאַרישן ציוניזם געזען די דערוואַכונג פון רעוואָלוציאָנערן גייסט ביים יידישן אַרבעטער. דאָס איז ביי דער פּועלי־ציוניסטישער יוגנט אין וולאָדאַווע געווען די וויזיע פון האָפענונג פון יידישן לעבן אין ארץ־ישראל.

בלימל־טאָג פון לינקע פּועלי־ציון

פון רעכטס: זלמן טריט, שמואל בענדלער, ה. פּאַרלייטער. צווייטע שורה: י. בערמאַן, חנה פעלדמאַן, דוד ליפשיץ און געלע בלאָשטיין.

די „געזעלשאַפט אַוונט־קורסן פאַר אַרבעטער" איז אין יענער צייט געווען אין העכסטן שוווּנג פון איר קולטור־טעטיקייט, וועלכע איז אָבער נישט געווען צום האַרצן די עקסטרעם־לינקע, די „רויטע", וועלכע פלעגן קומען אויפ־רייסן אַזעלכע אָוונטן, פּונקט ווי זיי פלעגן עס טון אין די אַנדערע ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס. אמת, עס זענען געווען אַ סך פון זייערע חברים, וועלכע זענען געווען קעגן אַזאַ טאַקטיק, אָבער די אַנדערע האָבן זיך פון דעם נישט גע־וואָלט אָפּזאָגן און דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז די ציו־ניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָבן די דאַזיקע אויפרייסער נישט געוואָלט אַריינלאָזן אין זייערע לאָקאַלן.

אין אַ געוויסן אָוונט האָבן זיך אין לאָקאַל פון דער „געזעלשאַפט אָוונט־קורסן" באַוויזן עטלעכע גרופּן פון די „רויטע", מיט זייערע אָנפירער. געוויס האָט דאָס אַרויס־גערופן פאַרווּנדערונג. אָבער גאַר גיך איז אויפגעקלערט געוואָרן דער ציל פון זייער אָנקום.

אין זכרון איז מיר פאַרבליבן דער פאַרלויף פון דאַזיקן אָוונט, וואָס איז געווען געווידמעט דעם אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־טאָג. דער גרויסער זאַל איז געווען פול געפּאַקט. עס זענען אַרויסגעטראָטן רעדנער, וואָס האָבן באַלויכטן די אידעע פון אינטערנאַציאָנאַלן יוגנט־טאָג און עס האָט אויס־געזען, אַז דער אָוונט וועט דורך שטיל און גלאַטיק. אָבער ביים סוף, ווען די רעדעס זענען שוין געווען פאַרענדיקט,

האָט פלוצים יעקב ספיר געבעטן אַ וואָרט צו אַ דערקלערונג. דער פאָרזיצער פון אָוונט דוד ליפשיץ האָט אים דערלויבט צו רעדן און ע סאיז דאַן געקומען זיין דערקלערונג, אַז ער טרעט אַרויס פון דער לינקער פּועלי־ציון און שליסט זיך אָן אין דער לינקער באַוועגונג. באַלד נאָך יעקב ספיר איז אַרויפגעשפּרונגען אויף דער בינע איצל געווירצ־מאַן און אויך אויסגעשריגן די זעלבע דערקלערונג.

פאַר דודן איז קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן מיט דער אויסשליסלעכער כוונה צו מאַכן קאָמו־ניסטישע פּראָפּאַגאַנדע און שפּאַלטן די לינקע פּועלי־ציון.

דערנאָך איז געוואָרן באַוווּסט, אַז ענלעכע שפּאַלטונגען זענען פאָרגעקומען אויך אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן.

דער קלאַפּ פאַר די לינקע פּועלי־ציון איז דע־מאָלט געווען אַ שטאַרקער, אָבער דוד ליפשיץ האָט זיך נישט איינגעבראָכן און האָט ווייטער געקעמפט מיט גרויס התלה־בות פאַר דער באָראָכאָוו־אידעע, אָבער ער האָט נישט זוכה געווען צו דערלעבן די אַנטשטייאונג פון דער יידישער מדינה. זיין לונגען־קראַנקהייט האָט זיך מיט יעדן טאָג אַלץ מער פאַרערגערט און אין הושענא רבה פון יאָר 1933 איז ער אַוועקגעריסן געוואָרן פון די לעבעדיקע. ער איז גע־שטאָרבן אין סאַמע ברען פון זיין אַרבעט, וועלכער ער האָט זיך אָפּגעגעבן מיטן גאַנצן אייפער פון זיין גרויסער נשמה.

**ד״ר סאָפיא ערליך**

# ציוניזם און ווילטעטיקייט

אין 1921־סטן יאָר האָב איך, אַלס דאָקטאָר, אָנגעפירט מיטן רעפּאַטריאַנטן־עשאַלאָן, וואָס איז געגאַנגען פון פּאָלטאַווע און קרעמענטשוג, קיין פּוילן. מיט מיר איז געפאָרן מיין מאַן, שיע ערליך ע״ה און די משפחה סאָמעלסאָן אַון געזונדהייט.

ווען מיר זענען געקומען קיין וולאָדאַווע, איז דאָרט די קולטור־געזעלשאַפטלעכע טעטיקייט געווען אין איר סאַמע אָנהויב. עס איז שוין געווען אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, אין וועלכער עס זענען טעטיק געווען די ברידער ראָטענבערג, אברהם קאגאַן, אָשר לערער, שיע ליכטנבערג, שלום לעמבערגער, גרינהויז און אַנדערע. עס איז שוין אויך געווען אַ „תרבות״־שול. דאָס אַלץ האָט מען געדאַרפט אויסברייטערן און אַקטיוויזירן. די ניי־געקומענע האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט און האָבן אַריינגעבראַכט



## פאַר די יתומים

עס איז געווען דער מאָראַלישער פּאַטאָס, מיט וועלכן עס איז געווען דורכגעדרונגען די ציוניסטישע טעטיקייט און האָט זי דערהויבן צו אַ הויכער מדרגה פון מענטשלעכקייט און דערפאַר איז די פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע אַרבעט געגאַנגען צוזאַמען מיט ווילטעטיקייט, מיט העלפן ראַטעווען יידישע לעבנס און יידישן כבוד און גאָר באַזונדערס ברענגען הילף פאַר די סאַמע אומבאַהאָלפנסטע — די יתומים.



דער אַפּטייקער ערליך, ביים טיילן עסן פאַר די יתומים. עס העלפט אים אין דער אַרבעט דער סעקרעטאַר פון האַנטווערקער־פאַריין, האָפּסלער.



די ליבע צו ארץ־ישראל, צו דער גלאָררייכער געשיכטע פון יידישן פאָלק האָט זיך גענערט מיטן פייער פון קאַמף קעגן אומגערעכטיקייט. מאָנענדיק פון דער וועלט פאַרגיטיקונג פאַר די עוולות, וואָס מ׳איז באַגאַנגען קעגן יידן דורך טויזנטער יאָרן, האָבן זיי אַנטוויקלט אין זיך די פילבאַרקייט פאַר די שוואַכסטע.



ביים דורכפירן דעם בלימל־טאָג, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט איינגעאָרדנט לטובת דעם יתומימהויז אין יאָר 1926.

1־טע שורה: (פון רעכטס): אהרן זייפער, אהרן פישמאַן, שאולקע סאַמלסאַן. 2־טע שורה: חנה סאַמלסאַן א. א.

אַ סך לעבן. אין דער לייטונג פון דער „תרבות"־שול זענען דאַן געווען: יוסף ראָטענבערג, שיע ערליך, עפּל־בוים, אהרן באַרנהאָלץ, יענטע גאָלדשטיין, דער לערער קיפּעל און שאול סאמעלסאָן. אין דער אָנפירונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע זענען געווען: ד"ר פעלדמאַן, פּרעזעס; שיע ערליך, וויצע־פּרעזעס; יחיאל גרינהויז, — סעקרעטאַר און מורשי ק"ק; ד"ר גאָלדפאַרב איז געווען גזבר; פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער: געזונדהייט, כהן, אָשר לערער, שלום לעמבערגער, שאול סאָמעלסאָן און אהרן סאָמעלסאָן. אַ לעבהאַפטע אַרבעט איז דאַן געטון געוואָרן פאַרן קרן־קימת און קרן־היסוד.

אין וולאָדאַווע און אומגעגנט זענען נאָך דער שחיטה פון די באַלכאָווצעס געבליבן ביי אַ הונדערט און פופציק יתומים, וואָס מען האָט צייטווייליק איינגעאָרדנט ביי אלי געזונדהייט אין עטלעכע צימערן און

דער „דזשאָינט" האָט געשטיצט מיט עסן און קליידונג. אָנצופירן מיטן יתומים־הויז אַלס דערציער, איז באַשטימט געוואָרן שמואלקע ביאַלי. פריער איז לייבל ליכטנבערג געווען פּרעזעס און נאָכדעם, איז די פאַרוואַלטונג געווען אין פאָלגנדן צוזאַמענשטעל: אברהם כהן — פּרעזעס, שרהלע גראָס — וויצע־פּרעזעס, פייוול לעדערמאַן — קאַ־סיר, רחלע באַרנהאָלץ — סעקרעטאַרין, און אויך זעלדעלע געזונדהייט, וועלכע פלעגט קומען וואַשן און רייניקן די קינדער. אויך איך בין געווען אין דער פאַרוואַלטונג און האָב באַדינט די קינדער אַלס דאָקטאָר.

אַ פּאָר יאָר שפּעטער, האָט דער „דזשאָינט" אויפגע־בויט דעם צוויי־שטאָקיקן „אַמעריקאַנער דאָם", אויפן פּלאַץ פון אָפּגעברענטן הקדש און דאָרט איז איינגעאָרדנט גע־וואָרן דער בית־יתומים. די קינדער האָט מען דאָרט גע־האַלטן ביז דרייצן־פערצן יאָר. געגעבן זיי עלעמענטאַרע

## פאַרן יידישן קינד

די ליבע צו די קינדער און די זאָרג פאַר זייער קעגנוואַרט און צוקונפט — איז געווען אַ כאַראַק־טעריסטישער שטריך אין דער טעטיקייט פון די געזעלשאַפטלעכע טוער אין וולאָדאַווע. דער זאָרג פאַרן יידישן קינד האָבן זיי זיך אָפּגעגעבן מיט גרויס מסירות נפש, מיט גרויסע הערצער. צו די שענסטע וווילטעטיקע אינסטיטוציעס האָט געהערט דער טאָ"ז און זיין פאַרדינסטפולע אַר־בעט פאַרן יידישן קינד.






די האַלב־קאָלאָניע פון טאָ"ז אין וולאָדאַווע.



די דאָזיקע עסקנים, געשטאַלטן פון וולאָדאַווער צדקה־אַפּאָסטאָלן, זענען געווען ווייט פון שריי־ערישער פילאַנטראָפּיע און עס זענען פאַר זיי צוגעפּאַסט געוואָרן די ווערטער פון גרויסן דיכ־טער היינריך היינע: „צאַרטע שליחים פון דער געטין רחמנות". זיי זענען טאָג און נאַכט גע־שטאַנען אויף דער וואַך, גרייט צו העלפן די קינדער, ברענגען זיי פרייד און האָפענונג.



די קינדער פונעם יתומים־הויז צוזאַמען מיט די פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון טאָ"ז. אין צענטער — דע ר אַפּטייקער ערליך און פרוי ד"ר סאָפיע ערליך. צווישן זיי — דער סעקרעטאַר פון האַנטווערקער־פאַריין האָפּסלער.

בילדונג, אויסגעלערנט פאַכן און געמאַכט זיי זעלבסטשטענדיק. מערסטנס האָבן זיי געלערנט אין דער „תרבות"־שול און אין „אָרט".

מיין מאַן פלעגט באַטייליקן זיך אין טעאַטער־פאָרשטעלונגען און ער פלעגט אַליין מיטשפּילן. די איינקונפטן זענען געגאַנגען פאַר די קרנות. אין יאָר 1926 האָט ער, צוזאַמען מיט משה ראָזשאַנקער, אביגדור שפּילמאַן און שמחה קעלבערמאַן, געגרינדעט אַ גמילות־חסד־קאַסע פאַר נויטבאַדערפטיקע קליינהענדלער און בעלי־מלאכות. סיי די דאָזיקע קאַסע און סיי דער „טאָז", זענען געגרינדעט געוואָרן מיט דער הילף פון „דזשאָינט". דער „טאָז" האָט אַכטונג געגעבן אויף די סאַניטאַרע באַדינגונגען אין די חדרים. מיר האָבן צענדליקער קינדער אָפּגעשיקט קיין וואַרשע, אין דער צענטראַלע פון „טאָז", ווו מען האָט זיי געמאַכט רענטגען און אויסגעהיילט פון פאַרשידענע מחלות.

דער צענטראַלער „טאָז" האָט אויך געהאַט סאַנאַטאָריעס אין די קור־ערטער קריניצע און טשעכאָטשינעק. פון וולאָדאַווע פלעגן מיר שיקן קינדער יעדן סעזאָן, צו געניסן פון די דאָזיקע דאַטשעס און סאַנאַטאָריעס. מיר האָבן אויך געהאַט האַלב־קאָלאָניעס, וווהין מיר פלעגן שיקן קינדער, צו פופציק אין אַ גרופּע, צו פאַרברענגען אַ האַלבן טאָג אין וואַלד, במשך אַ חודש.

מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ באַראַטונגס־שטעלע פאַר שוואַנגערע פרויען און פאַר מוטערס מיט קליינע קינדער. אין דער אַמבולאַטאָריע פלעגן אומפאַרמעגלעכע קענען באַקומען אַ דאָקטער פאַר אַ האַלבע זלאָטע און אויך גרויסע הנחות אויף די רעצעפּטן. דער דענטיסט ד"ר גאָלדפאַרב האָט געהיילט די ציינער פון די שול־קינדער אינגאַנצן אומזיסט. פאַרשטייט זיך, אַז אויך איך און מיין מאַן, וועלכער האָט געהאַט אַ „סקלאַד אַפּטעטשני", האָבן געאַרבעט פאַר די אויבנדערמאָנטע אינסטיטוציעס, נישט פאַר קיין געהאַלט, חלילה.

אין יאָר 1933 זענען מיר עולה געווען קיין ארץ־ישראל און אויך דאָ, איז מיין מאַן ע"ה געווען טעטיק אין „ארגון יוצאי ולודבה והסביבה", ביז ער איז, אין יאָר 1949, אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז .

חיים קליגער

# די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג

וולאָדאַווע, אַ פּראָוויאַנטאָווע שטעטל און נאַטירלעכער צענטער פון די אַרומיקע קלענערע ישובים, דערפער און קאָלאָניעס, צו וועלכע עס ציען זיך געפּלאַסטערטע שאָסייען, אַ באַן־ליניע וואָס פאַרבינדט וולאָדאַווע מיט בריסק און כעלם. אין וולאָדאַווע פליסן צווי טייכן: דער גרויסער טייך בוג און דאָס קליינע טייכל וולאָדאַווקע, וואָס פאַלט אַריין אין בוג.

אין אַלטע היסטאָרישע דאָקומענטן פון יאָר 1475 ווערט וולאָדאַווע דערמאָנט מיט אירע גרויסע יאַרידן, וואָס האָבן געדויערט גאַנצע צוויי וואָכן. אויף די דאָזיקע יאַרידן פלעגט מען ברענגען צו פירן אָקסן, פערד, בהמות און שעפּסן, אין די צענדליקער טויזנטער. ביים בוג האָט עקזיסטירט אַ פּאַראָם מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער בריק, וועלכע מען האָט געעפנט ווען עס האָבן געדאַרפט דורכפאָרן שיפן מיט זאַלץ פון וולאָדאַווע קיין בריסק, האָלץ־טראַטוועס קיין דאַנציג.

ביים טייך זענען אויך געשטאַנען מילן, וואָס האָבן באַזאָרגט מיט מעל די גאַנצע געגנט.

די הויפּט־באַשעפטיקונג פון די איינוווינער אין וולאָדאַווע איז געווען האַנטווערקעריי. אָבער גרויסע טיילן האָבן זיך אויך פאַרנומען מיט האַנדל, געפירט געשעפטן אויך מיט אַנדערע נאָענטע און ווייטע שטעט. אַכט קילאָמעטער פון שטעטל ליגט דאָס דאָרף ראָזשאַנקע, ווו עס האָט זיך געפונען דער באַרימטער פּאַלאַץ פון גראַף זאַמאָיסקי ווי אויך די פּרעכטיקע אָזערעס, וואָס האָבן געהערט צום דערמאָנטן גראַף.

אין 17־טן יאָרהונדערט, ווען דער אַטאַמאַן כמעלניצקי האָט אָנגעפירט מיטן אויפשטאַנד פון די אוקראַאינישע פּויערים קעגן די פּוילישע פּריצים און פּאָגראָמירט די יידישע שטעטלעך האָט דער גורל אויך נישט אויסגעמיטן דעם יידישן ישוב אין וולאָדאַווע, ווו די צעיושעטע היידאַמאַקעס האָבן

דורכגעפירט אַ מוראדיקע שחיטה, אויסגעמאָרדעט די גאַנצע יידישע באַפעלקערונג און פאַרברענט דאָס שטעטל.

ווי אַ סך אַנדער שטעטלעך האָט זינט דעמאָלט אויך וולאָדאַווע איבערגעלעבט אַ ווירטשאַפטלעכע ירידה. ביים סוף פון 17־טן יאָרהונדערט און אָנהויב 18־טן יאָרהונדערט ווערן ביי אַ סך היסטאָריקער ווידער דערמאָנט די יידן אין וולאָדאַווע און אומגעגנט, ווו זיי האָבן געלעבט פון קרעטשמעריי, אַרענדעס און געלט־האַנדל, ד.ה. פון פּראָצענט.

אין 18־טן יאָרהונדערט ווען עס איז פאָרגעקומען די צעטיילונג פון דער פּוילישער מלוכה און פּוילן האָט געליטן אַן עקאָנאָמישע ירידה, האָט עס זיך אויך אָפּגערופן אויף דער עקאָנאָמישער לאַגע פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וולאָדאַווע.

מיטן אויסברוך פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די צאַרישע אַרמיי האָט אין יאָר 1915 געמוזט פאַרלאָזן וולאָדאַווע, האָבן דעמאָלט די קאָזאַקן אונטערגעצונדן דאָס שטעטל און אַן ערך זיבעציק פּראָצענט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ. ערשט אין יאָר 1918, ווען פּוילן האָט צוריק באַקומען מלוכהשע אומאָפּהענגיקייט האָט אין אָנהויב זיך אויסגעוויזן, אַז עס איז געקומען אַ סוף צו יידישע צרות, יידן האָבן פרייער אָפּגעאָטעמט, אָבער באַלד איז אויסגעבראָכן די מלחמה מיטן ראַטנפאַרבאַנד און ווידער האָט דאָס שטעטל געליטן פון נויט און פון הונגער.

עס איז כדאי צו דערציילן, אַז אין אַ שיינער לבנה־נאַכט האָט מען אין יענער צייט אין אַ סך וולאָדאַווער שטובן נישט אָנגעצונדן קיין עלעקטריש ליכט, אַפילו ווען ס'איז שוין יאָ געווען. ווי נאָר עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט האָט מען זיך געלייגט שלאָפן. חוץ די עטלעכע מילן און טאַרטאַקן האָט דאָס שטעטל נישט פאַרמאָגט קיין איין גרעסערע אונטערנעמונג. דער לעבנס־ניוואָ איז געווען אַ נידעריקער. אין די 20־קער יאָרן האָט נאָך דאָס שטעטל אויסגעזען ווי אַ גרויס דאָרף. אין סאַמע צענטער איז געווען דער מאַרק מיט אַ בראַם, ד.ה. אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן מיט הייזער, מערסטנס הילצערנע. די יידן זענען געווען צוויי־דריטל פון דער באַפעלקערונג. דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם בית המדרש, חסידים־שטיבלעך, ישיבה און חדר. אין יאָר 1925 איז אין וולאָדאַווע געווען אַ 7־קלאַסיקע שול, פון וועלכער די יידישע קינדער האָבן זייער ווייניק געוואָסן.

די מערהייט פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט געלעבט פון קרעמעריי. יעדן דאָנערשטיק איז פאָרגעקומען אַ גרויסער יאָריד אויף וועלכן עס זענען זיך אָנגעפאָרן פּויערים פון דער גאַנצער געגנט. אויפן דאָזיקן יאָריד־טאָג האָבן זיך אויסגעקוקט די אויגן די קרעמער און בעלי־מלאכות אַ גאַנצע וואָך.

די אָרעמקייט איז אין יענע יאָרן געווען גרויס. עס האָט געהערשט אַרבעטסלאָזיקייט און ווען עס איז געווען אַביסל אַרבעט האָט מען געהאָרעוועט ביז 14 שעה אין מעת־לעת. דאָס איז געווען די צייט, ווען גראַבסקי איז געווען מיניסטער און די שווערע שטייערן האָבן געדריקט די יידישע קרעמער, און פאַראָרעמט די יידישע בעלי־מלאכות,

פּיל פון די מיטגלידער פון פּראָפאַריין האָבן געהאַט אַן ענגן קאָנטאַקט מיט ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס, זענען געווען אַקטיוו און אָפּטמאָל סייסמאָגראַפן פאַר דעם וואָס עס איז פאָרגעקומען אין די טיפענישן פון דער יידישער באַפעלקערונג, אין וולאָדאַווע, זענען געווען זייער דופק און האַרץ, דאָס פייער, וואָס האַלט אויף די נשמה אין אַ שוואַכן גוף, דאָס פייער פון האָפענונג און בטחון אין בעסערע צייטן.

**
*



**גרופּע מיטגלידער פון פּראָפאַריין**

אויבן (רעכטס): דוד־לייבעלע שוואַרץ, — — — שלום שוואַרץ (אין מיליטערישן מונדיר), — — — אינמיטן: משה קאַסטער, גיטלמאַן, שלום קאַסטער, אַביש קאַסטער, חיים קאַסטער. אונטן: — — — אביגדור לעדערמאַן. די נעמען פון די אַנדערע חברים זענען אַרויס פון זכרון.

## קולטור־טעטיקייט

יידישע קולטור־טעטיקייט אין וולאָדאַווער פּראָפאַריין איז געגאַנגען צוזאַמען מיטן ענטוזיאַזם פאַרן שיינעם און ליכטיקן אין לעבן, מיט ליבשאַפט צו מאַמע־לשון, טיפע אַכטונג פאַרן יידישן וואָרט, פאַר דער יידישער ליטעראַטור.



ליטעראַרישער משפּט איבער שלום אַשס „מאָטקע גנב". אָרגאַניזירט דורך דער קולטור־קאָמיסיע ביי די פּראָפאַריינען, אין יאָר 1929.
עס שטייען אין דער 1־טער שורה, אויבן, רעכטס: אַביש קאָסטער, לינקס: אַברהם רייכטשטיין. זיצנדיקע, רעכטס: חיים קליגער, העניעלע גוטמאַן, יאָסל פעלדמאַן, שלום שוואַרץ, שמואל אביגדור פינקלשטיין, איצל גאָלדמאַן, איצל געווירצמאַן און משה קאָסטער.

שוסטער, שניידער, שטעפער האָבן זיך אַרומגעדרייט אָן אַרבעט ווען עס האָט זיך געמאַכט אַ שטאָך אַרבעט, זענען זיי אוממענטשלעך עקספּלאָאַטירט געוואָרן דורך די באַלעבאַטים. עס איז דעמאָלט אויפגעקומען די נויטווענדיקייט ביי די יידישע אַרבעטער צו אָרגאַניזירן זיך אין אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין. אויף וויפל איך געדענק איז דער ערשטער פּראָפעסיאָנעלער פאַראיין אַנטשטאַנען אין יאָר 1921. דער לאָקאַל האָט זיך געפונען אויף דער סיימאָווער גאַס, וואָס יידן האָבן גערופן די פּאָסט־גאַס, ווייל דאָרט האָט זיך געפונען דער פּאָסט־אַמט.

די פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג איז גיך געוואָרן פּאָפּולער צווישן די יידישע אַרבעטער פון אַלע פּאָליטישע ריכטונגען. אין פאַראיין פלעגן קומען אויך אָרטאָדאָקסישע יידן, וואָס האָבן פאַרשטאַנען, אַז דער פאַראיין פאַרטיידיקט זייערע עקאָנאָמישע אינטערעסן.

אין יאָר 1924 האָב איך געאַרבעט אַלס האַנדלס־אָנגעשטעלטער, אָדער ווי יידן פלעגן עס רופן „אַ משרת" ביי יחיאל כץ, וואָס האָט געהאַט אַ געשעפט פון טאַנדייט־מלבושים אין דער „בראַם". דעמאָלט בין איך אויך אַריינגעצויגן געוואָרן אין פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין וואָס האָט שוין דעמאָלט געהאַט זיין לאָקאַל אויף דער סאָלנע־גאַס. יידן פלעגן זי רופן די שול־גאַס ווייל דאָרט איז געווען די באַרימטע אַלטע שול ווי אויך צוויי בתי מדרשים.

עס האָבן עקזיסטירט פאַראיינען פון שוסטער, שניידער, סטאָלאַרעס און בעקערס. די פּראָפאַראיינען האָבן זיך געשטעלט פאַר אַן אויפגאַבע אָפּצושאַפן דאָס אַרבעטן צוועלף־פערצן שעה אין טאָג און איינפירן אַ צען־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. עס זענען פאָרגעקומען עטלעכע שטרייקן אויסצוקעמפן לוין־העכערונגען. אַ באַזונדערס איינגעשפּאַרטן כאַראַקטער האָט געטראָגן דער שוסטער־שטרייק, וואָס האָט



אויפגערודערט דאָס גאַנצע שטעטל. ביידע צדדים זענען געווען פאַרעקשנט. אין שפּיץ פון שטרייק איז געשטאַנען אַ קאָמיטעט אונטערן פאָרזיץ פון איצל ליכטענבערג. סוף־כל־סוף איז אויסגעקעמפט געוואָרן אַ געוויסע לוין־הוספה.

שווער איז צוגעגאַנגען דאָס אָרגאַניזירן די פרויען־אַרבעטערינס, וואָס זענען פון קינדווייז אָן געווען צוגעוווינט צו אַרבעטן ווי די שקלאַפינס, פון 7 אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט, אָפט ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, באַזונדערס אין די חגאות, די א. ג. סעזאָנען.

אין יענער צייט איז אין וולאָדאַווע שוין געווען אַ ציוניסטישע באַוועגונג מיט אַלע אירע שאַטירונגען. באַזונדערס אַקטיוו זענען געווען די לינקע פּועלי־ציון, ווו דוד ליפּשיץ האָט געשפּילט אַן אָנפירנדיקע ראָל. ער איז געווען אַ זון פון חסידישע עלטערן, אַ שווינדזיכטיקער, אָבער פול מיט ברען און אָן אַ שיעור ענערגיע און ער האָט מיט לייב און לעבן איבערגעגעבן זיך דער פּאַרטייאישער אַרבעט, דער געזעלשאַפט „אָוונט־קורסן", וואָס איז געווען אונטער דער השפּעה פון די לינקע פּועלי־ציון.

די קאָמוניסטן האָבן נאָך דעמאָלט נישט געהאַט קיין שטאַרקע השפּעה אויף דער יידישער יוגנט אין וולאָדאַווע. דאָך זענען שוין געווען יידישע יוגנטלעכע, וואָס זענען געווען אָנגעשטעקט מיטן קאָמוניסטישן אידעאַל. צווישן זיי זענען געווען: משה קאסטער, ברוך גווירצמאַן, העניע גוטמאַן, שמואל בוימגאַרטן יאָסל כץ א. א. זיי פלעגן קומען אויף פאַרזאַמלונגען, אַרויסטרעטן אין די דיסקוסיעס און רעדן מיט התלהבות וועגן דער סאָציאַלער רעוואָלוציע, אין וועלכער זיי האָבן געזען דעם איינציקן אויסוועג פון אַלע יידישע צרות.

די יידישע יוגנט אין שטעטל האָט אין יענער צייט דערפילט אַ שטאַרקן דורשט נאָך וויסן, צו באַרייכערן די

קענטעניש און פאַרשטיין די פּראָבלעמען פון דער נייער וועלט, וואָס האָט זיך פאַר איר אַנטפּלעקט. די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען זענען אַנטקעגנגעקומען דעם דאָזיקן דראַנג און האָבן גענומען פירן אַ ברייטע קולטור־טעטיקייט. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ ביבליאָטעק, מיט וועלכער מיר איז אויסגעקומען אָנצופירן. עס איז געשאַפן געוואָרן אַ דראַם־קרייז, אין וועלכן עס האָט אָנטיילגענומען אַ גרויסע צאָל מיטגלידער. זייער פּאָפּולער זענען געוואָרן די קעסטל־אָוונטן, אויף וועלכע אינטעליגענטע רעדנער האָבן געענט־פערט אויף די פראַגן, וואָס די אַרבעטער האָבן געשטעלט.

צוליבן דרוק פון דער שטאָטישער מאַכט איז הערשל קעפּל געצוווּנגען געוואָרן מער נישט צו פאַרדינגען דעם לאָקאַל פאַר די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען. לאַנגע חדשים איז דער פּראָפאַראיין געבליבן אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ און געפירט זיין טעטיקייט אויף דער גאַס ביז עס איז ענדלעך געלונגען צו דינגען אַ נייעם לאָקאַל ביי טוביה האָפּקיס־גרינשפּאַן.

אין יאָר 1925 זענען פאָרגעקומען וואַלן צום מאַגיסטראַט און די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן אַרויסגעשטעלט אַן אייגענע ליסטע מיט פיר קאַנדידאַטן: אַביש קאַסטער — אָנפירער פון האָלץ־פאַראיין, איצל גאָלדמאַן — אַ בוכהאַל־טער און נאָך צוויי, וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.

אין יאָר 1928 איז צום ערשטן מאָל אין וולאָדאַווע פאָר־געקומען אַן 1־טע מאַי־מאַניפעסטאַציע. די פּאָליציי האָט דערלויבט צו מאַרשירן בלויז אין יידישן ראַיאָן, ד. ה. אויפן מאַרק־פּלאַץ, ווירקער־גאַס, אָקאָנינסקי־גאַס און צוריק צום הויז פון פּראָפאַראיין. אויפן פּלאַץ פונעם פאַראיין איז פאָר־געקומען אַ מיטינג, אויף וועלכן עס זענען אַרויסגעטרעטן עטלעכע עלטערע חברים, וועלכע האָבן אויפגעקלערט די באַדייטונג פון אַרבעטער־יום־טוב, ווי דער סימבאָל פון קאַמף פאַר אַ בעסערן מאָרגן. פאַרשטייט זיך, אַז די הויפּט־מאָטיוון זענען געווען: סאָציאַליזם, אינטערנאַציאָנאַלע סאָ־לידאַריטעט פון פּראָלעטאַריאַט, קולטור און ברכה פון אַרבעט, פריי פון אונטערדריקונג און עקספּלאָאַטאַציע.

אין נאָמען פון דער יוגנט איז ביי די פּראָפאַריינען אַרויסגעטרעטן דער שרייבער פון די שורות. יענע 1־טע מאַי־מאַניפעסטאַציע האָט געמאַכט אַ רושם אין שטעטל און ביי דער פּאָליציי האָט עס אַרויסגערופן אַ צערודערונג און זי האָט גענומען טראַכטן פון ליקווידירן די „קראַמאַלע״.

ביזן יאָר 1929 איז אין וולאָדאַווע געווען בלויז איין 7־קלאַסיקע שול אין וועלכער עס האָבן געלערנט 779 שילער. דערפון נאָר 320 יידן, ד. ה. 41 פּראָצענט, בעת די יידן זענען געווען 70 פּראָצענט פון דער באַפעלקערונג. ביי דער ציוי־ניסטישער אָרגאַניזאַציע האָט עקזיסטירט אַ תרבות־שול, נאָך פון יאָר 1920, אין וועלכער עס האָבן געלערנט 90 שילער. די שול האָט געהאַט פיר לערער, אָן אַן עפנטלעכער רעכט. דער שכר־לימוד האָט געקאָסט פינף זלאָטעס אַ חודש. אין יאָר 1929 איז אַנטשטאַנען נאָך אַן עלעמענטאַרע שול און אין יאָר 1936 איז אויפגעבויט געוואָרן די גימנאַזיע, אַ גע־מויערטער בנין מיט אַ ספּאָרט־פּלאַץ.

די קינדער פון אָרעמע יידן, פון אַרבעטער און בעלי מלאכות האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו באַזוכן די שול, האָבן געמוזט העלפן דעם טאַטן ביי דער אַרבעט און זענען געוואַקסן גאַנצע און האַלבע אַנאַלפאַבעטן, האָבן קוים געקענט דאַווענען. זייער איינציקע שול איז געווען דאָס חדר, די תלמוד־תורה, זייערע לערער זענען געווען די דרדקי־מלמדים. אַרום דעם בית המדרש, אויפן פּלאַץ נעבן דער שול האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס געזעלשאַפטלעכע לעבן פונעם יוגנטלעכן. ערשט מיטן אַנטשטיין פונעם פּראָפאַראיין, וואָס



די מיטגלידער פון אַרבעטער־ספּאָרט־קלוב „אויפ־גאַנג״ זענען געווען בחורים מיט ערנסטע כאַראַק־טער־שטריכן, אידעאַליסטן, פאַרכאַפּט פון די אידעען, וואָס האָבן גענורטעוועט צווישן דער יוגנט אין יענער צייט און האָבן מיטגעריסן אויך גרויסע טיילן פון דער יוגנט אין וולאָדאַווע און זיי האָבן מיט לייב־און־לעבן זיך געוואָרפן אין קאַמף פאַרן פאַרווירקלעכן די דאָזיקע אידעען אין לעבן.



אַרבעטער־ספּאָרט־קלוב „אויפגאַנג״ ביים פּראָפאַריין



פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער פון נאָדל־פאַריין 1928 רעכטס: משה שערמאַן, חיימלייב מאַסלוך, אברהמעלע וויינשטיין (אהרן לייזערס), שלמה בוימגאַרטן, העניע גוטמאַן, דניאל פרידמאַן, קלמן שפּאַניערמאַן.

אידעאיש האָבן די פּראָפאַריינישע טוער אין וולאָדאַווע זיך איבערגערופן מיט די מאָדערנע שטרעמונגען פון דער אינטערנאַציאָנאַלער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, אָבער דערביי זענען זיי געווען דורכגעדרונגען מיט נאַציאָנאַל־יידישע געפילן. ליבע צו מענטשן און פאָלק האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן אין איין אָרגאַניש־סינטעטישער גאַנצקייט.

האָט גענומען פירן אַ ברייטע קולטור־טעטיקייט, האָט די אַרבעטנדיקע יוגנט זיך געריסן אין די לאָקאַלן פון די פּראָפאַראיינען, דורשטיקע נאָך אַ ביסל וויסן. אין דער קולטור־אַרבעט האָבן זיך באַזונדערס אויסגעצייכנט מיט זייער אַקטיוויטעט: שמואל בוימגאַרטן, משה קאַסטער, אביש קאַסטער, איצל געווירצמאַן, ברוך געווירצמאַן, יאָסל כץ, איצל ליכטענבערג, יעקב ראָזנבלאַט, יעקב סאַפּירשטיין, מאיר זבערטשוק, אסתר קעלבערמאַן, בערל פרייבערג א. א. פון די יוגנטלעכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער התלהבות און איבערגעגעבנקייט: שמואל וויגדור פינקלשטיין, שלום קאַסטער, העני גוטמאַן, דניאל פרידמאַן, חיים קלוגער, אברהם רייכשטיין, חנהטשע גרינשפּאַן א. אַ. די דאָזיקע מענטשן זענען מיט לייב און לעבן געווען איבערגעגעבן דער פּראָפאַראיינישער טעטיקייט.

עס זענען אָרגאַניזירט געוואָרן אָוונט־קורסן אין פּריוואַטע וווינונגען, ווו עס זענען געקומען די אַלע, וועלכע האָבן זיך געוואָלט לערנען. מיט די קורסן האָט אָנגעפירט אסתר קעלבערמאַן. עס זענען געהאַלטן געוואָרן לעקציעס איבער דער געשיכטע פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. עס זענען דורכגעפירט געוואָרן אַ ריי ליטעראַרישע משפּטים, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער דערפאָלג. זיי זענען פאָרגעקומען אין גרעסטן קינאָ־זאַל אין שטעטל, וואָס איז שטענדיק געווען געפּאַקט. עס זענען געקומען רעדנער פון וואַרשע, ווי ד״ר קרוק, ד״ר אייזנשטאַט, ב. אייסעראָוויטש, אהרון וואַל, פייזול פריד פון כעלם, וויענאָווער־דלוגאָשעווסקי. צו זיין רעדע וועגן דער טשעלוסקין־עקספּעדיציע איז געקומען אַ גרויסער עולם, אָבער עס האָט זיך דעמאָלט אַריינגעריסן די פּאָליציי צוזאַמען מיט אַ גרופּע כוליגאַנעס, איבערגעריסן דעם צופלוס פון עלעקטרישן שטראָם און ווען עס איז געוואָרן פינצטער אין זאַל האָבן זיי גענומען מערדערלעך שלאָגן יעדן ווער עס איז געקומען אונטער דער האַנט. אויך דער רעדנער האָט דעמאָלט געכאַפּט קלעפּ. די



פּאָליציי האָט צעבראָכן זיין אַפּאַראַט, וואָס האָט דעמאָנסטרירט אַ פילם וועגן דעם העלדישן גאַנג פון דער סאָוויעטישער טשעלוסקין־עקספּעדיציע צום נאָרדפּאָל.

אַ באַזונדערס אינטערעסאַנטע טעטיקייט האָט געפירט דער דראַמקרייז ביי די פּראָפאַראיינען. דראַם־קרייזן האָבן עקזיסטירט אויך ביי דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און ביי דער לינקער פועלי־ציון. דער דראַם־קרייז ביי די פּראָפאַראיינען האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין ערנסטן ניוואָ, האָט געשפּילט פּיעסן פון יידישע קלאַסיקער און פון דער וועלט־ליטעראַטור. אָנגעפירט מיטן קרייז האָט בערל פרייבערג און אהרון אַקערמאַן, ביידע טעאַטער ענטוזיאַסטן וואָס די בינע איז געווען זייער חיות. זיי האָבן רעזשיסירט און סופלירט. אין זכרון איז מיר פאַרבליבן דער פאַקט, ווען מען האָט זיך פאַרמאָסטן צו שטעלן גוצקאָווס פּיעסע „אוריאל אַקאָסטאַ“ און די טעאַטער־טוער פון די אַנדערע אָרגאַניזאַציעס האָבן אויסגעלאַכט דעם דאָזיקן פאַרמעסט און געקוקט אויף אונדז ווי אויף דאָן קישאָטן. דער סוף איז אָבער געווען, אַז די פאָרשטעלונג איז זייער געלונגען און אויף דער פאָדערונג פון עולם האָט מען זי געמוזט עטלעכע מאָל שפּילן.

איך געדענק נאָר אַ טייל נעמען פון די אָנטיילנעמער אין דער דאָזיקער פּיעסע: שלום שוואַרץ, שלום קאַסטער, משה קאַסטער, איצל געווירצמאַן, אסתר, אַ שניידערין, וואָס איז געווען זייער טאַלאַנטירט, אָבער איר פאַמיליען־נאָמען איז מיר אַרויס פון זכרון.

אַחוץ טעאַטער־פאָרשטעלונגען זענען פאָרגעקומען אויך רעציטאַציע־אָוונטן און וואָרט־קאָנצערטן. אָפטמאָל זענען אַראָפּגעברענגט געוואָרן כוחות אויך פון וואַרשע.

ביי די פּראָפאַראיינען האָט זיך געשאַפן אויך אַ ספּאָרט־קלוב א. נ. „גוויאַזדאַ“. דאָס איז געווען אַ פוטבאָל־סעקציע. אָבער צוליב די שווערע מאַטעריעלע באַדינגונגען איז נישט געלונגען דעם ספּאָרט צו אַנטוויקלען. דאָך זענען דורכגע־

פירט געוואָרן עטלעכע פּאַרמעסטן. דער קלוב איז געווען נאָך גאָר יונג אָבער זייער אַקטיוו און רירעוודיק.

אין יאָר 1929 האָט די פּאָליציי דורכגעפירט אַ פּראָוואָ־קאַטאָריש שטיקל אַרבעט מיטן ציל פּטור צו ווערן פון די לינקע פּראָפּאַראיינען. זי האָט אונטערגעוואָרפן אין לאָקאַל פון פּראָפּאַראיין קאָמוניסטישע ליטעראַטור און אַ גאַנצע מחנה פּאָליציאַנטן האָט אַרומגערינגלט דאָס הויז, אַרעסטירט עטלעכע צוואַנציק מאַן, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען די גאַנצע אַנפירערשאַפט, דעם שרייבער פון די שורות און שמואל וויגדער פינקעלשטיינען איז דעמאָלט געלונגען צו אַנטלויפן קיין דאַמאַטשעווע.

אין עטלעכע חדשים אַרום איז פּאַרגעקומען אין וולאָ־דאַווע איינער פון די גרעסטע פּאָליטישע פּראָצעסן אין פּוילן. מיט דער פּאַרטיידיקונג האָט אָנגעפירט דער באַרימ־טער אַדוואָקאַט פון אַמאָליקן פּוילן בערענסאָן. די גרעסטע טייל באַשולדיקטע האָבן באַקומען גרויסע אורטיילן און אַוועקגעשיקט געוואָרן אין דער שעדלעצער תּפיסה.

אַזוי האָט זיך געענדיקט די טעטיקייט פון דער פּראָ־פּאַראיינישער באַוועגונג אין וולאָדאַווע.

בן מלכה
תל־אביב

# די ערשטע פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען

די ערשטע אָרגאַניזיר־פּאַרזאַמלונג פון די פּראָפּאַר־איינען אין וולאָדאַווע איז פּאַרגעקומען אינעם קליי־נעם בוידעם־שטיבל ביי יאָסל כּצס מוטער. שׂרה־ברײנטשע. עס זענען דאָרט געווען צוו. אנד. נחום בלושטיין, וועלכן מען האָט גערופן נחום מיקיטע, — אַ בונדיסט, אַביש רוס, — אַ גאַרבער־אַרבעטער, אַ פרומער ייד, יעקב יואל און אשר בראַנשטיין, — שניידערס, צאַלקע קאָוואַל, אלי שטיינענקלאַפּער און פון די מיל־אַרבעטער ביי טשערוואָ־נאַגורע. דוד ליפּשיץ, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן באַ־ראַכאָוויסטישן געדאַנק; משה קאַסטער, אַ סימפּאַטיקער פון „אַקטאָבער"־לאַנד; יאָסל כּץ, וואָס האָט זיך אַרומגעטראָגן מיטן געדאַנק צו שאַפן אַ „יוגנט־קולטור"; שמואל בוימ־גאַרטן, — אַ שלאָסער, אהרון אַקערמאַן, חיים שקלא — פון די לעדער־אַרבעטער; איצל גאַרפינקעל פון די שלאָסער, דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות א. א.

אלי שטיינקלאַפּער האָט מיטגענומען אַ פּוילישן מיל־אַרבעטער. די מילנער זענען געווען די ערשטע וואָס האָבן פּאַר־שטרייקט. נאָך דער פּאַרזאַמלונג האָט אלי מיט איצל קישקע און יואל בער, גערופן די פּוילישע מיל־אַרבעטער מיטן מע־כאַניק בילינסקי צו חיה־רחל שעפּסלס רעסטאָראַן און דאָרט איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן דעם שטרייק, וואָס האָט געדויערט דריי טעג. די מיל האָט אויך געגעבן עלעק־טריע פאַר דער שטאָט. מיטן שטרייק איז פאַרלאָשן גע־וואָרן דאָס ליכט און אין שטעטל האָט געהערשט חושך מצרים. דאָס האָט אויך צוגעהאָלפן צום זיג פון שטרייק. עס איז אויסגעקעמפט געוואָרן אַן אַכט שעהדיקער אַרבעטס־טאָג און אַ פופציק־פּראָצענטיקע הוספה.

באַלד דערנאָך האָבן די גאַרבער־אַרבעטער מיט אַביש רוס בראש, אָרגאַניזירט אַן אַקציע פאַר בעסערע באַדינגונ־גען און געווונען.

אין לאָקאַל פון פאַראיין איז געפירט געוואָרן אַ קול־טור־טעטיקייט. דאָרט האָט מען געקענט לייענען פאַרשי־דענע טאָג־צייטונגען און זשורנאַלן, שפּילן שאָך און דאַמקע. די פרייטיק־צו־נאַכטס זענען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גרוי־סע צוזאַמענקונפטן. עס זענען געפירט געוואָרן שמועסן אויף פאַרשידענע טעמעס. יאָסל כּץ, משה קאַסטער און ברוך געווירצמאַן פלעגן קומען אין לאָקאַל איבערדערציילן אַ רעדע פון זינאָוויעוון, בוכאַרינען און אַנדערע סאָוויעטישע פירער, וואָס זיי האָבן געהערט אין ראַדיאָ ערגעץ ביי אַ שטאָטישן גביר... דוד ליפּשיץ האָט צוגעגעבן, אַז אַן באַ־ראַכאָוון האָבן די רייד פון די סאָוויעטישע פירער קיין שום ווערט פאַרן יידישן אַרבעטער. מענדל ווישניאַ האָט זיך עקשנותדיק געהאַלטן ביי דער בונדישער אידעע פון „נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע".

עס האָבן אויך אָנגעהויבן זיך באַוויזן אין לאָקאַל יונגע אַרבעטער־מיידלעך, שניידערקעס און נייטאָרינס. זיי האָבן זיך אַריינגעגנבעט שטיל, מען זאָל זיי נישט באַמערקן, האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ צייטונג, פאַרטיפט אין לייענען. די



בלימל־טאָג פון פראָפאַריין 1923
צווישן זיי זענען פאַראַן: ברײַנדל בלאָשטיין. זיצנדיקע אין דער לעצטער שורה: אליעזר קאָרן, העניע בראָנשטיין און זלמן עקהויז.
די נעמען פון די אַנדערע זענען אונדז נישט באַקאַנט.

דער פראָפּפאַריין איז מיט דער צייט געוואָרן אַן אָנערקענטער באַשטאַנדטייל פון דער יידישער געזעלשאַפט אין וולאָדאַווע, אָבער דערביי איז אים אָפט אויסגעקומען דורכצומאַכן קריזיסן און אויפטרייסלונגען און די אָנפירנדיקע אַרבעט האָט געהאַט אַ צוציאונגס־קראַפט בלויז פאַר אידעאַליסטן, וועלכע זענען גרייט געווען זיך מקריב צו זיין אין קאַמף קעגן עוולות און אומגערעכטיקייט.

פירנדיקע יונגע בחורימלעך האָבן זיי מקרב געווען, פאַרבונדן מיט זיי שמועסן וועגן אַרבעטער־פּראָבלעמען, וועגן אַ בעסערע און שענערע צוקונפט. די יונגע מיידלעך פלעגן זיך רויטלען און שמייכלען פאַרשעמט.

נאָכן געווינען דעם שטרייק פון די גאַרבער האָבן זיך גענומען גרייטן אויף די שוסטער און שניידער. דאָס שטעטל האָט געקאָכט און געזידט. יצחק זעליק שוסטער האָט מיט רוגזה געוויזן אויף זיין האַנט־פלאַך שרייענדיק: „איר זעט אַזוי ווי דאָ קענען האָר אַרויסוואַקסן, אַזוי וועט איר זיין מיטגלידער אין אייער פאַראיין”. די געזעלן האָבן אים אָפּגעענטפערט און ער האָט אַרויסגעריסן די קאַפּיטעס פון זייערע הענט, געשריגן: „וואָס מיינט עץ זעך, דאָ איז רוסלאַנד? איר ווילט מיר צונעמען מיין האָרעוואַניע?”

פסח דער געלער האָט געשפריצט מיט פייער: „שוין זאָלט איר גיין פון דאַנען אין אייער בערלס פאַראיין. זאָלן זיי אייך געבן אַרבעט”.

אויך ביי די שניידערס האָט זיך געטון חושך. די באַלעבאַטים האָבן געשריגן: „רוסלאַנד האָט זיך זיי פאַרגליסט”.

עזריאל פוקערמאַן האָט געוואָלט וויסן, ווער עס זענען די מאַכערס פון פאַראיין. שטאָטישע איינוווינער, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אַנונג וועגן די אַרבעטס־פּראָבלעמען, האָבן געמורמלט, אַז „די רוסישע רעוואָלוציע האָט זיך שוין פאַרקליבן אויך צו אונדז”.

זעקס חדשים זענען אַוועק זינט די ערשטע גרינדונגס־פאַרזאַמלונג. אין לויפנדער צייט האָט די פאַרוואַלטונג אין יעדן פאַראיין באַזונדער דורכגעפירט לאָקאַלע אַקציעס פון אַ קלענערן פאַרנעם, כדי צוצוגעווינען די מייסטער און



נישט צערייצן די געמיטער. גלייכצייטיק האָט מען אָנגעהויבן זאַמלען געלט אויף צו דינגען אַ גרעסערן לאָקאַל, וועלכער איז געדונגען געוואָרן ביי יצחק זעליק שוסטער. מען האָט באַצאָלט פאָרויס פאַר זעקס חדשים. עס איז פאַרשטאַרקט געוואָרן די קולטור־טעטיקייט. דער דראַם־קרייז האָט זיך געגרייט אויפצופירן גאָלדפאַדענס „כישופמאַכערן”.

אין יענער צייט איז געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט געחתמעט דעם גורל פן לאָקאַל. דאָס איז געווען אַ זומער־אָונט, ווען עס האָבן געדאַרפט אַריסטרעטן דריי רעדנער, איינער פון דער בונדישער צענטראַלע פון די נאָדל־אַרבעטער, אַ לינקער פּועלי־ציוניסט פון וואַרשע און אַ קאָמוניסטישער טוער פון לובלין, מיטן נאָמען ענגלענדער.

דער לאָקאַל איז שוין געווען איבערפולט, ווען אין דער טיר האָט זיך באַוויזן אַ הויכער און ברייטפּלייציקער פּאָליאַק מיט אַ רויטן אָנגעפּרעסענעם קאַרק. ווען איינער פון דער פאַרוואַלטונג האָט אים געפרעגט די סיבה פון זיין קומען, האָט ער אויפגעהויבן די קלאַפּע פון זיין מאַרינאַרקע און געוויזן דעם אָפּצייכן פון דער פּאָליציי. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ געהיים־אַגענט, געשיקט פון כעלם שפּיאָנירן דעם קאָמוניסטישן טוער פון לובלין, אברהם ענגלענדער.

די יוגנט האָט זיך נישט דערשראָקן, געזונגען יידישע און פּוילישע לידלעך. דער ערשטער איז אַרויסגעטראָטן דער בונדיסט, וואָס האָט גערעדט וועגן פאַך־פראַגן. דערנאָך האָט דער פּועלי־ציוניסט גערעדט וועגן ארץ ישראל און דערנאָך זענען זיך אַלע צעגאַנגען. דעם געהיים־אַגענט איז אויך נישט געבליבן עפּעס אַנדערש צו טון און איז אויך אַוועק.

ערשט ווען ער האָט זיך אויפגעזעצט אויף אַ דראָשקע און איז אַוועק צו דער באַן, איז אברהם ענגלענדער, וועל־כער איז די גאַנצע צייט געזעסן ביי דבורה מרדכי נפתליס אין שטוב, געקומען אין פאַראיין אַריין און ביז שפּעט אין דער נאַכט געפירט די זיצונג.

דאָס איז געווען דער אָנהויב פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין וולאָדאַווע.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט נחום בלושטיין פאַר־קויפט דעם לאָקאַל צום סוחרים־פאַראיין. די וולאָדאַווער אַרבעטער זענען געבליבן אויף דער גאַס און געמוזט טראַכטן וועגן אַ נייער לעגאַליזאַציע... עס האָט געדויערט אַ גאַנץ יאָר ביז זיי האָבן געפונען אַ דריטן לאָקאַל ביי הערשל קעפּל.

די יוגנט איז אַוועק אין דער „געזעלשאַפט אַוונט־קורסן". אין יענער צייט איז אין שטעטל אָנגעקומען אַ געוויסער דאַ־רענבוים, אַ לינקער פּועלי־ציוניסט און מיט זיין אָנקומען האָט זיך פאַרשטאַרקט דער קאַמף צווישן די צוויי פּראָלע־טאַרישע ריכטונגען.

חיים שקלא
בראַזיל

# די ערשטע אינעם פראָפאַריין

זאַלן דאָ דערמאַנט ווערן די יוגנטלעכע, מיט וועלכע איך בין געווען צוזאַמען ביים אָרגאַניזירן דעם ערשטן פּראָפאַראַיין אין וולאָדאַווע. דאָס איז געווען אין יאָר 1922 אין חודש מאַי. דעמאָלט האָבן די פאַרשטייער פון אַלע פּראָפאַראַיינען צום ערשטן מאָל זיך געטראָפן ביי דער גרויסער בריק הינטער דער שטאָט. איך געדענק די נעמען פון אַ טייל חברים פון דער לעדער־בראַנזשע: אהרון אַקער־מאַן, אַביש רוס, משה קאַמאַראָווסקי. פון דער נאָדל־בראַנ־זשע: אשר בראַנשטיין הערש רייזעס. פון דער האָלץ־בראַנזשע: אברהם צוציק און מאיר־אשר מירמלשטיין. פון די שלאָסער: איצל גאָרפינקל, אברהמלע מעקלערס זון. גע־ווען נאָך אַנדערע אָבער די צייט האָט פאַרווישט פון מיין זכרון זייערע נעמען.

מיט צוויי מאָנאַטן שפּעטער האָבן מיר שוין געהאַט לע־גאַליזירט אונדזער פאַראיין. דער ערשטער לאָקאַל איז גע־ווען אויף דער פּאָסט־גאַס אין הויז פון שיע חנהס, דער קאַ־מאַשנשטעפּער.

## דער דראַמקרייז

שוין אויף דער ערשטער זיצונג איז באַשלאָסן געוואָרן דאָס שאַפן אַ דראַם־קרייז, מיט וועלכן עס האָט אָנגעפירט אהרון אַקערמאַן, וועלכער איז אויך געווען רעזשיסער. צווישן די מיטגלידער זענען געווען: שייע קירמאַן, אשר בראַנשטיין, זלמן עקאָס, לייזער קאָרן, מענדל ווישניאַ און איך. די פּרימאַדאָנעס זענען געווען: גאָלדע ערליך, ברײַנדל בלאַשטיין, העניע בראַנשטיין. דער סופלאָר איז געווען נחום מעקיטע.



פאַרוואַלטונגס־מיטגלידער אינעם ראַט פון די פראָפאַריינען אין יאָר 1926

אונטן זיצן, פון לינקס: איצל געווירצמאַן, שמואל בוימגאַרטן (ער איז אומגעקומען דורך די סטאַ־ליניסטישע רוצחים אין אַ סאָוויעטישן לאַגער אין יאָר 1937). שלום קאָסטער. אויבן שטייען, פון לינקס: שלום בוימגאַרטן, איצל גאָלדמאַן, די ברידער אביש און משה קאָסטער, יאָסל כץ — דער נאָמען פונעם לעצטן איז נישט באַוווּסט.

די ערשטע פאָרשטעלונג איז געווען: „טאַטע־מאַמעס צרות" אָדער „מענדעלע סאָלדאַט". אין די אַנדערע פאָרשטעלונגען האָט אויך גענומען אָנטייל משה וועבער. שפּעטער האָט דער דראַם־קרייז אויפגעפירט די פאָרשטעלונגען: „משה חייט", „די ברידער לוריע", „די באָבע יאַכנע", „דער ישיבה בחור" א. א. פון די דראַם־קרייז־מיטגלידער איז געבליבן לעבן בלויז ברײַנדל בלאָשטיין, וועלכע געפינט זיך היינט אין בראַזיל.

## קלעזמאָרים

צוויי קלעזמאָרים־קאַפּעלעס זענען געווען אין וואָלאָדאַווע און זיי האָבן באַדינט די שמחות נישט בלויז ביי די יידן אין וואָלאָדאַווע, נאָר אויך אין די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך, ווי אויך אין דערפער. אין דער ערשטער קאַפּעלע זענען געווען: חיים אוקער, יחיאל באָי, יאַנקל ס'קרומע קעפּעלע און נאָך אַנדערע. ווען מען האָט זיי גערופן אויף אָרעמע חתונות האָבן זיי נישט גענומען באַצאָלט. די צווייטע קאַפּעלע: לייזער פאלוך מיט זיינע פינף זין, שמואלקע דער גרויסער פידל־קינסטלער א. א. זיי פלעגט מען רופן אויף די רייכע חתונות. ווען די געסט זענען שוין געזעסן אַרום די טישן פלעגט שמואלקע זיך דערנענטערן מיט זיין פידעלע און דערביי צוזינגען מיט זיין שיינער שטים און זיין זינגען און שפּילן איז זיך צעגאַנגען איבער אַלע סאַלאָנען און ממש פאַרשיכורט די פאַרזאַמלטע געסט. עס איז אַריינגעטרעטן אַ טיפע שטילקייט. אַלע האָבן, פאַרטראַכטע זיך צוגעהערט צו דער מוזיק. נאָך דער וויעטשערע זענען די מחותנים און געסט אַוועק אין אַ טאַנץ צום ריטם פון דער מוזיק, וואָס האָט זיך געצויגן ביזן טאָג אַריין. ווען שמואלקע האָט אויפגעשפּילט זיין „זייט געזונט" פאַר חתן־כלה, זיין „פאָרט געזונט", פאַר די מחותנים און מחותנתטעס זענען ביי אַלע געשטאַנען טרערן אין די אויגן. דעם טעקסט צו דער מוזיק האָט אָנגעשריבן דער באַרימטער בדחן יצחק.

אשר לעמעלבוים

גבעתיים

# די לעדער־בראַנזשע

די לעדער־בראַנזשע אין וואָלאָדאַווע האָט פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה פאַרנומען אַן אָנגעזען אָרט. די גאַרבאַרניעס פון מאָטל סאָקאָל און דוד זאַנוולס פרידמאַן האָבן אויסגעאַרבעט לעדער פאַר שוסטער און רימערס. די גאַרבער האָבן געהאַט אַ שם אַלס ערלעכע סוחרים און די ביידע גאַרבאַרניעס האָבן באַשעפטיקט אַן ערך דרייסיק מענטשן.

אין יענער צייט זענען אין וואָלאָדאַווע געווען אַ צווייצענדליק יידישע שוסטערס, גוטע פאַכמענער מיט אַ שם אַלס ערלעכע מענטשן. אַזעלכע זענען געווען אברהמלע אַסאָוער, קנאָפּמאַכער, יידל ריבאַק און משה פאָניעס, אַ טאַנדעטניק, וואָס האָט אויסגעארבעט פּראָסטע שיך און שטיוול און זיי פאַרקויפט די פויערים אויפן דאָנערשטיקן יאַריד.

אין דער מלחמה פון 1915 זענען ס'רוב דערפער אָפּגעברענט געוואָרן און די פויערים זענען זיך צעלאָפן קיין רוסלאַנד. אויך אין וואָלאָדאַווע זענען אַ סך הייזער אַוועק מיטן פייער און די שטאָטישע, ווי די דאָרפישע באַפעלקערונג איז פאַראָרעמט געוואָרן. יונגע מענטשן האָט מען גענומען צום מיליטער. אין יענער צייט איז אויסגעבראָכן די כאָליערע און טיפוס־עפּידעמיע, וואָס האָט פאַרשניטן אַ סך מענטשלעכע לעבנס און במילא איז נישט געווען פאַר וועמען צו אַרבעטן. ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט וואָלאָדאַווע איז בכלל שווער געווען צו קריגן לעדער. די דייטשע מאַכט האָט אַלץ קאָנפיסקירט פאַרן מיליטער.

נאָכן אויפקום פון דער נייער פּוילישער רעגירונג אין יאָר 1918, האָט זיך דאָס לעבן ביסלעכווייז גענומען נאָרמאַליזירן. מענטשן האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן און בהדרגה האָט דיווירטשאַפט אָנגעהויבן זיך אַנטוויקלען. עס זענען צוריקגעקומען מענטשן פון רוסלאַנד. מען האָט אָנגעהויבן זיך אָנצוטון און עס האָט זיך אויך פאַרגרעסערט דער געברויך פון שיך. ווידער האָט אויפגעלעבט די לעדער־בראַנזשע, עס זענען צוגעקומען נייע שוסטער־וואַרשטאַטן און עס האָט זיך געמערט די צאָל געזעלן ביי דער אַרבעט.

די לעצטע יאָרן זענען אין וולאָדאַווע געווען צוועלף שטעפּער. די מער באַקאַנטע זענען געווען: שיע כאַנעס, דער בריסקער שטעפּער גווירצמאַן מיט זיינע זין, נוח פּוטערמאַן, וועלכער האָט זיך אויך פֿאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכע ענינים; מרדכי שטרוזמאַן, אַן אָנגעזעענער ציוניסטישער טוער, וואָס האָט געדאַוונט אין ציוניסטישן מנין און געהאַט אַ שם פֿאַר אַ גוטן פּאַכמאַן.

פֿון די אָנגעזעענע שוסטערס זענען געווען: פּאַליק, אברהמלע דאַנציגער, יאַנקעלע פֿון מיל־גאַס, געדאַלקעלע, פּסח דער געלער, וועלוול פּאַלעמיצער און יצחק זעליק, וועלכער האָט זיך אָפּגעגעבן מיט פֿילאַנטראָפּישער טעטיקייט. ביי אים אין הויז אויף דער ראָזשאַנקער־גאַס איז געווען דער לינת הצדק און ביקור חולים, וואָס האָט אויסגעבאָרגט מעדיצינישע אינסטרומענטן פֿאַר ניטבאַדערפטיקע קראַנקע, אָן באַצאָלט.

די מייסטער, וועלכע האָבן לעצטנס געציילט ביי אַ זעכציק פּערזאָן, זענען געווען אָנגעשלאָסן אין יידישן האַנטווערקער־פֿאַראיין. די געזעלן, ביי אַן אַכציק מאַן, האָבן געהערט צום פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין.

דער ערשטער לאָקאַל פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין איז געווען ביי שיע כאָנעס. שפּעטער האָט דער לאָקאַל זיך געפֿונען אויף יצחק זעליקס גאָרן און אויף הערשל קעפּלס גאָרן און פֿון דאָרט איבערגעגאַנגען אויפֿן גאָרן פֿונעם נייעם הויז, וואָס האָט געהערט צו די האָפּקעס. אין פֿאַראיין האָט זיך געשאַפֿן אַ דראַמאַטישער קרייז, וואָס האָט געפֿירט אַ קינסטלערישע זעלבסט־טעטיקייט און פֿון צייט צו צייט געשפּילט פֿאַרשידענע פֿאָרשטעלונגען. ביים פֿאַראיין איז אויך געווען אַ ספּאָרט־קלוב און יוגנט האָט געפֿירט פֿאַרמעסטן אין פֿאַרשידנערליי ספּאָרט־שפּילן.

דער פֿאַראיין האָט אויך געפֿירט אַ וואַרעמע קולטור־טעטיקייט. יעדן שבת אויף דער נאַכט זענען איינגעאָרדנט געוואָרן קעסטל־אָוונטן, פֿאָרלעזונגען און דיסקוסיעס אויף געזעלשאַפֿטלעכע, פּאָליטישע און ליטעראַרישע טעמעס.

דער פֿאַראיין האָט אויסגעגלייכט סכסוכים צווישן די אַרבעטער און די אַרבעטסגעבער, האָט פֿאַרטיידיקט די פֿאָדערונגען פֿון די אַרבעטער, געקעמפֿט פֿאַר אַן אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג, פֿאַר העכערע לוינען און פֿאַר בעסערע אַרבעטס־באַדינגונגען.

אַ געוויסן 1־טן מאַי זענען די מיטגלידער פֿון פֿאַראיין אַרויס אין אַן אַלגעמיינער אַרבעטער־דעמאָנסטראַציע, וואָס איז געגאַנגען איבער די גאַסן מיט דער רויטער פֿאָן בראָש. אין יאָר 1928 זענען נאָך דער דעמאָנסטראַציע פֿאַר־



געקומען גרויסע אַרעסטן און די פּאָליציי האָט פֿאַרמאַכט דעם לאָקאַל פֿונעם פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין. איך בין אין יענער צייט געווען דער פֿאָרזיצער פֿון פּראָפֿעסיאָנעלן לעדער־פֿאַראיין און מיר איז געלונגען צו אַנטלויפֿן איידער די פּאָליציי איז געקומען מיך אַרעסטירן. איך בין דעמאָלט אַוועק פֿון וולאָדאַווע און אַ לענגערע צייט זיך אויסבאַהאַלטן אין כעלם.

די שוסטער האָבן געדאַוונט אינעם אויבערשטן שטיבל פֿון דער גרויסער שיל. פֿרייטיק־צו־נאַכטס און יום־טוב ביינאַכט האָט מען געדאַוונט אין שיל. אינעם שוסטער־שטיבל האָט מען געדאַוונט נאָר שבת אינדערפֿרי. ראש־השנה און יום־כיפּור האָט מען אַרויסגענומען די ספֿר־תּורה צום לייענען אין דער שיל. אין שוסטער־שטיבל האָט זיך געפֿונען די ישיבה.

די שוסטערס אין וולאָדאַווע זענען געווען אַקטיוו אויף פֿאַרשידענע געביטן פֿון געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט, זענען געווען פֿאַרטרעטן אין דער חברה נושאי־מיטה. זיי זענען געווען פֿרומע יידן, נישט פֿאַרפֿעלט קיין שום טאָג דאָס דאַווענען. ווינטער, אין די גרויסע פֿרעסט זענען זיי געקומען אין דער נישט געהייצטער שיל.

די לעצטע יאָרן פֿאַרן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן אין וולאָדאַווע זיך געפֿונען אויך אַ צוועלף קריסטלעכע שוסטער־וואַרשטאַטן. אויפֿן דאָנערשטיקן יאַריד האָבן די קריסטלעכע שוסטערס אַוועקגעשלעפּט די פּוילישע קונים, די שטאָטישע און די דאָרפֿישע, פֿון די יידישע סטראַגאַנעס, געשריגן צו זיי, אַז די יידישע שוסטערס מאַכן די שטיוול און שיך פֿון פּאַפּיר און טאָוול.

צווישן די פֿינף וולאָדאַווער רימערס געדענק איך בלויז דעם נאָמען פֿון שאול רימער און זיין ברודער. אין וולאָדאַווע זענען אויך געווען עטלעכע לעדער־געשעפֿטן. די מער באַקאַנטע זענען געווען: מענדל לעדערמאַן, רחלע גפֿן און מאיר באש. צווישן די שיך־סוחרים זענען געווען: מענדל ליפּשיץ און דוד אָלאָמוצקי, וועלכער איז אויך געווען אַן אַקטיווער ציוניסט און איבערגעגעבענער כּלל־טוער.

נישטאָ די אַלע שוסטערס, שטעפּערס, גאַרבערס און לעדער־סוחרים. וולאָדאַווע איז יודן ריין. עס זענען פֿאַרשטומט געוואָרן די יידישע לידער, וואָס די געזעלן האָבן געזונגען ביי זייערע וואַרשטאַטן. דער איינציקער זכר פֿון דער יידישער לעדער־בראַנזשע איז דאָס ליידיקע שוסטער־שטיבל איבער דער אַלטער שיל, וואָס קוקט אַראָפּ טרויעריק אויף דער אומגעקומענער יידישער קהילה אין וולאָדאַווע.

שאַיע קירמאַן
קאַנאַדע

# דראַמקרייזן

דעם ערשטן דראַמקרייז וואָס איך געדענק איז געווען פון דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה און שפּעטער געשפּילט פון צייט צו צייט. אָנגעפירט מיטן דאָזיקן דראַמקרייז האָט אַ געוויסער איידלשטיין (געאַרבעט אין אַפּטייק) מיט זיין כלה (שפּעטער זיין פרוי) קיילע בערס, איר פאַמיליע נאָמען געדענק איך נישט.

ס'האָבן אָנטייל גענומען: דוד לייב פעלדמאַן, יאָסל פרייבערג, חיים גוטערמאַן, נחום בלושטיין, הערשל זילבערשטיין, מאיר סראל בריקמאַן (סופליאָר), רחל קאָרן, אסתר כץ (גרובערס פרוי), יאַחעט פאָזיאָמקאַ, משה וועבער און אַנדערע. וועגן דעם קרייז ווייס איך נישט וועלכע פּיעסן זיי האָבן געשפּילט.

שפּעטער האָט זיך געשאַפן אַ דראַמקרייז ביים „מכבי ביתר". רעזשיסירט האָט דד לייב פעלדמאַן. אָנטיילגענומען: יוסף מינץ, אהרן פישמאַן, מתתיהו בראָנשטיין, געניע גוטערמאַן, שלמה זייפער, אסתר קירמאַן, גאָלדע טעפּער, טילע מינץ, רייזל פעסטמאַן, גיטל גרינבערג און אַנדערע.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך געגרינדעט די פּראָפסיאָנעלע פאַראיינען אין וולאָדאַווע, דאָס איז געווען אין די צוואנציקער יאָרן. מיר האָבן געשאַפן אַ דראַמקרייז ביי די פּראָפּ. פאַראיינען אונטער דער רעזשי פון נחום בלושטיין, סופליאָר בערל פרייבערג, אהרן אַקערמאַן, שאַיע קירמאַן, יאָסל קאָרן, אליעזר קאָרן, אביגדור לעדערמאַן, זלמן עקהויז, העניע בראָנשטיין, גאָלדע ערליך, ברײנדל בלושטיין און אַנדערע.

איך געדענק נישט צוליב וועלכע סיבות דער דאָזיקער דראַמקרייז איז זיך צעפאַלן. טייל זענען אַוועק און האָבן שוין בכלל קיין טעאַטער נישט געשפּילט, אַנדערע האָבן אָבער יאָ ליב באַקומען די ברעטער און האָבן אויך געוואָלט באַווייזן, אַז אַרבעטער ייִנגלעך און אַרבעטער־מיידלעך קענען אויך האָבן צו טאָן מיט קונסט, הגם אויף נישט קיין הויכער שטופע, אָבער זיי קענען עס קולטיווירן און מיט דער צייט דערגרייכן אַפילו צו אַזעלכעס ווי פּראָפעסיאָנעלע אַרטיסטן.

ס'האָט נישט לאַנג געדויערט און מיר האָבן אָרגאַניזירט אַ דראַמקרייז ביי דער „געזעלשאַפט אָונט קורסן פאַר אַרבעטער" (פּועלי ציון לינקע). צו דעם קרייז זענען צוגעקומען מיטגלידער וועלכע האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר טאַלאַנטפולע אַן פּעאיקע און ביסלעכווייז האָט



דראַמקרייז פון די פּראָפאַריינען אין דער פּיעסע „אוריאל אַקאָסטאָ". 1928

אויבן רעכטס: בערל פרייבערג (רעזשיסער), אַביש קאָסטער, דוד לייב שוואַרץ. מיטלסטע שורה, פון רעכטס: שלום שוואַרץ, שלמה געווירצמאַן, משה קאָסטער, שלום קאָסטער, יאַכטשע עפּלבוים, יאָסל פעלדמאַן, ד״נערמאַן מ. קרייז און לייבל גרינשפּאַן.

זיך דער דראַמקרייז פאַרוואַנדלט אין אַ דראַמאַטישע סטודיע, וועלכע האָט טאָג טעגלעך געאַרבעט אויפן געביט פון טעאַטער און געזאַנג. ער האָט זיך גערופן „דראַמאַטיש וואָקאַלישע סעקציע ביי דער „געזעלשאַפט אָוונט קורסן". מיר האָבן שטודירט און געקענט אויפפירן אַזעלכע פּיעסן, וואָס זענען צוליב טעכנישע שוועריקייטן נישט מעגלעך געווען זיי צו געבן אויף דער וולאָדאַווער בינע; יעדער פון אונדז האָט געקענט גרונטלעך זיין ראָל און געטראַכט, אפשר וועט מען די דאָזיקע פּיעסן דאָך אַמאָל קענען שפּילן. מיטן קרייז האָט אָנגעפירט דער שרייבער פון די דאָזיקע שורות מיר האָבן געשפּילט פּיעסן, וואָס האָבן נישט אָנגעטראָפן אויף טעכנישע שוועריקייטן פון דער בינע.







ס'האָט זיך אויסגעצייכנט מיין ברודער אַלטער, וועלכער האָט רעזשיסירט די פּיעסן.

דער ווייטערדיקער באַנייטער דראַמקרייז ביי די פּראָפ. פאַריינען איז אָנגעפירט און רעזשיסירט געוואָרן דורך בערל פרייבערג, מיטן אָנטייל פון די ברידער קאַסטער און אַנדערע.

דאָ וויל איך נאָך צוגעבן, אַז מיטן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען מיר זענען אַנטלאָפן פון וולאָדאַווע און זייענדיק אין סטאָלפּצי, (מערב ווייסרוסלאַנד), האָבן מיר, איך מיט מיין ברודער אַלטער, זיין פרוי עטל מיטלמאַן, חנה פעלדמאַן און שלום שוואַרץ געשאַפן אַ דראַמקרייז און געשטעלט פאַרשידענע פּיעסן. מיר האָבן שין נישט געקענט לעבן אָן טעאַטער שפּילן.

די דראַמקרייזן אין וולאָדאַווע האָבן פאַרנומען אַ וויכטיקע פּאָזיציע אין יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וולאָדאַווע. די עצם עקזיסטענץ פון די קרייזן איז געווען אַ ביז גאָר וויכטיקע און סימפּטאָמאַטישע דערשיינונג, וואָס דאַרף ווערן באַזונדער באַטראַכט, געפאָרשט און אַנאַליזירט ווי אַ קאַפּיטל געשיכטע פון דער יידישער קולטור אין פּוילן צווישן ביידע וועלט־מלחמות. דער רעפּערטואַר, די איבערגעגעבנקייט פון די דראַמקרייזלער, דאָס פּובליקום, ווי אַן עכטער אָפּנעמער און אָפּשאַצער פון די בינע־אויפפירונגען — דאָס אַלץ האָט באַוויזן די שטרעבונג פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל צו שענערע קונסט־און לעבנספאָרמען. דעם דראַמקרייז ווי דעם פּובליקום זענען נאָענט געווען די שאַפונגען פון די יידישע שרייבער און דיכטער, וועלכע האָבן אָפּגעשפּיגלט זייערע שטרעבונגען און אידעאַלן. די פאָרשטעלונגען, רעציטאַציעס־ און געזאַנג־אָוונטן האָבן געפונען אַ ביז גאָר וואַרעמען אויפנעם ביים יידישן פאָלקסמענטש אין וולאָדאַווע. די דראַמקרייזן אין וולאָדאַווע האָבן אַנטוויקלט טאַלאַנטן, גייסטיקע קרעפטן. דערביי האָט מען קולטווירט פאָדערונגען קעגן וווּלגאַריטעט און פאַרביליקונג פון וואָרט און אינהאַלט, געלערנט די כללים פון עסטעטיק, דרך־ארץ פאַר דער טעאַטער־בינע און פאַרן טעאַטער־עולם. די מיטגלידער פון די דראַמקרייזן האָבן זיך דורך זייערע בינע־כאַראַקטערן אַליין אויך געשטאַלטיקט און געהאָלפן בעסער פאַרשטיין און באַנעמען דאָס לעבן.

אויבן: ערשטער דראַמקרייז אין וולאָדאַווע, געשאַפן אין יאָר 1917. אונטן: אַ גרופּע קינדער, וואָס האָבן אָנטיילגענומען אינעם דראַמקרייז אין דער אויפפירונג „בר־כוכבא", אין יאָר 1918. אונטער דער אָנפירונג פון אַפּטייקער איידלשטיין און זיין פרוי קיילע בערס. די נעמען פון די מיטגלידער פאַראַן אין אַרטיקל פון ש. קירמאַן.

ווען איך שרייב די דאָזיקע שורות און רעכן אויס די אַלע אויבנדערמאָנטע חברים און חברות טוט מיר וויי מיין האַרץ. פון מיינע אויגן טריפן טרערן און כ׳באַוויין די אַלע 99 פּראָצענט יונגע, פאַרשניטענע לעבנס, וועלכע זענען אומגעקומען דורך די דייטשע רוצחים ימח שמם וזכרם! אונדז בלייבט היינט נישט מער ווי צו דערמאָנען זייערע הייליקע נעמען, דערמאָנען זייערע אויפּריכטיקע קולטור־אַרבעט, וואָס זיי האָבן געווירקט ביי דער וולאָדאַווער יוגנט, פון וואָס, נישט איינער האָט געלערנט עפּעס צום גוטן.

מיר שרייבן וועגן די דראַמקרייזן ווי וועגן אַן אינסטיטוציע, וואָס האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אין קולטור־לעבן פון אונדזער שטעטל און איצט, ווען מיר קוקן אויף צוריק איז ביי אונדז נאָך שאַרפער דאָס געפיל פון חשיבות פאַרן דראַמקרייז. די אַקטיוויטעט אינעם דראַמקרייז האָט אונדז געגעבן נישט בלויז סצענישע צוגרייטונג, פאַרשטענדעניש פאַר דער בינע־קונסט, נאָר האָט אויך געשטאַרקט אין אונדז דעם חשק צו לייענען די יידישע און די וועלט־ליטעראַטור. דער דראַמקרייז האָט אויך געהאָלפן דערציען אַ פּובליקום פאַרן ערנסטן יידישן טעאַטער, פאַרן ריינעם קינסטלערישן וואָרט.

דערפאַר טראַכט זיך מיט בענקשאַפט נאָך די אַמאָליקע יאָרן, וואָס וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט אומקערן און כ׳גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז דאָס, וואָס איך דערצייל דאָ איז נאָר אַ טראָפּן אין ים פון דער רייכער און ענטוזיאַסטישער טעטיקייט פון די דראַמקרייזן אין וולאָדאַווע. עס איז נאָך דאָ אַזויפיל צו שרייבן, אַזויפיל צו דערציילן וועגן דער דאָזיקער קולטור־אינסטיטוציע, וואָס האָט אַריינגעבראַכט אַזויפיל יום־טוב אין אַמאָליקן וולאָדאַווע.


דער דראַמקרייז האָט געשפּילט אַ וויכטיקע ראָל אינעם יידישן קולטור־לעבן אין וולאָדאַווע, האָט אַריינגעבראַכט אַ סך ריינע שעפערישקייט און איבער אַלעם לויטערסטע איבערגעגעבנקייט. די מיטגלידער זענען געווען פאַרליבטע און פאַרגלויבטע אין יידישן טעאַטער און אין דער יידישער ליטעראַטור.

חיים שקלא
בראַזיל

# דער האַנטווערקער פאַראיין

**דער האַנטווערקער־פאַראיין אין װלאָדאַװע האָט זיך גע־גרינדעט אין די צוואַנציקער יאָרן פון אונדזער יאָרהונדערט. זיינע ערשטע גרינדער זענען געווען: משה ראָזשאַנקע**





רעכטס: ר' יהושע לעמפּל (גערופן שיע מוליער) מיטגליד פון דאָזער אין דער קהילה, פּרעזעס, פון יידישן האַנדווערקער פאַריין חברה קדישה, און איינער פון די גבאים אין דער גרויסער שול. און ועד פון יתומים־קאָמיטעט, חבר אין דער יידישער זעלבסט־שוץ נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. יידישער פאָרשטייער אין שטאָטישן פּוילישן צעכן־פאַריין. ער איז געווען דער איינציקער יידישער מוליער אין װלאָדאַװע וואָס האָט געמויערט הייזער.

לינקס: ר' יאַנקל קירמאַן, פּרעזעס פון האַנטווערקער־פאַריין, איז גלייכצייטיק געווען ראַטמאַן און דאָזאַר. ער איז אויך געווען אַ מיטגליד אין קאָמיטעט פון „באַנק לודאָווי".

**(פּרעזעס), פון דער האָלץ־בראַנזשע — משה דער גלעזער (משה שניצער), יהושע מירמלשטיין. לעדער־בראַנזשע — אברהם דאַנציגער, פאַליג שוכמאַכער און פסח דער גלעזער. פון דער נאָדל בראַנזשע — יאַנקל פינקלשטיין און עזריאל פּוקערמאַן. פון די מאַלער — יאַנקל קירמאַן. פון אַנדערע פאַכן געדענק איך נישט.**

ביים האַנטווערקער פאַראיין האָט עקזיסטירט אַן אָפּ־טיילונג פאַר סאָציאַלע הילף, אָנגעפירט פון שלמה אהרן פיינשטיין, אַ שוסטער, זייער אַ גוטהאַרציקער. איך בין גע־ווען זיין מיטאַרבעטער אויף דעם געביט. עס זענען אויך געווען אשר בראָנשטיין און נאָך אַנדערע וואָס האָבן מיט־געהאָלפן.

פאַר יעדן יום־טוב פלעגן מיר איינאָרדענען בלומען־טעג און דאָס געשאַפענע געלט צעטיילן פאַר נויטבאַדערפ־טיקע, וועלכע האָבן אין װלאָדאַװע נישט געפעלט. מיר פלעגן אויך פאַר פּורים אַרויסשיקן גרופּעס פּורים־שפּי־לער און שלח־מנות־טרעגער און אויך דאָס געזאַמלטע געלט פלעגט גיין אויף דעם דערמאָנטן צוועק.

דער האַנטווערקער פאַראיין האָט געהאַט פאָלגענדע אויפגאַבעס: א) אַרויסנעמען צעכן פאַר יעדן בעל מלאכה, ער זאָל קענען פריי אַרבעטן אין זיין וואַרשטאַט. ב) זען צו פאַרגרינגערן זיינע מיטגלידער ביים צאָלן פּאָדאַטקעס (שטיי־ערן) און יעדעס יאָר, ווען דער מאַגיסטראַט האָט געדאָרפן פונאַנדערטיילן די שטייערן, פלעגט ער רופן קאָמיסיעס פון יעדן שיכט און די דאָזיקע קאָמיסיעס, וועלכע האָבן מער ווייניקער געקאָנט זייערע מיטבירגער, ווי סוחרים, קליינ־הענדלער און בעלי מלאכות, האָבן צוגעהאָלפן צום אויס־טיילן די הויך פון די שטייערן. אַזוי פלעגט דער האַנטווער־קער פאַראיין שיקן אַ פאָרשטייער פון יעדן פאַך און דאָס האָט געהאָלפן, אַז דער געגעבענער בעל מלאכה זאָל נישט באַעוולט ווערן מיט אַ צו גרויסן שטייער־אויסמעסטער.

## לערן־יינגלעך

אין די צוואַנציקער יאָרן זענען די מערהייט אַרבעטער אין װלאָדאַװע געווען יוגנטלעכע, אָנהויבנדיק פון צען יאָר. דאָס זענען געווען לערן־יינגלעך ביי שוסטער און שניידער, ביי סטאָליער און שלאָסער. ביי נאָרמאַלע באַדינגונגען וואָלטן די דאָזיקע יונגע קינדער נאָך געדאַרפט לערנען אין שול אָדער אין חדר, נאָר די אָרעמקייט אין זייערע היימען האָט געצווונגען זיי אין גאָר יונגן עלטער אָנהויבן אַרבעטן אין די קליינע ענגע וואַרשטאַטלעך, ווו זיי האָבן פון פריען באַגין ביז שפּעט אין דער נאַכט „געלערנט" דאָס פאַך. דאָס לער־נען" האָט זיך אָנגעהויבן פונעם באַדינען די באַלעבאָסטע, אַריינברענגען האָלץ און צעהאַקן עס, אַרויסטראָגן דאָס מיסט, זיין אַ ניאַנקע צום קינד און העלפן איינקויפן אין מאַרק. נאָכן אָפּטון די אַלע אַרבעטן האָט דער מייסטער גע־

נומען זיך מיט אים שאַפן, געשיקט אַ גאַנג, עפּעס ברענגען אָדער אָפּטראָגן. דאָס ייִנגל האָט געמוזט אַלץ פאָלגן, כּדי לסוף נאָך עטלעכע יאָר אָנהייבן עפּעס פאַרדינען.

די לערן־צייט פון אַזאַ ייִנגל איז געווען אָנגענומען, אַז עס דאַרף געדויערן גאַנצע דריי יאָר. ביי אַ העלפּער פון אַ מלמד איז ער געווען בלויז אַ משרת. ערשט דערנאָך האָט אים דער מייסטער אָנגעהויבן לערנען דעם אלף־בית אין הלכות שוסטעריי אָדער שניידעריי. מערסטנס האָט דאָס לערן־ייִנגל אויך נאָך די דריי יאָר גאָר ווייניק געקענט דאָס פאַך.

די גאַנצע וואָך איז פאַר אַזאַ ייִנגל געווען אַן אָפּקומעניש און שווערע מאַטערניש. און ער האָט אויסגעקוקט דעם שבת, ווי אַ פרומער ייִד קקט אויס משיחן. דעם שבתדיקן טאָג זענען די לערן־ייִנגלעך אַרומגעלאָפן איבער די געסלעך, אין „פּאָזשאַרנעם סאָד" ווי די פרייע לאָשיקלעך. זיי פלעגן לויפן צו דער בריק, וואָס פירט איבערן בוג צו דער באַן און אַנדערע פלעצער. ערגער איז געווען אין די ווינטער חדשים, ווען די צעריסענע שיך און די לייכטע מלבושים האָבן נישט דערלויבט פריי אַרומצולויפן איבער די געסלעך. דעמאָלט פלעגן זיי זיך צונויפקומען אין בית המדרש, ווו זיי האָבן זיך פאַרגינען פאַרשידענע שפּילערייען. פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט געשטערט די ייִדן ביים דאַווענען און לערנען און דער שמש פלעגט זיי טרייבן און יאָגן ביז ער איז מיד געוואָרן.

אין יענע יאָרן האָבן זיך אין שטעטל געשאַפן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, וועלכע האָבן צוו. אַנד. געשטעלט זיך די אויפגאַבע צו שיצן די אָרעמע לערן־ייִנגלעך קעגן דער אויסניצעריי און אויך לערנען זיי שרייבן, לייענען, געבן זיי אַן אָנונג פון די פּראָבלעמען אין שטאָט און אין דער וועלט.

די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָבן ווירקלעך אַ סך איפּגעטון אויפן דאָזיקן געביט, געפירט אַ קולטור־דערציערישע טעטיקייט. מיט דער צייט זענען פון די דאָזיקע אָרעמע לערן־ייִנגלעך אויסגעוואַקסן מענטשן, וואָס האָבן געקענט לייענען און שרייבן און אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס אויך צו אַלגעמיינע פּראָבלעמען.



**בלימל־טאָג פון פּראָפאַריינען, 1927**

1־טע שורה, אויבן, פון לינקס: מאיר זבערטשוק, שרהקע גאָלדמאַן, מעכל פענסטערמאַכער. די אַנדערע נעמען נישט באַקאַנט. 2־טע שורה: יאַכטשע עפּעלבוים — — שמואלקע ביאַלי. — פון בית־יתומים, שרה שטרוזמאַן. לעצטע שורה: כאַנטשע גרינשפאַן, מעבל ראָזנבלאַט און שיינדעלע פישמאַן.



**צעך פון ייִדישן האַנטווערקער־פאַריין**

פון רעכטס: אליעזר חיים וואָלפּס בראָנשטיין, פון פאַך אַ קירזשנער, קאַניעווסקי — אַ שניידער, יאַנקל קירמאַן — מאָלער, יעקב פינקלשטיין,, פּרעזעס, לייבל פוקערמאַן, — שניידער, יאָסל קעלבערמאַן, — שניידער, נח פוטערמאַן — קאָמאַשנשטעפּער.

# הווי, אישים ודמויות



# לעבנסשטייגער, פערזענלעכקייטן און געשטאלטן

# אישים, דמויות והווי

...יהודי-ולודאבה, פשוטי עם ואנשי תהילה ויקר, משפחות שהיכו שרשים עמוקים במסורת היהודית ותכונותיהן — ענווה ודרך-ארץ בין אדם למקום, אולם לא פחות מזה בין אדם לחברו.

שקטים וצנועים היו חייהם של יהודי ולודאבה, עסקו בכל המלאכות למיניהן, שהקיפו את צרכי חייהם בימים ההם, צרכי עצמם וגם צרכי אכרי הכפרים הסמוכים. הם היו החייטים והסנדלרים, האופים, האורגים והעגלונים, הסבלים, הנפחים וכל כיוצא באלו. גם החנוונות היתה צורה של עמל וחייהם של כל אלה לא היו חיים קלים. תמיד טרודים, מלאים דאגת-פרנסה ותמיד שואפים ונחפזים אל משהו יותר נעלה ובכל עת מוצאים להם רצון ופנאי להתפלל וללמוד. היהודי האמיד והיהודי הדלפון — כולם מצאו את יניקתם הרוחנית באותיות המרובעות שלנו ועיקרי תענוגתם היה דף גמרא, פרק משניות, קטעי „עין יעקב", סעיפים ב„חיי אדם", או פשוט אמירת תהילים בציבור או ביחידות, כל אחד לפי דרגתו ולפי החברה שהיה שייך לה.

ולודאבה היתה מבורכת בצדיקים ורבנים, ביהודים טובים ופשוטים וגם בנוער הוגה ותוסס, בתנועות נוער החלוציות. דורות על דורות נמשכה שרשרת החיים היהודים בולודאבה. חיים יהודיים רב-גווניים צמחו בה והעמיקו שרשים, ועל כל אלה מספרים אנשי-ולודבה במדור זה, מעלים לפנינו דמויות אצילות של תלמידי-חכמים, של פרנסים ועסקנים, ושל אותם הצנועים, והאלמונים, שאיש לא ישא נאומים חגיגיים לכבודם, בני-תמותה פשוטים ודלים, אולם אלה שראו אותם בעלבונם וגדולתם, בששון-תענוגם ויגון-קיצם, הכירו אותם יפה ובקיאים באורח-חייהם — יודעים לספר עליהם, לתאר את החכמה ואת המוסר, את הקדושה וכל אותן המידות הנעלות שהיו בהם ועולות להוד שבחסד ולתפארת שבזכרון.

העורך

י. ש. ראָזנבלאַט

# ר׳ בנימין בלומענקראַנץ

ר׳ בנימין בלומענקראַנץ איז געווען דער ייִנגסטער זון פון ר׳ טוביה מיטוויצער, וואָס האָט חתונה געהאַט מיט דער אלמנה פון ר׳ מעכל זבערעזשער, רחל־לאה, די שוועסטער פון רבין ר׳ נאָטעלע כעלמער.

צו זעכצן יאָר מאַכן אים די עלטערן חתונה קיין ליבעווגע. ער עסט קעסט ביי זיין שווער, הויבט אָן צו האַנדלען מיט אָקסן קיין בריסק און פאַרטאַכליעוועט זיין גאַנצן נדן.

ווי דער שטייגער אין יענער צייט, האָט אויך דער ייִנגער בנימין זיין רבין; ער פאָרט צום טריסקער מגיד. ער פלעגט דערציילן אַן עפיזאָד ,וואָס מיט אים האָט געטראָפן ביים רבין אין טריסק, מ׳פלעגט זאָגן אויפן טריסקער, אַז יעדן חצות קומט אליהו הנביא און לערנט מיט אים. בנימין האָט איינמאָל באַשלאָסן זען מיט די אייגענע אויגן ווי אליהו הנביא לערנט מיטן רבין; ער האָט זיך אַרונטערגערוקט אונטערן גרויסן אויוון און מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם געשטאַנען און געוואַרט. ערשט ווען דער רבי האָט זיך אויפגעהויבן ביי חצות און עטלעכע מאָל זיך אַרומגעדרייט איבערן צימער, האָט ער אים אַפירגענומען פון אונטערן אויוון און געזאָגט:

„דו, בנימין, דאַרפסט פאָרן צו גרשון העניכן קיין ראַדזין״.

בנימין פלעגט מיט אַ שמייכל צוגעבן: „מיינט נישט, אַז דער מגיד האָט מיך געפונען ברוח הקודש, גאָר פשוט, כ׳האָב זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן און אַ נאָס־געטאָן״.

ווען ער האָט אָנגעהויבן פאָרן צום ראַדזינער, איז ביי אים דער אָקסן־האַנדל נישט געגאַנגען. ווען ער האָט דערלאַנגט אַ קוויטל, האָט דער רבי לאַנג אויף אים פאַרהאַלטן זיין בליק און געזאָגט:

„דו, בנימין, וואַרף אַוועק דיינע אָקסן און נעם זיך צו מלומדות און השם יתברך וועט צוהעלפן.״

בנימין איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע לערנער אין וולאָדאַווע. דאָס איז געווען נישט סתם קיין לערנען, נאָר באַגלייט מיט גימטריות, נוטריקין און רמזים וועגן משיחן. ער איז געווען דער ערשטער לערנער אין שטעטל, וואָס האָט געלייענט די „הצפירה״, שוין געקענט ביאַליקן און אחד העמען. ער האָט געלייענט העברעאיש מיטן אשכנזישן דיאַלעקט אָבער מיטן ריכטיקן דיקדוק, וואָס איז צו יענער צייט געווען אַ גרויסער פסול ביים פרומע אָפגעהיטענע ייִדן. הערשל לייזער משהס, דער ביאַלער חסיד, פלעגט זאָגן, אַז ער וועט ספעציעל אַראָפפאָרן קיין ראַדזין און דערלאַנגען אויף אים אַ „קוויטל״ פאַר זיין טריפהנער אויפפירונג.

ר׳ בנימין האָט געהאַלטן פינף־זעקס ייִנגלעך צום לערנען, אַזעלכע וואָס האָבן זיך שוין געשניטן אויף אַ „לייענען״. פרומע ייִדן האָבן צו אים זייערע קינדער נישט געגעבן; ער איז ביי זיי געווען אַ גאַנצער אפיקורס, ווייל ער לערנט לשון קודש מיט דיקדוק.

זיין אויסערלעכער אויסזען, אַ ברייטפלייציקער, מיט אַ שיינער שוואַרצער באָרד, האָט ביי זיינע תלמידים און ביי אַנדערע אַרויסגערופן אַ רעספעקט צו אים. ער איז געווען אַ פאָליטיקער און אין יענע יאָרן פון דער יאַפאַניש־רוסישער מלחמה, האָט ער מיט דער „הצפירה״ אין האַנט, פאַרזיכערט, אַז דער רוס וועט כאַפן די מפלה און בעת פאָרט־אַרטור איז געפאַלן, האָט ער זיך אַרומגעכאַפט מיט אַ „רוס״, ס׳הייסט אויך אַ ייִד, וואָס האַלט פאַרן רוס, און טאַנצנדיק געזונגען „שוין, שוין, שוין, געקומען די ישועה. שוין, שוין, שוין, געקומען די גאולה!״ אינעם צאַרישן פאַלן האָט ער געזען די ישועה פאַר די ייִדן. אויך בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אַ „דייטש״ און ווידער באַוויזן, אַז דער רוס וועט פאַרשפילן.

נישט איינמאָל פלעגט ער פאַר זיינע תלמידים געבן אַ שיעור פון דער „הצפירה״. אַזאַ שיעור האָט געהייסן „מענינא דיומא״. ער פלעגט לייענען און געהייסן די תלמידים, זיי זאָלן איבערדערציילן. צווישן זיי איז געווען הערשל פאַרבמאַן, שלמה גינזבורג, דעם מינסקער רבינס זון, יעקב פערלאָוו. אויך סאַמעלסאָנס קינדער און דוד ביגמאַנס קינדער זענען געווען זיינע תלמידים. די אַלע זענען אַוועק אויף אויפגעקלערטע וועגן, וואָס האָבן געהאַט אַ שייכות מיט די שיעורים פון דער „הצפירה״.

אין זיין צייט האָט ער זיך אין שטעטל גערעכנט פאַרן ערשטן ציוניסט, הגם מיט אַ נאָך נישט גענויער קלאָרקייט און נאָך נישט קיין קלאָרן געדאַנקענגאַנג.

אויף דער עלטער, שוין מיט אַ ווייסער באָרד און מיט

געדיכטע לאַנגע אַראָפּהענגענדיקע ברעמען, פּלעגט ער אַרומפּאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און געוואָרן איינער פון די באַרימטסטע מגידים. זיינע דרשות זענען געווען שאַרפזיניקע געדאַנקען דורכגעפלאָכטן פּאָליטיק מיט דער סדרה פון דער וואָך.

פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך מיט זיין פאַמיליע אַריבערגעצויגן קיין כעלם און דאָרט צוגעלעבט זיינע רעשט יאָרן מיט אַ קליין מלומדות.

ר׳ בנימין איז נפטר געוואָרן פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

## ד״ר יאָסל פעלדמאַן

משה פעלדמאַן איז געווען אַ טריסקער חסיד, האָט געהאַט צוויי זין, יאָסעלע און אהרעלע. משה פעלדמאַן, אַ ניידעריק געוויקסיקער, מיט אַ קורץ געלבלעך בערדל, אַ שווייגנדיקער, אַן אָרעמען, וואָס האָט זיך באַגנוגנט מיט אַבי־וואָס, אַבי צו קענען זיצן לערנען יומם ולילה. פון אַלע זיינע מאַטערנישן ביים מסחר, איז ער לסוף געוואָרן מלמד אין אַ דאָרף הינטער וולאָדאַווע. דווקא ביים מלמדות האָט ער זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גרויסן מומחה. די דאָרפישע יידן זענען פון אים געווען זייער צופרידן. די קינדער פלעגט ער לערנען נישט מער ווי עטלעכע שעה אין טאָג, ווייל זיי האָבן געמוזט צוהעלפן די עלטערן אין דער דאָרפישער ווירטשאַפט, אומגיין מיט די בהמות, מיט די פערד, אָדער אַרבעטן אין גאָרטן.

דעמאָלט פלעגט משה זיך דורכשפּאַצירן אין נאָענטן וואַלד, הנאה האָבן פון גאָטס וועלט, אַ מאָל אַפּרייסן עטלעכע שוועמעלעך, נישט־טראַכטנדיק צו וואָס זיי וועלן אים נוצן.

אַפטמאָל פלעגט ער מיטנעמען די גמרא און זיך אַוועקזעצן אויף אַ פּיען און אונטערברומען מיט אַ ניגון, ווי אין יענע גוטע צייטן בעת ער איז געזעסן אין טריסקער שטיבל.

פון מאָל צו מאָל איז ער געפאָרן אַהיים, מיטגעברענגט צו עטלעכע רובל, וואָס ער האָט פאַרדינט אין דאָרף, זיין אשת חיל אסתרקע האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט אויפן קליינעם פאַרדינסט און האָט זיך תמיד געקענט אַן עצה געבן, האָט דאָ פאַרלאָטעט, דאָרט פאַרשטאָרקט און צוגעלייגט, אַבי ס׳זאָל זיין שטיל.

אַזוי זענען געגאַנגען די יאָרן און ס׳זענען אונטערגעוואַקסן די זעקס זין. דער עלטערער יאָסעלע האָט געהאַט זייער אַ גוט קעפּל, געלערנט ביי די גרעסטע מלמדים, דערנאָך איבערגעגאַנגען צו ר׳ מאיר קעטש, וואָס האָט געלערנט מיט בלויז עטלעכע יינגלעך, גוטע קעפּ. אָבער נאָך אַ קורצער צייט האָט ער געמוזט אַרויס פון חדר, ווייל דער פאָטער האָט נישט געהאַט צו באַצאָלן שכר לימוד און יאָסעלע איז אַוועק לערנען אין שטיבל.

אין יענער צייט האָט זיך אויף אים דערקענט דער אַלטיטשקער שמש פון דער גרויסער שול ר׳ זאַנוול, אַ למדן מופלג. דאָס שמשות האָט שוין פאַר אים געטון אַן אַנדערער, אַ יונגערער, ער האָט בלויז געטראָגן דעם טיטל און נאָר געזעסן און געלערנט. דעם קליינעם יאָסעלע האָט ער גענומען אונטער זיין השגחה און יעדן טאָג זיך אַוועקגעזעצט מיט אים אין אַ ווינקל פון דער שיל און געלערנט. יאָסעלע האָט ביי ר׳ זאַנוול שמש זייער פיל געוואָסן, ביז ער איז אַוועק אין דער בריסקער ישיבה פון ר׳ חיים סאָלאָווייטשיק און דאָרט גאָר גיך באַרימט געוואָרן אַלס „דער פּוילישער עלוי“. דאָס לעבן אין דער ישיבה איז נישט גרינג, יאָסעלע האָט געמוזט עסן „טעג“, אָבער ער האָט גובר געווען אַלע שוועריקייטן און האָט זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן לערנען גמרא און פוסקים.

פון בריסק איז יאָסעלע געפאָרן קיין וואַרשע, ווו ער איז אַריינגעטרעטן אין אַ ראַבינער־סעמינאַר, פון וואַנען ער איז אַרויס מיטן טיטל ראַבינער.

אין וואַרשע האָט ער זיך מפרנס געווען פון געבן לעקציעס די אַנדערע סטודענטן, מיט וועלכע ער האָט געלערנט גמרא. ער האָט גוט פאַרדינט און האָט אַריבערגענומען זיינע עלטערן קיין וואַרשע. זיין פאָטער משה האָט שוין נישט געדאַרפט זאָרגן וועגן פרנסה און איז געזעסן גאַנצע טעג אין טריסקער שטיבל און געלערנט.

יאָסל האָט אָבער געהערט צו די אומרואיקע נאַטורן, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט באַגנוגנט מיט דעם דערגרייכטן און תמיד געשטרעבט צו ווייטערדיקע דערגרייכונגען. זיין אַמביציע איז געווען צו ווערן אַ געלערנטער. ער האָט דערפאַר באַשלאָסן צו פאָרן קיין לעמבערג, וואָס איז דעמאָלט געווען אונטער דער הערשאַפט פון קייזער פראַנץ־יאָזעף און יידן האָבן דאָרט געהאַט די מעגלעכקייט צו שטודירן אויפן אוניווערסיטעט. אין לעמבערג האָט ער טאַקע באַקומען דעם דאָקטאָראַט פון מעדיצין.

בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אין יאָר 1914, ווען די צאַרישע אַרמיי האָט פאַרנומען לעמבערג, איז ד״ר פעלדמאַן מאָביליזירט געוואָרן אין דער רוסישער אַרמיי און געשיקט געוואָרן אַלס דאָקטאָר אין אַ פעלד־שפּיטאָל. ערשט נאָך דער מלחמה איז ער צוריקגעקומען קיין וולאָדאַווע, פאַרשטייט זיך מיט אַ סך אויסצייכענונגען.

ער האָט חתונה געהאַט מיט משה־פישל ראַטענבערגס טאָכטער דבורהטשע. דער פאָטער, אַ באַקאַנטער סוחר פון האָלץ און האָלץ־קוילן, האָט שוין דעמאָלט נישט געלעבט.

דבורהטשע האָט געקענט דעם ד״ר פעלדמאַן נאָך פון יענע יאָרן, ווען ער איז געווען אַ ישיבה־בחור און געפּלעגט קומען אַהיים אויף די יום־טובים פון דער בריסקער ישיבה. זי איז געווען אַ חברטע פון מינסקער רבינס ווייב און יאָסעלע פלעגט אָפט אַריינקומען צום רבין. אויך אין לעמבערג, ווען ער האָט געלערנט איז דער אוניווערסיטעט, האָט ער געפּלעגט אַריינקומען צו איר ברודער.

ד״ר יאָסל פעלדמאַן איז שווער אָנגעקומען ביז ער האָט געעפנט זיין מעדיצינישן קאַבינעט. עס האָט געדויערט אַ געוויסע צייט ביז די יידן אין שטעטל האָבן אָנערקענט זיינע דאָקטאָרישע פעאיקייטן, אין וועלכע ער איז געווען נישט קיין קלענערער עלוי ווי אין ש״ס און פוסקים. וולאָדאווער יידן זענען נישט געוווינט געווען, אַז אַ דאָקטאָר זאָל רעדן מיט אַ גמרא־ניגון און זאָל זיך באַציען צו זיי ווי צו אייגענע. דערפאַר האָט געדויערט ביז זיי האָבן באַקומען צו אים צוטרוי.

ד״ר פעלדמאַן איז געבליבן טריי זיך אַליין. אין זיין גאַנצן אויסערלעכן אויסזען האָט זיך אָפּגעשפּיגלט דאָס ישיבה־בחורישע און אין זיין רעדן מיט מענטשן האָט זיך געהערט דער גמראַדיקער פּילפּול און עס האָט זיך אַרויסגעפּילט זיין גרויסער שאַרפזין און פענאָמענאַלער מוח, וואָס האָט נישט ווייניק בייגעטראָגן צו זיין באַקומען דעם דאָקטאָראַט. אין אָנהויב פלעגן עלטערע יידן אַ מאַך טון מיט דער האַנט: „עט, ווייס איך וואָס, שווירסקי איז געווען אַ דאָקטאָר, טאַקאַזשעווסקי, אָבער יאָסעלע וואָלט געדאַרפט ווערן אַ רב. ער איז אָנגעזאָפּט מיט תורה און חכמה, ווו קומט ער צו זיין אַ דאָקטאָר ? !...״

ביסלעכווייז האָט גענומען פאַרשווינדן דער ביטול און וולאָדאווער יידן האָבן אָנגעהויבן צו דערזען יאָסעלעס גרויסקייט אין מעדיצין, האָבן אָנגעהויבן גיין צו אים מיט זייערע מיחושן און קראַנקהייטן .זיי האָבן זיך געפילט מיט אים היימיש, געזעסן אין זיין שיין־אויסטאַפּעטירטן קאַבינעט ווי אייגענע, אויסגעפרעגט אים ווי עס גייט אים, נישט געשעמט זיך אויבערצופרעגן עטלעכע מאָל וועגן יעדער איינצלהייט פון זייער קראַנקהייט. אַלע האָבן שוין מודה געווען, אַז ער איז אַ גרויסער דאָקטאָר, וואָס ווייסט און קען אַלץ, אַפילו ווייבערישע קראַנקהייטן.

אין די לעצטע יאָרן האָט ער אין די אָוונטן געגעבן לעקציעס אין פאַרשידענע אָרגאַניזאַציעס אין שטעטל. ער האָט זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט געטון אומזיסט. אגב איז ער געווען אַן אַקטיווער מיטגליד אין דער אָנפירונג פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. זיין טעמע איז געווען „מעדיצין פאַרן פאָלק״ אָדער די מעדיצין פוו אַמאָל און היינט. אויך די פּראָפעסיאָנעלע פאַריינען האָבן אים אָפט איינגעלאַדן צו געבן



לעקציעס אין זייער לאָקאַל וועגן מעדיצין און היגיענע. זיינע לעקציעס האָבן געהאַט גרויס דערפאָלג. די יונגע אַרבעטער אין שטעטל, וואָס האָבן זיך נאָר וואָס אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיטן לעבן אויסער די פיר איילן פון זייערע וואַרשטאַטן האָבן מיט אינטערעס און דורשט זיך צוגעהערט צו זיינע לעקציעס. ער איז געווען אַ האַרציקער מענטש, אַ ליבעראַל און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין אויסערגעוויינלעכער אינטעליגענץ און רייכער קולטור, וועלכע ער האָט גערן איבערגעגעבן זיינע יונגע צוהערער.

„אין נביא בעירו״ — דער דאָזיקער כלל האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר ריכטיק אויך אין דעם פאַל. ביים גאַנצן דערפאָלג האָט ער אין שטעטל נישט געהאַט קיין פּרנסה, אַזוי ווי ער האָט זיך פאַרדינט און ער איז מיט זיין פאַמיליע אַריבערגעפאָרן וווינען קיין כעלם, ווו ער האָט געהאַט פיל מער דערפאָלג ווי אין וולאָדאַווע און זיין פּרנסה איז געווען מער ברווח.

בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער געווען אין כעלמער געטאָ און האָט פיל געהאָלפן ביים היילן און לינדערן די נויט פון די כעלמער יידן, וועמענס גורל ער האָט געטיילט ביזן סוף. כבוד זיין אָנדענק.

## ר׳ הערשל זבערזשער־פעלדמאַן

ר׳ הערשל פעלדמאַן פון דאָרף זבערעזש, גערופן הערשל דער געלער, האָט געהאַנדלט מיט בהמות. ער האָט געהאַט אַכט טעכטער, וועלכע די דאָרפישע יידן האָבן גערופן „די קינדער״ .זייער מוטער, ר׳ הערשלס ווייב פעסל, איז געשטאָרבן אין יאָר 1916 בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה.

זייער הויז איז געווען ביים טראַקט, וואָס פירט אין פאַרשידענע דערפער און שטעטלעך. דאָס דאָזיקע הויז מיט די „קינדער״, איז אָנגעגאַנגען אין דער גאַנצער געגנט פאַר אַ גרויסע הכנסת אורחים: „ביי די ,קינדער׳ — האָט מען געזאָגט — אַז מען גייט אַריין אַ הונגעריקער גייט מען אַרויס אַ זאַטער״, אַזוי איז עס טאַקע געווען. געוויינלעכע דורכגייער אָדער אָרעמעלייט האָבן אין דאָזיקן הויז באַקומען אָפּצועסן און אַ נאַכט־לעגער. די „קינדער״־מיידלעך זענען געווען זייער פריינדלעכע. זייערע נעמען: שרה, זעלדע, פריידע, דבורה, האָדל, שפּרינצע ,צירל און מלכה.

אין דאָרף האָבן נישט געוווינט קיין סך יידן. אָבער דווקא צו די אָנגעזעונסטע פלעגן די פויערים אַריינקומען אין די אָוונטן, זיצן דאָרט, כאַפּן אַ שמועס, דערוויסן זיך נייעסן. צו הערשל זבערעזשער האָט אויך אָנגעהויבן אַריינצוקומען אַ יינגער פויער, אַן אינטעליגענטער. ער איז געווען דעם

סאַלטיס פּרילעפּיס אַ זון, וועלכער איז געקומען פון דייטשער געפאַנגענשאַפט, גערעדט זייער שיין און דערצו דייטש. אין הערשל זבערעזשערס שטוב האָט מען אים אויפגענומען פריינדלעך, גערעדט וועגן וועלט־זאַכן, וועגן ליטעראַטור, פּאָליטיק. די מיידלעך האָבן געלייענט ביכער און אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ מיט זייער וויסן, פעאיקייטן און אַרבעטסזאַמקייט. זיי פלעגן אין יענע יאָרן פון 17—1918 באַקן ברויט און שרה פלעגט עס אָפּפירן פאַר די דייטשן אויף סטאַציע סאַביבאַר, וואָס איז געווען דריי קילאָמעטער פון זבערעזש. אַזויאַנאַך צוהעלפן דעם טאַטן, וועלכער האָט דעמאָלט נישט געקענט האַנדלען.

די דייטשן זענען אין אַכצנטן יאָר אַרויסגעטריבן געוואָרן פון פוילן און אין יאָר 1920, בעת דער פויליש־באָלשעוויסטישער מלחמה, ווען די באַלאַכאָוויצישע האָרדעס, וואָס האָבן צוגעהאָלפן דער פוילישער אַרמיי קעגן די באָלשעוויקעס, האָבן פאַרפלייצט ביידע זייטן פון טייך בוג און האָבן אויסגעהרגעט פיל יידן, צווישן זיי אויך פון וולאָדאַווער און פון אומגעגנט, האָט דער „אינטעליגענטישער" יינגער פּרילעפּע, געפירט אַ גאַנצע באַנדע באַלאַכאָוויצעס צו הערשל זבערעזשערס הויז. אַזוי האָט ער געוואָלט אָפּדינען די מיידלעך פאַר זייער גאַסטפריינדלעכקייט.

צום גרויסן גליק זייערן האָבן זיי זיך דאָס דערוווּסט און באַוויזן זיך אויסבאַהאַלטן פון די רוצחישע הענט.

אין די דרייסיקער יאָרן האָבן זעלדע, דבורה, שפּרינצע, צירל און מלכה אויסגעוואַנדערט קיין אַמעריקע און האָדל איז אַוועק קיין ארץ־ישראל.

מלכה איז צום באַדויערן געשטאָרבן יונג אין אַמעריקע און האָדל איז אין יינגן עלטער געשטאָרבן אין ארץ־ישראל.

געבליבן זענען אין זבערעזש שרה מיט איר מאַן לעזעריסקע (ער איז אַנטלאָפן בעת די דייטשן אין דער צווייטער וועלט־מלחמה קיין רוסלאַנד) און זייער קליין זיבן יעריק פעסעלע און אין כעלם — דער פאָטער ר' הערשל פעלדמאַן מיט דער טאָכטער פריידע און איר מאַן.

אין יאָר 1943 זענען די געבליבענע ר' הערשל פעלדמאַן, פריידע מיט איר מאַן און שרה מיט איר 10־יעריק מיידעלע פעסל־מרים אומגעקומען אין די גאַז־קאַמערן פון סאָביבאָר, כמעט אויפן זעלבן פּלאַץ, ווו שרה פלעגט בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה פירן דאָס ברויט צו פאַרקויפן יענע דייטשן אויף דער באַנסטאַציע סאָביבאָר...

הי"ד.



## ר' אליעזר בערנשטיין

ער איז געווען אַ היטלמאַכער, איינער פון אַ סך, וואָס האָט געלעבט אין גרויס דחקות. דער איינציקער טאָג אין דער וואָך, וואָס האָט אים געגעבן אַביסל האָפענונג אויף פרנסה, איז געווען דער דאָנערשטיקער יאַריד, ווען ער האָט זיך אַרויסגעשטעלט מיט זיינע לייטערלעך און גענומען וואַרטן אויף דעם פויערישן קונה, וואָס זאָל קומען צו אים קויפן אַ היטל.

אליעזר בערנשטיין האָט פרי אָנגעהויבן אַרבעטן ביים דאַזיקן פאַך. ער איז קוים אַלט געוואָרן צוועלף יאָר האָט ער שוין געמוזט צוהעלפן דעם טאַטן אין דער פרנסה. אין שטוב האָט געהערשט אָרעמקייט און נויט און אליעזר איז דערצו



ר' אליעזר בערנשטיין און זיין פרוי ביילטשע.

געווען באַשאַנקען מיט אַ פילבאַר האַרץ, האָט מיטגעפילט יעדן איינציקן, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ נויט, ווילנדיק העלפן מענטשן האָט ער זיך אָנגעזאַמלט אַ סומע פון צען רובל און ווער עס האָט זיך געפונען אין אַ נויט איז געקומען צו אים באָרגן געלט, נישט חלילה אויף פּראָצענט, דאָס איז געווען אַ גמילות חסד, וואָס דער יונגיטשקער אליעזר האָט שוין דעמאָלט ליב געהאַט צו טון. דעם יינגל האָט ער געבאָרגט צען קאָפּיקעס אָן אַנדערן — צוואַנציק. געווען אויך פאַלן ווען ער האָט געבאָרגט אַ גאַנצן רובל און מער. דאָס איז געווען זיין ערשטע אייגענע גמילות חסד־קאַסע, וואָס איז געוואָרן ביי אים אַ טראַדיציע און זיך געצויגן ביז אין די שפּעטערדיקע יאָרן.

דעם פאָטער זיינעם איז געווען שווער מיט פרנסה, נישט געהאַט צו צאָלן שכר־לימוד פון אליעזרן און דאָס האָט גע־

צווונגען דאָס יינגל צו גיין אַרבעטן. ווען ער איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר האָט ער חתונה געהאַט. אין שטעטל איז מיט יעדן טאָג געוואָרן שווערער דאָס לעבן און ער האָט נישט געזען פאַר זיך קיין אויסוועג, געמוזט פאַרלאָזן מיט זיין פרוי און קינד דאָס געבורט־שטעטל און אויסוואַנדערן קיין לאַנדאָן.

דאָס איז געווען מיט איבער זעקס צענדליק יאָר צוריק. אין משך פון גאַנצע דרייסיק יאָר, די ערשטע דריי צענדליק יאָר אין לאַנדאָן, האָט ער און זיין פרוי געמוזט שווער אַרבעטן. אין דער זעלבער צייט איז ער געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק. אין יענע יאָרן, ווען עס איז אויפגעקומען די ציוניסטישע אידעע, איז אליעזר בערנשטיין געווען אַ הייסער סימפּאַטיקער, געשפּענדעט פון זיין אָפּגעשפּאָרטן געלט פאַר קרן־קיימת לישראל. אין דער זעלבער צייט האָט ער אויך אין לאַנדאָן געשאַפן אַ גמילת חסד־קאַסע, וואָס האָט אין אַ גרעסערן פאַרנעם געהאָלפן נויטווענדיקע.

עס איז אַוועק אַ צייט און אליעזר בערנשטיין קומט צום אויספיר, אַז עס איז נישט גענוג צו העלפן בויען ארץ־ישראל בלויז מיט געלט־שפּענדונגען און ער באַשליסט צו פאַרלאָזן לאַנדאָן און איז עולה קיין ארץ־ישראל צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד.

צוזאַמען מיט אים, אונטער זיין איינפלוס, זענען געקומען נאָך צען ידישע משפחות פון לאַנדאָן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשידענע ערטער אין לאַנד.

אליעזר בערנשטיין האָט דעמאָלט, מיט איבער דרייסיק יאָר צוריק, אָפּגעקויפט צוזאַמען מיט שותפים 1800 דונאַם באָדן, געפלאַנצט פרדסים. מיט פינף יאָר שפּעטער, ווען די פרדסים זענען שוין געווען אין פולן בלי, האָט ער געברענגט פון וולאַדאַווע זיין משפחה און זיין פרויס משפחה, נאָך עטלעכע פאַמיליעס און האָט זיי איינגעאָרדנט, געגעבן וווינונגען און אַרבעט אין זיינע בשותפותדיקע פרדסים.



די משפחות, וואָס ער האָט אין יענער צייט געברענגט פון וולאַדאַווע זענען:

טודרוס פעלדמאַן מיט זיין פרוי און קינדער; שאול קאָלעקטאָר מיט זיין גאַנצער משפחה; שאול שטילעם מיט זיין משפחה; אברהם פידלמאַן מיט זיין גאַנצן הויזגעזינט און נאָך אַנדערע משפחות. צוזאַמען זענען דאָס געווען 69 נפשות. דער שיכון, וווּ עס זענען אויפגעבויט געוואָרן די דירות פאַר די דערמאָנטע וולאַדאַווער משפחות, טראָגט ביזן היינטיקן טאָג דעם נאָמען: שיכון בערנשטיין. די פרדסים האָבן זיך געפונען אין ראשון לציון און סאַראָפּענד.

צוליב אַ קריזיס אינעם פרדסים־צווייג פאַרצעלירט אליעזר בערנשטיין דעם באָדן מיט די פרדסים, טיילווייז אָפּגעגעבן, פאַר אַ קליינעם אָפּצאָל, דעם קרן־קיימת לישראל און אַ קבוצה, וואָס איז געזעסן אויף ראָטשילדס באָדן בשכונות מיט זיינע פרדסים. דעם איבעריקן באָדן האָט ער פאַרקויפט פאַר קליינע קאָלאָניסטן צו 10 און 20 דונאָם און אַליין איז ער אַוועק קיין תל־אביב.

אין יענער צייט האָט ער אין ראשון אויך אָפּגעגעבן אַ פּלאַץ אויף אויסצובויען אַ תלמוד־תורה און אַליין אויך אויסגעהאַלטן אַ העלפט פון די בוי־הוצאות. די תלמוד־תורה שטייט ביזן היינטיקן טאָג אין ראשון־לציון אויף רח׳ בערנשטיין. אליעזר בערנשטיין איז די גאַנצע צייט געבליבן אַ גרויסער בעל־צדקה, גיט זיינע נדבות און תרומות אויף אַ גרויסן פאַרנעם און איז פאַרטראָטן אין עטלעכע גמילת־חסדים־קאַסעס מיט גאַנץ אַנגעזעענע סומעס.

ר׳ אליעזר בערנשטיין איז געשטאָרבן אין טיפן עלטער, אין יאָר 1973.

**י. ש. ראָזנבלאַט**

אסתר קעלבערמאַן-גאָלדמאַן

בת-ים

# ר' מענדל הערש נחמיהס

ר' מענדל הערש נחמיהס קעלבערמאַן איז געווען אַ קאָצקער חסיד און גבאי אין שטיבל. ער האָט ביי זיך אין שטוב געהאַט אַ ספר-תורה און שבת און יום-טוב האָט געדאַוונט ביי אים אַ מנין.

ער איז געווען אַ מלמד פון דערוואַקסענע ייִנגלעך, געלערנט גמרא און ווי דער שטייגער נישט געלעבט אין גרויס עשירות, קוים געצויגן אויף חיונה. דאָך האָט ער געהאַט אַ שם פאַר אַ קלוגן מענטש, אַ פּיקח מיט אַ חוש פאַר פּראַקטישע ענינים און מענטשן פלעגן קומען צו אים זיך שואל-עצה-זיין אין פאַרשידענע ענינים. ווער עס האָט געהאַלטן ביים מאַכן אַ געשעפט, טון אַ שידוך מיט אַ קינד, לערנען אַ ייִנגל אַ פאַך, אַרויספאָרן אין אַן אַנדער לאַנד. מען האָט געוווּסט, אַז ביי ר' מענדל הערש נחמיהס וועט מען תמיד געפינען אַ קלוגע עצה, אַן אָנווייזונג ווי אַזוי צו האַנדלען.

דערצו איז ר' מענדל הערש נחמיהס געווען אַ ייִד מיט אַ גרויס האַרץ, האָט תמיד געטראַכט ווי אַזוי צו העלפן נויטבאַדערפטיקע, פלעגט אַרומגיין צונויפזאַמלען פאַר קראַנקע, פאַר בכבודיקע יורדים, פאַר אָרעמע כלות און אַנדערע, וואָס האָבן זיך גענויטיקט אין הילף. אומעטום האָט מען אים שיין אויפגענומען, קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט צו געבן די שענסטע נדבה. אַלע האָבן געקענט זיין ערלעכקייט און געוווּסט, אַז ער היט אָפּ שטרענג דעם פּרינציפּ פון מתן בסתר און די הילף וועט דערגרייכן צו די נויטבאַדערפטיקע.

אין דער ערשטער וועלט-מלחמה איז אָפּגעברענט געוואָרן זיין ירושה-הויז, וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פונעם אַלטן בית-הקברות. די צייט איז געווען אַ שווערע. אויך זיינע תלמידים זענען זיך צעפאָרן און עס האָבן זיך ווי אויסגעשעפּט אַלע קוואַלן פון פרנסה. ער האָט זיך דאַן באַזעצט אין דאָרף סמאָלאַריס, ווו ער איז געוואָרן דער מלמד פון זיינע פריערדיקע תלמידימס קינדער.

אַזוי איז ער ביסלעכווייז געקומען צו זיך און שוין אָנגעהויבן טראַכטן פון צוריק אויפבויען זיין אָפּגעברענט הויז אין וואָלאַדאווע. דאָס איז געווען אין דער צייט ווען די באַלאַכוצעס האָבן געבושעוועט אין דער געגנט. זיי זענען דעמאָלט באַפאַלן דאָס דאָרף און אויסגעשאָכטן אַלע שוצלאָזע ייִדן, צווישן וועלכע עס איז אויך געפאַלן אַ קרבן ר' מענדל-הערש נחמיהס.

אין דער גרויסער שיל איז אויפן טאָוול צום אָנדענק פון די אומגעקומענע קדושים דערמאָנט איינער פון די ערשטע איז דער נאָמען ר' מענדל הערש נחמיהס קעלבערמאַן.

ר' מענדל הערש נחמיהס קעלבערמאַן האָט געהאַט עטלעכע קינדער. זיין ייִנגסטער זון, חיים-ישראל האָט געוווינט אין וואַרשע, געאַרבעט אַלס שוסטער און איז געווען טעטיק אין דער אַרבעטער-באַוועגונג, אין די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, ווו ער איז געווען זייער פּאָפּולער.

אין די מלחמה-יאָרן איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן קיין רוסלאַנד, געווען מאָביליזירט אין דער אַרמיי, דורכגעמאַכט אַ סך שלאַכטן, ביז ער האָט זיך מיט זיין איינהייט דערשלאָגן קיין לובלין, איז אָנגעקומען אינעם טרויעריק-באַרימטן טויטלאַגער מיידאַנעק. אין זיין לעצטן בריוו האָט ער געשריבן, אַז די קרעמאַטאָריע האָט נאָך געברענט און עס האָבן נאָך געטליעט די לעצטע סקעלעטן. אין די בערג מלבושים, שיך און אַנדערע חפצים, וואָס האָט זיך דאָרט געוואַלגערט, ווי אויך די אַנדערע גרויליקע בילדער, אויף וועלכע ער האָט זיך אָנגעטראָפן, האָבן אים דערשיטערט. אויף אַ פּאַרטיזאַנער-פאַרזאַמלונג אין לובלין, אויף וועלכער עס זענען אויך געקומען אַ סך ייִדישע זעלנער און אָפּגעראַטעוועטע קאַצעטלער, האָט חיים-ישראל געגרופן צו נעמען נקמה אין די נאַצישע מערדער.

חיים-ישראל האָט אויך באַזוכט זיין געבוירן-שטאָט וואָלאַדאווע, אין וועלכער עס איז שוין נישט געווען קיין איין ייִד. אַ צעטרייסלטער ביז אין די טיפענישן, האָט ער זיך אָבער נישט איינגעבראָכן, נאָר איז ווייטער אַוועק אין קאַמף און אין אַ שלאַכט מיט די באַנדעס פון דער פּוילישער א.ק ביי פּיאַסקי, אין לובלינער געגנט, איז ער העלדיש געפאַלן.

רחל קיפעל־ציטרין

# דאס שטעטל פון מיין קינדהייט און יוגנט

ווייטע, זיסע שטעטלדיקע יאָרן.
איך לאָז אויפציטערן די צאַרטע דערמאַנונגען פון מיין קינדערשן קעניגרייך אין מיין שטעטל וולאָדאַווע, וווּ איך בין געבוירן, דערצויגן און געוואַקסן.

אַזויפיל שיינקייט דאָרט געווען, סעדער מיט רויטע קאַרשן און זאַפטיקע עפּל, גרינע לאָנקעס, אַ סאָסנע־וואַלד, אַ פּרעכטיקע לאַנדשאַפט.

איצט דער שול־פּלאַץ, ווו עס פלעגן אָפּט פאָרקומען ספּאָרט־פאַרמעסטן און אויך מיר, שול־מיידלעך, זענען געווען געשפּאַנטע צושויער און וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקלט דאָס קולטור־לעבן, זענען מיר אויך געווען אַקטיווע געניסער, מיטבאַטייליקטע אין אָרגאַניזירן די רייכע קולטור־טעטיקייט.

אַ קליין, אָרעם שטעטל און אַזוי רייך אין געהויבענע מאָמענטן.

שרייבנדיק וועגן וולאָדאַווע קומען אויף אין מיין זכרון די שיינע יאָרן פון מיין קינדהייט און יוגנט. עס לעבן אויף פאַר מיינע אויגן די הערלעכע געשטאַלטן פון די וולאָדאַווער ייִדן, לומדים, חסידים און מתנגדים, סוחרים און בעלי־מלאכות און איך פיל זיך ווידער אַזוי שטאַרק פאַרבונדן מיט זיי אַלע, מיט מיינע יוגנט חברים און חברטעס, מיט וועלכע איך זע זיך שפּאַצירן אין די ביימער־אַלייען אונטערן שטעטל און מיטלעבן אַלע פראַגן און פּראָבלעמען, וואָס האָבן געעגבערט די מוחות פון ייִדישער יוגנט אין וולאָדאַווע.

אָט אַזוי איז געבליבן אין מיין זכרון, אין מיין געמיט, דאָס שטעטל וולאָדאַווע.

געסלעך פול מיט ייִדן, פאַרהאָרעוועט אַ גאַנצע וואָך, פאַרנומענע מיט דאגות פרנסה, אָבער מיטן אָנקום פון שבת — אויסגעלייטערטע, איבערגעטוענע אין די שבת־יום־טוב־דיקע מלבושים. אַזויפיל שיינקייט האָט געשטראַלט פון זיי, אַזויפיל לעבן מיטן אַלטן ייִדישן בטחון.

כ׳זע פאַר זיך די התלהבותדיקע יוגנט אין די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, הער געזאַנג פון ייִדישע און העברעישע לידער, דאָס אָפּגעבן זיך מיט פרייד און האָפענונג די עברית־לעקציעס, מיט וועלכע מען האָט זיך געגרייט צו אַ נאַציאָנאַל־ייִדיש לעבן, די געלט־זאַמלונגען פאַר קרן קימת לישראל, אין וועלכע מיר האָבן אָנטיילגענומען.

שטענדיק, ווען איך דערמאָן זיך אין יענע יאָרן, הויבט עס אָן אין מיר צו זינגען און צוזאָגן און מיין האַרץ פילט זיך אָן מיט שטאָלץ.

עס זינגט אין מיר יענע בענקשאַפט עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל און בויען אַן אייגענע היים, אַ ייִדיש לאַנד.

דאָס איז געווען אין דער צייט, ווען מיין פאָטער איז שוין געווען לערער און האָט צוזאַמען מיטן לערער קליינמאַן געעפנט די העברעישע שול, אָרגאַניזירט אָוונט־קורסן פון עברית פאַר דערוואַקסענע.

עס דערמאָנען זיך מיר די שבתדיקע בין השמשותן אין מיין שטאָט. דאָס ליכט איז נאָך נישט געווען אָנגעצונדן און די שטוב איז געווען פאַרהילט מיט שאָטנס און מיר, יונגע און עלטערע האָבן זיך צונויפגעזאַמלט און געזונגען ייִדישע און העברעאישע לידער, געזאַנגען פון בענקשאַפט צו ציון, געזאַנגען פון דערהויבענער ליבע. דאָס געזאַנג האָט זיך געצויגן אויך ווען מען האָט אָנגעצונדן דאָס ליכט, ביז שפּעט אין דער נאַכט.

די דאָזיקע צוזאַמענקונפטן אין די שבתדיקע בין־השמשותן זענען פאָרגעקומען זומער און ווינטער. זומער איז אונדזער געזאַנג דורך די אָפענע פענצטער אַרויס אין גאַס און אָפּגעהילכט ווייט אַרום. ווינטער, ביי דער וואַרעמקייט פון איינגעהייצטן אויוון און נאָכמער פונעם געזאַנג, האָבן מיר פאַרגעסן אין דער דרויסנדיקער קעלט, אין אַלע בייזע ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן איבער ייִדישע קעפּ, און אַלע בייזע כוחות, וואָס האָבן געלויערט אויף ייִדיש לעבן.

אין אונדזער קולטור־טעטיקייט און אין קולטורעלן אויסלעבן זיך, האָבן פאַרנומען אַן אָרט אויך אייגענע שאַפונגען, סקעטשן און הומאָרעסקעס אויף אַקטועלע טעמעס פון ייִדישן לעבן אין וולאָדאַווע. פונקט ווי די לידער, פאָלקסטימלעכע מעלאָדיעס, אַריעס פון אָפּערעס, זענען געוואָרן אויסגעפירט מיט אייגענע כוחות. עס האָט אין דעם אָנטיילגענומען אויך מיין מוטער און שוועסטער, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייערע שיינע שטימען. שיין האָבן אויך געזונגען און רעציטירט מיינע חברטעס: באַלטשע און לאנקע. אומפאַרגעסלעך זענען יענע שבתדיקע בין השמשותן און שבת־צו־נאַכטס.

אהודה רונת און רחל ציטרין
(זעלדע און רחל קיפּעל)

# אונדזער פּאַטער יוסף קיפּעל

אין דער יוגנט האָט ער געלערנט אין דער סלאָבאָדקער ישיבה און נאָך אַלס יונגער בחור האָט ער אין פּרוזשאַנע באַקומען סמיכות אויף רבנות, אָבער אין דער זעלבער צייט האָט ער מיט גרויס דורשט זיך געוואָרפן לערנען וועלטלעך וויסן און מיט גרויס ליבשאַפט געלערנט די מאָדערנע העברעאישע שפּראַך און איז דערנאָך געוואָרן לערער אין דער בריסקער שול, ווו מיר האָבן געווינט ביז דער ערשטער וועלט מלחמה.

אונדזער פאָטער איז געווען אַ הייסער ציוניסט און זיין שטענדיקער חלום איז געווען עולה צו זיין קיין ארץ־ישראל. ער האָט טיף איבערגעלעבט דאָס, וואָס ער האָט נישט געהאַט קיינמאָל קיין מעגלעכקייט צו רעאַליזירן זיין טרוים.

ער האָט דערפאַר מיט גרויס מסירות נפש זיך אָפּגעגעבן דעם לערנען עברית מיט ידישער יוגנט און דערוואַקסענע, איז תמיד געווען פאַרטיפט אין לייענען אַלץ נייע און נייע ביכער און דערביי נישט פאַרנאַכלעסיקט אויך די תורה־ליטעראַטור, דעם תנ״ך און דעם תלמוד.

די לעצטע יאָרן אין בריסק האָט ער געשאַפן דאָס ווערטער־בוך עברית־רוסית, וועלכן ער האָט זיך געווידמעט גאַנצע טעג און נעכט און פאַרענדיקט האַרט פאַרן אויסברוך פון דער וועלט־מלחמה, אָבער לײדער שוין נישט באַוויזן אים אַרויסצוגעבן.

אַ באַשיידענער און אַ מסתפק במועט, ווען עס האָט זיך געהאַנדלט אין מאַטעריעלע ענינים, איז ער אָבער תמיד געווען גיריק אין זיין דורשט צו באַרייכערן זיין וויסן.

אַ משכיל, אַ בר־אורין, אַ העברעאישער לערער און דאָס לערנען העברעאיש איז ביי אים נישט געווען בלויז אַ פאַך. עברית און ציון זענען געווען דאָס ליד פון זיין לעבן. אַלע זיינע טעג האָט ער געלעבט מיט דעם גלויבן אין דער פאַרווירקלעכונג פון גאולת הארץ, פון תקומת ישראל והשפה און דאָזיקן ציל האָט ער געווידמעט זיין גאַנצע צייט, מי און און דעם ציל האָט ער געווידמעט זיין גאַנצע צייט, מי און געטראָגן טיף אין האַרצן און אויף קיין איין רגע נישט געצווייפלט, אַז עס וועט קומען דער טאָג פון גאולת העם.

זיין טיפן גלויבן און איבערצייגונג האָט ער איבערגעגעבן אויך אַנדערע, האָט געפלאַנצט צוגעבונדנקייט און ליבע צום פאָלק און צום לאַנד אין די הערצער פון זיינע תלמידים.

אין יענע יאָרן ,ווען פאַר אַ סך האָט עס אויסגעזען ווי אַ ווייטער און אומגלויבלעכער חלום, האָט אונדזער פאָטער עקשנותדיק קולטווירט זיין גלויבן אין תחית האומה און האָט מיט זיין ענטוזיאַזם און מסירות נפש אָנגעשטעקט אויך אַנדערע. צוזאַמען מיט אַנדערע ציוניסטישע טוער אין וואָלאַוועּ האָט ער געגרינדעט די תרבות־שול, וועלכע האָט אין אָנהויב דורכגעמאַכט גרויסע שוועריקייטן, אָבער אַ דאַנק דער טיפער איבערגעגעבנקייט, האָט זי זיך אַנטוויקלט און אויסגעוואַקסן אין אַ פּרעכטיקער אינסטיטוציע, וואָס האָט באַצירט די שטאָט.

אַדאַנק זיין איניציאַטיוו זענען שפּעטער געשאַפן געוואָרן העברעאישע אָוונט־קורסן אויך פאַר דערוואַקסענע, ווי אויך אַ גן ילדים, פון וואַנען די קלאַנגען פון דער העברעאישער שפּראַך האָט אָפּגעהילכט איבער די וואָלאָדאווער גאַסן.

אונדזער פאָטער איז אויך אַ לענגערע צייט געווען מורשה פון קרן קיימת לישראל און איז געווען אַקטיוו אין דער פאַרצווייגטער ציוניסטישער טעטיקייט. ביי אונדז אין הויז פלעגן אָפּגעהאַלטן ווערן זיצונגען און באַראַטונגען ווי אַזוי צו פאַרפעסטיקן און פאַרשטאַרקן די פאַרבינדונג פון דער ידישער יוגנט מיט דער העברעאישער שפּראַך. צוזעענדיק די פאַרשריטן פון דער תרבות־שול און די גרויסע אויפלעבונג פון דער ציוניסטישער טעטיקייט איז צו זיין שמחה נישט געווען קיין גרענעץ.

פיל תלמידים האָט מיין פאָטער אויסגעשולט און ביז היינט זענען נאָך פאַראַן אַזעלכע, וואָס טראָגן מיט זיך דעם רייכן באַגאַזש פון גירסא דינקותא, וואָס זיי האָבן געלערנט ביי אונדזער טאַטן. ווי אַ באַגאַבטער פּעדאַגאָג איז ער בלב ונפש געווען איבערגעגעבן צו זיינע תלמידים און דאָס לערנען האָט אים פאַרשאַפט גרויס פרייד. צווישן זיינע תלמידים זענען אויך געווען די טויב־שטומע שוועסטער און ברודער שטשוריק.

אין אונדזער שטוב פלעגט מען זיך צונויפקומען שפּילן שוין דעמאָלט האָט ער געשאַפן דעם צוגענגלעכן מעטאָד, וואָס האָט זיך לעצטנס אָנגענומען אין דער וועלט.

שאַך. מיין פאָטער איז געווען אַן ענטוזיאַסטישער שאַך־שפּילער און ביי אונדז אין שטוב איז געווען דער צענטער פון די שאַכמאַטיסטן אין וואָלאָדאַווע. אין זכרון האָבן זיך איינגעקריצט עטלעכע נעמען פון די שאַך־שפּילער: משה איידלסבערג, רפאל כהן און מאיר־ישראל בריקמאַן, וועלכער איז אויך געווען אַ ליבהאָבער פון מוזיק און טעאַטער. עס געדענקט זיך אַ דיסקוסיע אויף דער טעמע פון מוזיק, ווען בריקמאַן האָט געזאָגט, אַז יידיש געזאַנג און יידישע מוזיק געהערן צו די שענסטע אויף דער וועלט און אין די גרעסטע מוזיקאַלישע שאַפונגען זענען פאַראַן יידישע מאָטיוון. ער פלעגט זאָגן: „וואָס פאַראַ ווערט האָט דאָס שפּילן און זינגען אויב עס האָט נישט דעם יידישן קרעכץ?" צי האָט ער פאָרויסגעזען, אַז דער יידישער קרעכץ וועט זיין דער שוידערלעכסטער אין דער וועלט, דער גרויליקסטער אין דער געשיכטע פון דער מענטשהייט?

עס איז אים אויסגעקומען אַדורכצומאַכן אַ סך קריזיסן, געווען צייטן ווען עס איז געוואָרן אַלץ שווערער די פּרנסה בדוחק. די התלהבות פאַר העברעאיש איז אין געוויסע תקופות געלאָשן געוואָרן און דאָס שטעטל איז נישט געווען בכוח אויסצוהאַלטן אַ פּריוואַטן לערער. אַ סך פון זיינע שילער זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל. דאָך איז ער נישט געוואָרן געפאַלן ביי זיך, האָט נישט אויפגעהערט צו האָפן אין דער ווידעראויפלעבונג פון דער התלהבות פאַר דער העברעאישער שפּראַך, וועלכע ער האָט אַזוי ליב געהאַט און די ליבע איינגעפלאַנצט אין די הערצער פון זיינע קינדער און פון זיינע שילער.

אין אַזאַ צייט האָט מיין מוטער ליבע געהאָלפן אין דער פּרנסה, גענומען זיך צו איר פאַך פון מאַכן גאָרסעטן, נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס איז נישט געווען אַזאַ גלענצנדיקער פּרנסה־קוואַל. דערצו זענען אין שטוב געווען צוויי קליינע קינדער, אהרון און דוד, וועלכע זענען געבוירן געוואָרן אין וואָלאָדאַווע. דאָס האָט דערפירט דערצו, אַז מיין פאָטער זאָל באַשליסן ווידער צו נעמען דעם וואַנדערשטעקן אין האַנט און אַוועק פון וואָלאָדאַווע, באַזעצן זיך אין זיין פריערדיקער שטאָט, אין בריסק דע־ליטע.

דאָס צעשיידן זיך מיט וואָלאָדאַווע האָט מיין פאָטער און מיר אַלע, שווער איבערגעלעבט. פון זיינע ברוינע אויגן



איז געגאַנגען אַן אומעט און ער איז געוואָרן שווייגעדיקער ווי שטענדיק.

אינעם דאָזיקן מצב רוח האָט ער געטון זיין גרויסע אַרבעט פון צוגרייטן דעם העברעאיש־רוסישן ווערטערבוך, וואָס ער האָט נישט באַוויזן צו זען אויף דער ליכטיקער שיין.

עס איז געקומען דער גרויסער חורבן און צוזאַמען מיט מיין מוטער און דריי ברידער: אפרים, אהרון און דוד זענען זיי אומגעבראַכט געוואָרן דורך די היטלעריסטישע מערדער.

הי"ד!

## אהודה רונת

### מאַמע מיינע

דיין שמייכל האָט מען נישט געטויט
צי קען מען דערמאָרדן אַ זון שטראַל?
געווים האָט ער געבלאָנדזשעט
צווישן וואָלקנס אין די הימלען,
ווי אַ בריליאַנט צווישן אַלע שטערן,
און פון דאָרט לייכט ער אין מיינע טרערן.

### זייער לעצטער אָטעם

האָסט געמאָלט אַ שרעקלעך בילד
מיט גרוי־געלע פאַרבן.
ווו מיר גייען נעמען מיר מיט
די טריט פון זייער שטאַרבן.
ווען מיר אָטעמען שטיקט אונדז
זייער לעצטער אָטעם.
אָט אַזוי לעבן מיר
אין ליכט פון זייער שאָטן.

## יצחק האַלצמאַן

חיפה

# אליעזר יוסף האלצמאן

א באַקאַנטע פערזענלעכקייט, וואָס איז געווען באַליבט ביי דער יידישער באַפעלקערונג אין וולאָדאַווע, איז געווען ר׳ אליעזר יוסף האַלצמאַן. אַ וואַלד־סוחר און אַנגעזעענער כלל־טוער, אַ לוקאָווער חסיד, מיט גרויס איניציאַטיוו אויף פאַרשידנערליי געביטן אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. ער איז געווען פרעזעס פון דער קהילה אין וולאָדאַווע, פרעזעס פון דער גמילת חסד קאַסע, ראַטמאַן אין שטאָטראַט, פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין דער סוחרים־באַנק, ווי אויך אין פאַרשידענע אַנדערע אינסטיטוציעס.

אַלס פרעזעס פון דער גמילת חסד קאַסע האָט ער געהאָלפן אָרעמע יידישע קרעמער און בעלי מלאכות, גיבנדיק זיי לאַנג־טערמיניקע הלוואות. עס האָט געטראָפן, אַז די קאַסע איז געווען ליידיק און עס איז געקומען אַ נויטבאַדערפטיקער קרעמער, האָט ער אויסגעבאָרגט פון זיין געלט פאַר דער קאַסע, כדי דער קרעמער זאָל קענען באַקומען די נויטיקע הלוואה.

אַלס ראַטמאַן פון שטאָטראַט איז ער שטענדיק געווען צווישן די יידישע ראַטמענער, וואָס האָבן מיט גרויס איבערגעגעבנקייט זיך אָפּגערופן אויף יעדער נויט, אויף יעדער גזירה, וואָס האָט געטראָפן די אָרעמע יידישע קרעמער. ער האָט אינטערוועניִרט ביים בורמישטש און פאַרשטאַנען ווי אַזוי אויפצוקלערן די נויטיקייט פון אַראָפּנעמען די גזירה, וואָס גראָבט אונטער די עקזיסטענץ פון די אָרעמע קרעמער. אַ סך אָרעמע סוחרים האָב אים געהאַט צו פאַרדאַנקען



ר׳ אליעזר־יוסף האַלצמאַן,
איז געווען פרעזעס פון דער יידישער קהילה, פון דער שטאָטיקער גמילת־חסד־קאַסע, פון דער סוחרים־באַנק און ראַטמאַן אין שטאָט־ראָט.



פרוי דרייזל האַלצמאַן
אַקטיווע געזעלשאַפטלעכע טוערין, מיטגלידערין אין יתומים־קאָמיטעט, אין קאָמיטעט צו זאָרגן פאַר יידישע זעלנער איינצואָרדענען זיי ביי באַלעבאטים אין די שבתים און ימים־טובים, באַזונדערס פסח.

דאָס באַקומען צו דער צייט די געהעריקע קרעדיטן אין דער סוחרים־באַנק, וואָס האָט אויך געהאַט אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַרן אַנטוויקלען דעם מסחר אין וולאָדאַווע.

די גאַנצע צייט וואָס ער איז געווען פּרעזעס אין דער קהילה, האָט ער פיל מיטגעהאָלפן פאַרן שטעלן אויף די פיס די אָרעמע באַפעלקערונג. אין דער זעלבער צייט איז געווען גרויס זיין ביישטייער פאַרן אויפבוי פון דער תלמוד תורה און פון דער תרבות־שול. נישט געקוקט וואָס ער איז געווען אַ לוקעווער חסיד, האָט ער אָפן אַרויסגעוויזן זיינע סימפּאַטיעס פאַרן ציוניזם און געשטיצט די ציוניסטישע קרנות.

ער האָט פאַרמאָגט אין זיך אַ סך לעבנס־חכמה און האָט אַרויסגעוויזן גרויס פּעאיקייט אין זיינע וואַלד־מסחרים. אים איז אָפט אויסגעקומען אויסצוגלייכן סכסוכים צווישן סוחרים פון דער האָלץ־בראַנזשע און ער האָט געטון אַלץ נישט צו דערלאָזן, אַז יידן זאָלן ברענגען זייערע סכסוכים פאַרן פּוילישן געריכט. די צדדים זענען שטענדיק געווען צופרידן פון זיין אויסגלייכן, וואָס איז געמאַכט געוואָרן מיט אַ סך קלוגשאַפט און רייכער דערפאַרונג אין די דאָזיקע ענינים.

ביים אַריינקומען פון די נאַציס קיין וולאָדאַווע איז ר׳ אליעזר יוסף האָלצמאַן געווען צווישן די ערובניקעס, וואָס די געסטאַפּאָ האָט פאַרשלעפּט קיין כעלם און זיי דאָרט מער־דערלעך צעשלאָגן. אַלס צוגאָב האָבן די יידן נאָך געמוזט באַצאָלן אַ גרויסע קאָנטריבוציע.

אין יאָר 1943 האָט ר׳ אליעזר יוסף מיט זיין גאַנצע משפּחה געטיילט דעם גורל פון אַלע וולאָדאַווער יידן, אומ־קומענדיק אין די גאַז־קאַמערן פון סאָביבאָר.

מתתיהו פידעלמאַן

**ראשון לציון**

# ר׳ שאול פידעלמאַן

פערציק יאָר איז ער געווען שוחט אין אַגרוסק און האָט אויך באַדינט די אַרומיקע דערפער. דערנאָך האָט ער זיך באַזעצט אין וולאָדאַווע און געצויגן זיין באַשיי־דענע חיונה פון פאַרקויפן לאָטעריע־צעטלען. מען האָט אים דערפאַר גערופן שאול קאָלעקטאָר. ער איז געווען אַ גרויסער ירא־שמים, אַ קוזמיר חסיד.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען אין וולאָדאַווע איז אויסגעבראָכן די גרויסע שריפה איז צוזאַמען מיט אַ סך אַנדערע הייזער אָפּגעברענט געוואָרן אויך דאָס קוזמיר שטיבל. דאָן איז דער מנין געווען אינעם הויז פון ר׳ שאול פידעלמאַן.

דער קוזמיר רבי, ר׳ משה לייבעלע, וועלכער האָט לעצ־טנס געוווינט אין כעלם און מען האָט אים גערופן דער כעלמער רבי, איז בעת ער איז געקומען קיין וולאָדאַווע איינגעשטאַנען ביי ר׳ שאולן.

אין ר׳ שאולס הויז איז אויך געווען די אכסניה פון ר׳ מאָטעלע פון קוזמיר און ר׳ יעקב לייבעלע פון טריסק.

ר׳ שאול איז געווען גבאי פון דער חברה שומרי שבת און האָט זיך פאַרנומען מיט אַכטונג געבבן אויף דעם עירוב. ער איז אויך געווען גבאי פון דער תלמוד־תורה און אַ סך יאָרן איז ער צוזאַמען מיט יונה פרידמאַן געווען דער גבאי פון קופּת רבי מאיר בעל הנס. מען האָט אים אָפט געזען אַרומגיין זאַמלען געלט פאַר אָרעמעלייט. מיט אַ באַזונדערע התלהבות האָט ער זיך אָפּגעגעבן דער חברה „הכנסת כלה״, פאַר וועלכע ער פלעגט זאַמלען געלט אויף נדן און אויסשטייער.

אין יאָר 1933 איז ער מיט נאָך עלף משפּחות, אַ דאַנק ר׳ אליעזר בערנשטיין, עולה געווען קיין ארץ ישראל, וו ער האָט זיך באַזעצט אין אַ פּרדס אין ראשון לציון. זיין שוואָגער אליעזר בערנשטיין, וועלכער האָט זיך פאַרנומען מיט זייער עליה, האָט אויך געזאָרגט פאַר זיי אין ארץ־ישראל, האָט פאַר די עלטערע קרובים געבויט דירות און אַ סך עולים פון וולאָדאַווע האָבן די ערשטע צייט געאַרבעט אין זיין פּרדס.

ר׳ שאול פידעלמאַן איז געזעסן יומם ולילה און געלערנט תורה.

ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1950, דערלעבנדיק אַ שיבה טובה ביזן עלטער פון 84 יאָר, האָט איבערגעלאָזט אַ פאַרצווייגטע משפּחה אין ישראל און זיין נאָמען ווערט שטענדיק דערמאָנט מיט גרויס פאַרערונג.

חיים דוד ברוס

# ר׳ פיוול לעדערמאַן

ר׳ פייוול לעדערמאַן איז געווען איינער פון די פּאַרביקסטע פרום־יידישע געשטאַלטן אין וולאָדאַווע. אַן אַקטיווער עסקן, האָט יאָרן לאַנג זיך אָפּגעגעבן בלב ובנפש לטובת הכלל. ער איז געווען אַ לוקאָווער חסיד, אָבער דאָך איז זיין בילדונג געווען מער ווי דורכשניטלעך. ער האָט גערעדט און געשריבן רוסיש, פּויליש און דייטש. זיין הדרת פּנים און שיינע האַלטונג האָבן אַרויסגערופן צו זיך דרך־ארץ. ער האָט אויך אַרויסגעוויזן אַ טיפע פאַרשטענדעניש פאַר דער ציוניסטישער אידעע.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן האָבן אָקופּירט פּוילן, איז ער דורכן קאָמענדאַנט פון וולאָדאַווע באַשטימט געוואָרן אַלס ראַטמאַן .די באַפעלקערונג איז דאַן געווען פאַראָרעמט. די צוואַנגס־אַרבעט, די אָפטע קאָנפיסקאַציעס און גרויסע שטייערן האָבן זיך שווער געלייגט אויף דער יידישער באַפעלקערונג. מיט אַלע זאָרגן, צרות און גזירות, איז מען דעמאָלט געקומען צו ר׳ פייוול לעדערמאַן און ער האָט שטענדיק געהאָט אַן אָפן אויער פאַר יענעמס צער און איז תמיד געווען גרייט צו העלפן, נישט געזשאַלעוועט קיין מי און קיין צייט אויף צו לויפן, ברענגען הילף, לינדערן די נויט פון די, וואָס זענען געקומען צו אים. ער איז געווען דער אַדרעס פאַר אויספּועלן צו אַנולירן די שטייערן. אָפּטמאָל איז אים אויסגעקומען זיך משתדל צו זיין ביי דער אָקופּאַציע־מאַכט אָפּצוגעבן אַן אָרעמען קרעמער די קאָנפיסקירטע סחורות. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע געביטן פון סאָציאַלער הילף, אין אָרגאַניזירן און אויסהאַלטן די קיך, וואָס איז געשטיצט געוואָרן דורכן מאַגיסטראַט.

אין יאָר 1918 האָט ר׳ פייוול אַוועקגעגעבן אַ סך ענערגיע ביים שאַפן דאָס יתומים־הויז, וואָס האָט זיך אויסגעהאַלטן פון אָרטיקע שפּענדונגען און באַקומען אַ סובסידיע פון מאַגיסטראַט און אויך פון דזשאָינט. אַ דאַנק דער אויפזיכט פונעם קאָמיטעט אין וועלכן ר׳ פייוול איז געווען זייער אַקטיוו, זענען די יתומים דערצויגן געוואָרן אַלס נוצלעכע און ווערטפולע מענטשן פון דער געזעלשאַפט. אַ טייל קינדער זענען שפּעטער געשיקט געוואָרן דורכן דזשאָינט קיין דרום־אַפריקע.

נאָוועמבער 1918, ווען די דייטשע אַרמיי האָט פאַרלאָזט וולאָדאַווע, האָט אַ גרופּע אָרטיקע קריסטן אָנגעפירט דורכן



באַוווסטן אַניסעוויטש, געוואָלט פאַרכאַפּן די מאַכט. אויך איינִיקע יידן האָבן דאַן מיטגעאַרבעט מיט אַניסעוויטשן. עס איז געשען, אַז אַכט טעג שפּעטער, ווען קיין וולאָדאַווע איז אָנגעקומען פּויליש מיליטער איז בעת אַ שיסעריי געפאַלן אַ פּוילישער מאַיאָר. דער קאָמענדאַנט האָט פאַראַנטוואָרטלעך געמאַכט די יידישע באַפעלקערונג פאַר דער באַטייליקונג פון עטלעכע יידן אין אַניסעוויטשעס גרופּע און דערפאַר געפאָדערט אַ קאָנטריבוציע פון צען טויזנט רובל פאַר דער אלמנה פון מאַיאָר. דאָס איז דעמאָלט פאַר דער פאַראָרעמטער יידישער באַפעלקערונג געווען אַ פאַנטאַסטישע סומע, וואָס האָט אויסגעזען ווי אוממעגלעך צו דערגרייכן.



ר׳ פייוול לעדערמאַן

ר׳ פייוול לעדערמאַן איז געווען פּרעזעס פון דער סוחרים־באַנק און פון יתומים־קאָמיטעט אין וולאָדאַווע. חוץ דעם וואָס ער איז געווען ראַטמאַן אין וולאָדאַווער שטאָט־ראַט, איז ער אויך געווען פּאָפּולער אַלס עסקן אין פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס. וולאָדאַווער יידן האָבן אין אים געפילט טיפע זאָרג פאַרן כלל און פאַרן פּרט.

דער קאָמענדאַנט איז געווען ברוטאַל און האָט נישט געוואָלט איינגיין אויף קיין שום קאָמפּראָמיס. ער האָט גע־

סטראַשעט, אַז אויב מען וועט נישט באַצאָלן די קאָנטריבוציע, וועט מען אין טאָג פון דער לוויה פון מאיאָר נעמען נקמה אין דער יידישער באַפעלקערונג.

עס איז דעמאָלט געווען אַן עת צרה פאַר די יידן אין וואָלאַדאָווע. די סיטואַציע איז געווען אַ געשפּאַנטע. דעמאָלט איז געקומען די גרויסע אַנשטרענגונג פון דער יידישער קהילה מיט ר׳ פייוול לעדערמאַן בראש און עס איז געשאַפן געוואָרן די קאָנטריבוציע. די יידישע באַפעלקערונג אין וואָלאַדאָווע האָט אָפּגעאָטעמט. עס איז אויסגעמיטן געוואָרן אַ פּאָגראָם.

שפּעטער איז ר׳ פייוול אויסגעקליבן געוואָרן דורכן סוחרים־פאַרבאַנד אַלס פאַרשטייער פון דער טעקסטיל־בראַנזשע און אַ ריי אַנדערע בראַנזשעס און תמיד האָט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין מסירת נפשדיקער איבערגעגעבנקייט און גרייטקייט צו אינטערווענירן אין יעדן מאָמענט אינעם שטאָט־ראַט לטובת דער יידישער באַפעלקערונג.

אין זיין אַרבעט אַלס מיטגרינדער פון דער סוחרים־באַנק, גמילת חסד קאַסע, ווו ער איז געווען פּרעזעס, סיי אין די אַנדערע אינסטיטוציעס און פּאָסטנס וועלכע ער האָט פאַרנומען, האָט ער זיך תמיד אויסגעצייכנט מיט דער גרייטקייט צו העלפן און האָט אָפט איבערגעלאָזט זיין מאַנופאַקטור־געשעפט אין די הענט פון זיין פרוי און אַליין איז ער געלאָפן אין די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס אויספירן די אויפגאַבן, וועלכע ער האָט אויף זיך גענומען. די אַרבעט לטובת הכלל איז ביי אים געשטאַנען העכער פון זיינע פּריוואַטע אינטערעסן.

בעת דער לעצטער אַקציע אין יאָר 1943 איז ער צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע געלעגן אין אַ בונקער ביז די דייטשן האָבן אַנטדעקט זייער באַהעלטעניש, אַרויסגעשלעפּט זיי און אַוועקגעשיקט מיטן טראַנספּאָרט קיין סאָביבאָר.

זיין אייניקל יצחק פרידמאַן, וועלכער האָט זיך על פּי נס געראַטעוועט פון יענעם אַנטדעקטן בונקער, איז אַוועק אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער און די גאַנצע צייט אַנטיילגענומען אין די געפערלעכסטע קאַמפן קעגן די דייטשן.

גלייך נאָך דער מלחמה, אין יאָר 1945 איז יצחק פרידמאַן אַנגעקומען קיין ישראל. ער איז אַריינגעטרעטן אין אצ״ל און איז געפאַלן אין די שלאַכטן קעגן די ענגלענדער אין יאָר 1947.

יצחק פרידמאַן איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט איבערגעגעבן וועגן דעם אומקום פון דער וואָלאַדאָווער קהילה. ער האָט אויך דערציילט וועגן זיין זיידן ר׳ פייוול לעדערמאַן, וואָס האָט אים בעתן אַנטלויפן פון בונקער מיטגעגעבן זיין גאָלדענעם זייגער, כדי ער זאָל זיך אַרויסהעלפן ביים ראַטעווען זיך פון די היטלעריסטישע הענט. דערביי האָט ער אים



אנגעזאָגט צו טון אַלץ, אַז די וועלט זאָל זיך דערוויסן וואָס די נאַציס האָבן אָפּגעטון מיט די יידן אין וואָלאַדאָווע; ער זאָל דערציילן פאַר די קינדס קינדער די אַלע גרויזאַמקייטן פון די היטלעריסטישע רוצחים.

י. ש. ר.

## שעפסל קאַמינער

אַזוי האָט מען גערופן שבתאין אין אַלע קרייזן פון יידישן וואָלאַדאָווע און דערמיט אויסגעדרוקט אַנערקענונג און אפילו ליבשאַפט צום גרינדער און פירער פון דער סקויטן־אָרגאַניזאַציע אין אונדזער שטעטל, וואָס האָט געטראָגן דעם נאָמען „השומר״.



„זאָל זיך נישט רימען דער חכם מיט זיין חכמה, און זאָל זיך נישט רימען דער גיבור מיט זיין גבורה, נישט דער עושר מיט זיין עשירות, נאָר זאָל זיך רימען דער וואָס פאַרשטייט צו טון חסד, רעכט און גערעכטיקייט״ (ירמיה, ט׳). די ווערטער פונעם נביא זענען געווען וועגווייזעריש אינעם לעבן און מעשים פון שעפּסל קאַמינער. די וואָלאַדאָווער לאַנדסלייט האָבן אין אים געהאַט אַ געטריען און איבערגעגעבענעם פריינד.

מען האָט אין קאַמינערן געשעצט און ליב געהאַט זיין טיכטיקייט אין דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט. ער איז געווען באַשאַנקען מיט אָרגאַניזאַציאָנעלע פעאיקייטן, אָבער דערביי האָט מען אין זיין יעדן קער־און־ווענד געפילט דאָס האַרץ, וואָס האָט געגליט מיט גרייטקייט צו מסירת נפש.

אַזעלכער איז ער געבליבן אויך אין ישראל, ווו די וואָלאַדאָווער לאַנדסלייט האָבן אים אויסגעוויילט אַלס פּרעזעס פונעם קאָמיטעט און ער האָט פיל אויפגעטאָן פאַר דער אַרבעט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט, איז קיינמאָל נישט געווען פּאַסיוו צו די לויפנדיקע פּראָבלעמען און האָט זיך געפילט ענג פאַרבונדן מיט יעדן וואָלאַדאָווער לאַנדסמאַן.

געווען אַ האַרציקער און פילבאַרער מענטש, האָט זיין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט געטון באמונה שלמה, מיט האַרץ און נשמה געווען גרייט צו העלפן יעדן נויטבאַדערפטיקן.

חבל על דאבדין.

אַלטע צביה גאָלדמאַן

# דער טײַערער פרײַנד יוסף גאָלדמאַן

מיין מאַן יוסף גאָלדמאַן ז״ל איז געווען מאיר שמואלקעס (פון רייוויץ) און חנה גיטל (סראַליע גאָלדשמידטס אַ טאָכטער) אַ זון. מיין שווער איז געווען אַ קאָוואַל, אויך מיין מאַן האָט איבערגענומען מיין פאָטערס מלאכה און שטענדיק געלעבט פון יגיעת כפיו. אין 1904 האָבן מיר חתונה געהאַט, מיין מאַן האָט פאָרגעזעצט די אַרבעט אין זיין פאָטערס קוזשניע.

אין 1917 בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, ווען די דייטשן זענען געווען אין וולאָדאַווע, איז פון אַמעריקע געקומען צו פאָרן ירמיהו שניידערמאַן, מ׳האָט אים גערופן „דעלעגאַט". ער האָט געבראַכט געלט צו צעטיילן פאַר אָרעמע. ער האָט גלייך מיטגעבראַכט אַ ליסטע וועלכע וולאָדאַווער בעלי בתים זאָלן זיין ביים פאַרטיילן. צווישן די מענטשן געדענק איך זענען געווען: פייוול לעדערמאַן, לעזער יאָסל האָלצמאַן און מיין מאַן יוסף גאָלדמאַן. איך געדענק שוין נישט וויפל געלט ס׳איז צעטיילט געוואָרן, נאָר דאָס געדענק איך, אַז מיין מאַן פלעגט אַהיימקומען, האָט ער מיר שטענדיק איבערגעחזרט די זעלבע עטלעכע ווערטער „איך שעם זיך פאַר זיך אַליין, וואָס פאַר אַ מענטשן ס׳קומען בעטן געלט־שטיצע".

שפּעטער האָט זיך געעפנט אַן אַמעריקאַנער קוך. מ׳האָט געטיילט געקאָכט עסן — רייז מיט באָבעלעך און קאַקאַאָ, אויך מלבושים און שיך פאַר שטאָטישע און דאָרפישע. אין יענער צייט איז לייבל מאַלעריטער געווען בירגערמייסטער און אויך געווען דער גאַנצער אָנפירער מיט דער פונאַנדערטיילונג. אין יענער קוך האָט מיין מאַן גענומען אַ גרויסן אָנטייל און טייל טעג געווען פאַרנומען טאָג ווי נאַכט. ער פלעגט קיינמאָל נישט זשאַלעווען צוצושיטן נאָך אַ ביסל פּראָדוקטן און פאַר דעם פלעג ער שטענדיק ווערן קריטיקירט פון די אַנדערע קאָמיטעט־מיטגלידער. זיי האָבן אים פאָרגעוואָרפן, אַז ער איז צופיל מילד. אָבער ער האָט אויף זיי נישט געקוקט און געטאָן דאָס וואָס ער פאַרשטייט.

אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, איז שוין דעמאָלט געווען די העברעאישע שולע, וווּ ס׳האָט געלערנט דער לערער קיפּעל. די קינדערלעך פלעגן צוקומען מיט זייערע שיסעלעך און טעפּעלעך צו דער קיך און אויב זיי האָבן אָנגעטראָפן מיין מאַן ביים אַרויסגעבן, זענען זיי שוין אַוועק מיט פולע כוסות.



ווען מ׳האָט געגעבן די באַלפור־דעקלאַראַציע און ס׳איז פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג אין דער שול, איז מיין מאַן געווען פון די וואָס האָבן זיך שטאַרק משמח געווען. מיין עלטסטע טאָכטער מלכה צו לאַנגע יאָר, וואָס איז דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר, האָב איך אויסגעפּוצט מיט אַ ווייס־בלאָער לענטע. זי איז אין יענעם טאָג געגאַנגען מיט אַ בלימל צוזאַמען מיט סאָניע ליכטנבערג (לייבל מאַלעריטערס אַן אייניקל) איבער די וולאָדאַווער גאַסן. דאָס איז געווען די ערשטע גרויסע שמחה וואָס מיין מאַן ז״ל און מיין טאָכטער צו לאַנגע יאָר, האָבן זיך צוזאַמען געפרייט און אָנטייל גענומען שוין ביים אָנהויב פונעם צוגעזאָגטן יידישן לאַנד. דאָס לאַנד וואָס מיר אַלע האָבן דערלעבט צו זען איר ווידער־אויפלעבונג און אויפבויאונג צו אַלע אייביקייטן.

## בעת דעם אויפשטאַנד פון אַניסעוויטשן

בעת דעם אויפשטאַנד פון אַניסעוויטשן, ווען די דייטשן זענען אַנטלאָפן פון וולאָדאַווע, געדענק איך זענען עטלעכע יידן געשטאַנען אין אונדזער הויף און אַרויסגעשאָסן. ווען ס׳האָט זיך איינגעשטילט, איז משה וועבער אַריינגעקומען צו אונדז זיך באַהאַלטן. ער האָט זיין ביקס אַוועקגעשטעלט אין אַ קליין קעמערל, מיר האָבן זיך פאַרמאַכט אינעווייניק. נאָר פלוצים האָט מען שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּן אין טיר און מיר זענען געצוווּנגען געווען צו עפענען. ס׳זענען אַריין עטלעכע פּוילישע זעלנער מיט אַן אָפיציר. זיי האָבן דורכגענישטערט וווּ נאָר אַ שטרויעלע און געהייסן זיך אָפּגעבן ס׳געווער. ווען משה וועבער האָט זיי אָפּגעגעבן די ביקס האָבן זיי אים שרעקלעך געשלאָגן און מיטגענומען מיט זיך.

## ביי די באָלשעוויקעס

אין די יאָרן 1919־20 ווען די באָלשעוויקעס זענען אַריין אין שטעטל און זענען גאָר גיך אַנטלאָפן, איז אויך מיין מאַן ווי פיל אַנדערע יידן מיטגעלאָפן מיט זיי איבער דער אַנדערער זייט בוג. זיין געדאַנק איז געווען זיך דערשלאָגן קיין אָדעס און פון דאָרט קיין ארץ־ישראל. ס׳האָט זיך אָבער אויסגעלאָזט גאַנץ אַנדערש — ער האָט נאָר באַוויזן צו דער־גיין ביז קאָוועל און פון דאָרט איז אוממעגלעך געווען ווייטער

צו פֿאָרן און ער איז צוריקגעקומען. דעמאָלט זענען שוין געווען די פּאָליאַקן.

ער איז געווען זייער טעטיק אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפֿונען אין דער פּאָטשט־גאַס און ער האָט זיך אָנגעהויבן סטאַרען צו פֿאָרן קיין ארץ־ישראל אויף אַ כשרן וועג. איך ווייס נישט אויף זיכער, אָבער כ׳ווייס, אַז די אָרגאַניזאַציע האָט אים צוגעהאָלפֿן און ער האָט זיך געמאַכט אַן אויסלענדישן פּאַס. ער איז אַוועקגעפֿאָרן קיין וואַרשע אין פּאַלעסטינע־אַמט, דאָרט האָט מען אים געגעבן עטלעכע טויזנט זלאָטעס ער זאָל האָבן צו ווייזן ביים ענגלישן קאָנסול, אַז ער האָט געלט און וועט אין פּאַלעסטינע קיינעם נישט פֿאַלן צו לאַסט און אַזויאַנאַך האָט ער טאַקע באַקומען די וויזע. שפּעטער, ווען דער קאָנסול האָט זיך געכאַפּט אויף דער קונץ, איז שוין נישט גענוג געווען בלויז דאָס ווייזן, נאָר מ׳האָט געדאַרפֿן דאָס געלט איבערלאָזן ביי אים ביזן פֿאָרן.

פּונקט צום יאָר נאָכן מיטלויפֿן מיט די באָלשעוויקעס איז ער אויף אַ לעגאַלן וועג אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל. איך מיט מיינע דריי קינדער: מלכה, מרים און אברהם און מיין שוועסטער מלכה זענען געבליבן אין וולאָדאַווע. נאָך אַ יאָר מיט פֿיר חדשים האָט ער אונדז אַרויסגעשיקט פּאַפּירן און מיר זענען געפֿאָרן מיט דער צווייטער שיף וואָס האָט אָנגעהויבן גיין פֿון רומעניע קיין ארץ־ישראל. אַזוי אַרום איז פֿאַרווירקלעכט געוואָרן אונדזער אַלעמענס שטרעבונג.

## אין ארץ ישראל

אין ארץ־ישראל זענען שוין דעמאָלט געווען עטלעכע וולאָדאַווער פֿאַמיליעס, צווישן זיי געדענק איך: ל. קעסלער, נח שמאַראַק, יעקב באַרנהאָלץ, משה באַרנהאָלץ, פוקס זישע,



ר׳ יאָסל גאָלדמאַן האָט געהערט צו די מענטשן, וואָס די עסקנות לטובת הכלל איז ביי זיי אַריין אין דער נשמה און אמתע גוטסקייט האָט ער פֿאַר שטאַנען נישט ווי די שטרעבונג צו אַ גוט לעבן און אַליין זיין גליקלעך און צופֿרידן, נאָר ווי די שטרעבונג יענער זאָל גוט לעבן, יענער זאָל זיין גליקלעך און צופֿרידן. במילא וועט ער שוין אַליין אויך זיין גליקלעך. דער עיקר איז „צדק צדק תרדוף״.

ר׳ יאָסל גאָלדמאַן מיט זיין פֿרוי אַלטע־צביה און זייערע קינדער: מלכה, מרים און אברהם, מיט דער מומע מלכה קאָטלער און איר מאַן.. ר׳ יאָסלען האָט מען גערופֿן: יאָסל קאָוואַל, האָט נאָך אין יאָר 1903 פֿאַרשפּרייט ציוניסטישע שקלים אין וולאָדאַווע. אין תל־אביב איז ער געווען אַקטיוו אין ארגון יוצאי וולודבה, האָט אָנגעפֿירט מיט דער גמילות־חסדים־קאַסע.



פֿיינשטיין, בונעם פֿייגנבוים, א. לעמבערגער און נאָך אַנדערע. מ׳האָט דעמאָלט געגרינדעט דעם ארגון יוצאי ולודבה והסביבה. יעדער האָט געצאָלט פֿינף פּיאַסטער אַ חודש און פֿון דעם האָט מען צוגעהאָלפֿן יידן מיט וואָס מ׳האָט נאָר געקענט. אין דעם קאָמיטעט זענען געווען די וואָס כ׳געדענק: יענקל באַרנהאָלץ, אריה שטרוזמאַן, פוקס און מיין מאַן ז״ל.

דער קאָמיטעט האָט לאַנג נישט אָנגעהאַלטן צוליב מאַטעריעלע מיטלען, אָבער מיטן אויסברוך פֿון דער צווייטער וועלט־מלחמה, ווען ס׳האָבן אָנגעהויבן שטראָמען יידן פּליטים פֿון פּוילן, האָבן וולאָדאַווער יידן געפֿונען אַ היים ביי אונדז אין הויז מיט ראָט און טאַט.

נאָך די ערשטע איוב־בשורות וואָס זענען אָנגעקומען פֿון אַלע שטעט און שטעטלעך און בתוכם אונדזער וולאָדאַווע, האָט מען ביי אונדז אויף רח׳ עליה 31 צוזאַמענגערופֿן די ערשטע גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג צו באַנייען דעם קאָמיטעט. די אָרגאַניזאַטאָרן זענען געווען זישע פוקס, שיע ערליך און אליעזר לייכטער צו לאַנגע יאָר. עטלעכע און צוואַנציק פּערזאָן האָבן אָנטייל גענומען אין דער פֿאַרזאַמלונג און ס׳זענען אויסגעקליבן געוואָרן פֿאָלגנדע חברים: שיע ערליך — פֿאָרזיצער, רפאל כהן — סעקרעטאַר, זישע פוקס, יוסף גאָלדמאַן, משה באַנקהאַלטער, אליעזר לייכטער און נאָך עטלעכע אַנדערע וואָס כ׳געדענק נישט.

נאָכן טויט פֿון שיע ערליך, האָט משה באַנקהאַלטער איבערגענומען די אָנפֿירונג און געווען זייער טעטיק אין קאָמיטעט ביי דער גמילות חסד קאַסע. נאָכן טויט פֿון משה באַנקהאַלטער ז״ל, האָט מיין מאַן איבערגענומען די פֿירונג און געווען טעטיק ביז זיינע כוחות האָבן אים געטראָגן. ביי אונדז אין שטוב זענען געווען אַלע זיצונגען פֿון „ארגון יוצאי

„ולודבה והסביבה בישראל" און מיין מאַן האָט זייער פיל אויפגעטאָן פאַר די וולאָדאַווער.

**פון דער רעדאַקציע:**

די דאָזיקע שורות האָט פרוי גאָלדמאַן אַלטע צביה ז"ל געשריבן אַ האַלב יאָר נאָך דעם טויט פון איר מאַן. אויך זי איז געווען טעטיק אין קאָמיטעט, אָבער נישט אָפיציעל. זי איז געווען אַזוי באַקאַנט אין די וולאָדאַווער ענינים און געקענט יעדן וולאָדאַווער מיטן פאַמיליע־נאָמען און מיט זיין פּאַטשעוועקע ווי ס'פלעג זיין אין די קליינע שטעטלעך. ביים געבן הלוואות פון דער גמילת חסד קאַסע האָט מען שטענדיק ביי איר געפרעגט אויפן געגעבענעם פּערזאָן, ווייל זי האָט געקענט אַלעמען און נאָך גוט געדענקט ביי די נעמען, הגם זי איז שוין געווען אין טיפן עלטער. מ'האָט זי גערופן די וולאָדאַווער לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע און זי איז עס טאַקע געווען. ס'איז באמת אַ שאָד וואָס דער „ארגון יוצאי ולודבה והסביבה" האָט מיטן טויט פון די עלטערע ווי שיע ערליך און משה באַנקהאַלטער און צולעצט די משפחה יוסף און אַלטע צביה גאָלדמאַן געהאַט אַ גרויסע אבידה אי פאַרן קאָמיטעט ווי אויך פאַר אַלע וולאָדאַווער לאַנדסלייט. זאָל זייער געדעכעניש אייביק בלייבן אין זכרון ביי די וולאָ־דאַווער.

ד"ר ש. פורת־גולדפרב

# פעילותי הציבורית בעירנו

בסוף נובמבר 1921 באה לורשא משלחת מטעם עירית ולודבה: שאול סמלסון ושמריהו ברנהולץ ז"ל ופנתה לאירגון רופאי שניים, בבקשה להפנות אליהם רופא שניים. הגורל רצה ואני קבלתי את התפקיד.

ב־4 לדצמבר 1921 באתי עם ציוד מקצועי לולודבה, קבלתי שני חדרים ותיכף נגשתי לעבודה בבית שאול סמלסון ברחוב הראשי. הייתי אז עוד רווק. במשך זמן קצר הכרתי יחד עם הרבה תושבים גם את משפחת פנחס שפילמאן ז"ל וב־22 לאוגוסט 1922 התחתנתי עם אחת מבנותיו שרה שפילמן. ב־9 לאוגוסט 1923 נולד לנו בן בשם יוסף ואז עברנו לדירה בת 4 חדרים שקבלתי בהמלצת הממשלה בבית ינצ׳־בסקי.

הקשרים עם המוסדות והתושבים התרחבו יותר ויותר מיום ליום ולכך הצטרכתי למלאות תפקידים שונים מחוץ למקצוע שלי.

נבחרתי לועד ציונים כלליים בתור מ"מ יושב ראש. קבלתי תפקיד יושב ראש קקק"ל ואחרי זמן מה גם של קרן היסוד. באותה שנה התנדבתי ל„ט.או. ז" — אירגון למען בריאות ילדים ועבדתי ללא משכורת שלוש שנים עד חיסולו. אחרי כן עבדתי 4 שנים בקופת חולים ממשלתי עם משכורת טובה. גם במכבי־אש מקומי מלאתי תפקיד גזבר והייתי בועד הזה היהודי היחיד. בשעת הבחירות לפרלמנט פולני נבחרתי פעמיים ליושב ראש הישיבות.



התפקיד החשוב ביותר מלאתי כשנבחרתי או ליתר דיקנות, כשמינו אותי מטעם הממשלה הפולנית "ב.ב." דאז בתור חבר עירית וולודבה. יחד אתי היו עוד שישה יהודים וחמשה נוצרים. מטעם נציג עיריה לקחתי עלי תפקיד סגן יושב ראש בועד למען ילדים בבית ספר יהודי, "דוזור שקולני", ופה לא פעם לחמתי לטובת ילדים יהודיים, למען תזונה והספקת ספרים בשביל הילדים, שהוריהם היו מחוסרי יכולת וכאלה היה אחוז גדול מאד. בתור חבר הועד המקומי (מטעם העיריה) להיגינה (קומיסיה סניטרנה) הקדשתי הרבה זמן ותמיד עמדתי על המשמר וחיסלתי המון פרטיכולים שליליים על תושבים יהודים ולעתים תכופות הצטרכתי לריב באופן חריף מאד עם רופא ממשלתי מקומי ד"ר גודלבסקי. לא עברתי בשתיקה כשחברי העיריה נוצריים רצו למסור את הקונצסיה לחשמל בעירינו למר זלבסקי והודות לעמדתי התוקפנית ובלתי פשרנית — נשארה הקונצסיה הזו בבעלות הקודמת (גורפינקל־צ׳רוונה־גורה).

על רקע לגמרי אחר פעלתי בהצלחה מוחלטת. וזה קרה עם בנו של אורבוך, כשנעצר על אי־הופעותו לפני ועדה צבאית ופה התערב הרב המקומי והמכובד מורגנשטרן ז"ל, וגם נגדו הוצא צו לעצרו, אבל כשבנו המנוח מנדלה הודיע לי על המק־רה, התקשרתי מיד עם מפקד המשטרה גרוז׳בסקי ולא הספיקו להוציא את הפקודה לפועל נגד הרב המנוח, כל הענין חוסל, הרב לא נאסר ואורבוך הצעיר חזר אחרי שעה חופשי הביתה. בקשר לעבודתי לטובת קרנות ציוניים, לא פעם אני עם אשתי

יצאנו לאסוף תרומות למען קק"ל וקבלנו סכומים מכובדים גם מהנוצרים כגון בעלי בתי מרקחת, הכומר הראשי, מפקדי משטרה, נוטריון וכו'... השתדלנו גם לעזור לאלה שבאו אלינו מערים אחרות, וביניהם שחקנים.

כמה פעמים. נפגשתי בארץ עם הרבה חלוצים שעברו את הכשרה בוולודבה.

יש לציין שאשתי הקדישה הרבה עמל בכדי למצוא עבודה לחלוצים, ברוב מקרים גם אצל נוצרים. היא דאגה לבריאות החלוצים, למזונם, לבגדים ורופאים. עד היום מזכירים את העזרה מוסרית והכספית, שהגשה להם.

ובסוף אני רוצה להזכיר את הפאר של עירינו וולודבה: את התזמורת של „מכבי", שהיתה תחת חסותה של בית"ר. לא מעט עמל וכסף תרמתי למען קיום התזמורת. הייתי חבר הכבוד בועד המכבי. הייתי גאה בזה שהרבה פעמים הזמינו את התזמורת שלנו לערים הסמוכות. הודות לפופולריות הזאת קבלה התזמורת מכבי שם מכובד באזור כולו.

המערכת:

ד"ר ש. פורת היה אחד העסקנים החרוצים והפעילים בוולודבה, הקדיש הרבה ממרצו לעבודה הציבורית; סגולותיו האישיות, מסירותו ויושר לבו הקנו לו אוטוריטה בקרב בני־קהילתנו. בשניו האחרונות התלהב לרעיון הוצאת ספר־זכרון לקהילתנו. נפטר ללא עת ולא זכה להופעתו.

אנו נותנים פה רשימתו הקצרה, בה הוא מספר על פעילותו הצבורית בעירנו.

נתן ראטנבערג

חיפה

# חיים־בערל ראטענבערג (בערל יענטעס)

זיינע עלטערן משה און אסתר־שיינדל האָבן געוווינט אין וואָלאָדאווקע, ווו חיים־בערל איז געבוירן געוואָרן און איז געווען באַקאַנט אין שטעטל מיטן צונאָמען בערל יענטעס. זיין באָבע האָט געהייסן יענטע און איז געווען באַוווּסט אין שטעטל ווי אַן ערלעכע כלל־טוערין, אַ צדקנית און דערביי אויך אַ פעאיקע סוחרטע. איר מאַן איז גאַנצע טעג געזעסן אין בית המדרש און געלערנט און זי האָט געפירט די געשעפטן. יעדן פרייטיק איז זי אַרומגעגאַנגען איבער די הייזער און צוזאַמענגענומען חלות, פיש און פלייש, ווי אויך אַנדערע מאכלים, וועלכע זי האָט צעטיילט צווישן פאַרבאָרגענע אָרעמעלייט. אַלע אין שטעטל האָבן געקענט איר ערלעכקייט און קיינער האָט איר נישט אָפּגעזאָגט.

חיים־בערל איז פון קינדווייז אָן געווען צוגעבונדן צו זיין באָבע יענטע, איז תמיד געווען ביי איר אין שטוב מער ווי ביי די עלטערן. דערפאַר איז אים פאַרבליבן דער צונאָמען: בערל יענטעס. אונטערן דאָזיקן נאָמען געדענקען אים די לאַנדסלייט ביזן היינטיקן טאָג.

די משפחה ראַטענבערג איז געווען איינע פון די סאַמע מיוחסדיקע משפחות אין וואָלאָדאווקע. זיי האָבן געשטאַמט פון גרויסע רבנים און גאונים אין משך פון דורות ביזן מהר"ם מראַטענבאַרק, וואָס איז געווען מיט צוויי הונדערט יאָר צוריק רב אין וואָלאַדאווע און שפּעטער אין קוזמיר און זיין ספר „שאלות ותשובות" איז באַרימט צווישן די לומדים ביזן היינטיקן טאָג.



ר' חיים־בערל ראַטענבערג

אין שטעטל האָט מען אים גערופן: בערל יענטעס, איז געווען זייער באַליבט, פּאָפּולער און אָנגעזען אַלס אַקטיווער ציוניסטישער עסקן. זיינע קינדער האָבן ממשיך געווען דאָס רעאַליזירן דעם ציוניסטישן אידעאַל, עולה־געווען קיין ארץ־ישראל און געווען די ערשטע חלוצים פון וואָלאַדאַווע און אין די געשעעניש פון 1929 זענען זיי געווען די ערשטע קרבנות.

בערל יענטעס האָט ווי אַלע באַלעבאַטישע קינדער געלערנט אין דער ישיבה און ווען עס איז געקומען די צייט צו שטיין צום פּריזיוו איז ער געגאַנגען דינען אין מיליטער, ווו ער האָט אין משך פון דריטהאַלבן יאָר געלעבט אויף טרוקן

ברויט און גרינצייג און נישט געגעסן קיין טריפות. ער האָט געדינט אין סמאָלענסק און דאָרט האָט די קליינע יידישע קהילה געזאָרגט, אַז די יידישע סאָלדאַטן זאָלן שבת האָבן כשרע מאכלים.

נאָכן ענדיקן דאָס מיליטער־דינסט איז ער צוריקגעקומען קיין וולאָדאווקע, האָט חתונה געהאַט און אָנגעהויבן פירן געשעפטן. אַלס באַפרייטער סאָלדאַט האָט ער באַקומען דעם מאָנאָפּאָל אויף צו פאַרקויפן טאַבאַק, זאַלץ און ספּירט.

«הנאהבים והנעימים»..

האחים רויטנברג׳ הקרבנות הראשונים

בי״ז באב

די ברידער רויטענבערג

די ערשע קרבנות פון בלוטיגען פרייטאָג

"...and in their death they were not divided".

Roitenberg Brothers, First Victims on Friday, August 23.



I

יוסף רויטנברג׳ 1894•

Yoseph Roitenberg, Age 35

II

יהודה רויטנברג 1896•

Yehuda Roitenberg, Age 33



ווען די רוסן האָבן אין דער ערשטער וועלט־מלחמה זיך צוריקגעצויגן פון וולאָדאווקע ,האָט ער פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן, וואָס ער האָט געהאַט אין באַנק. שפּעטער, ווען עס איז שוין געווען אַ פּוילישע מלוכה, האָט ער ווי אַ סך אַנדערע יידישע סוחרים געליטן פון די שווערע שטייערן און איז געוואָרן פאַרארעמט. דאַן האָט ער זיך איבערגעצויגן קיין וולאָדאַווע.

אַלע זיינע יאָרן האָט בערל יענטעס געוווינט אין ביג־



I.

מול מגדל דוד העתיק נעשה הפשע...

געגענאיבער דעם אור־אלטען דוד־טורעם איז דאס פערברעכען געשעהן

The Murder happened opposite the ancient David Tower...



II.

מאַנס הויז, אויף דער מאַרק־גאַס נר. 1 און איז געווען אַקטיוו אויף אין געזעלשאַפטלעכע אַרבעט. ער איז געווען אַ הייסער נאַציאָנאַלער ייד און איז געווען צווישן די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער מזרחי־אָרגאַניזאַציע. עס ווייזט אויס, אַז עס איז געווען אויף אים אַ דרוק מצד די פֿרומע יידן, וואָס האָבן באַקעמפט די „מזרחי" און בערל יענטעס האָט געמוזט פאַרלאָזן די אָרגאַניזאַציע ,וואָס ער אַליין האָט געשאַפן, אָבער טיף אין האַרצן איז ער פאַרבליבן אַ ציוניסט.

זיינע צוויי זין, יוסף און יהודה, ווי אויך זיין טאָכטער פייגע־ביילע, זענען אין די צוואַנציקער יאָרן עולה געווען קיין ארץ־ישראל און זענען געווען די ערשטע חלוצים פון וולאַדאווע.

ביידע ברידער, יוסף און יהודה זענען דערהרגעט גע־וואָרן אין די געשעענישן פון 1929 בעת אַן איבערפאַל פון די אַראַבער אין ירושלים. דאָס איז געווען דעם 23־טן אויגוסט 1929. י"ז אב תרפ"ט.

זעלדע־מחלה איז געווען בערלס צווייטע פרוי און האָט אויפגעהאָדעוועט די קינדער פון זיין ערשטער פרוי, יוסף און יהודה, וועלכע זי האָט שטאַרק ליב געהאַט.

פייגע־ביילע איז נאָכן טויט פון אירע צוויי ברידער שווער קראַנק געוואָרן און איז געשטאָרבן דעם 14־טן יאַ־נואַר 1934 אין תל־אביב.

אין וולאַדאווע זענען געבליבן די קינדער פון בערלס צווייטער פרוי, זעלדע־מחלה. זי האָט זיך שטאַרק איבערגע־נומען מיטן טויט פון יוסף און יהודה און איז אין צוויי חדשים שפּעטער געשטאָרבן.

בערל יענטעס האָט זיך די גאַנצע צייט פאַרנומען מיט געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. ווען די באַלאַכאָוויצעס האָבן אין יאָר 1920 פאַרברענט דאָס שטעטל איז בערל יענטעס שפּעטער געווען אין קאָמיטעט, וואָס האָט געטיילט הילף די נשרפים. אַ סך יאָרן איז ער געווען דאַזאָר אין דער קהילה, איז געווען אַ מיטגליד אין דער פאַרוואַלטונג פון דער גמילות חסדים קאַסע.

ער איז געווען באַליבט צווישן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל. מען איז געקומען צו אים זיך באַראַטן אין אַן עת צרה ,ווי אויך „אָפּשפּרעכן אַ גוט



אויג". די מענטשן זענען געווען אַזוי איינגעגלויבט אין אים, אַז עס האָט זיך זיי אויסגעוויזן, אַז נאָר זיין אָפּשפּרעכן ווערט זיי בעסער און עס האָט טאַקע אָפט געטראָפן, אַז די קראַנקע זענען געזונט געוואָרן. מען האָט דערציילט, אַז ער אַליין האָט נישט געגלויבט אין די אָפּשפּרעכענישן, נאָר ער האָט נישט געקענט אָפּזאָגן די קראַנקע, וואָס זענען געקומען צו אים מיט זייערע חולאתן און געגלויבט אין זיין כוח צו העלפן.

אין די יאָרן, וואָס איך געדענק אים, איז ער געווען אַ סאָקאָלאָווער חסיד, פלעגט יעדן שבת גיין דאַווענען אין סאָקאָלאָווער שטיבל, וואָס איז געווען אין „קאַנטאָר" פון גאָרפינקעלס און טשערוואָנאָגורעס מיל.

די שטוב ביי די ראָטענבערגס איז געווען אָפן און גאַסטפריינטלעך פאַר יעדן אַריינגעקומענעם. אַ גאַנצן טאָג איז אויפן טיש אין גרויסן סאַלאָן געשטאַנען דער סאַמאָוואַר און די אַריינגעקומענע האָט מען מכבד געווען מיט אַ גלאָז טיי מיט איינגעמאַכטס. אין שטוב האָט מען גערעדט וועגן תורה און פּאָליטיק, וועגן מסחר און אנדערע מילי־דעלמא. דאָרט האָט מען אויך געקענט כאַפּן אַ בליק אין דער יידישער צייטונג „דער מאָמענט", וואָס איז שטענדיק געווען אויפן טיש.

די שטוב ביי די ראָטענבערגס איז געווען אַ רעליגיעזע. ער אַליין האָט געטראָגן די טראַדיציאָנעלע יידישע מלבושים און זיך געפירט אין שטרענג יידישן דרך, אָבער גלייכצייטיק האָט ער זיך אָריענטירט אין די מאָדערנע שטראָמען אין יידישן לעבן, וואָס האָבן זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין אונדזער שטעטל.

מיין טאַטע האָט איבערגעלעבט אַ סך טראַגעדיעס. צען קינדער האָט ער פאַרלוירן אין פאַרשידענע אומגליקס־פאַלן און קראַנקהייטן. ביי זיין פּטירה אין יאָר 1936 זענען אים פאַרבליבן נאָר דריי קינדער. מיין ברודער מאָטל האָבן די דייטשן דערשאָסן אין די ערשטע טעג פון דער מלחמה. מיין שוועסטער חומקע (נחמה) מיט איר מאַן און קינד האָט מען אין איינער פון די לעצטע אַקציעס, שבת דעם 24־טן אָקטאָ־בער 1942, אַוועקגעפירט קיין סאָביבאָר, פון וואַנען זיי זענען מער נישט צוריקגעקומען.

פרומע שטיצבערג־גראָסבאַרד

**קרית ים**

# זיסל פון די נשים צדקניות

זיסל איז געווען אַן אלמנה, האָט געוווינט ביי אַבעלע הובערמאַן אין הויז און געפירט אַ געוועלבל פון קעז און פוטער, פון וועלכע זי האָט געצויגן איר חיונה צו שפייזן אירע יתומים.

אין וולאָדאווע האָט זיך געפונען אַ ישיבה, אין וועלכער עס האָבן געלערנט יינגלעך אויך פון אַנדערע שטעט און מען האָט פאַר זיי געדאַרפט שאַפן „טעג" צום עסן ביי פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים און אויך אַן אָרט צום שלאָפן. די דאָזיקע אויפגאַבע האָבן אויף זיך גענומען עטלעכע וולאָדאווער פרויען, וואָס האָבן זיך אָפגעגעבן מיט ווילטעטיקער אַרבעט און מיט גרויס איבערגעגעבנקייט געטון אַלץ צו לינדערן די נויט פון נויטבאַדערפטיקע מענטשן. איינע פון זיי איז געווען זיסל פון די פוטער, אויך אסתרביילע ראַלניק און אַנדערע.

צו זיסלען אין קלייטל פלעגן אַריינקומען די באַלעבאָסטעס איינקויפן אַ שטיקל קעז, אַ שטיקל פוטער און דערביי פלעגט זיסל צושטיין צו זיי, נאַרייען זיי אַ מצווה, נעמען אַ יינגל צום עסן אָדער צום שלאָפן איין טאָג אין דער וואָך. געווען אַזעלכע ,וואָס פלעגן זייער גערן דאָס טון, ווי זיי וואָלטן נאָר געוואַרט אויף דער מצווה. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געוואַקלט, געזוכט פאַרשידענע תירוצים. אָבער פון זיסלען האָט זיך קיין איינע נישט געקענט אַרויסדרייען און עס האָט גאָר זעלטן פאַסירט, אַז עמיץ זאָל אָפזאָגן זיסלס אַ בקשה.

זיסל האָט אויך אַ סך צוגעהאָלפן פאַרן מאַטעריעלן קיום פון דער ישיבה. יעדן ערב שבת האָט מען איר אין שטוב צונויפגעברענגט צענדליקער גאַנצע און האַלבע חלות, וואָס זי האָט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע פרויען אָרגאַניזירט. די גאַנצע חלות האָבן די פרויען פונאַנדערגעטיילט צווישן באַלעבאַטישע נויטבאַדערפטיקע, וואָס האָבן זיך געשעמט מיט זייער אָרעמקייט. זיסל האָט געפונען פאַרשידענע וועגן ווי אַזוי צו העלפן די דאָזיקע מענטשן, אַז זיי זאָלן זיך נישט דאַרפן שעמען. אַמאָל האָט זי עס געטון דורך אַ שכן און עס האָט געהייסן, אַז מען באָרגט זיי אויס די חלות. אַן אַנדער מאָל האָט זי עס געטון מיטן אויסרייד פון עפּעס אַ שמחה. אַ סך באַלעבאָסטעס אין שטאָט האָבן יעדן ערב שבת געוווּסט, אַז זיי דאַרפן קויפן מיט אַ חלה אָדער צוויי מער וויפל עס איז נויטיק פאַר זייער אייגן הויז־געזינט, ווייסנדיק, אַז זיסל וועט קומען צו זיי בעטן פאַר אירע אָרעמעלייט.

זיסלס חתונה געהאַטע טאָכטער פלעגט יעדן פרייטיק מנדב זיין דריי חלות מיט דריי הערינג. זי האָט געהאַט דריי קינדער און יעדע חלה איז געגעבן געוואָרן פון אירס אַ קינד.

מיט יעדער צרה וואָס עס האָט געטראָפן עמיצן אַן אומבאַהאָלפענעם מענטש אין שטאָט איז מען געקומען צו זיסלען און זי איז שטענדיק געווען גרייט צו העלפן. איז עמיץ קראַנק געוואָרן און האָט נישט געהאַט אויף צו רופן אַ דאָקטאָר, האָט זיסל באַלד באַזאָרגט אַן אומבאַצאָלטן דאָקטאָר מיט אַ רעצעפט.

בלב ונפש פלעגט זי זיך אָפגעבן דער מצווה פון הכנסת כלה. עס איז געשען אַ פאַל, ווען אַן אָרעם דינסט־מיידל האָט פאַרלוירן איר אָנגעקליבענעם נדן און עס האָט געדראָט, אַז דער שידוך זאָל אָפגיין, איז דעמאָלט זיסל געלאָפן פון הויז צו הויז און צונויפגעזאַמלט אַ פרישן נדן מיט אויסשטייער פאַר דער כלה און פאַרן חתן. זיסל האָט געהאַט אירע אייגענע וועגן און אופנים ווי אַזוי צו דערוויסן זיך וועגן די דאָזיקע באַהאַלטענע אָרעמעלייט און זי האָט אָפגעהיטן, אַז איר צדקה זאָל זיין מתן בסתר. זי פלעגט אין דער היים אָפקאָכן מילכיקע און פליישיקע מאכלים און זיי פונאַנדערטראָגן איבער די פאַרשידענע הייזער, וועלכע האָבן זיך גענויטיקט אין אַ ביסל וואַרעמס. אָבער געטון האָט זי עס אַזוי, אַז עס זאָל אויסזען ווי די מענטשן נעמען אַנטייל אין אירס אַ שמחה.

דער טאָג איז פאַר איר תמיד געווען צו קליין. פון באַגין ביז שפעט אין דער נאַכט פלעגט זי אַרומלויפן מיט אירע ענינים און נישט געקוקט אויף דעם אַלעם איז זי קיינמאָל נישט געווען מיד. זי האָט אָפגעגעבן אַ דאַנק און אַ לויב דעם באַשעפער, וואָס האָט איר געהאָלפן דורכפירן איר אַרבעט בשלימות.

אַזוי האָט זיך זיסל געפירט איר גאַנץ לעבן, ביז עס איז געקומען דער טראַגישער סוף, וואָס האָט זי אומגעבראַכט צוזאַמען מיט אַלע יידן פון אונדזער ליבער היים אין וולאָדאווע.

גאולה גלינצמאַן
יד אליהו

# חיים־ברוך גרינבלאַט פון סאַביבאָר

אין פאַריקן יאַרהונדערט האָבן אין דאָרף סאַביבאָר, וואָס געפינט זיך זעקס קילאָמעטער פון וולאָדאַווע, געוווינט עטלעכע יידישע פאַמיליעס און צווישן זיי די משפחות גרינבלאַט און בלאַכער. ביידע פאַמיליעס זענען געווען קרובים און אין לויף פון דער צייט זענען זיך די משפחות צעוואַקסן און האָבן געציילט אַכציק נפשות, וועלכע האָבן געוווינט די גאַנצע צייט אין סאַביבאָר ביז צום אומקום.

חיים־ברוך גרינבלאַט, וועלכן מ'האָט גערופן חיים־ברוך פון נאַפט, איז אין יאָר 1874 אַלט זייענדיק צען יאָר געבליבן אַ יתום נאָך זיין פאָטער און די מוטער האָט אים געשיקט לערנען קיין וולאָדאַווע, ווו ער האָט געגעסן „טעג" און שפּעטער געלערנט אין טריסקער שטיבל. ער האָט געהאַט אַן אָפענעם קאָפּ און אין דער זעלבער צייט, וואָס ער איז געזעסן און געלערנט אין טריסקער שטיבל האָט ער פאַר זיך אַליין געלערנט חשבון און דאָס האָט אים נאָך דער חתונה געברענגט נוצן. ער האָט געפירט די בוכהאַלטעריע אינעם רעזערוואָר פון נאַפט ,וואָס האָט געהערט צו מאיר באַש.

ער האָט באַקומען אַ שם פון אַ קלוגן און גוטן בעל חשבון און אַ טיפן אַנאַליטישן פאַרשטאַנד. זענען מענטשן פון שטעטל געקומען צו אים מיט פאַרשידענע סכסוכים צווישן שותפים און יורשים, וועלכע ער האָט געדאַרפט אויסגלייכן און על פי רוב זענען ביידע צדדים אַרויס פון אים צופרידן.

אין יאָר 1915, ווען עס איז אָנגעגאַנגען די ערשטע וועלט־מלחמה איז אַ שראַפּנעל אַריין אינעם נאַפט־רעזערוואָר און עס איז אויסגעבראָכן אַ שריפה און חיים־ברוך גרינבלאַט איז געבליבן אָן פּרנסה. דעמאָלט האָט אים דער בירגערמייסטער פון שטעטל לייבל ליכטענבערג, וועלכן מען האָט גערופן לייבל מאַלאַריטער, באַשטימט אויפן פּאָסטן צו צעטיילן מעל צום באַקן ברויט, וואָס איז דעמאָלט געווען אויף קאַרטן.

אין טריסקער שטיבל האָט ער מיט עטלעכע יידן געלערנט אַ שיעור גמרא. צווישן זיי זענען געווען פישל סאַמעלסאָן, מאיר באַש, לייבל ליכטנבערג א"א, וועלכע האָבן געהאַט גרויס הנאה פון זיין לערנען דעם בלאַט גמרא און פון זיין שיינעם אופן פון איבערגעבן די אגדות חז"ל.

די מלחמה־יאָרן, די שווערע איבערלעבענישן און די רציחות פון די באַלאַכאָוויצעס האָבן צעשטערט זיין געזונט און ער איז נפטר געוואָרן אין יאָר 1920.

זאב אַלאַמוצקי
בת־ים

# ר' דוד אלאמוצקי

ער איז געווען איינער פון די אַקטיווע ציוניסטישע עסקנים אין וולאָדאַווע, אַ מיטגליד אינעם ועד פון קרן היסוד. ער איז געווען צווישן די וואָס האָבן געשאַפן דעם ציוניסטישן מנין און ווען מ'האָט אויפגעשטעלט דאָס ציוניסטישע הויז, האָט ער זייער פיל מיטגעהאָלפן צו זיין בויאונג. ער איז געווען צווישן די אַקטיווע ציוניסטישע עסקנים אין שטאָט.

אויך זיינע קינדער האָט ער דערצויגן אין גייסט פון ליבשאַפט צו ארץ־ישראל און אין טיפער פאַרבינדונג צו דער אידעע פון נאַציאָנאַלער דערלייזונג.

ער איז אויך געווען באַליבט צווישן אַלע שיכטן פון דער יידישער באַפעלקערונג אין וולאָדאַווע, האָט אָפּגעגעבן אַ סך צייט דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, איז געווען אַ לאַווניק אין מאַגיסטראַט.

ער איז אומגעקומען אין יאָר 1943 אין וולאָדאַווער געטאָ.

## ד״ר שלמה איגעלניק

געבוירן אין וולאַדאָווע אין יאָר 1908 האָבן אים די עלטערן געגעבן אַ יידישע און וועלטלעכע דערציאונג. נאָכן ענדיקן די גימנאַזיע איז ער געפאָרן שטודירן מעדיצין אין פּראַג, טשעכאָסלאָוואַקיי. ער האָט חתונה געהאַט מיט שלום לעמבערגערס טאָכטער, מאַניע, געאַר־בעט אין וולאַדאָווער רעגירונגס־שפּיטאָל און איז געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ד״ר שלמה איגעלניק צוזאַמען מיט זיין משפחה אַנטלאָפן קיין פינסק און דערנאָך זיך באַזעצט אין לאַכווע, וווּ ער האָט פאַרנומען דעם פּאָסטן אַלס דירעקטאָר פון דאָרטיקן שפּיטאָל.

דעם 3־טן סעפטעמבער 1942 האָבן די דייטשן אַרומ־גערינגלט דעם לאכווער געטאָ און די יידן גרופּעסווייז אַרויסגעפירט צום דערשיסן ביי די צוגעגרייטע גריבער. ד״ר איגעלניק איז געווען אויף דער ליסטע פון עטלעכע יידן, וועלכע די דייטשן האָבן איבערגעלאָזט, ווייל זיי האָבן זיך אין זיי גענויטיקט.

ביים אויפשטאַנד אין לאכווער געטאָ, אין וועלכן עס האָבן אַנטיילגענומען אויך פופצן יידן פון וולאַדאווע און מיט העק אויסגעהרגעט די דייטשע וואַך, האָבן די נאַציס אים באַפוילן, ער זאָל דערטיילן מעדיצינישע הילף אַ פאַרוווּנדעטן דייטש, וועלכער איז שווער פאַרוווּנדעט גע־וואָרן אין דער שלאַכט מיט די אויפשטענדלער. ד״ר אי־געלניק האָט קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו העלפן די רוצחים און איז אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

גוטא טשונטקאָווסקי

הרצליה

# לוי גאָלדפעדער

לוי גאָלדפעדער איז געבוירן אין דובענקאַ, געלערנט אין אַ ישיבה און געווען אַן אויטאָדידאַקט, אַליין שטודירט וועלטלעכע בילדונג. אַ געוויסע צייט איז גאָלדפעדער געווען באַאַמטער אין דער וואַרשעווער גמינע. ער האָט חתונה געהאַט קיין וולאַדאָווע פאַר אסתר רובינשטיין. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער געהאָלפן אָרגאַני־זירן די גמינה אין וולאַדאָווע. יעקב־הערש גרינהויז איז דע־מאָלט געווען פּרעזעס און גאָלדפעדער טעכנישער סעקרעטאָר. ער איז די גאַנצע צייט געווען צווישן די אָנגעזעענע עסקנים, אַקטיוו אין דער ציוניסטישער באַוועגונג, טעטיק געווען אין ועד פון קרן היסוד, וווּ ער האָט אַ געוויסע צייט פאַר־נומען דעם אַמט פון סעקרעטאָר. ער איז אויך געווען איינער פון די גרינדער פון דער פאָלקס־באַנק, וווּ ער איז געווען הויפּט־בוכהאַלטער. ווען עס איז נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה געשאַפן געוואָרן דער הילפס־קאָמיטעט פאַרן יתומים־הויז איז גאָלדפעדער געווען צווישן די אַקטיווסטע מיטאַר־בעטער.

אין יאָר 1920, נאָכדעם ווי די באָלשעוויקעס האָבן נאָך עטלעכע טעג אָקופּירן וולאַדאָווע פאַרלאָזט די שטאָט, האָט אַ קריסטין דערלאַנגט אַ פאַלשע מסירה צו דער מאַכט, אַז גאָלדפעדער איז געווען אַ קאָמוניסטישער אַגיטאַטאָר. ער איז געשטעלט געוואָרן פאַר אַ פעלד־געריכט און עס האָט אים געדראָט טויט־שטראָף, נאָר אַ דאַנק דער אינטערווענץ פון אָנגעזעענע יידישע און פּוילישע באַלעבאַטים איז ער ניצול געוואָרן פון טויט.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט גאָלדפעדער זיך געעפנט אַ ביוראָ צו שרייבן ביטעס און ווענדונגען צום געריכט און פאַרשידענע אַנדערע רעגירונגס־אַמטן. ער איז געווען אַן אָפיציעלער איבערזעצער פון העברעאישע און יידישע דאָ־קומענטן אויף פּויליש, האָט געגעבן יורידישע עצות.


לוי גאָלדפעדער

אַזוי האָט ער געצויגן זיין פרנסה און אין שווערע ווי אין גוטע צייטן האָט ער נישט אויפגעהערט צו ווידמען זיינע כוחות און ענערגיע פאַר גע־זעלשאַפטלעכער אַרבעט, באַ־זונדערס פאַרן ציוניסטישן אי־דעאַל, אַלץ געטון געטריי און איבערגעגעבן, נישט געבויגן זיך און נישט פאַרלאַנגט קיין כבוד און הערשאַפט.

ער איז דורך דער יידישער באַפעלקערונג אויסגעוויילט געוואָרן אַלס ראַטמאַן אין מאַגיסטראַט, ביים אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה איז ער אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, וווּ ער האָט דורכגעמאַכט די אַלע צרות פון אַ פּליט אין די שווערע מלחמה־יאָרן, האָט געאַרבעט אַלס בוכהאַלטער, אָבער די צרות און דאָס הונגערן האָבן געווירקט אויף זיין געזונט, ביז ער האָט זיך אינגאַנצן איינגעבראָכן און אין איין טאָג איז ער צוזאַמען מיט זיין זון יהודה געשטאָרבן ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל אין רוסלאַנד.

שרה פורת־גאָלדפאַרב
**תל־אביב**

# די שטוב פון מײַנע עלטערן

מיין זיידע פון דער מוטערס צד, דוד אַדלער, איז געוועזן אַדוואָקאַט אין פאַרצעווע, אַ הייסער נאַציאָנאַלער ייד, האָט זיך אָפט איינגעשטעלט פאַר יידישע אינטערעסן. ביים אָנהויב פון היינטיקן יאָרהונדערט, האָט ער געהאַט אויף זיך אַ שווערן פּראָצעס פאַר אַרויסראַטעווען אַ יידיש מיידל פון קלויסטער. דאָס מיידל איז טאַקע אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון שמד, אָבער אים האָט מען איינגעזעצט, געפירט אַ געשמידטן אין קייטן אין תפיסה און עס האָט אים געדראָט פאַרשיקט צו ווערן קיין סיביר. פאַר אַ גרויסער סומע געלט, איז זיין איידעם, דעם פאָטער מיינעם, געלונגען אים אַרויסצוראַטעווען.


ר' פיניע שפּילמאַן

אַזעלכער איז אויך געווען מיין פאָטער, וועלכער איז תמיד געווען געזעלשאַפטלעך טעטיק און גאָר באַזונדערס אויפן פעלד פון הילף און צדקה־טעטיקייט און אַלץ האָט ער געטון מיט התלהבות, מיט האַרץ און נשמה, נישט אָפּגעשטעלט זיך פאַר קיין שום שוועריקייטן און פאַרשטאַנען ווי אַזוי מיטצורייסן אויך אַנדערע.

מיין מוטער, דאָבע־רחל האָט געהאַט אַלע גוטע מידות פון איר פאָטער, איז תמיד געווען טעטיק ביים זאָרגן פאַר אָרעמעלייט, פאַרזאָרגן זיי מיט שפּייז און מלבושים.

מיין פאָטער פּיניע שפּילמאַן איז געווען דער דירעקטאָר פון דער אַגענטור פאַר „זינגער״־מאַשינען, אויף דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, איינשליסלעך בריסק. אין דער דאָזיקער פירמע האָט ער געאַרבעט דריי־און־דרייסיק יאָר. אין יאָר 1933 איז ער קראַנק געוואָרן און האָט באַקומען עמעריטור.

מיר האָבן געוווינט אויף דער פּאָטשט־גאַס. אין שטאָט פלעגט מען זאָגן, אַז אונדזער דירה איז פון גומי: זי צעציט זיך און וויפל מענטשן עס קומען איז פאַר זיי תמיד דאָ פּלאַץ. מיינע עלטערן האָבן ליב געהאַט מענטשן און עס איז תמיד געווען ביי אונדז אַ שטוב מיט אַן אָפענער טיר.

מיין פאָטער איז געווען גבאי אינעם פּאָליש פון דער שיל, ווו משה מגיד פלעגט יעדן שבת לייענען די פּרשה פון דער וואָך מיט דער הפטורה. אָפט איז מיין פאָטער אויסגעקומען צו זיין אונטערוועגנס, אין געשעפטלעכע ענינים, דאָ האָט ער תמיד געפונען צייט פאַר געזעלשאַפטלעכער אַרבעט און גאָר באַזונדערס אין דער טעטיקייט צו העלפן די אָרעמעלייט אין הקדש און פאַר הכנסת כלה.

מיין טאַטע פלעגט אויך געבן אָן־פּראָצענטיקע הלוואות. פאַר אונדזער אָפּפאָרן, אין יאָר 1916, קיין רוסלאַנד, האָט מיין מוטער געזאָגט:

„פּיניע, עס איז מלחמה אויף דער וועלט. מענטשן האָבן איבערגעלאָזט ביי אונדז גאַראַנטיעס, אַ משכון. מיר פאָרן אַוועק און מיר ווייסן נישט, ווען מיר וועלן צוריקקומען. לאָמיר אָפּגעבן די מענטשן זייערע משכנות״.

מיין פאָטער האָט אויף קיין מינוט זיך נישט געוואַקלט און גלייך אָפּגעגעבן אַלע די משכנות, נישט־פאָדערנדיק ביי זיי דעם חוב.

דערפאָרן זענען מיר דאַן ביז קאָברין און ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָבן מיר זיך אומגעקערט קיין וולאָדאַווע.

מיין פאָטער איז דאַן געווען אַ טיכטיקער טוער אין דער אַמעריקאַנער קיך, צוזאַמען מיט לייבל ביאַלער און גרינהויז. ער האָט זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט מיט לייב און לעבן און האָט אויך אויסגעפועלט צו באַקומען פון אַמעריקאַנער שפּיטאָל מעדיקאַמענטן פאַר יידן אין וולאָדאַווע. דאָס זענען געווען מעדיקאַמענטן, וועלכע זענען דעמאָלט אין פּוילן נישט געווען בנמצא. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט אים אַ סך געהאָלפן זיין ברודער אין אַמעריקע, אליעזר שפּילמאַן, וועלכער האָט דאַן געשאַפן אַ סך געלט פאַר דער וולאָדאַווער אָרעמקייט און האָט עס איבערגעשיקט צו מיין פאָטער.

דאָס איז געווען אין די יאָרן 1916 — 1918.

זייענדיק באַפריינדעט מיט דער משפחה שאולבערג פון



ווירקער גאַס, לעבן מאַרק, דער אָנפאַנג פון וולאָדאַווער געטאָ

דער דובעטשנער גלאָז־פאַבריק איז מיין פאָטער אויסגעקו־מען זיי צו העלפן. נאָך דער מלחמה, ווען די פריצטע איז געבליבן אלמנה האָט מיין פאָטער געהאָלפן איר צוריק לאָזן אין גאַנג די הוטע. זי האָט אים אָפּגעדינט דאָן, ווען מען האָט געדאַרפט צוריק אויפשטעלן די אָפּגעברענטע שיל און בית המדרש, האָט מיין פאָטער באַקומען פון איר דאָס גאַנצע גלאָז, וואָס מען האָט געדאַרפט פאַר די ביידע בנינים.

בעת דודל טוביהס איז נאָך אניסעוויטשעס אויפשטאַנד, דערשאָסן געוואָרן דורך די פּאָליאַקן און איז באַגראָבן גע־וואָרן צוזאַמען מיט אַ קריסט נעבן דעם פּוילישן צמענטאַזש, האָט מיין פאָטער נישט געזשאַלעוועט קיין מי אַרויסצובאַ־קומען די דערלויבעניש אויסצוגראָבן אים און צו ברענגען אים צו קבר־ישראל.

אין די יאָרן 1916, ביז 1918 ווען קיין וולאָדאַווע זענען אָנגעקומען אַ סך פּליטים איז דאָרט געשאַפן געוואָרן אַ קאָמיטעט פאַר די היימלאָזע. אינעם קאָמיטעט זענען גע־ווען פאָלגנדע פרויען: מיין שוועסטער חיה שפּילמאַן, סאַלטשע באַרנהאָלץ, רחל באַרנהאָלץ, קלאַראַ ראָטנבערג א. א. מיין שוועסטער פלעגט געבן קלאַוויר־קאָנצערטן, מיין ברודער משה, וועלכער האָט שטודירט אין דער וואַר־שעווער קאָנסערוואַטאָריע, האָט אויך געגעבן אַ פידל־קאָנ־צערט און די הכנסה איז געגאַנגען פאַר וווילטעטיקע צוועקן.

אַזאַ איז געווען די טראַדיציע אין אונדזער שטוב. אויך מיין ברודער חיים, וועלכער איז געפאַלן ביי סטאַלינגראַד, איז תמיד געווען טעטיק געזעלשאַפטלעך, און אויך מיין שוועסטער, מירקאַ, איר צו לאַנגע יאָרן, איז תמיד געווען אַקטיוו אין דער טעטיקייט פאַר ציוניסטישע צוועקן.

מיין מיטגלידערשאַפט אין דער ציוניסטישער אָרגאַני־זאַציע, האָט זיך אָנגעהויבן זינט שמואל־הערש עפּלבוים איז געווען פּרעזעס און דוד ראַוונער — סעקרעטאַר. איך בין געווען טעטיק אין דראַמקרייז אונטער דער אָנפירונג פון מאיר־ישראל בריקמאַן. אין דראַמקרייז זענען געווען: א. שענער, משה וועבער, יאָסל פרייבערג, דוד־לייב פעלד־מאַן, י. פאַזיאַמקע, בענטשע סאַמעלסאָן, רחל קאָרן.

מיט דער הכנסה פון אונדזערע פאָרשטעלונגען האָבן מיר געשאַפן אַ ביבליאָטעק.

אין יענער צייט האָב איך חתונה געהאַט מיט ד״ר גאָלדפאַרב, וועלכער איז דעמאָלט געווען וויצע־פּרעזעס פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע און איז געווע טעטיק אַלס דאָקטאָר אין „טאָז" און „אָרט".

אין יאָר 1934 האָב איך מיט מיין מאַן פאַרלאָזט וולאָ־דאַווע און מיר זענען עולה געווען קיין ארץ־ישראל.

אַבֿרהם לעמבערגער
תל־אביב

# די משפחה לעמבערגער

## לויטן ספר „היוחסין" פון מיין עלטער־זיידן

לויט ווי עס איז געווען אַנגענומען אין אונדזער משפחה איז איינער פון מיינע עלטער־זיידעס געקומען קיין וואָלאַדאווע נאָך אינעם יאָר 1655 און איז געוואָרן אַ פּאַדריאַטשיק, צוגעשטעלט פאַרן מיליטער פאַרשידענע זאַכן, און ווייל ער איז געקומען פון לעמבערג האָט מען אים גערופן לעמבערגער.

דערציילט האָט מען, אַז איידער דאָס מיליטער, מיט וועלכן ער איז געקומען, האָט אַריינמאַרשירט קיין וואָלאַדאווע, זענען דאָרט פאָרגעקומען פּאָגראָמען אויף יידן און די יידן זענען זיך דערפאַר צעלאָפן אין די אַרומיקע וועלדער. דער יידישער פּאַדריאַטשיק האָט באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער העכערער מיליטערישער מאַכט מיטצונעמען מיט זיך אַ גרופּע זעלנער, וועלכע זאָלן אים באַגלייטן אין די וועלדער, פון וואַנען ער האָט צונויפגערופן די אַנטלאָפענע יידן און זיי צוריק געפירט אין שטאָט אַריין.

צווישן אַנדערן האָט מען אויך דערציילט וועגן צוויי פעסער מיט מטבעות, אין איין פאַס זילבערנע און אין אַנדערן גאָלדענע. און די זעלנער האָבן פאַר יעדן לעבעדיקן ייד געקריגן באַצאָלט מיט אַ גאָלדענער מטבע, פאַר די טויטע קערפּערס פון די דערהרגעטע יידן, וועלכע די זעלנער האָבן צונויפגענומען פון די פאַרוואָרפנסטע ערטער, האָט ער געצאָלט מיט זילבערנע מטבעות.

די הייזער זענען געווען צעשטערט, מען האָט די יידן איינגעאָרדנט אין דער הילצערנער שיל. די מתים האָט מען באַגראָבן אויפן שטח נעבן דער גרויסער שיל, ווייל עס איז נישט געווען קיין אַנדערער אויסוועג, דאָס איז די סיבה וואָס דער אַלטער בית עולם געפינט זיך נעבן דער שיל, וועלכע איז איבערגעבויט געוואָרן בערך הונדערט יאָר שפּעטער.

ווען דאָס מיליטער האָט געדאַרפט פאַרלאָזן וואָלאַדאווע האָבן די אָפּגעראַטעוועטע יידן געבעטן דעם פּאַדריאַטשיק ער זאָל בלייבן אין שטאָט, באַזעצן זיך דאָ, ווייל זיי האָבן אין אים געזען זייער באַשיצער.

זלמן לעמבערגער, מיין טאַטנס אַ פעטער איז געווען דער ערשטער פון דער משפחה וואָס איז עולה געווען קיין ירושלים בערך אין די יאָרן 98—1895. די ערשטע עולים פון וואָלאַדאווע קיין ארץ־ישראל.

מיין זיידע שלמה העשל האָט געפירט ביי זיך אין שטוב אַ בוך, אין וועלכן ער האָט איינגעשריבן די נעמען און דאַטעס פון געבוירענע און פון נפטרים אין וואָלאַדאווע.

אין אַ צייט אַרום האָט דער מאַגיסטראַט, ביים דורכפירן די עווידענץ פון דער יידישער באַפעלקערונג אין שטעטל גערעכנט זיך מיט מיין זיידנס פאַרצייכענונגען.





ר' אליהו און זיין פרוי נחמה לעמבערגער.

אין יאָר 1910 איז מיין זיידע אויך אַוועקגעפאָרן צוזאַמען מיט זיין ווייב דינהטשע קיין ירושלים, ווו ער איז נפטר געוואָרן פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה. אין שטוב האָט מען דערציילט, אַז נאָך זיין פּטירה איז די באָבע אויך געשטאָרבן, איז אויסגעגאַנגען פון הונגער. ביידע זענען געקומען צו קבורה אויפן הר הזיתים.

שלמה העשלס יונגסטער זון, אליהו בנימין לעמבערגער איז אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה געווען אין אוקראַינע איז נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען קיין וואָלאַדאווע, ווו ער איז געווען געזעלשאַפטלעך אַקטיוו, אַ מיטגליד פון דער שטייער־קאָמיסיע און אין פאַרשידענע אַנדערע אינסטיטוציעס, ווו ער האָט געטון יידן טובות. ער איז אויך געווען דער פאַרשטייער פון דער יידישער

קהילה אין דער וואָלאָדאווער שטאָט-פאַרוואַלטונג און האָט דערפאַר יעדן פוילישן יום-טוב מאַרשירט צוזאַמען מיט די פוילישע פאַרשטייער איבער די גאַסן פון שטעטל. ער איז געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס, אַ סוחר, וואָס האָט מצליח געווען אין זיינע געשעפטן, געשטאַנען אין שפּיץ פון דער סוחרים-באַנק, געווען אַ מיטגליד פון די ציונים כללים. אין יאָר 1933 איז ער עולה געווען קיין ארץ-ישראל צוזאַמען מיט זיין פרוי נחמה און יונגסטע טאָכטער דאָבע און זון יעקב. דער עלטסטער זון אברהם איז נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, אין יאָר 1921, עולה געווען קיין ארץ-ישראל, צוזאַמען מיט זיין פרוי פאַניע. דער צווייטער זון משה האָט עולה געווען אין יאָר 1923. די טאָכטער חיה מיט איר מאַן משה האַלצמאַן זענען עולה געווען אין 1932. אין וואָלאָדאווע זענען געבליבן די טאָכטער זינאַ מיט אירע צוויי קינדער און מאַן מאיר באַרנשטיין און אַלע זענען אומגעקומען דורך די היטלער-באַנדעס.

פונקט ווי די גאַנצע משפּחה, האָט אויך זינאַ זיך אָפּגעגעבן מיט העלפן נויטבאַדערפטיקע און געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע.

ביי אליהו בנימינען אין שטוב האָט מען געפירט די אַרבעט פונעם דראַמקרייז, צוגעגרייט העבראַיִשע פאָר-שטעלונגען, מיט וועלכע מען איז אַרויסגעטרעטן און די הכנסות זענען געגאַנגען פאַר ארץ-ישראל.

די אייניקלעך פונעם רב, ר' לייבעלע, רעוואָלוציאַנערן אין 5-טן יאָר, זענען אַ לענגערע צייט געווען אויסבאַהאַלטן אינעם קעלער פון מיין פאָטער אליהו לעמבערגער, וועלכער האָט זיי געהאָלפן אויך אַרויספאָרן קיין אויסלאַנד.

א. דובעטשנער

# שמואל בודניק

## דער „יוחנן הסנדלר" פון דובעטשנע

שמואל בודניק, אַ שוסטער אין דובעטשנע, האָבן די יינגלעך גערופן „ר' יוחנן הסנדלר". ער אַליין האָט דערביי צוגעלאַכט און פאַרשולדיקט געשמייכלט: „גוט וואָס כ'האָב ביי זיי אַזאַ זכיה... ערגער וואָלט געווען, ווען זיי רופן מיך „אחר"... וואָס קען איך צו זיי האָבן?"

אַ גאַנצע וואָך איז זיין לאַנג צימער געווען נישט מער ווי אַ שוסטער-וואַרשטאַט. אויבנאַן איז געשטאַנען אַן ארון קודש פאַרהאַנגען מיט אַ פרוכת און יעדן שבת און אין די יום-טובים איז דאָס צימער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בית-תפילה, ווו מען האָט געדאַוונט בציבור. גאַנץ אָפט פלעגט טרעפן אויך אינמיטן דער וואָך, בעת אַ יאָרצייט, איז זיך דאָ צונויפגעקומען אַ מנין, אָפּגעדאַוונט און ווידער איז דאָס צימער פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שוסטער-וואַרשטאַט. דאָ האָבן געדאַוונט שניידער, בעלי-עגלות און סתם „עמך"-מענטשן. געווען צווישן זיי מיוחסים, ווי למשל, אהרון שניידער, וועלכער איז געווען באַרימט אין דער גאַנצער געגנט פאַר אַ גרויסן ספּעציאַליסט אין זיין פאַך און מען איז געקומען צו אים פון וואָלאָדאַווע אויפניייען אַ בעסער מלבוש. דאָ האָט אויך געדאַוונט צאַלקע שניידער, אויך אַ ספּעציאַליסט אין זיין פאַך; וואָווע בעל-עגלה, אלי ליבעס, וואָס האָבן געפירט גלאָז פון דער דובעטשנער הוטע קיין וואָלאָדאַווע צו דער באַן ר' ברוך-ישראל זבערטשוק און נאָך אַנדערע.

שמואל בודניק, אַ נידעריק געוויקסיקער, איז ווי אויסגעוואַקסן, ווען ער איז צוגעגאַנגען צום עמוד. ער איז געווען אין זיין מנין דער בעל-תפילה, געדאַוונט שחרית און מוסף, און אויך דער בעל-קורא. אין די ימים-נוראים איז ער אויך געווען דער בעל תוקע.

שבת פאַרנאַכט האָט שמואל בודניק געפּראַוועט שלוש סעודות בציבור, געזונגען זמירות, נגונים פון פאַרשידענע חסידישע שטיבלעך, ביז מען האָט געמעגט אָנצינדן אַ ליכט און מען האָט זיך געשטעלט דאַווענען מעריב. נאָך דער הבדלה איז מען זיך ווידער דאָ צונויפגעקומען פּראַווען בציבור מלווה מלכה. שמואל בודניק איז געזעסן אויבנאַן, ווי אַ רבי צווישן זיינע חסידים און געזונגען אויסנווייניק „אל תירא עבדי יעקב", „אליהו הנביא, אליהו התשבי" און אַנדערע זמירות, וועלכע האָבן זיך געטראָגן ווייט איבער דער וואַרשעווער גאַס. ווען אין בית המדרש אויף דער אַר-

גענטינער גאַס איז שוין געווען שאַ־שטיל, איז נאָך ביי שמואל בודניקן געווען לעבעדיק און לוסטיק. געווען אַ שאָד צו שיידן זיך מיטן שבת.

אַ גאַנצע וואָך פאַרנומען ביי זיין וואַרשטאַט איז שמואל בודניק ביים אָנקומען פון שבת, געוואָרן גאָר אַן אַנדערער מענטש, פאַרנומען מיט רוחניותדיקע ענינים. נאָכן דאַווענען האָבן זיינע מתפללים זיך אַוועקגעזעצט אַרום דעם לאַנגן טיש, ביי וועלכן שמואל איז געזעסן אויבנאָן און געלערנט מיט זיי אַ פרק משניות, אָדער דערציילט זיי עפּעס פון מדרש, אַ משל, אַ שיין מעשהלע, וואָס האָט פּאַסירט מיט גרויסע צדיקים. אַלע אַרום האָבן געשפּאַנטע זיך צוגעהערט, געשלונגען זיין יעדעס וואָרט.

צווישן זיינע צוהערער איז אויך געווען זיין שווער, דער אַלטער מאַטל, וועלכן מען האָט גערופן „דער ניקאָ־לייעווער סאָלדאַט". ער האָט געדינט דעם צאַר ביי פינף־און־צוואַנציק יאָר, איז באַפרייט געוואָרן ערשט ביים צאַר אַלעקסאַנדער דעם 2־טן, וועלכער האָט אָפּגעשאַפט די קאַנ־טאָניסטן־גזירה. ער אַליין האָט ליב געהאַט צו דערציילן וועגן זיינע שווערע איבערלעבענישן, וואָס ער האָט דורכגע־מאַכט ביי די קאַנטאָניסטן, ווי אַזוי ער איז פאַרכאַפּט גע־וואָרן און ווי עס האָט זיך אים געלעבט אין ווייטן ראַסיי.

די מעשיות, וואָס דער אַלטער מאַטל האָט דערציילט זע־נען געווען אומעטיקע און אַרויסגערופן ביי די צוהערער א נאַגנדיקע בענקעניש און אַ רחמנות. ער האָט דערציילט וועגן עלנטע יידישע קינדער, וואָס זענען פאַרוואָרפן געוואָרן אין מרחקים צווישן גויים, וועגן פעלדפעבלען מיט שפּיציקע וואָנסעס און פאַרשנייטע סטעפּעס, וועגן שמיץ, אַ שטראָף פאַר אָפּהיטן שבת אָדער רעדן יידיש מיט אַ צווייטן קאַנטאָניסט. די שמיץ האָבן מוראַדיק וויי געטון לאַנגע וואָכן און אין די נעכט האָבן זיי געבריט, ווי שלאַנגען וואָלטן געקראָכן איבערן לייב. מוראַדיקע צייטן.

שמואל בודניק האָט זיך גענומען פאַר אַן איידעם מע־כעלען דעם עילוי, וועמענס עלטערן זענען געווען פּשוטע יידן, אָבער ער אַליין איז געווען איינער פון די בעסטע לערנער אין בית המדרש, האָט געהאַט אַ שאַרפן מוח און



פלעגט זיין פאַרטון אין דביקות, געדאַוונט מיט גרויס הת־להבות. לאַנג געשטאַנען ביי „שמונה עשרה", לענגער אַפילו פונעם רב און דאָס פלעגט נישט איינמאָל פאַרדריסן דעם גבאי ר' ישעיה. ער האָט עס געהאַלטן פאַר אַ פחיתת הכבוד פאַרן רב און פלעגט פאָדערן פונעם בעל־תפילה, ער זאָל נישט וואַרטן אויף מעכעלעס אויסגיין שמונה עשרה. ווען מעכעלע האָט חתונה געהאַט האָט דער דובעטשנער רב אַליין אָנגעזאָגט דעם גבאי הזהר והזהר, ער זאָל וואַרטן אויף מעכעלעס ענדיקן די שמונה עשרה, ווייל ער איז שוין אַ חשובער באַלעבאָס.

מעכעלע דער עילוי האָט זיך ווירקלעך אויסגעצייכנט מיט זיין התמדה, מיט זיין ברען און מיט זיין שאַרפן קאָפּ. ער פלעגט זיך שאָקלען מיט התלהבות, מיט דבקות און מיטן גמרא־ניגון געשוווּמען אינעם ים התלמוד, אין די קליינע אותיות פון תוספות: „הכא נמי... הכא נמי...", געשאָקלט זיך מיט ברען, מיט היץ, ווי אין אַ גרויסן אָנשטרענג צו דער־גרונטעווען דעם סוד, וואָס באַהאַלט זיך הינטער די פּשוטע ווערטער, הייליקע ווערטער און הייליקער ניגון. פונקט ווי אין די ווערטער איז אויך אין ניגון באַהאַלטן אַ גרויסער סוד. ווער עס איז זוכה, דערגייט אַליין אָט דעם סוד, דאָס איז דער סוד פון אייביקן לעבן, און שמואל בודניקן האָט זיך אויס־געוויזן, אַז מעכעלע ווייסט דעם סוד...

מעכעלע איז אויך נאָך דער חתונה געבליבן דאַווענען אין בית המדרש, נישט געוואָלט דאַווענען מיט זיין שווערס מנין און שמואל בודניק פלעגט אים פאַרענטפערן: „מילא, ער האַלט פונעם פסוק „הוי זנב לאריות ואל תהי ראש לשועלים"... אפשר איז ער גאָר גערעכט. זאָל ער זיך פירן ווי ער פאַרשטייט..."

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַלטן, אַז מיט מעכע־לעס נישט וועלן דאַווענען מיטן שווערס מנין, איז ער מבייש את חברו ברבים, אָבער שמואל בודניק האָט אים פאַרענטפערט: מעכעלע איז אַן עילוי און אַ ירא־שמים, איז אויסגעטון פון דער וועלט און ווייסט ווי מקיים צו זיין מצוות און מעשים טובים".

בנימין מילך
ניו־יאָרק

# מענטשן פון מיין טאַטנס דור

## מענדל זשאַליבאַקער

מיין טאַטן האָט מען גערופן מענדל זשאַליבאַקער. ער איז געווען פון די ערשטע ,וואָס האָבן געגרינדעט דעם לינת הצדק. דאָס איז געווען אין די ערשטע יאָרן פון 20־טן יאָרהונדערט. צוזאַמען מיט אים איז אין דער ריכטונג געווען אַקטיוו דוד שוחטס אײדעם, פּנחס, וועמענס פֿאַמיליע־נאָמען איז מיר אַרויס פון זכרון.

איך געדענק, ווי מיין טאַטע פלעגט זיך באַקלאָגן, אַז די אַרעמע־לייט אין וולאַדאַווע האָבן נישט קיין בעל רחמנות־דיקן דאָקטאָר מיט פאַרשטענדעניש פאַר זייער אָרעמקייט. דער דעמאָלטיקער דאָקטאָר שווירסקי איז געווען אַ בייזער און ווען מען האָט אים גערופן צו אַן אָרעמאַן, האָט ער זיך געהייסן באַצאָלן פאַרויס. אָן געלט האָט ער נישט געוואָלט גיין. מיין טאַטע האָט געהאַלטן, אַז אין וולאַדאַווע דאַרף מען האָבן אַ יידישן דאָקטאָר מיט אַ גוט האַרץ, וואָס זאָל זיך קאָנען צונויפרעדן מיט אַ קראַנקן אָרעמאַן. ער איז דעמאָלט אַוועקגעפאָרן קיין ראָוונע און האָט פון דאָרט אַראָפּגעבראַכט דעם דאָקטאָר מייזעלס.

## לייבל ראַבאַנטשיק

פון מיינע מלמדים איז מיר געבליבן אין זכרון די געשטאַלט פון לייבל ראַבאַנטשיק, וואָס פלעגט מיט מיר לערנען אין קוזמיר שטיבל. זיי שטייען מיר פאַר די אויגן די אַלע יידן, וואָס פלעגן קומען אַהין דאַווענען און לערנען: שמעון נחמנס, פישל נחמנס, בערל שיינדעלעס (ראָזענבערג), איצל שמעל־קעס, ברוך אַרשיוער, יאַנקל אַסאָוער א. אַ.

נאָכן דאַווענען פלעגט דער שמש פאַרקויפן די מתפללים ציגאַרן. אינדערפרי האָט מען נאָך אַרייַנגעכאַפּט אַ קורצן שמו־עס און מען האָט זיך געאיילט יעדער צו זיין מסחר, צו זיין האָוועניש נאָך פּרנסה. אין אָוונט נאָך מנחה־מעריב זענען די שמועסן געווען געמיטלעכערע. געווען אַזעלכע, וואָס זענען געווען באַהאַוונט אין דער פּאָליטיק און אין אַנדערע ענינים און מען פלעגט זיך צוהערן צו זיי, דערוויסן זיך אַביסל נייעס.

## דוד ביגמאַן

מיין טאַטע איז געווען אַ נאָענטער חבר פון דוד ביגמאַן, אַן איבערגעגעבענער כלל־טוער. ביידע פלעגן דאַווענען אין דער גרויסער שיל, זענען געווען באַלעבאַטים פון דער מזרח־וואַנט.

דוד ביגמאַן האָט מען אין שטעטל געקענט פאַר אַ קאַרגן. אויף דער עלטער, ווען ער האָט דערפילט, אַז עס דערנענטערט זיך די צייט צו פאַרלאָזן די זינדיקע וועלט, האָט ער גערופן צו זיך מיין טאַטן און געהאַלטן זיך מיט אים אַן עצה, וואָס ער דאַרף טון, אַז ער זאָל אָפּוואַשן פון זיך די פעלערן, וואָס ער האָט געמאַכט אין לעבן, אָפּמעקן די שלעכטע זייטן, כדי ער זאָל קומען אויף יענער וועלט אַ געלייטערטער פון אַלע עוונות.

מיין טאַטע האָט אים געראָטן, ער זאָל מנדר זיין אַ גרויסע סומע געלט, אויפצושטעלן אַ בית המדרש. ער האָט ווירקלעך גענומען אויף זיך צו געבן פינף טויזנט רובל און ביידע זענען אַוועקגעגאַנגען צום מינסקער רבין, וועלכער האָט צונויפגעשטעלט אַ כתב, אַז ר' דוד ביגמאַן איז מנדר די סומע פון פינף טויזנט רובל, אַז מען זאָל נאָך זיין טויט אויפבויען אַ ניי בית המדרש.

דערווייל, אין דער צייט, וואָס ער האָט נאָך געלעבט, האָט מען אויפגעשטעלט אַ צייטווייליקן בית המדרש אינעם הויז, ווו עס האָט געוווינט ר' דודס זון, מאָטל ביגמאַן. דאָס בית המדרש האָט זיך געפונעם אונטן, אונטער מאָטלס דירה.

אין די לעצטע טעג, ווען ר' דוד ביגמאַן האָט דערפילט ווי עס דערנענטערט זיך דער סוף, האָט ער צוּוויסן געטון דעם מינסקער רבין, אַז ער האָט איבערגעלאָזט ביי זיין זון מאָטל די פינף טויזנט רובל, וואָס זענען באַשטימט אויפן בית המדרש. ר' דודס שליח איז אויך געקומען צו מיין טאַטן און איבערגעגעבן אים דעם ווונטש פונעם נוטה למות, ער זאָל אַכטונג געבן און צוהעלפן, עס זאָל פאַר דעם געלט אויפ־געשטעלט ווערן דער נייער בית המדרש.

## אריה שטרוזמאן

# טרוימער און קעמפער

## יוסף ראַטנבערג

ער האָט צוגעמאַכט די גמרא, אַ קוש געטון די מזוזה פון „שטיבל" און איז אַוועק צו דער ציוניסטישער באַוועגונג. ער האָט אָבער מיטגענומען מיט זיך די התמדה און די התלהבות, וואָס ער האָט איצט אָפּגעגעבן דער ציוניסטישער טעטיקייט. עס איז שווער געווען צו פאַרשטיין, ווי קומט אַזאַ פלאַמיקע ענערגיע אין דעם דאַרן יונגנמאַן מיטן שמאַלן פּנים. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן, האָט ער געטאָן לשמה, איבערגעגעבן בלב־ונפש, פאַרנאַכלעסנדיק אָפּט זיינע אייגענע, פּריוואַטע אינטערעסן. פאַר אים האָבן נישט עקזיסטירט קיין שוועריקייטן, וואָס ער זאָל נישט איינבייסן



די ברידער יוסף און יהודה ראַטנבערג

און בייקומען מיט דער מתמידישער עקשנות זיינער. ער איז באַלד געוואָרן דער מורשה (קאָמיסאַר) פון קרן־קימת אין וואָלאַדאָווע און אַ ביסל שפּעטער — דער קאָמיסאַר פאַרן גאַנצן קרייז.

יוסף איז געווען אַן אומר ועושה, ער האָט געטראַכט און געטאָן. איז אים נאָר אַריין אין קאָפּ, אַז מען מוז האָבן אַ שיינע, רייכע ביבליאָטעק, כאָטש קיין געלט איז נישט געווען, איז עס געוואָרן. אין איינעם אַ טאָג האָבן מיר געהאַט זיינע אַלע פּלענער סיי וועגן געלט, סיי וועגן פּלאַץ, סיי וועגן ביכער־שענק און סיי אַ גרויסע רשימה פון די נייעסטע און וויכטיקסטע ביכער. און אין איינעם אַ טאָג, האָט זיך יוסף אַריינגעכאַפּט קיין וואַרשע און האָט געבראַכט אַ פּיל גרעסערע צאָל ביכער, ווי ער האָט געהאַט אין זיין פאַרויסיקע



רשימה. און אָט שטייען שוין די ביכער אויף די פּאָליצעס, מיט אָנגעקלעפּטע נומערלעך, און פאַרטיקע קאַטאַלאָגן ליגן אויפן טיש. יוסף שטייט און קוקט־אָן די דורשטיקע לייענער, וואָס קומען פון פאַרשידענע פּאָלקס־שיכטן און פון פאַרשידענע באַוועגונגען, נאָך די נייעסטע יידישע ביכער, וואָס בלויז מיר פאַרמאָגן דאָ, און ער שטראַלט פון נחת.

ערב דער דערעפענונג פון ירושלימער העברעאישן אוניווערסיטעט, אויפן הר־הצופים, גיט מיר יוסף ראַטענבערג אַ זאָג:

„חבר אריה, די קרן־קימת אַרבעט האָסטו ביי מיר איבערגענומען. איך קען זיך אויף דיר פאַרלאָזן. איצט וועסטו איבערנעמען די אַרבעט פון דער ביבליאָטעק."

„פאַרוואָס? וואָס איז דען געשען?"

„איך האָב באַשלאָסן, צו פאָרן קיין ארץ־ישראל. איך מוז דאָרט זיין ביי דער דערעפענונג פונעם אוניווערסיטעט."

און אַז יוסף האָט געזאָגט, האָט ער אויסגעפירט: ער איז געווען ביי דער דערעפענונג פון אוניווערסיטעט אויפן הר־הצופים.

סוף 1925 בין איך אויך עולה געווען און האָב אים געטראָפן אין תל־אביב. ער האָט זיך דאָ נישט פאַררופן אויף זיינע ציוניסטישע טעטיקייטן און פאַרדינסטן, כדי צו קריגן אַ גרינגן פּאָסטן, נאָר האָט געאַרבעט שווער ביי בנין.

„יוסף, איז די שוואַרצע אַרבעט נישט צו שווער פאַר דיר?" — האָב איך געפרעגט.

ענטפערט ער מיט אַ שמייכל:

„עס שטייט דאָך: בזיעת אפך תאכל לחם"...

זיין ברודער יהודה איז עולה געווען אומלעגאַל אין יאָר 1919. די צאַרטע קינדער פון דער איידעלער משפחה זענען אַלע געגאַנגען אַרבעטן שווערע, שוואַרצע אַרבעט. פייגע איז דאָן אַריין אין משק־הפועלות. היינט איז אויף יענעם פּלאַץ דער שיינער תל־אביבער פּאַרק גן־מאיר.

די שטאָט תל־אביב האָט זיך דאָן ערשט געהאַלטן אין בויען. אויף רחוב גרוזנברג האָט מען דאָן געמאַכט דעם כביש. אונטער דער שרפנדיקער זון זענען געזעסן מענער און פרויען און זיי האָבן געהאַקט שטיינער. עס איז געווען אַ שווערער חמסין־טאָג און די העמדער אויף זיי זענען נאַס געווען פון שווייס. פּלוצלינג דערהער איך מיין נאָמען. איך קוק זיך

אום און דערזע, אַז איינע פון די שטיין־האַקערינס, אין אַ גרויסן, שטרויענעם קאַפּעלוש ביז איבער די אויגן, רופט מיך. עס איז שווער געווען צו גלויבן, אַז די דאָזיקע שטיין־האַקערין אויפן ברוק, איז די צאַרטע, אידעלע פייגע ראַטענבערג.

די ברידער, יוסף און יהודה, זענען געוואָרן גוטע בנין־אַרבעטער, פּאַכלייט. זיי האָבן זיך באַזעצט אין ירושלים, ווו זיי זענען אַנגעגאַנגען מיט זייער אַרבעט, ביז די אומרוען אין יאָר 1929. עס איז זיי באַשערט געווען נישט בלויז זייער ענערגיע, זייער אַרבעט און שוויס, נאָר אויך זייער בלוט, זייער לייב און לעבן אוועקצוגעבן פאַרן לאַנד.

דאָס איז געווען אין אַ פרימאָרגן, גייענדיק צו דער אַרבעט. קעגנאיבער דעם מגדל דוד, זענען זיי באַפאַלן געוואָרן דורך אַראַבישע רוצחים, וועלכע האָבן ביידע ברידער אַריינגעשלעפּט אין אַן אַראַבישער קוזשניע און זיי דאָרט בעסטיאַליש דערמאָרדעט. די ערשטע קרבנות פון יענעם אַראַבישן פּאָגראָם אין יאָר 1929 זענען זיי געווען, די טייערע ברידער יוסף און יהודה ראַטענבערג.

אין יענע מהומות איז ליידער נישט מעגלעך געווען, אַז זייערע בני עיר און נאָענטע זאָלן אַפילו קומען צו זייער לוויה, אָפּגעבן זיי דעם לעצטן כבוד און פאַרגיסן אַ טרער אויף זייער פרישן קבר.



פייגע ראַטענבערג

די שוועסטער פון די דערמאָרדעטע ברידער יוסף און יהודה, אויפגעוואַקסן און דערצויגן אינעם זעלבן גייסט פון אהבת העם און אהבת הארץ, האָט שווער איבערגעלעבט דעם טויט פון אירע ברידער, צו וועלכע זי איז געווען שטאַרק צוגעבונדן. עס האָט זי פאַרבונדן די ליבשאַפט, וואָס איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיקער שיינער און אידעאָלאָגישער משפּחה.



זייער שוועסטער פייגע איז פאַר צרות קראַנק געוואָרן, באַקומען אַ שווערע נערוון־דערשיטערונג. בלויז איין ברודער פון דער משפּחה, ראַטענבערג, איז לעבן־געבליבן. ער געפינט זיך אין לאַנד מיט פרוי און קינדער.

## אַנטאָן גרובער

געווען איז דאָס אין יאָר 1918, ווען וואָלאָדאַווע איז אָקופּירט געווען פון די דייטשן. די דייטשן האָבן דאַן געקעמפט צוזאַמען מיט עסטרייך און אין שטאָט האָט אַריינגעריטן אַן אָפּטיילונג עסטרייכישע זשאַנדאַרמעריע. דער הויפּט פון דער זשאַנדאַרמעריע איז געווען אַן אָפיציר פון לעמבערג מיטן נאָמען גרובער. ער איז געווען אַ גוטער רייטער, נאָר ווען ער איז אַפילו געגאַנגען צופוס, האָט ער מיט זיין שטייפן און ריטמישן גאַנג, אויך געמאַכט דעם איינדרוק, ווי ער וואָלט געריטן אויפן פערד.

פּלוצלונג דערוויסט מען זיך, אַז דער דאָזיקער זשאַנדאַרמעריע־אָפיציר, מיטן נאָמען אַנטאָן, איז גאָר אַ ייד...

אַלע האָבן זיך געוווּנדערט, ממש געשטוינט, אָבער פאַר רעליגיעזע יידן איז דאָס גאָר געווען אַ פּראָבלעם: ווי אַזוי רופט מען־אויף צו דער תורה אַ יידן מיטן נאָמען אַנטאָן? און אויב „אַנטאָן", קען דאָך נאָך זיין „אַנטאָן ברב איוואַן הכהן"!...

די זשאַנדאַרמעריע איז איינגעשטאַנען נעבן דער פּאָסט. דערנעבן האָט געוווינט מיכליע כ"ץ די שוחטקע. איר מאַן, דער שוחט, האָט שוין נישט געלעבט. די טאָכטער אסתר איז געווען אַ געראָטן, שיין מיידל און זי האָט געאַרבעט אין רעגירונגס־שפּיטאָל. נישט קיין ווונדער, אַז אסתר איז געפעלן אַנטאָנען און ער האָט געמאַכט אַן ערנסטן פאָרשלאָג.

די פרומע שוחטקע האָט זיך דערשראָקן און זי איז געלאָפן צום רב מיט אַ שאלה: צי מעג מען זיך משדך־זיין מיט אַ יידישן גוי, אָדער מיט אַ גויאישן יידן, מיט איינעם, וואָס רופט זיך אַנטאָן?

אויף ליבע, אָבער, פרעגט מען קיין שאלות נישט און צוליב אַ נאָמען, לאָזט מען נישט־אָפּ קיין שידוך. עס איז געווען אַ חתונה און אַ שמחה אין שטעטל.

די מלחמה האָט זיך געענדיקט, די עסטרייכישע זשאַנדאַרמעריע איז אַוועק, אָבער אַנטאָן איז געבליבן אַ וואָלאָדאַווער תושב. קענענדיק אַ פּערפעקטן פּויליש (און אויך אַנדערע שפּראַכן), האָט ער זיך געעפנט אַ ביוראָ. עס האָבן אָנגעהויבן צו קומען צו אים מענטשן פון אַלע שיכטן און ער איז געקומען אין קאָנטאַקט סיי מיט די פרייע, סיי מיט די אָרטאָדאָקסיש־פרומע. און דאָ, איז דער חידוש געווען נאָך שטאַרקער: ווי קומט דער הער גרובער צו הייסן אַנטאָן? — אַז

צווישן ערלעכע, פרומע און הייס-נאַציאָנאַלע ייִדן, איז גאָר צו זוכן אַזאַ וואַרעמע ייִדישע נשמה, ווי דער דאָזיקער אַנטאָן פאַרמאָגט!

גלייכצייטיק, איז ער נישט ווייניקער געשעצט געוואָרן פון דער פּוילישער באַפעלקערונג. דער אַלגעמיינער צוטרוי צו אים איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער איז באַלד אָנגענומען געוואָרן אַלס הויפּט-סעקרעטאַר אין מאַגיסטראַט, וווּ אַלע מיטאַרבעטער, בראש מיטן בירגערמייסטער בער, זענען געווען דורכאויס קריסטן, אַנטיסעמיטן. זיי האָבן אָבער געוווּסט אָפּצושאַצן אַנטאָנס פעאיקייטן, ענערגיע און לייסטונגען.

פון די העכערע רעגירונגס-קרייזן האָט מען אַפילו פּראָטעסטירט קעגן אַ ייִדן, אַלס סעקרעטאַר אין מאַגיסטראַט, אָבער דער בירגערמייסטער האָט געענטפערט, אַז אין וואָלאָדאַווע איז נישטאָ קיין פּאַסיקערע פּערזאָן פאַר דעם אַמט און אַנטאָן איז געבליבן דער הויפּט-סעקרעטאַר.

פאַרשטייט זיך, אַז ייִדן און ייִדישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געהאַט דורך אים אַ סך פאַרלייכטערונגען און אַ סך טובות. זיין שטוב איז תמיד געווען אָפן פאַר יעדן איינעם, וועלכער האָט צו אים געדאַרפט. ווען ער איז נישט געווען, האָט אסתר, זיין פרוי, אויפגענומען יעדן מיט פריינטלעכקייט און הילפּסגרייטקייט. דאָס איז געווען אַן אידעאַלע פּאָר און זייער צוזאַמענלעבן איז געווען אַ מוסטער פון שלום-בית.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דער אַנטאָן איז גאָר אַ הייסער ציוניסט. פאַר ציוניסטישע צוועקן איז ער גרייט געווען אויפצושטיין אינמיטן דער נאַכט. נישט איינמאָל האָט ער געזאָגט: „ווען איך האָב אַ פאַך און קען עברית, וואָלט איך אַליין עולה געווען קיין ארץ-ישראל". אָבער אַז ער אַליין האָט נישט געקענט עולה זיין, האָט ער זיך געפרייט מיט יעדן אַנדערן חלוץ. ערב מיין און דוד ראַוונערס אָפּפאָרן קיין ארץ-ישראל, האָבן אַנטאָן און אסתר איינגעאָרדנט אַן אָפּשיידס-נשף, אין אַ פרייטיק-צו-נאַכטס, אין זייער היים, צו וועלכן זיי האָבן איינגעלאַדן אַ סך געסט.

ארץ ישראל איז געווען זייער חלום. אָבער נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט באַלד עולה צו זיין, האָבן זיי קודם-כל געשיקט אין לאַנד אַריין זייער יונג טעכטעריל פנינה, וועלכע איז דאָ אַריין אין אַ קיבוץ. דער קיבוץ איז ביי אַ גרענעץ ערגעצוווּ אין לאַנד. אין אומרויִקע טעג און נעכט, אין מהומות, איז פנינה, צוגלייך מיט אירע אַנדערע חברים, תמיד געווען אויף דער וואַך און איז דאָרט עד-היום.

די עלטערן האָבן געזאָלט נאָכקומען מיט דעם צווילינג (צוויי ייִנגעלעך), וואָס זענען שפּעטער געבוירן געוואָרן און זיי האָבן זיך געגרייט דערצו ביז — — — די נאַציס האָבן אָפּגעשניטן אַלע וועגן און אַלע מעגלעכקייטן.



ווי מיר דערוויסן זיך איצט פון אונדזער וואָלאָדאַווער שארית-הפליטה, וואָס האָט זיך געראַטעוועט אין די וועלדער, איז אַנטאָן גרובער געצוווּנגען געווען דורך די דייטשן צו זיין אין יודענראַט. אָבער הלוואי וואָלטן אַ סך ייִדישע שטעט און שטעטלעך פאַרמאָגט אַזעלכע „יודענראַטלער", ווי עס איז געווען דער שטאָלצער ייִד מיטן נאָמען אַנטאָן! ער האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צוצושטעלן רשימות מיט ייִדן, וואָס זאָלן אַרויסגעפירט ווערן אין די פאַרניכטונגס-לאַגערן, טראָץ אַלע דראָאונגען. דערפאַר האָבן די נאַציס אוועקגעריסן פון אים זיינע טייערסטע און ליבסטע, דאָס ווייב מיט די צוויי קינדער, וואָס זענען אומגעבראַכט געוואָרן אין סאָביבאָר. באַלד דערנאָך האָט ער אַליין באַקומען אַ קויל אין קאָפּ.

אַ זכר פון די טייערע קדושים וטהורים אסתר און אַנטאָן גרובער, איז זייער טאָכטער פנינה און איר קינד, וועלכע זענען געבליבן אין לאַנד און געפינען זיך היינט אין קיבוץ „הזורע".

## יעקב באַרנהאָלץ

ווען ער איז צוריקגעקומען מיט זיין פאַמיליע פון רוסלאַנד, באַלד נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, אָנגעטאָן אין אַ בלוזע מיט שטיוול לויטן רוסישן שטייגער, האָט מען אים אַ נאָמען געגעבן „דער באָלשעוויק". זיי גאַנצע משפחה האָט מען דאַן גערופן „באָלשעוויקעס". מיר האָבן געוווינט אין איין הויז, ביי הערשל-טוביה פון די סאָדע-וואַסער און מיר זענען געוואָרן חברים און גוטע פריינט.

היות דער „באָלשעוויק" האָט זיך תיכף אַריינגעוואָרפן אין ציוניסטישער אַרבעט, איז אונדז אָפטמאָל אויסגעקומען צו טאָן געמיינזאַם. בעת די זאַמל-אַקציעס פאַר קרן-קימת אויף חתונות און אַנדערע ייִדישע שמחות און בעת אַ בלימל-טאָג, בין איך כמעט תמיד געווען זיין פּאַרטנער. אַ שטאָט, פאַרשטייט זיך, האָט פאַרשידענע קוואַרטאַלן, מיט שוואַכערע געבערס און בעסערע געבערס. יעדער טוער וויל גיין אין אַ בעסערן קוואַרטאַל, כדי צו זיין אַ גרעסערער בריה און אַנזאַמלען מער. יעקב אָבער פלעגט תמיד אויסקלייבן פאַר אונדז דעם ערגסטן קוואַרטאַל זאָגנדיק:

„אַ זאַמל-אַקציע איז אָפּהענגיק פון די נעמערס און נישט פון געבערס. דעריבער דאַרף מען קלאַסיפיצירן די נעמערס אויף בעסערע און ערגערע".

יעקב האָט דורכגעמאַכט זיין הכשרה ביים סטאָלער פּרייזינגער און האָט זיך אויסגעלערנט דעם פאַך, פאַר ארץ-ישראל. אין אַן אָוונט פון יאָר 1922 האָבן מיר, אַ גרופּע נאָענטע חברים זיינע, איינגעאָרדנט אים אַ געזעגענונגס-

באַנקעט ביי יחיאל גרינהויזן אין שטוב. דאָס איז געמאַכט געוואָרן בסוד. און צומאָרגנס האָב איך אים אַרויסבאַגלייט פון דער שטאָט שטיל און פאָרזיכטיק, ווי ער וואָלט זיך אַרויסגעגנבעט. ער איז אַוועק מיט איין פּאָר הויזן און אַ העמדל און מיט אַ פּאָר ביכלעך אין אַ פּעקעלע אונטערן אָרעם.

ער האָט נישט אָפּגעטאָן קיין פאַרברעכן און האָט נישט געמוזט אַנטלויפן. אויך מיליטער האָט ער שוין געהאַט אויסגעדינט. ער האָט זיך אָבער אַוועקגעלאָזן קיין ארץ־ישראל אומלעגאַל. דער צווייטער אומלעגאַלער ע׳לה פון וולאָדאַווע, וועלכער האָט כמעט דעם גאַנצן וועג קיין ארץ־ישראל דורכגעמאַכט צופּיס, גנבענענדיק גרענעצן און דורכמאַכנדיק נסיונות און סכנות. זיין עקשנות האָט מנצח געווען אַלע שוועריקייטן און נאַקעט און באָרוועס און דערשעפּט פון די כוחות, האָט ער דאָך דערגרייכט דאָס געגאַרטע לאַנד.

נאָך יעקבס אַנקומען אין לאַנד, איז געשען אַן אומגליק מיט זיין פאָטער ר׳ יחזקאל באַרענהאָלץ.

דער דאָזיקער הדרת־פּנימדיקער ייד, מיט דער גרויסער, שיינער באָרד, איז נישט בלויז געווען אַ מיטגליד אין ועד־הקהילה און פאַרוואַלטונגס־מיטגליד אין פיל אַנדערע אינסטיטוציעס, נאָר ער איז אויך געווען אַ ראַטמאַן אין מאַגיסטראַט. בעת דער פייערונג פון דריטן מאַי איז ער געגאַנגען מיט חשובסטע בירגער פון שטאָט אין דער שפּיץ פון דער דעפילאַדע. די הדרת־פּנימדיקע יידישע באָרד האָט געפלאַטערט פאָרויס דעם פייערלעכן צוג, לכבוד דעם נאַציאָנאַלן פוילישן יום־טוב, מיט וואָס די יידישע באַפעלקערונג האָט שטאָלצירט.

דערביי איז געווען נאָך אַ קוריאָז: וולאָדאַווע האָט נישט פאַרמאָגט קיין מיליטערישן און קיין שום אַנדערן פוילישן אָרקעסטער און מען האָט געמוזט איינלאַדן דעם יוגנט־אָרקעסטער פון „מכבי”, וואָס זאָל מאַרשירן פאָרויס דעם פייערלעכן צוג און שפּילן די מאַרשן.

ר׳ יחזקאל באַרענהאָלץ איז שטאָלץ געווען מיט די ייִנגלעך פון „מכבי” און האָט געשעפּט נחת פון זייער מאַרשירן פאָרויס און שפּילן. קען זיין, אַז די דאָזיקע פריידיקע געריירטקייט האָט גורם געווען דעם אומגליק. ר׳ יחזקאל באַרענהאָלץ האָט פּלוצלונג אַ פלאַטער געטאָן און איז אַוועקגעפאַלן אויף דער ערד, בראש דער פייערלעכער דעפילאַדע. דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. עס איז געוואָרן אַ טומל. באַלד האָט זיך צעטראָגן די טרויעריקע ידיעה איבער דער גאַנצער שטאָט. די פייערלעכקייטן זענען פאַרשטערט געוואָרן און דאָס יידישע וולאָדאַווע איז איינגעהילט געוואָרן אין טרויער.

לאַנג נאָכדעם בין איך שוין אין וולאָדאַווע נישט געבליבן. אין 1925 בין איך געקומען אין לאַנד אַריין און איך



בין געווען געריירט פון יעקבס חברשקייט און פריינטלעכקייט. ער האָט מיך אויפגענומען ווי אַ ברודער און געטיילט מיט מיר אַפילו זיין האַרטן געלעגער. בייטאָג האָט ער געאַרבעט סטאָלעריי און אין די אָוונטן — אין דער מזכירות פון דער הסתדרות אויף נחלת בנימין ראָג אלנבי.

ערב פּסח 1926 איז אויך געקומען זיין מוטער מיט די קינדער. זיי האָבן צייטווייליק געוווינט אין אַן אַראַביש הויז אין יפו און אויך מיך האָבן זיי נישט אָפּגעלאָזן און איך האָב געוווינט מיט זיי. דעם סדר־פּסח האָבן מיר טאַקע געפייערט צוזאַמען, מיט נאָך אייגעלאַדענע געסט.

שפּעטער האָבן זיי זיך אַריבערגעצויגן קיין תל־אביב, אויף רחוב מרכז בעלי־מלאכה און איך האָב געמוזט מיטגיין מיט זיי. דאָ איז עס באַלד געוואָרן אַ שטוב מיט אַן אָפענער טיר פאַר אַלע בני־עיר, חברים און נאָענטע. דער פריילעכער יעקב, מיט זיין גוטמוטיקן שמייכל, האָט אַלעמען געטרייסט און אַריינגעבראַכט הייטערקייט אין די פאַרזאָרגטע געמיטער פון אַרבעטסלאָזע אין דער קריזיס־צייט. ער האָט זיי אויך געהאָלפן אָפט מיט דעם לעצטן, וואָס ער האָט פאַרמאַגט. איז אַרומגעלאָפן און זיך באַמיט צו קריגן אַרבעט פאַר מענטשן און פאַרזאָרגן זיי מיטן נויטווענדיקסטן.

נאָך זיין רייזע קיין ווענעצועלאַ, קומט יעקב צוריק אין יאָר 1930 און ער באַזעצט זיך אין רעננה. ער קויפט דאָ באָדן צום פלאַנצן אַ פּרדס, האָט חתונה און אָרדנט זיך איין זיין נייע היים. ער ווערט דאָרט באַלד טעטיק אין דער מועצה, אין ארגון הפּרדסנים און אין עלטערן־קאָמיטעט פון די מזרחי־שולן. זיין פרוי געבוירט אים אַ טעכטערל און שפּעטער — אַ זון און נאָך אַ זון. עס וואַקסט אַ שיין משפּחלה. ווען זיין מוטער האָט חתונה געמאַכט דאָס לעצטע קינד, איז זי אויך אַריבער ווינען צו זיי אין רעננה.

יעדן פאַרטאָג איז יעקב אויפגעשטאַנען און איז געגאַנגען צו דער אַרבעט אין זיין פּרדס. ער האָט זיך געפירט, אַז ער האָט אָפּגעאַרבעט אַ האַלבן טאָג האָט ער זיך געלייגט רוען אין שאָטן אונטער אַ מאַראַנצן־בוים. ער האָט געהאַט זיין באַשטימטן בוים, אונטער וועלכן ער פלעגט רוען און כאַפּן זיין דרימל. ווען די פּרדס־אַרבעטער האָבן אים גענאַרפט, האָבן זיי תמיד געוווסט, ווו אים צו געפינען.

און איינמאָל, דאָס איז געווען אַכצן טאָג אין חודש סיון, האָט אים אַ פּרדס־אַרבעטער געטראָפן אַ שלאָפנדיקן און האָט אים גענומען וועקן. יעקב האָט זיך שוין אָבער מער נישט אויפגעכאַפּט.. אין שאָטן פון זיין מאַראַנצן־בוים איז ער שוין געשלאָפן זיין אייביקן שלאָף.

אין דעם ליכטיקן זומער־טאָג, איז רעננה איינגעהילט

גוואָרן אין טרויער און די שוואַרצע כמאַרע האָט זיך פאַר־צויגן איבערן הויז פון יעקבס משפחה.

דעם זעלבן טאָג האָט זיין יונגע אלמנה גענומען גיין צו־קינד און נאָך דער לוויה האָט זי געבוירן אַ טעכטערל, וואָס מען האָט שוין אַ נאָמען געגעבן נאָכן טאַטן.

אין די שבעה־טעג האָט יעקבס אַ שוועסטער געבוירן אַ ייִנגל און זי האָט אים אַ נאָמען געגעבן נאָך איר טייערן ברודער יעקב.

צו די שלושים, זענען מיר זיך אַלע צוזאַמענגעקומען ביי יעקבס קבר. צווישן די מספידים איז געווען דער הויפּט־רב פון רעננה, וועלכער האָט מספיד געווען מיט רירנדיקע ווערטער יעקבן, דעם פאַרדינסטפולן תושב פון רעננה, וועלכער איז געווען דורך אַלעמען געאַכטעט און געליבט.

ער האָט געחלומט, ווי מיר אַלע, צו קומען אין אייגענעם לאַנד, דערגרייכן אַן אייגענע נחלה און רוען אין שאָטן פון אַן אייגענעם בוים. מיר האָבן זיך אָבער קיינער נישט גע־ריכט, אַז אונדזער טייערער יעקב זאָל אַזוי יונג געפינען זיין אייביקע רו אין שאָטן פון זיין בוים.

פאַר יעקבס מוטער, מאַשאַ, איז דאָס געווען דער דריטער שווערער קלאַפּ. זי האָט פאַרלוירן איר מאַן, פאַרלוירן דעם עלטסטן זון גרשון־הענעך און איצט — יעקבן. זי איז נאָך נישט געווען אַזוי אַלט, ווי די צרות האָבן זי אַלט געמאַכט. אַ קלוגע, פרומע פרוי, אַ צדיקית, האָט זי אירע לעצטע טעג נאָר מתפּלל געווען און האָט אויסגעדריקט איר ווונטש צו רוען אויפן הר־הזיתים. זי איז נפטר געוואָרן אין ד״ר דאַנ־ציגערס שפּיטאָל און די געטרייע קינדער האָבן דערפילט איר לעצטן ווונטש. היות די קינדער זענען כהנים, בין איך מיט איר ייִנגסטן איידעם געווען מיטן מת אין דער ערשטער טעקסי און מיר האָבן געהאַט דעם כבוד צו באַגלייטן דער צדיקית, דער מאַמען פון מיין טייערן חבר יעקב, מרת מאַשאַ באַרענהאָלץ ז״ל, פון תל־אביב — קיין ירושלים, לקבר ישראל אויפן הר־הזיתים, ווי זי האָט עס געוואָלט. דאָס איז געווען אין יאָר 1947.

**אריה שטרוזמאַן**

ש. ווייסבערגער

**ניו־יאָרק**

# ר' בנימין פיינשטיין

מיין זיידע לאַזער וואַסערפירער האָט געוווינט ביי בנימין פיינשטיין און איך בין דערצויגן געוואָרן ביי אים אין שטוב. יענע צייט, פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך איינגעקריצט אין מיין זכרון. פאַר מיינע אויגן שטייט ווי לעבעדיק ר' בנימין פיינשטיין, אַ פרומער און אָפּ־געהיטענער ייד, וואָס האָט זיך געפלעגט פרייען, ווען אים איז געלונגען אַריינצוכאַפּן נאָך אַ קדושה. ער איז דערביי געווען אויך אַ גוטהאַרציקער מענטש, מיט אַ סך מיטגעפיל פאַר יעדן ליידנדיקן. יעדער אָרעמאַן וואָס איז אַריינגעקומען אין זיין שטוב, האָט ביי אים באַקומען עפּעס אָפּצועסן, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער אַליין האָט פון זיין שוסטעריי קוים אַרויסבאַקומען פרנסה בדוחק.

בנימין פיינשטיין האָט ביים זיידן קיינמאָל נישט גע־מאָנט קיין דירה־געלט. איך געדענק, ווי מען פלעגט אים פרעגן: „בנימין, וויפל נעמסטו דירה־געלט ביי דיינע קאַ־מאַרניקעס ?״ ער פלעגט דאַן נעמען גלעטן זיך די באָרד און אין גרויס פאַרלעגנהייט געזאָגט:

„הם... פריער דאַרף מען זיי דאָך אַריינגעבן אַ שטיקל ברויט, אַביסל קאַרטאָפל צו דערכאַפּן ס׳חיות... זיי ליידן דאָך הונגער... ווי קען איך ביי זיי מאָנען דירה־געלט ? מ׳דאַרף דאָך זיין אַן אכזר״.

די פויערים פלעגן אים ברענגען פאַר זיין אַרבעט אַביסל האָלץ, אַביסל פּראָדוקטן .אַ פריילעכער פלעגט ער דאַן אַריינגיין צו זיינע קאַמאַרניקעס און זאָגן:

„איר קענט זיך אויסלייען אַ פאָר שטיקלעך האָלץ. ס׳איז דאָך קאַלט. זומער וועט איר מיר אָפּגעבן״.

זיינע אָרעמע קאַמאַרניקעס האָבן ביי אים געפלעגט באָרגן די נויטיקסטע זאַכן און קיינמאָל נישט געהאַט די מעג־לעכקייט אים אָפּצוגעבן. בנימין האָט זיך געמאַכט פאַרגעסן. אַזוי האָט עס זיך איבערגעחזרט זומער און ווינטער.

אין די ווינטערדיקע שבת־צו־נאַכטסן איז ביי אים געווען אַ מנהג אַריינצורופן צו זיך אין שטוב זיינע קאַמאַרניקעס און מכבד זיין מיט טיי מיט הילניק און דערביי דערציילט זיי פאַרשידענע מעשיות, וואָס עס האָבן מיט אים פּאַסירט און וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט פון אַנדערע.

איך געדענק ווי אין איינעם אַ טאָג איז געקומען דער סעקוועסטראַטאָר אויפמאָנען די שטייערן, וואָס בנימין איז שולדיק געווען שוין פון עטלעכע יאָר. אַלע האָבן אים געקענט דעם סעקוועסטראַטאָר פון מאַגיסטראַט, פראַנצישעק, אַ דיקער גוי מיט צווי גרויסע שוואַרצע וואָנסעס. ער איז געקומען מיט זיינס אַ באַגלייטער און גלייך ביים אַריינקומען אַ זאָג געטון:

„גאַספּאַדין פיינשטיין, דו ביסט שוין שולדיק פאַר אַ סך יאָרן שטייערן. אַזוי קען עס ווייטער נישט גיין... מיר ווייסן, אַז דו ביסט אַ רייכער באַלעבאָס, האָסט אַ סך קאַ־מאַרניקעס".

בנימין איז געזעסן אויף זיין שוסטער־בענקל און רואיק אויסגעהערט פראַנצישעקס רייד. זיין ווייב האָט דערווייל אַרויסגעטראָגן די שבתדיקע לייכטער צו באַהאַלטן. דאָס איז געווען זייער איינציק פאַרמעגן ,וואָס האָט אין זייערע אויגן געהאַט אַ גרויסן ווערט.

דער סעקוועסטראַטאָר האָט געזען בנימינס רואיקייט, וואָס האָט אים אַרויסגעפירט פון געדולד, אָבער ער האָט נאָך אַלץ געפּרוּווט אַפּעלירן און מיט גוטנס צו זיין געוויסן, גע־דראָט, אַז טאָמער וועט ער היינט נישט געבן כאָטש אַביסל געלט, וועט ער ביי אים צונעמען אַלץ וואָס איז דאָ אין שטוב, דאָס בעטגעוואַנט און.... ער האָט זיך געפּרוּווט אַרומקוקן, זען וואָס נאָך ער האָט דאָ צוצונעמען. אָבער נישט זעענדיק קיין שום ווערט־זאַכן, האָט ער איבערגעריסן, געוואַרט אויף בנימינס ענטפער.

„נישטאָ... היינט האָב איך נישט קיין געלט" — האָט בנימין געענטפערט זאַכלעך, ווי אַ געניטער געשעפטסמאַן, וואָס לייגט אָפּ צו באַצאָלן דעם חוב אויף מאָרגן, אויף אַ ווייטערן טערמין.



פראַנצישעק איז געוואָרן אין כעס:

בנימין האָט געהויבן מיט די אַקסלען און ווייטער געטון זיין אַרבעט מיט אַ מינע ווי ער וואָלט נישט געהאַט קיין צייט צו אַזעלכע נאַרישקייטן.

„היינט וועל איך ביי דיר אַלץ צונעמען... כ'קען שוין לענגער נישט וואַרטן".

פראַנצישעק האָט אַרויסגעשיקט זיין געהילף ברענגען אַ פור און זיי האָבן זיך גענומען אַרויסטראָגן בנימינס בעט־געוואַנט, אַ צעבראָכן בענקל. ווען בנימינס לאָקאַטאָרן האָבן דאָס דערזען האָט יעדער גענומען אַרויסטראָגן עפּעס פון זיין שטוב, צוגעטראָגן עס פראַנצישעקן, ער זאָל בעסער ביי זיי נעמען און נישט לאָזן בנימינען אָן בעטגעוואַנט, גערעדט צו אים, אַז דאָס זענען זיי שולדיק, ווייל זיי האָבן נישט צו באַצאָלן בנימינען קיין דירה־געלט.

בנימין איז ווייטער געזעסן ביי זיין וואַרשטאַט. אָבער ווען ער האָט דערזען, ווי זיינע לאָקאַטאָרן טראָגן אַרויס זייערע זאַכן צום סעקוועסטראַטאָר, האָט ער זיך אויפגע־שטעלט און אַ געשריי געטון צו זיי:

„גייט אייך אַהיים מיט אייערע בעבעכעס... כ'וועל זיך שוין אַן עצה געבן אָן אייך".

דער סעקוועסטראַטאָר האָט אויפגעלאָדן בנימינס אַלע זאַכן אויף דער פור און איז אַוועק. בנימין איז לאַנג געשטאַנען ביי זיין טיר און נאָכגעקוקט די פור ביז זי איז פאַרשוווּנדן פון אויג. דאַן האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און געזאָגט:

„רבונו של עולם, אַז פאַר דיר איז ניחא, איז פאַר מיר גוט!"

ער איז צוריק אַריין אין שטוב, פאַרמאַכט די טיר און אַוועקגעזעצט זיך ווידער ביי זיין וואַרשטאַט און צוגעזונגען זיך אַן אומעטיקן ניגון.

אַזעלכע זענען זיי געווען די יידן פון מיין שטעטל, צווישן וועלכע בנימין פיינשטיין איז נישט געווען דער איינ־ציקער, מיט אַזאַ גרויס האַרץ, אַזוי פיל אמונה און בטחון און מיט אַזויפיל יידיש רחמנות צו יעדן ליידנדיקן מענטש.

אברהם באַרנהאָלץ — בר־נהור



# אונדזער שטוב — אַ קוואַל פון לעבן

וולאַדאַווע איז פאַר מיר שטענדיק געווען און איז געבליבן אַ קוואַל פון לעבן, ליכט און וואַרעמקייט. דאָרט בין איך געבוירן, דערצויגן, אויפגעוואַקסן און איינגעזאַפּט אין זיך ליבשאַפט צו יידן און יידישקייט, די אהבה און בענקשאַפט צו ארץ־ישראל. שטענדיק און ביי יעדער געלעגנהייט וואַרעם איך זיך אין די דערמאַנונגען פון די קינדער־ און יוגנט־יאָרן, פון אונדזערער רייכער שטוב, רייך מאַטעריעל און גייסטיק; פון די יאָרן אין חדר און בית־המדרש, דערמאַנונגען וועגן חברים און פריינט, מיט וועלכע איך האָב זיך אַזוי גוט איינגעלעבט און געוואָרן אַזוי שטאַרק צוגעבונדן.

וולאַדאַווע איז ביי מיר פאַרבליבן אַ סימבאָל פון יידיש־קייט, וואָס האָט פונאַנדערגעשפרייט אירע פליגל איבער דער גאַנצער געגנט. תמיד שטייען מיר פאַר די אויגן די לומדים און חסידים, אַלע אַ צירונג פון שטעטל. זיי האָבן געבויט היכלות פון חסידות, געפלאַנצט פרדסים פון תורה און חכמה, און געטון האָבן זיי דאָס אַלץ מיטן גרויסן אחדות־געפיל, וואָס פאַראייניקט צווישן זיך ערלעכע מענטשן און פאַר־שטאַרקט זייער תשוקה צו דערהויבנקייט, צו מעשים טובים.

אַזוי געדענק איך דיך, וולאַדאַווע, טייער שטעטל מיינס, מיט די גוטע און האַרציקע יידן, וואָס האָבן צווישן זיך געלעבט ווי אייגענע ברידער, אַרויסגעהאָלפן איינער דעם אַנדערן אין אַ נויט, נישט געלאָזט הונגערן קיין אלמנות און יתומים, פאַרזאָרגט זיי מיט ברויט און קאַרטאָפל, מיט אַ גוט וואָרט, וואָס האָט געוואַרעמט געפרוירענע הערצער, אין קאַל־טע שטובן.

תמיד באַגלייט מיך די קדושה פון די שבת־יום־טובדיקע יידן אין אונדזער שטעטל. ווי שיין די יידן אין וולאַדאַווע האָבן געוווסט ווי אָפּצושיידן דעם שבת פון דער גרויער וואָך, געוואָרן געלייטערט און דערהויבן, גרייטע אויפ־צונעמען די נשמה יתירה, די שבת־מלכתא, וואָס איז געקו־מען אין שטעטל מיט אַן אָטעם פון העכערע וועלטן און פול געמאַכט די יידישע שטובן מיטן געזאַנג פון זמירות, מיט מלאכי השרת.

ווי ווייט איך בין געווען פון וולאַדאַווע האָבן קיינמאָל נישט אויפגעהערט צו זינגען אין מיר די ניגונים פון זמירות אין די יידישע שטובן. אַזוי האָבן געזונגען מענטשן, וואָס האָבן אָראָפּגעוואָרפן פון זיך אויף אַ גאַנצן מעת־לעת די גרויע וואָך און אויפגענומען דעם יום־מנוחה, וואָס האָט פאַרבלענדעט מיט זיין שיינקייט דאָס אָרעמע שטעטל.

איך געדענק די שיינע ימים־טובים, דעם ציטער און די מורא פון די ימים־ נוראים, די פריילעכקייט פון די הקפות אין שמחת־תורה, די מחנות חסידים וואָס פאָרן אויף יום־טוב צום רבין, זייערע געזאַנגען און ריקודים.

שטילע, האַרציקע יידן און אַזויפיל לעבן האָט געקאָכט אין זיי און האָבן אַזויפיל לעבן אַריינגעברענגט אין דאָזיקן ליבן שטעטל, וואָס איז געלעגן אויפן טייך בוג.

## דער זיידע מאַטעס האַנסקער

אין שטעטל בין איך שוין געווען דער דריטער דור פון אונדזער משפחה. מיין זיידע, וועלכן מען האָט גערופן מאַטעס האַנסקער, האָט ביים איבערציען זיך פון אַנסק קיין וולאַדאַווע אויפגעבויט דאָס ערשטע שיין־געמויערט הויז אין שטעטל, וואָס האָט זיך געפונען אין דער מיל־גאַס, קעגנ־איבער דעם באַרג־שיפוע.

דאָס האָט געמוזט זיין אַ גרויס געשעעניש אין שטעטל, ווייל אין יאָרן אַרום האָט מען נאָך אַלץ מיט גרויס איבער־גענומענקייט זיך דערציילט וועגן די אויפגעשטעלטע האָטעל־

נומערן, וווהין עס פלעגן פאַרפאָרן די פּריצים, נאַטשאַלניקעס
און הויכע באַאַמטע פון דער געגנט, מיט וועלכע דער זיידע
האָט געפירט זיינע ברייט-פאַרצווייגטע וואַלד-געשעפטן, אַ
בראַנזשע, וואָס איז אין אונדזער משפחה איבערגעגאַנגען פון
דור-דורות. גאַנץ אָפט האָב איך געהערט דערציילן וועגן די
גרויסע געשעפטן פון מיין עלטער-זיידן, וועלכער האָט אויך
געוווינט אין האַנסק, אַ גמינע, אַכצן קילאָמעטער פון וולאָדאַווע.

דאָס הויז, וואָס מיין זיידע מאַטעס באַרנהאָלץ האָט
אויפגעשטעלט, איז געווען אַ גרויסער בנין, הינטער וועלכן
עס האָבן זיך אויך געפונען שטאַלן פאַר די פּריצישע פערד,
אַ גרויסער הויף פאַר קאַטשן.



ר' מתתיהו באַרנהאָלץ, גערופן: מאַטעס האַנסקער, איז געווען
גבאי אין שול, דאָזאָר און געזעלשאַפטלעכער טוער.

מיין זיידע מאַטעס איז געווען אַ ייד, פון וועלכן עס
האָט געקוואָלן ענערגיע, פּראַקטישע חכמה און גרויסער
סוחרישער פאַרנעם. מען פלעגט אים גאַנצע טעג נישט זען
אינדערהיים, בעיקר איז ער געווען פאַרנומען מיטן וואַלד-
האַנדל. ער האָט געהאַט גרויס אָנזען ביי די פּוילישע פּריצים
און זיי האָבן זיך צו אים באַצויגן מיט אומבאַגרענצטן צוטרוי.

אַ גוטמוטיקער צו אַרומיקע איז ער אָבער געווען שטרענג
און אָפּגעהיטן צו זיך אַליין. אַ בעל-צדקה פון אַמאָליקן שניט,
געטיילט שפּענדונגען פאַר חברות און געהאַט אַ ברייטע האַנט
פאַר נויטבאַדערפטיקע יחידים, געגעבן הלוואות און נדבות.



זיין ווייב, די באָבע ביילע, האָט באַזונדער געפירט איר
צדקה-טעטיקייט, געטיילט פעקלעך עסן און מלבושים פאַר
אָרעמע-לייט, געזאָרגט פאַר מתן בסתר, נישט צו פאַרשעמען
מיט איר הילף אַמאָליקע פאַרמעגלעכע באַלעבאַטים, וואָס
זענען געוואָרן יורדים און געשעמט זיך מיט זייער אָרעמקייט.

אונדזער טאַטע, אליעזר, איז געווען אַן איינציקער זון
אין אַ שטוב מיט טעכטער און אַלס יינגל אויסגעצייכנט זיך
מיט זיינע פעאיקייטן. געהאַט גאָר אַ שנעלע תפיסה און אַ
גלענצנדיקן זכרון, אָבער מיט דעם אַלעם נישט אַרויסגע-
וויזן קיין גרויסן חשק צו התמדה אין לערנען. אָפּשטאַמענ-
דיק פון אַ משפחה קאָפּמענטשן איז אים דאָס לערנען אין
חדר גרינג אָנגעקומען. אַ „בלאַט" גמרא איז פאַר אים נישט
געווען קיין אָנשטרענגונג און דער גוטער קאָפּ האָט אַרויס-
געוויזן אַ נטיה צו מסחר מיט גרויסע השגות, און דאָס פון
די פריסטע יאָרן, גלייך נאָכן ענדיקן דאָס לערנען אין די
חדרים.

פון אָנהויב אָן איז זיין נטיה צום מסחר נישט געווען
דיקטירט פון יאָגן זיך נאָך עשירות. ביי זיינע עלטערן אין
שטוב האָט אים נישט געפעלט פון כל טוב און האָט באַקומען
גענוג טאַשן-געלט, אָבער דער סוחרישער נערוו האָט אים
נישט געלאָזט רוען און יעדע גרעסערע אונטערנעמונג האָט
ביי אים אַרויסגערופן התפעלות און ענטוזיאַזם.

## צווישן האַרטע בערג

עס איז געווען אין דער צייט ווען מען האָט געבויט די
באַן-ליניע בריסק-כעלם, וואָס האָט זיך געצויגן פאַרביי
וולאָדאַווע און דער פּאָדריאַטשיק איז געווען ר' אברהם
לוקסנבערג, וועלכער פלעגט איינשטיין ביים זיידן אין די
„נומערן". אין וולאָדאַווע האָט מען אברהם לוקסנבערגן גע-
קענט אַלס אַ מענטש מיט גרויס אונטערנעמערישקייט און
איז געווען זייער אָנגעזעען, כאָטש געוווינט האָט ער מיט
זיין משפחה אין איוואַנגראַד, שפּעטערדיקער דעמבלין.

אין דער צייט, וואָס ער איז געווען פאַרנומען אין
אונדזער געגנט, האָט ער אַ סך פאַרבראַכט אין זיידנס
הויז, גערעדט פון גרויסע געשעפטן. לויט ווי מען דערציילט
איז ער געווען אַ הייסער ייד, מיט אַ סך ענערגיע און האָט
געהערט צו די מענטשן, וואָס זענען שטענדיק איבערגעלאָדן
מיט מעשים און טוען אַלץ מיט אַ גרויסן פאַרנעם, שטאָלץ
מיט זייערע קענטענישן און פעאיקייטן און אַפילו ווען עס
איז זיי אָנגעזאָטן אויפן האַרצן, גיבן זיי נישט צו דערקענען,
כאַפּן זיך נישט אַרויס מיט קיין איבעריקן זיפץ.

דאָך האָט פּאַסירט, אַז ער איז איינמאָל אַריינגעקומען
צום זיידן און אַראָפּגערעדט זיך פון האַרצן. עס האָט זיך

געהאַנדלט וועגן אַ ריזיקער באַשטעלונג פון שטיינער, וואָס מען האָט געדאַרפט אונטערלייגן אונטער די באַן־רעלסן. די באַדינגונגען זענען געווען אַזעלכע, אַז עס האָט אויסגעזען אוממעגלעך אויסצופירן די באַשטעלונג.

דער טאַטע איז נאָך דעמאָלט געווען אַ בר־מצווה־בחורל. און כאָטש אַלע האָבן געקענט זיינע פעאיקייטן צום מסחר, האָט זיך דאָך קיינער נישט געריכט, ער זאָל וואָגן אַריינצושטופן זיין קעפל צווישן אַזעלכע האַרטע בערג פון גרויסע געשעפטן און קאָפּ־שווינדלדיקע חשבונות. דערי־בער זענען די ביידע ריזן געבליבן זיצן פאַרגאַפּטע, ווען דאָס יונגע בחורל איז צוגעקומען צו זיי און געוואָנדן זיך צו ר׳ אברהם לוקסנבערגן און אים פאָרגעשלאָגן:

„ר׳ אברהם, איך נעם אויף זיך צוצושטעלן די שטיינער״.

פון זיינע ווערטער האָט געשלאָגן מיט ענערגיע, איני־ציאַטיוו און גלייכצייטיק דורכגעטראַכט, באַזאַכט. נאָך אַ ווײַלע שווייגן האָט ער צוגעגעבן:

„איך דאַרף פון אייך באַקומען בלויז אויף די הוצאות, וואָס מען וועט דאַרפן באַצאָלן די פויערים פאַרן פירן די שטיינער״.

אברהם לוקסנבערג האָט אים דורכגעדרונגען מיט זיין שאַרפן בליק, געזען די שטאָלענע פעסטקייט, וואָס האָט אַרויסגעקוקט פון די יונגע אויגן און נאָך אַ ווײַלע שווייגן געגעבן זיין הסכמה.

דעם טאַטנס ברויזנדיקע נאַטור האָט אין דער דאָזיקער אונטערנעמונג געפונען אַן אויסגאַנג. ער האָט פעסט גע־נומען די לייצעס אין די הענט אַריין, אַרומגעפאָרן איבער די דערפער, ווו עס איז גענוג געווען, ער זאָל זיך פאַרשטעלן, אַז ער איז מאַטעס האַנסקערס זון און די טירן פון אַלע פויע־רישע הייזקעס האָבן זיך פאַר אים געעפנט.

אויף זיין רוף האָבן די פויערים גלייך איינגעשפּאַנט זייערע פערד־און־וועגן און פון אַלע דערפער האָבן זיך פויערים אַוועקגעלאָזט איבער נאָענטע, ווייטע און אומ־באַקאַנטע פעלד־וועגן, ווו עס זענען געלעגן אָנגעשיט שטיינער. זיי האָבן געהאַקט די שטיינער אויף קליין, געזיפּט און געריניקט די צעהאַקטע שטיינער און אויפגעלאָדן זיי אויף די פורן. די פאַרשלאַפּענע וועגן פון די פאַרוואָרפענע דערפער האָבן אויפגעלעבט. צענדליקער פורן האָבן אָנגע־הויבן פירן שטיינער צו די באַן־רעלסן.

אין משך פון אַ קורצער צייט איז די מלוכהשע באַ־שטעלונג געווען רעאַליזירט.

ר׳ אברהם לוקסנבערג האָט טריאומפירט. ער איז גע־בליבן ביי זיין שם אַלס פינקטלעכער אויספירער, גוטער אָרגאַניזאַטאָר און ענערגישער אונטערנעמער; האָט באַ־



וויזן דער רוסישער אינטענדאַנטסטוואָ, אַז אויף די קינדער פון אברהם, יצחק און יעקב קען מען זיך פאַרלאָזן.

ער האָט געוווּסט וועמען ער האָט עס צו פאַרדאַנקען און האָט הויך אָפּגעשאַצט די אונטערנעמערישע פעאיקייטן פון דעם יונגן בחורל, וועמען ער האָט פאַרויסגעזאָגט אַ גלענצנדיקע צוקונפט. דער בעסטער אויסדרוק דערפון איז געווען דאָס פאַרשלאָגן אים דעם שידוך מיט זיין ווייבס שוועסטער, חוה, אַן איידל און שיין מיידל ,מיט בילדונג און גוטן נדן.

אינגיכן איז טאַקע פאָרגעקומען די חתונה און זי איז עס טאַקע געוואָרן אונדזער מאַמע.

נאָך דער חתונה איז דער טאַטע אַריין אין די געשעפטן מיטן גאַנצן אימפּעט. אין אים האָבן שטענדיק געברויזט נייע פּלענער און אַן אומגעדולד פאַר אַלץ נייע און נייע אונטערנעמונגען.

אין יענער צייט איז קיין וולאַדאַווע געקומען פון קיעוו אַ רוסישער ריכטער, מאַקאַרענקאָ, און האָט געוווינט אין זיידנס „צימערן״. ער איז געווען אַן אינטערעסאַנטער מענטש, האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דער עכט רוסישער גוטמוטיקער פאַמיליאַרישקייט מיט מענטשן, צו וועלכע ער האָט באַקומען צוטרוי און געהאַט פאַר זיי אַפּשיי.

דער ריכטער האָט זיך נעענטער באַקענט מיט מיין טאַטן, האָט הנאה געהאַט צו שמועסן מיט אים, וויסנדיק, אַז צוויי קלוגע אויערן הערן אים און ער האָט ליב געהאַט זיך צוצוהערן צום טאַטנס געלאַסענע און זאַכלעכע רייד, וועלכע האָבן אויסגעגעבן זיין קלאָרן און שאַרפן שכל און גרויסן טאַלאַנט צו מסחר. דער ריכטער האָט געהאַט הינטער קיעוו אַ סך וואַלד, פאַלוואַרקן און ער האָט מיטאַמאָל דערזען, אַז דער טאַטע וואָלט דאָס אַלץ געקענט פאַר־וואַנדלען אין געלד.

שוין די ערשטע טראַנזאַקציעס, וואָס דער טאַטע האָט דורכגעפירט, זענען געקרוינט געוואָרן מיט הצלחה. מיט דער צייט האָט דער ריכטער איבערגעגעבן דעם טאַטן אַלע פולמאַכטן, איז געוואָרן מיטגעריסן פון זיינע פּלענער, ברען און אויספירקראַפט.

דער טאַטע איז אַריין אין די געשעפטן מיטן גאַנצן שווונג, האָט שפּעטער אָפּגעקויפט ביים זיידן דאָס הויז מיט די „נומערן״, גענומען זיך צום גראָבן דעם ברונעם מיט אַ ראָד, וואָס איז אין יענער צייט געווען אין וולאַדאַווע אַן איבערראַשנדיקע נייעס, מען האָט שוין נישט געדאַרפט נעמען וואַסער פונעם בוג און אַלע זענען געקומען צום ברונעם שעפּן מחיהדיק זיס וואַסער.

די גאַנצע צייט האָט דער טאַטע געלעבט מיט זיינע גע־שעפטן, איז אָפט געפאָרן קיין קיעוו, פאַרנומען זיך מיטן

וואלד־מסחר און באוויזן וואס ער קען. מאקארענקאס וועל־דער זענען געווען רייך אין גוט געהילץ, דעמבעס און קלא־נען, אלכעס, לינדן און טאפאלן. דאס איז נישט געווען קיין פראסט געהילץ אויף צו ברענען און צו בויען פויערישע הייזקעס. זיי זענען געווען העלצער שווערע ווי אייזן און קערנדיקע ווי נוס, וואס זענען געגאנגען אויף מאכן מעבל,



בויען וואגאנען, שיפן, האלץ פון גאר אן אנדער ווערט און מיט גרויסע הכנסות.

די שטוב האט געפירט די מאמע מיט איר אינעווייניקסטער באשיידנקייט און צניעות, ידיש, מיט א ברייטער האנט צו נויטבאדערפטיקע. זי האט געשטאמט פון באקאנטע זוואלינער חסידים, איז יונג געווארן א יתומה און זיך דערצויגןביים זיידן אין איוואנגראד, וועלכער איז אויך געווען א גרויסער אונטערנעמער, געבויט די דעמבלינער פעסטונג.

די מאמע איז געווען א הייסע אנהענגערין פונעם ביא־לער רבין, אפט געפארן צו אים און זי האט געהאט א השפעה אויך אויפן טאטן, וואס איז אין אנהויב געווען א מתנגד, אבער אונטער דער מאמעס השפעה האט ער אנ־געהויבן פארן צום ביאלער רבין, האט אויפגעהערט צו גיין



דאווענען אין בית המדרש און געווארן א שטענדיקער מתפלל אין ביאלער שטיבל, וואס האט זיך געפונען אין דער מקווה־גאס.

אין אונדזער שטוב זענען געווען פינף קינדער, דריי ברידער — ישראל־מרדכי, אייזיק און דוד־מאטעס זכרונם לברכה. איך בין געווען דער פערטער, נאך דער שוועסטער



**ר׳ אליעזר בארנהאלץ און זיין פרוי חוהלע.**

**א שטוב פון צדקה, הכנסת אורחים, און מעשים טובים**

חיה־שרה, אומגעקומען מיט דער גאנצער משפחה. און תבדל לחיים ארוכים, חנהלע, די איצטיקע ביאלער רביצין, וועלכע וווינט מיט איר מאן, דעם ביאלער רבין אין ירושלים.

## די פאראווע מיל

נאכן טויט פונעם ריכטער מאקארענקא האט דער טאטע פארלוירן א וויכטיקן אנהאלט אין זיינע געשעפטן און ער האט געמוזט זוכן נייע פרנסה־קוואלן. גראד דאס האט ביי אים ארויסגערופן דעם חשק צו בויען, די אייגנשאפטקייט אויפצולעבן. ער האט פארקויפט דאס הויז און געקויפט א פלאץ הינטער דער שטאט און זיך גענומען צום בויען די פאראווע מיל.

ביז דאן האט וולאדאווע געהאט בלויז א וואסער־מיל, וואס האט געהערט צו די לעמבערגערס. דער טאטע האט

געזען אין דעם אַן אָפּגעשטאַנענקייט און מיט זיין כאַראַקטעריסטישן ברען צו נייע אויפטועו גענומען זיך צו דער אַרבעט. אַליין אַנגעצייכנט דעם פּלאַן, וועלכן דער אינזשיניער, וואָס ער האָט אַראָפּגעברענגט פון וואַרשע, האָט אָן וואַקלענישן באַשטעטיקט.

ווען די מיל האָט גענומען אַרבעטן איז דאָס גאַנצע שטעטל געקומען באַוווּנדערן וואָס לייזער מאַטעסעס האָט באַוויזן. פון פריען באַגין האָבן אָנגעהויבן יעדן טאָג קומען די פויערים מיט פולע פורן, באַלאָדענע מיט תבואה צום מאָלן אין דער פּאַראָווע מיל.

## די עלעקטרישע סטאַציע

באַלד האָט דער טאַטע אויפגעברויזט מיט אַ נייעם פּלאַן, אויפצושטעלן אַן עלעקטרישע סטאַציע, וואָס זאָל געבן עלעקטריש ליכט פאַרן גאַנצן שטעטל. אויך אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט ער זיך אַריינגעוואָרפן מיט אַ ברען און אימפּעט, וואָס האָט נישט געהאַט צו זיך קיין גלייכן און עס האָט נישט לאַנג געדויערט האָט מען אין שטעטל דערפילט דעם גרויסן אויפטו, נישט צו דאַרפן אָנקומען צו קיין נאַפט־לאָמפּ אָדער גאַז. וולאָדאַווע האָט צום ערשטן מאָל באַקומען עלעקטריש ליכט.

אַזוי ווי מען האָט נאָר אָנגעהויבן שטעלן די סלופּעס אויף צו פאַרציען די עלעקטרישע דראָטן, האָט דער טאַטע קודם־כל געזאָרגט פאַרן בית המדרש, וווהין מען האָט צום ערשטן אַריינגעפירט עלעקטריש ליכט.

די מענטשן אין וולאָדאַווע האָבן זיך צוגעווינט צו קוקן אויפן טאַטנס נייע אונטערנעמונגען און זיין דערפאָלג ווי אויף אַ נאַטירלעכן וואַקסן פון יונגע בלעטער אויף אַ פעסט־פאַרוואָרצלטן און שטענדיק גרינעם בוים. דער בוים — דאָס איז דאָך דעמאָלט געווען דאָס ערשטע יידישעקאָנאָמישע און געזעלשאַפטלעכע לעבן, וואָס האָט זיך גענומען אַנטוויקלען אין וולאָדאַווע.

געזעלשאַפטלעך לעבן איז בעיקר געווען דאָס חסידישע אויסלעבן זיך אין שטעטל, פאָרן צום רבין און קומען צוריק אָן אַדורכגעזאַפּטער און דורכגעדרונגענער מיט התלהבות, טיילן זיך מיטן רבינס תורה־ווערטער, אַוועקלאָזן זיך אין אַ ריקוד און זינגען חסידישע ניגונים.

דער טאַטע איז געפאָרן צום ביאַלער רבין, דעם ייד הקדוש אייניקל, וואָס האָט איבערגענומען די חסידים פון אָסטראָווער רבין, ר׳ יהושעלע ז״ל.

די עלעקטראָוניע האָט געאַרבעט אויף דער גאַנצער פּאַרע און ביסלעכווייז איז שוין אין דער גאַנצער שטאָט געווען עלעקטריש ליכט. די חסידים־שטיבלעך, דער רב, שוחטים און חזנים, ווי אויך מלמדים האָבן געקראָגן עלעק־



טריש ליכט אומזיסט. געווען אויך אַנדערע, וואָס דער טאַטע האָט ביי זיי נישט גענומען באַצאָלט פאַרן עלעקטרישן ליכט דאָס זענען געווען פאַרבאַרגענע אָדער אָפענע אַרעמעלייט.

## שיעורים ביי הרב פּערלאָוו

דער טאַטע האָט זיך עס געקאָנט פאַרגינען. די הכנסות זענען געווען גרויסע. אין שטוב האָט זיך גוט געפילט די עשירות. די מאַמע האָט זיך גאָר צעפירט די הענט, געגעבן צדקה, געטיילט גבאיטעס גאַנצע פּעק, מלבושים און עסן, זיי זאָלן עס צעטיילן צווישן נויטבאַדערפטיקע. יעדן שבת זענען ביי אונדזער טיש געזעסן פיר, פינף אורחים. דאָס איז געווען אַ שפע, וואָס איז געווען דורכגענומען מיט יידישקייט, מיטן געפיל פון ישראל ערבים זה לזה; פון חוב וואָס דער יחיד האָט לגבי דעם כלל און פון זיין צוגעבונדן צום בורא און צו דער אומה און דאָס עשירות איז אויסגענוצט געוואָרן אויף קידוש שם שמיים.

צו די קינדער האָט דער טאַטע געהאַלטן די בעסטע מלמדים און גוטע לערער, וואָס האָבן אונדז געלערנט אויך לימודי חול, לייענען און שרייבן. ווען איך בין אונטערגעוואַקסן האָב איך אַ לענגערע צייט געלערנטביים רב, הרב יהודה־אריה פּערלאָוו, געוועזענער מינסקער רבי, וואָס האָט געהאַט אַ גאונישן מוח און זיין אייגענעם אופן פון לערנען. מען האָט געקענט זען ווי ער האָט אַ הנאה געהאַט פון לערנען מיט אונדז. אויך מיר, די תלמידים, האָבן מיט גרויס חשק ביים אים געלערנט. ער פלעגט אונדז בעתן לערנען אָנשטעקן מיט באַגייסטערונג.

## דער נייער דאַמף־קעסל

די רעדער פון דער געשיכטע זענען זיך געלאָפן זייער וועג. עס איז אויסגעבראָכן די ערשטע וועלט־מלחמה. דאָס שטעטל איז אָפּגעברענט געוואָרן. בלויז אונדזער מיל איז על פי נס געבליבן גאַנץ, אָבער עס איז נישט געווען מיט וואָס אונטערצוהייצן דעם דאַמף־קעסל, צו וועלכן מען האָט גענוצט דעם באַזונדערן מין אַנטרעציט־קוילן, וואָס איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין גאַז און געטריבן די מאַשין. די קוילן האָט מען געברענגט פון שלעזיע און צוליב דער מלחמה זענען נישט געווען קיין שום מעגלעכקייטן זיי צו באַקומען.

די מאַשין איז געבליבן שטיין און עס זענען נישט געווען קיין אויסזיכטן צו ברענגען זי אין באַוועגונג. דאָס האָט געווירקט דערדריקנדיק נישט בלויז אויף אונדזער משפחה, נאָר אויך אויפן גאַנצן שטעטל און אויך אין די אַרומיקע דערפער.

ווידער האָט זיך אַנטפּלעקט דער פאַרנעם פונעם טאַטנס איינגעבוירענע פעאיקייטן .דווקא ווען אַלע האָט אַרומגע־נומען אַ מרה שחורה האָט אין אים אַ שפּרודל געטון די ענערגיע און זיין דערפינדערישער מוח האָט אויפגעפלאַמט מיט אַ נייער המצאה.

האַבנדיק צו טאָן לאַנגע יאָרן מיט וואַלד, האָט דער טאַטע אויסגעצייכנט געקענט די אייגנשאַפטן פון יעדן מין האָלץ און האָט געוווּסט, אַז דעמבאָווע האָלץ גיט אַרויס דעם זעלבן גאַז, וואָס די אַנטרעציט־קוילן. עס איז אָבער געגאַנגען אין דעם, וואָס די קעסלען זענען נישט געווען צוגעפּאַסט צו ברענען מיט האָלץ. זיי האָבן דערצו געדאַרפט האָבן אַ גאַנץ אַנדערן געבוי.

ווי נעמט מען נייע קעסלען ?

דער טאַטע האָט נישט גערוט. איז געפאָרן קיין לובלין און געוואָנדן זיך צו אַן אינזשיניער פון מאַשינען־בוי, פאַרגעשטעלט אים זיין פּראָיעקט צו בויען אַ נייעם קעסל. דער אינזשיניער האָט אים אויפמערקזאַם אויסגעהערט, צוגע־זאָגט צו פאַרטראַכטן זיך, מיט דער באַוואָרעניש, אַז דאָס איז אַ שווערער ענין און עס דאַרף דויערן לאַנגע חדשים אַרבעטן איבערן פּלאַן. דערצו איז נישט זיכער, צי עס וועט דערפון עפּעס אַרויסקומען.

צוריקקומענדיק קיין וואָלאָדאַווע האָט דער טאַטע זיך פאַרמאַכט אין זיין קאַבינעט און אַוועקגעזעצט זיך אַרבעטן איבערן צייכענען אַ פּלאַן פון אַ נייעם קעסל.

עטלעכע מעת־לעת איז דער טאַטע אַזוי געזעסן איבער די צייכענונגען, געמעקט, געשטראָכן און פונסניי געצייכנט. ער האָט די גאַנצע צייט געשוויגן, געווען פאַרטיפט אין זיך, פאַרזונקען אין מחשבות אַרום דעם פּלאַן פון נייעם קעסל.

ענדלעך איז דער טאַטע אַרויסגעקומען אַ צעשיינטער.

דאָס שטעטל איז ווידער אויפגערודערט געוואָרן. די ידיעה, אַז אליעזר מאַטיסעס האָט אַליין אויסגעאַרבעט אַ פּראָיעקט פון אַ נייעם קעסל, האָט זיך שנעל פונאַנדער־געשפּרייט איבערן גאַנצן שטעטל.

דער טאַטע האָט צונויפגערופן די קאַוואַלעס פון וואָלאָ־דאַווע און האָט זיי געהייסן צונויפזאַמלען די כל־מיני נאַפּט־קעסלען, וואָס האָבן זיך געפונען אין שטעטל, גע־געבן זיי גענויע אָנווייזונגען, אָנגעצייכנט פאַר זיי מאָסן און ליניעס ווי אַזוי אויפצובויען דעם נייעם קעסל.

די אַרבעט האָט געבערענט אונטער די הענט. באַלד האָט מען גענומען פירן פון וואַלד די דעמבענע העלצער און געשניטן זיי אין קלעצער. די מאַשינען האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן אויף דער גאַנצער פּאַרע.

אין וואָלאָדאַווע איז ווידער געוואָרן ליכטיק.

די ידיעה האָט זיך פאַרשפּרייט איבער גאַנץ פּוילן און



פון אַ סך אַנדערע שטעט, וואָס האָבן זיך געמאַטערט מיטן זעלבן פּראָבלעם, איז מען געקומען קיין וואָלאָדאַווע איבער־נעמען ביים טאַטן דעם נייעם סיסטעם פון פאַרוואַנדלען האָלץ אין גאַז, דעם נייעם מאָדעל פונעם ספּעציעלן קעסל, וואָס מיין טאַטע האָט אויפגעבויט.

וואָלאָדאַווע האָט שטאָלצירט מיטן טאַטנס אויפטוען, וואָס זענען געווען אַן אַנלען פאַרן שטעטל אין יענער בי־טערער צייט.

די נויט אין וואָלאָדאַווע איז געווען גרויס. די דייטשע אַרמיי האָט פאַרנומען די שטאָט. מער ווי אַ האַלב שטעטל איז געווען אָפּגעברענט. די ענגשאַפט איז געווען אין לשער.

עס איז אויסגעבראָכן אַ טיפוס עפּידעמיע, וואָס האָט נישט אויסגעמיטן קיין איין שטוב.

יענע צייט האָט אַרויסגעבערענגט די באַזונדערקייט פון די וואָלאָדאַווער יידן, זייערע גרויסע הערצער. איינע די אַנדערע האָבן געהאָלפן. די געזונטע ,וואָס האָבן זיך נאָך געהאַלטן אויף די פיס, האָבן מיט לייב און לעבן זיך אַריינ־געוואָרפן אין דער הילפס־אַרבעט. אונדזער שטוב האָט דעמאָלט אויסגעזען ווי אַ שטאָב אַנצופירן מיט דער מלחמה קעגן די קראַנקהייטן, קעגן דעם הונגער און נויט צווישן די יידן אין שטעטל. עס זענען צונויפגעשטעלט געוואָרן רשימות פון נויטבאַדערפטיקע פאַר וועלכע עס זענען פונ־אַנדערגעטיילט געוואָרן פודן מעל, וואָס דער טאַטע האָט אָפּגעקויפט ביי די פּויערים פאַר זיין אייגן געלט. די מאַמע האָט אָנגעפירט מיט דער קיך, ווו מען האָט אין גרויסע קעסלען געקאָכט זופּן און פונאַנדערגעטראָגן אין פּאַרציעס צו די נויטבאַדערפטיקע. פולע קעסלען מיט געדיכטער זופּ האָט מען אַוועקגעשטעלט אין בית המדרש און אַלע מתפּללים האָבן נאָכן דאַווענען באַקומען טעלערס זופּ, וואָס האָט זיי דערהאַלטן ביים לעבן.

יעדן שבת זענען אין אונדזער שטוב אַוועקגעשטעלט געוואָרן צוויי טישן פאַר אורחים, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט אונדז געגעסן די שבתדיקע סעודות און דער טאַטע האָט זיך באַמיט עס זאָל זיין צוגעגרייט פון כל־טוב.

## דער „ספעציאַליסט" צו עלעקטריע

פון יענע ווייטע יאָרן טויכט אויף אין מיין זכרון דאָס בילד פון יענעם יידישן בחור, וואָס האָט זיך אין איינעם אַ טאָג באַוויזן אין אונדזער שטוב, אָפּגעריסן, בלאָס, אַ ציטערנדיקער פון קעלט און פחד. עס האָט אים געקלאַפּט אַ צאָן אַן אַ צאָן און פון זיינע אויגן האָט אַרויסגעקוקט דער הונגער. אונדזערע הערצער האָבן זיך געקורטשעט פון מיטגעפיל און רחמנות.

מען האָט דייטלעך געזען ווי שווער עס איז אים אָנגעקומען אויסצורעדן אַ וואָרט און דער טאַטע האָט אים דערפאַר נישט געלאָזט רעדן נאָר קודם־כל געהייסן אים זיך אָוועקזעצן ביים טיש און באַפוילן, מען זאָל אים דערלאַנגען עסן.

ערשט ווען דער בחור האָט געשטילט זיין הונגער האָט דער טאַטע אים געלאָזט דערציילן ווער ער איז און ווי אַזוי ער קומט אַהער אין וולאַדאַווע.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער קומט פון נאַבעל, אַ שטעטל נעבן פּינסק, וווּ זיין פאָטער איז געווען רב. די דייטשן האָבן אים געכאַפּט אויף אַרבעט, אַוועקגעפירט אים אין אַן אומבאַקאַנטער ריכטונג. דער בחור האָט נישט אַזוי ווייט מורא געהאַט פאַר דער אַרבעט ווי פאַר זיין געצוווּנגען צועסן טריפות און אַרבעטן אום שבת. ווען ער איז אָנגעקומען אויף דער באַן־סטאַציע אין וולאַדאַווע איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פונעם לויפנדיקן צוג און אים איז געלונגען אַריינצוקריגן זיך אין שטאָט.

דעם ערשטן ייד, וואָס ער האָט אָנגעטראָפן אין שטעטל האָט ער פאַרטרויט זיין לאַגע, געבעטן ביי אים הילף, אַן עצה, וווּ זיך צו ווענדן, וווּ זיך אויסצובאַהאַלטן. יענער אָנגעטראָפענער ייד האָט אים קיין סך נישט געקענט העלפן, נאָר אָנגעוויזן אים די אַדרעס פון לייזער באַרנהאַלצס הויז, פאַרזיכערנדיק אים, אַז דאָרט וועט מען אים נישט לאָזן פאַלן.

די גאַנצע צייט, וואָס ער האָט גערעדט, האָבן אים געשטיקט די טרערן, ער האָט זיך נישט געקענט באַפרייען פון פחד און אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער זיך צוזאַמענגעבראָכן. מער נישט געקענט רעדן און די טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זיינע אויגן.

ווען ער האָט זיך אַביסל באַרואיקט האָט ער געזאָגט:

„אפשר האָב איך שלעכט געטון? נישט געדאַרפט אַנטלויפן איינשטעלן דאָס לעבן, ריזיקירן מיט אייער לעבן... אפשר זאָל איך צוריקלויפן, אויסזוכן דעם טראַנספּאָרט?”

דער טאַטע האָט גוטמוטיק געשמייכלט, געזאָגט:

„זיץ, מאַך זיך נישט נאַריש, ס'וועט דיר גאָרנישט געשען. ביזט דאָך ביי מיר אין שטוב, אין אַ יידישע שטוב”.

צו מיין ברודער מאָטל האָט דער טאַטע זיך אָפּגערופן:

„מאָטל, גיי צו צום קאָמענדאַנט און זאָג אים, אַז איך האָב דאָ אַ ספּעציאַליסט צו עלעקטריע און מען טאָר אים נישט אַוועקלאָזן. זיין נאָמען איז זלמן ליכטשטיין, איך דאַרף האָבן אַ ספּעציעלע דערלויבעניש”.

מיין ברודער איז גלייך אַוועק און נאָך אַ האַלבער שעה איז ער צוריקגעקומען מיט דער דערלויבעניש אין האַנט.



זלמנס פּנים האָט זיך צעשיינט, פון זיינע אויגן האָט געשטראַלט מיט גרענעצלאָזער דאַנקבאַרקייט.

זלמן איז גלייך אַוועק אין מקווה און די מאַמע האָט אים מיטגעגעבן פרישע וועש און נייע מלבושים. ווען ער איז צוריקגעקומען איז שוין נישט געווען צו דערקענען דעם צעשראָקענעם און ציטערנדיקן בחור. זיין איידל פּנים איז געווען פריידיק צעשטראַלט.

די מלחמה האָט געדויערט פיר יאָר. יידן זענען זיך צעלאָפן און אין שטעטל האָט זיך געפילט די פּוסטקייט. עס זענען נישט געווען קיין מלמדים. איך און מיין יינגערער ברודער דוד האָבן זיך אַרומגעדרייט פּוסט און פּאַס, נישט געלערנט. מיט זלמנס אָנקומען האָט זיך דאָס געענדערט. זלמן האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ גוטן לערנער און ער האָט מיט אונדז געלערנט גמרא און מפרשים.

עס האָט זיך פאַרבונדן צווישן אונדז אַ גרויסע פריינדשאַפט. בכלל האָט מען זלמנען ליב געהאַט. ס'איז געווען אַ מחיה צו הערן ווי ער לערנט, האָבן יידן געזאָגט אין בית־המדרש, מיט אַזאַ זיס קול. ווען עס האָט עמעצן פון די בית־המדרש־בחורים געמאַטערט אַ שווערער ענין, אַ האַרבע סוגיע, אַ קשיא, איז ער געקומען צו זלמנען. די חריפות איז אים געלעגן אויף זיין פּנים, אין זיין אומרו. דערצו איז ער געווען אויך אַ גרויסער בקי, אַ צנא דמלי ספר, און עס איז געווען פאַרשטענדלעך זיין לעכצן דורכצושמועסן זיך אין לערנען און בענקען נאָך אַ וויכוח אין חידושים, וואָס האָט נישט איינמאָל אָנגענומען די מדרגה פון א מלחמה צווישן גבורים אין גייסט.

זלמנס פריינדשאַפט, זיין אופן פון לערנען און מסביר־זיין געהערן צו די שענסטע דעראינערונגען פון מיינע יונגע יאָרן אין וולאַדאַווע. כ'דערמאָן זיך ווי יידן פלעגן אין בית־המדרש, בין מנחה למעריב, צולייגן אַן אויער זיך צוצוהערן צו זלמנס מחדש זיין און פאַרענטפערן אַ האַרבע סוגיא. אין זייער הנאה איז געווען דאָס געפיל ווי זיי וואָלטן געווען שותפים צום לערנען און זיי האָבן איינגעזאַפּט אין זיך דעם ניגון און דאָס ליכט פון זלמנס וואַרעמען אופן פון לערנען. נאָך אַ שווערן טאָג פון דאגת פרנסה, איז דען דאָ אַ גרעסער פאַרגעניגן ווי צו לערנען תורה און צוהערן זיך צום האַרציקן גמרא־ניגון?! און כאָטש דאָס האָט זיך געפלעגט איבערחזרן טאָג נאָך טאָג, איז דאָס קיינעם נישט נמאס געוואָרן. אדרבה, יעדעס מאָל האָט עס פאַרשאַפט מער הנאה, ווי מען וואָלט עס געהערט צום ערשטן מאָל.

עס זענען געווען אין וולאַדאַווע גרויסע לומדים, חריפים, בקיאים און סתם לערנער און אַלע האָבן זלמענען ליב געקרוגן סיי פאַר זיינע עילוישע פעאיקייטן און סיי פאַר זיינע שיינע מידות.

אין שטוב איז זלמן געווען ווי אַן אייגן קינד. געגעסן, אַנגעטון זיך גלייך מיט אונדז, געקראָגן טאַשן־געלט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס דאָס שטעטל איז געלעגן ווי אַוועקגעוואָרפן אויפן ברעג פון בוג, האָט עס דאָך ביס־לעכווייז אַנגעהויבן אויפצולעבן, אַ סך צוליב דעם, וואָס די מיל איז געגאַנגען, געאַרבעט אויף דער גאַנצער פּאַרע. עס זענען געקומען פּליטים פון אַנדערע שטעט און צווישן זיי אויך רבנים, דער נעמיראָווער רב און דער סלאַוועטיטשער. דער טאַטע האָט זיי אויפגענומען מיט גרויס דרך־ארץ און וואַרעמקייט, מיט אַלע מעגלעכקייטן געלינדערט זייער נויט, אַריינגעשיקט זיי האָלץ צום ברענען און גענומען אויף זיך דעם גרעסטן טייל פון זייער אויסהאַלטונג.

## לייבעלעס חתונה

די געשעפטן האָט דער טאַטע ווייטער געפירט ביד רמה. ביי אַ האַלב שטעטל האָט געלעבט פון דער מיל. מיר האָבן זיך אַריבערגעצויגן אין דעם נייעם הויז, וואָס דער טאַטע האָט געלאָזט אויפבויען ביי דער מיל. אין די גרויסע שטובן איז געווען אַ רחבות, אַ נגידות. גרויסע ספרים־שענק, לייכטער, בעכער, געפעס — אַלץ פון ריינעם זילבער. עס איז געווען תורה, עבודה און גדולה אויף איין אָרט.

אין טאַטנס מוח האָט גענומען עקבערן די זאָרג פון חתונה מאַכן די טאָכטער, אונדזער שוועסטער חיהלע. ער האָט געוואָלט טון מיט איר אַ גוטן שידוך, נעמען אַ חסידישן איידעם אויף קעסט, אַ יונגערמאַן, וואָס זאָל זיין זייד און אַטלאַס.

באַשליסט דער טאַטע אַריינצופאָרן קיין וואַרשע, ווו ער האָט זיך געטראָפן מיט אַ באַקאַנטן חסידישן ייד, דער־ציילט אים וועגן זיין זאָרג. אויף יענעמס פראַגע, וויפל נדן ער האַלט ביים געבן, האָט דער טאַטע אים אַריינגעפירט אין אַ טויער און געעפנט די וואַליזע, וואָס ער האָט מיט זיך געטראָגן און געוויזן דעם ייד, וואָס אינעווייניק טוט זיך.

עס האָט אַ בלענד געטון מיט אַ סך פּעקלעך הונדער־טער מאַרקן, אַז יענעם האָט אַזש דער אָטעם פאַרכאַפּט.

מען קאָן זיך גאָרנישט פאָרשטעלן דעם טאַטנס פרייד, ווען עס איז אים געלונגען צו באַקומען אַן איידעם אַזאַ גרויסן בן־תורה מענדל ראַטנבערגס זון, לייבל, פון די רייכע און גרויסע חסידים אין וואַרשע, אַ קרוב פון גערער הויף.

לייבל איז ווירקלעך געווען אַן אבן־טוב, אַן עילוי, איז שפּעטער געוואָרן מורא־הוראה אין לאָדזש.

די חתונה איז פאָרגעקומען אין וואַרשע מיטן גאַנצן חסידישן פּראַכט און גלאַנץ. איך און אלי לוקסנבערג זענען מיר געבליבן אין וואָלאַדאַווע. אויף יענעם טאָג געלאָזט



אָפּבאַקן הונדערטער פּודן ברויט און זיי צעטיילט צווישן אָרעמעלייט פון דער גאַנצער געגנט. די נויט אין שטעטל איז געווען גרויס און מיר האָבן דערפאַר אויף אַן אופן פון מתן בסתר פונאַנדערגעטיילט צווישן אַ סך בכבודיקע באַלעבאַטים ברויט, שפּייז און געלט. אונדזער שמחה איז אַזוי אַרום געוואָרן די שמחה פון גאַנץ וואָלאַדאַווע.

נאָך דער חתונה זענען לייבל מיט חיהלען צוריקגע־קומען אין שטעטל. לייבל איז שטענדיק געווען פאַרטון אין לערנען און מיט זלמנען פלעגט ער זיך אַריינלאָזן אין שקלא וטריא איבער חסידות. זלמן איז געקומען פון אַ מתנגדישער שטוב און האָט נישט געהאַלטן פון קיין שום רבין, האָט אַפילו נישט פאַרטראָגן די חסידישע התלהבות. אַ דאַנק זיין אָפּענעם מוח פאַר גמרא זענען פאַר אים די איינציקע רביים געווען די תנאים און אמוראים פון די ישיבות אין יבנה און פומפדיתא. לייבל האָט אָבער עקשנותדיק איינגע־טענהט מיט אים, געוואָלט אים איבערצייגן אין דעם דער־פרישנדיקן קוואַל פון חסידות און אין דער גרויסקייט פון די חסידישע רביים, וועמענס איין־און־איינציקע תשוקה איז עבודת־הבורא, נאָר אַזוי, אַז פלאַמען זאָלן שלאָגן ביי יעדן קער און ווענד און די התלהבות זאָל פאַרברענען די טריט פונעם שטן.

לייבל האָט אַזוי לאַנג אַריינגערעדט אין זלמנען ביז ער האָט אים איבערצייגט און ער איז געוואָרן אַ הייסער חסיד. לייבל האָט אין אים אויפגעוועקט אַ קוואַל פון התלה־בות און דביקות.

עס איז אונטערגעקומען די צייט, ווען זלמן איז שוין געווען ראוי לחופה און דער טאַטע האָט אַנגעהויבן זוכן פאַר אים אַ שידוך, ווי פאַר אַן אייגענעם זון, צוגעזאָגט עטלעכע יאָר קעסט.

אינגיכן איז אונטערגעקומען דער שידוך מיט דוד וועלוולס טאָכטער, אַן איידל און צניעותדיק מיידל. דוד וועלוול איז געווען אַ פּאָדריאַטשיק פון פלייש פאַרן מיליטער און גע־פירט אַ פרומע און אָפּגעהיטענע שטוב.

די מאַמע מיטן טאַטן זענען געגאַנגען זען די כלה און ווען זיי זענען צוריקגעקומען אין שטוב האָט די מאַמע זי געריימט:

„רבנים מעגן פון אירע הענט עסן, אַזאַ אָפּגעהיטן קינד דאָס איז".

מען האָט זיך אַנגעהויבן גרייטן צו דער חתונה. יידן אין וואָלאַדאַווע האָבן כמעט ווי פאַרגעסן, אַז זלמן איז געקומען פון אַ ווייטער שטאָט. ער איז געווען היימיש מיט אַלע. מען האָט אויף אים געקוקט ווי אַ זון פון די באַרנהאָלץ און מען האָט זיך געגרייט ווי צו אַ נגידישער חתונה.

אינמיטן גרויסן טאַראַראַם פון חופה־טאָג האָט זיך ביי

אונדז געיאָוועט אַ ייד, אויף וועלכן עס האָט זיך נאָך אָנגעזען דער שטויב פון וועג. עס איז געווען קענטיק, אַז ער קומט ערשט פון אַ ווייטער נסיעה. ער האָט שטיל געפרעגט דעם טאַטן:

„צי געפינט זיך נישט אַמאָל ביי אייך מיין זון?"

דאָס איז געווען זלמנס פאָטער, דער רב פון נאַבעל, אַ שטעטעלע נעבן פינסק, וועלכער איז אַרומגעפאָרן איבער אַלע נאָענטע און ווייטע שטעטלעך זוכן זיין זון, ביז ער איז אָנגעקומען קיין וולאָדאַווע און מען האָט אים אָנגעוויזן אויף אונדזער שטוב.

פאָטער און זון זענען זיך געפאַלן אין די אָרעמס און טרערן האָבן זיך געגאָסן פון זייערע אויגן. דאָס זענען גע־ווען טרערן פון אַן אומגעוויינלעך גרויסער פרייד.

יענע באַגעגעניש פון פאָטער און זון וועל איך נישט פאַרגעסן מיין גאַנץ לעבן.

אמת, עס האָט געדויערט אַ ווײַלע ביז דער רב, אַ פאַרביסענער מתנגד האָט זיך צוגעוווינט צום זונס חסידישער התנהגות, צו זיין חסידישן לבוש, לאַנגע קאַפּאָטע און לאַנגע פאות, אָבער די פרייד פונעם אָפּגעפונענעם זון, דאָס גליק פון פירן אים צו דער חופה, האָט גובר געווען די מתנגדישע עקשנות און ער האָט זיך געלאָזט מיטרייסן מיטן פייער פון די חסידישע געסט, וועלכע זענען געווען פאַרבעטן אויף דער חתונה.

נאָכן רייכן מאַלצייט, ווען דער עולם האָט זיך צעזונגען און אָוועקגעלאָזט זיך אין צעפייערטע טענץ, זענען שוין נישט גווען קיין שום מחיצות צווישן מתנגדישן רב און די ביאַלער און גערער חסידים.

שפעטער האָט מיר זלמן דערציילט, ווי זיין פאָטער האָט אין גרויס התפעלות געזאָגט צו אים:

„זע נאַר, זלמן, ווי שיין, ווי ליכטיק ס'פאָרט זיך רחבות און חדווה מיט יראת שמיים".

## די חתונה אין שטעטל

עס האָט זיך אָנגערוקט די צייט פון זוכן אַ שידוך מיט דער צווייטער טאָכטער, חנהלע. דער טאַטע האָט נישט געזוכט קיין רייכן שידוך נאָר יחוס און לומדות. ער האָט געוואָלט האָבן אַן איידעם, וואָס זאָל זיין אַ צירונג פאַר דער גאַנצער משפחה און ווען מען האָט אים פאָרגעשלאָגן דעם ביאַלער רבינס אייניקל, וועלכן מען האָט גערופן יחיא־ליש (יחיאל יהושע), וועמענס פאָטער, דער שעדלעצער רבי, האָט שוין נישט געלעבט, האָט ער זיך אָנגעכאַפּט דערין מיט ביידע הענט און האָט גלייך באַשטימט די תנאים און דעם טערמין פון דער חתונה. יחיאליש איז דער היינטיקער ביאַלער רבי שליט"א, וווינט אין ירושלים.

דאָס זענען שוין געווען די שפעטע מלחמה־יאָרן. מען האָט שוין געפילט, אַז די מלחמה דערנענטערט זיך צום סוף, אָבער נישט געקוקט אויף די שווערע צייטן, האָט דער טאַטע באַשלאָסן צוצוגרייטן אַ חתונה אויפן גרויסן פאַרנעם. וולאָדאַווע האָט זיך צעוויגט פון דער גרויסער נייעס און דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדלעך. אַלע האָבן זיך גענומען גרייטן צו דער גרויסער שמחה, אויף וועלכער עס זענען פאַרבעטן געוואָרן אַלע פשוטע יידן גלייך ווי די באַרימטע רבנים און גרויסע סוחרים. דער טאַטע האָט אַרויסבאַקומען פון דער דייטשער קאָמענדאַנטור ספּעציעלע דערלויבענישן פאַרן לובלינער רבין, ר' יאשע, דעם ביאַלער רבינס איידעם, דער שפּעטערדיקער סקירנעוויצער רבי, געוווינט אין וואַרשע, ווי אויך פאַר זייערע מקורבים, אָנגע־זעענע חסידים אין די נאָענטע און ווייטע שטעטלעך.

קיכערס און סאַרווערס האָט דער טאַטע אַראָפּגעברענגט פון וואַרשע, די סאַמע באַרימטסטע ספּעציאַליסטן. די שוח־טים האָבן געהאַט פולע הענט מיט אַרבעט ביים שעכטן די עופות און בהמות פון אונדזער אייגענער ווירטשאַפט. די פישער האָבן געבראַכט כל־מיני פיש, העכט און קאַרפּן. מאַרק־יידענעס האָבן אָנגעברענגט פולע קוישן און מולטערס מיט פאַרשידענע דעליקאַטעסן און גערעדט מיט האַלבע קולות מיט די דינסטן, געוווּסט, אַז מען טאָר איצט נישט דרייען אַ קאָפּ. אַלץ איז פאַרנומען, באַשעפטיקט ביז איבער די אויערן.

ביי אונדז אין שטוב האָט מען געהאַלטן אין איין מעסטן קליידער פאַר דער כלה. אמת, דאָס חופּה־קלייד און אַנ־דערע טייערע קליידער זענען געמאַכט געוואָרן אין וואַרשע. די מאַמע איז ספּעציעל געפאָרן מיט דער כלה און באַ־שטעלט דעם אויסשטייער ביי די בעסטע שניידערינס, וועלכע זענען געוואָרן באַוואָרפן מיט אַרבעט.

די מאַמע האָט זיך געספּראָוועט מיט דער גרויסער באַלעבאַטישקייט. אַרומגערינגלט מיט די קעכינס און דינסטן האָט זי געפירט דאָס הויז מיט אַ ברייטער האַנט און מיט אַ גאַסטפריינטלעכן פאַרנעם. געצאָלט אומעטום מיט שווערע יעקאַטערינישע מטבעות, פּיאַטאַקעס און מאַרקן.

קינד און קייט האָבן געלעבט מיט דער גרויסער נייעס, וואָס דאַרף אינגיכן געשען. בכלל האָט יעדער אין שטעטל געפילט, אַז די חתונה האָט צו אים אויך עפּעס אַ שייכות. יעדער האָט דערפילט אַ שטאָלץ מיט די געהויבענע געסט, וואָס דאַרפן קומען, מיט די באַרימטע רביים, וועלכע זענען

געווען נאָענטע מחותנים. עס איז געווען אַלעמענס יום־טוב.

פאַר דער חתונה האָט די כלה זיך ווייניק באַוויזן אין גאַס. זי האָט געוווּסט, אַז אַלע שטעלן זיך אָוועק איר נאָכ־קוקן און ביי איר גאַנצן שטאָלץ און יחוס האָבן אָבער זי געהאַלטן אין שטוב די צניעות און שעמעוודיקייט.

דער בדחן צו דער חתונה איז געווען דער באַרימטער שמואל מאַציעוויצער, וועלכן דער טאַטע האָט ספּעציעל אַראָפּגעברענגט פון וואַרשע. די קלעזמאָרים זענען שוין געווען גרייט פונעם לעצטן שבת־צו־נאַכטס פאַר דער חתונה, ווען ביי דער כלה איז שוין געווען דער „דאַבראַנאָץ״. די קלעזמאָרים האָבן געשפּילט כלערליי פריילעכע מאַרשן און די כלהס חברטעס האָבן געטאַנצט, באַקומען כיבוד און פריילעך געמאַכט די כלה מיט געזאַנג, שמועסן און שבחים פאַרן חתן.

בדרך־כלל האָט די חתונה זיך אָנגעהויבן אינמיטן טאָג. קרובים האָבן זיך געפּאַרעט און געגרייט זיך מקבל־פּנים זיין דעם חתן. אויך סתם בית־המדרש־בחורים, וויל־לער־נער, האָבן זיך געגרייט אָקעגנצוגיין דעם חתן, שמועסן מיט אים אין לערנען און אין איין וועגס געהאַט די געלעגנהייט צו באַווייזן זיך מיט זייער לומדות און מיט זייערע אייגענע חידושים ביים שמועסן מיטן חתן אין לערנען.

ביים חתנס אָנקומען צו פאַרן אין שטעטל האָט מען זיך אָפּגעשטעלט אָן ערך עטלעכע קילאָמעטער הינטער דער שטאָט און געגעבן צו וויסן דורך אַ שטאַפעט דעם טאַטן און דעמאָלט האָבן זיך עטלעכע קאַטשן געשפּאַנט אין פיר פערד זיך אַרויסגעלאָזט אָקעגנפאָרן דעם חתן מיט מוזיק און מען האָט אים אויפגענומען מיט גרויס כבוד און פרייד.

אָן דער מוזיק האָט מען זיך נישט געריררט קיין טראָט. די קלעזמער, וועלכע האָבן שוין לאַנג געוואַרט אויף אַזאַ חתונה, האָבן די גאַנצע צייט געשפּילט האַפּערדיקע, רוישיקע מוזיק, וואָס האָט אָפּגעקלונגען איבערן גאַנצן שטעטל.

ווען עס האָט אָנגערוקט דער פאַרנאַכט האָט שוין דער יום־טוב אַלעמען אַרומגענומען. אין די פענצטער אין אַלע שטובן האָט מען געזען ליכט. וואָלאַדאָווער יידן האָבן אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך דעם עול פרנסה. כמעט אַלע האָבן זיך געפילט ווי מחותנים און אויך קליינע קינדערלעך האָבן זיך געפּלאָנטערט צווישן די פיס, אָנגעטוענע אין זייערע שבת־דיקע מלבושים.

ווען מען האָט אויפגעשטעלט די חופה איז דאָס גאַנצע שטעטל אויף אַ ווײַלע פאַרשטילט געוואָרן און עס האָט אויסגעזען ווי עפּעס אַ גרויסער סוד האָט גענומען שוועבן אין דער לופטן. אַלע האָבן דערפילט די גרויסע חשיבות פון דער שעה. איך בין געווען צוזאַמען מיט מיינע חברים בית־המדרש בחורים און מיר האָבן זיך שטיל דערציילט וועגן דער גרויסער לומדות פון חתן און וועגן זיין גרויסן יחוס.

דער בדחן, שמואל מאַציעוויצער האָט זיך דאָן באַוויזן מיט זיין גרויסן טאַלאַנט. האָט אָנגעהויבן מיט זאָגן מוסר, דערמאָנט די ערנסטקייט פון דער מינוט און דורכגענומען אַלעמענס הערצער מיט ערנסטע מחשבות. די קלעזמער האָבן פון מאָל צו מאָל צוגעהאָלפן מיט אַ גרעמפּל, ווו עס האָט זיך געפּאַסט צום ענין און צו דער טעמע.

דער עולם איז געשטאַנען פאַרכאַפּט פונעם בדחנס קונסשטיק און די ווערטער און גראַמען זיינע האָבן זיך געשיט און געשיט. ער האָט דאָס אַלץ געזאָגט מיט אַזויפיל רעדנערישן און אויך שוישפּילערישן טאַלאַנט, אַז עס האָט זיך אַזוי געוואָלט שטיין אָן אויפהער און הערן די קלוגע רייד, וואָס זענען געפלאָסן אַזוי האַרציק און קלינגענדיק.

פּלוצלינג איז מיטאַמאָל אַלץ געוואָרן איבערגעהאַקט. דאָס וואָרט האָבן באַקומען די קלעזמער. די מוזיק האָט געגעבן אַ זעץ אַרויס אַ מאַרש. דאָס איז געווען אַ צייכן, אַז מען פירט שוין חתן־כלה צו דער חופה.

באַלד נאָך דער חופה האָט מען זיך געזעצט צו דער סעודה. דער בדחן האָט ערשט רעכט באַוויזן וואָס ער קאָן, אַז דער עולם איז געוואָרן פאַרבליפט. אַפילו די רבנים און רביים האָבן זיך אויפמערקזאַם צוגעהערט, האַרציק געלאַכט פון זיינע חכמות און פּאַעטישע גראַמען.

די קלעזמאָרים האָבן אויך באַוויזן דעם וווּנדער, גע־מאַכט דעם עולם וויינענדיק און פריילעך, פאַרגאַנגען זיך אין אַ שטייגער און אַרויסגעצויגן ביים עולם דאָס האַרץ און די נשמה פאַר גרויס מתיקות.

די הויפּט־אַטראַקציע איז געווען דעם חתנס דרשה, אין וועלכער ער האָט אַרויסגעוויזן גרויס בקיאות און חרי־פות. ס'איז געוואָרן שטיל, עפּעס ווי אָפּגעשטעלט האָט זיך די צייט, אַ גרויס וווּנדער האָט זיך אַנטפּלעקט. פונעם יונגן מויל האָבן זיך געשיט ממש פּערל און מען האָט באַשיינ־פּערלעך געזען, אַז עס רעדט אַ קומענדיקער גדול בישראל.

ווען דער חתן האָט געענדיקט די דרשה האָט עס מיטן עולם אַ רודער געטאָן ווי פון אַ שטורעם. און אַ געזאַנג פון הונדערטער און הונדערטער העלדזער האָט זיך דער־הויבן און צעוויגט. הענט האָבן זיך געפּלאָכטן אין אַ גרויסער און שטאַרקער קייט. די מוזיק איז געוואָרן ווילד און שטאַרק, העכער, העכער און דער ריקוד איז געוואָרן אַלץ לעבעדיקער און פייערדיקער.

ווען כ'דערמאָן זיך אין יענע שעהן, ווייזט זיך מיר אויס, אַז גאַנץ וואָלאַדאָווע, יונג און אַלט, איז דעמאָלט אַריינ־געפלאָכטן געוואָרן אין טאַנץ אויף מיין שוועסטערס חתונה, וועגן וועלכער מען האָט יאָרן לאַנג גערעדט אין שטעטל.

„אויף אַלע יידן געזאָגט, אַזאַ כבוד און אַזאַ נחת״ — האָט מען זיך געווונטשן אין וולאַדאַווע וואָכן און חדשים לאַנג, ווען מען האָט דערציילט זיך און איבערדערציילט וועגן דער גרויסער חתונה.

מיט גרויס פאַרגעם זענען אויך געפייערט געוואָרן די שבעה ימי המשתה. טאָג־טעגלעך האָט מען געמאַכט אַ רייכע סעודה, מיט קלעזמער. יעדן טאָג זענען געקומען פרישע מענטשן. דעם שבת נאָך דער חתונה האָט מען די שבע ברכות געפייערט מיט גרויס פאַראַד און ביים פירן צום דאַווענען דאָס יונגע פאָרפאָלק זענען זיי באַגלייט געוואָרן דורך צענדליקער און צענדליקער מענטשן.

גאָר האָפערדיק און לעבעדיק איז געווען אין דעם לעצטן טאָג שבע ברכות. מען האָט געזונגען, געטאַנצט און זיך געפרייט ביז שפּעט אין דער נאַכט.

ווי דורך געהיימע סיגנאַלן האָבן זיך דערוווּסט וועגן דער חתונה די הייזער־גייער פון דער גאַנצער אַרומיקער געגנט און פאַר זיי האָט מען אויך געפּראַוועט אַ מאָלצייט כיד המלך.

## דער חלום צו בויען ארץ־ישראל

דאָס ראַד פון דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך שוין גענומען דרייען צום סוף. עס האָט זיך געטוישט די מלכותא דארעא. די דייטשן זענען אַרויס און עס זענען אַריין די פּאָליאַקן. פּוילן איז געוואָרן אַ זעלבשטענדיקע מדינה און האָט פאַרשלונגען שטיקער אוקראַינע. אונדזער שטוב האָט זיך ווייטער געפירט מיטן זעלבן פאַרנעם ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה צווישן פּוילן און באָלשעוויסטישן רוסלאַנד און וולאַדאַווע האָט דערפילט דעם ביטערן טעם פון די בלוטיקע פּאָגראָמטשיקעס. די באָלעכאָווצעס.

אין יענער צייט בין איך אַנטלאָפן קיין קאָברין. דער טאַטע איז שפּעטער אַוועק קיין וואַרשע און איז דאָרט געווען אַ לענגערע צייט צוזאַמען מיטן איידעם און טאָכטער, די ראָטנבערגס. מיין עלטערער ברודער מרדכי איז אַוועק קיין ראכעוו, ווו ער האָט מיט אַ שותף אויפגעשטעלט



אַ פּאַראָווע מיל און אויך געפירט אַ שטוב אויף ברייטן פאַרנעם.

אַ סך גילגולים האָט אונדזער שטוב דורכגעמאַכט אין משך פון דער צייט ביז דער טאַטע האָט זיך דעצידירט צו פאַרקויפן די מיל, וועלכע עס האָבן אָפּגעקויפט די גארפינקלס און די טשערוואָנאָגורעס.

מיר האָבן זיך איבערגעצויגן קיין אָטוואָצק, ווו דער טאַטע האָט נאָך אַ צייט געפירט זיין אונטערנעמונג, אויפגעבויט דעם „צענטאָס״, דעם וואַקזאַל אין אָסטראָלענקאָ, די שול אין וולאָצלאַוועק און אַ ריי אַנדערע בנינים, וועלכע זענען באַוו•נדערט געוואָרן דורך די אינזשינירן. זיי האָבן באַוווּנדערט דעם טאַטנס טאַלאַנט צו צייכענען די בוי־פּלענער פאַר די בנינים. ביזן שפּעטן עלטער איז דער טאַטע געבליבן פּונקט אַזוי קוואַליק און פול מיט איניציאַטיוו און ענערגיע, ווי אין דער יוגנט און אין די מיטעלע יאָרן.

יעדער איינגעשטעלטער סדר האָט זיך זיינע אויסנאַמען. דער גורל האָט דעם טאַטן פיר מאָל געפירט קיין ארץ־ישראל, ווו ער האָט פּלאַנירט גרויסע אונטערנעמונגען, אַבער שטענדיק האָבן זיך אונטערגערוקט געשעענישן, וואָס האָבן געשטערט דער הצלחה.

אַלע יאָרן האָט דער טאַטע געטראָגן אין זיך דעם חלום צו לעבן און בויען אין ארץ־ישראל. אָבער בלויז דריי פון זיינע זין: ישראל־מרדכי, דוד מתתי און דער שרייבער פון די שורות און זיין יינגערע טאָכטער חנהלע, די ביאַלער רביצין, האָבן זוכה געווען רעאַליזירן דעם חלום, באַזעצן זיך אין ישראל, אויפשטעלן פאַרצווייגטע משפּחות, וואָס זענען מיטן גאַנצן לייב און לעבן איבערגעגעבן דעם אויפבוי פון לאַנד.

מיין שוועסטער חיהלע מיט איר מאַן, הרב לייבל ראָטנבערג, מורה־הוראה אין לאָדזש און זייערע קינדער ווי אַלע אַנדערע פון אונדזער גרויסער משפּחה זענען צווישן די זעקס מיליאָן קדושים, אומגעקומענע אין די גהינומס פון די געטאָס און טויט־לאַגערן.

זאָל געבענטשט זיין זייער אָנדענק.

לייבל שניידערמאַן

ווענעזועלאַ

# דאָס געזאַנג פון מיין שטעטל



ער זכרון פירט מיך צוריק מיט צענדליקער יאָרן צו מיין שטעטל וולאָדאַווע, צו מיינע גוטע און צאַרטע טאַטע־מאַמע, צו די שטילע געסלעך און צום רושיקן מאַרק, צום חדר און בית המדרש, צו די ריחות פון פרילינג אויף די פעלדער און לאַנקעס הינטערן שטעטל, צום טייך — צו אַלעם וואָס איז מיר געווען אַזוי נאָענט און אייגן; צו די אַלע מענטשן, צווישן וועלכע און מיט וועלכע איך בין געוואַקסן און איבערגעלעבט פריידן און צאַרג.

אין וולאָדאַווע איז דאָס אַלץ געווען און געשען.

אוי, ווי שווער עס איז דאָס אַלץ איבערצודערציילן.

אוי, ווי ליב און ווי שטאַרק עס ווילט זיך וועגן דעם רעדן און שרייבן, אָנהייבן פון אָנהייב, זינט איך האָב קוים געקענט אַרויסברענגען עטלעכע ווערטער, ביז שפּעטער אין חדר, אין בית המדרש, ביי דער אַרבעט. אמת, עס קלעמט ביים האַרצן ווען מען דערמאָנט זיך אין דעם אַלעם, אַ לעבן וואָס איז געווען און איז שוין מער נישטאָ, אָבער אין דער זעלבער צייט פילט מען אין זיך דעם הייליקן חוב צו פאַראייביקן דאָס אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות מיט אונדזער אַמאָליק לעבן, די שיינע געשטאַלטן, וואָס האָבן געלעבט אין אונדזער שטעטל; די אַלע נאָענטע, וואָס זענען אונדז אַזוי טייער און הייליק; די טאַטע־מאַמע, וואָס האָבן אונדז דאָס לעבן געגעבן, געלערנט אונדז יידישקייט וואָס האָט באַדייט הויכע מאָראַל און שיינע מידות.

ווען מען דערמאָנט זיך אין זיי, אין די אַמאָליקע יידן, מיט די שיינע לאַנגע בערד און פּיאות, מיט דער התלהבות, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּיגלט אויף זייערע פּנימער, מיט דער היץ און ברען אין האַרצן; מיטן גרויסן ביטול היש ביי זיך, סיי דאָס גאַנצע חומרדיקע לעבן און סיי אַלץ, וואָס איז געווען נישט־יידיש; מיט זייער גרויסן בטחון און אמונה — ווערט אַזוי היימלעך און וואַרעם, אָבער גלייכ־צייטיק לויפט דורך אַ שוידער דורך די ביינער: ווי גרויזאַם זיי זענען אומגעקומען.

ווען איך שרייב די דאָזיקע ווערטער דוכט זיך מיר אויס, אַז מיר זענען געבליבן אַליין, געציילטע פון אַ סך, פון אַזאַ גרויסער און שיינער יידישער קהילה. אין מוח פּלאָנטערן זיך ביטערע מחשבות. עס ווילט זיך אַזוי אַוועק־זעצן אין אַ ווינקל און זאָגן תהילים, לאָזן די טרערן גיסן פון מיינע אויגן, וויינען, וויינען איבער דעם אַלעם, וואָס איז אַוועק מיטן ווינט, מיטן רויך, דורך אַלע מיתות משונות, שריפה, הרג וחנק.

אַזויפיל יאָרן זענען שוין פאַרביי זינט איך האָב פאַר־לאָזט מיין היים־שטעטל וולאָדאַווע, די היים פון מיינע עלטערן און אַוועק ווייט איבער ימען, דורכגעמאַכט גורל־דיקע געשעענישן און איבערלעבענישן. עס איז נאַטירלעך, אַז אַ סך זכרונות פון יענע תמימותדיקע קינדער־יאָרן און אויך פון דער שפּעטערדיקער יוגנט, זענען שטאַרק מטושטש געוואָרן. עס זענען אָבער געבליבן אַן אַ שיעור זכרונות פון



Odezwa Ogólnego Komitetu Odbudowy Zniszczonej Synagogi i Spalonego Ołtarza we Włodawie.

ב"ה

שוועסטער און ברידער וולאָדאַווער לאַנדסלייט!

אוי מה הי' לנו!

ברידער יודען!

עם ד' חזקו ונתחזקו!

גדול יהי' כבוד הבית הזה האחרון מן הראשון

העלפט אונז מיט צו דיא הייליגע ארבייט וואס מיר האבען אנגעהויבען און דאן פערזיכערען מיר אייך אז דיא שיהל וועט זיין צוריק לכבוד ולתפארת.

אין נאמען פון אלגעמיינעם קאמיטעט
אויף צו בויהען די חרוב־ע שיהל און ארון־הקודש
אין וולאדאווע

דיא פערוואלטונג

הרב משה ברוך מארגענשטערן
הרב מאיר ראזענבערג
הרב מנחם מענדיל מארגענשטערן
נחמן מאריסטער
יונה קאליכשטיין
הערש ראפאפארט
שאול סאמעלסאהן
יצחק מאיר משערוואנאגורא
יצחק מאיר האלצמאן
מאטיל בראנשטיין
פייוויל לעדערמאן
אהרן פרידמאן
שמואל פישמאן
יעקב באלטאנטער

בעמערקונג

Rabin M. B. Morgensztern
WŁODAWA
dla Komitetu Synagogi

אויפרוף צו העלפן צוריק אויפבויען די שול.

יענע היימישע ליבע יאָרן, וועלכע האָבן זיך טיף פאַרוואָרצלט אין מיין האַרץ און נשמה, לעבן דאָרט זייער פאַרבאָרגן לעבן און עס טרעפט, אַז מיר ווייזט זיך אויס, אַז דאָס אַלץ איז אַט אַ ערשט נעכטן געווען. איך זע פאַר זיך יענע אַמאָליקע היים און עס אָטעמט אויף מיר יענע וואַרעמע אַטמאָספער, דער אייגנאַרטיקער אַראָמאַט פון די שבתדיקע מאכלים און איך הער אַזוי קלאָר די לאַנג־לאַנג שוין פאַרשטומטע קלאַנגען פון די שבתדיקע זמירות ביים טאַטנס טיש, וואָס מיר, די קינדער האָבן אַזוי ליב געהאַט מיטצוזינגען און וועלכע מיר האָבן נאָך פון די פריסטע קינדער־יאָרן איינגעזאַפּט אין אונדזערע נשמות.

וואָלאַדאָווע איז געווען אַ חסידיש שטעטל. דער חסידישער לבוש און חסידישער ניגון זענען געווען אַ טייל פון דער שטעטלדיקער לאַנדשאַפט. יעדעס חסידים־שטיבל האָט זיך געהאַט זיין אייגענעם כאַראַקטער, אייגענעם נוסח און אייגענע ניגונים. צום היימישסטן האָב איך זיך געפילט אין קאָצקער שטיבל, וווּ איך האָב געדאַוונט און געלערנט צוזאַמען מיט מיין טאַטן.

## מיין טאַטע

בעת איך רוף אַרויס אין מיין זכרון די יאָרן פון מיין לעבן אין וואָלאַדאָווע, שוועבט איבער אַלעם דאָס פּנים פון מיין טאַטן, באַלויכטן ווי פון שריפות. עס שיינט דעם טאַטנס פּנים, נישט פון נחת, נישט פון וווילטאָג, נאָר פון אינעווייניקסטן ברען, פון הייסע תפילות, וואָס זענען געקומען פון טיפן האַרצן. ער, דער שתקן, האָט זיך פשוט דורכגערעדט מיטן רבונו של עולם, געבעטן, געפאָדערט. עס האָט געטראָפן, אַז ער האָט ביים דאַווענען זיך באַגאָסן מיט טרערן און, ווי מיט אַן אייגענעם טאַטן, פאַרענדיקט די תפילה אויף פשוט יידיש: אוי, טאַטע, כרחם אב אל בנים, עד מתי, ביז ווי לאַנג, טאַטע זיסער?!

ווען איך בין קוים אַלט געוואָרן דריי יאָר האָט מיך דער טאַטע אַוועקגעפירט אין חדר. נישט אַוועקגעפירט, נאָר אַוועקגעטראָגן, איינגעוויקלט אין זיין גרויסן וואָלענעם טלית, וואָס איז געווען דורכגעזאַפּט מיט בית המדרש. מיר ווייזט זיך אויס, אַז דער טאַטע איז מיט מיר געלאָפן גיך. ער האָט מסתמא געוואָלט מקיים זיין בזריזות די מצווה פון פירן זיין קינד אין חדר אַריין. ווען איך בין עלטער געוואָרן האָב איך שוין אַליין געוווּסט דעם וועג אין חדר אַריין און צוריק, אָבער דער טאַטע האָט פאַר יעדן „זמן" זיך מתעסק געווען מיטן פּראָבלעם וווהין צו שיקן מיך ווייטער לערנען. מיין שטייגן אין לערנען איז געווען די וויכטיקסטע זאַך אין זיין לעבן.



לערנען, לערנען — דאָס איז ביים טאַטן געווען דער קוואַל פון העכסטער פרייד און דאָס האָט געמיינט: שהשמחה במעונו, און ווען עס איז דאָ שמחה, איז אויך דאָ ליבשאַפט, גוטס. אפילו צרות ווערן יסורים של אהבה.

פון טאַטנס קינדער און יוגנט־יאָרן ווייס איך גאָרנישט. מעגלעך, אַז ער אַליין האָט וועגן זיי קיינמאָל נישט געטראַכט, נישט געדענקט. יעדנפאַלס האָט ער וועגן זיי קיינמאָל נישט דערציילט. דאָקעגן איז ער קיינמאָל נישט מיד געוואָרן דערציילן וועגן קאָצקער רבין. עס האָט פון אים



ר' שמואל שניידערמאַן

געפלייצט אַ קוואַל פון מעשיות און יעדע מעשה האָט געהאַט איר טיפן מוסר השכל. די תורה־ווערטער, וואָס ער האָט געהערט פון רבין, זענען געווען פאַר אים וועגווייזעריש. מיר האָט ער געפלעגט זאָגן: „אַ וואָרט, טייער קינד, איז אַ גאַנצע וועלט. זאָגסטו אַרויס אַ גוט וואָרט, באַשאַפסטו אַ גוטע וועלט. אויב חלילה אַ שלעכטס — פאַרמערסטו, רחמנא לצלן, דאָס שלעכטע אויף דער וועלט. דעריבער, זיי שטענדיק געהיט און געוואָרנט מיט אַ וואָרט".

דער טאַטע איז געווען אַן אייביקער אָרעמאַן. פאַר זיינע קינדער אָבער האָט ער גאָרנישט געזשאַלעוועט. ער פלעגט זיך אָפּזאָגן פון אַ זאַטן ביסן און דינגען די בעסטע מלמדים.

אַלע יאָרן האָט ער געהאַדעוועט אין זיך דעם חלום, אַז איך וועל אויסוואַקסן אַ למדן. תמיד זע איך אים פאַר די אויגן אַ פאַרטיפטן איבער אַ ספר. פון זיין בקיאות און חריפות אין לערנען האָבן אַ סך פון די בית המדרש־יידן זיך געצונדן, געשאַרפט די מוחות איבער שווערע סוגיות. אָבער אַליין איז דער טאַטע געווען ווייט פון גדלות. די שטילקייט און די עניוות האָט זיך געשפּיגלט אין זיינע אויגן. געהאַלטן האָט ער, אַז די נאַכט איז געגעבן געוואָרן נישט נאָר צום שלאָפן, נאָר אויך צום לערנען. אין קורצע זומערדיקע נעכט איז גענוג געווען אַ ליכטל ביז עס האָט גענומען טאָגן. אין די ווינטערדיקע נעכט איז ער אויפגעשטאַנען, ווען עס איז נאָך געווען פינצטער אינדרויסן און געגאַנגען אין בית־המדרש, ווו עס האָבן שוין געוואַרט אויף אים זיינע חברים ביי די אָפענע גמרות. פון די בלעטער האָט עס געבלענדט מיט אייגן ליכט און געצויגן ווי עס ציט גוטע שווימער צום ים.

מיט אַ שטיקל ברויט און אַביסל געקעכטס איז דער טאַטע אָפּגעקומען אַ מעת לעת, אָבער דער אַלמער איז געווען פול מיט ספרים און זיין גרעסטע הנאה איז געווען מחדש צו זיין אין אַ האַרבער סוגיא און פאַרטיפן זיך אין די ווונדערלעכע סודות פון יצירה, וואָס עס האָבן דערציילט די הייליקע ספרים.

גאָר אַן אַנדערע וועלט איז עס געווען, אַנדערע באַגריפן. ווען ער האָט געהאַט אַ פרייע מינוט איז ער געזעסן און געלערנט, אַליין אָדער מיט חברים. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געלערנט יעדן טאָג עטלעכע שעה אַ שיעור גמרא און דעם דאַזיקן שיעור האָבן זיי געהיטן ווי אַן אויג אין קאָפּ. עס האָט געמעגט דונערן און בליצן — זייער שיעור האָבן זיי נישט פאַרפעלט. עס איז נישט געווען קיין ביל־כערע זאַך ווי דאַוונען און לערנען און זיין אַ ייד.

כאָטש דער שפּרונג פון בית המדרש אַרויס אין דער וועלט פון אַרבעט איז געווען פאַר מיר אַ האָסטיקער, אָבער שטענדיק איז מיין היים־שטעטל וואָלדאַווע געבליבן די בריק איבערן תהום צווישן מיין פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט. דאָס וועלטלעכע, וואָס איך האָב געלערנט אין וואַרשע און אין די שפּעטערדיקע יאָרן פון מיין וואַנדערן איבער שטעט און לענדער, איז געפאַלן אויף אַ גוט צעאַקערט פעלד.

טעג און נעכט, אָבער ממש גאַנצע טעג און נעכט וואָלט איך געקענט זיצן און דערציילן וועגן די יאָרן אין שטעטל און עס איז טאַקע פאַראַן פון וואָס צו דערציילן, וואָס צו דערמאָנען. די זכרונות זענען דאָך אַזוי טיף איינגעבאַקן אין האַרצן.



דאָס לעבן אין שטעטל איז געווען אַ משפּחהדיק לעבן. אַלע האָבן זיך געקענט. איין דור נאָכן צווייטן האָט באַוווינט די זעלבע דירות, די זעלבע הייזער, די זעלבע פּלעצער. אויך די שמחות און די זאָרגן זענען געווען שותּפותדיקע. תמיד זע איך זיי פאַר מיינע אויגן די אַלע פרומע און חסידישע יידן, זייער יראה און תורה, זייער עטיק, וואָס איז אומפאַרגלייכלעך העכער פון דער, אויף וועלכער מיר טרעפן זיך אָן אין אונדזער מאָדערנער וועלט. אין שטילע שעהן שטעלן זיי זיך פאַר מיינע אויגן אין זייער גאַנצער איבערגעגעבנקייט און אַזוי וואַרעם ווערט מיר אויפן האַרצן.

שווער צו באַפרייען זיך פון די אַלע בילדער ווען מען דערמאָנט זיך אין שטעטל. ווי קריעת ים סוף איז אָנגעקומען די פרנסה. געווען אַ סך ביטערע יאַריד־טעג ווען מען האָט אויפּצומאָרגנס געדאַרפט אַרומלויפן צווישן ידידים זוכן אַ גמילת חסד. פון די טריבע אויגן האָט דעמאָלט אַרויסגעקוקט אומעט און טרויער, כאָטש די יידן זענען נישט אַריינגעפאַלן אין יאוש און נישט אויפגעהערט האָפן אויף בעסער צייטן. זיי האָבן געלעבט באַשיידן, אָרעם, אָפט אויך אין גרויסער נויט, אָבער תמיד געגלויבט באמונה שלימה, אַז דער מאָרגן וועט זיין אַ בעסערער. אַזוי האָבן געלעבט, געטראַכט און געפילט אונדזערע טאַטעס און זיידעס, דורכגעמאַכט צרות און גאַליקע ביטערנישן, אָבער נישט פאַרלוירן די האָפענונג, אַז אויך פאַר זיי וועט אויפ־שיינען די זון.

דערפאַר ווען עס איז געקומען שבת אָדער יום־טוב האָט דאָס גאַנצע שטעטל באַקומען אַן אַנדער פּנים. עס איז פאַרשוווּנדן די זאָרג פון די פּנימער. אַ שלווה איז אַריינגעטראָטן אין שטוב און אין גאַס. יעדער ייד האָט זיך געפילט ווי ער וואָלט געבוירן געוואָרן פונסניי. עס איז געווען אַן אינערלעכע שמחה און אַ געפיל פון פרייהייט, פון נשמה יתרה. די מאַמעס האָבן דביקותדיק געצונדן די ליכט, פרום געבענטשט און מיט אַ וויינענדיקער שטים געזאָגט די תחינות. פון בית המדרש און פון אַלע חסידים־שטיבלעך האָבן זיך געהערט פריידיקע נגונים. אַ, ווי שיין עס איז געווען דער שבת און יום־טוב אין אונדזערע היימען. אומעטום האָט מען געפילט די רו און די קדושה. גאָר התלהבותדיק איז געווען אין די חסידים־שטיבלעך. חסידים, אפילו ווען זיי זענען נישט געווען צוזאַמען מיטן רבין, האָבן זיי געהאַט דאָס געפיל, אַז זיי זענען פאַרבונדן מיטן גרויסן צדיק, און אַז ער דאַגהט טאָג און נאַכט פאַרן כלל ישראל. אין אַן עת צרה האָט מען צו וועמען צו ווענדן זיך און אַז עס ציט, עס נאַגט דאָס האַרץ, פאָרט מען צו אים.

מען זעט זיין ליכטיק פנים, זיין גרויסקייט און מען ווערט דאַן מונטערער ביי זיך, לעבעדיקער און הייסער אי אין תורה, אי אין אמונה, אי אין לעבן.

שווערע וואָלקנס האָבן דאָס אַלץ צוגעדעקט, האָבן זיך געלייגט אויף מיין האַרצן און ווען איך דערמאָן זיך אין דעם אַלעמעם הערט דאָס בלוט נישט אויף צו רינען פון מיינע ווונדן.

בנימין פלאַמענבוים

# ר' יצחק מאיר באבאר

ר' איטשע מאיר האָט מען אים גערופן און איז געווען אַנגעזען צוליב זיין תורה, האָט געשטאַמט פון אַ באַקאַנטער רבנישער משפחה אין פוילן און נישט געקוקט אויף זיין גרויסער לומדות, איז ער אויסערלעך געווען פשטות שבפשטות, אַן אוהב שלום, תמיד פאַרענטפערט עמעצנס אַ פעלער, דן־געווען יעדן לכף זכות.

אַרבעטנדיק אַלס ספעציאַליסט אין דער האַלץ־בראַנזשע איז אים מערסטנס אויסגעקומען צו זיין אונטערוועגנס און תמיד איז זיין הויפּט־באַגאַזש געווען די גמרא און אַנדערע ספרים און יעדע פרייע מינוט האָט ער אויסגענוצט אויף לערנען אָדער מעיין זיין אין אַ ספר. נישט געקוקט דערויף, וואָס ער איז געווען פון די אַנגעזענסטע פולאַווער חסידים האָט ער קיינמאָל נישט געוואָלט פאַרנעמען דעם אויבנאָן, געהאַלטן זיך באַשיידן, עניוותדיק.

ער האָט געגלויבט באמונה שלמה אינעם נצחון פון גוטס איבערן שלעכטס און ביז צו דער לעצטער מינוט איז ער געווען זיכער אין דער מפלה פון די דייטשן. אין די פינצטערע טעג פון דער היטלעריסטישער אָקופּאַציע האָט ער געטרייסט און געמוטיקט די דערשלאָגענע יידן אין וואָלאַדאָווע און צוזאַמען מיט זיי געטיילט דעם גורל פון פיין און יסורים ביזן אומקום אין לאַכווע, ווו עס זענען פאַרפייניקט און דערמאָרדעט געוואָרן אַ סך וואָלאַדאָווער יידן.



ר' יצחק מאיר (איטשע מאיר) באַבאַר ז"ל

געציילטע זענען געבליבן לעבן פון די, וועלכע האָבן זוכה געווען זיך צו וואַרעמען ביים ליכט, וואָס האָט געלויכטן אין זיין האַרץ און באַשטראַלט דעם אַרום. ווער עס האָט זוכה געווען האָט אים מער קיינמאָל נישט פאַרגעסן. ביז צו דער לעצטער מינוט איז ער נאָך געווען פול מיט מוט און ענער־גיע, מיט טרייסט און האָפע־נונג, מיט גלויבן אין דער ישועה. זיין נשמה יתירה איז געווען ריין פון יעדן פגם פון וואַכעדיקייט און דערפאַר איז אים גרינגער געווען דורכ־צוהאַלטן אַלע בייזע געוויטערס און אין די שווידערלעכסטע טעג געזוכט צו העלפן אַנדערע.

זאב רבינוביץ'
רמת אביב

# בית נאמן לחסידות ולמעשים טובים

## על משפחת סבי

בלודבה היה גר יהודי בשם ר' אליהו בן יוסף והעידו עליו בני־דורו כי הוא בא לעולם בסימן החסד ולכן השכיל לאחד בקרבו כוחות מרובים, למדן גדול, חריף בשכלו, שקדן ובקי בתורה כולה, איש חסיד, שסיגל לעצמו גישה עממית טבעית, והתמסר בחכמה ובחסד לצרכיו של כל איש שביקש עזרתו, וכל הבא במחציתו היה מתמלא הרגשה אפסית נוכח אישיותו הענקית.

מספרים שאפילו הגויים פנו אליו בבקשותיהם, היו עוצרים את מרכבתו בדרכים והתחננו שהצדיק יתפלל לגשם או שיתן להם את ברכתו לבל יפסק השפע מבתיהם.

מפליא הדבר, כי בחר לשבת דווקא בעיירה קטנה ודלה זו. ברם, הוא נתחבב על כל תושבי העיירה. כולם סיפרו בשבחו, כולם דרשו ביקרו.

בביתו גדל זאב רבינוביץ ובשחר ימי עלומיו נתחנך על ברכיהם של חכמי העיירה ובגיל רך נבטו באישיותו הניצנים הראשונים של גאונות לעילא ושנינות להפליא. עם זאת הצטיין בחדוות־חיים, היה נוח לבריות ואהוב על כל יודעיו, מקושט בכל מדה נכונה, נעים־הליכות ואדיב, מחונן בהגיון בריא ובמבט נשרי חד המרחיק ראות.

עודנו צעיר ונעשה חסיד נלהב של האדמו"ר מליקוב והיה נוסע לרבי לשמוע תורה מפיו, עשה לילות כימים להגות בתורה ולחשוב בהשגות רוחניות וליצור לעצמו עולם רוחני ענוג.

נשא לאשה את בתו הבכורה של ר' מתתיהו הולצמן, איש חסיד, סוחר־עצים ותעשיין, וכעבור פרק זמן הקים את ביתו בעיר ולודבה, התעסק במסחר־עצים ובתעשיה, ושמו הלך לפניו בין הסוחרים בעלי־האחוזות כאיש חכם, ער ברוחו מרצו, הגון וישר־לבב.

בביתו היה מתארח האדמו"ר מליקוב, רבי משה־ברוך מורגנשטרן, כשהיה בא לולודבה לבקר את חסידיו.

היתה לרבי זיקה מיוחדת לניגון ולשירה, ועד היום מצלצלים באזני ניגוני התפילות שנערכו בביתנו בימי ביקורי האדמו"ר. יחד עם פמליתו של הרבי באו גם בעלי־התפילה, טובי המנגנים מחסידיו בורשה, ואזנינו הקשיבו ברצון למנגינותיהם החסידיים, והשמחה בלווי צלילי ניגוניהם היתה במעוננו.

האדמו"ר מליקוב כבש את לבבות אנשי ולודבה. הקסם באישיותו שמשך לבבות היה במזיגה המיוחדת במינה של זיכוך הלב והמוח והעמקת ההשגות, תורה וגדולה חברו בו יחד, ולכן כשהוכתר למרא דאתרא בולודבה גדלה השמחה בין מעריציו.

בין אשתו של הרב ואשתו של זאב רבינוביץ צמח רגש של ידידות ואהבה ויחד הקדישו הרבה מזמנם לעניני־צבור, הצטיינו בצדקה ובמעשים טובים.

זאב וגיטל רבינוביץ הקימו משפחה גדולה וענפה, לילדיהם נתנו חינוך דתי, ברוח אהבת התורה ואהבת ישראל.

משפחת רבינוביץ התענפה ובחלקם יצאו לגור בחלם ובליקוב.

מכל המשפחה נשארו שני בנים, דודי אליהו זאבי, מרדכי, שבנו את ביתם בישראל. דודי אליהו יצא לאמריקה ושם נפטר.

עם פלישת הנאצים עלו רוב בני המשפחה בלהבות אש על מוקדי סוביבור ומיידנק.

זכרם נשמור לברכה!

## מ. וואָלאַדאווער
**גבעתיים**

# ליכטיקע געשטאַלטן

**א**סך חסידישע יידן אין וואָלאַדאווע זענען געווען וואַלד־סוחרים, בראַקירער, ווי אויך סוחרים פון פאַרשידענע אַנדערע בראַנזשעס. געווען אָבער אויך פשוטע עמך יידן, יראי שמים און ערלעכע מענטשן, אָפּגעהיטן אין זייער טאָג־טעגלעכן לעבן, מדקדק געווען אין תרי״ג מצוות, פּונקט ווי די גרויסע חסידים, געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן געקענט לערנען אַ פּרק משניות, אַ בלאַט גמרא, אַריינקוקן אין עין יעקב.

צווישן די וואָלאַדאווער בעלי־מלאכות, קצבים, בעלי־עגלות און טרעגער, זענען געווען יידן, וואָס זענען גרייט געווען אויף אַ מצווה צו גיין אין פייער אַריין. נישט געקוקט דערויף, וואָס זיי זענען געווען שטענדיק פאַרהאָרעוועט, זענען דאָך געווען צווישן זיי אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אָפּגעגעבן מיט קהלישע ענינים, געזאָרגט פאַר די הצטרכותן פונעם כלל, געווען מיטגלידער פון דער חברה קדישא, נושאי מיטה, ביקור חולים, לינת הצדק און אַנדערע ענלעכע אינסטיטוציעס, ווו זיי האָבן שוין געהאַט אַ חזקה.

יצחק זעליק האָט געפירט אַ שוסטער־וואַרשטאַט אויף דער ראַזשאַנקער גאַס און גערופן האָט מען אים: „דער שרייער", ווייל אויב עס איז באַגאַנגען געוואָרן אַן עוולה קעגן אַן אָרעמאַן, אַן אלמנה אָדער אַן אַנדערן נצרך, סיי מצד קהל און סיי מצד אַ פּריוואַטער פּערזאָן, האָט יצחק־זעליק זיך אַוועקגעשטעלט אין בית המדרש, געקלאַפּט אין שולחן און געליאַרעמט קעגן דער עוולה, געפאָדערט רחמנות, יושר און צדק.

ביי יצחק־זעליקן אין הויז האָט זיך געפונען דאָס שאַפּקעלע פון ביקור־חולים. דאָרט איז געווען אַ טערמאָמעטער, אַ לעוואַטיווע, באַנקעס, גומענע טאָרבעלעך אויף אייז, אַ פּושקעלע כינינע און אַנדערע רפואות. אָפטמאָל איז ער געווען פון די ערשטע מבקר־חולה צו אַ קראַנקן אָרעמען. ווען מען האָט געדאַרפט איז ער געגאַנגען אַפילו נאָך האַלבער נאַכט, געזאָרגט, אַז דער קראַנקער זאָל נישט בלייבן אָן אַ דאָקטאָר, וועלכן ער האָט פאַר אים באַקומען אומזיסט, פּונקט ווי די נויטיקע מעדיקאַמענטן, וועלכע ער פלעגט לויפן שאַפן פאַר די אָרעמע קראַנקע אָן געלט.



דער שוסטער משה טעמעלעס האָט געהאַט אַ שם פון אַ ירא שמים און אין שוסטער־מנין געווען דער בעל־קורא.

ר' ירמיה שוסטער איז אַ צייט געווען גבאי אין שיל, האָט נישט פאַרפעלט קיין מנין סיי צו שחרית און סיי צו מנחה ומעריב. אין אָט דעם פשוטן ייד האָט געפלאַטערט אייביקער ווונדער און געדאַוונט האָט ער ווי ער וואָלט געשטאַנען פאַר אַ תמיד־אָפּענעם טויער פון גערעכטיקייט. מען דאַרף נאָר הייס בעטן, מתפלל זיין פון גאַנצן האַרצן, מן המיצר, ממעמקים. תמיד געהאַט מיט זיך אַ תהלימל, אויפגעעפנט און ס'האָט זיך געזאָגט אויסנווייניק פסוקים וואָס האָבן זיך מיט קלאָרקייט אויסגעשטעלט, אויסגעסדרט פאַר די אויגן און אויסגעדרוקט די פאַרלאַנגען פון זיין יידיש האַרץ, אַ ריין יידיש האַרץ. ערלעכע און הייסע זענען געווען די תפילות פון ר' ירמיה שוסטער.



ר' ירמיהו שוסטער

מאיר גאַנטע, אַ בעל־עגלה מיט אַ הדרת־פּנים, אַ שיינע באָרד, האָט נאָכן אויסשפּאַנען די פערד, אַנטרינקען זיי און באַזאָרגן מיט עסן, גלייך אַוועק זיך אַרומוואַשן, איבערטון זיך, אַרויפציען אויף זיך די שוואַרצע קאַפּאָטע און געגאַנגען אין בית המדרש דאַווענען מיט מנין און דערנאָך אַריינקוקן אין אַ ספר.

יאָרן האָט איטשע געפירט פאַרשידענע מאַטעריאַלן צו די קאַזאַרמעס, אָבער ווען עס איז געקומען פרייטיק אָדער אַן ערב יום־טוב, האָט ער מוותר געווען אויף אַלע פאַרדינסטן ווער שמועסט אויף אַן עקסטרע רייזע, ביי וועלכער ער וואָלט

גוט פֿאַרדינט, און צוועלף אַזייגער האָט ער אויסגעשפּאַנט דאָס פערדל, געלאָפן אין מרחץ און פרי געמאַכט שבת.

שיע לעמפּעל, אַ מוליער, איז יאָרן לאַנג געווען גבאי אין בית המדרש, עסקן אין דער חברה קדישא.

אשר בראַנשטיין, אַ שניידער, איז געווען ראַטמאַן אין דער גמינע, האָט ערלעך און הייס פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די בעלי־מלאכות.

דער קירזשנער לייזער־חיים וואָלפּס איז געווען צווישן די אָנגעזעענע מתפּללים אין דער אַלטער שיל.

זישע זילבערשטיין, אַ קאַוואַל, אַן ערלעכער ייד, ביי וועמען מען האָט ערב פּסח געכשרט די כלים אין אַ גרויסן קופּערנעם קעסל, וואָס ער האָט אַליין צוגעגרייט, מיט גרויס פרומקייט און געפרייט זיך מיט דער מצווה, וואָס די פּסח־דיקע כלים ווערן געכשרט אין זיין זודיקן קעסל. מענדל־הערש נחמיהס, אַ מלמד, ווייט פון עשירות, האָט אָבער שטענ־דיק געזאָרגט מער פאַר אַנדערע ווי פאַר זיך. יעדן פּורים איז ער צוזאַמען מיט נאָך אַ באַגלייטער אַוועק איבערן שטעטל זאַמלען געלט פאַר הכנסת כלה. געווען אין שטעטל אַנגעזעענע קלעזמער, וואָס האָבן פּורים פאַרשטעלט זיך, גרימירט און געגאַנגען צו רייכע באַלעבאַטים, צו דער פּורים־סעודה, אָפּגעשפּילט פאַר זיי סצענעס פון מכירת יוסף און דאָס געלט, וואָס זיי האָבן באַקומען, האָבן זיי אַוועקגעגעבן פאַר נויט־באַדערפטיקע.

צווישן די וולאָדאַווער טרעגער איז געווען איינער, וואָס האָט די פאַרדינסטן פון זיין שווערער האָרעוואַניע אַוועקגע־געבן מלמדים און געטון אַלץ, אַז זיין זון זאָל מיט אַ רואיקן קאָפּ לערנען תורה.




ווירקער גאַס — משה ראַזשאַנקערס הויז.
דאָ איז געווען דער ערשטער יידישער קינאָטעאַטער אין וולאָדאַווע.

יקותיאל טרעגער האָט אַ גאַנצע וואָך געלעבט אויף שוואַרץ ברויט און קרופּניק, כדי ער זאָל אויף שבת קענען צוגרייטן פון כל־טוב, ווייסע חלות, פיש, וויין און בראַנפן. דאָס אַלץ האָט ער געטון, כדי דער אורח, וועלכן ער האָט מיטגענומען פון בית המדרש צום עסן ביי זיין טיש, זאָל אַ הנאה האָבן פון די שבתדיקע מאכלים, נישט ערגער ווי ביי פאַרמעגלעכע יידן.

געווען אין וולאָדאַווע צייטן, ווען מען האָט מורא געהאַט פאַר אומרוען מצד די אויפגעהעצטע פּויערים פון די אַרומיקע דערפער. דעמלט זענען די שטאַרקע קצבים, פורמאַנעס און טרעגער, יידישע גיבורים, געשטאַנען אויפן מאַרק און אַן פּחד אַרומגעדרייט זיך צווישן די פּויערים, אַכטונג געגעבן, אַז זיי זאָלן זיך נישט דערלויבן צו ראַבעווען אָדער שלאָגן אַ ייד.

ווען אין שטאָט איז אויסגעבראָכן אַ שריפה, האָבן פּשוטע עמך איינגעשטעלט זייער לעבן צו ראַטעווען יידיש האָבן און גוטס, געטראָגן אָן אויפהער עמערס וואַסער צום לעשן די שריפה.

זאָלן די דאָזיקע שורות דינען ווי אַ באַשיידענע מצבה פאַר די ערלעכע וולאָדאַווער האָרעפּאַשניקעס, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער הויכער מאָראַל, גוטע מידות און שיינע מעשים, האָבן זיך מוסר נפש געווען און גרייט געווען זיך מקריב צו זיין צו באַשיצן יידיש לעבן און יידישן כבוד.

אַלע זענען זיי אַזוי גרויזאַם אומגעקומען דורך די נאַצישע און אוקראַאינישע רוצחים.




ווירקער גאַס, די פּאַראָווע מיל, וועלכע איז איבערגעגאַנגען פון אליעזר באַרנהאָלץ צו טשערוואָניגורע און גורפינקל.
געבויט געוואָרן דורך אליעזר באַרנהאָלץ אין יאָר 1909.

שמואל פרידמאַן

# שטיינקלאַפּערס און שינדלמאַכערס

ביים סוף פון 19־טן יאָרהונדערט זענען געבויט געוואָרן די שאָסייען פון לובלין קיין כעלם און קיין בריסק, וועלכע האָבן זיך געצויגן דורך וולאָדאַווע. אין יענער צייט האָט די צאַרישע רעגירונג, צוליב סטראַטעגישע צילן געבויט ברייטע שאָסייען, וועלכע האָבן דורכגעשניטן כמעט גאַנץ פוילן, וואָלין און ווייסרוסלאַנד און דערגרייכט ביז די אוקראַינער סטעפּעס. דער פּאָדריאַטשיק, וועלכער האָט אָנגענומען די אַרבעט פון פלאַסטערן די שאָסייען פון לובלין קיין כעלם און קיין בריסק, האָט געוווינט אין וולאָדאַווקע. יידן האָבן שטאָלצירט מיט זיין **אַרבעט**, וועלכע ער האָט אדיסגעפירט שיין און פּעדאַנטיש. נאָכן פאַרענדיקן די שאָסייען האָט ער אויפגעשטעלט גרויסע ווייס־געקאַלכטע שטיינער מיט שוואַרצע ציפערן, וואָס האָבן געוויזן די צאָל וויאָרסטן פון איין ישוב צום אַנדערן.

דער בריסקער שאָסיי, וואָס האָט געפירט דורך דער וולאָדאַווער באַן־סטאַציע נעבן טאָמאַשווקע, האָט זיך געצויגן האַרט נעבן יידישן בית הקברות, איז אויך פאַרביי דעם קריסטלעכן צמענטאַזש און די קאַזאַרמעס, וועלכע האָבן זיך געפונען נישט ווייט פון די שישנער בערג.

יידישע שטיינקלאַפּער האָבן געהאַט פּרנסה ביי די שאָסייען אויך נאָכדעם ווי זיי זענען שוין געווען אויסגעפּאַרטיקט. ספּעציעלע אינספּעקטאָרן פלעגן אָפּט דורכפאָרן די שאָסייען, פאַרצייכענען די ערטער, ווו די שטיינער זענען געווען באַשעדיקט און גלייך געמאָלדן וועגן דעם קיין וולאָדאַווע. פון וואַנען די שטיינקלאַפּערס **האָבן זיך אַרויסגעלאָזט** פאַריכטן די באַשעדיקטע ערטער.

די שטיינקלאַפּערס האָבן אויך געהאַט אַרבעט אין וולאָדאַווע גופא, ווו די גאַסן און דער מאַרק־פּלאַץ מיטן אויסנאַם פון עטלעכע הינטערגעסלעך, זענען געווען ברוקירט מיט טראָטואַרן און דער מאַגיסטראַט האָט געהיטן דעם אויסזען פון די ברוקירטע גאַסן.

צו די באַקאַנטע ספּעציאַליסטן אין דאָזיקן פאַך האָבן געהערט: יצחק שטיינקלאַפּער פון וולאָדאַווקע, לייביש פרידמאַן, יידל שטיינקלאַפּער, אלי שטיינקלאַפּער און פסח שטיינקלאַפּער פון וו'לאָדאַווקע. דער הויפּט־אונטערנעמער איז געווען איטשע שטיינקלאַפּער, וועלכער האָט איבערגענומען די אַרבעט ביי דער רעגירונג און ביים מאַגיסטראַט. די דאָזיקע אַרבעטן זענען געפירט געוואָרן בלויז זומער.



די אַרבעט איז באַשטאַנען פון צעקלאַפּן גרויסע שטיינער אויף קלענערע, אַריינפּאַסן זיי אינעם אָנגעשאָטענעם זאַמד, וואָס מען האָט געברענגט פון די שישנער בערג. די אַרבעט פון באַפעסטיקן די אַריינגעפּאַסטע שטיינער האָבן געטון די מיעשטשאַנעס, די א. ג. טעמפּאָוטשיקעס. זיי פלעגן מיט אַ שווערן דעמבענעם קלאָץ, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אייזערנע רייפן און געהאַט צוויי הענטלעך, אַריינקלאַפּן און פאַרפעסטיקן די שטיינער און פון אויבן פאַרשיטן מיט זאַמד. די אַרבעט האָט זיך געצאָלט פון קוביקמעטער.

ווינטער, ווען די גאַסן און שאָסייען זענען געווען באַדעקט מיט געדיכט אָנגעשיטן שניי, האָבן די שטיינקלאַפּער זיך פאַרנומען מיט אַנדערע פּרנסות. אַזוי האָבן יצחק און פסח שטיינקלאַפּער ווינטער געהאַנדלט מיט פיש, איטשע האָט געהאַט אַ חלק אין אויטאָבוס, וואָס האָט געפירט פּאַסאַזשירן קיין לובלין. די אַנדערע שטיינערקלאַפּערס האָבן זיך באַשעפטיקט מיט מאַכן שינדלען צו די דעכער.

די געמויערטע הייזער אויף די הויפּט־גאַסן, אויף ראַזשאַנקע, אויף דער מיל־גאַס, אויף דער פּאָסט־גאַס און אין מאַרק, זענען די דעכער געווען געדעקט מיט בלעך, דאַקעגן זענען די אַלטע הילצערנע הייזער פון דער ווירקע, בלאָטנע און יאַטקע־גאַס, ווי אויך אין די געסלעך אַרום אַמאָליקן הקדש, געווען געדעקט מיט שינדלען.

ביי די שינדלען האָבן געאַרבעט: לייביש פרידמאַן, יאַנקל פייערמאַן (יאַנקל הענדעלעס), ישראל מילך און מאָטל שרה ריינעס. שינדלמאַכערס האָבן געאַרבעט אין אַ קבוצה פון דריי פּערזאָן. איינער האָט מיט אַ שאַרף העקל צעשפּאָלטן די קלעצלעך אויף קלעפּקעס, אַ צווייטער האָט געשניצט און דער דריטער האָט אויסגעפּוגעוועט אַ פאַרטיקן שינדל. די שינדלען זענען אויסגעאַרבעט געוואָרן פון סאָסנע־און אָלשינע־האָלץ. די אויסגעפּאַרטיקטע שינדלען האָט מען צונויפגעלייגט אין שטויסן פון אַ שאָק, פון אויבן האָט מען אַרויפגעלייגט די קלעצלעך און מיט זיי אויסגעגלייכט די שינדלען.

יאַנקל שינדלמאַכער און מאָטל שרה ריינעס האָבן געהאַט אייגענע שאָפּעס און אַליין אויסגעאַרבעט די שינדלען און זיי פאַרקויפט אויפן שאָק. די אַנדערע האָבן אָנגענומען

די אַרבעט און באַקומען דעם לוין פונעם שאַק. די געדעקטע שינדל־דעכער האָט מען געשמירט מיט סמאָלע.

די לעצטע יאָרן האָט דער מאַגיסטראַט, צוליב די אָפטע שריפות, מער נישט דערלויבט צו מאַכן קיין שינדל־דעכער, נאָר דעקן די דעכער מיט בלעך און די שינדלמאַכער זענען געווען פאַרנומען בלויז ביים פאַריכטן אַלטע דעכער. אַמאָל האָבן זיי געמאַכט אויך נייע דעכער פון שינדלען, אָבער נאָר ביי פּריצים און רייכע פּויערים, וואָס האָבן ווייטער געדעקט זייערע הייזער מיט שינדלען.

אין דער צווייטער וועלט־מלחמה האָבן די היטלעריסטן אַרויסגענומען די מצבות פונעם בית הקברות אין וולאָדאַווע און מיט זיי ברוקירט די סאָלנע גאַס נעבן דער אַלטער שול און אויף דאָס שטיקל געסל מיט סעדער קעגנאיבער דעם מאַגיסטראַט.

נאָך דער „יודנריין״־אַקציע האָבן די דייטשן אונטער־געצונדן דאָס געטאָ און די לעצטע שינדל־דעכער זענען אַוועק מיטן רויך.

אברהם פידלמאַן

# קלעזמער

וולאַדאַווער קלעזמער האָבן געהאַט אַ שם פאַר גוטע מוזיקער און מען פלעגט זיי איינלאַדן אויף חתונות נישט בלויז אין וולאָדאַווע, נאָר אין די אַרומיקע שטעטלעך און ישובים. זיי פלעגן פאָרן קיין סלאַוואַטיטש און סאווין, קיין דובעטשנע, טאָמאַשעווקע א. אַ.

זומער פלעגן זיי אָפט פאָרן אינעם דאַטשע־שטעטל דאָמאַטשעווע און פאַרווילן די געסט אין די פּענסיאָנאַטן. מען פלעגט זיי אויך איינלאַדן אין אָפיצירן קאַסינאָ פונעם וולאָדאַווער סעימיק.

די קלעזמער האָבן אויך געשפּילט ביי די פאָרשטעלונגען פונעם דראַמקרייז, אין משה ראזשאַנקערס קינאָ, אינעם נייעם קינאָ־זאַל אויף דער מיל־גאַס. ביים קלאַוויר האָט געשפּילט חיהלע שפּילמאַן.

דער רוב פון די וולאָדאַווער קלעזמער האָט געשטאַמט פון צוויי משפּחות, וואָס זענען געווען דורות־לאַנגע מוזי־קער. וואַרשיינלעך פון דעם האָבן זיך גענומען זייערע פאַמיליע־נעמען: שפּילמאַן און פידלמאַן.

צוויי קלעזמער־קאַפּעלעס זענען געווען אין וולאָדאַווע. מיט איינע האָט אָנגעפירט דער פידלער שמואל פידלמאַן (שמילקע), צו דער קאַפּעלע האָט אויך געהערט לייזער פידלמאַן, יאָסל פידלמאַן און דער פּויקער וועלוועלע קאַ־טער.

מיט דער צווייטער קאַפּעלע האָט אָנגעפירט דער פידלער דוד־זעליק שפּילמאַן. צו איר האָבן געהערט יאַנקל שפּילמאַן (פלייט), אהרון זייפער (קלאַרנעט) און יחיאל בועז. דער פּויקער איז געווען שמואל קאָטער.

דער קלעזמער יצחק זייפער איז געווען אויך אַ שטיקל בדחן און ביים שפּילן האָט ער גלייכצייטיק פאַרווילט די געסט מיט גראַמען און גלייכווערטלעך.

אויף אַ רייכער חתונה האָט דער מחותן אַראָפּגעבראַכט אַ באַרימטן בדחן פון לובלין.

בדרך־כלל האָבן די קלעזמער אויף חתונות, ביים באַזעצן די כלה, נאָך דער חופּה, געשפּילט פון אויסנווייניק, ד. ה. אָן נאָטן, אָבער אויף פאַרווילנגען און אויף אַרויס־טרעטונגען אין קינאָ האָבן זיי געשפּילט פון נאָטן.

ביים אַריינפירן אַ נייע ספר־תורה אין שיל אָדער אין בית המדרש, האָבן דעמאָלט ביידע קאַפּעלעס געשפּילט, אָן באַצאָלט, אויף אַלע כלים און מיט גרויס התלהבות.

די קלעזמער האָבן אויך נישט גענומען קיין געלט ווען עס איז זיי אויסגעקומען צו שפּילן אויף אַ חתונה פון אַן אָרעמע יתומה. זיי האָבן זיך דעמאָלט באַגנוגנט מיטן טרינקגעלט, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די געסט, וועלכע זיי האָבן אויסגערופן און אויפגעשפּילט אַ ספּעציעלן מאַרש. אין די געדיכטע וועלדער אַרום וולאָדאַווע איבער די שישנער בערג, האָבן אָפּגעקלונגען די עכאָס פון די סענ־טימענטאַלע מעלאָדיעס און טרויעריקע טענער, וואָס די קלעזמער האָבן דורות־לאַנג אויסגעשפּילט ביי די כלה־באַזעצנס, חופּות און פאַרשידענע אַנדערע שמחות אין יידישן וולאָדאַווע, וואָס איז אַזוי טראַגיש פאַרשניטן געוואָרן.

צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע וולאָדאַווער יידן זענען אויך די קלעזמער אַוועק אויף זייער לעצטן וועג קיין סאָביבאָר.

ר. יעקב

# ר׳ גרשון וואַסערטרעגער אין די ערשטע סליחות־טעג

דורכגענומען מיט פאַרטיקייט זענען געווען די צוגרייטונגען צו די ימים־נוראים. פאַר יחידי־סגולה האָט עס זיך אָנגעהויבן שוין פון חמשה עשר באב. זיי האָבן אָנגעהויבן בלייבן לענגער אין בית־המדרש. מפשפש במעשים זיין. אין אַ בריוו צו אַ קרוב אין אַ ווייטער שטאָט האָט מען זיך שוין געווונטשן לשנה טובה תכתבו און בכלל איז מען געוואָרן דורכגענומען מיט הרהורי־תשובה.

דער אמתער ציטער האָט זיך אָנגעהויבן ראש חודש אלול, ווען אין שטעטל האָט מען שוין אָנגעהויבן פילן דעם אָנקומענדיקן האַרבסט. דאָס שופר־בלאָזן, דאָס ציבורדיקע תהילים־זאָגן יעדן אינדערפרי, אין די קליינע אלול־באַגינענס, האָבן פאַרוואָלקנט דאָס געמיט, אָנגעפילט דאָס האַרץ מיט אַ נאָגנדיקן אומעט און שטילער שרעק פאַרן גרויסן יום הדין און פאַרן שווערן ווינטער, צו וועלכן דאָס שטעטלדיקע אָרעמקייט איז נאָך נישט געווען צוגעגרייט. עס האָבן אָנגעהויבן מאַטערן געדאַנקען וועגן אַ פורל האָלץ, אַביסל קאַרטאָפל, אַ ציבעלע, אַ ווינטער־מלבוש און שיך פאַר ווייב און קינדער.

אין דער זעלבער צייט האָבן זיך אָנגעהויבן טעג און נעכט פון חשבון הנפש און לייטערונג, פאַרגעבונג און אויסבעסערן. עס האָבן זיך געוועקט געפילן פון ברידערלעכקייט און אַ ווילן צו טון מעשים טובים, צדקה און חסד. מענטשן זענען געוואָרן מער נזהר אין וואָרט. אין חסידישע שטובן האָט מען אין יענע טעג גענומען רעדן שטילער. די שמועסן אין בית המדרש האָבן געקלונגען איידעלער, געדעמפטער.

נאָך שטאַרקער איז געווען די התעוררות צו די ערשטע סליחות, וואָס זענען געזאָגט געוואָרן אינמיטן דער נאַכט. געוועזן אַזעלכע, וואָס זענען גלייך נאָך דער מלווה מלכה אינעם שבת־צו־נאַכטס פאַר ראש־השנה געגאַנגען אין בית המדרש און די גאַנצע צייט ביז האַלבער נאַכט געזעסן און געלערנט. אַנדערע האָבן אין די פינצטערע געסלעך זיך געשאַרט צוזאַמען מיט די איבערגעוועקטע יינגלעך אין בית המדרש, שווייגנדיקע, פאַרטראַכטע.

דעם שבת פאַר ראש השנה האָט ר׳ גרשון וואַסערטרעגער נישט צוגעלייגט זיך, ווי זיין שטייגער איז געווען, נאָכן טשאָלנט אויף זיין האַרטן טאַפּטשאַן, נאָר די גאַנצע צייט אַריינגעקוקט אין פאַרשידענע ספרים. שווערער ווי די קאָראָמיסלעס, וואָס האָבן אַ גאַנצע וואָך געדרוקט זיינע אַקסלען מיט די נאָכהענגעדיקע צוויי עמערס וואַסער, האָט אויף אים געדרוקט די שווערע שטימונג. ער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז עס קומט אָן די נאַכט פון די ערשטע סליחות. ער האָט אַמאָל אַ נדר געטון נישט צו פאַרפעלן קיין סליחות־זאָגן. דער געדאַנק פון אָנקומענדיקע סליחות גיט אים נישט קיין רו, לאָזט אים נישט קיין הנאה־האָבן פונעם עונג־שבתדיקן דרימל.

אַ גאַנצע וואָך איז ר׳ גרשון וואַסערטרעגער פאַרהאָרעוועט, מיט די קאָראָמיסלעס אויף די אַקסלען, נאָכהענגענדיקע צוויי פולע עמערס וואַסער, אין וועלכע עס שווימען אַרום צוויי קיילעכדיקע הילצערנע רעדלעך, כדי דאָס וואַסער זאָל ביים טראָגן נישט אַרויסגיסן זיך. ר׳ גרשון שלעפּט דאָס וואַסער פון הערשל־טוביהס פלומפּ, וואָס האָט שוין געהערט צו זיין זון חיים.

שבת שטייט ר׳ גרשון פון פריען באַגין מיטן טלית איינגעהילט און נאָך פאַרן דאַווענען זאָגט ער קאַפּיטלעך תהילים, אין וועלכע ער גיסט אויס זיין צעווייטיקט האַרץ. די טרערן רינען איבער זיין גרויער באָרד, פאַלן אויף די פאַרגעלטע בלעטער פונעם תהילימל.

ר׳ גרשונס איידעם, ר׳ פייוול סופר איז אַ ייד אַ תלמיד־חכם, אָבער אויך אַ גרויסער אָרעמאַן, אַ מטופל מיט קינדערלעך, ר׳ גרשון וואָלט אים גערן געוואָלט העלפן, זיפצט ער ביי די ערשטע סליחות, אַז עס צערייסט דאָס האַרץ. עס טרעפט, אַז איינער אַ לץ שרייט צו אים:

„ר׳ גרשון, לאָזט איבער אַביסל טרערן צום יום הדין...״

ר׳ גרשון ענטפערט אים נישט. ער האָט גענוג טרערן סיי צו אַלע סליחות און סיי צום יום הדין. ער וואָלט מיט זיינע טרערן געקענט אָנפילן זיינע צוויי גרויסע עמערס.

אַמאָל איז ר׳ גרשון אַליין אויך געווען אַן אָנגעזעענער באַלעבאָס, אָבער עס איז געשען אַן אומגליק און ער איז געוואָרן אַ יורד, פאַרלוירן זיין גאַנץ פאַרמעגן און דאָס האָט אים געבראַכט צו דער דאָזיקער שווערער פרנסה. ער איז אָבער נאָך אַלץ אַן אָנגעזעענער ייד אין שטעטל. גבירישע באַלעבאַטים האַלטן אים אונטער און נעמען ביי אים וואַסער.

חדר־יינגלעך קוקן אויף אים מיט דרך־ארץ, ווי אויף אַ פֿאַרבאָרגענעם צדיק, אַ למד־וואָווניק.

ערב ראש השנה האָט ר׳ גרשון שוין נישט באַגנוגנט זיך מיט בלויז סליחות, נאָר האָט אויסגעזאָגט גאַנץ תהילים, פֿאַר די סליחות און נאָך די סליחות, זיך מתיר־נדר־געווען, געגאַנגען אויפֿן בית־עלמין, געפֿאַסט און געגעבן צדקה.

חיים שקלאָ
ריאָ דע זשאַנייראָ

# שאַיעלע וואַסערטרעגער

שאַיעלע פֿלעגט מען אים רופֿן, דעם וואַסערטרעגער. ער איז געווען אַ מיטלוווקסיקער, מיט ברייטע פּלייצעס, אַ צעשויבערט שוואַרץ בערדל אויף זיין שטענדיק צעשמייכלטן פּנים. ער איז געווען פֿרום און גאָטספֿאַרכטיק, איז אין פֿריען באַגין געווען פֿון די ערשטע אין אַלטן בית המדרש, געזאָגט תהילים און געדאַווונט מיטן ערשטן מנין. באַלד האָט מען אים געזען לויפֿן איבער די גאַסן מיט די קאָראָמיסלעס אויף די אַקסלען מיט פֿולע צוויי עמערס וואַסער.

זיינע באַלעבאַסטעס פֿלעגט ער באַזאָרגן מיט וואַסער נאָר פֿון פּלומפֿן, וואָס זענען געווען אין צענטער פֿון שטאָט, אין מאַרק, ביי הערשל טוביהס, אָדער אַנטקעגן לאָמקען אין דער ראָזשאַנקער־גאַס.

זומער, אין די גרויסע היצן, פֿלעגט ער ברענגען פֿון דער באַוווסטער קריניצע, דאָס קאַלטע וואַסער וואָס איז גע־פֿלאָסן טאָג־און־נאַכט אונטן, באַרג־אַראָפּ, ביי דער נאַדאַלו־גאַס.

ווען ביי די פּלומפֿן פֿלעגן שטייען גאַנצע רייען אָנצו־שעפּן דאָס וואַסער, האָט ער זיך קיינמאָל נישט געשטעלט אין דער ריי. איז צוגעקומען צום פּלומפּ, צוגעזונגען זיך, אַמאָל אויך צוגעטאַנצט אויף איין פֿוס. די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין דער ריי האָבן זיך צעלאַכט און געלאָזט אים אָננעמען דער ערשטער זיינע עמערס וואַסער.

נאָך די מיטאָג־שעהן פֿלעגט מען אים טרעפֿן ביי גאָר אַן אַנדערער אַרבעט. ער האָט דעמאָלט געפֿלעגט שטיין אין די ראָגן פֿון דער ראָזשאַנקער־גאַס, ביים מאַרק, נעבן דוד שנור אָדער נעבן הערשל טוביהס, אַ מאָל נעבן הויז פֿון שימעלע מאַטיסעס אין ראָג פֿונעם מאַרק און דער ווירקער־גאַס. ער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף דער וואַנט, גע־האַלטן אין דער האַנט אַ גרויס פּאַפּיר, אויף וועלכן ער האָט געצייכנט מיט אַ בלייפֿעדער. ווען דורכגייער פֿלעגן אים פֿרעגן: „שאַיעלע, וואָס שרייבסטו?״ האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט און געזאָגט: „לאָזט מיך צורו... איך אַרבעט אויס אַ פּלאַן, ווי אַזוי איך זאָל אויפֿשטעלן אַ ברונעם אויף די בוידעמער פֿון מיינע באַלעבאַסטעס, אַז איך זאָל נישט דאַרפֿן טראָגן קיין וואַסער״.

שאַיעלע וואַסערטרעגערס פּלאַן האָט אין שטעטל דע־מאָלט אויסגעזען ווי אַ ווילדע פֿאַנטאַזיע, אין דער צייט ווען אין אַנדערע שטעט איז שוין אין יעדער שטוב, אויף אַלע שטאָקן געווען וואַסער־לייטונג.



שאַיעלע וואַסער־טרעגער אין געטאָ אין יאָר 1940.

נחום קנאָפּמאַכער

# די יידן פון מיין דאָרף קאַלאַטש

אין די דערפער אַרום וולאָדאַווע האָבן געלעבט אוקראַיִנישע, ווייסרוסישע און פּוילישע פּויערים. אין יעדן אַזאַ דאָרף האָבן אויך געוווינט עטלעכע יידישע משפחות. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געהאַט אייגענע עטלעכע מאָרגעס ערד, אייגענע הייזקעס, גערטנער און קליינע פּרוכטן סעדער. אַנדערע האָבן געצויגן זייער חיונה פון האַלטן אין אַרענדע אַ קרעטשמע, אַ מילכיקס, אַ מיל אָדער אַן אָזערע. געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן יעדן סעזאָן אָפּגעדונגען ביים פּריץ, אָדער ביים גלח זייערע גרויסע פּרוכטן סעדער. איינצלנע האָבן געהאַנדלט מיט וואַלד. די אָרעמערע יידן אין די דערפער פלעגן אויפקויפן ביי די פּויערין אַ קעלבל, עטלעכע עופות און תבואה אָדער פיש, וואָס זיי האָבן געפירט אין שטאָט אַריין אָדער אין אַנדערע גרעסערע שטעט.

אין די גרעסערע דערפער האָט זיך אויך געפונען אַ יידיש געוועלבל, ווו דער פּויער האָט געקענט איינקויפן זאַלץ, שוועבעלעך, נאַפט, כלים צום קאָכן און נאָך אַנדערע זאַכן פאַר דער שטוב־ווירטשאַפט. פון די אַלע פּרנסות האָט זיך קיינער נישט געקענט באַרימען מיט קיין צו גרויסער שפע.

אין טייל דערפער זענען אויך געווען יידישע שוסטערס, רימערס, וועלכע האָבן פאַראָכטן און אויסגעאַרבעט נייע שטיוול, שיך און כאָמעטן פאַר די פּויערים.

אין געוויסע גרעסערע דערפער האָבן די יידן געהאַט אַן אייגענעם מנין. שבת און יום־טוב פלעגן די יידן פון די שכנותדיקע און נאָענטע דערפער קומען צונויף, דאַווענען בציבור און באַקומען אַן עליה לתורה. אין אַזעלכע גרעסערע דערפער האָבן די יידן אויך אויסגעהאַלטן אַ מלמד צו זייערע קינדער. געווען מלמדים, וואָס זענען געווען אויך שוחטים און פלעגן מיט זייער שחיטה באַדינען אויך עטלעכע דערפער.

בדרך כלל האָבן די יידן אין די דערפער געשמט מיט זייער גאַסטפריינטלעכקייט, געווען גרויסע מכניסי אורחים און יידישע דאָרפסגייער האָבן שטענדיק געפונען ביי זיי אַ דאַך איבערן קאָפּ אויף איבערצונעכטיקן און אָפּצועסן.

אַזאַ גרעסער דאָרף איז אויך געווען קאַלאַטש, וואָס האָט זיך געפונען ניינצן קילאָמעטער פון וולאָדאַווע אויפן שאָסיי קיין לובלין. דאָרט האָבן געוווינט אַכט יידישע פאַמיליעס וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט לאַנדווירטשאַפט און מסחר. זיי זענען געווען פאַרמעגלעכע, האָבן זיך פאַרגינען צו געבן אַ שיינע נדבה פאַר אָרעמע דורכגייער און פאַרשידענע צדקה־ענינים, שוין אָפּגערעדט פון זייער הכנסת־אורחים, מיט וועלכער זיי האָבן געשמט איבער דער גאַנצער געגנט.

יאַנקל קנאָפּמאַכער, סענדער קנאָפּמאַכער, ליטמאַן, משה דוד כ״ץ, מאָטל איידלמאַן און איצל עפּלבוים (היינט אין ישראל).

דער קאַלאַטשער הויף האָט געהערט צום יידישן גוטבאַזיצער ווײַנטרויב, וועלכער האָט געוווינט אין אַ פּאַלאַץ, האָט פאַרמאָגט אַ סך פעלדער, סעדער, וועלדער און אָזערעס. דער אַדמיניסטראַטאָר פון הויף איז געווען ר׳ יאַנקל קאַלאַטשער, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער ווירטשאַפט אין פּריצישן הויף.

דער יידישער פּריץ ווײַנטרויב האָט געפירט אַ טראַדיציאָנעל יידיש הויז, אָפּגעהיטן יידישע דינים און מנהגים, פלעגט קומען יעדן שבת דאַווענען און לייענען דאָס ספר ביים מנין, וואָס האָט זיך געפונען אין הויז פון שלמה קנאָפּמאַכער.

אין יאָר 1936 איז אין ווײַנטרויבס הויף געווען די הכשרה־קאָלאָניע פון בית״ר און די חלוצים האָבן געאַרבעט אין זיין וואַלד ביים האַקן האָלץ און אַלערליי אַנדערע אַרבעטן.

קיין קאַלאַטש זענען געקומען דאַווענען שבת און יום־טוב די יידן פון די שכנותדיקע דערפער: קאַמיען, מאַריאַנקע, אליע, טערנע, לובען, ווירעק, קראַטיע און ברוס.

דאָס דאָרף האָט געהאַט אַן אייגענעם שוחט, יאַסקע ראַטערמאַן פון וויטיטשנע און אַ מלמד — שמואל קראַטיער.

די דערפער סקראַדניצע, סאַכאַווע און וויטיטשנע האָבן אויך געהאַט אייגענע מנינים און אויך מלמדים פאַר זייערע קינדער.

אַזוי האָבן די יידן אַרום וולאָדאַווע דורות לאַנג געפירט זייער אייגנאַרטיק אָבער דורך־און־דורך יידיש לעבן, ביז עס איז געקומען דער בלוטיקער היטלעריזם און אין

יאָר 1942, פאַרטריבן אַלע דאָרפישע יידן קיין וולאָדאַווע און פון דאָרט געשיקט זיי אין די גאַז־קאַמערן פון נאָענטן טויטן־לאַגער סאָביבאָר.

אַ קליינער טייל פון די יידן אין די דאָזיקע דערפער איז אַוועק אין די וועלדער, וווּ זיי האָבן זיך פאַרבונדן מיט די רוסישע פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען באַשטאַנען פון זעלנער פון דער רויטער אַרמיי, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון דייטשן געפאַנגענען־לאַגער.

וועגן די דאָזיקע מוטיקע יידישע בחורים פון די דערפער האָט מען אַ סך גערעדט אין וולאָדאַווער געטאָ. זייער מוט און העלדישקייט האָט געדינט ווי אַ מוסטער פאַר אַ סך וולאָדאַווער בחורים, וועלכע זענען אויך אַוועק אין די וועלדער. אַ סך פון זיי זענען געפאַלן אין קאַמף. אַ טייל געפינט זיך אין ישראל.

רבקה עפלבוים־פארער

**מיין מאַמע אסתר — געהייליקט**

# אונדזער אומפאַרגעסלעכע היים

וואָס זאָגט דער נאָמען פון אַ שטאָט אַ פרעמדן, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען פאַרבונדן מיט דער שטאָט, מיט די מענטשן, מיט זייערע פריידן און ליידן?

וולאָדאַווע ביים בוג — איינע פון די הונדערטער נעמען, געדרוקט מיט קליינינקע אותיותלעך אויף דער געדיכט־באַפינטלטער פוילישער מאַפע — וואָס זאָגט עס אַ פרעמדן?

מיך אָבער בריט דער נאָמען אויף די ליפן, גליט אין מיין האַרצן. ווען איך דערהער נאָר דעם קלאַנג פונעם וואָרט וולאָדאַווע גייט אויף פאַר מיינע אויגן די שטאָט מיט אירע גאַסן און געסלעך, בתי מדרשים און חסידים־שטיבלעך, מיט דער שיל, מיטן רוישיקן בראָם און מיטן גאַנצן ברויזנדיקן לעבן פון דער יוגנט, מיט אירע געזאַנגען און חלומות וועגן אַ שענערער וועלט, אַ ליכטיקן מאָרגן פאַרן פאָלק, פאַר דער גאַנצער מענטשהייט.

וולאָדאַווע ביים בוג!

אומפאַרגעסלעך זענען דיינע וווּנדערבאַרע פרימאָרגנס, די זומערדיקע פאַרנאַכטן מיט די צעבליטע אַקאַציעס און בעז־ביימער, די שפאַצירן איבער די גרינע אַלייען פון קאַשטאַן־ביימער, די פאַרשיכורנדיקע אַראָמאַטן פון די לאָנקעס מיט די חנעוודיקע פעלד־בלומען, קאָרן־בלימלעך און וואַסער־ליליעס.

שיין און כישופדיק איז אויך געווען דיין ווינטער, ווען די גאַסן זענען צוגעדעקט געוואָרן מיטן ווייסן שניי און די שויבן האָבן זיך באַצירט מיט פראָסט־בלומען. איבער די גאַסן און געסלעך האָבן זיך צעקלונגען די גלעקלעך פון די שליטנס און דאָס זילבערנע געלעכטער מיט די פריילעכע קולות פון קינדער און יוגנטלעכע.

ביז היינט קלינגען מיר נאָך אין די אויערן די דאָזיקע אַלע קולות און קלאַנגען. איך זע פאַר זיך דעם גאַנג פון די פרומע יידן צום דאַווענען און לערנען אין בית המדרש און אין די חסידים־שטיבלעך. איך זע די בחורים און מיידלעך ווי זיי טראָגן די ביכער פון ביבליאָטעק, ווי זיי גייען אין די לאָקאַלן פון די יוגנט־אָרגאַניזאַציעס, הערן אַ רעפעראַט, באַטייליקן זיך אין אַ קעסטל־אָוונט, מיטזינגען אינעם כאָר די לידער פון בענקשאַפט נאָך ציון, פון גלייכהייט און פרייהייט.

כ'זע זיי שפאַצירן אין די שבתים הינטערן שטעטל, צום טייך, צום וואַלד און פעלד.

ווי קען עס זיין, אַז זיי זענען מער נישטאָ?

דער זעלבער הימל הענגט היינט איבערן שטעטל, אַ בלויער אָדער געדיכט־פאַרוואָלקנטער. אָבער עס הערן זיך שוין מער נישט די קולות פון תורה־לערנען, פון די יום־טובדיקע תפילות, וואָס זענען געגאַנגען פון די בתי מדרשים און חסידים־שטיבלעך.

די זעלבע גאַסן, אָבער אָן דעם יידישן אימפעט פון די יידישע סוחרים און אָן דעם געפילדער און שטיפעריי פון די חדר־יינגלעך.

נישטאָ!

נישטאָ מיין טייערע מאַמע, מיין ברודער, אַלע מיינע נאָענטסטע, מיינע יוגנט־חברטעס.

זיי זענען אַוועק מיטן רויך פון די קרעמאַטאָריעס, אין די שחיטות פון סאָביבאָר.

מיר די שארית הפליטה פון וולאָדאַווע, צעזייט און צעשפרייט איבער גאָר דער וועלט, הערן נישט אויף צו פרעגן דעם אייביקן „פאַרוואָס?".

מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן אונדזערע חרובע היימען, די אומגעקומענע קדושים. אייביק וועלן מיר זיי געדענקען, דערמאָנען און מאָנען.

# אימי השואה



אַרבעטס־לאַגערן אַרום וולאָדאַווע און דער פאַרניכטונגס־לאַגער סאָביבאָר, וווּהין די יידן פון וולאָדאַווע זענען פאַרשיקט געוואָרן אויף פּיין און אומקום.

# חורבן און אומקום

# מיין שטעטל וולאדאווע

מיין שטעטל וולאַדאַווע פאַרוואַרצלט ביים טייך
מיט דורות שוין לאַנג פון אַמאָל,
געלעבט האָבן דאָרטן סיי אָרעם און רייך
די קינדער פון אַלטן ישראל.
מיט טויט און געבורטן אַ דור נאָך אַ דור
געוועבט האָט דאָס שטעטל זיין יחוס,
ס'פלעגן זקנים דערציילן מעשיות פון אַמאָל
פון גרויזאַמע צייטן כמיעלניצקים...

פרילינג־צייט האָבן כוואַליעס פון בוג
די פעלדער, דאָס שטעטל, פאַרגאָסן.
חדשים און יאָרן ווי טאָג נאָך אַ טאָג
מיט ליידן און פריידן געפלאָסן.
פלוצם אַ חיה אַ ברוינע יאָגט אָן,
אויף שטעטל אַ שוידער געפאַלן —
ס'האָבן יידן אין טויט־שרעק אַ ציטער געטאָן
פאַר נאַציס עס־עסישע גרוילן.

פאַרשוווּנדן די רו, שטילקייט און פרידן
די געטאָ געקלאַמערט אין דראָטן,
די קראַמפּן פון גסיסה פון לעצטע שוין יידן
האָבן גרוילן כמיעלניצקיס פאַרשאָטנט...
סאַביבאָר צעשפּרייט האָט אַשיקן שטויב
פון זקנים, מאַמעס און קינדער,
פאַרברענט אויף עקידה, מיין שטעטל צערויבט,
קיין נס... קיין מופת... קיין וווּנדער...

אין דערפל סאַביבאָר איך זע דעם וואַלד
פאַרבלוטיקט זיין גאַנצן אַרום.
פון פלאַמען גייט אויף אַ קינדער־געשטאַלט
מיט יאָמער וואָס ווערט נישט פאַרשטומט.
ווער קאָן דען פאַרגעסן מיידאַנעק, אַשוויענטשים,
דעם דייטשיש רוצחישן קנוט? —
נקמה! נקמה! — רופט אייביק אַ שטים —
פאַר יידיש פאַרגאָסענעם בלוט.



# עיירתי ולודבה

הו, ולודבה, עיר שלי, על גדות הנהר שוכנת
זה דורי דורות מימים קדמוניות.
חיו בה עניים ולא חסרו אף עשירים
אשר לישראל סבא היו הם בנים.
בחיים ומות, דורי דורות עברו
שושלת, מזמנים קדומים לכלם היו.
ספרו זקנים מאז, ספורי מעשיות
על זוועות חמלניצקי מעשים מגונות.

חלף הסתיו, קרני אביב, עננים הבקיעו
וגלי הבוג את שדות העיר הציפו
חדשים וגם שנים, יום אחרי יום,
בחגם ובאבלם, הביעו כל רגשתם.
פתאום חית טרף, וכבר היא רודפת
מבוהלים תושביה, רעדה אחזתם וזלעפת,
מחוץ חרב משכלת, ואימת מות על היהודים נופלת
מפני חית קנה, אשר עליהם כבר רובצת.

והנה המנוחה והשלום, נעלמה, הופרעו,
וגיטו שהכינו ליהודים, גדרי תיל סובבו
ואנחות שוברות לב מאחרוני יהודי עירנו
השכיחו את האכזריות שחלם חמלניצקי בעמנו...
סוביבור, הרוות, דשנת אדמותיך מדם ואפר קדושינו
מאין אונים, וחדל אישים, עוללינו, אבותינו, זקנינו —
נשדד עירי, נשרף על מזבח עקידה קרבן
והשמים חרש הם, כלתה כל עין וישועה אין...

כפר סוביבור, עוד אני רואה את היער שם,
עציו מגואלות מדם, האדימו ענפיהם,
דמויות ילדיו מלהבת הדורי אש עולות,
יללות טף ויונק, חלל העולם בוקעות.
לשכוח אי אפשר גיא הדמים מידנק, אשוונצים
שעוללו ידי המרצחים הנצים האכזרים,
דמם האומללים, האצילים שנשפך כמים,
נקמה! נקמה! — מן האדמה זועקים.

גערענקען מיר וועלן דאָס פּוילישע לאַנד,
אויך דאָס פֿאָלק פֿון „דיכטער און דענקער" —
ווי שפּאַניען אַמאָל צו אייביקן שאַנד
זיין זאָלן אונדזערע הענקער!
צעריסן מיין האַרץ איז אין בלוטיקער קריעה
נאָך דעם חורבן פֿון היינט און אַמאָל,
נאָר סטליעט אין הערצער פֿון דורות די שבועה —
סוועט לעבן דאָך נצח ישראל!

דזשאַלאַל־אַבאַד (ראַטנבאַרבאַנד) — תל־אביב 1945

זכור נזכור את מדינת פולניה ותושביה,
גם האומה כ„משוררים וחוקרים" נקראה, —
כאנשי ספרד לבוז עולמית נחתמו,
כן יאבדו הם, מחורפינו זכרם ימחו!
תוהו בלבי הקרועה, ונפשי מטפטף דם
על החורבן מימינו, ואף מאז מזמנם —
עוד תקוה בלבנו על השבועה מדורותינו
כי לא ישקר נצח ישראל בעמנו!

תרגם חופשי — אהרון שלנגר

*אוקדש לקדושי עירנו* *די קדושים פֿון אונזער שטאָט - אַהײליקט*

## מיין שטעטל וולאדאווע

מוזיק: אביגדור ווייצמאן
אראנזשירט פון ש. ווייספיש
טעקסט יעקב ראזנבלאט

Andante

Coda



שרטוט והדפסה: פ. ניידש ובנו, תל אביב

# אימי השואה

...בולודאבה, כמו בכל ערי פולין, מצא הקו־המנחה במלחמת־החרמה הנא־צית, השטנית והשיטתית, כנגד עם ישראל את ביטויו המוחץ והתמציתי באותו מושג נאצי שנוצר והוטבע במיוחד לצרכיה של תעמולת ההשמדה: „יודנריין!" — הווה אומר, להכרית ולקעקע כל שורש וכל שיור, כל גילוי וכל התגלמות של מורשת היהדות, של צורה כלשהו ועקבות כלשהם מרוח היהדות ומעצמת השפעתה המו־סרית. „הפתרון הסופי לבעיה היהודית" — אשר כך הוגדרה רשמית במקורות התיעוד הנאצי הסודי אותה הכרעה גורלית לפתוח במסע־ההשמדה הטוטאלי כנגד יהדות אירופה כולה — הרי זה היווה למעשה תכנית־הגשמה מקיפה ומרחיקה־לכת לבצע את מה שהוגדר עוד במפורש ובמודגש בספר תהילים: „אמרו, לכו ונכחידם מגוי ולא יזכר שם ישראל עוד"——— כי אכן החליטה המנהיגות הנא־צית להשמיד, להרוג ולאבד את כל היהודים ללא יוצא מן הכלל, מנער ועד זקן, טף ונשים, יונק עם איש שיבה, ולהכחיד בפועל ממש את כל מי שבשם „ישראל" יכונה. ולאחר כל זה לא נתקררה דעתם המטורפת עד שכלו את מלוא זעם חמתם ושיטנת נקמתם בהרס מלא ומוחלט של אותם מוסדות מקודשים אשר בהם משתקפת רוח הניצחיות הישראלית, כי לא זו בלבד שהשטן חילל בולודאבה, כמו בכל קהילות ישראל, את בית־הכנסת, אלא שהתאמץ להתעלל בכל מיני תעלולים בגווילין של ספרי התורה ומאידך גיסא התמסרו יהודי ולודאבה הנר־מסים והנרדפים להציל במידת האפשר, את ספרי התורה, להחביאם מעיני הצוררים ולהגן עליהם. כאשר אנו קוראים במדור זה את העדויות האישיות מאלה אשר עברו את מצולות האבדון, אנו רואים כי על־פני קרקעית תהום רבה פזורים וזרויים פניני־יקר של קידוש השם וגבורת־נפש יהודית. הניצולים המעטים מספ־רים בפשטות באזני האנושות וההיסטוריה ובאזני עמנו ובנינו אחרינו את ספור־חייהם נורא־העגמה ואיום־הגבורה שכולו אמת בלא־יאומן־שבו. פרק השואה הוא אחד הדברים שראינו מחובתנו למצות אותו במידת האפשר ולמעלה מזה, על אף הקשיים שעמדו בדרכנו באיסוף החומר ועל אף המאמצים המרובים שהיינו צריכים להשקיע בניצולים, כדי להביאם לכתיבה או לשיחה על חוויות שהשיבה אליהן, ולו רק בזכרון ובהזכרות, קשה עליהם ביותר. מתוך עדויות אלו בוקע ועולה ההד החזק של הקרבה למען קידוש השם. המיוחד בתיאורי בני ולודאבה הוא זה כי אחרי ככלות הכל, משנסגרו כל שערי־רחמים, וגזר־הכרת של כליון חרוץ נשאר תלוי מעל לראשי היהודים כחרב־פיפיות, עמדו במבחן הנפשי של המעמד האחרון, מבחן־נפשי בדרגת האצילות, במעלת־הרוממות של קדושת השם. כאשר תהום הצלמוות פערה את פיה לבלוע חיים את כל עדת היהודים, על ראשיה, ישישיה ונכבדיה, על נעריה ועולליה, על בחורותיה ובתולותיה — התנצנצה בבת־אחת תחושת הנצח הטבועה באומה רווית־סבל, כי אז נתחשל רועה העדה, רבה של ולודאבה, הרב ר' מנדלי מורגנשטרן, לעמוד באון ובגאון מול בני־השטן הנאצים ולעודד בדברי־כיבושים את הילדים ולצעוד איתם לעבר הכליון. ומן הדין לראות כאחד משיאי הגבורה הנפשית את ההתמסרות הזאת של הרב מולודאבה, אחד משיאי עוז הרוח היהודי.

המערכת

## יחיאל גרינהויז

**ווענעזועלאַ**



# יאָרן פון פּיין צאָרן און אומקום

### פון מיין עדות זאָגן אויפן פּראָצעס קעגן ניטשקע און גרופּע


עם 30־סטן יולי 1964 ביז איך אויפגעטרעטן אַלס עדות אויפן קרימינאַל־פּראָצעס קעגן ניטשקע און זיין גרופּע. די דאָזיקע געשטאַפּאָ־גרופּע האָט אָפּעריִרט אין וולאָדאַווע און אומגעגנט, זינט נאָוועמבער 1939 ביזן פאַרענדיקן דאָס אויסזידלען אַלע יידן פון וולאָדאַווע און אומגעגנט און איבערפירן זיי אין דעם פאַרניכטונגס־לאַגער סאָביבאָר, אַכט קילאָמעטער פון וולאָדאַווע.

די לעצטע אַקציע איז פאָרגעקומען פרייטיק דעם ערשטן מאַי 1943. נאָך דער לעצטער אויסזידלונג זענען פאַרבליבן ביים לעבן בערך זעכציק מענטשן ביי פאַלקענבערגן און עטלעכע הונדערט ביי זעלינגער אין אַדאַמפּאָל, זיי זענען דערשאָסן געוואָרן מיט עטלעכע חדשים שפּעטער.

דער פּראָצעס קומט פאָר אין קרייז־געריכט פון האַנאָווער, מערב דייטשלאַנד.

צוויי האַלבע טעג האָט געדויערט מיין עדות זאָגן און ענטפערן אויף פראַגן פון כמעט אַלע מיטגלידער פון געריכט. זיי ווילן גענוי אַלץ וויסן, אַפילו וועגן פערזענלעכע אָנגעלעגנהייטן האָב איך געדאַרפט ענטפערן. מײן מיינונג וועגן די אַלע אַזויגערופענע „קעגן־נאַצי־פּראָצעסן", איז, אַז דאָס אַלץ וואָרט געפירט מיט דער כוונה ריינצוואַשן דאָס דייטשע פאָלק און באַווייזן, אַז נאָר איינצלנע דייטשן, דאָ און דאָרט, זענען די שולדיקע, אויך זיי זענען נישט אויף אַזויפיל שולדיק, נעמענדיק אין אַכט, אַז יעדער איינער פון די באַשול־דיקטע, האָט אויסגעפירט אַ באַפעל אין צייט פון קריג. די העכערע מאַכט האָט באַפוילן און געהאָרכזאַמע מענטשן נעבעך האָבן עס אויסגעפירט... מען „אָרגאַניזירט פּראָצעסן", מען גיט אילוזאָרישע שטראָפן, דערביי באַווייזט מען פאַר דער געשיכטע, אַז נישט דאָס דייטשע פאָלק איז שולדיק אין אויסראָטן זעקס מיליאָן יידן. זיי גיבן שוין צו, אַז דאָ און דאָרט זענען יאָ געווען איינצלנע דייטשן דירעקט שולדיקע און פאַראַנטוואָרטלעך אין אויסראָטן, אָבער דער גרעסטער טייל — שולדיקע אומדירעקט, און אַזעלכע אומדי־רעקטע שולדיקע זענען דאָך פאַראַן ביי אַ סך אַנדערע פעלקער און פירער...

אויף דעם פּראָצעס האָבן עדות געזאָגט נאָך שארית הפליטה פון ישראל, קאַנאַדע, אויך הונדערט־פּראָצענטיקע אַריער, דייטשן: פאַלקענבערג, האלצהאמער, זעלינגער, ווינקלער מיט זיין טאָכטער און אַנדערע, אַלע וועלכע האָבן באַשולדיקט. עס זענען געווען אייניקע דייטשן, וואָס האָבן פאַרטיידיקט.

אין די טעג, פאַר און נאָך מיין עדות זאָגן, האָב איך נאָך אַמאָל דורכגעלעבט די גרויזאַמע טראַגעדיע פון די יידן פון אונדזער שטאָט, פון פוילן, פון אייראָפּע, פון גאַנצן וועלט־יידנטום. די טייוולאָנישע אויפ־פירונג פון די נאַציס, וועט נאָך לאַנג־לאַנג זיך לאָזן הערן צווישן די פעלקער פון דער גאַנצער וועלט.

זייער פיל שוואַרצע און מיט בלוט־געפלעקטע בלעטער אין דער געשיכטע פון דער ציוויליזירטער וועלט האָט געלאָזט נאָך זיך דער אָנגעצונדענער היטלעריסטישער בראַנד־פייער פון 1939—1945... און בכדי אָט די שוואַרצקייט ווייסער צו מאַכן, אָרגאַניזירט דייטשלאַנד „פּראָצעסן", צאָלט אַנטשעדיקונגען. אויך די גאַנצע ציוויליזירטע וועלט האָט גיך פאַרגעסן...

מיר וועלן נישט אויפהערן דערמאָנען און מאָנען, שרייען, דערציילן, שרייבן און רעדן. איך וויל רעדן וועגן מיין שטאָט אַזוי ווי איך האָב זי געקענט, ווי איך זע זי שטענדיק און וועל זי זען ביז מיין לעצטן טאָג...

אונדזער שטאָט וולאָדאַווע איז זייער אַלט, ליגט ביים טייך בוג. אַ סטראַטעגישער פּונקט און טאַקע דערפאַר איז זי שטענ־דיק ביי יעדן קריג אין פייער. אין דער פּוילישער געשיכטע ווערט דער נאָמען וולאָדאַווע אָפט מאָל דערמאָנט, אויך אין דער ליטעראַטור, אין דער טרילאָגיע פון באַקאַנטן שרייבער ה. שענקעוויטש „אין פייער און שווערד". און טאַקע דעריבער איז אויף דעם „בראם" אין מאַרק געווען דאָס פערדעלע מיטן רייטער.

ווי אין אַ סך אַנדערע שטעט פון צענטראַל־און מזרח־פּוילן, איז דער צענטער פון שטאָט געווען יידיש און אַרום שטאָט קריסטלעך. דער צענטער איז געווען פּינפּאַכיק און אַרום־אַרום די שכנים. אין ראָזשאַנקער גאַס די לעצטע יידישע

שטוב — חיים רייטלערס. אַראָפּ־באַרג צום בוג — י. פעסט־מאַנס שטוב. אַראָפּ צום טייך — די יאַטקעס, מקווה און מרחץ. ענדע ווירעקער גאַס — דעם שמאַטניקס שטוב און דאַן קלמן (רילינעק) פעלדמאַנס שטוב.

אויף דער אַנדערער זייט בוג, איז געווען דאָס שטעטעלע וולאָדאווקע, בלויז יידן. עס איז מעגלעך, אַז פון וולאָדאווקע זענען די יידן געקומען קיין וולאָדאַווע, פאַראַן אַזעלכע מיי־נונגען אין דער געשיכטע, אַז גאַנץ לאַנג פריער האָבן די יידן געלעבט אין וולאָדאווקע און ערשט שפּעטער זיך באַזעצט אין דער נייער וולאָדאווע פון באַרג צו דער ווירעקער גאַס.

צווישן די דערמאָנטע פינף פּונקטן האָבן ביז יאָר 1939 געלעבט 9,500 יידן בערך און 2000 קריסטן. אין די יאָרן 1939—43 איז די יידישע באַפעלקערונג פאַרגרעסערט געוואָרן ביז בערך 20,000 נפשות. די סיבה איז געווען, צוליבן דער־קלערן דורכן גענעראַל־גובערנאַמענט, אַז וולאָדאַווע איז אַ „יודענשטאַט", אַ מין מקום מקלט פאַר יידן. צען שטעט זענען דערקלערט געוואָרן אַלס אַזעלכע און צווישן זיי אויך וולאָ־דאַווע. דעריבער האָט מען טאַקע זייער אָפט געבראַנגט פרישע יידן פון ווין, טשעכאָסלאָוואַקיע, אונגאַרן, האָלאַנד, ווי אויך פון קעלץ און אַנדערע שטעט פון פּוילן. די יידן פון די דערפער און שטעטלעך אַרום וולאָדאַווע, זענען אויך געבראַכט געוואָרן אָדער פאַראָרדנט, זיי זאָלן אַליין גיין קיין וולאָדאַווע און אַזוי אין די געביטן, וועלכע האָבן געהערט צום ראַטנפאַרבאַנד.

ענדע 39 און אָנהויב 1940 זענען בערך 600 נפשות אַוועק אין די געביטן, וועלכע האָבן געהערט צו ראַטנפאַרבאַנד.

וולאָדאַווע האָט געהאַט אַ פּראַכטפולע שיל, אַ גאָר אַלטע, געבויט דורכן גראַף זאַמויסקי. אַ גאַנץ אַלטן בית המדרש, אַ נייעם בית המדרש און חסידים־שטיבלעך פון אַ גרעסערע צאָל רביים. 3 בית עלמינס, עס האָט געדאַרפט זיין נאָך איינער, אָבער דאָס האָט שוין נישט געלאָזט קיין שפּורן. געווען אַ „ביקור חולים", אַ „מושב זקנים", אַ מאָדערנעם מרחץ און מקווה. די באַפעלקערונג — פאַרשידנפאַרביק; אַלע ריכטונ־גען — חסידים, אַ זייער שיינע ציוניסטישע באַוועגונג, בונ־דיסטן, פאָלקיסטן, אגודה, אויך אַ ביסל קאָמוניסטן. די מער־הייט פון דער יידישער באַפעלקערונג איז באַשטאַנען פון קלייך־סוחרים, עפּעס מער ווי אַ טוץ הורט־סוחרים, נאָך אַזוי־פיל פאַבריקאַנטן; זייער אַ שיינע האַנדווערקערשאַפט און גע־וויינלעכע אַרבעטער. חוץ גאָר אַ קליינעם אויסנאַם, זענען אַלע געווען רעליגיעזע. געווען אויך אַ קליינער פּראָצענט פרייע, מאָדערנע מענטשן; אַ מיטלשטאַנד באַפעלקערונג מיט בערך 25 גבירים אויפן פאַרנעם פון אַ קלייך שטעטל.

וולאָדאַווע האָט זיך געיחוסט מיט אירע גרויסע רבנים, צווישן אַנדערע דער ב"ח. צווישן די ספרים אינעם גרויסן



בית־המדרש זענען געווען גמרות מיטן ב"חס אייגנהענטיקע צושריפטן, הערות און פירושים.

אין וולאָדאַווע זענען אויך געזעסן אויפן כסא הרבנות: דער נאָוואָמינסקער רב און רבי ר' יורא ארי' פּערלאָוו, דער לוקאָווער רבי, ר' משה ברוך מאָרגענשטערן, אַן אייניקל פון אַלטן קאָצקער און דער לעצטער רב, דער זון פון לוקאָווער רבין, ר' מנחם מענדל, וועלכער האָט געירשנט די שטול פון זיין פאָטער אין וולאָדאווער רבנות.

אין אַ שבת פון חודש יולי 1942, איז אויף אים געפאַלן דער גורל צו באַגלייטן זיינע און נאָך 108 אַנדערע וולאָדאווער קינדערלעך אויף זייער לעצטן וועג קיין סאָביבאָר, וועגן דעם וועל איך נאָך ווייטער דערמאָנען. פון ענדע 1939 ביז שבועות 1942, איז אויך געווען אין וולאָדאַווע דער ראַדזינער רבי, ר' שלמה ליינער, וועמענס לעבן און אומקום אין וולאָדאַווע שטעלט מיט זיך פאָר אַ העראָיש קאַפּיטל, וואָס דאַרף באַ־זונדער דערמאָנט ווערן.

ביז 1928 האָט וולאָדאַווע נישט געהאַט קיין מיטלשול, נאָר אַ פאָלקס־שול. נאַטירלעך אַלע גראַדן „חדרים" מיטזייער פיינע מלמדים, תלמוד־תורה'ס, ווו די יוגנט האָט געלערנט תורה און יידישע לערער, וועלכע האָבן געלערנט אַלגעמיינע וויסנשאַפט. צווישן זיי געדענק איך: אשר לערער, וועלכער האָט געלערנט אַלגעמיינע לימודים; דעם לערער קיפּל — עברית, זוכטשינסקי — פּויליש און נאָך אַנדערע.

עס זענען אויך געווען שוסטער און שניידער־מנינים, ווו מ'פלעגט דאַווענען און לערנען תורה. געווען אויך בעלי דרשנס, וואָס האָבן יעדן שבת „געזאָגט" פאַרן עולם אין בית מדרש. אויך אַזעלכע, וואָס האָבן געלערנט „משניות" און די סדרה פון דער וואָך, אויך האָט מען געלערנט פאַר די פרויען. אין די 30קער יאָרן האָט וולאָדאַווע אָנגעהויבן צו האָבן אויך אַ שטודירנדיקע יוגנט און שפּעטער שוין פון פרייע באַרופן.

וולאָדאַווע האָט געהאַט אויך הצלחה צו גוטע מעדיקער, פריער קריסטלעכע: שווירסקי, טאָקאַזשעווסקי. דערנאָך די יידישע: בלום, פעלדמאַן און דער לעצטער — שפּרינגער. אויך זייער גוטע און שיינע בכבודיקע פעלדשער: בערל רופא, נח רופא, בענדלער און אַנדערע. די פרויען פון די רופאים זענען געווען די „באַבעס", וועלכע האָבן געהאָלפן אַלע וולאָ־דאווער קינדער אויף דער וועלט קומען. אינטערעסאַנטע וויצן פלעגן קורסירן איבער דער „באָבע" מאַדאַם גוטערמאַן. דאָס האָט אָבער נישט געענדערט איר כאַראַקטער פון אַ ריכטיקער יידישער באָבע.

אונדזער שטאָט האָט זיך אויך פאַרשריבן אין דער גע־שיכטע פון דער פּוילישער באַפרייאונג.

די נישט באַרעכנטע האַנדלונג פון אַ קליינער גרופּע פּאָליאַקן און אייניקע יידן, וועלכע האָבן נישט געוואָלט





**ר׳ יעקב הערש גרינהויז און זיין פרוי.**
ר׳ יעקב הערש איז געווען לאַנגיאָריקער דאָזאָר אין דער וולאָדאָווער יידישער קהילה.

אַריינלאָזן אין יאָר 1918 דאָס פוילישע מיליטער פון מאַרשאַל פילסודסקי איז געווען אַ פיינלעכער עפּיזאָד באַזונדערס פאַר די יידן. דער קאַמף צווישן דער קליינער גרופּע רעוואָלוציאָנערן און די לעגיאָנערן האָט געדויערט בערך צוויי וואָכן. דער עפּיזאָד האָט געהאַט זיין פינאַל אויפן פּראָצעס אין לובלין און איז באַקאַנט אונטערן נאָמען „אַניסעוויטש, ווישניעווסקי און קאָמפּאַניע".

דאָס אַלץ וואָלט אפשר נישט געהאַט קיין זייער אָנגענעמע קאָנסעקווענצן, בפרט פאַר דער יידישער באַפעלקערונג, אָבער אַ דאַנק דער באַמיאונג פון דער יידישער קהילה, אונטערן פאָרזיץ פון מיין פאָטער יעקב צבי גרינהויז ז״ל, און די וואַרעמע פאַרשטענדעניש פון דעמאָלטיקן בירגערמייסטער יאַשינסקי, אַליין אויך אַ לעגיאָנער, איז דער ענין דורך בשלום.

שוין פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך אין וולאָדאווע געשאַפן אַ גאַנץ שיינע גרופּע משכילים, צווישן זיי: ש. באַרנהאָלץ, ש. לעמבערגער, י. גאָלדשטיין, דער שפּעטערער דאָקטאָר י. פעלדמאַן, שאול סאַמעלסאָן, געזונדהייט, י. ניסנבוים, ש. מינץ, ד. אוילאַמוצקי, ה. ל. עפּלבוים, אברהם כהן, אשר לערער ,דוד ראוונער, יוסף ראָטענבערג און נאָך אַנדערע.

די ציוניסטישע טעטיקייט האָט זיך נישט באַגרענעצט בלויז מיט אויפקלערונג און פאַרשידענע זאַמל־אַקציעס. צווישן די ערשטע עולים זענען געווען אויך וולאָדאַווער חלוצים, וועלכע האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער התלהבות־דיקער צוגעבונדנקייט צום ציוניסטישן אידעאַל. אַזעלכער איז אויך געווען דער חלוץ א. י. סאַמעלסאָן, וועלכער לעבט ביזן היינטיקן טאָג אינעם קיבוץ עין־חרוד.

צו די ערשטע עולים פון וולאָדאַווע געהערן אויך: יעקב באַרנהאָלץ, גאַרפינקל, רייטלערס, שמואל בעקערמאַן, ש. כ״ץ, שניידערמאַן, אַ וולאָדאַווער אייניקל, זישע פוקס, ל. פעסטמאַן און זייערע פרויען.

אין דעצעמבער 1924 בין איך עולה געווען קיין ארץ־ישראל, אָבער צוליב מיינע מיליטערישע פליכטן האָב איך ביים סוף 1926 געמוזט צוריקפאָרן קיין פוילן.

פון דער דאָזיקער גרופּע משכילים איז געבוירן געוואָרן די ציוניסטישע באַוועגונג. שוין אין 1917 האָט זיך אָפיציעל אָרגאַניזירט אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע (ציונים כללים), אונטערן פאָרזיץ פון ה. עפּלבוים. דער צווייטער פּרעזידענט איז געווען אשר לערער, דער דריטער שאול סאַמעלסאָן, שפּעטער — ד״ר יוסף פעלדמאַן און אַנד.

אין דער צייט פון צווייטן און דריטן פּרעזידענט בין איך געווען סעקרעטאַר און אויך מורשה קרן־קימת. די טעטיקייט האָט אָנגעהויבן קליין, ווי דער שטייגער, אָבער שוין אין יאָר 1920, אַ דאַנק דער אָנשטרענגונג און איבערגעגעבנקייט פון יוסף ראָטנבערג מיט אַ גרופּע איבערגעגעבענע בחורים און מיידלעך, האָט די באַוועגונג גענומען דעם ריכטיקן שווונג. מען האָט אויסגעבויט אַ פּראַכטפולן לאָקאַל, אַ ביבליאָטעק,

שפעטער אויך א „תרבות״־שול, א דראמקרייז, א ספארט־קלוב „מכבי״; א לעבהאפטיקע טעטיקייט האט געפירט „השומר הצעיר״ אונטער דער אנפירונג פון יוסף מינץ, שעפסל קאמינער, מיט אן אייגענעם ארקעסטער, וואס איז גע־שטאנען אויף א הויכן ניווא, איז געווען בראש פון דער גרעסטער דעפילאדע אין דריטן מאי, ווען דאס פוילישע מילי־טער האט נאך נישט געהאט קיין ארקעסטער.

די ציוניסטישע טעטיקייט איז געווען אויף אלע געביטן. אין וולאדאווע זענען ארויסגעטרעטן באוווסטע רעדנער, ווי: הרב ראפאפארט, מזרחי־פירער. בונים און אורי זיסלאווסקי פון נהלל, זיי האבן גערעדט וועגן ציוניזם און קרן קימת.

ביים אפפארן פון אונדזער גרופע איז שוין געווען א גרויסער יום־טוב אין קלוב, מען האט געמאכט א געזעגע־נונגס־אוונט מיט מוזיק, רעדעס א. א. וו. עס זענען עולה גע־ווען ראוונער, שטרוזמאן, ראלניק, יוסף ראטנבערג, ברי־דער גרשון־העניך און פייוול בארנהאלץ, י. ניסנבוים און אנ. אין די פריערדיקע יארן איז שוין געווען טעטיק די „מזרחי״ און אנדערע גרופירונגען אין דער ציוניסטישער באוועגונג. אויך „אגודת ישראל״, וועלכע האט ארגאניזירט א „בית יעקב״ שולע.

דער „מכבי״־קלוב פלעגט שפילן פוטבאל, פארמעסטן זיך מיט מיליטערישע מאנשאפטן און אויך ארויספארן אין אנדערע שטעט. אין 1932, ווען ד״ר יצחק גרינבוים איז גע־קומען אויף א קאנפערענץ אין כעלם, איז דער ארקעסטער פון „השומר הצעיר״ ארויסגעפארן צו דער באן קיין כעלם און אים אויפגענומען מיט מוזיק. זייער פיל פרייד האט די דאזיקע מוזיק אריינגעברענגט צווישן דער כעלמער יידישער באפעלקערונג און די שמחה האט געדויערט עטלעכע טעג.

דא וויל איך דערמאנען די געפאלענע העלדן, וולאדאווער חלוצים: די ברידער ראטנבערג ביי די פרעות אין ירושלים 1929, פרידמאן אין חיפה 1948, ביים ווערלן פארכאפן א באן־טראנספארט מיט געווער דורכן ארגון צבאי לאומי, בעקערמאן צווישן די איבער הונדערט געפאלענע אין כפר עציון 1948.

אין 1920 האט וולאדאווע געפילט אויף זיך דעם גרויסן יידישן צער פון יענער צייט; דער צורר היהודי בולאק באלא־כאוויטש מיט זיין שטאב האבן זיך באזעצט אין וולאדאווע, הגם אין שטאט האבן זיי נישט געהאט די ציווילע מאכט און דאך האט וולאדאווע מיט איר אומגעגנט געליטן פון זיי. 126 יידישע קרבנות זענען געפאלן פון זייערע בלוטיקע הענט, צווישן זיי — פייוול לעדערמאנס זון — יעקב און מיין ברודער, משה — ביידע בחורים פון 17־18 יאר.

איך דערמאן זיך אן עפיזאד פון יענע טעג: דער פאל־קאוויק, פארטרעטער פון באלאכאוויטשן, האט געשיקט רופן מיין פאטער, אלס פרעזעס פון דער קהלה, און אים באפוילן, אז אין לויף פון 3 שעה זאל ער צושטעלן צען מעטער האבער פאר די פערד, ווען נישט — וועט מען צען יידן אויפהענגען.

איז אבער געשען א נס און נאך א שעה שפעטער האבן די באלאכאווצעס אין גרויס געאייל געמוזט פארלאזן וולא־דאווע.

לאנגזאם האט מען פארגעסן אין די צרות און דאס לעבן איז זיך אוועק זיין נארמאלן גאנג. עקאנאמיש — א געוויסע צייט בעסער, א מאל שווערער, אבער מ׳האט ווי ס׳איז גע־לעבט רואיק. געקריגט זיך אין קהלה־עניינים, אין גמילת־חסד־קאסע, אין דזשוינט־אנגעלעגנהייטן. די פרעזידענטן פון דער קהלה האבן זיך געביטן, א מאל דער, א צווייט מאל אן אנ־דערער. צווישן זיי א. כהן, דוד בעקערמאן, ג. ה. זיידמאן און אנדערע.

נאכן דערציאונגס־געזעץ זענען אלע קינדער געווען פאר־פליכטעט צו גיין אין־שול, זענען טאקע יידישע קינדער גע־גאנגען אין דער אלגעמיינער שול, אין „תרבות״, אין „בית יעקב״ און אויך נישט פארגעסן צו גיין בייטאג אין „חדר״.

**

מיטן אנהויב פון יאר 1939 האט מען אין וולאדאווע, ווי אין גאנץ פוילן, דערפילט, אז עס נעמען זיך זאמלען שווארצע וואלקנס. אין סעפטעמבער חודש זענען די דייטשן באפאלן און באזעצט פוילן. אין וולאדאווע קומען אריין די דייטשן, גייען ארויס, ס׳קומען די רוסן, עטלעכע טעג שפעטער גייען די רוסן אוועק און זייער ארט פארנעמען די דייטשן שוין אויף נישט אוועקצוגיין...

ביז אין דער העלפט נאוועמבער האט וולאדאווע געהאט א מיליטער־מאכט, ביי וועלכע מען האט נאך געקענט א ביסל אטעמען. שפעטער איז אנגעקומען די עסעס, „געשטאפא״ און איבערגענומען די ציווילע מאכט איבער דער שטאט און פאוויאט. אינצווישן האבן זיי צוגענומען די גרויסע אלטע שיל און די בתי מדרשים, געמאכט פון זיי תבואה־מאגאזינען. די געשטאפא האט זיך איינגעארדנט אין דעם הויז פון די לערער פון שולע, אויך זשאנדארמעריע און פאליציי, צוויי־ערליי, פוילישע און אוקראינישע.

די געשטאפא האט צונויפגערופן א „יודענראט״. אין די טעג בין איך צוריקגעקומען פון גדיניע, ווו איך בין געווען געפאנגען און געהאט דאס גליק, נישט צו גיין מיט אלע אנדערע, יידן און קריסטן, אין קאנצענטראציע־לאגער. שוין אויף מיין רייזע פון גדיניע קיין וולאדאווע, וואס האט גע־דויערט אריבער צוויי וואכן, האב איך געהאט די געלעגנהייט צו זען און אויך א ביסל פילן אויף מיין קערפער, דאס בא־האנדלען די פוילישע באפעלקערונג בכלל און יידן בפרט אין אלע שטעט און ערטער, דורך וועלכע איך בין דורכגעגאנגען.

די ערשטע אויפגאַבע פון יודענראַט איז געווען: שאַפן מעבל, קליידער, עסן, וועש, שוכוואַרג, געטראַנקען, זיסוואַרג א. אַ. וו. פאַר אַלע געשטאַפּאָ־לייט, זשאַנדאַרמעריע און אַנ־דערע דייטשן; צושטעלן אַרבעטער און אויך געלט־קאָנטרי־בוציע. יעדן טאָג האָט דער פאַרבינדונגס־מאַן פון יודענראַט זיך געמוזט מעלדן אין געסטאַפּאָ און זיך דערוויסן וואָס זיי וועלן דאַרפן אויף מאָרגן, ווייל אויף היינט האָבן זיי שוין נעכטן באַקומען...

די גרופּע שניידער, שוסטער, ראַדיאָ־טעכניקער און אַנ־דערע בעלי מלאכות, זענען גלייך אַנגעשטעלט געוואָרן צו אַרבעטן פאַרן „הערן־פאָלק", נאַטירלעך אויפן חשבון פון יודענראַט.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער איז געקומען דער ענין „גייזלער", ערובניקעס, און די שטאָט האָט באַצאָלט אַ קאָנ־טריבוציע, אָבער וועגן דעם שפּעטער.

די פאָדערונגען זענען פון טאָג צו טאָג געוואָרן אַלץ גרעסער, דאָס האָט געשאַפן זייער אַ שווערע לאַסט אויף דער באַפעלקערונג. עס זענען אויך געווען אַרעמעלייט, וועמען מען האָט געמוזט העלפן, איז טאַקע פון טאָג צו טאָג אַלץ שווערער און שווערער געוואָרן. ביזן יאָר 1941 האָט מען באַ־קומען שטיצע פון וואַרשעווער „דזשאָינט", דערנאָך איז גע־וואָרן זייער שווער.

אַ געפּלאָגט לעבן האָבן געפירט די יידן אין וולאָדאַווע. פון דער לופט האָט קיינער נישט געקאָנט לעבן און דאָס לעבן פון יעדן ייד האָט גע־האַנגען אויף אַ האָר. די געסטאַפּאָ־לייט זענען מיט יעדן טאָג געוואָרן פאַרביסענער אין זייערע רדיפות און מיטלען צו פייניקן. יידן האָבן געזוכט צו העלפן איינער דעם אַנ־דערן, אָבער די מעגלעכקייטן זענען געווען נישטיקע. די איינציקע מעג־לעכקייט אין יענע ביטערע טעג גרינגער צו מאַכן זיך דאָס געמיט איז געווען אַראָפּצורעדן זיך פון האַרץ. אין אַלעמענס הערצער האָט געגנאַיעט די מורא אויסצוגיין פון הונגער און דער פחד פאַר די דייטשן. אומעטום, ווו זיי האָבן זיך באַוויזן, איז ביי יעדן דאָס בלוט געגליווערט געוואָרן אין די אָדערן.

די פאָראָרדענונגען, וואָס דער יודענראַט האָט באַקומען, זענען קיינמאָל נישט געווען שריפטלעך, נאָר מינדלעך: אַזוי און אַזוי, דאָס דאַרפט איר אויספירן און דערלליידיקן. וועגן די מיטגלידער פון יודענראַט: אייניקע האָבן קריטיקירט און קריטיקירן נאָך היינט. איך, דאַקעגן, בין זייער ווייט פון קרי־טיקירן וועלכן ס'איז מיטגליד פון יודענראַט. רחמנות, מיט־לייד מיט זיי — יאָ, אָבער קיין קריטיק. זייער אַ שווערע לאַסט איז אויף זיי געלעגן. יעדער האָט געוואָלט ווי אַמבעסטן, אָבער אין אַזאַ לאַגע, ביי אַזעלכע אומשטענדן, אין אַזאַ עת צרה, האָבן זיי נישט געקענט אַנדערש האַנדלען. מענטשן זענען קיין מלאכים, יעדער פון זיי האָט גוט געטראַכט און געשטרעבט צו העלפן, אָבער דער שטן המשחית האָט אי־בערגעשטיגן יעדע פאַנטאַזיע. נישט יעדער האָט געקענט זיין אַזוי שטאַרק ווי דער וואַרשעווער פּרעזעס, אינזשיניער טשערניאַקאָוו... אויך זיין שטאַרקייט האָט נישט געהאָלפן און נישט געענדערט די לאַגע.

מיטגלידער פון יודענראַט זענען געווען:

ש. זאַמער — פּרעזעס, א. כהן — וויצע־פּרעזעס, א. גרובער — סעקרעטאַר, י. ליכטענבערג — פאַרבינדונגסמאַן, בראַנשטאַטער און ריכטמאַן און נאָך אייניקע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט.

שוין אין נאָוועמבער 1939, האָט מען געבראַכט אַ גרופּע



דייטשע שוץ־פּאָליציי (שופּאָ) אין וולאָדאַווע, ווען זיי האָבן זיך געלאָזט פאָטאָגראַפירן ביים דורכפירן די פאַרשידענע אַקציעס.

ייִדן פֿון עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע און אייניקע פֿון האָלאַנד און אויך פֿון קעלץ. אַלע זענען פֿאַרטיילט געוואָרן צווישן די ייִדן. יעדע פֿאַמיליע האָט באַקומען אַ דאַך איבערן קאָפּ און אויך אַביסל מאַטעריעלע הילף. די דייטשן האָבן כסדר געפֿאָדערט ייִדישע אומזיסטע אַרבעטער. האָט דער יודענראַט אויפֿן באַפֿעל פֿון געסטאַפּאָ אָרגאַניזירט אַן אַרבעטס־אַמט, וועלכער האָט זיך באַשעפֿטיקט מיט צונויפֿשטעלן ליסטעס פֿון אַרבעטער און זיי פֿאַרטיילן אויף אַלע שטעלעס וווּ מ׳האָט געפֿאָדערט.

אויך אַ ייִדישן פּאָסט־אַמט און סאַניטאַר־אָפּטייל האָט מען געגרינדעט.

דער בירגערמייסטער פֿון שטאָט איז נאָך אַלץ געווען דער אַלטער אינזשיניער בער. שפּעטער אָבער איז אויף זיין אָרט געקומען אַן אוקראַינער, אַ שונא ישראל.

דאָנערשטיק אָוונט, אין דער לעצטער וואָך פֿון חודש נאָוועמבער 1939.

נאָכדעם ווי די געסטאַפּאָ איז אָנגעקומען אין שטאָט און איבערגענומען די ציווילע מאַכט, האָט מען צונויפֿגעזאַמלט אַ גרופּע פֿון 31 מענער און אַוועקגעפֿירט איינציקווייז אין געסטאַפּאָ. מיטן אַרויסנעמען די מענטשן פֿון זייערע וווינונגען האָבן זיך באַשעפֿטיקט די געסטאַפּאָ מיט דער מיטהילף פֿון דער פּוילישער פּאָליציי, וועלכע האָט אָנגעוויזן די אַדרעסן פֿון יעדן איינעם, געניי לויט אַן אויסגעשטעלטער ליסטע פֿון פֿאָלגנדע פּערזאָנען:

די ברידער אליעזר יוסף און דוד האָלצמאַן, שלום לעמבערגער, ישעיהו טשעוואַניגורע, משה מינץ, גרשון־העניך זיידמאַן, הערשל פֿייגנבוים (הערשל טוביהס), מענדל ליפּשיץ, יחזקאל ליכטענשטיין, יחיאל כ״ץ, מאָטל רייכמאַן, משה־אהרן — אברהם סיראָקאָס איידעם, די ברידער אליעזר און יחיאל גרינהויז. די איבעריקע נעמען קען איך זיך נישט דערמאָנען, אָבער אַלע זענען געווען עלטערע באַלעבאַטים.

ווען מיר אַלע זענען שוין געווען צונויפֿגעבראַכט, האָט מען קאָנטראָלירט די אינווייניקסטע און נאָכדעם ביי יעדן צוגענומען אַלץ וואָס איינער האָט געהאַט מיט זיך, גאָלד־חפצים, ווייזערס, געלט א. ז. וו. יעדן איינעם האָט מען צוריקגעגעבן צו 20 זלאָטעס. נאָכן פֿאַרענדיקן די פֿאָרמאַליטעטן האָבן זיך אָנגעהויבן „איבונגען״, די באַקאַנטע געסטאַפּאָ־איבונגען. עטלעכע שעה האָט מען אונדז „געלערנט״ האָלץ־האַקן און וואַסער־טראָגן.

ווען מיר זענען שוין געווען פֿיזיש אומפּעאיק, האָט מען אונדז אויפֿגעלאָדן אויף אַ פֿאַרדעקטן לאַסט־וואָגן און ביז מיר זענען אָנגעקומען אויפֿן אָרט האָבן מיר נישט געוווּסט וווּהין מען פֿירט אונדז. נאָכן אָפּלאָדן אונדז, באַגלייט מיט שמיץ פֿון פּייטשעס, האָבן מיר שוין דערקענט דעם פּלאַץ. מיר זענען געווען אין כעלם. מען האָט אונדז אַריינגעשטופּט אין צוויי צעלעס פֿון פּאָליציי־אַרעסט, וועלכער איז שוין געווען באַהערשט דורך דער דאָרטיקער געסטאַפּאָ. נאָכן קאָנטראָלירן אַלע אינווייניקסטע האָט מען פֿאַרשפּאַרט די טירן און זיי אָפּגעשלאָסן.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווי ס׳האָט זיך געעפֿנט אַ טיר, מ׳האָט אַרויסגערופֿן איינעם פֿון אונדז און די טיר צוריק אָפּגעשלאָסן. נאָך אַ 20 אָדער 30 מינוט האָט מען דעם אַרויסגערופֿענעם צוריקגעברענגט, פּשוט אַריינגעוואָרפֿן אַ שטאַרק צעשלאָגענעם און אַ פֿאַרחלשטן. גלייך האָבן זיי אַ צווייטן אַרויסגערופֿן. אייניקע זענען צוריקגעבראַכט געוואָרן אַזוי שטאַרק צעשלאָגן און צעבלוטיקט, אַז זיי האָבן זיך נישט געקענט רירן פֿון אָרט. אַזוי האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט, ביז יעדער איינער פֿון אונדז איז דורכגעגאַנגען די געסטאַפּאָ־בראַנד.

מיט מיר איז פֿאָרגעקומען פֿאָלגנדעס:

מען האָט מיך אַריינגעבראַכט אין אַ גרויס צימער, וווּ עס זענען געווען אַ צען געסטאַפּאָ־לייט אין די העמדער מיט אַרויפֿגעשאַרצטע אַרבל, געווען אַ גרויסער טיש, עטלעכע בענקלעך, אַ טונקל ליכט איז געפֿאַלן אויף די ווענט מיט מכשירים צום פּייניקן. זיי האָבן פֿאַראָרדנט, אַז איך זאָל זיך אויסטאָן גאַנץ נאַקעט, און באַגלייט מיט פּעטש האָבן די פּייניקער מיר געשטעלט נאַרישע פּאָליטישע פֿראַגעס. מיינע ענטפֿערס האָבן זיי נישט אינטערעסירט. אינגאַנצן נאַקעט, האָבן זיי מיר אָנגעטאָן אַ גאַז־מאַסקע אויפֿן פּנים, אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש און גלייך מיך אָנגעהויבן מיט די פּייטשעס צו שלאָגן. איך ווייס נישט ווי לאַנג דאָס האָט זיך געצויגן. איך געדענק נאָר דעם אָנפֿאַנג, ווייל איך האָב פֿאַרלוירן דעם באַוווּסטזיין.

ווען כ׳האָב זיך אויפֿגעכאַפּט, האָב איך געפֿילט פּעטש, ווי מען טוט מיר אָן צוריק די מלבושים, באַגלייט מיט קלעפּ און כ׳האָב ווידער געחלשט. כ׳האָב זיך אויפֿגעכאַפּט אין קאָרידאָר, וווּ דורך אַ נעפּל איז דערגאַנגען צו מיין באַוווּסטזיין, אַז מען פֿירט שוין צוריק מיין ברודער און איך האָב מער געפֿילט ווי געזען, ווי מען לייגט אים נעבן מיר אַוועק אַ פֿאַרחלשטן.

דאָס געפֿיל האָט אין מיר אויפֿגעוועקט דאָס לעצטע ביסל כוחות און כ׳האָב גענומען מונטערן מיין ברודער.

דער וואַכמאַן האָט מיר דערלויבט, אַז מיר זאָלן ביידע אַרויסגיין אין הויף פֿון אַרעסט, זיך דערפֿרישן מיט קאַלטע לופֿט. קיין ביסל וואַסער האָבן זיי נישט געגעבן.

די שעהן האָבן זיך געצויגן לאַנג, די ווייטאָגן האָבן געשניטן אַלע אברים.

עס האָט געדויערט ביז עס האָט זיך אָנגעהויבן באַווייזן

דער מאָרגן. מען האָט אונדז צוריק אַרייַנגעוואָרפן אין איינער פון די צוויי צעלעס, ווו די יידן זענען געלעגן איינער אויפן אַנדערן, צעשלאָגן, צעבלוטיקט.

יעדע פון די צוויי צעלעס איז געווען פאַר פיר פערזאָן. דאָ האָבן זיי אין ביידע אַרייַנגעוואָרפן 31 צעשלאָגענע, פאַר־חלשטע מענטשן. איינער איז ממש געלעגן אויפן אַנדערן און דאָס איז געווען ערגער ווי דאָס שלאָגן...

אינדערפרי איז אַרייַנגעקומען אַ געסטאַפּאָ־אָפיציר און מיט אַן אומשולדיקער מינע געפרעגט:

„ווער זענט איר? פאַר וואָס זיצט איר דאָ? זענט איר רויבער?”

אונדזערע ענטפערס האָבן אים נישט אינטערעסירט. ער איז גלייך אַוועק.

דעם הונגער האָבן מיר נישט געפילט, אָבער דער דורשט האָט אונדז אַלעמען געפייניקט. אין אַלגעמיין האָבן די ייִנגערע, און איך צווישן זיי, לייכטער דאָס דורכגעמאַכט. ערגער איז געווען מיט די עלטערע, וועלכע זענען געלעגן ווי אָן באַוווּסט־זיין, האָבן כמעט נישט געוווּסט וואָס זיי רעדן און וואָס זיי טוען.

אין אַזאַ צושטאַנד האָט מען אונדז געלאָזט ביז אין די שפּעטע נאָכמיטאָג שעהן. דאַן איז ווידער אַרייַנגעקומען דער זעלבער געסטאַפּאָ־אָפיציר, באַפוילן אויפשטיין און געזאָגט, אַז מיר וועלן באַלד צוריקפאָרן נאָך וולאָדאַווע מיט דער באַן, אָבער יעדער וועט דאַרפן קויפן אַ באַן־בילעט. אין דעם מאָ־מענט האָבן מיר פאַרשטאַנען פאַר וואָס מ׳האָט יעדן איינעם פון אונדז צוריקגעגעבן צו 20 זלאָטעס.

גלייך נאָך דעם געסטאַפּאָ־אָפיציר זענען אַרייַנגעקומען צוויי איינפּאַכע ס.ס.־זעלנער, באַפוילן אַרויס פון די צעלעס, צו צוויי אין דער ריי, נישט דערלויבט צו גיין אויפן טראָטואַר, נאָר אויפן שטיינערנעם ברוק.

אונדזער אויסערלעכער אויסזען האָט צוגעצויגן די אויפ־מערקזאַמקייט פון דער באַפעלקערונג אויף די גאַסן, וועלכע מיר זענען דורכגעגאַנגען, ריכטיקער געזאָגט: זיך דורכגע־שלעפּט. קיינער פון אונדז האָט באַשטימט נישט געהאַט דעם פיזישן כח געווען אויף דורכלויפן די עטלעכע קילאָמעטער צו־פוס, אָבער דאָס געפיל, אַז מיר גייען צוריק אַ היים, האָט אונדז געשטאַרקט. ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו דער באַן־סטאַציע, געקויפט בילעטן און איינגעשטיגן אין אַ לאַסט־וואַגאָן.

איינער דעם אַנדערן האָט ווי נישט דערקענט, די מערהייט האָט געהאַט דאָס פּנים שטאַרק צעקלאַפּט און פאַרענדערט. באַזונדערס שטאַרק צעשלאָגן זענען אַלע געווען אונטער די אויגן. מיין ברודער און איך האָבן מיר געהאַט ריינע געזיכטער, אַ דאַנק די גאַז־מאַסקעס, וואָס זיי האָבן אונדז אָנגעטאָן.



נאָך אַנדערהאַלבן שעה זענען מיר אָנגעקומען אויף דער פּראָוויזאָרישער באַן סטאַציע „בוג”, ווו עס האָבן אויף אונדז געוואַרט צוויי ס.ס.מענער און אויך פערד און וועגעלעך. איידער מיר זענען איינגעשטיגן אויף די וועגעלעך, האָבן מיר געמוזט אויסלאָדן זעקס וואַגאָן צעמענט און אַנדערע בוי־אַרטיקלען. ערשט נאָכדעם זענען מיר געפאָרן אין שטאָט.

פון קליין ביז גרויס האָבן די יידן אין וולאָדאַווע אונדז אָפּגעוואַרט. זיי האָבן שוין געוווּסט, אַז מיר דאַרפן אָנקומען, ווייל דער יודענראַט האָט אין פאַרלויף פון פרייטיקדיקן טאָג געמוזט צונויפנעמען אַ גרויסע סומע געלט און באַצאָלן קאָנ־טריבוציע פאַר אונדז.



דייטשע זשאַנדאַרן אָרדענען איין פּייניקונגס־ספּעקטאַקלען איבער די יידן אין וולאָדאַווע.

ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו דער שטאָט זענען מיר אַרונטער פון די וועגעלעך און געגאַנגען צו פוס. ס׳איז שוין געווען פינסטער און מיר האָבן נישט געוואָלט מחלל שבת זיין.

אין שטאָט האָט אונדז אָפּגעוואַרט דער יודענראַט, וועל־כער האָט אונדז באַגלייט צו דער געסטאַפּאָ־ביוראָ. דאָרט איז געקומען דער שעף ניטשקע מיט זיינע געהילפן און געהאַלטן פאַר אונדז אַ קורצע רעדע, אונדז דערקלערט, אַז מיר זענען „גייזלער”, ד. ה. ערובניקעס, און וואָס עס זאָל נישט פּאַסירן מיט אַ דייטש, וועלן מיר טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט און ער האָט באַפוילן, אַז מיר אַלע זאָלן „רואיק און בראַוו” גיין אַ היים.

די קאָנסעקווענצן פון שלאָגן האָבן געדויערט חדשים, ביי יעדן איינעם איז געווען אָנגעלאָפענע רויט־בלוטיקע פענכאַרעס אונטער דער הויט און ד״ר שפּרינגער האָט אונדז אַלעמען געמוזט באַהאַנדלען. ביי די עטלעכע ייִנגערע האָט זיך עס שנעלער געהיילט, אָבער ביי די עלטערע האָט עס

לאַנג געדויערט. הערשל פייגנבוים איז שוין מער פון קראַנקן־בעט נישט אַראָפּגעגאַנגען...

דאָס איז די „גייזלער״־געשיכטע, אַ יסורימדיק קאַפּיטל פון יענע גרויזאַמע טעג.

די דייטשן האָבן כסדר צוגעטראַכט אַלץ נייע עינויים און גזירות. דערצו זענען צוגעקומען די שרעקלעכע ידיעות, וועלכע זענען צו אונדז דערגאַנגען פון די אַרומיקע שטעט און שטעטלעך. געסטאַפּאָווצעס פון וולאָדאַווע זענען אין די ערשטע דעצעמבער־טעג אַרויסגעפאָרן קיין סלאַוואַטיטש און דאָרט דורכגעפירט אַן אָנפאַל אויף די אָרטיקע יידן, אַ פינצטערע נאַכט־הולאַנקע, נאָך וועלכער די געסטאַפּאָווצעס האָבן זיך אומגעקערט קיין וולאָדאַווע.

אַ ביסל שפּעטער, אין האַלבן חודש דעצעמבער האָבן מיר אין וולאָדאַווע דערוווּסט זיך וועגן אַזאַ דורכגעפירטער שוואַרצער נאַכט אין כעלם; די דאָרטיקע געסטאַפּאָ האָט דאָרט צונויפגענומען ביי 2,000 יידישע מענער און זיי גע־פירט ביז הרובעשאָוו, זיי באַפוילן אַריבערצוגיין דעם בוג צו די רוסן, וועלכע האָבן פון יענער זייט נישט דערלויבט דאָס אַריבערגיין צו זיי.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שיסעריי אויף די יידן פון ביידע זייטן און עס איז דעמאָלט געפאַלן אַ גרויסע צאָל קרבנות.

דאָס האָט געשטאַרקט די מרה שחורה און פאַרצווייפלונג צווישן די כעלמער יידן און פיל יידן פון כעלם און סלאַוואַ־טיטש זענען געקומען קיין וולאָדאַווע.

אין פאַרגלייך צו יענע שטעט איז אין וולאָדאַווע דער חודש דעצעמבער אַריבער רואיק, דער שרעקלעכער קלאַפּ איז געקומען דעם 5־טן יאַנואַר 1940, ווען מען האָט פון פּאַמאַזשע געבראַכט אַ צוג מיט כמעט דערפרוירענע 1,100 יידן, פוילישע סאָלדאַטן, געפאַנגענע דורך די דייטשן. די אַלע זענען געווען געבוירענע אין די קרעסן. עס האָט געהייסן, אַז זיי וועלן אַריבערגיין דעם טייך בוג צו זייערע היימען. אָבער גלייך ווי זיי זענען אויסגעשטיגן פון די בהמות־וואַגאָנען, אין וואַלד, נאָענט פון סאָביבאָר, האָט זיך אָנגע־הויבן אַ קנאַלעריי פון מאַשין־געווער איבער זיי. ביי אַ העלפט זענען געפאַלן טויט, די איבעריקע זענען זיך צעלאָפן.

וולאָדאַווע האָט באַקומען אַ נייע באַן־סטאַציע, אונטערן נאָמען „בוג״, זי איז טאַקע געלעגן האַרט ביים בוג, די אַלטע באַן־סטאַציע איז געבליבן ביי רוסלאַנד.

אין געריכט האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דאָס האָט נישט געמאַכט די געסטאַפּאָ, נאָר די באַגלייטער פון יענעם צוג.

די געסטאַפּאָ האָט נאָכדעם באַפוילן דעם יודנראַט, צו שיקן מענטשן, זיי זאָלן צונויפנעמען די טויטע און זיי ברענ־גען צו קבורה. אַזוי האָט מען טאַקע געטאָן; געשאַפן פויע־



רישע וועגענער און אַלע דערהאַרגעטע געבראַכט אויפן בית עולם און זיי מקבר געווען אין אַ ברידער־קבר.

צוזאַמען זענען באַגראָבן געוואָרן 473 יינגע מענטשן.

איך האָב געמאַכט די ליסטע פון די אַלע, איבערגעגעבן בסוד איינע צום יודענראַט אין וולאָדאַווע און די אַנדערע אַוועקגעפירט צום יודענראַט אין וואַרשע.

זייענדיק אין וואַרשע זענען צו מיר געקומען אייניקע טאַטעס פון די דערשאָסענע, געוואָלט דערוויסן זיך עפּעס וועגן זייערע קינדער — אָבער דעם אמת האָב איך זיי נישט געקענט דערציילן.

מיט אַ וואָך שפּעטער בין איך ווידער געווען אין וואַרשע און זיך צוגעקוקט צו די צרות פון דאָרט.

פורים־צייט, גלייך נאָך מיין אַ היים קומען, האָט מען מיך און מיין ברודער אַרעסטירט, נישט געוווּסט פאַר וואָס און פאַר ווען, נאָך עטלעכע טעג זיצן אין אַרעסט, האָט מען פון אונדז געפאָדערט, דורך פּאַרמיטלער, אויסלייז־געלט, וואָס איז באַשטאַנען אין צוויי פּאָר לאַנג־שטיוול, און מענער־וועש. מען האָט פאַר אונדז באַצאָלט דאָס געפאָדערטע און מיר זענען אַרויס אויף דער פריי.

מיט צוויי וואָכן פריער האָט די זשאַנדאַרמעריע געכאַפּט ברוך שלומס איידעם און זון פירן אַ זעקל מעל. מען האָט זיי אַוועקגעפירט צום בוג, באַפוילן אויפהאַקן דאָס אייז און זיי לעבעדיקערהייט אַריינגעוואָרפן אונטערן אייז.

אַלע מאָל זענען צוגעקומען יידן קיין וולאָדאַווע. די נויט און דחקות האָט זיך אַלץ געמערט און פאַרגרעסערט און די דייטשן האָבן אַלץ מער און מער געפאָדערט...

אינצווישן האָבן זיי פאַראָרדנט, יידן זאָלן טראָגן דעם „מגן דוד״, נישט באַזיצן מער פון 2,000 זלאָטעס און נישט פאָרן, בכלל נישט פאַרלאָזן דאָס וווינאָרט.

די גזירות האָבן דערפירט, אַז אין יאָר 1940 זענען עטלעכע יידן דערשאָסן געוואָרן פאַרן עובר־זיין אויף די דערמאָנטע געזעצן, אָדער פאַר טרעפן האַנדלען. נישט גע־קוקט אויף דעם, האָב איך דאָך געריזיקט, דעם צייכן האָב איך געהאַט אין קעשענע און אויף יעדן פאַל אַ שטיקל פּאַסיר־שיין.

אויף סוכות 1940 האָט מיינס אַ פריינט פון איטאַליע מיר אַריינגעשיקט אויף מיין אַדרעס עטלעכע אתרוגים מיט לולבים. איך האָב זיי פאַרטיילט אין וואַרשע און איינעם געבערענגט קיין וולאָדאַווע. עס האָט געשאַפן אַ פּראָבלעם: די ראַדזינער חסידים האָבן פאַרלאַנגט, אַז דער רבי זאָל דער ערשטער מאַכן „שהחינו״. איך דאַקעגן האָב געזאָגט, אַז דאָס געהער צום שטאָט־רב. דאָס פּראָבלעם איז געלעזט געוואָרן אין דער לעצטער מינוט, ווייל ערב סוכות ביי טאָג האָט

דער רבי׳ אויך באַקומען אַן אתרוג פון זיינס אַ חסיד אין לובלין.

אין דעם זעלבן יאָר, אין חודש מאַי, איז אָנגעקומען אַ פאָלקס דייטש, אַ געוועזענער פּאַליאַק, מיינער אַ גוטער באַקאַנטער, איבערצונעמען דעם טאַרטאַק פון די האָלצ־מאַנס. מיט אים איז מיר געלונגען צו דערליידיקן, אַז ער זאָל באַשטעטיקן מיין ברודער לעאָן מיט נאָך אַ צוואַנציק יידישע יינגעלייט אַלס אַרבעטער פון טאַרטאַק, ווו זיי האָבן טאַקע געאַרבעט ביז דער לעצטער מינוט און פאַרהעלטעניס־מעסיק איז זיי נישט שלעכט געגאַנגען.

מיר איז געלונגען צו באַקומען אַרבעט ביי אַן אַנדער באַקאַנטן אין וואַרשע. דאָס האָט מיר לייכטער געמאַכט צו פאָרן, עפּעס פאַרדינען און דערביי איז מיר אויסגעקומען זיך צוקוקן צו די יידישע צרות אין אַ סך יידישע שטעט.

איך האָב אַזוי גערייזט ביז מאַי 1942..

אין דער זעלבער צייט איז אָנגעקומען דער בוי־אונטער־נעמער פאַלקענבערג, וועלכער האָט באַשעפטיקט ביז 2000 אַרבעטער. אויך דער לעשניטשוווקע אנטאָניעוויטש — ביי 40 אַרבעטער. אויך אַנדערע דינסט־שטעלן האָבן באַשעפטיקט קלענערע און גרעסערע גרופּעס אַרבעטער. ביי זעלינגער




אַ סצענע פון שניידן בערד צוזאַמען מיט שטיקער הויט פון פּנים ביי די וולאָדאַווער יידן.



אין אַדאַמפּאָל זענען געווען באַשעפטיקט עטלעכע הונדערט אַרבעטער.

די אַלע אַרבעטער זענען נישט געוואָרן באַצאָלט, דאָך האָבן אַלע געוואָלט באַקומען אַן אַרבעטסקאַרטע, אַ ביסל לעבנס־מיטל און מכלומערשט „רואיק״ זיך באַוועגן, דער עיקר נישט קיין מורא האָבן פאַרשיקט צו ווערן אין אַן אַרבעטס לאַגער.

עטלעכע הונדערט אַרבעטער האָט מען געמוזט צושטעלן אין אַ צווייטן אַרבעטס לאַגער, וועלכע זענען שפּעטער מיט עטלעכע חדשים פאַרביטן געוואָרן מיט אַנדערע.

מיטן פאַרטיילן אָדער צוטיילן אַרבעטער האָט זיך שטענ־דיק באַשעפטיקט דער אַזויגערופענער „אַרבעטס־אַמט״.

עס דאַרף דערמאָנט ווערן, אַז אין דעם ערשטן האַלבן יאָר 1940, האָבן פיל וולאָדאַווער יידן געשמוגלט דעם בוג, טייל איז געלונגען אַריבערגיין אויף דער רוסישער זייט, אַנדע־רע האָט מען געכאַפּט, אויסגעטאָן זיי כמעט נאַקעט און זיי צוריקגעשיקט. דער גרעסטער טייל פון אַט די זענען שוין געבליבן אין וולאָדאַווע.

אין דער צווייטער העלפט פון 1940 האָט די געסטאַפּאָ פאַראָרדנט גרינדן אַ יידישע סאַניטאַרע קאָמיסיע. שפּעטער האָבן זיי פאַראָרדנט, זיי זאָלן זיך פאַרוואַנדלען אין אַ יידישער פּאָליציי.

מיינענדיק, אַז, אַלס פּאָליציסט וועט מען שוין מער רואיקער און זיכערער זיין, האָבן זייער פיל יינגע מענטשן, אַפילו חסידישע יינגעלייט, זיך געוואָלט דערשלאָגן צו אַזאַ וויכטיקן פּאָסטן... עס זענען אָבער געווען יינגעלייט, וואָס האָבן געהאַלטן: „בעסער גיין אַרבעטן איידער צו זיין אַ פּאָליציאַנט״.

דאַן איז אַנטשטאַנען דאָס פּראָבלעם פון אַ פּאָליציי־קאָמענדאַנט. גרובער האָט נישט געקענט און נישט געוואָלט. איך האָב אפילו נישט געוואָלט הערן פון דעם, פּאַרטיידיקט זיך קעגן דעם פאָרשלאָג מיט מיין אַרבעטס־שטעל אין וואַרשע. דאָס האָט דער געסטאַפּאָ־שעף אויך נישט געוואָלט אויף מיר אַרויפצווינגען, ווייל יעדעס מאָל פלעג איך אים ברענגען אַ שיינע מתנה. סוף כל סוף האָט דער יודענראַט באַשטעטיקט אַ כעלמער יינגערמאַן.. ראַלניקס איידעם פון כעלם. ער איז מיט זיין פאַמיליע אומגעקומען אין דער ערשטער אַקציע.

אויסער די איינצלנע דערשיסונגען פאַרן נישט טראָגן דעם אַרעמבאַנד, גיין באַנאַכט אין גאַס, האַנדלען אויפן שוואַרצן מאַרק, איז דאָס לעבן געלאָפן גאַנץ „רואיק״ און מען האָט געהאָפט אַז אפשר וועט זיך דאָס אַלץ ענדערן. מען האָט געגלויבט אין גאָט און אויך אין דער ציוויליזיר־טער וועלט...

אין 1941 איז שוין געווען שטרענגער, ס'זענען פאָרגע־קומען אָפטערע דערשיסונגען, יעדע קלענסטע עבירה האָט געבראַכט טויט־שטראָף. צווישן אַנדערע האָט מען דערשאָסן די ברידער באַרנהאָלץ. די געסטאַפּאָ האָט פאַראָרדנט, מען זאָל אָפּגעבן אַלע פוטער־מאַנטלען און אַלץ וואָס האָט צו טאָן מיט פוטערוואַרג און פאַר נישט אָפּגעבן האָט מען עטלעכע יידן דערשאָסן.

אין דער זעלבער צייט האָט מען אַרעסטירט פּאָליאַקן פון דער אינטעליגענץ, אַוועקגעשיקט זיי קיין לובלין און פון דאָרט קיין אַשוויענטשים. קיינער פון זיי איז נישט צוריקגעקומען. אַלע מאָל איז אָנגעקומען אַ קאַרטל מיט אַ ביסל אַש און אַ מיטטיילונג, אַז דער אָדער יענער איז געשטאָרבן.

מיך האָט מען אַרעסטירט און געשיקט קיין לובלין, ווו איך בין געזעסן 69 טעג. דאָרט האָב איך נאָך געטראָפן אַלע פּאָליאַקן פון וולאָדאַווע. אויך איז דאָרט געווען יוסף בעקערמאַן און טשערוואָנעגורע. בעקערמאַן איז שוין מער נישט צוריקגעקומען...

יעדע וואָך האָט מען אַן אַנדערע גרופּע געשיקט קיין אַשוויענטשים צום טויט.

דער זאַמעק אין לובלין איז געווען דער זאַמלפּונקט פאַר לובלינער וואָיעוואָדסטווע, פון אַלע ערטער האָט מען געשיקט קיין לובלין, פונוואַנען עס איז אַלע וואָך אַוועק אַ גרויסער טראַנספּאָרט קיין אַשוויענטשים...

דעם 22 יוני, אויפצומאָרגנס נאָכן אָנפאַל פון די דייטשן אויף רוסלאַנד, בין איך אַרויס פריי פון לובלין. נאַטירלעך האָט דאָס געקאָסט זייער גרויסע אָנשטרענגונגען פון מיינע נאָענטע פריינט און אויך געלט. יעדער, וואָס מען האָט געב־רענגט קיין לובלין, איז געקומען מיט אַ צייכן — לחיים אָדער למוות. דאָס האָט געהייסן: גלייך אים אַוועקפירן קיין אַשוויענטשים אָדער לאָזן אים זיך נאָך מאַטערן, אַרבעטן, אַרויסציען פון אים זיינע לעצטע קרעפטן און ערשט שפּעטער שיקן אים אַהין אויף זיין לעצטן וועג. דעם־אַ צייכן טאַקע האָבן מיינע פריינט געדאַרפט ענדערן.

גלייך נאָך מיין באַפרייאונג, בין איך ווידער אַוועק קיין וואַרשע.

אין וולאָדאַווע האָט זיך אַ ביסל „באַרויקט". עס האָט זיך אָנגעהויבן די מלחמה מיט רוסלאַנד, און די געסטאַפּאָ איז געווען באַשעפטיקט מיט אַנדערע ענינים, האָט מען די יידן אַ ביסל צורו געלאָזט. אויך אין וואַרשע איז אין דער זעלבער צייט רעלאַטיוו „רואיקער" געווען, יידן האָבן גע־אַרבעט, אַנדערע אביסל געהאַנדלט און ווידער געהאָפט צו גאָט... די הויזקאָמיטעטן זענען געווען זייער טעטיק, גע־



האָלפן ווי ווייט מעגליך די נויט באַדערפטיקע און קראַנקע. אַזוי האָט עס געדויערט ביז מאַי 1942.

אין יענער שוואַרצער נאַכט האָט די געסטאַפּאָ אין וואַרשעווער געטאָ אַרויסגענומען פון די הייזער 59 יידישע באַלעבאַטים און פאַר די הייזער זיי דערשאָסן. דאָס איז די באַקאַנטע „באַרטאָלימיי־נאַכט" פון וואַרשעווער געטאָ.

אין וולאָדאַווע דאַקעגן האָט די אַזוי גערופענע „רואי־קייט" אָנגעהאַלטן ביז מערץ 1942. אין די פאַר פסח־טעג האָט די געסטאַפּאָ געפאָדערט פון יודענראַט 105 אַרבעטער. די אַרבעטער זענען געשיקט געוואָרן קיין סאָביבאָר, כדי צו העלפן די דייטשע בוי־פירמע אויפצושטעלן דעם טויטנ־לאַגער ס א ב י ב א ר. די זעלבע יידן טאַקע זענען געווען די ערשטע קרבנות, מיט וועלכע מען האָט געפּרווט דאָס פונק־ציאָנירן פון דער גאַז־קאַמער. איך קען זיך נישט דער־מאָנען ווער, אָבער איינעם איז געלונגען צו אַנטלויפן און איז צוריקגעקומען קיין וולאָדאַווע.



וולאָדאַווער יידן אויף צוואַנגס־אַרבעט ביי דער גרענעץ־וואַך אין יאָר 1941.

אין דער צייט בין איך געווען אין וואַרשע, געלעבט, איינמאָל אין געטאָ אַלס ייד, אַן אַנדער מאָל אויסערן געטאָ מיט אַ קריסטלעכן פּאַספּאָרט. דעם 2־טן מאַי נאָך דער „באַרטאָלאָמיי"־נאַכט בין איך צוריקגעקומען קיין וולאָדאַווע.

אין כעלם האָט מען מיר שוין דערציילט וועגן סאָביבאָר. איך האָב אָבער נישט געוואָלט און נישט געקענט גלויבן... „עס איז אוממעגליך אַזאַ באַרבעריי אין צוואַנציקסטן יאָר־הונדערט" — האָב איך געזאָגט ווי אַ סך אַנדערע — דייטש־לאַנד וועט דאָך נישט וואַגן אַזעלכעס".

ווען איך האָב זיך דערנענטערט מיטן צוג קיין סאָביבאָר איז מיין צווייפל און נישטגלויבן אַוועק... איך האָב ליידער געזען, געפילט און צוגעהערט צום סודן זיך פון די פּאַסאַזשירן וועגן די דאַנטישע געשעענישן אין דעם לאַגער.

איך בין געפאָרן אָן דעם מגן דוד און דאָס האָט מיר דערמעגלעכט צו קענען אָבסערווירן די גרויזאַמקייט.

אין יענעם מאָמענט האָב איך באַשלאָסן נישט צוקוקן זיך מיט פאַרלייגטע הענט, נאָר נעמען עפּעס טאָן...

אָנקומענדיק אַ היים איז מיין שטימונג געוואָרן נאָך פאַרצווייפלטער. די שטאָט איז געווען דערשלאָגן פון דער שרעקלעכער ידיעה, אַז מען דאַרף שיקן מענטשן קיין סאָביבאָר. קיין וולאָדאַווע איז אָנגעקומען אַ ספּעציעלע עסעס־דינסט און צוזאַמען מיט דער געסטאַפּאָ האָבן זיי געפאָדערט פון יודענראַט 3,000 נפשות. עס האָט געהייסן פאָרן אַרבעטס לאַגער אין סאָביבאָר. מען האָט געזאָגט, אַז דער יודענראַט פאַרהאַנדלט און גלויבט, אַז עס וועט געלונגען אָפּצוקויפן פאַר אַ גרויסע סומע געלט, אַז אַנשטאָט 3,000, זאָלן זיי באַשטיין אויף בלויז 1,500...

דאָס איז געווען דינסטיק אין דער וואָך פון שבועות 1942.

אין דעם זעלבן טאָג, מיט אייניקע שעה שפּעטער, איז צו מיר געקומען דער פּרעזעס פון יודענראַט, באַגלייט פון נאָך צוויי מיטגלידער, מיר איבערגעגעבן דעם שרעקלעכן סוד און געבעטן, איך זאָל פאָרן קיין כעלם צום דאָרטיקן יודנראַט און זיך מיט זיי באַראַטן און אפשר פּרוּוון אין כעלם ווירקן לטובת וולאָדאַווע. כעלם איז דאַן געווען די קרייז־שטאָט.

נישט געקוקט דערויף, וואָס איך בין נישט געווען ביים קהלישן ראַד און זיך נישט באַשעפטיקט מיט קהלישע ענינים, האָב איך זיך אָבער גערעכנט דערמיט וואָס די יודענראַט־מיטגלידער האָבן נישט געטאָרט פאָרן מיט דער באַן און אין אַזאַ עת צרה לישראל, האָב איך געמוזט, הגם מיט גרויס ציטערניש פאַר דער פאַראַנטוואָרטלעכקייט, נעמען אויף זיך די אויפגאַבע. איך האָב אָבער געפאָדערט, אַז מיט מיר זאָל מיטפאָרן אַ מיטגליד פון יודענראַט, ער זאָל זיין דער פאָרטרעטער און איך זיין באַגלייטער.

אויף מיין פאַרלאַנג האָט דער יודענראַט אויסגעפּוּלט די דערלויבעניש פון דער געסטאַפּאָ, וועלכע איז נאָך געווען אין די פאַרהאַנדלונגען וועגן דער גרויסער געלט־סומע, און האָט דערפאַר דערלויבט אונדזער רייזע און אויך ארויסגעגעבן אַ ספּעציעלן רייזע־שיין פאָרן יודענראַט־מיטגליד בראַנדשטעטער און גענומען צו קענטעניש, אַז אויך איך פאָר מיט אויף מיין דערלויבעניש וואָס כ׳האָב געהאַט. אונדז האָט אויך געדאַרפט באַגלייטן אַ פּאָליאַק, אַן אָנגעשטעלטער אין דער אָרטיקער קאָמענדאַנטור.

מיטוואָך פאַרטאָג זענען מיר איינגעשטיגן אינעם צוג קיין כעלם, ווידעראַמאָל פאַרבייגעפאָרן סאָביבאָר... מיין האַרץ האָט אין מיר געקלאַפּט פון אויפרעגונג און אין מיינע שלייפן האָט געזעצט ווי מיט האַמערס, בעתן פאַרבייפאָרן אָט דעם פּלאַץ, וואָס האָט אונדז שוין אָנגעזאָגט פון פאָרויס זייער שרעקלעכס...



גלייך ווי מיר זענען אין כעלם אַראָפּ פונעם צוג, האָט מען אונדז געוואָרנט, מיר זאָלן נישט גיין אין שטאָט, ווייל דאָרט כאַפּט מען יידן און ס׳איז דאָרט אַ גרויסע שיסעריי אויף די גאַסן. מיר האָבן טאַקע געהערט דאָס קנאַלן. נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָב איך געלאָזט בראַנדשטעטערן מיטן קריסט ביים וואָקזאַל, אַרויסגענומען מיין אָרעמבאַנד, געגאַנגען אַ ביסל צופוס, דאַן אַרויף אויף אַ דראָזשקע און געפאָרן צום יודענראַט. מיין פּאַסיר־שיין איז געווען גילטיק פאַרן יאָר 1942.

אָנקומענדיק צום יודענראַט, האָב איך שוין דאָרט קיינעם נישט געטראָפן. כ׳האָב נישט געדאַרפט פרעגן, ווייל אין יענעם מיטוואָך האָט זיך אָנגעהויבן די ערשטע אַקציע אין כעלם...

כ׳בין געגאַנגען איבער די גאַסן, וווּ קיין לעבעדיקער מענטש איז נישט געווען צו זען פון אומעטום האָט געיאָגט מיט שרעק. כ׳בין אַוועק אויף די קריסטלעכע גאַסן, דאָרט גענומען אַ דראָזשקע און צוריק צום וואָקזאַל. דאָרט האָבן מיר אַלע דריי געוואַרט ביז פאַרנאַכט און צוריקגעפאָרן קיין וולאָדאַווע, איבערגעגעבן די שוואַרצע בשורה דעם יודענראַט און זיי האָבן אונדז אינפאָרמירט, אַז פאַר אַ גרויסע סומע געלד איז געלונגען אויסצובעטן, אַז אַנשטאָט 3,000, זאָל מען צושטעלן נאָר 1,000, אַלטע און קראַנקע.

דער־אַ טויטנטאַנץ האָט זיך אָנגעהויבן גלייך דאָנערשטיק פאַרטאָג אין דער וואָך פון יום־טוב.... יענעם דאָנערשטיק האָט זיך אָנגעהויבן דער סוף פון די יידן אין וולאָדאַווע.

אין אָט דעם שוואַרצן טאָג, זענען נאָך די אַלע וועלכע האָבן געהאַט אַרבעטס קאַרטן געווען אַ ביסל זיכער, אפילו געקענט דאָ און דאָרט ארויסהעלפן דעם אָדער יענעם יידן, פשוט זיי ארויסבאַקומען פון די געכאַפּטע גרופּעס. די עס־עס־לייט האָבן צוזאַמענגעכאַפּט ביי 1,600 מענטשן און אַלע אַרויסגעפירט אויפן מאַרק אונטער אַ שטרענגער באַוואַכונג. די ווינער יידן זענען אַליין געגאַנגען, זייער פאָרשטייער האָט באַקומען אַ באַפעל און זיי האָבן אים פּונקטלעך אויסגעפירט. אַלע אַנדערע זענען אַרויסגעשלעפּט געוואָרן פון די הייזער.

עטלעכע שעה זענען אַלע געכאַפּטע געשטאַנען אויפן מאַרק־פּלאַץ. בלויז אַ קליינער צאָל איז געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען.

אַרום מיטאָג־צייט האָט מען אַלע אַריינגעשטופּט אינעם קינאָ־זאַל, אָפּגעשפּאַרט די טירן, פענסטער און שטרענג באַוואַכט. דאָס מאָל זענען די באַוואַכער באַשטאַנען פון פאָלקס דייטשן, אוקראַאינער, ליטווינער און לעטן, וועלכע

האָבן געדינט אין דער אַזוי־גערופענער „זאָנדער־דינסט־עס־עס״.

דאָנערשטיק און פרייטיק באַנאַכט האָבן זיי אַריינגעשאָסן אין קינאָ־זאַל און דערהרגעט אייניקע.

דאָס גאָלד האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן; נאָכדעם ווי זיי האָבן דאָס באַקומען, זענען די עס־עס און געסטאַפּאָ, שבת אינדערפרי, ווידער באַפאַלן די הייזער און נאָכאַמאָל אויסגעכאַפּט נאָך 1,500 מענטשן און אַלע צונויפגעזאַמלט אויפן זעלבן מאַרק־פּלאַץ. ארום 10—11 אַ זייגער פאַר מיטאָג איז אָנגעקומען אַן אַנדער גרופּע עס־עס, מיט זיי זענען אָנגעקומען פויערישע וועגעלעך פון די דערפער און עס האָט זיך אָנגעהויבן דער אָפּמאַרש פון מאַרק און אויך פון קינאָ־זאַל. אויף די וועגעלעך האָבן זיי פּשוט אַרויפגעוואָרפן די קראַנקע און אַלטע און די דערשאָסענע. די אַנדערע האָבן זיי געטריבן צו דער ריכטונג פון דער באַן־סטאַציע „בוג״, וווּ מען האָט אַלע אַריינגעשטופּט אין תבואה־וואַגאָנען. אויך די טויטע האָט מען אַריינגעוואָרפן אהין און דער צוג איז אַוועק מיט אַריבער דריי טויזנט מענטשן, וואָס האָבן שוין געוווּסט, אַז דאָס איז זייער לעצטער וועג.

דאָס איז געווען שבת, דער ערשטער טאָג שבועות 1942.

יעדער פון די געכאַפּטע האָט, נאַטירלעך, מיטגענומען אַ ביסל זאַכן, דאָס אַלץ אָבער איז געבליבן אין קינאָ־זאַל און אַ טאָג שפּעטער האָבן יידישע אַרבעטער אונטער דער אויפזיכט פון געסטאַפּאָ איבערגעזוכט אַלץ, דאָס סאָרטירט און די געסטאַפּאָ האָט אַוועקגענומען די זאַכן. וואָס זיי איז נישט געפעלן, האָבן זיי פאַרטיילט צווישן די קריסטן.

דאָס האָבן מיר שפּעטער גערופן — די ערשטע אַקציע...

זונטיק דעם צווייטן טאָג שבועות האָבן מיר געהאַט אַ ברית מילה. דער בעל ברית איז געווען מיין ברודער לעאָן גרינהויז. דער סנדק — דער לוקאָווער רב, ר׳ מנחם־מענדל. דאָס קינד האָט מען געגעבן אַ נאָמען משה און טאַקע ביי דער ברכה „זוכר הברית״, האָט געגעבן אַ קנאַל דער רעוואָלווער פון געסטאַפּאָוויעץ מיללער און פאַרענדיקט מיטן לעבן פון ראַדזינער רבין ר׳ שמואל־שלמה ליינער...

אַ מערקווירדיק פאָלק מיר יידן — מען פּלאָגט אונדז, מען מאָרדעט אונדז, דאָך פאַרגעסן מיר נישט אין דעם „ברית״ מיט גאָט, מען טרינקט לחיים מיט אויגן אויסגעטרוקנטע פון וויינען, דאָס האַרץ פאַרקלעמט, פינסטעריניש ארום און ארום און דאָך — „זוכר הברית״ מיט אַ „לחיים״.

ווען וואָלאַדאַווע האָט זיך דערוווּסט פונעם סאָביבאָר, האָט דער ראַדזינער רבי גוזר תענית געווען. די געסטאַפּאָ האָט זיך דערפון דערוווּסט און גלייך אים אַרעסטירט. געוואָלט אים שיסן, אָבער מען האָט פאַר אים פיל באַצאָלט און עס איז געלונגען צו ענדערן די גזירה. דער רבי איז געשיקט געוואָרן קיין טאָמאַשעווקע צו אַן אַרבעטס גרופּע פון דער אָרגאַניזאַציע „טאָדט״, אָבער דעם צווייטן טאָג שבועות האָבן די רוצחים אים צוריקגעברענגט, אים געפירט צום בית עולם און דאָרט דערשאָסן.

דער בית עולם האָט שוין נישט געהאַט זיין פריערדיקן אויסזען, אַלע מצבות האָבן זיי אַרויסגעריסן און מיט זיי געפלאַסטערט די גאַסן.

אין די טעג פון דער ערשטער אַקציע, האָט די געסטאַפּאָ, פאַר אַ הויכן פּרייז, אויסבאַהאַלטן ביי זיך אַ צאָל מענער און פרויען. זיי די געסטאַפּאָ זענען געווען זייער ראַפינירט און געלטגייציק; געוווּסט דעם סוף, אָבער אינצווישן האָט יעדער איינער פון זיי געוואָלט אויסנוצן די געלעגנהייט פאַר זיך און פאַר אַזאַ אויסבאַהאַלטן האָט מען געצאָלט מיט גאָלד, מיט בריליאַנטן. יעדער האָט זיך געמאַכט די אילוזיע, אַז עס וועט אים אַזוי ארום געלונגען צו בלייבן לעבן.

יעדער אויסראָטונגס לאַגער איז געווען פאַרבונדן מיט נאָענטע אַרבעטס לאַגערן, אויך סאָביבאָר האָט געהאַט אַזעלכע אַרבעטסלאַגערן אין דער געגנט. פון יעדן טראַנספּאָרט, וואָס איז אָנגעקומען, האָט מען אויסגעזוכט אַ טייל מענטשן און זיי געשיקט אין די אַרבעטס לאַגערן, וווּ מען האָט זיי באַפוילן גלייך שרייבן אַ היים, אפילו געגעבן צוגעגרייטע פּאָסטקאַרטלעך. אויך קיין וואָלאַדאַווע איז נאָך עטלעכע טעג אָנגעקומען אַ טייל אַזעלכע קאַרטלעך. דאָס איז ספּעציעל געמאַכט געוואָרן, כדי די מענטשן צו נאַרן און כדי זיי זאָלן נישט גלויבן, אָדער טאַקע מיינען, אַז די אַלע גייען אויף אַרבעט אויף די רוסישע געביטן. די קאַרטלעך האָבן טיילווייז געווירקט, אַז אַ טייל וואָלאַדאַווער יידן, וואָס זענען געווען אַזוי נאָענט צו סאָביבאָר, האָבן נישט געגלויבט אין דער אויסראָטונג. אַ פּשיטא שוין פון אַנדערע ווייטע ערטער.

## די העלדישע האלטונג פונעם רב בעת דער קינדער־אקציע

דעם ערשטן שבת פון חודש יולי האָט די געסטאַפּאָ באַפוילן ברענגען אַלע קינדער אויפן שול־פּלאַץ. עס איז געוואָרן אַ געלויף, יעדער איינער האָט זיך געיאָגט באַהאַלטן זיינע קינדער. ניטשקע מיט זיינע געהילפן זענען אַליין, אויף מאָטאָציקלען אָדער צופוס, געלאָפן איבער דער שטאָט און געכאַפּט קינדער. קיינער האָט כמעט אַליין נישט געברענגט, דאָך האָבן זיי צונויפגענומען בערך 107 קינדערלעך. דער שטאָט־רב און לוקאָווער רבי, ר׳ מנחם מענדל מאָרגנשטערן, האָט אַלס אָפיציעלער מענטש נישט געקאָנט זיך אויסבאַ־

האלטן. די געסטאפא האט אים געקאנט און געוווסט פון זיינע קליינע קינדערלעך. ער האט געווארפן א „גורל" צווישן אים און זיין פרוי די רביצין זען ווער עס דארף אוועקפירן די קינדער צו דער „עקידה"... דער גורל איז געפאלן אויפן רבין. גלייך האט ער זיך אנגעטון יום־טובדיק און אויך די קינדער און זיי זענען געגאנגען אויפן פלאץ. די געסטאפא האט אים געוואלט פריילאזן, ער האט אבער נישט מסכים געווען און געזאגט: „איך וויל באגלייטן מיינע און אלע קינדערלעך פון שטאט."

אלע קינדער זענען געווען אנגעטון שבתדיקע קליידער, קיינס פון זיי האט נישט געוויינט. מיט גרויס פארשטענדעניש, איינע די אנדערע געהאלפן אויפשטייגן אויף די וואגנס, ארויפקלעטערן אויף די לאסט אויטאס, מיט וועלכע זיי זענען אפגעפירט געווארן צו דער סטאציע, פונוואנען די באן האט זיי געפירט קיין סאביבאר.

די האלטונג פון רבין איז געווען אויסערגעוויינלעך, ווי א טאטע האט ער באגלייט זיינע און אלע אנדערע שעפעלעך, דערציילט זיי מעשהלעך, צוגעגרייט זיי צום לעצטן וועג...

לאנג לאנג האבן די אויפפאסער פון קינדער־טראנס־פארט נישט געקענט פארגעסן די דאזיקע אויסערגעוויינלעכע האלטונג פונעם רבין.

אויפן פראצעס קעגן ניטשקע און זיין גרופע אין האנאווער האט א צווייטער עדות געזאגט וועגן דער קינדער־אקציע פאלגנדעס:

„קיינמאל אין מיין לעבן וועל איך נישט פארגעסן דאס בילד פון דער קינדער־אקציע; די שטאלצע האלטונג פון די קינדער מיט זייער רבין, זייער מוט און די פאראכטונגס בליקן וואס זיי האבן געווארפן צו זייערע וועכטער. דאס דאזיקע שוידערלעכע בילד פארפאלגט מיך און וועט מיך פארפאלגן ביז אין מיינע לעצטע טעג!"

מיט די קינדער איז אויך מיטגענומען געווארן אייזיק רייס מיט א קינד, וועלכע זענען ביידע ארויסגענומען גע־ווארן פון סאביבאר דורך אינזשיניער האלצהאמער, געשיקט זיי אין אן ארבעטס לאגער, פון דארט צוריק קיין וולאדאווע. דאס קינד איז שפעטער אומגעקומען. אייזיק רייז לעבט אין ווענעזועלא.

## די דריטע — די גרויסע אקציע

דער ערשטער שבת פון אקטאבער 1942 איז געווען דער שווארצסטער טאג פון א גאנץ גרויסער אקציע. דאס מאל האבן זיי נישט געריפן, נישט באפוילן, דער „יודענראט" האט אויך נישט געוווסט, אבער דאס פאלק האט עפעס אפגעפילט און זיך געשראקן. שוין מיט עטלעכע טעג פריער האט מען געזען אין שטאט אייניקע „אסקאריס"־ — אוק־



ראינישע און ליטווישע פאליציאנטן. אויך האט מען געזאגט, אז עס שטייען זייער פיל ליידיקע וואגאנען אויף דער באן־סטאציע „בוג". די וואגאנען זענען געווען באמאלט מיט מגן דודס. אויך א טייל פון די דערמאנטע פאליציאנטן, האבן וועגן דעם גערעדט און זייער עכא איז דערגאנגען צו אונדז. אויף זיכער האט מען אבער נישט געוווסט.



א רעגיסטראציע פון די יידן אין וולאדאווע נאך דער אקציע אין יאר 1942.

פרייטיק, אין די נאכמיטאג שעהן, האבן די ארבעטס שטעלעס באקומען א באפעל, אז שבת זאל מען נישט ארויס־גיין צו דער ארבעט. דאס האט זיך גלייך פארשפרייט איבער דער שטאט. מענטשן זענען געווארן זייער אומרואיק און גע־זוכט ווו זיך צו באהאלטן. כמעט אלע ארבעטער פון פאל־קענבערגן זענען אוועק אויף זיין הויף און יעדער איינער האט זיך פארשטעקט ווו נאר ער האט געקענט. איך און מיין ברודער האבן פון גארנישט נישט געוווסט און זיך געלייגט רואיק שלאפן. פארטאג האט אונדז אויפגעוועקט א שטארקע שיסעריי. מיר זענען ארויס זען וואס עס איז געשען. עס איז נאך געווען א ביסל טונקל, אבער מיר האבן געטראפן מענטשן לויפן, מיר האבן באלד פארשטאנען אין וואס עס האנדלט זיך. מיר האבן נאך באוויזן צו ברענגען אונדזער מאמען, שוועגערין און קינדער צו פאלקענבערגן. עס איז געווען א האלבע גאס פון אונדז, מיר זענען צוריק אין די שטוב און זיך אוועקגעזעצט ווארטן. באהאלטן זיך, האבן מיר אין קיין פאל נישט געדארפן, מיר זענען געווען צו באקאנט, דעריבער האבן מיר געגלויבט, אז אפשר וועט בעסער זיין אזוי, זיך ווייזן און טאן אלץ בכדי זיך און אנדערע צו העלפן. נישט לאנג געווארט זענען געקומען „אסקארעס" און געשריגן: „יודען הערויס!" און גלייך א שאס אין דער לופט. אין שטוב האבן זיי ווארשיינלעך מורא געהאט אריינצוגיין. מיר זענען ארויס, ווידער א באפעל: „הענדע האך!" מיר האבן אויפגעהויבן די הענט. ווייטער א

באַפעל: „מאַרשירן!" בײדע האָבן מיר רואיק אויסגעפירט די באַפעלן. מיר האָבן זיך געטרײסט מיט דעם, וואָס מיר ווײסן, אַז אונדזערע נאָענטע זענען בײ פאַלקענבערגן און זײ לפחות זענען באַשיצט... אין גאַנג זענען צוגעקומען נאָך און נאָך יידן, אויך פרויען מיט קינדער אונטער אַ באַ־וואַכונג פון אַנדערע "אסקאַריס", אַזוי האָבן מיר מאַרשירט ביזן ספּאָרט־פּלאַץ פון דער שול.

דאָרט האָבן מיר שוין אָנגעטראָפן עטלעכע טויזנט יידן, באַוואַכט פון אַלע זײטן מיט מאַשין־געווער דורך דער גאַנ־צער געסטאַפּאָ און עס־עס מיט זײערע בײהילפער די „אַס־קאַריס" די פוילישע, אוקראַינישע, ליטווישע און לעטישע פּאָליציאַנטן. אינצווישנצײט האָבן זײ געבריינגט נאָך און נאָך געכאַפּטע יידן, אַרויסגענומען פון זײערע באַהעלטענישן. דאָס מאָל איז דאָ אויך מיטגעווען דער גאַנצער יודענראַט. דאָס דאָזיקע כאַפּן האָט אָנגעהאַלטן ביז נײן אַ זײגער אינ־דערפרי און עס זענען צוזאַמענגעבראַכט געוואָרן בערך אַ צען טויזנט מענער, פרויען און קינדער, וועלכע זענען אויס־באַהאַלטן געוואָרן, אָפּגעראַטעוועט פון דער קינדער־אַקציע.

עס איז אָנגעקומען ניטשקע אין באַגלײטונג פון העכערע געסטאַפּאָ־אָפיצירן פון לובלין אַלץ באַקוקט און אַוועק. מיט אַ 15 מינוט שפּעטער איז ניטשקע צוריקגעקומען מיט זײנע געהילפן, גענומען אויסזוכן מענטשן און זײ אַרויסנעמען פון די רײען; דעם פּרעזעס פון יודענראַט, דעם סעקרעטאַר, ליכטענבערג און בראַנשטעטער. (די איבעריקע מיטגלידער נישט). דאַן, זײנע שוסטער, שנײדער און אַנדערע בעלי מלאכות, וואָס האָבן געאַרבעט פאַר די דײטשן, מײן ברודער לעאָן, מיך און נאָך אַנדערע, צוזאַמען אַ זיבעציק מענער, אונדז געהײסן איבערגײן אויפן הויף פון געסטאַפּאָ־ביוראָ און דאָרט אונדז פאַרשלאָסן. דאָ האָב איך זיך דערוווּסט, אַז פרײטיק שפּעט בײ נאַכט, האָט דער יודענראַט באַקומען דעם באַפעל צו מעלדן זיך שבת גאַנץ פרי, דעריבער טאַקע זענען אַלע מיטגלידער געקומען.

אָפּגעזונדערט פון אַלע אַנדערע יידן, האָבן מיר גלײך פאַרשטאַנען, וואָס עס וועט געשען. מיר זענען אַרײַנגעפאַלן אין אַן אַפּאַטיע און מרה שחורה און נישט געוווּסט וואָס מיט אונדז טוט זיך, ערשט ווען ס'איז צו אונדז דערגאַנגען דער עכאָ פון מאַרשירן זענען מיר אַרויסגעריסן געוואָרן פון אָט דעם פאַרנעפּלטן צושטאַנד און מיר האָבן דערזען פאַר זיך דאָס שרעקלעכע בילד. אַפילו די אַלע אַרבעטער וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן בײ פאַלקענבערגן זענען אויך דאָ געגאַנגען און מיט זײ אַלע אויך מײן מאַמע, מײן שוועגע־רין מיט די קינדער און מײן כלה. דאָס זענען צוגעקומען צו יענע, נאָך כמעט אַ 600 מענטשן. אַ שרעקלעכער שוידער, אַ ציטערניש און אַנמאַכט האָט אונדז אַלעמען באַפאַלן.



מיר האָבן געזען, אַז דאָס זענען שוין כמעט די לעצטע יידן פון שטאָט. מיר האָבן געוואָלט אויך מיטלויפן מיט זײ, אָבער די הויכע דראָט פאַרצוימונג און די באַוואַכונג האָט דאָס אונדז נישט דערלויבט צו טאָן.

נאָך דער גרופּע פון פאַלקענבערגן האָבן די רוצחים נאָך צוגעבראַכט גרופּקעס יידן, וואָס זײ האָבן אַלץ אויפ־געזוכט אין די פאַרשידענע באַהעלטענישן. דאָס האָט גע־דויערט ביז 11 אַ זײגער, דאַן זענען אַ טײל פון די באַוואַכער געגאַנגען עסן.

אינצווישן איז אָנגעקומען פאַלקענבערג, לעמאַנטשיק, אַנטאָניעוויטש, אַלע פון אַרבעט שטעלעס. מיר האָבן מיט זײ גערעדט דורכן דראָט־צוים, געבעטן, זײ זאָלן ראַטעווען וואָס עס איז מעגלעך און זײ האָבן אונדז צוגעזאָגט צו טאָן וואָס נאָר זײ וועלן קענען.

נאָכן עסן איז אונדז געלונגען אַרויסצובאַקומען אײניקע פרויען מיט קינדער. מיר האָבן גערעדט און געבעטן און ניטשקע האָט אונדז צוגעזאָגט, אַז פון דער באַן, וועט מען אַלע וואָס אַרבעטן צוריקברענגען. ניטשקע איז אַרײַן צו אונדז מיט זײן גרויסן הונט, מיר האָבן ווידער געוויינט און געבעטן. דער הונט האָט עטלעכע פון אונדז צעביסן און ניטשקע האָט געזאָגט, אַז ער שיקט מיללערן צו דער באַן און די פאַרטרעטער פון אַלע אַרבעטס שטעלעס וועלן אויך מיטגײן און אַלע אַרבעטער צוריקברענגען.

אונטער אַ שטרענגער באַוואַכונג האָט זיך אָנגעהויבן דער אַרויסמאַרש פון די בערך 10,000 יידן, מרשירט אין רײען רואיק, געוווּסט וווּהין דער צוג גײט, אָבער קײן געוויין קײן טרער, קײן פאַרצווייפלונגס רוף, קײן בעט־געשרײ, געגאַנגען מיט יידישער גרײטקײט אויף קידוש השם... זײ האָבן געפאָכעט צו אונדז מיט די טיכלעך און מיט די הענט אונדז געזעגנט...

מיר, די 70 מאָן דאַקעגן, האָבן שוין גאָרנישט געקענט זען; די אויגן פאַרבלענדט, דאָס האַרץ פאַרשטײנערט, יעדער אײנער פון אונדז האָט זיך געפילט שולדיק און אומגליק־לעך — פאַר וואָס דוקא ער בלײבט לעבן און אַלע אַנדערע טויזנטער גײען זײער לעצטן וועג? מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז מען דאַרף ראַטעווען אַלץ וואָס מען קען, אָבער פאַר וואָס דוקא זאָלן מיר זײן די געראַטעוועטע!? דאָס האָט אונדז שטאַרק געקלעמט און ווײ געטאָן. יעדער אײנער פון אונדז איז גרײט געווען צו מאַרשירן גלײך מיט אַלע, אָבער עס איז נישט געווען דער גרויסער כוח צו דעם שריט.

נאָכן אָפּמאַרשירן פון די טויזנטער אומגליקלעכע, האָט מען אונדז 70 געשיקט אַ הײם פאַרפּינסטערטע, לײדיקע, פּוסטע... דעם זעלבן פאַרנאַכט האָט מען דאָך צוריקגעבראַכט בערך 400 מענטשן. דער וויצע פּרעזעס אַברהם כהן האָט

נישט געוואָלט צוריקגיין. ער האָט געזאָגט אַז ער האָט שוין דעם האַלבן וועג מיטגעמאַכט, וועט ער נישט גיין צוריק, נאָר גיין צוזאַמען מיט די קינדער און מיט אַלע אַנדערע. מיין מאַמען האָט מען אויך נישט צוריק געבראַכט. מיין כלה איז יאָ צוריקגעקומען. אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר זיך דערוווּסט אַז עטלעכע טויזנט ייִדן האָבן דאָך זיך געראַטעוועט. זיי זענען ארויסגעלאָפן גאַנץ פאַרטאָג פון שטאָט, זיך גוט אויסבאַהאַלטן און דערוויייל ניצול געוואָרן. אזוי, אַז מיט די וואָס האָבן געארבעט ביי זעלינגערן אין אדאמפאל און מיט די אַלע צוריקגעקומענע, זענען מיר געוועזן בערך 5,000 נפשות.

גלייך זונטיק האָט די געסטאַפּאָ גערופן די איבערגעבליבענע יודענראַט־מיטגלידער, זיי פאַראָרדנט אויסצושנדיקן דעם אַרבעטס לאַגער און באַצייכנט די גרעניצן פון ייִדישן געטאָ. דער אַרבעטס לאַגער איז געווען באַשטימט פאַר אַלע באַשעפטיקטע פון די אַרבעטס שטעלעס און אַלע אַנדערע ייִדן — אין געטאָ. עס איז געווען אַ געיעג נאָך אַרבעטס קאַרטן. נאָך פיל לויפעניש און מי, איז געלונגען אַריינצוברענגען אין לאַגער, בערך אַ׳ 500 נפשות. קינדער און אַלטע האָט מען נישט געדאַרפן מיטנעמען, דאָך האָט מען אַ געוויסע צאָל פון אַזעלכע יאָ אריינגענומען, נאַטירלעך, זיי אויסבאַהאַלטן.

דער לאַגער איז געווען ארומגעצאַמט. אין לאַגער זענען אריין אַלע אַרבעטער פון די אַרבעטס שטעלעס. די איבעריקע ייִדן האָבן זיך איבערגעצויגן אין געטאָ.

די געסטאַפּאָ האָט באַפוילן אַז די ייִדן דאַרפן מער נישט אַרויסגיין פון געטאָ, מוזן האָבן אַ פּאַסיר־שיין און באַגלייט דורך אַ יידישן פּאָליציי־מאַן. אויך די אַרבעטער פון לאַגער האָבן געדאַרפט ארויס צו דער אַרבעט און צוריקגיין, באַגלייט דורך ייִדישער פּאָליציי. פיל ייִדישע פּאָליציי זענען שוין נישט געווען, מחמת ביי דער גרויסער אַקציע האָט מען פיל פון זיי אויך מיטגענומען. עס האָט זיך אָנגעהויבן אויפס ניי אַ קאַמף פאַרן לעבן און איבערלעבן אין לאַגער ווי אין געטאָ.

## די פערטע אַקציע

אנפאַנג חודש נאָוועמבער, האָט מען ווידער געמאַכט אַן אַקציע, אָבער דאָס מאָל נאָר אין געטאָ. אין דער צייט ווען אַלע פון לאַגער זענען געווען ביי דער אַרבעט, געכאַפּט בערך 1000 ייִדן און נאָך אַ טייל פּאָליציי. אויך די אַנדערע איבערגעבליבענע יודענראַט־מיטגלידער. אין לאַגער זענען זיי אפילו נישט אַריינגעגאַנגען.

די אַקציע האָט געדויערט דריי טעג.

היות די געטאָ ייִדן האָבן שוין געהאַט זייערע באַהעל־



טיגישן, ווו זיי פלעגן שלאָפן, האָט מען טאַקע ביי אָט דער אַקציע מער נישט געכאַפּט.

נאָכדעם האָט די געסטאַפּאָ נאָמינירט אַ נייעם יודנראַט פארן געטאָ און זיי אליין האָבן פאַרלאָזט וולאָדאַווע און אַוועק קיין קוזמיר ביי דער ווייסל.

מיט חדשים פריער האָט אַ גרופּע ייִדישע אַרבעטער מיט א. געזונדהייט אַלס בוימייסטער געהאָט פאַרברייטערט דעם קלויסטער אויפן באַרג פאַרן געברויך. דער יודנראַט האָט דאַן אויך געשיקט מעבל און אַלע אַנדערע זאַכן. אין וולאָדאַווע איז געבליבן די זשאַנדאַרמעריע.

אַייניקע טעג פאַר דער גרויסער אַקציע, האָט די געסטאַפּאָ דערשאָסן אַלתר שאַפּירשטיין און זיין פרוי, צוגענומען אלץ פון שטוב. דערשאָסן משה ליכטענבערג, זיין פרוי אַרעסטירט און צוגענומען אַלץ פון שטוב. די פרוי איז געגאַנגען מיט דער גרויסער אַקציע. נאָך דער גרויסער אַקציע און האַרט פאַר דער קליינער, האָבן זיי דערשאָסן א. סאמעל סאָן. אין דער זעלבער צייט זענען נאָך אייניקע דערשאָסן געוואָרן נאָר איך געדענק נישט זייערע נעמען.

עס האָט זיך אָנגעהויבן, אויב מען קען אזוי זיך אויסדרוקן, אַ מער ווייניקער רעלאַטיוו „רואיקע צייט". אַלע זענען געגאַנגען צו דער אַרבעט. אויך אין געטאָ איז „רואיק" געוועזן און מהאָט געוואָלט גלויבן, אַז, אפשר... מען האָט זיך אָנגעשטרענקט נישט צו טראַכטן, נישט געוואָלט זען און נישט וויסן, אַזוי איז טאַקע איבערגעלאָפן די צייט ביזן ערשטן מאי 1943.

כ׳וויל דאָ צוריקגיין און דערציילן, אַז גלייך נאָך דער גרויסער אַקציע, האָט זיך געגרינדעט אַ קליינע פאַרטיזאַנער גרופּע, וועלכע איז אַלץ מער געוואַקסן און גרעסער געוואָרן. דער גרינדער איז געווען משה ליכטענבערג (וו. ליכטענבערגס זון) און נאָך זיבן ייִנגלעך. זיי האָבן אָבער נישט געהאַט קיין געווער, אָנגעהויבן האָבן זיי מיט אַן אַלטער



די גאַס 3־טער מאַי, די יידן האָבן זי גערופן די מילגאַס, ווייל זי האָט געפירט צו דער וואַסערמיל באַרג אַראָפּ.

ביקס און אַן אַלטן רעוואָלווער. אין דער שטיל פֿלעגן זיי אַלע מאָל קומען אין שטאָט, זיך באַזאָרגן מיט נויטיקעס, גערעדט מיט נאָך יִינגע מענטשן און צוריק אין וואַלד. אַ דאַנק דער קלענער גרופּע האָבן זיך שפּעטער געראַטעוועט אויך אנדערע, אַ גרויסע צאָל.

נישט קוקנדיק אויף דער אַזויגערופֿענער „רואיקייט" און „שטילקייט", האָט יעדער איינער, אין לאַגער און אין געטאָ, געהאָט צוגעגרייט אַ באַהעלטעניש אויף יעדן פֿאַל. אינצווישנצייט האָט מען גוט געאַרבעט, געמאַכט מאָלצייטן און איינגעלאַדן די אַרבעטסגעבער. אַלע מאָל האָבן זיי פֿאַרזיכערט, אַז מער קיין אַקציעס וועלן נישט זיין און לויט די נייעסן וועגן דער לאַגע אויף די פֿראָנטן, האָט מען געוואָלט גלויבן אין דעם...

אין דער צייט פֿון נאָוועמבער ביז מאַי 1943 זענען נאָך עטלעכע הונדערט יִידן אָנגעקומען אין געטאָ. זיי זענען געקומען פֿון די דערפֿער דאָרט באַהאַלטענע, פֿון שטעטלעך, וועלדער; געמיינט, אַז וולאָדאַווע איז אַ „יודנשטאָט" און געקומען זוכן אַ מקום מקלט. ליידער איז דאָס אַזוי נישט געווען...

עס איז אַריבער חנוכה, פּורים, מען האָט די ימים־טובים געפּייערט. עס האָט זיך דערנענטערט צו פּסח. געבאַקן מצות, ווי ווער עס האָט געקענט און צוגעגרייט לויט די מעגלעכקייטן. דער יום־טוב איז געווען אַ פֿריילעכער, ווייל דאָס פֿאַרשפּילן די מלחמה פֿאַר די דייטשן איז שוין געווען גאַנץ קלאָר, האָט מען טאַקע געהאָפֿט און געהאָפֿט. מען האָט זיך אָנגעשטרענגט צו זיין געהאָרכזאַם די אַרבעטסגעבער, דייטשן און פֿאָלקס־דייטשן, אויך מיט דער זשאַנדאַרמעריע געלעבט אין פֿרידן און אַזוי איז די צייט געלאָפֿן ביזן 30 אַפּריל 1943.

## מוצאי פּסח — פֿינפֿטע ליקווידיר־אַקציע

דעם ערשטן מאַי 1943, פֿרייטיק גאַנץ פֿרי, האָט אַ שיסעריי אַלעמען אויפֿגעוועקט. ווידער די „אַסקאַריס" אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דער געסטאַפּאָ, וועלכע זענען אַ טאָג פֿריער בסוד־סודות געקומען קיין וולאָדאַווע, ארומגעשטעלט דעם לאַגער און אויך דאָס געטאָ מיט מאַשין־געווער און עס האָט זיך אָנגעהויבן; שטוב נאָך שטוב — „יודען הערויס!" און געפֿירט אַלע אויפֿן פּלאַץ, צונויפֿגענומען אַ גרופּע און אַוועק. מאָטל ראַבינאָוויטש און איך זענען מיר געשטאַנען צווישן אַזאַ גרופּע פֿון איבער 30 מאַן. מיר זענען אָבער אַנטלאָפֿן, מאָטל אין איין ריכטונג, איך אין אַן אנדערע ריכטונג.

מ'האָט אונדז נאָכגעשאָסן אָבער ווייזט אויס, אַז די קויל





אַלגעמיינער אויסבליק אין וולאָדאַווע ביים „סטאַוו"־טייך. די דייטשע היטלעריסטן האָבן געצוווּנגען די וולאָדאַווער יידנשקלאַפֿן און אַנדערע אָנגעטריבענע יידן אין וולאָדאַווע, זיי זאָלן אויסטריקענען (מעליאָריאַציע) דעם טייך, דאָס איז געווען אַ קאַטאָרזשנע אַרבעט. אין פֿראָנט זעט מען שלום לעמבערגס וואַסער־מיל.

דורך דעם וועג האָבן די דייטשע רוצחים געפֿירט די יידן אויף זייער לעצטן וועג קיין סאָביבאָר...

איז פֿאַר אונדז נאָך נישט געווען פֿאַרגעזען און עס איז אונדז געלונגען. איך בין ארויף אויפֿן בוידעם פֿון דער קאַשע־מיל אויף דער ווירקער גאַס. נאָך מיר איז אויך ארויף אַ יידישן דאָקטאָרס פֿרוי (דער דאָקטאָר מיט זיין פֿרוי זענען געווען וויענער). אויפֿן בוידעם זענען מיר געלעגן פֿרייטיק ביז שבת נאָכמיטאָג. מען האָט געהערט רעוואָלווער־שאָסן, דאָס האָט אַ יִדיש יִינגל געשאָסן. דורך די שפּאַרעס האָבן מיר געזען אַרויספֿירן די מענטשן. ביז עס איז געוואָרן גאַנץ שטיל. דאַן זענען אָנגעקומען וואָגנס און זיי האָבן ארויפֿגעלאָדעוועט אַלץ פֿון די וווינונגען און אויך געכאַפּט באַהאַלטענע מענטשן.

עס איז געוואָרן נאַכט, אָפּגעריסענע רעוואָלווער־שאָסן הערן זיך פֿון מאָל צו מאָל. איך האָב געוואָלט ארויס פֿון באַהעלטעניש גיין זוכן מיין אַרישן פּאַס און אַוועק, אָבער די פֿרוי האָט מיך געבעטן, איך זאָל עס נישט טאָן. זי האָט רעכט געהאט, ווייל דער לאַגער און געטאָ זענען געווען שטאַרק באַוואַכט.

אַזוי זענען מיר געלעגן ביז שבת נאָכמיטאָג. אויך שבת האָבן זיי געאַרבעט ביים אויסליידיקן די הייזער, זוכן באַהאַלטענע און דאַביי זיך אָנשטאָפּן די אייגענע קעשענעס.

נאָכן ארויסנעמען אַלץ, האָבן זיי אויפֿסניי אָנגעהויבן זוכן שטוב ביי שטוב, ביז זיי האָבן אויך אונדז געפֿונען. זיי האָבן אונדז פֿאַראָדנט זיך אויסטאָן גאַנץ נאַקעט, באַזוכט גענוי די קליידער, דאַן באַפֿוילן צוריק זיך אָנטאָן און אַראָפּגיין פֿון בוידעם. אונטן האָבן מיר געטראָפֿן נאָך עטלעכע געסטאַפּאָ־אָפֿיצירן. מיט זיי האָט פֿאַרהאַנדלט די פֿרוי פֿאַלקענבערג. ער, פֿאַלקענבערג איז געווען קראַנק. זי האָט געפּועלט, אַז מען זאָל פֿאַר זיי לאָזן אַ ביסל אַרבעטער.

גלייך נאכדעם זענען ד' געסטאפאווצעס ארומגעגאנגען פון שטוב צו שטוב און אריינגעשריגן, אז די ייִדן זאלן ארויסגיין און זיי וועלן גיין ארבעטן צו פאלקענבערגן...

דעם דאקטארס פרוי און מיך האט די פרוי פאלקענבערג גלייך באשטעטיקט. פאמעלעך האט זיך צוזאמענגענומען מער ווי 50 פרויען און א 30 מענער. דארט האב איך זיך דערוווסט, אז א באדייטנדיקע צאל איז אנטלאפן אין וואלד און צו זעלינגערן אין אדאמפאל ווו מען האט נאך געארבעט.

זונטיק אינדערפרי קומט צו מיר פאלקענבערג קראנקערהייט און זאגט מיר, איך זאל שנעל אוועק. ווען איך בין נאר ארויס, האב איך באמערקט די זשאנדארמעריע אנקומען.

פון פאלקענבערגס פלאץ בין איך צוריק אוועק אין מיין מאמעס הויז, זיך באהאלטן צווישן האלץ ביז עס איז פינסטער געווארן, דאן בין איך צוריק צו פאלקענבערגן, זיך דערוווסט אז די זשאנדארמעריע האט איבערגעלאזט פאלקענבערגן 50 פרויען און 5 מענער צו דער ארבעט, די איבעריקע אוועקגענומען און זיי דערשאסן. צווישן די דערשאסענע איז געווען גרובער און חיים פישמאן. מאטל ראבינאוויטש איז פארבליבן אין דער גרופע ביי פאלקענבערגן.

ביז מיטוואך בין איך געווען ביי פאלקענבערגן, דאן זענען געקומען עטלעכע פון דער גרופע פארטיזאנער און איך בין מיט זיי אוועק אין וואלד.

פון די ייִדן פון פאלקענבערגן, זעלינגער און פון די וועלכע זענען אנטלאפן אין וואלד זענען זייער ווינציק געבליבן ביים לעבן, אייניקע האבן דורכגעמאכט מיט די פארטיזאנער גרופן און די אלע אנדערע דערשאסן. דאס איז דער טרויעריקער סך־הכל פון אונדזער שטאט וולאדאווע.

ווי אזוי מיין פרוי שיינדל משה מאטל לעדערמאנס טאכטער און איך האבן איבערגעלעבט, איז א קאפיטל פאר זיך. פון ד' פארטיזאנער אויף א פויערישן בוידעם. דאן אלס קריסטן צוריק קיין ווארשע. מיט דעם אויפשטאנד אין ווארשע ווידער אלס געפאנגענע קיין דייטשלאנד, נאטירליך מיט ארישע פאפירן אין נידערשלעזיען. דעם 23 מערץ 1945 זענען אריין די רוסן און מיין פרוי און איך זענען באפרייט געווארן. די באהעלטעניש און ארבעטן אלס קריסטן אין דייטשלאנד איז אונדז אמלייכטסטן אריבער, אויסער איין עפיזאד איז אלץ אדורך בסדר. נאכן באפרייט ווערן דורך די רוסן, האבן זיי אונדז אויך פארהאלטן איין נאכט און געוואלט פארשיקן, איז אונדז געלונגען די ענקוועדע אפצונארן און מיר זענען ארויס און אנגעהויבן אונדזער צוריקוועג קיין



וולאדאווע. דאס זיך באפרייען פון די רוסן און אנקומען קיין וולאדאווע איז אויך א קאפיטל פאר זיך.

אין די ערשטע טעג פון מאי 1945 זענען מיר אנגעקומען קיין וולאדאווע. אין לובלין און אין וולאדאווע האב איך נישט געטראפן קיינעם פון מיינע קרובים, אבער גאט צו דאנקען געטראפן אין וולאדאווע עטלעכע מנינים ייִדן, כהאב אבער לאנג נישט פארברענגט אין וולאדאווע, נאר אוועק קיין ווארשע, נאכהער לאדז, גדיניא, שטעטין, בערלין.

נאכן אנקומען קיין וולאדאווע האב איך דערהאלטן א פאסטקארטל פון ח. פעלדמאן פון ארגענטינע, מיר מיטגעטיילט, אז די דארטיקע יידן האבן ארויסגעשיקט פעקלעך קליידער אויף מיין נאמען, איידער מיר זענען פון וולאדאווע ווייטער אוועק, האב איך געגעבן א פולמאכט, אז אנדערע זאלן קענען די פעקלעך ארויסנעמען.

פון בערלין זענען מיר געפארן קיין פראנקפורט, דאן מינכען און פאריז און ענדליך דעם 26 נאוועמבער 1946 זענען מיר, מיין פרוי און קליין טעכטערל און איך בשלום אנגעקומען אין ווענעזועלא.

היינט דעם 30 יולי 1964 אין דער שטאט האנאווער־דייטשלאנד האב איך צווישן אנדערע אויך אנטייל גענומען אינעם טראגישן עפילאג פון דער בלוטיקער געשיכטע — וולאדאווער יידנטום...

איראניזירטע געריכטן, איראניזירטע פארהאנדלונגען און איראניזירטע חוזקדיקע „שטאפן"... נאך לויפן די געריכטן, נאך פארהאנדלט מען וועגן באשטראפן און שוין ווידער, כמעט אין אלע לענדער, נייע נאצי־האקנקרייצן ווערן געמאלט איבער די גאסן און ייִדישע הייזער. נייע נאציס פון אלע פארבן און קאלירן און ווידער קלאנגען פון מערדערלעכן הארסט וועסל־ליד אין צענדליקער שפראכן...

איך דערלויב מיר צו פרעגן אונדזער גאט — **עד מתי?!** ווי **לאנג נאך?!** . . . . אייך אלע וולאדאווער ייִדן, פון דער גאנצער וועלט וויל איך זאגן; האט אפענע אויגן, לאזט נישט, נארט זיך נישט און דערלאזט נישט, אז מען זאל אייך אפנארן מיט א שמייכל. רופט אומאויפהערלעך צו דער דעמאקראטישער וועלט זי זאל נישט לאזן אויסוואקסן די נאצישע שלאנג, שוין ביים אנהויב דארף מען איר דעם קאפ אפהאקן, אויסווארצלען ביז אין איר טיפקייט. און מיר ייִדן חוץ „קול יעקב" נעמען אויך א ביסל מער פון די „ידים"... אין דער היינטיקער ציוויליזירטער וועלט איז „קול" אן „ידים" נישט ווירקזאם!

**יחיאל גרינהויז**

חיה געלערמאַן בוימגאַרטן־ריימאַן

בת־ים

# דער ערשטער קרבן

מיין טאַטן האָט מען גערופן יאָסל דער קאַדניער, ווייל ער האָט געשטאַמט פון קאַדניע. נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה זענען מיינע עלטערן צוזאַמען מיט זייערע זעקס טעכטער און דעם איינציקן זון געקומען קיין וולאַדאַווע, ווו זיי האָבן זיך באַזעצט און דערצויגן זייערע קינדער. מיין פאָטער איז געווען אַ פרומער ייִד, געגאַנגען יעדן טאָג אין בית המדרש אריין דאַווענען, לערנען אַ פרק משניות. ער איז געווען אַ קלוגער ייִד, מיט אַ גלייכער לאָגיק, אָבער מיט קליינשטעטלדיקן בליק אויפן לעבן, האָט ליב געהאַט דאָס שטעטל.

די מאַמע, אַן אידעלע פרוי, האָט געטון אַלע שווערע אַרבעטן אין שטוב, גאַנץ אָפט איבער די כוחות, אָבער זי האָט זיך קיינמאָל נישט באַקלאָגט. אַזוי איז דאָס לעבן זיך געגאַנגען רואיק, מיט טאָג־טעגליכע זאָרגן, פריידן און אַמאָל אויך צרות. פרנסה איז געווען. די קינדער האָבן זיך באַמיט צוצוהעלפן אין שטוב, אָבער די מאַמע איז שטענדיק געווען פאַרנומען, געדאַרפט קאָכן, רוימען, וואַשן די שטוב־זאַכן, אפילו נייען קליידער פאַר די קינדער, פאַריכטן אַלעמענס מלבושים און זאָרגן פאַר תכלית וועגן יעדן קינד באַזונדער.

אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז יענע מוראַדיקע טעג, ווען אין איינעם אַ פרימאָרגן האָט דער טאַטע זיך אומגעקערט פון בית המדרש אויפן וועג אַהיים און עס זענען אים אַקעגנגעקומען צוויי דייטשע זעלנער, וועלכע זענען געפאָרן אויף אַ מאָטאָציקל, האָבן אים אָן אַ פאַרוואָס אַרויפגעכאַפּט אויף זייער מאָטאָציקל און אים אַוועקגעפירט אין אַ דאָרף נעבן וולאַדאַווע, ווו זיי האָבן אים אויף אַן אַכזריותדיקן אופן דערמאָרדעט.

מיר האָבן נישט געוווּסט ווו דער טאַטע איז אַהינגעקומען. ערשט נאָך לאַנגע זוכענישן האָבן מיר זיך דערוווּסט, וואָס עס האָט פּאַסירט.

מיין מוטער מיט מיינע שוועסטערס העלע און טעמע, וועלכע זענען דעמאָלט געווען אין וולאַדאַווע, האָבן איינגעשטעלט דאָס לעבן און אַרויס אין גאַס דינגען אַ פּירל מיט אַ קריסטלעכן בעל־עגלה, וועלכער האָט זיך געהייסן זייער טייער באַצאָלן פאַרן צופאָרן צום דאָרף, פון וואַנען מען האָט מיין פאָטער אַרויסגענומען און געבראַכט צו קבר ישראל.

דאָס פּנים און דער קערפּער ביים טאַטן איז געווען שרעקלעך צעקאַלעטשעט, עס זענען געבליבן די סימנים פון די מוראַדיקע אַכזריותן, מיט וועלכע די דייטשן האָבן אים געפּייניקט, צעשלאָגן און געריסן פון אים שטיקער. זיין שיינע שוואַרצע באָרד צוזאַמען מיט אַ שטיק פּנים האָט מען געפונען אין דער קעשענע פון זיין כאַלאַט, די הענט זענען געווען ביי אים אויסגעדרייט.



ר׳ יוסף געלערמאַן (פון קאַדניע) מיט זיין פרוי חנה.

אַזוי איז אומגעקומען מיין טאַטע יוסף געלערמאַן, וועלכער איז געווען דער ערשטער קרבן אין וולאַדאַווע, איבער וועלכן די דייטשע רוצחים האָבן זיך אַזוי גרויזאַם איזדעקעוועט.

## די אומגעקומענע משפחה

מיין עלטסטע שוועסטער שרה, האָט נאָך זוכה געווען צו שטאַרבן מיט אַ נאַטירלעכער טויט. די שוועסטער העלע צוזאַמען מיט איר מאַן משה עקהויז און זייער זון שיעלע, וועלכער איז שוין דעמאָלט אַלט געווען אַכצן יאָר, איז געלונגען צו אַנטלויפן אין אַ דאָרף נעבן וולאַדאַווע, ווו זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין גאַיוווקאַ דאַבראָפּאָל. אין וולאַדאַווע זענען שוין דעמאָלט קיין ייִדן נישט געווען. זיי האָבן דאָרט צוזאַמען מיט אַ גרופּע וולאַדאַווער ייִדן געאַרבעט ביי אַ דייטש, וועלכער האָט זיי צוגעזאָגט, אַז עס וועט זיי קיין שלעכטס נישט פּאַסירן. זיי האָבן געטון אַלע שווערע אַרבעטן, ביז אין אַ געוויסן טאָג זענען אָנגעקומען

אין דאָרף ס.ס.־לייט האָבן אַרויסגעפירט די גאַנצע גרופּע ייִדן און אַלעמען דערשאָסן. פון דער גרופּע האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעראַטעוועט צוויי מענטשן, וועלכע עס איז מיט אַ טאָג פריער געלונגען צו אַנטלויפן פונעם דאָרף. זיי געפונען זיך ביים היינטיקן טאָג אין ישראל.

מיין מוטער, מיין שוועסטער טעמע מיט איר מאַן פישל זילבערבערג און זייערע צוויי קינדער, לייבעלע און שחריה זענען אומגעקומען אין די אַקציעס.

טייערע שוועסטער טעמע, ווי שטאַרק זי האָט געחלומט און געבענקט עולה צו זיין קיין ישראל, איז געווען אַקטיוו אין דער ציוניסטישער יוגנט־באַוועגונג, אָבער לײדער האָט זי נישט זוכה געווען צו רעאַליזירן איר גרויסן חלום.

מיין שוועסטער רחל מיט איר מאַן מנחם קניזשניק און זייערע צוויי זין, קליינע קינדער, זענען אומגעקומען אין לאָדזשער געטאָ.

מיין איינציקער ברודער הערש־בער, זיין פרוי שרה און זייערע פינף קינדער, צוויי יינגלעך און דריי מיידלעך זענען אומגעקומען אין ביאַלע.

אזוי איז אומגעקומען אַ גרויסע און פאַרצווייגטע משפחה, וואָס אין געווען פאַרוואָרצלט אין דער שיינער ייִדישער קהילה אין וולאָדאַווע.

געבליבן זענען בלויז איך און מיין שוועסטער פּערל, ביידע האָבן מיר אויפגעבויט אונדזער היימען אין ישראל, האָבן קינדער און אייניקלעך און אַלע זענען מיר ממשיך צו גיין אויף דעם וועג פון אונדזערע עלטערן און אור־עלטערן, די קדושים וטהורים, וועלכע מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן.



וולאָדאַווער ייִדן ביים גראָבן קברים

פעשע קוטשער (רובאכע)

**קרית־חיים**

# דער ערשטער ברידער־קבר

באַלד ווי די דייטשן האָבן פאַרנומען וולאָדאַווע, האָבן מיר באַנומען דעם גאַנצן גרויל פון נאַציזם און וואָס אונדז אַלע דערוואַרט. פאַר ניכטערע מענטשן זענען נישט געווען קיין שום אילוזיעס. די מלחמה האָט זיך באַוויזן אין איר גאַנצער גרויזאַמקייט.

אין די גרויסע פראָסט פון חנוכה־צייט האָט אין שטאָט זיך באַוויזן אַ פרעמדער, אָפּגעריסענער און צעבלוטיקטער ייִד, וועלכער האָט זיך געבעטן:

„ייִדן, ראַטעוועט!".

ער האָט דערציילט, אַז ער איז אַ פּלעניק (אַ געפאַנגענער סאָלדאַט) פון הינטער לאָמזשע. עטלעכע הונדערט פּלעניקעס האָבן די דייטשן געבראַכט אויף דער סטאַציע סאָביבאָר. אַ סך זענען אויסגעגאַנגען, דערשטיקט, אָדער דערפרוירן געוואָרן אין די פאַרמאַכטע וואַגאָנען, אויפן וועג פון דייטשלאַנד אַהער. אין סאָביבאָר האָבן זיי די וואַגאָנען געעפנט און באַפוילן אויסצושטייגן. ווער עס האָט נאָך כוח געהאַט אויסצושטייגן, האָט זיך געלאָזט לויפן, ווו די אויגן האָבן אים געטראָגן. ווייל די דייטשן האָבן אויף זיי געעפנט אַ

פייער. פון די אַנטלאָפענע, זענען אַ סך געפאַלן אין וואַלד און אין פעלד, „די איבעריקע שלעפן־זיך אַהער צו אייך דער־שעפטע און דערפרוירענע" — האָט דער ייד דערציילט.

באַלד האָט זיך גאַנץ וולאָדאַווע מאָביליזירט צו־הילף די אומגליקלעכע. מען האָט געשאַפן וועגענער און אַנטקעגנ־געפאָרן די פליטים פון די סאָביבאָרער וואַגאָנען. מען האָט זיי געבראַכט אין שטאָט־אַריין, איינגעאָרדנט און גענומען זיך־מטפל־זיין מיט זיי.

די לעבעדיקע פלעניקעס זענען דאָך אויך געווען האַלב־טויטע, דערשעפטע, הונגעריקע, צעמזיקטע, מיט אָפּ־געפרוירענע הענט און פיס, אויערן און נעזער.

מען האָט געמוזט ליידיק־מאַכן אַ ריי שטובן און פאַרוואַנד־לען אין אַ שפיטאָל. אַלע באַלעבאָסטעס האָבן אַהער געט־ראָגן עסן, ריינע וועש און וואַרעמע קליידער. אַלע מעדיציני־שע מיטלען, וואָס זענען נאָר געווען אין אונדזער רשות, זענען געגעבן־געוואָרן פאַר די דאָזיקע קרבנות, ביז מען האָט זיי אויסגעהיילט און געשטעלט אויף די פיס.

איך געדענק, אַז מיין מאַמע פלעגט דאַן טאָג־טעגלעך קאָכן רעסטאָראַן־טעפ און מיר פלעגן עס מיט עמערס טראָגן צו די קראַנקע פלעניקעס.

גלייכצייטיק האָט מען זיך געלאָזט זוכן אין די וועלדער און פאַרשנייטע פעלדער, די אויף טויט־דערפרוירענע פלעני־קעס. מען האָט זיי צונויפגעקליבן אויף וועגענער און געב־ראַכט אין שטאָט־אַריין, כדי צו ברענגען זיי צו קבר־ישראל. אַריבער צוויי הונדערט מתים האָט מען צוזאַמענגענומען.

מיין פאָטער ע"ה, צוזאַמען מיט נאָך טייערע ייִדן פון וולאָדאַווע, האָבן געאַרבעט אַרום פיר וואָכן צייט, ביים מקבר־זיין די דאָזיקע קדושים. פון יעדן מת האָט מען דאָך געדאַרפט אַראָפנעמען עפעס אַ סימן, כדי, אויב די וועלט וועט נאָך זיין אַ וועלט, זאָלן די משפחות זייערע וויסן, ווו זייער ליבסטער און טייערסטער איז אַהינגעקומען, ווו ער איז צו קבר ישראל געקומען. און דער קבר פון די לאָזשער געפאַנגענע קדושים איז געווען איין גרויסער ברידער־קבר.

ביי דעם דאָזיקן ברידער־קבר, ביי וועלכן מיין פאָטער האָט מסירת־נפשדיק געאַרבעט פיר וואָכן צייט, האָט מיין פאָטער ע"ה שפעטער זיין אייגן לעבן פאַרענדיקט. צוויי יאָר שפעטער האָט מען אים אַרויסגענומען פון שטוב און מען האָט אים אַוועקגעפירט אויפן בית־עולם. מען האָט אים צוגעפירט צום ברידער־קבר און דאָרט אים דערשאָסן.

מיין פאָטער, ישראל־שמואל, איז געווען אַ מיטגליד אין דער חברה קדישא, אין וועלכער ער איז געווען זייער



אַקטיוו, איינער פון די טיכטיקע טוער. ווען עמיץ איז געשטאָרבן האָט דער טאַטע שוין נישט געריוט. עס האָט געמאַכט זיין אַ סך קונים אין רעסטאָראַן ווו ער האָט גע־דאַרפט העלפן, איז ער אָבער אַוועק דערליידיקן אַלץ, וואָס מען דאַרף. אויף אים קען מען זאָגן, אַז ער איז געווען מער קהל־מענטש ווי שטוב־מענטש.

לאָמיר דערביי באַצייכענען, אַז די חברה קדישא, וועלכע האָט געוויינלעך פאַרנומען זיך מיט די טרויעריקסטע זאַכן, האָט נישט אויסגעמיטן די געלעגנהייט משמח צו זיין בצוותא און יעדן שבת פלעגן זיך די מיטגלידער פון חברת קדישא צוזאַמען קומען ביי אונדז. דער טאַטע האָט דערלאַנגט משקה און די מאַמע האָט דערלאַנגט פאַרבייסן. דאָס בעסטע פאַרבייסן איז דאַן געווען דער הייסער און פעטער קוגל, גלייך פון אויוון אַרויס.

## אונדזער שטוב

וועלכער וולאָדאַווער האָט דאָס נישט געקענט שרה קוטשערס שטוב? זעלטן ווער עס האָט געוווּסט, אַז אונדזער פאַמיליע נאָמען איז גרינשפאַן. מען האָט נאָר געוווּסט: שרה קוטשערס שטוב, שרה קוטשערס רעסטאָראַן.

ווי אין אַלע שטעטלעך פלעגט מען אויך ביי אונדז רופן אַ מענטש, אַ משפחה לויטן נאָמען פון דער פרוי, דער אשת חיל וועלכע האָט געפירט די שטוב, דאָס געשעפט און דער מאַן האָט געלערנט אָדער פאַרנומען זיך מיט קהילהשע ענינים. אויך אונדז האָט מען גערופן לויט אונדזער מוטער שרה, אייזיק קוטשערס טאָכטער.

מיין מוטער איז געווען אַן ענערגישע און אַרבעטסזאַמע פרוי. כאָטש עס איז געווען ביי אונדז אַ היפש געזינדל, האָט זי געפירט נישט בלויז די שטוב־באַלעבאַטישקייט, נאָר אויך דעם גאַנצן רעסטאָראַן.

אויך מיין טאַטן האָט מען גערופן קוטשער. אונדזער שטוב און אויך דער רעסטאָראַן האָבן געהאַט אַ שם אין שטאָט סיי מיט די מאכלים און סיי מיט דער ערלעכקייט.

זיבן קינדער זענען מיר געווען: חנהטשע, באַסיע, אלי, אייזיק, מענדל, מאָטל און איך, די מיזינקע. מיין ברודער אלי איז פרי אַוועק מעבר לים, קיין באָליוויע און האָט אַזוי אַרום זוכה געווען אויסצומיידן דאָס אַלץ, וואָס אונדז איז שפעטער באַשערט געווען דורכצומאַכן. מיר, דער דער שוואַכסטער פון אַלע קינדער, איז באַשערט געווען אויסצו־האַלטן אַלע צרות און איבערלעבן שרעקלעכע פיינען און גרוילן.

א. טוליפ

# חורבן וולאַדאַווע

שוין אינעם ערשטן טאָג פון מלחמה־אויסברוך, דעם ערשטן סעפּטעמבער 1939, האָבן דייטשן עראָפּלאַנען באָמבאַרדירט אונדזער שטאָט. עס איז צעשמעטערט געוואָרן די באַן־סטאַציע און עס איז באַשעדיקט געוואָרן די בריק איבערן בוג, וואָס פירט צו דער באַן. די בריק האָבן די פּוילישע זעלנער פאַראַכטן, אָבער די באַן־סטאַציע איז גע־בליבן חרוב. שוין דעם ערשטן טאָג פון דער מלחמה האָט זיך געפילט, אַז אין פּוילן איז נישטאָ מער קיין באַלעבאָס. אין וולאַדאַווע האָט נאָך רעגירט די אַרטיקע מאַכט.

אַ צוויי וואָכן פאַר ראש השנה האָבן קיין וולאַדאַווע אָנגעהויבן אָנקומען יידישע פּליטים פון קאָנגרעס פּוילן. די שטאָט איז פאַרפּלייצט געוואָרן מיט פּליטים, וואָס האָבן אַלץ געהאַלטן אין איין שטראָמען. דער גרעסטער טייל פון זיי איז ווייטער געלאָפן איבערן בוג אַריבער, אויף מזרח. דאָס זענען מערסטנס געווען יינגע און מיטליעריקע מענער. פרויען זענען ווייניק געלאָפן, וואָרום מען האָט געשמועסט, אַז די דייטשן וועלן קיין פרויען נישט טשעפּען. אַ טייל פון די פּליטים האָבן זיך פאַרהאַלטן אין וולאַדאַווע, מיט דער אויסרעכענונג, אַז אפשר וועט דער דייטש אָפּגעשטויסן ווערן און מ'וועט באַלד זיך קאָנען צוריקקערן אַ היים. דער בירגערמייסטער האָט פאַראָרדנט, אַז די שפּייז־קרעמער זאָלן האַלטן אָפן די קראָמען אום יום־טוב, כדי די פּליטים זאָלן קאָנען קויפן לעבנסמיטל און עס זאָל נישט ווערן קיין פּאַניק.

שבת ראש־השנה האָבן די דייטשן ווידער באָמבאַרדירט וולאַדאַווע, דאָס דריטע הויז פון מיר, באַשע שמואל צאַלעלס הויז אויף דער ווירקער גאַס, איז איינגעפאַלן און איר טאָכ־טער מיט אַ קינד זענען שווער פאַרוואונדעט געוואָרן. אין אַנטקעגנדיקן הויז פון תבואה־סוחר נחום האַפּ זענען פאַר־וואונדעט געוואָרן עטלעכע מענטשן.

מוצאי ראש השנה האָבן מיר דערזען ריזיקע פלאַמען אויפן בוג. דאָס האָט די פּוילישע אַרמיי פאַרברענט די בריק און דאָס האָט געמיינט, אַז די סיטואַציע איז אַ שלעכטע.

## דער ערשטער קדוש

זונטיק זענען די דייטשן אַריין אין שטאָט, נישט אַנטרע־פנדיק קיין שום ווידערשטאַנד פון די פּאָליאַקן, וועלכע זענען געווען אין די קאַזאַרמעס. דער אַלטער יאָסל געלערמאַן, וועלכער האָט זיך פונקט געפונען ביי זיין איידעם משה ווייס אין דעפּטיק, איז גראַד אַרויס אויף דער גאַס און אַ דייטש אויף אַ מאָטאָציקל האָט אים אַ רוף געטאָן און אים מיטגע־נומען מיט זיך. עטלעכע טעג האָט מען נישט געוווּסט ווו ער איז אַהינגעקומען און שפּעטער האָט מען אים געפונען אַ דערהאַרגעטן אין טאָמאַשעווקע.

יאָסל געלערמאַן איז געווען דער ערשטער קדוש אין וולאַדאַווע.

אויפצומאַרגנס, מאָנטיק, האָט דייטשע זשאַנדאַרמעריע אַרויסגעטריבן אַלע יידן, יינג און אַלט, אויף דער גאַס און מיט רעוואָלווערן און גומי־שטעקנס געשלאָגן און באַפוילן: „לאָופען! לאָופען!״

די יידישע מענער, יונג און אַלט, האָבן זיי אַריינגעטריבן אין דער גרויסער של און די מענער פון דער קריסטלעכער געגנט — אין פּוילישן קאָשטשיאָל. די של איז אָנגעשטאָפּט געוואָרן מיט מענטשן, נישט צום אָטעמען. כאָטש זי איז געווען הויך און גרויס, האָט די דעמפּיקע היץ פון טויזנטער לייבער און די פאַרפּעסטעטע דושנעקייט גורם געווען צו חלשות און עס איז נישט געווען קיין טראָפּן וואַסער און קיין מעגלעכקייט צו ראַטעווען.

די דייטשן האָבן אַלץ אָנגעטריבן נאָך און נאָך יידן און האָבן פאַרשלאָסן די טירן. די ענגשאַפט און דורשט האָבן געפייניקט. מענטשן זענען געקראָכן איינער איבערן אַנדערן און האָבן געשריגן „וואַסער!״ דערויף האָבן די דייטשן גע־ענטפערט מיט פייער, אַריינשיסנדיק אין של מיט מאַשינ־




לופט־פאַרטיידיקונג — א. פּ. ל. אין וולאַדאַווע, 1939

געווער. עס זענען געווען אַ סך פֿאַרוווּנדעטע און פֿאַרחלשטע, אָן הילף.

ערשט צומאָרגנס אַרום צען אַ זייגער, האָבן זיי געעפֿנט די שיל, אַרויסגערופֿן די פֿאַרשטייער פֿון דער קהלה און באַפֿוילן זיי אַרויסגעבן ערובֿניקעס. איך געדענק בלויז צוויי פֿון די ערובֿניקעס: שטשורעק און שייע טשערוואָניגורע. די דייטשן האָבן דאָן דערקלערט, אַז עמעץ האָט דערשאָסן זייערס אַ סאָלדאַט און דערפֿאַר נעמען זיי ערובֿניקעס. אויף ווייטער וועלן זיי שיסן הונדערט יידן פֿאַר איין דייטש. עס איז אויך פֿאַרבאָטן געוואָרן אַרויסצוגיין אויפֿן גאַס באַלד ווי עס פֿאַלט צו דער אָוונט.

ערבֿ יום כיפור איז עפּעס געווען שאַ־שטיל, מ׳האָט נישט געזען קיין דייטשן. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסשטעקן די קעפּ, אַרויסקומען אין דרויסן און מ׳האָט זיך איבערצייגט, אַז זיי זענען טאַקע נישטאָ. אויך קיין פּויליש מיליטער איז נישט געווען. די שטאָט איז געווען אָן אַ מאַכט. יידן האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן שוצוואַכן אין די גאַסן, אַז עס זאָל נישט קומען צו קיין רויבערייען און איבערפֿאַלן. צו כל נדרי איז מען שוין נישט געגאַנגען אין שיל אָדער אין בית המדרש. מ׳האָט היים געדאַוונט אין די שטובן. יענעם כל נדרי האָבן מיר געזאָגט ביי ר׳ אלילע שוחט און קיינער האָט זיך נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז אונדזערע ווייטערדיקע כל נדרים וועלן זיין פֿיל טראַגישערע...

יום כפור האָט זיך באַוויזן אַ פּוילישער אָפֿיציר, וועלכער האָט גערופֿן, אַז יעדער יינגערמאַן זאָל קומען אין די קאַזאַרמעס אַריין, ווו עס וועט זיך אָרגאַניזירן פּויליש מיליטער.

אַ סך יינגעלייט האָבן זיך פֿריוויליק צוגעשטעלט. זענען געווען אין די קאַזאַרמעס אַכט טעג. פּלוצים איז די דאָזיקע אַרמיי פֿאַרשוווּנדן און מען האָט נישט געוווּסט וווּהין. זונטיק אינדערפֿרי איז די רוסישע אַרמיי אַריין אין שטאָט. די צע־שראָקענע באַפֿעלקערונג האָט פֿרייער אָפּגעאָטעמט.

***

יידישע אָפֿיצירן פֿון דער סאָוועטישער אַרמיי האָבן פֿאַרטרויט, אַז זיי טרעטן אָפּ אויף יענער זייט בוג און אַז אַהער קומען צוריק די דייטשן. ווער עס וויל, דער קאָן באַ־צייטנס אַריבער דעם בוג. אַ סך זענען טאַקע באַלד אַריבער אויף דער אַנדערער זייט בוג, נאָך איידער די דייטשן זענען צוריקגעקומען. נאָך עטלעכע טעג זענען די רוסן טאַקע אַוועק און די דייטשן זענען צוריק אַריין אין שטאָט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס קאָנפֿיסקירן אַלע סחורות פֿון די געוועלבער. די דייטשן האָבן באַפֿוילן שאַפֿן אַ יודענ־



ראַט און עס איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפֿעל, אַז יעדער ייד מוז טראָגן אַ ווייסן „שאַנד־באַנד" מיט אַ בלויען מגן־דוד. דער יודענראַט מיטן אַרבעטס־אַמט האָבן געמוזט צונויפֿ־שטעלן ליסטעס פֿון יידן צו שיקן זיי אויף צוואַנגס־אַרבעט. איך האָב זיך געפֿונען אין איינער פֿון די גרופּעס, וואָס זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין כעלם מיט דער באַן און פֿון דאָרט האָט מען אונדז געטריבן צופֿוס קיין טשאַרניעוו. אויסשטיי־גנדיק אין כעלם, האָבן מיר געמוזט דורכגיין אַ בראַנד: פֿון ביידע זייטן האָבן עס־לייט מיט שטעקנס געהאַקט און געשלאָגן אונדז טרייבנדיק און שיסנדיק יעדן איינעם, וואָס האָט נישט געקאָנט נאָכלויפֿן מיט דער מחנה. אין דאָרף טשאַרניעוו האָבן מיר געאַרבעט ביים טרוקענען זומפּן און בלאָטעס.

איבער די וואָלאַדאַווער גאַסן פֿלעגט אַרומגיין דער „זעקספּיסיקער", דער דייטש לוטער מיט זיין הונט, וועלכן ער פֿלעגט אָנרייצן אויף יידן און דער הונט האָט געריסן שטיקער פֿון יענעם. מיט אימת מות האָט מען זיך אויך גע־שראָקן, ווען אין גאַס פֿלעגט זיך באַווייזן דער עס־דע־שעף ניטשקע.

ווינטער 1941 איז אונדזער שטאָט און געגנט פֿול גע־וואָרן מיט דייטשיש מיליטער. יידן האָבן נישט געטאָרט אַרויס פֿון שטאָט. פֿון דעסטוועגן האָט מען די יידן געטריבן אין וואַלד אַריין, דורכצוהאַקן און בויען באַראַקן. דער בוג איז אַרומגעשטעלט געוואָרן מיט פֿאַרצוימונגען.

יענעם שבת זענען מיר נישט אַרויסגעטריבן געוואָרן צו דער אַרבעט. זונטיק דעם 21־סטן יוני 1941 האָבן מיר שוין געהערט דאָס דונערן פֿון האַרמאַטן. אַ פּאָר שעה שפּעטער האָבן שוין די דייטשן מאַרשירט איבער דער אַנדערער זייט בוג און אין דעם זעלבן נאָכמיטאָג, האָט מען שוין אָנגעהויבן ברענגען רוסישע פּלעניקעס און פֿאַרוווּנדעטע יידן פֿון טאָמאַ־שוווקע. די דייטשן האָבן נישט צוגעלאָזט רעדן מיט זיי און נישט מיטן בעל עגלה, מיר זאָלן נישט געוווויר־ווערן וואָס דאָ קומט פֿאָר.

די געפֿאַנגענע זענען געפּייניקט געוואָרן, סאַדיסטיש און רציחהדיק. טאָג טעגלעך זענען זייער פֿיל פֿון זיי אויס־געשטאָרבן.

יענעם ווינטער איז געגעבן געוואָרן אַ באַפֿעל, אַז אַלע יידן מוזן צושטעלן זייערע פֿוטערס און פֿעלצן. פֿאַרן מינדסטן שטיקל פֿוטער, וואָס מ׳האָט ביי עמיצן געפֿינען, האָט געדראָאַט דערשאָסן צו ווערן. אַלע האָבן אָפּגעגעבן יעדעס שטיקל פֿוטערוואַרג וואָס מ׳האָט פֿאַרמאָגט. פֿון דעסטוועגן האָט אַ קריסטין געמסרט אַ יידישע פֿאַמיליע„ וואָס זאָל האָבן ערגעץ באַהאַלטן אַ פֿוטער. די דייטשן האָבן נישט געזוכט און נישט

געפּאָרשט צי ס'איז אמת און זיי האָבן דערשאָסן דעם מאַן מיט דער פרוי — משה און העניע שוואַרץ, וואָס האָבן פאַר־יתומט דריי קליינע קינדער. אויך פּרץ שוסטער האָט מען געמסרט און גלייך אים געשאָסן.

אין יענע טעג איז געבראַכט געוואָרן אַ טראַנספּאָרט יידן פון מיעליצע, נעבן קראָקע.

ערב פּסח 1942 האָט דער יודענראַט באַקומען אַ באַפעל צוצושטעלן עטלעכע הונדערט יידן. זיי זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין סאָביבאָר. צווישן זיי זענען געווען מיינע צוויי שוואָגערס. אין סאָביבאָר זענען שוין געווען הונדערטער יידן פון אַנדערע שטעט און אַפילו פון אויסלאַנד. זיי האָבן גע־אַרבעט ביים אַרומצוימען אַ לאַגער טיף אין וואַלד און ביים בויען אויסטערלישע בנינים און איינריכטונגען, נישט האָבנ־דיק קיין אַנונג, אַז זיי בויען אַ גאַז־קאַמער און אַ קרעמאַ־טאָריע, ווו זיי וועלן שפּעטער אַליין די ערשטע אומגעבראַכט ווערן.

אין דער זעלבער צייט איז געבראַכט געוואָרן אַ טראַנ־ספּאָרט יידן פון ווין. זיי זענען געווען זייער שיין אָנגעטאָן, ווי בעת אַן אויספלוג. זיי האָבן דערציילט, אַז מ'האָט זיי זייער שיין באַהאַנדלט אין וועג און זיי האָבן געוווסט, אַז מען פירט זיי אין אַן אַרבעטס־לאַגער ערגעץ אויף מזרח. דערווייל האָט מען זיי איינקוואַרטירט אין וולאָדאַוואַער געגנט. צוזאַמען מיט די אָרטיקע האָבן זיי געוואַרט אויף זייער אומ־באַשטימטן גורל.

אין אַ געוויסן טאָג איז געקומען צולויפן פון סאָביבאָר אברהם שמאַיס מיט נאָך איינעם אַ מאַטאַשינער בחור. זיי זענען געווען פון דער גרופּע וואָס מ'האָט אַרויסגעשיקט קיין סאָביבאָר אַרבעטן. איצט זענען זיי געקומען צולויפן פּול־שטענדיק נאַקעטע און זיי האָבן דערציילט, אַז די וולאָדאַ־ווער גרופּע מיט נאָך אַנדערע יידן האָבן דאָרט געבויט אַ גאַז־קאַמער. די דייטשן האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַ באָד. אַהין האָט מען אַריינגעטריבן די אַלע אַרבעטער, כדי טאַקע אויף זיי אַליין אויסצופּרוּוון דעם גאַז און זיי אַליין זענען געווען די ערשטע קרבנות. די צוויי האָבן זיך אַריענטירט און על פּי נס איז זיי געלונגען צו אַנטלויפן, נאַקעטע, איידער זיי זענען אַריינגעטריבן געוואָרן אין „באָד".

די דאָזיקע ידיעה האָט געקלונגען אַזוי ווילד ווי אַ פאַנטאַזיע פון קראַנקע מוחות, אַז מען זאָל סתם פאַרגאַזן מאַסנהאַפט מענטשן אין אַ באָד.

דאָס האָט קיינער נישט געקאָנט גלויבן.

## ערשטע אַקציע

שבועות איז געקומען אַ באַפעל צוצושטעלן פינף־זעקס הונדערט יידן; אַלטע און קראַנקע. ווער עס האָט זיך באַ־



צייטנס דערוווסט, האָט זיך באַהאַלטן. אויך מיין פאָטער, משה טיליף און מיין מוטער פריידע־מלכה, האָבן זיך באַהאַלטן אויף אַ בוידעם און דעם טאָג זענען זיי ניצול געוואָרן. לויטן באַפעל זענען אויך צוגעשטעלט געוואָרן אַלע אָנגעקומענע היימלאָזע פון אַנדערע שטעט און דערפער עס זענען אויך גענומען געוואָרן אַלע ווינער יידן און אַז ס'האָט זיי נאָך אויסגעפּעלט צו דער צאָל, האָט די עס־דע געכאַפּט מענטשן פון דער גאַס, נאָך גרויזאַמע פייניקונגען און שיסערייען, פון וואָס עס זענען געפאַלן עטלעכע צענדליק טויטע אויפן אָרט, האָט מען זיי אַלע אַוועקגעשיקט קיין סאָביבאָר.

## קינדער־אַקציע

אין חודש יולי איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע עלטערן מוזן צושטעלן זייערע קינדער ביז צוועלף יאָר אַלט. איך מיט מיין פרוי און קינדער האָבן מיר געפונען אַ באַהעלטעניש אונטער אַ סטריכע. דער רב ר' מענדעלע, דעם לוקוואָוער רבינס זון, האָט זיך אַליין צוגעשטעלט מיט זיינע קינדער. מ'האָט דערציילט, אַז ער האָט געוואָרפן גורל צווישן זיך און זיין פרוי, ווער עס זאָל מיטגיין מיט די קינדער, איז דער גורל געפאַלן אויף אים. די דייטשן האָבן אים געהייסן צוריק־גיין, אָבער ער האָט נישט געוואָלט און איז צוזאַמען מיט זיינע קינדער אַוועק קיין סאָביבאָר.

היות ס'איז נישט געווען קיין גענוגנדיקע צאָל קינדער, האָבן זיי אין די גאַסן געכאַפּט אויך עלטערע. מיט שטעקנס און בייטשן האָט מען זיי געטריבן אין די וואַגאָנען אַריין, אָנגעשטאָפּט זיי ממש איינער אויפן אַנדערן. די קינדער האָט מען געשליידערט איבער אַלעמענס קעפּ ווי שייטלעך האָלץ. אין געדראַנג האָט מען זיך נישט געקאָנט קיין ריר טאָן און ווען איינער איז געפאַלן, האָט ער זיך שוין מער נישט אויפ־געהויבן. אַזוי האָט שפּעטער דערציילט איינער, וואָס איז געשפּרונגען פון דאָזיקן לויפנדיקן צוג און איז געבליבן לעבן. ער האָט אויך דערציילט, אַז אַ סך זענען דערשטיקט געוואָרן אויף טויט אינמיטן וועג צוליב דער שטאַרקער ענג־שאַפט.

## דריטע — די גרויסע אַקציע

אַ פּאָר וואָכן נאָך סוכות, 1942, איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע געבליבענע יידן אין די דערפער מוזן אַריבער אין שטאָט. דער מאַרק איז פאַרפולט געוואָרן מיט אָנגעטריבענע יידן מיט זייערע זעק און פּעק און אויך קינדער. דאָס זענען געווען יידן וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די דערפער אָן דעם וויסן פון די פּויערים. אַ סך וואָס האָבן געהאַט „בלוט" זענען

אַוועק אין די וועלדער. גלייכצייטיק זענען געבראַכט געוואָרן אַלע יידן פון די לאַגערן אסאווע און קריכאוו.

שבת אינדערפרי זענען אַלע אַרבעטער פון פאַלקענבערגן אַוועק צו דער אַרבעט. ביי אים האָבן געאַרבעט ביי אַ צוויי טויזנט מאַן. ער האָט זיי געהייסן אַרויסגיין אויפן פּלאַץ ביי דער פּאַווּשעכנער שול, צוזאַגנדיק, אַז ער וועט זיי פון דאָרט צוריק אַרויסנעמען. פאַרטאָג האָבן הונדערטער דייטשן אַרומגערינגלט די גאַסן און אַלע יידן זענען געטריבן געוואָרן צום דערמאָנטן פּלאַץ. אויך דער גרעסטער טייל פון יודענראַט איז דאַן געכאַפּט געוואָרן. פאַלקענבערג האָט דאַן אָפּגעבעטן בלויז פיר הונדערט פון זיינע צוויי טויזנט אַרבעטער. זיי האָבן עס דערציילט וועגן דעם פאַרלויף פון דער אַקציע.

מיין פרוי און קינדער האָב איך באַהאַלטן צוזאַמען מיט דעם קצב טשערניקיס פרוי און קינדער (ער אַליין איז אומגעקומען אין מיידאַנעק). דאָס באַהעלטעניש איז געווען אין אַ קיטשקע אונטער דער קיך. פון דאָרט האָט געפירט אַן אַראָפּגאַנג אין אַ קעלער. זיי זענען דאָרט אַלע אַריין. איך האָב פאַרמאַכט דאָס טירל און אויפן טירל אָנגעוואָרפן האָלץ. איך אַליין האָב זיך באַהאַלטן בשכנות, ביי מענדל ארכאַוווער אויפן בוידעם. אין אַן אָפּגעצוימט שטיקל בוידעם מיט אַ פאַרמאַסקירט ווענטל זענען מיר געזעסן עטלעכע צענדליק מענטשן.

שבת פאַרנאַכט בין איך אַראָפּ פון בוידעם זען וואָס עס הערט זיך מיט מיין פרוי און קינדער. איך האָב געטראָפן דעם קעלער אָפן און בין שיער משוגע געוואָרן פון פאַרצווייפלונג. ערשט מיט צוויי שעה שפּעטער האָב איך געטראָפן ביידע פרויען מיט אַלע קינדער גאַנץ. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין קעלער זענען זיי שיער דערשטיקט געוואָרן אָן לופט און זיי האָבן געמוזט אַרויס. צוויי שעה האָט געדויערט זייער דורכגיין דאָס שטיקעלע וועג, פיר הייזער ביז צו מענדל אראכאָוווערס הויז, וואָרעם זיי האָבן זיך כסדר געמוזט באַהאַלטן. אַזוי האָט געדויערט עטלעכע טעג ביז עס האָט זיך באַרויִקט. איך האָב געזען דעם גאַנצן פאַרלויף פון אַט דער אַקציע פון אונדזער בוידעם־באַהעלטעניש. געהערט דאָס האַרצרייסנדיקע יאָמערן פון די קינדער, וואָס מ'האָט אַוועקגעריסן פון זייערע עלטערן, געהערט די גרויליקע געשרייען פון די אומגליקלעכע טאַטעס און מאַמעס, וועלכע האָבן זיך געראַנגלט מיט די קינדער־כאַפּערס און זענען מוראדיק געשלאָגן געוואָרן אָדער דערשאָסן. אין דער דאָזיקער גרויסער אַקציע זענען אומגעקומען אַריבער צען טויזנט יידן.

## פערטע אַקציע

נאָך דער גרויסער אַקציע, איז דער אַרבעטס־לאַגער און דאָס געטאָ אַרומגעצוימט געוואָרן מיט הויכע פּלויטן און שטעכל־דראָטן. די אַרבעטער האָבן געמוזט וווינען אין לאַגער און די נישט־אַרבעטנדיקע — אין געטאָ. קיין מאַנגל אין וווינונגען איז איצט שוין נישט געווען, פיל הייזער זענען געשטאַנען ליידיקע. דאָס פעלן פון אַריבער צען טויזנט יידן האָט זיך שטאַרק געלאָזט פילן, אָבער אויך די געבליבענע האָבן שוין איצט געוווּסט, אַז זענען דאָ געבליבן נישט אויף לאַנג און פריער צי שפּעטער, וועלן זיי אויך גיין צו דער שחיטה.

אין יענע טעג האָט זיך געשאַפן אַ פּאַרטיזאַנער־גרופּע, וועלכער ס'איז געלונגען צו קויפן עטלעכע שטיקלעך געווער



### די גרויסע משפחה

ר' הערשל נחמנס משפחה, איינע פון די פאַרצווייגטסטע פאַמיליעס אין וולאָדאַווע, אומגעבראַכט געוואָרן דורך די דייטשע רוצחים.

גרויסע משפחות האָבן געהערט צו די עמאַציאַנעלע דערשיינונגען אין וולאָדאַווע. זיי האָבן תמיד געהאַלטן זיך צוזאַמען, געפלעגט דאָס משפחה־געפיל מיט גרויס וואַרעמקייט, אָבער ווען עס זענען געקומען די גורלדיקע טעג האָט דאָס געשטערט צו ראַטעווען זיך. די מענטשן איז געווען שווער אָפּצורייסן זיך איינע פון די אַנדערע, האָבן זיך געקלאַמערט אין דער משפחה, געוואָלט זיין צוזאַמען אין די שווערע צייטן, העלפן זיך קעגנזייטיק און אַזוי זענען זיי צוזאַמען אומגעקומען.

און זיי זענען אַוועק אין וואַלד. מיט זיי האָט אַנגעפירט משה ליכטנבערג.

דאָס געטאָ האָט מען אַלץ נישט געלאָזט צורו: ווידער האָט מען אָנגעהויבן כאַפּן און ווידער איז פאָרגעקומען אַן אַקציע, וואָס האָט געדויערט פינף טעג. מ'האָט אַנטדעקט באַהעלטענישן, געשאָסן אין די גאַסן און אין די שטיבער. אין לאַגער דאַקעגן, האָט מען קיינעם נישט געטשעפּעט.

נאָך די פינף טעג, ווען עס האָט זיך ווידער באַרואיקט, איז געמאָלדן געוואָרן, אַז מען כאַפּט נישט מער און אַז אַלע קענען זיין רואיק אין געטאָ.

עס איז באַפוילן געוואָרן צו שאַפן אַ נייעם יודענראַט פאַר די נאָך געבליבענע יידן און ניטשקע האָט צוגעזאָגט, אַז מער וועט מען קיינעם נישט טשעפּען.

## דער אַרבעטס־לאַגער „אַדאַמפּאָל"

עטלעכע טעג נאָך דער דאָזיקער אַקציע, איז געקומען מיינע אַ שוועגערין פון כראַביע זאַמויסקיס גוט אַדאַמפּאָל דערוויסן זיך וואָס קומט פאַר ביי אונדז. זי האָט אונדז פאַרגעלייגט אַריבערקומען אַהין, ווו זי און איר חתן אַרבעטן. זי האָט דערציילט, אַז דאָרט זענען דאָ אַ טויזנט יידן און פיל פון זיי מיט משפחות.

דאָס איז געווען אַרום אַכט קילאָמעטער פון וולאָדאַווע. אין אַ פינצטערער נאַכט זענען מיר אַהין אַוועק. פאַר אַ גאָלדן זייגערל האָט אונדז דאָרט דער „זשאַנדצע" צוגעשריבן. דאָרט איז געווען אַן ענגשאַפט און אַ שמוץ; כמאַרעס לייז זענען געקראָכן אויף יעדן. דער „זשאַנדצע" האָט כסדר גענומען אין דער האַנט אַריין און כסדר דורך „פּראָטעקציע" צוגעשריבן אַלץ ניי צוגעקומענע, וואָס האָבן געזוכט אַ מקום־מקלט.

מיר האָבן דאָ געאַרבעט ביים גראָבן ראָוועס און האַקן ביימער און געלעבט האָט מען דערפון וואָס מ'האָט אַראָפּפאַרקויפט פון זיך דאָס סאַמע לעצטע. אַ סך זענען שוין געשוואָלן געווען פון הונגער און אויסגעזען ווי שקעלעטן. נאָר היות קיין פרעמדע דייטשן זענען אַהער נישט געקומען, האָט אונדז דאָס אָרט אויסגעזען ווי אַן אמתער גן־עדן...

דאָ, אין לאַגער, האָבן מיר שוין דורכגעמאַכט עטלעכע ווינטער־חדשים. פאַר דער צייט זענען אַהער אויך געקומען זייער פיל פון די וואָס זענען אַוועק אין די וועלדער. קיין געווער האָבן זיי נישט געהאַט און האָבן נישט געקענט אויסהאַלטן די גרויסע פרעסט.

ביסלעכוויז איז דער ווינטער אַריבער, די שנייען האָבן אָנגעהויבן צעגיין, עס האָט זיך דערנענטערט צו פרילינג, צו פסח.



די יידישע פּאַרטיזאַנער פלעגן אַהער קומען אין די נעכט באַזוכן זייערע נאָענטע און משפחות און צוריק אַוועק אין וואַלד. וועגן דעם האָבן זיך דערוווּסט די דייטשן, זיי האָבן אַרומגערינגלט דעם לאַגער און קאָנטראָלירט ווער עס איז דאָ פאַרשריבן. די נישט פאַרשריבענע זענען באַלד דערשאָסן געוואָרן. צווישן זיי איז אויך געווען זעליקל האַרבס איידעם. כאָטש איך בין יאָ פאַרשריבן געווען, דאָך האָב איך זיך באַהאַלטן.

אין יענע טעג האָב איך פאַרלוירן מיין פרוי; זי איז אַוועק מיט נאָך עטלעכע פרויען אין שטאָט אַריין עפּעס פאַרקויפן, איינצוקויפן אַ ביסל שפּייז. ווען זיי האָבן זיך צוריקגעקערט אין לאַגער, האָט זיי אַ דייטש געכאַפּט און מ'האָט זיי אַלע דערשאָסן. דאָס איז געווען זעכצן טעג אין אדר א' און דאָס איז דער יאָרצייט נאָך מיין פרוי ע"ה, די טאָכטער פון ר' אַנשל מלמד, וועלכער איז געווען גבאי ביים מינסקער רבין. זי איז געווען דער ערשטער קרבן אין מיין משפחה, הי"ד. אַ דערשלאָגענער בין איך געבליבן מיט מיינע פיר קליינע קינדער.

## פינפטע אַקציע — יודענריין

איך בין דאַן אַוועק אין געטאָ, האָב אויסגעזוכט אַ חורבה, אויסגעזוכט טירן, פענצטער און פאַרקלאַפּט די חורבה כדי צו קאָנען אַהערברענגען מיינע קינדער.

עס איז געוואָרן שפּעט און כ'האָב געמוזט נעכטיקן. פאַרטאָג האָב איך באַנומען אַ רעש מיט די באַקאַנטע קולות און שיסערייען, וואָס כ'האָב שוין געוווּסט מיט וואָס דאָס שמעקט. איך האָב זיך אַרויפגעדראַפּעט אויפן האַלב אויפגעבראַכענעם בוידעם פון דער חורבה. אַ גאַנצן טאָג בין איך דאָרט געלעגן אין אַנגסטן, שוידערנדיק פון אַלץ וואָס עס קומט פאַר אונטן אין די גאַסן און געסלעך און אין שרעק פאַרן גורל פון מיינע קליינע עלנטע קינדער.

ביינאַכט איז שטיל געוואָרן, נאָר עס זענען געבליבן די „שוואַרצע", אַזוי האָט מען גערופן די אוקראַינער, וועלכע האָבן פּאַטראָלירט די גאַסן. אַ פּאַטראָל האָט זיך אויך געדרייט פאַר מיין חורבה.

היות די חורבה איז געשטאַנען אויף דער גרענעץ צווישן געטאָ און לאַגער, אַ צען מעטער, האָב איך אויסגעטאָן די שיך, זיך פאַרטייעט פאַר דער שוועל און ווי נאָר די אוקראַינער האָבן פאַרביימאַרשירט עטלעכע טריט, האָב איך זיך אַ ריס געטאָן פון אָרט און זיך געלאָזט לויפן צו דער מיל און פון דאָרט צו די פעלדער, צוריק קיין אַדאַמפּאָל. אָבער אין לאַגער האָב איך קיינעם נישט געטראָפן. אייך דאָ איז געווען אַן אַקציע און ווער עס האָט געקאָנט איז אַנטלאָפן אין וואַלד.

באַגינען בין איך אויך אַוועק אין וואַלד, דערוויסן זיך וועגן גורל פון מיינע קינדער און צו מיין גרויסן גליק און פרייד, האָב איך דאָרט געטראָפן מיינע קינדער מיט דער שוועגערין און איר חתן. זיי זענען געזעסן באַהאַלטן אונטער אַ הויכע קופּע סאָסנע־נאָדלען. מיר האָבן באַטראַכט אונדזער לאַגע און באַשלאָסן צוריקצוגיין אין לאַגער פּאַלאַט, דאָס הייסט אין זעלבן כראַביע זאַמויסקיס גוט.

זייער פיל האָבן זיך צוריקגעקערט. דער לאַגער איז ווי־דער געוואָרן פול.

וולאַדאָווע איז שוין געווען „יודענריין", איז געווען אַ מורא, אַז ס'וועט ווידער פאָרקומען אַן אַקציע. אמת, עס איז געווען אַ ברירה צו גיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער, אָבער דאָס איז מעגלעך געווען נאָר פאַר די וואָס זענען געווען אָן קינדער און האָבן געהאַט די פאַנטאַסטישע סומעס געלט זיך איינצושאַפן עפּעס אַ שטיקל געווער, אָן דעם איז נישט מעגלעך געווען צו לעבן אין וואַלד. האָט טאַקע די גרעסטע מערהייט געמוזט בלייבן אין לאַגער...

רבקה ביאַלער

# חורבן טאמאשווקע

שבת־צו־נאַכט 1941, האָט מען נאָך שפּאַצירט אין שטע־טל ביז 12 אַ זייגער ביינאַכט און מען האָט געמיטלעך פאַרבראַכט און געשמועסט. מיר זענען דאָ ביי דער ראַטנ־מאַכט. עס איז ליכטיק און מיר באַוועגן־זיך פריי און זיכער. אָבער אויף יענער זייט בוג, זענען די דייטשן און אין דער שטאָט וולאַדאָווע איז פינצטער, אוי, ווי פינצטער — — —.

דריי אַ זייגער ביינאַכט האָבן מיר פּלוצלונג דערהערט שיסן. געמיינט האָבן מיר, אַז דאָס זענען מאַנעוורעס, אָבער אינדערפרי זענען שוין אין טאָמאַשעווקע געווען די דייטשן. עס האָט זיך באַלד אָנגעהויבן דאָס גיהנום: מען האָט געכאַפּט אויף אַרבעט און געשלאָגן. אויך ביי אונדז איז שוין געוואָרן פינצטער! — — — —.

אַנטלויפן איז נישט מעגלעך געווען. אוקראַינער און פּאָ־ליאַקן האָבן געכאַפּט, איבערגעגעבן צו די דייטשן אָדער אַליין געהאַרגעט אין וועג. מען האָט אונדז באַלד אָפּגעשלאָסן אין אַ געטאָ און מיר האָבן געקראָגן צו צוויי הונדערט גראַם ברויט אַ טאָג. מיר האָבן שוין געהערט וועגן אַקציעס וואָס קומען־פאָר דאָ און דאָרט און מיר האָבן שוין אַליין געוואַרט אויפן טויט, וואָרעם מיר זענען שוין געווען געשוואָלן פון הונגער.

יום־כיפּור זענען ייִדן געגאַנגען דאַווענען און דאַן איז פאָרגעקומען די אַקציע אין טאָמאַשאָווקע. מען האָט די ייִדן, אָנגעטוענע אין די טליתים, פרויען און קינדער, אַוועקגעפירט צום בריסקער שאָסיי, וווּ עס זענען געווען אויסגעגראָבענע גריבער פון די רוסישע אָקאָפּעס. דאָרט האָט מען זיי געשאָסן און געוואָרפן אין די גריבער־אַריין, פאַרווונדעטע און טויטע צוזאַמען, געשליידערט און פאַרשאָטן.

אַזעלכע זענען זיי די בילדער פון בלוט און מוראַדיקע רציחות, וואָס זענען געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון אויף אייביק.




דייטשע זעלנער אויף אַ רוסישן לאָקאָמאָטיוו אין טאָג פון פאַרנעמען טאָמאַשעווקע.

איך בין דאָך נאָך דעמאָלט גאָר אַ קינד געווען.

איך האָבן קיין כוח נישט געהאַט זיך צו ווערן און בין אַפילו נישט געווען אימשטאַנד אויפצונעמען דאָס אַלץ, וואָס מיינע אויגן האָבן געזען.

אַלץ האָט זיך געפלאָנטערט פאַר מיינע אויגן. מיין קינדיש האַרץ האָט געצאַפּלט אין טויט־אַנגסטן, וועלכע איך טראָג אין זיך ביזן היינטיקן טאָג.

אזוי זע איך אונדזער טאָמאַשאָווקע צאַפּלען אינעם גרויל פון יענעם יום־כּיפּור.

די גוטע לאַה גערשקאָפּ האָט מיך גענומען פאַר דער האַנט און איז מיט מיר אַנטלאָפן אין וואַלד — — —

אין יאָר 1944, ווען דאָס שטעטל איז באַפרייט געוואָרן, האָב איך זיך אומגעקערט אַהיים...

געווען אַמאָל אַ היים און נישטאָ מער.

געווען אַמאָל אַ וועלט און נישטאָ מער.

איך האָב געזוכט אַ ייִדיש פּנים, אָבער אין ערגעץ איז נישט געווען צו זען קיין שפּור פון ייִדיש לעבן.

אַ דערשלאָגענע, אַ צעבראָכענע בין איך אַוועק אויפן בּריסקער שאָסיי, דאָרט ווו עס זענען אומגעבראַכט און באַגראָבן די ייִדן פון שטעטל.

די גריבער זענען נישט געווען ווי געהעריק פאַרשאָטן און מען האָט געזען אַרויסשטארן קנאָכן פון הענט און פיס, סקעלעטן גאַנצע. אַרום האָבן זיך געוואַלגערט פוילנדיקע קינדערשע שיכלעך, שטיקלעך אָפּגעריסענע מלבושים, צעבראָכענע בּרילן...

געווען אַמאָל אַ לעבן און נישטאָ מער.

מלכה קריינאַוויטש

# די נאַכט ערב שבועות

שרעקלעכע געשרייען, ספּאַזמעס, געוויין פון קינדער, אַ דייטשיש געלעכטער, אַ בילעריי פון וועלף־הינט און אַ שיסעריי.

דאָס האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט און פאַרטאָג האָבן זיך די קולות אַלץ געשטאַרקט.

כ'האָב אַרויסגעקוקט דורך אַ ווינקל פון פענסטער און געזען, ווי עס גייען זשאַנדאַרמען מיט די וועלף־הינט.

1. זיי האָבן אַרויסגענומען די עטלעכע־און־פערציק קינדער פונם יתומים־הויז.

2. אָרעמע קאַליקעס, האָרבאַטע, הינקענדיקע, קורצזיכטיקע און אַנדערע אינוואַלידן.

3. די אַלע פּליטים פון אַנדערע ישובים און אויך אָרטיקע איינוווינער, וועלכע האָבן געגעסן אין דער אָרמער קיך.

דעם ערשטן טאָג שבועות, — אויפשריפטן פון יודענראַט: אַלע ווינער פּליכטלינגען דאַרפן זיך צושטעלן אין קינאָ, פון וואַנען זיי וועלן איבערגעשיקט־ווערן אין אַ צווייטער שטאָט.

די ווינער יידן האָבן זיך געהאַרכזאַם תיכף צוגעשטעלט.

אויך מיך מיט מייַן מאַן האָבן זיי, אַכט אַ זייגער אינדערפרי, געכאַפּט און אַרויסגעפירט אויפן מאַרק־פּלאַץ.

מיר זענען דאַ שוין געווען עטלעכע טויזנט מאַן און יעדיס מאָל זענען צוגעבראַכט געוואָרן מער און מערער. מיר זענען געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט מיליטער און זשאַנדאַרמעריע. די קראַנקע, זענען דאַ אַוועקגעשליידערט געוואָרן אויף דער ערד, נישט ווייט פון אונדז. מיר האָבן געמוזט שטיין גלייך. האָט זיך ווער קוים אַ באַוועג־געטון, — האָבן זיך שוין געוואָרפן אויף אים די וועלף הינט און געביסן און געריסן, צו דער הנאָה פון די דייטשן.

נעבן מיר האָט מען אַוועקגעשטעלט אַן אָפּגעריסענעם משוגענעם. ער איז אַנטלאָפן און די וועלף־הינט זענען אים באַפאַלן, אומגעשליידערט און אַ צעבלוטיקטן צוריקגעשלעפּט..

די אַרבעטער, וועלכע האָבן זיך איינגעקויפט אויף דייטשער אַרבעט — האָט דער געסטאַפּאָ־שעף זיי אריינגעלאָזט אויפן אַרבעטס־שטח צוזאַמען מיט זייערע פאַמיליעס.

איך און מיין מאַן, ער איז געווען אַ צאָן־דאָקטער, האָבן מיר דאָ געהייסן פרעמדע. מיר האָבן זיך באַזעצט אין וולאָדאַווע אַ יאָר פאַרן קריג. איך האָב געוווּסט, אז איך דאַרף האָבן אַן אַרבעטס־קאַרטע און איך האָב זי ארויסגענומען אַלס געהילפין אין קאַבינעט פון מיין מאַן. אונדזערע קאַרטן זענען אָבער איצט געווען מינדערוויכטיק. ווען מען וואָלט אונדז דאָן צוגעלאָזט צו דער דייטשער מאַכט, וואָלט מען אונדז פילייכט אָפּגעלאָזט, אָבער מען האָט אונדז נישט צוגעלאָזן. צוועלף בייטאָג האָט מען אונדז געפירט צום

קינאָ־בנין. מען האָט אונדז אריינגעטריבן מיט בייטשן און מיט ביקסן־קלעפּ. אינווייניק האָבן מיר געמוזט זיצן אויף דער ערד, אָדער אויף די געפּעק פון די ווינער יידן, וועלכע זענען דאָרט שוין געווען פון נעכטן־אָן.

איך האָב זיך צוגעשאַרט צו מיין מאַן און מיר האָבן זיך דערנענטערט צום אַרויסגאַנג, ווו אַ פּאָליציאַנט איז געשטאַנען. איך האָב געפּרוווט רעדן צו אים, אָבער ער האָט אַ הויב־געטון אויף מיר די בייטש. פון דעסטוועגן, האָב איך אַ זאָג געטון: „וואַרט. לאָז צו זיך רעדן!". ער איז שטיין געבליבן.

— דו זעסט? — ווייז איך אים אויף מיין מאַן — דאָס איז אַ צאָן־דאָקטאָר. לאָז אים פריי.

— יאָ, — זאָגט ער — איך ווייס. איך דערקען אייך, אָבער איך קען אייך גאָרנישט העלפן. איך טאָר אייך נישט אַרויסלאָזן.

— אָבער הער, — זאָג איך אים — מיר האָבן גענומען אַ סך האַנט־געלט ביי דייטשן, פּאָלאַקן און אוקראַינער. דאָס אַלץ וועט פאַרלוירן־גיין. לאָז אונדז־צו דער מאַכט, ווען זיי וועלן אַהערקומען. וועסט נישט דערלייגן דערצו. מיר וועלן דיר אויך מאַכן אַ גאָלדן בריקל...

ער איז מסכים־געווען און געהייסן זיין גרייט, ווען עס וועט קומען די מאַכט.

פאַרנאַכט איז געקומען אַ בגילופינדיקער עסעסאָווייץ.

קענענדיק רעדן דייטש, בין איך צוגעגאַנגען, געוויזן אונדזערע פּאַפּירן און געבעטן אונדז באַפרייען. מיך האָבן זיי גלייך באַפרייט, אָבער מיין מאַן נישט. איך האָב אַ זאָג געטון צו מיין מאַן: „מאַרק, איך לויף דיך באַפרייען".

און איך בין געלאָפן צום יודענראַט, ריזיקירנדיק מיטן לעבן, ווייל די אַקציע איז נאָך נישט געווען געענדיקט. מען האָט נאָך קיין יידן אויף דער גאַס נישט געזען.

איך האָב געשיקט נאָך די „מאַכערס" ביי געסטאַפּאָ, אַזעלכע, וועלכע קענען עפּעס אויפטון פאַר געלט. אָבער עס איז שוין געווען צו־שפּעט.

אַ האַלבע שעה נאָכן באַפרייען מיך, האָט מען זיי אַלע אָפּגעשיקט קיין סאָביבאָר — — —.

## יצחק קאַצנעלסאָן

### שירה ראשונה

ולודוה! אמת היא... ולודוה, אָמנם,
ישנה עירה כזו בלב פולין, כאן,
אני לא ראיתיה, ידעתי אך זאת:
ישנה עירה זו עלי אדמות.

עלה זה השם לא אחת באזני,
בכלל עיירות עוד רבות לאין די,
עיירות שקלל אותן אל, גם חנן,
עיירות עניות ועשירות בענין...

תביאוני לשם, תעזבוני לבד, —
ואלך... אעצום את עיני ואצעד!
ואמצא הסמטה היהודית הדחוקה...
רחוב־יהודים — ליהודים לו תשוקה...

### געזאַנג א׳

וולאָדאַווע! אמת... יאָ, וולאָדאַווע, יאָ,
אַ שטעטל אַזאַ איז אין קרוין־פּוילן דאָ,
איך בין ניט געווען דאָרט, איך האָב נאָר געהערט,
פאַראַן אַזאַ שטעטל ביי אונדז אויף דער ערד.

דער נאָמען האָט אָפּגעקלאַפּט זיך ניט איינמאָל
אין געהער מיר מיט שטעטעלעך נאָך אַן אַ צאָל,
שטעטלעך געבענטשטע און פאַרשאָלטן צוגלייך,
שטעטעלעך אָרעם, אי אָרעם, אי רייך...

פירט מיך אַריין דאָרט און לאָזט מיך אַליין —
איך גיי... אַ, מיט אויגן פאַרמאַכט וועל איך גיין!
און טרעפן אין יידישן געסל — כאָטש ענג...
אַ יידישע גאַס איז נאָך יידן פאַרבענקט..

זי רופט מיך: דאָ בין איך; זי רופט אַן אַ קול,
דאָס יידישע געסל — כאָטש ענג און כאָטש שמאָל,
איז ברייטער פון ברייט, איז גרעסער פון גרויס,
קען ענג זיין, קען שמאָל זיין, אַ מאַמעס אַ שויס?

אַ מאַמעס אַן אָרעם נעמט אַלע אַרום,
די עופעלעך אַלע און וואַרעמט זיי שטום,
איר אויג ווינקט פון ווייטן: אַ, קום, קום אַהער!
זי ווינקט מיט אַ הייסער, באַהאַלטענער טרער.

## שרה אמאלינסקי־לוסטיגמאַן

# דער גאַנג דורך אַלע גיהנומס



**געהייליקט מיינע ליבע עלטערן בתיה (באַשע) און דוד לוסטיגמאַן און מיינע שוועסטערס: יהודית און נחמה**



ס איז סוף יאָר 1939.

עטלעכע וואָכן אָדער עטלעכע חדשים, כ׳געדענק שוין נישט גענוי, נאָכן אויסברוך פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, זענען אין אַ ווינטערדיקן טאָג געקומען פויערים פון דאָרף סאָביבאָר און האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן געפונען אין וואַלד ליגן אַ סך הרוגים און אַז לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן זענען דאָס יידן.

זיי האָבן אויך איבערגעגעבן, אַז זיי האָבן זיך אָנגעטראָפן אויך אויף לעבעדיקע יידן, וועלכע זענען אָבער נישט אימשטאַנד צו גיין.

די ידיעה האָט אויפגעשוידערט די שטאָט און די גמינע האָט באַלד אונטערגענומען אַ גרויסע אַקציע צונויפצוזאַמלען ליילעכער אויף תכריכים, מען האָט געדונגען פורן און זיך געוואַנדן צו די פויערים, וועלכע האָבן דערציילט וועגן די געפונענע קערפּערס, אַז זיי זאָלן מיטפאָרן העלפן אויפזוכן די טויטע און האַלב לעבעדיקע יידן. די פויערים האָבן דערפאַר באַקומען גוט באַצאָלט.

אַ גאַנצן טאָג האָבן פון סאָביבאָרער וואַלד זיך געצויגן פויערישע פורלעך, אויף וועלכע עס זענען געווען אָנגעלאָדן די טויטע קערפּערס. אַ טייל פון זיי זענען געווען אין מונדירן פון פוילישן מיליטער, אַנדערע זענען געווען אין ציווילע מלבושים. עס האָבן זיך ווירקלעך געפונען צווישן זיי מענטשן, וועלכע האָבן נאָך געאָטעמט, נאָר זענען געווען פאַרפרוירן.

אין יענעם ווינטער זענען געווען שטאַרקע פרעסט און עס איז נישט געווען קיין ווונדער, וואָס די מענטשן זענען פאַרפרוירן געוואָרן אויף טויט. דאָס זענען געווען געפאַנגענע, וועלכע די דייטשן האָבן פאַרנומען אין דער געגנט פון סטשוצין, נעבן ביאַליסטאָק, געפירט זיי אין נישט געהייצטע וואַגאָנען און אַראָפּגעוואָרפן זיי אין סאָביבאָרער



וואַלד, ווו מען האָט זיי אַרויסגעטריבן פון די וואַגאָנען, אַוועקגעטריבן טיפער אין וואַלד און זיי אַלע אויסגעשאָסן. עס זענען אָבער געווען אַזעלכע, וואָס האָבן נאָך באַוויזן צו אַנטלויפן און זיי האָבן זיך עטלעכע טעג אַרומגעבלאָנקעט אין וואַלד, האָבן אָבער נישט אויסגעהאַלטן די שטאַרקע פרעסט און געבליבן ליגן פאַרפרוירענע. געציילטע פון זיי, פון די, וואָס מען האָט געבראַכט אין שטאָט אַריין, איז געלונגען אַפּצוראַטעווען.

אויף דער בלאָטנע־גאַס האָט מען פאַרנומען צוויי קליינע הייזקעס, וועלכע מען האָט פאַרוואַנדלט אין אַ צייטווייליק שפּיטאָל און מען האָט דורכגעפירט איבער די געפרוירענע די נויטיקע אָפּעראַציעס, אַמפּוטירט פינגער, הענט און פיס.

אַ סך מיידלעך זענען פרייוויליק אַריינגעטרעטן אין שפּיטאָל אַלס קראַנקן־שוועסטער, הגם זיי האָבן פריער נישט געהאַט קיין אַנונג אין דער פּראָפעסיע, אָבער זיי האָבן געאַרבעט מיט גרויס איבערגעגעבנקייט, טאָג און נאַכט געוואַכט איבער די קראַנקע.

די געזונט־געוואָרענע, וועלכע עס איז געלונגען צו שטעלן אויף די פיס האָט מען שפּעטער איינקוואַרטירט אין פאַרשידענע הייזער, געשטיצט זיי מיט לעבנס־מיטלען און געלט.

דאָס איז געווען די ערשטע בלוטיקע אַקציע, וואָס די דייטשן האָבן דורכגעפירט אין אונדזער ראַיאָן, אָבער זי איז נאָך געווען פאַרמאַסקירט. די דייטשן האָבן נאָך דעמאָלט נישט געוואָגט אָפן אַרויסצווייזן זייער גרויזאַמקייט.

עס קומט אָן דאָס יאָר 1940. דער יודנראַט האָט באַקומען אַ באַפעל פון די דייטשן צו שאַפן אַ יידישן קאָאָפּעראַטיוו, אין וועלכן אַלע יידן האָבן געמוזט קויפן, ווייל אין די פוילישע געוועלבער איז פאַרבאָטן געוואָרן צו פאַרקויפן און צו האַנדלען מיט יידן. אינעם קאָאָפּעראַטיוו האָבן זיך געפונען פּראָדוקטן אין גאָר אַ קליינער צאָל. עס זענען

געווען טעג, ווען איז לגמרי גאָרנישט געווען צו קריגן דאָרטן. ברויט האָט מען געבאַקן אין צוויי ייִדישע בעקע־רייען, וועלכע האָבן צוגעטיילט דער ייִדישער באַפעלקערונג צו 100 גראַם אויף אַ פּערזאָן.

מיט יעדן טאָג האָט זיך דער הונגער אַלץ מער גע־שטאַרקט און די אָרעמקייט איז געשטיגן עד אין לשער. די, וואָס האָבן געהאַט אַביסל זאַכן, האָבן אַלץ אויספאַר־קויפט, כדי צו קענען איינשאַפן זיך אַ ביסל מעל אויפן שוואַרצן מאַרק, אַ ביסל קאַרטאָפל, אַ ביסל האָלץ. דאָס אַלץ האָט מען געקענט באַקומען נאָר פאַר גוטע מלבושים, וועש און גאָלד, זאַכן, וואָס נישט יעדער האָט זיי פאַרמאָגט.

לאַנג האָבן אָבער אויך די דייטשן נישט דערלאָזט, אַז די פאַרמעגלעכע זאָלן קענען צוקומען צו אַ ביסל עסן. זיי האָבן פאַרבאָטן צו גיין אין די דערפער און קויפן ביי די פּויערים פּראָדוקטן. שפּעטער איז געקומען דער באַפעל, אַז ביי וועמען מען וועט טרעפן באַקן ברויט ביי זיך אין שטוב וועט ווערן דערשאָסן.

## דער איבערפאַל אויף רוסלאַנד

1941.

צוויי וואָכן פאַרן דייטשן אָנפאַל אויף רוסלאַנד איז אונדזער שטאָט פאַרשיט געוואָרן מיט דייטש מיליטער. זיי זענען געשטאַנען אין די אַרומיקע וועלדער, אין די קאַשאַרן און די גאַנצע שטאָט איז מיט זיי געווען פול. אין דער לופט האָט זיך געפילט אַן אומרו. מיין זיידע ישעיהו טשער־וואָנאָגורע, דער פריערדיקער אייגנטימער פון דער פאַראַ־וועד מיל, האָט געאַרבעט ביים האַקן האָלץ ביים שעף פון דער וואַסערלייטונג, בערנאַרד פאַלקענבערג, וואָס האָט באַ־שעפטיקט איבער צוויי טויזנט אַרבעטער.

איינמאָל איז ער אַהיימגעקומען און דערציילט, אַז פאַל־קענבערג האָט זיך פאַר אים פאַרטרויט מיט אַ וויכטיקער ידיעה. ער האָט געזאָגט, אַז היינט ביינאַכט, דעם 21־טן יוני, וועט די דייטשן אַרמיי אָנגרייפן רוסלאַנד.

דער דאָזיקער סוד איז בליץ שנעל דורכגעלאָפן די שטעטלדיקע הייזער. אַ סך ייִדן האָבן אין יענער היסטאָרי־שער נאַכט נישט צוגעמאַכט קיין אויג. אין אַלעמענס הער־צער האָט געציטערט דער פחד פאַר נייע שרעקלעכע גע־שעענישן. עס זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געמיינט, אַז די דייטשן וועלן זיין פאַרנומען מיט דער מלחמה, וועלן זיי פאַרגעסן אין די ייִדן און ס׳וועט אַ ביסל גרינגער ווערן.

אינדערפרי האָבן מיר באַמערקט, אַז די דייטשע קאָ־לומנעס, מיט וועלכע עס איז פול געווען די שטאָט, גייען אַריבער אויף דער צווייטער זייט בוג. מען האָט געזען ווי



זיי האָבן געלייגט די פּאָנטאָן־בריקן איבערן בוג און זענען מיט זייער גאַנצער מיליטערישער אויסשטאַטונג אַריבער אויף דער צווייטער זייט. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס רוסישע מיליטער האָט נישט געשטעלט קיין ווידערשטאַנד.

גיך איז צו אונדז געקומען די ידיעה, אַז נאָך אין זעלבן טאָג האָבן די דייטשן פאַרנומען בריסק, וואָס ליגט איינגאַנצן זעכציק קילאָמעטער פון וולאָדאַווע.

## די גרויסע אַקציע

שבת, דעם 24־טן אָקטאָבער 1942.

מיר זענען ווי געוויינלעך אויפגעשטאַנען זעקס אַזייגער אינדערפרי צו גיין צו דער אַרבעט. איך מיט נאָך 29 מיידלעך האָבן מיר געאַרבעט ביי גערטנעריי, פאַרזייט און געפלאַנצט קליינע ביימלעך ביים פּאַליאַק אַנטאָניעוויטש, וועלכער איז געווען אויפזעער איבער אַלע וואַלד־וועכ־טערס.

אין דרויסן האָט געגאָסן אַ רעגן. אונדזערע קליידער זענען געוואָרן דורכגעווייקט, אָבער פון נישט גיין צו דער אַרבעט האָט נישט געקענט זיין קיין רייד. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט דער גרעסטער סכנה.

ביסלעכווייז איז דער רעגן געוואָרן שוואַכער. דער שלאַקס רעגן האָט אויפגעהערט און איז איבערגעגאַנגען אין אַ דראָבנעם רעגן, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג. די גאַנצע צייט זענען מיר געווען דורכגענומען מיט אומרו און פחד. מיר האָבן געפילט, אַז עפּעס איז נישט אַזוי ווי אַלעמאָל, אַז עפּעס גרייט זיך. מיט עטלעכע טעג צוריק האָט מען צו אונדז אַריינגעפירט די ייִדן, וועלכע מען האָט אַרויסגעטריבן פון די אַרומיקע דערפער. דאָס האָט נישט אָנגעזאָגט קיין גוטס. עס האָבן זיך גענומען טראָגן עקשנות־




וולאָדאַווער ייִדישע פרויען ביים גראָבן ראָוועס אין יאָר 1942.

דיקע קלאַנגען וועגן אַן אַקציע, וואָס דאַרף פּאַרקומען דעם היינטיקן שבת.

מענטשן זענען אַרומגעלאָפן ווי משוגע, נישט געוווּסט וואָס צו טון, גיין צו דער אַרבעט אָדער זיך אויסבאַהאַלטן. מיר האָבן שוין געהאַט אַ דערפאַרונג פון די ערשטע צוויי אַקציעס, וועלכע האָבן געקאָסט פיל טויזנטער קרבנות, דערוואַקסענע און קינדער. יעדער האָט געוווּסט, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר אַזאַ אַקציע און דערפאַר האָט יעדער געזוכט וועגן און מיטלען ווי אַזוי אויסצומיידן אַריינצופאַלן אין די הענט פון די בלוטיקע רוצחים.

איך און מיין ייִנגערע שוועסטער נחמה, זענען מיר אַרויס אין גאַס. מיר זענען געווען נישט ווייניקער צעטומלט פון אַלע אַנדערע. די פאַראָרדענונג, אַז אַלע ייִדן, אָן אויסנאַם, דאַרפן זיך צושטעלן אויפן פּלאַץ ביי דער פאָוושעכנער שול. עס האָט געהייסן, אַז די אַרבעטס־פּעאיקע וועלן באַקומען נומערן און צוריק אָפּגעשיקט ווערן אויף זייערע אַרבעטס־שטעלעס. דאַקעגן, די וועלכע וועלן זיך נישט צושטעלן אויפן פּלאַץ וועלן אַוועקגעשיקט ווערן קיין סאָביבאָר. דער נאָמען פונעם דאָזיקן לאַגער איז שוין דאַן געווען אַ שרעק־וואָרט פאַר אַלט און יונג.

דערהערנדיק וועגן דאָזיקן באַפעל, זענען מיר צוריק אַהיימגעלאָפן און נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן מיר באַשלאָסן, אַז היות מיר זענען יונג, מעגן מיר זיך צושטעלן אויפן פּלאַץ, ווייל מען וועט אונדז זיכער אויסקלויבן אויף צוריקשיקן צו דער אַרבעט.

אונדזער עלטערע שוועסטער יהודית, וועלכע איז נאָר וואָס געהאַט אויפגעשטאַנען פון אַ רעצידיוון טיפוס, איז נאָך געווען זייער בלאַס אויפן פּנים און מיר האָבן געהאַלטן, אַז זי דאַרף בלייבן מיט אונדזערע עלטערן און מיט דער באָבע, דעם טאַטנס מוטער, וואָס האָט געוווינט מיט אונדז. מיר האָבן פאַר זיי געמאַכט אַ באַהעלטעניש אין קעלער און געהאָפט, אַז עס וועט געלונגען אָפּצוראַטעווען אונדזער משפחה, וועלכע איז נאָך ביז דעמאָלט געווען גאַנץ. מיר האָבן געגלייבט, אַז דאָס גליק וועט אונדז צושפּילן אויך ווייטער.

אין אַ געוויינלעכן אַרבעטס־טאָג האָבן מיר מיטגענומען מיט זיך דאָס קליינע פּעקעלע עסן. אַגב, זענען מיר געווען פון די גליקלעכע, וואָס האָבן נישט אויסגעקוקט אויף די הונדערט גראַם ברויט, אַדאַנק דעם, וואָס דער זיידע האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו פאַרקויפן יעדעסמאָל אַן אַנדערע זאַך פון שטוב און באַזאָרגט מיט אַביסל מעל, וואָס פון דעם האָט מען, אמת, שוין נישט געקענט באַקן קיין ברויט, אָבער מען האָט געקענט דערפון מאַכן פאַרשידענע געקעכצן אויף צו שטילן דעם הונגער.



אויפן פּלאַץ זענען שוין געשטאַנען אין באַזונדערע קאָלומנעס די צונויפגעזאַמלטע ייִדן. אויף איין אָרט האָט מען געזען די, וואָס מען האָט געבראַכט פון די צוויי לאַגערן, אַסאָווע און קריכאָוו. עס איז געווען אויף זיי אַ שרעק צו קוקן. זיי האָבן אויסגעזען ווי סקעלעטן, וואָס האָבן פאַרלוירן זייער מענטשלעכע צורה. זיי זענען געווען באָרוועס און אָפּגעריסן, כמעט נאַקעט, זענען געווען אויסגעווייקט פונעם רעגן און אַזוי ציטערנדיקע פון קעלט האָבן זיי זיך געהוידעט אויף זייערע אויסגעדאַרטע פיס. זיי האָבן אויסגעזען ווי שאָטנס, וואָס באַוועגן זיך נאָך פאַרן אָנקום פון טויט.

זיי זענען געשטאַנען נאָענט איינע צו די אַנדערע, צונויפגעטריבענע פון די דערפער, אַלט און יונג, ווו נישט ווו האָט מען געזען אַ קינד טוליען זיך צו דער מאַמען. די אוקראַאינישע און ליטווישע רוצחים האָבן זיך אַרומגעדרייט איבערן פּלאַץ און געזוכט אַן אויסרייד צו וואַרפן זיך אויף די הילפלאָזע מענטשן און שלאָגן זיי. קינדער און דערוואַקסענע האָבן געציטערט פון קעלט און שרעק.

דער רוצחישער לוטער מיטן הונט האָט זיך נאָך, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, געפונען אין שטוב. מען האָט עס דערקענט אין אַרומלויפן פון די ס.ס.־לייט, ווי צעיושעטע רוצחים. זיי האָבן אַלע ווילע אַריינגעטריבן אויפן פּלאַץ נייע קרבנות, צעבלוטיקטע און צעהרגעטע.

אַ ריזיקע קאָלומנע פון 2 טויזנט מאַן, פאַלקנבערגס אַרבעטער, איז געשטאַנען באַזונדער. זיי זענען געווען די גרויסע מיוחסים, וועלכע אַלע האָבן מקנא געווען, ווייל מען האָט געמיינט, אַז זיי זענען זיכער צו בלייבן לעבן. זייער שעף פאַלקנבערג האָט זיי איצט אויך צוגעזאָגט, אַז ער וועט זיי אַלע אַרויסנעמען צוריק צו דער אַרבעט.

אַזוי האָבן געטראַכט, אַלע וואָס זענען געשטאַנען אויפן פּלאַץ. אויך איך און מיין שוועסטער זענען געווען זיכער, אַז באַלד וועט מען דורכגיין די רייען און מיר וועלן זיין צווישן די גליקלעכע, וואָס מען וועט צוריקשיקן צו דער אַרבעט, צום לעבן.

יעדער האָט זיך באַמיט צו האַלטן הויך אויפגעהויבן דעם קאָפּ, נישט אויסצוזען שוואַך און קראַנק, נאָר פּעאיק צו דער אַרבעט, מיט דער האָפנונג צו בלייבן לעבן.

דער רעגן האָט נישט אויפגעהערט, אָבער מער נאָך פון דער קעלט זענען אַלע געווען דורכגענומען מיטן שוידער פון דער אַקציע. יעדעסמאָל ווען מען האָט אַרויפגעיאָגט אויפן פּלאַץ נייע געטריבענע גרופּעס, האָט יעדער אויפגעשוידערט, געזוכט, צי עס איז נישט פאַראַן צווישן די געטריבענע עמיץ פון די נאָענטע, אַ פאָטער, אַ מוטער, אַ שוועסטער, אַ ברודער וואָס מען האָט געלאָזט אין די באַהעלטענישן.

ביז צוויי אָדער גאָר דריי אזייגער זענען מיר געשטאַנען דורכגעווייקטע פון רעגן און שוידערנדיקע פון שרעק און קעלט. אַלע זענען געווען פאַרחלשט פון הונגער, אָבער קיינער האָט נישט געטראַכט פון עסן. די גאַנצע צייט האָבן די רוצחים נישט אויפגעהערט צו טרייבן אַלץ נייע און נייע קרבנות פון שטאָט.

אויפן פּלאַץ איז אָנגעקומען דער שעף פון דער ס.ד. ניטשקע און מיט נאָך צוויי באַגלייטערס זענען זיי אַרומגעגאַנגען צווישן די שטייענדיקע קאָלומנעס. זייערע אויגן זענען געווען פאַרגאָסן מיט בלוט. די שמאָלע ליפּן אויפן רוצחישן פּרצוף פון שעף האָבן נישט אַרויסגעלאָזט פון זיך קיין וואָרט. ער איז פאַרבייגעגאַנגען גלייכגילטיק, קאַלט.

ענדלעך האָט ער אויסגעקליבן עטלעכע פאַכמענער, צווישן זיי זענען געווען דער זייגערמאַכער אברהם לערער מיט זיין פרוי און 7־יאָריק טעכטערל. לערער האָט פאַר זיי געאַרבעט ביים פאַריכטן זייערע זייגערלעך. ער האָט אויך געטון פאַרשידענע יוּוועליר־אַרבעטן פון דעם אָנגערויבטן גאָלד און צירונג, וואָס זיי האָבן אַהיימגעשיקט צו זייערע ווייבער און געליבטע. צו די גליקלעכע האָט אויך געהערט נחמה אַדלער, וועלכע האָט אויסגעהאַפּטן זייערע וועש.

צווישן די עטלעכע פאַכמענער איז אויך געווען מאָטל זישעס, זילבערשטיין, וועלכן זיי האָבן געקענט אַלס גוטן שלאָסער.

פאַלקנבערג האָט זיך אויך אויסגעקליבן עטלעכע צענדליק פאַמיליעס און אַזוי אַרום האָבן זיך אָנגעקליבן אַ פּופציק מאַן, וועלכע מען האָט אָוועקגעשטעלט אויף דער צווייטער זייט פאַרצוימונג, אינעם הויף פון דער ס.ד.

די גאַנצע צייט זענען מיר געווען אַרומגערינגלט פון ס.ס.־לייט און די „שוואַרצע" אוקראַאינער און ליטווינער. צום שטאַרקסטן האָבן זיך אַרויסגעוויזן לוטער מיט זיין הונט און נאָך עטלעכע דייטשן, וואָס האָבן אים באַגלייט און האָבן זיך אַרומגעדרייט ווי ווילדע חיות צווישן אונדז. וויי איז געווען דעם, וועלכער איז זיי געפאַלן אין די אויגן, ווייל ער איז מכלומרשט נישט געשטאַנען גלייך, האָט זיך אַ באַוועג געטון...

צום סוף האָט מען געהייסן אָפּטיילן די מענער פון די פרויען און דאָס האָט נאָך שווערער געדריקט די שטימונג. יעדער האָט דערפילט, אַז עס דערנענטערן זיך די לעצטע שעהן.

די רוצחים האָבן גענומען אַרויסרייסן ביי די מוטערס זייערע קינדער. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ביטערער געראַנגל צווישן די אָנמעכטיקע מאַמעס און די באַוואָפנטע רוצחים.





די זשאַנדאַרן רינגלען אַרום דאָס געטאָ אין טאָג פון דער אַקציע.

איך פאַרמאָג נישט די ווערטער, וואָס זאָלן קענען אַרויסברענגען דאָס גרויליקע בילד, וואָס עס האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט דער פּלאַץ, די שוידערלעכע סצענעס, וואָס האָבן זיך דאָרט אָפּגעשפּילט. די דייטשן האָבן געשלאָגן די פרויען מיט זייערע גומי־שטעקנס, מיט די ביקסן און באַגנעטן. די אָרעמע מאַמעס האָבן נישט געוואָלט אַרויסלאָזן די קינדער פון זייערע הענט. אַ סך האָבן זיך געוואָרפן אויף די דייטשן ווי פאַרווונדעטע טיגערינס, ווילד, מיט צעשויבערטע האָר, האָבן זיי געפּרוּווט אָפּשטויסן פון זיך די רוצחים און געקלאַמערט צו זיך זייערע קינדער.

האַרץ־רייסנדיק זענען געווען די סצענעס ווען מענער האָבן זיך געזעגנט מיט זייערע פרויען, קינדער מיט זייערע עלטערן. די געשרייען און יללות האָבן זיך געטראָגן ביז צו די הימלען.

די דייטשן האָבן געשלאָגן אויף רעכטס און לינקס איבער די קעפּ פון די מענטשן, וואָס זענען געשטאַנען אַרומגעקלאַמערט, אַרומגענומען זיך, אין די לעצטע געזעגענונגס־מינוטן.

צוויי ריזיקע קאָלומנעס, מענער באַזונדער און פרויען באַזונדער, האָבן גערירט פון אָרט, צוריק אין שטאָט, ווו זיי האָבן געדאַרפט גיין אין דער ריכטונג צו דער באַן. איבער 10 טויזנט מענטשן, אַלטע, קינדער און פרויען, האָבן זיך געצויגן, געטאַפּטשעט אין די בלאָטעס, אין קאַלוזשעס, אויפן וועג קיין סאַביבאָר.

מיר זענען פאַרבייגעגאַנגען דעם הויף, ווו עס זענען געשטאַנען די פופציק פאַמיליעס, וועלכע זענען אויסגעקליבן געוואָרן צום לעבן. זיי האָבן דערקענט צווישן די קאָלומנעס זייערע באַקאַנטע און זענען אויסגעבראָכן אין אַ ווילד־יאָמערלעך געשריי, האָבן זיך געריסן די האָר, געקלאַפּט אין די קעפּ.

מיר זענען געגאַנגען שטיל, רעזיגנירט און אַ סך האָבן זיך אַפילו נישט אומגעקוקט, ווי די געשרייען וואָלטן צו זיי נישט דערגאַנגען. זיי זענען ביסלעכווייז געוואָרן דורכגע־דרונגען מיטן ייאוש, וואָס איז שוין מער נישט אָפּגעטרעטן ביז זייער אַריינקומען קיין סאָביבאָר.

אונדזער פעטער אברהמל טשערוואָניגורי האָט זיך אויך געפונען צווישן די „גליקלעכע" און ווען ער האָט אונדז דערזען האָט ער זיך געוואָרפן אויף דער ערד, געריסן פון זיך שטיקער. די דייטשן, וואָס האָבן זיי געהיט, האָבן זיך גע־וואָרפן אויף זיי און ווילד געשלאָגן.

די גאַנצע צייט האָבן אין מיינע אויערן אָפּגעקלונגען יענע יאָמערלעכע געשרייען, וואָס האָבן אונדז באַגלייט אויפן וועג צו דער באַן. מיר זענען די גאַנצע צייט געווען אַרומגערינגלט מיט ס.ס.־לייט און זייערע שוואַרצע צוהעל־פער, די אוקראַינער און ליטווינער, וואָס זענען נישט אָפּ־געשטאַנען אין זייער רציחה פון זייערע דייטשע באַלעבאַ־טים.

די הינט, וואָס זיי האָבן מיט זיך מיטגעפירט, האָבן געוואַרט אויפן וואָרט „יודע" און זיך גלייך געוואָרפן אויף דעם אומגליקלעכן קרבן.

צוליב דער שמאָלקייט פונעם געסל האָט מען אונדז צעטיילט אין צוויי באַזונדערע גרופּן. איינע איז געגאַנגען דורך דער סיימאָווע גאַס און די אַנדערע דורכן מאַרק. איך מיט מיין שוועסטער איז אויסגעקומען צו גיין דורכן מאַרק און מיר זענען געווען פונעם סאַמע לעצטן פינפטל.

האַרט ביים ראָג, ביי גרינשטיינס סקלאַד־אַפּטעט־שני, זענען געשטאַנען צוויי דייטשן. איינער פון זיי האָט אַ רוף געטון:

„העי, צוויי יונגע, קאָמט היער!"

מיר זענען אַרויסגעטרעטן פון דער ריי און צוגעגאַנגען צו די דייטשן. איינער פון זיי האָט אונדז אָנגעוויזן אויף צוויי טויטע, געהייסן, אַז מיר זאָלן זיי אַרויפלייגן אויף אַ דער־נעבנשטייענדיקן וואָגן.

אַ ווייל האָב איך זיך געקווענקלט, אָבער גלייך זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון ווי נאַריש עס איז מיין קווענקלען. איך האָב זיך אַראָפּגעבויגן צום טויטן, וואָס איז געלעגן מיט אַן אויפגעריסן אויג. מיין שוועסטער האָט זיך אויך אַראָפּגע־בויגן. אונדזערע אויגן האָבן זיך באַגעגנט, נאַסע פון טרערן. מיר האָבן אָנגעהויבן שלעפּן דעם קערפּער, וועלכער איז אָבער נישט געווען פאַר אונדזערע כוחות. דער פויער, וואָס איז געשטאַנען נעבן זיין וואָגן, האָט רחמנות געקריגן אויף אונדז און צוגעהאָלפן אַרויפלייגן אויפן וואָגן ביידע טויטע קערפּערס.



דאָרט זענען געלעגן נאָך אַנדערע טויטע, וועלכע מיר האָבן ווייטער געדאַרפט אַרויפלאָדעווען אויף די פורן. איינער פון זיי האָט נאָך געלעבט. ווייזט אויס, אַז ער איז געווען פון די אויסלענדער, פון די טשעכישע יידן, וועלכע זענען געווען אינעם לאַגער אַסאָווע. ווען מיר האָבן אים געשלעפּט, מיינענ־דיק, אַז ער איז טויט, האָבן מיר מיטאַמאָל דערהערט ווי ער מורמלט אין דייטש:

„אַ, מיין גאָט, מיינע האַלץ־שוע".

דאָס האָט זיך בשעת דעם שלעפּן אַראָפּגעגליטשט פון זיין פוס אַ הילצערנע טרעפּע.

אויפן פּלאַץ האָבן זיך באַוויזן צוויי קליינע קינדער, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע עלטערן, האָבן געוויינט און געשריגן: „מאַמע, מאַמע!"

די פורן מיט די טויטע זענען אַוועק נאָך דער קאָלומנע אומגליקלעכע יידן אויפן וועג קיין סאָביבאָר.

די צוויי דייטשן זענען אַוועק און מיר ביידע זענען געבליבן שטיין אינגאַנצן אויסגעשמירט אין בלוט.

אַ געפיל פון רעזיגנאַציע און יאוש האָט מיך דורכ־גענומען, כ'האָב זיך געפילט שרעקלעך דערשלאָגן און ס'איז מיר גאָרנישט געקומען אויפן געדאַנק, אַז מיר קענען איצט אַנטלויפן, זיך באַהאַלטן. פון אַלע זייטן האָט געלויערט דער טויט.

איך האָב געזאָגט צו מיין שוועסטער, אַז מיר מוזן צו־ריק אָניאָגן אונדזער פינפטלינג. אין דעם האָב איך געזען די גאַנצע „רעטונג" אונדזערע, זיין צוזאַמען מיט אַלע אומ־גליקלעכע און פאַרמשפּטע, הגם מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס פירט צום לעצטן וועג, אָבער דאָס געפיל פון זיין צווישן נאָענטע מענטשן און נישט אַליין אין יענעם פינצטערן קאַשמאַר, האָט מיך געטריבן אַהין און פאַרבלוטיקטע צעשוי־בערטע זענען מיר געלאָפן באַרג אַראָפּ, דעריאָגט די זיך טאַפּטשענדיקע מענטשן, זיך דורכגעשטופּט דורך די פינפט־לעך און אָנגעקומען צו אונדזער גרופּע.

דער וועג אויף דער גרעבליע, וואָס איז געמאַכט גע־וואָרן אויפן אויסגעטרוקנטן טייך, איז ממש געווען אַ זומפּ און מיר האָבן געטאַפּטשעט אַ פוס אַריין, אַ פוס אַרויס, און די רוצחים האָבן אונדז געיאָגט מיט זייערע נאַגייקעס, ביקסן און הינט, נישט איינער איז געפאַלן און צעטרעטן אָדער צעריסן געוואָרן דורך די הינט. איצט זענען מיר נישט געגאַנגען נאָר געלאָפן, קיינער האָט נישט געוואָלט בלייבן הינטערשטעליק, די שרעק פאַר די הינט האָט גע־לויערט אויף יעדן, קיינער האָט נישט געוואָלט צעטרעטן ווערן, האָט מען זיך געשטופּט איינער אויפן צווייטן און געפאַלן און ווער ס'איז געפאַלן, דער האָט זיך שוין נישט אויפגעהויבן...

## ביי דער באַן

אַנגעקומען צו דער באַן, האָט מען אונדז אַלעמען געהייסן זיך אויסזעצן אויפן משופּעדיקן אַנשיט פון דער באַנליניע, אַזוי איז פאַר זיי גרינגער געווען אַכטונג צו געבן אויף אונדז.

מיט אַמאָל זענען אונדזערע בליקן צוגעצויגן געוואָרן צום צווייטן עק, עפּעס איז דאָרט פאָרגעקומען אַ באַוועגונג, אָבער קיינער האָט נישט געקענט וויסן וואָס דאָרט קומט פאָר. פּלוצים איז פון דער צווייטער זייט אַנטקעגן אונדז אויסגעוואַקסן אַ ריי בחורי סמיט גומי־שטיוול. אַ שעפּטשע האָט זיך דערטראָגן נאָענט פון מיר, אַז דאָס קלויבט פאָלקענבערגס אויס זיינע פריערדיקע אַרבעטער. באַלד האָבן דאָרט זיך באַוויזן אויך מיידלעך. דאָ האָט מען שוין גאָרנישט געקענט וויסן וואָס דאָס זאָל באַדייטן.

פון דערווייטנס האָבן זיך געטראָגן געשרייען: „הער שעף, הער שעף!" דאָס האָבן מיידלעך זיך געבעטן ביי פאָלקנבערגן ער זאָל זיי צוריקנעמען צו דער אַרבעט און געפאָכעט מיט זייערע אַרבעטס קאַרטן אין דער הויך, ער אָבער האָט זיי גאָרנישט באַמערקט און געקלויבן אַנדערע. די דייטשן האָבן זיך געוואָרפן אויף זיי, געשלאָגן ביז בלוט.



די רוצחים אָבסערווירן דעם גאַנג פון דער בלוטיקער אַקציע.



אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מיין שוועסטער צו מיר געזאָגט: „זעסט דאָך, אַז ער קלויבט אויס אַרבעטער, לאָמיר פּרוּוון זיך ראַטעווען". זי האָט מיר אַ צי געטאָן מיט זיך און אָט בין איך שוין מיט איר צוזאַמען געשטאַנען אין מיטן. אַ דייטש האָט אונדז דערזען, געשריגן, מיר זאָלן אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט.

גייענדיק האָט אַ זשאַנדאַר דערקענט מיין שוועסטער פון דער אַרבעט אין ייִדישן קאָאָפּעראַטיוו. ער האָט זי געהייסן אַריבערגיין און מיר האָט ער צוריקגעטריבן.

כ'בין אַזוי געשטאַנען נישט אַהין נישט אַהער, איז וויי דערגעקומען דער דייטש און געפרעגט מיר, פאַרוואָס איך גיי נישט אַריבער, ווען ער האָט געהערט, אַז דער זשאַנדאַר לאָזט מיר נישט, האָט ער מיך אַנגענומען פאַר דער האַנט און מיר אַריבערגעפירט.

ווען מיר זענען צוריקגעגאַנגען קיין וולאַדאַווע, האָבן מיר אַפילו נישט געפילט דעם רעגן, נישט די בלאָטעס, אין וועלכע אונדזערע פיס זענען געזונקען. מיר זענען געלאָפן, אַנטלאָפן פון טויט.

שוין זייענדיק אין שטאָט, איז מיין עלטערע שוועסטער אונדז אַנטקעגן געלאָפן, שפּעטער אויך אונדזער מוטער, שווער צו באַשרייבן דאָס בילד פון די ווידער צוזאַמענטרעפנדיקע נאָענטע און ווי פריער בעת דער אַקציע איז די שטאָט געווען טויט אָפּגעשטאָרבן, אַזוי האָבן איצט זיך אַרויסגעלאָזט פון אַלע זייערע לעכער דאָס ביסל באַהאַלטענע און געבליבענע.

ווען כ'בין אַריין אין שטוב, האָב איך זיך אַוועקגעוואָרפן שלאָפן, כ'האָב געוואָלט פאַרגעסן אין אלץ, אין אַלץ, אין גאַנצן קאָשמאַר און ווען כ'האָב זיך אויפגעכאָפּט, האָב איך נישט געוויסט ווו כ'געפון זיך.

## די פערטע „אַקציע"

ווען מיר זענען אַנגעקומען צוריק אין שטאָט, איז מיין ייִנגערע שוועסטער נחמה קראַנק געוואָרן אויף אַ שרעקלעכן נערוון־שאָק, זי איז געצוווּנגען געוואָרן צו בלייבן אין שטוב און אונדזער מוטער באַשע האָט זי געפלעגט. מיין פאָטער דוד האָט אין אַ געוויסן טאָג גענומען און פונאַנדערגעטיילט זיינע אַלע זאַכן פאַר אָרעמעלייט, ער האָט געזאָגט, אַז ער דאַרף שוין מער גאָרנישט און אינגיכן גייט ער אַוועק קיין סאָביבאָר...

אויף וויפל מיר האָבן אים געפּרוּווט טרייסטן און איבערצייגן, אַז זיין געדאַנק איז נישט קיין ריכטיקער, איז אונדז אָבער נישט געלונגען, דאָס האָט זיך שווער אָפּגערופן אויפן געזונט פון אונדזער מוטער און אויך אויף אונדז און דערצו האָט די קרענק פון מיין ייִנגערער שוועסטער דער־

פילט דאָס מעסטל פון אונדזער פיין. דער גאַנצער גרויליקער קאָשמאַר אַרום אונדז בכלל און די צרות אין אונדזער פאַמיליע בפרט האָט אונדז אַלעמען צעבראָכן.

די צייט איז אָבער געווען אַזאַ, וואָס מ'האָט זיך נישט געטאָרט אָפּשטעלן אפילו אויף איין סעקונדע, ווען יאָ, איז מען באַלד געפאַלן אין אפגרונט און ס'איז שוין שווער געווען פון דאָזיקן פאַרצווייפלטן תהום זיך צוריק אַרויפהויבן...

איך מיט מיין עלטערער שוועסטער יהודית, וועלכע איז מיט קנאַפּע צוויי וואָכן צוריק זייער שוואַך געוואָרן נאָך אַ טיפוס, זענען מיר געגאַנגען אין לאַגער, וועלכן פאַלקנבערג האָט באַלד נאָך דער גרויסער אַקציע געלאָזט אַרומצוימען, דאָס האָט ער ווייזט אויס געוואָלט זיך באַוואָרענען מיט זיינע יידישע אַרבעטער, מ'זאָל זיי נישט אויסכאַפּן און ער זאָל האָבן מיט וואָס און מיט וועמען ווייטער צו רעגירן.

דער לאַגער, הגם אַן אַרומגעצוימטער, איז נאָך געווען אַן אָפענער, אַלע אַרבעטער פלעגן נאָך דער אַרבעט קענען אַהיימגיין שלאָפן, אינדערפרי מיטנעמען די אַרבעטס קאַרטע און גיין אין לאַגער. דאָרט האָבן אַלע פאַרשידענע גרופּעס זיך אויסגעשטעלט אין אַ פירעק. דער שעף האָט געמאַכט דעם אַפּעל און פון דאָרט זענען די גרופּעס אַוועק יעדער צו זיין אַרבעט. די אַרבעט איז באַשטאַנען ביים אויסטרוקענען דעם סטאַוו און ביים האַקן האָלץ אין די וועלדער. פאַרנאַכט זענען די אַרבעטער ווידער געקומען אין לאַגער, געשטאַנען ווידער צום אַפּעל און אַ היים געגאַנגען שלאָפן.

אַ געוויסן פאַרנאַכט ווען מיר זענען נאָך דער אַרבעט געקומען אין לאַגער און זיך אויסגעשטעלט צום אַפּעל, איז דער שעף פאַלקענבערג אָנגעקומען מיט נאָך צוויי עס־דע־מענער, וואָס דאָס איז קיינמאָל נישט געשען. פאַלקענבערג האָט אנגערופן אַ נאָמען פאַוועל שקאָנער פון קאַליש, ווען יענער אַ הויכער, שיינער און געזונטער יינג איז אַרויסגעטריטן און צוגעגאַנגען נאָענט צו זיי, האָט דער עס־דע־מאַן שוואב — „גענזע" באַפוילן יענעם אויסדרייען זיך מיט דער פּלייצע, צוגעלייגט זיין רעוואָלווער צו יענעמס נאקן, אַ שאָס האָט אָפּגעהילכט און יענער האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד...

אויף וויפל מיר זענען שוין דעמלט געוווינט געוואָרן מיט אָט אַזעלכע מאָרדן, האָט דאָס דאָזיקע דאָך אויפגעשוידערט מיין גאַנץ אינערלעך געמיט, קומענדיק אַ היים זענען מיר, איך מיט מיין שוועסטער געווען אינגאַנצן צעבראָכן.

נאָכן דאָזיקן קאַלטן און גלייכגילטיקן רוצחישן מאָרד, האָט דער שעף פאַלקענבערג געהאַלטן אַ רעדע און געזאָגט, אַז פון היינט אָן זענען מיר נישט קיין פרייע אַרבעטער, נאָר מיר געפונען זיך אין אַ פאַרמאַכטן אַרבעטסלאַגער, און ווער ס'וועט ברעכן די דיסציפּלין דער וועט אַזוי דערשאָסן ווערן ווי אָט דער יינגער בחור, וואָס ליגט דאָ, ווייל ער האָט געגאַנבעט ביי עמעצן. דאָס איז בלויז געווען אַן אויסרייד צו באַרעכטיקן דעם מאָרד און ס'איז געווען אַ פאַרשפּיל צו אַ גאַר נאָענטער אַקציע.

סוף 1942 האָבן איבער יענער זייט בוג זיך אָנגעהויבן די לעצטע אַקציעס פון אויסראָטן די רעשטלעך נאָך געבליבענע יידן. פון דאָרט האָבן די דייטשן נישט געפירט קיין סאָביבאָר אָדער אין אַנדערע טויטנלאַגערן, נאָר זיי מאַסנווייז אויסגעשאָסן אויף די ערטער און זיי געוואָרפן אין גרויסע ברידער־קברים צוזאַמען מיט נאָך לעבעדיקע, נישט דערשאָסענע. וולאָדאַווע איז געווען דער רעזערוואָאַר וואָס האָט געליפערט קרבנות פאַר סאָביבאָר ווען דער גאַנצער „זאַבוגעם" איז שוין געווען „יודענריין". זייער אַ קליינער טייל איז פון „זאַבוגעם" אַנטלאָפן אין די וועלדער.

דעם זעקסטן נאָוועמבער 1942 זענען מיר אויפגעשטאַנען אין דער פרי ווי געוויינלעך, צו גיין צו דער אַרבעט. ווען מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט צום אַפּעל, האָבן מיר באַמערקט, אַז דער לאַגער איז אַרומגערינגלט מיט דייטשן און „שוואַרצע". באַלד זענען אַריינגעקומען דער שעף פון דער עס־דע ניטשקע מיט זיינע געהילפן און דער לאַגער־שעף פאַלקענבערג. דער שעף פון דער עס־דע האָט געמאָלדן, אַז פון היינט אָן ווערט דער לאַגער געשלאָסן און מיר טאָרן שוין מער דעם לאַגער נישט פאַרלאָזן, ווער ס'וועט אַרויסגיין פון לאַגער, ווערט גלייך דערשאָסן. פון היינט אָן באַקומט יעדער אַן אַרבעט נומער און ווער עס וועט באַהאַלטן איינעם וואָס האָט נישט קיין אַרבעטס נומער וועלן אַלע פון דעם הויז דערשאָסן ווערן.

איצט האָבן מיר דערפילט אַז עס קומט אַן אַקציע און אַז איצט איז מען שוין גאָרנישט זיכער, צי דער אַרבעטס נומער וועט וועמען שיצן. איצט איז שוין נישט געווען קיין רייד, אַז איך מיט מיין עלטערער שוועסטער זאָלן זיך קענען טרעפן מיט אונדזערע עלטערן און יינגער שוועסטערל.

אין זעלבן טאָג האָט מען אונדז צו דער אַרבעט נישט געפירט און דאָס אין שוין געווען אַ סימן, אַז עס דאַרף זיין אַן אַקציע. מיר זענען אַרומגעגאַנגען ווי משוגע ווייל מיר האָבן געוווּסט אַז אין געטאָ קומט פאַר אַן אַקציע. הגם מיר האָבן געוווּסט אַז אונדזערע נאָענטע האָבן אַ גוטע „קריאָוווקע", זענען מיר דאָך געווען שטאַרק באַאומרואיקט.

די „קריאָוווקע" פון מיינע עלטערן האָט זיך געפונען אין קוך ביי משה מאַנדלען אין הויז. דאָס איז געווען אַ קעלער, וואָס דאָס טירל האָט זיך געעפנט נישט ווייט פון קיך, דער קעלער האָט זיך געצויגן ביז אונטער אַ קאַמערל,

ווו דאָרטן איז שטענדיק געווען אָנגעוואָרפן פול מיט האָלץ און אַלטע גראַטעס. דאָס קעלערל איז שווער געווען צו געפונען, ווייל אויפן טירל איז געשטאַנען אַ שווערער קרעדענס, וואָס מיין פאָטער מיט משה מאַנדלען פלעגן אַרויפשטעלן, נאָכדעם ווי מיין מוטער מיט דער יינגערער שוועסטער און אונדזער באָבע חיה איטע לוסטיגמאַן און מיט משה מאַנדלס משפחה פלעגן אַהין אַריין.

באַטאָג זענען מיר אַרויף אויף אַ בוידעם און פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס שוידער בילד פון דער אַקציע וואָס איז איצט געווען אין פולן גאַנג. דאָ און דאָרט האָבן עס־דע־לייט און אוקראַינער פּאָליציי געטריבן יידן, מענער, פרויען מיט קינדער. ביקסנשאָסן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די יללות און גרויליקע געשרייען פון די קינדער און מוטערס. די אַלע זענען געווען אַנטלאָפענע פון דער גרויסער אַקציע און איצט איז פאַר זיי נישט געווען קיין אַנטרינונג.

דריי טעג האָט געדויערט דאָס זוכן, נישטערן און כאַפּן, שיסערייען, באַגלייט מיט קולות און יללות.

שוין דעם ערשטן טאָג פון דער אַקציע האָב איך ביים לאַגער־טויער זיך דערוווּסט פון אַ יידישן פּאָליציאַנט, אַז מיין פאָטער האָט מען שוין אַרויסגעפירט אויפן פּלאַץ. כ'האָב דערפילט ווי מ'האָט מיר מיט אַ האַק דערלאַנגט איבערן קאָפּ און כ'האָב זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. מיר האָבן שוין פאַרלוירן אונדזער פאָטער, איצט איז נישטאָ ווער עס זאָל דאָרט אַראָפּנעמען דעם שווערן קרעדענס און זיי וועלן דאָרט אומקומען פון הונגער און דורשט.

דריי טעג זענען מיר אַרומגעגאַנגען, געזוכט אַן אויסוועג ווי אַזוי זיך אַרויסבאַקומען פון לאַגער און דאָרט אַראָפּנעמען דעם קרעדענס און זיי ראַטעווען פון אַ זיכערן טויט. ענדלעך איז מיר געלונגען איבערצוצייגן אַ יידישן פּאָליציאַנט, ער זאָל מיר מיט מיין שוועסטער אַרויסלאָזן פון טויער.

אינמיטן נאַכט האָבן מיר זיך געשאַרט ביי די ווענט און טויערן, ביז מיר זענען צוגעקומען צום הויז פון משה מאַנדל. אין הויז אויף די טרעפּלעך האָבן מיר געטראָפן ליגן אַ טויטן, גוט צוקוקנדיק זיך צו אים האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז דאָס איז דער שוסטער פון אַנטקעגן. מיר זענען אַריין אין שטוב, ווו ס'האָט געהערשט אַ שרעקלעכע טויט שטילקייט. מיר זענען ממש אָפּגעגאַנגען אין אַנגסטלעכן שווייס.

כ'האָב זיך אַראָפּגעבויגן און מיט אַ געדעמפּטער שטים אַריינגערעדט, זיי זאָלן זיך נישט שרעקן, אַז דאָס זענען מיר.

מיט די לעצטע כוחות איז אונדז געלונגען אָפּצורוקן



דעם קרעדענס, ביז היינט פאַרשטיי איך נישט פונוואַנען ס'האָט זיך גענומען צו מיר און מיין שוועסטער אַזאַ כח.

זיי זענען מיט קוים שלעפּנדיקע טריט אַרויס פון קעלער, זייער אויסזען איז געווען געפערלעך, דריי מעת לעת האָבן זיי נישט געגעסן און נישט געטרונקען. מיר האָבן נישט געקוקט וואָס זיי קענען פשוט קיין טריט נישט שטעלן און האָבן זיי מיט שטילן פליסטערן אונטערגעמונטערט, זיי זאָלן גיין גיכער און מיט גרויסע צרות זענען מיר אַלע אָנגעקומען צום טויער.

צום גליק איז נאָך יענער באַקאַנטער פּאָליציאַנט געשטאַנען ביים טויער און האָט אונדז אַלע אַריינגעלאָזט אין לאַגער. אינמיטן דער זעלבער נאַכט האָבן מיר איבערגעלעבט אַ צווייטע איבעראַשונג; מיין זיידע, שאַיע טשערוואָנאַגוראַ, איז געקומען צולויפן, ער האָט זיך אַרויסגעריסן פון זייערע הענט ביים פירן אים צום פּלאַץ. דער עס־דע־מאַן האָט נאָכגעשיקט זיין הונט וואָס האָט ביי מיין זיידן אַראָפּגעריסן די מאַרינאַרקע, ער, מיין זיידע איז געווען ביי די געדאַנקען, ער האָט אַראָפּגעוואָרפן די מאַרינאַרקע, וואָס איז געבליבן ביים הונט אין פּיסק און אַליין איז ער אַנטלאָפן. עס איז אים געלונגען אַריינצולויפן צו אַ גוי, אַ שכן, דאָרט איז ער איבערגעזעסן צוויי טעג מיט צוויי נעכט, נאָכדעם איז ער אַוועק צו פאַלקענבערגן און יענער האָט אים אַליין אַריינגעברענגט אין לאַגער.

אין דער פרי ביים אַפּעל זענען מיר, אַ האַלבע משפחה, געשטאַנען אין דער ריי.

ביי דער דאָזיקער אַקציע איז אַוועק דער גאַנצער יודענראַט מיט זייערע משפחות, זיי זענען די דייטשן שוין נישט נויטיק געווען...

דינסטיק האָט אויפגעהערט די אַקציע. פון דאָ און דאָרט האָבן אָנגעהויבן זיך אַרויסשאַרן די באַהאַלטענע יידן, די דייטשן האָבן זיי נישט געטשעפּעט, זענען געווען זיכער מיט זיי צו אַ צווייטן מאָל... איצט האָבן די דייטשן פאַרצוימט דאָס געטאָ מיט שטעכל דראָט, כדי דאָרט צונויפזאַמלען די איבעריקע יידן.

## אין פאַרמאַכטן לאַגער

דער לאַגער האָט געציילט פינף הונדערט מענטשן בלויז יוגנט, אויסער צוויי אַלטע לייט; מיין זיידע טשערוואָנאַגורא און בעניע בארנהאַלץ. דאָ אין לאַגער האָבן מיר זיך גערעכנט פאַר אמתע אַרעסטאַנטן, נישט געטאָרט זיך אַרויסרירן אַ טריט, דאָרט געשלאָפן, געגעסן און פון דאָרט געגאַנגען צו דער אַרבעט. דער אַרבעטס טאָג איז באַשטאַנען פון 7 אינדערפרי ביז 7 פאַרנאַכט.

די אַרבעטער זענען איינגעטיילט געוואָרן אין גרופּעס,

יעדע גרופּע האָט געהאַט זיין צוגס־פירער, ייִדן און פּאָליאַקן. יעדע גרופּע האָט געהאַט איר באַשטימטע אַרבעט. יעדער אַרבעטער האָט געטראָגן זיין נומער. די אַרבעט איז נישט געווען קיין געצאָלטע און דאָס עסן איז נישט געווען קיין עסן.

בערך זעקס חדשים האָט געדויערט דער געשלאָסענער לאַגער, דורך דער צייט האָבן מיר זיך צוגעגרייט צו דעם וואָס מיר האָבן פאַרויסגעזען, אַז עס וועט קומען. איצט זענען מיר שוין זיכער געווען, אַז מיר, די לעבנגעבליבענע אין לאַגער, זענען בלויז אַן אַרבעטס־רעזערוו פאַר די דייטשן און עס וועט קומען אַ צייט, ווען זיי וועלן אונדז שוין נישט דאַרפן, וועלן זיי אונדז ליקווידירן.

מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן ווי אַזוי אין אַזאַ פאַל זיך צו קענען ראַטעווען. אין די נעכט האָבן מיר אָנגעהויבן בויען אונטערערדישע היילן און באַהעלטענישן, אין פאַל ווען דער לאַגער וועט שטיין פאַר אַן אַקציע זאָלן מיר האָבן וווּ זיך צו באַהאַלטן. ווער ס׳האָט צוגעגרייט אַזאַ באַהעלטעניש ביי זיך אין הויז, אַנדערע, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין אָרט ביי זיך, האָבן זיך אָפּגערעדט מיט שכנים און געבויט ביי יענע. די דאָזיקע אונטערערדישע באַהעלטענישן זענען אויסגעוואַקסן צו אַ גרויסער צאָל, אַנדערע האָבן גאָר מאַסקירט אויף די בוידעמער, געמאַכט טאָפּל־ווענט.

סוף אַפּריל 1943 האָט אונדזער באַלעבאָס, דער פּאָליאַק אַנטאָניעוויטש, אונדז דערציילט, אַז ער קומט פון וואַרשע, ער האָט דאָרט געזען זייער שרעקלעכע זאַכן, די דייטשן באָמבאַרדירן דאָס געטאָ, שטורמען מיט טאַנקען און עראָפּלאַנען, אין געטאָ איז אַן אויפשטאַנד.

מיר האָבן געוווּסט, אַז אויסער מעזריטש און וואָלאַדאַווע, וואָס האָבן זיך ביז איצט גערעכנט ווי „יודנשטעט", איז אין דער גאַנצער לובלינער וואָיעוואָדסטווע שוין נישט צו געפינען קיין ייִד. טאָג טעגלעך האָבן מיר געזען דעם שוואַרצן רויך פון סאָביבאָר און דאָס אַלץ האָט אונדז נישט געלאָזט פאַרגעסן אין דעם וואָס ס׳שטייט אונדז פאַר. יעדע שעה און טאָג האָבן מיר זיך גערעכנט אויף אַן איבערפאַל.

אין חודש אַפּריל האָבן זיך געטראָגן קלאַנגען איבערן לאַגער, אַז אַ גרופּע פון פופצן מאַן מיט משה ליכטנבערג אין שפּיץ זענען אַוועק אין וואַלד אַלס פּאַרטיזאַנער. די דאָזיקע קלאַנגען האָבן זיך שפּעטער באַשטעטיקט, צווישן דער יוגנט האָט מען זייער פיל גערעדט וועגן דעם געשעעניש.

דעם ערשטן מאַי, דאָס איז געווען אסרו־חג נאָך פּסח, זענען מיר אַרויס אין דער פרי צו גיין צו דער אַרבעט. אין דער לופט האָבן מיר באַלד דערפילט אַז עפּעס קומט פאַר אָדער גרייט זיך. מיין פעטער אברהמל טשערוואָניגורי איז



אַרויס צווישן די געסלעך פון לאַגער, ער איז באַלד צוריקגעקומען און דערציילט, אַז ס׳קומט פאַר אַן אַקציע.

מיר האָבן קיין „סכראַן" נישט געהאַט. ביי אונדז אין שטוב איז נישט געווען קיין באַדינגונגען פאַר דעם. איך האָב געהאַט אָפּגערעדט מיט יחזקאל הובערמאַן, אַז ער בויט אַ „סכראַן" ביי די שוועסטער לעדערמאַן, וועלן מיר קענען קומען אַהין. כ׳האָב אויך געהאַט אַ צוזאָג צו קענען אַריינגיין אין אַן אַנדערן „סכראַן". איך בין געלאָפן דורך די געסלעך. פאַרביילויפנדיק די אָפּצווייגונג פון דער ווירקער גאַס, האָב איך שוין דאָרט געטראָפן באַשטעלט פון די „שוואַרצע", איינער פון זיי האָט געשאָסן צו מיר.

איך האָב באַוויזן אַריין אין געסל, וווּ כ׳האָב געהאַט אָפּגערעדט מיטן אַנדערן „סכראַן". דאָרט אָבער האָב איך געטראָפן דעם גאַנצן „סכראַן" פאַרשאָטן מיט אַ באַרג האָלץ. גיך בין איך אַוועק פון דאָרט, אויפן וועג האָב איך געטראָפן יחזקאלן. ער האָט מיר געזאָגט, אַז זיי גייען שוין פאַרמאַכן דעם „סכראַן" און איך זאָל שוין קומען.

אויפן אַפּעל־פּלאַץ האָב איך שוין געזען שטיין מענטשן. איך האָב זיך געשאַרט ביי די מויערן און דורכגעשלייכט זיך דורך די געסלעך, פאַרזיכטיק, שטיל און גיך, געוואָלט וואָס גיכער זיין אין שטוב.

צוזאַמען מיט דער מאַמען און די צוויי שוועסטער, (דער זיידע און דער פעטער זענען אַוועק זוכן אַ „סכראַן" און זענען מיט אונדז נישט געווען) זענען מיר אַוועקגעלאָפן צו כאַסקלען, מ׳האָט אונדז נאָכגעשאָסן און פונקט ווי איך ווייס נישט ווי אַזוי מיר האָבן איבערגעטראָגן און איבערגעלעבט יענע גרויליקע יאָרן, אַזוי ווייס איך נישט ווי אַזוי מיר האָבן זיך דורכגעריסן און מיר זענען אַריין אין סכראַן צוזאַמען מיט כאַסקלען, נאָך ייִנגלעך און די שוועסטער לעדערמאַן (איינע פון זיי איז לעבן געבליבן און געפינט זיך אין ד.־אַמעריקע). נאָך אונדז האָט זיך דער „סכראַן" פאַרמאַכט.

דער אַריינגאַנג אין סכראַן האָט זיך געפונען אין קיך, האַרט ביי דער קוך האָט זיך אויף דער פּאָדלאָגע געפונען אַ שטיקל בלעך, וואָס האָט באַוואָרנט, אַז די אַרויסגעפאַלענע ברענענדיקע קוילן זאָלן נישט אָנצינדן די פּאָדלאָגע, אונטערן בלעכל איז געווען דאָס טירל. מ׳האָט געדאַרפן אויפהויבן דאָס בלעכל, וואָס האָט געהאַט אַ האַלבן מעטער קוואַדראַט, האָט זיך געעפנט אַ טירל. ווען מ׳האָט זיך געפונען אין קעלערל האָט מען אַראָפּגעצויגן מיט זיך דאָס טירל, האָט זיך אויבן דאָס בלעכל אַראָפּגעלאָזט און פאַרמאַכט אַזוי, אַז מען האָט גאָרנישט געקענט דערקענען. אונטן איז געווען איינגעריכטעט מיט פּאָליצעס און אַן אָרט פאַר וואַסער.

מיר זענען געווען אָפּגעריסן פון דער וועלט, פונעם דרויסן, וואָס איז אָפּגעגאַנגען אין בלוט. פאַר די אויגן זענען געשטאַנען גע־שטאַלטן פון אונדזערע נאָענטע און די גרוי־ליקע בילדער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויפן זאַמל־פּלאַץ, די יללות האָבן נישט אויפגעהערט צו קלונגען אין די אויערן.



ר׳ יעקב און עטל פּאַרלייטער מיט זייערע קינדער מיט דער געלער לאַטע אין געטאָ וולאָדאַווע.

דער בונקער איז געווען אויסגערעכנט פאַר צען פּער־זאָן, און ווען מיר זענען אַראָפּ האָבן זיך שוין דאָרט גע־פונען פיר צענדליק מענטשן. עסן איז דאָרט געווען צוגע־גרייט פאַר צען פּערזאָן אויף עטלעכע טעג. עס זענען אויך געשטאַנען צוויי אָנגעפּילטע קעסלען וואַסער.

פון דער גוואַלדיקער ענגשאַפט איז די לופט אין קע־לערל געוואָרן ממש אָנגעגליט און מיר האָבן געפילט, אַז מיר ווערן פאַרברענט פון היץ, מיר זענען אינגאַנצן געווען נאַס, זיך געמוזט אויסטאָן און בלייבן אין די אונטערוועש, אָבער דאָס האָט אויך נישט געהאָלפן. צום עסן האָט קיינער זיך נישט צוגערירט, נאָר טרונקען האָבן מיר געוואָלט. הגם מיר האָבן זיך געזשאַלעוועט און קוים באַנעצט די ליפּן, ווייל מיר האָבן געוווסט, אַז צו אַנדער וואַסער וועלן מיר אַזוי גיך נישט קענען צוקומען, ווייל פּאָמפּען ביי נאַכט דעם פּלומפּ, ווען מיר וועלן זיך אַפילו איינשטעלן, קען ברענגען צו אַן אומגליק. דאָך אויף וויפל מיר האָבן געהיטן דאָס וואַסער, איז עס שטופּנווייז איינגעטרוקנט געוואָרן. מיר האָבן געפּרוווט מאַכן אַ ריי אַרויסצוגיין אין די נעכט ברענ־גען וואַסער, אָבער ס׳האָט זיך נישט איינגעגעבן. יעדער איינער האָט מורא געהאַט פאַר אַ דורכפאַל און אַלע צוזאַמען האָבן מורא געהאַט עס זאָל חלילה נישט פאַרשאַטן ווערן ס׳גאַנצע קעלערל.

איינמאָל איז אַפילו כאַסקל געגאַנגען ברענגען וואַסער, ער האָט שוין געהאַט אַ האַלבן עמער ווען מ׳האָט פּלוצים אָנגעהויבן שיסן, איז ער אַנטלאָפן, אָבער דעם האַלבן עמער וואַסער האָט ער יאָ געברענגט.

באַשרייבן דאָס געפיל פון שרעק און פחד ליגנדיק אין קעלערל, אָנגעשטופּט איינער אויפן אַנדערן, איז אוממעג־לעך. כ׳האָב שוין עטלעכע מאָל באַטאָנט, אַז אַזאַ געפיל



קען מען גאָרנישט איבערגעבן נישט מיט דערציילן און נישט מיטן באַשרייבן, אין אַלגעמיין זענען די אַלע איבערלעבונ־גען וואָס מיר, די לאַגער־און געטאָ־יידן האָבן איבערגעלעבט אין יענער גרויליקער צייט, אויסער די ראַמען פון מענטש־לעכע ליידן און פּיין און נישט איינער פון די לעבנגעבלי־בענע און ווייטערדיקע דורות וועלן זיך נישט קענען צוגלויבן צו דעם אַלעמען וואָס איך דערצייל. זיי וועלן טראַכטן, אַז עס איז נישט מעגלעך, מענטשן זאָלן קענען איבערלעבן אַזעלכע גרוילן.

מיר זענען געזעסן צוזאַמענגעקוועטשט אין קעלערל און געהערט טריט פון אויבן, ס׳האָט זיך אונדז אויס־געוויזן אַז אָט־אָט זיי געפינען אונדז. דאָס קעלערל איז גע־ווען גוט מאַסקירט און דער סופיט איז געווען אַ טאָפּלטער כדי עס זאָל זיך נישט הערן קיין הוילקייט ביים קלאַפּן אויף דער פּאָדלאָגע. אונטן איז דאָס קעלערל געגאַנגען אין אַ זיגזאַגיקער פאָרם, אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע באַוואָ־רענישן זענען אונדזערע הערצער ממש געשפּרונגען פון זייערע ערטער ביי יעדן שאָרך און שטילסטן גערויש פון אויבן.

אַזוי זענען מיר געזעסן אין קעלערל דריי טעג און דריי נעכט, זיך באַדנדיק אין טייכן אייגענעם און פרעמדן שוויס, וואָס דאָס האָט נאָך מער אַרויסגעצויגן אונדזערע אַזוי אויך אָפּגעשוואַכטע פיזישע כוחות.

אויפן דריטן טאָג, אינמיטן נאַכט, ווען ס׳האָט זיך נישט געהערט קיין טריט, זענען עטלעכע יינגלעך אַרויסגעגאַנגען, אַרויף אויפן בוידעם, זען וואָס ס׳הערט זיך אין לאַגער. די שטיקעניש אין קעלער איז געווען אומדערטרעגלעך, דער איינציקער ציגל וואָס מ׳האָט פריער געעפנט אין פונדאַמענט

האָט נישט געקענט אַריינברענגען און דורכלאָזן אַזויפיל לופט וויפל פערציק פערזאָן האָבן געדאַרפן.

די ייִנגלעך זענען אַראָפּגעקומען, געזאָגט אַז ס'איז שטיל און איצט איז קיין תכלית דאָ צו זיצן, מ'דאַרף אַוועקגיין אין וואַלד. מיר האָבן זיך אַלע אָנגעטאָן און אין דער זעלבער נאַכט זענען מיר אַרויס פון קעלער. אויבן האָבן מיר ערשט אויפגעלעבט אײַנציִענדיק אינזיך די פרישע לופט, וואָס מיר האָבן שוין נישט געהאַט גאַנצע דריי מעת לעת

אין יענער נאַכט האָבן זיך פּלוצים באַוויזן גרופּקעס מענטשן ,וואָס זענען אַרומגעקראָכן איבער גאַסן און געסלעך זוכן ערגעצוווּ זיך אַריינצובאַקומען. איצט האָבן אַלע געזוכט ווי זיך פון דאַנען אַרויסצובאַקומען, געלאָזט זיך צום טויער, שווייגנדיקע זיך באַוועגט צו זייער ציל. כאַראַקטעריסטיש, קיין דייטש, קיין „שוואַרצער" האָט זיך נישט באַוויזן, אין לאַגער איז געווען טויט שטיל, בלויז די שטיל שאַרכנדיקע טריט פון די זיך שלעפּנדיקע צעשראָקענע מענטשן האָבן זיך אָפּגעשלאָגן אויפן אַרומיקן פּלאַץ. דער טויער פון געטאָ איז געווען צעפּראַלט.

אויב כ'בין דעמלט בכלל פעאיק געווען אָפּצושאַצן אַ צאָל, האָבן זיך צוזאַמענגענומען אַ הונדערט אַזעלכע שאָטנס וואָס האָבן זיך אַ ריס געטאָן דורכן צעפּראַלטן טויער און מיר אַלע האָבן גענומען לויפן אין איין אָטעם, גלייך מוואָלט אונדז טאָקע געיאָגט. הינטער אונדז איז אָבער געווען שטיל און טויט ווי פריער. ערשט נאָך אַ הונדערט מעטער פון טויער, האָבן אַלע מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט זיך און אַריין אין אַ נאָרמאַלן גאַנג.

מיר זענען אַוועק מיטן וועג, וואָס פירט קיין ווירעק און מיר זענען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. ווען ס'איז געוואָרן טאָג האָבן מיר מורא געהאַט צו גיין. מיר האָבן אָנגעטראָפן אַ „זאַגאַיניק" און זיך דאָרט אויסגעלייגט, אָפּגעוואַרט ביז עס איז געוואָרן פינצטער און זענען ווייטער געגאַנגען. שפּעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אַ טאָג פריער האָבן די דייטשן אויפן זעלבן אָרט אויסגעשאָסן אַ גרויסע גרופּע ייִדן.

באַנאַכט זענען עטלעכע ייִנגלעך אַוועק טיפער אין וואַלד געוווי׳ער ווערן, זיי זענען צוריקגעקומען, דערציילט אַז אין אַדאַמפּאָל, דעם כראַביעס זאַמויסקיס גוּט, זענען דאָ ייִדן און זיי אַרבעטן דאָרט.

ווען מיר זענען שוין געווען אין אַדאַמפּאָלער לאַגער, זענען אַריין די עס־עס־לייט און אָנגעהויבן כאַפּן ייִדן. אַ טייל פון אונדז איז געלונגען אַרויסצורייסן זיך פון לאַגער און אַריין אין קאָרן, וואָס איז שוין געשטאַנען גאַנץ הויך די לופט האָט געשמעקט מיט דער כמעט רייף־געוואָרענער תבואה, אָבער וועמען איז דעמלט אָנגעגאַנגען צו טראַכטן וועגן שמעקנדיקע ריחות. געווען אַזעלכע, וואָס האָבן זיך



אויסגעלייגט אויף דער ערד אָפּרוען. איך מיט מיין שוועסטער זענען אָבער געלאָפן אַלץ ווייטער און טיפער אינעם קאָרן. מיר האָבן זיך געלייגט אין באַזונדערע פּלעצער. די שיסערייען זענען געווען שרעקלעכע, די געשרייען און געוואַלדן פון לאַגער און פון די וועלכע זענען געלעגן אין די ערשטע קאָרנבייטן, האָבן מיר דורכגעלעכערט די אויערן. איך בין געלעגן אומבאַוועגלעך, גאָר אָט הער איך האַרטע שטיוול־טריט, איך האַלט אײַן דעם אָטעם מיט פאַרקריצטע ציינער, אָט זע איך שוין די שטיוול, אַ מעטער צוויי פון מיר, מיין האַרץ קלאַפּט ווי מיט אַ שווערן האַמער. איך האַלט זיך איין מיט אַלע כוחות נישט אַרויסצולאָזן דעם שטילסטן אָטעם־צוג. מיט אַ באַטעריע האָט ער באַלויכטן דעם אַרום און כ'ווייס נישט ווי אַזוי עס איז געשען, ער האָט מיך נישט באַמערקט, כ'ווייס נישט ווי כ'האָב עס אויסגעהאַלטן און מיין האַרץ האָט נישט געפּלאַצט פאַר שרעק. ער האָט זיך פּלוצים אַ דריי געטאָן און אַוועק, כ'בין געווען געראַטעוועט.

פאַרטאָג האָבן זיי צוזאַמענגעקליבן די מענטשן, וועלכע זיי האָבן באַוויזן צו כאַפּן, זיי אויסגעשטעלט צום שיסן, צווישן זיי אויך מיין קראַנקע מאַמע. זעלינגער האָט אָבער אָפּגעבעטן און מען האָט אַלע אָפּגעלאָזט.

בערך צען אַזייגער אין דער פרי זענען פון לאַגער אַרויסגעקומען מענטשן, גערופן אין די קאָרנס, אַלע זאָלן אַרויסגיין, ווייל ס'איז שוין שטיל.

ווען מיר זענען אַרויס האָט זיך פאַר אונדז באַוויזן אַ שוידערלעך בילד; אין די ערשטע קאָרנאַריינגענג זענען געלעגן פיל הרוגים און שווער פאַרוואונדעטע.

מיר זענען ווידער געזעסן אין אַדאַמפּאָל, געאַרבעט, געהונגערט און געוואַרט אויפן טויט

אין אַ געוויסן טאָג האָט ביי פיל פון אונדז אויפגעלויכטן אַ שיין פון האָפנונג, מ'האָט געהערט וועגן די פאַרטיזאַנער, פיל פון אונדז האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן גיין אין וואַלד און אויפזוכן די פאַרטיזאַנער, אויך מיר האָבן שוין עטלעכע מאָל געפּרוּווט גיין זיי זוכן.

## איך און דער הירש...

אײַנמאָל אין אַ פאַרנאַכט, גייענדיק אין וואַלד, זוכדיק די שפּורן פון די פאַרטיזאַנער, האָבן מיר, איך און אַ חברטע, אויפן וועג צום לאַגער פּלוצים דערזען פון ווייטן צוויי שאָטנס מיט ביקסן. גאַרנישט זאָגנדיק איינע דער אַנדערער האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן, פאַרשטענדלעך אָדער אומבאַוווּסט, ווי ס'איז אין אַזאַ פאַל אויסגעקומען, זענען מיר געלאָפן באַזונדער אין פאַרשידענע זייטן. אין ווילדן געלויף האָב איך אַראָפּגעוואָרפן מיינע צעריסענע שיך און ווייטער זיך געלאָזט אין אַ גאַלאָפּ. פּלוצים בין איך אַרויס אויף אַ

„פּאַליאַנקע", פון דער פּלוצימדיקער אויפגעדעקטער פאַר־בלענדקייט אַן איין בוים בין איך געבליבן שטיין אַ פאַר־סאַפּעטע. מיין גאַנצער קערפּער האָט זיך געוואָרפן פאַר שרעק נישט אַנטדעקט צו ווערן.

אין דער זעלבער מינוט איז פון יענער זייט „פּאַליאַנקע" שטיין געבליבן אַן אַנלויפנדיקער הירש, ער האָט ווי איך אָפּגעסאַפּעט, זיך אַרומגעקוקט, אַרויסגעזעצט זיינע צעשראָ־קענע הירשנאַויגן, מיך באַטראַכט און פייל פון בויגן איז ער צוריק אַריין אין וואַלד און פאַרשוווּנדן. אויך איך האָב געטאָן דאָס זעלבע און צוריק אַריין אין וואַלד...

## ר' ישעיה טשערוואָנאָגורא

אן אַפּשטאַמיקער פון זאַמבראָוו האָט ער זיך באַ־זעצט אין וולאָדאַווע אין יאָר 1919. ער האָט אָפּ־געקויפט די פּאַראָווע מיל פון אליעזר באַרנהאָלץ בשותּפות מיט מרדכי גורפינקעל. די מיל איז געווען אַ שם דבר אין וולאָדאַווע און אין דער גאַנצער געגנט. חוץ מעל און אייל פון דער אַליאַרנע האָט די פּאַראָווע מיל געהאַט אויך אַן עלעקטראַווניע, וואָס האָט נאָך פאַר דער ערשטער וועלט־מלחמה באַזאָרגט מיט עלעקטרישער באַלייכטונג דאָס גאַנצע שטעטל, די גאַסן און הייזער און אויך די גאַנצע געגנט. די מיל האָט באַשעפטיקט אַ סך אַרבעטער און איז געווען אַ וויכטיקער מקור פון חיונה פאַר אַ צאָל יידישע משפחות אין וולאָדאַווע.

ר' שאַיע טשערוואָנאָגורא איז געווען טעטיק אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון וולאָדאַווע, האָט אַ צייט פאַר־נומען דעם אַמט פון פּרעזעס אי ןדער קהילה און איז אויך געווען ראַטמאַן אין מאַגיסטראַט. ער איז אויך געווען באַ־קאַנט אַלס נדבן, וואָס האָט זיך מיט דער גרעסטער וואָ־רעמקייט אָפּגערופן אויף אַלע הצטרכותן פון דער קהילה אין וולאָדאַווע.

זיין איידעם דוד לוסטיגמאַן איז געווען אַ סאָקאָלאָ־ווער חסיד און אין קאַנטאָר פון די מיל האָט זיך געפונען דער מנין, וווּ סאָקאָלאָווער חסידים האָבן געדאַוונט יעדן שבת און יום־טוב. עס האָבן דאָרט געדאַוונט אויך אַנדערע חסידים און סתם מתפללים, וואָס האָבן זיך גוט געפילט אין דער אַטמאָספער פון די סאָקאָלאָווער חסידים.

אין טאָג ווען די נאַציס האָבן פאַרנומען וולאָדאַווע, האָבן זיי גלייך איבערגענומען די מיל און אויך אַרומגע־באַלעבאַטעוועט אינעם גאַנצן הויז. די משפחה טשערוואָנאָ־גורא איז געלעגן אין אַ קעלער אין הויף פון דער מיל. ר' שאַיעס הויפּט־זאָרג איז געווען די ספר־תורה, וואָס האָט זיך געפונען אין קאַנטאָר און ער האָט זיך געזאָרגט ווי אַזוי אָפּצוראַטעווען די ספר־תורה. זיין טאָכטער באַסיע



לוסטיגמאַן האָט דעמאָלט איינגעשטעלט דאָס לעבן, האָט זיך אַרומגעוויקלט מיט אַ פּאַטשיילע און איז אַריין אין קאַנטאָר. פאַר איר האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שוידערלעך בילד: די ספר־תורה איז געלעגן אויסגעשפּרייט איבער דער גאַנצער פּאָדלאָגע און די נאַציס האָבן זיך דערביי פריילעך געמאַכט, געטרעטן און געשפּרונגען איבערן הייליקן ספר.

באַסיע לוסטיגמאַן איז אַ ווײַלע געבליבן שטיין און נישט געקענט רירן מיט קיין אבר, אָבער באַלד האָט זי דערפילט אין זיך פאַרבאָרגענע כוחות און ביים הילכיקן געלעכטער פון די נאַציס האָט זי גענומען צונויפוויקלען די ספר־תורה און איינגעהילט אין דער פּאַטשיילע, איז זי אַ גלייכגילטיקע צום געלעכטער פון די נאַציס און צו דער גרויסער געפאַר, וואָס האָט געלויערט אויף איר, אַרויס פונעם קאַנטאָר. עס איז געשען דער נס און די נאַציס האָבן אין איר דערשיינען און אָוועקגיין געזען עפּעס אַ מאָדנע פריילעכן ספּעקטאַקל און האָבן איר גאָרנישט געטון. באַסיע האָט די ספר־תורה געבראַכט אין קעלער, ווו אַלע האָבן ביי איר דערשיינען זיך צעוויינט.

שפּעטער איז ר' שאַיע אויך געווען צווישן די איין־און־דרייסיק ערובניקעס, וואָס מען האָט אַרעסטירט אין נאָוועמבער 1939, זיי אָוועקגעפירט קיין כעלם, ווו די געסטאַפּאָ האָט זיי מערדערלעך געשמיסן און געשלאָגן.

צוליב אַ בילבול איז געווען אַ משפּט אויף ר' שאַיען אין לובלין און מען האָט אים פאַרמשפּט אויף 15 חדשים תּפיסה און זייענדיק אַ פרומער ייד האָט ער די גאַנצע 15 חדשים נישט פאַרזוכט פונעם טריפענעם עסן, געלעבט די גאַנצע צייט פון זיין אַרעסט אויף ברויט און וואַסער.

זיין משפּחה האָט זיך שוין געהאַט מייאש געווען פון אים, ווייל אַלע באַמיאונגען אים צו באַפרייען האָבן נישט גע־האָלפן, אָבער פּלוצלינג האָט מען אים אַרויסגעלאָזט פון תּפיסה און ווען ער איז אַהיימגעקומען האָט ער געאַרבעט ביים דייטשן שעף פאַלקענבערג.

נישט געקוקט אויף זיין עלטער האָט ער שווער און ביטער געאַרבעט, געהאַקט האָלץ און געטראָגן שווערע משאות. געשפּייזט די משפּחה האָט ער פון דעם, וואָס ער האָט פאַרקויפט די לעצטע שטוב חפצים צו באַקאַנטע קריסטן.

בעת דער פערטער אַקציע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 6־טן נאָוועמבער 1942, איידער דער אַרבעטס־לאַגער האָט זיך געשלאָסן, האָט מען אים געכאַפּט און אַרויסגעפירט צום ספּאָרט־פּלאַץ, ווו עס איז געווען דער זאַמלפּונקט צו פאַרשיקן קיין סאָביבאָר. ר' שאַיע האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון וווהין מען פירט זיי און אין דער לעצטער מינוט איז ער אַרויסגע־לאָפן פון די רייען. די דייטשן האָבן אים נאָכגעשאָסן, אָבער נישט געטראָפן און ער איז ווייטער געלאָפן. דאַן האָבן די

היטלעריסטן אַנגערייצט אויף אים דעם דרעסירטן הונט, וואָס האָט אים דעריאָגט און אָנגעכאַפּט ביים רעקל. ר׳ שאַיע איז ווייטער געלאָפן און האָט באַוויזן אַראָפּצוואַרפן פון זיך דאָס רעקל, וואָס איז געווען אינעם פּיסק פון הונט. ער האָט באַוויזן צו אַנטרינען פון די היטלעריסטן און זיך באַהאַלטן ביי אַ באַקאַנטן קריסט.

אויף צומאָרגנס אינדערפרי איז ער פון קריסט געגאַנגען צו פאַלקנבערגס לאַגער און מיט דער הילף פון לאַגער-פירער פאַלקענבערג זיך אַריינגעשמוגלט אין פאַרשלאָסענעם לאַגער, ווו עס האָבן געאַרבעט אַן ערך פינף הונדערט יונגע מענטשן. בלויז ר׳ שאַיע און ר׳ בעני בארנהאַלץ זענען געווען די איינציקע עלטערע מענטשן ,וואָס זענען געבליבן אַרבעטן אין לאַגער.

בעת דער לעצטער אַקציע, וואָס איז פאָרגעקומען דעם 1-טן מאַי 1943, האָט ר׳ שאַיע זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער אויף דער ווירקער-גאַס. נאָך דריי מעת-לעת זיצן אינעם קעלער האָט ער דערפילט ווי׳ עס לאָזן זיך אים אויס די כוחות און ער איז אַרויס אַריינאָטעמען אין זיך אַ ביסל פרישע לופט.

ער איז אַריין אין אַ הויז ,וואָס איז געווען אויסגעליידיקט פון די איינוווינער, וועלכע מען האָט אַוועקגעפירט קיין סאָביבאָר און האָט זיך אַנגעטראָפן אויף אַ פּאַליאַק, וואָס איז געקומען אַהין ראַבעווען .יענער האָט גלייך צוגעטראָגן צו די דייטשן, אַז עס באַהאַלט זיך דאָרט אויס אַ ייד. די דייטשן זענען אַריין אין הויז און ר׳ שאַיען אויפן אָרט דערשאָסן.

## די עקאָנאָמישע לאַגע און דער „קאָאָפּעראַטיוו" אין געטאָ

אין אָנהויב פון 1940 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן קאָנפיסקירן אַלע יידישע געשעפטן און אַלע גרעסערע און קלענערע יידישע אונטערנעמונגען ווי מילן, גאַרבאַרניעס און אַנדערע וואַרשטאַטן. דאָס אַלץ האָבן זיי איבערגעגעבן די אוקראַינער, וועלכע זענען זיך צוזאַמענגעלאָפן אין שטאָט פון אַלע אַרומיקע דערפער. אויסער דעם האָבן זיי אַרויסגעטריבן די יידן פון אַלע בעסער-באַוווינטע הייזער. טייל פון די דירות האָבן זיי פאַרנומען פאַר זיך, די איבערגעבליבענע האָבן זיי אָפּגעגעבן פאַר די אוקראַינער, וועלכע האָבן מיטגעאַרבעט מיט זיי.

די יידן זענען געווען געצוווּנגען זיך אַריבערציען צו באַקאַנטע אָדער אין אַנדערע קליינע דירות, זיך ממש אַריינשטופּן מיט עטלעכע משפּחות צוזאַמען אין אַ שרעקלעכער ענגשאַפט.



נאָך דער קאָנפיסקאַציע פון די יידישע געשעפטן, האָט זיך די עקאָנאָמישע לאַגע ביי דער יידישער באַפעלקערונג שטאַרק פאַרערגערט; די צוגערויבטע געשעפטן און אונטערנעמונגען האָבן צוגענומען די פרנסות אויך ביי די יידן, וואָס פלעגן זיך דרייען אַרום די דאָזיקע געשעפטן אָדער געאַרבעט אין די אונטערנעמונגען. דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויפן יידישן בעל מלאכה און אויף זייערע אַרבעטער. ס׳איז נישט געווען ווו צו פאַרדינען אַ גראָשן, בפרט אַז דער האַנדל מיט די פויערים האָט נאָך דער קאָנפיסקאַציע שטופּנווייז זיך אָפּגעשטעלט. יידן האָבן געהונגערט, באַזונדערס אַרבעטער-משפּחות, וועלכע האָבן איצט ממש נישט געהאַט קיין פּיצל ברויט פאַר זייערע קינדער.

די פאַרמעגלעכע יידן האָבן נאָך געהאַט וואָס צו פאַרקויפן, האָבן אַלץ אויספאַרקויפט פאַר אַ ביסל שפּייז, אָבער הונדערטער און הונדערטער אַרבעטער-משפּחות און סתם אָרעמעלייט האָבן נישט געהאַט וואָס פון זיך אַראָפּצופאַרקויפן. די לאַגע איז געוואָרן פון טאָג צו טאָג שרעקלעכער. אמת, מ׳האָט נאָך געפּרוּווט צוטיילן שטיצע, אָבער קיין שום הילף איז נישט אימשטאַנד געווען צו לינדערן די נויט.

אין זעלבן יאָר האָבן די דייטשן געכאַפּט אויף צוואַנגס-אַרבעט און אויפגעצוווּנגען דעם יודענראַט, ער זאָל צושטעלן יידן צו פאַרשידענע אַרבעטן.

אין 1941 יאָר האָבן די דייטשן ווידער קאָנפיסקירט הייזער און ווידער אָפּגעגעבן די דירות צו פריש אָנגעקומענע אוקראַינער, וואָס האָבן געוואַרט אויף פרישן רויב און עס איז געשאַפן געוואָרן אַן אָפּגעזונדערטער יידישער וווינונגס-קוואַרטל.

דערצו זענען נאָך צוגעקומען די אָנגעטריבענע קאָלישער יידן אין יאָר 1940 און די מיעליצער יידן אין יאָר 1941, וועלכע מען האָט אויך איינגעאָרדנט צו משפּחות אין יעדער דירה. די ענגשאַפט איז געווען אין לשער.

עס איז אַרויס אַ נייער געזעץ, אַז די יידן טאָרן נישט קויפן ביי די פויערים קיין שום שפּייז און אויך נישט אין די ביי זיי צוגענומענע געוועלבער ביי די אוקראַינער. דאָס האָט שוין אינגאַנצן דערשלאָגן אַפילו די, וואָס האָבן נאָך געהאַט עפּעס וואָס אַראָפּצופאַרקויפן פון זיך.

די דייטשן האָבן אַרויסגעגעבן קאַרטן, וואָס האָבן צוגעטיילט יעדן נפש צו הונדערט גראַם ברויט אַ טאָג, וואָס דאָס האָט מען באַקומען ביי צוויי יידישע בעקערס.

אין דער זעלבער צייט האָבן די דייטשן געשאַפן אַן אָפּענעם אַרבעטס-לאַגער.

איצט האָבן שוין אַלע געהונגערט. פון מאָל צו מאָל האָבן די דייטשן צוגעוואָרפן פאַר די יידן עטלעכע פאַרפוילטע

קאַרטאָפל, וואָס די קריסטלעכע באַפעלקערונג האָט נישט געוואָלט קויפן און דאָס איז אויך געווען אויף די קאַרטע.

די לאַגע איז ממש געווען אַ געפערלעכע. דער יודענראַט האָט אויסגעפועלט ביי די דייטשן, זיי זאָלן דערלויבן שאַפן אַ געוועלב אין געטאָ, מ׳זאָל כאָטש עפּעס קענען לינדערן דעם גרויזאַמען הונגער ביי דער יידישער באַפעלקערונג. דאָס געוועלב האָט מען גערופן „קאָאָפּעראַטיוו".

דאָ האָט מען געקאָנט קויפן אַן קאַרטן: זאַלץ, שוועבע־לעך, ליכט, שנוראַוואַדלעס, זויער־זאַלץ און נאָך אַנדערע קלייניקייטן. אָבער דאָס אַלץ האָט נישט געקענט אויף איין פּראָצענט אַפילו לינדערן דעם הונגער.

פון מאָל צו מאָל, ממש צו חדשים, פלעגן די דייטשן צוּוואַרפן אין „קאָאָפּעראַטיוו" אַ בסל שוואַרצן צוקער אָדער אַ פּאָר פאַרפוילטע קאַרטאָפל, דאָס שוין אויף די קאַרטן.

אין קאָאָפּעראַטיוו האָבן געאַרבעט מיין שוועסטער, נחמה לוסטיקמאַן און עלקע ריכטמאַן.

אַזוי מער ווייניקער האָט אויסגעזען די שרעקלעך טראַ־גישע עקאָנאָמישע לאַגע ביי די יידן אין וולאָדאַווע ביזן אָנהויב פון די בלוטיקע אַקציעס, וואָס זענען טראַנספּאָרטירט געוואָרן קיין סאָביבאָר און אויף וויפל מ׳זאָל וועלן שילדערן די דאָזיקע לאַגע אין איר ווירקלעכקייט, וועט זי אַלץ אַרויס־קומען בלאַס און נישט רעאַל לויט דער טראַגישקייט וואָס האָט זיך אָפּגעשפּילט ביי די וולאָדאַווער יידן אין די בלוטיקע פיר יאָר ביז דער לעצטער אַקציע.

ס׳בלייבט צוצוגעבן, אַז דער דאָזיקער „קאָאָפּעראַטיוו" האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן בעת דער דריטער און גרעס־טער אַקציע, ווען עס זענען פאַרשיקט געוואָרן בערך ביז צען טויזנט יידן קיין סאָביבאָר. דאָס איז געווען אין 24 אָק־טאָבער 1942. צוזאַמען מיט דעם האָט זיך כמעט ליקווידירט דאָס יידישע לעבן אין וולאָדאַווע.



ר׳ יעקב שיסגאַל מיט זיין משפּחה.

אין יענע טעג האָבן אַלע געטראָגן די געלע לאַטעס אויף די אָרעמס. אין יענער טרויעריקער צייט אין וולאָדאַווער געטאָ האָבן משפּחות נאָך שטאַרקער געטוליעט זיך איינע צו די אַנדערע, באַמיט זיך קעגנזייטיק צו העלפן דורכמאַכן די שווערע יסורים, געקרעכצט און געוואַרט אויף אַ נס, וועלכער איז ליידער נישט געקומען.



נאָך דער פערטער אַקציע האָבן די דייטשן געשלאָסן דעם לאַגער פאַלקענבערג און געשלאָסן דאָס געטאָ אין וולאָדאַווע, ווו עס זענען זיך ווידער צוזאַמענגעלאָפן באַהאַלטענע יידן, וועלכע פאַלקענבערג האָט נישט אַריינגעלאָזט.

די יידן אין פאַלקענבערגער לאַגער האָבן באַקומען קליי־נע דאָזעס שפּייז און ביי די ווידער צוזאַמענגעלאָפענע אָפּ־גענאַרטע יידן אין געשלאָסענעם געטאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער לעצטער געראַנגל פאַרן אומגליקלעכן לעבן, וואָס האָט געדויערט עטלעכע בלוטיקע חדשים ביז צו דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע פון יידן אין וולאָדאַווע דעם 1־טן מאַי 1943.

**שרה אַמאַלינסקי־לוסטיגמאַן**



נחמה לוסטיגמאַן

אין די טעג, ווען זי האָט געאַרבעט אַלס פאַרקויפערין אינעם יידישן קאָאָפּעראַטיוו, וועלכער איז געשאַפן געוואָרן אין וולאָדאַווער געטאָ.

ש. ליזא

# אין קאמף פארן לעבן

ווען די דייטשן האָבן איינגענומען וולאָדאַווע, בין איך אַריבער דעם בוג, קיין טאָמאַשעווקע, ווו עס זענען געווען די סאָוויעטן. דאָרט האָב איך געוווינט ביזן דייטשן איבערפאַל אויף ראַטנפאַרבאַנד. די שיסעריי האָט אין גאַנצן געדויערט אַ פּאָר שעה און געפאַלן זענען דרייסיק קר־בנות פון דער ציוויל־באַפעלקערונג, צווישן זיי: פרוי שער־מאַן, פרוי לייכטער, די מוטער און די פרוי פון לייבל גאָלדמאַן. ער מיטן קינד זענען פאַרוווּנדעט געוואָרן.

באַלד ווי די דייטשן זענען נאָר אַריין אין שטעטל און גע־נומען מאַכן זייער „אָרדענונג", זענען געפאַלן נאָך צענדליקער קרבנות און צווישן זיי: יעקב־יצחק עקהויז און עליע קאַצמאַן. עס האָבן זיך אָנגעהויבן די פינצטערע טעג פון פּיין און אימת־מוות, פון רויבן יידיש האָב־און־גוטס, כאַפּן אויף אַרבעט, שלאָ־גן, פּייניקן, דערשיסן. און ערב ראש־השנה איז געקומען דער באַפעל, אַז במשך 24 שעה מוזן אַלע פאַרלאָזן זייערע היימען און אַריין אין אַ באַשטימטן געטאָ־שטח.

דער באַפעל איז געקומען אין אָוונט און די פּאַניק איז אומבאַשרייבלעך. מען איז געלאָפן צום יודענראַט, וואָס האָט געדאַרפט באַשטימען וווינונגס־ערטער, אָבער דער יודנראַט אַליין איז געווען צעטומלט און אומבאַהאָלפן. צום סוף איז אָנ־געפּאַקט געוואָרן צו אַכצן נפשות אין אַ קליין צימערל און דאָס געטאָ איז אַרומגעצוימט־געוואָרן מיט שטעכל־דראָט.

ווי „פריילעך" עס איז אונדז געווען אַ גאַנצע וואָך, האָט זיך שוין דער לייטענאַנט העכט, דער שעף פון דער „טאָט־אָרגאַניזאַציע", באַמיט, אַז אונדזערע שבתים און יום־טובים זאָלן זיין נאָך „פריילעכע" און ער פלעגט קומען, צוזאַמען מיט לוסטיקע גרופּעס אָפיצירן, איינצואָרדענען פאַר זיי ספּעקטאַק־לען: ער פלעגט באַפעלן דעם יודענראַט צונויפצורופן אַלע יידן אויפן יודענראַט־פּלאַץ און אויסשטעלן זיי אין רייען. די יידן האָבן געמוזט מאַכן ספּאָרט־איבונגען, פאַלן, אויפשטיין, לויפן, פויזן. ווער עס האָט נישט געקענט מיטמאַכן דעם ווילדן טעמפּאָ, איז מערדערלעך געפּייניקט געוואָרן: דרעסירטע הינט האָבן דאַן געריסן פון יענעם שטיקער, אָדער ער איז באַגראָבן געוואָרן ביזן האַלדז אין דער ערד. אַזעלכע „ספּעקטאַקלען" האָבן געדויערט צו פיר־פינף שעה און אַזוי זענען דורכגעגאַנ־גען אונדזערע יידישע יום־טובים.

נאָך שבועות איז געמאָלדן געוואָרן וועגן אַן אויסזידלונג.



אַלע, פון פופצן ביז פופציק יאָר, מוזן זיך שטעלן אויפן יודענ־ראַט־פּלאַץ און מען קען מיט זיך מיטנעמען קליינעם האַנט־געפּעק. פון באַגינען אָן זענען אַרומגעלאָפן אוקראַינישע פּאָ־ליציסטן איבער די יידישע הייזער און זיי האָבן אַלעמען גע־טריבן צום יודענראַט־פּלאַץ און פון דאָרט — צו דער פּאָליציי־געביידע, ווו מען האָט אַריינגעלאָזט איינציקווייז. איינעווייניק איז יעדערער רעווידירט געוואָרן און מען האָט ביי אים אַלץ צוגענומען.

שפּעטער איז דורכגעפירט געוואָרן אַ סעלעקציע: 230 פּערזאָן, שוואַכע און קראַנקע, זענען באַלד אַוועקגעפירט גע־וואָרן מיט אַ לאַסט־אויטאָ אין וואַלד, ווו מען האָט זיי דער־שאָסן. די איבעריקע, אַרום טויזנט נפשות, זענען פאַרשפּאַרט געוואָרן אין אַ לאַגער (ביי עפּלען אין הויף) און זיי האָבן גע־אַרבעט אין וואַרשטאַטן, טאַרטאַקן, גערטנער און וועלדער.

בעת דער דאָזיקער אַקציע האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז די קינדער ביז פופצן יאָר און די עלטערע לייט, וואָס האָבן זיך נישט געמוזט צושטעלן — וועלן פאַרניכטעט ווערן. איך האָב דעריבער באַשלאָסן, נישט איבערצולאָזן מיינע קינדער און זיך נישט צושטעלן. מיר זענען אַרויף אויפן בוידעם און זיך באַהאַלטן.




ברוכל שניידערמאַן און נאָך אַ יידישער פּאַרטיזאַן, וועלכע זענען געפאַלן אין שלאַכט מיט די דייטשן. זייערע חברים גיבן זיי אָפּ דעם לעצטן כבוד.

זאָלן דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן די יידן, וואָס זייענדיק געצוווּנגען צו אַרבעטן אין יודענראַט, האָבן זיך באַמיט צו טראָגן הילף דעם געטאָ. זיי האָבן אינפאָרמירט פאָרויס וועגן אָנקומענדיקע געפאַרן. אויך מיך האָבן זיי געהאָלפן: דערוויסנדיק זיך אַז איך בין אין אַ באַהעלטעניש, האָט צומאָרגנס טוביה ליכטענבירג געשיקט מיט זיין ניין־יאָריק טעכטערל אַ צייגעניש פאַר מיר, אַז איך בין אַ געטאָ־סאַניטאַרין, באַשטימט פון יודענראַט. צווישן די עטלעכע סאַניטאַרינס, וואָס האָבן זיך שוין געמעגט פריי באַוועגן, זענען אויך געווען: די פרוי און די טאָכטער פון אהרן האָלצמאַן און חוהטשע ציטערשפּולער.

ערב יום־כיפּור 1942 האָט דער זון פון יודענראַטלער שלמהקע ראָטנבערג אָנגעזאָגט, אַז אַ נאַכט פריער האָבן די אוקראַאינער אויסגעגראָבן אַ ריזיקע גרוב. מען נעמט אָן, אַז דאָס דאַרף זיין אַ ברידער־קבר פאַר אַלע טאָמאַשוווקער יידן, וואָס וועלן ליקווידירט ווערן אין טאָג פון יום־כיפּור.

די גרויליקע שרעק האָט צעטומלט די מוחות און מען האָט זיך נישט געקאָנט דערטראַכטן, וואָס צו טאָן.

מען האָט זיך אויך דערוווּסט, אַז אין לאַגער איז פאָרגעקומען אַ רעגיסטראַציע פון פאַך־ספּעציאַליסטן, וועלכע מען וועט מסתמא דערווייל נישט טשעפּען.

די פּאַניק איז געווען אומבאַשרייבלעך. אָבער אַנשטאָט צו פּרוּוון אַנטלויפן פון געטאָ, זענען יידן געגאַנגען צו כל־נדרי, אויסצוּוויינען די ביטערע געמיטער און אויסבעטן אַ נס, אַז דער פינצטערער גזר זאָל צעריסן ווערן.

טייל יידן האָבן זיך אויסבאַהאַלטן און אויך איך מיט מיינע קינדער זענען אַריין אין אַ סכראָן" מיט נאָך פערצן פּערזאָן. אין אָוונט איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן. די ס.ס.־לייט האָבן זיך אַריינגעריסן ווי ווילדע פאַרצוקנדיקע חיות, זיך געוואָרפן אויף יידן און זיי געטריבן פון די ווינונגען. „קאָם היער! קאָם, קאָם, קאָם!" האָבן זיי געשריען צו יעדן אַנטלויפנדיקן. און דאָס געשריי האָט געשטאָכן אין די אויערן, אין די געהירן און עס שטעכט נאָך אַצינד, ווען איך דערמאָן זיך אָן יענעם געשריי זייערן.

פון מיין באַהעלטעניש האָב איך געזען, ווי אין צוקערמאַנס הויף האָט מען צונויפגעשלעפּט אַרום אַ פופציק זקנים און קינדער, וואָס האָבן נישט געקענט גיין און מען האָט זיי אויסגעשאָסן מיט אַ מאַשין־געווער. שפּעטער האָט זיי אַ לאַסט־אויטאָ אַוועקגענומען צום גרויסן ברידער־קבר.

די יידן פון לאַגער זענען אַרויסגעפירט געוואָרן און אויסגעשטעלט געוואָרן אין רייען. הינטער זיי — אַלע איבעריקע יידן פון געטאָ. אין דער ערשטער ריי זענען געגאַנגען די פיר שענסטע מיידלעך פון שטעטל. איינע פון זיי, טאָניע קליינער, איז בעתן מאַרש אַראָפּ פון זינען. זי האָט געטאַנצט, געזונגען און געלאַכט. אַ צווייטע, שרה קראַמאַזש, אַ חסידישע טאָכטער,



האָט זיך ביז צום קבר פאַרהאַלטן רויק, אָבער ביים ראַנד פון קבר האָט זי אויסגערופן:

— יידן, לאָמיר שטאַרבן מוטיק! מיר קומען אום נישט פאַר קיין פאַרברעכנס, נאָר ווייל מיר, יידן, שטייען העכער פון זיי! גאָט, נעם נקמה! — און זי איז די ערשטע אַריין אין גרויסן ברידער־קבר.

דאָס אַלץ האָט שפּעטער דערציילט איינער פון די געשאָסענע, וועמען די קויל האָט נישט געטראָפן. ביינאַכט איז ער אַרויסגעקראָכן פון צווישן די טויטע. דערביי האָט ער געשילדערט דעם טויט פון זיין שווער, ר' איטשע ביאַלי, וועלכער איז געווען אַ פרומער ייד און אַ בן־תורה. ער איז געגאַנגען צוזאַמען מיט זיין גאַנצער משפחה, מיט קינדער און אייניקלעך — פינף־און־פערציק פּערזאָן. אין דער לעצטער מינוט פון זיין לעבן, ווען מען האָט אים באַפוילן זיך אויסצוטאָן נאַקעט אין קעגנוואַרט פון פרויען און קינדער — האָט ער אויפגעהויבן די אויגן צום הימל און אויסגערופן:

— גאָט! שעם זיך דו! — — —

ר' איטשע ביאַליס איידעם, וועלכער האָט דאָס אַלץ דערציילט, איז שפּעטער אַוועק אין וואַלד און ער איז דאָרט אומגעקומען.

אין דעם יום־כיפּור־טאָג האָבן די דייטשן אויסגעשאָסן עלף הונדערט יידן. אַרום אַ צוויי הונדערט יידן איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן. די אוקראַאינישע פּאָליציי, אָבער, איז אַרומגעגאַנגען טאָג־און־נאַכט און געזוכט די באַהעלטענישן. וועמען זיי האָבן געפונען, האָבן זיי דערשאָסן אויפן אָרט.

זעקס טעג נאָך דער ליקווידאַציע פון געטאָ, זענען מיר אויך אַנטדעקט געוואָרן.

עס איז געווען אַ הייסער שטיקנדיקער טאָג און באַזונדערס הייס און שטיקנדיק איז געווען אין אונדזער ענגער באַהעלטעניש. דער דורשט האָט געפּייניקט ביז משוגעת. פּלוצלונג האָט אָנגעהויבן רעגענען. אַ ייד פון אַ שכנותדיקער באַהעלטעניש האָט אַרויסגעשטעקט זיין האַנט, צו כאַפּן אַ פּאָר טראָפּנס רעגנוואַסער אויף צום באַנעצן די ליפּן. דאָס האָט באַמערקט אַ שגצל, וועלכער האָט גלייך געמסורט און די געשטאַפּאָ האָט גענומען ענערגיש נישטערן אין אַלע אַרומיקע קעלערן און בוידעמס. דאַן האָבן זיי אויך אונדז אַנטדעקט און אַרויסגעטריבן. צוזאַמען האָבן זיך אָנגעקליבן אַ 180 נפשות. עס איז אָבער צוגעפאַלן די נאַכט פון ערב זונטיק (די מערדערס רוטאָג) און זיי האָבן אונדז געלאָזט לעבן ביז מאָנטיק.

שבת־צו־נאַכטס איז אַ קליינער גרופּע געלונגען צו אַנטלויפן אין וואַלד אַריין. זונטיק ביינאַכט האָט נאָך אַ גרופּע פּרובירט און איז דורכגעפאַלן.

מאָנטיק אין דער פרי זענען די תליונים געקומען מיט העלמס און אויטאָמאַטן, ווי צו אַ העלדישער שלאַכט. אַלע זע־

נען אַרויסגעטריבן געוואָרן פון די באַראַקן און אויסגעשטעלט געוואָרן אין רייען. קינדער האָבן געפלאַטערט און זיך געטוליעט צו די מאַמעס מיט אַנגסטיקע געשרייען.

איך מיט מיינע קינדער האָבן זיך געפונען אין אַ הינטערשטן באַראַק און אַנשטאָט אַרויסגיין, בין איך מיט זיי אַרויפגעקראָכן אויף אַ דריט־שטאָקיקער פּריטשע. איך ווייס ביז היינט נישט, פון וואַנען עס האָבן זיך צו מיר די כוחות דערנומען: איך האָב אָפּגעריסן אַ ברעט פון דער וואַנט, וואָס האָט געפירט אין אַ שכנותדיקן באַראַק, וועלכער איז געשטאַנען פּוסט און געשלאָסן. איך האָב אַהין אַריינגעוואָרפן מיינע קינדער און האָב זיך אויך אַדורכגעשטופּט.

דער באַראַק האָט זיך דאָרט געצויגן אַ 200 מעטער די לענג. מיר זענען אַוועק ביז צום אַנדערן עק. קיין פּאַדלאָגע איז נישט געווען, זענען מיר אַרונטערגעקראָכן אונטער אַ פּריטשע און זיך דאָרט פֿאַרגראָבן אין דער ערד.

אַלע יידן זענען דאַן אַרויסגעפירט געוואָרן צום ברידערקבר און זענען דאָרט דערשאָסן געוואָרן.

נאָך אַ פּאָר שעה ליגן אין טויטשרעק, האָב איך באַנומען, ווי עפּעס קריכט אונטער דער פּריטשע. איך בין זיכער געווען אַז דאָס איז אַ שפּיר־הונט, וואָס האָט אונדז דערשמעקט. אָט וועט ער אונדז באַפאַלן, בילן און רייסן פון אונדז שטיקער! אינדעם, הער איך א געדעמפּט, פליסטערנדיק רופן: ליזאַ, ליזא! דאָס איז געווען מעכל ווייסברויט.

איך האָב זיך דערפרייט מיט דעם איינציק לעבנגעבליבענעם פון דער גאַנצער גרופּע, בפרט נאָך, אַז ער קען גוט דעם וואַלד ווו ער האָט געאַרבעט.

מיר האָבן איבערגעוואַרט ביז עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. דאַן האָבן מיר זיך איינגעהילט אין געפונענע שמאַטעס, ירושה פון די דערשאָסענע. אויף די באָרוועסע פיס האָבן מיר איינגעוויקלט מיט שמאַטעס אַן גענומען זיך אַרויסגנבענען פון לאַגער. דער הימל האָט אונדז געהאָלפן מיט אַ שלאַקס־רעגן, וואָס האָט געפּויקט אין די דעכער, גערוישט אין די קאַלוזשעס, אַז מען זאָל נישט הערן אונדזערע טריט. מיר זענען אַרויסגעקראָכן דורכן פענצטערל און די פינצטערניש האָט אונדז גענומען אין אירע אַרעמס. אויף אַלע פיר האָבן מיר צוגעפּויזעט צו די שטעכל־דראָטן, זיך אונטערגעגראָבן, אַרויסבאַקומען זיך אויף דער אַנדערער זייט און זיך געשאַרט אויף די בייכער אין טאָל אַריין. מיר האָבן געבראַדזשעט דורך זומפּן, ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ וועג. דאָ האָבן מיר שוין אָנגעהויבן צו לויפן און אַזוי זענען מיר אָפּגעלאָפן אַרום אַ צען קילאָמעטער. פאַרטאָג זענען מיר צוגעקומען צו אַ וועלדל. דאָרט זענען נישט געווען קיין הויכע בוימער, אָבער די יונגע ביימלעך זענען געווען גענוג געדיכט, אַז מיר זאָלן דאָרט קענען איבערזיצן דעם טאָג און שפּעטער — ווייטער גיין.



אויפן דריטן טאָג זענען מיר געקומען צום גאָרטן־פּלאַץ, נעבן פּישטשער טאַרטאַק, ווו עס האָבן געאַרבעט אַ דרייסיק מיידלעך פון אונדזער שטעטל. צווישן זיי — מעכל און זיין שוועסטער רבקה.

מעכל איז אַוועק צו זיין שוועסטער און איך מיט די קינדער זענען געבליבן אין וואַלד. ביינאַכט זענען די מיידלעך געקומען און האָבן געבראַכט פאַר אונדז עסן. יעדע נאַכט האָבן אַנדערע מיידלעך אַרויסגעבראַכט אונדז עסן אין וואַלד אַריין.

עס איז געווען אַ קאַלטער, רעגנדיקער האַרבסט. ביינאַכט האָבן גענומען פרעסט. דורכגעווייקטע ביז די ביינער, האָבן מיר געשוידערט פון קעלט, זיך געטוליעט צו דער נאַסער ערד און מקנא געווען אַ הונט, וואָס פאַרמאָגט אַ בודע. מורא האָבנדיק, אַז די קינדער וועלן עס נישט אַריבערטראָגן, זענען מיר אַוועק צום לאַגער, זיך אַריינגעגנבעט און איבערגענעכטיקט ביי די מיידלעך. עס איז דורכאויס נויטיק געווען אויסצוטריקענען די נאַסע בגדים. צומאָרגנס, האָבן מיר איינגעזען, אַז מער אין וואַלד קענען מיר נישט בלייבן און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט קיין וולאַדאַווע. עס איז מיטגעגאַנגען מיט אונדז משה גוטמאַנס דרייצן־יאָריק טעכטערל פריידעלע, וואָס איז געהאַט אַנטלאָפן פון וולאַדאַווער געטאָ און האָט זיך אויסבאַהאַלטן דאָ, ביי די מיידלעך. דריי טעג האָבן מיר געבלאָנדזשעט און ערשט אויף דער דריטער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען צום בוג. איך האָב געוווּסט, אַז ביי דער פליאַזשע איז דער בוג פליטקע און מיר זענען בשלום אַריבער.

אין וולאַדאַווער געטאָ האָבן זיך אָנגעהויבן פרישע צרות: לויט אַ פאַראָרדענונג פון דער געשטאַפּאָ, האָט מען נישט גע־




יידישע און קריסטלעכע פּרויען־פּאַרטיזאַנער אין קאַלינין־אָטריאַד. צווייטע שורה פון רעכטס, ש. ליזה. די זיצנדיקע פון הינטן, די צווייטע רעכטס, איר טעכטערל.

טאָרט אַריינלאָזן קיין ייִד פון דער אַנדערער זייט בוג. פאַר עובר זיין דעם פאַרבאָט, האָט געדראָט טויטשטראָף. מען האָט מיך דאָ אָנגעקוקט ווי אַ געקומענער פון יענער וועלט, וואָס האָט בעסער געדאַרפט פאַרבלייבן אין איר רו... מען האָט מורא געהאַט צו לאָזן מיך מיט די קינדער איבערנעכטיקן. די צום טויט־פאַרמשפטע האָבן מורא געהאַט פאַר אַ פרישן טויט־אורטייל צוליב מיר... אָבער דאָך האָבן זיך געפונען אַזעלכע, וועלכע האָבן שוין פאַרן טויט נישט מורא געהאַט און זיי האָבן ריזיקירט: די ערשטע נאַכט האָט מיך אויפגענומען העניעלע גוטמאַן און דאַן — משה־אהרן גאָלדהאַמער (אַברהם סאָראָקעס אידעם). איך וועל קיין מאָל נישט פאַרגעסן זייער פריינטשאַפט און הילפס־גרייטקייט אין יענע טעג און נעכט. זיי האָבן זיך געטיילט מיט אונדז מיט זייער עסן און זייערע געלעגערס.

מיר זענען אָבער פאָרט געווען דאָ אומלעגאַל און איך האָב געמוזט געפינען אַ באַהעלטעניש, וואָרעם די דייטשן פלעגן גיין פון שטוב צו שטוב, זוכן מענטשן אויף אַרבעט און אויך אַריינגעשמוגלטע פון יענער זייט בוג. און דאָ איז מיר אַנטקעגנגעקומען ווי אַ רעטער פייוול שלאַכטער, דער בעקער. דער דאָזיקער איידעלער מענטש האָט זיך ממש מקריב געווען פאַר מיר און מיינע קינדער. ער האָט אונדז אַוועקגעפירט צו מענטשן, וועלכע האָבן אונדז געגעבן אַ באַהעלטעניש ממש אונטער דער ערד. פייוול שלאַכטער האָט דערפאַר געצאָלט מיט צוויי לאַבנס ברויט אַ וואָך, וואָס דאָס איז געווען אַ לעגענדאַר פאַרמעגן אין יענער צייט! ער האָט אונדז געבראַכט קליידונג און שוכוואַרג. מיינע קינדער האָט ער שפּעטער לעגאַליזירט, איינמעלדנדיק זיי אין דער געשטאַפּאָ אויף נעמען פון שוין אומגעקומענע און מיט זיינע קינדער פלעגט ער מיר שיקן שפּייז.

אַ וואָך נאָך מיין קומען קיין וולאָדאַווע, איז פאָרגעקומען די גרויסע אַקציע, בעת וועלכער צען טויזנט ייִדן זענען אַוועקגעפירט געוואָרן צו דער גאַז־קאַמער אין סאָביבאָר. פייוול בעקער האָט דאַן אויסבאַהאַלטן מיינע קינדער ביי זיך און איך בין געלעגן אין מיין באַהעלטעניש.

צוויי וואָכן שפּעטער איז פאָרגעקומען די צווייטע גרויסע אַקציע. דאָס מאָל בין איך שוין אויך געווען, צוזאַמען מיט מיינע קינדער, באַהאַלטן ביי פייוול בעקער. דאָרט זענען געווען שימעלע בעקער מיט זיין פרוי און העניעלע גוטמאַן מיט איר מוטער. די אַקציע האָט געדויערט פינף טעג און האָט געקאָסט פרישע טויזנטער קרבנות.

פון דעם ליגן אין די אונטערערדישע באַהעלטענישן, האָט מיין זונעלע באַקומען אַ לונגען־אָנצינדונג. קיין דאָקטער איז דאָ נישט געווען און קיין ייִד האָט מען נישט געטאָרט היילן. אין שווירסקיס הויז האָט דאַן געוווינט דער מיליטערישער דאָקטער רושיניאַק. איך האָב אויסגעטאָן דעם אָרעם־באַנד מיטן מגן־דוד, זיך אָנגעטאָן אין פויערישע קליידער און בין צו אים



אַוועק. אין וואַרט־זאַל האָבן מיך פיל קריסטלעכע פּאַציענטן דערקענט און זיי האָבן מיך אַריינגעלאָזט צום דאָקטער אָן אַ ריי. ד"ר רושיניאַק האָט זיך זייער דערשראָקן. ער האָט מיך געפרעגט:

— וואָס טויג דיר צו קורירן דאָס קינד, ווען די אַקציעס הערן נישט אויף און מען פאַרניכטעט אייך אַלע אין סאָביבאָר?

— ווען דאָס קינד וועט געזונט ווערן, וועלן מיר פּרווון אַנטלויפן אין וואַלד און אפשר וועלן מיר זיך דאָרט פאָרט ראַטעווען — האָב איך געענטפערט.

איך האָב אַפּעלירט צו זיין פּאַטערלעך האַרץ און מענטשלעכן געוויסן און ער האָט מיר צוגעזאָגט, צו קומען ביינאַכט אין געטאָ. ער האָט טאַקע געהאַלטן וואָרט, כאָטש ער האָט דאַן באמת ריזיקירט מיט זיין אייגן לעבן. ער האָט קורירט מיין קינד עטלעכע וואָכן, אָבער דעם קינד איז כסדר ערגער געוואָרן. איין מאָל, ביינאַכט, איז ד"ר רושיניאַק געקומען מיט אַ קאָלעגע זיינעם, אַ כירורג. זיי האָבן פעסטגעשטעלט, אַז דאָס קינד האָט שוין וואַסער אין די זייטן און אַן אָפּעראַציע איז דרינגענד. נישט לייכט איז געווען צו שאַפן די קאָלאָסאַלע געלט־סומע פאַר דער אָפּעראַציע און דער עיקר — דאָס דורכבאַקומען זיך צום כירורג. ער האָט געמאַכט איין אָפּעראַציע און אַ צווייטע, אָבער דעם קינד איז שוין נישט באַשערט געווען צו לעבן. נאָך אַלע מי און מאַטערנישן, האָט עס אויף אייביק צוגעמאַכט די ליכטיקע אייגעלעך.

אויב איך האָב זיך נישט צוזאַמענגעבראָכן און בין נישט פון זינען אַראָפּ אין יענע טעג, איז עס דערפאַר, ווייל דער גוטהאַרציקער פייוול בעקער האָט מיך די גאַנצע צייט נישט פאַרלאָזט און ער האָט מיר כסדר אַנטקעגנגעטראָגן הילף און טרייסט. אויך מיין טייערער חבר ברוך שניידערמאַן האָט מיר זייער פיל געהאָלפן און געזאָרגט פאַר אונדז ווי אַ לייבלעכער ברודער. ער איז שפּעטער אַוועק צו די פּאַרטיזאַנער, ווו ער האָט העלדיש געקעמפט און איז העלדיש אומגעקומען. איך דערמאַן אים דאָ מיט יראת־הכבוד.

ענדלעך איז מיר געלונגען צו לעגאַליזירן־זיך אויף אַ פרעמדן נאָמען און צו באַקומען צוגעטיילט אַ צימער פון יודענראַט. דער לעצטער פּרעזעס פון וולאָדאַווער יודענראַט איז געווען אַ גאַליציאַנער שניידער מיטן נאָמען לאָטע. ער האָט געניט פאַר די טאָמאַשאָווקער געשטאַפּאָ־אָפיצירן און ער האָט זיך דערוווּסט פון זיי, אַז בקרוב דאַרף ליקווידירט ווערן די לעצטע גרופּע ייִדן, וואָס אַרבעטן אין די וואַרשטאַטן פון דער „טאָט־אָרגאַניזאַציע", ער האָט עס מיר דערציילט בסוד־סודות. כ'האָב באַלד אָנגעשריבן אַ בריוול צו דער חברה באַקאַנטע דאָרט און ברוך שניידערמאַן האָט עס אַהין אַוועקגעשיקט דורכן קריסטלעכן סטאָלער יאַן קאַלינאָווסקי, וועלכער האָט דאָרט געאַרבעט. ער האָט דאָס בריוול איבערגעגעבן

שרהקען און דאָס האָט גערעטעוועט 25 פּערזאָן, וועלכע זענען אַנטלאָפן קיין וואָלאַדאָווע. מיר האָבן זיי אָפּגעוואַרט ביים בוג.

דעם 30־סטן אַפּריל איז דאָס געטאָ ווידער אַרומגערינגלט־געוואָרן און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פרישער אומגליק. מיר האָבן זיך אַריינגעכאַפּט אין בעקערמאַנס גרויסן קעלער, אַרום אַ פּאָר הונדערט מאַן. עס איז געווען אַן ענגשאַפט, אַ דער־שטיקעניש און אַ פינצטערניש. דודטשע האָט מיר געזאָגט בסוד, אַז ווי נאָר עס וועט שטיל־ווערן, וועט אַ גרופּע אַנטלויפן אין וואַלד. צונויפזאַמלען זיך וועט מען אויפן בוידעם. אין אָוונט האָבן מיר זיך אַרויסגעשאַרט פון געטאָ און, דורך פעלדער און לאָנקעס, בשלום געקומען צום וואַלד. דאָ זענען מיר איבער־געזעסן דעם גאַנצן טאָג. מיר זענען געווען ניינצן פּערזאָן און בלויז איין דודטשע האָט געהאַט אַ שטיקל געווער — אַ רעוואָלווער.

אויף אַ געוויסן פלאַץ האָב איך צוזאַמען מיט שרהקען דערזען ליגן אַ דייטשיש היטל. מיר האָבן דערפון געדרונגען, אַז אויסערן היטל, קען מען דאָ געפינען נאָך עפּעס. מיר האָבן גענומען זוכן און באַמערקט אַרויסשטאַרצן פון מאָך עפּעס אַ מעטאַלענעם קעגנשטאַנד. צו אונדזער פרייִדיקער איבער־אַשונג איז עס געווען אַ ביקס — אַן אמתע ביקס !... פון שמחה האָבן מיר זיך אַזש צעקושט און צעוויינט... מיט אַ ביקס, — מיט אַ פּיסטאָלעט און מיט עטלעכע הילצערנע־ אויסגעשניצטע „ביקסן”, זענען מיר דאָך שוין אמתע פּאַרטיזאַנער !...

נאָך עטלעכע טעג וואַנדערן דורך די וועלדער, האָבן מיר זיך געטראָפן מיט משה ליכטענבערגס גרופּע און מיר האָבן זיך פאַראייניקט. צוזאַמען האָבן מיר געציילט ביי אַ פופציק פּערזאָן. די גרופּע פון משה ליכטנבערג און זיין פאַרטרעטער, מאָטל ראָזענבערג, איז כסדר געוואַקסן, זיך אַלץ בעסער באַ־וואָפנט און מיט דער צייט — געוואָרן איינע פון די שטאַרקס־טע פּאַרטיזאַנער־גרופּן אין די וואָלאַדאָווער וועלדער. שפּעטער זענען מיר אַריבער דעם בוג און זיך פאַראייניקט מיט אַ סאָוויעטישן פּאַרטיזאַנער אָטריאַד, וואָס איז געשטאַנען אין די פּינסקער בלאָטעס, ביים קאַנאַל „דניעפּער־בוג”.

דאָרט האָבן מיר געקעמפט מיט די דייטשן און מיר זענען זיי געשטאַנען ווי אַ ביין אין האַלדז. דאָרט האָבן מיר צוריק באַקומען אונדזער מענטשלעכע ווירדע און ווי שטאָלצע יידן האָבן מיר דאָרט פאַרשריבן מיט בלוט הערלעכע בלעטער אין דער געשיכטע פון יידישן פּאַרטיזאַנער־קאַמף.

מאָטל ראַבינאָוויטש

רמת־אביב

# וויסטע טעג און נעכט

דאָס האָט זיך אָנגעהויבן באַלד דעם ערשטן טאָג, ווען די דייטשן האָבן איינגענומען אונדזער שטאָט. אַ ווילדע דייטשע האָרדע איז באַפאַלן וואָלאַדאָווע דעם 17־טן סעפּ־טעמבער, 1939. צוויי מעת־לעת האָבן די דייטשן געשאָסן צו יעדן דורכגייער, אָן אַ וואָרנונג. און נאָכדעם, ווען די מיליטע־רישע טעטיקייטן אין פּוילן האָבן זיך פאַרענדיקט, האָבן זיי זיך ביסלעכווייז איינגעשטילט. דאַן האָט מען גענומען יידן זאַקלאַדניקעס (ערוביניקעס), וועלכע זענען באַהאַנדלט־געוואָרן אויף אַן אומדערהערטן אופן, נישט לייגנדיק קיין אַכט דערויף, וואָס דער גרעסטער טייל ערוביניקעס זענען אַלטע לייט.

דעם 24־סטן אָקטאָבער 1939 יאָר איז אויף דער וואָלאַ־דאָווער יידישער באַפעלקערונג אַרויפגעלייגט־געוואָרן אַ קאָנטריבוציע אין דער הויך פון פופציק טויזנט פּוילישע זלאָטעס, וואָס האָט געמוזט איינגעצאָלט־ווערן אין פאַרלויף פון 24 שעה.

ביי זקנים האָט מען געשניטן די בערד, מיט שטיקער פלייש. טאָג־טעגלעך האָט מען געכאַפּט אויף שווערער און דערנידעריקנדיקער אַרבעט, פאַר וועלכער מען האָט גע־צאָלט מיט שטעקנס, אָדער מיט גימנאַסטיק ביזן פאַלן פון די כוחות. אַ זעלטנקייט איז געווען, אַז אַ דייטש זאָל צוּוואַרפן אַ שטיקל פאַרשימלט ברויט. דער אַרעמער באַפעלקערונג האָט דער יודנראַט געמוזט געבן, נאָך דער דאָזיקער אַרבעט, אַ מיטאָג לויט זיינע מעגלעכקייטן, פון זיינע אייגענע פאָנדן.

דער יודנראַט האָט געמוזט אויספילן די באַפעלן פון דער געסטאַפּאָ, וועמענס שעף עס איז געווען ניטשקע, די באַפעלן פון זשאַנדאַרמעריע־שעף (שופּאָ) און פון קאָמיסאַר פון דער גרענעצשוץ. עס זענען צוגעשטעלט געוואָרן די דייטשן אומזיסט: געלט, צירונג, שוכוואַרג, קליידונג און קאָלאָניאַל־אַרטיקלען, וואָס זענען דאַן אוממעגלעך געווען צו באַקומען אויפן פרייען מאַרק. במשך אַ געוויסע צייט

האָט שוין יעדער געסטאַפּאָוויעץ פאַרמאָגט קליידונג און שוך־וואַרג פאַר זיין גאַנצער משפּחה, אויף עטלעכע יאָר. אַ גאַנצער שטאָב פון די בעסטע קירזשנער, שניידער און שוס־טער האָט געאַרבעט פאַר די דייטשן אָן אויפהער.

פאַר די מאַטעריאַלן און אַרבעט, האָט געצאָלט דער יודענראַט. די פאָנדן האָט דער יודענראַט גענומען אויסשליס־לעך פון פאַרמעגלעכע ייִדן. דערביי זענען די אָפּצאָל־אויס־מעסטונגען כסדר פאַרגרעסערט־געוואָרן און אַלץ אָפטער האָט אַן אַרעסט פאַרטראָטן דאָס רעגולירן די נישט־אַריינ־געטראָגענע אָפּצאָלן, וואָס זענען געווען זייער הויך. אויף די גאַסן האָבן זיך באַוויזן פאַרביקע פּלאַקאַטן, וואָס האָבן פאַרגעשטעלט אַ ייִד מיט פּאות, וועלכער אַרבעט־אויס ווורשט פון שטשורעס. אַנדערע פּלאַקאַטן האָבן פאַר־געשטעלט ייִדן שמוציקע, פאַרוואָרלאָזטע, מיט אַ שרייאיקער אונטערשריפט: „אַ ייִד איז אַ לויז", ער איז דער „פאַרשפּריי־טער פון טיפוס".

עס איז פאַראָרדנט געוואָרן צו טראָגן אָרעם־בענדער. איצט קלינגט עס, ווי נישט אזוי וויכטיק, אָבער אין יענער צייט איז דאָס טראָגן די שאַנד־בענדער געווען זייער ווײַ־טיקדיק און אויפרעגענדיק. דער באַפעל פון קאָמענדאַנט האָט געלויטעט: גריסן יעדן אָפיצער. אָבער גריסן האָבן מיר גע־מוזט יעדן דייטש, וועלכער איז נאָך נעכטן געווען אַ פאָלקס־דייטש פון אונדזער געגנט, אַ באַלעבאָס פון דאָרף, און ווען ער האָט אָנגעטון דעם מונדיר פון אַן ס.ס., האָט מען זיך געמוזט פאַר אים בוקן. פאַר נישט־געהאָרכזאַמקייט, איז געשטראָפט־געוואָרן אויפן אָרט, דערביי איז מען פּויזש באַליידיקט־געוואָרן און געשלאָגן געוואָרן ביזן פאַלן פון די פיס.

די ייִדישע יוגנט האָט אויסגעמיטן די הויפּט־גאַסן, כדי נישט צו בוקן־זיך פאַר דייטשן. ווען זיי האָבן געמוזט באַג־ריסן, האָבן זיי דאָס געטאָן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

ייִדן האָבן אָנגעהויבן צו אַרבעטן אויף פאַרשידענע פּלעצער, אָן געהאָלט, פאַרשטייט זיך. דער יודענראַט האָט צוגעשטעלט טאָג־טעגלעך ביז 1000 אַרבעטער און אַרבעטאַ־רינס צו פאַרשיידענע אַרבעטן פאַר די דייטשן, אָבער עס זאָלן נישט פאָרקומען קיין „לאַפּאַנקעס" (כאַפּן אויף דער גאַס), אַבי ייִדן זאָלן קענען זיך פריי באַוועגן איבער דער שטאָט. נאָר דאָס האָט נישט געהאָלפן. מען האָט געכאַפּט טאָגטעגלעך און אין יעדער צייט פון טאָג, אָן אונטער־שייד, צי דער געכאַפּטער גייט צו זיין באַשטימטער אַרבעט, אָדער ער קערט זיך איצט אום צוריק אהיים אַ הונגעריקער, נאָך זיין טאָג אַרבעט. קיין שום באַשטעטיקונג פון קיין דאָק־טאָר איז נישט טאָלערירט געוואָרן. אפילו ביים באַווייזן אַ שיין, — האָבן די דייטשן דאָס מבטל־געמאַכט זאָגענדיק:



„דען יודען בעפרייט פאָן די אַרבייט נור דער טאָדע־שיין".

די נאַטשאַלניקעס פון דער ס.ד., שופּאָ (שוץ־פּאָליציי), זשאַנדאַרמעריע און דער שטאָט־קאָמענדאַנט (גרים), זענען געווען די הערן איבערן לעבן און טויט פון יעדן ייִד. די פּאָליציי־שעה פאַר ייִדן (אויסגאַנגס־פאַרבאָט) איז תמיד געווען מיט אַ שעה פריער ווי פאַר אַריער.

אין גאַנצן גענעראַל־גאָווערנאַמענט איז נאָר געווען איין ייִדישע צייטונג. מיט ייִדישע אותיות איז נאָר געווען דער נאָמען „ייִדישע צייטונג". די זייטן פון דאָזיקן מאָנאַט־שריפט זענען פאַרנומען געווען מיט די גרויסע סוקצעסן פון דייטשן מיליטער אויפן מערב־פראָנט, אָדער מיט ספּע־ציעלע פאַראָרדענונגען פאַר ייִדן, וואָס האָבן (נישט מיטאָמאָל, נאָר ביסלעכווייז) אָפּגענומען אַלע רעכט פון די ייִדן. באַ־וווּסטע ייִדן האָבן נישט געהאַט קיין רעכט אָנצוקלאָגן עמעצן אין געריכט. איבער ייִדישע אייגנטום־פאַרמעגנס איז באַש־



ביים פונאַנדערנעמען די טאָמעס פון דער וואַסער־מיל, וווּהין די וולאַדאַווער ייִדן זענען געשיקט געוואָרן אויף צוואַנגס־אַרבעט אין יאָר 1942.

טימט־געוואָרן אַ קאָמיסאַר מיטן נאָמען שטרויהאָלץ, וועלכער האָט געהאַט זיין שטענדיקן זיץ־אָרט אין כעלם. דאָס איז געווען אַ מענטש — אַ חיה. דער דאָזיקער אַמט איז געשאַפן געוואָרן אין יולי 1940 און ער האָט פאַראָרדנט די באַלעבאַ־טים פון הייזער צו צאָלן דירה־געלט פאַר זייערע אַלע אומבאַוועגלעכע גיטער, פון ערשטן סעפּטעמבער 1939 יאָר. זיי האָבן זיך נישט גערעכנט דערמיט, וואָס זינט דעם אָנ־הויב פון דער מלחמה, האָבן די לאָקאַטאָרן בכלל אויפגעהערט צו צאָלן די ייִדישע אייגנטימער דירה־געלט.

דער קאָמיסאַר פון שטייער־אַמט האָט אַרויסגעגעבן אַ פאַראָרדענונג, אַז אַלע ייִדן זאָלן באַצאָלן, במשך איין חודש, אַלע פאַרלעגענע שטייערן, רעכענענדיק פון מיט צען יאָר צוריק.

ביסלעכווייז האָט מען גענומען באַזייטיקן ייִדן פון די

חויפּט־גאַסן. די עקסמיסיעס פון אַזעלכע וווינונגען זענען אָפט פאַרגעקומען נישט שפּעטער ווי צען מינוט נאָכן באַקומען די מעלדונג, אָן קיין שום פריערדיקער וואָרנונג. דערביי זענען צוגענומען־געוואָרן די בעסטע מעבל, בעטגעוואַנט, קליידונג. דאָס האָט מען געטון הפקרדיק־פריי, אָדער דורכן יודענראַט. קיין וולאָדאַווע זענען געבראַכט־געוואָרן יידן פון קאַליש, מיעלץ, פּאָזנאַן.

אַ שרעקלעך דערדריקנדיקן איינדרוק האָט געמאַכט אין אונדזער שטעטל דאָס אומדערהערטע אויסמאָרדן 120 געפאַנגענע ייִדן פון געוו. פּוילישן מיליטער, וואָס איז אויסגעפירט געוואָרן אין דעצעמבער 1939 יאָר, אין וואַלד, צווישן די באַן־סטאַציעס בוג־וולאָדאַווסקי און סאָביבאָר. די עטלעכע הונדערט באַפרייטע געפאַנגענע ייִדן, וועלכע שטאַמען פון די געביטן, פאַרנומענע דורכן ראַטנפאַרבאַנד, האָט מען געפירט פון דייטשלאַנד, מאַרענדיק זיי מיט הונגער און קעלט. נאָך אַ וואָך־לאַנגער רייזע, איז אַ טייל געפראָרענע אויסגעשטאָרבן אין די וואַגאָנען און אַ טייל האָט זיך אָפּגעפרוירן הענט און פיס. דער דאָזיקער טראַנספּאָרט האָט זיך פאַרהאַלטן אין וואַלד, פאַר דער באַן־סטאַציע בוג־וולאָדאַווסקי.. די ס.ס.־לייט האָבן באַפוילן די געפאַנגענע אויסצושטייגן און מיטצונעמען מיט זיך די מתים. מען האָט זיי אָפּגעפירט טיפער אין וואַלד און מען האָט אויף די שוצלאָזע פּלעניקעס געעפנט אַ פייער פון מאַשין־ביקסן. אַ טייל האָט זיך געלאָזט צום אַנטלויפן. געוויסע האָבן זיך געראַטעוועט. דער יודענראַט האָט דאַן איבערגעקויפט די ס.ד. און האָט באַקומען די דערלויבעניש צונויפצונעמען די פאַרווונדעטע און צו באַגראָבן די דערהאַרגעטע און דערפרוירענע. אַ וואָך צייט האָט די וולאָדאַווער ייִדישע באַפעלקערונג זיך פאַרנומען מיטן קובר־זיין די 200 געפאַנגענע און דערביי האָט דער רב ר׳ מענדל מאָרגענשטערן זצ״ל נישט פאַרלאָזט די גאַנצע צייט כמעט דעם בית־הקברות, אויספאָרשנדיק און פעסט־שטעלנדיק ווער די דערמאָרדעטע זענען. ער האָט אַלץ פאַרשריבן אין אַ בוך און די געפונענע דאָקומענטן ביי די קדושים, האָט ער באַהאַלטן. דער ברידער־קבר פון די דאָזיקע פּלעניקעס געפינט־זיך אין וולאָדאַווע ביזן היינטיקן טאָג, אויפן ייִדישן בית־עולם.

לויט דער פאַראָרדענונג פון דער ס.ד., זענען אַנגאַזשירט געוואָרן די אין אָנפאַנג אַזוי אומשולדיק־קלינגענדיקע „סאַניטאַר־היטער פון יודנראַט”. דער דאָזיקער אַמט איז שפּעטער פאַרוואַנדלט־געוואָרן אין די געוויינלעך־מונדירטע ייִדישע פּאָליציי. צומערשט איז די אויפגאַבע פון דער ייִדישער פּאָליציי געווען אויפזיכט אויף ריינקייט אין ייִדישן פערטל, אין ייִדישע הייזער און גענויע קאָנטראָל פון די ייִדישע איינוווינער.



די דאָזיקע אַלע פאַראָרדנונגען האָט דער שעף פון דער ס.ד. אויסגעפירט דורכן יודענראַט, וועלכע האָט געהאַט צו זאָגן איבער דער ייִדישער פּאָליציי. אין מאַי 1940 יאָר האָט דער יודענראַט צעשיקט די ערשטע 150 ארויספאָדערונגען. דאָס איז פּונקט געווען ערב דעם יום־טוב שבועות. די 150 יוגנטלעכע האָבן זיך געמוזט שטעלן צו דער אַרבעט אין לאַגער טשערניעיעוו, נעבן כעלם, אויף מעלאָראַציע־אַרבעטן. אין דאָזיקן לאַגער, אַ דאַנק דער מעגלעכקייט פון איבערקויפן די ס.ס., זענען קיין גרויסע מענטשלעכע פאַרלוסטן נישט געווען.

די שפּייז־צוטיילונגען זענען געווען זייער קאַרגע, אָבער פון דער היים האָט נאָך יעדער באַקומען אַ פּעקעלע. מיט די דאָזיקע פּעקלעך האָט מען געקאָרמעט די ס.ס.־אַוצעס, יונגע הינטלעך, כדי זיי זאָלן נישט שיסן צו לעבעדיקע מענטשן, וואָס זיי האָבן דווקא געהאַט דערצו אַ גרויסן חשק. אויף דער באַמיאונג פון יודענראַט, איז מען פון דעם לאַגער באַפרייט געוואָרן נאָך זעקס וואָכן אַרבעט. אויף זייערע פּלעצער זענען גענומען־געוואָרן ייִדן פון אַנדערע שטעט.

אין יולי 1940 איז געקומען צופאָרן ס.ס. פון לובלין און עס אין פאָרגעקומען די ערשטע „לאַפּאַנקע” (אַקציע). די געכאַפּטע זענען ארויסגעשיקט־געוואָרן אין לאַגער אין בעלזשעץ. מען האָט דאַן געכאַפּט ארום 250 ייִדן. אַך און וויי איז געווען צום געכאַפּטן. מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין בעלזשעץ, ווו מען האָט זיי עטלעכע טעג געהאַלטן אין פערד־שטאַלן, אין בלאָטע, אָן עסן און נאָכדעם ערשט, האָט זיך אָנגעהויבן די שווערע אַרבעט פון גראָבן אַנטי־טאַנקן־גריבער אויף דער סאָוויעטישער גרענעץ. צענדליקער ייִדן, וועלכע זענען געפאַלן פון די כוחות, זענען דערשאָסן־געוואָרן ביי דער אַרבעט און אויפן וועג. עס האָט זיך פאַרשפּרייט טיפוס און אַנדערע קרענק און די דייטשן האָבן געהיילט די ייִדן מיט דער ביקס. מיין ברודער האָט מיר דערציילט אַ מאָל, וואָס ער האָט געזען מיט זיינע אייגענע אויגן. מען האָט דערהאַרגעט אַ ייִד מיט שטעקנס. דערביי האָבן אים די צעווילדעטע ס.ס.־לייט נישט געשלאָגן איבערן קאָפּ, כדי דער קרבן זאָל זיך וואָס לענגער מאַטערן. צו דער דאָזיקער בעסטיאַלישער סצענע זענען אַלע ייִדן געצוווּנגען געווען זיך צוצוקוקן.

פינסטערע בשורות פאַר ייִדן, — דאָס זענען געווען די טאָגטעגלעכע טעמעס פון די ידיעות און אַרטיקלען אין די צייטונגען. „גלאָס לובעלסקי”, „קראַקאַוער צייטונג”, אָדער דער „פּעלקישער בעאָבאַכטער” האָבן אַלץ אָפטער געבראַכט אַנטיסעמיטישע אַרטיקלען. נישט איינמאָל האָט מען געלייענט וועגן עפּעס אויסטערלישע אויסזידלונגען און וועגן

אַ נישטאויפקלערנדיקן פאַרמינערן־זיך פון דער צאָל ייִדן אין סלאָוואַקיי און אין דייטשלאַנד.

אין יוני 1941־טן יאָר טרעטן אַריין די דייטשן אין מלחמה מיטן ראַטנפאַרבאַנד. גלייכצייטיק זענען ארויסגעגעבן־געוואָרן באַפעלן צו מאָרדן שוצלאָזע ייִדן. עס זענען ארויסגעגעבן־געוואָרן זייער שאַרפע פאַראָרדענונגען קעגן ייִדן. ייִדן איז פאַרבאָטן־געוואָרן צו האַנדלען מיט שפּייז־פּראָדוקטן (אַנדערע מאַטעריאַלן זענען נאָך פריער פאַרבאָטן געוואָרן) און עס איז פאַרבאָטן־געוואָרן צו ענדערן זייערע וווינונגס־ערטער. די שפּייז־צוטיילונגען זענען וואָס־אמאָל, אַלץ מער פאַרקלענערט־געוואָרן, ביז עס איז ענדלעך דערגאַנגען ביז צו 80 גראַם אַ טאָג. עס האָבן געטראָפן וואָכן, ווען אויך דאָס איז נישט געגעבן געוואָרן. דער הונגער אין אונדזערע שטיבער איז כסדר געוואַקסן. די ענגשאַפט אין די וווינונגען און שמוץ האָבן אָנגעהויבן געבן רעזולטאַטן: טיפוס. די דאָזיקע קרענק האָט זיך פאַרשפּרייט וואָס אמאָל מער, מענטשן זענען געפאַלן פון די פיס. דאָס פאַרמעגן פון די רייכע ייִדן האָט זיך שוין אויך גענומען אויסשעפּן. מען האָט געשאָסן ייִדן פאַר דער מינדעסטער עבירה. די אויספאַרשונג האָט דערביי נישט געדויערט קיין שעה צייט. אינטערווענירן און אויסטענה׳ן־זיך, איז געווען אויסגעשלאָסן.

די מערהייט ייִדן האָבן געאַרבעט ביי מעלאַראַציע, אָדער ביי פאַרשיידענע אַרבעטן פון דייטשן.

די שטימונגען ביי ייִדן האָבן זיך געענדערט. די סוקצעסן פון דייטשן מיליטער אין מזרח, האָט ביי זיי צוגענומען יעדע האָפנונג אויף אַ שנעלן נצחון פון די אַליאירטע פעלקער. אין פרילינג 1942 איז געגעבן געוואָרן די ייִדן אַ באַפעל אָפּצוגעבן אַלע זייערע פוטערס און קאָזשוכעס פאַרן פראָנט. במשך פון צוועלף שעה האָבן די ייִדן, אָן טענות און אָן מענות, אָפּגעטראָגן אַלע זייערע פוטערס און פעלצן, אָפּטרענענדיק אַפילו די שטיקלעך פוטער, וואָס זענען צוגענייט צו שטעקלאַטשן און הענטשקעס. צומאָרגנס ,האָט דער שעף פון ס.ד. פאַראָרדנט, אַז ייִדן זאָלן נישט וואַגן צו גיין אין דער גאַס מיט מאַנטלען, פון וואַנען עס איז אַראָפּגעטרענט־געוואָרן דאָס פוטער פון די קאָלנערס, וואָרעם דאָס מאַכט מיאוס דעם אויסזען פון דער גאַס. אַ סך ייִדן האָבן אויך נישט געקענט פועלן ביי זיך, אָפּצוגעבן זייער פוטערוואַרג פאַר די דייטשע מיליטער־צוועקן און זיי האָבן עס בעסער פאַרברענט אין די אויוונס, אָדער אָוועקגעשענקט צו פאַרטרוילעכע קריסטן.

אַ קורצע צייט שפּעטער, האָט דער וולאָדאַווער יודענראַט באַקומען אַ פאַראָרדענונג צוצושטעלן 150 ייִדן מכלומרשט



פאַר אומשולדיקער בוי־אַרבעט אין סאָביבאָר, ביי אַ 6 קילאָמעטער פון וולאָדאַווע.

פון מיין אַרבעטס־שעף, דעם דייטש בערנאַרד פאָלקענבערג, האָב איך זיך דערוווּסט, אַז אין סאָביבאָר בויט זיך עפּעס אַזוינס, וואָס וועט באַרימט־ווערן אויף דער גאַנצער וועלט. מער האָט ער נישט געוואָלט זאָגן, אויס מורא פאַר דער געסטאַפּאָ. דעם צוועק פון בויען די דאָזיקע אויסטערלישע געביידע האָט קיינער נישט געקענט באַנעמען. אַ טייל וואַלד ארום סאָביבאָר איז ארומגעצוימט־געוואָרן און קיינער פון די ציווילע, האָט אהין נישט אַריינגעקוקט.

נאָך אַ צוויי־חדשימדיקן בויען, האָט זיך די דייטשן, זעט אויס, פאַרוואָלט אויספּראָבירן די ווירקונג פון גאַז אין דער אַזוי־גערופענער „באָד”. די ייִדישע אַרבעטער (וועלכע האָבן אויפגעבויט די דאָזיקע בנינים) זענען געבראַכט געוואָרן צו דער „באָד”, מיטן ציל צו פאַרגאַזן זיי. אייניקע האָבן זיך אָבער אָריענטירט וועגן וואָס דאָ גייט און זיי האָבן אָנגעהויבן אַנטלויפן. דריי פון זיי האָבן זיך געראַטעוועט. איינער פון זיי איז געווען שייע, פּייוול צוקערמאַנס אײדעם, די פאַמיליע פון צווייטן געדענק איך נישט, ביידע פון וולאָדאַווע. האַלב־נאַקעטע, אין דער פינסטערער נאַכט, האָבן זיי זיך אַריינגעגנבעט אין שטאָט־אַריין און שייע איז אַריינגעקומען צום ראַדזינער רבין, וועלכער האָט דאַן געוווינט אין וולאָדאַווע, און ער האָט אים דערציילט וועגן סאָביבאָר און צו וועלכן צוועק סאָביבאָר איז אויפגעבויט־געוואָרן. דער ראַדזינער רבי האָט דאַן אויסגערופן אַ תענית אויף דריי טעג און ער האָט תפילה־געטון צום אלמעכטיקן, אַז ער זאָל באַשיצן די שוצלאָזע ייִדן.

די ידיעה וועגן טויטן־לאַגער אין סאָביבאָר און וועגן דעם אַרעסטירן דעם ראַדזינער רבי׳ן, האָט אין וולאָדאַווע געמאַכט אַ שרעקלעכן און דערדריקנדיקן איינדרוק. די ייִדישע באַפעלקערונג האָט צונויפגעבראַכט אַ מאַסע צירונג און געלט, אויסצוקויפן און באַפרייען דעם רבין. יודנראַטלער האָבן געפּרוּווט אָנווענדן זייער גאַנצע פּראָטעקציע, צו באַפרייען דעם רבין. דער שעף פון דער געסטאַפּאָ, ניטשקע, האָט דאָס אַלץ צוגענומען און ער האָט צוגעזאָגט דעם רבין צו באַפרייען, נאָר אויך דאָסמאָל האָט ער אָפּגענאַרט.

נאָך אַ וואָך צייט אַרבעט ביים בויען אַ בריק אין טאָמאַשעווקע, איז דער רבי צוריק געבראַכט־געוואָרן קיין וולאָדאַווע און ער איז דערשאָסן־געוואָרן נעבן וולאָדאַווער ייִדישן בית־עולם.

אין יוני 1942 האָט מען אָנגעהויבן אָנצופירן קיין וולאָדאַווע מענטשן פון אַלע זייטן אייראָפּע: דאָ, אַ טראַנספּאָרט

פון ווין; דאָ, אַ טראַנספּאָרט פון טשעכן, און פון פאַרשיידענע שטעט פון גענעראַל־גאָווערנאַמענט. איך מוז צוגעבן, אַז די ייִדן פון עסטרייך, דייטשלאַנד, אָדער טשעכאָסלאָוואַקיי, האָבן קיין אַנונג נישט געהאַט וועגן די דייטשע אכזריותן און זיי האָבן נישט געוויסט, וווהין און צו וועלכן צוועק מען פירט זיי. נאָכן אָנקומען, האָבן די נאַיווע מענטשן דערוואַרט זייער באַגאַזש, וואָס מען האָט זיי צוגענומען אין לובלין, אָפּצושיקן קיין מיידאַנעק.

וולאָדאַווע איז געווען דער אַזוי־גערופענער „יודענשטאָט". דער יודענראַט האָט באַקומען פאַראָרדענונגען, צונויפצושטעלן ליסטעס פון דער נישט־באַשעפטיקטער באַפעלקערונג, זקנים, קראַנקע און פון נישט־פעאיקע צו קיין אַרבעט. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעטס־קאָנקורענץ. ייִדן האָבן פשוט געטראָגן מתנות פאַר דייטשן און האָבן צוגעצאָלט, אַז מען זאָל זיי באַשעפטיקן. אָבער די דייטשע אינסטיטוציעס האָבן באַקומען פאַראָרדענונגען צו באַזייטיקן ייִדן פון דער אַרבעט.

לויט דער פאַראָרדענונג פון אוקראַאינישן בירגערמייסטער פון אונדזער שטאָט, וואַניאַ געאָרגי, זענען צעבראָכן געוואָרן אַלע מצבות אויפן ייִדישן בית־עולם. די שטיינער זענען באַנוצט־געוואָרן צום בויען נייע גאַסן, וואָס ציען־זיך פון סאָלנע ביזן פלאַץ מושטרי. אויף די טראָטואַרן און אויפן שאָסיי פון די דאָזיקע גאַסן, קען מען נאָך איצט זען אותיות פ. נ. און אַנדערע.

אין שטעטל איז אַ שרעקלעכע ענגשאַפט. הונגער און קראַנקהייטן פאַרצערן אַלץ מער און מער קרבנות.

שבועות־צייט 1942 קומט פאָר די ערשטע אַקציע, וואָס די דייטשן רופן „אויסזידלונג". זיי האָבן דערביי דערציילט געשיכטעס, אַז דאָס פירט מען אַריבער די ייִדן אויף אַרבעט אין קיעוו. די ייִדן פון די אַנדערע לענדער האָבן מיט אַ דייטשער פּינקטלעכקייט זיך אַליין צוגעשטעלט אויפן פּלאַץ פון קינאָ „זאַכענטאַ" אין וולאָדאַווע. צוזאַמען האָבן זיך אָנגעקליבן אַרום צוויי טויזנט ייִדן. בייַנאַכט האָבן דייטשן אַרומגערינגלט דעם קינאָ און וואַרפנדיק גראַנאַטן אין קינאָ־אַריין און אויפן הויף, האָבן זיי אַרויסגעטריבן די ייִדן אויף דער גאַס טזשינאַסטעגאָ ליסטאָפּאַדאַ, דורך מאָסטאָוואָ און דורכן דאָרף אַרכוועק, געטריבן זיי צו דער סטאַציע בוגוולאָדאַווסקי, ווו מען האָט זיי פאַרלאָדן אין די וואַגאָנען און אָפּגעטראַנספּאָרטירט צום טויטן־לאַגער אין סאָביבאָר.

אינדערפרי האָב איך באַטראַכט דעם קינאָ און דעם הויף: די ווענט זענען געווען פאַרשפּריצט מיט בלוט און אומעטום האָבן זיך געוואַלגערט הרוגים, צעריסענע פון די גראַנאַטן. אַזוי איז אויך דער גאַנצער וועג צו דער באַן־



סטאַציע געווען באַוואָרפן מיט פעקלעך און זעקלעך, וואָס די דייטשע ייִדן, מערסטנס, האָבן אַוועקגעוואָרפן.

דער יודענראַט האָט באַקומען אַ באַפעל, די הרוגים צוזאַמענצונעמען און אָפּשיקן מיט פורן צו דער סטאַציע, ווו מען האָט זיי אַרייַנגעשליידערט צו די אַזוי אויך זיך־שטיקנדיקע אין ענגשאַפט מענטשן אין די וואַגאָנען. די ס.ס.־לייט איז ווייזט־אויס געגאַנגען אין וואָס אַ גרעסערער צאָל מענטשן צו האָבן צוגעשטעלט קיין סאָביבאָר. דער יודענראַט האָט אויך געמוזט פאַרווישן אַלע בלוט־סימנים און צונויפצונעמען די אַלע קלימיקעס, כדי די וועלט זאָל פון זייערע מערדערייען זיך נישט דערוויסן.

אויך פון אַנדערע שטעטלעך זענען אָנגעקומען אויפטרייסלענדיקע ידיעות וועגן מאַסנהאַפטער אויסמאָרדונג פון ייִדן. אַזעלעכע ידיעות זענען געקומען פון לובלין, פון כעלם, פון פאַרצעווע א.א און אַלע האָבן אָנגעהויבן צווייפלען, צי זיי וועלן איבערלעבן די מלחמה.

אינצווישנצייט פאָדערט דער געסטאַפּאָ־שעף ווידער ליסטעס פון יודענראַט, מיט גענויע אָנגאַבן ספּעציעל וועגן פאַכלייט, וועגן דער באַשעפטיקונג, אָדער נישט־באַשעפטיקונג פון זייערע משפחות, עלטערע לייט און קינדער. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פּראָטעקציאָנעלע אינטערווענצן וועגן אויסמעקן, צושרייבן צו איינער, אָדער אַ צווייטער ליסטע און, ווי זיך טרינקענדיקע, האָט מען זיך אָנגעכאַפּט כאָטש אַן אַ שטרוי, אַבי כאָטש האָבן די איבערצייגונג, אַז מען געפינט־זיך אויף אַ ליסטע פון מער־נויטיקערע אַרבעטער פאַר די דייטשן. אפשר וועלן די דאָזיקע זיך ראַטעווען.

קיין שום פאַרשטענדיקונג מיט ייִדן פון אַנדערע שטעטלעך, איז נישט געווען. מיר זענען געבליבן ווי אויף אַן אינדזל. ווידער האָט מען אָנגעהויבן אָנברענגען קיין וולאָדאַווע ייִדן פון פאַרצעווע און פון גאַנצן וולאָדאַוווער פּאָוויאַט. צולעצט אויך — פון די לאַגערן אין אָסאָווע, קריכאָוו, לוציא און אנד., אַלע אַרבעטס־אומפעאיקע. פון די לאַגערן האָט מען מערסטנס געבראַכט דייטשע ייִדן, וועלכע מען האָט דאָרט געהאַלטן אַזוי לאַנג ביז זיי זענען געשוואָלן געוואָרן פון הונגער, אָדער קראַנק געוואָרן אויף טיפוס און טשערוואָנקע. די דאָזיקע מאַסן מענטשן האָט מען באַזעצט אויף דער יאַטקע־גאַס אין וולאָדאַווע, באַשטימענדיק דאָרט פופצן פערזאָן אין איין צימערל אַריין. די דאָזיקע מענטשן האָבן געבעטלט אַ שטיקל ברויט און האָבן געוואָרט אויסגעלייזט צו ווערן דורך אַ גיכן טויט. איך האָב גערעדט מיט זיי. די דאָזיקע מענטשן זענען געווען לעבעדיקע מתים, מאָראַליש און פיזיש צעבראָכענע, וואָס זענען שוין נישט פעאיק געווען צו דענקען. מיר זענען דאַן אַלע אַרומגעגאַנגען ווי

פאַרמשפּעטע מיט אַ נישט־אָפּרופלעכן טויט־אורטייל, אין דערוואַרטונג אויפן לעצטן קלאַפּ.

אין יולי 1942 האָבן די דייטשן דורכגעפירט אין וואָלאָדאָווע אַ קינדער־אַקציע. דער יודענראַט האָט באַקומען אַ באַפעל, אַרויסצוגעבן אַ פאַראָרדנונג, אַז אַלע זאָלן תיכף צושטעלן זייערע קינדער, ביז פערצן יאָר, אויפן פּלאַץ, מיטן ציל, אַרויסצופירן זיי קיין סאָביבאָר.



וואָלאָדאָווער יידן, מענער און פרויען, ביים גראָבן ראָוועס אין נאָטאָלין, אין יאָר 1943.

די מיטגלידער פון יודנראַט און די יידישע פּאָליציי האָבן, אַלס ביישפּיל, געדאַרפט די ערשטע צושטעלן זייערע קינדער, וואָס אַ טייל פון זיי איז שפּעטער באַפרייט־געוואָרן. מאָביליזירטע געסטאַפּאָווצעס, זשאַנדאַרמעריע, שוץ־פּאָליציי, אוקראַינער פּאָליציי און יידישע האָבן אָנגעהויבן די אַקציע פון כאַפּן קינדער. עס זענען אַרויסגעריסן־געוואָרן קינדער פון זייערע מוטערס הענט. די קינדער האָבן געשריען, געוויינט, גערופן זייערע עלטערן צו הילף. אַ סך עלטערן האָבן נישט געוואָלט אָפּגעבן זייערע קינדער און זיי זענען גענומען־געוואָרן מיט זייערע קינדער צוזאַמען. צווישן די, איז אויך געווען דער רב מענדל מאָרגענשטערן זצ״ל. ער איז פּריוויליק געגאַנגען צום טראַנספּאָרט, זאָגנדיק, אַז ער קען נישט אָפּגעבן די באַרבאַרן זיינע קינדער און ער וויל בעסער אומקומען צוזאַמען מיט זיי. אַרום 1500 קינדער, צוזאַמען אויך מיט עלטערן, זענען אָפּגעטראַנספּאָרטירט־געוואָרן צום טויטן־לאַגער אין סאָביבאָר.

דעם 24 אָקטאָבער 1942 יאָר האָבן די דייטשן דורכגעפירט די גרעסטע פאַרניכטונגס־אַקציע פון די יידן אין וואָלאָדאָווע. זעקס אַ זייגער אינדערפרי איז שוין די שטאָט געווען אַרומגערינגלט און אַ מאַסע דייטשן זענען מאָביליזירט־געוואָרן צו דער מערדערישער אַקציע. די גאַנצע באַפעלקערונג איז געוואָרן אַרויסגעטריבן פון די שטיבער, גלייך צום ספּאָרט־פּלאַץ. און ליגנדיקע קראַנקע זענען מיט וועגענער



געפירט־געוואָרן צו דער באַן־סטאַציע. במשך פיר שעה צייט האָבן די דייטשן צוזאַמענגענומען אויפן פּלאַץ אַרום צען טויזנט יידן. זיי זענען איינגעטיילט געוואָרן אין גרופּעס צו הונדערט און זיי זענען געהיט געוואָרן דורך דייטשער און יידישער פּאָליציי.

די דאָזיקע מאַסע יידן איז צונויפגעזאַמלט־געוואָרן ביי דער סטאַציע בוג־וואָלאָדאַווסקי, ווו זיי זענען פאַראייניקט־געוואָרן מיט יידן, וואָס זענען געבראַכט געוואָרן צו־פוס פון כעלם. עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס אויפלאָדן זיי אין די וואַגאָנעס, שלאָגענדיק זיי דערביי אָן רחמנות. און ווען די וואַגאָנען זענען שוין פול געווען, האָט מען אויך אַריינגעוואָרפן, אויף די מענטשן אַרויף, קינדער, קראַנקע און מתים. צו באַשרייבן די גרויזאַמקייט בעת דער דאָזיקער אַקציע, זענען קיין ווערטער נישטאָ אין דער מענטשלעכער שפּראַך.

נאָך דער דאָזיקער אַקציע, זענען אין וואָלאָדאָווע געבליבן אַ פּאָר טויזנט יידן, וועמען עס האָט זיך איינגעגעבן אויסצובאַהאַלטן און אויסמיידן די „לאַפּאַנקע“, אָדער אָפּיציעל באַפרייטע דורך דער געסטאַפּאָ, אָדער דורכן וואַסער־ווירטשאַפטסאַמט.

דער וואַסערווירטשאַפטסאַמט האָט דאַן אָפּגעצוימט אַ טייל פון דער ווירקער און בלאָטנער גאַסן און האָט דאָרט פאַרלייגט אַ לאַגער פאַר פינף הונדערט יידן. די איבעריקע יידן האָבן איצט געוווינט אויף יאַטקאָווע און דערבייאיקע געסלעך, אינעם אַזוי־גערופענעם געטאָ. די דייטשן האָבן פאַרזיכערט די יידן, אַז מער וועלן קיין אויסזידלונגען נישט זיין און זיי זאָלן זיך רואיק גיין צו דער אַרבעט.

עס זענען קוים אַריבער צוויי וואָכן, דעם 6־טן נאָוועמבער 1942, און ווידער האָבן די מערדער אַרויסגעגעבן אַ בעפעל, אַז דאָס רעשט יידן, צוזאַמען מיט דער יידישער פּאָליציי און געבליבענע יודענראַטלער, זאָלן זיך צושטעלן אויפן פּלאַץ טאַרגאָווי.

בלויז אַ קליין הייפעלע יידן האָבן זיך צוגעשטעלט. דער גרעסטער טייל האָט זיך באַהאַלטן, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן.

פיר טעג האָט געדויערט די שחיטה פון לעצטן ביסל שוצלאָזע יידן. די אויסגעפונענע זענען אויפן אָרט געהרגעט־געוואָרן. מען האָט אויפגעבראָכן פּאָדלאָגעס, אומגעוואָרפן ווענט, אויפגעריסן בוידעמער און קעלערן, אַריינוואַרפנדיק גראַנאַטן, אָדער שיסנדיק מיט מאַשין־ביקסן, אויסמאָרדנדיק די לעצטע מענער, פרויען און קינדער. די, וועלכע מען האָט געכאַפּט ביינאַכט, ווען זיי זענען אַרויס פון זייערע באַהעלטענישן, פאַרפייניקטע פון הונגער און

דורשט, צו זוכן אַ טרונק, אָדער אַ ביסן, — די האָט מען מיט דראַנגען און לאַפּאַטעס געלינטשט.

דעם 10־טן נאָוועמבער 1942 איז די אַקציע געווען פאַרענדיקט און דער געסטאַפּאָ־שעף האָט גערופן די געראַטעוועטע פאַכלייט, געראָטן זיי, תיכף אויסקלייבן אַ יודענראַט, איינאָרדענען אַ געטאָ באַזונדער פאַר די יידישע פאַכלייט, לינקס פון דער ווירקאָווסקע־גאַס און אַ געטאָ פאַר די איבעריקע יידן — אויף דער יאַטקע גאַס.

עס האָט זיך ווירקלעך באַרואיקט. עס האָבן זיך גענומען צוזאַמענפאָרן קיין וולאָדאַווע די געראַטעוועטע יידן פון די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער. אַלע האָט מען איינגעאָרדנט אויף יאַטקע־גאַס, ווו די ענגשאַפט און שמוץ איז ווידער געוואָרן אן אמתער גיהנום אויף דער ערד. ווידער האָט דער נייער אַפּאַראַט פון יודענראַט אָנגעהויבן צו אַרבעטן. ווידער רעגיסטראַציעס פון די געבליבענע, באַשעפטיקטע און נישט־באַשעפטיקטע באַזונדער. ווידער שטייער־באַלאַסטונגען, וואָרעם אין די טראַגישע מאָמענטן האָט דער יודענראַט געמוזט צושטעלן די דייטשן אַפילו אַזעלכע פּראָדוקטן, ווי ווייַן, שאָקאָלאַד, קאַווע, און דאָס — אין באַדייטנדע קוואַנטומס.

די אַרומגעצוימטע יידן האָבן געלעבט מערסטנס פון פאַרקויפן זייערע אָפּגעראַטעוועטע מלבושים און בעטגעוואַנט דער אָרטיקער באַפעלקערונג, פאַר נישטיקע פרייזן, אָדער זיי האָבן דאָס געטוישט אויף פּראָדוקטן. דאַקעגן אין וולאָדאַווער לאַגער, זענען זיי טאָג־טעגלעך געגאַנגען צו דער אַרבעט און אַליין עפּעס אָפּקאָכן. די פּראָדוקטן אויף אַ חודש האָבן באַטראָפן: זיבן מיט אַ האַלבן קילאָ ברויט, פיר הונדערט גראַם קאַשע, פיר הונדערט גראַם צוקער, פיר הונדערט גראַם מעל, צוויי הונדערט גראַם מאַרמעלאַד, אַ האַלבן קילאָ פערד־פלייש. ווינטער איז די מעלאַראַציע־אַרבעט איבערגעריסן־געוואָרן און מען האָט די אַרבעטער געטריבן צען־פופצן קילאָמעטער צופוס, האַקן וועלדער און אַרויסטראָגן די ביימער צום וועג.

אין לאַגער האָט זיך אָנגעהויבן אן אונטערערדישע באַוועגונג. מען האָט גענומען שאַפן פאָנדן אויף איינקויפן געווער. אָבער דעם 30־סטן אַפּריל 1943 האָט זיך אָנגעהויבן די לעצטע אַקציע. 5 פאַרטאָג האָבן זיך דערהערט שיסערייען, ווען מיר זענען נאָך געווען אין די בעטן. די שטאָט איז געווען ארומגערינגלט.

## די ליקווידאַציע פון געטאָ

דעם 30־טן אַפּריל 1943 האָבן די דייטשן אָנגעהויבן די לעצטע אַקציע מיטן צי׳ל צו פאַרניכטן די רעשטלעך יידן, וועלכע זענען געבליבן אין וולאָדאַווע.



ביי די ערשטע שאָסן, וואָס האָבן זיך דערהערט אַ זייגער פינף פאַרטאָג, זענען מיר נאָך געווען אין די בעטן. אַ טייל פון דער יידישער מיליץ צוזאַמען מיט דער אוקראַינישער, ווי אויך דייטשע עס־עס־לייט, האָבן אַרויסגעטריבן די יידן אויפן רינעק. דער רוב מענער, פרויען און קינדער האָבן זיך צוגעשטעלט אויפן פּלאַץ.

געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין די קעלערן, אויף די בוידעמער או זאַין ספּעציעל־צוגעגרייטע באַהעלטענישן.

די שטאָט איז געווען אַרומגערינגלט און אין די גאַסן זענען געווען אַ סך דייטשן, באַוואָפנטע פון קאָפּ ביז די פיס, מיט אויטאָמאַטיש געווער, גראַנאַטן.

מיט העק און אייזנס האָבן די רוצחים אויפגעהאַקט די אויפגעדעקטע באַהעלטענישן און די איבערגעשראָקענע יידן דערהרגעט אויפן אָרט, געוואָרפן אויף זיי גראַנאַטן אָדער דערשאָסן מיט אַ סעריע קוילן.

די שיסעריי האָט אָנגעהאַלטן שעהן־לאַנג. די טויטע זענען געבליבן ליגן אין די גאַסן אין קאַלוזשעס בלוט.

אין רינעק זענען צונויפגעזאַמלט געוואָרן עטלעכע טויזנט יידן, וועלכע זענען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די זשאַנדאַרן און עס־עס־לייט און אָפּגעפירט קיין סאָביבאָר.

עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט ווילדע סצענעס פון גרויליקער אכזריות. דער זשאַנדאַר לוטער האָט אָנגערייצט זיין הונט אויף די גוססדיקע יידן, וואָס זענען געלעגן אין די בלוט־קאַלוזשעס. אין שאַפּירשטיינס ברענענדיק הויז אויף ווירקאָווער־גאַס האָבן די עס־עס־לייט אַרייַנגעוואָרפן אַ לעבעדיקן דעם סעקרעטאַר פון יודנראַט, יאָסעלע גאָלדמאַן..

אַזעלכע און ענלעכע ספּעקטאַקלען האָבן די צעיושעטע דייטשן איינגעאָרדנט אין פאַרשידענע ווינקלען פון געטאָ.

די בלוטיקע אַקציע האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע טעג. די דייטשן מיט זייערע אוקראַינישע און ליטווישע צוהעלפער זענען אַרומגעגאַנגען טאָג און נאַכט איבער די פאַרלאָזטע הייזער, גערויבט און געזוכט באַהאַלטענע יידן.

פּופציק מיידלעך האָבן די רוצחים איבערגעלאָזט צונויפצונעמען די פאַרשידענע זאַכן, וואָס זענען געבליבן נאָך די יידן אין געטאָ. אַ טייל פון די מיידלעך איז געלונגען צו אַנטלויפן קיין אַדאַמפּאָל. די אַנדערע האָבן די דייטשן דערשאָסן אויף די אַרבעטס־ערטער.

אַ קליינע צאָל יידן איז געלונגען צו אַנטלויפן אין וואַלד־אַריין ווו זיי האָבן זיך אָרגאַניזירט אין גרופּן און אַנגעשלאָסן אין די פאַרטיזאַנער־אָטריאַדן.

# דאָקומענטן

## קאָרעספּאָנדענץ צווישן וואָלאָדאַווער יודענראַט

### און פּרעזידיום פון דער ייִדיש סאָציאַלער זעלבסט־הילף אין קראָקע, (סטראַדאָמסקאַ גאַס, נומער 10)

די דאָזיקע דאָקומענטן זענען אונדז צוגע־שיקט געוואָרן פון ייִדישן היסטאָרישן אינס־טיטוט אין וואַרשע, געשריבן אין דער פּוי־לישער שפּראַך.

היות אויסער וואָלאָדאַווע, זענען די דאָזיקע מאַטעריאַלן אויך נוגע די ייִדן פון קאַליש, פּויזן, לובאַרטאָוו, בידגאָשטש, פּולאַוו, כעלם, קשיוואָויערזשבאָ, וואָלאָסקאָוואָלאָ, סאָביבאָר, האַנסק, וואָליאַ־ווערעשטשינסקאָ, ווירקי און אַנדערע, און היות די דאָזיקע מאַטעריאַלן וואַרפן נאָך אַ „שיין" אויפן פינסטערן ייִדישן לעבן פון יענע יאָרן, — זעצן מיר עס איבער וואָרט־ווערטלעך און ברענגען זיי דאָ, אָן קיינע שום ענדערונגען און אויסבעסערונגען.

יודענראַט אין וואָלאָדאַווע
ל.דז. 15/41

וואָלאָדאַווע, דעם 10־טן יאַנואַר 1941 י.

צום פּרעזידיום פון דער ייִדיש־סאָציאַלער זעלבסט־הילף
(פּרעזידיום זשידאָווסקעי סאַמאָפּאָמאָצי ספּאָלעטשנעי)
קראַקעוו
סטראַדאָמסקאַ־גאַס, 10.

וואָלאָדאַווע, וואָס איז ביזן אויסברוך פון דער מלחמה, געווען אַ פּאָוויאַטאָווע שטאָט, איז היינט, צוזאַמען מיטן טייל פון געוועזענעם וואָלאָדאַווער פּאָוויאַט, וואָס נעמט־אַרום די דאָרפישע גמינעס פון וואָלאָדאַווע, סאָביבאָר, האַנסק, ווירקי, קשיוואָויערזשבאַ, וואָלאָסקאָוואָליא, און וואָליאַ־ווערעשט־שינסקאַ, — באַוווינט פון אַ באַדייטנדיקער צאָל ייִדן, וואָס געפינען זיך אין שטאָט גופא און אין די דערמאַנטע דאָרפישע גמינעס, ווי פאָלגט:

אין דער שטאָט וואָלאָדאַווע וווינען 6000 ייִדן, שוין צו־זאַמען מיט די איבערגעזידלטע און פּליטים פון די שטעט:

| | | |
|---|---|---|
| פון קאַליש | 375 | ייִדן. |
| ״ פּאָזנאַן | 8 | ″ |
| ״ לובאַרטאָוו | 37 | ″ |
| ״ בידגאָשטש | 4 | ″ |
| ״ פּולאָוו | 5 | ″ |
| ״ כעלם | 82 | ″ |
| ״ ראַדזין | 7 | ″ |
| ״ לאָדזש | 52 | ″ |
| ״ מלאַווע | 22 | ″ |
| ״ פּלעניקעס | 71 | ″ |
| ״ אַנדערע | 284 | ″ |
| ״ פאַרשיידענע | | |
| געביטן | 60 | ″ |

אין די דערמאַנטע דאָרפישע גמינעס וווינען:

אין קשיוואָויעזשבאַ —

287 סטאַבילע ייִדישע איינוווינער, און 00 אויסגעזידלטע.

אין וואָלאָסקאָוואָליאַ —

600 סטאַבילע ייִדישע איינוווינער, און 40 אויסגעזידלטע.

אין סאָביבאָר —

305 סטאַבילע ייִדישע איינוווינער, און 70 אויסגעזידלטע.

אין האַנסק —

137 סטאַבילע ייִדישע איינוווינער, און 00 אויסגעזידלטע.

אין וואָליאַ־ווערעשטשינסקאַ —

315 סטאַבילע יידישע איינוווינער, און 00 אויסגעזידלטע.

אין ווירקי —

130 סטאַבילע יידישע איינוווינער, און 00 אויסגעזידלטע.

אַלזאָ, צוזאַמען וווינען אויפן אייגענטלעכן געביט פון היגן יודענראַט 7884 סטאַבילע ייִדישע איינוווינער, איבער־געזידלטע און פּליטים.

וואָלאָדאַווע, וואָס ליגט ביים בוג, אויף דער סאַמע גרענעץ פונעם גענעראַל־גאָווערנאַמענט, און האָט פריער געהערט צו דער לובלינער וואָיעוואָדשאַפט, איז קיינמאָל נישט געווען קיין פאַרמעגלעכע שטאָט. דורך דער שטאָט האָט זיך נישט גע־צויגן קיין שום האַנדלס־שליאַך און זי האָט דעריבער נישט פאַרמאָגט קיין אַנטוויקלטן האַנדלס־לעבן און קיין אינדוסטרי.

היות דער ייִדישער קליינהאַנדל איז איצט אינגאַנצן אונטערגעגאַנגען און די בעלי־מלאָכה זענען געבליבן, צוליבן מאַנגל אין מאַטעריאַלן, מערסטנס אָן אַרבעט, און די אויס־געזידלטע און פּליטים האָבן בכלל נישט קיין שום אַרבעטס־מעגלעכקייט, — איז די מאַטעריעלע סיטואַציע פון דער ייִדי־שער באַפעלקערונג זייער אַ שווערע, אומפאַרגלייכלעך שווע־רער, ווי אין אַנדערע שטעט.

צוליב די דאָזיקע סיבות, איז די אַרבעט און די ראָם פון הילף פון היגן יודענראַט, זייער אַ באַשרענקטע. דער יודענ־ראַט פירט אַ קיך פאַר אָרעמע און אויסגעזידלטע און גיט

אויך מעדיצינישע הילף, וואָס די אויסגאַבן דערפון שטעלן זיך פאַר אַזוי:

1296 מיטאָגן צו 35 גראָשן,

| | |
|---|---|
| במשך 25 טעג: | 11.340.— זלאָטעס |

250 פּאָרציעס און רויע פּראָדוקטן

| | |
|---|---|
| במשך 25 טעג: | 2.187.50 〃 |
| איבערוויזונגען צו דאָקטוירים: | 200.— 〃 |
| מעדיקאַמענטן: | 200.— 〃 |
| היילונגס־קאָסטן אין שפּיטאָל, ביז: | 700.— 〃 |
| שטיצע אין מזומנים: | 1.000.— 〃 |
| צוזאַמען: | 15.627.50 זלאָטעס |

אויסער די אויסגערעכנטע, זענען נאָך אַכט הונדערט נויטבאַדערפטיקע, באַשטעטיקטע צום דערהאַלטן הילף, וועלכע הונגערן בוכשטעבליך, און וואָס קיין מיטאָגן קענען מיר זיי פון דעסטוועגן נישט אַרויסגעבן, ווארעם די מיטלען, וואָס מיר האָבן צו אונדזער דיספּאָזיציע, קלעקן נישט אַפילו צו דעקן די פריער־דערמאָנטע באַדערפענישן.

היות מיר באַקומען נישט פאַר דער קיך קיין שום פּראָדוקטן־צוטיילונגען, וואָס מיר מוזן איינקויפן אויפן „פרייען" מאַרק, פאַרטייערט עס באַדייטנד דעם פּרייז פון מיטאָג, וואָס אין רעזולטאַט דערפון, זענען די אַרויסגעגעבענע מיטאָגן נישט אומשטאַנד צו שטילן דעם הונגער און אַפּעט, באַקומען נישט אַ באַדייטנדע צאָל מענטשן אַפילו דעם דאָזיקן באַשיידענעם מאַלצייט.

אויף צום דעקן די אויבן־אָנגעוויזענע אויסגאַבן, וואָס מיר מאַכן אין די באַשיידנסטע גרענעצן, האָבן מיר צו דער דיספּאָזיציע פאָלגנדע קוועלן:

| | |
|---|---|
| (900 צו 10 גראָשן, במשך 25 טעג): | 2.250 זל. |
| פון אָפּצאָלן פאַר דער געז. זעלבסט־הילף: | 2.250 זל. |
| פון די שפּענדונגען, וואָס עס צאָלן | |
| די אַרבעטער ביי מעלאָראַציע: | 1.700 זל. |
| שטיצע פון דזשאָינט: | 1.500 זל. |
| דער ווערט פון די דזשאָינט־פּראָדוקטן: | 1.200 זל. |
| צוזאַמען: | 9.150 זל. |

אויפן חודש דעצעמבער האָבן מיר שוין נישט באַקומען די שפּענדונגען פון די מעלאָראַציע־אַרבעטער, צוליב אָפּשטעלן־זיך פון דער אַרבעט, און האָבן אויך נישט באַקומען קיין שום פּראָדוקטן פון דזשאָינט.

היות פון קיין אַנ. ערע איינקונפט־קוועלן קענען מיר נישט געניסן, זענען מיר דעריבער געצוווּנגען צו באַגרענעצן די הילף צו אונדזערע מעגלעכקייטן.

מיר באַמערקן דערביי, אַז פון דער צאָל אויסגעזידלטע און פּליטים אין אונדזער שטאָט, געניסן פון אונדזער קיך ניינציק פּראָצענט. די איבעריקע געניסן אַרטיקע אָרעמע־לייט און אַרבעטסלאָזע.

אין דער זעלבער סיטואַציע געפינט־זיך די יידישע באַפעלקערונג פון די דאָרפישע גמינעס פון דעם טייל וולאָדאַווער פּאָוויאַט, וואָס איז איינגעשלאָסן אין כעלמער פּאָוויאַט.

אָפּגעבנדיק אייך דעם אויבערשטן באַריכט, בעטן מיר צו באַטראַכטן אים און דערמעגלעכן אויסצובריייטערן די הילף ביז צו דער אַמדרינגענד־נויטיקסטער גרענעץ, פאַר מענטשן וועלכע געניסן שוין פון דער קיך און פאַר פּערזאָנען, וועמען דאָס אַריינגעמען אין דער קיך איז אומבאַדינגט נויטווענדיק.

**סעקרעטאַר** (נישט־לעזבאַרע אונטערשריפט)

**פּרעזעס** (נישט־לעזבאַרע אונטערשריפט)

(די ריכטיקייט פון אָריגינאַל באַשטעטיקט דער יידישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע, מיט זיין סטעמפּל).

יודענראַט אין וולאָדאַווע

ל. אַז. 14/41

וולאָדאַווע, דעם 20/1 1941.

איינגעפּלאָסן דעם 24/1 1941.

**צום פּרעזידיום פון דער יידישער זעלבסטהילף**

**קראָקע**

**סטראַדאָמסקאַ־גאַס, 10**

צוליב סיבות, בעטן מיר און מיר פאָדערן, אַז וולאָדאַווע מיט אירע זעקס דאָרפישע גמינעס, זאָל זיין אַ זעלבסטשטענדיקער פאַרזאָרגונגס־געביט.

אויסער דעם, געפינט־זיך וולאָדאַווע בשכנות מיט אַ ריי שטעטלעך, וואָס געהערן טאַקע נישט צו אונדזער פּאָוויאַט, אין וועלכע עס געפינט־זיך אַ באַדייטנדיקע צאָל צוגערייזטע פון מלאָווע און אַנדערע שטעט, און וועלכע ווענדן־זיך צו אונדז נאָך הילף, ווי דאָס באַשטעטיקט, צווישן אַנדערע, די בייגעלייגטע קאָפּיע פון בריוו פון יודענראַט אין ווישניצע. אייערנעכטן זענען מיר אַרויסגערופן־געוואָרן דורך די ווישניצער טעלעפאָניש, אַז מיר זאָלן זיי ראַטעווען, ווארעם זיי שטאַרבן־אויס. די פאַריקע וואָך האָבן מיר זיי אַרויסגעשיקט איבער אונדזערע מעגלעכקייטן, הילף אין שפּייז־פּראָדוקטן, קליידונג, וועש און כלים. מיר האָבן זיך נישט געוועגדט מיט דעם ענין קיין כעלם, ווארעם כעלם איז צו־שוואַך פאַר אַזעלכע אַקציעס. זיי האָבן נישט געקענט פאַרזיכערן זייערע יידן דערמיט, וואָס עס קומט זיי סיי ביים לעבן און סיי

נאָכן טויט... און דערפאַר קענען זיי נישט זיין די דאָזיקע אויסדערווײלטע, וועלכע דאַרפן פאַרזאָרגן ייִדן בכלל.

אונדז גייט איצט וועגן וולאַדאַווע און די צוגערייזטע, וואָס געפינען־זיך אין וולאַדאַווע און אין דעם טייל, וואָס האָט געהערט צום וולאַדאַווער פּאָוויאַט.

אויב אַלזאָ עס וואָלט מעגלעך געווען, אַז וולאַדאַווע צוזאַמען מיטן טייל פון געוועזענעם וולאַדאַווער פּאָוויאַט, זאָלן קענען קריגן הילף אין די ראַמען, באַשטימטע דורך קראָקע, בעטן מיר, אַז איר זאָלט עס ריכטן דירעקט קיין וולאַדאַווע, אַז מיר זאָלן זיך נישט דאַרפן צוזאַמענטרעפן מיט כעלם.

אויף אַנצוּווייזן די אַלע איבעריקע סיבות פאַר אונדזער שטעלונג, איז איצט נישט די צייט. דאָס וועט אַרויסשווימען ביי אַ פּאַסיקערער געלעגנהייט.

אויב אונדזער איצטיקער אַרויסטריט וואָלט באַדאַרפט בלייבן ווירקונגסלאָז, וואָלט דער יודענראַט אין וולאַדאַווע, אויסער דער הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע און ספּעציעל — פאַר די אַנגעפּאַרענע, אין די ראַמען פון אייגענע מעגלעכ־קייטן, — נישט געקענט נעמען אויף זיך די מאָראַלישע און מאַטעריעלע פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר יעטוועדער ווייטער־דיקער הילף און פאַרזאָרגונג.

מיט אכטונג
סעקרעטאַר (נישט־לעזבאַרע אונטערשריפט)
פּרעזעס (נישט־לעזבאַרע אונטערשריפט)

(די ריכטיקייט פון אָריגינאַל באַשטעטיקט דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע, מיט זיין סטעמפּל).

נומער 4: ש. סט. 41—996 קראָקע, דעם 8/2 1941 י.

**צום קאָמיטעט פאַר קינדער־הילף**
**וולאַדאַוואַ**
**פּאָוויאַט כעלם**

---

**בשייכות: הילף פאַר די צוועקן פון אויפזיכט איבערן קינד.**

מיר באַשטעטיקן דאָס דערהאַלטן דעם בריוו פון דריטן דעם חודש, וואָס איז אונדז איבערגעגעבן־געוואָרן דעם זעקסטן דעם חודש, און מיר זענען אייך מודיע, אַז שוין אין אונדזער פאַריקן בריוו פון 22־טן פאַריקן חודש, האָבן מיר אייך אויפגעקלערט, חשובע הערן, אַז מיר דיספּאָנירן נישט מיט קיין ספּעציעלן פאָנד פאַר די צוועקן פון אויפזיכט איבערן קינד. מיר האָבן געבעטן די חשובע הערן, צו קאָמוניקירן־זיך וועגן דעם ענין מיט אונדזער אָפּטיילונג פאַר קינדער־אויפזיכט „צענטאָז" אין וואַרשע. ווי עס דרינגט אַרויס פון אייער בריוו, ענטוויקלט איר איצט נישט קיין שום טעטי־קייט פאַר סאָציאַלער קינדער־פאַרזאָרגונג. כדי צו באַקומען אַ וועלכע־עס־איז סובווענץ, מוזט איר זיך באַווייזן מיט אַ געוויסער טעטיקייט אויף דעם געביט. דערביי באַמערקן מיר, אַז די הילף וואָס דאַרף צוגעטיילט־ווערן אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקייטן, פאַרן אויבנדערמאַנטן צוועק, וועט נישט קענען זיין קיין סטאַבילע, היות מיר האָבן נישט קיין פאָנדן, וואָס זאָלן אונדז דערמעגלעכן צו געבן אַ סטאַבילע סובווענץ. איר מוזט זיך באַמיען, חשובע הערן, אין אייער אייגענעם קרייז, צו קריגן די פאָנדן וואָס זענען נויטיק פאַר די צוועקן פון קינדער־פאַרזאָרגונג, פון דער אַרטיקער באַ־פעלקערונג. און אונדזער הילף וועט קענען זיין אַ פון־צייט צו־צייטיקע סובווענץ, אויף וויפל איר וועט זיך אַרויסווייזן מיט אייערע אַרבעטס־לייסטונגען אויפן פעלד פון קינדער־פאַרזאָרגונג.

די חשובע הערן דאַרפן דעריבער תיכף צוטרעטן צו דער אַרבעט, און נאָכן דערגרייכן רעזולטאַטן, — פאַרלייגן אונדז אַ באַריכט פון אייער טעטיקייט, אַנגעבנדיק גענוי די צאָל פון קינדער, וואָס וועלן זיין אונטער אייער אַפּוטרופּסות, וועלכע פאָנדן איר האָט צוזאַמענגענומען, וואָס פאַר אַן אויס־גאַבן איר האָט געהאַט בשייכות מיט אייער אַרבעט. נאָכן דערהאַלטן דעם אויבנדערמאַנטן באַריכט, וועלן מיר זיך באַמיען, אין די ראַמען פון אונדזערע מעגלעכקייטן, צו דער־טיילן אייך אַ סובווענץ פאַרן צוועק פון סאָציאַלער קינדער־פאַרזאָרגונג.

מיט אכטונג

(די ריכטיקייט פון אָריגינאַל איז באַשטעטיקט דורכן ייִדי־שן היסטאָרישן אינסטיטוט אין וואַרשע, מיט זיין סטעמפּל).

**יודענראַט אין וולאַדאַווע**
וולאַדאַווע, דעם 17 מערץ 1941 י.
נומער דז. 41—68
דערהאַלטן דעם 25 מערץ 1941 י.
נומער ל. 2095

**צום פּרעזידיום פון ייִד. סאָציאַלער זעלבסטהילף**
**אין קראָקוו**

ווי עס איז אייך, חשובע הערן, זיכער באַוווּסט, איז קיין סאָסנאָוויצע אָנגעקומען אַ באַדייטיקע צאָל מענטשן, וואָס זענען אַרויסגעשיקט־געוואָרן פון לובלין.

דער יודענראַט אין וולאַדאַווע האָט אַרויסגעשיקט קיין סאָסנאָוויצע אַ ספּעציעלע דעלעגאַציע.

די דעלעגאַטן זענען אַרויסגעפאָרן קיין סאָסנאָוויצע דעם 15/3, ווו זיי האָבן געטראָפן אַרום 3000 פּערזאָן, אויסגע־זידלטע פון לובלין. די דאָזיקע מענטשן זענען איינגעקוואַר־טירט־געוואָרן צווישן 60 משפּחות אין סאָסנאָוויצע.

צוליבן גרויסן הונגער און דער אוממעגלעכקייט אײנ־
צוקויפן פּראַוויאַנט אויפן אָרט, האָט דער וולאָדאַווער יודענ־
ראַט, מיט דער דערלויבעניש פון דער אָרטיקער מאַכט, אַרויס־
געשיקט מיט די חשובע הערן דעלעגאַטן אַ רײי פּראָדוקטן,
ווי: ברויט, קאַשע, קאַווע, זייף א.א.וו. גלייכצייטיק האָט דער
ד"ר שפּרינגער מיטגענומען אויך מעדיקאַמענטן און באַנ־
דאַזשירונגס־מיטלען פאַר די אויסגעזידלטע.

די דעלעגאַטן האָבן פעסטגעשטעלט אויפן אָרט אַ גרוי־
סע נויט ביי די מענטשן, אַ געוואַלדיקע באַדערפעניש פון
אומדערהערטער לעבנסמיטל און אַנטיסאַניטאַרע באַדינגונ־
גען, צוליב דער אומדערהערטער ענגשאַפט אין וועלכער די
מענטשן לעבן.

ד"ר שפּרינגער האָט דערטיילט מעדיצינישע הילף אַ
גאַנצער רײי קראַנקע. דעם פּראַוויאַנט און מעדיקאַמענטן,
וואָס אונדזערע דעלעגאַטן האָבן געבראַכט, האָבן זיי איבער־
געגעבן דעם סאָסנאָוויצער יודענראַט, קעגן אַ געהעריקער
באַשטעטיקונג, צום צעטיילן די נויטבאַדערפטיקע.

די דעלעגאַטן האָבן, פאַרענדיקנדיק דעם באַריכט,
אַרויסגעבראַכט זייער באַשלוס, וועגן מאַכן אַלע באַמיאונגען
אויסצובעסערן די וווינונגס־באַדינגונגען, דערקלאַרירנדיק, אַז
מען מוז אויסבויען אין סאָסנאָוויצע באַראַקן פאַר די מענטשן,
וועלכע עס דראַט, צוליב דער איצטיקער ענגשאַפט, אַ
פאַרשפּרייטונג פון קראַנקהייט און עס דראָט זיי אַ פול־
שטענדיקער אונטערגאַנג.

דער יודענראַט אין וולאָדאַווע, וועלכער האָט אויך נישט
קיין פינאַנסיעלע מיטלען, כדי צו קאָנטינויִרן די הילף פאַר
די דערמאָנטע היימלאָזע, האָט באַשלאָסן מודיע צו זיין דאָס
אייך, זייער חשובע הערן, אַז איר זאָלט דערטיילן פאַר די
היימלאָזע דרינגענדיקע הילף.

פּרעזעס

(די ריכטיקייט פון אָריגינאַל, באַשטעטיקט דער ייִדישער
היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע, מיט זיין סטעמפּל).

וולאָדאַווע, דעם 17־טן מערץ 1941. 41—8 דז.ל.
אַנגעקומען: 20/3. 1941. 1917 ל.

צום פּרעזידיום ייִדיש סאָציאַלע זעלבסטהילף
קראָקעוו,
סטראַדאָמסקאַ 10.

דערגענצנדיק אונדזער בריוו פון 14־טן דעם חודש, זע־
נען מיר מודיע, אַז דעם 15־טן איז אַרויסגעפאָרן אונדזער
דעלעגאַציע קיין סאָסנאָוויצע און מיט זיי, — אַ דאָקטער
מיט רפואות און לעבנס־מיטל.



אויפן אָרט האָט זיך די לאַגע אַרויסגעוויזן אינגאַנצן
אַנדערש, ווי מיר האָבן באַשריבן אין אונדזער בריוו פון
14־טן ד.מ. לויט די דערהאַלטענע ידיעות, האָבן מיר מיט־
געטיילט וועגן צוועלף הונדערט אַנגעקומענע קיין סאָסנאָ־
וויצע, אַרויסגעשיקטע פון לובלין. אָבער אויפן אָרט האָט זיך
אַרויסגעוויזן, אַז פאַקטיש זענען אַנגעקומען דריי טויזנט
פּערזאָן.

אַ קליינע צאָל איז צוריק געפירט געוואָרן קיין לובלין
מיט געבראַכטע טעקסי'ס. און מיט געהעריקע פּאַפּירן, זענען
אַרויסגענומען אַ ביסל רייכערע. דערקעגן, די גאַנצע געב־
ליבענע מאַסע, באַשטייט פון אָרעמע, אַלטע און קראַנקע.

ביז איצט, איז אַנגעקומען הילף פון אָסטראָוו לובעלסקי,
פּאַרטשעוו און וולאָדאַווע. פון לובלין איז ביז היינט גאָר־
נישט אַנגעקומען, כאָטש סאָסנאָוויצע ליגט בלויז אַ 60 קי־
לאָמעטער פון לובלין.

פאַר דער גרויליקייט פון דער סיטואַציע, האָבן מיר
נישט קיין באַצייכענונגען.

אַנטקעגן דער ריזיקער נויט, וואָס פאָדערט אַ תיכפדיקע
הילף, זענען מיר, אין אונדזערע באַדינגונגען, אָנמעכטיק.

מיט אַכטונג
ייִדישע סאָציאַלע זעלבסטהילף
דעלעגאַטור אין וולאָדאַווע
(—) אַ. קאַהאַן

(די ריכטיקייט פון אָריגינאַל, באַשטעטיקט דער ייִדישער
היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע, מיט זיין סטעמפּל).

## טעלעגראַמע

וולאָדאַווע 1942 20/3 זייגער 15
יאַטעסעס קראָקעוו

אַנגעקומען 783 פּערזאָן פון מיעליצע. אייַנגעקוואַרטירט.
קלאַגענדיקער מצב. אומבאַדינגט נויטיק געלט־הילף טעלע־
גראַפיש. גענויער בריוו פאָלגט.

באַמערקונגען פון איבערזעצער: „יאַטעסעס" זענען די
ראשי־תיבות פון „ייִדישע סאָציאַלע זעלבסט־הילף". דער
קרוקעווער אַדרעס קורץ, פאַר טעלעגראַמען. „סאַמאָפּאָמאָץ"
מיינט: זעלבסטהילף.

(די ריכטיקייט פון אָריגינאַל באַשטעטיקט דער ייִדישער
היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע, מיט זיין סטעמפּל).

ווֹלאַדאָווע, דעם 7 אַפּריל 1942
איינגעפלאָסן דעם 19 אַפּריל 1942
ל. 7313

ייִדישע דעלעגאַטור אין ווֹלאַדאָווע, סאַלנאַ 20.
נר. דז. 42—102

## צום סאָציאַלן ייִדישן זעלבסטהילף פּרעזידיום אין קראָקעוו

### באַריכט

דעם 15־טן מערץ 1942 לויפנדן יאָר איז אָנגעקומען צו אונדז אַ טראַנספּאָרט ייִדן פון מיעליצע, וואָס באַשטייט פון 783 פּערזאָן, געזונטע און קראַנקע, ווי אויך זעקס געשטאָרבענע. פון די דאָזיקע 783 פּערזאָן זענען געווען 60 קראַנקע, פון וועלכע דריי זענען באַלד געשטאָרבן. אויסער דעם, — אַ סך קיילעכדיקע און האַלבע יתומים.

נאָכן דערהאַלטן די ידיעה, אַז דער טראַנספּאָרט איז אין וועג, האָבן מיר אַרויסגעשיקט אַנטקעגן פורן און מענטשן, מיטן ציל אויפצונעמען די קראַנקע און גראַטעוועטע, ווי אויך דעם באַגאַזש. נאָכן אָנקומען אין שטאָט, איז דער טראַנספּאָרט איינגעאָרדנט געוואָרן אין זעקס פּונקטן, באַהייצטע און פאַרזאָרגטע מיט צוגעגרייטן שטרוי. נאָכדעם, במשך פון פינף טעג, זענען די געקומענע איינגעקוואַטירט געוואָרן אין ייִדישע היימען. דער גרעסטער טייל פון טראַנספּאָרט איז געקומען אָרעם, באָרוועס און כמעט נאַקעט. זייער באַגאַזש, דערקעגן, איז געבליבן ערגעץ אין וועג.

מיר האָבן געטון פאַר די אָנגעקומענע, וואָס עס איז נאָר געווען אין אונדזערע מעגלעכקייטן. מיר האָבן געמאַכט 75 בעטן און האָבן אַרויסגעגעבן ברעטלעך פאַר ווייטערדיקע 25 בעטן. נויטיק זענען געווען דריי־פיר הונדערט בעטן, אָבער מער האָבן מיר נישט געקענט שאַפן, צוליבן מאַנגל אין ברעטער. מיר האָבן צוגעשטעלט שטרוי, דרינגענדיקע ערשטע הילף, מיר האָבן אָוועקגענומען פון אונדזער נויט־באַדערפטיקע 800 מיטאָגן פאַר די מיעליצער, מיר האָבן זיי געגעבן צוויי מאָל טעגלעך קאַווע מיט ברויט, מיר האָבן פאַרטיילט אַ באַדייטנדע צאָל ברען־האָלץ, מיר האָבן געגעבן מעדיצינישע הילף און מעדיקאַמענטן.

דער דאָזיקער צושטאַנד האָט געדויערט ביז פּסח, דעם ערשטן אַפּריל 1942.

אויף די ערשטע טעג פּסח האָבן מיר אַרויסגעגעבן צו האַלבע קילאָ מצה אויף אַ פּערזאָן און צו צען קילאָ קאַרטאָפל אויף אַ משפּחה. די מיעליצער האָבן מיר אַלע איינגעטיילט, דערקעגן פאַר די אַלע וואָלאַדאָווער שטיצע־נעמער, האָט שוין קאַרטאָפל אויסגעפעלט.



במשך די יום־טוב־טעג איז די קיך טעטיק בלויז פאַר קינדער, פאַרן שפּיטאָל און פאַרן בית־יתומים, אַרויסגעגעבנדיק 450 מיטאָגן מיט מצה, וואָס ווערט קאָנסומירט אויפן אָרט. פאַר קראַנקע ווערט אַרויסגעגעבן אַהיים.

מיר האָבן איינגעאָרדנט אַ יתומים־הויז פאַר די קיילעכדיקע יתומים, אויסשליסלעך פון מיעליצע, דערווייל מיט 15 בעטלעך פאַר 15 יתומים, איינגעאָרדנטע געהעריק, מיט 2 פלעגערינס אויף אַ גאַנצן מעת־לעת, אונטער דער אויפזיכט פון אַ באַלעבאָסטע, אין אַ געהעריקן לאָקאַל. עס איז נאָך פאַראַן אַ באַדייטנדיקע צאָל האַלבע יתומים, נאָר פאַר זיי האָבן מיר שוין נישט קיין לאָקאַל־מעגלעכקייט. מיר האָבן שוין אַזוי אויך געמוזט באַשטעטיקן בלויז די דרינגענדסט־נויטיקסטע פאַלן.

אָבער איצט ווערט די סיטואַציע זייער שווער, וואָרעם די פּראָדוקטן־פראַגע האָט זיך זייער פאַרערגערט. אויף מערץ האָבן מיר נישט באַקומען קיין שום צוטיילונג. פּונקט אַזוי האָט די באַפעלקערונג גאָרנישט באַקומען. אויך דער פּאָוויאַטאָווער קאָמיטעט אין כעלם האָט קיין שום זאַך נישט צוגעשיקט. על פּי נס, האָבן מיר נאָך פאַרמאָגט געוויסע זאַפּאַסן, וועלכע האָבן דאָך געקלעקט ביזן ערשטן אַפּריל לויפנדיקן יאָר.

די סיטואַציע איז אַלזאָ אַ טרויעריקע. מיט דעם, וואָס מיר האָבן אַרויסגעגעבן אויף יום־טוב, האָט מען זיך נישט געקענט איבערעסן, אָבער צו געבן, אויסער דעם, געלט־הילף, — האָבן מיר נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט. און אויסער דעם, וואָלט מען מיט קיין עטלעכע זלאָטעס סיי־ווי נישט געקענט שטילן די באַדערפענישן.

מיר האַלטן פאַר נויטיק אויסצורעכענען אַלע אונדזערע נויטווענדיקייטן און באַדערפענישן, וואָס דאָס פּרעזידיום וועט איבעריקנס אַרויסלייענען פון אויבן־געבראַכטן אינהאַלט.

צו דעם קאַסע־באַריכט פאַר מערץ פעלט די קוואָטע פון 1.016 זלאָטעס, וואָס מיר זענען שולדיק דער אַפּטייק און מיר האָבן נישט געקענט באַצאָלן ביזן ערשטן אַפּריל, נאָר ערשט נאָך דער דאָזיקער דאַטע. צוליב דעם, וועט זיך עס געפינען אין באַריכט פאַרן חודש אַפּריל.

דריי טויזנט זלאָטעס האָבן מיר באַקומען טעלעגראַפיש דעם ערשטן אַפּריל ד.י.

בייגעלייגט שיקן מיר אַ באַריכט פון דער טעטיקייט פאַרן חודש מערץ ד.י.

מיט אַכטונג
ייִדישע סאָציאַלע זעלבסטהילף
דעלעגאַטור אין וואָלאַדאָווע

(די ריכטיקייט פון אָריגינאַל באַשטעטיקט דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע, מיט זיין סטעמפּל).

ייִדישע סאָציאַלע זעלבסטהילף
דעלעגאַטור אין וולאָדאַווע,
סאָקאָלנאַ־גאַס, 8.

נר. דז. 42—227 וולאָדאַווע, דעם 2/10 1942 י.

**צום פּריזידיום פון ייִדישע סאָציאַלע זעלבסטהילף
אין קראַקוו**

אײַנגעפלאָסן דעם 6־טן אָקטאָבער 1942
ל. 18021

צוליב געוויסע אורזאכן,* האָבן מיר זיך נישט געוואָנדן צו אײַך נאָך הילף פאַר אַ צײַט פון דריי חדשים, אָבער אַצינד זענען מיר געצווונגען צו בעטן הילף און דאָס, צוליב פאָלגנדע סיבות:

די צאָל פון די דורך אונדז געשטיצטע וואַקסט־אַריבער דעם ציפער פון 2000 און די אַלע דאַרפן הילף אין יעדער פאָרם, איבערהויפּט נאָך, אַז עס קומט־אָן דער ווינטער, און מיר קענען זיי נישט העלפן.

די צווייטע און ערנסטערע סיבה: אונדזער שטאָט איז לעצטנס געוואָרן אַ פּונקט, ווו פון ערשטן אָקטאָבער, ווערן געשיקט פון גאַנצן כעלמער פּאָוויאַט אַלע ייִדן, וועלכע זענען נישט פעאיק צו אַרבעט. דאָס זענען זקנים, קראַנקע און דערצו, — זייער אָרעמע. און די דאָזיקע דאַרפן זיין ביי אונדז, אויף אונדזער פולשטענדיקער אויסהאַלטונג.

דער ערשטער טראַנספּאָרט, דערווייל אַכט מענטשן, איז



שוין אָנגעקומען פון סאָווין און אַזוי דאַרפן קומען צו אונדז טראַנספּאָרטן במשך עטלעכע טעג. די צאָל פון די אָנגעקו־מענדיקע איז אונדז נאָך דערווייל אומבאַקאַנט, יעדנפאַלס וועט זייער צאָל זיין אַ געגוג גרויסע.

אויך די קראַנקע פון די אַרבעטס־לאַגערן וועלן גע־שיקט־ווערן צו אונדז.

אויסער דעם, בעטן מיר דעם פּרעזידיום אַ געלט־שטיצע פאַר אונדזער אָרטשאַפט, ווי אויך צו דערליידיקן אונדזער געבעטענעם מעדיקאַמענט, וואָס איז געשיקט־געוואָרן מיט אונדזער בריוו פון פערצנטן אויגוסט לויפנדן יאָר, נומער 42—208, וואָרעם זיי זענען אונדז דרינגנד נויטיק.**

מיט אַכטונג

ייִדישע סאָציאַלע זעלבסטהילף
דעלעגאַטור אין וולאָדאַווע

(די ריכטיקייט פון אָריגינאַל באַשטעטיקט דער ייִדישער היסטאָרישער אינסטיטוט אין וואַרשע, מיט זיין סטעמפּל).

* „צוליב געוויסע אורזאכן" איז געווען די סיבה וואָס אין לויף פון די 3 חדשים איז פאָרגעקומען צוויי אויסזידלונגס אַק־ציעס — פאַרניכטונגס אַקציעס קיין סאָביבאָר; די ערשטע — שבועות 1942, די צווייטע — די קינדער־אַקציע.

** דעם 24 אָקטאָבער 1942 איז פאָרגעקומען די גרויסע אַק־ציע אין וועלכער ס'איז אַוועק קיין סאָביבאָר צען טויזנט יידן. צוליב דעם איז דער לעצטער בריוו־אויסטויש צווישן וולאָדאַ־ווער זעלבסטהילף און קראָקע.

מיכאל כפתורי (קנאַפּמאַכער)
חיפה

# ברכתו של הרבי מראדזין

גרנו בכפר קולאצ׳ה ע״י ולודבה. ביתנו עמד בהצטלבות הדרכים פרצ׳ב — לובלין — ולודבה, והנה פעם, בחורף שנת 1941, בחצות הלילה שמענו קולות ונקישות חזקות בדלת ומישהו אמר:

„יענקל, פתח, אנא, תן לנו להכנס... באנו בדבר חשוב מאוד״.

מובן שזה הפתיע את כולנו, אולם אבי הכיר מיד את קולו של המדבר ופתח את הדלת והנה עמדו בפניו כמה מנכבדי העיר ולודבה, חסידי האדמו״ר מראדזין. זוכרני את השמות: ווייצמן ומנדל, והם פנו לאבי בבקשה:

„אנא, ר׳ יענקל, תארח את הרבי, שינוח בביתך. זכות גדולה היא לך...״

והם סיפרו איך הצליחו להבריח את הרבי מראדזין ועכשיו נאלצו לחכות לקבלת רשות־כניסה לולודבה ובינתיים הרבי זקוק למנוחה.

אמי, מרת פייגה מבית וינוגרד, קמה מיד ממיטתה, הדליקה את התנור והרתיחה מים בקומקום והתכוננה לקבל את פניו של הרבי.

באותה שעה דומה עליה כאילו ימי־נעוריה חוזרים אליה ובזריזות גדולה הכינה את הכיבוד לרבי וחסידיו, ותוך כדי השיחה של החסידים עם אבי נשמעו קולות וצעדים לעבר ביתנו והחסידים הסבירו:

„הרבי מגיע!״

הדלת נפתחה לרווחה והרבי נכנס מוקף קבוצת חסידים, אנשי־מעשה. לפי ארשת־פניהם ושיחותיהם השמורות בזכרוני, הרגשתי את הרצינות שבמצב. פניו של הרבי היו בתחבושת לבנה, בה התכוון להסוות את זקנו מפחד מפני הגרמנים שהיו גוזזים את זקניהם של היהודים שנתקלו בדרכם.

נער הייתי, אולם רבות כבר שמעתי על גדולותו של הרבי, שמאהבתו את ישראל מוסר נפשו עליהם, אפילו על הפשוט שבישראל וראיתיהו עכשיו שקוע במחשבות ורוח קדושה נסוכה על פניו מלאי־הבעה ואצילות־נפשית.

נתאנח הרבי אנחה שוברת לב, קם על רגליו והתחיל להשמיע פרקי תהילים וכל החסידים שהיו בביתנו הצטרפו לתפילת הרבי.



קול התפילה באותה שעה אחרי חצות הלילה עדיין הומה באוזני עד היום. ימים מרובים ובמצוקת־נפש מרובה נשאתי בלבי את התמונה ואת קולות המתפללים, את ההתלהבות ואת חרדת הקודש שאחזה בכל המתפללים. דמעות זלגו מעיניהם והרטיבו את הדרת־זקניהם של החסידים.

מיד לאחר התפילה הגיעה משלחת נוספת של חסידי הרבי והם מסרו שגמרו את המשא ומתן עם אנשי־הגסטפו וקבלו עבור הרבי רשות־כניסה לעיר ולודבה.

זכורני יפה הלך־הרוח באותו לילה, כיצד החסידים התחילו להיפרד מהורי ואבי קיבל את ברכתו מן הרבי, ואילו אמי התיפחה בבכי. הרבי הבחין את המתרחש בלבה ופנה אליה בהאי לישנא:

„מרת פייגה, אני מבין היטב לרגשותיך. אנא, הירגעי ותאמרי את משאלת־לבך״.

אמי נרגעה לרגע קט ודבריה התפרצו משפתותיה הנעות בלחש, מחמת המיית לבה:

„רבי הקדוש, הרי ידוע איך המרצחים מתעללים בשארית היהודים ומי יודע איזה גורל צפוי לכולנו... הולדתי וגדלתי תשעה ילדים, חמישה בנים וארבע בנות והם עכשיו מגיל ארבע עד עשרים... אנא, רבי, תן לי את ברכתך, שלפחות אחד מבני ישאר בחיים להגיד „„קדיש״ אחרי מותנו...״

שתיקת־אימים נשתררה בחדר. המון רחמים רבים עיטרו את הנפשות הנוגות, ונדמה לי שכבשו את אנחותיהם בלבם והצטופפו כולם לשמוע ברכת הרבי ושפתיו מלמלו בלחש את הברכה.

הרבי וחסידיו עזבו את ביתנו וראיתי דרך החלון שיירת מזחלות רתומות לסוסים פותחים בדהרה לכיוון ולודבה.

סופו המר והטרגי של הרבי מראדזין ידוע לכל בית ישראל. הגרמנים התעללו בו ורצחוהו.

משפחתי עברה לגור לאדמפול ושם נרצחו ב־13 לספטמבר 1943, הורי ושבעת אחי ואחיותי נספו, ואני ה„קדיש״ נשארתי בחיים.

ארץ, ארץ, אל תכסי נחלי דמינו!

מאָטל רייכמאַן

# דער אומקום פון ראַדזינער רבין

אין 1939 אָדער אַנהויב 40־ציקסטן יאָר איז דער ראַדזינער רבי ר׳ שמואל שלמה לײַנער געקומען פון ראַדזין, ער איז געווען איין טאָג אין לובלין ס׳איז אים אָבער דאָרט נישט געפעלן געוואָרן און ער איז באַלד מיט זײַן ישיבה „בית יוסף״ אַוועק קיין וולאָדאַווע.

אין זעלבן 40־ציקסטן יאָר איז מען געקומען אין וולאָדאַווע זאָגן, אַז אין סאָביבאָרער וואַלד ליגן הונדערטער ייִדן צעשאָסענע און געפרוירענע. דער רבי האָט דעמלט צוזאַמען מיט שטעטישע עסקנים אָרגאַניזירט ווען מ׳זאָל ברענגען אויפֿן בית עולם די הרוגים קדושים. דאָס זענען געווען טייל פּלעניקעס און טייל ייִדן פון אַרומיקע שטעטלעך, וואָס די דײַטשן האָבן זיי צוריקגעבראַכט פון דער אַרבעט אין דײַטשלאַנד, אויסגעמאַטערט און ממש שקעלעטן און זיי האָבן זיי אַראָפּגעלאָזט פון די וואַגאָנען אין וואַלד און זיי צעשאָסן. טייל זייער ווייניק איז געלונגען צו אַנטלויפן פון אונטער די קוילן און איינצלנע זענען געקומען לעבעדיקע קיין וולאָדאַווע.

דאָס מקבר זײַן די קדושים האָט געדויערט אַ חודש צײַט. איך, וואָס בין געווען און בין אַ ראַדזינער חסיד, האָט מיר דער רבי אויך צוגעטיילט צו דער קבורה פון די מת מצוות. מיר האָבן געגראָבן גאַנצע ראָוועס און זיי מקבר געווען אַלע צוזאַמען. דער רבי אַליין האָט שטאַרק מיטגעאַרבעט ביי דעם ביז אַלע זענען געקומען צו קבר ישראל.

דער רבי האָט זייער פיל געטאָן פאַר דער שטאָט, ער האָט אָרגאַניזירט אין קעלער פון מאָטל דאָבעלעס האַנטמילעכלעך, כדי ייִדן זאָלן קענען אָפּמאָלן אַ ביסל קאָרן, אַ קאַשע און האָבן צודערהאַלטן די נשמה פון זייערע פאַמיליעס. ער פלעגט אַוועקגעבן פון זיך וואָס ער האָט נאָר געהאַט און געקענט.

איך פלעג זײַן ביי אים יעדן טאָג, כמעט אַ בן בית. איינמאָל געדענק איך בין איך ווי מײַן שטייגער געגאַנגען צו אים, אינדעם דערזע איך ווי אַ באַקאַנטער ייִד גייט אַראָפּ פון רבין און טראָגט דעם רבינס פאַלטן וואָס איך האָב גוט געקענט, געוווּסט האָב איך אַז דער ייִד איז נישט קיין גנב, איז מיר טאַקע געווען אַ גרויסער ווונדער, ווי קומט צו אים דער פאַלטן ?

ביי מײַן אַרײַנקומען זאָגט מיר דער רבי ; האָסט אוודאי געזען דעם פאַלטן ביים ייִדן ?, יאָ, זאָג איך, ס׳איז מיר טאַקע אַוונדער דער רבי האָט דאָך נישט מער ווי איין פאַלטאָ און דאָ איז דאָך שוין ווינטער און קאַלט ?

דער רבי האָט צענומען די הענט און געזאָגט : מאָטל, וואָס זאָל איך טאָן, איך האָב שוין מער נישט וואָס צו געבן און געבן מוז איך יעדן ייִד, וואָס קלאָגט זיך פאַר מיר.

דעם רבינס מנין איז געווען ביי משה ציגלמאַן אין דער ווירקער גאַס, דאָרט פלעג איך דאַווענען נאָר יעדן שבת, ביי גרשון הענעך לעדערמאַן איז אויך געווען אַ מנין און נאָך עטלעכע, וואָס כ׳געדענק נישט ווו, אָבער דאָס דאַווענען איז געווען אײַנגעשטעלט מיטן לעבן.

ווען דער רבי איז געוויר געוואָרן וועגן סאָביבאָר, האָט ער מיר שבת געהייסן קומען צו זיך זונטיק. דאָרט האָט ער מיר דערקלערט און געזאָגט אַז ער זעט איין לויטן גאַנג ווי די דײַטשן פירן זיך, אַז זיי וועלן פריער אויסנוצן און שפּעטער אויסמאָרדן אַלע ייִדן, דעריבער הייסט ער מיר גיין צוזאַמען נעמען אַ פופציק חסידים און מ׳זאָל צוזאַמען אַנטלויפן אין וואַלד, נישט אויסבאַהאַלטן זיך נאָר טאַקע קעמפן, און שפּעטער אַרויסנעמען אין וואַלד נאָך ייִדן.

איך האָב אים ממש אָנגעקוקט מיט שטוינונג און געפרעגט, היתכן, וואָס וועלן מיר טאָן אין וואַלד און ווי אַזוי ? אויף דעם האָט ער מיר געענטפערט, אַז איך פאַרשטיי גאָרנישט די ערנסטקייט פונעם שרעקלעכן מצב און אַז מ׳מוז ראַטעווען וויפל נאָר ס׳לאָזט זיך און דאָס קען מען נאָר מאַכן דורכן אַנטלויפן אין וואַלד.

זיך פאַרטראַכטנדיק, האָט ער שפּעטער געזאָגט : „הער, מאָטל, גיי אַרויס אין גאַס און זאָג עס צו אונדזערע נאָענטסטע מענטשן, אַז איך רוף אויס אַ דריי טאָגיקן תענית צבור, ס׳זאָל זיך צעגיין פון מויל צו מויל״.

דאָס איז געווען זונטיק 22 טאָג אין אייר 1942, צוויי וואָכן פאַר שבועות און אויף מאָנטיק האָט ער מיר געהייסן קומען צו אים.

דער רבי האָט שטענדיק געפלעגט דאַווענען פאַרנאַכט און דעם מאָנטיק האָט ער מיר געהייסן שאַפן אַ מנין ייִדן און געדאַוונט אינדערפרי, ער האָט אויסגערופן דעם טאָג ווי יום כפור און געהייסן זאָגן תהילים.

דעם זעלבן טאָג האָט די געסטאַפּאָ באַפוילן צו אַרעסטירן דעם רבין.

אויף צומאָרגנס האָט מען מיך מיט גרשון זיידמאַן גערופן אין געסטאַפּאָ אונדז געפרעגט וואָס דאָרט איז פאָרגעקומען. מיר האָבן געזאָגט, אַז דאָס האָבן מיר געבעטן אַז גאָט זאָל העלפן אַז די מלחמה זאָל זיך ענדיקן, אויך דער רבי האָט געזאָגט דאָס זעלבע, דאָס האָבן מיר זיך אָפּגעשמועסט אַ טאָג פריער ווען איך בין געווען ביים רבין אין אַרעסט.

ס׳האָט אָבער נישט געהאָלפן, זיי האָבן אים נישט געוואָלט אַרויסלאָזן. די ייִדן האָבן געגעבן זייער פיל גאָלד און געלט כדי זיי זאָלן אים פירן קיין טאָמאַשאָווקע אויף אַרבעט. דער יודענראַט האָט געטאָן אַלע באַמיאונגען צו ראַטעווען דעם רבין.

דאָרט האָבן זיי אים געהאַלטן אַכט טעג אָדער עפּעס מער. אַיינמאָל שבת איז מען געוויר געוואָרן אַז מ׳ברענגט דעם רבין פון טאָמאַשאָווקע אין דער געסטאַפּאָ. אַזוי ווי די געסטאַפּאָ האָט זיך געפונען ענדע דער ראזשאנקער גאַס, בין איך באַגינען אַוועק אַהין און זיך באַהאַלטן אַונטער אַ בוים. כ׳האָב טאַקע געזען ווי מען ברענגט דעם רבין פון דער באַן, זיי האָבן אים אַריינגעפירט אין געסטאַפּאָ אָבער נישט לאַנג האָט עס געדויערט און זיי האָבן אים צוריק ארויסגעפירט, אָבער אַנשטאַט זיי זאָלן אים אָפּלאָזן ער זאָל גיין אין דער ריכטונג פון דער שטאָט, האָבן זיי אים געפירט צום ייִדישן בית עולם. ער האָט נישט געוואָלט גיין און זיך געוועדט, זיי האָבן אים געקאָפּעט און געשטויסן, ער איז געפאַלן און זיך אויפגעהויבן און ווידער געפאַלן פון זייער שטויסן, אַיינמאָל האָט ער זיך אויסגעדרייט און אַ שפּיי געטאָן אַיין זשאַנדאַר אין פּנים, יענער האָט אים שרעקלעך געשלאָגן און געשטויסן אַלץ נענטער צום בית עולם. איך בין געזעסן אין איין ציטערניש, מיין האַרץ



האָט זיך אין מיר צוזאַמענגעקלעמט פאַר צער, אָבער העלפן האָב איך גאָרנישט געקענט.

דער סוף איז געווען, דאָס האָב איך שוין געזען פון ווייטן, זיי האָבן אים ענדלעך צוגעשטויסן נאָענט צום בית עולם פאַרקאַן און דאָרט אים דערשאָסן. שפּעטער האָט מענדל חילקעס דערציילט אַז ער מיט נאָך אַיינעם האָבן אים באַלד מקבר געווען.

אַזוי איז אומגעקומען אויף קידוש השם דער ראַדזינער רבי נאָך דעם ווי ער האָט שוין געהאַט פאַרלוירן זיין גאַנצע משפּחה דורך די דייטשע באַנדיטן ימח שמם וזכרם. זאָל גאָט אויפמאנען דאָס אומשולדיק פאַרגאָסענע בלוט פון גרויסן ראַדזינער קדוש און פון אַלע זעקס מיליאָן קדושים.

ווען ס׳איז געוואָרן יודענריין און נאָכן פאַרלירן מיין משפּחה, בין איך אַנטלאָפן אין וואַלד. מיט מיר צוזאַמען א״ז געלאָפן דעם ראַדזינער רבינס שוואָגער אברהם יששכר ענגלארד, מיר זענען געווען אַ מאַן דרייסיק געוואַנדערט פון וואַלד צו וואַלד און טאָג טעגלעך געזוכט נייע באַהעלטעניש. איינמאָל האָב איך געזאָגט, אַז איך גיי זוכן אַ ניי אָרט. ער האָט דוקא געוואָלט מיטגיין און אַלע אַנדערע זענען געבליבן. באַנאַכט ווען מיר זענען צוריקגעקומען, זענען אַלע געווען אויסגעשאָסן. מיר האָבן זיי מקבר געווען און אַוועק זוכן אַ ניי פּלאַץ וווּ זיך אויסצובאַהאַלטן. דעם רבינס שוואָגער איז שפּעטער קראַנק געוואָרן אויף די פיס, נישט געקענט גיין און איך האָב אים נישט אַיינמאָל געטראָגן אויף מיינע פּלייצעס. נאָך דער באַפרייאונג האָט מען אים אַרויסגעטראָגן פון גרוב אַ שטאַרק קראַנקן און אים אויסגעהיילט. היינט איז ער ממלא מקום פון ראַדזינער אין אמריקע.

שמעון קאַנץ

# דער ראַדזינער רבי
# צווישן די קדושים פון וולאַדאַווע

צווישן די קדושים פון וולאָדאַווע האָט זיך אויך געפונען דער גרויסער קדוש, — דער ראַדזינער רבי, ר׳ שמואל־שלמה ליינער, וועלכער איז אומגעקומען על קידוש השם.

דער ראַדזינער רבי איז געווען איינער פון די גרויסע גייסטיקע מנהיגים, וואָס זענען געבליבן מיט די ייִדן אין די געטאָס, זענען מיט זיי מיטגעגאַנגען אין די לאַגערן, מיטגעמאַכט דעם גרויזאַמען יסורים־וועג, געטרייסט און מחזק געווען ביז צו דער לעצטער מינוט פון אומקום אויף קידוש השם.

ר׳ שמואל־שלמה ליינער איז געווען אַ רבי פון טויזנטער און טויזנטער חסידים אין פּוילן און זייענדיק אין וולאָדאַווע האָט ער מעורר געווען זיינע חסידים צו אַ דריי טאָגעדיקן תענית. עס איז כדאי אָפּצושטעלן זיך און דערציילן ווער עס איז געווען דער ראַדזינער רבי, ר׳ שמואל־שלמה ליינער, געבוירן י״ח שבט, תרס״ט (1909) איז געווען פון דער באַרימטער ראַדזינער גזע אין פּוילן, באַקאַנט אַלס די „בעלי התכלת״, ווייל דער רבי און אַלע זיינע חסידים האָבן געטראָגן תכלת.

זיין פאָטער איז געווען דער באַרימטער רבי, ר׳ מרדכי־יוסף אלעזר ליינער, מחבר פון ספר „תפארת יוסף״ וועלכער איז געווען אַ זון פון באַרימטן גאון און רבי, ר׳ גרשון־העניך ראַדזינער, מחבר פון באַוווּסטן ספר „סדרי טהרה״ און אַנטדעקער פון „תכלת״. עד איז געווען אַן איינקל פונעם רבי ר׳ מרדכי־יוסף איזשביצער דער בעל „מי השילוח״.

דער ראַדזינער רבי ר׳ גרשון־העניך האָט אַרויסגערופן אַ שטורעם אין דער חסידישער און לומדישער וועלט מיט זיין איינפירן דעם „תכלת״ און מיט זיין מסדר זיין אַ גמראַ צו די משניות אויף סדר טהרות. דער רבי ר׳ גרשון־העניך געבוירן אין טאָמאַשאָוו, ביי לובלין, אין יאָר תקצ״ט (1839) איז נפטר געוואָרן ד׳ טבת תרנ״א (1890).

אחוץ דער גמראַ, וואָס דער ראַדזינער רבי האָט מחבר געווען אויף סדר טהרות, האָט ער אויך אַרויסגעגעבן פאָלגענדע ספרים: „ספוני טמוני חול״, „דלתות שערי העיר״ „פתיל תכלת״, „אורחות חיים״, „מנחת תודה״, „תפארת החינוכי״ און „יסוד ישרים״. ווען ער האָט אַיינגעפירט צו טראָגן תכלת אין ציצית האָבן טויזנטער חסידים אָנגעהויבן



זיך באַנוצן מיטן תכלת. עס זענען אָבער געווען אַנדערע וואָס זענען שאַרף אַרויסגעטרעטן קעגן דעם. עס זענען געווען אַ סך קעגנער. אַ גרעסערע מחלוקת האָט זיך צעפלאַקערט ווען אין געוויסע מקומות, ווו די ראַדזינער חסידים האָבן געטראָגן תכלת, האָט די חברה קדישה די נפטרים נישט געלאָזט קובר זיין אין ציצית מיט תכלת. וועגן אַזאַ פאַל דערציילט דער מחבר פון ספר „פינת יקרת״, וואָס האָט געטראָפן אין דער שטאָט טאָמאַשאָוו, ביז עס איז געקומען אַ גדול בישראל און געפּאַסקנט, אַז מען זאָל דעם נפטר קובר זיין אינעם טלית, וואָס ער האָט געטראָגן ביים לעבן. דערנאָך האָט מען שוין קובר געווען די ראַדזינער חסידים אומעטום אין זייערע טליתים מיט תכלת.

דעם ראַדזינער רבינס גמראַ אויף סדר טהרות איז געדרוקט געוואָרן אין יוזעפאָוו, אין יאָר תרל״ג (1873). אויפן שער־בלאַט ווערט אָנגעגעבן, אַז דער מחבר האָט צונויפגענומען אַלע מאַמרים פון תלמוד בבלי און ירושלמי, מיט אַ „פירוש ארוך״ און אַ „פירוש קצר״.

דער רבי ר׳ מרדכי־יוסף אלעזר ליינער האָט געוווינט אין וואַרשע, איז געשטאַנען אין פריינטלעכע באַציאונגען מיט די פאַרשידענע רביישע הויפן אין פּוילן. צווישן זיינע חסידים איז געווען אַ גרויסע צאָל גדולי התורה און ער האָט אַיינגעפירט, אַז די חסידים זאָלן יעדן טאָג לערנען אַ שיעור אין „סדרי טהרה״. עד האָט געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטעק פון טויזנטער ספרים. דרייסיק יאָר האָט ער געפירט רביסטווע, איז נפטר געוואָרן אין וואַרשע, כ״ז שבט, תרפ״ח (1928) נאָך דער פטירה האָבן די חסידים געקרוינט זיין זון, ר׳ שמואל־שלמה ליינער, וועלכער האָט פון קליינהייט אָן אַרויסגעוויזן גאונות. חסידים דערציילן, אַז ווען ער איז אַלט געווען אינגאַנצן דריי יאָר, האָט דער פאָטער פאַר אים פאָרגעלייענט אַ צאָל נעמען פון ספרים און דאָס קינד האָט נאָכגעזאָגט אַלע נעמען און אָנגעוויזן אויף יעדן ספר ווי עס הייסט. ווען ער האָט געדאַרפט אָנהייבן גיין אין חדר אַריין האָט דער פאָטער צוגענומען צו אים אַ ספּעציעלן מלמד, וועלכער האָט שפּעטער עדות געזאַגט: „ער איז נישט געווען מיין תלמיד, נאָר מיין חבר״.

ביז צוואָנציק יאָר איז ער געזעסן ביים פאָטער און גע־

לערנט יומם ולילה. דערנאָך איז ער געוואָרן דער איידעם פונעם רבי ר׳ יוסף קאַליש פון אַמשינאָוו, אַן אייניקל פונעם רבי ר׳ יצחק ווארקער. ר׳ שלמהלע האָט געגעסן טעלעכע יאָר קעסט ביים אַמשענאָווער רבין און עס האָט די חסידים גע־קאָסט אַ סך מי, ער זאָל נאָך דער פּטירה פון זיין פאָטער מסכים זיין צו ווערן זייער מנהיג.

ר׳ שלמהלע האָט ווייטער פאַרשפּרייט דעם תכלת צווישן זיינע חסידים. מען האָט געבראַכט די פּישלעך, "חלזון" פון איטאַליע און מען האָט דערפון געמאַכט דעם תכלת צו פאַרבן די ציצית. צווישן די, וואָס האָבן געטראָגן תכלת זענען אויך געווען אַ סך גאונים. אין זיין בית המדרש האָט דער רבי ר׳ שלמהלע געלערנט זיינע חסידים דעם סוד, ווי אַזוי אַרויס־צוציען די תכלת־פאַרב פונעם „חלזון". ער האָט צו זיי גע־זאָגט: „איר דאַרפט וויסן דעם דאָזיקן סוד, כדי אויב איינער פון אייך וועט בלייבן לעבן, זאָל ער קאָנען לערנען אַנדערע, און אַזוי אַרום וועט די קייט נישט איבערגעריסן ווערן..."

די קייט איז טאַקע נישט איבערגעריסן געוואָרן, אָבער קיין איינער פון דעם מנין יונגעלייט, וואָס האָבן אין וולאָדאַווע געלערנט דעם סוד פון פאַרבן די ציצית מיט תכלת, זענען נישט געבליבן לעבן. אַלע זענען זיי אומגעקומען צוזאַמען מיטן רבין.

דער ראַדזינער רבי האָט כסדר געוואָרנט די חסידים, ווי נאָר די נאַציס זענען אַריין קיין פּוילן, אַז דאָס איז נישט בלויז אַ צופעליקע זאַך, און אַז מען זאָל זיך נישט לאָזן טרייסטן, אַז די נאַציס וועלן נישט טון קיין שלעכטס די יידן, ער האָט פאָרויסגעזאָגט, אַז די דייטשן וועלן אַרויסציען פון די יידן דעם מאַקסימום און דערנאָך וועלן זיי זיך נעמען צום אומברענגען די יידן.

★



ראַדזינער רבי ר׳ שמואל־שלמה ליינער (דריטער פון לינקס)
אויף אַ באַזוך אין וולאָדאַווע פאַר דער צווייטער וועלט־מלחמה.

דער רבי, שוין זייענדיק אין וולאָדאַווע, האָט זיך פאַרטרויט פאַר זיינע מקורבים, אַז זיין באַגער איז צונויפצונעמען צענדלי־קער און הונדערטער חסידישע יונגעלייט און זיך קעגנשטעלן די דייטשן. ר׳ אהרן האַלבערשטאַט גיט איבער דעם רבינס ווערטער, וואָס זענען צו אים דערגאַנגען דורך איינעם פון די אָפּגעראַטעוועטע ראַד־זינער חסידים: „ווייסט איר, וואָס עס איז דער גרעסטער נסיון פון אַ ייד אין געטאָ? נישט צו פאַרלירן דעם צלם אלוקים, בלייבן אַ מענטש. עס איז געקומען אַ צייט, צו וועלכער מען האָט אונדז נישט צוגע־גרייט. נישטאָ אַזאַ קללה אפילו אין דער תוכחה. דערפאַר דאַרף מען טון אַלץ גובר צו זיין דעם פּחד. די היטלעריסטן זענען די עמלקים און זייער טייוואָלאַנישער דרך איז מבלבל צו זיין די חושים און אַריינפירן אין אַ מצב פון אויסוועגלאָזיקייט, מען זאָל טראַכטן, אַז אַלץ איז פאַרלוירן און עס איז נישטאָ קיין רעטונג. דערפאַר דאַרפן מיר זיך זאָגן: „או חברותא או מיתותא". אַליין איז שווער צו פאַרמעסטן זיך מיטן שטן, אָבער מיטן כוח פון דער חברותא קען מען אים גובר זיין, נישט אונטערגעבן זיך, נישט פאַרלירן דעם ניצוץ אלוקי אי־נעם מענטש נישט זינקען אין דער בלאָטע פון יאוש, נישט לאָזן דערנידעריקן דעם מענטשלעכן כבוד".

ווייזט אויס, אַז די געסטאַפּאָ־לייט האָבן דערפילט די אַטמאָספער, וואָס דער רבי שאַפט אַרום זיך און זיי האָבן אים דערפאַר אַנגעהויבן פאַרפאָלגן. נישט געקוקט דע־רויף האָט דער רבי זיך נישט איינגעבראָכן און זיינע נאָענטע האָט ער מסביר געווען, אַז ווער עס איז זוכה צו שעפּן העזה פונעם אמונה־מקור און ווייסט ווי אַזוי מתגבר צו זיין זיך איבערן פּחד פאַרן טויט, ביי אַזאַ ייד פאַרלירט דער פּחד זיין צעשטערערישן כוח. אַ ייד, וואָס האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט מוסר נפש צו זיין זיך אויף קידוש השם, ווערט דערהויבן און לעבט אין אַ ספערע פון התעלות, ווו מען שרעקט זיך נישט פאַר קיין יסורים און מען ווערט נישט מבולבל פון קיין שווערן נסיון. בפרט נאָך ווען מען ווייסט, אַז דער צורר מיינט נישט נאָר דעם יחיד, נאָר דעם גאַנצן כלל ישראל.

# אין טאָל פון טויט

אין יאָר 1941 איז מיין פאָטער צוזאַמען מיט זיין גאַנ־צער משפּחה אַוועק אין דאָרף קאַלאַטש, ווו עס האָט געוווינט מיין זיידע, שלמה קאַלאַטשער. אינעם דאָרף זענען מיר געווען ביזן יאָר 1942, ווען עס איז אַרויס דער באַפעל, אַז אַלע יידן מוזן אַרויס פונעם דאָרף, צוריק אין שטאָט.

איך בין דעמאָלט נאָך נישט אַלט געווען קיין גאַנצע אַכט יאָר און איך געדענק ווי מיין פאָטער איז אַרויסגעגאַנגען פון שטוב דערוויסן זיך ווו עס זענען זיינע עלטערן און ער איז שוין מער נישט צוריקגעקומען.

צוזאַמען מיט מיין מוטערס ברודער, אַ שלאָסער, זענען מיר אַוועק קיין אַדאַמפּאָל, אין לאַגער, ווו מען האָט געאַרבעט און עס איז געווען צו ביסלעך צו עסן. נאָך דער אַרבעט איז מיין מוטער אַוועקגעגאַנגען אין דאָרף אַריין, געטראָגן אַ ביסל קאַשע. ביים אַריבערגיין דעם הויפּט־שאָסיי האָט זי זיך אָנ־געטראָפן אויף דעם באַוווּסטן עסעסמאַן לוטער, וועלכער האָט זי מערדערלעך צעשלאָגן און דערנאָך דערשאָסן אויפן אָרט.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט מען אונדז אַלע אויפגע־וועקט 4 אַזייגער פאַרטאָגס צו שטעלן זיך אויפן אַפּעל. מיר האָבן זיך געקלעפּט די אויגן און איך בין אַזוי שטייענדיק איינגעשלאָפן.

פּלוצלינג האָב איך דערהערט אַ שיסעריי. איבער די קעפּ האָט זיך געשאָטן אַ האָגל מיט פייער. איך בין אַנידערגעפאַלן אויף דער ערד, געלעגן מיטן קאָפּ אַראָפּ, כדי נישט צו זען די מוראדיקע בילדער, וואָס האָבן זיך אָפּגעשפּילט אויפן פּלאַץ. איך בין געווען זיכער, אַז מען וועט מיך אויך שיסן, אָבער עס זענען אַדורך עטלעכע מינוט, איך האָב געפּרוּווט אַ ריר טאָן זיך, כדי מיט איין אויג זען וואָס עס טוט זיך אַרום מיר. נעבן מיר איז געלעגן מיין ברודער אַ טויטער.אַלע אַרום זענען געווען טויט. ערגעץ נישט ווייט האָב איך גע־הערט קולות פון דייטשן און איך האָב מורא געהאַט זיך אַ ריר צו טון און בין אַזוי געלעגן אַ גאַנצן טאָג.

ווען עס איז געוואָרן פינצטער האָב איך ענדלעך גע־וואַגט אויפצוהייבן דעם קאָפּ און איך האָב געזען ווי די פּויערים דרייען זיך אַרום צווישן די טויטע, באַזוכן יעדן איינעם, שלעפּן פון אים אַראָפּ די מלבושים, רייסן אַרויס גאָלדענע ציין פון מויל.

איך בין ווייטער געלעגן אומבאַוועגלעך ,געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך בין טויט. ערשט שפּעט ביינאַכט איז גע־וואָרן שטיל און איך האָב געוואַגט אויפצוהייבן דעם קאָפּ, אַרומקוקן זיך און געגומען טראַכטן וואָס צו טון.

איך בין דעמאָלט אַלט געווען אַכט יאָר און זיך אָפּגע־געבן אַ חשבון, אַז איך בין געבליבן איינע אַליין. אַלע מיינע נאָענטע זענען געלעגן טויטע אין קאַלוזשעס בלוט. איך האָב געוווּסט, אַז נישט ווייט פון דאַנען ליגט דאָס דאָרף סוכאַווע, ווו מיין מוטער פלעגט מיך מיטנעמען איינטוישן אַ מלבוש אויף אַ שטיקל ברויט. איך האָב זיך געלאָזט גיין אין דער ריכטונג פון יענעם דאָרף. אָנקומענדיק אַהין האָב איך זיך שטיל צוגעשאַרט צו אַ ברונעם. אַ שרעקלעכער דורשט האָט מיך געברענט און איך האָב זיך געוואָלט נעמען אַביסל וואַסער צום טרינקען.

ווי אויף להכעיס האָט ביים ברונעם געגעבן אַ סקריפּ דער עמער און באַלד איז אַרויסגעקומען פון דער כאַטע אַן אַלטיטשקער פּויער. אין מיר איז אַלץ אָפּגעשטאָרבן פון פחד, אָבער דער פּויער האָט צו מיר גערעדט שטיל, כ'זאָל נישט קיין מורא האָבן. ער האָט מיך אַריינגעפירט אין שטוב, געזאָגט, אַז ער ווייסט אַלץ וואָס עס איז היינט געשען אינעם לאַגער, ווו מען האָט אַלע יידן אויסגעמאָרדעט.

ער האָט מיר דערלאַנגט אַביסל עסן, געגעבן צו טרינקען און האָט גלייך אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ, געזאָגט, אַז מען מוז זיך היטן, קיינער זאָל נישט באַמערקן, אַז איך בין דאָ אַריינגעקומען.

ווען איך האָב אָפּגעגעסן האָט דער אַלטיטשקער פּויער געזאָגט צו מיר, אַז ער האָט מורא מיך צו האַלטן דאָ, ווייל די דייטשן קומען אָפּט אַהער זוכן באַהאַלטענע יידן. ער האָט געזאָגט, אַז נאָך ערגער פון די דייטשן זענען די איי־גענע שכנים, וואָס מסרן, טראָגן גלייך צו די דייטשן, ווען זיי באַמערקן, אַז ערגעץ באַהאַלט זיך אויס אַ ייד.

איך האָב אים געבעטן, ער זאָל מיך לאָזן זיצן דאָ ביז פאַרטאָגס און ווייזן מיר דעם וועג קיין קאַלאַטש, דאָס דאָרף, ווו מיר זענען געווען ביים זיידן. דאָרט האָב איך געקענט עטלעכע באַקאַנטע פּויערים, וואָס זענען געווען באַפריינדעט מיט מיינע עלטערן און איך האָב געטראַכט, אַז זיי וועלן מיך אויסבאַהאַלטן.

דער אַלטיטשקער האָט מסכים געווען, אָבער ווען עס

האָט גענומען שאַריען אויף טאָג און איך האָב זיך געגרייט אַוועקצוגיין, האָט ער געזאָגט:

„איצט, קינד מײנס, איז שוין ליכטיק און עס קען דיך ווער זען, באַגעגענען אויפן וועג און מען וועט דיך דערהרגענען... וואַרט שוין צו ביז עס וועט ווערן טונקל, וועסטו דאַן אַרויסגיין..."

ווען עס איז צוגעפאַלן דער אָוונט האָט דער אַלטיטשקער געגעבן מיר אַ שטיקל ברויט, איינגעפּאַקט אין אַ טאָרבעלע, אַ פלעשל מילך. ביים אַוועקגיין האָט ער מיך דערמאָנט, כ'זאָל נעמען אַ פּעקל שוועבעלעך. ער האָט געזאָגט:

„זאָלסט נישט גיין מיטן שאָסיי, ווו מענטשן קענען דיך באַגעגענען. גיי דורכן וואַלד. דאָרט זענען פאַראַן וועלף. זיי זענען אויך געפערלעך, אָבער נישט אַזוי ווי מענטשן... ווען עס וועט דיר אַנטקעגנקומען אַ וואָלף, זאָלסטו אָנרייבן אַ שוועבעלע וועט ער זיך נישט דערנענטערן צו דיר".

א גאַנצע נאַכט בין איך געגאַנגען דורכן וואַלד אויפן וועג קיין קאַלאָטש. פּאַרטאָגס בין איך אָנגעקומען אין דאָרף, אָבער איך האָב מורא געהאַט אַריינצוגיין און באַהאַלטן זיך אין פוסטן וואַלד. כ'האָב געוואָלט זיך צושאַרן צו דער בריק און דאָרט געפינען אַ ווינקל ווו זיך צו פאַרשטעקן, אָבער זי איז געווען צעשטערט. כ'האָב זיך אויסגעזוכט אַ גרוב און געלעגן דאָרט ביז עס איז צוגעפאַלן די נאַכט. אין דער פינצטער האָב איך זיך צוגעשאַרט צו דער כאַטע פון אַ פּויער, וואָס איז געווען אונדזער שכן, פלעגט אַריינקומען צו אונדז און געווען זייער פריינטלעך, אָבער איצט גלייך ווי כ'האָב געעפנט די טיר, האָב איך גלייך דערפילט די אייז־קאַלטע שנאה. ער האָט געזאָגט:

„נו, דיך וועל איך נישט איבערגעבן צו היטלערן, ביזט דאָך אַ באַקאַנטע, אָבער דו מוזט זיך גיך אָפּטראָגן פון דאַנען..."

נישט האָבנדיק קיין ברירה בין איך אַוועק ווייטער אין צווייטן עק דאָרף, געטראַכט ווו צו עפענען אַ טיר און בעטן הילף, רחמנות, אָבער פאַר די אויגן האָבן געשוועבט די פיינטלעכע בליקן פון יענעם ערשטן פּויער און איך האָב מורא געהאַט אָנצוקלאַפּן אין אַ טיר, כדי נישט אָנצוטרעפן זיך אויף עמיצן, וואָס וועט מיך איבערגעבן צו די היטלעריסטן.

ווען איך בין שוין געווען ביים אַרויסגאַנג פון דאָרף האָב איך זיך ווידער אָנגעטראָפן אויף אַן אַלטיטשקן פּויער, וואָס האָט אויף מיר געקוקט מיט וואַרעמע אויגן, גערעדט פריינטלעך:

„עסן און טרינקען וועסטו ביי מיר קריגן. כ'בין גרייט אַלץ צו טון פאַר דיר, אָבער פון נעכטיקן ביי מיר קען נישט זיין קיין רייד. מען מאַכט כסדר רעוויזיעס, דאָס דאָרף ליגט ביים טראַקט... עס איז אַ פחד".

כ'בין אַוועק אין פעלד, ווו עס איז געוואַקסן היובער לובין און בין דאָרט אָפּגעלעגן אַ גאַנצן טאָג. אין אָוונט האָב איך אָפּגעזוכט אַן אָפּגענעם שייער, באַקענט זיך מיטן הינט, וואָס האָט דאָרט געהיטן, אַוועקגעגעבן אים דאָס לעצטע שטיקל ברויט, וואָס איך האָב געהאַט און ער האָט מיך געלאָזט אַריינגיין אין שייער, ווו איך האָב איבערגענעכטיקט ביז פאַרטאָגס און בין ווידער אַרויס אויפן פעלד.

איינמאָל האָט אַ פּויער מיך באַמערקט ליגן אין לובין און איז גלייך אַוועק צום וויט, וועלכער האָט געוווינט אין היינסק און האָט אים צוגעטראָגן, אַז איך באַהאַלט זיך אין פעלד. דער וויט האָט צונויפגענומען די סאָלטיסעס פון די אַרומיקע דערפער און זיי האָבן אַרומגערינגלט דאָס פעלד.

זיי האָבן פּאַוואָליע גענומען מיך זוכן אינעם לובין. איך האָב געזען ווי זיי דערנענטערן זיך צו מיר און האָב ליגנדיק אויף דער ערד מיטן קאָפּ אַראָפּ געטראַכט, אַז דאָס זענען מיינע לעצטע מינוטן. איך האָב נישט געוואָלט אויפהייבן דעם קאָפּ, כדי נישט צו זען ווי מען דערהרגעט מיך.

די מינוטן האָבן זיך געצויגן ווי יאָרן גאַנצע. פּלוצלינג האָב איך דערפילט ווי עמיץ טרעט מיר אויף מיין פוס. כ'בין געווען זיכער, אַז אָט, אָט כאַפּט ער מיך אַן פאַרן האַלדז, אָבער יענער האָט זיך נישט אַראָפּגעבויגן צו מיר, נאָר געמאַכט זיך זוכן אַרום און אַרום און געמורמלט שטיל:

„האָב נישט קיין מורא... איך וועל זיי נישט דערציילן, אַז דו ביזט דאָ..." ער האָט זיך אָפּגערוקט און ווייטער געמאַכט זיך זוכן ביז ער איז צוגעקומען צום עק פון פעלד און איך האָב געהערט ווי ער זאָגט צו זיינע חברים, הויך אויפן קול:

„כ'האָב דורכגעטאַפּט יעדעס שטיקל ערד... נישטאָ קיינער... זי האָט זיך שוין אָפּגעטראָגן פון דאַנען..."

איך האָב געזען ווי ער ווייזט מיט דער האַנט אויף אַ שטיקל פעלד און זאָגט:

„דאָ זענען סימנים, אַז זי איז דאָרט געלעגן און איז אַוועק".

זיי זענען נאָך אַ קורצע ווײַלע געשטאַנען, געקוקט אויפן וועג, וואָס פירט אין אַ צווייטן דאָרף און זענען אַהין אַוועק.

די ידיעה וועגן דער מסירה צום וויט איז דערגאַנגען צו די פּאַרטיזאַנער, (אַזוי האָט מען מיר שפּעטער דערציילט), וועלכע האָבן זיך דערוווּסט, אַז דער פּויער האָט עס צוגעטראָגן און אין איינער אַ נאַכט זענען זיי אַוועק אין דאָרף, אונטערגעצונדן זיין כאַטע און דעם פּויער דערשאָסן.

אין אַ צייט אַרום האָבן די פּאַרטיזאַנער איבערגעשיקט צו מיר אַ ידיעה, אַז איך זאָל קומען צו זיי. זיי האָבן מיר אַנגעגעבן אַ נומער פון אַ הויז, ווו מען וועט אויף מיר וואַרטן און מיך נעמען אין וואַלד אַריין. דעמאָלט איז אָבער פּונקט פאָרגעקומען אַ גרויסע אַבלאַווע. דער וואַלד איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון דייטש מיליטער און די פּאַר־טיזאַנער האָבן געמוזט אָפּטרעטן. אַזוי איז פון דער באַגע־געניש גאָרנישט געוואָרן.

ווידער האָב איך זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן אין פעלד, אָבער מיר איז געלונגען צו באַפריינדן זיך מיט די פּאַסטוכער, וועלכע האָבן אויף מיר רחמנות באַקומען און געברענגט מיר עסן. גלייכצייטיק האָבן זיי מיך געוואָרנט, אַז איך זאָל זיך היטן פאַר געוויסע פּאַסטוכער, וואָס קענען מיך אויסגעבן.

צווישן די פּאַסטוכער איז געווען אויך אַ שיקסל, וואָס האָט זיך צו מיר באַצויגן מיט שנאה, אָבער זי האָט מורא געהאַט פאַר די אַנדערע פּאַסטוכער און נישט אויסגעגעבן מיך.

זיצנדיק אַמאָל מיט די פּאַסטוכער אין מיטן פעלד ביי אַ פייער, ביי וועלכן מיר האָבן געבראָטן קאַרטאָפל איז פּלו־צים אָנגעקומען אַ פור מיט דייטשן. איינער פון זיי איז אַראָפּ פון דער פור און גערעדט צו אונדז פויליש, גענומען ביי אונדז אַ געבראָטענעם קאַרטאָפל און דערביי געפרעגט, צי מיר האָבן נישט באַמערקט דאָ קיין פּאַרטיזאַנער אָדער ידן, וואָס באַהאַלטן זיך אויס אין פעלד. אַלע האָבן זיך אָנגערופן מיט איין קול, אַז זיי האָבן דאָ קיינעם נישט באַמערקט, בלויז דאָס שיקסל האָט געמאַכט אַ באַוועגונג עפּעס צו זאָגן, נאָר איינער פון די פּאַסטוכער האָט איר פעסט אָנגענומען ביים אָרעם און דערמיט איר געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זי זאָל שווייגן.

ווען די דייטשן זענען אַוועקגעפאָרן זענען די פּאַסטוכער אויף איר אָנגעפאַלן, געזאָגט, אַז ווען זי וואָלט זיך אַרויס־געכאַפּט מיט אַ וואָרט, וואָלט זי איצט געלעגן אַ טויטע.

דאָס שיקסל האָט אָנגעהויבן ציטערן אויפן גאַנצן קער־פּער און מען האָט דייטלעך געזען, אַז זי האָט חרטה אויף דעם, וואָס זי האָט געוואָלט טון. זינט דעמאָלט האָט זי זיך אינגאַנצן געענדערט און האָט גענומען באַציען זיך צו מיר ווי אַ געטרייע שוועסטער. געטיילט זיך מיטן עסן.

אַזוי האָבן זיך געצויגן די טעג און נעכט אין פעלד ביז איינמאָל איז צוגעקומען צו מיר אַ יונגער מענטש, אָנגענומען פאַר דער האַנט, געזאָגט, אַז איך זאָל נישט קיין מורא האָבן פאַר אים, ער פירט מיך אויף אַ זיכער אָרט. ער האָט מיך צוגעפירט צו אַ בונקער, וואָס איז געווען אינמיטן וואַלד און געזאָגט:



„דאָ וועסטו זיין מיט אונדז... דאָ איז זיכערער ווי אין פעלד".

אין מיין זכרון האָט זיך איינגעקריצט זיין נאָמען. ער האָט געהייסן וואַסיאַ, נאָר די חברים האָבן אים גערופן סטאַלין. אַלע האָבן זיך צו מיר גוט באַצויגן.

נאָך עטלעכע טעג זיין אין בונקער האָב איך גענומען באַמערקן אַ גרויסן אומרו. וואַסיאַ האָט צו מיר געזאָגט: „מיר ריכטן זיך אויף אַ גרויסער אַבלאַווע... עס איז געפערלעך דאָ צו בלייבן".

ער האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס פון זיין כלה אין אַ נאָענטן דאָרף און געהייסן מיך אַהינגיין צו איר, זאָגן איר אין זיין נאָמען, אַז ער בעט, זי זאָל מיך אויסבאַהאַלטן.

קומענדיק אַהין אויף דעם אַדרעס האָט וואַסיאַס כלה מיך זייער שלעכט אויפגענומען. איך האָב גלייך באַמערקט, אַז זי וויל מיך איבערגעבן צו די דייטשן. זי האָט מיך פאַרמאַכט אין שטוב אויף אַ הויכן שטאָק, אָבער מיר איז געלונגען צו אַנטלויפן.

יענע נאַכט האָב איך איבערגענעכטיקט אונטער אַ סטויג היי.

דער ווינטער איז געווען אַ שווערער, גרויסע פרעסט, שנייען און זאַווערוכעס. איינמאָל האָב איך געמוזט בלייבן אינעם סטויג גאַנצע דריי מעת־לעת. עס האָט אַנגעשיט אַ הויכער שניי און איך האָב נישט געקענט אַרויסגיין, ווייל די טריט אויפן שניי וואָלטן מיך פאַרמסרט.

דער ווינט, די פרעסט האָבן מיך דורכגענומען און איך האָב זיך צוגעקילט, געקריגן גרויסע היץ. איך געדענק נישט ווי לאַנג דאָס האָט געדויערט, ביז איך בין געקומען צו זיך, געוואָרן געזונט, אָן אַ דאָקטער, אָן מעדיצינען.

ווען כ'בין געקומען אַביסל צו זיך בין איך ווידער אַוועק אין אַ צווייטן דאָרף, געוואָלט אַריינגיין צו אַ פויער בעטן עפּעס צו עסן, אָבער ווען איך בין צוגעקומען צו דער כאַטע, איז אויף מיר אָנגעפאַלן אַ גרויסער הונט, גע־וואָלט מיך צערייסן. דער באַלעבאָס איז אַרויסגעקומען און האָט מיך אַריינגענומען אין שטוב, געלאָזט מיך אָנוואַרעמען ביים אויוון און געגעבן מיר אָפּצועסן.

די גאַנצע צייט האָט די פויערטע געקוקט אויף מיר מיט שנאה, געזאָגט, אַז זי וועט מיך נישט לאָזן דאָ איבער־נעכטיקן, אָבער ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט איז אָנגע־פאַלן אַ גרויסער שניי און איך האָב געהערט ווי דער באַ־לעבאָס זאָגט צו זיין ווייב:

„מען טאָר איצט נישט אַרויסלאָזן דאָס קינד... עס וועט אומקומען אין אַזאַ פראָסט. די פויערטע האָט געזען, אַז דער מאַן איז איינגעעקשנט און וועט נישט לאָזן אַרויס־

וואַרפן מיך פון שטוב, האָט זי שווייגנדיק מסכים געווען און איך בין ביי זיי געלעגן ביזן זומער, געהאָלפן טון פאַרשידענע אַרבעטן, אָבער נישט געוואָגט אַרויסצורירן זיך פון שטוב. יעדעסמאָל ווען דער הונט האָט גענומען בילן, האָב איך זיך גלייך פאַרשטעקט אין אַ באַהעלטעניש.

ווייזט אויס, אַז די שכנים האָבן עפּעס באַמערקט. איינער פון זיי האָט גענומען אָפטער אַריינקומען. ביי יעדן מאָל בין איך אַרונטער אונטער דער סאָפּקע. דער שכן האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער סאָפּקע און הינטערווייילעכץ געזוכט מיט די פיס, צי עמיץ ליגט נישט דאָרט, געוואָלט דערלאַנגען מיט די פיס צו מיר. איך האָב זיך צוגערוקט צו דער וואַנט, געלעגן דאָרט צוגעקוועטשט, ביז ער איז אַוועק.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב עס דערציילט דעם באַלעבאָס און ער האָט פאַרשטאַנען, אַז די שכנים פאַרדעכטיקן עפּעס, האָט ער איינגעשפּאַנט פערד און וואָגן, אַריינגעקוועטשט מיך אונטערן געזעס און צוזאַמען מיט זיין ווייב אַרויסגעפירט מיך פון דאָרף.

ווייט, הינטער כעלם זענען מיר אַריינגעפאָרן אין אַ דאָרף, ווו דער פּויער האָט געהאַט נאָענטע באַקאַנטע. ער איז אַריין אין דער כאַטע, פאַרטרויט די באַלעבאַטים דעם סוד, אַז איך בין אַ ייִדישע און געבעטן זיי אויסצובאַהאַלטן מיך.

איך בין דאָרט געבליבן אַרבעטן ווי אַ דינסט, אַ פּאַסטושקע, פלעג גאַנצע טעג זיין אין פעלד, געהונגערט, ווייל די רייכע פּויערים האָבן מיר אַפילו נישט מיטגעגעבן קיין שטיקל ברויט, נאָר אַ שכן, וועלכער האָט מיר אויך געגעבן זיין בהמה צו פּאַשען און האָט מיר דערפאַר געגעבן עפּעס אָפּצועסן.

קומענדיק פון פעלד אין אָוונט האָב איך נאָך געמוזט אַרבעטן אין שטוב, ווו דאָס ברויט איז געווען פאַרשלאָסן, כדי איך זאָל נישט קענען עסן.

אין יענער שטוב איז געווען פון אַלדאָס גוטס. זיי האָבן גענאָסן פון דער מלחמה, פון די דייטשן. עס פלעגן דאָרט פון צייט צו צייט זיין איינקוואַרטירט דייטשע זעלנער. איינמאָל, ווען איך בין געווען אין דער סטאָדאָלע, געאַרבעט ביי די בהמות, איז צוגעקומען צו מיר אַ דייטשער זעלנער און געזאָגט, אַז ער ווייסט, אַז איך בין אַ ייִדישע, ער דערקענט עס אין מיר, אין מיין פּנים, אין די אויגן, אָבער איך דאַרף נישט מורא האָבן פאַר אים. ער האָט אויך אַזאַ מיידעלע, אינעם זעלבן עלטער און ווער ווייסט, צי ער וועט זי נאָך אַמאָל זען. ער האָט גערעדט שטיל:

„האָב נישט קיין מורא פאַר מיר. כ׳בין אַ דייטש, אָבער איך וועל דיר גאָרנישט טון קיין שלעכטס״.

איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך פאַרשטיי נישט קיין דייטש, געענטפערט אים אויף פּויליש, אָבער ער האָט ווייטער באַצויגן זיך צו מיר פריינטלעך, געגעבן מיר שאָקאָלאַד, קאָנסערוון, אָבער איך בין אַלץ געווען דורכגענומען מיט פּחד און מורא געהאַט מודה צו זיין זיך, אַז איך בין טאַקע אַ ייִדישע.

קומענדיק אַמאָל פון דער פּאַשע, דורכגעווייקט פון רעגן, האָט ער מיך גלייך באַמערקט און אַריינגענומען צו זיך אין שטוב, אַריינגערופן די באַלעבאַסטע, זי זאָל טוישן מיר די מלבושים, וועלכע זענען געווען דורכגענעצט פון רעגן.

ער האָט אַליין אַריינגעטריבן די בהמות אין שטאַל, געטון די אַלע אַרבעטן, וואָס איך האָב געדאַרפט אויספירן.

ווען דער פראָנט האָט זיך דערנענטערט איז דער דייטש אַוועק צוזאַמען מיט זיין איינהייט און האָט מיר איבערגעלאָזן אַ סך גוטע און נויטיקע זאַכן, אַ וואַרעמען קאָץ, געהייסן מיר מאַכן אַ מאַנטל.

ווען די רויטע אַרמיי האָט פאַרנומען די געגנט בין איך אַוועק צו יענעם פּויער, וואָס האָט מיך געבראַכט אַהער און אַרויסגעוויזן מיר אַזויפיל מענטשלעכקייט, נישט געקוקט דערויף, וואָס ער האָט געוווּסט, אַז ער ריזיקירט מיט זיין לעבן. איך האָב געפילט צו אים אַ טיפע דאַנקבאַרקייט און איך האָב געטראַכט, אַז איך וועל בלייבן אין דער פּויערישער משפחה. זיי זענען געווען באַפּטיסטן און אין מיין מוח האָט זיך געפּלאָנטערט אַ געדאַנק אָנצונעמען זייער גלויבן, כדי איך זאָל שוין מער נישט דאַרפן דורכמאַכן אַזעלכע צרות, אין דאַרף גלייך מיט זיי.

גלאַנצמאַן, אַ ייִד פון אונדזער שטאָט, האָט זיך דערוווּסט וועגן מיר, געוואָלט מיך צונעמען, אָבער איך האָב זיך אָפּגעזאָגט, כביכול פּשוט אַנטלאָפן פון אים, כ׳האָב מורא געהאַט, אַז עס קענען ווידער קומען יענע שוידערלעכע צייטן און איך וועל ווידער דאַרפן דורכמאַכן די אַלע צרות.

לסוף איז עמיצן געלונגען מיך איבערצוצייגן, אַז איך דאַרף בלייבן אַ ייִדיש קינד און מען האָט מיך אַוועקגעפירט אין אַן אינטערנאַט, ווו מען האָט זיך צו מיר באַצויגן זייער וואַרעם און עס איז מיר געווען גוט.

אַברהם זיגעלמאַנס משפּחה, ווי אויך מיין טאַטנס שוועסטער האָבן זיך מיט מיר פאַראינטערעסירט און גענומען צו זיך.

אין יאָר 1949 בין איך צוזאַמען מיט זיי עולה געווען קיין ישראל, ווו איך האָב חתונה געהאַט, אויפגעבויט אַ משפּחה, צוויי זין, מיט וועלכע מיר זענען שטאָלץ און גליקלעך.

ברכה ראָזנצווייג־שטשופּאַק

# דער וועג פון פּיין

מיר האָבן געוווינט אין דאָרף נאַדריביע. מיין פאָטער פּנחס ראָזנצווייג און מיין מוטער רבקה, די טאָכטער פון הערשל שריפט פון פּיוסק, זענען שוין געווען טויט פון יאָר 1920. ביי אונדז זענען געווען זיבן קינדער; פיר ברידער און דריי שוועסטער זענען אומגעקומען דורך די דייטשע באַנדיטן, איין ברודער יאַנקל איז פאַר דער מלחמה אַוועק קיין באַליוויע. דער אַנדערער, שמואל, האָט זיך גע־ראַטעוועט פון טויטנלאַגער אַשוויענטשים און געפינט זיך אין אַרגענטינע.

אַלע אונדזערע קינדער זענען שוין געווען חתונה־גע־האַטע און געוווינט אין פאַרשידענע ערטער. אויך איך בין שוין געווען דרייצן יאָר נאָך מיין חתונה, געהאַט דריי קינ־דער, אַ ייִנגל און צוויי מיידלעך. מיין מאַן, יאַנקל ווייצערעס האָט געהאַנדלט מיט תבואה און זומער געהאַלטן סעדער, געפירט די תבואה אין טשערוואָניגורעס מיל אין וולאָדאַווע.

זינט סעפּטעמבער 39 ביז דער צייט וואָס כ'הויב אָן דערציילן וועגן אודנזערע פּיין און ליידן, האָבן מיר אויך קיין האָניק נישט געלעקט. צרות אויף צרות האָבן זיך גע־שיט אויף אונדז, אָבער פונעם יאָר 1942 האָט זיך אָנגע־הויבן דאָס אמתע גיהנום פאַר אונדזערע פערציק יידישע משפחות אין דאָרף.

1942.

אַנהויב זומער איז ארויס אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון דאָרף ווערן אומזיסט באַשעפטיקט ביי די פּויערים און אין די הייף, אָדער ביי דער זשאַנדאַרמעריע. מיר זענען אַוועק קיין ציצעוו אין יודענראַט צום פּרעזעס יצחק גערנשטיין, גע־בעטן אים, ער זאָל אונדז באַשעפטיקן ביי דער זשאַנדאַר־מעריע. מיר האָבן גערעכנט, אַז דאָרט וועלן מיר זיין זיכע־רער. ס'איז אונדז אָבער זייער קאַלעמוטנע געוואָרן אויפן האַרץ ווען מיר האָבן געהערט פון יצחקן אַז דאָרט האָט ער שוין נישט קיין אָרט פאַר אונדז, עד האָט אונדז געעצהט, מיר זאָלן גיין צום פּריץ אויפן הויף.

איך, מיין מאַן און אונדזערע דריי קינדער און מיין שוועסטער מיט איר מאַן און פינף דערוואַקסענע טעכטער, וואָס זענען פון פּיוסקער געטאָ אַנטלאָפן צו אונדז, האָבן מיר פאַרנומען אונדזערע עטלעכע שמאַטעס, ווייל אונדזער גאַנץ פאַרמעגן האָבן די דייטשן שוין געהאַט ביי אונדז צוגערויבט און אַוועקגעגעבן אַ שכנישן פּויער. מיט די עטלעכע לאַכעס זענען מיר אַוועק אין גאַרביטוווקער הויף.

דער פּריץ האָט גוט געקענט מיין מאַן און ער האָט אונדז אַלע אריינגענומען צו דער אַרבעט, געגעבן ווו צו וווינען, אָבער נישט קיין עסן. יעדן אַנדערן טאָג פלעגן קומען די זשאַנדאַרמען, פרעגן, צי מיר אַרבעטן, אָנזאָגן דעם זשאַנדצע, זאָל אונדז נישט געבן קיין עסן. „די יודען קענען אַרבעטן אָהנע צו פרעסן" — האָבן זיי געזאָגט ביי יעדן מאָל קומען.

מיטן עסן פלעגן מיר זיך דאָך אַן עצה געבן שטילער־הייט; ביי וואָס מהאָט געאַרבעט, דאָס האָט מען גענומען, עטלעכע מייערלעך, אַ פּאָר קאַרטאָפל, אַ בוריקל, אַ ריבל. אַ גרעסערע פּאַרציע האָט מען זיך נישט געקענט פאַרגינען צו נעמען, מהאָט מורא געהאַט, די דייטשן זאָלן נישט אריינ־פאַלן און דאָס זען ביי אונדז. דאָס האָט געדראָט מיט שיסן. מיר פלעגן אויפקלויבן די געבליבענע זאַנגען פון די געש־ניטענע פעלדער און דאָס שטילערהייט געמאָלן אויף די גויאישע זשאַרנעס. מען האָט דערביי אויך ריזיקירט מיטן לעבן און קיין איין טאָג איז נישט אַריבער אָן טויט־שרעק. אויסער אונדז האָבן נאָך דאָ געאַרבעט אַנדערע דריי פאַמי־ליעס, צוויי פון אונדזער דאָרף און איין פאַמיליע פון פּויזן, ער איז געווען אַ גוטער, ערשטקלאַסיקער שניידער. אַ גרוי־סער טייל פון די דאָרפישע פאַמיליעס זענען באַשעפטיקט געווען ביי דער זשאַנדאַרמעריע, מיר האָבן זיי מקנא געווען. אַנדערע יידן זענען זיך צעלאָפן און נישט געאַרבעט איב־ערגיץ.

אין הויף אַריין זענען מיר געקומען דעם ערשטן מאַי 1942 און דעם 5־טן מאַי האָבן דייטשן אויסגעהרגעט אַלע יידן, וואָס האָבן געאַרבעט ביי דער זשאַנדאַרמעריע. פון דאָרט זענען זיי געקומען אין הויף, מיר האָבן באַוויזן צו אנטלויפן אויף די טאַרפּיאַרקעס, ווו מהאָט געגראָבן טאָרף. דער פּריץ, וועמען מיר זענען ווירקלעך צונויף געקומען האָט אונדז אָפּגעראַטעוועט פון טויט, עד האָט געזאָגט, אַז אָן אונדז וועט די גאַנצע ווירטשאַפט אונטערגיין און מיר זענען דערווייל ניצול געוואָרן.

מיר האָבן ווייטער פאַרגעזעצט די אַרבעט אין הויף. דעם 15־טן נאָוועמבער זענען די זשאַנדאַרמען, ווי געוויינלעך, געקומען זען ווי מיר אַרבעטן און זיי האָבן געטראָפן מיין

שוועסטערס צוויי מיידלעך מאַלן אַ ביסל קאָרן אויף דער זשאַרנע. און אַ וואָרט האָבן זיי גלייך אויסגעשאָסן אויף זיי און מיט זיי אויך געהרגעט דעם פויזנערס אַ זון און נאָך צוויי פרויען פון דאָרף.

אין זעלבן טאָג האָבן מיר געהערט פון די פּאַרנאַלעס, אַז די דייטשן דאַרפן קומען מאָרגן און אויסהרגענען אַלע וואָס אַרבעטן דאָ אין הויף. איך מיט מיין מאַן האָבן באַשלאָסן צוריקצוגיין אין אונדזער דאָרף, כאָטש מיר האָבן דאָרט נישט געהאַט וווּהין אַריינצוגיין, ווייל אין אונדזער וווינונג איז דאָך געזעסן אונדזערס אַ פּויערישער שכן. זעענדיק אָבער, אַז דאָ, אויף די פּריצישע פעלדער, דערוואַרט אונדז אַ זיכערער טויט, האָבן מיר נישט געהאַט קיין ברירה ווי נאָר צוריקגיין אין דאָרף. דאָרט זענען געווען נאָך עטלעכע יידישע פאַמיליעס וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן.

מיר זענען אַריין אין אונדזער פעטערס אַ הויז, וואָס איז געשטאַנען ליידיק, מען האָט זיי שוין געהאַט אַוועקגענומען. מיר האָבן זיך פאַרשריבן צו דער אַרבעט פון קאָפּען ראַווס אַפּצוציען דאָס וואַסער פונעם פאַרוואַקסענעם טייך. מיר אַלע מיט די קינדער זענען געגאַנגען אַרבעטן, מיר האָבן קיין איין שעה נישט געטאָרט בלייבן אין שטוב, ווייל אויב מ׳וואָלט אונדז געטראָפן איז געווען אַ זיכערער טויט.

## מ׳פירט אונדז אין וולאַדאַווער געטאָ

דעם 15־טן דעצעמבער 1942, זונטיק באַנאַכט, האָבן די דייטשן אַרויסגעטריבן אַלע יידן פון די וווינונגען, זיי געהייסן אַרויפגיין אויף וועגענער, וואָס זענען שוין געשטאַנען גרייט. מיר האָבן געכאַפּט דאָס ביסל שמאַטעס און דאָס ברויט וואָס מיר האָבן געהאַט. מען האָט אונדז אָפּגעפירט קיין ציצעוו, ווו זיי האָבן ביי אונדז צוגענומען אַלץ וואָס מיר האָבן געהאַט, אויך דאָס ברויט, נאָר איבער־געלאָזט פאַר יעדן איין ברויט. די זשאַנדאַרמעריע האָט אונדז גרונטלעך באַזוכט און באַפוילן אַרויפגיין אויף אַנדערע וועגענער. זיי האָבן אונדז געפירט קיין וולאַדאַווע.

אויפן וועג האָבן מיר עטלעכע מאָל איבערגעלעבט טויטשרעק. עס זענען אונדז אַקעגנגעקומען זשאַנדאַרמען, וואָס האָבן געשאָסן איבער אונדזערע קעפּ, דאָס איז געווען ביי זיי אַזאַ צייט פאַרטרייב און שפּיל פאַר פאַרוויילן זיך.

מאָנטיק, שפּעט באַנאַכט, זענען מיר אָנגעקומען אין וולאַדאַווער געטאָ. די זשאַנדאַרמען האָבן אונדז איבערגעגעבן דעם יודענראַט, וואָס האָט אונדז, עטלעכע צוואַנציק מענטשן, אַריינגעפּאַקט אין אַ קליין צימערל, ווו ס׳איז אפילו נישט געווען ווו צו זיצן.

אין וולאַדאַווער געטאָ בין איך אָנגעקומען מיט צוויי



קינדער, אָן מיין מאַן, ווייל איידער מען האָט אונדז אַרויסגעשיקט האָט מיין מאַנס חבר, יאַנקל עפּלשטיין פון שעלישט, צוגערעדט אים צו אַנטלויפן צוזאַמען, און ביידע מיטן חברס אַ זון און אַ קליין מיידעלע און אויך אונדזער עלטער ייִנגל זענען זיי אַוועק אין וואַלד. מיין שוואָגער איז אויך אַוועק, זיך ערגעץ באַהאַלטן. איצט האָב איך נישט געוויסט ווו זיי געפינען זיך.

אויפצומאַרגנס האָט מען אונדז פונאַנדערגעטיילט צו צוויי משפּחות אין אַ צימער און עס האָט זיך אָנגעהויבן דאָס שווערגעמאַטערטע לעבן אין וולאַדאַווער געטאָ מיט הונגעריקע טעג און קאַשמאַרפולע מעתלעתן.

נאָך אַן אַכט טעג זיין אין געטאָ איז געקומען אַ פּויער, געברענגט צוויי קינדער פון אַ דאָרפישן ייד, וואָס איז אויך אַוועק אין וואַלד און זיי נישט געהאַט ווו אויסצובאַהאַלטן.

דער פויער האָט אים געדאַרפט ברענגען אַ באַריכט ווי אַזוי עס זעט אויס די לאַגע אין געטאָ, צי זיי קענען אויך קומען.

מיט דעם זעלבן פויער האָב איך באַפוילן צו מיין מאַן און שוואָגער, זיי זאָלן צוריקקומען. דאָס האָט אָבער געדויערט אַ זעקס וואָכן. זיי האָבן זיך דאָרט אַרומגעוואַלגערט, געפּרוווט מאַכן אַ בונקער, אָבער נישט געקענט זיין דאָרט. דערנאָך זענען זיי אַוועק קיין לענטשנאַ, געווען דאָרט עטלעכע וואָכן און ערשט פון דאָרט צוריקגעקומען אין דאָרף.

אינצווישנצייט בין איך פאַר בענקשאַפט און צרות קראַנק געוואָרן ס׳האָט זיך מיר צוגעטשעפּעט אַ טיפוס.

ווען מיין מאַן איז ענדלעך צוריק געקומען האָבן מיר גענומען אַ דירה ביי יאַנקל קצב, נעבן דער בעקעריי פון שמואל לעקעכבעקער. דאָרט זענען מיר געווען ביזן ערשטן מאַי 1943.

## אַקציע יודענריין
## מיר אַנטלויפן אין וואַלד

יענעם ערשטן מאַי, פרייטיק, איז געוואָרן אַ שיסעריי, מיר האָבן נישט געהאַט וווּהין צו לויפן, געזוכט אַ באַהעלטעניש און דערזען, אַז דאָס קעמערל נעבן אונדז, ווו ס׳האָט זיך געפונען דאָס האָלץ, האָט אַ בוידעמל. מיר זענען באַלד אַרויף אויבן און איידער מיר האָבן אַרויפגענומען דאָס לייטערל, זענען אָנגעקומען נאָך אַנדערע פאַמיליעס מיט קינדער און אָנגעהויבן אַרויפצוקריכן, ביז עס האָבן זיך אָנגעקליבן אַריבער פופצן פּערזאָן. ערשט דאַן האָבן מיר אַרויפגעשלעפּט דאָס לייטערל.

אויף יענעם בוידעמל זענען מיר געזעסן אין טויטשרעק פון פרייטיק פרי ביז שבת־צונאַכטס אַרום 11 אַזייגער. אין משך פון די צוויי טעג זענען מיר אַלע גרוי געוואָרן;

פונעם בוידעמל האָבן מיר געזען שרעקלעכע סצענעס; דייטשן צעשיסן וועמען זיי טרעפן, הרגענען קינדער אין די אויגן פון זייערע עלטערן, צעקלאַפּנדיק זייערע קעפּלעך אין די ווענט און אַנדערע רשעותדיק־צוגעטראַכטע טויטן, דערנאָך געשאָסן זייערע עלטערן. די דייטשן האָבן געשלעפּט די יידן פון זייערע באַהעלטענישן, רוצחיש זיי געשלאָגן און געשאָסן.

יאַנקל שעלישטשער איז נישט אַרויף מיט אונדז, נאָר צוזאַמען מיט יצחק גערנשטיין געגאַנגען אין אַ באַהעלטניש נעבן אונדז. מיר האָבן געזען ווי מהאַקט אויף די וואַנט און מנעמט פון דאָרט אַרויס אַלע באַהאַלטענע. יצחק גערנשטיינס אַ יינגל פון עלף יאָר, זייער אַ שיינס, האָט זיך געבראַכן די הענט און געשריגן: „יידן, מיר זענען פאַרלוירן", ווייזט אויס, אַז ער האָט געוואָלט, מיר זאָלן דאָס הערן און זיך היטן. זיין פאָטער האָט באַוויזן צו אַנטלויפן.

ביזן היינטיקן טאָג ווייס איך נישט ווי אַזוי אונדז האָט אָפּגעגליקט און די דייטשן האָבן אונדזער בוידעמל נישט באַמערקט. שפּעט באַנאַכט איז געקומען יצחק גערנשטיין מיט יאַנקל עפּלשטיין, זיי האָבן אונדז גערופן, מיר זענען אַראָפּ פון בוידעמל און אַוועק אין ראַזשאַנקער וואַלד.

## מיר בלאָנקען אין די וועלדער

צוויי טעג און צוויי נעכט האָבן מיר געבלאָנקעט אין די וועלדער. שוין דעם פערטן טאָג ווי מיר האָבן גאָרנישט געהאַט אין מויל, נישט קיין ביסן און נישט קיין טראָפּן וואַסער, באַטאָג האָבן אונדז באַמערקט פּאַסטעכער און פּויערים און מיר האָבן געמוזט אַוועק ווייטער זוכן אַ זיכער אָרט. באַנאַכט האָבן מיר געפּרוּווט זיך דערנענטערן צו אַ שאָסיי, געוואָלט אָנקומען צו אַ דאָרף. דער דורשט האָט מוראדיק געפּייניקט און ווען מיר האָבן אָנגעטראָפן אויפן וועג בלאָטיקע, קלייניע קאַלוזשעכלעך, האָבן מיר מיט דער בלאָטע באַנעצט אונדזערע פון דאָרשט פאַרברענטע ליפּן.

אויף דער דריטער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף גראַבניעוו, וואָס מיר האָבן גוט געקאַנט און מיין מאַן איז אַריינגעגאַנגען אין אַ הייזקע, ווּ מען האָט אונדז גוט אויפגענומען און די פּויערטע האָט באַלד אַרויסגעברענגט אַ גאַנצן עמער וואַסער, וואָס איז גלייך פאַרשוווּנדן אין אונדזערע פאַרטרוקנטע מיילער.

זיי האָבן אונדז אויך געגעבן עסן און געהייסן אַריינגיין אין סטאָדאָלע. דאָרט זענען מיר אַרויפגעקראָכן אויף די ווישקעס און געלעגן גאַנצע צען טעג און די פּויערטע האָט אונדז אַרויפגעברענגט עסן און טרינקען. איינמאָל איז זי אַרויפגעקומען און זיך געבעטן, אַז עטלעכע פון אונדז זאָלן



גיין זוכן ערגעץ אַנדערש אַ באַהעלטעניש, ווייל, זי קען נישט אַלעמען אויסהאַלטן.

איצט האָט זיך געשטעלט ביי אונדז אַ שווערע פראַגע; מיין מאַנס חבר עפּלשטיין האָט זיך געבעטן ביי מיין מאַן, ער זאָל זיי לאָזן דאָ זיין, ווייל ער האָט דאָ נישט קיין באַקאַנטע און מיר יאָ, מיין מאַן איז פון דער נאַטור געווען זייער אַ ווייכער און בעל רחמנות, האָט זיך דורכגערעדט מיט מיר, מיך איבערצייגט, אַז דער חבר זיינער איז דאָך גערעכט און מיר, אַ משפּחה פון ניין פּערזאָן, זענען אַוועק פון דאָרט. די אַנדערע זיבן זענען געבליבן מיט יצחק גערשטיין.

## אָנפאַל פון פּויערים

מיר זענען אַוועק אין דאָרף פּשימיאַרקע, פיר קילאָמעטער ווייטער. דער פּויער, וואָס האָט אונדז גוט געקענט, האָט אונדז גוט אויפגענומען, אָבער מיר זענען דאָרט נישט געווען מער ווי דריי טעג. שפּעטער האָט ער אונדז געזאָגט, אַז ער קען אונדז נישט האַלטן, נאָר געעצהט מיין מאַן, מיר זאָלן גיין אין נאָענטן בערעזע־וועלדל. פון מאָל צו מאָל — האָט ער געזאָגט — קענען מיר קומען צו אים נאָך אַ ביסל עסן.

וואָס האָבן מיר געזאָלט טאָן? נישט געווען קיין ברירה. מיר האָבן זיך באַזעצט אינעם יינגן וועלדל מיט די הויכע קוסטעס און שפּעטער האָבן מיר אויסגעפּלאָכטן אַ פּלויט פון ריטלעך, געמאַכט ווי אַ בודע, איבערגעדעקט פון אויבן מיט אַ קאָץ. אין די נעכט פלעגן מיר גיין צו יענעם פּויער און נאָך צו איינעם און זיי האָבן אונדז געגעבן איבערצולעבן דעם טאָג. כמעט זעקס וואָכן האָבן מיר זיך דאָרט געמאַטערט, אין קעלט און אונטערן רעגן, ביז אַ צופאַל האָט אונדז אויך פון דאָרט פאַרטריבן.

דאָס איז געווען פאַר שבועות. אין אַ געוויסן טאָג זענען געקומען דאָרפישע שקצים שניידן צווייגן אויסצוצירן זייערע הייזער. זיי האָבן אונדז דערזען, געזאָגט, אַז מיר דאַרפן נישט קיין מורא האָבן, זיי וועלן אונדז פאַר די דייטשן נישט מסרן, ווייל אויך זיי באַהאַלטן זיך אויס פאַר די דייטשן. מיר האָבן זיי געגלייבט און געבליבן נעכטיקן.

אויפצומאָרגנס, אַ זייגער צוועלף, באַטאָג זענען אָנגעקומען דריי פּויערים מיט שטעקענס, געזאָגט אונדז „גוט־מאָרגן", גערעדט העפלעך אויסגעפרעגט זיך דאָס און יענץ און דערנאָך געהייסן אונדז גיין מיט זיי.

זיי האָבן זיך לאַקאַמיעט אויף די אַכט קילאָ צוקער, וואָס די דייטשן האָבן צוגעזאָגט צו געבן פאַר יעדן איינעם ייד.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן בעטן ביי זיי: סטייטש, איר

זענט דאָך אונדזערע בעסטע באַקאַנטע, אַזוי לאַנג געלעבט צווישן זיך, גייט איר איצט אונדז איבערגעבן צו די דייטשן? איך האָב זיי געוואָלט געבן פון די שמאַטעס וואָס כ'האָב מיטגעשלעפּט, אָבער זיי האָבן נישט געוואָלט הערן.

מיין עלטערער יינגל, פנחס האָט מיר אַריינגעשעפּטשעט אין אויער, אַז ער וויל אַנטלויפן. איך האָב אַפילו נישט געוואָלט הערן דערפון, נאָר דערנאָך האָב איך זיך מיישב געווען, זאָל ער כאָטש בלייבן לעבן, איך האָב אים אַריינגעשטופּט אַ ביסל געלט, וואָס כ'האָב געהאַט און געהייסן אים לויפן צו אונדזער פריערדיקן פּויער, ווו יענע זיבן האָבן זיך געפינען.

ווי די פּויערים האָבן זיך אַזוי געאַמפּערט מיט מיר איז ער פאַרשווונדן צווישן די קוסטעס. ווען זיי האָבן באַמערקט, אַז ער איז נישטאָ, האָבן זיי אָנגעהויבן שרייען: ווי הייסט ער? איך האָב זיי אָנגערופן אַ נאָמען „הערשקאָ" און זיי האָבן נישט אויפגעהערט שרייען: הערשקאָ, הערשקאָ!

זעענדיק, אַז ס'העלפט נישט מיט גוטן, האָבן מיר זיך אַגעשטעלט און אָנגעהויבן שרייען:

„וואָס מיינט איר טאַקע, אַז איר האָט שוין איבערגעלעבט די מלחמה?! דאָס וואָס געשעט היינט מיט אונדז, קען אויך מאָרגן טרעפן מיט אייך".

זיי האָבן עפּעס גערעדט צווישן זיך, דערנאָך האָבן זיי געזאָגט, אַז זיי גייען אַוועק צום סאָלטיס, ער זאָל זיי געבן הילף און זיי האָבן איבערגעלאָזט דעם דריטן אונדז צו היטן.

די כוחות פון מיין מאַן און שוואָגער זענען נישט געווען אַזעלכע, אַז זיי זאָלן דעם איבערגעבליבענעם אַוועקלייגן איך האָב דעריבער פאָרגעשלאָגן מיין מאַן און שוואָגער זאָלן אַנטלויפן, און איידער וואָס און ווען זענען זיי אויך פאַרשווונדן צווישן די קוסטעס.

יענע זענען צוריקגעקומען אַליין. דער סאָלטיס, זייער אַ גוטער מענטש, האָט אונדז שפּעטער דערציילט, אַז ער האָט באַלד פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען מיר און ער האָט נישט געוואָלט גיין מיט זיי. שפּעטער האָט ער זיך באַרעכנט, אַז זיי קענען אים מסרן און איז צוזאַמען מיט נאָך פּויערים אַוועק אויפן אָרט, אָבער מיר זענען שוין דאָרט נישט געווען

די ערשטע, וואָס האָבן דערזען, אַז אויך אונדזערע מענער זענען נישטאָ, האָבן אַ מאַך געטון מיט די הענט און איינער האָט אויסגעשריגן: „אויב יענע זענען אַנטלאָפן צום טייוול, אַנטלויפט שוין איר אויך צו אַלע רוחות, נאָר שוין" איינער פון זיי האָט געבעטן עפּעס אַ „פּאַמיאַנטקע", האָב איך אים געגעבן אַ ציך פון אַן איבערבעט, מיר האָבן



געכאַפּט אונדזערע לאַכעס און זענען אַריין צווישן די קשאַקעס.

שפּעטער האָבן מיר געהערט שווערע טריט און קולות פון פּויערים. ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווסט פון סאָלטיס אַליין, איז ער געקומען מיט נאָך פּויערים, זיי האָבן אונדז געזוכט, דערווייל האָט אָנגעהויבן רעגענען און זיי האָבן זיך צוריקגעצויגן, פאַרברענענדיק אונדזער בודע.

באַנאַכט בין איך אַוועק צו אַ באַקאַנטן פּויער און האָב אים געבעטן זאָגן מיין מאַן, אויב ער וועט קומען, אַז מיר געפינען זיך דאָרט ווו מ'האָט אונדז געקאָכט קאַרטאָפל מיט די שאַלן. איצט זענען מיר געזעסן אין דאָרף יאַנאָוויצע אין די קאַרנס פונעם פּאַזנאַניאַק אורבאַניק. ער פלעגט אונדז אַרויסברענגען ברויט, מילך, קליסקעס, געווען צו אונדז ווי אַן אייגענער טאַטע.

נאָך פיר טעג איז אהין אָנגעקומען מיין מאַן מיטן שוואָגער. זיי זענען געלעגן אויף אַ לאַנקע אין דאָרף יאַנאָוויצע, דאָרט איז געווען אָנגעהאַרבעט פון יאָר צו יאָר אַ זייער הויכע קופּע קאַרטאָפליאַנקע, זענען זיי דאָרט אַרונטערגעקראָכן און געלעבט דאָרט פיר טעג אומגעגעסן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר געמוזט אַרויס פון די קאַרנס און אַריין אין אַנדערע קאַרנס, ווו ס'איז געשטאַנען אַ הויכער, ברייטער בוים און מיר האָבן זיך באַהאַלטן אונטער אים. צוויי זענען אַריין אונטער דער קאַרטאָפליאַנקע, וואָס איז געלעגן נאָענט פון אונדז. דאָ האָט זיך אַרויסגעוויזן אַן אַנדער צרה. איבערן קאַרנפעלד איז געווען אַ פּאַסטווויסקע, דאָרט האָט אַ שייגעצל געפּאַשעט די בהמות פון יענעם פּויער, וואָס האָט צוגענומען זייער פיל פון מיינע זאַכן און מיט אַ צוויי טעג צוריק בין איך ביי יענעם געווען בעטן, ער זאָל מיר עפּעס אָפּגעבן, כ'זאָל האָבן צו קויפן עסן, האָט ער מיך אַרויסגעיאָגט פון שטוב. דאָס שייגעצל איז געקראָכן אויפן בוים אַראָפּצונעמען פייגעלעך פון די גניאַזדעס, האָב איך מורא געהאַט, ער זאָל אונדז נישט דערזען. אָבער מיר האָבן נישט געהאַט קיין אויסוועג.

דאָרט זענען מיר אַזוי אין שטענדיקער שרעק איבערגעזעסן אַ זעקס זיבן וואָכן. דער שניט האָט זיך דערנענטערט און מיר האָבן באַצייטנס אָנגעהויבן זוכן אַ ניי אָרט ווו זיך צו באַהאַלטן.

## אין אַ נייער קריאָוועקע

אין יאַנאָוויצע זענען מיר אַריין צו באַקאַנטע פּויערים, געבעטן זיי זאָלן אונדז אַריינלאָזן אין אַ סטאָדאָלע. די פּויערטע האָט מסכים געווען, נאָר דער פּויער האָט זיך איינגעעקשנט אַז ער וויל נישט. אַנס איז געווען אַן אָרעמע

פויערישע פאַמיליע, וואָס מיר האָבן זיי אין פרידנסצייט צוגעהאָלפן מיט געלט לייען בעת ביי זיי איז געפאַלן אַ פערד. די פויערטע האָט דאָס גוט געדענקט און זי האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר זאָלן מיט איר מאַן רעדן מיט גוטן און אים צוזאָגן טאַבאַק, וואָס ער קען אָן דעם נישט לעבן. דערווייל האָט זי אונדז געוויזן אַן אָרט אין דער פאַדוואַלנע פון דער סטאַדאָלע, דאָרט איז געווען אַ לאָך פול מיט היי. זענען מיר אַרייַנגעקראָכן ווי די מייז און ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרויסגראָבן דאָס היי פון אַרום אונדז, געמאַכט אַ ברייטער אָרט צו קענען זיצן. די פויערטע האָט אונדז אַרייַנגעגעבן זעק און מיר פלעגן אין די נעכט אַרויסגראָבלען דאָס היי און אַרויפטראָגן עס אינדערהויך אויף יענעם היי וואָס איז געלעגן איבער אונדזערע קעפּ.

אַ געוויסע נאַכט איז מיין מאַן אַוועקגעגאַנגען צו יענע זיבן, וווּ עס האָט זיך געדאַרפט געפונען אונדזער פערצן־יעריק ייִנגל. ביז איצט האָבן מיר נישט געוויסט פון אים און ער נישט פון אונדז. מיין מאַן האָט אים דאָרט געטראָפן, דאָרט האָבן זיי זיך אין לויף פון דער צייט געהאַט געמאַכט אַ טאַפּלוואַנט, אַ גאַנצן טאָג פלעגן זיי ליגן אויפן היי, נאָר קוים האָבן זיי געהערט טריט, זענען זיי אַרייַנגעקראָכן דורך אַ לייטער אין דער טאַפּלוואַנט און אַראָפּ גאַנץ אונטן. אין די נעכט פלעגן זיי שלאָפן אונטן.

זיי האָבן זיך דערפרייט מיט מיין מאַן. אונדזער ייִנגל איז אַרויפגעפאַלן אויף אים, געכליפּעט, געהעשעט און געקלאָגט נישט צום איינהאַלטן. אויף דער אַנדערער נאַכט זענען זיי ביידע בשלום אָנגעקומען צו אונדז. די פרייד און געוויינען פון אונדז אַלע איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, מ׳האָט זיך אָפּגעפונען לעבעדיקע.

איצט האָט זיך אונדזער לעבן אָנגעהויבן פירן „נאָר־מאַל״, גאַנצע טעג פלעגן מיר זיצן אונטערן היי, פון מאָל צו מאָל געהערט ווי דער פויער קומט אָן מיט אַ וואָגן היי אָדער תבואה. דאָס היי לייגט ער אַלץ העכער איבער אונדז און די תבואה לייגט ער אין דער זעלבער „זאפּאַליע״ נאָר אין דער אַנדערער העלפט נעבן אונדז. וואָס העכער עס זענען געוואַקסן די סנאָפּעס און דאָס היי, אַלץ זיכערער האָבן מיר זיך געפילט, הגם שרעק האָט שפּעטער אויך דאָ נישט געפעלט. די סלופּקעס מיט די ברעטער זענען געווען גוט באַוואָרנט, ס׳האָט נישט געדראָאט קיין מורא אַז מיר זאָלן קענען ווערן צוגעקוועטשט.

מיטן קאָפּ זענען מיר געלעגן צו דער וואַנט און דורכן אונטערשטן שפּאַלט האָבן מיר געקאָנט זען אַלץ וואָס עס טוט זיך אינדרויסן. דאָס מײַזנלאָך, דורך וועלכן מיר פלעגן דורכקריכן בײַנאַכט איז געווען זייער גוט מאַסקירט. אין די נעכט פלעגן מיר גיין זוכן עסן אויף די פעלדער. מיר



פלעגן אַראָפּנעמען די קאַרטאָפל אַזוי, אַז מען זאָל נישט דערקענען, אַרויסנעמען קרויט מיטן וואָרצל און צוריק פאַרשיטן דאָס געבליבענע לאָך. רייסן קערשן אין די סעדלעך, שטיל, אַז די הינט זאָלן נישט נעמען בילן. אויך ציבל און בוראַקעס האָבן מיר געריסן, אַלץ מ׳זאָל נישט דערקענען.

פון מאָל צו מאָל פלעגן די מענער גיין צום פּאַזנאַנטשיק, ער האָט פאַר אונדז געבאַקן ברויט, פון מעל וואָס מיר האָבן געקויפט ביי אים שוין מיט אַ חדשים צוויי צוריק. מיר האָבן אים באַצאָלט פאַר צוויי מעטער ראַזשוקע. פאַר צוואַנציק קילאָ מעל האָט ער אונדז שטענדיק געגעבן 28 קילאָ ברויט. מיר, ניין פערזאָן, האָבן געהאַט יעדער איינער דריי קילאָ מיט הונדערט גראַם ברויט אויף צוויי וואָכן. אַמערסטן האָבן מיר די פּיצלעך ברויט באַהאַלטן פאַר די קינדער. מיר האָט פון פּאַסנע עסן אָנגעהויבן וויי טאָן דער מאָגן, אָבער קיין שום רפואה האָבן מיר נישט געקענט צוטראַכטן צו דעם, ווייל קיין פעטס איז נישט געווען צו באַקומען.

אַזוי זענען געגאַנגען טעג און וואָכן. די דייטשע זשאַנדאַרמעריע האָט אָנגעהויבן אַרומגיין זוכן די קאָנטיגענטן, וואָס די פויערים האָבן זיי געדאַרפט אָפּגעבן און אונטערן אויסרייד, אַז די פּאַרטיזאַנער האָבן דאָס צוגענומען, פלעגן זיי זייער פיל אַליין באַהאַלטן און נישט געבן. מיר זענען מערסטנס אָפּגעקומען מיט בלויזע שרעק, וואָס פון דעם אַליין האָט אויך דאָס האַרץ געקענט אַרויסשפּרינגען פיפציק מאָל דורך דער מינוט...

עס האָבן זיך דערנענטערט די אָסיען־טעג. מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן פאַרגרייטן זיך צום ווינטער מיט אַ ביסל פּראָדוקטן. אין דער זעלבער צייט האָבן מיר אָנגעהויבן אַ נייע קרעטן־אַרבעט אונטער די סנאָפּעס תבואה, דאָרט האָבן מיר דורכגעגראָבן אַ טונעל, מ׳זאָל נאָר קענען דורכקריכן. פון דער „זאפּאַליע״ האָבן מיר אַראָפּגעריסן צוויי ברעטלעך, צוריק מאַסקירט, און אין די נעכט פלעגן מיר אַרויסגיין דורך אָט דעם גאַנג אויפן טאָק כאַפּן אַ ביסל לופט און אויך אַרייַנשמוגלען פּראָדוקטן.

איינמאָל האָבן מיר געהערט ווי דער פויער וואַרפט אַרויף די סנאָפּעס און זאָגט: „דאָ וועלן שוין די ייִדן פייגערן״. ער האָט נישט געוויסט וועגן אונדזער נייעם טונעל דורך די סנאָפּעס.

איצט זענען מיר באמת געוואָרן ווי יענע פעלד־מייז, גאַנצע נעכט געלעגן אויף די פעלדער, שוין נישט געדאַרפט זיין אַזוי פאַרזיכטיק ביים אַראָפּנעמען די קאַרטאָפל, נאָר געגראָבן גלייך ווי ס׳לאָזט זיך, אָנגעהויבן דאָרט וווּ די פויערים האָבן נעכטן באַטאָג געענדיקט. געגנבעט פון די סעדער — עפּל, באַרן, פלוימען און גענילקעלעך, פון די

גערטנער — קרויט, ריבן, מערן, ציבל, בורקעס און וואָס נאָר ס'איז אונטערקומען אונטערן האַנט.

איינמאָל קומט צו אונדז מיין מאַנס חבר און ווײַנט פאַר אונדז, אַז די פּויערים ווילן זיי אַרויסטרייבן, ווילן ביי אים געלט און ער האָט זיי נישט צו געבן, סקומט אים אויס נישט אַנדערש ווי קומען מיט אַלע צו אונדז. דאָס דערהערט האָבן מיר זיך זייער דערשראָקן, ווי קען מען אַריינעמען אַזוי־פיל מענטשן און די גויע וועט דאָך נישט לאָזן. דער חבר זאָגט, אַז ער וועט באַנאַכט אַריינגנבֿענען עפּעס וואָס און דערפון געבן דער גויע אַ העלפט. זיי זענען שוין דאָרט געבליבן.

אין אַ פינצטערער נאַכט זענען מיין מאַן, שוואָגער און אונדזער ייִנגל פּנחס אַוועק קיין יוזעפּוווקע, אַ געוועזענע דייטשע קאָלאָניע, ווו ס'האָבן איצט געוווינט פּאַזנאַנטשיקעס. נאָך אין דער זעלבער נאַכט האָבן זיי אַריינגעשלעפּט אַ ריזן שעפּס אין אונדזער מויזנלאָך, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט גיין דורכן טונעל. דאָס נעמען דעם שעפּס איז אויך נישט אָנגעקומען אָן טויטשרעק, אָבער זיי האָבן אים געברענגט. צורעכט געמאַכט, דוכט זיך, האָט אים מיין שוואָגער, ווייל מיין מאַן איז פון דער נאַטור געווען אַ ווייכהאַרציקער... אַ האַלבן האָבן מיר אויך אָפּגעגעבן אונדזערע בעלי בתים, פון צווייטן האַלבן האָבן מיר דאָס איבערשטע שמאַלץ איינגעזאַלצן און אויפגעהאַנגען (דאָס זאַלץ האָט אונדז געגעבן אונדזער גוטער פּאַזנאַנטשיק). ווען עס האָט זיך צוגעטרוקנט האָבן מיר עס געגעסן רויערהייט.

## מיר הערן וועגן פּאַרטיזאַנער

אין יענער צייט האָט די באַלעבאָסטע אונדז דערציילט, אַז זייער אָפט אין די נעכט קומען פּאַרטיזאַנער, זיי נעמען צו חזירים, קי און שעפּסן און אַלץ וואָס ס'לאָזט זיך. זי האָט אונדז אויך דערציילט, וואָס די פּויערים רעדן צווישן זיך, אַז זיי ווייסן וועגן אונדז, נאָר ווייסן נישט ווו מיר געפינען זיך.

איינמאָל האָט מיר די פּויערטע דערציילט, אַז אַ נאַכט פריער איז געווען אַ „זעבראַניע" פון אַלע פּויערים און זיי האָבן באַשלאָסן זיך אויסצוהיטן פאַר די באַהאַלטענע זשידעס און פּאַרטיזאַנער, פאַרשטאַרקן די „וואַרטעס" אין די נעכט, אַרומגיין איבערן דאָרף גאַנצע פינף „וואַרטעס", צו צוויי מאַן יעדע עטלעכע הייזער. געוויינלעך פלעגט גיין בלויז איין „וואַרטע" פון צוויי מאַן אויפן גאַנצן דאָרף.

איצט איז אונדז ביטער געוואָרן אויפן האַרצן. מיר האָבן שוין מורא געהאַט אַרויסצוקריכן פון אונדזער נאָרע. זי האָט אונדז אויך דערציילט, אַז די פּויערים האָבן געזאָגט, אַז



זיי וועלן גיין זוכן אין די סטאָדאָלעס. דאָס האָט אַרויסגערופן ביי אונדז נייע שרעק פאַר יעדן שאָרך.

אַ געוויסע נאַכט הערן מיר ווי מען עפנט דאָס טויער. די סטאָדאָלע איז געווען שטענדיק אָפן און הפקר פאַר יעדן, זי האָט ספּעציעל נישט פאַרשלאָסן, כדי ס'זאָל נישט פאַלן קיין חשד. מיר הערן ווי מ'קריכט אַרויף אויפן היי, איבער אונדזערע קעפּ. גראָד זענען אַלע שוין געשלאָפן, די קינדער האָבן געכראָפּעט און איך האָב מורא געהאַט טאָמער דערהערט מען אויבן דאָס כראָפּען. איך האָב זיי געשטאַרקעט מיט דער האַנט, קוים זיי דערוועקט און צוגעלייגט מיין האַנט צו זייערע מיילער. זיי האָבן זיך באַלד געכאַפּט און שטיל געבליבן, ווייל יעדער ריר מיט אַ האַנט אין דער פינסטער, איז שוין געווען אַ סימן, אַז דאָס הייסט אַריינציען אין זיך דעם אָטעם און ווי ווייט מעגלעך שטילשווייגן. מיין האַרץ האָט מיר שיר נישט געפּלאַצט פאַר שרעק; אָט דוכט זיך מיר אַז זיי נישטערן, זיי גראָבן אין היי, אָט פיל איך אַ שפּיץ פון אַ ווידלע...

אויף דער אַנדערער נאַכט האָבן מיר געהאַט אַן ענלעכע איבערלעבעניש; די „וואַרטע" האָט זיך אַוועקגעזעצט פונקט ביי דער וואַנט פון דער סטאָדאָלע, ווי מיר זענען געלעגן מיט די קעפּ. זייער שמועס האָבן מיר טיילווייז געהערט. זיי האָבן אַלץ גערעדט וועגן פּאַרטיזאַנער און וועגן באַהאַלטענע יידן און איך האָב אפילו געהערט אָנרופן מיין מאַנס נאָמען. אויך דאָס מאָל זענען מיר אָפּגעקומען מיט האַרצקלאַפּעניש און טויט שרעק...

אונדזערע פּראָדוקטן זענען ביסלעכווייז אויסגעגאַנגען, מיר זענען געשטאַנען פאַר דער שרעק ס'זאָל אונדז אויסקומען צו הונגערן. איין נאַכט זאָגט צו מיר מיין מאַן: „וואָס וועט זיין דער סוף, איך וועל אַזוי זיצן און וואַרטן ביז ס'וועט אויסגיין דער לעצטער ביסן? כ'מוז פּרווון אַרויסגיין, אפשר וועט מיר דאָך געלונגען עפּעס צו ברענגען."

ס'זענען געווען חשוון־טעג, גענוג קאַלטע, אָבער טרוקענע, אָן שניי, אָן רעגן, נאָר מיט קליינע פּרעסטלעך. מיין מאַן האָט געקלערט גיין זיך אונטערקאָפּן אונטער אַ קאָפּיצע קאַרטאָפל אָדער דורך אַן אַנדערן וועג צו געפינען עפּעס צו עסן.

גראָד אין דער זעלבער נאַכט איז נישט ווייט פון אונדזער באַלעבאָסטעס הויז געווען אַ זעבראַניע פון די פּויערים, דער סאָלטיס, וואָס איז געווען אַן אָפּטער גאַסט ביי אונדזער באַלעבאָסטע, איז נאָך דער פאַרזאַמלונג געקומען צו איר און געלייגט זיך שלאָפן אין סטאָדאָלע. שיכור איז ער געווען און געהאַלטן אין איין רעדן צו זיך אַליין. אין דרויסן האָט זיך אָפּגעריסן אַ שטאַרקער שטורעם, מיר האָבן געהערט דאָס וואָיען פונעם ווינט ווי הונדערטער הינט וואָלטן זיך פון די קייטן געריסן. איך בין געלעגן אין איין שרעק, ווי אַזוי וועט מיין מאַן אַריינגיין, ווייל זייער אָפט, ווען ער פלעגט קומען

צוריק איז ער געגאַנגען דורכן טויער און דאָ קען דער סאָלטיס גאָרנישט איינשלאָפן...

כ׳האָב זיך דערוואַרט צו הערן עפענען דאָס טויער, אָבער דער סאָלטיס האָט אויך דערהערט און מיט זיין שיכורן קול געפרעגט: „קטאָ טאַם?”. איך האָב דערפילט אַ זעץ אין האַרץ, גלייך מ׳וואָלט מיר געטראָפן מיט אַ ריזן האַמער. כ׳האָב איינגעהאַלטן דעם אָטעם, פאַרביסן די ליפּן, נישט אויסצושרייען.

„טאָ יאַ, פּאַניע סאָלטיסיע” — האָט אים מיין מאַן געענפערט.

איצט האָט ער אים אָנגעהויבן אויסצופרעגן, פונוואַנען ער גייט און מיין מאַן האָט אים קאַלטבלוטיק דערציילט, אַז ער מיט ווייב און קינדער לעבן און געפונען זיך אַ פינף זעקס קילאָמעטער פונדאַנען, ער איז ארויסגעגאַנגען זוכן עפּעס עסן, האָט אים געטראָפן דער שטורעם, וויל ער איבערנעכטיקן אין אָט דער אָפענער סטאָדאָלע... ער האָט אים אויך געפרעגט ווו ער געפינט זיך, ווייל ער בלאָנדזשעט. דער סאָלטיס האָט אים געזאָגט, אַז ער געפונט זיך אין יאַנאָוויצע און אַז ער זאָל מיט אים מיטגיין, וועט ער אים געבן עפּעס ברויט, ער דאַרף פאַר אים קיין מורא נישט האָבן.

צוויי שעה האָט געדויערט ביז כ׳האָב דערזען צוריק מיין מאַן. די דאָזיקע צוויי שעה האָבן זיך ביי מיר געצויגן ווי צוויי לאַנגע יאָרן. ווען כ׳האָב שפּעטער דערהערט עפענען דאָס טויער האָב איך מיט אַלע צוזאַמען פאַרהאַלטן דאָס אָטעם און ביז ער איז אריין אונטערן טונעל פונעם ווייץ, איז מיר שיער נישט ארויסגעפלויגן די נשמה; כ׳האָב געמיינט אַז דער סאָלטיס האָט אים געצוווּנגען ער זאָל אויסגעבן זיין פאַמיליע.

מיין מאַן איז ארויסגעקראָכן פונעם ווייץ אַ פריילעכער. ער האָט געברענגט אַ זעקעלע ווייצנמעל. דער סאָלטיס האָט נישט געהאַט קיין ברויט, ווייל די סאָלטיסיכע האָט גראַד געהאַט פאַרקנייטן אַ דייזשע ברויט. ער האָט אים געהייסן אויך מאָרגן קומען, וועט ער אים געבן אַ גרויס ברויט.

ווער עס האָט איבערגעלעבט אַזאַ ענלעכן מצב, דער וועט קענען פאַרשטיין און באַגרייפן מיין פריערדיקע שרעק און מיין שפּעטערדיקע פרייד פון צוריקזען מיין מאַן און דערצו נאָך מיט אזא ווילדער מציאה ווי אַ זעקעלע מעל, אַ זעקעלע מעל! !

דער ווינטער האָט זיך געשטעלט נישט אויף קיין קאַטאַוועס, פרעסט און שניי. דער פראָסט האָט זיך אפילו דורכגעקריגן דורכן היי אין אונזער נאָרע און צוזאַמען מיטן הונגער האָט אונדז אויך דער פראָסט גענומען שטאַרק דערקוטשען.

עס איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, אַז ס׳וואָלט געווען אַ יושר, אַז איך מיט מיין מאַן זאָלן זיך אין אַ נאַכט דורכשפּאַצירן אין דאָרף זארובקי, אַ קילאָמעטער ווייט פון אונדזער באַהעלטעניש. אין אזא פראָסטיקע נאַכט זענען מיר טאַקע אַוועק אהין, אָנגעקלאַפּט ביים פויער דזינקאָווסקי, ביי וועמען ס׳איז געווען אונדזער גאַנץ בעטגעוואַנט. מיר האָבן אים געבעטן, עד זאָל אונדז צוריקגעבן כאָטש איין איבערבעט און איין קישן. ער האָט געמאַכט אַ גוואַלד:

„וואַרטאָווניאַ, זשידזשי פּשישלי!”

מיר זענען קוים ארויס פון שטוב און אַנטלאָפן ווי ווייט די כוחות אונדזערע האָבן געטראָגן.

מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָט אונדזער קריסטין אונדז דערציילט, אַז אין דאָרף זארובקי זענען געקומען פּאַרטיזאַנער, זיי האָבן ארויסגענומען דעם דאָרטיקן סאָלטיס און אים דערשאָסן נעבן זיין הויז, דערפאַר ווייל ער האָט מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן.

מיט אַ וואָך שפּעטער זענען מיר ווידער אַוועק צו יענעם פויער. אַריינקומענדיק אין שטוב, איז ביי אים געזעסן דער ברודער פונעם געהרגעטן סאָלטיס, עד האָט אונדז גוט געקענט און כלומרשט זיך ארומגעכאַפּט מיט אונדז: „אָ, איר לעבט, איין בין זייער צופרידן”. דזינקאָווסקי האָט אונדז געפרעגט וואָס מיר ווילן. מיין מאַן האָט אים געענפערט: „וואָס הייסט, דו ווייסט דען נישט וואָס מיר ווילן? זענען מיר דען נישט געווען ביי דיר מיט עטלעכע וואָכן צוריק דיך בעטן, זאָלסט אונדז געבן אַ ביסל פון אונדזער בעטגעוואַנד, דאָס איז דאָך אונדזערס, מיר ווילן דאָך נישט דיינס, האָסטו אונדז ארויסגעטריבן פון שטוב און איצט פרעגסטו וואָס מיר ווילן? ”

דעם סאָלטיס ברודער האָט אַלץ אויסגעהערט און געזאָגט:

„סטעפּאַן, גיב זיי זייער בעטגעוואַנד, זיי ווערן דאָך טאַקע געפרווירן”.

אין יענער נאַכט זענען מיר צוריקגעקומען אין אונדזער באַהעלטעניש בשלום, מיט צוויי איבערבעטן און דריי קישנס. איך האָב דאָס צעטיילט צווישן מיין משפּחה און מיין שוואָגער מיט זיין פאַמיליע.

## וווהין גיין?

איינמאָל אין אַ פרימאָרגן, ס׳איז שוין געווען זומער, קומט אַריין די קריסטין און דערציילט אונדז, אַז אין דאָרף קאָבילקע, פיר קילאָמעטער פון דאַנען, האָבן די דייטשן פאַרברענט אַ גאַנצע פויערישע ווירטשאַפט און צום טויט דערשלאָגן דעם פויער. די סיבה איז געווען, וואָס דאָרט האָבן זיך אין אַ סטירטע אויסבאַהאַלטן צוויי מיינע באַקאַנטע יינגלעך, די צוויי קוזינען ערליך (יאַנקל ערליך געפונט זיך אין לאַנד). זיי האָבן געזען אָנקומען די דייטשישע זשאַנדאַרן און האָבן פון דער סטירטע אויסגעשאָסן אויף זיי און זענען אַנטלאָפן. די דייטשן האָבן געכאַפּט דעם פויער אים מערדערלעך אזוי לאַנג געשלאָגן ביז זיי האָבן אים דערהאַרגעט און דערנאָך פאַרברענט דאָס הויז, די שטאַלן און סטאָדאָלעס מיט דער סטירטע שטרוי.

מיר האָבן אויסגעהערט מיט טויטשרעק די דאָזיקע מעשה און אונדז האָט שוין געגרוילט דער געדאַנק, אַז זי מיינט מיט דעם עפּעס צו זאָגן. זי שטייט מיט פאַרבראָכענע הענט און איך פיל, אַז זי וויל עפּעס רעדן און קען נישט. צום סוף האָט זי שטיל געזאָגט, אַז זי וואָלט זייער צופרידן געווען צו קענען אונדז אויסבאַהאַלטן ביזן סוף, ביז אַלע וועלן מיר באַפרייט ווערן, אָבער איר זעט דאָך אַליין, טייערע מענטשן, וואָס דער סוף ווערט פון אונדזערס אַ מענטש פון אַזעלכע זאַכן.

„וווהין קענען מיר איצט גיין? אַזוי לאַנג זיך ארויסגעדרייט פון טויט און איצט אומקומען פון די דייטשע באַנדיטן? זע, האָב רחמנות אויף די קינדער!"

זי איז אַ לענגערע צייט געשטאַנען מיט די פאַרבראָכענע הענט, געקוקט אויף אונדז, אויף די קינדער, פון אירע אויגן האָבן זיך געגאָסן טרערן, דערנאָך האָט זי פונאַנדערגעשפּרייט די הענט און געזאָגט:

„וואָס קען איך מאַכן מיט אייך? אַזוי ווי גאָט וועט פירן אַזוי וועט זיין!"

זי האָט זיך איבערגעצלמט און ארויס פון סטאָדאָלע.

איצט האָט זיך אויף אונדז אָנגעיאָגט אַן אַנדערע גאָר גרויסע צרה; פון טאָג צו טאָג האָט זיך דאָס היי פון איבער אונדזערע קעפּ אַלץ מער אַראָפּגעשאַרט און ווינציקער געוואָרן. אויך דער ווייץ איז ביסלעכווייז אַרויסגענומען געוואָרן פון „זאַפּאַליע" צום מלוצען און ס'איז קאַליע געוואָרן אונדזער טונעל... די צרה מיטן ווייץ האָט זיך שפּעטער אויסגעהיילט, ווייל דער פויער האָט די אויסגעמלוצעטע שטרוי צוריק אריינגעלייגט אויפן זעלבן אָרט, אָבער דאָס היי האָט זיך אַראָפּגערוקט מיט יעדן טאָג אַלץ מער, ס'איז אויסגעקומען, אַז אין אַ שיינעם פרימאָרגן קענען מיר בלייבן אָן אַ היי־דאַך איבערן קאָפּ און ווערן אַנטדעקט... דערצו נאָך האָבן די זשאַנדאַרן זייער אָפט געגומען באַזוכן דאָס דאָרף און די „וואַרטע" פלעגט אַלץ ארויפקריכן איבער אונדזערע קעפּ, וואָס זענען שוין געווען זייער נאָענט צו זייערע אויערן...

## דער דענטיסט אורבאַך אין זיין באַהעלטעניש

אין יענער צייט האָט זיך שוין געלאָזט הערן דער דייטשער איבערברוך אויפן קאָוולער פראָנט. די שטשיגלאָווע, אונדזער באַלעבאָסטע האָט אונדז אָפטער אָנגעהויבן אַריינגעבן צייטונגען, פון וועלכע מיר האָבן זיך מער ווייניקער דערוווסט וועגן זייער בראָך. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן ווינציקער קומען אין דאָרף און מערער האָט מען שוין געהערט וועגן קומען פון די פאַרטיזאַנער אפילו אין מיטן העלן טאָג... מיר האָבן געהערט, אַז די פאַרטיזאַנער האָבן פאַרברענט די ציציוועער גמינע, די שקאָלעס, וווּ די דייטשן האָבן געהאַט זייער זיץ־אָרט.



איינמאָל באַנאַכט זענען געקומען פאַרטיזאַנער, גענומען ביי אונדזער באַלעבאָסטע פערד און וואָגן און אַוועק. נאָך עטלעכע טעג איז דאָס פערדל מיטן וועגעלע צוריקגעקומען. מיר האָבן זיך אויפגעהערט אַזוי צו היטן, פלעגן שוין אָפטער ארויסגיין פון אויבן אויפן טאָק כאַפּן לופט.

איינמאָל, ווען מיר זענען געגאַנגען, ווי יעדע צוויי וואָכן, צו אונדזער פּאָזנאַנטשיק אורבאַניק נעמען דאָס אָפּגעבאַקענע ברויט, האָבן זיי אונדז דערציילט, אַז דעם דענטיסט אורבאַכס פרוי פרעגט זיך נאָך אויף אונדז, ער האָט איר געזאָגט, אַז ער האָט אונדז געטראָפן און זעט אונדז פון מאָל צו מאָל.

דעם דענטיסט אורבאַך, האָבן די דייטשן מיט זיין גאַנצער פאַמיליע ארויסגעשיקט אַהער,ווייל ער איז געווען אַ ייד און זיין ווייב, אַ דייטשקע, האָט זיך נישט געוואָלט שיידן מיט אים. שפּעטער האָבן זיי געזוכט אים צו הרגענען, האָט זי אים אויסבאַהאַלטן.

מיר האָבן זיי געקענט און זיך זייער געוואָלט זען מיט זיי. אין אַ געוויסער נאַכט זענען מיר אַוועק אַהין, אַ מרחק פון אַ קילאָמעטער פון אונדז. זי איז ארויפגעפאַלן אויף מיר מיט מיין מאַן, אונדז געקושט און געוויינט. פּלוצים זע איך ווי נעבן אונדז וואַקסט אויס דער דענטיסט אורבאַך. מיר זענען געשטאַנען מיט אָפענע פאַרוווּנדערטע מיילער און אויגן... ער האָט אונדז צוגעפירט צום בעט און דאָרט, אונטערן בעט, האָט ער אויפגעעפנט אַ קליין טירעלע, פשוט, ווי אין אַ וווּנדער־מעשהלע, אונטן האָט זיך געצויגן אַ לאַנגער קעלער און וויפל מאָל די זשאַנדאַרן זענען דאָ געווען, האָבן זיי גאָרנישט געקענט דערקענען.

ער האָט אונדז געבעטן, מיר זאָלן קומען צו אים אין באַהעלטעניש, אָבער פאַר ניין פערזאָן איז עס געווען אַ צו געפערלעכע איינשטעלעניש, האָט ער כאָטש געבעטן, מיר זאָלן אים אָפט באַזוכן און די צייט איז שוין טאַקע געווען אַזעלכע, אַז מען האָט זיך שוין געקענט דערלויבן צו מאַכן אַ שפּאַציר אין די נעכט, אָפּצושטאַטן אַ „וויזיט" אַ באַקאַנטע אויך אַזאַ געיאָגטע פאַמיליע...

טעג און נעכט זענען איצטער שוין געלאָפן מיט אַן אַלץ גרינגער און לייכטער געמיט. אַלץ מער האָבן מיר איצט אָנגעהויבן ארומוואַנדערן און זוכן נאָך ערגעצוו אויסבאַהאַלטענע יידן. זייענדיקביים דענטיסט האָט מיין מאַן זיך געקלאָגט:

„וואָס קומט ארויס, אַז מיר האַלטן זיך נאָך ביים לעבן, אַז מען זעט נישט קיין לעבעדיקן נפש פון אַ יידן?" דער דענטיסט מיט זיין פרוי האָבן אונדז געטרייסט, אַז עס זענען דאָ נאָך באַהאַלטענע יידן.

הגם אויך איצט זענען מיר נאָך נישט געוואָרן אינגאַנצן זיכער מיט אונדזער לעבן, ווייל אין די וועלדער האָבן זיך ארומגעדרייט „אַקאָווצעס" און אַנדערע באַנדעס, וואָס זענען

אפילו געקומען אין די דערפער, געלויערט אויפן לעבן פון יעדן אַנגעטראָפענעם ייִדן, דאָך איז אונדז שוין פיל לייכטער.

מיר האָבן טאַקע געפונען נאָך דריי ייִדן; צוויי לענטשנער, מיינע קוזינען (לעבן אין לאַנד) דער דריטער אַ לובלינער (לעבט אויך) זיי האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם אויפן גראַבניאַק. אונדזערע הערצער זענען געוואַקסן פאַר פרייד צו זען נאָך לעבנגעבליבענע ייִדן.

## די באַפרייאונג

איינמאָל אַ נאַכט זענען מיר געגאַנגען צום פּאַזאַנטשיק נאָך ברויט. אויפן וועג זענען מיר איבערגעשראָקן געוואָרן פון אַ פּלוצימדיק שטאַרק ליכט אויפן הימל, וואָס האָט באַלויכטן די געגנט און דעם וואַלד. אין דער לופט האָבן זיך געטראָגן שטאַרקע קנאַלן, עס האָט זיך געהערט אַ רוישן פון עראָפּלאַנען. שפּעטער האָבן פּויערים גערעדט, אַז דאָס האָבן דייטשישע און סאָוויעטישע עראָפּלאַנען געפירט צווישן זיך אַ קאַמף אין דער לופט. מיר האָבן דערפילט, אַז עס דערנענטערט זיך די באַפרייאונג.

דאָס האָט שוין לאַנג נישט אָנגעהאַלטן. אין אַ געוויסער נאַכט, מיר קוקן ארויס פון אונדזער באַהעלטעניש (מיר זענען נישט ארויס אינדרויסן, ווייל די דייטשן האָבן אָנגעהויבן אפט דורכלויפן אונדזער דאָרף), זעען מיר ווי עס ברענט. דאָך האָט מיין מאַן נישט געקענט אויסהאַלטן און איז ארויס אויפן טאָק, ער איז צוריקגעקומען, דערציילט, אַז ארום און ארום איז דער הימל אין העלישע פלאַמען און מען זעט לויפן די דייטשן אין אומאָרדענונג. דאָס פייער האָט זיך דערנענטערט, די דייטשן האָבן אונטערגעצונדן די דערפער בעת זייער אַנטלויפן. די די פּויערים זענען אַנטלאָפן פון די הייזער, אָפּלאָזנדיק זייערע בהמות פריי צו לויפן. אויך מיר זענען ארויס מיט וואָס מען האָט געקענט און זענען אַוועק אויפן פרייעם פעלד. די קוילן זענען געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ און שראַפּנעלן האָבן אויפגעריסן נאָענט פאַר אונדז. איך זאָג צו מיין מאַן: „יאַנקל, קום אַהער, ווייל דאָרט ביזטו נישט געדעקט". ווי נאָר ער איז אַריבער נענטער צו מיר, האָט דאָרט, אויפן זעלבן אָרט, וווּ ער איז געלעגן, אויפגעריסן אַ שראַפּנעל.

דעם זעלבן טאָג זענען געקומען סאָוויעטישע טאַנקן מיט זייער פיל מיליטער. פאַר פרייד האָבן מיר נישט געוווּסט וואָס צו טאָן מיט זיך, געווען צעטומלט פון דער פּלוצימדיקער באַפרייאונג. מיר האָבן זיך געקושט, געטאַנצט און געוויינט.

די פּויערים האָבן אונדז דערזען, זיך כלומערשט דערפרייט מיט אונדז און זיך געפרעגט פון וואַנען מיר האָבן זיך דערנומען. מיר האָבן זיי געזאָגט, אַז מיר קומען פון אַנדערע ערטער.

עטלעכע טעג זענען מיר נאָך געווען אין אונדזער באַהעלטעניש, געפּרוווט גיין אין אונדזער דאָרף אָפּנעמען אַ ביסל זאַכן. די פּויערים האָבן אָבער אונדז נישט געוואָלט געבן און אונדז ארויסגעטריבן פון די שטובן. מיר האָבן אויך געוואָלט אָפּנעמען אונדזער הויז, דער וואָיט האָט געזאָגט, אַז ער קען עס מאַכן, מען זאָל אונדז אָפּגעבן דאָס הויז, אָבער מ'קען נאָך נישט וויסן מיט וועמען מ'רעדט, דעריבער הייסט ער אונדז נאָך צו וואַרטן.

דאָס דערהערט, האָבן מיר גענומען אונדזער ביסל בעטגעוואַנד און שמאַטעס און צוזאַמען מיטן דענטיסט אורבאַך מיט זיין פרוי און קינדער זענען מיר אַוועק קיין וולאָדאַווע. דאָרט זענען שוין געווען נאָך ייִדן און מיר אַלע אַ מאַן צוואַנציק זענען מיר אריין צו שעפּטלען אין הויז.

פון טאָג צו טאָג זענען אָנגעקומען נאָך איינצלנע אָפּגעראַטעוועטע ייִדן, פון די וועלדער און באַהעלטענישן. אַלע האָבן געוואָלט זיין צוזאַמען אין דעם הויז, ווייל די לופט ארום איז דאָך געווען אַ פאַרסמטע. די פּאָליאַקן האָבן אויף אונדז געקוקט ווי אויף נישט דערשאַכטענע און שטיל האָבן זיי טאַקע גערופן „ניעדאָזשניענטיך".

צווישן די געקומענע געדענק איך שטשוריקס ייִנגסטן זון און דעם ראַדזינער רבינס שוואָגער, וואָס איז איבערגעלעגן אין אַ גרוב צוויי יאָר און געוואָרן ווי געליימט אויף די פיס.

די פרוי פון דענטיסט אורבאַך האָט געמאַכט אַ קוך, איך האָב איר צוגעהאָלפן, יעדן געטיילט עסן און שטיקלעך ברויט, וואָס איך האָב פון מיין מעל אָפּגעבאַקן. דעם רבינס שוואָגער האָט די פרוי פון דענטיסט זייער פיל צוגעהאָלפן צו זיין געזונט ווערן.

אַ דריי פיר וואָכן נאָך דער באַפרייאונג האָבן מיר דורך דער גמינע אָפּגענומען אונדזער הויז, מיר האָבן דאָס פאַרקויפט אַן אַנדערן פויער.

איינמאָל זענען מיין מאַן מיטן שותּף און ייִנגל אַוועקגעפאָרן אין דאָרף זאַלישטשע, וווּ זיין חבר האָט אַמאָל געוווינט. מיט צוויי טעג שפּעטער האָט אַ פויער מיר געבראַכט אַ וויסטע בשורה, אַז די „אַקאָוצעס" האָבן זיי אַלע דריי דערהרגעט נישט דערפאָרנדיק צום דאָרף.

מען האָט מיך קוים אָפּגעמונטערט פון חלשות. איך האָב געקלאָגט און געוויינט און זיך דערמאָנט אין זיינע ווערטער: „די באַקומענע פרייהייט איז נאָך איצטער שווערער איבערצולעבן ווי די פריערדיקע געמאַטערטע און געפּלאָגטע טעג".

די פּוילישע באַנדיטן האָבן נישט געוואָלט אָפּלאָזן אונדז און וואָס זיי האָבן נישט באַוויזן צו טאָן צוזאַמען מיט די דייטשן, האָבן זיי עס איצט אליין געוואָלט פאַרענדיקן.

# „פאלקענבערגס יידן"

ווען די דייטשן האָבן פאַרנומען וולאָדאָווע, בין איך אַלט געווען קוים דרייצן יאָר. אין מיין יינגלשן זכּרון האָבן זיך איינגעקריצט די ערשטע גרויזאַמקייטן:

איינער פון דייטשן פאַרפּאַסטן האָט אָנגעטראָפן אויפן וועג דעם אַלטן יאָסל געלערמאַן פון קאָדניע. ער האָט אים אַרויפגענומען אויף זיין מאָטאָציקל און אים מיטגענומען אין וועג. א פּאָר טעג שפּעטער, האָט מען אים געפונען א דערשאָסענעם הינטער דער טאָמאַשעווקער בריק. זיין אָפּגעשניטענע באָרד מיט דער גאָמבע, איז געלעגן אין דער קעשענע פון זיין קאַפּאָטע.

א צווייטער דייטש האָט דערזען אויפן באַלקאָן פון ישראל פּראַסטיקס הויז, אויף דער ווירקער גאַס, משה שוחט'ס טאָכטער. ער האָט אַרויפגעשאָסן און די קויל האָט איר געטראָפן אין פּנים.

מיין פאָטער, משה חיים ערליך האָט געאַרבעט ביי די קצבים. באַלד ווי די דייטשן זענען אַריין, איז די יידישע שחיטה פאַרבאָטן־געוואָרן. מען האָט אָבער געמוזט לעבן און די קצבים האָבן זיך אַן עצה געגעבן, געשאָכטן געהיים. צי עס איז געווען א מסירה, צי א צופאַל, נאָר דייטשע זשאַנדאַרמעריע איז באַפאַלן די שטאַל, ווי זיי האָבן געשאָכטן א קו און מען האָט זיי אַלע, מיט מיין טאַטן בתוכם געכאַפּט און אַרעסטירט. מען האָט זיי געפּאַרשט און געפּייניקט און געמאַכט א משפּט. אין די ערשטע טעג האָבן זיך נאָך די דייטשן צערעמאָניעט מיט משפּטים, מיט געריכטן. אַלע געכאַפּטע קצבים זענען פאַרמשפּטעט געוואָרן אויף יאָרן תּפיסה.

מיין פאָטער האָט באַקומען אַנדערהאַלבן יאָר תּפיסה, אָבער ער איז שוין פון דאָרט נישט אַרויס. עד איז אויסגעגאַנגען א פאַרפּייניקטער אין דער תּפיסה.

די איבעריקע זענען שפּעטער פאַרשיקט־געוואָרן קיין טרעבלינקע, ווו זיי זענען אומגעקומען אין דער גאַז־קאַמער. בלויז איין־איינציקער פון דער גאַנצער גרופּע אַרעסטירטע, האָט זיך דאַן אומגעקערט. דאָס איז געווען מרדכי ספּיוואַק.

באַלד ווי די דייטשן האָבן באַהערשט די שטאָט, האָבן זיי אַרעסטירט פאָלגענדע באַלעבאַטים: יאַנקל ריכטמאַן, כאַצקל (באַרטעק) ליכטשטיין, הערשל טוביה'ס און אַנדערע. אין עטלעכע טעג אַרום, זענען זיי צוריקגעקומען צעמזיקטע און דערציילט, אַז מען האָט זיי אָוועקגעפירט קיין כעלם. מען האָט זיי די גאַנצע צייט געשלאָגן און געפּייניקט און פאַרן באַפרייען, האָט מען זיי „פאַרגעלייגט", אַז זיי זאָלן שאַפן א יודענראַט.

שוין אין די ערשטע טעג איז דער יודענראַט געווען געצוווּנגען פינאַנדערצושיקן צעטלען וועגן באַשטייערונגען, וואָרעם די דייטשן האָבן געפאָדערט א גרויסע קאָנטריבוציע. ווער עס האָט אַזוי גיך נישט באַצאָלט, איז אַרעסטירט־געוואָרן, ביז די משפּחה האָט באַצאָלט דעם שטייער און אים אויסגעקויפט.



וולאָדאָווער יידן ביי די מעליאָראַציע־אַרבעטן מיטן ציל אויסצוטריקענען דעם טייך

דער יודענראַט האָט געגרינדעט אַן אַרבעטס־אַמט, וואָס פלעגט צעשיקן צעטלען, מען זאָל זיך צושטעלן צו דער אַרבעט. שטעלן האָט מען זיך געדאַרפט פאַרן מאַגיסטראַט, פון וואַנען מען האָט זיי צעשיקט אין פאַרשיידענע פּונקטן. עס זענען געווען אַזעלכע, וועלכע האָבן גרינגגעשעצט די צוגעשיקטע „פּאַוויעסטקעס" און זיי האָבן זיך נישט צוגעשטעלט. מען האָט זיי אַרויסגענומען פון די הייזער און אַריינגעוואָרפן אין קעלער פון דער פריערדיקער סטאַראָסטווע, ווו מען האָט זיי אָפּגעהאַלטן עטלעכע שעה.

דער פּוילישער בורמיסטש, אַלעקסאַנדער בער, איז אַראָפּגעזעצט־געוואָרן פון זיין אַמט און אויף זיין אָרט, איז באַשטימט געוואָרן דער אוקראַאינער געאָרגי וואַניא. זיין ערשטער פאַראָרדנונג איז געווען, אַז אַלע יידן מוזן טראָגן „שאַנדע־בענדער", ווייסע אָרעם־בענדער מיט א בלויען מגן־דוד, אויף דער רעכטער האַנט. יעדער ייד מוז אויך קומען

אין מאַגיסטראַט, ווו עס וועט אים געשטעלט־ווערן אַ סטעמפּל „יודע" אויף זיין פּאַספּאָרט.

אין יענע טעג, איז געבראַכט־געוואָרן אַ טראַנספּאָרט קאַלישער יידן. עס האָט געהייסן, אַז מען האָט די יידן ארויסגעשיקט דערפאַר, ווייל קאַליש איז אַנגעשלאָסן־געוואָרן אין „דריטן רייך". די דאָזיקע יידן זענען איינגעקוואַרטירט־געוואָרן ביי אָרטיקע משפחות, וועלכע האָבן זיי אויפגענומען מיט אונדזער טראַדיציאָנעלן הכנסת־אורחים. אין דער געוועזענער ישיבה־געביידע האָט דער יודענראַט איינגעאָרדנט אַ קיך פאַר די היימלאָזע, ווי אויך פאַר די אָרטיקע אָרעמע־לייט.

## ערשטע ידיעה פון סאָביבאָר

די, וועלכע זענען אַוועקגעשיקט־געוואָרן אויף אַרבעט קיין טשערניעוו, האָט מען, נאָך עטלעכע חדשים, אריבער־געפירט אין די דערפער ארום וולאָדאַווע, לוטע און אָסאָווע. דאָרט האָט מען געאַרבעט ביי מעלאָראַציע. מען האָט גע־גראָבן ראָוועס פון די בלאָטעס, ביזן טייך. אויך דעם טייך האָט מען רעגולירט, ער זאָל מער נישט פארפלייצן אזוי יאָר־יערלעך. מען האָט דאָרט געאַרבעט, ביז עס איז געב־ראַכט־געוואָרן אַ טראַנספּאָרט יידן פון וואַרשע. דאַן האָט מען די וולאָדאַווער אהיימגעשיקט מיט דער פאַראָרדענונג, זיי זאָלן זיך דאָרט מעלדן אין אַרבעטס־אַמט.

צווישן די דאָזיקע צוריקגעשיקטע יידן, בין איך אויך געווען און איצט האָבן מיר אַנגעהויבן אַרבעטן ביי דער אָקאָנינקער בריק. ווען עס האָבן זיך געשטעלט די ערשטע פרעסטלעך און די קאַלוזשעס אויף די לאַנקעס האָבן זיך פאַרצויגן מיט דינעם אייז, — זענען מיר געשטאַנען מיט באָרוועסע פיס אין די בלאָטעס און מיר האָבן געגראָבן. איך בין שוין דאַן אַלט געווען פופצן יאָר. מיר זענען געווען עט־



נאָך אַ פראַגמענט פון דער צוואַנגס־אַרבעט ביי דער מעלאָראַציע.



לעכע הונדערט מאַן און מיר האָבן אַזוי געאַרבעט ביז צו די גרויסע פרעסט. גרופּעס יידן האָבן געהאַקט ביימער, גע־קאָרטשעוועט פּיענעס און געפלאָכטן צווייגן, צום באַפעס־טיקן די קאַנאַלן.

אַ גרופּע יידן האָט מען אַוועקגעשיקט ערגעץ אויף אַרבעט און מען האָט נישט געוווּסט, וווהין. שפּעטער האָט מען זיך דערוווּסט פון פויערים, אַז זיי אַרבעטן אין סאָבי־באָר און זיי בויען דאָרט עפּעס גרויסע, אויסטערלישע, איי־זנבעטאָנענע געביידעס. שפּעטער האָט זיך ארויסגעוויזן, אַז דאָס האָבן זיי געבויט די גאַז־קאַמער.

ווען די גאַז־קאַמער איז פאַרטיק געוואָרן, איז זי אויסגע־פּרוּווט־געוואָרן טאַקע מיט די בויער אירע, וועלכע זענען דאָרט געווען די ערשטע קרבנות. דער איינציקער **עדות**, וועלכער איז פון דאָרט אַנטלאָפן און האָט די גרויליכע גע־שיכטע געבראַכט קיין וולאָדאַווע, איז געווען שמאי, אבר־המס זון.

ביים בויען דעם לאַגער און די גאַז־קאַמער אין סאָבי־באָר, זענען אויך געווען אַ גרופּע קצבים, וועלכע זענען אהין פאַרשיקט־געוואָרן פאַר אומלעגאַלע שחיטה. צווישן זיי איז געווען שמאי, אברהמס זון. געהייסן האָט עס, אַז זיי בויען אַ באַד. ווען די „באַד" איז פאַרטיק געוואָרן, האָט מען זיי אַליין די ערשטע געשיקט, זיך צו „אנטלויזן". אָפּ־באַדן־זיך הייסט עס. נאַקעטערהייט זענען די מענטשן געש־טאַנען אין די רייען, אריינצוגיין אין „באַד". מען איז אריין גרופּנווייז. אָבער שמאי און נאָך איינער האָבן באַמערקט, אַז גרופּעס גייען כסדר אַריין אין באַד און קיינער קומט עפּעס צוריק נישט ארויס. עס איז זיי געווען אַ גרויס וווּנדער: ווי קענען עס אין אזא קליינעם באַד אריינגיין אזוי פיל מענטשן ?

די זאַך איז זיי געוואָרן זייער פאַרדעכטיק און עס האָט זיי אַנגעהויבן באַאומרואיקן, ביז זיי האָבן זיך אָריענטירט, וואָס דאָ קומט־פאָר.

היות דער לאַגער איז נאָך דאַן נישט געווען אזוי שטאַרק פאַרצוימט, — זענען זיי אַריבערגעשפּרונגען דעם פּלויט און נאַקעטע גענומען אנטלויפן. אַן אוקראַינישער פּאָליציאַנט האָט זיי נאָכגעשאָסן. דער צווייטער אַרבעטער איז געפאַלן ביים דאָרף סטאַראַשוק און שמאין איז געלונגען צו אנט־רינען און צוריקקומען קיין וולאָדאַווע. ער האָט געבעטן מודיע־זיין דעם יודענראַט, וואָס אין סאָביבאָר קומט־פאָר.

די ידיעה איז דערגאַנגען צו דער עס־דע, און די פּוי־לישע פּאָליציי האָבן אים גענומען ארומזוכן, אָבער שמאין איז געלונגען זיך אויסצובאַהאַלטן ביז צו דער לעצטער „אַק־ציע".

## באַפרייענדיקע אַרבעטס־שיינען

אין איינעם אַ שבת, ווען איך האָב געאַרבעט ביים טייך, נעבן דער זאַבאַגאַניע־גאַס, האָב איך דערזען, ווי מאַמעס מיט קינדער לויפן אין אונדזער ריכטונג. מיר האָבן זיך באַלד דערוווּסט, אַז דער יודענראַט האָט באַפוילן, אַז אַלע נישט־אַרבעטנדיקע, קראַנקע, זקנים און פרויען מיט קליינע קינדער, זאָלן זיך צושטעלן אויפן ספּאָרט־פּלאַץ. עס מוזן זיך צושטעלן אַלע, וואָס פאַרמאָגן נישט קיין אַרבעטס־שיינען.

גראָד האָב איך נישט געהאַט מיט־זיך מיין אַרבעטס־שיין און איך האָב זיך געלאָזט לויפן אַהיים, אויף דער ווירקער גאַס. איך האָב געכאַפּט מיין אַרבעטס־שיין און געוואָלט לויפן צוריק, דורך דער באָד־גאַס, צום טייך. ביים הויז פון אברהמל זעלדע־באַשעס, זענען מיר אַנטקעגנגעקומען צוויי זשאַנדאַרמען מיט מאַשין־ביקסן. כ׳האָב זיך צוריקגעצויגן און אַנטלאָפן דורך דער גויאישער גאַס. קומענדיק צו די גערטנער פון די „מיעשטשאַנעס״, האָב איך דערזען, ווי דייטשן שיסן און איך האָב דערהערט אַ גרויליק פרויען־געשריי. אַן אַנטלאָפענע מוטער איז דאָרט געפאַלן מיט איר קינד.

איך האָב באַוויזן צוריק צו קומען צו מיין אַרבעטס־פּלאַץ אומבאַמערקט. אינצווישן האָבן זיך דאָ אין די קוסטן אָנגעזאַמלט אַ סך פרויען און קינדער, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אימת־מוות. באַלד איז געקומען צורייטן אַ דייטש אויף אַ פערד און ער האָט גענומען שיסן אינדער־לופטן די פרויען און קינדער האָבן זיך דערשראָקן פאַר דער שיסעריי און זיי זענען ארויס פון די באַהעלטענישן אין די קוסטן. דער דייטש האָט זיי צוזאַמענגענומען, ווי אויך אַלע אַרבעטער, קאָנטראָלירנדיק, ווער עס האָט אַן אַרבעטס־שיין. אַלע, אָן אַרבעטס־שיינען, האָט ער אַוועקגענומען מיט־זיך. צווישן זיי, זענען אויך געווען אַ סך אַרבעטער אונדזערע, וועלכער האָבן געהאַט פון אונדזער אַרבעטס־שעף, פאַלקענבערג, אַרבעטס־שיינען, נאָר זיי האָבן עס נישט געהאַט מיט־זיך.

פאַלקענבערג האָט דאַן אויסגעפרעגט די מענטשן, ווו זייערע אַרבעטס־שיינען ליגן און ער האָט פאַרשריבן זייערע אַדרעסן. צוזאַמען מיטן סעקרעטאַר מאַניעק בערגהאָלט (חיים הערצקעס אַ שוואָגער), איז ער אַוועק איבער זייערע וווינונגען, האָט אויפגעריסן די פאַרשלאָסענע טירן, גענישטערט, אויסגעזוכט די אַרבעטס־שיינען און דאַן געלאָפן און באַפרייט זייבע מענטשן.

דעם זעלבן שבת זענען אויך געכאַפּט־געוואָרן דאָס ווייב מיט די קינדער פון מענדעלען, דעם ליקעווער רבינס זון, וועלכער איז אליין געווען אַ מיטגליד אין יודענראַט. ער האָט זיך געוואַנדן צום עס־דע־שעף ניטשקע, ער זאָל באַפרייען זיין משפחה, אָבער ווען ניטשקע האָט אים אָפּגעזאָגט, — איז ער מיטגעגאַנגען מיט ווייב און קינדער קיין סאָביבאָר.



...ביז שפעט אין דער נאַכט האָט זיך געצויגן די אַרבעט פון די אויסגעהונגערטע און פאַרפייניקטע וולאָדאַווער יידן, 1942.

## אויפן לעצטן וועג

דעם 22־סטן אָקטאָבער 1942, ווען איך בין געשטאַנען און געאַרבעט ביים טייך, איז אָנגעקומען פאַלקענבערג. ער איז פאַרבייגעגאַנגען פאַרביי מיר און אַ זאָג־געטון:

— אין כעלם קומט־פאָר אַן אַקציע.

איך האָב באַלד פאַרשטאַנען דעם רמז, וועגן אונדזער אייגענער געפאַר.

— די כעלעמער וואַסער־ווירטשאַפט — האָט ער צוגעגעבן — האָט געמוזט אויסבאַהאַלטן אירע יידישע אַרבעטער. אויסבאַהאַלטן...

— דאַרפן מיר זיך ריכטן אויף אַזאַ אַקציע אויך דאָ, אין וולאָדאַווע? — האָב איך געוואַגט צו פרעגן.

— יאָ. וואַרשיינלעך מאָרגן, אָדער העכסטנס שבת.

איך בין שטיין־געבליבן אַ צעטומלטער. דער גוטער פאַלקענבערג איז ווייטער געגאַנגען לענגאויס דעם טייך און האָט כסדר אַזוי איינגערוימט איינציקע אַרבעטער, אַז זיי זאָלן עס איבערגעבן די איבעריקע. באַלד האָט מען שוין געוווּסט וועגן דעם אין דער גאַנצער שטאָט.

אין רעגנדיקן אָוונט, ווען איך בין אַהיים געגאַנגען פון דער אַרבעט, האָב איך געזען אָנקומען אַ סך דאָרפישע יידן אין שטאָט־אַריין. מען האָט זיי אַרויסגעטריבן פון די דערפער קיין וולאָדאַווע און דאָס איז שוין געווען פאַר מיר דער אמתער „גוטער״ סימן.

צומאָרגנס, פרייטיק אינדערפרי, זענען מיר געגאַנגען צו דער אַרבעט, ווי געוויינלעך. נאָך דער אַרבעט, האָט

זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז פאַלקענבערג האָט געהייסן ארויסקומען צו דער אַרבעט מאָרגן, שבת, דריי אַ זייגער פאַרטאָג. ווי הונדערטער אַנדערע אַרבעטער, האָב איך פרייטיק ביינאַכט גענומען מיין משפחה און אַוועקגעפירט צו פאַלקענבערגן אין הויף. טייל האָבן זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם פון הויז, אָדער אין דער שאָפּע, וואָס פאַלקענבערג האָט געהאַט אויפגעבויט און ספּעציעל צוגעגרייט צו קענען זיך באַהאַלטן. ביי דער שאָפּע האָבן געאַרבעט אָשר מירמלשטיין (שיע קאָפּטשיקס), משה פּעשעלעס און אַנדערע. די שאַפּע איז אָנגעפילט־געוואָרן מיט ווייצנשטרוי ארום די ווענט, מיט אַן אָפּשטאַנד, ווי אַ טיפע און לאַנגע קאַטאַקאָמבע, וווּ מען האָט זיך געקאָנט באַהאַלטן, דער אריינגאַנג אַהין איז געווען דורך אַ טירל, וואָס צווישן פּלויט און דער שאָפּע.

אַנדערע האָבן זיך באַהאַלטן צווישן די אָנגעוואָרפענע ברעטער אויפן גרויסן פּלאַץ.

פונקט דריי אַ זייגער ביינאַכט, ווי פאַלקענבערג זאָל האָבן באַפוילן, זענען אַלע ארויס געקומען צו דער אַרבעט אויף דער זאַבאַגאַניע־גאַס, נעבן טשערוואָניגורי׳ס מיל, אַנטקעגן פאַלקענבערגס פּלאַץ. עס האָבן זיך פאַרזאַמלט טויזנטער יידן מיט זייערע פרויען און קינדער, וואָס האָבן געזוכט אַ מקום־מקלט ערב דער בעפאַרשטייענדיקער אַקציע.

אָבער בלויז מיר, פאַלקענבערגס אַרבעטער, האָבן געוווּסט פון דעם סוד, אַז דריי אַ זייגער דאַרפן מיר זיין ביי אדאמקע. און אויב מיר וועלן דאָרט באַמערקן אָנקומען אויטאָס מיט דייטשן, זאָלן מיר אַנטלויפן אין וואַלד־אַריין, וואָרעם (ווי פאַלקענבערג האָט געזאָגט) ער ווייסט נישט, צי ער וועט קענען ראַטעווען.

עס איז געוואָרן דריי אַ זייגער, האַלב פיר, און —




אַ גרופּע וולאָדאַווער יידן באַשעפטיקטע אין פאַלקענבערגס לאַגער, אין יאָר 1943.



פאַלקענבערג איז נישטאָ. ער מוז דאָך קומען אָפּנעמען דעם אַפּעל און ערשט דאַן, קענען מיר גיין צו דער אַרבעט.

אַרויסגעקומען איז ער ערשט דאַן, ווען עס האָט שוין גענומען טאָגן. ער האָט באַפוילן: „אין דרייען איינטרעטן!”.

ווי נאָר מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט צו דריי אין אַ ריי, — זענען באַלד, ווי פון אונטער דער ערד, אויסגעוואַקסן זשאַנדאַרן מיט הינט. זיי האָבן אונדז באַלד ארומגערינגלט און באַפוילן אָפּצומאַרשירן צום פּלאַץ.

פאַלקענבערג האָט געפּרוווט אָפּבעטן ביי ניטשקען אַ געוויסע צאָל מענטשן, אָבער יענער האָט אָפּגעזאָגט.

פון ספּאָרט־פּלאַץ, האָב איך געוווּסט, איז שוין קיין צוריקוועג נישטאָ. איך האָב באַנומען די גאַנצע סכנה און איך האָב זיך ארויסגעשאַרט פון דער ריי און זיך גענומען שלייכן אַן דער זייט. די ערשטע גרופּעס האָבן גענומען אָפּמאַשירן און איך האָב זיך אַלץ גערוקט, מיט נאָך עטלעכע, הינטערוויילעכטס, צוריק. ווען די לעצטע גרופּע האָט זיך שוין געלאָזט אויסקירעווען צום אָפּמאַרש, — האָט ניטשקע געגעבן אַ שטרעק־אויס זיין האַנט, ווי אַ שליאַבאַן, אויסרופנדיק: „די בלייבן היער, ביי פאַלקענבערג!”

איך האָב זיך געגעבן אַ שאַר־צו צו די געבליבענע און בין צייטווייליק אויך געווען געראַטעוועט.

פאַלקענבערג האָט אונדז געוואָלט אויסבאַהאַלטן, אָבער דער שעף ניטשקע איז נאָך אַלץ געשטאַנען. ער האָט נישט געוואָלט, אַז ניטשקע זאָל זען, וווהין ער פירט אונדז און ער האָט געוואַרט. ער האָט זיך געמאַכט, ווי ער וואָלט געהאַלטן פאַר אונדז עפּעס אַ שטרענגע רעדע, זשעסטיקולירנדיק מיט די הענט, אָבער נישט זאָגנדיק פאַקטיש גאָרנישט... אין דער זעלבער צייט זענען אונטערגעקומען, נישט צו־פאַרזיכטיק, מענדל כילקעס און חיים הערצקעס. פאַלקענבערג האָט געשריגן צו זיי, אַז זיי זאָלן אָפּטרעטן, אַוועקגיין. ניטשקע האָט געזען פאַלקענבערגס שטרענגקייט, — איז ער זיך רואיק אַוועק. דאַן האָט פאַלקענבערג גלייך צוריקגערופן מענדלען מיט חיימען און ער האָט אונדז אַלעמען באַפוילן, לויפן צו דער שאָפּע.

אינעווייניק, האָבן מיר געהערט דאָס געוויין און געיאָמער פון די געכאַפּטע, וואָס האָט געגרוילט און געמאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן. ווען עס איז שטיל געוואָרן און מיר האָבן זיך גענומען באַוועגן, איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז אונדזערע משפחות, די אַלע פרויען און קינדער, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן ביי פאַלקענבערגן אויפן בוידעם, זענען אַלע אַראָפּגענומען־געוואָרן פון דאָרט און זיי זענען נישטאָ.

ביי דער אַקציע איז אומגעקומען מיין גאַנצע משפחה: מיין מוטער רייצע, מיין שוועסטער דאָבע, מיין יינגערע

שוועסטער שרה, מיין מומע, דער מוטערס שוועסטער לאה און פערלס טאָכטער דאָבע. פערל דאָבעלעס מיטן יינגערן מיידל מאַניע, זענען ביי הערשל־טוביה׳ס ראָג, אַנטלאָפן. זיי האָבן זיך געראַטעוועט און לעבן היינט אין ישראל.

שפעטער זענען מיר געוויר־געוואָרן, פאַרוואָס פאַל־קענבערג איז נישט ארויסגעקומען צו אונדז באַצייטנס, כאָטש ער האָט אונדז געהייסן קומען דריי ביינאַכט: עמעץ, אַן איסוואָרף, האָט זיך דערוווּסט וועגן אונדזער ארויסגיין דריי ביינאַכט און ער האָט עס געמאָסרט דעם עס־דע־שעף ניטש־קע. ניטשקע האָט גלייך געמאָלדן פאַלקענבערגן טעלעפאָ־ניש, אַז אויב ער וועט זיינע אַרבעטער אַרויסשיקן דריי ביי־נאַכט, פאַרן אָנקומען פון דער זשאַנדאַרמעריע, וועט ער דער־פאַר באַצאָלן מיט זיין אייגענעם קאָפּ. פאַלקענבערג האָט טאַקע שפעטער דערציילט, אַז אַ מנוול האָט צעשטערט זיין גאַנצן רעטונגס פּלאַן.

צומאָרגנס האָט פאַלקענבערג געשאַפן אַ פאַרמאַכטן לאַ־גער, מיט פינף הונדערט מענער און פרויען. מיט מיר זענען דאָ אויך געווען מיין מומע פערל מיט איר מאַן און קינד. דאָס קינד, אַ מיידעלע פון אַ יאָר צען, מאַניעלע, האָבן מיר באַהאַלטן אויפן אויוון, אונטערן האָלץ.

בעת דער דאָזיקער אַקציע, האָבן די דייטשן אויך פאַרנומען דעם גאַנצן יודענראַט. דער יודענראַט האָט זיך געהאַט באַהאַלטן אין דער בית־יעקב־שול, ווו עס איז געווען זייער זיץ־אָרט. אָבער די דאָזיקע „הערנער פון מזבח" האָט זיי נישט געראַטעוועט און זיי זענען געטריבן געוואָרן קיין סאָביבאָר מיטן גאַנצן אומגליקלעכן פאָלק.

בלויז איין אַנטאָן גרובער, דער קלוגער ייד, האָט זיך נישט פאַרלאָזט אויפן חסד פון די דייטשן. ער האָט זיך געשיצט אין יודענראַט און ער איז צייטווייליק געבליבן לעבן. יידן האָבן זיך געפרייט מיט זיין ניצול־ווערן, ווי־סנדיק, אַז ער האָט ריינע הענט און אַ ריין געוויסן.

## געבליבן אַ סוד

דער לאַגער האָט אין זיך איינגעשלאָסן אַ האַלבע וויר־קער גאַס (די גאַנצע לענג פון מאָטל דאָבעלעס זייט), אַ האַלבע גויאישע גאַס (ביז משהכע, די פישמאַנס), ביז צו שיע קאַפּטשיק. פון דאָרט האָט זיך דער פּלויט מיט שטעכל־דראָט געצויגן צוריק ביז צו דער ווירקער, ווו עס איז געווען די געטאָ־וואַנט. דאָס הייסט, אַז אין לאַגער האָבן זיך גע־פונען אויסער דער האַלבער ווירקער, — די גאַנצע בלאָטנע און האַלב קאָטלאַרסקע גאַס.

עס האָבן זיך געצויגן וואָכן און חדשים פון שווערער האַרעוואַניע און פון נישט זיכערהייט מיטן מאָרגן. פּלוצלינג האָט זיך פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז עס אָרגאַניזירט־זיך אַ





...אויך די גאָר יונגע זענען געשיקט געוואָרן אין פאַלקענבערגס לאַגער און זענען געוואָרן באַשעפטיקט ביי די שווערסטע אַרבעטן.

וואָלאַדאָווער יידישער פאַרטיזאַנער־אָטריאַד. מען האָט שוין אַפילו אָנגערופן נעמען פון מענטשן, וועלכע זענען אַוועק אין וואַלד.

די אָרגאַניזאַטאָרן פון דער גרופּע זענען געווען: פון אַדאַמפּאָלער לאַגער — משה ליכטנבערג, מאָטל ראָזנבערג, מינציכעס איידעם טאָכטערמאַן, חיים טענצער־פישמאַן, איל־קע באַרנשטיין, אַברהם הללס זון און אַנדערע. פון וואָלאַדאָ־ווער לאַגער: לעאָן נעמזע, מישקע פעלדמאַן, סראָלקע פיש־מאַן, שמואל הערצקעס זון, שמואל סטול און יאַנקל לעדער־מאַן (גרשון־הענעך׳ס). פון וואָלאַדאָווער געטאָ: שמואל צלאל קרייז, דוד ציון און אַנדערע.

דעם 30־סטן אפּריל האָט מיך אויפגעוועקט שמואל סטול און געזאָגט, איך זאָל זיך גלייך אָנטון, ווייל דער לאַ־גער איז אַרומגערינגלט. מיר האָבן טאַקע באַלד באַנומען אַ געדיכטע שיסעריי פון געטאָ. עס איז געוואָרן אַ בהלה און מיר האָבן זיך גלייך אַראָפּגעלאָזט אין קעלער וואָס אונ־טערן מאַנגל.

דאָרט זענען אויך אַראָפּ מיין פעטער וויגדער דאָבע־לעס, זיין שוועסטער פערל מיטן מאַן און טעכטערל, פראַיעם קאָדנער, יידל פורער מיט זיין פרוי און צוויי קינדער.

דאָס איז געווען אַ גרוב פון אַ מעטער אויף אַ מעטער

מיט צוואַנציק, וואָס מיר האָבן צוגעגרייט נאָך אין 1942. ביז איצט פאַרשטיי איך נישט, ווי אַזוי מיר האָבן עס אויסגעהאַלטן אין דער דאָרטיקער ענגשאַפט, אָן עסן און אָן וואַסער, גאַנצע פיר מעת־לעת!

אויף דער פערטער נאַכט זענען מיר אַרויס פון לאַגער און מיר האָבן זיך געלאָזט צו דער אקאַנינקער בריק. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן צוויי יידן, וועלכע האָבן געזאָגט, אַז עס איז נישטאָ וווּהין צו לויפן און וווּ זיך צו באַהאַלטן. אַלע פּאַסטוכער זענען מוסרים. זיי האָבן איצט געזען צוויי דערשאָסענע יידישע משפחות אין וואַלד, וועמען די פּאַסטוכער האָבן געמסרט.

פונדעסטוועגן האָבן זיך פערל מיט איר מאַן זעליג און זייער טעכטערל מאַניעלע אַוועקגעלאָזט צו די אָקאָנינקער וועלדלעך, וווּ זיי האָבן טאַקע איבערגעלעבט די מלחמה. מיר, די איבעריקע, האָבן זיך צוריקגעקערט קיין וולאָדאָווע, צו פאַלקענבערגס וווינונג.

מיר האָבן דאָרט געטראָפן עטלעכע הונדערט יידן, צווישן זיי — 60 מיידלעך, וואָס די עס־דע האָט פּאַלקענבערגן איבערגעלאָזט צו דער אַרבעט. אויך לייבל ראַזשאַנקען האָב איך דאָרט געטראָפן.

יאָסל גלינצמאַן, ליבע־צירלס זון, האָט דערציילט, אַז אין אַדאַמפּאָל אַרבעטן נאָך יידן פריי. אין דעם ביינאַכטיקן שלאָקס־רעגן האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט קיין אַדאַמפּאָל.

שפּעטער האָבז מיר זיך דערוווּסט, אַז אַלע יידן ביי פּאַלקענבערגן, אויסער די 60 מיידלעך, וועלכע האָבן געהאַט אַ דערלויבעניש צו בלייבן, זענען אויסגעשאָסן געוואָרן.

עטלעכע וואָכן שפּעטער זענען אַלע 60 מיידלעך געקומען קיין אַדאַמפּאָל און זיי האָבן דערציילט, אַז פּאַלקענבערג האָט זיי געהייסן אַנטלויפן, ווייל צומאָרגנס וועלן זיי אַלע אויסגעשאָסן ווערן. ער האָט זיי אויך געהייסן מעלדן אַלע יידן אַז זיי זאָלן אַנטלויפן אין וואַלד.

איך, ווידער און נאָך אַ גרופּע זענען טאַקע אַנטלאָפן אין וואַלד און מיר האָבן זיך געראַטעוועט. פון די געבליבענע זענען אַ סך אומגעקומען.

אין יענע טעג האָט מען אויך געפונען דערשאָסענע דריי פון די ערשטע פּאַרטיזאַנער: אילקע באַרנשטיין, מישקע פעלדמאַן און סראָלקע פישמאַן. סתירותדיקע קלאַנגען האָבן זיך אַרומגעטראָגן וועגן זייער געהיימניספולן טויט: אַז דייטשן האָבן זיי פון אַ באַהעלטעניש געשאָסן, אָבער אייגענע פּאַרטיזאַנער האָבן זיי אומגעבראַכט צוליב חילוקי־דעות. ביז היינט איז עס געבליבן אַ געהיימניש.



וולאָדאָווער יידן אין אָסאָווער אַרבעטס־לאַגער, 1943
פון לינקס אביגדור לעדערמאַן, מאָטל ראַבינאָוויטש, שמואל סטול.

מתתיהו עפּלבוים
ראשון-לציון

# אויף בלוטיקע וועגן

עס איז דאָס יאָר 1942. אַ וואָך פאַר חנוכה האָט מען צוגענומען מיינע עלטערן און מען האָט זיי צוזאַמען מיט די יידן פון וולאָדאַווע, פון כעלם, פון איזשיבצע אַוועקגעפירט קיין סאָביבאָר. מיט יענעם טראַנספּאָרט זענען אַוועקגעשיקט געוואָרן זעקס טויזנט יידן, חוץ די קליינע קינדער, וועלכע מען האָט געפירט אויף עטלעכע הונדערט פורן. די געשרייען פון די קינדער זענען דערגאַנגען עד לב השמים. זיי זענען געווען דורכגענומען פון קעלט ,פון שרעק.

צוזאַמען מיט מיינע צוויי ברידער און צוויי שוועסטער בין איך אַנטלאָפן אין וואַלד. מיין עלטערער ברודער אריה האָט געהאַט אַ פרוי מיט קינדער, וועלכע זענען אויך אַוועק מיטן טראַנספּאָרט קיין סאָביבאָר. אריה האָט פון סאווין געשיקט אַן אוקראַינער, ער זאָל פאָרן קיין סאָביבאָר אויסקויפן די פרוי מיט די קינדער. דער אוקראַינער האָט געהאַט אַ ברודער, וואָס איז געווען אַ פּאָליציאַנט אין סאָביבאָר. ווען דער אוקראַינער איז אָנגעקומען אַהין איז שוין געווען צו שפּעט. אַלע זענען שוין געווען דערמאָרדעט, פאַרברענט. אריה איז דעמאָלט אַוועק אין דאָרף אָסאָווע, פרייוויליק צוגעשטעלט זיך אין לאַגער. איך און מיין יינגסטער ברודער, אייזיק, האָבן מיר זיך אויסגעגראָבן אַ בונקער אויפן פרייען פעלד. אין יענעם בונקער זענען מיר געזעסן דריי חדשים ביז פּסח 1943.

אין איינעם אַ טאָג האָט אונדז אַ קריסט געברענגט אַ גרוס פון אונדזער ברודער אריה, וואָס איז געווען אינעם לאַגער אין אָסאָווע און ער האָט באַפוילן, אַז מיר זאָלן אויך קומען אַהין.

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געגאַנגען צופוס ביז מיר זענען אין באַגין אָנגעקומען צום לאַגער. הינטערן לאַגער זענען געווען אָנשיטונגען מיט קאַרטאָפל־קאַפּצעס. אַרום זיי האָבן זיך געדרייט מענטשן, צו וועלכע מיר האָבן זיך געוואַנדן און געבעטן, אַז זיי זאָלן איבערגעבן אריהן, אַז מיר זענען דאָ.

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און אריה איז אַרויסגעקומען צו אונדז. דערזעענדיק ווי מיר האָבן אויסגעזען האָט ער אָנגעהויבן שטאַרק צו וויינען. עס האָט לאַנג געדויערט ביז ער האָט זיך באַרואיקט. ער האָט אונדז איבערגעגעבן אַ גרוס פון דער יינגסטער שוועסטער ,וועגן וועלכער ער האָט זיך דערוווּסט, אַז מען האָט זי געכאַפּט אין אַ דאָרף און מען האָט זי געהאַלטן ביים סאָלטיס אַ גאַנצע נאַכט. די פּויערים, וואָס האָבן זי געזען צומאָרגנס, האָבן דערציילט, אַז איבער נאַכט זענען אירע האָר געוואָרן ווייס ווי שניי, פון שרעק. מען האָט זי אַוועקגעפירט קיין ציצעוו צוזאַמען מיט נאָך פינף מיידלעך, און מען האָט זיי אַלע דאָרט דערשאָסן.

די צווייטע שוועסטער איז אַוועק קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. איר איז געלונגען צו באַקומען אַן אוקראַינישן דאָקומענט און אַלס אַזעלכע איז זי אַרויסגעפאָרן.

עס איז אונדז געווען ביטער אויפן האַרצן און דורכטראַכטנדיק אונדזער מצב האָבן מיר באַשלאָסן נישט אַריינצוגיין אין לאַגער. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון סאַראַ געפאַרן עס שוועבן איבער די יידן אין לאַגער. אריה האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ שטוב פון אַ פּויער, וואָס האָט געוווינט נישט ווייט פונעם לאַגער און ער האָט אונדז געלאָזט איבערנעכטיקן אין דער סטאָדאָלע. בייטאָג האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד נעבן אָסאָווע. דאָרט האָבן אויך געאַרבעט לאַגערניקעס, וועלכע זענען געווען באַשעפטיקט ביים האַקן ביימער אויף האָלץ צום ברענען. מיר האָבן זיך צוגעשאַרט צו יענע אַרבעטער, געאַרבעט ביז פאַרנאַכט און דערנאָך זיך אומגעקערט צוריק אינעם שייער.

קיין עסן האָט אונדז נישט געפעלט, אריה האָט יעדע נאַכט געברענגט צו טראָגן עפּעס צום עסן, וואָס ער האָט פאַר אונדז אָרגאַניזירט אין לאַגער. מיר האָבן אויך אַרויסגענומען פון די קאָפּצעס אַ ביסל קאַרטאָפל און עס אַוועקגעטראָגן אין וואַלד אַריין. דאָס האָבן מיר געטון אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט, ווען אַרום האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיק נפש.

אַויף פּסח 1943, איז אריהן געלונגען צו ברענגען פון וולאָדאַווע אַביסל מצות און אַ ספר־תורה צום לייענען. די מענטשן אין לאַגער האָבן איינגעאָרדנט אַ סדר־נאַכט און דער ברודער האָט אונדז געבעטן, אַז מיר זאָלן אויך אַריינקומען ביינאַכט צום סדר, כדי מיר זאָלן זיין צוזאַמען.

אַריינקומענדיק אויף דעם באַשטימטן אָרט, ווו די יידן האָבן זיך צונויפגעזאַמלט האָט מען זיך גלייך געשטעלט דאַווענען מעריב. אויפן געמיט איז לגמרי נישט געווען יום־טובדיק. ביים זאָגן הלל האָט זיך דערהערט אַ יאָמערלעך

געווייִן פון פרויען און מענער. אַ סך האָבן ספּאַזמירט, געחלשט. אויפן האַרצן האָט געדריקט אַ מוראדיק געפיל, אַז דאָס איז דער לעצטער פּסח.

דאָך האָט מען זיך באַמיט צו באַהערשן, נישט געוואָלט פאַרשוועכן דעם יום־טוב. מען האָט זיך געזעצט צום סדר, וועלכן מיין ברודער האָט אָפּגעריכט. צווישן די יידן, וועלכע זענען געזעסן ביים טיש זענען געווען אָנגעזעענע מענטשן פון וולאַדאַווע און פון כעלם. ווען מען האָט געזאָגט: „לא המתים יהללויה״... איז געווען אין דעם אַ געבעט, אַ ביטערע טענה איבער אונדזער גורל.

נאָכן אָפּריכטן דעם סדר זענען מיר אַלע דריי ברידער אַרויס אויף דער גאַס און מחדש געווען די לבנה. אריה, דער עלטסטער ברודער, האָט שטיל געזאָגט צו אונדז: „ווער ווייסט, צי מיר וועלן נאָך זוכה זיין נאָך אַמאָל צו קענען מחדש זיין צוזאַמען די לבנה״.

אונדזערע בליקן האָבן זיך געוואָנדן צום הימל, וועלכער איז געווען רויט, מיטן אָפּשיין פונעם פייער פון סאָביבאָר, פון די ברענענדיקע קרעמאַטאָריעס.

דורך אָסאָווע פלעגן יעדן טאָג דורכפאָרן אויטאָס, פול אָנגעלאָדענע מיט יידן, וועלכע מען האָט געפירט קיין סאָביבאָר. נאָך יעדן אויטאָ איז נאָכגעפאָרן אַן אויטאָ מיט וועכטער, באַוואָפנט פון קאָפּ ביז פיס, געהיטן, אַז קיינער זאָל נישט אַנטלויפן.

עס האָט געטראָפן, אַז איך האָב זיך באַגעגנט מיט צוויי יידן, וואָס זענען אַנטלאָפן פון סאָביבאָר. זיי האָבן מיר דערציילט ווי אַזוי עס האָט אויסגעזען ווען די באַן איז אַריינגעפאָרן אין לאַגער. ווען די וואַגאָנען זענען שוין געווען אויסגעלאָדנט, זענען זיי ביידע אַריין אין וואַגאָן. איינער פון זיי האָט געהאַט באַהאַלטן אין קעשענע אַ בויערל און אַ זעגל. זיי האָבן אויסגעשניטן אין דער פּאָדלאָגע פונעם וואַגאָן אַ לאָך און ווען דער צוג האָט גענומען גיין באַרג־אַרויף, האָבן זיי זיך אַראָפּגעלאָזט דורכן לאָך און אַראָפּגעלאָזט זיך אויף דער ערד.

די אַנטלאָפענע יידן האָבן מיר דערציילט ווי אַזוי עס איז איינגעאָרדנט דער פאַרניכטונגס־אַפּאַראַט אין סאָביבאָר. יעדער טראַנספּאָרט, וואָס קומט אַריין אין לאַגער, ווערט גיך אויסגעלאָדן. די מענטשן מוזן זיך אויסטון נאַקעט און מען פירט אַריין צו פופציק מענטשן אין אַ גרופּע אין אַ ספּעציעלן צימער, אַ וואַש־רוים. די מלבושים לאָזן זיי איבער אין דרויסן. פון דאָרט הייסט מען זיי אַריינגיין אין אַ צווייטן צימער, אָן פענצטער, מיט אַן אייזערנער פּאָדלאָגע. ווען אַלע זענען שוין אינעווייניק, ווערט די טיר הערמעטיש פאַרמאַכט און מען שליסט איין דעם גאַז־שטראָם, פון וועלכן מענטשן קענען אויסהאַלטן העכסטנס פון 15 ביז



20 מינוט. מערסטנס קומט דער טויט נאָך 5 מינוט. אַ ספּעציעלע גרופּע איז באַשעפטיקט ביים אַרויספירן די טויטע, וועלכע מען לייגט פונאַנדער אויף אייזערנע שטאַנגען און מען באַגיסט זיי מיט נאַפט און דערנאָך צינדט מען זיי אונטער.

ליגנדיק באַהאַלטן אין וואַלד נעבן אָסאָווע פלעגט צו אונדז דערגיין דער טשאַד און רויך פון די פאַרברענטע מענטשן. פון דערווייטנס איז צו אונדז דערגאַנגען דער גערויש פון די אָנקומענדיקע וואַגאָנען, פול אָנגעלאָדענע מיט יידן. צוקומענדיק צום לאַגער זענען די וועכטער אַראָפּ פון די וואַגאָנען, אויסגעשאָסן אין דער לופטן. דאָס איז געווען אַ סיגנאַל, אַז די וועכטער פונעם לאַגער זאָלן אַרויסקומען און אַריינפירן די מענטשן אינעווייניק.

די מענטשן פונעם לאַגער אין אָסאָווע האָבן אונדז דערציילט ווי זיי האָבן צוגעזען מיט די אייגענע אויגן ווי די נאַציס האָבן אַרויסגעפירט אַ טראַנספּאָרט יידן אין אָסאָווער וואַלד געהייסן זיי זינגען און דערביי איינגעאָרדנט אַ ספּעקטאַקל צווינגענדיק די יידן איינער זאָל שלאָגן דעם צווייטן. ווען אַלע זענען שוין געווען שטאַרק צעשלאָגן האָט מען זיי אַלע געשאָסן און באַגראָבן אין אַ ריזיקן ברידער־קבר אין וואַלד.

אין דער צייט צווישן פּסח און שבועות האָבן מיר אָנגעהויבן טראַכטן וועגן איינשאַפן זיך געווער. מיר האָבן אויך געפּלאַנט אַן אָנפאַל אויפן קאָמענדאַנט פון לאַגער.

אין אָסאָווער לאַגער איז געווען אַ קאָוואַל, וואָס האָט אויסגעאַרבעט עטלעכע מעסערס. מיין ברודער איז געלונגען איינצוקויפן אין דאָרף 4 גראַנאַטן, צוויי ביקסן מיט 20 קוילן.

מיר האָבן זיך דערוווּסט אַז דער דייטשער קאָמענדאַנט פונעם לאַגער איז אַרויסגעפאָרן אויף אורלויב און עס האָט אים פאַרטרעטן אַ דייטשער ייד. מיר האָבן דעמאָלט אָרגאַניזירט אַן איבערפאַל און צוגענומען ביים קאָמענדאַנט אַ קעסטל מיט גראַנאַטן און צוויי ביקסן און מיר האָבן זיך צוריקגעצויגן.

מיר האָבן אויסגערעכנט ווען עס דאַרף זיך אומקערן דער דייטשער לאַגער־קאָמענדאַנט און מיר האָבן אים אָפּגעוואַרט אין וואַלד. מיר האָבן זיך מיט אים גיך אַן עצה געגעבן. ווען ער איז שוין געלעגן טויט האָבן מיר ביי אים צוגענומען דאָס געווער און צוריק אַוועק אין אונדזער באַהעלטעניש, ווו מיר האָבן אויך באַהאַלטן דאָס גאַנצע געווער.

עס איז געווען י״ח סיון 1943, ווען עס איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה, אַז די דייטשן גרייטן זיך צו מאַכן אַן אַבלאַווע אין וואַלד. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע מענטשן

האָבן מיר זיך איבערגעטראָגן אויף אַ צווייטן פּלאַץ. מיין יינגסטער ברודער אייזיק האָט זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז ער האָט עפּעס פאַרגעסן אויפן פריערדיקן פּלאַץ און ער האָט זיך אומגעקערט צוריק אַליין. איך האָב אים געוואָלט באַגלייטן, אָבער עס איז געווען אַ מורא, אַז מיר וועלן אָנמאַכן צופיל טומל און דער רעש וועט דערגיין צו די דייטשן.

מיר זענען געזעסן אין אונדזער באַהעלטעניש ביז 2 אַ זייגער בייטאָג און דאַן בין איך אַרויס זען וואָס עס הערט זיך. אויפן וועג האָב איך דערזען מיין עלטסטן ברו־דער אריה. קומען פון דער אַרבעט מיט נאָך מענטשן. דער־זעענדיק מיך האָט ער זיך געוואָרפן אויף דער ערד מיט אַ יאָמערלעך געוויין: „ווו ביזטו געווען? פאַרוואָס האָב איך אייך געהייסן קומען אַהער?"

עס איז שווער געווען אים צו באַרואיקן. ער האָט זיך נישט געקענט שענקען, פאַרוואָס עס איז געקומען צו אַזאַ אומגליק. ער האָט זיך פאַרגעוואָרפן, אַז דאָס איז ער שול־דיק אינעם אומקום פון אונדזער ברודער אייזיק. ער האָט זיך אינדערפרי דערוווּסט, אַז מען האָט אים דערשאָסן. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע מענטשן פון לאַגער האָבן זיי אים קובר געווען אין וואַלד. אריה האָט געזאָגט קדיש ביים קבר.

מיטן אָנקום פון דער נאַכט בין איך צוזאַמען מיט מיין ברודער און נאָך צוועלף מענטשן אַוועק אין טעטריל־וואַלד, ווו מיר זענען געווען ביז אָנהויב תמוז.

אין אַ פרייטיק אינדערפרי האָט מיר איינער פון אונ־דזערע חברים, קעסטלמאַן פון כעלם, דערציילט, אַז עס האָט זיך אים געחלומט ווי אַ געלער הונט איז אויף אונדז אָנגעפאַלן און אונדז צעביסן. קעסטלמאַן איז בעת דער ערשטער כעלמער אַקציע אַנטלאָפן אין וואַלד. דער חלום האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ דערדריקטער שטימונג. מיר האָבן דערפילט, אַז איבער אונדזערע קעפּ הענגט אַ שווער געפאַר.

אַזוי איז טאַקע געשען. דעם זעלבן טאָג, אַרום צוויי אַזייגער האָבן אונדז אַרומגערינגלט דייטשן מיט מאַשינ־געווער. איינער פון זיי האָט זיך צוגעגנבעט צו אונדזער באַהעלטעניש און גענומען שיסן אויף אונדז. אַ פּרוּוו איז געפאַלן אויפן אָרט און מיר אַלע האָבן גענומען לויפן, אָבער פון אַלע זייטן האָט מען אויף אונדז גענומען שיסן.

אינמיטן דער שיסעריי האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו הערן אַ יאָמערלעך קול. איך האָב זיך אומגעקוקט און געזען מיין ברודער פאַלן מיט אויסגעשטרעקטע הענט. איך האָב געוואָלט צולויפן צו אים, אָבער די שיסעריי איז געווען



אַ געדיכטע, די קוילן זענען געפלויגן איבער אונדזערע קעפּ און דער פּחד האָט מיך געטריבן צו לויפן ווייטער אין וואַלד.

ווען עס איז שטיל געוואָרן האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אין וואַלד, מיד, דערשלאָגן, געטראַכט, ווי אַזוי איז עס געשען, אַז איך בין אַרויס גאַנץ? איך בין געבליבן איינער אַליין, פאַרלוירן מיינע טייערע ברידער און איך האָב נישט איצט ווו אַהינצוטון זיך.

איך פלעג שטענדיק טראָגן ביי זיך אַ מעסער אויפן פאַל ווען מ'וועט מיך כאַפּן. אויב איך וועל זען, אַז עס איז נישטאָ קיין אויסוועג, בין איך געווען דעצידירט איבערצו־שניידן זיך אַליין דעם האַלדז, וואָרום כ'האָב געוווּסט, אַז קיין לעבעדיקער טאָר איך נישט אַריינפאַלן אין דייטשע הענט. ווען זיי האָבן געכאַפּט אַ ייד האָבן זיי אים מוראדיק געפּיי־ניקט, ווילנדיק פון אים אַרויסקריגן ווער עס האָט אים גע־געבן עסן, ביי וועמען ער האָט איבערגענעכטיקט. איצט האָב איך געהאַלטן דאָס מעסער אין דער האַנט, געטראַכט אַ סוף צו מאַכן צו מיין לעבן, וואָס האָט שוין נישט אויסגעזען צו האָבן די מינדעסטע ווערט. צו וואָס וואַרטן ביז דער לעצטער מינוט? איז נישט בעסער איינצושפּאָרן זיך די יסורים, וואָס איך וועל נאָר דאַרפן דורכמאַכן ביז צום ביטערן סוף?

אין דעם מאָמענט האָב איך דערפילט אין זיך אַ שטאַרקן באַגער נישט צו לאָזן זיך איינברעכן, ווייטער ממשיך זיין דעם יסורים־וועג מיט די שוואַכע פונקען פון האָפענונג איבערצולעבן און דערציילן דער וועלט די מוראדיקע רציחות.

עס איז געווען אַ פאַל, נישט ווייט פון מיר אין אַ צווייטן וואַלד האָבן די נאַציס געכאַפּט פיר יידישע מענער און איין פרוי. די פרוי האָבן זיי אַרויפגענומען אויפן וואָגן און די מענער האָבן זיי צוגעבונדן מיט שטעכיקע דראָטן, אַרומגעוויקלט ביי די העלדזער און צוגעבונדן צום וואָגן. איבערן גאַנצן וועג, וואָס זיי האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָכן וואָגן האָבן די דייטשן זיי געשלאָגן מיט נאַהייקעס. ווען זיי זענען אַריינגעקומען קיין סאָווין האָבן זיי די צעבלוטיקטע יידן צוגעבונדן צו די טעלעפאָן־סלופּעס און די גאַנצן צייט האָט עס אַרום זיי געוויעט מיט קאָמאַרן, וועלכע האָבן געטרונקען זייער בלוט פון די ווונדן, ביז זיי זענען אויס־געגאַנגען.

דאָס האָט מיר דערציילט אַ באַקאַנטער קריסט, וועלכער האָט דאָס אַלץ צוגעזען און ער האָט געזאָגט, אַז אַזעלכע רציחות און יסורים איבער לעבעדיקע מענטשן זענען נאָך נישט געווען אַזוי לאַנג ווי די וועלט עקזיסטירט.

אין דער זעלבער צייט איז אָבער דער קריסט געווען אַזוי איבערגעשראָקן, אַז ער האָט מיר מורא געהאַט צו

געבן אַ שטיקל ברויט, ווייל אויב מען וועט מיך כאַפּן וועל איך נישט קענען אויסהאַלטן אַזעלכע יסורים און דערציילן ווער עס האָט מיר געגעבן עסן.

אומעטום, צו וועמען איך בין אַריינגעקומען, זענען זיינע ערשטע ווערטער געווען: „אַנטלויף וואָס גיכער... וואָס ווילסטו האָבן פון מיין לעבן?" יעדער האָט געהאַט צו דערציילן, וועגן ייִדן וואָס מען האָט געכאַפּט און גע־ברענט זייערע לייבער לעבעדיקערהייט. אַפילו די בעסטע האָבן נישט געוואָלט מיך לאָזן איבער דער שוועל נאָר געיאָגט: „אַנטלויף... אַנטלויף, גיכער, אַנטלויף..."

עס איז אָנגעקומען דער ווינטער. איך האָב זיך אָפּגע־געבן אַ חשבון, אַז איך וועל אין ערגעץ נישט קריגן קיין נאַכטלעגער. איך האָב זיך געמאַכט אַ בונקער אויפן פרייען פעלד. אָבער נאָך עטלעכע וואָכן איז דער בונקער פול געוואָרן מיט וואַסער און איך האָב געמוזט אַנטלויפן. ווידער האָבן איך געוואַנדערט פון איין אָרט צום אַנדערן, נישט געהאַט מיט וואָס זיך אויסצוגראָבן נאָך אַ בונקער, געלאָפן ווי אַ געיאָגטע חיה, וואָס געפינט נישט קיין נאָרע ווו אַוועקצולייגן זיך.

אין איינער אַ נאַכט, ליגנדיק אויף דער לאָנקע, הינטער אַ סטויג היי האָב איך אין חלום געזען מיין שוועסטער, וואָס איז פאַרברענט געוואָרן אין סאָביבאָר. איך האָב אין חלום זיך צעוויינט, געשריגן, אָבער מיין שוועסטער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַזעלכע גוטע און מילדע אויגן, געזאָגט מיט איר שטיל וואַרעם קול:

„הויב זיך אויף, ליג נישט דאָ... דאָ איז געפערלעך... גיי ווייטער. גאָט וועט דיר העלפן".

אַזוי בין איך אַוועק פון יענעם אָרט און ווייטער גע־וואַנדערט. ווו געטאָגט — נישט גענעכטיקט. יעדער טאָג האָט געבערענגט נייע צרות, נייע שרעק, אָבער דאָס איז נאָר איין קאַפּיטל פון דעם אַלעם וואָס איך האָב דורכגעמאַכט ביז עס איז געקומען די באַפרייאונג.

העניע ראָזנבערג־שאַפּערמאַן
(דעם דובעטשנער רבס טאָכטער)
ניו־יאָרק

# „קינד מיינס, זאָג שמע־ישראל!"

דאָס איז געווען סוף־זומער, 1942. דער דירעקטאָר פון דער דובעטשנער הוטע האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע ייִדן מוזן זיך־צושטעלן אין וואָלאַדאַווע.

די בהלה איז געוואָרן גרויס און מיר האָבן נישט געוווסט, וואָס מיר האָבן צו טון. וואָרעם מיר זענען געווען אַ משפחה פון ניין פּערזאָן: מיין פאָטער, דער רב ז"ל, מיין מוטער עליה השלום, מיין שוועסטער, שוואָגער און מיר קינדער. מיט וואָס־זשע פאַר אַ קאָמוניקאַציע, מיט וועלכע מעגלעכקייטן און נסים זאָלן מיר באַלד קומען קיין וואָלאַדאַווע?

מיין שוואָגער, יאַנקל עלבוים, איז אַוועק צו אַ פּויער און האָט זיך איינגעבעטן ביי אים, ער זאָל אונדז אָפּפירן קיין וואָלאַדאַווע פאַרן פּרייז פון אונדזער גאַנץ ביסל מעבל. דער פּויער האָט באַטראַכט דאָס מעבל, וואָס איז אים געפעלן און ער איז מסכים־געווען. ער האָט באַלד געשפּאַנט זיין פערד־און־וואָגן און מיר האָבן זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

ביינאַכט זענען מיר אָנגעקומען אויף דער ווירקער גאַס, צום פעטער יאַנקל צוקער. דער פעטער איז געווען זייער באַזאָרגט. ער האָט אונדז דערציילט, אַז אין שטאָט זענען שוין דאָ ביי אַ צען טויזנט ייִדן, וואָס מען האָט צוזאַמענגעטריבן פון דער גאַנצער אומגעגנט, און איין גאָט אין הימל ווייסט, וואָס דאָ וועט מיט אונדז זיין.

צומאָרגנס איז געווען פרייטיק און מיר זענען געווען ביים פעטער דעם גאַנצן טאָג. דער פאָטער איז דערוויל אַוועק צו מיין מומען, דער נעמיראָווער רביצין, זען וואָס זי מאַכט. די נעמיראָווער רביצין איז שוין דעמאָלט געווען אַן אלמנה.

דעם גאַנצן טאָג האָבן אין וואָלאַדאַווע געהאַלטן אין איין אָנקומען אַלץ מער און מער צעטומלטע און צעשראָקענע ייִדן, פאַרטריבענע פון זייערע היימען אין דער אַרומיקער געגנט, האָבן נישט געוווסט, ווו זיי וועלן דאָ די ערשטע נאַכט נעכ־טיקן און וואָס דער מאָרגן וועט זיי ברענגען. אויף קיין גוטס האָט מען שוין נישט געוואַרט.

די נאַכט זענען מיר געשלאָפן ביים פעטער. שבת פאַר־טאָג האָט מען אָנגעקלאַפּט אין דער טיר. מיר האָבן געעפנט

און דערזען שיע זאמערן. ער האָט דערזען מיין מוטער און געזאָגט:

— רביצן, עס איז דאָ אַ באַפעל, אַז אַלע ייִדן מוזן זיך צושטעלן אויפן פּלאַץ! איך גיב עס אייך איבער און איר, טוט ווי איר פאַרשטייט...

אין שטוב איז געוואָרן אַ פּאַניק, אַ יללה. אָבער מיין פּאָטער האָט זיך געהאַלטן רואיק און ער האָט זיך געמיט אַלעמען צו באַרואיקן:

— נו, נו, עס איז שבת. מען דאַרף האָבן בטחון. דער רבונו של עולם וועט זיך נאָך מרחם זיין. דער מענטש דאַרף טון און דער אויבערשטער וועט אים העלפן. לאָמיר טון וואָס מען קען.

— איז וואָס־זשע זאָלן מיר טון?

— נישט צושטעלן־זיך אויפן פּלאַץ! יעדער איינער זאָל זיך באַהאַלטן! יעדער איינער אין אַן אַנדער אָרט. אולי ירחם. אפשר וועט ער איבערלאָזן אַ זכר פון דער משפחה.

איך בין, מיט מיינע עלטערן, אַוועק צו דער נעמיראָווער רביצן, וועלכע האָט שוין געהאַט אַ באַהעלטעניש אויפן בוי־דעם. אַ גאַנצן טאָג זענען מיר דאָרט אָפּגעלעגן. דער טאַטע האָט געהאַלטן אין איין זאָגן תהילים. פון דער גאַס האָבן זיך דערטראָגן צו אונדז גרויליקע קולות, באַפעלן, געוויינען, שי־סערייען. די האָר־וואָרצלען אין קאָפּ האָבן מיך אַזש געש־טאָכן. דאָס האַרץ איז אויף שטיקער צעריסן־געוואָרן. איך האָב כסדר געכאַפּט אַ קוק אויפן טאַטן: ער טענהט זיך נאָך אַלץ אויס מיטן רבונו של עולם. ער בעט און איז מתפלל. ער זאָגט תהילים...

אין אָוונט האָט אָנגעהויבן ווערן שטילער.

צומאָרגנס האָבן מיר געהערט, אַז פאַלקענבערג האָט געמאַכט אַ נייעם לאַגער. ער האָט אויסגעקליבן אַרום אַ פיר הונדערט מענטשן צו אַרבעט. און איצט, ווער עס איז געב־ליבן לעבן, דעם וועט מען שוין נישט טשעפּען.

אונדזער משפחה איז פון דער דאָזיקער אַקציע אַרויס גאַנץ. מיר האָבן זיך אַלע צונויפגעקליבן און זיך אָנגעקוקט: יאָ, מיר לעבן נאָך דערווייל.

— אָבער ווו איז דער פעטער יאַנקל?!

ניין, דער פעטער יאַנקל האָט קיין מזל נישט געהאַט. דעם פעטער יאַנקל צוקער האָט מען אַוועקגענומען בעת דער אַקציע. זיינע צוויי טעכטערלעך זענען איצט געבליבן מיט אונדז.

נאָך דער דאָזיקער אַקציע, איז צוויי וואָכן שטיל געווען. גאַנצע צוויי וואָכן.

פלוצלינג, אין אַ פרייטיק־פאַרטאָג, האָט אונדז אויפ־געוועקט אַ שיסעריי. דאָס איז געווען דער „גוטער" סימן.



יעדע אַקציע האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַזאַ שיסעריי. עס איז אַ פרישע אַקציע. וואָס טוט מען איצט?

מיינע עלטערן מיט איין אייניקל זענען ווידער אַוועק זיך באַהאַלטן, צו דער נעמיראָווער רביצן. איך מיט מיין שוועס־טער און די אַנדערע קינדער האָבן זיך באַהאַלטן אויף דער ווירקער גאַס, אויך אויף אַ בוידעם.



ר' הערשל מאַסלוך (חאַבאַד) מיט זיין פרוי אין געטאָ

די אַקציע האָט דאָסמאָל געדויערט גאַנצע אַכט טעג. מיר זענען שוין געלעגן פאַרשמאַכט אָן אַ טראָפּן וואַסער. דער דורשט האָט געפּייניקט צום טויט. כדי צו ראַטעווען דאָס ייִנגסטע קינד, האָט מיין שוועסטער עס געגעבן השתנה צום טרינקען.

אויפן אַכטן טאָג איז ענדלעך ווידער שטיל געוואָרן. מיר זענען ווידער געראַטעוועט.

איצט האָבן מיר זיך דערוווסט, אַז מען מאַכט אַ געטאָ אין וולאָדאַווע און אַלע ייִדן מוזן אַריין אין געטאָ.

מיר האָבן זיך צוזאַמענגענומען מיט אונדזער ביסל אָרעמקייט און זיך אַוועקגעשלעפּט אין געטאָ, אויף דער יאַטקע־גאַס.

נאָך עטלעכע טעג, האָט זיך דאָס געטאָ געשלאָסן.

אין געטאָ האָט זיך מיין פאָטער דעררעדט מיטן סאָסנאָ־וויצער רב און זיי האָבן גענומען זאָרגן וועגן כשר פלייש. זיי האָבן אויך איינגעאָרדנט אַ מקווה אויף דער יאַטקע גאַס.

ביי די אַלע נייע, טרויעריקע באַדינגונגען, האָט מיין פאָטער נישט געענדערט זיין התנהגות: ווי תמיד, איז ער אויך איצט געזעסן טאָג און נאַכט און געלערנט. צי האָט ער דערמיט געוואָלט אויסבעטן, אַז עס זאָל צעריסן־ווערן דער גזר־דין? אָדער, פאַרטיפנדיק־זיך אין די ספרים, האָט ער געוואָלט ארויסדרינגען פון דאָרטן און פאַרשטיין דעם סדר העולם, דעם אויבערשטנס דרכים? אָדער האָט ער פשוט אריינגעטון זיינע אויגן אין די ספרים, כדי נישט צו זען דאָס רשעות אויף דער וועלט?

איינמאָל, פרייטיק־צו־נאַכטס, נאָך ליכט־בענטשן. עס פלאַקערן נאָך איצט רויטע בלוטיקע פלאַמען פאַר מיינע אויגן, ווען איך דערמאָן זיך דאָס:

אין אַ סך הייזער פלעגט מען, לשם פאַרזיכטיקייט, אויס־לעשן די שבת־ליכט נאָכן בענטשן. מיין פאָטער האָט עס



ר' בערל פאָרלייטער מיט זיין פרוי אין געטאָ



נישט געלאָזט טון. די ליכט האָבן געברענט און ער איז געזעסן און געלערנט.

פלוצלונג האָבן זיך־אריינגעריסן צווי דייטשן מיט אַן אוקראַינער און דערזעענדיק דעם ראָבין איבער אַן אָפענעם



ר' אברהם און פעסי־רבקה ראַוונער און זייער זון אהרון אין געטאָ

ספר, האָבן זיי געכאַפּט אַ מעסער און אים אָפּגעשניטן די באָרד מיט אַ שטיק פלייש!

אַז איך האָב דערזען, ווי עס גיסט־זיך פון אים דאָס בלוט, בין איך געפאַלן די מערדער צו די פיס מיט אַ ספּאַזמאַטיש געבעט. דאַן האָבן זיי אָפּגעלאָזט דעם פאָטער און מיט אַ ווילד רציחהדיק געלעכטער ארויס פון שטוב.

איך געדענק, אַז מיין פאָטער האָט דאַן אפילו קיין קרעכץ נישט געגעבן. מיר האָבן אים צוגעלייגט אַ קאָמפּרעס, פאַר־באַנדאַזשירט דאָס פנים און געוויינט. אָבער דער פאָטער האָט זיך געבעטן:

— נו, שבת... מילא, באַשערט. לאָמיר האָבן דערמיט אָפּגעקומען און לאָמיר נישט פאַרשטערן דעם שבת.

און ער האָט ווייטער געלערנט...

אַזוי איז אַוועק דער ווינטער.

ערב פסח האָבן מיר געבאַקן מצות און דער טאַטע האָט אפילו געבאַקן מצה שמורה. ייִדן זענען געקומען צו אונדז פאַרקויפן דעם חמץ.

„יאָ, עבדים היינו לפרעה במצרים", און דער אויבער־שטער האָט אונדז אַרויסגעפירט פון דאָרט ביד חזקה... ער האָט געשלאָגן אונדזערע פייניקער מיט מכות און געשפּאָלטן פאַר אונדז דעם ים־סוף. איצטער זענען מיר דאָך אין אַן ערגערן מצב! צי וועט ער אונדז איצט אויך אויסשטרעקן אַ האַנט און ווייזן אַ נס?...

דער פסח איז אַריבער בשלום און פיר טעג שפּעטער, פרייטיק, (ווידער אַ פרייטיק!), האָבן מיר פלוצלונג דערהערט די „גוט"־באַקאַנטע שיסעריי, דעם אַנזאָג:

— אַן אַקציע!

דאסמאל האבן מיר זיך אלע באהאלטן ביי רייזל, הענעך שישטשיקס, אין קעלער. מיר זענען דארט געווען ביי א דריי הונדערט נפשות, מיט קליינע קינדער.

ווידער זענען מיר דארט אפגעלעגן אן אכט, אדער ניין טעג.

די טיר פון קעלער איז געווען גוט פארמאסקירט און זיי האבן זי נישט געקענט געפינען. אבער דורך א לאך האבן זיי אריינגעווארפן א גראנאט, וועלכער האט אויפגעריסן און פארוואונדעט א סך מענטשן. די געשרייען און יללות האבן געמסרט, אז דא זענען פאראן א סך יידן און עס איז שוין קיין ברירה נישט געווען: מיר האבן אליין געמוזט עפענען די טיר.

מיר האבן גענומען ארויסגיין פון קעלער. איך האב דער־זען דעם פאטער און האב אויסגערופן צו אים:

— טאטע! איך וויל לעבן!

האט ער מיך אנגעקוקט מיט רחמנות און צער און ער האט אזוי ווייטיקדיק־רואיק געענפערט:

— קינד מיינס, מיר זענען אלע אין דעם אויבערשטנס הענט. זאג „שמע ישראל”.

דאס זענען געווען די לעצטע ווערטער, וואס איך האב פון אים געהערט.

מען האט אלעמען אוועקגעפירט קיין סאביבאר.

מיך מיט א גרופע האט מען איבערגעלאזט, צוזאמענ־צונעמען די געבליבענע זאכן. בעת דער ארבעט האב איך אויסגענוצט א גליקלעכן מאמענט און איך בין אנטלאפן אין וואלד אריין.

היינט בין איך שוין אליין א מוטער פון צוויי קינדער. איך לעב אין אמעריקע. און כאטש עס זענען שוין אריבער אכצן יאר, קען איך זיך נאך אלץ נישט באפרייען פון יענע גרויליקע קאשמארן, פון יענע בילדער בעת די אקציעס, אין די אכזריותדיקע שחיטה־טעג.

און איך קען עס ביז היינט נישט פארשטיין, פון וועמען האט זיך עס דערנומען אזויפיל גלויבן און בטחון און אזוי פיל גבורהדיקע רואיקייט צו מיין פאטער זצ"ל?

שפרינצע־מרים ביאלי־רייזע

# אין טייכן בלוט

מיין פאטער, איצל ביאלי ז"ל, איז געווען א קאצקער חסיד, גבאי אין שטיבל און גבאי אין דער חברה קדישא. ער איז געווען א מלמד פון עטלעכע ייִנגלעך, וועלכע האבן שוין געהאלטן ווייט אין לערנען, געקענט א בלאט גמרא מיט מפורשים.

געוווינט האבן מיר פריער אין וולאדאווקע, ווו מיין מאמע האט געהאלטן א שפייז געוועלבל, אין וועלכן איך האב איר געהאלפן. דער טאטע האט זיך נישט פארנומען מיט קיין מסחר, נישט געקומען אין געוועלבל, נאכן לערנען מיט די תלמידים איז ער אוועק לערנען אין בית המדרש.

אין יאר 1915, בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה, איז אונדזער הויז אין וולאדאווקע אפגעברענט געווארן. מיר האבן זיך דאן איבערגעצויגן קיין וולאדאווע און געוווינט אין משה ראזשאנקעס הויז. דער טאטע האט זיך דא ווידער פארנומען מיט מלמדות און די מאמע האט ווייטער געפירט דאס געוועלבל.

מיין מוטער איז געשטארבן ט"ו טבת, 1931. מיין טאטנס געזונטצושטאנד האט זיך גענומען פארערגערן און פינף יאר נאך דער מאמעס טויט איז ער אויך אוועק פון דער וועלט.

מיין פאטער האט געהאט פינף ברידער און צוויי שוועס־טער. דער עלטסטער ברודער, מרדכי ביאלי, איז געווען א גרויסער למדן און דערביי אויך א גוטער סוחר. מען האט אים גערופן מרדכי לובאטשער, אויפן נאמען פון דארף נעבן שאצק. די באלאכאוועס האבן דערהארגעט דריי פון זיינע זין און זיין איידעם, פערעלעס מאן, האבן די באנדיטן שפע־טער דערמארדעט. דער פעטער מרדכי אליין האט זוכה געווען צו שטארבן אין אייגענעם בעט, ווען די נאציס זענען שוין געווען אין שטאט. זיין גאנצע משפחה איז אומגעבראכט געווארן דורך די דייטשן.

דער צווייטער ברודער, יאנקל ביאלי (ליבעווישער) האט געוווינט אין הארדישטש און האט פארוואלטעט מיטן פא־רעצס ציגעלניעס. זיין זון, איטשע ביאלי, די שנור אסתר־פייגע און זייערע קינדער, יונה, יוכבד, צביה, פרץ, לייזער, פסח און מאלטשע זענען אומגעקומען אין טאמאשאווקע. עס

לעבט זיין צווייטער זון יאָשע מיט זיין משפחה אין אַמעריקע, איז סעקרעטאַר פון די װאָלאַדאָווער לאַנדסלייט אין ברוקלין. נאָך צוויי זין לעבן אין ישראל.



ר׳אלי ביאַלי — שוחט, (גערופן, עליעלע חזן) געדאַווענט אין מאָטל ביגמאַנס בית־מדרש

דער דריטער ברודער, משה ביאלי, וועלכער האָט גע־וואוינט אין דובעטשנע, איז אומגעקומען מיט זיין גאַנצער פאַמיליע. בלויז איין זון, ליפמאַן, לעבט היינט אין ישראל.

דער פערטער ברודער, דוד שאצקער, האָט געהאַט דעם זעלבן גורל, איז אומגעקומען מיט דער גאַנצער פאַ־מיליע, בלויז איין זון האָט זיך געראַטעוועט און געפינט זיך אין ישראל. דער פינפטער ברודער, יאָדל, האָט גע־וואוינט אין דובעטשנע, געהאַט אַ פּאָסטן אין דער גלאָז־פאַבריק. אויך ער און זיין פרוי שרה און אַלע קינדערלעך זענען אומגעקומען אין טאָמאַשוווקע.

ביידע שוועסטער, גיטל און שיינדל, זענען אומגעקומען צוזאַמען מיט זייערע משפחות.

מיינע ברידער:

דער ערשטער ברודער, שמואלקע ביאלי (דער שוואַר־צער) איז געווען אַ לוקעווער חסיד. זיין פרוי חנה און זייער טעכטערל חיה־מירל. נאָך דער שחיטה וואָס די באַלעכאָו־צעס האָבן דורכגעפירט אין װאָלאַדאָווע, איז ער געווען צווי־שן די, וועלכע האָבן צוזאַמענגענומען די יתומים פון די קדושים און זיי איינגעאָרדנט ביי די שטעטישע באַלעבאַ־טים. אויך מיינע עלטערן האָבן דאַן אַריינגענומען אַזאַ יתום.

אין יתומים־קאָמיטעט זענען דאַן געווען:

שרהלה גראַס, ריקל ביגמאַן, מאַשע פרידלענדער, ראָו־



בן ראָזנבערגס טעכטער, חוה, לייבל מאַלעריטער (בירגעמייס־טער), אלי געזונטהייט, פייוול לעדערמאַן א.א.

מיין ברודער שמואלקע איז דאַן געווען פון די אַקטיווע עסקנים. שפּעטער האָט דער דזשאָינט אויסגעבויט דעם „אַמע־ריקאַנער דאָם״, ווו עס איז פריער געווען דער הקדש, ווו מען האָט דאָרט איינגעאָרדנט די קינדער. שמואלקע האָט אויך אויסגעפועלט, אַז אויסלענדישע ייִדן זאָלן אַדאָפּטירן און אַראָפּנעמען צו זיך יתומים. עטלעכע זענען דאַן אַוועקגע־שיקט געוואָרן קיין דרום־אַפריקע. די אַנדערע קינדער זענען זאָרגפעליק דערצויגן געוואָרן און מען האָט זיי געלערנט פאַכן.

אין יאָר 1927 איז שמואלקע אַוועק קיין אַרגענטינע, ווו ער האָט געלעבט ביזן יאָר 1956 איז געווען אַן אנגע־זעענער עסקן פאַרן מגבית און אויך אויפן געביט פון ייִדישן חינוך. ער איז געשטאָרבן אין בוענאָס־איירעס.

מיין צווייטער ברודער, אלי, איז געווען אַ שוחט און אַ חזן, אָבער ער האָט זיך נישט פאַרנומען מיט שחיטה, נאָר געצויגן זיין פּרנסה פון געשעפט מיט שרייב־געצייג.



ר׳ איצל ביאַלי מלמד און שמואלקע ביאַלי (גערופן שמילקע דער שוואַרצער) דערציער פון װאָלאַדאַווער בית יתומים.

ער איז געווען בעל תפילה אין ביגמאַנס בית המדרש, איז געווען אײנער פון די חסידים, וועלכע האָבן געהאָלפן אַראָפּ־ברענגען דעם ליקעווער רבין און געהאָלפן אים נאָמינירן אַלס קאָושאַנער רב.

מיין דריטער ברודער, הערשל שנײדערמאַן (דער מו־טערס זון פון ערשטן מאַן) איז געווען אַ פּולאַווער חסיד. צוזאַמען מיט זײַן פרוי רײזל און די קינדער: רבקה, פעסע, ביילע, שרה, יעקב, משה, שפרה און אויך די גאַנצע פאַר־צווייגטע משפחה פון דער פרויס צד — זענען אַלע אומ־געקומען.

דעם זעלבן גורל האָט אויך געהאַט מײַן פערטער ברודער, יעקב ביאַלי.

מיין מאַן שמואל מעכל, אַ פּולאַווער חסיד, איז צוזאַמען מיט מיר און אונדזערע קינדער אַנטלאָפן קיין רוסלאַנד, פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר, ווו זיי זענען פון מיר אַוועק־געריסן געוואָרן.



דאָס, וואָס זיי האָבן דאָרט דורכגעמאַכט געהער אויך צו דער מגילה פון פּיין און אומ־קום, פון די אויסערגעוויינ־לעכע אכזריותן, וואָס דאַרפן פאַראייביקט ווערן אין אונ־דזער יזכור־בוך. אַלע געהערן זיי צו די אומפאַרגעסלעכע געשטאַלטן.

ר׳ שמואל מעכל בן ר׳ ישראל רייזע ז״ל, מרים רייזעס מאַן, רעליגיעזער לערער און דער־ציער אין תרבות־שולע. אויך געלערנט מיט יידן אַ שיעור אין בית־מדרש.

פעסל זעלצער־עפּלבוים

**לאַ פּאַז, באָליוויע**

# פיין און וואגל

איך און מיין עלטערער ברודער שלמה האָבן געהאַט אַרבעטס־קאַרטן. מיר האָבן געאַרבעט ביים זעלבן קריסט, ביי וועלכן מיין פאָטער פלעגט דינגען די אַזיערעס. אַהין זענען מיר טאָגטעגלעך געגאַנגען צו דער אַרבעט, ביז עס איז אַרויס דער באַפעל, אַז ייִדן טאָרן נישט פאַרלאָזן די שטאָט. עס איז שוין געווען אַ געטאָ. מיר זענען שוין געווען גרייט צו גיין אין געטאָ, ווען עס האָט זיך אָנגעהויבן די פינפטע אַקציע (שבת, דעם ערשטן נאָוועמבער 1942). מיין מוטער, איך און מיין ברודער, זענען אַרויס דורכן פענסטער. עס איז געווען אָוונט. מיר זענען געלאָפן דורך הינטערוועגן, טרעטנדיק איבער טויטע. די דייטשן און אוקראַינער האָבן אונדז נאָכגעשאָסן, אָבער עס האָט אונדז אָפּגעגליקט און מיר זענען דערלאָפן ביז צו אַ סטאָדאָלע אין פעלד. די סטאָדאָלע האָט געהערט צו דעם קריסט, ביי וועלכן מיר האָבן געאַרבעט.

צוויי טעג זענען מיר דאָרט געלעגן באַהאַלטן אין שטרוי, ביז דער קריסט איז געקומען און האָט אונדז דאָרט געפונען. מיר האָבן לאַנג איינגעטענה׳ט מיט אים. ער האָט אונדז דער־ציילט, אַז דעם שבת האָט מען זייער פיל יידן אַוועקגעפירט קיין סאָביבאָר. ער האָט זיך געשראָקן און האָט אונדז דאָך דערלויבט צו בלייבן אין דער סטאָדאָלע נאָך עטלעכע טעג, ביז די לאַגע וועט זיך אפשר ענדערן.

נאָך עטלעכע טעג איז ער ווידער געקומען און געזאָגט, אַז איך מיטן ברודער קענען דאָ נאָך בלייבן אַ ביסל, אָבער די מוטער זאָל אַוועק, ווייל זי וועט סיי־ווי נישט אויסהאַלטן אין אַזעלכע באַדינגונגען. מיר זענען דאָרט געווען מיט אונד־זער מוטער נאָך עטלעכע טעג. עס איז אונדז שווער געווען זיך צו שיידן. דער פויער האָט אָבער פאַרלאַנגט, זי זאָל אַוועקגיין. מיט טרערן אין די אויגן האָט זי געזאָגט, אַז זי וויל אונדז נישט זיין קיין שטער און אַז מיר זאָלן חלילה נישט אַריינפאַלן צוליב איר. זי וועט גיין צו איר שוועסטער און ברודער אין געטאָ. אין אַ פינצטערער נאַכט האָבן מיר זי צוריק באַגלייט אין געטאָ אַריין און מער האָבן מיר זי שוין נישט געזען.

מיר זענען צוריקגעקומען אין אונדזער באַהעלטעניש

און גענומען אויסבויען אַ בונקער מיט אַ קאָרידאָר אונטערן שטרוי. דאָס איז געווען אַ קאָרידאָר פון עטלעכע מעטער די לענג, ווו מיר זענען געלעגן אין שמוץ און אָן לופט עטלעכע חדשים. איינמאָל אַ וואָך פלעגט קומען אונדזער קריסט און באַזאָרגן אונדז מיט עפעס עסן. דערביי פלעגט ער שוין אויך ברענגען אַלגעמיינע ידיעות און גריסן פון אונדזער מוטער און אַנדערע ייִדן, וואָס ער האָט געקענט.

דעם ערשטן מאַי 1943, דריי טעג נאָך פסח, איז פאָרגעקומען די אַקציע „יודענריין". די מאַמע האָט מען אַרויסגעשלעפט פון אַ באַהעלטעניש, צוזאַמען מיט איר משפחה און אַנדערע ייִדן און מען האָט זיי אַוועקגעפירט קיין סאָביבאָר.

יענע נאַכט האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן אונדזער באַהעלטעניש, ווייל דער קריסט האָט מורא געהאַט, אַז עמעץ פון די אַוועקגענומענע וועט אונדז אויסגעבן. מיר זענען אַוועק אין די אָפענע פעלדער און וואַגלענדיק, האָבן מיר געזען דעם רויך פון דער סאָביבאָרער קרעמאַטאָריע, וואָס האָט זיך נישט געקענט דערהויבן צום הימל און האָט זיך אויסגעשפרייט נידעריק איבער דער אומגעגנט ווי אַ פינצטערע כמאַרע.

אין די אָפענע פעלדער האָבן מיר זיך אַרומגעוואַלגערט אַ דריי חדשים. דער זעלבער קריסט פלעגט אונדז אַמאָל פאַרזאָרגן אַ ביסל שפייז. מיר האָבן געמוזט אַוועקגיין ווייטער און מיר זענען אַריין אין אַ באַגנע (זומפּ־פעלד), ווו מיר האָבן געליטן הונגער און קעלט. אַ שטיקל צייט זענען מיר געווען באַהאַלטן אין אַ פערד־שטאַל און שפּעטער — זענען מיר אַוועק אין וואַלד.

מיר האָבן געטראָפן עטלעכע וולאָדאַווער ייִדן, וועלכע זענען שוין אין וואַלד מער ווי אַנדערהאַלבן יאָר: זעליג ראָטבלאַט מיט זיין פרוי פערל און טאָכטער מרים (לעבן היינט



אין ישראל); לייזער מעלצער מיט זיין פרוי און קינד פון עטלעכע חדשים (היינט אין ישראל); דוד מעלצער מיט זיין יינגל חיים (היינט אין אַמעריקע); מרדכי ספיוואָק (היינט אין ישראל); און הערשל עפּלבוים, וועלכער האָט פאַרלוירן זיין פרוי מיט צוויי קינדער. ער איז איצט מיין מאַן.

קנאַפע צוויי יאָר צייט האָבן מיר זיך אַרומגעוואַלגערט אין די אַלע אויסגערעכנטע באַהעלטענישן און אין וואַלד, ליידנדיק הונגער, דורשט, קעלט און טויט־שרעק. מיר זענען געווען מער פאַרפאָלגט, ווי די חיות אין וואַלד, וואָס די יעגער לאָזן זיי אַמאָל צו־רו. אונדז האָבן די דייטשע מענטשן־יעגער די גאַנצע צייט נישט צו־רו־געלאָזט און די געפאַר האָט געלויערט אויף שריט־און־טריט.

דעם 22־סטן יולי 1944 זענען מיר באַפרייט־געוואָרן פון אונדזער פיין און הפקרער פאַרוואָגלטקייט. די סאָוויעטן האָבן מאַרשירט פאָרויס און די נאַצישע „העלדן" זענען אָפגעטראָטן, אַנטלויפנדיק אין פאַניק.

דעם זעלבן טאָג זענען מיר אַרויס פון וואַלד און צומאָרגנס זענען מיר צוריקגעקומען קיין וולאָדאַווע. ווי, ווי, וואָס פון אונדזער היימשטאָט איז געוואָרן! מיר האָבן דאָרט נישט געטראָפן קיין איין ייִד. גאַסן מיט פאַרברענטע הייזער. שטיקער ייִדיש וולאָדאַווע איז פאַרוואַנדלט־געוואָרן אין צעאַקערטע פעלדער. די פעלדער זענען פאַרזייט און די ערד, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיטן בלוט פון אונדזערע קדושים, איז פעט און גיט אַ שפע מיט תבואה פאַר אַ גויאישקער וועלט. דאָס ייִדישע וולאָדאַווע, אונדזער קהילה קדושה, וואָס איז אַמאָל געווען אַן עיר־ואם בישראל, איז אָפּגעמעקט־געוואָרן פון דער ערד.

מיר זענען באַלד אַוועק פון דאָרט און אין יאָר 1947 זענען מיר אָנגעקומען קיין באָליוויע.

# קאַשמאַרן

## מיינע איבערלעבונגען בעת דער נאַצישער הערשאַפט

געבוירן און דערצויגן אין וולאָדאַווע, בין איך נאָך מיין חתונה, אין יאָר 1931, אַריבער וווינען אין שטעטל דאַמאַטשעווע, וואָס ליגט 25 קילאָמעטער פון וולאָדאַווע אויף דער אַנדערער זייט פון טייך בוג, פונקט אַנטקעגן דעם שטעטל סלאָוועטיטש, וואָס געפינט זיך אויף דער זייט בוג. מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער האָבן געוווינט אין וולאָדאַווע.

אין יאָר 1939 ווען די רוסן זענען אַריין אין וולאָדאַווע, בין איך גלייך געפאָרן אַהין, זען וואָס מיינע עלטערן, צוויי שוועסטער און פיר ברידער מאַכן. די סאָוועטישע אַרמיי איז אָבער לאַנג נישט געווען אין וולאָדאַווע און קלאַנגען האָבן זיך געטראָגן, אַז די דייטשן וועלן נאָר גיין ביזן בוג און אויף יענער זייט בוג וועלן זיין די רוסן.

אַזוי איז עס טאַקע געווען און ווען די רוסן זענען אַריבער דעם בוג קיין טאָמאַשעווקע, זענען פיל וולאָדאַווער, באַזונדערס יוגנט מיטגעלאָפן מיט זיי. שפּעטער האָב איך אָפּגענומען גרויסן, אַז ווען די רוסן האָבן געשלאָסן די גרעניץ איבערן בוג, האָבן נאָך פיל געפּרוווט אַריבערגיין דעם בוג, אָבער זיי זענען געוואָרן באַשאָסן פון ביידע זייטן און אַ סך זענען דערטרונקען געוואָרן אין טייך.

מיינע עלטערן, אַ שוועסטער און צוויי ברידער זענען אויך אַנטלאָפן קיין טאָמאַשעווקע און פון דאָרט אַוועק קיין רוסלאַנד. מיין פאָטער אברהם איז געשטאָרבן כ׳ תמוז, 1942. מיין ברודער יאָסל מיט זיין פרוי שפּרינצע, מיין שוועס־טער דבורה מיט איר משפחה — זענען אַלע אומגעקומען. אין סאָביבאָר.

ביזן 21־טן יוני 1941 האָבן מיר אין טאָמאַשעווקע גע־לעבט רואיק אין פאַרגלייך צו אַנדערע ערטער, אָבער די גרוסן, וואָס זענען צו אונדז דערגאַנגען וועגן די דייטשישע רציחות איבער די ייִדן אין וולאָדאַווע, האָבן אויך אונדזער לעבן פאַרפינצטערט.

### די דייטשע אַרמיי גייט אַריבער דעם בוג

דעם 22־טן יוני 1941 האָבן זיך איבערן שטעטל טאָמאַ־שעווקע אַ טראָג געטאָן שרעקלעכע האַרמאַטן־שאָסן



און שוין איז דאָס גאַנצע שטעטל געשטאַנען אין פלאַמען און די רוצחים האָבן גלייך גענומען רויבן און האַרגענען. עס זענען געפאַלן פיל טויטע און פאַרוווּנדעטע. דייטשע זעלנער האָבן אַרויסגעפירט פינף יינגע מענטשן: לייבל דיעטקעס אַ זון פון 20 יאָר, הערשקע גרינשטיינס דריי זין און נאָך איינעם וואָס כ׳געדענק נישט זיין נאָמען. זיי אַלע האָט מען געשאָסן אין הויף און געצוווּנגען די עלטערן, זיי זאָלן זיי באַגראָבן אין זעלבן הויף.

איך, פונקט ווי פיל אַנדערע, האָב געמאַכט אַ קעלער אונטער דער פּאָדלאָגע אין מיין הויז און דאָרט האָבן זיך באַהאַלטן מיין פרוי און די דריי קינדער. אַליין האָב איך געאַרבעט ביי גערטנעריי און דאָס שטיקל ברויט וואָס מ׳האָט מיר געגעבן, האָב איך אַוועקגעטראָגן צו מיין פרוי און די קינדער. שפּעטער האָט מען אונדז געשיקט שניידן לאָזקעס צו מאַכן קוישן פאַר די דייטשן. דערנאָך האָבן מיר אין משך פון אַ יאָר צייט געאַרבעט מיט נאָך עטלעכע ייִדן אין אַ פערד־שטאַל אין נויט און אין הונגער, אין טויטשרעק פאַרן גורל פון ווייב און קינדער. אַ געוויסן טאָג האָבן זיי אַרויס־גענומען פיר ייִדן פון אונדז, זיי געשאָסן און אונדז ישראלקע, חיים בראָנשטיין, שלמה און איך, האָבן זיי אָפּגעפירט אין דאָרף פילעמיץ און באַפוילן אַרבעטן אין דער דאָרטיקער שטאַל, אין דאָזיקן דאָרף האָט דעמאָלט זיך געפונען אַן אָפּטיילונג פונעם הויפּט־שוואַדראָן פון דער טאָמאַשעווקער עס־עס. דאָרט האָב איך געטראָפן שלמה פעלצנשניידערס אַ זון פון וולאָדאַווע מיט צוויי יינגעלעך, איינער פון צען, דער אַנדערער פון אַכט יאָר, אויך אַ וולאָדאַווער מיידל, סראָל העשקעס און לאָה דעם רבס, אַ מיידל פון טאָמאַשאָווקע.

מיט אַכט טעג שפּעטער איז געקומען אַן עס־עס־מאַן. אַרויסגענומען דעם שניידער מיט די צוויי יינגעלעך. זיי האָבן נעבעך געוויינט און געשריגן: „טאַטע, זיי גיין אונדז שיסן...״ אין עטלעכע מינוט שפּעטער האָבן טאַקע אָפּגעהילכט עט־לעכע שאָסן, די רוצחים האָבן זיי געהאַרגעט. דער טויט האָט אויך אויף אונדז געלויערט יעדע מינוט.

איינמאָל אַ טאָג הערן מיר יאָמערלעכע געוויינען, מיר גייען אַרויס פון שטאַל, ערשט די צוויי יאָמערדיקע מיידלעך דערציילן אונדז, אַז ערב יום־כיפור האָבן די דייטשן אויסגע־

האָרגעט אַלע דאָמאַטשעווער ייִדן און יום כיפּור האָבן זיי אויסגעשאָסן אַלע ייִדן אין טאָמאַשאָווקע. דאָס איז געווען אין יאָר 1942.

איצט האָבן מיר שוין גרויליק געוווּסט, אַז מיר האָבן שוין פאַרלוירן אונדזערע משפּחות.

איינמאָל האָבן די דייטשן געכאַפּט אין אַ דאָרף, מענדל, שלמה זישעס פון טאָמאַשאָווקע און זיין פרוי ברכה סאַפּיר־שטיין מיט זייערס אַ פיר יעריק מיידעלע. מענדל האָט גע־אַרבעט אין שטאַל און זיין ווייב מיטן טעכטערל זענען געווען אין קיך. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָבן די עס־עס־לייט אונדז אָוועקגעשיקט גראָבן קאַרטאָפל. ווען מיר זענען צוריק־געקומען, האָבן מיר געטראָפן ברכהן זיך רייסן די האָר פון קאָפּ. ווען זי איז אַרויסגעגאַנגען פון קיך אָפּטראָגן די דייטשן דאָס עסן, האָט אַן עס־עס־מאַן געכאַפּט דאָס קינד און עס דערשטיקט...

דעם 27 דעצעמבער 1942 באַנאַכט האָבן די עס־עס־לייט אַרויסגעפירט מענדלען מיט זיין פרוי צוזאַמען מיט נאָך ייִדן און די פרויען און בערך אַ צוואַנציק מינוט שפּעטער האָבן מיר געהערט דאָס קלאַפּן פון מאַשינגעווער... מיר זענען גע־לעגן ממש אין קאָנווולסיע און צו אונדזער פּיין האָט נאָך אַלץ נישט גענומען קיין סוף.

פּורים־צייט 1942 האָבן זיי אונדז אַרויסגענומען פון דער שטאַל, אַרויפגעפירט אויף אַ לאַסט־וואָגן, מיר זענען געווען זיכער, אַז זיי פירן אונדז צום טויט. ערשט זיי האָבן אונדז פאַרפירט קיין טאָמאַשאָווקע, דאָרט אויך געאַרבעט ביי די פערד. מיר זענען געווען זיבן ייִדן און אַ מיידל רחל לין.

דאָ פלעג איך יעדן טאָג אַרויסגיין פון שטאַל און מיט ווייטיק קוקן אויפן שטעטל וולאָדאַווע, וווּ איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן. עס האָט נאָך אַלץ געטליעט אין מיר אַ פונק פון האָפענונג, אַז מיינע נאָענטע לעבן און זענען ניצול געוואָרן פון די רוצחישע הענט. מיין האַרץ האָט זיך געקלעמט צווישן יאוש און האָפענונג.

אומגעפער אַכט טעג פירן זיי אונדז קיין וולאָדאַווע אין באַד, צו די קאַשאַרן. פאַרבייגייענדיק, האָב איך באַ־מערקט דוד וועלוול קצבס זון שלמה ליבמאַן. איך האָב געבעטן דעם עס־עס־מאַן, ער זאָל מיר דערלויבן געבן אַ שטיקל ברויט פאַר מיין שוועסטער. ער האָט מיר דערלויבט און צו מיין גרויסער פרייד האָב איך נאָך דערהאַלטן פון איר אַ בריוול, אַך! ווי גליקלעך, זי לעבט נאָך! אָבער וועגן גורל פון די אַנדערע און מיין פרוי און קינדער האָב איך ווייטער נישט געוווּסט.

ערב פּסח 1943 האָבן מיר אַליין אָפּגעבאַקן עטלעכע מצות פון אַ ביסל קאָרן־מעל, וואָס מיר האָבן זיך פאַרשאַפט.

אַ געוויסן טאָג נאָך פּסח, ווען כ׳בין אַרויס פון שטאַל,





שמאי לעדערמאַן, (הערשל דעם געלנס זון) מיט דער געלער לאַטע אין געטאָ.

קוקן ווי געוויינלעך אויף וולאָדאַווע, האָט אַ שרעקלעכע ווייטיק מיר פאַרקלעמט דאָס האַרץ. כ׳האָב דערזען, אַז איבער וולאָ־דאַווע טראָגט זיך אַ שוואַרצער רויך־וואָלקן. דאָס האָבן די דייטשן ליקווידירט די רעשטלעך פון וולאָדאַווער געטאָ און אונטערגעצונדן די הייזער.

עס איז אַוועק אַ שטיקל צייט, קומט צו מיר דער עס־עס־מאַן אונדזער אויפזעער און זאָגט: „זי האָבן געוואָלט נאָך טאָמאַשאָווקע פאָרן, יעצט קאָנען זי״. ער האָט מיך אַרויפ־געזעצט אויף אַ לאַסט־וואָגן פול מיט עס־עס־לייט. דאָרט האָט ער מיך געפירט צו די ייִדן, וואָס האָבן געאַרבעט אין יענער שטאַל.

דערנאָך האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר צופירן צו מיין הויז. צו מיין גרויסן צער און ווייטיק האָב איך דאָרט בלויז געטראָפן אַ גרוב פון דעם קעלער, ווו מיין פרוי און קינדער זענען געווען באַהאַלטן.

דער עס־עס־מאַן האָט מיך אַרויסגעריסן פון מיין פּיינ־

פולן קאָשמאַר מיט אַ געשריי: „נאַ, קאָמען זי פון היער!" אויפן צווייטן טאָג האָט ער מיך צוריקגעפירט קיין טאָמאַשווקע.

איצט בין איך שוין געווען זיכער, אַז כ'האָב שוין קיינעם נישט און מיינע געדאַנקען האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן פלענער וועגן אַנטלויפן אין וואַלד. אַ געוויסן פרייטיק צונאַכטס איז איינער פון אונדז, אברהם לויפוואַסער פון דובעטשנע אַרויסגעגאַנגען אויפן הויף פאַר זיין באַדערפעניש, די דייטשן האָבן געמאַכט אַן אַליאַרם: „די יודען וואָלען אויסריקן". זיי האָבן פאַרשטאַרקט די וואַך, געדיכטער געמאַכט די שטעכל־דראָטן און אויך אַריינגעלאָזט אַ גרויסן הונט, ער זאָל אונדז היטן.

איצט האָבן מיר דערוואַרט דעם טויט, אָבער דער געדאַנק וועגן אַנטלויפן האָט אונדז שוין נישט אָפּגעלאָזט, ביז אונדז איז געלונגען דאָס דורכצופירן.

מירקאַ ערליך – בראַם

# אין טאָל פון יאָמער

דאָס ערשטע וואָס איך געדענק, איז אַ רייזע פון קאַליש, צו באָבע־זיידע אין קאָנין. איך ווייס נישט, צי דאַן איז שוין געווען מלחמה, אָבער מיר האָבן געהאַט גאַז־מאַסקעס און מיר זענען געלאָפן אין שוץ־בונקערס. די מאַמע האָט געמיינט, אַז פון יענער געגנט, ווו עס ווױנט די מומע און ווו עס זענען פאַראַן ווייניק ייִדן, וועט נישט זיין קיין אויסזידלונג. אַהין האָט זי געבראַכט אויך מיין קינדער־וועגעלע, אַ ביסל אונדזערע זאַכן און מיך. אָבער דאָרט איז געקומען אַן אויסזידלונג נאָך פריער און די זאַכן זענען אונדז פאַרלוירן־געגאַנגען.

מען האָט אַרויסגעזעצט די ייִדן אין די האַלעס. דאָס איז געווען אַזאַ געביידע אינמיטן דער שטאָט, אַזוי־ווי די סוקיעניצעס אין קראָקע. פון דאָרט האָט מען אונדז ארויסגעפירט אין די וואַגאָנען קיין וולאָדאַווע. מיר זענען געפאָרן אַ גאַנצן טאָג און אַ נאַכט. אין וולאָדאַווע האָט די מאַמע געדונגען אַ קליין צימערל, און דער פאָטער האָט געאַרבעט ביי אַ געוויסן דייטש, וועלכער האָט געהאַט אַ סך פעלדער, וואַלד און אַ הויז. מיין מוטער האָט זיך נאָך געמיט צו פאַרקויפן דעם זיידנס קראָם אין קאַליש. דאָס איז געווען אַ קראָם פון ברילן.

נאָכדעם האָבן די דייטשן געמאַכט שטאָט־פערטלען, ווו מען האָט נישט געקענט ווױנען צוזאַמען מיט פּאָליאַקן, און מען האָט ביי דער מאַמען צוגענומען די ברילן, וואָס זי האָט נאָך פאַרמאָגט. מען האָט אָנגעהויבן כאַפּן פרויען, זקנים און קינדער, און מען האָט זיך כסדר געמוזט באַהאַלטן. דער פאָטער האָט זיך איינגעבעטן ביים דייטש, אַז ער זאָל דערלויבן אים צו נעמען מיך און די מוטער אין וואַלד־אַריין, ווו ער האָט געאַרבעט און דאָרט זענען מיר געווען, ווען עס זענען פאָרגעקומען די גרעסטע כאַפּ־אַקציעס.

שפּעטער האָבן די דייטשן אויסגעבויט אַ לאַגער, האָבן אים אַרומגערינגלט מיט דראָטן, און אַלע האָבן געזאָגט, אַז עס וועט זיין אַמבעסטן צו אַרבעטן אין לאַגער און אַז דאָרט דערהאַרגעט מען קיינעם נישט. אָבער אין לאַגער־אַריין האָט מען נישט געוואָלט נעמען קיין קינדער און מיין מוטער האָט זייער געבעטן דעם דייטש, אַז ער זאָל דערלויבן מיך מיטצונעמען. איינמאָל ביינאַכט, ווען מיר זענען נאָך געווען אין ייִדישן פערטל, איז פאָרגעקומען אַ געיעג נאָך פרויען און קינדער און די מאַמע האָט מיך גענומען און דורכן פאַרקאַן און דורך די דראָטן, זענען מיר אַנטלאָפן צום לאַגער. ביים טויער איז געשטאַנען מיין קוזין און ער האָט אונדז אַריינגעלאָזט.

איינמאָל האָבן מיר זיך אויך באַהאַלטן אין וואַלד ביים טאַטן, אין אַזאַ נאָרע. דאָרט זענען געזעסן אַ סך מענטשן און געוואַרט, עס זאָל אויפהערן די שיסעריי.

אין לאַגער האָב איך זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן, אַז דער דייטש זאָל מיך נישט זען. ווען איך האָב דערהערט טריט, האָב איך זיך באַהאַלטן אונטער דער פּערענע אָדער איך בין אַריינגעקראָכן אין אַ לאָך אונטערן אויוון. עס איז מיר זייער נמאס־געוואָרן. גאַנצע טעג האָב איך געמוזט זיצן איינע אַליין, ווען דער טאַטע און די מאַמע זענען אַוועק אין וואַלד צו דער אַרבעט. איך האָב נישט געטאָרט קיין איין מאָל אַרויס גיין פון באַראַק, און די טיר האָט געמוזט זיין אַ גאַנצן טאָג אָפן.

איינמאָל האָט זיך אָנגעהויבן אַ כאַפּעניש, אַלע האָבן געזאָגט, אַז דאָס איז אַן אַקציע. דער פאָטער האָט זיך נישט געוואָלט באַהאַלטן. ער האָט געזאָגט, אַז אים דראָט גאָרנישט און ער האָט צוגעמאַכט הינטער אונדז די טיר. מיר זענען געזעסן מיט נאָך אַנדערע פרויען אין אַ באַהעלטעניש אין

דער וואַנט אַ גאַנצן טאָג און אַ נאַכט. עס האָט זיך געהערט שיסן אין לאַגער. נאָכדעם איז געקומען נאָך אונדז אַ באַקאַנ־טער פּאָליאַק, פּאַן ווערנער, און ער האָט געזאָגט, אַז עס האָט זיך שוין איינגעשטילט. אָבער דער פֿאָטער איז נישט געווען. מיר האָבן נישט געוווּסט, צי זיי האָבן דעם טאַטן אויך דער־שאָסן, צי זיי האָבן אים אַוועקגענומען מיט־זיך.

אַ סך מענטשן האָבן זיי צוגענומען און אַרויסגעפֿירט. מען האָט געזאָגט, אַז די דאָזיקע מענטשן האָט מען אַוועקגענומען צום פֿאַרברענען. דער דייטש, וואָס האָט פֿאַרמאָגט אַ וואַלד, האָט אויסגעבויט ביי זיך באַראַקן און איך מיט דער מאַמען און אַנדערע פֿרויען, זענען מיר אַוועק אַהין אַרבעטן. מיך האָט די מוטער פֿאַרשטעלט, ווען מיר זענען געגאַנגען אַהין, אַז די דייטשן זאָלן מיך נישט זען, וואָרעם איך בין נאָך געווען צו־קליין.

אין קעלער האָב איך געקליבן פֿאַרפֿוילטע קאַרטאָפֿל און די מאַמע האָט מיך תמיד פֿאַרשטעלט. בלויז דער דייטש, ביי וועלכן מיין פֿאָטער האָט נאָך געאַרבעט, האָט געוווּסט אַז איך בין דאָ און ער האָט מסכים־געווען דערויף, אָבער נישט אָפֿיציעל, וואָרעם ער האָט געזאָגט, אַז ער טאָר נישט האַלטן קיין קינדער און אַז פּאָליציי וועט קומען, וועט מען מיך סיי־ווי דערשיסן.

שפּעטער האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן אַקציעס אויף קינ־דער, פֿרויען און קראַנקע, און מיין מוטער האָט מיך אָפּגע־געבן צו אַ פּויערטע אין אַדאַמפּאָל. דאָס איז געווען זייער נאָענט. די מאַמע איז צו מיר געקומען און איך פֿלעג קומען צו איר. אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין אַ ייִדיש מיידל.

איינמאָל, ווען איך בין צוריק געגאַנגען אין דאָרף אַריין האָבן די דייטשן אַרומגערינגלט דאָס וועלדל. אויפֿן אַנדערן טאָג איז מיין באַלעבאָס אַוועק אַהין און צוריקקומענדיק, געזאָגט, אַז אויב איך וויל זען מיין מוטער דאָס לעצטע מאָל, זאָל איך גיין מיט אים, וואָרעם די מאַמע ליגט אַ דערשאָסענע אין טייך. אָבער איך האָב נישט געוואָלט זען מיין מוטער אַ דערשאָסענע.

דריי טעג שפּעטער זענען געקומען דייטשן אין אַדאַמפּאָל און האָבן דערשאָסן אַלע ייִדן, וואָס האָבן דאָרט געוווינט, זיי אַריינגעוואָרפֿן אין אַ ברונעם. מען האָט געזוכט אומעטום, אין פֿערד־שטאַלן און שאָפֿעס און מיין פּויערטע האָט מיך באַהאַלטן אויפֿן אויוון, אונטערן האָלץ. אָבער ווען די דייטשן זענען אַוועקגעפֿאָרן, האָט זי מיך מער נישט געוואָלט האַלטן, וואָרעם זי האָט געזאָגט, אַז עמעץ קען מסרן. זי האָט מיך גענומען און האָט מיך אַוועקגעפֿירט אין דאָרף ווירקי און איז מיט מיר דאָרט אַוועק צום וואָיט, געזאָגט, אַז זי האָט מיך געטראָפֿן אין וועג, און אַז דער וואָיט זאָל מיך ערגעץ אָפּ־געבן אַלס אַ פּאַסטושקע.

דער וואָיט האָט מיך אויסגעפֿרעגט פֿון וואַנען איך בין, האָב איך אים געענטפֿערט אַזוי־ווי די פּאַני אַנדזשייקאַ שוסטע־ראָוואַ האָט מיך אויסגעלערנט: אַז איך האָב נישט קיין פֿאָטער און קיין מוטער און אַז איך גיי פֿון וואַרשע. אָבער דער וואָיט האָט נישט געוואָלט פֿאַרנעמען זיך מיט מיר און ער האָט מיך אַרויפֿגעזעצט אויף אַ פּויערישן וואָגן, וועלכער איז געפֿאָרן קיין וולאָדאַווע, און ער האָט געהייסן, אָפּפֿירן מיך צו דער סטאַראָס־טווע, אַז מען זאָל זיך דאָרט מיט מיר פֿאַרנעמען.

ווען מיר זענען געקומען צופֿאָרן קיין וולאָדאַווע איז שוין געווען פֿינסטער און די סטאַראָסטווע איז געווען געשלאָסן, האָט מיר דער פּויער אַרויסגעזעצט אויף דער גאַס און געהייסן מיך גיין ווו איך וויל.

איך האָב נישט געהאַט וווּהין צו גיין, ווייל אין וולאָדאַווע האָבן מיך דאָרט אַלע געקענט. האָב איך אָנגעהויבן פֿון דאָרט אַנטלויפֿן, געוואָלט אומקערן־זיך קיין אַדאַמפּאָל אָדער גיין אין וואַלד.

גייענדיק מיטן וועג, נעבן וואַלד, האָב איך פֿאַר אַ הייזל באַגעגנט צוויי יינגלעך און זיי האָבן מיך געפֿרעגט וווּהין איך גיי. איך האָב געזאָגט, אַז קיין ווירקע. האָבן זיי דאַן גענומען שרייען: „ביזט אַ ייִדישקע!" און זיי האָבן מיך באַפֿוילן זיך צו מאַדליען. איך האָב אָנידערגעקניט אויפֿן וועג און האָב גע־זאָגט „אָיטשע נאַש". וואָרעם איך האָב עס געקענט. איך האָב אָבער פֿאַרגעסן ווי מען זעגנט און זיי האָבן געשריגן:

„זשידוווקאַ! זשידוווקאַ!"

זיי האָבן מיר צוגענומען דאָס מאַנטעלע, אין וועלכן איך האָב געהאַט דאָס געבעט־ביכל פֿון דער פּאַני שוסטעראָוואַ פֿון אַדאַמפּאָל.

איך בין פֿון דאָרט אַנטלאָפֿן און איבערגענעכטיקט אין אַ צוויט הויז. אויפֿן אַנדערן טאָג האָב איך זיך אומגעקערט קיין אַדאַמפּאָל. דאַן האָט די פּאַני שוסטעראָוואַ געזאָגט, אַז איך מוז גיין צום גלח אין וולאָדאַווע, וועט ער מיר זיכער העלפֿן. זי איז מיט מיר געגאַנגען קיין וולאָדאַווע דורך פֿעלדער און גערטנער, אַז קיינער זאָל אונדז נישט זען ביז זי איז צוגעקומען צום קאָשטשאָל און האָט מיך דאָרט איבערגעלאָזט, געזאָגט, אַז איך דאַרף זיך צו איר מער נישט אומקערן, וואָרעם עס וועט געשען אַן אומגליק.

איך בין אַוועק אין קאָשטשאָל און האָב געזוכט דעם קשיאַנדז, אָבער איך האָב אים אינערגעץ נישט געזען. דאַן בין איך אַרויס און געפֿרעגט איינעם אַ יינגל, ווו עס איז דער פּאַן קשיאַנדז? האָט דאָס יינגל זיך צעשריגן: „זשידוווקאַ! זשי־דוווקאַ! און איך בין ווידער אַנטלאָפֿן.

פֿונוויטנס האָב איך דערזען דעם קשיאַנדז נעבן הייזל, באַלד הינטערן קאָשטשאָל און איך בין אַהין אַוועק. איך האָב אים געזאָגט:

„גוטמאָרגן, הער קשיאָנדז, איך בין אַ יתומה און איך בעט מיר העלפֿן".

דער קשיאָנדז האָט געשמייכלט און האָט געזאָגט:

„וועסט גיין צו די פּאַני דאָקטאָראָוואַ אָזשעכאָווסקאַ. זאָג, אַז איך האָב דיך געשיקט".

ער האָט מיר געגעבן דעם אַדרעס צו דער פּאַני אָזשע־כאָווסקאַ, כאָטש איך האָב אַליין געוווּסט, ווו די דאָקטאָראָווע וווינט, אָבער איך האָב זיך נישט מודה־געווען, וואָרעם איך האָב געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז איך בין נישט פֿון וולאָדאַווע.

די פּאַני אָזשעכאָווסקאַ האָט מיך באַלד דערקענט און אויך דער דאָקטאָר, אָבער זיי האָבן געזאָגט, איך זאָל גאָרנישט מוראַ האָבן און זאָל זיך מודה זיין. איך האָב זיך צעוויינט און האָב זיך מודה געווען אין אַלעם. דאַן האָט די פּאַני אָזשעכאָווסקאַ מיר אַרויסגעשיקט אין אַ דאָרף צו אַ באַקאַנטן קשיאָנדז, וועל־כער האָט געוווּסט, אַז איך בין אַ ייִדישע, אָבער ער האָט מיך געלערנט אַלץ, ווי מען דאַרף רעדן, אַז קיינער זאָל נישט דער־קענען: אַז מען טאָר נישט זאָגן „פּאַן קשיאָנדז", נאָר „פּראָשען קשיענדזאַ" און ענלעכע זאַכן.

דאָרט בין איך געווען עטלעכע טעג און דאַן, אין איינער אַ נאַכט, איז געקומען צו פֿאָרן די פּאַני אָזשעכאָווסקאַ מיטן דאָקטאָר און זיי האָבן מיך אַוועקגענומען קיין כעלם, אין רויטן קרייץ, זיי האָבן מיך אויסגעלערנט, אַז איך הייס מאַרישיאַ מאַלינאָווסקאַ, בין אַלט אַכט יאָר, שטאַם פֿון מאָדליץ, בין גע־בוירן־געוואָרן אין פּרוזשענע, אַז דער טאַטע איז געווען אַ מאַיאָר, אַז די מאַמע איז געשטאָרבן און דעם טאַטן האָט מען צוגענומען אין דייטשער געפֿאַנגעשאַפֿט. די פּאַני אָזשעכאָווסקאַ האָט דערקלערט, אַז זי קען מיך און זי האָט געבעטן, אַז מען זאָל זיך מיט מיר דאָרט פֿאַרנעמען.

דאָרט בין איך פֿאַרבליבן און אַ געוויסע פֿרוי האָט מיך געוואָלט נעמען אַלס איר קינד, אָבער עס איז געקומען אַ אַנדערע פֿרוי, וועלכע איז געווען רייכער און האָט געהאַט גרע־סערע רעכט און זי האָט מיך צוגענומען.

די דאָזיקע פֿרוי האָט געהאַט אַ צווייטן מאַן, וועלכער איז געווען אַ זון פֿון אַ דייטש און ער האָט געוואָלט זיין אַ פֿאָלקס־דויטש. דאַן האָט מען געדאַרפֿט גיין אויף אַ קאָמיסיע און די פּאַני פּרעודלאָוואַ האָט מיך געפֿרעגט, צי איך בין נישט אַמאָל אַ ייִדישקע, וואָרעם אויב יאָ, קען איך נישט גיין צו דער קאָ־מיסיע, וואָרעם מען וועט מיר נעמען בלוט פֿון אויער און מען וועט באַלד דערקענען. אָבער איך האָב זיך נישט מודה־געווען, כאָטש איך האָב בכלל נישט געהאַט קיין חשק צו גיין צו דער דאָזיקער קאָמיסיע.



דאָרט זענען געווען אייניקע דייטשן און זיי האָבן מיך אויסגעפֿרעגט פֿאַרשיידענע זאַכן, ווי איך האָב געלעבט פֿאַר דער מלחמה, אויף וואָס די מאַמע האָט געקרענקט, וואָס איך האָב געגעסן און זיי האָבן מיר געקוקט אין די אויגן און געהייסן צוריקקוקן. איך האָב געקוקט גלייך און האָב זיך געמאַכט, אַז איך האָב בכלל נישט קיין מוראַ. נאָכדעם, האָבן זיי מיך גע־הייסן גיין איבערן צימער אַהין־און־צוריק, וואָרעם לויטן גאַנג, קען מען דערקענען אַ ייִדישקע. אָבער זיי האָבן פֿון דעסוועגן נישט דערקענט, וואָרעם זיי האָבן געזאָגט, אַז איך קען זיין אַ דייטשקע.

נאָכדעם האָט מען אונדז אַרויסגעגעבן דייטשע קען־קאַרטן, אָבער דערפֿון האָט קיינער נישט געוווּסט, אפֿילו נישט די טאָכטער פֿון די פֿרוי, וועלכע איז געקומען צו פֿאָרן פֿון קראַס־ניסטאַוו. ווען מיר האָבן באַקומען די דאָזיקע דייטשע קאַרטן, האָט די פּאַני פּרעודלאָוואַ געדונגען אַ וואָגן און, מיט אַלע זאַכן, זענען מיר אַוועקגעפֿאָרן קיין מיעכאָוו. נאָכדעם זענען מיר פֿון מיעכאָוו געקומען קיין קראָקע און מיר האָבן געוווינט אויף דלוגאַ־גאַס נומער 11. ווען דער פֿראָנט האָט זיך דערנענטערט, האָט מיר די פֿרוי געזאָגט, אַז זי מוז פֿאָרן קיין ראַדאָם, קען מיך נישט מיטנעמען מיט־זיך און זי וועט מיך אָפּגעבן אין אַ יתומים־הויז.

דאָס דאָזיקע יתומים־הויז איז באַלד אויפֿן אַנדערן טאָג אַרויסגעפֿאָרן מיט אַן אויטאָ קיין פּשעטיקאָוו, ביי דער ווייסל און איך בין מיטגעפֿאָרן מיט די קינדער. אין נאָווע־בזשעסקאָ אין דער אויטאָ קאַליע־געוואָרן און מיר זענען געשטאַנען ביים רעסטאָראַן פֿון דער פּאַני פּוכאַלסקאַ, וועלכער איך בין זייער געפֿעלן און זי האָט מיך גענומען. איך בין געווען ביי איר אַזש ביזן אָנקומען פֿון די סאָוויעטן.

די פּאַני פּוכאַלסקאַ האָט אַ ביסל פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין אַ ייִדישקע, אָבער איך האָב זיך קיינמאָל נישט געוואָלט מודה־זיין. ווען די סאָוויעטן זענען געקומען, האָט מיך די פּאַני פּוכאַלסקאַ גענומען צורעדן, אַז איך זאָל זיך מודה־זיין, כדי צו קענען געפֿינען עמיצן פֿון דער משפּחה. איך האָב געוווּסט, אַז מען וועט מיר שוין גאָרנישט טון, ווייל קיין דייטשן זענען שוין נישטאָ; איך האָב געזען, אַז אַנדערע ייִדן זענען פֿאַראַן. האָב איך זיך אַלזאָ מודה־געווען און די פּאַני פּוכאַלסקאַ האָט געזאָגט דעם הער שטראָסבערג, ער זאָל מיך צונעמען קיין קראָקע. אָבער זי האָט געבעטן נישט צו זאָגן קיינעם, אַז איך בין אַ ייִדישע, ווייל מענטשן וואָלטן באַלד געזאָגט, אַז זי האָט צוגע־נומען אַ ייִדיש פֿאַרמעגן.

אין אָווענט בין איך אַוועק צום הער שטראָסבערג און אינ־דערפֿרי בין איך מיט אים אַוועקגעפֿאַרן קיין קראָקע.

מרים בוט־טייטלבוים

# מיין וועג פון וולאָדאַווער קאַשטשיאַל ביזן קיבוץ גן־שמואל

צוזאַמען מיט מיין היים האָבן די טראַגישע קינדער־יאָרן פאַרווישט אַלץ וואָס איז געווען יידיש אין מיין דענקען און פילן. די גרויזאַמע צייט האָט מיך אַריינגעוואָרפן אין גאָר אַן אַנדער, אַ פרעמדער וועלט, וואָס האָט מיך איינגעקלעמט ווי אין צוואַנגען. כ׳ווייס, אַז איך האָב געהאַט גוטע טאַטע־מאַמע, טייערע שוועסטערס און ברידער, אָבער סיי זייערע פנימער און סיי זייערע נעמען זענען פאַרשוווּנדן פון מיין זכרון, בלויז ווי שאָטנס באַגלייטן זיי מיך, וועקן פאַרלאָשענע דערינערונגען, קאָשמאַרפולע חלומות.

## דער טויט פון מיין מאַמען

איך געדענק: כ׳האָב דעמלט נישט געהאַט קיין אַנונג פון יאָר און צייט, ווי אַ פינף יאָריק קינד בין איך אָבער געווען נייגעריק זיך צוצוהערן צו אַלץ, וואָס די גרויסע רעדן און דערציילן און דאָס וואָס כ׳האָב דעמלט פון זיי געהערט רעדן צווישן זיך, האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ פחד, אַז כ׳האָב זיך שטאַרק צעוויינט; זיי האָבן איינער פאַרן אַנדערן דערציילט, אַז ס׳וועט זיין אַ מלחמה, דער באַגריף איז, וואָס אַן אמת, געווען נאָך פרעמד פאַר מיר, אָבער דאָס וואָס זיי האָבן געזאָגט, אַז די דייטשן דאַרפן קומען און זיי שלאָגן ייִדן, שניידן אָפּ אויערן, נעז און שיסן. דאָס האָט אויפגעשוידערט מיין קינדעריש וועזן און די עטלעכע וואָכן אָדער מער וואָס כ׳האָב אַלץ געהערט רעדן וועגן דעם, האָט זיך שוין די שרעק נישט אַפּגעטאָן פון מיר און אומעטום ווו איך בין געגאַנגען האָט זיך מיר אויסגעוויזן ווי אָט קומען זיי, די שלעכטע דייטשן און זיי שיסן, רייסן שטיקער פון אַלע ייִדן.

כ׳געדענק נישט ווען דאָס איז געשען, אָבער אין אַיינעם אַ טאָג זענען די דייטשן געקומען און איך בין געווען דורכ־





מרים בוט
אין דער שול פאַר קראַנקן־שוועסטער אין ישראל

גענומען מיט שרעק. איך האָב אָנגעהויבן זיך אויסבאַהאַלטן ווו נאָר איך האָב געקענט. ס׳איז געוואָרן אַ הונגער, נישט געווען וואָס צו עסן און דער טאַטע ווי די מאַמע האָבן אונדז קליינע קינדער אָנגעזאָגט, מיר זאָלן חלילה נישט וויינען, נישט שרייען, ווייל טאָמער וועלן די דייטשן דערהערן, וועלן זיי שיסן. האָן איך זיך ביסלעכווייז אויסגעלערנט פאַרבייסן מיינע קינדערישע ליפּן אַפילו אין דער גרעסטער שרעק און נישט דערלאָזט קיין קלאַנג פון אַ געוויין זאָל זיך אַרויסרייסן פון מיין מויל.

אַיינמאָל, געדענק איך, איז מיין מוטער קראַנק געוואָרן. די גרויסע האָבן געזאָגט, אַז ס׳איז אַ געפערלעכע קרענק — פלעקטיפוס און די דייטשן האָבן פאַרהאַקט אונדזער שטוב מיט ברעטער און „פאַרפעטשאַטעוועט". מיר אַלע זענען געווען אינעווייניק. קיין דאָקטאָר איז נישט געקומען. מיין מאַמע האָט עפּעס גערעדט אַזעלכע אומפאַרשטענדלעכע ווערטער, די גרויסע האָבן געזאָגט אַז זי רעדט פון היץ.

אַיינמאָל איז געוואָרן אַ גרויס געשריי. דאָס האָבן געשריגן מיין טאַטע און די גרעסטע שוועסטער און ברידער. דער טאַטע האָט צוגעלייגט אַ פעדער צו דער מאַמעס נאָז, האָט פאַרבראַכן די הענט און געזאָגט, אַז די מאַמע איז געשטאָרבן.

מיר, אַלע קינדער, האָבן זיך שרעקלעך צעוויינט, אויך איך האָב שוין געוווּסט וואָס עס הייסט שטאַרבן, ווייל כ׳האָב עס געזען ביי אונדזערס אַ שכנה, וואָס איז געשטאָרבן און מענטשן האָבן געזאָגט אַז עס איז פון הונגער. איך האָב דערפאַר שטאַרק געקלאָגט.

נאָכן טויט פון מיין מאַמען איז געקומען דער סאָלטיס, האָט צוזאַמענגענומען אַלע יידן פון דובעטשנע. ווען דער סאָלטיס איז אַריינגעקומען צו אונדז, בין איך געווען מיט מיין קליין ברודערל און שוועסטערל, די עלטערע זענען גראָד אין שטוב נישט געווען. דער טאַטע האָט מיך געגלעט איבערן קעפּל און פון זיינע אויגן האָבן געריננען טרערן. דערנאָך האָט ער געקושט מיך און אויך די אַנדערע קינדער. די קלענערע קינדער, וועלכע ער האָט ביידע גענומען מיט זיך, דאָס קלענערע אויף דער האַנט און דאָס גרעסערע געפירט ביים הענטל און צוזאַמען מיט זיי אַרויס פון שטוב.

איך בין נאָכגעלאָפן דעם טאַטן, געוואָלט מיט אים מיטגיין, אָבער ער האָט מיך צוריקגעטריבן און אָנגעזאָגט:

„אויב דו וועסט אַמאָל זיין געזונט און לעבן, זאָלסטו וויסן, אַז דיין נאָמען איז מרים און דער פאַמיליע־נאָמען בוט און ווו דו וועסט נאָר אָנטרעפן אַזאַ פאַמיליע, זאָלסטו וויסן, אַז דאָס איז אונדזער משפחה”.

דער טאַטע האָט מיך ווידער געקושט און אַרומגענומען. די טרערן האָבן נישט אויפגעהערט רינען איבער זיין פּנים. אויך איך האָב זיך שטאַרק צעוויינט. דער טאַטע האָט מיך איינגעשטילט און געהייסן מיר גלייך צוריקלויפן אין שטוב אַריין זיך באַהאַלטן. כ׳ווייס נישט, צי האָט דער סאָלטיס אים געהייסן נעמען די צוויי קלענערע קינדער מיט זיך אָדער ער האָט זיי אַליין מיטגענומען?

ווי נאָר כ׳האָב אויסגעדרייט זיך אויף צוריק האָב איך פון דער וויטנס דערזען צוויי דייטשן אויף פערד. כ׳בין אַנטלאָפן אין דער ריכטונג פון אונדזער שטוב, אַריין צו אַ גויישער שכנה לעבן אונדז, כ׳האָב זי געבעטן, זי זאָל מיך באַהאַלטן, האָט זי מיך אַרויסגעטריבן פון שטוב. נישט האָבנדיק קיין ברירה בין איך אַריין צו אונדז אין הויז, זיך אַרונטערגעלייגט אונטערן בעט. דאָרט בין איך געלעגן ביז ס׳זענען געקומען מיינע עלטערע ברידער און שוועסטער און זיי האָבן מיך דערנאָך אַוועקגעפירט אין דאָרף האַנסק אין דער גמינע, איבערגעלאָזט מיך ביי אַ קריסטין, קאַרפּידלאָווסקאַ, אַן אלמנה. מיין ברודער ראובן האָבן זיי אַוועקגעפירט צו דער קריסטינס אַ ברודער, זאַבאַרסקי.

זיי האָבן מיר אָנגעזאָגט, איך זאָל נאָר רעדן פּויליש און חלילה זיך נישט אַרויסכאַפּן מיט אַ יידיש וואָרט. זיי האָבן מיך געקושט, געוויינט, נאָר מיר האָבן זיי פאַרבאָטן צו וויינען...



די קריסטין האָט געהאַט אַ חתונה־געהאַטע טאָכטער אין לובלין און דאָ, ביי איר אין שטוב, האָט געוווינט אַ פּאָליציאַנט, אַ פאָלקס־דייטש (אַזוי האָט זי מיר דערציילט און געהייסן זיך היטן פאַר אים), זי האָט מיר אויך געזאָגט, איך זאָל וואָס ווייניקער אַרויסגיין אין דרויסן און זאָל וואָס ווייניקער רעדן, ווייל איך רעד נישט גוט פּויליש.

איך בין געווען אַ קינד פון פינף יאָר און שוין דעמאָלט צוגעזען די אַלע צרות, וואָס די דייטשן האָבן אָפּגעטאָן אונדזערע יידן, אַרויסגעטריבן זיי פון זייערע הייזער, געשלאָגן, געשטויסן, געשלעפּט זיי ערגעץ ווייט אַוועק. דאָס אַלץ האָט מיך פאַר דער צייט פאַרעלטערט און פאַרהאַרטעוועט. כ׳האָב געוווּסט, אַז מען טאָר נישט וויינען, האָב איך צוזאַמענגעדרוקט מיינע ליפּן, פאַרקוועטשט די קינדערישע ציין. ערשט ווען מיינע נאָענטסטע זענען אינגאַנצן פאַרשוווּנדן פון מיינע אויגן, האָב איך מער נישט געקענט זיך איינהאַלטן פון וויינען. מיין קינדערישער כח איז שוואַכער געווען פאַר מיין פּריצייטיק פאַרעלטערטן געדאַנק און כ׳האָב פּלוצים אַרויסגעפּלאַצט אין אַ שרעקלעך געוויין. די קריסטין, האָט, ווייזט אויס, זיך זייער דערשראָקן, ווייל זי האָט מיר פּשוט מיט די הענט צוגעהאַלטן דאָס מויל און געקוקט אין אַלע זייטן, איינגענעמענדיק מיך מיט גוטע רייד און געזאָגט, אַז מיר וועט ביי איר גוט זיין, זי וועט מיך האַלטן ווי אַן אייגן קינד און איך זאָל נישט וויינען, מ׳טאָר נישט וויינען, די דייטשן קענען נאָך קומען און אַלע פאַרברענען...

איינמאָל האָב איך פּלוצעם דערזען דורכן פענצטער דעם פּאָליציאַנט, וואָס האָט געוווינט ביי איר און כ׳האָב מיט איינמאָל אויפגעהערט וויינען. כ׳האָב זיך פאַרשטעלט די אויגן, דאָס פּנים מיט ביידע הענטלעך, ער זאָל מיר נישט זען. ער איז אָבער נישט אַריינגעקומען, נאָר אַוועקגעגאַנגען זיין וועג.

איצט האָט די קריסטין אָנגעהויבן איינחזרן מיט מיר אַ נייעם פאַמיליע־נאָמען מיט נייע טאַטע־מאַמע; יעדן האָב איך געדאַרפט זאָגן, אויב מ׳וועט מיר פרעגן, אַז כ׳בין געבוירן געוואָרן אין וולאָדאַווע ביי אַ דאָקטאָר פּענטשאַק און אַז בעת מיין געבורט איז מיין מוטער געשטאָרבן. דאָס האָט זי מיר אַ סך מאָל אַריינגעקלאַפּט אין קאָפּ אַריין, פּונקט ווי זי האָט מיר עטלעכע מאָל טעגלעך, געלערנט זיך צלמען און זאָגן „פּאַטשעזש”. זי פלעג מיר זאָגן, אַז איך זאָל זייער פיל זיך „מאָדליען” און בעטן ביים „פּאַן יעזוס” און ביי דער „הייליקער מאַמען”, וועלן זיי מאַכן, איך זאָל זיין געזונט און לעבן.

איינמאָל האָט זי מיר מיינע פּעכשוואַרצע האָר אָפּגעפאַרבט אויף בלאָנד. אַריינקוקנדיק אין שפּיגעלע, האָב איך זיך אַליין נישט דערקענט.

איך פלעג ביי איר פּאַשען אירע בהמות. אָנגעטאָן בין

איך געווען אין אַלטע פֿויערישע קליידלעך. מיין ברודער ראובן פֿלעגט קומען צו מיר אויפֿן פֿעלד, אָנגעטאָן אין אַ פֿויעריש מאַרינאַרקעלע, ער איז געווען העכער פֿאַר מיר און ווען ער איז געקומען, האָבן איך זיך געפֿילט מער זיכערער, אין אים האָב איך געזען אַ שוץ קעגן אָט דער פֿאַר מיר פֿרעמדער וועלט, הגם ער האָט אַפֿילו זיך אַליין נאָך נישט געקענט באַשיצן. בסך־הכל איז ער געווען עלטער פֿון מיר מיט אַ פֿיר יאָר, דאָך האָט זיין אָנוועזנהייט, אויך ווען איך פֿלעג קומען צו אים אויף דער פּאַשע, צוגעגעבן מיר פֿיל מוט און כוח.

פּלוצעם האָט ער אויפֿגעהערט קומען צו מיר און ווען איך בין איינמאָל געגאַנגען אַהין צו אים אויף דער פּאַשע, האָב איך דאָרט געטראָפֿן אַ גויאיש שגצל און כ׳האָב גאָרנישט געקענט געוויער ווערן ווו מיין ברודער ראובן איז אַהינגעקומען. מיין קינדעריש הערצל האָט מיר אָנגעזאָגט פֿיל שלעכטס. כ׳האָב געפּרוווט פֿרעגן מיין באַלעבאָסטע, אָבער זי האָט אויסגעמיטן אַ קלאָרן ענטפֿער און נאָר געזאָגט:

„היינטיקע צייטן, מיין קינד, איז גוט ווען מען קען טראַכטן וועגן זיך, ער וועט נאָך קומען, דיין ברודער”.

פֿון דעמאָלט אָן האָב איך פֿאַרלוירן מיין מוט, נישט געקענט עסן און אין די נעכט שטיל געוויינט אויף מיין שטרוי־געלעגער אין קעמערל.

די טאָג־טעגלעכע לערע פֿון מיין באַלעבאָסטע, וואָס איז, ווייזט אויס, געווען זייער פֿרום, האָט געטאָן דאָס איריקע; זי האָט מיך געשטראָפֿט פֿאַר מיין אָפֿטן פֿרעגן זיך אויף מיין ברודער און מיר רק געהייסן זיך „מאָדליען”, געהייסן מיר פֿאַרגעסן אין אַלץ וואָס איז געווען ביז מיט אַ יאָר צוריק. היינט בין איך דאָך דאָקטאָר פּענטשאַקס אַ טאָכטער און ווי אַזעלכע דאַרף איך זיך האַלטן. מיינע האָר וואָס זענען אָפּגעקראָכן, האָט זי נאָכאַמאָל אָפּגעשמירט מיט יענער כישופֿדיקער פֿאַרב, וואָס האָט מיך באַלד געמאַכט בלאָנד, ווי זייערע שיקסלעך. אַז איר איז דאָס געראָטן, האָט זי מיר געגלעט דאָס קעפּל: „יעסטעש לאַדנאַ!”

די אַלע אירע לערעס און מאָדליטוועס פֿון פֿרימאָרגן ביז נאַכט צום שלאָפֿן גיין, האָבן אָנגעהויבן ווירקן און זיך איינקריצן אין מיין גאַנצן קינדערישן באַנעם. די פֿרעמדע וועלט מיט אירע נייע באַגריפֿן און טראַדיציעס האָבן מיר געמאַכט פֿאַרגעסן מיין פֿריערדיקע יידישע וועלט מיט מיין טאַטנס און מאַמעס רעליגיעזע פֿירונגען. מיין טאַטנס טלית און תפֿילין, וואָס איך פֿלעג אים זען אין זיי יעדן פֿרימאָרגן שטיין און שאָקלען זיך איבערן סידור, איז איצט געוואָרן פֿאַרביטן מיט די איקאָנעס פֿון „פּאַן יעזוס”, מאַטקאַ באָסקאַ” און אַנדערע הייליקע, וואָס האָבן באַצירט די ווענט פֿון דער קריסטינס דריי גרויסע צימערן. דעם יידישן „מודה אני”, וואָס מיין



מאַמע האָט מיט מיר געלערנט, האָט מיר איצט פֿאַרביטן דער „פּאַטשעזש”, קניענדיק פֿאַר יעזוסעס בילד. ביסלעכווייז האָט עס פֿאַרווישט פֿון מיין זכרון אַלע מנהגים און פֿירונגען וואָס כ׳האָב געדענקט פֿון מיין היים. אין לויף פֿון דער צייט האָב איך אויך פֿאַרגעסן מיינע עלטערן, מיינע ברידער און שוועסטער, מיין זיידע־באָבע, אַפֿילו מיין ברודער ראובן. איך בין שוין געווען אַ פּולקאָם פּויליש קינד, געקענט דעם „פּאַטשעזש” און אַלע אַנדערע „מאָדליטוועס” און צלמען זיך בעסער פֿאַר אַלע אַנדערע פּוילישע קינדער. די באַלעבאָסטע איז געווען פֿון מיר צופֿרידן.

איינמאָל האָט זי מיר געשיקט צו אירס אַ משפּחה אין וואַלד אַריין, איך זאָל דאָרט זיין עטלעכע טעג. ווייזט אויס, אַז זי האָט עפּעס מורא געהאַט. דאָרט זענען גראָד געווען אַנדערע פּוילישע מענטשן און איינער פֿון זיי האָט געזאָגט, אַז איך בין אוודאי אַ יידיש קינד, ווייל איך רעד פּויליש ווי אַ זשידאָוואַ... די באַלעבאָסטע האָט מיך גלייך באַהאַלטן ערגעץ אין וואַלד. אויפֿן אַנדערן טאָג איז מען טאַקע געקומען זוכן צו איר. איך בין שוין דאָרט נישט געווען.

אַן אַנדער מאָל האָט זי מיר געשיקט צו איר ברודער זאַבאַרסקי, דאָרט ווו מיין ברודער ראובן איז געווען באַהאַלטן. איך בין דאָרט געווען עטלעכע טעג, נאָר איינמאָל האָבן זיי מיך אַריינגעלייגט אין אַ קאָפּיעץ קאַרטאָפֿל, מיך איינגעדעקט מיט שטרוי. דאָרט בין איך געלעגן עטלעכע שעה, שפּעטער בין איך צוריקגעגאַנגען צו מיין פֿריערדיקער באַלעבאָסטע.

איינמאָל האָט זי מיך געשיקט צו אירן אַ שכן, וואָס האָט געהייסן דעם זעלבן פֿאַמיליע־נאָמען וואָס איך — פּענטשאַק. דאָרט בין איך געווען פֿריי, זיך אַרומגעדרייט אויפֿן הויף. אַמאָל בין איך אַרויפֿגעגאַנגען אויף אַ בוידעם פֿון אַ דערנעבנדיקער שטאַל, האָב איך געטראָפֿן עטלעכע מענטשן, מענער און פֿרויען, כ׳געדענק נישט, צי איך האָב יאָ פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען יידן, וואָס באַהאַלטן זיך אויס פֿאַר די דייטשן. איך האָב זיי צוויי מאָל אַפֿילו אַרויפֿגעטראָגן עפּעס עסן. שפּעטער האָב איך געהערט אין שטוב ביי די פּענטשאַקס רעדן וועגן יענע מענטשן. דער פּענטשאַק איז געווען זייער אַ שלעכטער, נאָר זיין פֿרוי איז געווען אַ גוטע. דערנאָך האָט מיין באַלעבאָסטע מיר דערציילט, אַז זיי האָבן צוגענומען ביי די מענטשן זייער פֿיל זאַכן און געלט און שפּעטער האָבן זיי אַלע מענטשן אויסגעגעבן די דייטשן...

איינמאָל, אין אַ זונטיק איז די קריסטין אַוועק אין קאָשטשיאָל און מיך דאָס מאָל נישט מיטגענומען, נאָר געהייסן אַריינגיין אין קעמערל און פֿון דאָרט נישט אַרויסגיין ביז זי וועט צוריקקומען. ווייזט אויס, אַז ס׳האָט זיך דעמאָלט געמאַכט זייער שטרענג, איך האָב אָבער גאָרנישט געוווסט און

נישט פאַרשטאַנען. איך בין אַרויסגעגאַנגען פון קעמערל, זיך געשפּילט אין דרויסן.

עטלעכע טעג שפּעטער, די קריסטין איז אין שטוב גראָד נישט געווען, האָב איך דורכן פענצטער דערזען גיין פּוילישע פּאָליציאַנטן. כ'האָב זיך דערשראָקן און אַרונטערגעקראָכן אונ־טערן בעטגעוואַנט פון בעט. זיי זענען אַריינגעקומען און מיך אויסגעפינען. אויף זייער פראַגע, ווער עס האָט מיך געהייסן אַריינגיין אין בעט, האָב איך געענטפערט, אַז איך האָב זיך דערשראָקן. זיי האָבן מיך אַוועקגעפירט אויפן פּאָסטערונעק, גערופן די קאַרפּידלאָווסקאַ, זי געפרעגט פון וואַנען איך קום צו איר און זי האָט אַלץ אָפּגעלייקנט, געזאָגט אַז זי ווייס גאָרנישט ווי אַזוי איך קום צו איר אין שטוב, עס קען זיין, אַז זי איז נישט געווען, בין איך אַריין צו איר. איך האָב דאָס געהערט און האָב געשוויגן.

אויפן פּאָסטערונעק האָבן זיי מיך געמאַטערט, איך זאָל זיי זאָגן ווער איך בין און ווו קום איך צו דער קאַרפּידלאָסקין. איך האָב זיי באַלד געזאָגט דעם פּזמון, וואָס די קריסטין האָט מיך אויסגעלערנט, אַז איך בין דאָקטאָרס פענטשאַקס אַ טאָכטער, בין געבוירן אין וולאָדאַווע און מיין מאַמע איז גע־שטאָרבן בעת מיין געבוירן ווערן, און דאָ, צו דער קריסטין, האָב איך צופעליק אַריינגעטראָפן.

דער קאָמענדאַנט פון דער פּוילישער פּאָליציי האָט אָבער קאַטעגאָריש געזאָגט, אַז ער קען מיך, איך בין אברהם בוטס טעכטערל, וואָס האָט געהאַנדלט מיט פלייש אין דובעטשנע. נאָר אינמיטן דערינען האָט מען דעם קאָמענדאַנט אָפּגערופן אין טעלעפאָן, ער איז אַוועק און מיך האָבן זיי איינגעזעצט אין אַרעסט, דאָרט געהאַלטן עטלעכע טעג. זיי האָבן מיר אַפילו נישט אַריינגעגעבן קיין עסן, נאָר די קריסטין פלעגט מיר ברענגען עפּעס עסן און טרינקען. נאָר שפּעטער האָט זי אויפגעהערט קומען. זעט אויס, אַז זי האָט מורא געקריגן.

ווען דער קאָמענדאַנט איז צוריקגעקומען, האָט ער אַליין מיך אָפּגעפירט קיין וולאָדאַווע צו די דייטשן.

עס איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט. אים איז, ווייזט אויס, קאַלט געווען, איז ער אַראָפּ אין אַ כאַטע און אויך מיך מיטגענומען. די פּויערטע פון הויז האָט צו אים געזאָגט:

„פּאַניע קאָמענדאַנציע, מיר פירן קעלבלעך פאַרן דייטשן קאָנטינגענט און איר פירט אַ זשידוווקע...

אין וולאָדאַווע האָט מיך דער קאָמענדאַנט איבערגעגעבן אין אַ גרויס, גרין געמאָלט הויז, וואָס איז געווען אַרומגענומען מיט אַ גרינעם פּלויט. דריי דייטשן האָבן זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ טיש און אַלע דריי מיטאַמאָל האָבן אָנגעהויבן רעדן, איינער דייטש, דער אַנדערער פּויליש און דער דריטער — יידיש. זיי האָבן מיך געוואָלט אויספּרווון אין וועלכער שפּראַך איך וועל פאַרשטיין און ווי אַזוי איך וועל זיי ענטפערן. איך



בין געזעסן ווי אַ שטומע, ווי נישט מיך מיינט מען. דערנאָך האָט איינער פון זיי אָנגעהויבן רעדן צו מיר פּויליש, איך האָב אים איצט יאָ געענטפערט. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט דייטש. איינער פון זיי איז געווען ביי דער מיינונג, אַז איך בין אַ קריסטלעך קינד, אָבער די אַנדערע האָבן נישט מסכים געווען און זיי האָבן מיך ווידער געפרעגט אין פּויליש אויך מיין פאַמיליע, האָב איך זיי געזאָגט. דאַן האָבן זיי מיך אי־בערגעגעבן צו אַ פערטן, אַ פאָלקס־דייטש. זיי האָבן אים געזאָגט, ער זאָל מיך פירן צו יענעם פענטשאַקס זון, וואָס וווינט אין שטאָט. כ'האָב אַלץ פאַרשטאַנען, אָבער קיין אייך נערוו פון מיין פּנים האָט זיך נישט קיין באַוועג געטאָן, איך זאָל זיך נישט אויסגעבן, אַז איך פאַרשטיין וואָס זיי רעדן.

ווען דער פאָלקס־דייטש האָט מיך געבראַנגט צו פענ־טשאַקס זון, אַ באַאַמטער אין שטאָט, האָט ער מיך גלייך דערקענט און האָט געזאָגט, אמת, אַז ער קען מיך פון דאָרף, אָבער ער ווייס נישט, צי איך בין פון זייער משפּחה, אויך ווייס ער נישט, צי בין איך אַ פּוילישע אָדער אַ יידישע, אָבער לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן און לויט זיין מיינונג בין איך אוודאי אַ קריסטלעך מיידעלע, חייל איך הייס דאָך אַן אמת פּוילישן פאַמיליע־נאָמען...

אויסגעהערט פענטשאַקן, האָט מיך דער פאָלקס־דייטש געפירט צום וולאָדאַווער גלח. ער איז גראָד אין דער היים נישט געווען, נאָר אין אַ ראַזורע, האָט ער מיך דאָרט געפירט. אין דער ראַזורע האָבן זיך געפונען פיל פּאָליאַקן. דער גלח האָט מיך אויסגעפרעגט און אויסגעפּרווט אין די מאָדליטוועס, ביי וועלכע איך האָב גוט אויסגעהאַלטן. דער פאָלקס־דייטש צוזאַמען מיטן גלח האָבן אַרויסגעזאָגט זייער מיינונג, אַז איך בין באמת אַ קריסטלעך קינד און עס איז אַ שאָד וואָס מען מאַטערט מיך אומזיסט.

פלוצים האָט זיך איינער אַ פּאָליאַק אויפגעשטעלט און געזאָגט, אַז דאָס וואָס איך זאָג גיך און גוט די מאָדליטוועס, דאָס דווקא געפעלט אים נישט, דאָס איז אַ סימן, אַז זי איז נישט קיין אונדזעריקע, נאָר אַ יידישע, ווייל אונדזערס אַ קינד איז נישט אַזוי דרייסט און קען נישט אַזוי גוט די מאָד־ליטוועס, דאָס קען נאָר קענען אַ יידיש קעפּעלע...

איך געדענק נישט וואָס עס האָט זיך דעמלט געטאָן אין מיין זעקס יעריק קינדעריש הערצל. נאָר אַזוי ווי ער האָט דאָס אַרויסגעזאָגט, זענען אַלע אָנגעפאַלן אויף אים; געזאָגט, אַז דאָס איז נישט קיין ראיה און אויך זייערע קינדער קענען גוט און גיך „פּאַטשעזש”. צו זיי איז אויך צוגעשטאַנען דער קשיאַנדז און דער פאָלקס דייטש.

דאָך בין איך נאָך נישט אַרויס פון געפאַר; דער פאָלקס דייטש האָט געהאַט אַ באַפעל פון דער געסטאַפּאָ, ער זאָל מיך נאָך אויספּרווון אויף אַנדערע וועגן. איצט האָט ער מיך

אַוועקגעפירט אין וולאָדאַווער געטאָ, איבערגעגעבן צו ייִדן און זיי געמאַכט פאַראַנטוואָרטלעך פאַר מיר, אויב מיר וועט עפּעס געשען אָדער איך וועל ערגעצוווּ פאַרשווינדן.

איך געדענק עס ווי איצט, עס זענען צו מיר צוגעקומען ייִדן מיט בערד, גערעדט צו מיר ייִדיש, זיך אויסגעפרעגט, וואָס כ׳האָב אַלץ פאַרשטאַנען, אָבער איך בין געבליבן ווי פאַרשטיינערט אויף זייערע פראַגעס. שפּעטער ווען זיי האָבן צו מיר גערעדט פּויליש, האָב איך זיי יאָ געענטפערט און אויך זיי דערציילט, אַז איך בין דאָקטאָר פּענטשאַקס אַ טאָכטער... די ייִדן האָבן מיר געגעבן עסן און מיך געהיטן, ס׳זאָל מיר קיין שלעכטס נישט געשען.

נאָך עטלעכע טעג זיין אין געטאָ, איז ווידער געקומען דער זעלבער פאָלקסדייטש און, ווייזט אויס, אַז זיין פּרוּוון מיך איז נישט געלונגען, ווייל קיינער האָט מיך דאָרט נישט דערקענט און איך האָב נאָר גערעדט פּויליש, האָט ער מיך איבערגעגעבן צוריק אינעם גרינעם הויז. דאָרט האָבן די דייטשן מיך אַיינגעזעצט אינעם קעלער אונטערן הויז. איך בין געווען הונגעריק און דורשטיק, ס׳איז מיר געווען קאַלט. פון אויבן האָבן זיך צו מיר דערטראַגן דאָס שפּילן פון אַ ראַדיאָ און שטאַרקע געלעכטערס, איך אָבער בין געווען שטאַרק טרויעריק און שטיל, שטיל געוויינט אויף מיינע אַלע צרות.

איך געדענק נישט ווי לאַנג זיי האָבן מיך געהאַלטן אין קעלער, נאָר אַיינמאָל באַטאָג איז ווידער דער זעלבער פאָלקסדייטש געקומען, מיך פון דאָרט אַרויסגענומען און אַוועקגעפירט מיך צום קשיאָנדז. ביי אים איז מיר געווען זייער גוט. ער האָט אָנגעזאָגט זיין באַלעבאָסטע, זי זאָל מיר געבן עסן און טרינקען, נאָר זי זאָל מיך נישט אַרויסלאָזן פון שטוב און צו מיר פלעגט ער זאָגן, קוקנדיק אויף מיינע פּעכשוואַרצע האָר: „זע׳ דיינע האָר זענען דאָך נישט אַזוי שוואַרץ, אָבער דו דאַרפסט נישט ארויסגיין, טאָמער וועלן דיר די ייִדן נאָך דערקענען”.

דאָס זאָגנדיק, האָט ער געשמייכלט.

נאָכדעם ווי איך בין שוין געווען ביים קשיאָנדז, האָבן די דייטשן ווידער אָנגעהויבן זוכן מיינע מעטריקעס. מיין גוטע פריערדיקע באַלעבאָסטע, די קריסטין קאַרפּידלאָווסקאָ, האָט שוין אויך דאָס געהאַט צוגעגרייט, זי האָט געזאָגט, אַז געבוירן בין איך טאַקע ווי זי ווייסט, אין וולאָדאַווע, אָבער מיינע „כשצינעס” זענען געווען אין האַנסק. מען האָט טעלעפאָנירט צום גלח אין האַנסק און ער האָט געענפערט, אַז ס׳איז באמת פאַרשריבן דאָרט אין די ביכער אַ מיידעלע מיטן נאָמען מאַרישאַ פּענטשאַק...

איך קען זיך נישט דערמאַנען ווי לאַנג איך בין געווען ביים גלח, אָבער דאָס געדענק איך, אַז זייער פיל מאָל האָב איך „געקלענטשעט” ביים אַלטאַר און פיל מאָל דאָרט געבעטן



ביים „פּאַן יעזוס און אַלע הייליקע”. איך פלעג אויך דאָרט טרעפן נאָך עטלעכע קינדער׳ וואָס זענען געווען אָן עלטערן, כ׳האָב אָבער קיינמאָל נישט געטראַכט וועגן זיי און קיינמאָל זיך נישט געפרעגט ביי זיי ווער זיי זענען. היינט גלויב איך, אַז דאָס זענען אויך געווען אַזעלכע ייִדישע קינדער׳ געיאָגטע און גערודעפטע, וואָס האָבן אויך, ווי איך, פאַרגעסן אין זייער אָפּשטאַם. שפּעטער האָב איך געזען ווי עס קומען פּויערים און נעמען מיט זיך אַ קינד, ביז זיי זענען שוין מער אין קאָשטשאָל נישט געקומען.

אַיינמאָל איז צום גלח געקומען אַ קריסטין פון וולאָדאַווע. זי האָט לאַנג מיט אים גערעדט און פון מאָל צו מאָל אָנגעוויזן אויף מיר. דערנאָך איז ער צוגעקומען צו מיר און געזאָגט, איך זאָל גיין מיט דער מומען, ביי איר וועט מיר גוט זיין און איך זאָל אים נישט פאַרגעסן. איך האָב „געקלענטשעט”, געקושט אים און האַנט און טרערן האָבן זיך מיר געשטעלט אין מיינע אויגן. מיר איז דאָס מאָל אַ שאָד געווען צו פאַרלאָזן דאָס הויז, ווו ס׳איז מיר אַזוי גוט געווען און ווו איך האָב זיך געפילט זייער זיכער. ער האָט דאָס באַמערקט און מיר געגלעט מיינע האָר:

„זאָרג נישט, קינד, ס׳וועט דיר ביי דער מומען גוט זיין”.

ביי דער קריסטין זענען געווען אַ דערוואַקסן ייִנגל מיט אַ מיידל. זיי זענען געגאַנגען אין שול און איך האָב געפּאַשעט די בהמות. זי פלעגט מיך פיל מאָל פאָרשן׳ צי איך בין אַ ייִדישע, אָבער איך האָב זיך שטענדיק ארויסגעדרייט. דעם אמת געזאָגט, האָב איך שוין אַליין נישט געגלויבט, אַז איך בין אַ ייִדישע, ווייל דאָס ייִדיש לשון האָב איך שוין כמעט אינגאַנצן געהאַט פאַרגעסן. די היים מיינע איז מיר גענצלעך אַרויס פון מיינע געדאַנקען.

פּלוצים איז איר מאַן קראַנק געוואָרן און געשטאָרבן. זי האָט מיך מער נישט געקאָנט האַלטן און האָט מיך איבערגעגעבן צו אַן אַנדערע קריסטין, וואָס האָט געוווינט נעבן בוג. יענע האָט געהאַט אַ דריי יעריק ייִנגעלע׳ וואָס איך האָב געהיטן און זי איז געשטאַנען אין איר זיסוואַרג־געוועלב אין שטאָט אויפן מאַרק. זייער פיל מאָל בין איך מיט איר געשטאַנען אין געוועלב.

צו איר איז שטוב פלעגן קומען דייטשן. שפּעטער האָב איך געהערט ווי זי דערציילט, אַז זי האָט דאָ און דאָרט געפונען ייִדן און די שכנים פלעגן זאָגן׳ אַז זי האָט שוין פיל ייִדן אויסגעגעבן צו די דייטשן. אַיינמאָל באַנאַכט איז געקומען אַ דייטש מיט אַ הונט. איך בין שוין געלעגן אין בעט. דער הונט איז אַרומגעשפּרונגען אַרום בעט און מיך באַשמעקט פון אַלע זייטן. איך בין געלעגן אין איין ציטערניש ביז ער איז אַוועק פון מיר.

אַ געוויס מאָל זענען ווי שטענדיק געקומען דייטשן צו

איר. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן און בין אַרײַנגעלאָפן צו אַ שכנה זיך באַהאַלטן, דאָרט האָבן זײ מיך געפרעגט וועגן די דײַטשן און איך געדענק נישט ביזן הײַנטיקן טאָג וואָס כ׳האָב זײ געענטפערט, נאָר ס׳ווײַזט אויס, אַז דאָס האָט עפּעס געמוזט זײַן אַזעלכעס וואָס האָט באַליידיקט מײַן באַלעבאָסטע, ווײַל ווען יענע האָבן איר דאָס איבערגעגעבן, האָט זי אין זעלביקן טאָג מיר געזאָגט, אַז מער קען זי מיך נישט האַלטן...

כ׳געדענק נישט ווי אַזוי און ווען איך בין אָנגעקומען צו אַ פּויער אין דאָרף סאָביבאָר. ער מיט זײַן ווײַב פלעגן אַוועקגיין אין פעלד אַרבעטן און איך בין געבליבן בײַ די קינדער. די פּויערטע האָט געהאַט כמעט די זעלבע פּעכ־שוואַרצע האָר וואָס איך. איז מיר בײַ זײ נישט שלעכט געווען. דאָרט האָב איך געהערט רעדן וועגן די סאָביבאָרער אויוונס און גאַזן וווּ מען פאַרברענט די ייִדן. אין יענער צײַט האָב איך שוין גאָרנישט געדענקט וועגן מײַן ייִדישן אָפּשטאַם.

אײַנמאָל ווען זײ זענען פרײַ אַ הײם געקומען, האָב איך זיך אַוועקגעגנבעט פון שטוב, אַרײַן אין וואַלד און געגאַנגען אין יענער ריכטונג וווּ איך בין שוין אַמאָל געווען מיט זײ מיט די בהמות. גאָר נאָענט האָט מען נישט געטאָרט צו גיין, אַזוי האָבן מיר דעמלט געזאָגט מײַנע באַלעבאַטים, בין איך אַזוי געשטאַנען פון ווײַטן, געקוקט מיט מײַנע קינדערישע אויגן אַהין צום וואַלד וווּ עס האָבן בעדאַרפן זײַן די אויוונס, געקוקט, אָבער גאָרנישט געזען און עפּעס נישט פאַרשטענדלעך פאַר זיך אַליין האָבן מײַנע אויגן אָנגעהויבן גיסן טרערן.

שפּעטער אָבער, ווען כ׳פלעג מיך ווידער אַרויסגנבענען און גיין אין יענער ריכטונג, וווּ איך האָב שוין געזען די הײַזער און אײַנמאָל אויך געזען אַ שטאַרק שוואַרצן רויך, וואָס האָט זיך געטראָגן איבערן וואַלד, איז מיר דאָס מאָל באַפאַלן אַ גרויסע שרעק, כ׳האָב זיך אײַנגעהאַלטן מיט אַלע כחות נישט אַרויסצושרײַען אין אַ געוואַלד און בין אַנטלאָפן צוריק צום דאָרף. ווען די באַבע דעם פּויערס האָט מיך דערזען, האָט זי זיך דערשראָקן פאַר מײַן אויסזען. נאָך אַ פיל מאָל איבערפרעגן זיך בײַ מיר וואָס ס׳איז געשען, האָב איך איר אַלץ דערציילט וווּ איך בין געווען און וואָס כ׳האָב געזען. זי האָט מיך אויסגעשטראָפט פאַר מײַן גיין אַהין און מיר אָנגעזאָגט, אויב וועל איך נאָכאַמאָל וואַגן צו גיין אַהין, וועט זי מיך אַרויסטרײַבן פון שטוב. נאָכדעם מאָל בין איך געלעגן קראַנק עטלעכע טעג און די פּויערטע האָט מיר זייער גוט צוגעהיטן. מער בין איך שוין צו יענעם אָרט נישט געגאַנגען...

## שיסערײַ און שריפות

כ׳געדענק נישט ווי אַזוי איך בין צוריקגעקומען קיין וולאָדאַווע און פון דאָרט האָט מיך אַ פּויער מיטגענומען



קיין קשיוואָוויעזשבי, אַן אוקראַיניש דאָרף, וווּהין מיר זענען געפאָרן מיט אַ פור און דער פּויער האָט מיך אַרײַנגעגעבן צו אַ פּויערטע, ווערמענס מאַן איז דערהרגעט געוואָרן מיט עטלעכע וואָכן צוריק. בײַ איר בין איך געווען אַ געוויסע צײַט און זיך גאַנץ גוט געפילט. זי האָט מיך נישט שלעכט באַהאַנדלט. אײַנמאָל האָבן פּאַרטיזאַנער געברענגט צו איר אַ געפאַנגענעם דײַטש און איבערגעלאָזט אים בײַ איר אין שטוב מיטן שטרענגן אָנזאָג, אַז זי זאָל אים היטן. אין פאַל ווען ער וועט אַנטלויפן, וועלן זײ פאַרברענען איר שטוב. מיט אַן ערך אַכט טעג שפּעטער זענען געקומען די פּאַרטיזאַנער, האָבן אים אַרויסגעפירט הינטער דער שטאַל און אים דערשאָסן. איך האָב פאַרשטאַנען, אַז די פּאַרטיזאַנער טוען ריכטיק, אָבער מיך האָט די גאַנצע צײַט נישט אויפגעהערט צו שוידערן.

אין דעם זעלבן דאָרף, אין אַ שכנותדיק הויז, איז אויך געווען אַ מיידל, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זײַן אַ ייִדישע. איך האָב זיך מיט איר באַפרײַנדעט, אָבער אויף אַלע מײַנע פראַגן ווער זי איז, האָט זי מיר געענטפערט אויסמײַדנדיק, געזאָגט, אַז זי האָט ערגעץ משפּחה, נאָר זײ האָבן נישט קיין צײַט צו קומען צו איר. פּונקט ווי איך האָט זי אויך געפּאַשעט די בהמות פון די פּויערים, בײַ וועלכע זי האָט זיך אויפגעהאַלטן, אָבער נישט געקוקט דערויף וואָס מיר האָבן זיך אַזוי אָפט געזען, האָט זי זיך בשום אופן נישט אויסגעגעבן.

אײַנמאָל האָט זיך אין אַנדערן עק דאָרף אָנגעצונדן אַ פײַער און מער ווי אַ האַלב דאָרף איז אַוועק מיטן רויך. די פּויערים האָבן צווישן זיך געשמועסט, אַז דאָס האָבן געטון די פּאַרטיזאַנער אַלס נקמה אין די, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דײַטשן. עס פלעגט טרעפן, אַז אין די נעכט זענען געקומען פּאַרטיזאַנער, אָנגעקלאַפּט בײַ אַ פּויער אין שטוב און אַרויסגענומען אים, אַוועקגעפירט אין וואַלד, וווּ מען האָט אים שפּעטער געפונען אַ דערשאָסענעם.

די שריפה אין דאָרף האָט רויִנירט אויך מײַנע באַלעבאַטים און איך בין אַוועק צו אַן אַנדערער פּויערטע. מײַן לאַגע האָט זיך גלײַך פאַרערגערט. זי האָט מיך געשיקט אויף די שווערסטע אַרבעטן און נישט געגעבן קיין עסן. מיט יעדן טאָג איז מיר געוואָרן אַלץ ערגער, ביז איך האָב באַשלאָסן צו אַנטלויפן צו אַנדערע פּויערים, ווערמענס הײַזקע עס איז געשטאַנען אין סאַמע עק דאָרף, אַ ביסל אָפּגערוקט פון די דאָרפישע הײַזער.

אין אײנער אַ פינצטערער נאַכט איז ווידער אין דאָרף אויסגעבראָכן אַ שריפה, פון וועלכער עס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט נאָר עטלעכע הײַזקעס. צווישן זײ איז אויך אָפּגעברענט געוואָרן די כאַטע פון דער פּויערטע, בײַ וועל־

כער איך בין פריער געווען און זי האָט מיר אָנגעטון שרעקלעכע צרות.

ביי די אַלטע פּויערים איז מיר געווען גוט. זיי אַליין האָבן זיך צו מיר גוט באַצויגן, אָבער אין שכנות פון זיי האָט געוווינט אַ יונגע פּויערטע, וואָס האָט מיך גערופן „זשידזווקאַ״ און איך האָב געהאַט אויסצושטיין פון איר אַ סך צרות. מיינע באַלעבאַטים האָבן זיך געקריגט מיט איר, זי זאָל מיך נישט באַליידיקן, אָבער זי האָט זיך מיט זיי נישט גערעכנט.

## „דאָ ליגן באַגראָבן אַ סך יידן״

אין איינעם אַ טאָג בין איך מיטן פּויער געפאָרן קיין וולאָדאַווע און ווען מיר זענען פאַרבייגעפאָרן אַ גרויס פאַראַקערט פעלד, האָט דער פּויער זיך אָפּגעשטעלט, צוגעפירט מיך צו אַ ריזיקן גרוב, וואָס איז געווען צערויעט און האָט צו מיר געזאָגט:

„זעסט, דאָ איז געווען דער יידישער צמענטאַזש און דאָ ליגן באַגראָבן אַ סך יידן״.

איך האָב זיך איינגעהאַלטן נישט אַרויסצוווייזן אים וואָס עס טוט זיך אָפּ אין מיר, אָבער ער האָט מסתמא באַמערקט ווי איך האָב אַוועקגענומען די אויגן פון גרוב און נישט געוואָלט קוקן אין דער ריכטונג, ווו ער האָט מיר געוויזן. ביז היינט איז פאַר מיר נישט קלאָר, צי דער פּויער האָט מיך טאַקע אָנגענומען פאַר אַ יידישקע און האָט מיר דאָס פעלד געוויזן מיט דער כוונה, איך זאָל וויסן, וואָס דאָ איז געשען, אָדער ער האָט עס סתם אַזוי געזאָגט, ווייל דאָס האָט אינטערעסירט אויך די אַרומיקע פּויערים. מער האָט ער מיט מיר וועגן דעם נישט גערעדט.

עס איז פאַרביי אַ געוויסע צייט און צו מיר האָט זיך דערנענטערט אַ מענטש, וואָס האָט מיר געזאָגט, אַז איך בין זיכער אַ יידישע. ער ווייסט גענוי ווער איך בין און אַז מיין טאַטע געפינט זיך אין אַמעריקע און ער וויל מיך אַריבערנעמען צו זיך. איך האָב אים אָנגענומען פאַר אַ ליגנער און זיך אַוועקגעדרייט פון אים, נישט געוואָלט מיט אים רעדן. ער איז אַוועקגעגאַנגען און האָט זיך שוין מער נישט באַוויזן.

אַן אַנדער מאָל, ביינאַכט, זענען צו מיר געקומען צוויי מענער און מיך אויסגעפרעגט ווי אַזוי מיר גייט דאָ ביי די פּויערים, צי זיי גיבן מיר גענוג צו עסן, צי זיי שלאָגן מיך נישט, צי איך אַרבעט נישט צו שווער. זיי האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל זיי אַלץ דערציילן, זאָגן דעם גאַנצן אמת.

ווען יענע זענען אַוועק האָט מיך דאָס אַלטע פּאָרל גענומען אויספרעגן, וואָס זיי האָבן פון מיר פאַרלאַנגט און געזאָגט, אַז זיי זענען פּאַרטיזאַנער. איך האָב זיי דערציילט, וואָס זיי האָבן מיך געפרעגט און וואָס איך האָב זיי געענטפערט. זיי זענען געווען זייער צופרידן, אַרומגעכאַפּט מיך און געקושט.

מיט אַ צייט שפּעטער בין איך אַוועק אַרבעטן צו אַנדערע פּויערים, אַ משפחה מיטן נאָמען קוויאַטקאָווסקי. דאָרט זענען אויך געווען אַ זון מיט אַ טאָכטער, וואָס האָבן זיך געלערנט. מיר האָט מען באַשעפטיקט ביים פּאַשען די בהמות. דערפאַר האָב איך געהאַט צו עסן צו דער זעט.

## די רוסן קומען

עס איז פאַרביי אַ געוויסע צייט און אין דאָרף האָט זיך דערהערט אַ געדיכטע שיסעריי. עס האָט אָפּגעהילכט ווייטע אויפרייסן און דערנאָך איז שטיל געוואָרן. איך האָב געהערט ווי די פּויערים האָבן גערעדט צווישן זיך, אַז די דייטשן ציען זיך צוריק און אַז גאָר אינגיכן וועלן אַריין די רוסן.

נאָך עטלעכע טעג האָט זיך ווידער דערהערט אַ שיסעריי, אַ סך שטאַרקער פון דער פריערדיקער. עס זענען געפלויגן עראָפּלאַנען און געוואָרפן באָמבעס. די פּויערים זענען אַנטלאָפן אין אַ נאָענטער „לאָזע״. איך בין צוזאַמען מיט די אַנדערע קינדער געלעגן אין די קאָרנס, ביז מיר האָבן דערהערט, אַז מען קען שוין אַרויסגיין, ווייל די דייטשן זענען שוין אַנטלאָפן. עטלעכע פּויערים האָבן זיך גענומען גיין אין דער ריכטונג פון שאָסיי, ווו עס זענען אָנגעקומען די רוסן. איך האָב געזען אַ טייל פּויערים האָבן זיך אַרומגענומען מיט די רוסישע זעלנער און איך האָב דערפילט, אַז איצט בין איך שוין פריי, אַז איך דאַרף שוין נישט קיין מורא האָבן פאַר די דייטשן און בין גלייך מיט אַלע אַנדערע פּויערים.

נאָך אַ קורצער צייט האָט די פּאַני קוויאַטקאָווסקאַ מיר געזאָגט, אַז עס זענען געקומען פאַר דיר זאַכן פון יידישן קאָמיטעט. איך האָב אַראָפּגעוואָרפן פון זיך מיינע אָפּגעריסענע שמאַטעס און זיך אָנגעטאָן אין די נייע קליידער, אָבער זונטיק בין איך ווידער, ווי תמיד געגאַנגען אין קאָשטשאָל אין דאָרף קוידעניץ, זיך געצלמט און געקניט, אַרויסגענומען מיין געבעט־ביכל און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער באַנק בעטן און דאַנקען יעזוסן פאַר זיין אויסהיטן מיך און בלייבן לעבן.

קומענדיק אַהיים האָט מיר די פּאַני קוויאַטקאָווסקאַ דערציילט, אַז עס זענען דאָ געקומען צו פאָרן פּאָליציאַנטן און מיך געזוכט. איך האָב זיך דערשראָקן, געמיינט אַז עס הייבן זיך ווידער אָן די פריערדיקע צרות. איך האָב זיך צעוויינט. זי האָט מיך איינגענומען און געזאָגט, אַז איך דאַרף נישט קיין מורא האָבן. אויב זיי וועלן קומען נאָך

אַמאָל, וועט זי מיך אַריינלייגן אין בעט און זאָגן, אַז איך בין קראַנק.

פאַרנאַכט זענען זיי טאַקע נאָכאַמאָל געקומען. איך בין שוין געלעגן אין בעט. אָבער דער קאָמענדאַנט האָט צו מיר גערעדט זייער ווייך, געבעטן, אַז איך זאָל זיך אָנטון, ווייל ער וויל מיט מיר רעדן און עס וועט מיר נישט געשען קיין שום שלעכטס. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז דער קאָמענדאַנט פון דער וולאָדאַווער פּאָליציי און וויל מיך נעמען צו זיך, האַלטן ווי אַן אייגן קינד.

איך האָב זיך געווערט, געזאָגט, אַז איך בין אַ קריסט־לעך קינד, מיין טאַטע איז געווען ד"ר פּענטשאַק און מיר איז דאָ, ביי דער פּאַני קוויאַטקאָווסקאַ זייער גוט און איך דאַרף נישט האָבן קיין אַנדערע טאַטע־מאַמע.

דער קאָמענדאַנט איז אַרויסגעגאַנגען מיט דער פּאַני קוויאַטקאָווסקאַ אין אַן אַנדער צימער, ווו זיי האָבן לאַנג גערעדט. איך האָב געהערט ווי זיי האָבן זיך איבער עפּעס געאַמפּערט, געקריגט זיך און שפּעטער איז שטיל געוואָרן. ווען זיי זענען צוריק אַריינגעקומען האָט דער קאָמענדאַנט צו מיר געזאָגט, אַז סיי־ווי־סיי וויל מיך די פּאַני קוויאַט־קאָווסקאַ נישט האַלטן מער... אויב איך וועל נישט גיין מיט גוטנס, וועט ער מיך נעמען מיט כוח...

## אין אַ נייער היים

דער סוף איז געווען, אַז איך האָב געמוזט פאָרן מיט זיי. איבערן גאַנצן וועג האָט מיך נישט אָפּגעלאָזט די מורא. כ'האָב זיך דערמאָנט אין יענער צייט, ווען די פּאָליציי האָט מיך געפירט צו דער געסטאַפּאָ, די צרות וואָס זיי האָבן מיר אָנגעטאָן ביים פאַרהער. אין יענע שעהן האָב איך גע־טראַכט, אַז איך וועל שוין קיינמאָל נישט זיין פריי. איך האָב שטיל געוויינט.

דער קאָמענדאַנט האָט מיך אַריינגעפירט צו זיך אין שטוב, איבערגעגעבן מיך אונטער דער אויפזיכט פון דער פרוי, וועלכע האָט מיך זייער גוט אויפגענומען, באַמיט זיך מיך איינצושטילן, איך זאָל נישט וויינען. זי האָט געזאָגט, אַז איך וועל שוין נישט דאַרפן שווער אַרבעטן, נישט פּאַשען די בהמות, נאָר וועל זיך לערנען, ווי אַלע קינדער, אין שול.

די גאַנצע צייט האָב איך זיך אויפגעפירט ווי אַן אמת קריסטלעך קינד, געקניט און געזאָגט די תפילה, כאָטש כ'האָב נישט באַמערקט, אַז די פרוי זאָל זיך צלמען. זי אַליין האָט מיך אָבסערווירט פון אַ זייט און געשמייכלט. דאַקעגן איר מאַן האָט דערביי געלאַכט. איך האָב נישט פאַרשטאַנען פאַרוואָס ער לאַכט. שפּעטער האָט ער מיר אָפן געזאָגט, אַז איך בין אַ יידישע. ער ווייסט, אַז איך בין געווען אין האַנסק, געהאַט אין וולאָדאַווע אַ פעטער און עס איז דאָ געבליבן זיין הויז, וואָס מען קען אָפּשרייבן אויף מיר און איך קאָן דערפאַר באַקומען אַ סך געלט.

איך בין נאָך אַלץ געווען איינגעשפּאַרט, געזאָגט, אַז איך בין אַ פּויליש מיידל. מען זאָל מיר אויפהערן פאַרדרייען דעם קאָפּ.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מיר די פרוי געזאָגט, אַז זי האָט שטאַרקן ציין־ווייטיק און זי מוז פאָרן קיין לובלין צו אַ דענטיסט, איך וועל דערווייל מוזן בלייבן מיט איר מאַן ביז זי וועט צוריקקומען. שפּעטער האָב איך פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָט זי געזאָגט מיט אַ כוונה, וויסנדיק, אַז איך וועל נישט וועלן בלייבן מיט איר מאַן, וועלכער דערמאַנט מיך שטענדיק אַז איך בין אַ יידישע. איך האָב זי טאַקע באַלד געבעטן, אַז זי זאָל מיך מיטנעמען קיין לובלין און זי האָט גלייך מסכים געווען.

אויפן וועג קיין לובלין האָט זי מיר געזאָגט, אַז פאַר מיר וועט זיין בעסער איך זאָל בלייבן אין לובלין, ווו איך וועל לערנען אין אַ גוטער שולע. מיר איז געוואָרן שטאַרק אומעטיק און איך האָב זיך צעוויינט, אָבער זי האָט מיך גע־טרייסט מיט גוטע רייד, אַז דאָ וועלן זיך מיט מיר פאַרנע־מען גוטע מענטשן, לערנען מיך לייענען און שרייבן און דערנאָך אויך שטודירן אין דער הויכשול.

אין לובלין האָט שוין געוואַרט אויף אונדז אַ דראָזשקע, אין וועלכער עס איז געזעסן אַ מאַן, וואָס האָט אונדז אָפּגע־פירט אין אַ ווייטער גאַס, ווו עס זענען געזעסן עטלעכע פרויען און זיי האָבן מיך מכבד געווען מיט שאָקאָלאַד, גע־פּרוווט רעדן צו מיר יידיש, געזאָגט אַז מיינע עלטערן זענען געווען יידישע און איך דאַרף זיך אויך אויפפירן ווי אַ יידיש קינד.

איך האָב נישט אויפגעהערט צו וויינען, געמיינט אַז מען האָט מיך ערגעץ פאַרפירט. דעם קאָמענדאַנטס פרוי האָט מיט מיר גענעכטיקט בלויז די ערשטע נאַכט און אויף צו־מאָרגנס האָט זי געזאָגט, אַז זי מוז גיין צום דענטיסט. דע־מאָלט איז שוין פאַר מיר געווען קלאָר, אַז דאָס איז אַן אויס־רייד, אָבער מיין וויינען האָט מיר נישט געהאָלפן. אין עט־לעכע טעג אַרום איז מען מיט מיר געפאָרן קיין לאָדזש.

## אין דער קינדערהיים

די גאַנצע צייט האָב איך געהאַט דאָס געפיל, אַז מען האָט מיר אָפּגענאַרט. שוין פאָרנדיק אין צוג האָב איך גע־וואָלט אַראָפּשפּרינגען פון וואַגאָן. אין דער לאָדזשער קינ־דערהיים האָט מען מיך אָנגעטאָן אין נייע מלבושים און דערביי געפּרוווט אַראָפּצונעמען דעם צלם פון האַלדז. איך האָב זיך נישט געלאָזט. ערשט אַ פרוי, וועלכער מען האָט

גערופן ד״ר מאַנדעלבוים, האָט מיר אָנגעהויבן איינצורעדן מיט גוטנס, איך זאָל אַליין אַראָפּנעמען דעם צלם, ווייל עס איז נישט שיין. זי האָט גערעדט ווייך און צאַרט און איך האָב ענדלעך מסכּים געווען, אָבער שפּעטער אים צוריק אָנגעטון.

אין דער קינדערהיים האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ מיידעלע באַשיע, וואָס האָט זיך אויך געהאַלטן אַזוי עקשנותדיק ביי איר קריסטלעכקייט, האָט אויך געטראָגן אַ צלמל אויפן האַלדז און ביי יעדער געלעגנהייט האָט זי, פּונקט ווי איך, זיך אַרויסגעגנבעט און געגאַנגען אין קאַשציאָל, ווו מיר האָבן געבעטן אין אונדזערע תּפילות, אַז מען זאָל אונדז אַרויסראַטעווען פון דער יידישער קינדערהיים, כּדי מיר זאָלן קענען זיין פרומע קאַטאָליקן.

מיין עקשנות האָט געווירקט אויך אויף די דערציערינס. געווען מאָמענטן ווען זיי האָבן אַליין אָנגעהויבן צווייפלען אין מיין יידישקייט און זענען שוין געווען גרייט צו גלייבן, אַז איך בין באמת אַ קריסטלעך קינד, אָבער לסוף האָט מען זיי אין יידישן קאָמיטעט איבערצייגט, אַז מען ווייסט גענוי מיין אָפּשטאַם, אַז איך בין אַ יידיש קינד.

אין אַ געוויסן טאָג איז מיר געלונגען צו פאַרשטענדיקן זיך מיט דער קעכין פאַר וועלכער איך האָב זיך פאַרקלאָגט, אַז די יידן טוען מיר אָן צרות. וויזט אויס, אַז די קעכין איז נישט געווען קיין יידישע און זי האָט מיר איבערגעגעבן אַן אַדרעס צו אַ גלח, וועמען איך זאָל דערציילן וועגן מיינע צרות און ער וועט שוין אַלץ טון פאַר מיר, וועט מיר העלפן באַפרייען זיך פון דער יידישער קינדערהיים.

מיר איז געלונגען צוצוקריגן זיך צו יענעם גלח און ער האָט מיך זייער ליבלעך אויפגענומען, געדולדיק אויסגעהערט מיין דערציילן און צוגעזאָגט, אַז ער וועט זען עפּעס צו טון פאַר מיר. יענע נאַכט בין איך געבליבן שלאָפן ביים גלח אין שטוב.

אין דער קינדערהיים האָט זיך געפירט, אַז יעדן אויף דער נאַכט פלעגן די אויפזעער אַרומגיין און קוקן צי אַלע קינדער ליגן אין די בעטלעך. ווען זיי האָבן דערזען, אַז איך בין נישטאָ האָבן זיי באַלד אַלאַרמירט די פּאָליציי, וועלכע האָט אויך צומאָרגנס באַלד אינדערפרי מיך אָפּגענומען פונעם גלח און מיך צוריקגעבראַכט אין דער קינדערהיים.

## אין קיבוץ

עס זענען פאַרביי עטלעכע טעג און אין דער קינדערהיים האָט זיך באַוויזן אַ יונגער בחור, אונטער וועמענס אויפזיכט מען האָט מיך איבערגעגעבן. ער האָט מיך אין דעם זעלבן טאָג גענומען מיט זיך און מיר זענען געפאָרן קיין ביאַלי קאַמיען, אַ שטעטל אין נידערשלעזיע, ווו עס האָט זיך



געפונען אַ קיבוץ פון השומר הצעיר. מיך האָט מען איבערגעגעבן צו דער משפחה פון ד״ר מאַנדעל, וועלכע האָט מיך גענומען אונטער איר אויפזיכט. ד״ר מאַנדעל מיט זיין פרוי האָבן מיר אַרויסגעוויזן גרויס ליבשאַפט, אָפּגעגעבן זיך מיט מיר ווי געטרייע עלטערן, אָנגעהויבן לערנען עברית. זיי זענען געווען די ערשטע, וואָס האָבן אויף אַן אמת אַריינגעברענגט אין מיר יידישקייט.

פון דאָרט בין איך שוין נישט אַנטלאָפן, אָבער דעם צלם האָב איך נאָך אַלץ נישט אַראָפּגענומען, כאָטש אין מיר איז שוין אָנגעגאַנגען אַ שטילער געראַנגל. איך האָב זיך וואָס אַ מאָל מער און שטאַרקער געפילט געבונדן מיט מיין אָפּשטאַם און דער צלם האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן ווערן פאַר מיר אַ פרעמדע זאַך.

אין דאַזיקן קיבוץ בין איך געווען עטלעכע חדשים און באַוויזן איינצולעבן זיך סיי מיט די יונגע קינדער און סיי מיט די דערוואַקסענע. אין קיבוץ האָבן אַלע געוווּסט וועגן מיין פאַרגאַנגענהייט און האָבן זיך באַמיט נישט צו דערמאָנען קיין אומעטיקע זאַכן, אָבער צו מיר זענען דערגאַנגען די גרויליקע געשעענישן, וואָס די פּוילישע אונטערערד טוט אָפּ מיט יידן, דאָס האָט געווירקט אויף מיין געמיט און געהאָלפן מיר דערנענטערן זיך צו די יידן.

נאָך אַ געוויסער צייט האָט מען אונדז געזאָגט, אַז אונדזער גרופּע פאָרט אָפּ אין קורצן קיין ישראל. צווישן די קינדער זענען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן מיר געזאָגט: „וועסט טאַקע פאָרן אין יידישן לאַנד אַריין מיט אַ צלם אויפן האַלדז?" איך האָב נישט געוווּסט וואָס צו ענטפערן, אָבער צום ערשטן מאָל האָב איך זיך שטאַרק פאַרשעמט מיט מיין צלם און אין דער זעלבער נאַכט האָב איך אים אויסגעטון, אָבער נאָך אַלץ נישט אַוועקגעוואָרפן, נאָר באַהאַלטן אים ווי אַן אָנדענק.

ווען די קינדער האָבן אויפצומאָרגנס דערזען, אַז איך טראָג שוין נישט דעם צלם, האָבן זיי זיך זייער דערפרייט. איך האָב זיך דערפילט באַפרייט פון אַ שווערער משא. אַלץ העלער האָבן אָנגעהויבן אַרויסטויכן אין מיין זכרון די געשטאַלטן פון מיינע עלטערן, שוועסטער און ברידער, באַזונדערס דעם יונגסטן ברידער ראובן, וועלכן איך האָב זייער ליב געהאַט.

## אין יידישן לאַנד

דער וועג קיין ישראל האָט אונדז געפירט דורך פראַנקרייך, ווו מען האָט אונדז דערווייל געהאַלטן אין אַ קאָלאָניע הינטער פּאַריז. ערשט נאָך עטלעכע וואָכן זענען מיר אָפּגעפאָרן קיין מאַרסיי, ווו מיר זענען איינגעשטיגן אויף אַ שיף, וועלכע האָט אונדז געפירט קיין ישראל.

אין לאַנד אַריין זענען מיר אָנגעקומען דעם 3־טן סעפּ־טעמבער 1948, אין פּרדס חנה, פון וואַנען מען האָט אונדז פונאַנדערגעשיקט אין פאַרשידענע קיבוצים און איך בין אָנגעקומען אין קיבוץ גן שמואל.

אין קיבוץ גן שמואל בין איך געווען כמעט צוויי יאָר. די מענטשן פון קיבוץ האָבן מיר געהאָלפן זוכן מיינע קרו־בים, געגעבן אַנאָנסן אין די צייטונגען און זיך נאָכגעפרעגט ביי מענטשן פון וואָלאַדאַווער געגנט, אָבער קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. ביז עס איז איין מאָל געקומען דער ד״ר קלאַפּ־האָלץ פון חדרה און נאָכן צונויפרעדן זיך מיט מיר האָט ער געזאָגט, אַז ער קען אין תל־אביב אַ מענטש מיטן נאָמען חיים בוט. ער האָט מיר געגעבן זיין אַדרעס און איך בין גלייך געפאָרן קיין תל־אביב.

## מיין אָפּגעפונענער קוזין

חיים בוט האָט מיך אָנגעהויבן אויספרעגן וועגן מיין משפחה, אָבער איך האָב קיין סך פּרטים נישט געוווסט און עס האָט זיך שוין אויסגעוויזן, אַז עס איז אַ טעות און מיר געהערן זיך נישט אָן אין קיין שום קרובהשאַפט. ערשט ווען איך האָב שוין געהאַלטן ביים אַוועקגיין, האָט ער מיך גע־פרעגט צי איך געדענק עפּעס וועגן מיין באָבע־זיידע. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז כ׳האָב געהאַט אַ זיידן מיט אַ באָבע אין מאַריאַנקע און אַז די באָבע האָט אַמאָל געקאָלכט די שטוב און איז דערביי אַראָפּגעפאַלן פון בענקל, האָט זיך צע־בראָכן אַ האַנט און איז שפּעטער געשטאָרבן.

ווען איך האָב אים דאָס דערציילט, האָט ער זיך גענומען שטאַרקער איינקוקן אין מיר און אויף זיין פּנים האָט זיך גענומען מאַלן שטאַרקע איבעראַשונג. ער האָט מיך אָנגענו־מען ביי דער האַנט, אין זיינע אויגן האָבן זיך באַוויזן טרערן און אַ טיף גערירטער האָט ער קוים אַרויסגעברענגט די ווערטער:

„יאָ, מרימל, דו ביסט מיין קוזינקע״.

מער האָט ער נישט געקענט אַרויסברענגען פון זיך קיין וואָרט. אויך איך האָב נישט געקענט רעדן. מיר האָבן זיך ביידע צעוויינט, אַרומגענומען און צעקושט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויך ער האָט געוווסט וועגן דער געשיכטע און דאָס איז פאַר אונדז געווען דער בעסטער סימן, אַז מיר זענען נאָענטע קרובים און דורך אים האָב איך שפּעטער אויך אויסגעפונען אַ מומע, וואָס וווינט אין חיפה.

איצט בין איך שוין מער נישט געווען אַזוי עלנט. מיין קוזין, האָט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל אַרויסגיין פון קיבוץ און זיין מיט אים. איך בין אָנגעקומען אַרבעטן אַלס אַסיס־טענטין ביי אַ דענטיסט אין קופּת חולים אויף זאַמענהאָף. די פּראַקטיק האָב איך שוין געהאַט אין קיבוץ און איך האָב ביי דער אַרבעט זיך גוט געפילט. ביי מיין קוזין האָב איך געוווינט אַן ערך אַ האַלב יאָר און שפּעטער בין איך אַריבער אין שפּיטאָל הדסה, ווו איך האָב דורכגעמאַכט אַ קורס אַלס קראַנקן־שוועסטער. פון דאָרט בין איך אַוועק אין צה״ל, ווו איך האָב געדינט אין חיל רפואה.

אין פעברואַר 1954 האָב איך חתונה געהאַט מיט מיין מאַן שמואל טייטלבוים.

ווען איך קוק אַצינד אויף אונדזער יינגעלע, גייען דורך פאַר מיינע אויגן די אַלע פיינלעכע יאָרן זינט איך בין אַלט געוואָרן 5 יאָר און איך האָב פאַרלוירן מיינע עלטערן. דער־מאָנענדיק זיך אין די אַלע גרויליקע איבערלעבענישן פון מיינע קינדער־יאָרן גייט אויף אין מיר אַ הייס געבעט: עס זאָל זיך שוין מער קיינמאָל נישט איבערחזרן אַזאַ טראַגעדיע, אַז אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער זאָלן נישט דאַרפן דורכמאַכן אַזעלכע גרויליקע איבערלעבענישן.

אהרן דיאַמאַנט

# אין גריבער און וועלדער

מיין פאַמיליע איז באַשטאַנען פון פיר פערזאָן; איך אהרן דיאַמאַנט, מייך פרוי שיינדל און צוויי טעכטער: שרה, 12 יאָר אַלט און רבקה, צען יאָר. מיר האָבן געוווינט אין דער קאָלאָניע אַמשאַנע, צווישן וולאָדאַווע און סאָ־ווין. דאָרט האָבן געוווינט פּאָליאַקן און מערסטנס פאָלקס־דייטשן. מיר האָבן געוווינט אין אַ שותפות־הויז מיט מיינס אַ פעטער, אַלטער בנציון טענענבוים מיט דער מומען רבקה. מיר האָבן געהאַט שותפות די פעלדער, 12 מאָרג און האָבן צוזאַמען געהאַלטן סעדער און אויך אַנדערע מסחרים.

איין טאָג, דאָס איז געווען אין יאַנואַר חודש 1940. אין דרויסן איז שוין געווען דער אמתער ווינטער, סאיז געלעגן אַ הויכער שניי און עס האָט געקנאַקט אַ שטאַרק פראָסטל, פּלוצים זענען אַנגעקומען צוויי דייטשן אויף אַ שליטן, און זענען פאַרפאָרן גלייך צו אונדזער הויז. איינער האָט אַ גע־שריי־געטון:

„יודע!"

מיין פעטער איז גראָד געשטאַנען אינדרויסן, זענען זיי אריין צו אים אין שטוב. דאָרט איז געווען מיין אַלטער זיידע, ר' יוסף, אַ מאַן פון אַכציק יאָר. ער איז געווען דער שווער פון מיין פעטער. זיי האָבן אים געצווונגען, ער זאָל אָנטאָן טלית און תפילין און האָבן זיך גענומען פון אים אָפּחוזקן.

דערנאָך האָבן זיי זיך געהייסן געבן אַ שערל און האָבן אים אָפּגעשניטן די באָרד. מיין זיידע איז געשטאַנען אין איין ציטערניש, געטרייסלט זיך פון שרעק, געבעטן זיך ביי זיי, אָבער עס האָט נישט געהאָלפן.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט אים האָבן זיי באַפוילן, מיין פעטער זאָל זיך אויסציען אויפן טיש און זיי האָבן אים שרעק־לעך צעשלאָגן.

פון די געוואַלדן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון דאָרט זענען מיר אַלע אויפגעציטערט געוואָרן, כ'האָב אָבער גאָר־נישט געקענט זיי העלפן און געבליבן אַ צעקלעמטער ביי זיך אין שטוב. ווען זיי זענען ארויס פון דאָרט, זענען זיי צו צו אונדזער טיר, זי אַ שטויס געטאָן מיטן פיס, אַז דאָס גאַנצע הויז האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. אויך מיך האָבן זיי געהייסן זיך אָנוועקלייגן אויפן טיש און זיי האָבן מיר אַזוי צעשלאָגן, אַז כ'בין שפּעטער אַ גאַנצן חודש אָפּגעלעגן קראַנק.

נאָכן איבערפאַל פון די דייטשן אויפן ראַטנפאַרבאַנד, האָט זיך די לאַגע אין אונדזער דאָרף נאָך מער פאַרערגערט.

מ'האָט אונדז, די צוויי יידישע פאַמיליעס, וואָס האָבן דאָרט געוווינט, אָנגעהויבן טרייבן צו דער אַרבעט קיין סאָווין. די אַרבעט איז באַגלייט געוואָרן מיט קלעפּ און פייניקונגען.

אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן ביזן יאָר 1942.

## מיר באַהאַלטן זיך אין אַ גרוב

ווינטער 1942 איז אַרויס אַ באַפעל, אַז אַלע ייִדן פון די דערפער דאַרפן פאַרלאָזן זייערע ערטער און גיין אין וולאָ־דאַווער געטאָ. די דערפער האָבן געדאַרפן ווערן „יודענריין".

היות מיר האָבן נישט געוואָלט גיין קיין וולאָדאַווע בין איך מיט מיין פאַמיליע אַוועק אין דאָרף אַמשאַנע, ווו מיינס אַ באַקאַנטער פּאָליאַק, קאַנדזשאַווסקי האָט געוווינט נעבן וואַלד. ער איז געווען איינער אַליין, זענען מיר ביי אים געווען אַ צוויי וואָכן.

ער האָט אָבער אָנגעהויבן מורא האָבן, ווייל עס פלעגן צו אים קומען פרעמדע מענטשן. מיר זענען דערפאַר געצ־וווּנגען געווען זיך צוריקקערן אַ היים, ווו מיר זענען נאָך געווען עטלעכע וואָכן, אָבער שפּעטער איז געוואָרן אומדער־טרעגלעך דאָרט זיך אויסצובאַהאַלטן.

אין דעצעמבער 1942 האָבן מיר זיך צוזאַמענגערעדט מיטן נייעם שכן בעדנאַריק, אַ פּאָזנאַנטשיק, וועלכער האָט אונדז דערלויבט אויסצוגראָבן אַ טיפן גרוב אין זיין סטאַדאָלע, וועלכע מיר האָבן פאַרדעקט און אַרומגעשטעלט מיט סנאָפּעס שטרוי און היי. אין דער זייט האָבן מיר געלאָזט אַ לאָך אַריינצוקריכן און פאַרשטאָפּט מיט היי, עס זאָל נישט זיין קענטיק.

אין די אָוונטן פלעגן מיר אַרויסגיין אויפן דאָרף בעטן ביי די פּוילישע איינוווינער אַ שטיקל ברויט. טייל האָבן געגעבן, אַנדערע האָבן נישט געוואָלט. געווען אַזעלכע, וועמען איך האָב אָפּגעגעבן אַלע מיינע תבואות און דוקא זיי האָבן מיר מיט קיין פּיצל ברויט נישט געוואָלט צוהעלפן.

אַזוי האָבן מיר זיך דאָרט געמאַטערט זיבן וואָכן. אַלע פּויערים האָבן געוווּסט, אַז מיר געפינען זיך אין דאָרף, זיי האָבן אָבער נישט געוווּסט ווו מיר האַלטן זיך אויף.

פעברואַר 1943.

מיין פרויס עלטערן מיט דער גאַנצער פאַמיליע אין יוזעפאָוו האָבן אַרומגעוואַנדערט פון אָרט צו אָרט און נישט

געהאַט ווו זיך אהינצוטאָן. זיי האָבן אויסגעפונען אַ חורבה נעבן וואַלד, דאָרט זענען זיי געזעסן עטלעכע טעג. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זוכן און פאַרפאָלגן די אַלע ייִדן פון די דערפער, וועלכע האָבן נישט געוואָלט גיין אין וולאָדאַווער געטאָ. זיי האָבן די גאַנצע פאַמיליע דאָרט געטראָפן און אויפן אָרט זיי אַלע אויסגעשאָסן.

ביי אונדז האָבן די גוים אויך אָנגעהויבן זוכן אונדזערע שפורן, ס'איז שוין נישט מעגלעך געווען ווייטער דאָרט זיך אויסצובאַהאַלטן. דערצו האָט אונדז דערשלאָגן די ידיעה וועגן אומקום פון אונדזערע נאָענטע. מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין אין וולאָדאַווער געטאָ.

## אין וולאָדאַווער געטאָ

אין געטאָ האָבן מיר געוווינט אויף דער יאַטקע גאַס, זייער אַ שלעכטע וווינונג צוזאַמען מיטן פעטער און משפחה, זיין פרוי און אַ מיידל שיינדעלע. דער מומעס ברודערס אַ קינד, אַ צווייטער פעטער מיינער, נאַטע קאָרן מיט פיר קינדער, דער פעטער יוסף בלום מיט פרוי און אַ זון און נאָך איינער אַ לובלינער.

מיט גרויסע שוועריקייטן האָב איך מיט מיין פעטער אַלטער געבערענגט פון אונדזער דאָרף אַ ביסל קאַרטאָפל. דאָס איז געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן, ס'איז אָבער נישט געווען קיין ברירה און מיר האָבן געמוזט איינשטעלן. מיר האַבן שוין געהאַט אויף נאָך עטלעכע טעג איבערצוקומען.

מיר האָבן געבעטן דעם יודענראַט, ער זאָל אונדז טוישן די וווינונג און מיר האָבן באַקומען אויף דער אקאַניןסקער גאַס אַ צווייטע חורבה, וואָס די פענצטער זענען ארויסגעגאַנגען אויף דער גאַס, ווו ס'האָבן געוווינט די „מיעשטשאַנעס”. מיר האָבן די חורבה פאַראָכטן, פאַרהאַקט מיט ברעטער די פענצטער, ווייל ס'איז פאַרבאָטן געווען ייִדן ארויסצוקוקן צו די פוילישע איינוווינער. אין שטוב איז נישט געווען קיין פאָדלאָגע האָבן מיר אויסגעלייגט מיט רויטע ציגלעך, דערנעבן האָבן מיר אויסגעמויערט אַ קוכל צום קאָכן, אונטערן קיכל איז געבליבן אַ ליידיקער פלאַץ אַרונטערצולייגן האָלץ.

דער דאַך איבערן קאָפּ איז שוין געווען. אין יענער צייט אָבער האָט יעדער געטאָ־ייִד געמוזט זאָרגן וועגן גאָר אַן אַנדער דאַך, אַ דאַך, וואָס זאָל זיך נישט אָנזען, מ'זאָל אים נישט דערקענען און אונטער אים זאָל מען זיך קענען באַהאַלטן...

אינדרויסן איז געווען אַ צעבראָכענער קעלער, אין וועלכן מען האָט געקענט אַריינגיין פון דער שטוב. ייִדן האָבן אונדז אָבער געעצהט אַהין נישט אַריינגיין באַהאַלטן זיך, ווייל אַלע ווייסן פון דעם קעלער, ער רייסט ממש אויס די אויגן... מיר האָבן פאַרטראַכט אַן אַנדער מיטל; מיר האָבן אַרויסגענומען אַ גרויסן טייל ציגל, אויסגעגראָבן אַ טיפן גרוב פון צוויי מעטער אויף אַנדערהאַלבן אָדער עפּעס מער. פון אויבן האָבן מיר אָנגעלייגט ברעטער און האָלץ, פאַרשיט צוריק מיט ערד און פון אויבן ווידער אויסגעלייגט די ציגל. אונטערן קיכל האָבן מיר אויסגעגראָבן אַן אַריינגאַנג, צוגעפּאַסט אַ קעסטעלע צו דער עפנונג און אין קעסטעלע מיט ערד האָבן מיר אויך אריינגעלייגט ציגל, ווען מ'האָט דאָס קעסטעלע אַריינגעפּאַסט אין דער עפנונג, האָט מען גאָרנישט געקענט דערקענען. איך בין שטענדיק געווען דער לעצטער צום אַריינגאַנג. אַריינקריכנדיק אינווייניק פלעג איך דאָס קעסטעלע נעמען אויפן קאָפּ און מיט מיר צוגלייך האָט זיך דאָס קעסטעלע אַראָפּגעלאָזט און זיך אריינגעפּאַסט. אַזוי האָבן מיר זיך מער וויניקער שוין באַצייטנס צוגעגרייט איבערצוזיצן דאָ בעת אַן אַקציע.

מיר, אַלע מאַנסלייט, פלעגן גיין צו דער אַרבעט, געפירט און צוריקגעבערענגט דורך דער ייִדישער פּאָליציי. פּסח האָב איך מיט מיין פעטער אַלטער נישט געוואָלט גיין צו דער אַרבעט, מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. דער אַנדערער פעטער, קאָרן מיט זיינע צוויי זין אהרן און יצחק זענען יאָ געגאַנגען. נאָכן ענדעקן דעם אַרבעטס־טאָג האָט מען זיי נישט אַ היימגעלאָזט. אויפן צווייטן טאָג איז מען געלאָפן אין יודענראַט, ס'האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפן, זיי זענען דאָרט געבליבן, מער האָבן מיר זיי שוין נישט געזען...

צוויי טעג נאָך פּסח איז אויסגעקומען דער ערשטער מאַי. דאָס איז געווען פרייטיק. דעמלט איז פאָרגעקומען די לעצטע אַקציע. אַ גרעסטע טייל ייִדן האָט מען אַוועקגעפירט קיין סאָביבאָר...

איך מיט מייך פעטער אַלטער זענען מיר די גאַנצע וואָך נישט געגאַנגען צו דער אַרבעט. פאַרטאָג האָב איך געהערט אַ גרויסן רעש. איך האָב זיך אַרויפגעשטעלט אויף עפּעס און אַרויסגעקוקט דורכן אויבערלופט וואָס איז נישט געווען פאַרהאַקט מיט ברעטער און כ'האָב געזען, אַז די גאַנצע גאַס איז פאַרשטעלט מיט דייטשן און אוקראַינער. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ צרה; מיין פרוי איז געווען קראַנק, זי איז אַרומגעגאַנגען מיט גרויס היץ, מ'האָט זי געדאַרפט נעמען אין שפּיטאָל, מיר האָבן אָבער נישט געוואָלט, ווייל דאָס שפּיטאָל איז מערסטנטייל געווען אַן אומגליק פאַר די קראַנקע, פון דאָרט איז שוין ווער זעלטן ארויס. מייך טאָכטער שרה איז געווען צוויי טעג נאָך אַ טיפוס, זי האָט נישט געקענט אויפשטיין. אין אַזאַ מצב האָבן מיר זיך געדאַרפן אויסבאַהאַלטן.

מיר זענען געווען 13 פּערזאָן און מען האָט אויף גיך געדאַרפט באַשליסן וואָס צו טאָן.

איך האָב אַלע אויפגעוועקט און אין דער זעלבער צייט האָב איך אויפגעריגלט די טיר זי זאָל זיין אָפן, כדי, ווען די

דייטשן וועלן זען אַן אָפֿענע טיר, וועלן זיי גלויבן, אַז מיר זענען אַנטלאָפֿן. אַלע זענען מיר אַראָפּ אין גרוב, איך בין אַראָפּ דער לעצטער און פֿאַרמאַכט נאָך מיר דעם אַריינגאַנג.

אונטן איז גאָר קיין לופֿט נישט געווען, פּשוט אַ דערשטיקעניש נישט צום אויסהאַלטן. דערצו האָבן די 13 מאַן זיך צוזאַמענגעשטופּט גוף צו גוף. דאָ האָט זיך געמאַכט אַ צרה מיט מיין פֿעטער יוסף, ער האָט געליטן אויף אַסטמע און אַזוי ווי איך האָב נאָר באַוויזן צו פֿאַרמאַכן אונטער זיך דאָס טירל, האָט ער אָנגעהויבן שרייען:

„אהרן לאָז מיר שוין אַרויס צוריק, איך ווער דערשטיקט".

ער איז געפֿערלעך פֿאַרגאַנגען אין זיין אַסטמע־הוסט, כ'האָב אים געמוזט אַרויסלאָזן און ער האָט זיך פֿאַרשטעקט אויפֿן בוידעם. אין עטלעכע מינוט שפּעטער איז ער ווידער געקומען, געקלאַפּט:

„אהרון, עפֿן אויף, איך האָב מורא".

כ'האָב אים געמוזט עפֿענען און שפּעטער ווידער דאָס זעלבע „לאָז מיר צוריק אַרויס".

די געפֿערלעכע שפּיל האָט זיך עטלעכע מאָל איבערגעחזרט. ס'איז געווען אַ געפֿאַר, מ'זאָל אונדז אַנטדעקן. איך האָב זיך געבעטן ביי אים, ער זאָל רחמנות האָבן אויף די אַנדערע צוועלף נפֿשות, אָבער ער האָט בשום אופֿן נישט געקענט אויסהאַלטן די שטיקעניש און איך האָב ביי יעדן מאָל אַרויסלאָזן אים געמוזט פֿריער אַרויסגיין, אַרומקוקן זיך. נאָכן פֿערטן אָדער פֿינפֿטן מאָל, האָבן מיר פּלוצים דערהערט ווי עס עפֿנט זיך די טיר. דער פֿעטער יוסף האָט מיט אַלע כּוחות איינגעהאַלטן דעם הוסט. ביי אונדז איז דאָס בלוט פֿאַרגליווערט געוואָרן פֿון שרעק.

באַלד האָבן מיר געהערט ווי מען עפֿנט דאָס טירל פֿון דרויסנדיקן קעלער און די דייטשן שרייען אַריין:

„יודן הערַאוּס!"

נישט באַקומענדיק קיין ענטפֿער, האָבן זיי דורכן טירל אַריינגעוואָרפֿן אַ גראַנאַט. דער קעלער אינדרויסן האָט זיך איינגעבויגט און זיך פֿאַרשיט. דאָס איז געווען אונדזער גליק, ווייל באַלד זענען געקומען, ווייזט אויס, אַנדערע דייטשן, געזען, אַז דער קעלער איז פֿאַרשיט, זענען זיי זיכער געווען, אַז דאָ זענען אומגעקומען די מענטשן פֿון שטוב און זענען אַוועק.

אַ גאַנצן טאָג זענען מיר איבערגעזעסן אין קעלערל, אָפּגעגאַנגען אין אַנגסטן, אָן לופֿט, אָן וואַסער. דער פֿעטער יוסף האָט מיט אַלע כּוחות זיך איינגעהאַלטן פֿון הוסטן, ער איז אַזש געווען אינגאַנצן רויט, די אָדערן אָנגעגאָסן מיט בלוט. באַנאַכט האָב איך געעפֿנט דאָס טירל, ס'זאָל אַריין אַ ביסל



לופֿט. איך מיטן פֿעטער יוסף'ס זון זענען מיר אַוועק זוכן אַ ביסל וואַסער. דאָס איז געווען אַ גרויסע איינשטעלעניש, ווייל דאָס וואַסער האָט מען געדאַרפֿט פּלומפּען און דאָס האָט געמאַכט אַ גרויסן רעש, האָט זיך ווייט געהערט אין דער נאַכטיקער שטילקייט.

די פֿינצטערניש איז געווען אַ שטאַרק געדיכטע און מיר האָבן איינגעשטעלט. מיר האָבן געפֿילט, אַז מיר טרעטן איבער טויטע קערפּערס און זענען געגאַנגען ווייטער ביז מיר זענען צוגעקומען צום פּלומפּ, אָבער עס איז אונדז געלונגען צו ברענגען בלויז אַ קליין ביסל וואַסער, ווייל אינמיטן פּלומפּען האָט זיך אונדז אויסגעוויזן צו הערן דעם אָפּהילך פֿון ווייטע טריט...

אויפֿן וועג צוריק זענען מיר אַריין צו מיין קוזין וואָס האָט געוווינט קעגנאיבער, ביי זיי איז אויך געווען אַ גרוב, אָבער קיינער איז שוין דאָרט נישט געווען, אין שטוב האָבן מיר געפֿונען עטלעכע ברויט און זיי צוגענומען, צוריק אַרויס אין דער פֿינצטערער נאַכט און בשלום אָנגעקומען אין אונדזער באַהעלטעניש.

דאָס וואַסער האָבן מיר געטיילט אויף אַ קליינער מאָס, אויך יעדן געגעבן צו פּיצלעך ברויט, נאָר די נשמה צו דערהאַלטן און צוריק פֿאַרמאַכט דאָס טירל.

אויפֿן דריטן טאָג, האָב איך געטאָן אַ הוסט, און באַלד האָב איך דערהערט ווי אין שטוב קומען אַריין צוויי קריסטינס, איינע זאָגט צו דער אַנדערער:

„דוכט זיך, אַז כ'האָב נאַרוואָס געהערט הוסטן. דאָ זענען אַוודאי פֿאַראַן זשידעס".

„גיי שוין, גיי — האָט די צווייטע איר אָפּגעוווענדט — נעכטן האָב איך אַליין געזען ווי מ'האָט פֿון דאַנען אַרויסגעפֿירט אַלע זשידעס".

זיי זענען אַוועק און אונדזערע כמעט אָפּגעריסענע הערצער זענען ביסלעכווייז געקומען צו זיך.

דאָ זענען מיר געלעגן ביז מיטוואָך, יעדע נאַכט פֿלעגן מיר מיט טויטשרעק ברענגען אַ ביסל וואַסער צו באַנעצן די ליפּן. מיר האָבן באַמערקט, אַז אין שטאָט זענען נישטאָ ייִדן און ס'איז נישט קיין צוועק דאָ ווייטער צו זיצן, האָבן מיר באַשלאָסן צוריקגיין אין דער זעלבער קאָלאָניע אַמשאַנע.

די טאָכטער פֿון נתן קאָרן, פֿריידע, דערציילט, אַז זיי זענען אַמאָל געווען אויסבאַהאַלטן ביי אַ פּויזנער פּאָליאַטשקע אַן אַלמנה מיט פֿיר קינדער, זי האָט עס טאַקע פֿאַרגעלייגט גיין צו איר.

מיטוואָך באַנאַכט זענען מיר אַרויס פֿון קעלערל און אַרויסגעקראָכן זיך פֿון וולאָדאַווער געטאָ.

# מיר באַהאַלטן זיך אויף ווישקעס

דאָס איז געווען דעם זעקסטן מאַי 1943 באַנאַכט ווען מיר אַלע זענען אַרויס פון געטאָ, מענער, פרויען און דריי קינדער.

די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע און נישט געקוקט אויף דעם וואָס ס'איז געווען זייער שווער צו גיין, פשוט געטאַפּט דעם וועג, האָבן מיר געבעטן גאָט, עס זאָל ווערן נאָך פינצטערער. יעדער פון אונדז איז געווען איין שטיק שרעק און אַלץ, וואָס מיר האָבן אַנגעטראָפן אין וועג און וואָס אונדזער אויג האָט געקענט אויפכאַפּן פון דער פינצטערניש, האָט זיך אויסגעוויזן פאַר אונדז ווי שטייענדיקע און גייענדיקע שאָטנס, וואָס לויערן אויף אונדזערע לעבנס. מיר האָבן זיך געשראָקן פאַר אונדזערע אייגענע שאָרכן. קיינער פון אונדז האָט נישט געוואָלט גיין פאָרויס זענען אַלע געשטאַנען, געוואַרט, עמעץ זאָל אָנהויבן פירן. איינער אַזעלכער האָט אָבער געמוזט זיין, האָב איך גענומען מיין יינגסט טעכטערל, די צען־יעריקע רבקהלע און מיר האָבן אָנגעהויבן פירן.

איך, וואָס האָב די גאַנצע יאָרן געהאַנדלט אין די אַרומיקע דערפער, האָב גוט געקענט די וועגן. מיר זענען אַרויס אויפן כעלמער שאָסיי און וואָס ווייטער פון שטאָט זענען אונדזערע טריט געוואָרן אַלץ גיכערע.

מיר זענען אַריין אין וואַלד און מיר האָבן געוואָלט אין די עטלעכע שעה וואָס איז געבליבן צו טאָג, אַניאָגן וואָס מער קילאָמעטערס. נאָכן גאַנצן לויפן און יאָגן, זענען מיר ביזן בלוי אויף טאָג ערשט אַריין אין אַקאַנינקער וואַלד.

מיר האָבן זיך דערוויטערט פון שאָסיי און ווען מיר זענען שוין געווען טיפער אין וואַלד האָבן מיר זיך אָוועקגעזעצט אָפּרוען. אַדאַנק דעם ברויט וואָס איז אונדז נאָך עטוואָס געבליבן, האָבן מיר איצט געהאַט עפּעס איבערצוקייען די ציין, וואָסער האָבן מיר געשעפּט פון די בלאָטעס, דורכגעזייעט עס דורך אַ שטיקל לייוונט. די יאָגעדע־און לאָכענע־ביימלעך זענען שוין געווען צעגרינט אָבער וואָס פון זיי אַראָפּצוכאַפּן אין מויל אַריין איז נאָך נישט געווען.

ביי יעדן גערויש פון אַ בלעטל זענען מיר שוין געשטאַנען אויף די פיס און גרייט געווען צו לויפן. הגם די צעוויטיקטע פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו גיין, אָבער דער שכל האָט אָנגעזאָגט די געפאַר און זיי געצווונגען דאָס צו טאָן.

איבערגעקומען דעם טאָג, איך זאָג „איבערגעקומען", ווייל דער טאָג איז פאַר יעדן פון אונדז געווען נישט מער ווי אַן איבערקומעניש און אָפּקומעניש, מיר זענען געווען אויסגעשטעלט דערויף צו ווערן פון אַ גאַיאָוע, פון פאַסטעכער אָדער סתם אַ גוי, וואָס גייט גראָד דורכן וואַלד. ערשט ווען די זון האָט זיך ענדלעך אָנגעהויבן אַראָפּלאָזן פון יענער זייט



וואַלד, האָבן מיר זיך געזען ווי געהאַלפענע, מיט דערלייכטערטע געמיטער, אויסגעגלייזטע פון טאָג...

אין וואַלד פאַלט גיכער צו די נאַכט, אָבער אויך די ביימער אַליין הויבן אָן אַנוואַרפן אַ נייע פרישע שרעק אויף אונדז; עס דוכט זיך, אַז אַט דאָרט שטייט עמעץ, לויערט אויף אונדז און אַט דאַכט זיך, אַז יענער האָט שוין געשטעלט אַ טריט. מיר ווייסן, אַז דאָס זענען נאָר אויסדאַכטענישן, אָבער אונדזער הערצער גייען אויס פון שרעק. דאָך הויבן מיר אָן גלאָסן זיך שאַרן צווישן די שאָטנס, וועלכע הילן זיך אַלץ מער איין אין אַ געדיכטערע פינצטערניש. מיר געוויינען זיך צו אונדזערע טריט ווערן דרייסטערע און גיכערע. אויך איצט בין איך מיט מיין קליינעם טעכטערל די פירער, די וועגווייזער.

פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען אין אָסאָווער וואַלד. דאָרט האָבן אונדז איבערראַשט יינגע פאַסטעכער, פוילישע און אוקראַינישע. צוריקציען זיך איז שוין נישט געווען קיין גאַנג, מיר האָבן זיך געמאַכט האַרץ און זיי געפרעגט ווו עס איז דער וועג קיין וולאָדאַווע? יענע האָבן זיך איבערגעווינקען, זיי האָבן גוט געוווסט, אַז וולאָדאַווע איז שוין „יודענריין" און זיי האָבן אונדז אָנגעוויזן אויף דער פאַרדרייטער ריכטונג, טאַקע אַהין ווו מיר האָבן זיך געלאָזט גיין.

מיר זענען פון זיי אַוועק טיפער אין וואַלד, אונדזערע פיס האָבן זיך אָפּגעזאָגט ווייטער צו פאָלגן און מיר זענען געצוווּנגען געווען צו מאַכן זיך אַ נעסט צווישן געדיכטע ביימער, הגם מיר האָבן זיך זייער געשראָקן פאַר די פאַסטוכער.

די שרעק איז אָבער געווען אַן אומזיסטע, דעם גאַנצן פרייטיקדיקן טאָג זענען מיר דאָרט איבערגעזעסן. פאַרנאַכט, ווען ס'האָבן זיך ווידער גענומען שפּרייטן שאָטנס צווישן די ביימער האָבן מיר זיך ווידער אַ נעם געטאָן צו אונדזער ווייטערדיקן גאַנג.

דער גאַנצער מרחק פון וולאָדאַווע ביז דער קאָלאָניע אַמשאַנע איז נישט מער ווי אַ צוואַנציק קילאָמעטער און דאָך זענען מיר די דאָזיקע קורצע שטרעקע געגאַנגען גאַנצע דריי נעכט. אונדז האָט זיך אויסגעוויזן, אַז מיר לויפן און מיר האָבן זיך פשוט געשלעפּט און מיין קלענסטע טאָכטערל האָט זיך פון מאָל צו מאָל געבעטן:

„טאַטעלע, הער אויף צו לויפן".

אויפצומאָרגנס פאַרטאָג, ווען מיר האָבן זיך שוין געפונען אין מאַטאַשינער וואַלד, שוין גאָר נאָענט צו אונדזער ציל, האָט יוסף בלום מיט זיין פרוי און זעכצן־יעריקן זון זיך פאַרנומען צו גיין אין זייער דאָרף פיאַסעק, נעבן סאָווין. זיי האָבן אפילו נישט געוווסט וווהין אין וועלכן דאָרף מיר גיין. מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט יעדן שבת צונאַכטס זאָלן מיר זיך טרעפן ביי זיי אין דאָרף.

דעם זעלבן פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען צו דער קריס־

טין, די אַלמנה. מיר האָבן אַליין אויפגעמאַכט די סטאָדאָלע און זיך פאַרקליבן צווישן די רעשטלעך היי און שטרוי. ווען די קריסטין סאָפיאַ נאַפּיעראַלאַוואַ האָט אינדערפרי געעפנט דאָס טויער פון די סטאָדאָלע, געוואָלט נעמען אַ ביסל היי, האָט אַ שוידערלעך געשריי זיך אַרויסגעריסן פון איר האַלדז. זי האָט זיך איבערגעצלמט אַדורכגענומענע פון שרעק.

איך האָב איר אָנגעהויבן אײַנרעדן, אַז מיר וועלן ביי איר לאַנג נישט זיין. היות פריידע האָט אונדז פריער דערציילט, אַז זי איז אַן אָרעמע און האָט אַ שוואַכקייט צו זאַכן, האָב איך איר געגעבן עטלעכע שמאַטעס, וואָס מיר האָבן מיטגעבראַכט מיט זיך פון דער היים. זי איז געוואָרן אַ ביסל ווייכער, נאָר געקלאָגט געוויינט פשוט מיט טרערן מיט פאַרבראָכענע הענט, באַקלאָגט איר און אונדזער גורל. זי האָט דאָך אַליין אויך מורא פאַר די דייטשן, זי איז אַן עלענדע מיט פיצלעך קינדער, ווי קענען מיר דאָס פאַרלאַנגען?״ כ׳האָב איר נאָך געגעבן עטלעכע זאַכן, אָנטועכץ, זי האָט זיך ענדלעך באַרואיקט, אַריינגעבראַכט אונדז עטלעכע שטיקלעך ברויט און צוביסלעך מילך.

דעם שבתדיקן טאָג זענען מיר געשלאָפן שפּעט אין טאָג אַריין. באַנאַכט האָט זי אונדז געהייסן איבערגיין אין אַן אַנדער שטאַל, דאָרט זענען מיר אַרויפגעקראָכן אויף די ווישקעס, ווו ס׳איז געלעגן פאַריאָריק היי. אויף די ווישקעס זענען מיר געלעגן זעקס וואָכן. דורך דער צייט האָבן מיר דער דאָזיקער גוטהאַרציקער קריסטין געגעבן פאַרשידענע זאַכן, זי האָט דאָס פאַרקויפט צווישן די פויערים און געבערענגט דערפאַר פּראָדוקטן. די פויערים פלעגט זי זאָגן, אַז עס גענוגט איר נישט פון איר אייגענער געריטעניש פאַר אירע קינדער. אויף די זאַכן איז אויך קיינעם נישט געפאַלן קיין חשד, ווייל אין יענער צייט האָט יעדער פאַליאַק געהאַט אָנגעראַבעוועט פיל ייִדיש גוטס.

זי פלעגט אָפּקאָכן אַ טאָפּ קאַרטאָפל אָדער אַ זופּ און אונדז אַרויפעדערלאַנגען, זי פלעגט אויך ראָשטשינען מעל און אין אָוונט פלעגט מיין פרוי אַראָפגיין און אָפּבאַקן דאָס ברויט ביי איר אין אויוון. יעדער ברויט — צוויי דריי קילאָ, ווי דער שטייגער פון די דאָרפישע ראַזעווע ברויטן. מיין פרוי פלעגט אָפּבאַקן זיבן אָדער אַכט ברויט, די דריי קינדער האָבן געדאַרפן מער ברויט פאַר די עלטערע און מיר האָבן זיך טאַקע באַמיט זיי דאָס צוגעבן. געוועזן פאַלן, ווען די קינדער האָבן אויפגעגעסן זייער גרעסער חלק אויף איינמאָל און מיר, וואָס האָבן געטיילט אונדזער ברויט אינצווייען, כדי צו האָבן אויף דער נאַכט אויך אַ ביס, אָבער הערנדיק דאָס פּישטשען פון די קינדער: „אוי, בינעך הונגעריק, אוי, אַ פּיצעלע ברויט״, האָבן מיר זיי אַוועקגעגעבן אונדזער חלק.

מערסטנס פלעג דער קריסטינס עלטסטע טעכטערל, די



צוועלף־יעריקע סאַבינקע קאָכן דאָס עסן, אַריינגיסן אין אַ גרויסן עמער, גלייך זי גייט אין שטאַל צו די בהמות. ווען ס׳האָט זיך איר געדוכטן אַז ס׳וועט ווינציג זיין פאַר אונדז, פלעגט זי צוגיסן עטלעכע שעפּ וואַסער. ביי אונדז איז עס אָבער געווען מעדני־גן־עדן און געשמאַק אָן אַ שיער.

די פיר קליינע קינדער אירע זענען געווען זייער געהיטן מיט אַ וואָרט. דאָס האָט אַונדז זייער געוווּנדערט, דאָך האָבן אונדזערע הערצער זייער זיך געשראָקן מיר זאָלן נישט אויסגעגעבן ווערן דורך אירס אַ קינד. זיי אָבער, ווען פאָטער די דייטשן האָבן געהאַרגעט, זענען שוין אַזוי געווען אויסגעלערנט דורך זייער מוטער, אַז מ׳טאָר נישט רעדן.

אויף די ווישקעס פלעגן מיר אויך עפּעס טאָן פאַר דער קריסטין, אויסגענייט פאַרשידענע זאַכן, געשטריקט סוועטערלעך פאַר די קינדער און אַזוינאָך פאַרטריבן די שרעקיקע צייט, וואָס האָט אויך דאָ אויבן געלויערט אויף אונדז ווי אַ פאַרטייעטע שרעקלעכע חיה.

מיר זענען דאָ געלעגן ביז עטלעכע טעג נאָך שבועות. אינצווישנצייט בין איך מיט מיין פעטער אַלטער געגאַנגען קיין פּיאַסעק. דאָרט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט די באַהאַלטענע ייִדן אַ פיר אָדער פינף מאָל, געווען דאָרט אַ שעה אַנדערהאַלבן און צוריק.

אַ טאָג נאָך שבועות איז אויסגעפאַלן, מיר זאָלן זיך ווידער גיין טרעפן מיט זיי, איך האָב געזאָגט מיין פעטער, עפּעס זאָגט מיר מיין האַרץ, מיר זאָלן היינט נישט גיין. מיר זענען טאַקע געבליבן אויף די ווישקעס. מיט צוויי טעג שפּעטער איז אונדזער באַלעבאָסטע געגאַנגען קיין סאַווין קויפן ברויט, ווייל ס׳איז שוין געווען פאַרן „פּשעדנאָוועק״ און זי האָט שוין נישט געהאַט קיין מעל. ווען זי איז צוריקגעקומען האָט זי דערציילט אַז זי האָט געטראָפן ליגן געהאַרגעטע יוספן מיטן ווייב און זון, די פרוי האָט נאָך געזשיפּעט, אַ קריסטין פון דאָרף האָט איר געזאָגט, אַז מ׳שמועסט, אַז אויך אַהרון מיט זיין משפחה באַהאַלטן זיך אויס אין דער סביבה...

## ווידער אין אַ גרוב

עס איז נישט געווען קיין צייט צו טראַכטן, מיר האָבן געמוזט אַראָפּ פון די ווישקעס. אויך האָט אונדזער גוטע שיצערין אונדז צוגעיאָגט צו דעם. מיר זענען אַריין אין די הויכע שוין באַלד רייפע קאָרנס, דאָרט זענען מיר געלעגן עטלעכע טעג. אין די נעכט האָבן מיר געקאָפּעט אַ גרוב לענג אויס דער „זאַפּאַליע״ אין סטאַדאָלע, דאַרט ווו עס איז געלעגן דאָס היי, וואָס מיר האָבן עס צייטווייליק איבערגעטראָגן, אַריינגעקלאַפּט דרענגער און אויף זיי אַרויפגעלייגט ברעטער, פון אויבן צוריק אַרויפגעלייגט דאָס היי מיטן שטרוי.

די ברעטער פון דער „זאַפּאַליע" האָבן מיר גוט דורכגעשטופּט מיט היי ס'זאָל נישט קיין שפּאַרינקע.

אופן פערטן טאָג, ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, זענען מיר באַנאַכט אַריין אין אונדזער נייעם באַהעלטעניש. אין גרוב איז געווען זייער ענג, מען האָט קוים געקענט זיצן אָדער ליגן. אַריינגיין האָט מען געמוזט קריכנדיק אויף די קני. נאָך אַ זעקס וואָכעדיקן „אפּרו" אויף די ווישקעס האָט זיך פאַר אונדז איצט אָנגעהויבן אַ נייע מאַטערניש, אַ ניי פּלאָגן זיך.

אין דעם גרוב זענען מיר אַריין אין דער ערשטער העלפט פון חודש יוני 1943. ביסלעכווייז האָט אונדזער לעבן אָנגעהויבן אַריין אין זיין „נאָרמאַלן" גאַנג. מיר האָבן אָנגעהויבן פאַסטן יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק, דאָס האָט אויך אַ ביסל פאַרלייכטערט אונדזער גוטער פרוי ביים פאַרזאָרגן אונדז מיטן ביסל עסן, ווייל צוויי טעג פאַסטן ביי אַ קנאַפּן צענדליק מענטשן זעט זיך זייער אָן... איך מיט מיין פעטער אַלטער פלעגן מיר אין די פינצטערע אָונטן אַרויסגיין אויף „יאַגד" אויף די קאַרטאָפל־פעלדער. די קריסטין אונדזערע האָט אונדז דערציילט, אַז די פּויערים מורמלען וועגן דעם, אַז עמעץ גנבעט זייערע קאַרטאָפל פון די פעלדער. מיר זענען דערפאַר געווען געצוווּנגען אָפּצושטעלן אונדזערע קאַרטאָפל־יאַגדן. די דריי קינדער פלעגן זיך פון מאָל צו מאָל אין די הערבסט אָונטן אַריינכאַפּן צו דער באַלעבאָסטע אין שטוב. זי האָט צוגעמאַכט די לאַדנס און זיי זענען געזעסן ווי מענטשן... איינמאָל האָט זיך מיין קלענסטער טאָכטערל פאַרגלוסט אַריינגיין באַטאָג צו דער באַלעבאָסטעס קינדער, מיטאַמאָל איז אַריינגעקומען דעם שכנס אַ שגצל, ווען ער איז אַרויס איז די באַלעבאָסטע באַלד אַריינגעגאַנגען צום שכן, געוואָלט הערן צי דער קליינער האָט נישט דערציילט. עס איז אַדורך בשלום.

נישט איינמאָל פלעגט זי זיך בעטן ביי אונדז, מיר זאָלן זי שוין לאָזן צורו און אַוועקגיין. מיר האָבן איר געגעבן צו פאַרשטיין און ווידער געגעבן איר עפּעס זאַכן, זי איז מיט טרערן אין די אויגן צוריקגעשטאַנען פון אונדז. אינדעראמת האָט זי זיך געפונען צווישן האַמער און קאָוואַדלע, פון איין זייט האָט זי געוואָלט מיר זאָלן אַוועקגיין, פון דער צווייטער זייט אָבער האָט זי מורא געהאַט, אַז איצט טאָמער כאַפּט מען אונדז, וועלן מיר זי נישט ווילנדיק אויסגעבן, ס'איז איר געווען שלעכט און ביטער.

איינמאָל, ס'איז געווען ווינטער. איך מיט מיין פעטער זענען אַרויס פון אונדזער נאָרע, מיר האָבן איר געוואָלט מיט עפּעס צוהעלפן און גענומען שניידן שעטשקע. מיר האָבן שוין געהאַט היפּשלעך אָנגעשניטן, ווי פּלוצים עפנט זיך די טיר פון דער סטאַדאָלע, ווו מיר זענען געזעסן, און ס'קומט אַריין אַ שכנטע. זי האָט זיך אָנגעכאַפּט ביים קאָפּ: „אָ, יעזוס!"



זי איז געווען אַן עלטערע פרוי, אַ זייער פיינע און אָרנטלעכע. זי האָט זייער באַדויערט וואָס זי האָט אין דער מינוט געדאַרפט אַריינקומען, ווייל, זאָגט זי, טאָמער כאַפּט מען אונדז וועט עס הייסן, אַז זי האָט אונדז געמסרט.

„איר דאַרפט קיין מורא נישט האָבן — האָט זי פאַרגעזעצט רעדן — „איך וועל אַפילו מיין מאַן נישט דערציילן, לעבט אייך געזונטערהייט, די וועלט איז אויך פאַר אייך".

איך האָט איר דערקלערט, אַז מיר קומען פון וואַלד און מיר האָבן געוואָלט איר שכנטע אַ טובה טאָן און צוהעלפן.

אַזוי האָבן מיר אין לויף פון די פופצן חדשים זיין אין גרוב איבערגעלעבט פיל ענלעכע שרעק־סיורפּריזן, פון וועלכע מיר זענען אַרויס בשלום.

בערך עטלעכע טעג פאַר פורים איז מיין קוזינקע פריידע געפערלעך קראַנק געוואָרן און געהאַלטן זייער שלעכט, זי האָט געהאַלטן אין איין חלשן. די באַלעבאָסטע אונדזערע איז עטלעכע מאָל געגאַנגען צופיס 12 קילאָמעטער קיין אגרוסק אין דער אַפּטייק אַריין, דאָרט האָט זי דערציילט ווי אַזוי די קרענק זעט אויס פון אירס אַ קוזינקע, וואָס איז אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד. נאָך לאַנגע בעטענישן האָט דער אַפּטייקער איר פאַרקויפט רעצעפּטן אונטער די אויגן.

די רעצעפּטן האָבן אָבער נישט געהאָלפן און איר איז פון טאָג צו טאָג ערגער געוואָרן. אַ געוויסן טאָג ווען זי האָט זיך שוין געפילט גאָר שלעכט, האָט זי געבעטן אַ שטיקל פּאַפּיר מיט אַ בלייפעדער, זי האָט גענומען שרייבן, אָבער עס איז אַרויסגעקומען געפּאַטשקעט, נישט געשריבן. דאָ האָט זי אין אָפּגעהאַקטע ווערטער געגעבן צו פאַרשטיין, אַז זי וויל אָנשרייבן אַן אַדרעס פון אַ פעטער אין קאַנאַדע, עס זאָל בלייבן פאַר איר שוועסטער. אַלע האָבן מיר זיך שטאַרק צעוויינט.

נאָך דעם טאָג האָט איר אָנגעהויבן בעסער ווערן. זעט אויס אַז זי האָט דורכגעמאַכט דעם קריזיס פון דער קרענק. אונדזער באַלעבאָסטע האָט זי צוגעפּילעוועט מיט אַלץ וואָס זי האָט נאָר געקענט, פריידע האָט זיך אַרויסגעדרייט פון געפאַר.

דער פעטער, אַלטער טענענבוים איז געווען אַ גרויסער רויכערער, היות קיין טאַבאַק האָט ער נישט געהאַט, פלעגט ער טרוקענען געוויינלעכע ביימער־בלעטער און דאָס אינזיך אַריינרויכערן. דעם גאַנצן ווינטער האָט ער שרעקלעך געהוסט און מיר האָבן מורא געהאַט, זיין הוסט זאָל אונדז נישט אויסגעבן... זיין געזונט־צושטאַנד האָט זיך פון טאָג צו טאָג פאַרערגערט. איך האָב אים פיל מאָל געפּרוּווט אָפּהאַלטן פון רויכערן, אָבער ס'איז מיר נישט געלונגען. פיל מאָל האָט ער מיר געזאָגט, אַז ס'איז נישט כדאי דאָס גאַנצע מאַטערניש און זאָל עס נעמען אַ סוף.

איך האָב אים געפּרוּווט אויפוּויזן פון אַמאָליקע היסטאָרישע צייטן, אַז אַ ייד טאָר נישט פאַרלירן דעם בטחון, בפרט ווען מיר האָבן שוין געהערט, אַז די דייטשן לויפן שוין אויף צוריק און שטייען שוין ביי קאָוולע, האָט ער נישט געוואָלט מסכים זיין און געזאָגט, אַז ס'איז אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט דאָס גאַנצע מאַטערן זיך, ווייל מען וועט סיזוי נישט איבערלעבן.

איך ווייס נישט, צי האָט ער אינערלעך, אומבאַוווּסט עפּעס פאָרגעפילט אָדער גאָר זיין דאָזיקע איינרעדעניש האָט געפירט צו זיין שטופּענווייזן איינברעכן זיך. יעדענפאַלס האָט ער אין זיך געטראָגן אַן ערנסטע קרענק און לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן איז עס געווען אַ לונגען־קראַנקייט, וואָס האָט אים ממש פון טאָג צו טאָג אַלץ מער אויפגעפרעסן און פאַרצערט.

עטלעכע טעג פאַר פּסח האָט ער שוין אינגאַנצן נישט געקענט אַראָפּגיין פון געלעגער ווו ער איז איצט געלעגן אין סאַמע ווינקלגרוב. פאַרנאַכט האָט ער זיך געקלאָגט, אַז ס'איז אים אַ שאָד שיינדעלע, וועלכע ער האָט אַליין מיט די אייגענע הענט אויסגעהאָדעוועט, דערנאָך האָט ער זיך אויסגעדרייט צו דער וואַנט און געשטאָרבן.

„אין דער זעלבער נאַכט האָבן מיר אים אַרויפגעהויבן פון גרוב, געטאָן זיין רעכט און באַהאַלטן אים אין דער אַנדערער סטאָדאָלע אין אַ גרוב, וואָס מיר האָבן אויסגעגראָבן אין דער „זאַפּאָליע".

אינצווישנצייט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן צוזאַמענברוך פון די דייטשן אויף די פראָנטן און אַז די דייטשן לויפן שוין פון קאָוולע. אונדזער מוט האָט זיך געשטאַרקט און יעדער טאָג איז אונדז איצט געוואָרן ווי אַ יאָר. מיר האָבן שוין אויסגעקוקט די שעה, דעם טאָג ווען מיר וועלן ענדלעך דערלעבן אַרויסצוגיין פון גרוב און ווערן צוריק פרייע מענטשן.

## אונדזער באַפרייאונג

אויגוסט 1944.

אין חודש אויגוסט 1944, אַ פאַרנאַכט ווען עס איז צו אונדז דערגאַנגען, אַז די רוסן האָבן שוין פאַרנומען אגרוסק און אַנדערע דערפער, זענען אונדזערע הערצער געווען שטאַרקער פון אייזן אויסצוהאַלטן די פריילעכער בשורה, אָבער אונדזערע נערוון זענען געווען שטאַרק אָנגעצויגן אין געשפּאַנטער דערוואַרטונג.

מיטאַמאָל הערן מיר אַרום אונדזער סטאָדאָלע רעדן דייטש און אַ געלויף פון באַשטיוולטע טריט. באַלד הערן מיר ווי מען עפנט דאָס טויער און מען גייט צוריק אַוועק. שפּעטער האָט די קריסטין אונדז דערציילט, אַז עס זענען געקומען דייטשן, וואָס זעען אויס צו לויפן פון פראָנט, זיי האָבן אין



אַלע סטאָדאָלעס צעשטעלט צו זעקס פערד, אויך דאָ ווילן זיי אַריינשטעלן פערד.

מיר זענען געווען איינגעשטעלט און עס האָט זייער ווי געטאָן, אַז אין די גאָר לעצטע מינוטן פאַר דער באַפרייאונג זאָלן מיר דורך זיי אַנטדעקט ווערן, ווייל די פערד וועלן דאָך אָפּעסן דאָס היי פון אונדזער גרוב... מיר האָבן פאַרטראַכט גראָבן טיפער דאָס גרוב. וואָס מיר האָבן טאַקע באַלד אָנגעהויבן טון. די באַלעבאָסטע האָט אַרויסגעטראָגן די ערד דורך דער הינטער־טיר.

שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז צוליב דעם, וואָס אויף אונדזער הויף איז נישט געווען קיין ברונעם, האָבן זיי די פערד נישט אַריינגעשטעלט. מיר זענען געלעגן אין איין שרעק, פון אַלע זייטן זענען די דייטשן אַרומגעלאָפן, גערעדט געשריגן. מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס זענען זיי דענערווירט פון זייער אָפּטרעטן.

דאָס דאָזיקע געפיל האָט אונדז נישט אָפּגענאַרט, פאַרטאָג האָבן מיר געהערט אַ שטאַרק טופּען, אַ גאַלאָפּ פון אַ רייטער און אַ געשריי: „אופשטיין, אופשטיין!" אויגנבליקלעך איז געוואָרן אַ שטאַרקער טומל, אַ רעש פון באַשטיוולטע טריט און פערדישע פּאַדקאָוועס האָט זיך געמישט, געוואָרן שטאַרקער, דערנאָך אַלץ ווייטער און שוואַכער ביז אַלץ איז פאַרשוווּנדן און אַנטשוויגן געוואָרן.

מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער, ווען אַלץ אַרום איז ווידער שטיל געוואָרן, האָט זיך געעפנט דאָס טויער, אונדזער באַלעבאָסטע האָט צו אונדז אַריינגערעדט און דערציילט, אַז די דייטשן זענען פּלוצים אַנטלאָפן ווי פון אַ פייער, זיי האָבן אַפילו איבערגעלאָזט עטלעכע זייערע קעסטלעך און ראַנצעס.

אינדערפרי זענען מיר אַ ביסל ארויס פון גרוב און זיך אַרומגעדרייט איבער דער סטאָדאָלע. ארויסקוקנדיק פון די שפּאַרעס האָבן מיר געזען ווי איינצלנע דייטשן לויפן אין צעפלאַשעטער אומאָרדנונג. מיר זענען געווען זיכער, אַז דאָס אַנטלויפן שוין די לעצטע רעשטלעך זייערע, אָבער ווי זאָגט זיך אַ שפּרוכוואָרט: „זיכער איז מען נאָר מיט אַ הויקער", האָבן מיר נישט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות און ווידער אַראָפּ אין אונדזער באַהעלטעניש.

מיט צוויי שעה שפּעטער זענען אָנגעקומען רוסישע זעלנער, זיי האָבן אָנגעהויבן גראָבן אָקאָפּעס אַרום אונדזער סטאָדאָלע, עס האָט לאַנג נישט געדויערט און אויך זיי זענען אַוועק ווייטער. מיר זענען נאָך אַלץ געלעגן אין גרוב.

די באַלעבאָסטע איז אַריין צו אונדז מיט אַ פריידיקן אויסגעשריי: „די סאָוויעטן זענען שוין דאָ ביי אונדז! קומט שוין אַרויס, מיר האָבן דערלעבט, קומט אַרויס".

זי האָט געשריען און געפּאַטשעט מיט די הענט. מיר

זענען פּשוט געווען ווי צעטומלט. די פּײַנלעכע יאָרן און די פּײַנען און גרוילן וואָס איז אַריבער איבער אונדזערע גופים איצט האָבן מיר מיט איינמאָל אָנגעהויבן אָפּפֿילן די אַלע פּײַנען און גרוילן וואָס איז אַריבער איבער אונדזערע גופים און נשמות. מיר זענען טאַקע אַרויס פֿון גרוב, אָבער מיר האָבן נאָך אַלץ נישט געוואָגט צו פֿאַרלאָזן די סטאַדאָלע און זען די ליכטיקע שײַן פֿון דרויסן. ווי פֿאַרחתמטע האָבן מיר זיך ארומגעדרייט אין דער סטאַדאָלע דעם גאַנצן טאָג.

אינדרויסן אַרום אונדז איז געווען אַ לעבהאַפֿטע באַוועגונג, רוסישע סאָלדאַטן זענען געקומען און אַוועק און אויף זייער אָרט זענען אַנדערע געקומען, אַזוי אַ גאַנצן טאָג און אַ גאַנצע נאַכט. יעדעס מאָל איז די באַלעבאָסטע אַרײַנגעקומען צו אונדז, מיר זאָלן זיך נישט שרעקן, דאָס זענען אַלץ סאָוויעטן.

אויפֿצומאָרגנס איז זי אַרײַנגעקומען און פּשוט אונדז אַרויסגעריסן פֿון גרוב — „שוין גענוג זיך געפּײַניקט דאָ, איצט זענט איר פֿרײַע מענטשן, גייט אַרויס!" — האָט זי געשריען און זיך געכאַפּט אונדז קושן.

די פֿרוי איז ממש געווען אַ מלאך, אַ גוטע נשמה, וואָס אַ דאַנק איר זענען מיר אַלע לעבן געבליבן. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און זי איז אַוועק צוריק אין איר געגנט אין פּויזן אָדער אַ דאָרף אין יענער געגנט. עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס מיר האָבן נישט באַוויזן און וויסן ביז היינטיקן טאָג נישט איר אַדרעס, כדי מיר זאָלן איר כאָטש מיט עפּעס קענען אָפּדאַנקען פֿאַר איר גוטס.

איצט האָבן מיר ערשט דערפֿילט אונדזער הונגער, קעלט און דאָרשט, און ווייטיקן אין אַלע גלידער. מיר זענען געווען ווי די לעבעדיקע מתים און אונדזערע איינגעזעסענע פּיס האָבן זיך איצט אָפּגעזאָגט אונדז צו טראָגן, ערשט איצט זענען מיר אמת קראַנק געוואָרן און מיר האָבן געדאַרפֿט האָבן גרויס רחמים צו קענען איבערלעבן די באַפֿרײַאונג...

בן־צביה האָלצמאַן

# די מצבה־גאַס



י סאַלנע, וועלכע מען האָט גערופֿן די שול־גאַס, האָט זיך געצויגן פֿון ראַזשאַנקער, לעצטנס פּילסודסקי־גאַס, ביז פּלעשטשינסקיס פּרוכטן־גאָרטן. דאָרט האָט זיך געפֿונען דאָס אַלטע בית המדרש, די גרויסע שיל, דער בית הקברות פֿון כמיעלניצקיס צייטן און דאָס נײַע בית המדרש, וואָס איז געווען אַ געשאַנק פֿון מאָטל ביגמאַן.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט זיך די שטאָט פֿונאַנדערגעבויט, באַזונדערס דער נײַער טייל, וואָס איז געווען אויף דער צווייטער זייט פֿון פּלעשטשינסקיס גאָרטן, אויפֿן א. ג. „פּאָזשאַרנע סאַד". דאָרט האָט דער מאַגיסטראַט אײַנגעפֿירט אַ בהמות־מאַרק. אַרום דעם מאַרק האָבן זיך פֿונאַנדערגעבויט אַ סך הײַזער, ביזן וועג, וואָס פֿירט צום דאָרף אָקאָנינקע. כדי צו פֿאַראייניקן די שטאָט מיט דער נײַער געגנט און פֿאַרקירצן דעם וועג, האָט דער שטאָטראַט פּלאַנירט אָפּצוקויפֿן אַ שטיק פּלאַץ פֿון פּלעשטשינסקיס גאָרטן און פֿאַרלענגערן די סאַלנע־גאַס ביזן בהמות־מאַרק. צוליב בודזשעט־שוועריקייטן איז דער פּלאַן נישט אויסגעפֿירט געוואָרן.

ערשט נאָכן אויסברוך פֿון דער מלחמה אין יאָר 1939, ווען די שטאָט איז פֿאַרנומען געוואָרן דורך די דײַטשן, האָבן זיי גלײַך געפֿונען אַן אויסוועג ווי אַזוי רעאַליזירן דעם פּלאַן אָן געלט, מיט אומזיסטע ייִדישע אַרבעטס־הענט, ייִדישן שווייס און בלוט. דער יודענראַט, וואָס איז געוואָרן געצוווּנגען צוצושטעלן טאָג־טעגלעך ייִדישע אַרבעטער צו יעדער שטאָטישער שוואַרצער אַרבעט, איז אויפֿגעפֿאָדערט געוואָרן צו שיקן אַ גרעסערע צאָל ייִדן, וועלכע זאָלן ברוקירן די נײַע גאַס.

דער געסטאַפּאָ־אינזשעניר, וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט דער אַרבעט, איז געפֿאַלן אויף אַ בעסטיאַלישן פּלאַן, מען זאָל די גאַס, וווּ עס געפֿינען זיך די בתי־מדרשים און די שיל, ברוקירן מיט די מצבות פֿון די ייִדישע בתי־הקברות. דערמיט האָבן זיי זיך אײַנגעבערעכנט נישט בלויז אַרבעטס־הוצאות, נאָר אויך די מאַטעריאַל־אויסגאַבן. זיי האָבן אַלץ באַקומען אומזיסט און נישט געדאַרפֿט זיך מאַטערן מיט בודזשעט־שוועריקייטן.

די ווילדע אַכזריות, מיט וועלכע עס איז געווען פֿאַרבונדן מיט דורכפֿירן דעם פּלאַן, האָט פֿאַרשאַפֿט די געסטאַפּאָ שפּאַס און פֿרייד און באַלד אויף צומאָרגנס זענען שוין הונדערטער ייִדן געפֿירט געוואָרן אויפֿן בית הקברות, וווּ זיי האָבן מיט די אייגענע הענט געדאַרפֿט אויסגראָבן די מצבות.

די אַרבעט איז געטון געוואָרן אונטער דער דראָונג פֿון דערשאָסן ווערן באַגלייט מיט ברוטאַלע קלעפּ. דאָס איז געווען

אַיינע פון די שוידערלעכסטע אַרבעטן, צו וועלכע ייִדן זענען געווען געצווּנגען פון דער געסטאַפּאָ אין וולאָדאַווע. שטילער־הייט האָבן די ייִדן געוויינט, געקלאַפּט קאָפּ אין די מצבה, גע־מורמלט פסוקים פון תהילים און געבעטן מחילה ביי די טויטע, וועמענס קברים זענען געשענדעט געוואָרן.



ר׳ מתתיהו האַלצמאַן און זיין פרוי צביה.
ער איז געווען אַ קאַצקער חסיד און אַ באַקאַנטער געזעלשאַפט־לעכער עסקן, פּרעזעס פון די קאָמיטעטן פאַר גמילות חסדים און מעות חיטין, גרינדער פון דער ערשטער יידישער באַנק א. נ. „באַנק־הויז מ. האַלצמאַן". זיין פרוי צביה איז געווען פאָרזיצערין פון „חברה תומכי עניים", גבאיטע אין דער עזרת נשים פון דער גרויסער שול.

דוד האָלצמאַן איז צוגעטיילט געוואָרן צו אַ גרופּע וועל־כער עס איז אויסגעקומען צו „אַרבעטן" ביים אוהל פונעם רב ר׳ לייבעלע זצ״ל, נעבן וועלכן עס האָט זיך געפונען דער קבר פון זיין פאָטער מתתיהו ז״ל. דודן איז גלייך אַיינגעפאַלן אַ געדאַנק, אַז ער זאָל נישט דערלאָזן אַרויסצורייסן דעם טאַטנס מצבה מיט פרעמדע הענט. ער האָט עס געוואָלט טון אַליין, פּאַוואָלע, איידל, פאָרזיכטיק... אָבער ווען ער האָט אָנגעהויבן גראָבן און קלאַפּן אין דעם גרויסן האַרטן מאַרמאָרענעם שטיין, פון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעפינקלט די גאָלדענע אותיות: „פּה



נטמן החסיד, יראי שמים, ר׳ מתתיהו בן ישראל", האָט עס אויסגעזען ווי די אותיות וואָלטן גענומען שפרינגען אין דער לופטן, שוועבן איבער די קעפּ, דראָענדיק, בעטנדיק. דוד האָט נישט אויסגעהאַלטן און איז אויסגעבראָכן אין אַ היסטעריש געוויין. עס האָט זיך פון אים אַרויסגעריסן אַ געשריי: „טאַטע, טאַטע, זע ווער עס שלאָגט דיך..." ווי וואנזיניק האָט ער גע־נומען קלאַפּן מיטן קאָפּ אין דער מצבה און זיך נישט געקענט באַרואיקן.

די ייִדן, וואָס זענען געווען פאַרנומען ביים ברעכן די אַנדע־רע דערנעבנדיקע מצבות, זענען צוגעפאַלן צו אים באַרואיקן, געבעטן זיך ביי אים, אַז זיין געשריי קען מיט זיך ברענגען נייעם אומגליק.

עס האָט אויסגעזען, ווי זייערע ווערטער וואָלטן נישט דערגאַנגען צו דודס באַוווּסטזיין. ער האָט נישט אופגעהערט צו קלאָפּן מיטן קאָפּ אין דער מצבה. עד איז אַרויפגעפאַלן אויפן קבר און ווי אַן אובאַהאָלפן קינד אַריינגעוויינט: „זע, טאַטע, צו וואָס מיר האָבן דערלעבט... אַייגענע קינדער ברעכן און שלאָגן זייערע טויטע טאַטעס און מאַמעס, און איר שווייגט?!... טאַטע, זיי מיר מוחל!"

מיטאַמאָל איז ער אויף אַ ווײַלע פאַרשוויגן געוואָרן, האָט אויסגעשפּרייט די הענט, ווי ער וואָלט געוואָלט אַרומנעמען דאָס קבר, דעם טויטן טאַטן, באַשיצן אים קעגן דעם שווערן בזיון המת. באַלד האָט ער מיט אַ פאַרשטיקט העשען אָנגעהויבן זאָגן:

„יתגדל ויתקדש שמי רבא..."

שווער איז אָנגעקומען די מענטשן אָפּצורייסן דודן פונעם טאַטנס קבר, באַהאַלטן אים פאַר די דייטשן, ביז ער וועט זיך באַרואיקן.

אַזוי לאַנג ווי ייִדן האָבן געוווינט אין וולאָדאַווע, האָט דער ייִדישער בית הקברות, אין וועמענס ערד עס זענען געווען באַהאַלטן אַוועקגעגאַנגענע דורות און דערציילט אויך פון גרויסן אומגליקן, וואָס זענען געקומען אויף די ייִדן אין משך פון הונדערטן יאָרן, נישט געהערט אַזאַ האַרצרייסנדיקן קלאָגן, אַזויפיל וויינען און כליפּען פון דערוואַקסענע מענער, ווי אין יענע טעג ביים אַרויסרייסן די מצבות.

אַ גרויס, שטיל און פאַרשטיקט געוויין האָט דורכגעדרונ־גען דעם גאַנצן בית עלמין. די הייליקע מצבות, צו וועלכע מען פלעגט קומען זיך אויסרעדן אויסוויינען און בעטן אין אַן עת צרה, זענען געוואָרן אַרויסגעריסן און צעבראָכן. די שטיי־נער, וואָס האָבן דערמאַנט מאַמעס, טאַטעס, פריינט, האָבן סימ־באָליזירט טיפע צוגעבונדקייט צום עבר, זענען געלעגן גע־שענדעטע און סימבאָליזירט די פּיין און יסורים פון די ייִדן אין וולאָדאַווע.

די מצבות, וועלכע זענען געשטאַנען איבער הונדערט־יאָריקע קברים, האָבן זיך נישט געלאָזט אַזוי גרינג ארויס־

רייסן. די מענטשן, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט ביי דער דאָזיקער יסורימפולער אַרבעט, האָבן געהאַט דאָס געפיל ווי די נשמות פון די באַגראָבענע וואָלטן זיך געקלאַמערט אין די מצבות און געבעטן זיך נישט צו שטערן זייער רו און נישט צונעמען ביי זיי דעם איינציקן אָנדענק פאַר די קומענדיקע דורות.

היילי̇ק זענען געווען די מצבות פאַר די לעבעדיקע, פאַר די זין און אייניקלעך, וואָס זענען געקומען אַהין, אַמאָל אַוועקלייגן אַ בלימל, מאַכן אַן אל־מלא רחמים, זאָגן קדיש.

פאַרשוווּנדן איז דאַן דער באַגריף „וועלט־געוויסן", דאָס געפיל פון מענטשלעכקייט און רחמנות. עס איז געווען די הערשאַפט פון גרויזאַמסטן מלאַך המות.

באַגלייט מיט מערדערישע קלעפּ פון די ס.ס.־לייט האָבן די וואָלאָדאַווער ייִדן געפירט צום ערשטן מאָל אין זייער געשיכטע די מצבות פון בית הקברות צוריק אין שטאָט, ווו עס האָט געדאַרפט פאַרענדיקט ווערן דער ביטערער חילול הקודש.

דאָס איז געווען די שוידערלעכסטע לוויה אין וואָלאָדאַווע.

צום צעקלאָפּן די מצבות זענען געבראַכט געוואָרן נייע הונדערטער ייִדן, וועלכע זענען געצווּנגען געוואָרן צו טון די דאָזיקע שענדלעכע אַרבעט. ביי יעדן קלאַפּ האָבן די ייִדישע הענט געציטערט און פון האַרץ האָט זיך געריסן ביטער געוויין.די ווערטער „תנצבה", „פ"נ", „הרב הגאון", „האישה הצנועה", „הנדבן", „החסיד" א.א. זענען צעקלאָפּט געוואָרן. נישט איין זון איז אויסגעקומען צו ברעכן די מצבה פון זיין מאַמע אָדער טאַטן.

ביי קיין שום אַרבעט, אפילו די שווערסטע, צו וועלכע ייִדן זענען געצווּנגען געוואָרן דורך דער געסטאַפּאָ, זענען נישט פאַרגאָסן געוואָרן אַזויפיל טרערן ווי ביים ברוקירן די מצבה־גאַס. אַזוי האָבן די וואָלאָדאַווער יידן אַ נאָמען געגעבן די ניי־געפלאַסטערטע גאַס און דער דאָזיקער נאָמען וועט בלייבן אַזוי לאַנג ווי די הייליקע שטיינער וועלן געטרעטן ווערן דורך אומריינע פיס.



לאַלאַ־עליזשביעטאַ לוסטגאַרטען

# מיין וועג צוריק צום יידישן פאלק

**א**ין 1940־סטן יאָר בין איך געווען מיט דער גאַנצער פאַמיליע אין לובלין. קיין געטאָ איז נאָך נישט געווען. אין יאָר 1940 אָדער אין 1941 בין איך מיט דער גאַנצער פאַמיליע אַרויסגעפאָרן אין דאָרף האַנסק, וולאָדאַווער פּאַוויאַט. דאָס איז געשען אויף אַזאַ אופן, אַז מיין פאָטער, וועלכער האָט געאַרבעט אין „לאַגער" אין קריכאָוו, וולאָדאַווער פּאַוויאַט, (יידן האָבן דאָרט געגראָבן קאַנאַלן, כדי אויסצוטריקענען די לאַנקעס), — האָט ער אונדז איינגעאָרדנט אין דערנעבנדיקן דאָרף האַנסק. מיר האָבן דאָרט געוווינט ביי אַ פּוילישן באַלעבאָס. אויסער אונדז, האָבן אין דאָרף געוווינט נאָך אַ געוויסע צאָל אָרטיקע יידן.

דער פאָטער איז געשטאָרבן אויף טיפוס (אין האַרבסט, דוכט מיר) אין 1942 יאָר. מיר האָבן אַלע געקרענקט אויף טיפוס. נאָכדעם האָב איך געמוזט גיין דינען צו יוזעף סמאָלאַרטשיק אין זעלבן דאָרף. איבעריקנס, דאָס איז געווען שפּעטער. נאָכן פאָטערס טויט, האָבן מיר זיך אַריבערגעטראָגן קיין דובעטשנאָ (אַ קליין שטעטעלע אין וולאָדאַווער פּאַוויאַט). מיר זענען דאָרט געווען נישט קיין גאַנץ יאָר. עס איז פאָרגעקומען אַן אַקציע אויף קינדער. עס זענען צוגענומען־געוואָרן מיין שוועסטערל און ברודערל, יינגערע פון מיר, וואָס זענען אומגעקומען אין סאָביבאָר. איך בין פריער געגאַנגען דינען צו סמאָלאַרטשיקן. די מוטער איז געבליבן אין דובעטשנע. מיין אַפּיעקונקע, סמאָלאַרטשיקאָווע, האָט מיין מוטער געהאָלפן. בעת אַן אַקציע, איז די מאַמע אַרויסגעפירט־געוואָרן קיין וולאָדאַווע און נאָכדעם, — קיין סאָביבאָר, ווו זי איז אומגעקומען.

מיינע אַפּיעקונעס האָבן געהאַט אַ בן־יחיד, וועלכער איז דערהאַרגעט־געוואָרן דורך די דייטשן דערפאַר, ווייל ער האָט געהאָלפן יידן.

איך האָב געאַרבעט גענוג שווער, אָבער אין אַלגעמיין, האָט מיך די אַרבעט באַפרידיקט.

צום אָנפאַנג איז געווען גאַנץ שטיל, כאָטש אין דאָרף האָט מען געוווּסט, אַז איך בין אַ יידישע. אַ געוויסער שכן, יאַן גאַלאַן, האָט דערטראָגן די אוקראַאינער, אַז אין דאָרף איז דאָ אַ יידישקע. זענען געקומען אוקראַאינער מיט אַ דייטשן קאָמענדאַנט און מען האָט מיך צוגענומען אין דער תּפיסה אַריין, אין זעלבן דאָרף. זיי האָבן בדעה געהאַט צו דערשיסן מיך אויפן אָרט. זיי האָבן אויך גענומען מיינע אַפּיעקונעס און זיי געשלאָגן. מיין אַפּיעקונקע איז טויב געוואָרן פון אַ קלאַפּ. מיך האָט מען געשלאָגן אין די פּיס.

אָרטיקע אוקראַאינער האָבן זיך איינגעשטעלט פאַר מיר און דערפאַר האָט מען מיך אַוועקגעפירט קיין קריבאָוו, אין אַ לאַגער פאַר יידן. פון דאָרטן בין איך אַנטלאָפן קיין האַנסק. איך האָב מיך דאָרט באַהאַלטן (וואָרעם מען האָט מיך געזוכט) אין שכנותדיקן דאָרף, ביי פרעמדע מענטשן, אַלס קוויאַטקאָווסקאַ העלענאַ, פון יענער זייט בוג.

אַזוי איז דאָס געווען ביז צו דער באַפרייאונג.

דעם שכן יאַן גאָלאַן האָבן פּוילישע פּאַרטיזאַנער דערהאַרגעט פאַר מיטאַרבעטן מיט די דייטשן און אוקראַאינער.

אין קאָשטשאָל אַריין האָב איך אָנגעהויבן צו גיין אין יענעם דאָרף קאָלטשין, קודם־כל דערפאַר, איך זאָל נישט פאַראַטן מיט מיין אָפּשטאַם. עס איז מיר געפעלן־געוואָרן און דעריבער, האָב איך, אויך נאָך מיין צוריקקערן זיך קיין האַנסק, פאָרגעזעצט צו גיין אין קאָשטשאָל. אויף מיין אייגענעם פאַרלאַנג, האָט מען מיך געשמד'ט אין אַפּריל 1945 יאָר. איך האָב געוווּסט אַז עס זענען פאַראַן יידן, וועלכע האָבן איבערגעלעבט די מלחמה, אָבער איך האָב מיך נישט געוואָלט אומקערן צו זיי. פאַרוואָס? — איך קען זיך עס אַליין נישט דערקלערן.

אין 1947־סטן יאָרן איז געקומען צו פאָרן נאָך מיר אַ ייד, הער גייער פון וולאָדאַווע, אין דער באַגלייטונג פון מיליציאַנטן, כדי מיך אַוועקצונעמען צו יידן. איך האָב מיך באַהאַלטן און מען האָט מיך נאָכדעם געפונען. איך האָב זיך איינגעשפּאַרט און האָב נישט געוואָלט גיין.

פון דאַן־אָן האָב איך מיך גענומען באַהאַלטן, מורא־האָבנדיק, אַז יידן וועלן מיך אַוועקנעמען. די אַפּיעקונעס האָבן געוואָלט, איך זאָל פאַרבלייבן, אָבער זיי האָבן עס איבערגעלאָזט פאַר מיין אייגענער דעציזיע. זיי האָבן געוואָלט, עס זאָל מיר גוט זיין, אָבער זיי איז געווען מאַטעריעל שווער.

ערשט אין נאָוועמבער 1947 איז מען ווידער געקומען נאָך מיר, ווידער הער גייער, מיטן מיליץ־קאָמענדאַנט פון אונדזער דאָרף. מען האָט מיך געבראַכט קיין וולאָדאַווע. עס האָבן זיך פאַרנומען מיט מיר דער קאָמענדאַנט פון דער

פּאַוויאַט-מיליץ און זיין פרוי, וואָרעם איך האָב נישט גע־וואָלט איבערשרייטן קיין ייִדישע שוועל.

איצט איז עס אַלץ פאַרביי. איך בין צופרידן, וואָס איך האָב מיך אומגעקערט צו ייִדן. איך לערן־זיך העברעאיש און גאָרסעטן־מאַכעריי.

איך וויל צוגעבן, אַז מיין פאָטער מאַרקוס לוסטגאַרטען, אין דער צייט פון זיין אַרבעטן אין לאַגער קריבאַוו, ווו ער איז געווען „אָבערקאַך", האָט אַ סך גוטס געטון סיי ייִדן און סיי פּאָליאַקן. ער האָט גוט געקענט דייטש און ער פלעגט זיך איינשטעלן פאַר די ליידנדיקע. אַזוי, צום ביישפּיל, ווען מען האָט געוואָלט דערשיסן צען פּאָליאַקן „קאָנטינגענ־טאַוווצעס" (פאַרהאַלטענע פאַרן נישט צושטעלן זייער קאָנ־טינגענט תבואה), פאַר אַ פּרווו צו אַנטלויפן, — האָט זיך מיין פאָטער אָנגענומען פאַר זיי און מען האָט זיי נישט געשאָסן.

איך באַקום ביזן היינטיקן טאָג בריוו פון מיין אָפּיע־קונקע און פון חברטעס. האַרציקע בריוו.

חיים שקלאַ
בראַזיל

# רבקהלע פון דער ווירקער גאַס דערציילט:

## חסידי אומות העולם

איך בין געבליבן איינע אַליין פון אַ גאַנצער משפּחה, עלנט ווי אַ שטיין. היינט איז מיין מאַמעס יאָרצייט, בין איך דערפאַר געקומען צו אייך, וואָלאַדאַווער לאַנדסלייט, איבער־געבן דאָס, וואָס איך האָב איבערגעלעבט, די שוידערלעכע טראַגעדיעס וואָס מיינע אויגן האָבן צוגעזען. די טראַגעדיע פון מיין מאַמען און די טראַגעדיעס פון אַ סך אַנדערע מאַמעס אין וואָלאַדאַווע.

מיר האָבן געוווינט אויף דער ווירקער גאַס. מיין מאַמע האָט געהייסן חנה־ביילע, איז געווען באַקאַנט צווישן די ייִדן אין וואָלאַדאַווע. איך בין נאָך דעמאָלט געווען אַ קליין קינד און מיין מאַמע האָט מיך נאָך געטראָגן אויף די הענט.

אין יאָר 1939, ווען די היטלעריסטן זענען אַריין קיין וואָלאַדאַווע, איז מיין טאַטע אַוועק אין וואַלד צוזאַמען מיט אַ גרופּע ייִדישע יונגעלייט, וועלכע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין די פּאַרטיזאַנער. איך האָב אים מער נישט געזען, נאָר זיינע חברים פון פּאַרטיזאַנער אָטריאַד, וועלכע זענען געבליבן לעבן האָבן מיר שפּעטער דערציילט, וועגן די שלאַכטן, אין וועלכע מיין טאַטע האָט אַנטיילגענומען און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין מוט און העלדישקייט. ער איז געפאַלן אין שלאַכט קעגן די היטלעריסטן.

מיין מאַמע איז געבליבן מיט מיר אַליין, אָן מיטלען צום לעבן, אָן די עלעמענטאַרסטע אויסזיכטן איבערצולעבן דעם שוידערלעכן חורבן.

ווייזט אויס, אַז דער שטאַרקער ווילן פון מיין מאַמען אָפּצוראַטעווען איר קינד האָט איר געהאָלפן אויסמיידן די געפאַרן און מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ קעלער פון אַן איינגעפאַלן הויז. ווען די געפאַר איז אויך אַהין דערגאַנגען האָבן מיר אויסגעוואַנדערט אין אַ צווייטע חורבה, ווידער זיך באַהאַלטן אין אַ קעלער, געליטן הונגער, קעלט און שרעק.



שיינדל לעדערמאַן לערנט יידישע קינדער אין וואָלאַדאַווע, 1940.

אַזוי זענען אַוועק עטלעכע יאָר. איך בין דערווייל אויסגע־וואַקסן און עס איז געקומען דער טאָג, ווען מיר האָבן געזען, אַז כלו כל הקצין און מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין ושם מעגלעכקייט זיך אויסצובאַהאַלטן, האָט מיין מאַמע באַשלאָסן, אַז איך זאָל זיך אַליין אַרויסלאָזן אין דער וועלט אַריין, אָפּזוכן עפּעס צום עסן און אַזוי אַרום געפינען עפּעס אַ וועג זיך אָפּצוראַטעווען און נישט אויסגיין פון הונגער.

„אפשר וועט גאָט העלפן און פירן דיך אויפן ריכטיקן וועג — האָט מיין מאַמע גערעדט מיט אַ צעבראָכן קול, דורכ־געווייקט פון טרערן — און דיר וועט געלונגען איבערצו־לעבן די שוידערלעכע מלחמה".

לאַנג האָבן מיר זיך געהאַלטן אַרומגענומען, געקלעמערט זיך איינע אין דער אַנדערער. עס איז אַזוי שווער געווען צו שיידן זיך. אויפן האַרצן האָט געדרוקט דאָס פאָרגעפיל, אַז מיר וועלן זיך שוין מער קיינמאָל נישט זען.

מיט די לעצטע כוחות האָב איך זיך ארויסגעריסן פון מיין מאַמעס ארעמס און גענומען לויפן איבער די פּוסטע וועגן, ביז איך בין אָנגעקומען קיין רוסישע אָרכאַווע, ווו די גוים האָבן מיך נישט געקענט. אַ געוויסע צייט האָב איך זיך אַרומגעדרייט איבערן דאָרף, ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט. די בענקשאַפט נאָך מיין מאַמען איז געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך האָב באַשלאָסן אומצוקערן זיך קיין וולאָדאַווע, כדי נאָכ־אַמאָל אַ קוק צו טון, וואָס עס איז געשען מיט מיין מאַמען. דער וועג איז געווען זייער אַ געפערלעכער און מיט גרויס מי בין איך אָנגעקומען אין שטאָל אַריין. מיט אַ קלאָפּנדיק האַרץ האָב איך זיך דערנענטערט צו דער חורבה, ווו איך האָב אי־בערגעלאָזט מיין מאַמע, אָבער זי איז שוין דאָרט מער נישט געווען...

איך האָב נישט געוואָלט שלום מאַכן מיט דעם געדאַנק, אַז איך האָב פאַרלוירן מיין מאַמע און איך האָב גענומען זי זוכן אויף פאַרשידענע ערטער, געהונגערט גאַנצע טעג און אין די נעכט אויסגעזוכט זיך אַ ווינקל ערגעץ אין אַ חורבה, ביז איינמאָל, ווען איך בין געווען אויפן מאַרק, אַרומגעדרייט זיך צווישן די מענטשן, געוואָלט געפינען עפּעס אַ באַקאַנטן און פרעגן אים, צי ער האָט נישט געזען מיין מאַמע.

אַרומדרייענדיק זיך אויפן מאַרק האָב איך פּלוצים דערזען ווי דייטשע סאָלדאַטן פירן אַ גרופּע וולאָדאַווער ייִדן און צווישן זיי האָב איך דערזען מיין מאַמען.



די שול — צפון־זייט, — נאָך דער שואה

איך בין געבליבן שטיין אַ פאַרגליווערטע, געפילט ווי אַלע אברים שטאַרבן אָפּ אין מיר. איך האָב נישט געקענט אַרויסקריגן פון זיך קיין וואָרט, נישט געקענט באַוועגן קיין אבר. ענדלעך האָט זיך פון מיר אַרויסגעריסן דער געשריי:

„מאַמע, מאַמע !"

איך האָב אויסגעשטרעקט צו איר מײַנע הענט און געוואָלט צולויפן צו איר, אָבער באַלד האָב איך דערפילט אַ שווערע קלעפּ און איך בין אומגעפאַלן, געבליבן ליגן אָן באַוווסטזיין. די אַרומשטייענדיקע פּאָליאַקן זענען געווען זי־כער, אַז איך בין טויט און זיי האָבן מיר געלאָזט ליגן און זענען נאָכגעגאַנגען די גרופּע ייִדן, וואָס מען האָט געפירט קיין סאָביבאָר, זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָס פירט מען זיי אויף אומקום און האָבן זיי באַגלייט מיט חוזק אויסרופן, מיט שאָדן־פרייד.

כ'ווייס נישט ווי לאַנג איך בין אַזוי געלעגן אַ פאַרחלשטע.

ווען איך האָב געעפנט די אויגן האָב איך זיך געזען ליגן בײַ אַ צעבראָכענעם פּלויט. אַלץ האָט מיר וויי געטאָן און איך האָב זיך נישט געקענט רירן. עס איז שוין געווען פאַרנאַכט ווען עס איז פאַרבײַגעגאַנגען אַן אַלטיטשקע קריסטין. זעענדיק מיך ליגן האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, געקוקט אויף מיר מיט רחמנות און אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעך געוויין.

די אַלטיטשקע האָט מיר געהאָלפן אַרויסשלעפּן זיך פון דער בלאָטע, גענומען מיך צו זיך אַהיים, ווו איך האָב זיך אָרומגעוואַשן. זי האָט מיר געגעבן אַ שטיקל ברויט מיט אַ טעפּעלע טיי, אַרומגעוויקלט מיך מיט שמאַטעס און אַרויפ־געפירט אויפן בוידעם, ווו זי האָט מיך באַהאַלטן אונטער אַ קופּע היי.

אַזוי האָב איך איבערגעלעבט די מוראדיקע צייט און איך וועל קיינמאָל נישט פאַרגעסן די פרוי, וואָס האָט ריזי־קירט מיט איר לעבן, כדי מיך צו ראַטעווען.

ד"ר שושנה געלערנטער־קאַמעניר

# אויף די חורבות פון וולאַדאַווע

(דעם אָנדענק פון מײַן פאַרפייניקטן מאַן
יצחק גאָלדמאַן ז"ל).

איך שטיי אויף די חורבות, איך קוק
אויף דער גאַס,
ווו אַלץ איז געווען מיר טייער.
אַ שטעטל מיט ייִדן צעשאָסן, פאַרגאָזט
און אַוועק מיטן רויך, מיטן פייער.
עס שטייען נאָך ייִדישע הייזער. די ווענט —
ווי געקורטשעטע פון פחד און גרוילן.
אָך, ווען זיי וואָלטן נאָר רעדן געקענט,
ווען זיי וואָלטן געקענט אַלץ דערציילן !
ווי מען האָט דאָ געפּלאָטערט צום קעלער,
צום דאַך
און דער טויט האָט דעריאָגט זיי מיט בליצן.
עס זענען די אָרעמע ווענט געווען שוואַך,
די שוצלאָזע דאָרט צו באַשיצן.
עס האָבן געצאַפּלט סיי מוטער, סיי קינד,
אין די בלוטיקע ווענט פון דעם שעכטער.
דער בוג פליסט ווי פריער, עס פלאַפּלט
דער ווינט,
נאָר מען הערט נישט קיין ייִדיש געלעכטער.
נישטאָ מער מײַן ייִדישע, היימישע וועלט,
מיט ייִדישע שמחות און צרות, —
דאָס שטעטל אָן ייִדן איצט האָס איך
און שעלט
און כ'גיי בעסער צום בית־הקברות.
קיין אָרכעווע גיי איך, אַרויף אויפן באַרג,
כ'וועל די היימישע קברים כאָטש האָבן.
אָ, גאָט מײַנער ! ס'אומגליק געווען איז
נאָך קאַרג, —
האָט מען דעם בית־עלמין צעגראָבן !
צעאַקערט די קברים. דאָ איז איצט אַ פּעלד.
מען פּאַשעט בהמות דאָ פּעטע.
נישטאָ מער מײַן היימישע ייִדישע וועלט,
נישטאָ מער קיין רו פאַר די טויטע ;
די מצבות זענען איצט טרעפּ און שאָסיי,
טראָטואַר־שטיינער בײַ די ראָוועס.
ווו זאָל אַ יתומה מיט בראַנדיקן וויי
גיי אַצינד אויף קבר־אבות ?
גיי איך קיין סאָביבאָר, ס'דערפל אַמאָל
געווען איז דאָך ליב מיר און אייגן.
דאָס הייזל מײַן פעטערס געשטאַנען
אין טאָל,
ווו מײַן גאָלדענע פאָווע ז'געפלויגן...
מײַן זוניקע קינדהייט האָט דאָרטן געבליט,
אין וואַלד פלעג איך יאַגדעס נאַשן.
דאָרט האָט מען פאַרפייניקט דעם ייִד,
פאַרברענט און צעשאָטן די אַשן.
נישטאָ מער קיין אויוון, נישטאָ מער
קיין פּלויט,
קיין גאַז־קאַמער, אַלץ איז צענומען ;
קיין זכר זאָל בלייבן פון מיליאָניקן טויט
און אַלץ וואָס זאָגט עדות, — זאָל שטומען.
עס שווייגן די וועלדער, די פעלדער,
דאָס גראָז,
נאָר ס'האַרץ מײַנס עס קען אַלץ
נישט שטומען.
אייביק ס'וועט מאָנען און פרעגן :
פאַרוואָס ? !
אייביק און ווו כ'וועל נאָר קומען !

# מגילת הגבורה



## וולאדאווער יידן
## אין
## העלדישן קאמף

# להבות באפר

— — — בימים ההב התפרצו מאות בני ולודאבה להלחם בצורר הנאצי ואין בכוחנו לספר את קורותיהם של הרבים, אשר לא השליכו את יהבם על העולם ומצפונו, ומבלי לצפות לישועה מן החוץ, ביקשו ליטול את גורלם בידיהם. מעטים הם הניצולים, מפיהם שמענו את העדות הזאת על המרד הנועז במחנה המוות סוביבור על המאבק הפרטיזאני, על כל בני-ולודאבה שהתקוממו, שאפו בכל יכולתם להגיע למרד מזוין ועמדו בו בכבוד ובגאון. על כך מעידים פה: בני הוברמן, שמואל הרצקס, אביגדור, אריה, א. פייגה, בן־דוד, משה קצב, ש. נתן, ז״ל, ש. ביילה, א. בן־רייזל, י. שינקו, וו. פצן, ש. בת־כינקה, א. טוליפ, בן-אריה, סרושקה ועוד. אלו הן עדויות חיות, רוטטות על מעשי הפלאים של יהודים לוחמים, משתתפי תנועת הגרילה. נוסף לאלו הן העדיות של שרידי המרד בסוביבור, של ה־מפקד מישה לב, של עדה ליכמן, ח. נייבייסקה. אין בכוחם לספר אך מעט מזעיר מכל מה שעבר עליהם, והם עברו את כל שלבי התופת הנאצי, בכל רגע אפשר היה לשלח אותם לגיא, אל תעלות-השריפה או אל המוקד, ובנס ניצלו ממבצע־השמד שאין לו אח ודמיון בהיסטוריה האנושית, ולמרות הסבל ועומק-השפלות שבתוכן צללו ושקעו נגועי הרעב וכלואי העבדות לא איבדו את עמידתם הנפשית שהפתיע את המרצחים ובאה לידי ביטוי במרד הנועז — — צעירי ולודאבה השתתפו בכל תנועה רבת-העזה, ונלחמו בתנועה הפרטיזאנית המ־הוללת מאחורי קוי החזיתות, בערפו של האויב וגם בצבא האדום, במערכותיו הנרחבות הגליות לעין, בכל המישורים נתגלו בני ולודכה כלוחמים ללא חת, שלא נרתעו מפני אימת הסכנות שבמלחמת הדמים. היה בכל מעשיהם תחושת הכורח הגורלי בהשתתפות ממשית במאבק הפרטיזאני. עם עיון ברשימות מדור הגבורה, על מרד סוביבור ועל המאבק הפרטיזאני הנרחב, מתברר התפקיד החשוב ש־מילאו בני ולודאבה. לה היה אף תחום אחד במסכת מעלליו של המחנה הפרטיזאַני הלוחם, שלא ניכר בו מעשה-העזתו של הולודאבאי, שהיה מסור כל כולו למלחמה באויב הנאצי. זאת היא פרשה מליאת-פחד ותפארת-גבורה, שהוסיפה כבוד ועוז לקהילת ולודאבה כולה — נוכח השואה, שאין כמותה בדברי ימי העם — — — נוסף על עצם המאבק המתמיד נגד קלגסי הגרמנים ונאמניהם בקרב האוכלוסיה המקומית, נטלו על עצמם בני-ולודאבה בתנועה הפרטיזאַנית לדאוג גם לחייהם ולכל־כלתם של היהודים הבלתי לוחמים. אלה היו על־פי־רוב פליטי הגיטאות, בלתי-מוכשרים למלחמה, שחייהם היו תלויים להם מנגד ביום ובלילה הן מצד הגרמנים, הן מצד כנופיות-הרוצחים, ולעיתים גם מצד פרטיזאנים שלא מבני-ברית. המשפחות הבלתי-מזויינות סבלו סבלות-יתר מידי הכנופיות הללו, וצעירי ולודאבה היו ממלאים בנאמנות את חובתם הלאומית לעזרת אחיהם בצר להם. על כל זה מספרים אלה שנותרו בחיים אחר גלגולים, תלאות ויסורים, כשפסע היה בינם לבין ה־מוות, והנה דווקא באותו המצב האיום מכל איום, נתחשלו לעמוד באון ובגאון מול משמי־דיהם ולהיערך לקראת המלחמה נגדם — — אכן רבו גילויי הגבורה של בני-ולודאבה בימי השואה, שטרם הועלו זכרון בספר. אך זה שהצלחנו לאסוף בספר מעיד על יהודי ולו־דאבה והסביבה שלא הלכו כצאן לטבח, אלא גילו גבורה עילאית במאבקם הטראגי, רצוף הקרבה עצמית, נגד משמידי עמם, בחייהם ובמותם שרתו אותם הכוחות, שעתידם היו למגר את הנאציזם ולהציל את שארית הפלי־טה של היהודים והאנושות כולה.

**העורך**

# סאָביבאָר

ח. ניעוויעסקאַ

## מאַסנמאָרד



ון אַלע טויט־לאַגערן, איז סאָביבאָר געווען אַמווינציקסטן באַוווּסט דער עפנטלעכקייט. דעם דאָזיקן לאַגער האָבן די דייטשן אָנגעהויבן בויען אין יאָר 1941, באַלד נאָך זייער איבערפאַלן אויפן ראַטנפאַרבאַנד.

די סאָביבאָרער קליינע באַן־סטאַציע ליגט אין אַ וואַלד, בערך אַן 8 קילאָמעטער פון וולאָדאַווע. דאָ זענען אויפגעשטעלט־געוואָרן צוויי גרויסע האַלעס, צו דריטהאַלבן מעטער די הויך, און אַ גאַנצע רייע באַראַקן. שפּעטער איז אויסגעבויט־געוואָרן אַ ציגל־געביידע — די אַזוי־גערופענע „באָד“.

דער לאַגער האָט פאַרנומען אַ שטח פון אַרום צען העקטאַר וואַלד, אַרומגעצוימט מיט אַ פיר־פאַכיקן צוים פון שטעכל־דראָט. פון די הויכע וואַך־טורעמס, אָפּגערוקט צו הונדערט מעטער איינער פון אַנדערן, איז דער גאַנצער שטח קאָנטראָלירט־געוואָרן סיי בייטאָג און סיי ביינאַכט. די שטחים, צווישן איין שטעכלדראָטיקן צוים און דעם אַנדערן, זענען געווען מינירט און ביים לעצטן צוים האָבן זיך באַוועגט פּאַטרולן.

אין אָנהויב האָט זיך דער לאַגער געטיילט אין דריי טיילן. אינם ערשטן פעלד האָבן זיך געפונען די צוויי הייזער פאַר די אָפיצירן; די שניידערשע, שוסטערשע און סטאָלערשע וואַרשטאַטן; און באַראַקן פאַר אַזעלכע קאַצעטלער, וועלכע זענען באַשעפטיקט אין לאַגער.

אין צווייטן פעלד זענען געווען די מאַגאַזינען און סקלאַדעס, ווו מען האָט סאָרטירט די זאַכן פון די קרבנות. דאָ איז אויך געווען דער באַראַק, ווו עס האָט זיך געפונען די שערעריי. די קאַצעטלער, וועלכע האָבן געאַרבעט אין די דאָזיקע ערשטע צוויי פעלדער, איז געווען שטרענג פאַרבאָטן אַריינצוקומען אין דריטן פעלד און עס האָט געדראָט דערפאַר טויט־שטראָף.

דער טויטנלאַגער סאָביבאָר, אַזוי ווי דער לאַגער טרעבלינקע, איז געווען באַשטימט אויסשליסלעך פאַר ייִדן. דאָס הייסט, אַז דאָס איז נישט געווען קיין געמישטער לאַגער און דאָ זענען נישט געווען קיין „אַרישע“ בלאָקן. דאָס איז נישט געווען קיין לאַגער, פון וועלכן מען האָט געקענט אַרויסקומען אויף דער פריי, אַזוי ווי פון אַשוויענטשים און מיידאַנעק, פון וואַנען מען האָט געשריבן בריוו און וווהין מען האָט געקענט אַריינשיקן פּעקלעך און ווו עס פלעגט נאָך אַריינדרינגען נייעס פון דרויסן. דאָ איז אפילו קיין שפּיטאָל נישט געווען. אַנשטאָט אַ שפּיטאָל, איז געווען אַ „לאַזאַרעט“. דער „לאַזאַרעט“ איז געווען אַ טיפער ראָוו, אין וועלכן עס פלעגן אַריינגעוואָרפן־ווערן די אַלטע און קראַנקע, וועלכע האָבן זיך שוין נישט געקענט באַוועגן מיט די אייגענע כוחות.

סאָביבאָר איז איינגעאָרדנט־געוואָרן אויסשליסלעך פאַר אַ מאַסנהאַפטער אין שנעלער ייִדן־פאַרניכטונג. די מאַסנמאָרדן האָבן דאָ געדאַרפט זיין פאַרבונדן מיט וואָס ווייניקער שוועריקייטן און קלאָפּאָטן פאַר די תליינים און הערשער איבערן דאָזיקן מענטשן־שעכט־הויז און מיט באַקוועמע מעגלעכקייטן, שנעל צו פאַרמאַסקירן אַלע מאָרד־סימנים.

דאָס פייניקן די קרבנות און איזדיעקעווען־זיך איבער זיי, פאַר זייער טויט, — דאָס איז נאָך געווען אַ צוגאָבלעכע סאַדיסטישע הנאה פון די מערדער. אַזאַ פאַרווײלונג האָט זיי גאָרנישט געקאָסט און איז נישט געווען פאַרבונדן מיט קיין שום געפאַר. וואָרעם אַלע עדות פון דעם לאַגער זענען דאָך

אַליין געווען צום טויט־פאַרמשפּטע און זיי זענען נאָכדעם אויפן זעלבן אופן אומגעבראַכט־געוואָרן.

די דייטשע „באַדינונג“ אין סאָביבאָר, איז פּראָפּאָרציאָנעל געווען נישט קיין גרויסע. סיי דער סיסטעם פון טעראָר און סיי דער סיסטעם פון אָפּנאַרן די מענטשן, האָט זיי אין אַלץ פאַרלייכטערט. ביז דער סאַמע לעצטער מינוט, האָבן דאָ די אומגליקלעכע אַלץ נישט געוווּסט דעם גרויל פון זייער געחתמעטן גורל. די דייטשן האָבן געזאָגט פאַרשיידענע ליגנס און די קרבנות האָבן נאָך אַלץ אויף עפּעס געהאָפט. אפילו ווען עס איז געשען, אַז אַרבעטנדיקע האָבן, נישט געקוקט אויף אַלע געפאַרן, אויסגעזאָגט די ייִדן, אַז זיי גייען צום טויט, — זענען די אומגליקלעכע געווען מער גענויגט צו גלויבן די שקרים פון די דייטשן. די וואָרענונג פון זייערע ברידער, האָט זיי אויסגעזען ווי ווילדע פאַנטאַזיעס פון פּאַניקיאָרן. מען האָט דאָך זיי אָפיציעל געזאָגט, אַז מען פירט זיי קיין אוקראַינע אויף אַרבעט און דאָ, אין דער סאָביבאָרער „באָד“ דאַרפן זיי בלויז דורכגיין אַן „ענטלויזונג“...

אין סאָביבאָר זענען געווען בלויז אַ צוואַנציק ס.ס.־לייט.

די־וואַך־לייט האָבן זיך רעקרוטירט פון די אַזויגערופענע „שוואַרצע“. אַזוי האָט מען גערופן די אוקראַינער, סאָוויעטישע געפאַנגענע, פון די וולאַסאָווצעס, אויך אַ גרופּע ליטווינער. צוזאַמען זענען זיי געווען אַרום אַ דריי הונדערט מאַן.

די וואַך־גרופּן זענען געווען געדיכט צעשטעלט, ווייט אויסערן לאַגער, כדי נישט צוצולאָזן די אָרטיקע באַפעלקערונג נאָענט צו די דראָט־פאַרצוימונגען. באַזונדערס האָבן פיל אויפשריפטן אַרום דעם לאַגער געמאָלדן, אַז ווער עס וועט זיך דערנענטערן צו די פאַרצוימונגען, דער וועט דערשאָסן־ווערן.

אָנהויבנדיק פון יאָר 1942, האָבן פון אַלע זייטן, פון מזרח און פון מערב, אָנגעהויבן אָנצוקומען טראַנספּאָרטן מיט הערמעטיש־פאַרמאַכטע וואַגאָנען. דאָס זענען געווען משאַוואַגאָנען מיט פאַרקלאַפּטע טירן־פענסטער, אין וועלכע מען האָט געבראַכט פּוילישע און רוסישע ייִדן, דערשעפּטע פון הונגער, דורשט און קעלט. אין די וואַגאָנען זענען זיי געווען אָנגעפּראָפּט און אָנגעלייגט איינער אויפן אַנדערן, שיכטנווייז, ווי געהילץ.

דער גרעסטער טייל האָט שוין קוים געזשיפּעט, האַלבדערשטיקטע פון ענגשאַפט. עס זענען אויך געווען אַ סך דערשטיקטע אויף טויט.

עס זענען אויך אָנגעקומען צוגן מיט לוקסוס־וואַגאָנען, ערשטע און צווייטע קלאַס, מיט זייער באַקוועמע קופּעען. די עלעגאַנטע פּאַסאַזשירן האָבן געפירט מיט זיך זייער קליינעם האַנט־באַגאַזש, לויט וועלכן מען האָט דערקענט, אַז דאָס זענען



פאַרמעגלעכע ייִדן, געבערענגטע פון מערב־אייראָפּע: פון פראַנקרייך, האָלאַנד, בעלגיע און אַנדערע לענדער. די דאָזיקע צוגן זענען געריכטעט־געוואָרן אויף אַ ספּעציעלער רעזערוו־ליניע. דער לאָקאָמאָטיוו האָט די וואַגאָנען אַריינגעשטויסן אינם טויער פון לאַגער, אויף וועלכן עס איז געהאָנגען אַן אויפשריפט: „זאָנדערקאָמאַנדאָ“.

מען האָט געעפנט די טירן פון די וואַגאָנען און די פּאַסאַזשירן זענען אויסגעשטיגן אויפן לאַגער־שטח. באַלד האָט מען אָפּגעטיילט די מענער פון די פרויען. מען האָט זיי אָנגעהויבן יאָגן, שלאָגן און אָנרייצן אויף זיי דרעסירטע הינט, וועלכע האָבן געביסן און געריסן פון זיי לעבעדיקע שטיקער.

עס איז שווער איבערצוגעבן די פאַרצווייפלונג, די האַרץ־רייסנדיקע יללות און געשרייען פון די מענטשן, וועלכע זענען זיכער געווען, ווי מען האָט זיי איינגערעדט, אַז זיי פאָרן אויף אַרבעט קיין אוקראַינע, און דאָ, זענען זיי פּלוצלונג אַריינגעפאַלן אין אַזאַ גיהנום.

נאָכן איבערציילן, האָט מען זיי אַריינגעלאָזט דורך אַ טויער, אויפן ערשטן פעלד, נאָך דער ערשטער דראָט־פאַרצוימונג.

אַ גרעסטעוועטע פון אַזאַ טראַנספּאָרט האָט שפּעטער עדות



דער טורעם, וואָס איז געבליבן פון טויטנלאַגער סאָביבאָר

געזאָגט, אַז די דייטשן זענען געקומען אין לאַגער אויף אַ „דורכ־קוק“, אַנגעטון אין שניי־ווייסע מונדירן און אין בלאַנקנדיק־ווייסע הענטשקעס. זיי האָבן זיך צוגעקוקט, ווי מען איזדיעקע־וועט זיך איבער די טויט־דערשראָקענע מענטשן און זיי האָבן געהירזשעט פון געלעכטער. זיי האָבן זיך צוגעקוקט און געזען, ווי די אוקראַינער שלאָגן מכות־רצח די יעניקע, וועלכע דער־נענטערן־זיך צום ברונעם נאָך אַ טרונק וואַסער. די שענסטע און עלעגאַנט־געקליידעטע יונגע מיידלעך זענען געצווונגען־געוואָרן צו רייניקן די קלאָזעטן־גריבער מיט די בלויזע הענט.

די שטאַרקסטע פון טראַנספּאָרט זענען אָפּגעקליבן און איבערגעלאָזט־געוואָרן צו דער אַרבעט אין לאַגער. די איי־בעריקע האָט מען אַריינגעטריבן אין „צווייטן פעלד“, ווו זיי האָבן זיך געמוזט אויסטון נאַקעט.

אין דער ערשטער צייט, פלעגן אַרבעטער פונאַנדערטראָגן די מלבושים אין פאַרשידענע סקלאַדעס. שפּעטער, האָט מען אויפגעבויט דריי באַראַקן, ספּעציעל פאַר פרויען. אין ערשטן באַראַק האָט מען זיי צוגענומען די שיך, אין צווייטן — די קליידער און וועש, און אין דריטן האָט מען זיי, „צוליב הי־גיענישע טעמים“, אָפּגעגאָלט די האָר.

געלט און צירונג, איז זיי באַפוילן־געוואָרן, אַריינצוואַרפן אין גרויסע פּושקעס.

דורכגעגאַנגען די דאָזיקע באַראַקן, זענען זיי נאָכדעם גע־שטאַנען אויפן פּלאַץ, נאַקעטע און פאַרשעמטע, אַרומגערינגלט מיט אַ קאָרדאָן באַוואָפנטע אוקראַינער. שפּעטער זענען זיי אויסגעשטעלט־געוואָרן אין רייען און מען האָט זיי געטריבן, קאַטעוועדיק אומבערחמנותדיק מיט בייטשן.

צניעותדיקע פרויען, וועלכע האָבן זיך פאַרשטעלט זייערע בריסטן מיט די הענט, זענען אַרויסגעשלעפּט־געוואָרן, און מען האָט זיי אָפּגעשניטן די בריסטן.

קינדער זענען אַרויסגעריסן־געוואָרן פון זייערע מוטערס הענט, געשליידערט־געוואָרן צו דער ערד, געקאַפּעט און צעט־ראָטן־געוואָרן צום טויט מיט זייערע באַטשעוועקעוועטע שטיוול. די געשרייען פון די קינדער און פאַרווונדעטע פרויען האָבן משוגע־געמאַכט אויך די, וועלכע האָבן אויסגעמיטן, על־פּי־נס, צו באַקומען קלעפּ.

דער וועג צום „באַד“ איז געווען רויט פון בלוט און פון די צעשפּריצטע געהירן פון קינדערישע קעפּלעך. שטיקער צעריסן פלייש האָט זיך גסיסהדיק געצאַפּלט.

ערשט איצט זענען זיי אַלע אַרויפגעטריבן־געוואָרן אויפן דריטן פעלד.

דאָ איז פאַר זיי ווידער געהאַלטן געוואָרן אַ רעדע און מען האָט זיי ווידער געזאָגט, אַז זיי פאָרן אויף אַרבעט קיין אוק־ראַינע, נאָר פריער וועלן זיי דורכמאַכן אַ סאַניטאַרע רייניקונג. נאָכן „באַד“ וועלן זיי באַקומען פרישע אָנגעטועכץ, אַ סטאַנ־



דאַרט־אוניפאָרם, וואָס וועט נישט מאַכן קיין אונטערשייד פון אָרעם און רייך, און אַלע גלייך וועלן מוזן אַרבעטן.

נאָך דעם אַלעמען, וואָס זיי האָבן איצט אַדורכגעמאַכט, נאָך די אַלע שווידערלעכע רציחות, האָבן די קרבנות ווידער געגלויבט. זיי זענען געגאַנגען געהאָרכזאַמע, צוגעטוליעטע איי־נע צו דער אַנדערער, דורכן לאַנגן און שמאָלן דורכגאַנג, צווישן שטעכלדראָט־פאַרצוימונג, וואָס איז מאַסקירט־געווען מיט גרינע צווייגלעך.

פריער, ווען עס פלעגן אָנקומען „בלויז“ צוויי־דריי טראַנס־פּאָרטן אַ מעת־לעת, פלעגט מען פאַרסאַמען די קרבנות מיט ברען־גאַז. צווישן ביידע האַלעס זענען געשטאַנען צוויי סאָוויע־טישע טאַנקן און ווען די האַלעס זענען געוואָרן פול מיט מענ־טשן, האָט מען געלאָזט אין גאַנג די טאַנקן, וואָס האָבן גע־שטויסן דעם גאַז דורך רערן. נאָך צוואַנציק מינוט, האָט מען געעפנט די טירן און מען האָט אַרויסגעשלעפּט די טויטע קער־פּערס. פיל פון זיי האָבן נאָך געגוססט. מען האָט זיי אַריינ־געוואָרפן אין גרויסע, טיפע גריבער, באַגאָסן די קערפּער מיט כלאָריק־וואַפּנע און פאַרשאָטן.

אין משך פו דער צייט, האָט זיך דער מאָרד־סיסטעם אויס־געבעסערט, געוואָרן מעכאַניזירט. עס איז אויפגעבויט־געוואָרן אַ ספּעציעלע מאַשין, וואָס האָט אויסגעאַרבעט דעם שטיקנדיקן גאַז און אים אַריינגעפירט, דורך גומי־רערן, אין די האַלעס און אין „באַד“. אויפן דאַך האָט אַ דייטש אַריינגעקוקט דורך אַ פענסטערל און קאָנטראָלירט, צי די מענטשן שטאַרבן אין דער פאָראויס־באַרעכנטער צייט. נאָך אַ פופצן־צוואַנציק מינוט, האָט ער געגעבן אַ סיגנאַל, און דער צופלוס פון גאַז האָט זיך אָפּ־געשטעלט. איצט האָט זיך די פּאָדלאָגע פונאַנדערגעעפנט און די קערפּערס זענען אַראָפּגעפאַלן אין אַ קעלער. דאָרט האָבן זיי די „אַרבעטער“ געלאָדן אויף וועגלעך און אַרויסגעפירט צו די גריבער.

די דאָזיקע „אַרבעטער“, וועלכע זענען געוואָרן אָפּגעקליבן פון יעדן טראַנספּאָרט, זענען נאָך דער דאָזיקער אַרבעט זייע־רער דערשאָסן־געוואָרן.

עס איז געלאָזט־געוואָרן אין באַוועגונג אַ פּאָמפּע, דאָס וואַסער האָט אָפּגעשווענקט און אויסגעוואַשן די „באַד“־האַלע. עס זענען צעעפנט־געוואָרן די טירן, צום אויסלופטערן און אַלץ האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אויפסניי.

ווען די צאָל פון די טראַנספּאָרטן איז דערגאַנגען צו זיבן־אַכט אין אַ מעת־לעת, און די סאַביבאָרער מאָרד־מאַשין האָט נישט געקענט באַוויייזן אַזוי פיל צו „באַאַרבעטן“, האָבן די דייטשן אָנגעהויבן אָפּצושיקן אַ טייל פון די טראַנספּאָרטן אין דער נאָענטער שטאָט וולאָדאַווע.

דער ערשטער טראַנספּאָרט אַזאַ איז געווען פון קאַליש און אומגעגנט און ער איז באַשטאַנען פון אַ פיר טויזנט פּערזאָן.

פון דאַן־אָן, האָבן אין וולאָדאַווע אָנגעהויבן אָנקומען אַלץ מער און מער מענטשן, וועלכע מען האָט געהאַלטן אין רעזערוו, פאַר אַ פּאַסיקערן מאָמענט. אין די טעג, ווען עס זענען אָנגעקומען ווייניקער טראַנספּאָרטן, האָט מען גענוצט פון דאָזיקן „רעזערוו״.

ענדלעך האָט מען אויך אָנגעהויבן צו נעמען די וולאָדאַווער יידן גופא. די עס־דע האָט עס דורכגעפירט לויטן זעלבן פּלאַן, ווי אין אַנדערע שטעט. קודם־כל האָבן זיי באַפוילן דעם „יודענראַט״, ער זאָל מאַכן רשימות פון זקנים, פון קראַנקע, פון קאַליקעס און פון אָרעמע, וועלכע זענען אַ לאַסט פאַרן יודענראַט. פון די דאָזיקע איז באַשטאַנען דער ערשטער וולאָדאַווער טראַנספּאָרט קיין סאָביבאָר. דער צווייטער טראַנספּאָרט איז באַשטאַנען פון די געבראַכטע פון קאַליש און אומגעגנט. אַלע זענען פאַרזאַמלט־געוואָרן אויפן מאַרק, אַרומגערינגלט דורך אוקראַינישער פּאָליציי. פון דאָרט, האָט מען זיי געטריבן צו דער באַן־סטאַנציע וולאָדאַוואַ־בּוג און מיט דער באַן זענען זיי געבראַכט־געוואָרן קיין סאָביבאָר. ווער עס האָט נישט געקענט דורכמאַכן דעם פינף־קילאָמעטערדיקן מאַרש צו דער סטאַנציע און ער איז אָפּגעשטאַנען אין גיין, איז אויפן וועג דערשאָסן־געוואָרן.

נאָך דער מאַרשירנדיקער קאָלאָנע, זענען נאָכגעפאָרן פורן, אויף וועלכע מען האָט אָנגעשליידערט די קראַנקע, די טויטע און קליינע קינדער.

נאָכדעם זענען אַוועק טראַנספּאָרטן מיט טשעכישע, עסטרייכישע און אַנדערע יידן.

לויטן פאַרנעם פון דער מאָרד־טעטיקייט אין סאָביבאָר, האָט עס דאָך נישט געקענט בלייבן קיין סוד פאַר די יידן פון דעם נאָענטסטן שטעטל וולאָדאַווע. אָדער עס האָבן דערגרייכט צו זיי אָפּגעריסענע קלאַנגען, רמזימדיקע ידיעות, אָדער די אינטואיציע האָט זיי אונטערגעזאָגט און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָריענטירן, וואָס אין סאָביבאָר קומט־פאָר און וואָס עס דערוואַרט דאָרט די אַלע אַרויסגעשיקטע מענטשן.

אָנגעהויבן האָט עס זיך מיט די ווינער יידן, וועלכע האָבן אַ צייט לאַנג אַלץ נישט געוואָלט גלויבן די גרויל־ידיעות און האָבן בעסער אָנגענומען די ליגנערייען פון די דייטשן. אין איינעם אַ טאָג אָבער, פאַר אַ פאַרויסגעזעענער „אַקציע״, האָבן אַ סך ווינער יידן אָנגעהויבן אַליין זיך צו פאַרסאַמען. די דייטשן זענען געוואָרן אויסער־זיך פון אַזאַ חוצפה און זיי האָבן זיך צעיושעט מיט ווילדן צאָרן.

דער לעצטער טראַנספּאָרט פון די אַלע וולאָדאַווער יידן, איז אַוועק קיין סאָביבאָר דעם צווייטן מאַי, 1943. די קלוגסטע און מזלדיקסטע, די „נוצלעכע און נויטיקע״, אַפילו די וואָס האָבן זיך איינגעקויפט ביי די דייטשן אין חן און אין



יחוס, זענען מיטגעגאַנגען מיטן דאָזיקן טראַנספּאָרט. און מיט זיי — די שוין אומנויטיקע יידישע מיליץ.

היות די מענטשן פון דאָזיקן לעצטן טראַנספּאָרט האָבן שוין געוווּסט וווּהין נאָכוואָס מען פירט זיי, האָבן זיי אויפן וועג אויפגעבראָכן די טירן און פענצטער פון די וואַגאָנען און זיי זענען געשפּרונגען פון לויפנדיקן צוג. אונטער אַ האָגל פון קוילן. אַרום אַ צוויי הונדערט פּערזאָן איז טאַקע דאַן געלונגען צו אַנטלויפן און זיך ראַטעווען אין די וועלדער.

בעת דער לעצטער „אַקציע״ אין וולאָדאַווע, האָבן די דייטשן זיך שוין גאַרנישט גערעכנט מיט קיין עדות און האָבן נישט אויסבאַהאַלטן זייערע פאַרברעכערישע כוונות. די „אַקציע״ איז געווען אַ בלוטיקע און אַ גרויליקע: זיי האָבן געצוווּנגען מענטשן צו שפּרינגען פון די העכערע שטאָקן אויף דער גאַס אַרויס, און זיי האָבן געשאָסן צו די שפּרינגענדיקע אינדערלופטן. זיי האָבן געהאַרגעט קינדער פאַר די אויגן פון זייערע עלטערן און עלטערן אין די אויגן פון זייערע קינדער. אַ סך זענען דערהאַרגעט־געוואָרן אויפן וועג צו דער סטאַנציע. פּאַקטיש האָט זיך די דאָזיקע מאַסן־שחיטה אָנגעהויבן אין וולאָדאַווע גופא און האָט געדויערט די גאַנצע צייט פון דער רייזע, ביז סאָביבאָר.

איינמאָל איז אין סאָביבאָר אָנגעקומען גאָר אַן אויסטערלישער טראַנספּאָרט: וואַגאָנען מיט פולשטענדיק נאַקעטע מענטשן, וואָס זענען געווען ענג אָנגעוואָרפן איינער אויפן אַנדערן, ווי הערינג אין פעסלעך. דאָס איז געווען אין יוני 1943 און זיי זענען געבראַכט געוואָרן פון ביאַליסטאָק. בעת דער גאַנצער נסיעה האָבן זיי אַפילו נישט באַקומען קיין טרונק וואַסער. אַנשטאָט דעם, האָט מען זיי, נאָך לעבעדיקע, באַגאָסן מיט כלאָריק־וואַפּנע אין די וואַגאָנען. די טויטע און האַלב־לעבעדיקע זענען געווען אַזוי איינגעפּלאַכטן איינער אין אַנדערן און צוזאַמענגעקלעבט, ווי אין מאַסע, נישט פונאַנדערגענומען און נישט אָפּצורייסן זיי.

די אָפּגעקליבענע גרופּן פאַר אַרבעט אין לאַגער ביים סאָרטירן די מלבושים אין די מאַגאַזינען, דערקענען די מלבושים פון זייערע נאָענטסטע. די באַגראָבער האָבן אַרויסגעצויגן פון קעלער, אונטערן גאַז־באָד, די נאָך וואַרעמע קערפּערס פון זייערע פאָטערס, מוטערס, פרויען און קינדער.

די אָנגעראַבעוועטע זאַכן זענען אָפּגעשיקט־געוואָרן קיין דייטשלאַנד. ווערטפולע חפצים פלעגן די אָפיצירן אָפּשיקן צו זייערע ווייבער און געליבטע, אין זייערע אייגענע היימען. מינדערווערטיקע זאַכן, ווי פּאַפּירן, דאָקומענטן, בילדער, זענען אויפן אָרט פאַרברענט־געוואָרן. די אָפּגעשוירענע פרויען־האָר זענען געפּאַקט־געוואָרן אין זעק און אָפּגעשיקט־געוואָרן אין די סטאָלער־וואַרשטאַטן אויפן לאַגער־שטח, פאַר טאַפּיציר־צוועקן.

די דאָזיקע בלוטיקע אַרבעט איז אָנגעגאַנגען אַ גאַנצן קיילעכדיקן מעת־לעת, אָן איבערייס. ווען פון „באָד" האָבן זיך געריסן גרויליקע קולות פון די זיך־שטיקנדיקע, האָבן די דייטשן אויפגערייצט אינדרויסן אַ ריזיקע סטאַדע גענדז, וואָס זענען דאָ ספּעציעל צו דעם צוועק געהאָדעוועט געוואָרן. די עופות האָבן אויפגעהויבן אַ געפילדער, וואָס האָט פאַרטויבט די זיך־ווערגנדיקע קולות פון גאַז־קאַמער.

די דייטשן האָבן אַלץ געטאָן צו האַלטן זייערע מעשים אין סאָביבאָרער לאַגער געהיים. דאָך איז זיי נישט געלונגען אויסצובאַהאַלטן פון דער עפנטלעכקייט דעם גאַנצן גיהנומדיקן גרויל. די ריזיקע גריבער זענען שנעל איבערפולט געוואָרן. כאָטש מען האָט די קערפּערס באַגאָסן מיט וואַפּנע, האָבן זיי גענומען זיך פונאַנדערפאַלן און דער געפערלעכער צעפוילונגס־גערוך האָט זיך פונאַנדערגעטראָגן אויף קילאָמעטערס ווייט אַרום.

דאַן האָבן די דייטשן געבראַכט גראָב־מאַשינען, וואָס האָבן צוריק אויפגעגראָבן די מאַסן־קברים. זיי האָבן אַרויסגענומען די קערפּערס און זיי געברענט אויף ריזיקע שייטערהויפנס. שוואַרצע, געדיכטע רויכן האָבן זיך טאָג און נאַכט געטראָגן איבערן סאָביבאָרער לאַגער און איבער די בוימערקרוינען פון גרויסן וואַלד. דער ווינט האָט די דאָזיקע כמאַרעס פאַרטראָגן קיין וולאָדאַווע און איבער ווייטע ישובים אַרום. דער גערוך פון זיך־ברענענדיקן מענטשן־פלייש און זיך־סמאָליענדיקע ביינער, האָט פאַרסמט די לופט.

אין מערץ 1944 האָט מען אויסגעגראָבן די קערפּערס פון די דערמאָרדעטע וולאָדאַווער און אַדאַמפּאָלער ייִדן. די דאָזיקע שוין צונויפגעקלעבטע מאַסע האָט מען געבראַכט מיט לאַסט־אויטאָס אויפן דאָרפישן צמענטאַזש פון אָרכוווקע, נעבן וולאָדאַווע. דאָ האָט מען זיי באַגאָסן מיט ברענשטאָף און פאַרברענט.

ביים ברענען די קערפּערס, האָבן די דייטשע בעסטיעס זיך ווידער געזוכט פאַרוויילונג. פון דריטן פעלד האָבן זיך פלוצלונג דערטראָגן יאָמערליכע געשרייען. נאָך היינט גרילצט דער געשריי אין מיינע אויערן. דאָס האָבן דייטשן און אוקראַינער געוואָרפן לעבעדיקער־הייט ייִדישע פרויען און קינדער אין די העלישע פלאַמען.

אין דער צייט, ווען דער לאַגער איז אַלץ מער אויסגעברייטערט געוואָרן, פלעגן די אַרבעטנדיקע לאַגערניקעס, באַוואַכט דורך „שוואַרצע" און דייטשן, מאַרשירן צו דער אַרבעט אין מיליטערישער אָרדנונג און ביים גיין זענען זיי געצוווּנגען־געוואָרן צו זינגען פּוילישע מיליטער־לידער.

אַזוי האָט זיי געזען אַ געוויסער פּוילישער דאָקטאָר פון וולאָדאַווע. זיי האָבן כסדר געמוזט זיין אין באַוועגונג. זיי האָבן געטראָגן אויסטערליש־גרויסע קאַפּעלושן, אָנגעשטאָפּטע מיט פּאַפּיר און שמאַטעס, צום באַשיצן־זיך פון די שטעקנס, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט צו דרעשן זייערע קעפּ און רוקנס בעת דער אַרבעט. דאָס האָט זיי אָבער נישט געהאָלפן און עס איז נישט מעגלעך געווען די קלעפּ אויסצומיידן.

אין אַ פרישן טראַנספּאָרט סאָוויעטיש־געפאַנגענע מיליטערלייט, האָט זיך געפונען אַ ייִדישער אָפיציר מיטן נאָמען פּיעטשערסקי. דער דאָזיקער מוטיקער אָפיציר האָט באַווירקט זיינע גורל־חברים און ער האָט אָרגאַניזירט אַן אויפשטאַנד. זיי האָבן געמאַכט אַן אומדערוואַרטעטן איבערפאַל אויף די דייטשן און אַ היפּש ביסל פון זיי אויסגעהאַרגעט. אַ טייל אויפשטענדלער איז געלונגען זיך אַרויסצובאַקומען פון די דראָט־פאַרצוימונגען און אַנטלויפן אין וואַלד. אָבער דער גרעסטער טייל פון זיי איז געפאַלן אויף די מינען־פעלדער און פון דער באַגלייטנדיקער שיסעריי. זייער אַ קליינעם טייל פון די אַנטלאָפענע אין וואַלד איז געלונגען צו בלייבן לעבן.

נאָך דעם דאָזיקן אויפשטאַנד, האָבן די דייטשן פאַרניכטעט די באַראַקן און אַלע איינריכטונגען פון לאַגער סאָביבאָר.

עס שווייגן די הונדערטער־טויזנטער פאַרגאַזטע, געשאָכטענע, דערשטיקטע און פאַרפייניקטע מיט אַלע מיתות־משונה, עס שווייגט די גערעכטיקייט און עס שווייגט דאָס געוויסן פון דער וועלט.

דאָס אַרטיקל איז געשריבן געוואָרן אין ניו־יאָרקער פּוילישן זשורנאַל „טריבונאַ", פון 27 יוני 1946, איבערגעזעצט דורך יעקב ראָזנבלאַט.

אַדאַ ליכטמאַן
חולון

# ווידערשטאַנד פון וולאָדאַווער ייִדן אין סאָביבאָר

דאָס איז געווען אין די טעג פון גרויסער בהלה און פּאַניק, ווען מיר זענען געיאָגט געוואָרן, ווי היימלאָזע הינט. אָט בין איך צוריק אין מיין היימשטאָט קראָקע, אין די אַרבעטס־לאַגערן אין מיעלעץ און דובענקע און ווידער פירט מען אונדז אין פאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאָנען. דאָסמאָל — קיין סאָביבאָר, ווו מיר מאַכן דורך די אַכזריותדיקע סעלעקציע און איך בלייב אַרבעטן אין דער וועשעריי.

איבער 600 מענטשן האָבן אינעם דאָזיקן פאַרניכטונגס־לאַגער געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבעטן, אין פאַרשידענע אָפּטיילונגען. עס זענען אויך געווען שניידער־און שוסטער־וואַרשטאַטן. די נאַצישע אויפזעער בוצן אויס די לאַגע, ציען אַרויס די לעצטע כוחות פון די ייִדישע אַרבעטער, גיבן זיי פאַרשידענע אַרבעטן פאַר זייער אייגענעם נוצן.

אין אַ פּאַסאַזשיר־צוג זענען אָנגעקומען די יידן פון האָלאַנד, וועלכע האָבן מיט זיך מיטגעפירט זייער גאַנצן באַגאַזש. אינעם דאָזיקן צוג איז אויך געווען אַנגעשלאָסן אַ ספּעציעלער וואַגאָן מיט פאַרשידענע שפּייזן, טייערע קאָנסערוון, קעזן, קאַווע, צוקער און אַנדערע לוקסוס־אַרטיקלען. דאָס האָט די האָלענדישע קעניגין מיטגעשיקט פאַר די ייִדן, וועלכע זענען מכלומרשט געפאָרן אין אַן אַרבעטס־לאַגער.

די באַציאונג צו זיי איזווירקלעך געווען אַן אויסנעמלעכע. נאָכן אַראָפּגיין פונעם צוג האָט מען פאַר זיי געגרייט אַ טיש מיט ברויט, מאַרמאַלאַדע און קאַווע. מען האָט זיי אַרומגעפירט איבער די פאַרשידענע וואַרשטאַטן און געהייסן זיי שרייבן קיין האָלאַנד בריוו און קאַרטלעך, אַז זיי זענען אָנגעקומען בשלום און אַז אַלץ איז אין בעסטן אָרדנונג. ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבן אונטערגעשריבן די בריוו, האָט מען זיי גלייך געשיקט אין באָד אַריין. די ייִדן זענען געווען איבערצייגט, אַז זיי גייען זיך אַרומוואַשן, אויסבאָדן. פאַקטיש איז עס געווען די גאַז־קאַמער.

נישט ווייט פון דער וועשעריי האָט זיך געפונען די שטריקער־שטובע. די שטריקעריי האָט אָרגאַניזירט די 16־יאָריקע סטודענטקע, מיכא שפּירא, אַ ייִדיש מיידל פון בידגאָשטש, וועלכע האָט זיך אַ געוויסע צייט אויסבאַהאַלטן אויף אַרישע פּאַפּירן, האָט געלערנט אַלס פּויליש מיידל, אָבער נאָך אַ מסירה איז זי דעמאַסקירט געוואָרן. מען האָט זי פאַרשיקט קיין סאָביבאָר. זי איז געקומען אין איר שול־אוניפאָרם און טעקע מיט העפטן. מען האָט זי אַוועקגענומען גלייך פון שול. זי איז געווען זייער אַן אינטעליגענטע און פעאיק מיידל און זי האָט אָרגאַניזירט די שטריקעריי. ביי וועלכער עס האָבן געאַרבעט צוואַנציק פרויען, האָבן אויסגעדריוולט די וואָלענע סוועדערס פון די אומגעבראַכטע קרבנות און אויסגעאַרבעט פון זיי סקאַרפּעטן פאַר די היטלעריסטישע רוצחים.

אין אַ געוויסן טאָג איז אין לאַגער אויסגעבראָכן אַן אויפשטאַנד. דאָס איז געשען, ווען מען האָט געבראַכט אַ טראַנספּאָרט פון 70 ייִדן פון פראַנקרייך וועלכע האָבן זיך גלייך געכאַפּט, אַז דאָס איז אַ פאַרניכטונגס־לאַגער, האָבן זיך צעבונטעוועט און געוואָלט מיט כוח זיך אַרויסרייסן פון לאַגער. דער אויפשטאַנד איז דורכגעפאַלן און די יידן זענען געפּייניקט געוואָרן אויף אַ מערדערישן אופן און דערנאָך דערשאָסן געוואָרן אין אנוועזנהייט פון אַלע לאַגערניקעס.

די וועשעריי האָט זיך געפונען נאָענט פונעם פעראָן, אויף וועלכן עס זענען אָנגעקומען די צוגן מיט די ייִדישע טראַנספּאָרטן. ביי מיין אַרבעט, ביים ברענגען און אָפּטראָגן די וועש פון און צו די אויפזעער, האָב איך אין אָנהויב מאַי 1943 געזען אָנקומען אַ צוג מיט ייִדן פון וולאָדאַווער געטאָ. די וואַגאָנען זענען געווען צעקלאָפּט, מען האָט געזען עפענונגען פון אַרויסגעריסענע ברעטער. עס איז גלייך קלאָר געוואָרן, אַז דאָס האָבן די וולאָדאַווער ייִדן אַרויסגעריסן און געשפּרינגען פונעם לויפנדיקן צוג.

אַזוי ווי דער צוג איז אָנגעקומען אין לאַגער האָט מען אַלע יידן באַפוילן אַרויסצוגיין פון די וואַגאָנען, געוואָלט זיי צוגרייטן צו דער סעלעקציע, אָבער דאָ איז געשען עפּעס, וואָס האָט אין סאָביבאָר אויסגעזען אומגעוויינלעך און אויסטערליש. די אָנגעקומענע יידן פון וולאָדאַווע האָבן נישט געוואָלט אַרויסגיין פון די וואַגאָנען, יעדער האָט געכאַפּט עפּעס וואָס איז אים געקומען הינטער די הענט: פלעשער, פּאַטעלניעס, שטיקלעך האָלץ און אייזנס, געוואָרפן אויף די דייטשן, וועלכע האָבן גענומען שיסן אין די וואַגאָנען.

די דייטשן האָבן זיך נישט גערעכנט אויף אַזאַ פאַרביסענעם ווידערשטאַנד מצד די ייִדן. דער קאַמף איז געווען אַ פאַרביטערטער. די וולאָדאַווער ייִדן האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון ווו זיי געפינען זיך, האָבן פאַרשטאַנען, אַז דאָס גרייט מען זיי צו פירן אין גאַז־קאַמער און זיי האָבן באַשלאָסן נישט אונטערצוגעבן זיך, נישט לאָזן זיך פירן צו דער שחיטה ווי די שעפּעלעך.

די ס. ס.־לייט זענען געווען אין אַ פאַרלעגנהייט. זיי זענען צוגעווינט געווען, אַז די יידן לאָזן זיך איינרעדן, אַז מען פירט זיי אָפּוואַשן זיך, אין באָד, און דאָ האָבן זיי זיך אָנגעט־ראָפן אויף אַזאַ ווידערשטאַנד און האָבן דערפאַר נישט גע־ווּסט, וואָס פאַראַ שריט זיי דאַרפן אָננעמען.

עס איז אָנגעקומען דער לאַגער־קאָמענדאַנט, גוסטאַוו וואַגנער, וועלכער האָט אָנגעהויבן רעדן צו די ייִדן מיט גוטנס, באַרויקט זיי, אַז עס וועט זיי גאָרנישט געשען, ווייל זיי זענען אַ נויטיקער אַרבעטס־עלעמענט, און וועלן באַשעפ־טיקט ווערן ביי פאַרשידענע אַרבעטן. ער האָט ווירקלעך גע־נומען עטלעכע מענטשן און זיי גלייך אַוועקגעשטעלט ביי דער אַרבעט. דאָס האָט ביסלעכווייז גענומען ווירקן און עס איז אים געלונגען צו באַרויקן די געמיטער. די ייִדן האָבן זיך געלאָזט אײַנרעדן, אַז מען פירט זיי צו דער אַרבעט און זיי זענען אינעם זעלבן טאָג אַריינגעפירט געוואָרן אין די גאַז־קאַמערן.

י״ד חשון תש״ג (1943), איז אויסגעבראָכן דער גרויסער אויפשטאַנד אין סאָביבאָר, אין וועלכן עס האָבן אויך אָנטייל־גענומען וואָלאַדאַווער ייִדן, וואָס האָבן נאָך ביז דעמאָלט גע־אַרבעט אין פאַרשידענע וואַרשטאַטן.

אין יענעם אויפשטאַנד האָט אויך אָנטיילגענומען דאָס יונגע מיידל מיכא שפירא, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער שטריקעריי. זי איז דערשאָסן געוואָרן דורך דעם ס. ס.־מאַן קאַראַל פרענצל ביים אַנטלויפן פונעם לאַגער. בלויז עטלעכע פרויען וואָס האָבן געאַרבעט אין דער שטריקעריי האָבן זיך געראַטעוועט.

## יעקב ראָזנבלאַט / פאַרשניטענע דורות

נאָך דרייהונדערט דרייסיקסטן יאָרצייט פון ת״ח ות״ט
כ׳זע האָרדעס כמיעלניצקיס, ווילדע הײַדעמאַקן;
צעבלוטיקט מיין שטאָט איז דורך פריצישן פאַראַט
מיט קינדער אויף פיקעס פון רוצחים קאָזאַקן...
וואָלאַדאַווע, וואָלאַדאַווע, מיין געבורטיקע שטאָט,
שטענדיק דו ליגסט מיר טיף אין זכרון,
נאָך הער איך דעם שטילן פליסטער פון בוג
מיט גרויליקן סוד פון פאַרשניטענע יאָרן...

כ׳געדענק דיך, מיין שטאָט מיט יידן, חסידים,
בית מדרש, שטיבלעך, גמרא־ניגונים,
ייִנגלעך פון „חדר״ און מיידלעך באַחנטע,
טאַטעס אין מאַטער אַ גראַשן צו פאַרדינען...
אָט זע איך די שול מיט איר גילדענעם קופּאָל,
נאָך קלינגען די מאַרשן ביי חופות געשפילט
און כ׳זע פאַר מיינע אויגן דעם אַלטן בית־עולם —
קין־צייכן כמיעלניצקיס — מיט קדושים פאַרפולט...

כ׳הער די לידער פון יידישע שוסטער,
פון שניידער און סטאָלער פון „עמך״ אומעטום,
פון ייִנגלעך מיט מיידלעך אין שבת פרימאַרגנס
אונטער בוימער צעגרינטע, צניעותדיק פרום.
כ׳זע אויך די יידישע אַרבעטער־קעמפער,
די שטרייקער, בונטאָרן, די וועלט־איבערדרייער —
אויף פרעמדע מזבחות געגעבן זייער לעבן,
פאַרן אייגענעם פאָלק געפעלט זייער צושטייער.

כ׳זע איצט די „שומרים״, דאָס יידישע „וווּיסק״
מיט הילצערנע ביקסלעך אין וואַלד צווישן בוימער,
אַ חלום געווען, אַ האָפענונג בלויז
אין זומערדיק צעגרינטן ל״ג בעומר.
כ׳זע די חלוצים אויף הכשרה ביי דער אַרבעט,
זייער עקשנות, זייער ציון־אמונה; —
פון „שומרים״, „חלוצים״ און שארית הפליטה
אויסגעוואַקסן אונדזער צה״ל, ישראל־מדינה.

היינט זוך איך דיך, מיין שטאָט, און קען נישט געפונען;
פאַר דעם ראַסישן „מולך״ געפאַלן אַ קרבן,
דורך נייעם כמיעלניצקי, דורך היטלער דעם רשע —
זעקס מיליאָן — גרויזאַם אונדזער חורבן
ס׳האָבן אויוונס סאָביבאָרס שטאָט מיינע פאַרצערט,
כ׳פיל נאָך די גאַזן, כ׳זע נאָך די פלאַמען,
און ס׳רייסט מיין אויער גרויליק
געשריי פון אַ קינד: „ראַטעווע מיך, מאַמע!״...

מיין יידישע שטאָט היינט ליגט חרוב ונחרב,
אויף דאָרפישע יידן אָפּגעמעקט, פאַרלענדט,
נאָר קעגן דייטשע רוצחים, יידישער פאַרטיזאַן
געשטאַנען איז מוטיק מיט וואָפן אין די הענט!
הויבט זשע אויף אַלע די האַנט גרייט צום שווערן,
אַ שבועה פון בלוט פאַר קדושים אָפּגעבן;
דעם זכור ואל תשכח אויף אייביק געדענקען, —
אונדזער נצח ישראל אין דער אייביקייט וועבן!

בערלין סעפטעמבער 1947

# פלאַמען אין אַש

מישאַ לעוו

## דער אויפשטאַנד אין טויטלאַגער סאָביבאָר

מיר, דער ארגון יוצאי ולודבה והסביבה בישראל צוזאַמען מיט די אין ישראל לעבנגעבליבענע יידן פון טויטנלאַגער סאָביבאָר און אויך אַלע וולאַדאַווער לאַנדסלייט אין ישראל דרוקן אויס אונדזער טיפסטע אָנערקענונג און האַרציקסטע דאַנקען פאַרן גרויסן העלד און מוטיקן אָרגאַניזאַטאָר פונעם אויפשטאַנד אינעם סאָביבאָרער טויטנלאַגער, דעם יידיש סאָוועטישן אָפיציר אַלעקסאַנדער פעטשערסקי און זיינע מיטלעבנגעבליבענע דריי חברים צום אויפשטאַנד, אַרקאַדי ווייספאַפיר, סעמיאָן ראַזנפעלד און יעפים ליטווינאָווסקי. אויך די יעניקע, וואָס זענען געפאַלן אינעם קאַמף בעתן אויפשטאַנד. זאָל זייער געדעכעניש זיין געבענטשט!

אינעם דערמאַנטן טויטנלאַגער, וועלכער איז 8 קילאָמעטער פון וולאַדאַווע, זענען פאַרגאַזט און פאַרברענט געוואָרן אַלע יידן פון וולאַדאַווע און אומגעגנט. אַ דאַנק אָט דער העלדישקייט פון די אָרגאַניזאַטאָרן און אָנטיילנעמער אינעם אויפשטאַנד איז אויפגעהויבן געוואָרן די פאָן פון יידישן כבוד און רעוואָלטירט קעגן זייערע פייניקער. די דייטשן האָבן אויפגעהערט שיקן אַהין די טראַנספּאָרטן און גענצלעך ליקווידירט דעם טויטלאַגער סאָביבאָר.

זאָלן די געקירצטע אויסצוגן פון מישאַ לעווס אַרטיקל וועגן די אויבנדערמאָנטע פיר העלדן און דער גאַנצער געשילדערטער גאַנג פונעם אויפשטאַנד אין סאָביבאָרער טויטנלאַגער, וואָס מיר ברענגען אין אונדזער יזכור-בוך, אַ דאָקומענט פאַר דער יידישער געשיכטע לדורות, זיין דער הויכער אָנערקענונגס-אָרדן פאַר פאַרדינסטפולער העלדישקייט פאַרן יידישן פאָלק, פאַר אַלעקסאַנדער פעטשערסקי מיט זיינע דריי חברים און אויך פאַר די אומגעקומענע העלדן אין אָט דעם נישט גלייכן קאַמף. זייערע נעמען זאָלן בלייבן פאַר דער געשיכטלעכער אייביקייט לדור-דורות.

די בוך-רעדאַקציע

### כמעט אַ לעגענדע

אַלעקסאַנדער פעטשערסקי, לייטנאַנט אין דער סאָוועטישער אַרמיי, איז אין 1941 אַריינגעפאַלן אין דייטשער געפאַנגענשאַפט נעבן וויאַזמע.

אַרקאַדי ווייספאַפיר איז געפאַנגען געוואָרן דורך די דייטשן נעבן טשערניגאָוו.

סעמיאָן ראַזנפעלד איז נאָך נישט אַלט געווען קיין גאַנצע 19 יאָר, ווען ער מיט נאָך סאָוועטישע זעלנער האָבן אויפגעריסן אַ גאַנצן קאַראַוואַן מיט דייטשע לאַסט-אויטאָס אָנגעפולטע מיט סנאַריאַדן, געוואָרן אַליין אויך פאַרוווּנדעט און אַריינגעפאַלן נישט ווייט פון דער גרענעץ צו די דייטשן.

יעפים ליטווינאָווסקי איז אויך אויפן שלאַכטפעלד געוואָרן פאַרוווּנדעט און גענומען אין געפאַנגעשאַפט.

צוויי יאָר האָט מען זיי געשלעפט פון לאַגער צו לאַגער, ביז זיי זענען אָנגעקומען אין מינסק, דאָרט האָט מען זיי פאַרשפאַרט אין אַ קעלער מיט נאָך געפאַנגענע יידן. יעדן טאָג פלעגט מען אַרויסטראָגן געשטאָרבענע און דער וואַכמאַן האָט געפרעגט: „נאָך לאַנג צו וואַרטן ביז איר וועט פגרן?” אַ שטים האָט שטענדיק געענטפערט: „יאַ, נאָך גאַנץ לאַנג.”

געווען אויך מיט זיי אַ יידישער קאָמוניסט פון פוילן שלמה לייטמאַן און באָריס ציבולסקי פון ראָטנפאַרבאַנד.

אין אַ געוויסן טאָג, דעם 18 סעפטעמבער 1941, האָט מען פון מינסק אַרויסגעפירט די אַלע, וואָס האָבן זיך געמאָלדן אַלס קוואַליפיצירטע סטאָליער, טשעסלער און אַנדערע פאַכן. מען האָט זיי פאַרלאָדן אין 25 וואַגאָנען, אַריינגעשטופט אין יעדן וואַגאָן צו זיבציק פערזאָן.

פיר מעת־לעת האָט זיך דער עשאַלאָן געשלעפּט אָן אַ פּיצל ברויט און אָן אַ שלוק וואַסער. העכער צען שעה איז דער צוג געשטאַנען אין דער שטאָט לובלין אַ פאַרהאַמערטער מיט די געפּייניקטע מענטשן. דעם 22 סעפּטעמבער איז דער צוג אָנגעקומען אויף דער האַלבער סטאַציע סאָביבאָר.

דער אויבערשאַרפירער האָט באַפוילן, אַז די סטאָלער, טעסליער, וואָס זענען אָן משפחות זאָלן אַרויסטרעטן. צווישן זיי זענען אויך אַרויס: פּעטשערסקי, לייטמאַן, ראָזנפעלד, ווייספּאַפּיר, ליטווינאָווסקי, ציבולסקי, שובאַיעוו און אַנדערע מ'האָט זיי אָפּגעפירט אין אַן אַנדערן הויף, אַרומגעצוימט מיט שטעכל־דראָט, וווּ לאַגערניקעס האָבן צונויפגעלייגט קלעצער.



יידישע פּלעניקעס פון רוסלאַנד מיט נאָך אַנדערע יידן, וואָס האָבן אָרגאַניזירט דעם אויפשטאַנד אין טויטנלאַגער סאָביבאָר, 1943. פון לינקס, ראָזנפעלד, מישאַ לעוו, פּיעטשאַרסקי, א. מ. ווייספּאַפּיר און וו. ר' טאָמין

מיטאַמאָל איז געוואָרן שווער צו אָטעמען, ביז דערשטיקט צו ווערן. אויף העכער אַ האַלבן קילאָמעטער האָט זיך צעשפּרייט אַ שוואַרצער געדיכטער רויך, אינדערלופטן האָבן זיך באַוויזן פייער־צונגען און עס האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער טומל; עס האָבן געגרעגערט הונדערטער גענדזן.

ווען אַלע זענען שוין געווען אין באַראַק, איז אַריינגעקומען איינער, וואָס האָט זיי פריער געהייסן זיך אויסדרייען מיט דער פּלייצע צום צוג. ער האָט זיי געפרעגט: „פון וואַנען קומען יידן?״

„פון מינסק״ — האָבן זיי געענטפערט און אים געפרעגט, פאַר וואָס קיינער האָט זיי נישט געענטפערט אויף זייער באַגריסן זיך. ער האָט געזאָגט: „אַזאַ באַפעל, ווייל מ'האָט נאָך נישט אַלע פון אייער עשאַלאָן פאַרברענט און אייך האָט מען איבערגעלאָזט צו פאַרענדיקן דעם צפון־לאַגער.״



יענעם אַוונט האָבן זיי זיך דערוווּסט: געבויט דעם סאָביבאָרער לאַגער האָט מען לויט הימלערס אַ ספּעציעלן באַפעל. דעם פּראָיעקט האָט צונויפגעשטעלט דער עסעסישער אינזשיניער טאַמאַל, מיט דער בויאונג האָט אָנגעפירט דער הויפּט־אינספּעקטאָר פון די טויט־לאַגערן האַלצהאַמער און דער אינזשיניער מאַזער. הימלער אַליין האָט באַזוכט דעם לאַגער אין יולי 1943 און נאָך זיין וויזיט, האָט מען אָנגעהויבן פאַרברענען צו פופצן טויזנט מענטשן אַ טאָג.

די טויט־פאַבריק, וואָס געפינט זיך צווישן וולאָדאַווע און כעלם, איז אַרומגערינגלט מיט פיר רייען שטעכל־דראָט, דריי מעטער די הויך מיט אַ ראָוו אָנגעפילט מיט וואַסער און מיט מינען־פעלד. אין לאַגער געפינט זיך אַ היפּשע צאָל וואַכטורעמס און וואַכפּאָסטנס.

סאָביבאָר באַשטייט פאַקטיש פון דריי לאַגערן: אין ערשטן לאַגער, וווּ זיי געפינען זיך איצט, זענען פאַראַן שוסטער, שניידער און מעבל־וואַרשטאַטן. דאָ שטייען אויך צוויי הייזער פאַר די דייטשע אָפיצירן. פון דאַנען איז פאַראַן אַ דורכגאַנג אין צווייטן לאַגער, וווּ מען סאָרטירט און מען פּאַקט די זאַכן פון די, וואָס ווערן אָפּגעפירט דורך דער אַזוי־גערופענער „הימלשטראַסע״ אין דריטן לאַגער אַריין. דאָרט האָט מען שוין אומגעבראַכט העכער אַ האַלבן מיליאָן יידן.

קיין סאָביבאָר קומען אָן יעדן טאָג ביי 1500 ביז 2000 יידן פון פוילן, טשעכאָסלאָוואַקיע, האָלאַנד, פראַנקרייך, עסטרייך און פון אַנדערע לענדער. פון סאָוועטנפאַרבאַנד איז דאָס דער ערשטער עשאַלאָן.

אַנהויב פרילינג האָט אַ פּאַרפאָלק געפּרוּווט אַנטלויפן, מען האָט זיי געכאַפּט, דערשאָסן און מיט זיי נאָך הונדערט און פופציק מענטשן פון לאַגער. צוויי קאָמוניסטן האָבן געאַרבעט מיט אַ גרופּע לאַגערניקעס אין וואַלד, זיי האָבן דערשטיקט דעם וואַכמאַן, אַנטלאָפן, האָט מען די איבעריקע צוריקגעבראַכט אין לאַגער און זיי דערשאָסן.

דאָס אַלץ האָט דערציילט איינער אַ געוויסער ברוך, וועלכער איז שוין דאָ אינעם לאַגער העכער אַ יאָר צייט און צו וועמען פּעטשערסקי האָט זיך באַצויגן מיט חשד. אין צפון־לאַגער, וווּ מען האָט זיי געבראַכט, איז געבליבן אַרבעט בלויז אויף אַ חודש. אין זעלבן טאָג, האָבן פופצן פון די ניי־געקומענע באַקומען צו פינפאונצוואַנציק שמיץ. געשלאָגן האָט מען מיט אַ דראָט אַרומגעוויקלט מיט אַ גומי, דערביי האָט דער געשמיסענער געמוזט אַליין ציילן אויפן קול און ווען ער האָט געהאַט אַ טעות, האָט מען די עקזעקוציע אָנגעהויבן פונסניי. אויפן צווייטן טאָג, האָבן אַנדערע 25 מענטשן באַקומען צו פינפאונצוואַנציק שמיץ.

אויפן דריטן טאָג, האָט דער שעף פון לאַגער פרענץ אַליין דערשאָסן דעם קוכער, ווייל יענער האָט נישט באַוויזן

אויסצוטיילן אין די צוואַנציק באַשטימטע מינוט די וואַסער־זופּ.

אויפן פערטן טאָג האָט בלויז אַ גליקלעכער צופאַל געראַטעוועט פּעטשערסקין פון אַ זיכערן טויט; עד איז געש־שטאַנען מיט נאָך לאַגערניקעס און מיט אַ טעמפּער האַק געהאַקט דעמבענע סענקעוואַטע קלעצער. אַלעקסאַנדערס אַ שכן, אַ געוועזענער נאָטאַריוש פון האָלאַנד, האָט אויסגעווישט די ברילן און באַטראַכט דעם קלאָץ ווי אַזוי ער זאָל אים אָנהויבן האַקן, דאָ האָט פראַנץ אַליין מיטן גאַנצן כח אַראָפּגעלאָזט זיין גומי־דראָט־שטעקן איבערן נאָטאַריושס קאָפּ. דעם האָלענדערס ברילן זענען אַראָפּגעפאַלן, זיך צע־בראָזגעט אין פּיצלעך, אַ באַגאָסענער מיט בלוט, פאָכעט דער נאָטאַריוש מיט דער האַק איבערן קלאָץ און פראַנץ זעצט מיט זיין שטעקן איבער יענעמס קאָפּ ביז יענער פאַלט אַ צעממיתטער, זיך וואַלגערנדיק אין אייגענעם בלוט.

פּעטשערסקי שטייט און קוקט אויף זיי ביידע, ביז זיין בליק קרייציקט זיך מיטן רוצחס און יענער שרייט אויס:

„רוס, קאָם היער!"

דער קאַפּאָ בזשעצקי זאָגט אים, אַז דער אָבערשאַר־פירער גיט אים פינף מינוט צו צעהאַקן דעם קלאָץ, דאַן באַקומט ער אַ פּעקל סיגאַרעטן און קוים געלונגט אים נישט, שלאָגט ער אים צום טויט.

אַלעקסאַנדער צעשפּרייט די פיס, טוט אַ רייב די הענט, פאַרהויבט די האַק און דרייט אויס דעם קאָפּ צום שעף פראַנץ, יענער האָט זיך געכאַפּט צום רעוואָלווער און איילִיק צוריקגעטרעטן.

אין פיר מינוט מיט דרייסיק סעקונדן איז דער קלאָץ געווען צעלייגט.

ווען מען האָט אים דערלאַנגט דאָס פּעקל סיגאַרעטן, האָט ער עס נישט געוואָלט נעמען, געזאָגט, אַז ער רויכערט נישט, דאָ האָט פראַנץ עפּעס געזאָגט דעם קאַפּאָ און יענער האָט געברענגט אַ האַלב ברויט מיט אַ פּעקל מאַרגאַרין. פּעטשערסקי האָט אויך דאָס נישט צוגענומען — „ער איז נישט הונגעריק".

און אַ וווּנדער, דער אָבערשאַרפירער פראַנץ האָט דעם רעוואָלווער צוריק אַריינגעלייגט אין שיידל און אַוועק.

אין לויף פון טעג האָט ברוך געוווּנען אַלעקסאַנדערס צוטרוי און אין אַ געוויסן טאָג האָט ער אים פאַרטרויט, אַז אין לאַגער געפינט זיך אַ גרופּע אין אונטערערד און צווישן זיי זענען דאָ: לעאָן פעלהענדלער, וואָס אַרבעט מיט ברוכן אין צווייטן לאַגער; דער עלטסטער פון שניידער־וואַרשטאַט, יוזעף, דער שוסטער יאַקוב און דער סטאָלער יאַנעק.

„איר ווייסט ווּ דאָס פעלד איז מינירט — פרעגט אַלעקסאַנדער.



„יאָ, ווי אַ שאַך־ברעט, איך אַליין האָב געאַרבעט ביים גראָבן די גריבלעך פאַר די מינעס" — ענטפערט ברוך.

שפּעטער האָט ברוך אים אַוועקגעפירט אין פרויען־לאַגער, דאָרט האָט ער זיך באַקאַנט מיט עטלעכע פרויען און מיט אַיינע ליוקאַ, זי האָדעוועט קראָליקעס און דערציילט אים, אַז זי זעט דורך די שפּאַלטן פון דער הילצערנער וואַנט ווּ זי אַרבעט, ווי מען לאָזט אַרויס דאָרט אויף דער צווייטער זייט, אין דריטן לאַגער, אַ סטאַדע גענדז, אפשר פון דריי הונדערט און נאָך די גענדז ציען זיך שעהנלאַנג נאַקעטע אַיינגעהויקערטע מענטשן, מ'טרייבט זיי פאַרטיעס ווייז, צו עטלעכע הונדערט, צו דער ציגלענער געביידע און ווען מען טרייבט זיי צו צום אַייזערנעם טויער, ווערט איינ־געשלאָסן דער דיזעל וואָס טרייבט דעם שטיק־גאַז אין די קאַמערן.

פּעטשערסקי און לייטמאַן קומען אָפּט אַריין צו די שלאָ־סער און שמידן. אַיינמאָל ווען זיי זענען דאָרט אַריין, האָבן זיי דאָרט געטראָפן דעם קאַפּאָ בזשעצקי. לייטמאַן האָט אַ צי געטאָן אַלעקסאַנדרען.

„קום מירן גיין".

דער קאַפּאָ האָט געזאָגט:

„גיי דו אַליין, איך דאַרף רעדן מיט סאַשען".

ווען יענער איז אַרויס, האָט בזשעצקי געזאָגט:

„איר זייט גאָרנישט פאַרזיכטיק; די מעשה מיט פראַנצן, אַייערע אָפטע באַזוכן און שמועסן אין פרויען־לאַגער. איר מיינט, אַז איך פאַרשטיי נישט, אַז ליוקע איז בלויז אַייערס אַן אויסרייד. אַייער רעכטע האַנט איז שלמה לייטמאַן. איך וויל אַייך נאָר זאָגן, אז ווען איך זאָל זיין אַ כלב, וואָלט איך אַייך שוין לאַנג פאַרקויפט, נאָר איך פאַרשטיי, אַז אויך מיך וועט מען פאַרברענען, זיי וועלן נישט איבער־לאָזן קיין לעבעדיקע עדות."

„גוט וואָס איר פאַרשטייט, אָבער צוליב וואָס זאָגט איר דאָס בלויז מיר?"

„סאַשע, לאָמיר נישט פטרן קיין אומזיסטע צייט. גע־דענקט, אַז דורך אונדז קאַפּאָס קאָנט איר פיל געווינען, נעמט אונדז אַריין אין אַייער געשעפט; מיך און דעם קאַפּאָ פון באַנהויף קאָמאַנדע טשעפּיק, פאַרן קאַפּאָ שמידט האָב איך אַליין מורא. באַקלערט אַייך און וואָס גיכער אַלץ בעסער פאַר אונדז אַלעמען."

דאָס זאָגנדיק איז ער אַוועק.

דעם 12־טן אָקטאָבער, אין אָוונט, זענען אין דער סאָביבאָרער טויט־פאַבריק געשטאַנען אויף דער וואַך, נישט נאָר די פאַשיסטן, נאָר אויך די סאָוועטישע קריגס געפאַנ־גענע. אַרקאַדי ווייספּאַפּיר, וואָס האָט נאָכגעשפּירט נאָכן הויף און סעמיאָן ראָזנפעלד, וואָס האָט קיין אויג נישט

אַראָפּגענומען פונעם צענטראַלן טויער, האָבן באַקומען אַ באַפעל, טאָמער וועלן זיי באַמערקן עפּעס פאַרדעכטיקס, זאָלן זיי תיכף געבן אַ סיגנאַל.

אָבער אַפילו זיי האָבן נישט געוווּסט, אַז אין דער מי־נוט, ווען דער וואַכמאַן קלאַפּט ניין מאָל נאָכאַנאַנד מיט זיין אייזערנעם שטעקל אין רעלס, האָבן זיך אין סטאָלער־וואַר־שטאַט צונויפגענומען ניין מענטשן, וואָס דערוויילעק אַמפּערן זיי זיך צי זאָל מען איינלאַדן נאָך איינעם, אַ צענטן, צי ניין. וואָס וואָלט געזאָגט אַרקאַדע ווייספּאַפּיר, ווען ער ווייסט, אַז דער צענטער — דאָס איז דער קאַפּאָ בזשעצקי, וואָס האָט אים צוריק מיט צוויי וואָכן אַזוי געמיטשט, אַז ער פילט עס נאָך איצט.

סאַשע האָט געשיקט נאָך בזשעצקין און ווען דער קאַפּאָ האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל, האָט פעטשערסקי גע־מאָלדן:

„מיר הויבן אָן די באַראַטונג.״

ביי בזשעצקין איז דאָס רעקל שטענדיק געווען צעכראָס־טעט, איצט האָט ער עס פאַרשפּיליעט אויף אַלע קנעפּלעך, זיך אַרומגעקוקט און געפרעגט:

„וואָס, סאַשאַ, איר ווילט מיר אויספּרובירן, צי בלויז וואָרענען?״

„ס׳איז נישט קיין צייט איצט פאַר פּוסטע רייד, איר האָט טאַקע פאַרדינט מען זאָל אייך מישפּטן און דאָך פאַר־טרויען מיר אייך דאָס לעבן פון זעקס הונדערט מענטשן. צוליב וואָס וואָרענען? איר אליין ווייסט גוט, וואָס אייך דערוואַרט, אויב איר וועט פאַראַטן... און איצט — וועגן דעם פּלאַן פון אויפשטאַנד״ — האָט סאַשע געזאָגט.

אויף מאָרגן גאַנץ פרי איז צו די סטאָליאַרעס אַריינגע־קומען בזשעצקי און אָנגעשריגן אויף יאַנעקן, פאַר וואָס אין דער קאַזאַרמע, ווו די וואָך געפינט זיך, פאַרשליסן זיך שלעכט די טירן.

„פונוואַנען זאָל איך וויסן, האָט יאַנעק זיך פאַרענפערט — מיר האָבן דאָך אַהין נישט קיין צוטריט.״

„שטענדיק איז ביי אייך גרייט אַ תירוץ, גיט מיר עמעץ פון אייערע בעלי מלאכות וועל איך אים גלייך אַהין אָפּ־פירן.״

עס איז לייכט זיך אָנצושטויסן, אַז דער בעל מלאכה, וואָס האָט גענומען דאָס קעסטל מיט אינסטרומענטן אין דער האַנט, איז געווען פעטשערסקי. אין די פּוסטע צימערן פון דער קאַזאַרמע, האָט ער כלומרשט כדי אויספּרובירן די שלעסער, צוגעמאַכט די טירן און אויף גיך געעפנט די שאַ־פעס, ווו עס שטייען די ביקסן און פאַר עטלעכע מינוט האָט ער זיך איבערצייגט, אַז די ביקסן־מאַגאַזינען און די פּאַטראָן־טאַשן זענען פּוסט. נאָכמיטאָג האָט ער מיט שלמהן



זיך פאַרקליבן אויפן בוידעם און לאַנג געקוקט צום נאָענטן וואַלד, אויף רעכטס פונעם טויער.

דאָס שטעכל־דראָט האָבן זיי באַשטימט איבערשניידן נעבן דעם אָפיצירן־הויז, דער גרעסטער טייל מינעס, וואָס זענען דאָ באַגראָבן, האָבן זיי געוווּסט, זענען ספּעציעלע אַליאַרם־מינעס, אויפרייסן זיי וועט זיין לייכט מיט די שטיי־נער, וואָס זענען שוין פון פריער געווען צוגעגרייט, זיי האָבן אויך צוגעגרייט טרוקענעם זאַמד צו שיטן די וואַכלייט אין די אויגן.

דאָ אויפן בוידעם זענען ענדגילטיק באַשטימט געוואָרן די מענטשן, וואָס וועלן ליקווידירן די וואָך און צערייסן די טעלעפאָן־און עלעקטריע־דראָטן. עס איז אָנגענומען גע־וואָרן אַ באַשלוס אָנצוהויבן דעם אויפשטאַנד מאָרגן, דאָ־נערשטיק דעם 14־טן אָקטאָבער, 4 אַזייגער באַטאָג, ווען די דייטשע אָפיצירן קומען מעסטן זייערע קליידער. פאַרענדיקן האָט מען אַלץ געמוזט ביז פינף אַזייגער, צו דער שעה פון אַפּעל. היינט ביי נאַכט האָבן די סאַמע זיכערע מענטשן געדאַרפט באַקומען די זיבעציק שאַרפע מעסערס און די יעגער־העק, וועלכע די שמידן און די שלאָסער האָבן בש־תיקה געמאַכט.

אַהער אויפן בוידעם האָט זיך פון לאַגער די גאַנצע צייט נישט דערטראָגן קיין איין קלאַנג. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט דאָס גראַגערן פון די גענדז, צום הימל האָבן זיך גענומען ציען שוואַרצע וואָלקנס־רויך.

די נאָכטפינסטערניש האָט געאָטעמט מיט פייכטקייט און מיט קעלט, ס׳איז שוין שפּעט, נאָר פעטשערסקי מיט לייטמאַנען האַלטן זיך נאָך אין איין סודען און שלמה פאָ־דערט:

„לייג זיך צו, דו מוזט זיך אויסרוען.״

„באַלד״ — זאָגט סאַשע — אָבער גיב פריער אַן עצה, איך וויל פאַרלייגן פינקעוויטשן, ער זאָל אַרויספירן די קאָ־לאָניע פון לאַגער, ער איז דאָך פונדעסטוועגן אַ מאַיאָר און זיין דערפאַרונג קאָן צוניץ קומען.

„זאָלסט נישט וואָגן. צו אים קוק איך זיך צו די גאַנצע צייט, מעגסט מיר גלויבן, ער איז אַ פּחדן. צוריק מיט אַ פּאָר טעג האָב איך אים געגעבן אָנצוגעהערן, אַז מען דאַרף עפּעס טאָן, האָט ער מיר געענטפערט, אַז אין קיין אַוואַנטורעס וועט ער קיין אָנטייל נישט נעמען.״

„אפשר, שלמה, פאַרטרויט ער דיר נישט?״

„נאַרישקייטן, נאָך אין מינסק אויף שיראָקע גאַס, האָט ער מיר געזאָגט, אַז ביי פּילסודסקין האָט מען נאָך געקאָנט זיין אַ קאָמוניסט און ביי היטלערן נישט, כאַפּט אים דער וואַטעמאַכער, שלאָף!״

זעלטן, אַז אין אָקטאָבער חודש זאָל אין די קאַנטן

אויספאַלן אַזאַ וואַרעמער און זוניקער טאָג. מען האָט באַקו־מען די באַלאַנדע און געוואַרט אויפן סיגנאַל זיך צולאָזן אויף דער אַרבעט. בזשעצקי האָט געהאַלטן אין האַנט דאָס גומענע רערל פון אַ קעגנגאַזמאַסקע. היינט האָט ער געוויל־דעוועט ווי קיינמאָל נישט. דער שעף פון דער וואַך גריישוץ, האָט אים צוגערופן און דערלאַנגט אַ פעקל ציגאַרעטן.

פעטשערסקי און נאָך מענטשן האָבן זיך געלאָזט אין קליינעם סטאָליער־וואַרשטאַט. פון דאָרט זעט מען דעם ערשטן לאַגער ווי אויף דער דלאָניע. אין דעם גרויסן וואַר־שטאַט איז היינט דער עלטסטער, נישט יאַנעק, נאָר לייטמאַן. צוזאַמען מיט אים האָבן אין באַראַק זיך געפונען נאָך צוואַנ־ציק רויט אַרמייער, וואָס האָבן אויסבאַהאַלטן אונטער די העמדער מעסערס.

דריי אַ זייגער מיט דרייסיק מינוט האָט בזשעצקי גע־זאָלט אָפפירן אין צווייטן לאַגער ציבולסקין מיט נאָך צוויי חברים. זיי האָבן באַדאַרפט אַנטוואָפענען און טייטן די פיר פאַשיסטן, וואָס האָבן זיך דאָרט געפונען. אָבער מיט אַנ־דערהאַלבן שעה פריער איז אַריינגעקומען אַן עסעסאָוויעץ און באַפוילן בזשעצקין מיט נאָך דריי מענטשן גיין מיט אים. פעטשערסקין האָט באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס. ער איז גלייך אַוועק אין גרויסן סטאָליער־וואַרשטאַט און געהייסן יאַנעקן און דעם קאַפאָ טשעפיק זיך דערוויסן, וווהין מען האָט יענע אַוועקגעפירט. אויסגעלאָזט האָט זיך, אַז זיי זענען אין צפון־לאַגער און לייגן צונויף געהילץ אין שטאַבלען.

פעטשערסקי האָט צוגערופן ציבולסקין:

„אין צווייטן לאַגער וועט אייך פירן טשעפיק."

„אויסגעשלאָסן! — האָט טשעפיק אויסגעשריגן — אָן אַ דערלויבניש טאָר איך אַהין נישט גיין, מיר מוזן אַלץ אָפ־לייגן אויף מאָרגן."

„וואָס? איר וועט אויספירן מיין באַפעל?"

געענטפערט האָט ציבולסקי:

„אַלץ וועט זיין אין אָרדנונג."

די דייטשע אָפיצירן האָט מען איבערגעגעבן, אַז מען פאַרבעט זיי צו אַ באַשטימטער צייט קומען מעסטן די קליי־דער און די שטיוול, וואָס מען מאַכט פאַר זיי. דער הענקער ניימאַן האָט באַדאַרפט קומען אין שניידער־וואַרשטאַט דער ערשטער, פיר אַ זייגער ביי טאָג. ער איז געקומען צו רייטן מיט צוואַנציק מינוט פריער. דער עלטסטער שניידער יוזעף, די „שניידער" שובייעוו און ראָזענפעלד, האָבן אים באַגעגנט און געבעטן אויסטאָן דעם מונדיר. ניימאַן האָט אַראָפגענומען און אַוועקגעלייגט אויפן טיש דעם פאַסיק מיטן רעוואָלווער־שייד.

„ביטע — האָט אים יוזעף אַנטקעגן געטראָגן אַ נייעם אַנצוג — ביטע, דרייט זיך אויס צו דער שיין."



אין דער רגע האָט ראָזענפעלד אַרויפגעלייגט זיין האַנט אויף ניימאַנס געווער, שובאיעוו האָט אַ כאַפ געטאָן די האַק, וואָס איז געשטאַנען אַ פאַרדעקטע נעבן פיסל פון טיש...

ניימאַן האָט אַזאַ רעווע געטאָן, אַז זיין פערד אין הויף האָט זיך געטאָן אַ ריס פון אָרט. צום גליק האָט זיך איינעם פון דער באַנהאָפקאָמאַנדע איינגעגעבן אָנכאַפן דאָס פערד ביים ציימל און אָפפירן עס אָן אַ זייט. ניימאַנען האָט מען פאַרדעקט מיט אַ קאָלדרע און די בלוט־פלעקן אויפן דיל באַשאָטן מיט זאַמד. שובאיעוו איז אַוועק אָנזאָגן פעטשערס־קין די בשורה און אים איבערגעבן דעם ערשטן טראָפעי.

פיר אַ זייגער מיט פינף מינוט איז געקומען נאָך זיינע שטיוול דער באַלעבאָס פון דער „הימלשטראַסע", דער גע־הילפס־שעף פון דריטן לאַגער געטינגער. מיט אים האָט דערליידיקט אַרקאַדי ווייספאַפיר.

פיר אַ זייגער מיט צען מינוט האָט געעפנט די טיר פון שניידער־וואַרשטאַט דער שעף פון דער לאַגער־וואַך גריי־שיץ, געעפנט און גלייך אומגעפאַלן. אים האָט דערליידיקט סעמיאָן.

אין דער צייט האָט זיך פון וויטנס באַוויזן דער עסעסאָ־וויעץ גאָולשטיך, ער איז געגאַנגען צום צווייטן לאַגער, פון וואַנען פעטשערסקי האָט נאָך קיין שום ידיעה נישט גע־האַט. אים אַנטקעגן איז אַרויסגעלאָפן לייטמאַן:

„הער אָפיציר, אונדז האָט מען באַפוילן היינט ענדיקן די נאַרעס און מיר האָבן נישט קיין פינקטלעכע אָנווייזונ־גען, די סטאָליאַרעס שטייען אָן אַרבעט. אפשר וועט איר אויף איין מינוט אַריינגיין?"

שלמה האָט אים אָפגעטרעטן דעם וועג און געלאָזט אים צוגיין צו די נאַרעס, פון דעם ערשטן קלאַפ איז גאָולשטיך אומגעפאַלן מיט צעשפרייטע הענט.

פיר אַ זייגער מיט צוואַנציק מינוט איז צו פעטשערסקין געקומען צולויפן ציבולסקי און ראַפאָרטירט:

„אַלע פיר אָפיצירן טויט. דאָס געווער צוגענומען. די טעלעפאָן־פאַרבינדונג און די סיגנאַליזאַציע איבערגעריסן. די באַלעבאַטים פון צווייטן לאַגער זענען איצט לעאָן און ברוך."

אין הויף זענען אַריינגעקומען עטלעכע בלעכער מיט צינקענע רינוועס אין די הענט. דאָס האָבן זיי געבראַכט זעקס דייטשע ביקסן און קוילן.

פיר אַ זייגער מיט דרייסיק מינוט האָט זיך אומגעקערט בזשעצקי מיט זיין גרופע, ער האָט דערציילט, אַז דער לאָדז־שער שלאָסער הענריך הענגעל האָט אין גאַראַזש מיט אַן אייזערנעם פרענט אַוועקגעלייגט דעם אונטערשאַרפירער בעקמאַן און צוגענומען זיין אויטאָמאַט.

שוין צייט צו געבן דעם סיגנאַל צום אַלגעמיינעם שטורעם, נאָר פּעטשערסקי וואַרט, עס לעבט נאָך פראַנץ דער הויפּט־שעף פון סאָביבאָרער טויטנלאַגער.

ס'איז, דורכט זיך, געווען פעסט באַוואָרנט, ער זאָל אַריינקומען אין קליינעם סטאָליער־וואַרשטאַט אַ קוק טאָן אויפֿי די נייע שאַפעס. פאַר וואָס איז ער נאָך נישטאָ? און דאָך מוז מען אָנהויבן. פּעטשערסקי באַפעלט בזשעצקין געבן אַ סיגנאַל און אויסשטעלן אלעמען אין איין קאָלאָניע.

פאַרויס האָבן זיך אַוועקגעשטעלט זיבעציק סאָוועטישע קריגס־געפאַנגענע, וואָס האָבן געדאַרפט אָנפאַלן אויפן געווער־סקלאַד. לעאָן האָט פון צווייטן לאַגער געבראַכט צו פירן אַ קאָלאָניע פון 150 מענטשן. עס איז געוואָרן אַ טומל, אַ גערודער. עפּעס האָט מען זיך גענומען אָנשטויסן און יעדער האָט געוואָלט זיין וואָס נענטער צום טויער.

אין דער מינוט איז ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן דער שעף פון קאַראול, ער האָט נישט געקענט באַנעמען, פאַר וואָס קלייבט מען זיך צום אַפעל מיט אַזאַ טומל און גענומען אַרבעטן מיט דער בייטש אויף רעכטס און אויף לינקס. אים האָט זיך שוין כמעט איינגעגעבן אלעמען אויסשטעלן צו פינף אין א ריי, נאָר דאָ האָט ער באַמערקט, אַז אויסער בזשעצקין גייען אים נאָך פיסטריט נאָך עטלעכע לאַגערניקעס.

„זע, קאַפּאָ, ווי זיי וועלן ביי מיר באַלד אַלע שטיין" — האָט ער אַ געשריי געטאָן און זיך גענומען צום רעוואָלווער.

ראָזנפעלד און נאָך עטלעכע מענטשן האָבן אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזן זייערע העק. אַיינהאַלטן דעם עולם איז שוין געוואָרן אוממעגליך און דאָ האָט זיך דערהערט פּעטשערסקיס באַפעל:

„חברים! צום אָפיציר־הויז, רייסט דאָרט איבער די דראָטן!"

ערשט דאָ האָט מען זיך אויף די וואַכטורעמס געכאַפּט, אַז אין לאַגער קומט עפּעס פאָר. עס איז געוואָרן אַ שיסעריי. פינקעוויטש און אַ סך אַנדערע האָבן זיך געלאָזט לויפן צום צענטראַלן טויער. דעם וואַכמאַן ביים טויער האָט פאַרשלונגען דער געדראַנג פון מענטשן, אָבער צום וואַלד זענען פיל פון זיי נישט דערלאָפן, זיי האָבן זיך אויפגעריסן אויף די מינעס.

די סאָוועטישע קריגס געפאַנגענע מיט פּעטשערסקין בראש האָבן זיך געלאָזט צום געווער־סקלאַד, נאָר אַ פייערזאַלפּ האָט זיי צוגעדרוקט צו דער ערד. אַהער צום געווער־סקלאַד זענען אויך געלאָפן די לעבנגעבליבענע פאַשיסטן. די אויפשטענדלער האָבן פאַרמאָגט בלויז געציילטע עטלעכע ביקסן און פיסטאָלעטן, דאָך איז דאָס געווען גענוג צו



צווינגען די היטלעריסטן צו קריכן אויף אַלע פיר, אָבער ווייניק אויף צו פאַרכאַפּן דעם געווער־סקלאַד.

פראַנצן, דעם הויפּט־שעף פון סאָביבאָר, האָט פּעטשערסקי באַמערקט, ווען יענער האָט כמעט זיך דערקליבן צו דער טיר פון געווער־סקלאַד, ווען דער אָבערשאַרפירער האָט זיך געפרוּווט אויפשטעלן, האָט אַלעקסאַנדער אויסגעשאָסן.

„איינציקווייז צום אָפיצירן־הויז! רייסט די דראָטן און אויף גיך צום וואַלד" — באַפעלט פּעטשערסקי. אליין וועט ער נאָך דאָ בלייבן מיט עטלעכע באַוואָפנטע מענטשן, כדי דער שונא זאָל נישט קאָנען פאַרפאָלגן די נישט באַוואָפנטע אויפשטענדלער.

„חבר קאָמאַנדיר — האָט זיך עמעץ צו אים געוואָנדן — שוין צייט אָפּטרעטן."

„חבר קאָמאַנדיר" — דאָס האַרץ האָט אַ צאַפּל געטאָן, צום ערשטן מאָל פאַר צוויי יאָר רופט מען אים אַזוי אָן, כאָטש ער איז נאָך אין טויטנלאַגער, איז ער שוין דאָך נישט קיין לאַגערניק.

ביים ראַנד וואַלד האָט ער זיך אָפּגעשטעלט איבערכאַפּן דעם אָטעם, אָבער ער האָט באַמערקט לויפן נאָך מענטשן. קוילן פייפן אַלץ אָפטער, אָט איז מיטן פנים אַוועקגעפאַלן איינער, אַן אנדערער האָט אָנגעטראָטן אויף אַ מינע און אַט פאַלט, ווי אַן אונטערגעשניטענע, אַ פרוי, וואָס איז שוין גאָר נאָענט צום וואַלד.

זיי גייען איינער הינטערן אַנדערן, פאָרויס פּעטשערסקי, נאָך אים ציבולסקי און דער לעצטער האָט געשלאָסן די גרופּע — ווייספּאַפיר.

פאַרלאָזן דעם וואַלד, האָט געהייסן ווי פאַרלאָזן אַ פעסטונג, ווייטער האָט זיך געצויגן אַ פעלד און שוין גאָר אומגעריכט — אַ ברייטער, טיפער ראָוו פול מיט וואַסער.

עפּעס האָט ווייספּאַפיר דערהערט און איינער גיט איבער דעם צווייטן — אַכטונג, דאָ זענען נאָך ווער פאַראַנען. זיי דערהערן ווי מען רעדט מיט אַ קאַווקאַזישן אַקצענט. דאָס איז געווען שובאַיעוו מיט זיין גרופּע. אַלע זענען שוין בשלום אויף דער אַנדערער זייט פון ראָוו און ווידער ציט זיך אַ וואַלד, נאָר פּעטשערסקי איז דערשלאָגן. שובאיעוו האָט געבראַכט די ידיעה, אַז לייטמאַן איז שווער פאַרווונדעט. שלמה, לעאָן און ברוך האָבן געדאַרפט אָפּזוכן די פוילישע פאַרטיזאַנער און איצט ליגט ער, שלמה לייטמאַן, אויף אַ טראָג־בעטל און ווער ווייסט צי ער וועט דערלעבן ביז טאָג.

פּעטשערסקי גייט און טראַכט: אַזויפיל טעג אין לאַגער, טעג, וואָס זענען געגליכן צו יאָרן, אָפּגעלעבט זייט ביי זייט מיט לייטמאַנען און זיך קיינמאָל נישט פאַרטראַכט, ווי ליב

און טייער שלמה איז אים. געגוג געווען, אז לייטמאַן זאָל א שאָקל טאָן מיטן קאָפּ אויף יאָ און פּעטשערסקי האָט שוין געוווּסט, אַז אַנדערש קאָן גאָרנישט זיין, מיט שובאַיעוון האָט שלמה אים איבערגעגעבן זיין לעצטן גרוס און זיין דאַנק. זיין דאַנק... וועמען, אויב נישט שלמהן קומט דער ערשטער דאַנק פאַר דעם וואָס זיי זענען איצט פריי.

ווייל, ער, פּעטשאַרסקי וועט לעבן, וועט ער אים נישט פאַרגעסן.

נאָר מער זינקען אין שווערע געדאַנקען האָט פּעטשערסקי קיין רעכט נישט, ער מוז קלערן וועגן די זעכציק מענטשן וואָס גייען הינטער אים, ער ווייסט: מיט אַזאַ גרויסער גרופּע איז כמעט אוממעגלעך זיך אויסצובאַהאַלטן, אוממעגלעך זיך דורכצושמוגלען אומבאַמערקט.

א שאָרך. אַלע האַלטן איין דעם אָטעם, ווידער שטיל, גוט וואָס די שרעק איז אַן אומזיסטע. מען לאָזט זיך ווייטער, ווידער צעשרייט זיך אַ יידענע ווי זי וואָלט געווען ביי זיך אין אַלקער: „משה ווו ביזטו?"

אמת, קיינער האָט נישט געהערט, אַז משה זאָל איר ענטפערן, דערפאַר האָט זיך אַלעמען געדאַכט, אַז נישט נאָר אין וואַלד, נאָר אויף מיילן אַרום האָט זיך צעטראָגן איר „משה ווו ביזטו?", איז וואָס? דורכטרייבן זי? שלמה וואָלט זיכער אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אויף „ניין".

עס גייען אַוועק און קערן זיך אום די אויסשפּירער, זיי וואָלטן געמעגט אַנזאָגן בעסערע בשורות; שיטערע וועלדלער, אַ פעלד און אַן אייזנבאַן־ליניע.

וואָס טוט מען? בלייבן אין וואַלד? דאָ וועט מען זיי דאָך געוויס זוכן.

מען האָט צוגעפּויזעט נענטער צו דער סטאַנציע און זיך פאַרקליבן צו די קוסטעס. צום גליק האָט דאָס ווינטל נישט צעטריבן די וואָלקנס און פון גאַנץ פרי אָן האָט גענומען טריפן אַ נודנע רעגנדל. בלויז סוף טאָג האָבן זיך אין הימל באַוויזן עראָפּלאַנען. אין די אַרומיקע וועלדלעך האָבן גענישטערט דייטשן און פּאָליציי. עס האָט זיך דערהערט אַ שיסעריי און בילן פון הינט.

קוים דערלעבט די נאַכט, האָט מען אַריבערגעפּויזעט די רעלסן און זיך געלאָזט ווייטער. אין וואַלד האָבן זיי באַגעגנט נאָך צוויי סאָביבאָראָוועצעס:

„איר גייט צום בוג? קערט זיך אום, מ'האָט אונדז געזאָגט ,אַז דאָרט איז פיל מיט דייטשן. פּעטשערסקי מיט נאָך אַכט מענטשן האָבן באַשטימט נישט ענדערן דעם מאַרשרוט.

אויף אַ קליינער וואַלד־לאָנקע האָט מען זיך צום לעצטן מאָל צונויפגענומען אַלע אינאיינעם, פּעטשערסקי האָט געזאָגט:

„חברים, מיר צעטיילן זיך אויף זעקס גרופּעס, איך



ווינטש אַלעמען אַ גליקלעכן וועג, זייט מצליח און נעמט נקמה!"

מענטשן האָבן אים אַרומגענומען און געקושט שעפּטשענדיק:

„אַ דאַנק דיר, סאַשקאַ! מיר וועלן דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן..."

אין פיר טעג אַרום, שפּעט אין אָוונט, האָבן ניין מענטשן זיך שטילערהייט געגנבעט צו אַ כוטאָר, וואָס איז באַשטאַנען סך הכל פון איין הויף. דעם כוטאָר האָבן זיי נאָכשפּיאָנירט עטלעכע שעה נאָכאַנאַנד. דאָ האָט מען באַדאַרפט זיין זייער פאָרזיכטיק, ווייל דער בוג איז נאָענט.

אַלעקסאַנדער האָט אָנגעקלאַפּט אין פענצטערל, עמעץ האָט אָפּגערוקט דאָס פירהענגל. אין אַ רגע אַרום האָט זיך די טיר געעפנט, אין שטוב זענען אַריין פּעטשערסקי, ציבולסקי, שובאַיעוו און ווייספּאַפּיר. די איבעריקע זענען געבליבן אויף דער וואַך. דאָ אין דעם פאַרוואָרפענעם כוטאָר, ביי דער גרענעץ צווישן פּוילן און ווייסרוסלאַנד, האָט מען שוין געהערט, אַז ערגעץ נעבן כעלם אָדער נעבן מיידאַנעק איז געשען אַ נס.

„מען זאָגט — דערציילט דער באַלעבאָס פון הויז — אַז פון די אויוונס, ווו די פאַשיסטן פאַרברענען מענטשן, האָבן מיט אַמאָל אָנגעהויבן אַרויסצושפּרינגען לעבעדיקע מתים און גענומען כאַפּן די דייטשן פאַר די גאָרגלען, וועמען געכאַפּט, דעם דערשטיקט. נאָך זאָגט מען, אַז דאָרט נישט ווייט איז געשטאַנען אַ גאַנצער פאָלק דייטשן, צוערשט האָבן זיי אַ כאַפּ געטאָן די ביקסן, דערנאָך זאָגט מען, האָבן זיי פאַר שרעק געוואָרפן דאָס געווער און געלאָזט זיך לויפן וווהין די אויגן טראָגן."

ווי דאָן אין הויף פון מינסקער קאַרצער, איז פּעטשערסקי געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אויף דער וואַנט, די אויגן פאַרזשמורעט, עפּעס זיי האָט ער פּשוט מורא געהאַט, אפּשר איז דאָס טאַקע נישט מער ווי אַ לעגענדע, אַ גוטער חלום? שטילערהייט האָט ער אַ זאָג געטאָן:

„העלפט אונדז אַריבערגיין דעם בוג."

דער באַלעבאָס האָט פאַריכט דעם קנויט פון קאַגאַניעץ, מיט אַ קאַלדרע פאַרדעקט דאָס פענצטער און געענטפערט:

„גאָט אַליין העלפט אייך, איז ווי זשע קענען מיר אָפּזאָגן? — און צו זיינע קינדער — יאַדזשע דערלאַנג צום טיש און דו, טאַדעק, טו אָן די שטיוול און גרייט זיך אין וועג".

אין דער נאַכט אויפן 20־טן אָקטאָבער האָבן זיי שוין באַטראָטן די ווייסרוסישע ערד, אין נאָך צוויי טעג אַרום האָבן זיי נישט ווייט פון בריסק באַגעגנט די ערשטע פּאַרטיזאַנער; אַכט מאַן זענען אָנגענומען געוואָרן אין אָטריאַד אויף קאָטאָווסקיס נאָמען. פּעטשערסקי איז אַוועק מיט אַן אַנדער מחנה אויף

שטשארס נאָמען, ווייל דאָרט האָט מען אים צוגעזאָגט צו פאַרעכענען אין אַ דיווערסאַנטן־גרופּע, וואָס האָט די טעג געדאַרפט זיך לאָזן אויף דער אײַזנבאַן אויפרייסן אַ פייַנטלעכן עשאַלאָן.

באָריס ציבולסקי און אַלעקסאַנדער שובאַיעוו זענען העלדיש אומגעקומען. אַלעקסאַנדער פּעטשערסקי און אַרקאַדי ווייספּאַפּיר האָבן דערלעבט ביזן טאָג, ווען זיי האָבן זיך פאַרייניקט מיט דער רויטער אַרמיי. די רויטע פאַסיקלעך אויף די היטלען פאַרביטן מיט שטערנדלעך און ווידער שלאַכטן. סוף אויגוסט איז פּעטשערסקי שווער פאַרווונדעט געוואָרן, ווייספּאַפּיר האָט געאײַלט אויף מעריב.

אין שפּיטאָל, וווּ פּעטשערסקי איז געלעגן פיר חדשים אין דעם רעזערוו־פּולק און דערנאָך אין ראָסטאָוו, זײַענדיק שוין אַ ציווילער מענטש, האָט ער זיך נאָכגעפרעגט אויף זײַנע פרײַנט, די אויפשטענדלער.

ער האָט זיך דערוווּסט, אַז נאָך אין דעם זעלבן אָוונט, ווען זיי זענען אַנטלאָפן פון לאַגער, האָבן די דײַטשן אַלאַרמירט און דעם 16 אָקטאָבער איז קיין סאָביבאָר אָנגעקומען אַ ספּעציעלער סאַפּיאָרן־טייל, מיט דינאַמיט האָט מען אויפגעריסן אַלע געבײַדעס און די וואַכטורעמס. פון דער ערד האָט מען אַרויסגעריסן די סטאָלבעס מיטן שטעכל־דראָט, אָנגעלאָדן אויף פּלאַטפאָרמעס און אַוועקגעפירט די עקסקאַוואַטאָרן, וואָס האָבן געגראָבן די גריבער פאַרן אַש פון די פאַרברענטע. די טראַנספּאַרטיאָרן, אויף וועלכע ס׳זענען נאָך געלעגן טויטע קערפּערס, די דיזל מאָטאָרן, וועלכע האָבן געטריבן דעם שטיקגאַז. אפילו די גענדז מיט די קראַליקעס האָט מען אויפן אָרט געשחטן.

פיל פון די אַנטלאָפענע האָט מען געכאַפּט, אַנדערע זענען אַנטלאָפן צו די פּאַרטיזאַנער. יעפים ליטווינאָווסקי איז צוערשט געווען אין אַ פּוילישן פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד, דערנאָך האָט ער אין די סקראַדניצער וועלדער באַגעגנט אַ גרופּע רויט־אַרמייער, וועלכע זענען מיט אַ צײַט צוריק אויך אַנטלאָפן פון די דײַטשע לאַגערן, זייער אָנפירער איז געווען פיאָדאָר קאָוואַליאָוו. צוזאַמען זענען זיי אַרײַנגעטרעטן אין דער באַוווסטער פּאַרטיזאַנישער פאַרייניקונג, וווּ קאָמאַנדיר איז געווען דער צוויי מאָל אויסגעצייכנטער העלד פון ראַטנפאַרבאַנד, פיאָדאָראָוו.

סעמיאָן ראָזנפעלד האָט אין אַ שעה אַרום נאָכן אַנטלויפן פון לאַגער, דערפילט אַ שאַרפן ווייטיק אין רעכטן פוס. ער מיט צוויי ייִנגלעך, די ברידער מאַניעק און יוזיק זענען אָפּגעשטאַנען פון ברוכס גרופּע און זיך געלאָזט אויף דרום צו די סאָווינער וועלדער.

דאָרט, האָט מען זיי געזאָגט, אָפּערירט אַ פּאַרטיזאַנישע



מחנה. צוויי וואָכן האָבן זיי אַרומגעבלאָקעט אין וואַלד ביז זיי האָבן לעבן כוטאָר יאַנאָוו אָנגעטראָפן אויף אַ פאַרלאָשענעם שײַטער. פאַרדעקט מיט צווײַגן איז נעבן שײַטער געשטאַנען אַ ברייטער אַ בײַכיקער גרויסער טאָפּ מיט געקאָכטע אַרבעס. קלאָר, אַז עמעץ מוז דאָ זײַן. אַ מעטער הונדערט פון דעם אָרט האָבן זיי געפונען אַן אָקאָפּע, וווּ עס האָבן געוווינט פינף סאָביבאָראָווצעס, וואָס זענען געקומען אַהער מיט צען טעג צוריק, און דריי טשעכישע ייִדן (שנאַבעל, קאַרנישאַנער און זילבערמאַן) זיי זענען אַנטלאָפן פון אַן אַנדערן לאַגער.

אָנהויב דעצעמבער איז אַראָפּגעפאַלן דער ערשטער שניי. ווײַזט אויס, אַז לויט די שפּורן פון שניי, האָט אַהער זיך דערקליבן אַ גרופּע באַוואָפנטע פּוילישע נאַציאָנאַליסטן „אַקאָווצעס”. פון די זעקס מענטשן וואָס האָבן נישט באַוויזן אַרײַנלויפן אין אָקאָפּע, האָבן זיי פינף דערשאָסן (איינעם האָט זיך אײַנגעגעבן צו אַנטלויפן). מיט אַ גראַנאַט, וואָס זיי האָבן אַרײַנגעוואָרפן אין דער אָקאָפּע, האָבן זיי געהאַרגעט נאָך איינעם און זיי האָבן שוין גענומען שלעפּן די קלעצער פון דער אָקאָפּע.

בײַ ראָזנפעלדן אין קעשענע זענען געלעגן דריי פּאַטראָנעס, ער האָט זיי אויף גיך צונויפגעבונדן, אַוועקגעלייגט אויף די בעלקעס, אונטער זיי אַוועקגעשטעלט אַ ברענענדיק ליכט, די פּאַטראָנעס האָבן אויסגעשאָסן און דאָס איז געווען גענוג, אַז די באַנדיטן זאָלן זיך צעלויפן.

פאַרבליבן זענען אין דער אָקאָפּע פיר מענטשן, כמעט בײַ זיבן חדשים האָבן זיי זיך דערנאָך אויסבאַהאַלטן בײַ גוטע פרײַנט אויף די כוטאָרס צווישן לובלין און כעלם.

אין דער צווייטער העלפט יולי 1944 האָט די רויטע אַרמיי באַפרײַט כעלם. בײַ ראָזנפעלדן האָט די וווּנד נאָך אַלץ געאײַטערט, אָבער ער איז אַוועק צום סאָוועטישן קאָמענדאַנט און געפאָדערט:

„שיקט מיך גלײַך אויפן פראָנט.”

בײַ לאָדזש — אַ סאָלדאַט, בײַ פּויזן — אַ סערזשאַנט און און ווידער פאַרווונדעט אין רעכטן פוס און אין דער רעכטער האַנט און צוריק קיין לאָדזש אין שפּיטאָל. דאָס מאָל אָבער נישט אויף לאַנג. ווען דער רײַכסטאַג האָט געברענט און געווען פאַרהילט אין רויך, איז בײַ אײנער פון זײַנע ווענט באַגלײַך מיט טויזנטער אַזעלכע ווי ער, געשטאַנען אַ מענטש, וואָס האָט בלויז אויף אַ מינוט איבערגעכאַפּט דעם אויטאָמאַט אין דער לינקער האַנט. דאָס איז געווען סעמיאָן ראָזנפעלד. צו קנאַפּע דרײַאונצוואַנציק יאָר אַ ווײַס־באַזילבערטער, מיט טיפע קנייטשן אויפן שטערן. מיט אַ שפּליטער האָט ער אויסגעקריצט „באַראַנאָוויטש—סאָביבאָר—בערלין”.

(„סאָוו. היימלאַנד” נר. 2, 1964)

# פון אויפשטאנד אין סאביבאר צו די פארטיזאנער אין וואלד

ענדע אויגוסט 1942, איז אַ גרויסער טייל פון דער וואָלאַדאַווער עס־דע אַוועק קיין קוזמיר, זיי האָבן דאַן מיטגענומען מיט זיך אַ צוויי צענדליק ייִדן, פאַרשידענע בעלי־מלאָכות, צווישן וועלכע איך בין אַלס מוליער אויך אַריינגעפאַלן. צווישן אַנדערע זענען געווען; שיע מוליער און זיין אַיידעם הענעך, אויך אַ מוליער און נאָך אַנדערע.

דאָרט האָבן מיר געאַרבעט אַ דריי, פיר חדשים און שפּעטער פאַר ניי־יאָר, האָבן זיי פון די דאָזיקע צוויי צענדליק צוריקגעשיקט קיין וואָלאַדאַווע פינף, זעקס מענטשן. איך, שיע מוליער מיט זיין איידעם און נאָך דריי, וואָס כ׳געדענקט נישט זייערע נעמען, זענען מיר מיט זייערס אַן אויטאָ וואָס איז געפאָרן קיין וואָלאַדאַווע אָנגעקומען אַהין.

ווען מיר זענען אָנגעקומען אין אונדזער היימשטאָט, האָבן מיר זי שוין נישט דערקענט; דאָ זענען מיר געוווירגעוואָרן, אַז אין לויף פון דער צייט איז דאָ פאָרגעקומען די גרויסע אַקציע, וועגן וועלכער מיר האָבן לגמרי קיין אַנונג נישט געהאַט. אין שטאָט איז שוין דאַן געווען אַ פאַרמאַכטער געטאָ און אַ געשלאָסענער לאַגער. מיין גאַנצע משפּחה איז אין דער גרויסער אַקציע אַוועקגעפירט געוואָרן קיין סאָביבאָר. ס׳איז נאָר געבליבן מיין מוטער מיט אַ ברודער און אַן עלטערע שוועסטער פאַר מיר. בכלל זענען פון די פיל טויזנטער פרעמדע און אייגענע שטאָטישע יידן געבליבן גאַנץ ווייניק אין שטאָט.

וואָלאַדאַווע האָט זייער פיל געליטן דורך דעם נאָענטן טויטנלאַגער סאָביבאָר, וועלכער האָט נישט געקענט אויפנעמען אַזויפיל אָנגעשיקטע טראַנספּאָרטן מיט אויסלענדישע ייִדן, פון וויען און האָלאַנד, אויסער די קאַלישער און מיעליצער און אַנדערע שטעט און דערפער פון פוילן. וואָלאָדאַווע איז דעריבער געוואָרן דער רעזערוואַר, וווהין די דייטשן האָבן כסדר אַריינגעשיקט די טראַנספּאָרטן טון טויזנטער ייִדן מיט ווייבער און קינדער, אַרויסגעכאַפּט פון מאָל צו מאָל דעם נויטיקן קאָנטיגענט און ווידער די אַנדערע געלאָזט זיך טרייסטן מיט פאַלשע אילוזיעס, אַז „נישט זיי מיינט מען".

בערך אַ דריי, פיער חדשים בין איך געווען אין געטאָ. איך בין געווען פון די „מיוחסים", וואָס האָבן מיט זיך געטראָגן אַ נומער צו דער אַרבעט און געווען פון די „גליקלעכע". כ׳האָב געקענט בייטאָג נאָך דער אַרבעט אַרויסגיין „פריי" פון געטאָ... די עטלעכע חדשים זענען פאַר די געבליבענע וואָלאַדאַווער יידן געווען קאָשמאַרע שרעק־חדשים, כסדר געקוקט אין פענצטער, זיך צוגעהערט צו יעדן שאָרך, מ׳האָט מורא געהאַט פאַר אַ נייער אַקציע, וואָס האָט איטלעכן זיך אויסגעוויזן, אַז זי הענגט ממש אין דער לופט. סאָביבאָר, וואָס האָט זיך געפונען סך הכל זעקס קילאָמעטער פון וואָלאָדאַווע, האָט אַלץ געפאָדערט נייע און פרישע קרבנות. דאָס גרויזאַמע איז ענדלעך געקומען...

## די לעצטע אקציע „יודנריין"

עס איז געקומען דער ערשטער מאי 1943.

דאָס איז געווען אויב כ׳האָב קיין טעות נישט, אַ פרייטיק פאַרטאָג. יעדער פון די יידן אין שטאָט האָט שטענדיק געוואַכט און געשלאָפן מיט אָפענע אויגן און אָנגעשפּיצטע אויערן גרייט אויפצוכאַפּן יעדן קלענסטן באַוועג און שאָרך. אינדרויסן האָט זיך געהערט אַ גערויש, גדעמפטע געשרייען האָבן דורכגעריסן די ווענט, מיר האָבן פאַרשטאַנען, אַז ס׳קומט שוין עפּעס פאָר. מענטשן האָבן זיך אָנגעהויבן באַהאַלטן. אויך איך מיט מיין איבערגעבליבענער משפּחה, זענען מיר ארויף אויף אַ דורכגעצוימטן בוידעם, וואָס האָט צייטווייליק געקענט דינען ווי אַ באַהעלטניש. פון גאַס האָבן זיך צו אונדז דערטראָגן שרעקלעכע געשרייען באַגלייט מיט אָפטע ביקסנ־




דער לעצטער וועג צו דער באַן־סטאַציע ארכוועק, פון דאָרט אין פאַרניכטונגס־לאַגער סאָביבאָר...

שאָסן און עס האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז די קוילן פֿאַלן אַריין צו אונדז אויפֿן בוידעם.

עס איז זייער שווער איבערצוגעבן און באַשרייבן די שרעק, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט יענעם גאַנצן טאָג אויפֿן בוידעם. ס'איז אונדז אָבער אויסגעקומען זיך צוצוגעוווינען צו די צרות און אויסער יענעם שרעקלעכן טאָג, ווען די שיסעריי האָט נישט אויפֿגעהערט און די יאָמערן האָבן זיך אַלץ מער געשטאַרקט, איז אונדז אויסגעקומען צו ליגן אויפֿן בוידעם גאַנצע ניין טעג. ניין טעג אין טויטשרעק, אָן עסן, אָן טרונקען. ביינאַכט פֿלעגט ווער פֿון אונדז פּרוּוון זיך אַרויסכאַפּן, אַריינברענגען אַ ביסל וואַסער די ליפּן צו באַנעצן, דאָס איז געווען איינגעשטעלט מיטן לעבן.

אין לויף פֿון די ניין טעג, זענען כמעט אַלע ייִדן געוואָרן אויסגעכאַפּט. פֿון מאָל צו מאָל האָבן ווידער שאָסן זיך געהערט, דאָס האָבן די דייטשן און די „שוואַרצע" אוקראַינער אויסגעזוכט פֿון די באַהעלטנישן נאָך קרבנות. נאָך די שאָסן האָבן זיך געהערט גרויליקע יאָמערן און קינדערישע געשרייען, דאָס האָבן די קינדער זיך געוואָרפֿן אויף זייערע דערשאָסענע טאַטע־מאַמע, געיאָמערט און אויך געבליבן ליגן דערשאָסענע אויף די קערפּערס פֿון זייערע עלטערן.

דאָס בלוט האָט אין אונדז געגליווערט, אָבער די קראַפֿט פֿון קלאַמערן זיך אינעם אַזוי טרויעריקן און טראַגישן לעבן איז דאָך געווען שטאַרק. דאָס האַרץ האָט געוויינט און גלייכצייטיק געריסן זיך צום לעבן...

אונדזער באַהעלטניש איז געוואָרן אומזיכער. עס זענען געווען נאָך שכנים מיט קליינע קינדער, וואָס האָבן געוויינט, געוואָלט עסן אָדער טרונקען. און דער סוף איז געווען, אַז אַזאַ וויינענדיק קינד האָט אונדז אַלעמען „אָפּגעמאַסערט" און מיר אַלע זענען אַראָפּגעשלעפּט געוואָרן פֿונעם בוידעם...

מען האָט אונדז פֿונאַדערגעטיילט, די מענער באַזונדער אינעם אַרעסט ביים מאַגיסטראַט און די פֿרויען מיט די קינדער אין אַ שאָפּע אויפֿן פּלאַץ נעבן מאַגיסטראַט. עטלעכע טעג האָט מען אונדז געהאַלטן אָן עסן, אָן טרונקען און כּסדר צוגעברענגט נייע, אויסגעזוכטע פֿון די באַהעלטענישן. בערך דעם



די אַמאָליקע באַנסטאַציע אין דערפֿל סאָביבאָר, היינט — די פּאָסט וווהין מ'האָט געברענגט די טראַנספּאָרטן



12־טן אָדער 13־טן מאַי האָבן די דייטשן מיט די אוקראַינער צוזאַמענגעטריבן אַ 300 מענער, פֿרויען און קינדער. די קינדער האָבן זיי אַנגעוואָרפֿן אויף די וועגענער ווי מען וואַרפֿט אָן שטיקער האָלץ. די געשרייען פֿון די מוטערס און קינדער זענען געגאַנגען ביזן הימל, אָבער ווער האָט דאָס געשריי געהערט?... בלויז ביקסנשאָסן האָבן געענטפֿערט אויפֿן יאָמערן פֿון די אומגליקלעכע... די מענער מיט די פֿרויען האָבן זיי געטריבן צופֿוס איבער דער באַן־ליניע, וואָס פֿירט קיין סאָביבאָר...

## אין סאָביבאָר

אויף יעדע פֿיר, פֿינף מענטשן איז געווען אַ דייטש אָדער אַ „שוואַרצער" אוקראַינער מיט אַ מאַשינגעווער. עטלעכע האָבן זיך געפּרוּווט אַוועקרייסן, אַנטלויפֿן, זיי זענען געפֿאַלן דערשאָסענע. די איבעריקע האָבן זיך געשלעפּט מיט מוטלאָזע, שווערע טריט און יאָושפֿולע בליקן אַהין צום אָרט, ווו זיי האָבן געוווּסט, אַז דאָרט פֿירט זייער לעצטער וועג.

אין לאַגער, אויפֿן ערשטן פֿעלד, האָבן אונדז באַגעגנט די רוצחים, דייטשן און אוקראַינער מיט זייערע קנוטן און שטעקנס. זיי האָבן נישט געשוינט קיינעם און געשלאָגן ווו זיי האָבן געטראָפֿן. בלויז שוין זייער רוצחישן אויסזען, האָט אַנגעוואָרפֿן אַ שרעק.

שפּעטער האָבן זיי אונדז אַריינגעטריבן אין צווייטן פֿעלד. אונדז די מענער האָבן זיי זיך געהייסן אויסזעצן אויף אַ פּלאַץ און די פֿרויען האָבן זיי געטריבן אין די באַראַקן זיך אויסטאָן און אָפּשערן. פֿון דאָרט זענען די פֿרויען נאַקעטע און אָפּגעשוירענע אַריינגעיאָגט געוואָרן אין אַזויגערופֿענעם „באָד" — די פּאַקטישע גאַז־קאַמער, ווו זיי זענען באַלד פֿאַרגאַזט געוואָרן...

ווען עס זענען אָנגעקומען די וועגענער מיט די קינדער, זענען זיי אין לאַגער נישט אַריינגעפֿאָרן, נאָר עס זענען צום טויער צוגעקומען וואַגאָנעטקעס און די דייטשן מיט די אוקראַינער האָבן די קינדער אַראָפּגעריסן פֿון די וועגענער, אָן רחמנות זיי אַריינגעוואָרפֿן איינע אויף די אַנדערע אין די וואַגאָנעטקעס און זיי גלייך אַוועקגעפֿירט צום פֿאַרברענען...

פֿון אונדז מענער האָבן זיי אויסגעקליבן 18 יונגע, צווישן וועלכע איך מיט מיין ברודער זענען אויך אַריינגעפֿאַלן. זיי האָבן אונדז געלאָזט רוען ביז מיטאָג. דאָס עסן, וואָס זיי האָבן אונדז דערלאַנגט, האָבן מיר אין מויל נישט געקענט נעמען, מיין גאַנצער מוט פֿון לעבן איז מיר צוגענומען געוואָרן. איצט זענען מיר, איך און מיין ברודער געבליבן, עלנטע אַליין, אָבער דאָס לעבן איז שטאַרקער פֿון אַלץ. דער ריזיקער פֿלאַם ווו ס'האָבן טאָג און נאַכט געברענט די קערפּערס פֿון די פֿאַרגאַזטע, האָט זיך דערטראָגן צו אונדז. ווער קען דען

זיך סאָרשטעלן אונדזער געמיט און גייסטיקן צושטאַנד. היינט, ווען כ׳דערציל עס, קען איך זיך אַליין נישט גלויבן און זיך פאָרשטעלן, אַז דאָס אַלץ איז געשען אין דער ווירקלעכקייט, אַזאַ טראַגישע און גרויזאַמע ווירקלעכקייט.

## ביי בוי־אַרבעט אין סאָביבאָר

מיר האָבן באַקומען אַנדערע מלבושים און מען האָט אונדז אַוועקגעטריבן צו דער אַרבעט. אונדזער ערשטע אַר־בעט איז געווען טראָגן זאַמד מיט עמערס, דערביי האָבן זיי אונדז מערדערלעך געשלאָגן מיט די שטעקנס און שפּיצרוטן ווו נאָר זיי האָבן געטראָפן. דאָס איז שטענדיק געווען זייערס אַ מיטל אַנצווואַרפן אַ פּחד, אַ טויטשרעק אויף די מענטשן. דאָס האָט ממילא שוין אַריינגעוואָרפן דעם מענטש אין אַ טיפער רעזיגנאַציע און אים פאַרוואַנדלט אין אַ שפלדיק באַ־שעפעניש, אַנטמוטיקט, געוואַרט אויפן טויט. אויפן צווייטן טאָג האָט מען אונדז צוגעטיילט צו בוי־אַרבעט און אַזוי האָבן מיר זיך צוגעוווינט צו אַרבטן אונטער אַ האַגל פון אַכזריותדיקע קלעפּ און נישט סתם קלעפּ, נאָר, אַט דעם געוואָרפן אַ ציגל אין קאָפּ און דוקא גוט געצילט... אַ צווייטן — אַ האַק און וואָס סאיז אונטערגעקומען אונטער דער האַנט. ביזן אַ היימגיין אין באַראַק פון דער אַרבעט האָט מען אַזעלכן כמעט נישט דערקענט. האָט ווער באַקומען אַזאַ קלאַפּ וואָס מ׳האָט אים צעבראָכן אַ פוס אָדער אַ האַנט, האָט מען אים גלייך אָפּגע־פירט צו דער גאַזקאַמער. יעדער איינער פון אונדז האָט זיך דעריבער געהיטן, ער זאָל נאָך אַזעלכע מערדערלעכע קלעפּ, אויסזען ווי אַ מענטש, מ׳זאָל חלילה נישט דערקענען, אַז ער איז צעשלאָגן, כדי עד זאָל נאָך מאָרגן אויך קענען אַרויס צו דער אַרבעט... בכלל איז שווער אַרויסצוברענגען יענע גע־פילן פון יענער גרויזאַמער באַציאונג מצד די דייטשן און אוקראַינער צו די ייִדישע אַרבעטער, וואָס האָבן געאַרבעט ביי פאַרשידענע אַרבטן אין טויטנלאַגער סאָביבאָר און אויב ס׳וועט אַמאָל אַ היסטאָריקער וועלן פון די אַלע גבית־עדות אַרויסברענגען פאַר דער וועלט, יענע בעסטיאַלישע תקופה און וועלן באַשרייבן די פּיין פון די ייִדן ביז זיי האָבן שוין דערלעבט אַריינצוגיין אין די גאַזקאַמערן, וועט אַלץ וואָס אַזאַ היסטאָריקער וועט באַשרייבן נישט זיין קיין ברוכטייל פון אַ טויזנט חלק פון דעם, וואָס די ייִדן האָבן איבערגעלעבט אין דער ווירקלעכקייט, ווייל שווער איז אַרויסצוברענגען אויפן פּאַפּיר, אַלע זייערע ווילדע און סאַדיסטישע בעסטיאַלישע פּייניקונגען.

דער לאַגער איז געווען געטיילט אין דריי פעלד־אָפּטיי־לונגען; אין ערשטן פעלד זענען געווען די האַנטווערקער און בעלי־מלאכות, אין צווייטן פעלד זענען געווען די סאָרטיר־הייזער, וווהין מען האָט אַריינגעלאָזן די אומגליקלעכע, זיי



אויסגעטאָן, אָפּגעשוירן און דאָרט האָט מען אויסאָרטירט די מלבושים. אין דריטן פעלד זענען געווען די גאַז־קאַמער און דער אויוון.




אויסבליק פון סאָביבאָר

בערך זעקס חדשים האָב איך זיך געפונען אין לאַגער, געאַרבעט ביי בוי־אַרבעט, געבויט הייזער פאַר די רוצחים, קאַנטינעס און פאַרוויילונגס קלובן, אויוונס צו באַהייצן און וואַרעמען די וווינונגען און באַק־אויוונס. די דאָזיקע אַרבעט ווי איך האָב שוין פריער דערמאָנט, איז שטענדיק באַגלייט געוואָרן מיט די גרויזאַמסטע קלעפּ, צו וועלכע מיר האָבן זיך שוין צוגעוווינט, ווי ס׳וואָלט שוין געווען אַ טייל פון דער אַרבעט...

מיטן אָנקומען פון נייע טראַנספּאָרטן האָבן מענטשן מיט־געברענגט עסנוואַרג, די אויסלענדער האָבן נישט געוווסט וווהין מען פירט זיי, זיי זענען געקומען אויסגעפּוצטע אין שענסטן און בעסטן, האָבן מיר דעוויל געהאַט עפּעס אַ ביס צו כאַפּן... אונדזערע שטאַרק הונגעריקע מאַגנס, האָבן פון גאָרנישט געוואַלט וויסן, פון וועלכער זייט דאָס ביסל עסן קען קומען, אבי עס זאָל זיין.

## צוגרייטונגען צו אַן אויפשטאַנד

ווען איך האָב זיך נענטער באַקאַנט מיט די ייִדישע אַר־בעטער אין לאַגער, וואָס זענען געווען פון איזשביצע, קראַס־נאָסטאַוו און אַנדערע ערטער, האָבן זיי מיר דערציילט, אַז אַ צייט צוריק האָבן זיך אָרגאַניזירט עטלעכע צענדליק ייִדן וואָס גרייטן זיך צו אַן אויפשטאַנד. דאָס איז דערגאַנגען צו די דייטשן און זיי האָבן דאַן אויסגעשאָסן ביי אַ הונדערט מאַן.

נאָך עטלעכע חדשים פון מיין זיין אין לאַגער, האָבן זיך אַרבעטער, וואָס זענען געווען באַשעפטיקט אויפן צווייטן פעלד ביים סאָרטירן די מלבושים, זיך אויך צונויפגערעדט און גע־נומען זיך גרייטן צו אַן אָרגאַניזירטן אויפשטאַנד, אָבער אויך זיי זענען אַנטדעקט געוואָרן דורך די דייטשן און געוואָרן דערשאָסן.

נאָך דער דאָזיקער געשיכטע זענען צוויי אַרבעטער, טעס־
לער אַנטלאָפן. ווען מען האָט זיי ביים אַפּעל נישט געפונען,
האָט מען אויסגעשטעלט די רייען און יעדן דריטן געהייסן
אַרויסטרעטן. די אַלע דריטלינגען זענען אַריינגעפירט געוואָרן
אויפן דריטן פעלד צו דער גאַזקאַמער...

ביי דער וואַלד־גרופּע וואָס איז באַשטאַנען פון אַכצן מאַן,
איז זיך פאַרלאָפן פאָלגענדעס: צוויי קראַסנאָסטאַווער זענען
מיט אַ וולאַסאָוויעץ געגאַנגען נאָך וואַסער, אויפן וועג האָבן
זיי זיך געוואָרפן אויף אים, איבערגעשניטן אים דעם האַלז מיט
אַ בריטווע און זענען אַנטלאָפן. אינצווישנצייט, ווען די אי־
בעריקע האָבן געזען, אַז די צוויי קומען נישט צוריק, זענען
זיי זיך צעלאָפן. די עס־עס מיט די אַנדערע וולאַסאָוועס האָבן
זיי ארומגערינגלט און געכאַפּט. בלויז צוויי פון זיי איז גע־
לונגען צו אַנטלויפן, איינער פו זיי, פּרייטיק יוסף (לעבט אין
ישראל) און דער צווייטער, אלי קאשעמאַכער פון נעבן וולאָ־
דאַווע, ער איז שפּעטער, ווי מ׳האָט דערציילט, געפאַלן אין
וואַלד פון פּוילישע פּאַרטיזאַנער.

## אַ טראַנספּאָרט מיט יידיש־רוסישע פּלעניקעס

איינמאָל איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט מיט יידיש־
רוסישע פּלעניקעס, טייל פון זיי זענען געבליבן אַרבעטן אין
לאַגער. מיר האָבן זיך מיט זיי אָנגעהויבן פאַרשטענדיקן, פּרי־
ער פאַרזיכטיק און ביסלעכווייז אַלץ נעענטער זיך באַקענט
מיט זיי, ביז מיר האָבן אָנגעהויבן שמועסן מיט זיי וועגן
„תכלית". ס׳איז געקומען צו אַ געמיינזאַמער פאַרשטענדניש,
וועגן אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד. מען האָט געדאַרפן זיך
שטאַרק היטן, עס זאָל נישט קומען צו קיין דורכפאַל און מען
זאָל נישט פּריצייטיק באַמערקן די צוגרייטונגען, עס זאָל
זיך נישט אַריינכאַפּן אַ פּראָוואָקאַטאָר און אויסגעבן די גאַנצע
זאַך.

## דער אויפשטאַנד אין סאָביבאָרער טויטנלאַגער

אין 1943, דעם 13־טן אָקטאָבער, איז געוואָרן באַשטימט,
אַז אויפצומאָרגנס דאַרף פאָרקומען דער אויפשטאַנד.
יעדע גרופּע אַרבעטער האָט געדאַרפן אין דער זעלבער
שעה הרגענען זייער אויפזעער. און אזוי איז עס געשען: די
שניידערס האָבן מיט אַ טאָג פריער איינגעלאַדן דעם דייטשן
אויפזעער, ער זאָל מאָרגן קומען אָנמעסטן פאַר זיך אַ נייעם
אַנצוג. די שוסטער האָבן אויך איינגעלאַדן זייער דייטש אָנצו־
מעסטן אַ פּאָר נייע שטיוול. ווען זיי זענען פּינקטלעך געקומען
האָט איינער געמאָסטן און די אַנדערע אַרבעטער האָבן זיך
געוואָרפן אויף אים, מיט צוגעגרייטע העקלעך, אייזנס און



שערן און האַמערס, מיט קאָפּיטעס, זיי דערהאַרגעט און פאַר־
דעקט מיט פאַרשידענע בערגער שמאַטעס.

מיר, די בוי־אַרבעטער האָבן גראַד געאַרבעט אין אַ
באַראַק, געגאָסן אַ פּאָדלאָגע, איינער פון אונדז האָט זיך גע־
וואָרפן אויפן אויפזעער, דערלאַנגט איבערן קאָפּ מיט אַן
אייזן און מיר האָבן אים גלייך פאַרדעקט מיט כל מיני גראַ־
טעס. אויך די וואַלד־אַרבעטער האָבן ריכטיק צו דער צייט
אויסגעפירט זייער אויפגאַבע. די אַרויפגעלייגטע ראָלן זענען
פּינקטלעך דורכגעפירט געוואָרן. פון דעם מאָמענט אַן האָבן
מיר אַלע ממש געפיבערט, אונדזער אויפרעגונג איז געוואַקסן
מיט יעדער מינוט. מיר האָבן אָבער געהאַט אַן אָנזאָג, אַז מיר
דאַרפן פאַרזעצן אונדזער געוויינלעכע אַרבעט אין די וואַרש־
טאַטן און אין וואַלד. אָבער אין יענע שעהן האָבן מיר שוין
נישט געקענט אַרבעטן, נאָר געבליבן אויף די ערטער און
אומגעדולדיק געוואַרט אויפן סוף פון אַרבעטס טאָג.

ענדלעך האָבן מיר זיך דערוווסט. דער טראָמפּיסט וואָס
האָט שטענדיק אָנגעזאָגט די ענדע פון אַרבעטס טאָג, האָט
זיך איצט דערהערט מיט צען מינוט פריער פאַר דער צייט.
מיר האָבן געוואָלט, אַז אין דער צייט זאָלן זיך אויך צוזאַמענ־
קומען די אַרבעטער פון צווייטן פעלד כדי צו שטאַרקן אונד־
זער כח.

ווען מיר אַלע זענען שוין געשטאַנען ביים אַפּעל, האָט
מיט אַמאָל זיך דערהערט אַ הילכיקער „הוראַ"־אויסגעשריי.
נאָך אים האָט זיך צעהילכט אַ פאַרטויבנדיקער „הוראַ" אי־
בערן גאַנצן לאַגער. די בערך אַ הונדערט און פופציק מאַן,
וואָס האָבן שוין געוווסט וועגן אופשטאַנד, האָבן פון אונטער
די מלבושים אַרויסגעצויגן די באַהאַלטענע העק און האַמערס
און ווען מיר האָבן אָנגעהויבן לויפן, האָט דער גאַנצער אי־
בעריקער לאַגער מיט די אַרעסטירטע זיך געלאָזט לויפן נאָך
אונדז.

מיטן הוראַ האָבן מיר זיך געלאָזט לויפן צום טויער און
אויפן וועג האָבן די אָנגעטראָפענע דייטשן און אוקראַינער,
וועלכע האָבן דערזען וואָס ס׳טוט זיך, אויפגעהויבן די הענט,
האָבן מיר זיי מיט די העק דערהאַרגעט, צוגענומען זייערע
געווער און ווייטער געלאָפן. טייל וולאַסאָוועס האָבן געשאָסן
צו אונדז און פיל פון אונדז זענען געפאַלן, מיר האָבן אָבער
באַוויזן אויך פיל פון זיי אַוועקלייגן און ווייטער געלאָפן.

מיין עלטערער ברודער אהרון, האָט מיך ביים לויפן גע־
האַלטן ביי דער האַנט, נאָר אין אַ געוויסן מאָמענט, כוויס
נישט ווי אַזוי, האָבן מיר זיך פאַרלוירן, מער האָב איך אים
שוין נישט געזען. די מהומה אין לאַגער איז געוואָרן אַ שרעק־
לעכע, די וולאַסאָוועס און די עס־עס, וועלכע זענען אויגנבליק־
לעך צעטומלט געוואָרן, האָבן זיך ענדלעך געכאַפּט וואָס דאָ
קומט פאָר און האָבן זיך געוואָרפן אויף די אויפשטענדלער,

װעלכע זענען געלאָפן פון אַלע אַרומיקע זייטן, זיך דורכרייסנדיק מיט די העק און מעסערס דורך די צוויי דראָטפאַרצוימונגען, ציענדיק צו דער לעצטער, דער דריטער דראָטפאַרצוימונג.



די יידישע פאַרטיזאַנער פון וולאָדאַווע און פון דער אַרומיקער געגנט האָבן זיך אויסגעצייכנט אין געוואָגטן קאַמף פנים אל פנים מיט די דייטשע רוצחים.

אָנקומענדיק צו דער דריטער דראָטפאַרצוימונג, ווו ס׳האָבן זיך געפונען די מינענפעלדער, האָבן מיר געוואָרפן פאַרויס ברעטער און אַנדערע קענשטאַנדן, כדי אויפצורייסן די מינעס. פיל אַזעלכע מינעס האָבן טאַקע אויפגעריסן, אָבער זייער פיל פון אונדז זענען צעריסן געוואָרן אָנטרעפנדיק אויף אַ נישט אויפגעריסענער מינע.

פאַרלירנדיק מיין ברודער, האָב איך צוריקגעקערט אין לאַגער, אַריין אין אַ קוזשניע, געכאַפּט אַ שווערן האַמער און אַרויס צו די פּלויטן, אַריבערגעשפּרונגען איין פּלויט, דעם צווייטן דורכגעהאַקט און איבערן דריטן זיך אַריבערגעוואָרפן; דאָרט האָבן שוין די מינעס געהאַט אויפגעריסן, בין איך געלאָפן אין יענער ריכטונג און בשלום אַריין אין וואַלד. דאָרט זענען שוין געלאָפן עטלעכע געראַטעוועטע, איך בין זיי פאַרבייגעלאָפן, געזוכט צווישן זיי מיין ברודער, געוואַרט אויף נאָך אָנקומענדיקע וואָס זענען געלאָפן אין דער ריכטונג, ליידער האָב איך שוין מיין ברודער קיינמאָל מער נישט געזען. איך מיט אַ דרייסיק, פערציק אָפּגעראַטעוועטע האָבן מיר זיך אַלץ מער פאַרטיפט אינעם וואַלד, אַ טייל פון אונדז האָט זיך פאַרנומען אויף מזרח צום בוג. איך מיט עטלעכע אַנדערע האָבן זיך געריכטעט צו די לובלינער וועלדער.

כ׳ווייס נישט וואָס איז געשען מיט נאָך פיל הונדערטער אויפשטענדלער. כ׳קען גלויבן אַז מער ווי ניינציק פּראָצענט זענען אומגעקומען אי פון די מינעס אי פון די דייטשע קוילן און הינט. שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז די דייטשן האָבן אין אַ קורצער צייט אַרום פאַרניכטעט דעם לאַגער אין סאָביבאָר.



# אין די אַדאָמפּאָליער וועלדער

אַרומוואַנדערנדיק אַן אַכט טעג אין די וועלדער, וואָס פירן אין דער ריכטונג פון לובלין, האָט די גרעסטע מערהייט פון אונדזער קליינער גרופּע, וואָס האָט געציילט אַ מאַן זעקס זיבן, באַשלאָסן צוריקצוגיין מיט די וועלדער וואָס פירן נענטער צום בוג. דאָס זענען געווען ווייסרוסישע ייִדן, זיי האָבן געזאָגט, אַז אויף יענער זייט בוג זענען דאָ רוסישע פאַרטיזאַנער. איך האָב נישט געוואָלט בלייבן אַליין, בין איך געגאַנגען מיט זיי.

עס איז געווען די צייט פון קאַרטאָפל קאָפּען, פלעגן מיר זיך צוגנבענען צו אַ פעלד אָנגראָבן אַ ביסל קאַרטאָפל, ביי טאָג זיי געבראָטן אויף אַ קליין נישט באַמערקנדיק פייערל און זיי געגעסן כמעט האַלב רוי. מיר פלעגן זיך אויך דערנערן מיט די פאַרשידענע יאַגאָדעס, שוואַרצע, רויטע און לאָכענעס. מיר זענען געווען ווי די געיאָגטע חיות אין אַ יאַגד, וואָס ווייסן זיך נישט פון וועלכער זייט זיך צו היטן און אָן אַ ביקס אין האַנט זענען מיר אויסגעשטעלט געווען יעדע מינוט אַנטדעקט און דערשאָסן צו ווערן. מיר האָבן אין פיל מאָמענטן גאָר פאַרגעסן, אַז מיר האָבן נאָך אַ גאַנצן טאָג גאָרנישט פאַרזוכט דעם טעם פון אַ ביסן אין מויל און טיילמאָל פון אַ ריינעם טרונק וואַסער. פאַר יעדן קלענסטן שאָרך פון אַ בלעטל, זענען מיר אַנטלאָפן צווישן די ביימער.

נאָכן אויפשטאַנד אין סאָביבאָר, האָבן נישט אויפגעהערט די דייטשע אָבלאַוועס, זוכנדיק די אַנטלאָפענע אין די וועלדער. דער אויפשטאַנד אונדזערער איז, אמת, געווען אַ פאַרצווייפלונגס אויפשטאַנד. פון איין זייט האָבן מיר נישט געוווּסט, צו דער אויפשטאַנד וועט זיך איינגעבן און אויב יאָ, איז פשוט נישט געווען וווהין צו לויפן, אין יענער צייט האָבן די דייטשן זיך נאָך געפילט גענוג שטאַרק און די פאַרטיזאַנער־גרופּן זענען נאָך גאַנץ שוואַך געווען, באַזונדערס איז געפערלעך געווען פאַר ייִדן צו גיין אין די וועלדער, ווו עס האָבן אויך זיי געלויערט פאַרשידענע באַנדיטן און פאַרטיזאַנער פון די רעכטע פּאָליאַקן די פריערדיקע „נארא" און ענדעקעס, די שפּעטערדיקע „אַקאַוועצעס" און אַנדערע באַנדעס. און אַן געווער איז געווען אַ זיכערער טויט. אין אָט אַזאַ געפערלעכער לאַגע האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט אין די וועלדער אַרום וולאָדאַווע.

אַ געוויסע נאַכט האָבן מיר פון דער ווייטנס באַמערקט אַ שיין פון אַ קליין פייערל. מיר זענען נאָכגעגאַנגען נאָכן שיין און ווען מיר זענען געקומען נענטער, האָט זיך אַ מענטשלעכער שאָטן אַ ריס געטאָן פון אָרט און גענומען לויפן צווישן די ביימער, ער האָט, ווייזט אויס, אונדז אָנגענומען פאַר דייטשן. מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן נאָך אים און אים געכאַפּט. ווען מיר האָבן זיך פאַרשטענדיקט, האָט זיך ארויס

געוויזן, אַז ער איז איינער פון די געברענגטע קאַלישער יידן קיין וואָלאַדאַווע און שפּעטער געווען אין אַדאַמפּאָלער לאַגער. ער געפונט זיך שוין שיינע חדשים אין וואַלד און האָט אויסגעזען זייער ווילד, פאַרוואַקסן, פאַרוווּנדעט און אַליין זיך געהיילט מיט פאַרשידענע בלעטלעך. ער איז כמעט אינגאַנצן נאַקעט געווען, געהאַט אויף זיך בלויז שטיקלעך קליינע שמאַטעס.

איך האָב אַראָפּגענומען מיין קאָמבינעזאָן, וואָס כ'האָב געטראָגן אויף מיינע מלבושים, וועלכע כ'האָב זיך אָנגעטאָן איינע אויף די אַנדערע פאַרן אויפשטאַנד און אים אָנגעטאָן. ער האָט אונדז דערציילט, אַז ער האָט דאָ שוין עטלעכע באַקאַנטע פאַסטעכער, וואָס האָבן אויף אים רחמנות און גיבן אים שטיקלעך ברויט. און אויך אַז ער קען דאָ אַ פּאָליאַק וואָס פאַרקויפט אים ברויט. מיר האָבן אים געגעבן עטלעכע גאָלד־שטיקלעך וואָס מיר האָבן פאַרכאַפּט פון סאָביבאָר און עטלעכע טעג איז ער געווען אונדזער פאַרזאָרגער.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן די יידן פון ווייסרוסלאַנד זיך פאַרנומען אַריבער צוגייען דעם בוג. איך מיטן קאַלישער, טוביה זענען מיר געבליבן אַליין. אין זעלבן טאָג ווען יענע האָבן אונדז פאַרלאָזט, איז געשען מיט אונדז אַזעלכעס וואָס האָט געגעבן אונדזער לעבן אַ קער אין אַ צווייטער אין אַ טראַגישער ריכטונג. די געשעניש איז געווען אַזעלכע:

טוביה דער קאַלישער חבר, האָט לעצטנס אָנגעהויבן קויפן ברויט ביי דעם פּאָליאַק וואַיעק, אַ קראַליוווקער שגץ, ווען יענער האָט באַמערקט, אַז ביי אונדז לאָזן זיך אויס די גאָלד־שטיקלעך, איז ער אַוועק קיין אַדאַמפּאָל צום לאַגער־פירער און גלייך מיטן דאָזיקן דייטש און מיט הינט איז ער געקומען מיט נאָך דייטשן און פאַרנאַלעס צו אונדז אין וואַלד. ווען מיר האָבן אים דערזען אין דער באַגלייטונג פון די דייטשן און „פאַרנאַלעס”, וואָס אַרבעטן אין „פאָלוואַרק”, האָבן מיר אָנגעהויבן אַנטלויפן. זיי אָבער האָבן אויף אונדז אָנגערייצט די הינט וועלכע האָבן פון אונדז אַראָפּגעריסן ס'גאַנצע אָנטאָן, און האָבן אונדז געכאַפּט. זיי האָבן אונדז אַרויפגעזעצט אויף אַ וואָגן, אַרויפגעלייגט אויף מיין האַלז און אויף טוביהס האַלז אַ גראָבע קייט, זי צוגעשלאָסן מיט אַ שלאָס און אַזוינאָך אונדז אַריינגעפירט אין אַדאַמפּאָלער לאַגער, אונדז אַריינגעוואָרפן אין שטאַל ביי די פערד און דאָרט אונדז אָנגעבונדן ווי הינט...

## אויף דער קייט...

אונדז אַריינגעפירט אין דער שטאַל, ווו עס זענען געשטאַנען בערך אַ צוואַנציק פערד, האָבן זיי אונדז דאָרט אָנגעבונדן יעדן באַזונדער עטלעכע מעטער ווייט איינער פון אַנדערן. מיר זענען אַזוי געווען אָנגעבונדן נידעריק צו דער ערד, אַז מיר האָבן נאָר געקענט ליגן אויף אַלע פיר און זיך נישט געקענט אויפשטעלן. די קייטן זענען געווען אויפן האַלדז, צוגעשלאָסן מיט אַ גרויסן שלאָס. מיר זענען געלעגן ווי די געבונדענע הינט, נישט ווייט פון די פערד, אויף די זעלבע רינגען וואָס אַלע פערד ווערן אָנגעבונדן... מיר האָבן זיך נישט געקענט אַ ריר טאָן פון אָרט, ווייל די קייט איז געווען ענג צום האַלדז, אויסגערעכנט אַזוי, אַז ווען מיר זאָלן זיך וועלן אַ ריר טאָן, זאָל עס אונדז שטאַרק וויי טאָן.

שווער צו זאָגן, צי זענען מיר יענע נאַכט געשלאָפן, איך קען עס גענוי שוין נישט געדענקען, אָבער לויט אונדזערע אויסרעכנונגען, אַז זיי וועלן אונדז באַלד דערשיסן, האָבן מיר זיכער נישט געקענט איינשלאָפן, אויך האָט די נאָענטקייט פון די פערד אונדז נישט געלאָזט איינשלאָפן.

וואָס נענטער צו טאָג, אַלץ מער האָט אונדז געפייניקט דער געדאַנק, צי דען קומט שוין טאַקע מאָרגן אונדזער סוף? איך האָב צו טוביהן נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, מורא געהאַט, די דייטשן זאָלן נישט דערהערן און אונדז אַריינקומען שלאָגן. דאָס ערגסטע האָב איך מורא געהאַט פאַר זייערע קלעפּ, וואָס זענען שטענדיק געווען אומברחמנותדיקע.

דער באַנדיטישער זעלינגער האָט אָבער נישט געטראַכט אונדז צו דערשיסן, ער האָט צוגעטראַכט אַ ספּעקטאַקל, וואָס זאָל אי אים אי די אַנדערע דייטשן פאַרווײַלן.

אויפצומאָרגנס איז ער אַריינגעקומען, אַריינגעברענגט אונדז אַנדערע מלבושים, ווייל די הינט האָבן ביים יאָגן זיך נאָך אונדז, אָפּגעריסן פון אונדז דאָס אָנטאָן, אַ גאַנצע נאַכט, זענען מיר געלעגן כמעט נאַקעטע. איצט האָט ער אונדז אָפּגעלאָזט פון קייט, מיר האָבן זיך אָנגעטאָן און צוהאַלטנדיק די הויזן, ווייל זיי זענען געווען אָן קנעפּלעך, האָט מען אונדז ווידער אָנגעבונדן אויף דער קייט.

שפּעטער מיט אַ שעה זענען אַריינגעקומען עטלעכע דייטשן, קוקן אויפן וווּנדער, אין דער געגנט האָבן זיך שוין כמעט קיין יידן נישט געפינען און דער לאַגער־פירער זעלינגער האָט, ווייזט אויס, זיי געוואָלט ווייזן ווי אַזוי ער האַלט יידן אויף אַ קייט ווי הינט.

די דייטשן האָבן זיך געוואָרפן אויף אונדז מיט זייערע שפּיצרוטן, געשלאָגן אונדז איבער די קעפּ און פּנים. וואָס אַן אמת האָב איך זייער געשריגן, נאָר טוביה האָט אין גרויסער און פאַרביסענער עקשנות געשוויגן, דאָס האָט די מערדער אַרויסגעבראַכט פון זייער רוצחישער גלייכגעוויכט און האָבן אים נאָך מער געשלאָגן ממש מיט צעיושעטער רציחה, ער האָט אָבער עקשנותדיק געשוויגן.

עטלעכע טעג האָט ער אַזוי געברענגט צו אונדז אַלץ נייע און נייע באַנדיטן, וואָס האָבן אונדז „מכבד” געווען, יעדער איינער לויט זיינע רוצחישע נייגונגען.

אַפּיציעל האָבן זיי אונדז קיין עסן נישט אַריינגעגעבן, נאָר פון מאָל צו מאָל, איינמאָל אין טאָג און דאָס נישט אַלע טעג, האָבן אונדז די „פּאַרנאַלעס" פון הויף צוגעוואָרפן, טאָקע ווי אַ הונט אויף דער קייט, אַ פּיצל ברויט אָדער אַ פאַרפּויל־טע קאַרטאָפל. וואַסער האָבן מיר אויך נישט באַקומען, ערשט אויפן פערטן טאָג האָט אַ „פּאַרנאַל" אַריינגעברענגט אין אַ שמוציק בלעכן טעפּל אַ ביסל ברודיק וואַסער אויפן דנאָ, וואָס דאָס איז בלויז גענוג געווען די ליפּן צו באַנעצן... איינמאָל אין טאָג האָבן זיי אונדז אויפגעבונדן, אַרויסגעלאָזט פאַר אונדזער באַדערפעניש און אַ גאַנצן מעת לעת, האָבן מיר אויף „לייכט" געמוזט מאַכן אונטער זיך. יאָ, ס'איז טאַקע נישט שיין צו רעדן וועגן דעם, אָבער אַזוי האָט עס ליידער אויס־געזען...

נאָך אַן אַכט אָדער צען טעג האָבן זיי אונדז אָפּגעלאָזט פון דער קייט און אַרויסגעפירט אויפן דרויסן. איצט איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, אַז זיי גייען אונדז שיסן, אָבער זיי האָבן אונדז צוגעפירט צו אַ גרויסער האָרמע האַלץ און באַ־פוילן עס צו האַקן.

פון יענעם טאָג פלעגן מיר כמעט יעדן צווייטן טאָג אָפּ־געבונדן ווערן און מיר האָבן געאַרבעט אונטער דער אויפזיכט פון אַ פּאַרנאַל מיט אַ ביקס, געהאַקט האָלץ, געפּוצט די פערד און אַנדערע אַרבעטן. פאַרנאַכט זענען מיר ווידער צוגעבונדן געוואָרן צו די קייטן.

מיר זענען ביסלעכווייז צוגעוווינט געוואָרן צו אונדזער הינטישן לעבן און צוגלייך מיט דעם האָבן מיר זיך דורכ־געוואָרפן מיט קורצע זאַצן אין אַ שטילן פליסטער. אונדזערע געמיטער האָבן גענומען זיך איינשטעלן און באַרואיקן, מיר האָבן געזען, אַז דערוויל קלערט נישט זעלינגער אונדז צו דערשיסן, הגם זיין אמתע כוונה האָבן מיר נישט געקענט פאַרשטיין, אָבער די טויטשרעק איז פון אונדז, לכל הפחות דערוויל, אָפּגעטרעטן און דאָס האָט אונדז געברענגט צום געדאַנק, אַז מיר דאַרפן זיך צוזאַמענרעדן צוצוגרייטן זיך צו אַנטלויפן.

דער ווינטער איז געגאַנגען פאַרויס און זיך דערנענטערט צום פרילינג, דער שניי איז צעגאַנגען און ביסלעכווייז פאַר־שוווּנדן. דורך דער צייט האָבן זיי אָנגעהויבן יעדן טאָג אונדז אָפּבינדן פון דער קייט, מיר האָבן געוווּנען זייער צוטרוי און מיר האָבן געאַרבעט מיט זיי צוזאַמען, באַקומען אַ קאַרטאָפל מער. זיי איז נישט איינגעפאַלן, אַז מיר וועלן קענען אַנטלויפן. אין די אָוונטן האָבן זיי אונדז ווידער צוגעבונדן צו דער קייט.

אין אונדז האָט אַלץ מער געעקבערט דער געדאַנק צו אַנטלויפן. אין די נעכט אין שווער געווען דאָס דורכצופירן. מיר זענען געווען אויף דער קייט און דער לאַגער איז געווען געהיטן אויף אַרום און אַרום. מיר האָבן דעריבער פאַרטראַכט צו אַנטלויפן בייטאָג.

עס איז געווען ערב פרילינג, דער שניי איז שוין כמעט אינגאַנצן פאַרשוווּנדן, צווישן די סאָסנע־ביימער האָבן אָנ־געהויבן אַרויסקריכן גרינע שפּראָצונגען און צוזאַמען מיט די פרילינגדיקע ריחות וואָס זענען זיך צעגאַנגען אין אַלע אברים, האָט אין אונדזער יינג בלוט זיך צערוישט אַ פאַר־לאַנג אַרויס רייסן זיך פון די נעגל פון טויט, אַרויס אין הפ־קרדיקן וואַלד.

די דאָזיקע געלעגנהייט האָט אָבער גאַנץ לאַנג געלאָזט וואַרטן אויף זיך. אינדערזעלבער צייט האָבן מיר געהערט די שמועסן פון די „פּאַרנאַלעס" וועגן דעם קראַך אויפן רו־סישן פראָנט, די מפּלות פו די דייטשן און אז זיי לויפן אויף צוריק. דאָס האָט אונדז נאָך מער אויפגעהייטערט און צעהיצט אונדזערע געבליטן. טאָג־טעגלעך זענען מיר אַרומגעגאַנגען נאָר מיטן איין געדאַנק, ווי אַזוי זיך אַרויסצובאַקומען פון די קייטן און וואָס גיכער.

ענדלעך, נאָך אַ פיר אָדער פינף חדשימדיקן הינטישן לעבן אויף די קייטן, איז אונדז אונטערגעקומען אַ גוטע גע־לעגנהייט צו קענען אויספירן אונדזער פּלאַן; גראַד איז עס געווען דעמלט, ווען די דייטשן האָבן גענומען אויפגראָבן די טויזנטער הרוגים אַדאַמפּאָלער און וולאָדאַווער יידן. זיי האָבן געוואָלט פאַרווישן די שפּורן פון זייערע רציחות, זיי האָבן פון ערגעצווו געברענגט ייִדן, זיי זאָלן צוהעלפן ביים צו־זאַמענלייגן די שוין פונאַנדערגעלייגטע קערפּער, וואָס אַ גראַב־מאַשין האָט אַרויסגעגראָבן פון די ברידער־קברים, האָבן זיי באַגאָסן מיט נאַפט און פאַרברענט. דאָס האָט זיך גע־צויגן עטלעכע טעג און נעכט. איין טאָג, ווען זיי זענען געווען שטאַרק פאַרטאָן מיט זייער דאָזיקער שרעקלעכער אַרבעט, האָבן מיר אויפגעפּאַסט ווען דער „פּאַרנאַל", האָט זיך עפּעס אָוועקגעדרייט פון אונדז, האָבן מיר זיך ביסלעכווייז אַוועקגע־שאַרט צווישן דיביימער און שאַרנדיק זיך אַרויסבאַקומען פון דער לאַגער־סטרעפע און שפּעטער מיט אַ שעה האָבן מיר זיך שוין געפונען טיף אין וואַלד. מיר זענען געווען געראַטע־וועט.

אין דער דאָזיקער שעה זענען איבער אונדז אַדורכגע־גאַנגען אַלע גרוילן פון די אַדורכגעלעבטע און דורכגעפּיי־ניקטע יאָרן, אַזוי ווי מיר זענען געווען אַרויס פון דער געפאַר געזען צו ווערן, האָבן מיר אָנגעהויבן לויפן נישט מיט מענט־שלעכע כוחות, עס האָט אונדז געטראָגן אַ נישט פאַרשטענד־לעכע קראַפט, מיר האָבן געוואָלט זיין וואָס ווייטער פון יענעם שרעקלעכן אָרט, ווו מיר וואָלטן סוף כל סוף אומגעקומען דורך די דייטשע באַנדיטן. דער דראַנג צו בלייבן לעבן האָט אונדז

אַריינגעגעבן אַט יענעם ווילדן כוח צו אַט אַזאַ אוממענטש־לעכן לויף.

## ווידער אין וואַלד

שוין זייענדיק טיף אין וואַלד, זענען פּלוצים קעגן אונדז אַרויסגעשפּרונגען דריי סאַרנעס. צוויי פון זיי זענען נאָך געווען גאָר יונגע, זענען אונדז דורכגעלאָפן אין דער ברייט. „דאָס איז אַ גוטער סימן" — האָב איך געזאָגט — מיר וועלן מצ־ליח זיין" און מיר זענען ווייטער געלאָפן.

אין וואַלד איז געווען אַ סכנה צו גיין באַטאָג, אָבער מיר האָבן נישט געהאַט קיין ברירה, דאָס איז געווען דער איינ־ציקער אויסוועג, וואָס גיכער אַרויס פון דעם וואַלד וואָס גרעניצט מיט אַדאַמפּאָל און מיט יענעם לאַגער. ביים לויפן האָבן מיר זיך געטאַפּט ביים האַלדז, ס'האָט זיך אונדז אַלץ אויסגעוויזן, אַז די קייט הענגט איבער אונדז... דאָס דאָזיקע געפיל האָט אונדז נאָך אַלץ לאַנג פאַרפאָלגט שוין זייענדיק זיכער מיט אונדזער פרייהייט...

טוביה האָט מסכים געווען מיט מיין גוטן סימן, אָבער ער האָט זיך געבעטן: „טו אַ טובה און לויף נישט אַזוי, איך קען דיר נישט נאָכלויפן, כ'פיל, אַז כ'וועל אַוועקפאַלן". איך האָב דאָך געמוזט אים אַנטקעגנקומען און האָב אָנגעהויבן גיין געלאַסענער.

מיר זענען אָנגעקומען אין עק דאָרף לוביען. אין סאַמע עק ביים וואַלד, האָט געוווינט אַ גאַיאָווע, טוביה איז אַריינ־געגאַנגען צו אים, איך בין געבליבן אין דרויסן. דער גאַיאָווע האָט אים געגעבן אַ שטיקל ברויט, אויך פאַר מיר האָט ער אַרויס געברענגט אַ שטיקל ברויט מיט מילך. דער גאַיאָווע איז אַרויסגעקומען און האָט אונדז אינפאָרמירט ווי אַזוי מיר זאָלן ווייטער גיין.

לויט זיינע אָנווייזונגען זענען מיר אַוועק אין וואַלד, אָנ־געקומען צו אַ לאָנקע, מיר האָבן געוווּסט אַז אין דער געגנט געפינען זיך נישט קיין דייטשן. נאָך דער לאָנקע האָבן מיר געטראָפן אַ פויער מיט אַ פורל, ער האָט אונדז געהייסן זיך אַרויפזעצן אויפן וואָגן און אונדז צוגעפירט צו אַ הייזל וואָס האָט זיך געפונען נישט ווייט פון דאָרף פּאָדגוזשאַ. דאָרט האָט דער פויער אונדז אָנגעהויבן „טלאָמאַטשען" ווו עס גע־פונען זיך די פּאַרטיזאַנער.

אינדעם, ווי ער קלערט אונדז אויף, קומט אָן אַ גרויסער וואָגן מיט צוויי פערד און אויפן וואָגן צוויי ייִדישע פּאַרטי־זאַנער. זיי האָבן אונדז אַרויפגעפירט אין דער הויך צו די פּאַרטיזאַנער, דאָרט האָב איך געטראָפן עטלעכע מיט וועמען איך בין צוזאַמען אַנטלאָפן פון סאָביבאָר און דאָס איז מיר שפּעטער זייער צונוצגעקומען.



## אין שטאָב ביי די פּאַרטיזאַנער

אין פּאַרטיזאַנער שטאָב פון דער דאָזיקער ייִדישער גרופּע, וואָס איז באַקאַנט געווען אונטערן נאָמען „כילס גרופּע", האָט קיינער נישט געוואָלט גלויבן, אַז מיר האָבן זיך נאַרוואָס געראַטעוועט פון אַזעלכע אומשטענדן. כיל אַליין, דער אָנפירער פון דער גרופּע, האָט אונדז אויסגעפרעגט און ער האָט אָפן אַרויסגעוויזן, אַז עס גלייבט זיך אים נישט אין אונדזערע דערציילונגען וועגן דער קייט און וועגן זעלינגערן און געהאַלטן, אַז ס'איז אוממעגלעך, אַז איצט זאָלן זיך נאָך אין דער געגנט געפונען אַ ייִד. נישט אַנדערש נאָר מיר זענען שפּיאָנען אַריינגעשיקט דורך די דייטשן. ווען נישט דאָס, וואָס כ'האָב באַמערקט די עטלעכע באַקאַנטע, וואָס זענען צו־זאַמען מיט מיר אַנטלאָפן פון סאָביבאָר, ווייס איך נישט ווי אַזוי עס וואָלט דאַמאָלט געווען מיט מיר און מיט טוביהן.

נאָך אַ לענגערן פאַרהער און נאָכן עדות־זאָגן פון מיינע באַקאַנטע פון סאָביבאָר, האָבן זיי אונדז נאָך אַלץ נישט גע־גלויבט, אָבער וואָס זאָלן זיי טאָן מיט אונדז? האָבן זיי אונדז קודם כל צעשיידט, מיך אַריינגעגעבן אין איין גרופּע און טוביהן אין אַ צווייטער. איך ווייס נישט, צו זיי האָבן מיר נאָכגעשפּירט, איך האָב עס נישט געפילט און נישט געזען און כ'האָב זיך געפילט ווי אַ גלייכער מיט גלייכע צו אַלע זאַכן.

איצט האָב איך צוריק דערזען אַ לעבן פאַר זיך. אויך מיין חבר לצרה, טוביה, האָט צוריק באַקומען זיין פאַרלוירע־נעם מוט. עטלעכע טעג האָבן מיר זיך געפונען אויף דעם אָרט, זיך געפילט זיכער און היימיש צווישן אַ גרופּע פון אַ הונדערט באַוואָפנטע ייִדן, מענער און פרויען. איצט האָב איך דערפילט, אַז דאָ זענען מיר נישט ווי די געיאָגטע חיות, וואָס האָבן מורא פאַר יעדן שאָרך פון אַ בלעטל, דאָ זענען מיר נישט ווי די געבונדענע הינט, נאָר מיר פילן זיך ווי פרייע מענטשן, וואָס קענען זיך קעגנשטעלן אונדזערע שונ־אים.

## אין „טאַבאָר"

אַ וואָך שפּעטער האָט די גרופּע, וואָס האָט געציילט אַ הונדערט מענטשן, זיך פאַרנומען צו גיין אין די מאַקושקער וועלדער. ביז דאַן האָב איך שוין געוווינען ביי יחיאלן זיין צוטרוי און כ'האָב באַקומען אַ ביקס. אויפן וועג האָבן זיי מיך מיט טוביהן איבערגעגעבן אין „טאַבאָר" און די גאַנצע גרופּע איז אַוועק ווייטער.

דער „טאַבאָר" איז געשטאַנען אונטער דער אָנפירונג פון נחמן פון קראַסוווקע, אַ דאָרף נעבן וולאָדאַווע. דאָ זענען געווען אַ פּאָפּציק מענטשן, מענער, פרויען און קינדער, אויך עלטערע ייִדן. דאָס איז געווען אַן אומבאַוואָפנטע גרופּע,

וואָס איז געווען אונטערן שוץ פון כילן, קוים האָט זיך ווער פאַרזינדיקט ביי כילן אין דער באַוואָפנטער גרופּע, האָט ער אים חלילה נישט געשאָסן, נאָר „פאַרשיקט" אים אין „טאַ־באָר"; האָט מען געברענגט אַ געפונענעם ייד פון וואַלד, צו ווּעמען ער האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי, האָט ער אים איבערגעשיקט אין „טאַבאָר". עטלעכע יינגע מענטשן האָבן געהאַט געווער, מער ווייניקער איז מען געווען זיכער קעגן אַן אָנפאַל.

געווען דאָ עלנטע, וואָס האָבן אַלץ פאַרלוירן און האָבן געזוכט צו געפינען עפּעס אַ נאָענטן, אַ טרייסט נאָך פאַר־לוירענע און אַזוי האָבן הערצער זיך פאַראייניקט און פאַר־לעך האָבן זיך פאַרבונדן.

אין די טעג פלעגן מיר פאַרברענגען אין „טאַבאָר" פאַרשידן, געוואַשן, געקאָכט, גערייניקט די מלבושים, וואָס מען האָט כמעט נישט אויסגעטאָן פון זיך און נאָך אַנדערע אַרבעטן, אַנדערע האָבן סתם געדרימלט אונטער אַ בוים און די באַוואפנטע זענען געשטאַנען אויף וואַך אַרום „טאַבאָר". אין די אָוונטן פלעגן עטלעכע חברה מיט ביקסן ארויסגיין אין די דערפער, וואָס דאָס איז שוין געווען איינגעפירט, אז דער סאָלטיס פון דאָרף אָדער קאָמענדאַנט האָט געגעבן אַ צוטיילונג, אַ קו, אַ ביקל. מיט ברויט איז געווען ערגער, מען האָט געדאַרפן גיין פון שטוב צו שטוב, זאַמלען שטיקלעך ברויט, נאָר שפּעטער, האָט אויך דאָס ברויט דער סאָלטיס איבערגענומען אויף זיין אחריות.

אין משך פון עטלעכע וואָכן איז אונדז אויסגעקומען אי־בערצוגיין מיטן גאַנצן „טאַבאָר" פון איין אָרט צום אַנדערן, ווייל מיר האָבן באַקומען אָנווייזונגען, אַז אין דער נאָענט געפינען זיך דייטשן און זיי גרייטן זיך אונדז אַרומרינגלען.

אַ געוויסן טאָג איז כיל געקומען מיט נאָך עטלעכע יידישע פאַרטיזאַנער, זיי זענען געקומען צו רייטן אויף פערד, זיך אויסגעפרעגט וועגן אונדזער צושטאַנד און צוריק אַוועק. ווי נאָר זיי זענען פאַרשוווּנדן פון אונדזערע אויגן, זענען אַריינגעפאַלן צו אונדז אַ גרעסערע גרופּע „אַקאַוּוצעס", אַ געשריי געטאָן „רענצי דאָ גורי!". מיר, די באַוואפנטע, זענען געוואָרן אַזוי איבעראַשט פון דאָזיקן אָנפאַל, אַז מיר האָבן זיי אָפּגעגעבן די ביקסן. בלויז עטלעכע פון אונדז, וואָס האָבן זיך געפונען אין אַ זייט זענען אַנטלאָפן אין וואַלד. דאָ איז, ווייזט אויס, געווען אַ נאָכשפּיאָנירטע זאַך, זיי האָבן אָפּגע־היטן ווען כיל איז אַוועק, ווייל פאַר כילן האָבן אַלע אַנדערע פאַרטיזאַנער־גרופּן מורא געהאַט.

מער ווייניקער אין דער זעלבער צייט זענען אראָפּ־געוואָרפן געוואָרן רוסישע דעסאַנטן אין פוילישע מונדירן, יידן און פּאָליאַקן און זיי האָבן אָנגעהויבן אָרגאַניזירן באַזונדערע



אָטריאַדן. פון דאַן אָן האָבן די פאַרטיזאַנער זיך אָנגעהויבן פאָרמירן כמעט אין אַ רעגולערער אַרמיי. עס זענען אַראָפּ־געוואָרפן געוואָרן טראַנספּאָרטן געווער און דער וואַלד האָט אָנגעהויבן אָננעמען אַ מיליטערישן אויסקוק. פון טאָג צו טאָג האָבן מיר דערפילט אַ פעסטערן באָדן אונטער אונדזערע פיס.

## די באפרייאונג

אינצווישנצייט האָבן אָנגעהויבן אָניאָגן ידיעות וועגן דערנענטערן זיך פון דער סאָוויעטישער אַרמיי. מען האָט עס אויך אָנגעהויבן פילן אין דער דענערווירונג פון די דייטשן. זיי האָבן געוואָלט דורכרייסן דעם וואַלד, אָבער די פאַרטי־זאַנער זענען איצט שוין געווען זייער שטאַרק באַפעסטיקט, די דייטשן האָבן געקרוגן אַ קלאַפּ און זיך צוריקגעצויגן, דאָס האָט נאָך מער געמוטיקט און געשטאַרקט די אָטריאַדן.

יעדער טאָג האָט געברענגט נייעסן. יעדער האָט געפילט אַז דער אויסגעקוקטער טאָג פון באַפרייאונג דערנענטערט זיך ראַשיק.




דער דענקמאָל אין סאָביבאָר
אין סאָביבאָר זענען אומגעקומען מער ווי טאָפל ווי זיי גיבן אָן אויפן דענקמאָל

אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר דערהערט דאָס דורכשיסן פון האַרמאַטן. אין 24 אויגוסט 1944 איז אין וולאָדאַווע שוין געווען סאָוויעטיש מיליטער.

## אין דער יידנריינער וולאָדאַווע

די פּאַרטיזאַנער זענען צוגעטיילט געוואָרן אין פאַרשידענע שטעט, כילס גרופּע האָט באַזעצט לובלין. איך בין דאַן געווען 19 יאָר אַלט און נישט גוט אנטוויקלט, האָט מען מיר געהייסן גיין וווּהין איך וויל. הגם איך האָב געוווּסט, אַז אין וולאָדאַווע איז קיין איין ייִד נישטאָ, דאָך האָבן מײַנע פיס געצויגן צו מיין אויסגעשאָכטענער געבורטס שטאָט. איך האָב געציטערט און געפיבערט פון אויפרעגונג שוין צו זען די גאַסן, די געסלעך ווו יעדער שטיין און שטיינדל איז מיר באַקאַנט געווען.

איך האָב דאָרט גאָרנישט דערקענט, אַלץ איז געווען חרוב ונחרב, די דייטשע באַנדיטן האָבן אַזוי דורכגעפירט זייער יודנריין־אַקציע, פאַרברענט אַלע הייזער און הייזקעס.

עלנט און איינזאַם בין איך אַזוי געשטאַנען צווישן די ארויסשטאָרטשענדיקע קוימענס, ווי אויף אַ ריזיקן בית עולם, אַן איינציק געבליבענער פון מיין גאַנצער משפחה, מיט אַן אַראָפּגענידערטן קאָפּ צו דער ערד, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט ייִדיש בלוט. כ׳לאָז זיך אַראָפּ אויף דער ערד נעבן דער חורבה, וואָס איז געבליבן פון אונדזער הויז.

## אויף קבר אבות אין סאָביבאָר

אינצווישנצייט זענען קיין וולאָדאַווע זיך צוזאַמענגעקומען אַ פינפאונאַכציג ייִדן פון וולאָדאַווע און אומגעגנט. אַלע האָבן מיר זיך אַרומגעדרייט מיט צעבלוטיקטע און צעווייטיקטע הערצער. יעדן איינעם פון אונדז האָט געפעלט די גאַנצע משפחה, עלטערן, פרויען און קינדער, דאָס גרויסע גליק פון לעבן־בלייבן איז ביי אונדז מיט איינמאָל אפּגעטעמפּט געוואָרן, בלאָס איז געוואָרן דער געפיל און דער דראַנג צום לעבן.



אין אָנבליק פון אָט דעם גרויליקן בית עולם, וואָס ס׳האט איצט מיט זיך פאָרגעשטעלט אונדזער שטאָט.

גייענדיק צווישן די חורבות האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז איך טרעט אויף טויזנטער קברים פון אונדזערע טייערסטע און נאָענטסטע.

שווער איז געווען דאָס לעבן אין דער אייגענער שטאָט, ווו דו ווייסט, אַז ערשט נעכטן האָבן ייִדן דאָ געלעבט, געקעמפט פאַר אַ טאָג פרנסה, זיך געפרייט און געוויינט, חתונה געהאַט, געבוירן קינדער. איצט איז אַלץ חרוב, טרעפסט נישט קיין לעבעדיקן נפש...

סאָביבאָר האָט אָפּגעטאָן זיינס און איז אָפּגעווישט געוואָרן דורך די דייטשן. אויסגעגלייכט איז אַלץ דאָרט געווען מיט דער ערד, קיין צייכן פון די מאָרד־בנינים, פון די בעסטיאַלישע בלוט־פאַרגיסונגען און רוצחישע מאָרדן. געבליבן זענען בלויז די צעריסענע דראָטפאַרצומונגען און די באַראַקן אין וועלכע די מערדער האָבן געוווינט און געהוליעט.

מיט געבויגענע קעפּ זענען מיר אַ קליינע גרופּע וולאָדאַווער און אומגעגנט געשטאַנען פאַר אָט די גרויזאַמע ערטער, וועלכע זענען אונדז אַזוי גוט באַקאַנט געווען. אַ לעצטן כבוד פאַר אונדזערע נאָענטע און טייערסטע. אַרום איז אויך קענטיק געווען צעגראבונגען, וואָס די פּאָליאַקן האָבן שפּעטער געזוכט צו געפונען ייִדיש גאָלד און געלט.

סאָביבאָר, סאָביבאָר! פריער אַן אומשולדיק וואָרט, אַן אַרטשאַפט, וועגן וועמען די וועלט האָט גאָר נישט געוווּסט און היינט — אַ פאַרשאָלטן בלוטיק וואָרט, אַ בלוטיקער נאָמען פון אַן אַרט וואָס האָט אין זיך איינגעשלינגען 750.000 ייִדן, זקנים פרויען און קינדער.

פאַרשאָלטן איז דער נאָמען אויף אייביק! פאַרשאָלטן זאָלן זיין די פעלקער, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין די גרויזאַמע מאָרדן.

נאָכן האַלבן יאָר איז געקומען מיין ריי אויף אַ סערטיפיקאַט. אין חודש מערץ 1947, אַ טאָג פאַר פסח בין איך אָנגעקומען קיין עתלית. דאָס איז געווען דער גליקלעכסטער טאָג אין מיין לעבן.

נח זבולוני

# דער אויפשטאַנד אין סאָביבאָר

(פון דער העברעאישער פּרעסע)

דאָס בוך, וואָס איז לעצטנס דערשינען אין דער רוסישער שפּראַך אין ראַטנפאַרבאַנד, וואָס שילדערט דעם אויפשטאַנד אינעם טויטנלאַגער סאָביבאָר אין וועמענס שפּיץ ס'איז געשטאַנען דער יידיש סאָוועטישער אָפיציר אַלעקסאַנדער פּיעטשערסקי און הייסט מיטן נאָמען: „צוריק איז נישט געווונטשן", איז געוואָרן אויפגענומען פּאָזיטיוו דורך דער קריטיק אין דער סאָוועטישער פּרעסע. וו. טאָמאַן און א. סינילניקאָוו. די מחברים פונעם בוך באַשרייבן די געשעענישן אין סאָביבאָרער לאַגער און דאָס דאָרטיקע לעבן אין די 23 טעג פון 22 סעפּטעמבער ביזן 14־טן אָקטאָבער 1943.

דער נאָמען פונעם בוך איז גענומען געוואָרן פון די דייטשע באַמערקונגען אויף די טראַנספּאָרט־שיקונגען (פּאַקטורעס), וואָס זענען מיטגעגעבן מיט די פאַרמשפּטע צום טויט אין סאָביבאָרער טויטנלאַגער. דאָס בוך טראָגט אַ דאָקומענטאַרן כאַראַקטער, ברענגט פיר דאָקומענטן און שריפטלעכע באַווייזן, וועגן טויטנלאַגער און וועגן אויפשטאַנד, לויט די אייגנהענטיקע דייטשע פאַרצייכענונגען און פון אַנדערע מקורות, וואָס געפונען זיך אין די פּוילישע און סאָוועטישע אַרכיוון.

אַזוי זענען אויך פאַראַן אין בוך שילדערונגען פון די העלדן פונעם אויפשטאַנד און געפאַנגענע אינעם דאָרטיקן לאַגער, וואָס ביז היינט איז באַקאַנט, אַז נאָר פיר פון זיי זענען לעבן געבליבן און זיי געפינען זיך אין ראַטנפאַרבאַנד.

(דאַקעגן איז היינט באַוווּסט, אַז ביי אונדז אין לאַנד געפינען זיך אויך געראַטעוועטע ייִדן, וועלכע האָבן אויך אַנטיילגענומען אינעם אויפשטאַנד. רעד.)

אין שפּיץ פונעם אויפשטאַנד איז געשטאַנען אַ יידיש סאָוועטישער אָפיציר אַ. פּיעטשערסקי, וועלכער וווינט איצט אין ראָסטאָוו און די אַנדערע דריי — 1) אַרקאַדי ווייספּאַפּיר, איצט אַן אינזשיניער אין די קוילנגראָבן אין דאָניצקי. 2) שמעון ראָזנפעלד, היינט אין קיראָוואָגראַד אין אוקראַינע און 3) יעפים (חיים) ליטווינאָווסקי פון קויבישעוו. די פיר קומען צום אויסדרוק אינעם בוך און פון זיי האָט מען אָפּגענומען דאָס עדות־זאָגן פונעם אופשטאַנד אין סאָביבאָר.

אַ קורצע צייט נאָכן דערשינען פונעם בוך אין מאָסקווע, האָט זיך אָפּגעפונען נאָך איינער פון די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם אויפשטאַנד, וועלכער לעבט איצט אין נאָוואָסיבירסק, באָריס ציבולסקי. אין 1941 איז ציבולסקי שווער פאַרוווּנדעט געוואָרן דורך די דייטשן אויפן קיעווער פראָנט און גענומען געוואָרן אין געפאַנגענשאַפט. אַנשטאָט אים אָפּצופירן אין אַ שפּיטאָל, האָבן זיי אים געפירט אין תפיסה און אין אַ געוויסער צייט אַרום אים אָפּגעשיקט קיין סאָביבאָר. דאָרט האָט ער זיך אָנגעשלאָסן אין די אָרגאַניזאַטאָרן פונעם אויפשטאַנד, וואָס זענען געשטאַנען אין שפּיץ פון דער אונטערגרונט אינעם טויטנלאַגער סאָביבאָר. ס'איז אים געלונגען צו אַנטלויפן צוזאַמען מיט נאָך 400 מאַן.

נאָך דער מלחמה האָט ציבולסקי זיך דערוווּסט, אַז זיין פרוי מיט זייערע צוויי זין זענען דערמאָרדעט געוואָרן דורך די דייטשן צוזאַמען מיט אַלע ייִדן אין ראָוונע. ס'איז אים אויך באַקאַנט געוואָרן, אַז זיין פרוי האָט אים געבוירן נאָך אַ דריט קינד, אַ ייִנגל, וואָס איז צוגענומען געוואָרן דורכן אונטערגרונט און איז געבליבן לעבן.

אַ געוויסן טאָג האָט אַ זעלנער אין דער סאָוועטישער אַרמיי ניקאָליי ציבולסקי געלייענט אין דער פּרעסע וועגן סאָביבאָרער אויפשטאַנד און זיך דאָרט אָנגעטראָפן אויפן נאָמען באָריס ציבולסקי, האָט ער זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן וועגן זיין אָפּשטאַם און נאָך עטלעכע בריוו, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז דאָס איז ער, דער דריטער לעבנגעבליבענער זון, אויסבאַהאַלטן דורך דער אונטערערד.

פּיעטשערסקי מיט זיינע חברים דערציילן, אַז אַ געוויסער לעוויטמאַן פון פּוילן איז אויך געשטאַנען אין שפּיץ פונעם אויפשטאַנד אָבער זיי ווייסן נישט צי ער איז געבליבן לעבן.

מיטן צוריקטרעטן פון די דייטשע אַרמייען פון פּוילן, האָבן זיי ליקווידירט די טויטנלאַגערן און אויך געוואָלט ליקווידירן סאָביבאָר צוזאַמען מיט זיינע געפאַנגענע און דאַן איז אויסגעבראָכן דער אויפשטאַנד. די אויפשטענדלער האָבן געהאַרגעט אַריבער אַ צענדליק עס־עס־אָפיצירן און איינעם פון די אָנפירער און דריי דייטשע פּאָליציאַנטן.

# „אין סאביבאר איז נישטא וואס צו זען"...

מרדכי צאנין, רעדאקטאר פון „לעצטע נייעס" אין תל־אביב, האט באלד נאך דער צווייטער וועלט־מלחמה געמאכט א רייזע איבער פוילן, איבער הונדערט חרוב־געווארענע יידישע קהילות. א ייד האט געדארפט האבן א סך מוט און געוואגטקייט, דורכצומאכן אזא קאשמארפולע נסיעה און אזא ריזיקאליש־איינשטעלערישע רייזע אין לאנד פון מארד און רציחה. אין יענער צייט, ווען הונדערטער גראטעוועטע פון בונקערס, פון וועלדער און רעפאטריאירטע פון רוסלאנד, זענען אויף די פוילישע וועגן, אין שטעטלעך און דערפער ממש געלינטשט געווארן. אבער מרדכי צאנינען איז בייגעשטאנען זיין בריטישער פאספארט אין טאש, וואס האט אים דערמעגלעכט זיך פארצושטעלן אלס ענגלישער זשורנאליסט. ער זאגט וועגן דעם פאלגנדעס:

„אין די באדינגונגען פון נאך־מלחמהדיקן פוילן, ווען די רעגירונג איז א קאמוניסטישע און דאס פאלק איז נאך פארשיכורט מיט יידן־האס און מיט דעם רויב פון יידיש האב און גוטס, — האט דאס מאסקירן זיך אלס ענגלישער זשורנאליסט געעפנט פאר מיר די הערצער פון הונדערטער פאליאקן פון אלע שיכטן — פויערים, בירגער, אינטעליגענץ, קינסטלער. ווי נאר איך האב געוווגען זייער צוטרוי, האבן זיי געעפנט פאר מיר זייערע הערצער, ווי מענטשן וואס ווילן זיך באפרייען פון א זינד. און איך האב דערזען די יידישע טראגעדיע אויך פון דער ד ע ר זייט, ווי זי שפיגלט זיך אפ אין געוויסן פון די, וואס האבן זייער חלק אין דעם חורבן פון פוילישן יידנטום".

אלץ וואס מרדכי צאנין האט דארט געזען, געהערט און איבערגעלעבט, האט ער באשריבן. אבער נישט ווי קיין פרעמדער זשורנאליסט, פאר וועמען די יידישע טראגעדיע איז נישט מער ווי זשורנאליסטישער שטאף. ער איז געווען דער ערשטער יידישער שרייבער, וועלכער האט געבראכט דעם גיהנום־גרוס פון די הונדערט אויסגעשאכטענע און חרובע יידישע קהילות. זיינע באשרייבונגען אין ניו־יארקער „פארווערטס" האבן אויפגעטרייסלט דאס אמעריקאנער יידנטום. שפעטער, אין 1952, איז דערשינען זיין בוך „איבער שטיין און שטאק", פון וואנען מיר נעמען ארויס דאס קאפיטל „סאביבאר", וואס דאס איז א קאפיטל חורבן־געשיכטע פון יידישן ווֹלאדאווע.


ד־הכל א קארגער צענדליק קילאמעטער פון וולאדאווע, אויף דער באן־ליניע כעלם וולאדאווע, געפינט זיך א קליינע באן־סטאציע „סאביבאר".

אין דעם סאביבארער וואלד האט זיך אפגעשפילט די טראגעדיע פון די יידן פון דער לובלינער וואיעוואדשאפט און נישט בלויז פון אט דער וואיעוואדשאפט.



אויף דער קליינער סטאציע איז איצט רואיק. עס רוישט דער וואלד. אויף יענער זייט וואלד פליסט־פארביי דער בוג. דאס איז די פויליש־סאוועטישע גרענעץ. אבער מען פילט דא לגמרי נישט, אז מען געפינט־זיך אין א גרענעץ־געביט. די ווינציקע פויערים פארשווינדן אין די טיפענישן פון וואלד. זיי גייען אהיים, צו זייער פרידלעך לעבן.

איך שטעל־אפ א פויער און לייג אים־פאר, ער זאל מיך פירן אינעם פארניכטונגס־לאגער. דער פויער קוקט מיך־אן, ווי ער וואלט נישט פארשטאנען וואס איך וויל פון אים. זאג איך אים, אז איך וויל נישט אומזיסט. איך וועל אים גוט באלוינען. קראצט־זיך דער פויער אין קאפ און ענטפערט, אז באלוינען — דאס פארשטייט ער, אבער ער ווייסט נישט, פארוואס איך זאל אים באלוינען, ווייל עס איז נישטא דא קיין פארניכטונגס־לאגער. עס איז נישטא דא וואס צו זען.

— איך מיין דאס ארט, וווּ מען האט אויסגעהרג'עט די יידן, זאג איך אים.

— אך, יידן!? יא, אין דער טיף פון דעם וואלד האט מען פארברענט א סך יידן. צוויי יאר האט מען זיי געברענט. אבער עס איז נישט געבליבן וואס צו זען.

בין איך דורכגעקומען מיט אים, אז איך וועל אים באלוינען פארן ווייזן מיר דאס ארט, וווּ עס איז נישטא וואס צו זען...

מיר גייען־אריבער די באן־ליניע און לאזן־זיך, מיט א זייטיקן וועג, צו די טיפענישן פון וואלד. דער פויער דערציילט מיר, אז פון אט דער באן־ליניע האבן די דייטשן געמאכט אן אפצווייג, אויסגעהאקט א וועג, און די טראנספארטן מיט יידן — געפירט דירעקט צו די גאז־קאמערן.

סמנים פון אט דער גאלגאטע זענען נאך ביז איצט געבליבן.

נאך א צוואנציק מינוט גאנג, קומען מיר ארויף אויף א פוסטן, וואלדיקן שטח, וואס אויפן ערשטן אויגנבליק דאכט־זיך, אז דא איז אמאל א דארף געווען, נאר דאס דארף האט אפגעברענט און די מענטשן זענען זיך־צעלאפן. אויפן גאנצן שטח קוקן־ארויס פון צווישן ווילדע גראזן: צעבראכענע ציגל, שמאטעס, שטיקלעך פאפיר און גראלעכע אש־

ערד. אונטער די גראָזן, איז די ערד צעגראָבן און עס שאַפן־זיך קליינע, אויפגעבלאָזענע בערגעלעך און טאָלן.

דער גאַנצער שטח פון אַט דעם הפקר־לאַנד איז, זעט אויס, פיל קלענער ווי דער שטח פון טרעבלינקע. אויף אַט דעם שטח האָבן זיך געפונען פינף באַראַקן פאַר די ס.ס. און אוקראַינישע באַנדיטן; צוויי באַראַקן פאַר יידן, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון די טראַנספּאָרטן אויף אַרבעט. (איין באַראַק פאַר מענער און איין באַראַק פאַר פרויען). די קרעמאַטאָריע און די גאַז־קאַמערן פאַר פינף הונדערט מענטשן. פיר באַראַקן, ווו די קרבנות האָבן זיך אויסגעטון. אויסער דעם, זענען נאָך געווען ניין בנינים אין דעם אַדמיניסטראַטיוון טייל פון גיהנום: פינף מאַגאַזינען פאַר דעם רויב און די מלבושים פון די אומגעבראַכטע, אַ סטאָלער־וואַרשטאַט, אַ שניידעריי, אַ בעקעריי, און אַ שוסטער־ און שניידער־וואַרשטאַט, — אַ מאָדערנער גיהנום, אָוועקגעשטעלט אויף וויסנשאַפטלעכע יסודות.

דער גאַנצער לאַגער, די בנינים, די אויוונס, — אַלץ איז געווען אויפגעבויט פון ציגל פון יידישע הייזער אין וואָלאַדאַווע.

אינעם דאָזיקן לאַגער זענען אומגעקומען די יידן פון זאַמאָשטש, פון הרוביעשאָוו, פון כעלם און וואָלאַדאַווע, פון לובלין און איזשביצע, פון קראַסנאָסטאָוו און לעוואַרטאָוו, — צענדליקער יידישע קהילות. אַהער האָט מען אויך געבראַכט פון די געפאַנגען־לאַגערן יידן פון דער פּוילישער אַרמיי און פון דער סאָוועטישער אַרמיי, יידן פון פראַנקרייך און פון טשעכיען, פון כמעט אַלע אייראָפּעאישע לענדער. אַ פאָלק איז דאָ אַוועק מיטן רויך פון די אויוונס.

ווי אומעטום, אין אַלע פאַרניכטונגס־לאַגערן, איז שפּעטער אויך איבער סאָביבאָר אַדורך אַ ווילדע כוואַליע פון גאָלד־רויש. יעדער שפּאַן ערד, אויפן גאַנצן ליידיקן שטח און דער וועג פון דער באַן־ליניע, איז צעגראָבן־געוואָרן דורך דער אַרומיקער באַפעלקערונג. דער פויער, וואָס דערציילט מיר וועגן דעם מיט די פּשוטסטע ווערטער פון אַ פּרימיטיוון מענטשן, גלויבט נאָך, אַז ווען מען זאָל זיך „רעכט נעמען צו דער אַרבעט”, וואָלט מען דאָ נאָך אוצרות געפונען. און טאַקע אַרום די דאָזיקע מעגלעכע „אוצרות”, דרייט־זיך דער גאַנצער געדאַנקען־גאַנג פון דעם פויער. אַלע פראַגן, וואָס ער האָט מיך שפּעטער געפרעגט, זענען געגאַנגען אין אין דער ריכטונג. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך אפילו באַקומען דעם איינדרוק, אַז דער פויער פאַרדעכטיקט מיך, אַז איך בין אויך געקומען אַהער, כדי אונטערצונעמען אַן אויסגראַבונגס־אַרבעט, אויף צום אַנטדעקן די „אוצרות”...

— ס'איז עמיצער דאָ געווען — פרעג איך אים —



אויסצופאָרשן דעם באָדן? איך מיין, קאָמיסיעס זענען דאָ שוין געווען?

— אויף וויפל איך ווייס, איז דאָ נאָך קיינער נישט געווען — ענטפערט ער פאָרזיכטיק — אויסער סתם מענטשן, האָט דאָ ווייטער קיינער נישט געזוכט...

דאָס בילד פון סאָביבאָר, איז דאָס אימה'דיקע בילד פון אַלע צעשטערטע בית־עלמינס אין פּוילן. יעדערער האָט גענומען וואָס ער האָט געדאַרפט, צעגראָבן, צעאַקערט און איבערגעלאָזט אַ הפקר.

דאָס אַש פון אַכט הונדערט טויזנט יידן, איז אַוועק מיט די וואַסערן פון טייך. די רעשט האָט באַמיסטיקט דעם וואַלד, זיין גרינקייט זאָל זיין זאַפטיקער, די קוסטן זאָלן זיין מילדער.

ביז איצט, איז קיינעם נישט איינגעפאַלן, אָוועקצושטעלן אַ מצבה אויף דעם שטח און איבערלאָזן אַ זכר, דערפאַר ווייל — דאָס איז סאָביבאָר, ווייל דאָ זענען אומגעקומען בלויז יידן, — **„בלויז” אַכט הונדערט טויזנט יידן.**

רואיק פליסט זיך דער טייך. עס רוישן די וועלדער. די צוגן וואָס גייען דאָ זעלטן פאַרביי, פאַרהאַלטן־זיך כמעט נישט אין סאָביבאָר. דאָס איז אַן אָפּגעלעגן, פאַרגעסן אָרט.

און אין סאָביבאָר איז פאָרגעקומען איינע פון די סאַמע־דראַמאַטישסטע אויפשטאַנדן אין דער געשיכטע פון דער יידן־פאַרניכטונג אין פּוילן.

דער אויפשטאַנד אין טרעבלינקע, (דעם צווייטן אויגוסט 1943), האָט באַקומען זיין תיקון אין דער מאָגערער ליטעראַטור, וואָס איז דערשינען ביז איצט אויף דער טעמע. בעת דער ליקווידאַציע פון כעלמנער לאַגער, (דעם זיבצענטן יאַנואַר 1945), האָבן די קליינע רעשטלעך יידן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד, דערהאַרגענענדיק צוויי דייטשע זשאַנדאַרן, און בלויז צוויי יידן פון דער גאַנצער גרופּע, האָבן זיך געראַטעוועט.

אָבער דער אויפשטאַנד אין סאָביבאָר שיינט צו זיין דער סאַמע־גרעסטער.

אין לובלין האָב איך אָפּגעזוכט אַן איזשביצער ייד מיטן נאָמען משה מערענשטיין. ער איז איינער פון די לעבנגעבליבענע פונם אופשטאַנד אין סאָביבאָר.

און משה מערענשטיין האָט דערציילט:

די יידישע אַרבעטס־קאָמאַנדע אין סאָביבאָר איז באַשטאַנען פון 425 מענער און 175 פרויען, — יידן פון פאַרשיידענע לענדער. צווישן זיי זענען געווען פיל רוסישע יידן, געפאַנגענע פון דעם סאָוועטישן מיליטער. אַ זשיטאָמירער ייד, אין דער ראַנגע פון אַ סאָוועטישן מאַיאָר, צוזאַמען מיטן זון פון דעם זשולקאָווער רב, לייבל פעלהענדלער, זענען געווען די איניציאַטאָרן פון דעם אויפשטאַנד. זיי האָבן אַר־

גאַניזירט צוויי־און־ניינציק ייִדן, וואָס יעדער באַזונדער האָט באַקומען זיין אויפגאַבע. דער אויפשטאַנד האָט געדאַרפט אויסברעכן אין חודש יולי, 1943, אָבער אַ בערלינער ייִד האָט געמסורט דער לאַגער־מאַכט, אַז עד גרייט־זיך אַ בונט און ער האָט אַרויסגעגעבן דריי ייִדן, וועלכע זענען תיכף דערשאָסן־געוואָרן. דאָס זענען געווען: משה פון טישעוויץ, זיינוול קאָוואַלס פון קראַסנאָסטאַוו און אַ טאָרבינער ייִד.

דאָך, דעם פּלאַן פון אויפשטאַנד האָט מען נישט אויפגעגעבן, כאָטש די דייטשן האָבן איינגעשטעלט אַזאַ רעזשים אין לאַגער, אַז פאַר די אַרבעטנדיקע ייִדן זאָל נישט בלייבן קיין אָרט און קיין צייט, ווו און ווען זיך צוזאַמענצורעדן.

דעם זעלבן יולי־טאָג האָט זיך די וואַלד־קאָמאַנדע (וואָס האָט דאָרט געגראָבן „פּיעניעס”, אַלס הייץ־מאַטעריאַל פאַר דער קרעמאַטאָריע), זיך־אָפּגעשמועסט צו דערהרגענען די אוקראַאינישע וועכטער און אַנטלויפן. אָבער נאָך דער מסירה פון דעם בערלינער „ייִד”, איז די וואַלד־קאָמאַנדע באַוואַכט־געוואָרן מיט אַ דאָפּלטער שמירה: אויף יעדן ייִד — איין ס.ס.־מאַן און איין אוקראַאינער. אָבער די פאַרמשפּטע האָבן דאָך באַשלאָסן, זייער פּלאַן אויסצופירן. אַ געלעגנהייט האָט זיך געמאַכט, ווען דריי ייִדן האָבן געדאַרפט גיין ברענגען וואַסער פאַר דער גאַנצער קאָמאַנדאָ. די דריי ייִדן זענען געווען: שלמה פּאָדכלעבניק, יאָסל קאָפּ פון טורבין און זונדל האָניגמאַן פון גאָזשקאָוו. מיט זיי איז מיטגעגאַנגען בלויז איין באַוואָפנטער אוקראַאינער. אין וואַלד האָבן זיי אים דערמאָרדעט. לויט דעם, ווי עס איז געווען אָפּגעשמועסט, האָבן די דריי געדאַרפט געבן אַ צייכן, אַז די גאַנצע קאָמאַנדאָ זאָל זיך וואַרפן מיט די העק און לאָפּאַטעס אויף די ס.ס. און אויף די אוקראַאינער און זיך צעלויפן איבערן וואַלד. אָבער קיין סיגנאַל איז נישט געקומען. אַנשטאָט דעם סיגנאַל, איז אָנגעקומען אַ רייטער און ער האָט איבערגעגעבן וועגן דעם דערמאָרדעטן אוקראַאינער.

אויפן אָרט זענען דאַן דערשאָסן געוואָרן דרייצן פון די פערציק ייִדן. די איבעריקע האָבן געמוזט קריכן אויף די בייכער ביזן לאַגער, אַ מרחק פון פיר קילאָמעטער. און אין לאַגער איז די גאַנצע וואַלד־קאָמאַנדאָ אויסגעשאָסן־געוואָרן פאַר די אויגן פון די איבעריקע אַרבעטער. געשאָסן האָט מען צו צוויי.

די אַטמאָספער אין לאגער איז געוואָרן אומדערטרעגלעך.

יעדן טאָג זענען אָנגעקומען פרישע ייִדן־טראַנספּאָרטן פון לאַנד און פון אויסלאַנד. אין די גרויסע זומער־היצן זענען די טראַנספּאָרטן אָנגעקומען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז ווען מען האָט געעפנט די וואַגאָנען, האָט מען צו די קרעמאַטאָריעס געפירט האַלב־טויטע מענטשן. „גיט אַ טרונק וואַסער און הרג'עט אונדז!” — האָבן די ייִדן זיך געבעטן — „דערשלאָגט אונדז!”

און משה מערענשטיין דערציילט ווייטער:

— כאָטש מיר, וואָס האָבן אויסגעגרוזעוועט די וואַגאָנען, זענען שוין געווען געוווינט צו די אימה'דיקסטע בילדער און דער טויט האָט שוין אויף קיינעם קיין איינדרוק נישט געמאַכט, דאָך האָט די פּיין פון די האַלב־דערשטיקטע ייִדן אין די וואַגאָנען פון די טראַנספּאָרטן, אונדז יעדעס מאָל אויפסניי צעבראָכן.

די „אַרבעט” אין לאַגער פלעגט זיך אָנהויבן צען אַ זייגער אין אָוונט. אין אָט דער צייט פלעגט מען דאָס ברענגען די צוגן אין לאַגער־אַריין. די „אַרבעט” האָט נישט געדאָרט דויערן לענגער, ווי ביז צוויי אַ זייגער ביינאַכט. צו דער צייט, האָבן שוין אַלע ייִדן פון דעם טראַנספּאָרט געמוזט זיין פאַרגאַזט, דער באַגאַזש — אַריינגעטראָגן אין די סקלאַדעס און די וואַגאָנען — אָפּגערייניקט.

און במשך פון טאָג, האָבן געמוזט פאַרברענט־ווערן אַלע פאַרגאַזטע גופים.

כדי נישט צו געבן אונדז קיין אָטעם־פויזע, פלעגן די דייטשן, יעדן זונטיק, איינאָרדענען פאַר די יידן פון דער אַרבעטס־קאָמאַנדאָ טענץ מיט מוזיק.

צוליב דעם, וואָס אויף 475 מענער, זענען געווען בלויז 175 פרויען, פלעגט די פרויען אויסקומען צו טאַנצן אַ גאַנצן טאָג. יעדער מאַן האָט געמוזט טאַנצן, אויב ער האָט נאָר געוואָלט בלייבן לעבן. צו די טענץ האָט מען געמוזט קומען אויסגעפוצט. אין די סקלאַדעס האָבן זיך געפונען די טייערסטע טואַלעטן, ספּעציעל — פון די טראַנספּאָרטן אויסלענדישע ייִדן. זענען טאַקע די פרויען געקומען אין באַל־קליידער און די מענער — אויסגעפוצט אין זיידענע וועש, אין עלעגאַנטע קאָסטיומען מיט זיידענע קראַוואַטן.

ווען פאַר די ס.ס.־לייט און די אוקראַאינער איז זונטיק געווען אַ טאָג פון רו, — איז דער טאָג פאַר די ייִדן געווען דער פיינלעכסטער, דער שוידערלעכסטער גיהנום.

דאָס איז געווען אַ טאַנץ מיטן טויט, אַ טאַנץ צווישן הונדערטער טויזנטער מתים. און מיר, די טענצער, האָבן געוווּסט, אַז אויך אונדזער גורל וועט זיין דער זעלבער: גאַז־קאַמער און קרעמאַטאָריע.

דער פירער פון לאַגער, אויבערשטורמפירער נוימאַן, וואָס ייִדן האָבן אים שפּעטער דערהאַרגעט, איז אַלט־געווען סך־הכל אַכצן יאָר. זיין אַכזריות האָט נישט געהאַט קיין גרענעץ. ער האָט תמיד צוגעטראַכט פאַר זיינע קרבנות די סאַמע ראַפינירטסטע פייניקונגען. איינע פון אָט די מיטלען, זענען געווען די זונטיקדיקע טענץ.

אַיינמאָל האָט מען אונדז אויפגעוועקט אינמיטן דער

נאַכט. דאָס איז געווען די נאַכט פון פופצנטן אויפן זעכצטן סעפטעמבער 1943. עס איז אָנגעקומען אַ צוג מיט ייִדן. מען מוז אים שנעל אויסלאָדן און פאַרגאַזן. ביז באַגינען מוז דער גאַנצער טראַנספּאָרט שוין זיין אין די אויוונס. דאָס איז געווען דער גרויליקסטער צוג, וואָס מיר האָבן ווען־עס־איז געזען. אַ צוג — אַ קאָשמאַר, אַ גיהנום!

סך־הכל איז דער טראַנספּאָרט באַשטאַנען פון 39 וואַגאָנען. ער איז געקומען פון דעמביצע, נעבן קראָקע (קראָקוו). פון קראָקע ביז סאָביבאָר איז ער געגאַנגען צוויי וואָכן. דורך די פאַרקראַטעוועטע פענסטערלעך האָט זיך געטראָגן אַ געשטאַנק פון טויטע גופים. ווען מען האָט אויפגעעפנט די וואַגאָנען, האָט מען געפונען קנוילן פון נאַקעטע לייבער. אין יעדן וואַגאָן זענען געווען צו דריי הונדערט נפשות, מענער, פרויען און קינדער. דער ווייט־גרעסטער טייל איז שוין געווען טויט. פון די וואַגאָנען האָט געזעצט אַ שרעקלעכער עיפּוש. די, וועלכע האָבן נאָך געלעבט און האָבן נאָך געהאַט כוח צו האַלטן־זיך אויף די פיס, האָבן זיך באַלד געפרעגט, ווו עס איז די גאַז־קאַמער און זיי זענען אַהין אליין געלאָפן מיט די לעצטע כוחות. שנעלער, שנעלער, — זיי ווילן וואָס־שנעלער זיין טויט!

פון זיי האָט שוין קיינער אפילו וואַסער נישט געבעטן. זיי האָבן זיך נאָר געבעטן צו עפענען אַלע וואַגאָנען מיט־אַמאָל.

פון די העכער צען טויזנט ייִדן, האָט מען בלויז עטלעכע פּאַרטיעס געפירט צו די גאַז־קאַמערן: אַ פיר־פינף מאָל צו פינף הונדערט ייִדן. די איבעריקע, — האָט מען אַרויפגעוואָרפן אויף לאָרעס און גלייך אַוועקגעפירט צו די אויוונס.

דער דאָזיקער לעצטער קאָשמאַר־טראַנספּאָרט האָט צוגעאײַלט דעם אויפשטאַנד. לענגער האָט די אָנפירונג פון אויפשטאַנד שוין נישט געקאָנט וואַרטן.

איצט האָט מען נאָר געדאַרפט געפינען דעם פּאַסיקסטן מאָמענט, אויסאַרבעטן דעם פּלאַן מיט אַלע פּרטים און וואַרטן אויפן סיגנאַל.

אויסער דעם סאָוועטישן מאַיאָר און לייבל פעלהענדלער, האָבן צו דער אָרגאַניזיר־גרופּע אויך געהערט: יאָסל דוניץ (אַ ראָוונער, וועלכער איז געבראַכט־געוואָרן מיט אַ טראַנספּאָרט פון פראַנקרייך), מאָטל מאַנדלבוים פון זאַמאָשטש, יאָסל ליכט און מאַיאָרעק פון גראַבאָוויץ.

די ס.ס.־מענער האָבן זיך געפירט, אַז די בעסטע זאַכן פון די סקלאַדעס, די בעסטע ביזשוטעריע, קליידער, שיך און וועש, פלעגן זיי נעמען פאַר זיך. די ייִדן וואָס האָבן געאַרבעט אין די סקלאַדעס, האָבן יעדעס מאָל געמוזט מודיע־זיין די ס.ס.־מענער, אַז עס זענען דאָ גוטע זאַכן. אָט דעם



דאָזיקן מאָמענט האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן אויסגענוצט צום אויפשטאַנד.

דער פּאַסיקסטער טאָג איז געקומען. דאָס איז געווען דער פערצנטער אָקטאָבער 1943. יענעם אינדע פרי איז פּונקט אַ גרופּע ס.ס.־מענער געהאַט אַוועקגעפאָרן קיין וולאָדאַווע. עס איז געקומען דער פּאַראָל, צו גרייטן־זיך אויף פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג.

דער ייִדישער אָנפירער פון דעם גאָלד־סקלאַד האָט אָנגעזאָגט זיין ס.ס.־מאַן, אַז פון דעם לעצטן טראַנספּאָרט האָט ער אַריינבאַקומען אַ זעלטענעם בריליאַנט. ער זאָל דעריבער קומען אין סקלאַד־אַריין האַלב־פיר אַ זייגער נאָכמיטאָג.

דער ייִדישער לייטער פון וועש־סקלאַד איז אַוועק צו זיין עלטסטן ס.ס.־מאַן און אים געזאָגט, אַז ער זאָל קומען האַלב־פיר אַ זייגער, ווייל ער האָט צוגעגרייט פאַר אים די זעלטנסטע זיידענע פרויען־וועש, וואָס איז ווען־עס־איז געווען אין לאַגער.

דער ייִד פון דעם מלבושים־סקלאַד האָט מודיע־געווען אַ דריטן ס.ס.־מאַן, אַז ער האָט פאַר אים די זעלטנסטע שטאָף אויף מלבושים.

דער לייטער פון שניידער־וואַרשטאַט האָט צו וויסן־געטון זיין ס.ס.־מאַן, אַז האַלב־פיר זאָל ער קומען פּאַסן זיין נייעם אָנצוג, אָדער מונדיר.

אַזוי האָט יעדער איינגעלאַדן אַן ס.ס.־מאַן צו זיך אין סקלאַד, אויף דער זעלבער צייט. און אין איין און דער זעלבער צייט, איז טאַקע יעדער ס.ס.־מאַן געגאַנגען ווו ער האָט געדאַרפט. אויף יעדן אָרט האָבן שוין געוואַרט די קליינע אַרבעטס־גרופּקעס מיט העק און אַנדערע מכשירים. און ווינאָר אַן ס.ס.־מאַן איז איבערגעטראָטן די שוועל פון אַ סקלאַד, האָט ער באַקומען אַ פּלעט איבערן קאָפּ. מען האָט אים דערהערגעט און באַהאַלטן זיין קערפּער צווישן שמאַטעס.

אויף דעם אופן האָט מען אויסגעהאַרגעט דריי־און־דרייסיק ס.ס.־לייט.

יעדע גרופּע האָט צוגענומען דאָס געווער ביים דערהרגעטן און האָט געוואַרט אויפן סיגנאַל, צו לאָזן־זיך צום טויער.

פינקטלעך פיר אַ זייגער האָט דער סאָוועטישער מאַיאָר געגעבן דעם סיגנאַל:

— צום טויער!

אַ גרופּע, וואָס האָט אויסגעהאַרגעט די אוקראַינישע וואַך ביים געווער־סקלאַד, איז אַרויס מיט די ביקסן.

מיט געווער אין די הענט זענען אַרויס די ייִדן פון די וואַרשטאַטן און סקלאַדעס.

די אוקראַינישע לאַגער־וואַך האָט באַמערקט, וואָס עס

געשעט, און האָט געפנט אַ פייער. די ייִדן האָבן געענטפערט מיט אַ שיסערײַ און זענען געלאָפן צום טויער. די ערשטע האָבן דערהאַרגעט דעם שומר ביים טויער, אָבער זיי האָבן נישט געפונען ביי אים דעם טויער־שליסל.

עס איז געווען אָפן בלויז דאָס קליינע טירל, דורך וועלכן בלויז איין מענטש האָט געקענט אַדורכגיין פריי. אַלץ האָט אַ שפּאַר־געטון צום קליינעם טירל, די אוקראַינער וואָך האָט געעפנט אַ קאָנצענטרירט פייער אויפן עולם ביים טירל. די ערשטע געפאַלענע ייִדן האָבן מיט זייערע גופים פאַרשטאָפּט דעם אַרויסגאַנג.

אין דעם מאָמענט זענען צוריקגעקומען פון וואָלאַדאַווע די ס.ס.־לייט, וואָס זענען אַוועק אינדערפרי. אויך זיי האָבן געעפנט אַ פייער אויפן טירל, פון דער דרויסנדיקער זייט. עס האָט זיך אַנטוויקלט אַ פאַרביטערטער קאַמף. אונטער דער שיסערײַ, האָבן די ייִדן אָנגעהויבן אַוועקשלעפּן די געפאַלענע, כדי צו באַפרייען דעם אַרויסגאַנג און זיי זענען דערביי אַליין אומגעקומען.

די געפאַנגענע סאָוועטיש־ייִדישע סאָלדאַטן האָבן זיך געוואָרפן אויף די אוקראַינער מיט די ביקסן־קאָלבעס, ווען זיי האָבן זיך געפּרוווט דערנענטערן צו דער מאַסע. דער אוקראַינישער פייער פון אינעווייניק און דער קוילן־האָגל פון די ס.ס.־לייט אינדרויסן, פון דער צווייטער זייט טויער, האָבן געזייעט טויט צווישן די ייִדן. די, וועלכע האָבן זיך אַדורכגעריסן, האָבן געשטורעמט די ס.ס.־גרופּע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן דערווייטערן, כדי צו ראַטעווען זייער אייגן לעבן.

אָבער עס איז שוין געווען צו־שפּעט.

ביים טויער זענען שוין געלעגן מאַסן ייִדישע הרוגים.

אויך דאָס פייער פון די אוקראַינער איז שוואַכער געוואָרן. צענדליקער פון זיי זענען געפאַלן.

פון אַלע ייִדן, האָבן זיך קוים אַרויסגעריסן אין די וועלדער־אַריין הונדערט און פופציק מאַן.

די לעבנגעבליבענע ס.ס.־לייט און אוקראַינער האָבן נאָכגעיאָגט די ייִדן אין די וועלדער און דער קאַמף איז דאָרט פאַרגעזעצט־געוואָרן.



די הונדערט און פופציק אַנטלאָפענע האָבן נאָך געגעבן קרבנות.

יאָסל קאָפּ איז געהאַרגעט־געוואָרן שוין נאָך דער באַפרייאונג פון פוילן.

דעם זעלבן גורל האָט געטיילט לייבל פעלהענדלער. ער איז געפאַלן אין לובלין.

אַט דאָס איז געשען אין סאָביבאָר.

דאָס אָרט, ווו די אימהדיקע, דאַנטישע עפּאָפּייע האָט זיך אָפּגעשפּילט, איז איצט ליידיק און ווילד. דער וואַלד אַרום האָט בלויז געזען דעם אומקום פון הונדערטער־טויזנטער ייִדן. דער וואַלד האָט געזען די גבורה פון די לעצטע ייִדן און דער וואַלד איז געבליבן אַרום דעם ריזיקן, צעהפּקערטן בית־עולם פון אַ פאָלק.

אפשר, ווען דער מענטש וועט בעסער ווערן, ווען דער ווערט פון דעם באַגריף „ייִד" וועט אין די אויגן פון נישט־ייִדן באַקומען דעם פולווערט פון מענטש, — אפשר וועט דעמאָלט עמיצער אויפשטעלן אַ מצבה אויף דעם ריזיקן סאָביבאָר־מזבח און אַוועקלייגן דאָ אַ ביסל בלומען.

און אין די טעג פון „זאַדושקעס" — אָנצינדן אַ ליכט, אַט אַזוי ווי מען איז זיך נוהג אין פוילן מיט קברים פון מאַרטירער און העלדן — נישט־ייִדן...

* * *

פון רעדאַקציע:

דעם 29 יוני 1965 האָט די פוילישע רעגירונג צוזאַמען מיט דער ייִדישער שארית הפליטה וואָס געפונען זיך אין פוילן, אַנטהילט אַ דענקמאָל אויפן פלאַץ פון דער גאַז־קאַמער אין סאָביבאָר, ווו ס'האָבן אויך געלייגט בלומען אַ גרופּע וולאַדאַווער מיט חיים קליגער אין דער שפּיץ.

לײַדער ווערט נישט דערמאָנט אויפן אָנדענק־טאָוול קיין איין וואָרט, אַז דאָ זענען אומגעקומען הונדערטער טויזנטער ייִדן פון פוילן, אויסלאַנד און אויך די וולאַדאַווער ייִדן. אַזויווי זיי זענען געיאָגט געוואָרן פאַר זייער לעבן, אַזוי אויך וויל מען זיי נישט דערמאָנען און גענצליך פאַרגעסן נאָך זייער טראַגישן טויט... כבוד זייער אַלעמענס אָנדענק! הי"ד!

הײמאַט נאַכריכטן מיטוואָך 15 דעצעמבער 1965

## סאָביבאָרער פּראָצעס אויף 80 קלאַנגבענדער

האגען. דער פּראָצעס וועגן סאָביבאָרער פאַרניכטונגס־לאַגער, וועלכער פירט זיך שוין זינט דעם 6־סטן סעפּטעמבער 1965 פאַרן געשווירענעם געריכט אין האגען, איז שוין אויפגענומען געוואָרן אויף אַכציק קלאַנגבענדער, וואָס יעדע פון זיי דויערט צוויי און אַ האַלבן שעה און אַנטהאַלטן אין זיך די וויכטיקסטע פּאַזן פון די עדות־דערקלערונגען אויפן דערמאַנטן פּראָצעס.

דער דאָזיקער פּראָצעס, וואָס גייט שוין פופצן וואָכן און האָט לויטן פּאַרויסגעזעענעם פּלאַן געדאַרפט זיך ענדיקן פאַר די ווייַנאַכטן, זעט זיך נאָך נישט אויס אַזוי גיך צו ענדיקן. די באַטייליקטע אינעם פּראָצעס זאָגן אַרויס די השערה, אַז ער קאָן זיך פאַרציִען ביזן פרילינג און אפשר אויך ביזן קומענדיקן זומער 1966. די סיבה דערפון איז דאָס אויסהערן די עדות פון די לעבנגעבליבענע ייִדן פון סאָביבאָרער טויטנלאַגער. אויך איז פאַרגעזען, אַז די ריכטער זאָלן דאַרפן אַרויספאָרן קיין ישראל און אויך אין אַמעריקע, כדי דאָרטן אויסהערן דאָס עדות זאָגן פון די וועלכע קאָנען נישט צוליב זייער געזונט צושטאַנד פאָרן קיין דייטשלאַנד.

האַגענער רונדשאַו נר׳ 296, דינסטיק 21 דעצעמבער 1965.

## נייע שרעקלעכע איינצלהייטן אינעם סאָביבאָרער פּראָצעס

האגען. דער סאָביבאָרער פּראָצעס, וואָס קומט פאָר פאַרן געשווירענעם געריכט אין האגען דערנענטערט זיך צו זיין יובילעאום און נעמלעך; דאָנערשטיק דעם 23 דעצעמבער קומט זיך דאָס געשווירענע געריכט צוזאַמען צום פופציקסטן מאָל. חוץ דעם וואָס צוויי אָנגעקלאָגטע לאַגער־אויפזעערס עריק באַוער (65) און הובערט גאָמערקי (54) זענען שוין אין יאָר 1949 פאַרמשפּט געוואָרן צו לעבנסלענגלעכע תפיסה פאַר ייִדנמאָרד אין לאַגער סאָביבאָר, הערט



# סקריפּטן געשריבענע מיט בלוט

(פון דער דייטשער פּרעסע)

איצט אויס דאָס געשווירענע געריכט אין האַגען 17 לעבנגעבליבענע ייִדן, וואָס זענען אַנטלאָפן בעתן אויפשטאַנד אין אָקטאָבער 1943.

אַ וויכטיקער עדות אין דער באַשולדיקונג איז דער היינטיקער באַנק אָנגעשטעלטער משה בהיר (38) פריער שקלאַרעק פון רמת־גן, ישראל. דער דאָזיקער עדות טרעט אַרויס קעגן די צוויי באַשולדיקטע; קאַרל פרענצעל (54) און קורט באָלענדער (53). עד זאָגט נאָר דאָס וואָס ער אַליין האָט דורכגעלעבט און געזען מיט זיינע אייגענע אויגן.

די דערמאַנטע, אָנגעקלאָגטע ווערן שווער באַלאַסטעט דורכן דאָזיקן עדות: באָלענדער האָט אויסגעפירט אַ קינדער־מאָרד אויף דער לאַגער־ראַמפּע און פרענצעל האָט געצוווּנגען אַ פאָטער, ער זאָל אַליין אויפהענגען זיין זון און צום סוף דערשיסט פרענצעל אַליין מיט זיינע אייגענע הענט דעם אומגליקלעכן פאָטער.

ער דערציילט אויך, אַז די געבראַכטע אַרבעטס־ייִדן פון טויטנלאַגער בעלזשעץ, כדי זיי דאָרט אין סאָביבאָר צו פאַרניכטן, האָבן אין ברויט באַהאַלטן סקריפּטן געשריבענע מיט בלוט, ווו זיי דערציילן און וואָרענען די סאָביבאָרער ייִדן וועגן דעם וואָס איז פאַרגעקומען אין בעלזשיץ און וואָרענען זיי וועגן דעם, אַז אויך די ייִדן אין סאָביבאָר שטייט דאָס זעלביקע פאָר, ווי די געבראַכטע בעלזשיצער — דער טויט. האַגענער רונדשאַו, מיטוואָך 22 דעצעמבער 1965. נר׳ 297.

האגען. צווישן די 11 אָנגעקלאָגטע אינעם סאָביבאָרער פּראָצעס, געפינט זיך דער אָנגעקלאָגטער ערווין לאַמבערט (55) מויער־מייסטער פון שטוטגאַרט, וועלכער ווערט באַשולדיקט אין מיטהילף צו ייִדנמאָרד אין סאָביבאָר. אויף דער זעלבער אָנקלאַגע פון פאַרניכטן און מאָרדן ייִדן אין טויטנלאַגער טרעבלינקי, איז ער אויפן פּראָצעס פון געשווירענע אין דיסעלדאָרף פון 3 סעפּטעמבער 1965 פאַרמשפּט געוואָרן צו פיר יאָר תפיסה און צוליב דער אַפּעלאַציע געוואָרן צייטווייליק באַפרייט. ביים סאָביבאָרער פּראָצעס פון 6 סעפּטעמבער 1965, איז ער ווידער אַרעסטירט געוואָרן און ווערט באַשולדיקט, אַז ער האָט מיטגעבויט אָדער אויסגעבעסערט די גאַזקאַמערן אין סאָביבאָר.

שמעון קאַנץ

# דער משפּט איבער די הענקער פון סאָביבאָר

דריי טעג, פון ניין פרי ביז פינף נ.מ., מיט אַ שעהדיקן איבעררייס, זענען זיי געזעסן און אויסגעהערט דאָס עדות־זאָגן פון דער פרוי עדה ליכטמאַן, וועלכע האָט זיך אָפּגעזאָגט צו פאָרן קיין דייטשלאַנד, וווּ זי האָט געדאַרפט אַרויסטרעטן אַלס עדות אינעם פּראָצעס פון די נאַצי־מערדער אין טויטן־לאַגער סאָביבאָר, די פּראָקוראָרן, פאַרטיידיקער און ריכטער האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דאָס אַלץ, וואָס די פרוי ליכטמאַן דערציילט, איז אפילו נישט קיין איין פּראָצענט פון דעם מוראדיקן גיהנום, וואָס זי אַליין האָט איבערגעלעבט.

עס איז געקומען אַהער אַ פולער קאָמפּלעט פון דייטשע ריכטער און פּראָקוראָרן און אונטערן פאָרזיץ פון ישראלדיקן ריכטער ד״ר ביינסקי איז פאָרגעקומען דער געפעכט צווישן די באַשולדיקער און פאַרטיידיקער. אין אָנהויב פאַרביסן, אָבער וואָס ווייטער עס האָבן זיך געצויגן די רעלאַציעס פונעם עדות, אַלץ שטילער איז געוואָרן דער ליאַרם פון די פאַרטיידיקער. וואָס לענגער עס האָבן געדויערט די גיהינומדיקע שילדערונגען, אַלץ שוואַכער זענען געוואָרן זייערע צווייפלערישע פראַגן און אָפּפרעגנדיקע באַמערקונגען און אַלץ טיפער זענען געזונקען זייערע קעפּ צו דער ערד. אין די אויגן פון יידישן ריכטער, וועלכער האָט אַליין אויך איבערגעלעבט אַ היטלעריסטישן לאַגער, זענען געשטאַנען טרערן און זיין קול האָט זיך שווער דורכגעשלאָגן דורכן ענגגעוואָרגענעם האַלדז.

## קאָשמאַרפולע סצענעס

„פרעגט מיך נישט אויף קיין גענויע דאַטעס — האָט די פרוי ליכטמאַן אָפּגעוואָרפן די מאַטערנדיקע פראַגן פון די אַדוואָקאַטן — אין יענעם גיהינום האָט פאַר אונדז נישט עקזיסטירט קיין קאַלענדאַר. דאַקעגן געדענק איך יאָ און מיט דער גרעסטער גענויקייט דאָס וועטער, דעם אויסזען פון יעדן פון יענע טעג, וואָס איך דערצייל וועגן זייערע געשעענישן, ווייל זיי זענען געבליבן איינגעקריצט אין מיין זכרון אויף שטענדיק, אויפן גאַנצן לעבן".

די קאָשמאַרפולע סצענעס האָבן זיך שווער געלייגט אויף די געמיטער און געדיכטער געמאַכט די לופט אין גערעכטסזאַל. גרויליק וויקלט זיך דער וועג פון קראָקע, פון וואַנען די דייטשן האָבן זי פאַרטריבן, דורך מיעלעץ, דוביענקאָ און הרוביעשאָוו, די באַזונדערע עטאַפּן אין איר פּיינפולן און בלוטיקן וועג קיין סאָביבאָר. פיזישע און מאָראַלישע יסורים, געשלאָגן און דערנידעריקט, דעם מאַן, מאַרק ווייסבערג, דערהאַרגעט מיט שטיינער ביי דער אַרבעט אינעם לאַגער אין פּוסטקאָוו, קלעפּ און שמיץ דורכגייענדיק אויף די זאַמל־פּלעצער דורך שפּאַלערן פון אוקראַינער און דייטשע עס־עס־לייט.

שוין ביים אָנהויב, צוהערנדיק זיך צו די פּשוטע רייד פון דער דאָזיקער פרוי, כאַפּט מען זיך ווי עס פּליסטערן די אייגענע ליפּן: צי איז עס מעגלעך געווען? פון וואַנען האָט די דאָזיקע פרוי מיטן איידעלן פּנים און העל־בלויע אויגן גענומען אַזוי פיל כוח דאָס אַלץ דורכצומאַכן? פון וואַנען אַזוי פיל כוח דאָס אַלץ איבערצודערציילן?

עס איז נאָך גאָרנישט דערציילט געוואָרן. עס איז נאָר אַ שאָטן פון דעם וואָס איז געווען, און אפשר נאָר אַ שאָטן פון אַ שאָטן, און דאָס קול פון דער פרוי, איצט, נאָך אַזוי פיל יאָרן, קלינגט ווי ביי אַ תפילה: אָ, העלף מיר דערציילן, וואָס מיינע אויגן האָבן צוגעזען!

## טייוולאָניש געלעכטער פאַרטויבט געשריי פון גוססדיקע

און עס טויכן אויף די בילדער פון צעקאַטעוועטע און דערשאָסענע יידן. ווען מען האָט זיי אין די טויזנטער פאַרלאָדן אין דוביענקאָ אויפן צוג, וואָס איז געגאַנגען קיין הרוביעשאָוו, האָבן די דייטשע עראָפּלאַנען אַרומגעקרייזט נידעריק איבערן עשאַלאָן, אַזוי נידעריק, אַז מען האָט געזען די פּנימער פון די פליער, וואָס האָבן געשאָסן פון מאַשינגעווער אין די וואַגאָנען. ווען זיי האָבן אויף אַ מינוט איבערגעריסן דאָס שיסן, האָט מען געהערט ווי זיי לאַכן. זייער טייוולאָניש געלעכטער האָט פאַרטויבט דאָס געשריי פון די גוססדיקע.

אין וועג, ערגעץ פאַר דוביענקאָ, האָט מען זיי אויסגעלאַדעוועט פון די וואַגאָנען, אויף אַ פרייעם פּלאַץ, מכלומרשט אויף קאַראַנטין, געצוואונגען די פרויען און מיידלעך אויסצוטאָן זיך און טאַנצן נאַקעטע מיט די מענער.

דאָס קול פון דער פרוי ברעכט זיך. אויף איר פּנים

שפּיגלט זיך דאָס ברענענדיקע שפּלות־געפיל פון נישט־קענען דערציילן, די ווערטער שטאַרבן אָפּ און עס הערט זיך בלויז דער בת־קול פון יענע אימהדיקע טעג, מיט יעדן טאָג אַלץ גרויזאַמער און גרויליקער.

אינגאַנצן איין טאָג האָט מען זיי געהאַלטן אויף דעם אַרומגעצוימטן פּלאַץ אין הרוביעשאָוו, פון וואַנען מען האָט זיי באַלד ווידער פאַרלאָדן אין וואַגאָנען, ווי בהמות צום קוילען, אָבער אַזוי פיל יסורים, אַזוי פיל שיסערייען, וואָס האָבן נישט אויפגעהערט איבערן גאַנצן וועג.

געוויינלעך דאַרף דער וועג פון הרוביעשאָוו קיין סאָביבאָר דויערן נישט מער ווי עטלעכע שעה. אָבער דעמאָלט האָט ער זיך געצויגן אַן אייביקייט. נישט די פרוי ליכטמאַן, נישט קיינער פון די אַנדערע וויניק־לעבן־געבליבענע געדענקט ווי לאַנג זיי זענען דעמאָלט געפאָרן אין די פאַרהאַמערטע וואַגאָנען. יעדנפאַלס האָט עס זיך געצויגן לאַנגע טעג און נעכט. די דייטשע וועכטער האָבן זיך געשפּילט מיט זייערע קרבנות. ערגעץ אויף אַ סטאַציע פאַר סאָביבאָר האָבן אין די וואַגאָנען זיך אַריינגעריסן אוקראַאינער און גע־נומען רויבן צירונג. ווער עס האָט נישט באַוויזן באַצייטנס אַראָפּצונעמען די רינגלעך פון די פינגער, האָט מען ביי אים אָפּגעהאַקט די פינגער צוזאַמען מיט די רינגלעך. „נישט די רינגלעך און נישט די פינגער זענען אייך מער נישט נוי־טיק — האָבן די צעיושעטע אוקראַאינער „געטרייסט" זייערע קרבנות — נאָך אַביסל און מען וועט אייך אָפּפּרעגלען און פון אייך מאַכן זייף, מיסט".

אויך די פוילישע פויערים האָבן אָפּגעוואָרט די יידישע טראַנספּאָרטן פאַרן אַריינפאָרן אין לאַגער פון סאָביבאָר מיט געשרייען: „וואַרפט אונדז אַראָפּ אייער געלט. איר וועט זיך שוין מער פון טויט נישט אויסקויפן. איר פאָרט גלייך אין די גאַז־אויוונס".

## די „דרשה" פאַר די טראַנספּאָרטן

די געשרייען האָבן זיך דערשלאָגן צום באַוואוסטזיין פון די פאַרחלשטע פון הונגער און דורשט, פון יסורים און טויט־שרעק, און פון די וואַגאָנען האָבן זיך גענומען אַרויסרייסן מוראדיקע געשרייען, וואָס האָבן פאַרהילכט די לופט אינעם לאַגער. דער עס־עס־מאַן מיכעל, וועמען די לאַגערניקעס האָבן גערופן „דער בעל דרשן", ווייל ער האָט יעדן טראַנס־פּאָרט אויפגענומען מיט אַ צוגעגרייטער דרשה, האָט אָבער ביי די טראַנספּאָרטן פון פוילישע יידן נישט געהאַט שוין וואָס צו זאָגן. זיי האָט מען גלייך אויפגענומען מיטן סוויש־טשען פון די נאַהייקעס און שיסערייען פון פּיסטאָלעטן.

די פוילישע פויערים האָבן זייערע אויסרופן אויסגעש־ריגן אויך צו די יידישע טראַנספּאָרטן פון האָלאַנד און בעלגיע, פון עסטרייך און טשעכיע, פון בולגאַריע און גריכנ־לאַנד. אָבער יענע האָבן זיי נישט פאַרשטאַנען, און אַרייג־פאָרנדיק אין לאַגער איז פאַר זיי אויפגעטראָטן מיכעל מיט זיין דרשה: „איר מוזט זיין דיסציפּלינירט. טוט אויס אייערע מלבושים, בינדט זיי צונויף מיטן באַגאַזש, כדי איר זאָלט זיי גלייך נאָכן אויסבאָדן זיך, דערקענען, ווייל קיין נייע מלבושים וועט איר דאָ מער נישט קריגן". די יידן האָבן געגלויבט און אין מוסטערהאַפטער אָרדנונג פאַרפּאַקט זייע־רע זאַכן, וועלכע זיי האָבן מער נישט געזען. אין אַ שעה שפּעטער האָט שוין נישט געלעבט קיינער פון זיי, חוץ די פאַכמענער, וואָס מען איבערגעלאָזט אויף אַרבעט.

פון דעם טראַנספּאָרט, מיט וועלכן עדאַ ליכטמאַן איז אָנ־געקומען קיין סאָביבאָר אין איינעם פון די נאָך־שבועות־טעג פון יאָר 1942, זענען דעמאָלט אויסגעקליבן געוואָרן צו דער וועשעריי נאָר דריי פרויען. דער גאַנצער טראַנס־פּאָרט פון זיבן טויזנט יידן איז אינעם זעלבן טאָג אומגעקו־מען אין די גאַז־אויוונס.

דער עס־עס־אָפיציר האָט זיי מיט אַ ווונק פונעם פינ־גער אַרויסגערופן פון דער ריי, געפרעגט זי וועגן איר באַ־שעפטיקונג, און ווען זי האָט געזאָגט, אַז זי איז געווען אַ לערערין, האָט ער מיט זיינע געהילפן אַרויסגעפּלאַצט אין אַ שרעקלעכן געלעכטער: „מיר וועלן דיך איבערדערציען אין אַ וועשין... קלויב זיך אויס נאָך צוויי פריינדינס". אירע נאָענטסטע חברטעס זענען שוין געווען אויף יענער זייט טויער, אויפן וועג צו דער קרעמאַטאָריע. איר איז נאָך גע־לונגען אַרויסצוכאַפּן פון דער ריי די צוויי מיידלעך: בעלאַ סאָבאָל און סערקאַ קאַץ.

## הימלשרייענדיקער געיאָמער אין דער נאַכט

אין דרייען האָבן זיי אָרגאַניזירט די ערשטע וועשעריי אין לאַגער, ביז דעמאָלט זענען אויך די דייטשע אָפיצירן אַרומגעגאַנגען שמוציק און פאַרלויזיקט. שפּעטער איז זיך די וועשעריי צעוואַקסן. עס זענען צוגעקומען נאָך פרויען פון אַנדערע טראַנספּאָרטן, וואָס זענען אָנגעקומען יעדן טאָג, צו צוויי און דריי טעגלעך.

די ריכטער זעען ווי שווער עס קומט אין אָן דאָס דער־ציילן און זיי רעדן צו איר ווייך: „דערציילט, דערמאָנט זיך וויפל איר קאָנט און ווי אַזוי איר קאָנט".

די געשפּאַנטקייט אין זאַל שפּאַנט אויף דעם זכרון פון דער פרוי. זי פילט אויף זיך די גוטע אויגן פון יידישן ריכ־טער ד"ר ביינסקי, פון דער סטענאָטיפּיסטין, די סערזשאַנ־טין פון דער משטרה, פרוי העלע קאָזלאָווסקי, וואָס פאַר־

שרייבט איר יעדעס וואָרט און קען קוים איינהאַלטן אין זיך די טרערן.

די דייטשן ווילן נישט הערן דאָס וואָס זי ווייסט צו דערציילן, נאָר דאָס וואָס זי האָט געזען מיט די אייגענע אויגן. אָבער ווי קען זי נישט־דערציילן וועגן די מוראדיקע געשרייען פון די פרויען, וואָס זענען אָנגעקומען מיט אַ ביינאַכטיקן טראַנספּאָרט. זייער הימלשרייענדיקער געיאָמער איז אויף אַ מינוט שטיל געוואָרן און ווידער זיך אָנגעהויבן, געבויערט די ביינער, דעם שאַרבן, די נשמה. און די עס־עס־לייט האָבן זיך צומאָרגנס באַרימט, אַז זיי האָבן פאַר די אויגן פונעם גאַנצן טראַנספּאָרט פאַרגוואַלדיקט די שענסטע פרויען.

אָט די אַלע וואַכלייט אין שוואַרצע און גרינע אוניפאָרמען האָבן דערמאָנט אין פּי־אַנטרייבער ביי אַ שעכטהויז. פאַר זיי זענען די אָנגעקומענע נישט געווען קיין לעבעדיקע מענטשן, און זיי האָבן געלאַכט צוזעענדיק ווי קרבנות ווייזן נאָך אַרויס שעמעוודיקייט, ליבע צו זייערע קינדער, שרעק, זאָרג וועגן זייערע נאָענטע. זיי איז געווען קאָמיש, וואָס די מוטערס בעטן זיך ביי די קינדער, זיי זאָלן נישט אַפּלויפן אַן אַ זייט, פאַריכטן אויף זיי די קליידער; וואָס די מיידלעך פאַריכטן זיך די האָר און האַלטן דערשראָקן צו די קליידלעך, ווען די זעלנער ציען זיי צו זיך.

## דער אויפשטאַנד

געוויינלעך זענען די טראַנספּאָרטן אָנגעקומען בייטאָג. אין איינעם אַזאַ הייסן טאָג איז אָנגעקומען אַ טראַנספּאָרט מיט מענטשן, וואָס האָבן שוין עטלעכע מעת־לעת נישט געהאַט קיין טראָפּן וואַסער אין מויל. דער עס־עס־אָפיציר לאַכמאַן האָט דערלויבט עטלעכע מענטשן ברענגען וואַסער. אָבער אויפן אָרט האָט שוין אויף זיי געוואַרט דער אונטערשטורמפירער מיכעל, וואָס האָט זיי געטריבן מיט אויפגעהויבענע הענט צום ראָוו, וועלכער האָט געדינט פאַר אַ קלאָזעט. דאָרט האָט ער זיי געצוווּנגען אויסצושמירן זיך דאָס פּנים און דעם קערפּער מיט צואה און אַזוי אומקערן זיך צו די מענטשן פון טראַנספּאָרט, וואָס האָבן זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס.

און דאָך גרויס איז די קראַפט פון מענטשלעכקייט. דער מענטש, וועלכן עס הרגעט די טריומפירנדיקע חיה, בלייבט דאָך מענטש. ביזן לעצטן אָטעם־צוג היט ער איין די קראַפט פון זיין נשמה, דעם ברען פון ליבע. און די חיה, וואָס הרגעט דעם מענטש, בלייבט נישט מער ווי אַ חיה, און די צייט פון איר טריאומף, ווי גרויזאַם עס זאָל נישט זיין, איז קורץ.



עס דערשיטערן ביז די טיפסטע טיפענישן די דערציילונגען פון עדאַ ליכטמאַן און איר מאַן, וואָס זי האָט באַקענט נאָכן אויפשטאַנד אין סאָביבאָר, אין וועלכן ביידע האָבן אָנטיילגענומען. זיי דערציילן וועגן דעם ווי די לעבעדיקע סאָביבאָרער מתים האָבן ביז דער לעצטער רגע אָפּגעהיטן נישט בלויז די מענטשלעכע געשטאַלט, נאָר אויך די מענטשלעכע נשמה. זיי דערציילן וועגן פרויען, וואָס האָבן געפּרוּווט ראַטעווען זייערע זין און טעכטער און זענען געגאַנגען אויף גרויסע און האָפענונגסלאָזע העלדן־טאַטן: וועגן יונגע מוטערס, וואָס האָבן מיט זייערע קערפּערס זיך געמיט צו פאַרשטעלן זייערע קינדער. קיינער ווייסט נישט און וועט שוין קיינמאָל נישט וויסן די נעמען פון אָט די העלדישע פרויען. זיי דערציילן וועגן דעם יידישן קאַפּיטאַן פון שפּאַנישן בירגער־קריג, וואָס האָט באַלד נאָך זיין קומען אין לאַגער געפּרוּווט אָרגאַניזירן אַן אויפשטאַנד. ווען די היטלעריסטן האָבן זיך וועגן דעם דערוווּסט, האָבן זיי אויסגעקליבן 72 מענער און אוועקגעפירט אין דער ריכטונג פון דער קרעמאַטאָריע. זיי האָבן געשטעלט אַ ווידערשטאַנד מיט די בלויזע הענט און זענען אַלע אויסגעשאָסן געוואָרן. מיט דער מאַסאַקרע האָט אָנגעפירט דער אָבערשאַרפירער קאַרל פרענצל, וואָס ווערט איצט געמישפּעט אין דייטשלאַנד. צוריקקומענדיק פונעם שלאַכטפעלד האָט ער אויף גיך געהייסן צונויפשטעלן אַ פּאַרקעט ברעטער, גערופן דעם אָרקעסטער, צונויפגענומען די פרויען און מיידלעך און געהייסן זיי טאַנצן און זינגען. די ברעטער זענען נאַס געוואָרן פון זייערע טרערן.

דער זעלבער פרענצל האָט געכאַפּט אַן עלף־יאָריק ייִנגל ביים עסן אַ שאַכטל סאַרדינען, האָט ער צונויפגעזאַמלט די יידן פון אַלע באַראַקן און פאַר אַלעמענס אויגן אַליין דערשאָסן דאָס ייִנגל.

ווי אַן עכטער אינדוסטריעלער קאָמבינאַט איז סאָביבאָר נישט אַנטשטאַנען מיטאַמאָל. דער לאַגער איז געוואַקסן בהדרגהדיק, האָט זיך אַנטוויקלט, געבויט נייע צעכן, און געאַרבעט האָט מען דאָרט נאָר פאַר די דייטשע אָפיצירן און וואַכלייט. מען האָט פאַר זיי און זייערע פרויען און געליבטע גענייט אָנצוגן און מאַנטלען, טייערע קליידער און פוטערס. בלויז ווייניקע האָט מען געשיקט אין וואַלד, וואָרפן ביימער און זעגן האָלץ. איין מאָל איז אַזאַ גרופּע יידן באַפאַלן זייער וועכטער, אים דערהאַרגעט און אַנטלאָפן. נקמה האָבן די דייטשן גענומען אין די איבערגעבליבענע. אָבער אַלע האָבן באַוווּנדערט זייער העלדישקייט און געחלומט פון גיין אויף זייערע וועגן.

דער היטלעריזם האָט אָפּגענומען ביי אָט די מענטשן זייער היים, זייער לעבן. זיי האָבן אָבער אויף אייביק אָפּ־

געהיטן דעם שענסטן נאָמען, וואָס די היטלעריסטישע באַנדע האָט נישט געקענט אויסמעקן — דעם נאָמען מענטש.

## דער אויפשטענדלער קאָמיטעט

אַזאַ פּראַקטיקע געשטאַלט איז געווען סאַשאַ פּיעטשערסקי, וועלכער איז געברענגט געוואָרן אין לאַגער מיט אַ גרופּע געפאַנגענע יידן פון דער סאָוויעטישער אַרמיי און איז גלייך צוגעטראָטן שאַפן דעם אויפשטענדלער־קאָמיטעט, צו וועלכן עס האָבן געהערט אויך די העלדן לייבל פעלהענדלער, שאול פליישהאַקער און צענדליקער אַנדערע, וואָס זענען אַרומגעכאַפּט געוואָרן מיטן געפיל פון ביטערער נקמה און אומגעהויערן האַס.

אין די אַרבעטער־באַראַקן האָט זיך אַנגעהויבן באַוויזן געוועור: העק, מעסער. מיט וואָס פאַר אַ ווילדער ריזיקע דאָס איז געווען פאַרבונדן! וויפל אויסערגעוויינלעך געדולד, אויפטוערישקייט און פלינקייט האָט מען געדאַרפט פאַרנוצן, כדי אויסצובאַהאַלטן דאָס אַלץ. מען האָט געזאַמלט פּיסטאָלעטן און ביקסן. דאָס האָט געקאָסט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונג פון כוחות, שכל, ווילן, געוואַגטקייט. פון די וואַךשטיבלעך האָט מען אַרויסגענומען ביקסן און קוילן. די אָנטיילנעמער פון דער פאַרשווערונג האָבן זיך איינגעטיילט אין גרופּן. דער קאָלאָסאַלער קאָמפּליצירטער פּלאַן פון אויפשטאַנד איז פונאַנדערגעאַרבעט געוואָרן ביז די קלענסטע פּרטים. יעדע גרופּע האָט געהאַט איר פּינקטלעכע אויפגאַבע און יעדע אויפגאַבע האָט זיך געגרענעצט מיט משוגעת. אייניקע איז אָנגעטרויט געוואָרן שטורמען די טורמעס, ווו עס זענען געזעסן וואַכלייט מיט קוילנוואַרפערס. אַנדערע האָבן געדאַרפט אַריינגאַרן די אָפיצירן אין די וואַרשטאַטן. נאָך אַנדערע האָבן געדאַרפט אומגעריכט אַטאַקירן די וואַכלייט, וואָס האָבן זיך געדרייט ביי די דורכגענג. ספּעציעלע מענטשן האָבן גענומען אויף זיך דאָס איבערשניידן די טעלעפאָן־פאַרבינדונג, איבעררייסן דעם עלעקטרישן שטראָם און מאַכן דורכגענג דורכן שטעכיקן דראָט.

דער שטאַב פונעם אויפשטאַנד האָט אַפילו אויסגעאַרבעט דאָס באַזאָרגן די אַנטלויפנדיקע מיט געלט און ביזשוטעריע, און די ערלעכקייט, מיט וועלכער די מענטשן האָבן דאָס אַלץ צוגעגרייט און דורכגעפירט, איז אין לשער.

דער אויפשטאַנד איז באַשטימט געוואָרן אויפן 14־טן אָקטאָבער 1943. זיבן הונדערט טויט־פאַראורטיילטע האָבן מיט גרויס התלהבות גענומען זייער גורל אין די הענט אַריין.

פון די זיבן הונדערט אַנטלאָפענע פון סאָביבאָר זענען נאָר עטלעכע און דרייסיק געבליבן לעבן ביז איצט. פון אַלע



זייטן האָבן זיך אַ לאָז געטאָן עס־עסישע און פּאָליצייִשע אָפּטיילן פאַרפאָלגן די אַנטלאָפענע. די דייטשן האָבן מאָבליזירט די אַוויאַציע און די פויערים פון די פּוילישע דערפער האָבן זיי מיטגעהאָלפן אין זייער געיעג. בלויז געציילטע האָבן אַרויסגעוויזן מיטלייד צו די יידישע קרבנות.

אויך עדה ליכטמאַן און אירע צוויי חברטעס, איינע אַ האָלענדישע פרוי, אַלינאַ שטערן־סאָפּראַן, איז מיט דער הילף פון פּאַליאַקן געלונגען צו דערקלייבן זיך צו די פּאַרטיזאַנער אין די פּאַרטשעווער וועלדער, ווו זיי האָבן פאַרגעזעצט דעם קאַמף קעגן די דייטשע חיילות. אָבער ביז דאָס איז געשען האָבן זיי לאַנגע טעג און נעכט געוואַנדערט אַרום דעם לאַגער, גענערט זיך מיט בלעטער פון ביימער און ווילדע שוואָמען, וואָס האָבן געברענט זייערע אינגעווייִדן און זיי האָבן געבעטן אויף זיך דעם טויט.

## „אַ ווונדערבאַרע רייזע"...

און עס איז געשען, אַז ווען אַדאַ ליכטמאַן האָט אויפגעהערט רעדן און דער ריכטער האָט דערקלערט אַן איבעררייס, זענען צוגעגאַנגען צו איר די פאַרטיידיקער פון די תליינים און פאַרשעמטע גערעדט:

„ווי אַזוי האָט אַזעלכעס געקענט געשען? ווי אַזוי געפינט מען ווערטער פאַר דעם אַלעם?"

„אָבער איר פאַרטיידיקט זיי דאָך?" — האָט די פרוי נישט געקענט פאַרשטיין.

די אויגן ביי ביידע פאַרטיידיקער האָבן זיך אַראָפּגעלאָזט און איינער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער ברייט:

„ניין. נישט גערן האָבן מיר מסכים געווען צו נעמען אויף זיך די דאָזיקע ראָל. מען האָט זי אונדז אָנגעוואָרפן אַמטלעך".

דער צווייטער האָט צוגעגעבן:

„גוט וואָס איר האָט נישט איינגעשטימט צו קומען קיין דייטשלאַנד... מיר האָבן דערביי פאַרדינט אַ רייזע קיין ישראל, אַ ווונדערבאַרע רייזע..."

עמעץ פון די אַנוועזנדע אין זאַל, וואָס האָט זיך צוגעהערט צום דאָזיקן געשפּרעך, האָט זיך אָנגערופן:

„אומגעהויער גרויס איז דער טייך פונעם אומשולדיקן בלוט, וואָס די דייטשן האָבן פאַרגאָסן. מיינט איר נישט, אַז מיטן פאַרטיידיקן די גרויזאַמע פאַרברעכער, שטרייכט איר אונטער די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דייטשן פאָלק פאַר דעם, וואָס עס איז פאַרגעקומען?"

די פאַרטיידיקער האָבן זיך שטיל אָוועקגעשאַרט. די פראַגע איז געבליבן אָן אַ ענטפער.

בן מתתיהו

# דער וועג פון שטאָט צום וואַלד

צום אָנדענק פון צביה האָלצמאַן זעלדע און איר זון יאַנקל בראָנשטיין, רבקה האָלצמאַן, שלמה און מאַטיס שאַפּירשטיין, וועלכע זענען אומגעקומען אין יענע גרויליקע טעג.

דער מרחק פון שטאָט צום וואַלד איז נישט מער ווי אַ שעה צייט און אפשר ווייניקער, אָבער פאַר די לעצטע, וועלכע זענען לעבנגעבליבן נאָך אַלע אַקציעס איז דאָס וואָרט וואַלד געווען אַ חלום, און דאָס קענען אַהין דערגרייכן האָט אויסגעזען צו זיין אַ פאַנטאַזיע. וואָכן לאַנג פלעגט מען פּלאַנירן, טראַכטן און זוכן אַ געלעגנהייט צו קאָנען אַנטלויפן אין וואַלד, וואָס איז אין יענער שרעקלעכער' צייט, ווען די געסטאַפּאָ, אוקראַינער און פאָלקס-דייטשן האָבן זיך געיאָגט נאָך די' יידישע קרבנות, געווען דאָס איינציקע רעטונגס־אָרט. דער געדיכטער וואַלד האָט דאַן אויסגעזען צו זיין אַן עיר מקלט, ווו מען קען זיך אַרויסדרייען פון נאַצישן מלאך המוות.

דאָס אהינקריגן זיך האָט אין יענע טעג אויסגעזען אומגלויבלעך. די, וועלכע עס איז געלונגען אַרויסצוקריגן זיך פון שטאָט און אָנקומען אין וואַלד האָבן אַ סך צו דערציילן וועגן די שרעקלעכע פיינען, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט, שרעק, מאַטערנישן, אָבער אויך געוואַגטקייט און גבורה, לויפענישן פון איין בונקער צום אנדערן, איבער פאַרשידענע באַהעלטענישן. וועגן אָט די איבערלעבענישן איבער די בלוטיקע וועגן דערציילן די, וועלכע האָבן דאָס אַלץ דורכגעמאַכט און זענען על פּי נס לעבנגעבליבן. יעדער באַזונדער ווי ער האָט דאָס אַלץ איבערגעלעבט אויפן וועג פון שטאָט אין וואַלד.

## פּנים־אל־פּנים מיטן גרויל פון אומקום

וויגדער דערציילט:

...וולאָדאַווע איז שוין געווען יידנריין. עס זענען געבליבן בלויז די אויסבאַהאַלטענע אין די בונקערס אין פאַרשידענע ערטער פון שטאָט, ווו אַיינער האָט געקאָנט, אין פאָלקענבערגס אַרבעטס-לאַגער.

פרייטיק, 6־אַזייגער פאַרטאָג, האָט אין מיין בונקער אָנגעקלאָפּט שמאי ראָוונערס אייניקל און אָנגעזאָגט, אַז מען נעמט אַרויס אַלע, וועלכע זענען נאָך געבליבן אַרבעטן אין לאַגער. מיין בונקער האָט זיך געפונען אונטער אַ מאַנגל. אין דאָזיקן שטיקנדיקן גרוב האָבן זיך אויסבאַהאַלטן די איבערגעבליבענע פון מיין משפחה: אַ שוועסטער, אַ שוואַגער, אַ קוזין, יידל פורערס פרוי. צוזאַמען צוועלף פּערזאָן.

מיר האָבן געהערט ווי די געסטאַפּאָוצעס גייען אַרום אויבן ביי מיר אין שטוב און זוכן, האָבן געפונען עטלעכע באַהאַלטענע מיידלעך, ביי וועלכע זיי האָבן זיך געוואָלט דערוויסן וועגן אַנדערע באַהעלטענישן, אָבער די מיידלעך האָבן נישט אויסגעגעבן אונדזער בונקער.

דריי טעג זענען מיר אַזוי געלעגן אָן לופט. מאָנטיק זענען מיר אַרויס און איך האָב זיך דערוווּסט, אַז עס לעבן נאָך יידן אין פאָלקענבערגס לאַגער. מיר זענען אַוועק מיט פאַרשידענע הינטערוועגן ביז צו דער אקאַנינקער בריק. מיר זענען געגאַנגען אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט און ביי דער בריק האָבן מיר באַגעגנט עטלעכע יידן, וואָס זענען געגאַנגען אויף צוריק. זיי זענען געווען פאַרצווייפלט און רעזיגנירט, נישט געוווּסט וווהין צו גיין. אומעטום האָט געלויערט דער טויט.

מיר האָבן זיך מיט זיי צוריקגעקערט צו פֿאַלקענבערגן נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין חשבון וואָס מיר טוּן. דער וועג אויף צוריק איז אויך געווען מיט גרויסע שוועריקייטן ביז מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען אין אַרבעטס-לאַגער, ווו איך האָב געטראָפֿן אַריהן און ער האָט אונדז דערציילט, אַז אין לאַגער איז נישטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר מענער און עס קומען פֿאַר ווייטערדיקע אַקציעס. ווידער האָט זיך אין אונדז דער־וועקט דער שטאַרקער לעבנס-ווילן און מיר האָבן באַשלאָסן צוריקצוגיין קיין אקאַנינקע. מען האָט געמוזט וואַרטן ביז עס וועט ווערן פֿינצטער און מיר האָבן דערפֿאַר זיך אויס־געזוכט אַ באַהעלטעניש, ווו איבערצוקומען דעם טאָג און ערשט אויף דער נאַכט זענען מיר אַוועק.

נאָך אַ גאַנצע נאַכט גיין זענען מיר פֿאַרטאָגס, מידע און פֿאַרמאַטערטע, איינגעשלאָפֿן אונטער די ביימער. עס איז פֿאַרבייגעגאַנגען אַ פּויער און ער האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר געפֿינען זיך גאָר נאָענט פֿונעם דאָרף סאַביבאַר. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן אַ גאַנצע נאַכט געבלאָנדזשעט און מיר האָבן זיך ווידער געלאָזט גיין אויפֿן וועג קיין אקאַ־נינקע. דער הונגער האָט אונדז געפּייניקט און ווען מיר האָבן באַגעגנט אַ באַקאַנטן פּויער, האָב איך אים אָפּגעגעבן מיין פֿרויס מאַנטל (זי האָט שוין דאַן נישט געלעבט), ער זאָל אונדז ברענגען ברויט. דערנאָך האָבן מיר באַגעגנט וולאַדעקן, אַ באַקאַנטער קריסט, וואָס האָט אונדז געראָטן צו וואַרטן אויף אַ געוויסן פּלאַץ ביז עס וועט צופֿאַלן די נאַכט און ער וועט צוריקקומען נעמען אונדז צו זיך.

מיר האָבן נישט געזען קיין אַנדערן אויסוועג און אַוועק־געזעצט זיך וואַרטן ביז וולאַדעק איז געקומען און האָט אונדז גענומען צו זיך, געגעבן אָפּצועסן און געמאַכט פֿאַר אונדז אַ פּלאַץ צווישן שטרוי צום שלאָפֿן. פֿאַרטאָגס האָט ער אונדז אַוועקגעפֿירט צום מאַשעקיעוויטשן אין סטאָדאָלע, ווו מיר זענען געבליבן עטלעכע טעג און דער פֿיינער קריסט מאַשעקיעוויטש האָט אונדז געבראַכט עסן.

אין אַ געוויסן טאָג איז ער אַריינגעקומען אַ פֿאַרזאָרג־טער, געזאָגט, אַז מיר מוזן אַוועקגיין, ווייל אין דאָרף ווייסט מען, אַז אין דער סטאָדאָלע באַהאַלטן זיך אויס יידן.

נישט האָבנדיק קיין אויסוועג האָבן מיר באַשלאָסן זיך אומצוקערן צוריק קיין וולאַדאַווע צו פֿאַלקנבערגן. הערש־חיים באַדער מיט זיין פֿאַמיליע זענען אַוועק קיין פּינסק, ווו עס האָבן אַמאָל געוווינט זיינע עלטערן. הערש-חיים האָט געהאַפֿט, אַז די באַקאַנטע גויים וועלן אים העלפֿן, אָבער ווי מיר האָבן זיך שפּעטער דערוווּסט האָבן די אייגענע גויים ביי זיי אַלץ צוגענומען און אַלע אויסגעהאַרגעט.

פֿאַלקענבערגן האָבן מיר געקאָנט און איך בין אַוועק



רעדן מיט אים וועגן איינאָרדענען אונדז, אָבער ער האָט מיר געענטפֿערט מיט די ווערטער: „די וועלט איז גרויס. לויף וווהין דו קאָנסט, ראַטעווע זיך".

מיר זענען אַריין אין אַ שאַפּע, אין וועלכער מיר האָבן געטראָפֿן פֿייגען הערשל טוביהס טאָכטער און זי האָט אונדז געגעבן אַ ביסל ברויט. מיר זענען דאָרט געבליבן עטלעכע טעג און צוזאַמען מיט יאַשען זענען מיר אַוועק קיין אַדאַמ־פּאָל.

אין יענער נאַכט האָט געגאָסן אַ שטאַרקער רעגן און מיר זענען אַ גאַנצע נאַכט געקראָכן אין די בלאָטעס. דער וועג איז געווען זייער אַ שווערער, אָבער אַ זיכערער, ווייל אין ערגעץ האָבן מיר זיך נישט אָנגעטראָפֿן אויף קיין לעבע־דיק נפֿש. דורכגענעצטע ביזן לייב זענען מיר אָנגעקומען קיין אַדאַמפּאָל און זיך אויסבאַהאַלטן אין לייזער ווירקערס סטאָדאָלע, ווו מיר האָבן געטרוקנט אונדזערע מלבושים און דערנאָך איבערגעגאַנגען אין אַ סכראָן אונטערן מיסט, די שלעכטע ריחות זענען געווען נישט איבערצוטראָגן. דערצו האָבן מיר באַמערקט ווי די דייטשן דרייען זיך אַרום און זוכן יידן אין די באַהעלטענישן. עס איז געווען קלאָר, אַז מיר וועלן דאָ לאַנג נישט קענען בלייבן.

מיר האָבן דאַן באַשלאָסן צוצוגיין צו מיין שוועסטער, וואָס איז געבליבן אין אקאַנינקע. מיר איז געלונגען צו קויפֿן עטלעכע ברויט און ביינאַכט האָבן מיר זיך ווידער אַוועק־געלאָזט אויף אונדזער וואַנדער-וועג. דאָסמאָל האָבן מיר שוין נישט געבלאָנדזשעט און מיר זענען אַריין צו מאַשעקי־עוויטשן אין סטאָדאָלע. ער האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז מיין שוועסטער מיט אירע משפּחה לעבן און ער האָט זיי טאָקע צוּוויסן געטון וועגן אונדז. ביינאַכט איז געקומען מיין שוואָ־גער און ער האָט אונדז גענומען צו זיך.

אויפֿן וועג האָבן מיר זיך אָנגעטראָפֿן אויף אַ מאַן און מיר האָבן זיך געוואָלט באַהאַלטן, אָבער ער האָט אונדז באַ־מערקט און גערופֿן, אַז מיר זאָלן נישט אַנטלויפֿן. צוקומענ־דיק האָט ער אונדז געגעבן אַ ברויט מיט אַ שטיקל זייף און דערציילט, אַז ער איז אַ ייד און זיין נאָמען איז קאַגאַ־נאָוויטש, פֿון רוסלאַנד. ער האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז ער איז דאָ אַראָפּגעוואָרפֿן געוואָרן מיט אַ גרופּע און עס איז אים אויף אַרויפֿגעלייגט געוואָרן אַ געהיימע שליחות.

מיר האָבן אים באַדאַנקט און אַוועק ווייטער צו מיין שוועסטער, וועלכע האָט שוין געהאַט איר באַהעלטעניש אין וואַלד. צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע יידן זענען זיי געווען אין אַ גרוב באַדעקט מיט צווייגן.

דאָס אָרט איז נישט געווען קיין געזיכערטס, ווייל די שקצים, וואָס פֿלעגן פּאַשען די בהמות אין וואַלד, האָבן גע־

ווּסט, אַז עס באַהאַלטן זיך דאָ אויס ייִדן. נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר באַשלאָסן צוריקצוגיין קיין אַדאַמפּאָל.

דער וועג איז געווען אַ שווערער און אַ געפֿערלעכער. מיר האָבן זיך געמוזט אויסבאַהאַלטן צווישן די סנאָפּעס. איך האָב געוווּסט, אַז ביים דאָרף דאַבראַפּאָלע געפֿינען זיך עטלעכע ייִדן און זיי פֿאַרנומען זיך מיט פֿיטערן די אקסן, וואָס האָבן געדרייט די צעגיעלניע. מיר האָבן זיי גערופֿן, אָבער קיינער האָט נישט געענטפֿערט. דערנאָך האָט אונדז דער גאַיאָווע דערציילט, אַז מיט אַ טאָג פֿריער האָט מען אַלע אויסגעשאָסן. ער האָט אונדז צוגעפֿירט צו אַ גרוב, ווו די ייִדן זענען געלעגן און צווישן די געשאָסענע זענען געווען מנשה שניידערמאַן און זיין פֿרוי שרה, אַרטשעלע מיטן זון משה פֿון דעפּטיק מיט זיין פֿרוי, אברהם פֿעלדמאַן, יעקב פֿעלדמאַן, אפֿרים קאַדניער א.א.

מיר זענען גלייך אַוועק און אַריין אין וואַלד צום גאַיאָווע פּאַפּינסקי. זיין פֿרוי האָט אונדז פֿריינטלעך אויפֿגענומען, געגעבן אונדז ברויט, אָבער געבעטן אונדז, אַז מיר זאָלן אַריינגיין אויך צו אירס אַ שכנטע און נעמען ביי איר ברויט, כדי זי זאָל נישט קענען מסרן, אַז די פּאַפּינסקיס העלפֿן ייִדן. זי האָט אונדז אויך דערציילט, אַז אין וואַלד, נאָענט פֿון איר, לעבט אַ פֿאַרוווּנדעטער ייִד, שאַבזאָן.

ווען עס האָט געגומען ווערן טונקל האָט זי אונדז געגעבן נאָך ברויט און געהייסן אונדז גיין אין וואַלד, ווייל זי האָט מורא, אַז מען קען זיך דערוויסן, אַז זי באַהאַלט אויס ייִדן און פֿאַר דעם האָט געדראָט, אַז מען זאָל זי און איר גאַנצע משפּחה אויסשיסן.

אַזוי האָבן מיר זיך אַרומגעוואַלגערט אין די וועלדער, הונגעריק, שמוציק, ווו געטאָגט נישט געגעכטיקט, יעדעסמאָל אויף אַ נייעם פּלאַץ, מיט פּחד פֿאַרן טויט וואָס האָט געלויערט אויף טריט און שריט. די שוץ־פּאָליציי פֿון ראַזשאַנקע פֿלעגט זיך אָפֿט אַריינרייסן אין וואַלד און אויסהרגענען ייִדן אין זייערע באַהעלטענישן.

עס זענען אַוועק חדשים און יאָרן און דער נאַצישער מלאך המוות האָט נישט אויפֿגעהערט יאָגן זיך נאָך אונדז. נסים זענען געשען און מיר זענען געבליבן לעבן.

## דער ייִדישער וואַלד

שמואל הערצקעס זון דערציילט:

עס איז געווען פֿרילינג 1943. איך האָב אין יענער נאַכט גענעכטיקט ביים טאַטן אין שטוב. פֿון אונדזער גאַנצער משפּחה איז געבליבן בלויז דער טאַטע און אַ ברודער, וואָס איז אַנטלאָפֿן אין וואַלד. אינדערפֿרי האָבן מיר דערזען, אַז



דער גאַנצער מאַרק איז אַרומגערינגלט מיט אוקראַינער און פֿאַרשטאַנען, אַז עס הייבט זיך אָן אַ נייע אַקציע.

דער טאַטע האָט מיר געראָטן לויפֿן אין פֿאַלקענבערגס אַרבעטס־לאַגער, ווייל דאָרט וועט מן הסתם נישט זיין קיין אַקציע, אָבער איך האָב זיך נישט געוואָלט שיידן מיטן טאַטן. ער האָט נישט אויפֿגעהערט מיך איבערצוצייגן, אַז איך דאַרף זיך ראַטעווען, איך בין יונג און קען בלייבן לעבן. מיט כוח ממש האָט ער מיך צוגעפֿירט צום פּלויט פֿונעם לאַגער אַקעגן זיגלמאַנס מויער און געצוווּנגען מיך אַריבערצושפּרינגען אויף דער אַנדערער זייט פּלויט. מיר האָבן נישט אויסגערעדט צווישן זיך קיין וואָרט, בלויז מיט די אויגן זיך געזעגנט. מער האָב איך מיין טאַטן נישט געזען.

אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז די אַקציע האָט אַרומגענומען אויך דעם לאַגער. צוזאַמען מיט נאָך אייניקע האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ בונקער. ליגנדיק דאָרט האָבן מיר געהערט ווי די דייטשן זוכן אין דעם הויף, גייען איבער די שטובן און שטעכן דורך יעדן קעגנשטאַנד מיט אייזערנע שטעקנס. דער בונקער איז אָבער געווען אַ טיפֿער, מיט אַ דאָפּלטער וואַנט און זיי האָבן אונדז דערפֿאַר נישט באַמערקט.

עטלעכע טעג שפּעטער איז צו אונדז דערגאַנגען, אַז פֿאַלקנבערג נעמט ווידער אָן ייִדן צו דער אַרבעט. מיר האָבן זיך דערפֿרייט, ווייל אין דעם שמאָלן שטיקנדיקן בונקער וואָלטן מיר לאַנג נישט געקענט אויסהאַלטן.

אַרויסקומענדיק האָבן מיר זיך גלייך אָנגעטראָפֿן אויף ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן זיך געוואָרפֿן אויף אונדז, געשלאָגן און צוגעפֿירט צו אַ גרופּע מענער און פֿרויען, וועלכע זענען געווען באַשטימט צו פֿאַרשידענע אַרבעטן. אויך מיר האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן און ווידער געמאַכט פּלענער וואָס ווייטער צו טון. איך האָב נאָך אַלץ געהאָפֿט, אַז מיין ברודער, וואָס האָט זיך שוין דאַן געפֿונען אין וואַלד, וועט קומען מיך נעמען. אַזוי האָבן מיר זיך געהאַט אָפּגערעדט.

נאָך אַ קורצער צייט האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז מען גרייט זיך אַרויסצונעמען אַלע מענער און אין לאַגער וועלן בלייבן בלויז די פֿרויען. באַלד זענען טאַקע אָנגעקומען אוקראַינער און אַרומגערינגלט פֿאַלקנבערגס לאַגער. די מענער זענען זיך צעלאָפֿן, ווו איינער האָט געקאָנט. איך בין אַריין צווישן שטאַבלירטע ברעטער און זיך דאָרט באַהאַלטן.

די אוקראַינער האָבן גענומען זוכן די באַהאַלטענע און מיר האָבן פֿון דערווייטנס געזען ווי זיי פֿירן אַרויס אַנטאָן גרובער, אַ שטאַרק צעשלאָגענעם צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע. זיי האָבן יעדע מינוט געקענט צוקומען צו די ברעטער און איך האָב זיך גענומען אַרויסשאַרן פֿון מיין באַהעלטעניש, פֿון וואַנען איך בין געלאָפֿן אויפֿן פֿרייען פֿעלד און דאָרט זיך

אוועקגעלייגט. אין האַרץ האָט געטליעט די האָפענונג צו טרעפן זיך מיט מיין ברודער.

ליגנדיק אין פעלד האָב איך דערזען אַ בילד, וואָס איך קען נישט פאַרגעסן מיין גאַנץ לעבן. אין די שווערסטע צייטן האָט מיך באַגלייט דאָס דאָזיקע בילד צוזאַמען מיט דער נייגעריקייט צו דערוויסן זיך דעם ווייטערדיקן אויסגאַנג כ'האָב פון ווייטן דערזען ווי אַ וואָלאַדאַווער בחור לויפט איבערן סוכאָווער גאַשטשיניעץ און אַן אוקראַינער יאָגט אים נאָך שיסנדיק אויף אים. דער בחור האָט דעריאָגט אַ פור און איז אַרויפגעשפּרונגען אויף איר, האָט אין זעלבן אויגנבליק אַראָפּגעוואָרפן דעם פויער און גענומען יאָגן דאָס פערד מיט דער גרעסטער שנעלקייט. דער אוקראַינער האָט נישט רעזיגנירט, האָט געכאַפּט אַ פערד, וואָס האָט זיך געפּאַשעט אויפן פעלד און גענומען נאָכיאָגן די פור מיטן אַנטלויפנדיקן יידישן בחור. דער בחור האָט דאָס באַמערקט און האָט אינמיטן פאָרן אויסגעשפּאַנט דאָס פערד און איז בליץ שנעל אַרויפגעשפּרונגען אויפן פערד און רייטנדיק גאַלאָפּירט. דער אוקראַיניעץ האָט נישט אָפּגעלאָזט און ווייטער געיאָגט זיך נאָך דעם רייטנדיקן בחור, מיט גרויס רציחה. אַ געשפּאַנטער האָב איך זיי נאָכגעקוקט ביז זיי זענען מיר פאַרשוואונדן פון אויג.

דאָס איז געווען אַן אויסטערליש בילד, וואונדערלעך און שרעקלעך גלייכצייטיק. דער אוקראַינישער רוצח האָט זיך געיאָגט נאָכן יונגן לעבן פונעם יידישן בחור. דאָס איז געווען אַ געיעג אויף לעבן און טויט, דער געפערלעכסטער טויט-געיעג, וואָס איך האָב געזען אין מיין לעבן און בין שטאַרק נייגעריק געווען צו וויסן צי דעם יונגן בחור האָט זיך איינגעגעבן צו אַנטלויפן און אַפּראַטעווען זיין לעבן.

נאָך דער מלחמה האָב איך זיך דערוווּסט, אַז דער בחור איז געווען אַ זון פון אַ וואָלאַדאַווער פורמאַן און האָט געקאַנט גוט רייטן און אים האָט זיך איינגעגעבן אַנצוקומען אין וואַלד און אַנטרינען צו ווערן פונעם רוצח. דעם העלדישן בחור האָט זיך איינגעגעבן איבערצולעבן די מוראדיקע מלחמה. היינט וווינט ער אין קאַנאַדע.

אויפן פעלד בין איך געלעגן ביז עס איז געוואָרן פינצטער און די גאַנצע צייט האָב איך נישט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן דעם ווי ביליק עס איז דאָס יידישע לעבן און מיט וואָס פאַראַ רוצחישער ווילדקייט עס יאָגן זיך די שונאים נאָכן לעבן פון אַ ייד. ביי דער גאַנצער מוראדיקייט האָט מיר דאָס בילד צוגעגעבן מוט און ווילן איבערצולעבן און אפשר אַמאָל זיך קאָנען אָפּרעכענען מיט אונדזערע שונאים.

די פינצטערניש אין יענער נאַכט איז געווען אַ געדיכטע און מיר איז געווען שווער צו דערשלאָגן זיך צום



וואַלד. אַ דערשלאָגענער בין איך צוריקגעגאַנגען אין דער ריכטונג פון פאַלקענבערגס לאַגער און בין צוריק אריין אין באַהעלטעניש, צווישן די ברעטער, ווו איך בין געלעגן אויך צומאָרגנס, אַ הונגעריקער און דורשטיקער. אויף דער צווייטער נאַכט האָב איך געהערט ווי עמעץ גייט צווישן די ברעטער. דאָס איז געווען אריה. כ'האָב זיך זייער דערפרייט צו זיין אין צווייען.

איך האָב אַמאָל אָנגעזאָגט די מיידלעך, אַז ווען מיין ברודער וועט קומען זאָל מען אים איבערגעבן, אַז איך בין צווישן די ברעטער. די מיידלעך האָבן אונטער זייערע בעטן אויסגעגראָבן סכראָנען. זיי האָבן אונדז אויך אַריינגענומען אין דאָזיקן באַהעלטעניש. אַהין איז אויך געקומען יחיאל, וועלכער האָט אויך געוואָרט מען זאָל אים קומען נעמען.

צוויי טעג זענען מיר געלעגן אינעם פינצטערן גרוב אונטער די בעטן. מיין ברודער האָט מיך אַרומגעזוכט עטלעכע טעג אין געטאָ, ווו ער האָט שוין נישט געטראָפן קיין יידן. אויך דער בונקער פון מיין פעטער חיים איז געווען פוסט און מיין ברודער איז געווען זיכער, אַז אויך איך לעב נישט. ווען ער האָט מיך ענדלעך געפונען איז אונדזער פרייד געווען אומגעהויער.

ער האָט צונויפגענומען נאָך עטלעכע און ביינאַכט האָבן מיר זיך געזעגנט מיט די איבערגעבליבענע מיידלעך און צוגעזאָגט זיי, אַז מיר וועלן צוריקקומען נעמען זיי אין וואַלד אַריין.

מיין ברודער ישראל איז געווען פון די ערשטע וואָס האָבן פאַרלאָזט דעם לאַגער און אַוועק אין וואַלד צוזאַמען מיט הילקע באַרנשטיין, מישקע פעלדמאַן, חיים פישמאַן, (טענצער). זיי האָבן ריזיקירט מיטן לעבן און עטלעכע מאָל געקומען ביינאַכט אין לאַגער, אין געטאָ און מיטגענומען מיט זיך יידן. אַדאַנק מיין ברודער בין איך און נאָך אַ סך אַנדערע געבליבן לעבן.

ווידער האָבן מיר זיך געלאָזט דורך די פעלדער, סטעזשקעס און הינטערוועגן, איבערן גאַנצן וועג זענען מיר מער געקראָכן ווי געגאַנגען. עס איז געווען אינגאַנצן פיר קילאָמעטער, אָבער דאָס דורכמאַכן זיי האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. פאַרטאָג זענען מיר ענדלעך אָנגעקומען אין וואַלד, אויסגעמאַטערטע, מיט אָפּגעריסענע מלבושים. דער וואַלד איז דאַן געווען פאַר אונדז אַן אויסגעחלומטער גן-עדן, אָבער גאַר גיך איז אונדז אויסגעקומען איבערצולעבן אין אים גהינומדיקע יסורים.

דער יידישער וואַלד — האָבן די אויסבאַהאַלטענע יידן אים גערופן, געזען אין אים אַ פריינט, אָבער דער יידישער וואַלד האָט אויסבאַהאַלטן אין זיך אַן אַ שיעור געפאַרן, איז געווען שווער און ביטער, ווי דער יידישער גורל.

מיין ברודער מיט די דערמאָנטע חברים, מיט וועלכע ער איז אַוועק אין וואַלד, איז אומגעקומען אויפן וועג קיין אַדאַמפּאָל, אויף וועלכן זיי האָבן זיך געלאָזט מיט דער אויפגאַבע אַרויסצונעמען יידן און פירן זיי מיט זיך אין וואַלד.

## אין שטענדיקן אומרו

יהושע סטאָליערס זון דערציילט:

...אין שטאָט זענען שוין דעמאָלט נישט געווען קיין יידן. בלויז קליינע גרופּעס האָבן זיך באַהאַלטן אין פאַרשידענע ערטער און איינע פון די אַנדערע האָבן כמעט נישט געוווּסט.

איך האָב געהאַט אַ דערלויבעניש אריינצונעמען מיין מוטער אין לאַגער, אָבער ווען איך בין געקומען זי נעמען, האָב איך געהערט, אַז עס קומט פאָר אַן אַקציע און מיר וועלן נישט באַוויזן אַרויסצוגיין. מיר זענען אַריין אין אַ בונקער, אָבער איך האָט נישט געוואָלט רעזיגנירן פון מיין פּלאַן אַרויסצופירן מיין מוטער און האָב באַשלאָסן אַרויסצוגיין. גלייך ווי איך בין אַרויס האָט מיך באַמערקט אַ דייטש און גענומען רופן צו זיך. איך האָב זיך צוריקגעצויגן און צוריקגעלאָפן אין בונקער צו מיין מוטער, שוועסטער און מיין חבר איטשע. עס איז געווען אַ מורא, אַז דער דייטש וועט אונדז נעמען זוכן און מיר זענען דערפאַר גלייך אַריבער אין אַ צווייטן סכראָן, וואַס איך האָב געהאַט צוגעגרייט און איז געווען בעסער פאַרמאַסקירט. דער בונקער האָט זיך געגרענצט מיט פאָלקענבערגס לאַגער און איך האָב אים געהאַט אזוי געבויט, אַז מען האָט נישט דערקענט, ווו עס איז דער אריינגאַנג.

אין יענעם בונקער זענען מיר פאַרבליבן אַ גאַנצן טאָג. געהערט די ווילדע געשרייען פון די דייטשן, דאָס וויינען פון די קינדער. מיר זענען געווען צונויפגעדרוקט אין שרעק. אַלע ווילע האָבן מיר געקענט ווערן דעמאַסקירט.

ווען עס איז צוגעפאַלן די נאַכט בין איך מיט איטשען אַריבער צו שלמה צאַלקעס. אַריינקומענדיק אין שטוב איז מיר פינצטער געוואָרן אין די אויגן. אַלץ איז געווען צעראַבעוועט און דאָס איבערגעבליבענע איז געווען צעבראָכן, צעהאַקט. איך האָב געוווּסט, אַז דאָרט איז פאַראַן אַ געהיימער בונקער. איך האָב אָנגעקלאַפּט און גערופן: קלמן, קלמן... עס האָט זיך געעפנט אַ קליין טירעלע, פון וואנען עס האָט אַ שלאָג געטון אַ שטאַרקע היץ. איך האָב זיי געבעטן, אַז מען זאָל מיר דערלויבן ברענגען צו זיי מיין מוטער און שוועסטער, כדי צו זיין מיט זיי צוזאמען.

בעת איך האָב געמאַכט דעם פּלויט אַרום פאָלקענבערגס לאַגער, האָב איך די ברעטער אינעם פּלויט אויפן אָרט, וואָס



איז געווען קעגנאיבער מיין שטוב, צוגעקלאָפּט מיט קליינינקע טשוועקעלעך, כדי אין פאַל ווען מען וועט דאַרפן אַנטלויפן זאָל זיין לייכט זיי אויפצוברעכן. דאָס איז אונדז צונוצגעקומען.

אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט האָב איך געבראַכט מיין מוטער און שוועסטער אין שלמה צאַלקעס פינצטערן גרוב, ווו עס האָט זיך געפונען קלמן, זייער עלטסטער זון און נאָך איינציקע יידן. איך האָב פאָרגעלייגט, אַז איינער פון אונדז זאָל אַריבערלויפן צו די מיעשטשאַנעס, דערוויסן זיך ביי זיי, וואָס עס טוט זיך אין געטאָ און אין לאַגער.

דריי מאַן האָבן מיר זיך געלאָזט אין וועג, מיטגענומען עפּעס געלט צו באַצאָלן די מיעשטשאַנעס און אונדזער איינציק געווער, אין פאַל ווען מיר זאָלן זיך דאַרפן פאַרטיידיקן, זענען געווען ליידיקע פלעשער.

מיר האָבן אָנגעקלאָפּט ביי ווּרובלעווסקין, אַן איידעלער קריסט. ער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן, מורא געהאַט, אַז עמעץ זאָל אונדז נישט האָבן באַמערקט, אָבער האָט אונדז אריינגענומען צו זיך, געלאָזט זיך אַרומוואַשן און געגעבן עפּעס אָפּצועסן. ער האָט אונדז אינפאָרמירט, אַז אין געטאָ איז פאָרגעקומען אַ שווערע אַקציע, וואָס האָט אַרומגענומען אויך דעם לאַגער, אָבער ער האָט אויך געהערט, אַז פאָלקנבערג שאַפט אַ נייעם אַרבעטס-לאַגער.

מיר זענען גלייך אַוועק צו פאָלקנבערגן און ער האָט באַשטעטיקט, אַז ער וועט צוריק האָבן אַ יידישן אַרבעטס-לאַגער, אָבער מענער וועט ער קענען האַלטן נאָר צען פערזאָן. ער האָט אונדז צוגעזאָגט צו העלפן מיט ברויט, ביז ער וועט פאַרגרעסערן דעם לאַגער.

קומענדיק צוריק אין בונקער מיט די ידיעות האָבן מיר דאָרט געטראָפן ישראל פישמאַן, מאָטל ראָזנבערג, מישקען און הילקע באַרנשטיין, וועלכע זענען נאָר וואָס געקומען פון וואַלד און געוואָלט אונדז נעמען מיט זיך. שלמה צאַלקעס און די אַנדערע האָבן מורא געהאַט צו לאָזן זיך אין וואַלד אריין. איך האָב איבערגעלאָזט די מאַמען מיט די שוועסטער און צוזאַמען מיט נאָך איינציקע זענען מיר אוועק אין וואַלד. דער וועג אין דער געדיכטער פינצטערניש איז געווען אַ שווערער. דערצו האָט אונדז געשראָקן יעדער שאָרך, יעדער שאָטן. אָפּט איז אונדז אויסגעקומען צו קריכן אויפן בויך, בלייבן ליגן אין אַ ראָוו, אונטער אַביידל, אָפּצוּוואַרטן עפּעס אַ פאַרדעכטיק גערויש. ווען מיר זענען ענדלעך אָנגעקומען אין וואַלד האָבן מיר זיך געהאַלטן פאַר די גליקלעכסטע אין דער וועלט.

גיך האָבן מיר דערפילט דעם גרויל, וואָס האָט אין יענער צייט נישט אויפגעהערט צו יאָגן זיך נאָך די יידן אומעטום ווו זיי האָבן זיך געפונען. מיר האָבן נישט געהאַט וואָס צו

עסן און אַרום איז אויך נישט געווען קיין וואַסער צום טרינקען. הינדע, שלמה צאַלקעס האָט מקנא געווען מיין מוטער און שוועסטער, וועלכע זענען געבליבן אין בונקער. זי האָט נישט געקענט צוזען דעם הונגער און דאָרשט פון איר קינד און האָט געוואָלט גיין צוריק אין געטאָ, איבערגעבן זיך צו די דייטשן. מיט גרויס מי איז אונדז אַנגעקומען זי צו באַרואיקן. אַזוי זענען אַוועק אייניקע טעג ביז עס איז צו אונדז דערגאַנגען, אַז אין אַדאַמפּאָל האָט זיך געשאַפן אַן אַרבעטס־לאַגער, אין וועלכן מען נעמט אויף אַלע יידן אַן אויסנאַם.

מיר זענען אַהין אַוועק און אַנגעהויבן דאָרט אַרבעטן צוזאַמען מיט די לעצטע וולאָדאַווער יידן. מיך האָט אָבער נישט געלאָזט רוען דער געדאַנק, אַז די מאַמע מיט די שוועסטער געפינען זיך אין בונקער און ווער ווייסט וואָס עס געשעט מיט זיי.

ביינאַכט בין איך אַוועק קיין וולאָדאַווע, דורכגעמאַכט עלף קילאָמעטער שווערן וועג באַגלייט מיט טויט־געפאַר.

נאָך שווערער איז געווען דער וועג צוריק קיין אַדאַמפּאָל צוזאַמען מיט מיין קראַנקער מאַמע און שוואַכע שוועסטער. הונדערטער מאָל זענען זיי געפאַלן און ווידער אויפגעשטעלט זיך. אַזוי האָבן מיר זיך געשלעפּט אַ גאַנצע נאַכט. עס זענען געווען מינוטן ווען עס האָט אונדז באַהערשט די חרטה, פאַרוואָס מיר האָבן זיך געלאָזט אין אַזאַ שווערן געפערלעכן וועג.

אין דער פינצטערניש האָבן מיר זיך אַנגעטראָפן אויף אַ גרופּע אוקראַינער וועלכע האָבן געפאָדערט פון דער מאַמען, זי זאָל זיי געבן איר מאַנטל. די מאַמע האָט זיך קעגנגעשטעלט, ווייל אין דעם מאַנטל איז געווען איינגענייט איר לעצט פאַרמעגן. זיי האָבן זיך געוואָרפן אויף איר און גענומען שלאָגן. נישט האָבנדיק קיין ברירה האָט זי אָפּגעגעבן דעם מאַנטל מיט די לעצטע גראָשנס, פאַר וועלכע מיר האָבן געהאָפט צו קענען קויפן עפּעס צום עסן.

דערשלאָגענע און פאַרחלשטע זענען מיר אַנגעקומען קיין אַדאַמפּאָל, וו עס האָט זיך אַנגעהויבן אַ נייער גהינום. גאַר גיך האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז דער לאַגער איז געשאַפן געוואָרן מיטן ציל אַריינצוואַרפן צוריק די אַלע יידן, וועלכע עס איז געלונגען צו אַנטלויפן און אויסבאַהאַלטן זיך, כדי עס זאָל גרינגער אָנקומען דאָס אומברענגען זיי.

ווידער האָבן מיר זיך גענומען צו בויען בונקערס, צוגרייטן זיך נייע באַהעלטענישן אויפן פאַל פון אָנקומענדיקן אומגליק.

אינצווישן האָבן זיך דערוווּסט וועגן מיר די יידן, וועלכע זענען געווען אין וואַלד און זיי האָבן אַרויסגעשיקט מענטשן צו נעמען מיך צוריק אין וואַלד און אַדאַנק דעם בין איך געבליבן לעבן.

# איבער אַלע גרענעצן פון ליידן

אריה דערציילט:

פסח 1943. אין פאַלקנבערגס אַרבעטס־לאַגער איז געווען אומרואיק. עס זענען צו אונדז דערגאַנגען ידיעות וועגן וואַרשעווער געטאָ־אויפשטאַנד און מיר האָבן געפילט אַז עס דערנענטערט זיך אונדזער סוף. מענטשן האָבן געזאָרגט איינצואָרדענען זיך אַ בונקער, אַ באַהעלטעניש. איך האָב דאַן געוווינט ביי אביגדורן.

עס איז געווען אַ פרייטיק, ווען מיר האָבן באַמערקט, אַז מען רינגלט אַרום דעם לאַגער און, ווי אַ סך אַנדערע, זענען מיר אַוועק אין בונקער, צו חיים פישמאַן. דאָרט זענען שוין געווען פאַרזאַמלט אַריבער פופציק מענטשן און מיר זענען אַוועק צו משהס סכראַן. דאָרט האָבן מיר געטראָפן: יעקב בערגאַרט, שפאַר, פעלאַ בערגאַרט און נאָך אַ סך אַנדערע.

מיר זענען שוין געווען צוגעוווינט, אַז נאָך יעדער אַקציע ווערט ווידער שטיל און דאָס לעבן גייט ווייטער...

אַ גאַנצן טאָג האָבן מיר געהערט די שיסערייַ פון די דייטשן, וועלכע האָבן אויך אונטערגעצונדן אַלטער שאַרפּשטיינס הויז. עס איז געווען קלאָר, אַז די איצטיקע אַקציע איז אַ שווערע. מיר האָבן באַמערקט ווי פון משה קאַטעקס בונקער לויפט מען און אַן אוקראַינער יאָגט זיך נאָך זיי. די אוקראַינער זענען צוגעקומען אויך צו אונדזער סכראַן, אָבער אונדז נישט געפונען.

איך האָב פאַרגעלייגט, אַז מען זאָל ביינאַכט אַוועק, ווייל זיי קאָנען אויך דאָס הויז אונטערצינדן. נישט אַלע האָבן געוואָלט גיין. איך האָב זיך אַרויסגעשאַרט און צוגעקראָכן ביז שלמה צאַלקעס הויז, פון דאָרט צו די פייגלסאָנס, ביז איך בין צוגעקומען צו אונדזער הויז, וווּ איך האָב זיך באַהאַלטן אויפן בוידעם. פון דאָרט האָב איך געזען, אַז די גאַנצע ווירקער גאַס איז פּוסט און די שוץ־פּאָליציי מיט די ס.ד. רויבן די זאַכן פון יידישע הייזער.

כ'האָב געזען שמואל פאָרן מיט אַ וואָגן צום לאַגער. די שוץ־פּאָליציי האָט געפירט בערל טשאַרני, חיים הערצקעס אַ זון, משה. כ'האָב אויך באַמערקט ווי פאַלקנבערג האָט אַרויסגעפירט פון אַ לאַגער אַ גרופּע מענטשן צו זיך אויפן הויף, ווו ער האָט געהאַט זיין ביוראָ. דאַן בין איך אַראָפּ פון בוידעם און דורכן פּאַזשאַרנעם סאַד אַריינגעקריגן זיך צוריק צו פאַלקנבערגן, אָבער דאָרט האָב איך באַמערקט שטיין אַ גרופּע יידן, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען חיים פישמאַן און ער האָט מיר געוווּנקען, אַז איך זאָל אַנטלויפן.

מיר איז געלונגען אַריינצוקריגן זיך צווישן ברעטער. אַ דייטש, וואָס איז מיר נאָכגעלאָפן האָט מיך גענומען זוכן,

אָבער עס איז געשען אַ נס און מען האָט אים אָוועקגערופן. ביינאַכט האָב איך געהערט ווי מאַניעק בערגאַרט רעדט מיט עמעצן, בין איך אַרויסגעקראָכן און ער האָט מיר דערציילט, אַז מען האָט אַלע אָוועקגעפירט און עס זענען געבליבן נאָר פינף מענער. איך בין געווען שטאַרק הונגעריק און מאַניעק האָט מיר געבראַכט עסן. באַלד זענען צוגעקומען נאָך צוויי יידן און מיר זענען צוזאַמען אָוועק אין וואַלד.

אַ גאַנצע נאַכט זענען מיר געגאַנגען, אָבער פאַרטאָגס האָבן מיר דערזען, אַז מיר האָבן געבלאָנדזשעט און מיר גע־פינען זיך ביי דער צעגיעלניע, הינטער דער שטאָט. ביי־טאָג האָבן מיר נישט געקענט ווייטער גיין און מיר זענען געבליבן ליגן אַ גאַנצן טאָג. ערשט ווען עס איז געוואָרן פינצטער האָבן מיר זיך צוריק אומגעקערט אין לאַגער, ווו מיר האָבן געטראָפן אביגדורן און ער האָט אונדז צוגערעדט צו גיין קיין אקאַנינקע.

אַרויסגייענדיק האָבן מיר פון דער ווייטנס באַמערקט פייער. דאָס איז געווען אַ שלעכטער סימן און מיר האָבן זיך אומגעקערט אין לאַגער, ווו מיר זענען געווען באַהאַלטן ביז אויף צומאָרגנס, ווען עס איז ווידער געוואָרן נאַכט און מיר האָבן זיך געלאָזט גיין קיין אקאַנינקע.

ווען מיר זענען אונגעקומען צו מאַשקאָוויטשן אין סטאָ־דאָלע זענען מיר שוין געווען שרעקלעך אויסגעמאַטערט. ער האָט אונדז, פאַר גוט באַצאָלט, געלאָזט זיי זאַין סטאָדאַלע ביז שבת אויף דער נאַכט, דאָרט זענען שוין געווען הערש חיים האָבער מיט זיין פאַמיליע. ער איז שוין נישט געווען נאָרמאַל, האָט געטראָגן מיט זיך אַ האַקמעסער און כסדר גערעדט צו זיך, אַז ער וועט גיין קיין לובלין און דאָרט האַרגענען דעם דייטשן ס.ס.־פירער, האַלצהאַמער.

מיר האָבן אַלץ געטראַכט וועגן גיין אין וואַלד, אָבער מיר האָבן נישט געוווּסט דעם וועג און אומעטום האָבן גע־לויערט געפאַרן, האָבן מיר דערפאַר רעזיגנירט און צוריק־געגאַנגען צו פאַלקנבערגן, וועלכער האָט אונדז געשיקט אַר־בעטן ביים קאַנאַל.

אין יענער נאַכט איז אָנגעקומען יאָשע מיט אַ חברה, וועלכע האָבן געהאַט די אויפגאַבע אַרויסצונעמען די מיידלעך און זיי האָבן אונדז אויך מיטגענומען קיין אַדאַמפּאָל. די עלף קילאָמעטער, וואָס מיר האָבן געדאַרפט דורכמאַכן, האָט געדויערט אַ גאַנצע נאַכט. עטלעכע מאָל זענען מיר איבער־געשראָקן געוואָרן און געמוזט זיך באַהאַלטן. ביזן היינטיקן טאָג קען איך נישט פאַרשטיין פון וואַנען עס האָבן זיך צו אונדז גענומען כוחות דורכצומאַכן אַזאַ שרעקלעכע נאַכט.

אין אַדאַמפּאָל האָבן מיר געאַרבעט צוזאַמען מיט נאָך אַ סך אַנדערע יידן, אָבער פאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז דער אַרבעטס־לאַגער איז נאָר אַ צייטווייליקער און די כוונה איז אַריינצונאַרן דאָס ביסל לעבנגעבליבענע יידן. מיר האָבן זיך געמאַכט אַ סכראָן אונטערן בהמה־מיסט. דער ריח איז געווען אַ שרעקלעכער און מיר האָבן דאָרט לאַנג נישט גע־קענט בלייבן. נאָך עטלעכע טעג האָבן מיר ווירקלעך דער־הערט אַ גערויש פון אויטאָס און אַ שיסעריי. מיר האָבן אַלעמען אַלאַרמירט און אַנטלאָפן אין וואַלד, נאָענט פון אַדאַמפּאָלער לאַגער. די דייטשן האָבן אונדז נאָכגעשאָסן און די פרוי יוכבד פעלדמאַן איז געוואָרן פאַרוווּנדעט. אויפן וועג איז זי געשטאָרבן.

אויך אין וואַלד זענען מיר נישט געווען זיכער מיטן לעבן. עס האָבן אויף אונדז געלויערט די פּאָליאַקן, וועלכע זענען באַפאַלן די אַנטלויפנדיקע יידן, זיי באַראַבעוועט און דערהאַרגעט. אַ סך יידן זענען דערהאַרגעט געוואָרן ביים אָפּשטעלן זיך אין אַ דאָרף, ווו זיי האָבן געוואָלט קויפן עפּעס עסן ביי די פּויערים.

## אין פייער פון נקמה

יחזקאל הובערמאַן דערציילט:

איך דערמאָן זיך יענעם לעצטן פסח 1943. די לופט איז געווען פול מיט טויט־שרעק עס איז געווען קלאָר, אַז מיר שטייען פאַר דער ענדגילטיקער ליקווידאַציע. עס זענען אָנ־געקומען ידיעות וועגן אַזעלכע ליקווידאַציעס אין אַנדערע שטעט און שטעטלעך. אין פאַלקנבערגס אַרבעטס־לאַגער האָבן זיך דעמאָלט געפונען ביי אַ 500 יידן, אַן ערך 60 האָבן געאַרבעט אין טאַרטאַק. ביי אַ צוועלף הונדערט יידן, מענער, פרויען און קינדער זענען געווען צוואָרפן אין פאַר־שידענע באַהעלטענישן אין געטאָ. יעדער האָט געזוכט אַ סכראָן ווו אויסצובאַהאַלטן זיך בעת אַן אַקציע. איך, מיין ברודער און שוועסטער. פיניע לערער, די וואַסערמאַנס א.א. האָבן זיך דאַן געפונעז אין געטאָ אין אונדזער וווינונג אויף דער ווירקער־גאַס, קעגנאיבער אַלטער שאַפּערשטיינס מויער.

אין אונדזער הויף האָט אויך געוווינט חיים פישמאַן. איך מיט מיין ברודער האָבן זיך געמאַכט אַ סכראָן נאָענט פון לעדערמאַנס הויז. אונטער דעם הויז איז געווען אַ גרויסער קעלער, אין וועלכן מיר האָבן געמאַכט אַ דאָפּלטן דאַך מיט אַ געהיימען אַריינגאַנג צום צווייטן האַלבן קעלער, אין וועלכן עס האָבן געקענט אַריין ביי אַ צוועלף מענטשן, אָבער פּאַק־טיש האָבן זיך דאָרט באַהאַלטן אַ סך מער. בעת אַן אַקציע זענען אינעם סכראָן געווען אַ דרייסיק מענטשן.

אין די לעצטע מינוטן, ווען מיר זענען געלאָפן זיך באַ־האַלטן אין סכראָן, די דייטשן, די אוקראַאינער זענען שוין אַרומגעלאָפן צעיושעטע איבערן געטאָ און איך האָב מורא געהאַט, אַז זיי וועלן אונדז דאָ זוכן, בין איך אַרויף אין

שטוב, צעריסן דאָס בעטגעוואַנט אַז די שטוב זאָל ווערן פול מיט פעדערן, כדי צו מאַכן דעם איינדרוק, אַז קיינער וווינט שוין דאָ מער נישט.

ווען איך בין צוריק אַריין אין סכראַן און פאַרמאַכט דאָס געהיימע טירל, האָב איך דערהערט ווי די אוקראַינער זענען אַריין אין שטוב, אָבער זעענדיק דעם חורבן מיט די פעדערן זענען זיי גלייך אַרויס. זיי זענען געווען זיכער, אַז פון דאַנען האָט מען שוין אַלע אַרויסגעפירט. אַזוי אַרום זענען מיר ניצל געוואָרן.

פרייטיק און שבת זענען מיר געלעגן אינעם סכראַן און פון דרויסן זענען צו אונדז דערגאַנגען די שיסעריי און געשרייען. שבת בייטאָג זענען עטלעכע פון אונדז אַרויף אויפן בוידעם זעען וואָס עס טוט זיך אין דרויסן. מיר האָבן געזען ווי עס גייען יידן און דייטשן און דאָס איז געווען פאַר אונדז אַ סימן, אַז פאַלקענבערג דאַרף ווידער יידן צו דער אַרבעט.

איך האָב באַמערקט גיין דעם דירעקטאָר פונעם טאַר־טאַק, ווו איך האָב געאַרבעט. איך האָב שנעל אָנגעשריבן עטלעכע ווערטער און דאָס צעטעלע אַראָפּגעוואָרפן. ער האָט דאָס באַמערקט און עס אויפגעהויבן. נאָכן איבערלייענען האָט ער אַ מאַך געטון מיט ביידע הענט, וואָס האָט געהייסן אַז ער קען גאָרנישט העלפן און ער איז שנעל אַוועק.

ווען עס איז געוואָרן פינצטער זענען מיר געגאַנגען נעמען וואַסער און אויפן וועג געזען ליגן טויט אַ יונגע פרוי און אירע הענט אַריינגעטון אין עמער. דאָס האָט געמאַכט אויף אונדז אַ שוידערלעכן איינדרוק און אויף צומאָרגנס האָבן מיר באַשלאָסן, אַז עס איז נישטאָ קיין שום אויסוועג נאָר צו גיין אין וואַלד. צו אונדז האָבן זיך אָנגעשלאָסן נאָך יונגע מענטשן פון לאַגער, אויך פרעמדע, ביי אַ פופציק מאַן. צו־זאַמען זענען מיר געווען אַן ערך אַכציק פערזאָן, בלויז איך און מיין ברודער האָבן געקענט דעם וועג צום וואַלד.

מיר זענען געגאַנגען דורך פאַרשידענע הינטערוועגן ביז מיר זענען אָנגעקומען צו אַ זאַגייניק און איך האָב פאַר־געלייגט, אַז מיר זאָלן זיך צעטיילן אין קליינע גרופּן, אָבער קיינער האָט זיך נישט געוואָלט צעשיידן.

עס האָט גענומען שאַריען אויף טאָג און מיר האָבן באַ־מערקט אַ גאַיוווקע, ווו מיר זענען אַריין, אַביסל עסן האָט נאָך יעדער געהאַט מיט זיך. מיין ברודער מיט נאָך עטלעכע מאַן זענען אַוועק קיין אַדאַמפּאָל.

אין אַדאַמפּאָל זענען געווען דריי פאָלוואַרקן, וואָס האָ־בן געהערט צום כראַביאַ זאַמאַיסקי און די דייטשן האָבן דאָרט געמאַכט אַן אַרבעטס-לאַגער, כדי אַריינצונאַרן די איבערגעבליבענע יידן, זיי זאָלן אַרויס פון זייערע באַהעלטע־



נישן. עס האָבן זיך דאָרט צונויפגעזאַמלט ביי אַ 3000 יידן, וועלכע האָבן געאַרבעט פאַרן ביסל עסן.

איך בין אַוועק צו מיין ברודער און שוועסטער אין נאַ־טאַלין, ווו עס האָבן זיך אויך געפונען לוסטיגמאַן מיט זיין פאַמיליע, לעדערמאַן און אַנדערע יידן פון סלאָוועטיטש און דובעטשנע. מיר זענען געווען באַהאַלטן אין אַ סטאַדאָלע ביי דער צעגיעלניע. מיין ברודער איז קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. לייבעלע זילבערמאַנס זון האָט באַקומען אַ גאַנגרענע אויפן גאַנצן קערפּער און איז געשטאָרבן.

אין נאַטאַלין זענען מיר געווען דריי וואָכן. מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון, אַז דער פּלאַץ איז נישט קיין זי־כערער. אינצווישן איז צו אונדז געקומען אין וואַלד דודטשע, אַ פאַרווונדערטער. איך האָב זיך מיט אים פאַרנומען און אים געהיילט. ער האָט פאַרזיכערט, אַז גלייך ווי ער וועט געזונט ווערן, וועט ער מיך מיטנעמען אין וואַלד. איך האָב זיך אָבער נישט געוואָלט שיידן מיט מיין שוועסטער, וועלכע איז נישט אימשטאַנד געווען מיטצומאַכן די שווערע באַדינ־גונגען אין וואַלד און איך בין מיט איר געבליבן. מיין ברידער איז אַוועק מיט דודטשען.

עס זענען דאָרט געווען נאָך מיידלעך און מיין שוועס־טער האָט גענומען מיך בעטן, איך זאָל גיין אין וואַלד, אַרומ־זען זיך, און דאַן קומען זי נעמען. מיט דער האָפנונג האָבן מיר זיך צעשיידט, אָבער כ׳האָב מיין שוועסטער מער נישט געזען.

זייענדיק אין וואַלד האָט משה ליכטנבערג געהייסן מיך גיין ברענגען די מיידלעך. אויפן וועג האָבן זיך מיר צעריסן די שיך און איך בין געגאַנגען באָרוועס. עס איז געווען נאָכן שניט און די אָפּגעשניטענע „סטערניע" האָבן מיר צעשטאָכן די פיס ביז בלוט און כ׳האָב געמוזט אַראָפּרייסן אַ שטיק פון מיין העמד און זיי אַרומבינדן. די ווייטיקן האָבן אָבער נישט אויפגעהערט.

ליידער האָב איך שוין קיינעם פון די יידן דאָרט נישט געטראָפן. די גויים פון נאַטאַלין האָבן מיר דערציילט, אַז די געסטאַפּאָווצעס און די אוקראַינער, וועלכע מען האָט גע־רופן די „שוואַרצע" זענען פּלוצלינג איבערגעפאַלן דאָס דאָרף און אַלע מיידלעך און אויך די מענער דערשאָסן. צווישן זיי איז אויך געווען מיין שוועסטערל.

די פויערים האָבן מיר געגעבן אַ ברויט און מיר געראָטן, אַז איך זאָל גלייך אַנטלויפן. דעם גאַנצן וועג פון נאַטאַלין ביזן וואַלד בין איך געגאַנגען און געוויינט. אין מיר האָט געברענט דאָס פייער פון נקמה און אַלע סטויגעס מיט היי, וואָס איך האָב אָנגעטראָפן אויפן וועג, האָב איך אונטער־געצונדן.

אַ פאַרווונדעטער, מיט צעבלוטיקטע פיס און מיט אַ

צעבראָכן האַרץ בין איך אָנגעקומען אין וואַלד אַליין, אָן מיין שוועסטערל, אָן די טייערע יידישע מיידלעך, וועלכע זענען אַזוי מוראַדיק אומגעקומען.

דאָס לעבן פון אַ יידישן פּאַרטיזאַן איז געווען פיל שווערער און געפערלעכער פון יעדן אַנדערן נישט־יידישן קעמפער אין וואַלד. ווי נאָר מיר איז געלונגען אַנצוקומען אין וואַלד זענען גלייך פאַר מיר געבוירן געוואָרן נייע אויסטערלישע סכנות, נייע רעטונגס־פּראָבלעמען. מיין ציל איז שטענדיק געווען און געבליבן: קעמפן און נעמען נקמה אין דייטשן שונא.

כ׳גיב זיך אָפּ אַ חשבון, אַז עס איז אוממעגלעך צו באַשרייבן דעם גאַנצן מוראַדיקן דערנער־וועג, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט און איז געווען פאַרגאָסן מיט בלוט פון יידישע קעמפער. דאָס איז דער וועג, אויף וועלכן דער יידישער פּאַרטיזאַן איז געגאַנגען, האָט געמוזט גיין. דאָס איינציקע, וואָס איז אונדז געבליבן איז געווען דער האַס צום בלוטיקן שונא, דער אומגעשטילטער דורשט נאָך נקמה. צוליב דעם האָבן מיר אַזוי שטאַרק געוואָלט לעבן.

די גבורה, וואָס יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן אַרויסגעוויזן אין די קאַמפן מיט די דייטשן, איז אַ הערואיש קאַפּיטל פאַר זיך. מען דאַרף דערביי אונטערשטרייכן, אַז ביי די אַלע אַקציעס און קאַמפּס־אונטערנעמונגען קעגן די נאַצישע מערדער ווי: מינירן שאָסייען, אויפרייסן באַנען, שלאַכטן פּנים־אל־פּנים, זענען זיי ביים יידישן פּאַרטיזאַן געווען נישט בלויז מלחמה, נאָר אויך קידוש השם. יעדער אַקציע, אין וועלכער איך האָב אָנטיילגענומען, האָב איך געהאַט דעם באַוווסטזיין, אַז כ׳מוז זיין גרייט מקריב צו זיין מיין לעבן אין דאַזיקן קאַמף קעגן גרעסטן שונא פון יידישן פאָלק אַזוי האָבן געטראַכט און געפילט אויך אַלע אַנדערע יידישע פּאַרטיזאַנער און דערפאַר האָט מען מיט אַזויפיל שטוינונג און באַוווּנדערונג באַטראַכט דעם קאַמפּס־לוסט פונעם יידישן פּאַרטיזאַן.

אַ סך טייערע און אומפאַרגעסלעכע חברים זענען געפאַלן אין די פאַרשידענע שלאַכטן, וואָס מיר האָבן געפירט קעגן די דייטשן. זיי זענען געפאַלן ווי גבורים.

אייביק וועלן זיי לעבן אין אונדזערע פאַרטרויערטע הערצער.

השם ינקום את דמם!

## א. פייגע

# אין זשוקאָוו־אָטריאַד

האַרבסט 1942 האָבן אַלע יידן געמוזט פאַרלאָזן די אַרומיקע דערפער און אַריין אין וולאָדאַווער געטאָ. אונדזער משפּחה, מיט נאָך דריי משפּחות פון שכנותדיקע דערפער, האָבן באַשלאָסן, בעסער צו גיין אין וואַלד. די משפּחות זענען געווען: צימערמאַן משה־יואל מיט זיין פרוי זיסל און אַ פיר וואָכיק קינד; דוד און גיטל מיט דריי טעכטער פון 12 ביז 20 יאָר; איסר מיט צוויי טעכטער און צוויי ייִנגלעך; אַ מאַריאַנקער 20־יאָריקער בחור יאָסל אברבנאל) און אונדזער משפּחה, וואָס איז באַשטאַנען פון פינף פּערזאָן: מיין פאָטער זעליג, מיין מוטער לאה, מיין עלטערער ברודער מענדל, מיין ייִנגערער ברודער בנימין, וועלכער איז איצט געוואָרן בר־מצווה און איך. קוים זיבעצן יאָר בין איך דאַן אַלט געוועזן.

מיר האָבן געוווּסט פון אַ באַהעלטעניש אין וואַלד, איין קילאָמעטער ווייט פון דאָרף, ווו עס האָבן זיך פריער אויפגעהאַלטן אַנטלאָפענע רוסישע געפאַנגענע. מיר האָבן גוט געקענט דאָס באַהעלטעניש אין יענעם סאָסנע־וועלדל, ווייל איך מיט מיין ברודער פלעגן אָפט אַהין טראָגן עסן פאַר די געפאַנגענע. די דייטשן האָבן זיי פאַרפאָלגט און עס איז שוין עטלעכע וואָכן, ווי די געפאַנגענע האָבן פאַרלאָזט דעם פּלאַץ, וואָס מיר האָבן איצט באַשלאָסן צו פאַרנעמען. אמת, אויך די פויערים פון דער געגנט האָבן געוווּסט פון דעם באַהעלטעניש, נאָר אונדז איז נישט איינגעפאַלן מורא צו האָבן פאַר אייגענע, היימישע פויערים־שכנים. מיר זענען אַרויס אין אַ פינצטערער נאַכט, בשלום אָנגעקומען און זיך דאָרט באַזעצט.

אין יענע טעג האָט אַ גאַיאָווע צוגעטראָגן די דייטשן, אַז עטלעכע פויערים טראָגן עסן פאַר אַנטלאָפענע רוסישע געפאַנגענע, וואָס בלאָנקען־אַרום אין וואַלד. איינציקע פויערים האָבן די דייטשן געכאַפּט און די איבעריקע זענען אַנטלאָפן. די דייטשן האָבן באַפוילן, מען זאָל זיי צושטעלן די אַנטלאָפענע.

אַנשטאָט אויסצוגעבן זייערע אייגענע ברידער, האָבן זיי באַשלאָסן אויסצולייזן זיי מיט יידישע קעפּ.

אין איינעם אַ באַגינען איז אונדזער באַהעלטעניש אַרומגערינגלט־געוואָרן דורך די פּויערים פון אונדזער דאָרף, צווישן זיי — אונדזערע בעסטע שכנים. זיי זענען געווען באַוואָפנט מיט העק, ווידלעס, מעסערס און דרענגער.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ שפּאַס?" — האָב איך געפרעגט אונדזער בעסטן שכן.

„מיר זענען נישט געקומען שפּאַסן! — האָט ער געענטפערט — עס איז ערנסטער ווי דו מיינסט! קומט!" — האָט ער מיך אַ נעם־געטאָן מיט מיין ברודער מענדל.

זיי האָבן אונדז געשטויסן און געטריבן. דער פּויער, וועלכער האָט אונדז געפירט, האָט צו מיר אַ מורמל־געטאָן: „איר זענט מיר באמת אַ שאָד. איך וועל אַוועקקוקן און איר אַנטלויפט. אַז איר וועט זיין ווייט, וועל איך מאַכן אַ געשריי". ער האָט זיך פאַרקוקט אין אַ זייט און אַ זאָג־געטאָן: „לויפט!" און מיר האָבן גענומען לויפן.

מיר זענען אַריין אין געדיכטע קוסטן און, קריכנדיק אין אימת־מוותדיקן געאייל, האָבן מיר זיך ביידע פאַרלוירן. די שטעכעדיקע צווייגלעך האָבן מיר צעריסן דאָס פּנים, די הענט, די קליידער. איך האָב זיך פאַרקליבן אין אַ נאָרע און בין דאָרט ליגן־געבליבן ביזן אָוונט. ווען עס איז טונקל געוואָרן, האָב איך דערהערט אַ געדיכטע שיסעריי. מיין האַרץ איז מיר צעשפּרונגען און צעריסן־געוואָרן פון יסורים. איך האָב געפילט, אַז דאָרט פאַלן מיינע עלטערן מיט מיין יינגערן ברודערל. ווו מענדל איז אַהינגעקומען, האָב איך נישט געוווּסט. עס האָט אָנגעהויבן גיסן אַ שטאַרקער רעגן. איך האָב זיך צוגעשלייכט צום דאָרף, אַריין אין אַ שייער און זיך באַהאַלטן אין היי.

פאַרטאָג האָב איך דערפילט אַ שטאָך אין מיין לייב און בין אויפגעשפּרונגען מיט אַ געשריי. דעם באַלעבאָס שגץ איז אָפּגעשפּרונגען מיט זיין ווידלע דערשראָקן און האָט זיך איבערגעצלמט.

„פּייגע, דו לעבסט?! — האָט ער אויסגערופן — און איך בין געקומען נעמען היי פאַר די בהמות".

ער האָט מיר דערציילט, אַז אַלע אונדזערע זענען דערשאָסן־געוואָרן. יאָסל אברבנאל און דודל, איסרס יינגסטער יינגל, זענען אַנטלאָפן. מיין ברודער מענדל האָבן זיי געכאַפּט. מען האָט אַלעמען אַריינגעטריבן אין אונדזער שטוב, פאַרקלאַפּט טיר און פענצטער און געוואַרט, ביז די דייטשן וועלן קומען. מיין ברודער מענדל האָט זיך אַרויסגעדראַפּעט צום סופיט. דאָס לאָך, ווו עס איז פריער געווען דער קוימען, איז געווען פאַרקלאַפּט מיט אַ ברעטל. ער האָט עס אָפּגעריסן, זיך אַדורכגעשפּאַרט און זיך באַהאַלטן אין שטאַל. אָבער די פּויערים האָבן אים שפּעטער געפונען און צוריק געבראַכט צו די דייטשן. איין דייטש האָט אים דערקענט. געוווּסט, אַז ער איז אַ גוטער סטאָלער, און ער האָט געזאָגט, אַז דעם ייד דאַרף מען לאָזן לעבן, ווייל ער איז אַ גוטער פאַכמאַן. דאָס האָט דערהערט דעם סאָלטיס געהילף זאַוויאַסטאָווסקי, האָט ער געכאַפּט דעם דייטשס רעוואָלווער און דערשאָסן מענדלען.

איצט בין איך געבליבן איינע אַליין אויף דער גרויזאַמער ערד. עלנט, אין אַ וועלט פון שנאה און רציחה. עס איז אָנגעקומען דעם שגצס פאָטער און איך האָב זיך ספּאַזמאַטיש צעשריגן צו אים: „נעם און קויל מיך אויך, ווי איר האָט געקוילעט מיינע עלטערן און ברידער!" „ניין — האָט ער געענטפערט — דו מוזט לעבן. און איך וועל דיר נאָך דערציילן, ווער עס איז שולדיק אין טויט פון דיינע נאָענטסטע".

צומאָרגנס האָב איך געבלאָנקעט אין וואַלד און געטראָפן יאָסל אברבנאל און דודל איסרס. מיט זיי איז געווען צימערמאַנס עלטערע טאָכטער פון וואַרשע, מיט צוויי קינדער. אַ טאָג שפּעטער האָבן דייטשן געמאַכט אַן אָבלאַווע אין וואַלד און עס זענען אומגעקומען אַ סך יידן, צווישן זיי — אויך צימערמאַנס טאָכטער מיט די קינדער. איר טאָכטער מאַניע האָט זיך געראַטעוועט צוזאַמען מיט מיר, יאָסלען און דודן.

מיר זענען אַנטלאָפן אין די מאַריאַנקער וועלדער. דאָרט האָבן זיך געפונען יאָסלס עלטערן און זיינע דריי ברידער. אָבער אויך דאָ איז אונדז נישט באַשערט געווען קיין רו. אויפן אַנדערן טאָג זענען מיר ווידער באַפאַלן געוואָרן פון דייטשן, וועלכע האָבן אויסגעשאָכטן 36 פּערזאָן.

איך בין אַנטלאָפן צוזאַמען מיט די פיר ברידער אברבנאל און זייערע צוויי שוועסטער. די דריטע איז פאַרוווּנדעט געוואָרן און געבליבן ליגן; מיט דודל איסרס, זעליקל סקראַדניצער און חנטשע־הענדל מיט איר מאַן הערשל. אויך חנטשעס מוטער. חנטשע האָט געטראָגן זייער צוויי־יאָריק מיידעלע און געשריען צו איר מאַן:

„הערשל! איך שטיי־אָפּ! איך האָב נישט קיין כוח צו טראָגן חֶ׳קינד!"

די דייטשן האָבן געיאָגט און נאָכגעשאָסן. הערשל האָט געזען די סכנה, האָט ער געענטפערט פון דער ווייטנס:

„ראַטעווע זיך דו, אַליין!"

חנטשע איז צעטומלט־געוואָרן, איבערגעלאָזט דאָס קינד אין אַ ראָוו און ווייטער געלאָפן. אַ נס, וואָס נאָך איר איז נאָכגעלאָפן איר מוטער און זי, די באָבע, האָט אויפגעהויבן דאָס קינד און געטראָגן מיט אירע לעצטע כוחות.

מיר זענען אַוועק אין די סקראַדניצער וועלדער און געפונען אַ נייעם שרץ־אָרט, וואָס האָט אונדז ווידער נישט באַשיצט. אין אַ פאַרנאַכט, ווען מיר האָבן פייער געמאַכט, עפּעס אָפּצוקאָכן און אויפזידן וואַסער צום וואַשן זיך די קעפּ, האָט מען פּלוצלונג גענומען אויף אונדז שיסן. איך האָב שוין געהאַלטן

אין מיטן וואַשן זיך דעם קאָפּ אין אַן עמער. האָב איך מיטן נאַסן קאָפּ גענומען לויפן.

עס איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט, אָבער לויפנדיק אַרום פינף קילאָמעטער, האָבן מיר אים נישט געפילט.

שפּעט ביינאַכט זענען מיר צוריק געגאַנגען.

„סטאָי!״ — האָט עמיץ אויסגערופן און איך האָב באַמערקט אַ פּאָר סילועטן. זיי האָבן אויסגעשאָסן אין דער לופטן און מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט. דאָס זענען געווען אַ ייד און אַ רוס פון די מאַקושקער וועלדער. איך האָב זיי דערציילט, וואָס עס איז געשען און זיי האָבן אונדז באַגלייט צו אונדזער שוץ־אָרט. פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ גרויליק בילד. צענדליקער הרוגים זענען דאָרט געלעגן. צווישן זיי: זעליקל סקראַדניצער מיט זיין פרוי און קינדער. ווייסמאַנס פרוי איז, זעט־אויס, געפאַלן אויפן פייער און זי איז פאַרברענט־געוואָרן. אויך זייערע טעכטער זענען אומגעבראַכט געוואָרן.

אונדזערע באַגלייטער, דער ייד און דער רוס, האָבן אונדז געראַטן אַוועקצוגיין אין די מאַקושקער וועלדער, ווייל דאָ וועלן נאָך זיכער פאָרקומען אָבלאַוועס. האָבן מיר זיי געפאָלגט און מיר האָבן, אין יענער נאַכט, דורכגעמאַכט אַכציק קילאָמעטער.

אין די מאַקושקער וועלדער האָבן מיר זיך פאַרקליבן אין אַ גרוב. אונדזער יידישער באַגלייטער איז פלוצלונג קראַנק וואָרן און אין דעם גרוב איז ער צומאָרגנס אויסגעגאַנגען.

יאָסל אברבנאל האָט זיך אָפּגעפּרוּווירן די פיס און נישט געקענט מער גיין. מיר האָבן אים געמוזט איבערלאָזן מיט אַנדערע יידישע משפחות און אַנטלויפן. אומעטום האָט אויף אונדז געלויערט דער טויט. די כסדרדיקע שיסערייען און איבערפאַלן האָבן אונדז קיין ביסל רו נישט געגעבן. מיר זענען געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט און פאַרטאָג זענען מיר אָנגעקומען אין די האַלער וועלדער.

עטלעכע חדשים האָבן מיר אַזוי געוואַגלט וואַלד־איין, וואַלד־אויס, ליידנדיק הונגער און קעלט. מיר האָבן געזוכט זיך איינצושאַפן געווער און באַשלאָסן, זיך אומצוקערן אין די מאַריאַנקער וועלדער. ווען אייניקע פון אונדזער גרופּע האָבן זיך דערשלאָגן צו אַ פּאָר ביקסן, האָבן מיר באַשלאָסן צו גיין אין אונדזער דאָרף, צו די פּויערים, וואָס האָבן געהאַלטן אונדזער האָב און גוטס. דער ערשטער פּויער, דערהערנדיק נאָך וואָס מיר זענען געקומען, האָט אַרויסגענומען אַ בונט שליסלען און געזאָגט:

„קומט אין שפּייכלער״.

אַרויסקומענדיק אין דרויסן, האָט ער געמאַכט אַ געוואַלד:

„ראַטעוועט! זשידעס זענען מיך באַפאַלן!״

דוד האָט אים דערלאַנגט מיטן פּראָקלאַד איבערן קאָפּ און



ער איז אַנידערגעפאַלן. מיר האָבן גענומען די שליסלען, געעפנט דעם שפּייכלער און געפונען דאָרט אונדזער וואַרעם אָנטאָן און פאַרשיידענע אַנדערע אונדזערע חפצים.



אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער פון וולאָדאַווע און אומגעגנט.

צומאָרגנס האָבן מיר דאָס זעלבע געמאַכט מיט אַ צווייטן פּויער, וואָס האָט אונדז נישט געוואָלט אָפּגעבן דאָס צוגערויבט האָב און גוטס. מיר האָבן זיך אַלע וואַרעם אָנגעטאָן און זיך פאַרזאָרגט מיט אַ היפּש ביסל שפּייז.

עס איז שוין געווען פרילינג. מיר האָבן אָפּגעוואָגלט אין די וועלדער אַ האַרבסט און אַ ווינטער, דורך גרויל און געפאַר. איצט האָבן די מילדע, זוניקע טעג, אויפגעהייטערט אַ ביסל אונדזער געמיט.

אין יענע טעג האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט דער יידישער פּאַרטיזאַנער גרופּע פון משה ליכטנבערג. כמעט אַלע זענען זיי געווען וולאָדאַווער. האַלטנדיק־זיך נאָנט פון דער דאָזיקער באַוואָפנטער גרופּע, איז אויך אונדזער לעבן געוואָרן לייכטער. מיר זענען אַפילו מיטגעגאַנגען זוכן בשותפות שפּייז. מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז באַגינען פירן־אָפּ די פּויערים זייער קאָנטינגענט פאַר די דייטשן, זענען מיר אַרויס אויפן וועג, פאַרהאַלטן עטלעכע פורן און זיי פאַרנומען אין וואַלד אַריין. דאָרט איז געווען צוקער, רייז, פעטס און אַנדערע פּראָדוקטן. מיר האָבן זיך איינגעטיילט און באַגראָבן אונדזער חלק אין אַ זיכער אָרט. מיר האָבן זיך טאַקע פון דעם אָרט באַלד דערווייטערט, אָבער אין די נעכט פלעגן מיר צוריקקומען, אויפגראָבן אַ ביסל פּראָדוקטן און ווידער אַוועקגיין. אַ דאַנק דעם, האָבן מיר געהאַט עטלעכע זאַטע וואָכן.

מיר זענען געגאַנגען צום טייך בוג און דאָרט האָט זיך ליכטנבערגס גרופּע געשפּאָלטן. עפּעס איז דאָרט די מענטשן באַפאַלן אַ פּאַניק און אַ טייל האָט זיך אָפּגעזאָגט אַריבערצוגיין דעם בוג. אונדזער קליינע גרופּע איז אַריבער צוזאַמען מיט ליכטנבערגס טייל. איך ווייס נישט, ווי דאָס איז געשען, נאָר אַריבערגייענדיק דעם בוג, האָבן מיר פאַרלוירן ליכטנבערגס

מענטשן און אונדזער קליינע גרופּע האָט זיך פּלוצלונג דערזען אַרומגערינגלט דורך דייטשן. מיר האָבן געזען, אַז צוזאַמען וועלן מיר זיך נישט אַרויסבאַקומען פון דער אַרומרינגלונג און מיר האָבן באַשלאָסן, אַדורכצורייסן־זיך איינציקווייז.

סוף־כל־סוף איז עס אונדז געלונגען און נאָך עטלעכע טעג וואָגלעניש, זענען מיר אָנגעקומען צום זשוקאָוו־אָטריאַד. דער קאָמאַנדיר קאַטקאָוו האָט אונדז אויסגעפרעגט און אָנגענומען אין זיין אָטריאַד. ערשט דאָ האָב איך אויפגעהערט צו זיין אַן עלנטע, פאַרפאַלגטע וואָגלערין און איך האָב זיך דערפילט אַלס קעמפערין, אַלס אַ שטאַלצע פאַרטיזאַנקע.

די ערשטע אַקציע, אין וועלכער איך האָב אָנטייל־גענומען, איז געווען אַן איבערפאַל אויף שאַצק. נאָך אַ שלאַכט מיט אַ קליינעם דייטשן כוח, האָבן מיר פאַרנומען ביי אַ 150 פערד, אַ סך ביקסן, פּולעמיאָטן און אַמוניציע. מיר האָבן אויך געפאַנגען 75 קאָזאַקן אין דייטשע מונדירן, וועלכע האָבן געדינט דעם שונא. אויסער דעם, האָבן מיר פאַרכאַפּט אַ סך תבואה.

## דער פאַראַט

פונקט ווי די דייטשן האָבן געהאַט זייערע שפּיאָנען אין די וועלדער, אַזוי האָבן מיר אויך געהאַט אַ קאָנטר־שפּיאָנאַזש אין די שטעט. אונדזערע מענטשן פלעגן אפילו גיין קיין בריסק און ברענגען פון דאָרט וויכטיקע ידיעות. צווישן די דאָזיקע מענטשן איז געווען אַ גרוזין, וועלכער איז זייער געשעצט־געוואָרן אין שטאָט. איין מאָל האָט ער זיך מיטגעבראַכט אַ שלאַנקע און שיינע רוסישע יונגע פרוי, מאַרישאַ, וועלכע ער האָט באַגעגנט הינטער בריסק. זי איז געווען מיט אַ מוטער און נאָך אַ שוועסטער. זיי האָבן דערציילט, אַז זיי זענען אַנטלאָפן פון אַ טראַנספּאָרט, וואָס איז געפאָרן קיין דייטשלאַנד אויף אַרבעט. זיי שטאַמען פון סמאָלענסק, וווּ די דייטשן האָבן דערהרגעט איר פאָטער און אַ ברודער. אויס רחמנות האָט מען די דריי פרויען אַריינגענומען אין שכנותדיקע דריי אָטריאַדן. מאַרישאַ איז געבליבן ביי אונדז. בעסער געזאָגט, נעבן איר גרוזין. זי איז געווען אַ פריילעכע, אַ באַרעדעוודיקע, האָט זיך שיין געקליידט און שיין געזונגען. אין זכות פון איר גרוזין האָט זי כּמעט נישט געטאָן קיין שום אַרבעט. זי פלעגט אָפט זיצן אין שטאַב און אָפט, כּמעט יעדן צווייטן־דריטן טאָג, פלעגט זי זיך אַרויפכאַפּן אויף אַ פערדל רייטנדיק. זי פלעגט מאַכן ווייטע שפּאַצירן אָדער פאָרן באַזוכן איר מוטער און שוועסטער.

מיר האָבן זיך געגרייט אויפצונעמען דעם נייעם יאָר 1944. מיר האָבן שוין געהאַט עטלעכע פעסער „סאַמאָגאָן", געבאַקן „פּיראָג", געקאָכט און געפּרעגלט און, מיט אַ גרינג געמיט, זיך געגרייט צום יום־טוב. פּלוצלונג האָבן אונדזערע אויסשפּירער אָנגעזאָגט, אַז דייטשן רינגלען אונדז אַרום. אונדזער קאָמאַנדיר קאַטקאָוו האָט נישט געקענט באַנעמען, וואָס דאָ איז געשען, אָבער ער האָט באַפוילן דעם אָטריאַד צו זיין גרייט. דער יום־טוב איז אונדז שוין מער אין קאָפּ נישט געלעגן און די נאַכט זענען מיר שוין נישט געשלאָפן.

פאַרטאָג האָבן מיר אָפּמאַרשירט פון יענעם פּלאַץ, מיטנעמענדיק בלויז דאָס נויטווענדיקסטע און 50 קראַנקע, וואָס מען האָט געפירט אויף וועגענער, אָדער געטראָגן אויף „נאָשילקעס". גייענדיק אין דער ריכטונג צו די זומפּן, האָבן אַ האָגל־געטאָן אויף אונדז קוילן. די דייטשן זענען געזעסן ערגעץ אויף בוימער און אונדז באַשאָסן. לויט קאַטקאָווס קאָמאַנדעס, זענען מיר געפאַלן צו דער ערד, געלאָפן און געפאַלן. איך האָב אפילו געמוזט פאַלן אין אַ וואַסער אַריין, ווען די קוילן האָבן געפייפט איבער מיין קאָפּ.

דריי מעת־לעת האָבן מיר דאַן אַרומגעוואַנדערט פון איין וואַלד אין אַנדערן, ביז אונדזערע אויסשפּירער האָבן אָנגעזאָגט, אַז דער וועג איז ריין און מיר קענען זיך אומקערן. ווען מיר זענען אויפן פערטן טאָג צוריקגעקומען, האָבן מיר זיך איבערצייגט, אַז די דייטשן האָבן געבלאָנדזשעט און האָבן גאָר אונדזערע זיעמליאַנקעס נישט געפונען. זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען נאָענט און אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג. דאָרט האָבן זיי אָנגעטראָפן אויף דער באַזע פון „וואַנדאַ וואַסילעווסקאַ"־אָטריאַד, וועמענס באַוואָפנטער כוח איז געהאַט אַוועקגעגאַנגען אויף אַן אַקציע. געבליבן זענען נאָר קראַנקע, די באַזע־באַדינונג און משפחות. די דייטשן האָבן דאָרט אויסגעהרגעט בערך אַ 150 מאַן, פאַרברענענדיק זיי מיט די זעמליאַנקעס צוזאַמען. ממש על־פּי נס האָבן זיי נישט אַנטדעקט אונדזער באַזע און אַלץ איז דאָ געבליבן נישט גערירט, אפילו די פעסער „סאַמאָגאָן" און די צוגעגרייטע יום־טוב־שפּייזן. מיר האָבן דעריבער, מיט אַ דריי־טאָגיקער פאַרשפּעטיקונג, דאָך געפייערט דעם נייעם יאָר...

עטלעכע וואָכן נאָך דער דאָזיקער געשעעניש, איז צונויפגערופן־געוואָרן דער גאַנצער אָטריאַד. מיר האָבן זיך אויסגעשטעלט און אומרויק דערוואַרט אַ וויכטיקן באַפעל. פון שטאַב איז אַרויסגעקומען דער קאָמאַנדיר קאַטקאָוו. „פירט זי אַרויס" — האָט ער באַפוילן. עטלעכע באַוואָפנטע פאַרטיזאַנער זענען אַוועק אין קאַרטאָפל־קעלער און האָבן פון דאָרט געבראַכט צו פירן אַ געבונדענע מאַרישיאַן. זי איז געווען שטאַרק צעשלאָגן און בלייך ווי קאַלך. דער קאָמאַנדיר קאַטקאָוו האָט געהאַלטן אַ רעדע און ער האָט דערציילט וועגן אַן אַנטדעקטער שפּיאָנאַזש־גרופּע, צו וועלכער די מאַרישיאַ האָט געהערט. יעדן צווייטן טאָג פלעגט זי פאָרן צו איר מוטער אין וואָראָשילאָוו־אָטריאַד און איבערגעבן איר אַלץ, וואָס זי האָט געוווּסט פון אונדזער שטאַב. די מוטער האָט עס דערטראָגן איר אַנדערער טאָכטער און יענע איז שוין געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט

אַ פֿויער, וועלכער פֿלעגט עס דערטראָגן קיין בריסק, צו די דייטשן.

פּאַרטיזאַנער האָבן דעם פֿויער געכאַפּט און בעת דער אויספֿאָרשונג, האָט ער געפּלאָנטערט מיט דער צונג. מען האָט אים אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז ער האָט אַלץ דערציילט.

דורך זיי זענען עס אומגעקומען די 150 מאַן פֿון „וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ־אָטריאַד" און נאָר צוליב זייערן אַ טעות, וואָס זיי האָבן שלעכט אינפֿאָרמירט די דייטשן, איז אונדזער באַזע נישט אַנטדעקט געוואָרן און מיר האָבן באַוויזן צו אַנטלויפֿן און זיך ראַטעווען.

איצט זענען די אַלע דריי פֿרויען, צוזאַמען מיטן פֿויער, פֿאַרמשפּט־געוואָרן צום דערשיסן.

דער גאַנצער אָטריאַד איז איצט בייז געווען אויף איר געליבטן, דעם גרוזין, וועלכער איז איצט שוואַרץ געווען ווי די ערד און האָט זי נאָך געפּרוווט פֿאַרטיידיקן: „איך מיין, אַז מען זאָל נאָך צוואַרטן און גרינטלעכער אויספֿאָרשן. עס קען זיך אַרויסווייזן אַ טעות" — האָט ער געזאָגט. דער קאָמאַנדיר קאַקטאָוו איז צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט:

— דערווייז, אַז דו אַליין האָסט נישט קיין שייכות דערצו. אויב דו אַליין ווילסט נישט בלייבן קיין פֿאַררעטער, איז נאַ דיר! — האָט ער אים דערלאַנגט אַ רעוואָלווער — נעם און פֿיר תיכף אויס דעם אורטייל!

דאָס פּנים פֿונעם גרוזין איז נאָך פֿינצטערער געוואָרן. דער רעוואָלווער האָט געציטערט אין זיין האַנט. ער האָט זיך אַ היפּשע ווײַלע געוואַקלט, ביז ער האָט זיך אַנטשלאָסן. ער האָט אָנגעצילט אין מאַרישיאַן און אויסגעשאָסן.

טעג און וואָכן פֿריער האָבן מיר שוין געוווּסט, אַז ס'דערנענטערט־זיך די באַפֿרייונג. די דייטשן זענען צוריקגעלאָפֿן אין אומאָרדענונג און אין פּאַניק. אויסצוהיטן־זיך פֿון די באָמבאַרדירונגען, האָבן זיי געשפּאַרט אין די וועלדער. מיר, אָבער, האָבן געעפֿנט אויף זיי אַ פֿייער און געשטויסן זיי צוריק צו די שאָסייען און אָפֿענע פֿעלדער, וווּ עס האָט געהאָגלט אויף זיי מיט קוילן.

דאָס זענען געווען טעג פֿון פֿריידיקן פֿיבער און כסדרדיקער אַלאַרם־גרייטקייט. און אַז דער ראַדיאָ האָט אָנגעזאָגט די בשורה, אַז וואָלאָדאַווע, פּאַרצעווע און די אַרומיקע באַפֿעלקערטע פּונקטן, זענען שוין איינגענומען־געוואָרן דורך דער רויטער אַרמיי, האָבן זיך אַלע פּאַרטיזאַנער געוואָרפֿן איינער אין אַנדערנס אָרעמס, מען האָט זיך געקושט, געזונגען און געטאַנצט פֿון שמחה.

איך, אָבער, האָב נישט געקענט איינהאַלטן די שטראָמען טרערן, וואָס האָבן איצט געשפּאַרט ווי פֿון אַ קוואַל. דאָס האַרץ איז מיר געווען פֿאַרקלעמט און די שמחה — פּאַרסמט. עלנט בין איך געבליבן אויף דער וועלט אין טאָג פֿון נצחון.



ווער איז מיר דען געבליבן און צו וועמען זאָל איך זיך איצט קערן און ווענדן? אין די טעג פֿון געפֿאַר, פֿון געיאָגטקייט און געפּלאָגטקייט, פֿון הונגער און וואָגלענישן, פֿון שפּאַנונג און דראַמאַטישע קאַמפֿן — איז קיין צייט נישט געווען דערפֿון צו טראַכטן. אָבער איצט, ווען טייל פּאַרטיזאַנער מאָביליזירן־זיך אין דער רעגולערער אַרמיי און טייל, איבערהויפּט פֿרויען, זענען פֿריי זיך אומצוקערן אין זייערע היימען — וווּהין־זשע זאָל איך איצט גיין מיט מיין פּאַרטיזאַנישער „אָרדאַסטאַוואָרעניע"? אין וואַלד בלייבן קען מען נישט. דאָרט זענען געבליבן די „אַקאָוצעס", וועלכע זוכן אַלץ אויסצומאָרדן די רעשטלעך לעבן־געבליבענע יידן. און אין די דערפֿער איז דען בעסער?

יאָ, איך בין אַוועק אין מיין דאָרף, כדי דאָרט זיך אויסצווויינען אויפֿן מאַסן־קבר פֿון מיינע עלטערן, ברידער און גוטע שכנישע משפּחות. איך בין געגאַנגען מיט נאָך דריי יידישע מיידלעך: חיהלע זשעלאַזאָ פֿון ווישניץ, דעם סאָלטיסעס טאָכטער מאַשאַ סאָליאַרזש און אַ וואַרשעווער מיידל חנה.

אין דאָרף האָט די ערד געברענט אונטער אונדזערע פֿיס. די לופֿט איז דאָרט געווען פֿאַרסמט מיט יידן־האַס.

מיר זענען אַוועק קיין וואָלאָדאַווע, ווו מיר האָבן נישט געפֿונען קיין איין ייד. דאָס זעלבע — אין בריסק. הונגעריקע האָבן מיר אַרומגעוואַנדערט פֿון איין אָרט צום אַנדערן, ווי פֿריער — אין די וועלדער.

ווו־נישט־ווו האָבן מיר געפֿונען אַ פּאָר יידן. איך האָב אויך געפֿונען מיין מומע הינדע טורבינער, וועלכע האָט איבערגעלעבט אין אַ באַהעלטעניש צוזאַמען מיט אַ זון, שנור און צוויי אייניקלעך.

שווער איבערצוגעבן די איבערלעבונגען, ווען מען גייט איבער חרובע גאַסן און יעדעס הויז דערמאָנט דיך, אַז דאָ האָסטו געהאַט אַ קרוב, אַ פֿריינד, אַ חבר; דאָ האָסטו זיך באַגעגנט מיט חברטעס, געשמועסט, געחלומט. דערמאָנסט זיך אין אַזעלכע גוטע מענטשן, נשים צדקניות, וועלכע האָבן מיט זייערע מידות טובות אויפֿגעהאַלטן די שטאָט, געהאָלפֿן יעדן נויטבאַדערפֿטיקן; די שיינע יידישע טעכטער, די אומשולדיקע ריינע קינדער — די אַלע זענען שוין מער נישטאָ. פֿאַרפֿייניקט האָט מען זיי אין די טויט־לאַגערן, אין געטאָ, אין סאָביבאָר. ווי האַלטן מיר עס אויס?! אפֿילו מיר, וואָס זענען געבליבן לעבן על־פּי־נס, זענען ווי שיריים פֿון חורבות.

אין יענע טעג האָט מיך דער גורל צוזאַמענגעפֿירט מיט אַנשלען פֿון יאַנאָוו פּאָדליאַסקי און איך בין שוין מער נישט געווען עלנט.

צוזאַמען מיט מיין זיווג האָבן מיר געוואָגלט איבער גרענעצן, ביז מיר זענען, אין יאַנואַר 1949, געקומען קיין ארץ־ישראל.

# אין געראַנגל מיטן שונא

מיטן אַריינמאַרש פון דער געסטאַפּאָ אין װאָלאָדאַװע, איז מיט יעדן טאָג דאָס לעבן געװאָרן שװערער און שרעקלעכער. עס האָבן זיך גענומען שיטן גזי־רות: טראָגן מגן־דודס אויפן אַרבל, כאַפּן צו אַרבעט, ביי װעלכער מען האָט מערדערלעך געשלאָגן. עס זענען אַרויפגעלייגט געװאָרן שװערע קאָנטריבוציעס. אויסער די גרויסע געלט־סומעס האָט די געסטאַפּאָ געפאָדערט אויך פון יודנראַט צוצושטעלן גרויסע קוואַנטומס טיי, קאַװע, שאָקאָלאַד, שטיװל און אַנדערע זאַכן.

אין יענע טעג האָט מיין שװער שלום לעמבערגער אָנ־געהויבן זיך באַמיען איבערצושיקן מיך קיין טאָמאַשעװקע אויף דער צװייטער זייט בוג, װו עס האָבן זיך דעמאָלט געפונען די רוסן.

אין אַ פינצטערער נאַכט איז ישראל װאָװטשעס צו־געקומען מיט אַ פור און אָפּגעפירט מיך מיט נאָך עטלעכע יידן קיין אַרכאָװע, װו מיר האָבן זיך באַהאַלטן אין אַ סטאָדאָלע, פון װאַנען מיר האָבן לויטן פּלאַן געדאַרפט נאָך האַלבער נאַכט אַריבערגיין דעם בוג.

ביים אַרויסגאַנג פון דער סטאָדאָלע זענען אונדז פּלוצ־לינג באַפאַלן באַװאָפנטע היטלעריסטן און אונדז אַלע אַרעסטירט. אין אַרעסט האָט מען אונדז אויסגעטון נאַ־קעט, רעװידירט די מלבושים און געשלאָגן מכות רצח. אַלע זאַכן האָבן זיי ביי אונדז צוגענומען. ביי מיר האָבן זיי געפונען עטלעכע װערטפולע זאַכן און געדראָט מיך צו דערשיסן.

מען האָט אונדז אַװעקגעפירט אין די קאַזאַרמעס און פאַרשלאָסן די טיר פונעם צימער, אין װעלכן מיר זענען געזעסן ביז אויף צומאָרגנס נאָך האַלבן טאָג.

אינצװישן האָט מען אין שטאָט זיך דערװוסט װעגן אונדזער אַרעסט און דער יודנראַט האָט זיך אָנגעהויבן באַמיען אונדז צו באַפרייען, געבנדיק אַ גרויסע סומע אויסלייז־געלט.

נישט געקוקט דערויף האָב איך נישט רעזיגנירט פון אַנטלויפן און נאָך אַ קורצער צייט איז מיר געלונגען אי־בערצוקויפן אַ היימישן דייטש, װעלכער האָט מיר גע־האָלפן אַריבערגיין די גרענעץ קיין טאָמאַשעװקע.

אין פאַרגלייך מיטן לעבן אין װאָלאָדאַװע זענען די



באַדינגונגען אין טאָמאַשעװקע געװען כמעט אַ גן־עדן. אין טאָמאַשעװקע איז אויך געװען מיין ברודער, הערש און ער האָט מיר געהאָלפן איינאָרדענען זיך אַלס בוכהאַלטער. אין משך פון דער צייט בין איך געקומען צו זיך און געהאָפט אויף בעסערע טעג.

ס'איז אָנגעקומען די פּאַספּאָרטיזאַציע, װאָס האָט איי־גנטלעך באַדייט דאָס אַרויסשטויסן די פליטים פון זייערע אַרבעטס־ערטער, װייל באַקומענדיק די רוסישע פּאַספּאָרטן מיטן באַקאַנטן פּאַראַגראַף, האָבן מיר געמוזט פאַרלאָזן די גרענעץ־געביטן, אַן ערך 100 קילאָמעטער פון װאָלאָדאַװע.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַניק. אין יענע טעג האָב איך באַקומען אַ בריװ פון מיין שװאָגער ד״ר איגעלניק, װעלכער האָט זיך איינגעאָרדנט אין לאַכװע און מיר פאָר־געשלאָגן צו קומען אַהין, װו עס האָבן, אגב, זיך געפונען אַ סך װאָלאָדאַװער יידן.

אַ געװיסע צייט האָב איך נאָך באַקומען בריװ פון װאָלאָדאַװע, אָבער שפּעטער האָט זיך דער קאָנטאַקט איבער־געריסן און מיר האָבן נישט געהאַט קיין שום ידיעות, װאָס עס טוט זיך דאָרט מיט אונדזערע נאָענטע.

אין יאָר 1941, װען עס איז אויסגעבראָכן די דייטש־רוסישע מלחמה און דער פראָנט האָט זיך גענומען דער־נענטערן צו אונדז, האָבן מיר געגרייט זיך צו פאַרלאָזן לאַכװע און פאָרן װייטער, אין טיף רוסלאַנד. אָבער אין דער זעלבער צייט איז געקומען אַ באַפעל, אַז קיינער טאָר נישט פאַרלאָזן זיין אַרבעטס־פּלאַץ. װען די סאָװיעטישע אַרמיי האָט זיך גענומען צוריקציען האָט מען אונדז גע־הייסן גיין אין װאַלד צו די פּאַרטיזאַנער.

צוזאַמען מיט ד״ר איגעלניק און זיין משפחה בין איך געפאָרן װייטער צו דער אַמאָליקער רוסישער גרענעץ, אָבער דאָרט האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף רוסישע מי־ליטער־װאַכן און מיר האָבן געמוזט פאָרן צוריק קיין לאַכװע.

אין עטלעכע טעג אַרום זענען די דייטשן אַריין אין שטעטל און עס האָבן זיך אָנגעהויבן די זעלבע צרות װי אין װאָלאָדאַװע. די זעלבע גזירות, דאָס טראָגן צװיי געלע לאַטעס, פופצן־סענטימעטערדיקע, איינע פון פאָרנט און

איינע אויף דער פּלייצע; דער זעלבער אופן פון כאַפּן צו עבודת פּרך.

עס האָט זיך געשאַפן אַ יודנראַט, אַ געטאָ, יידישע פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן צוזאַמען מיט פּאָלקס־דייטשן אַכטונג געגעבן, אַז ביים איבערגיין אין געטאָ זאָל מען נישט מיטנעמען מיט זיך קיין סך זאַכן. ביי דער צוואַנגסאַרבעט האָט מען באַקומען 100 גראַם ברויט אַ טאָג. מען פלעגט איינשפּאַנען 20 יידן אין אַ וואָגן מיט אייזן און זיי האָבן געמוזט שלעפּן דעם וואָגן ביז קיין מיקאשעוועטש. איבערן גאַנצן וועג האָבן די דייטשע אויפזעער נישט אויפגעהערט צו שלאָגן די יידן מיט בייטשן.

מיט יעדן טאָג איז געוואָרן אַלץ שווערער. שפּעטער האָט מען גרופּעסווייז אַרויסגעפירט די יידן פון מיקאשעוויטש און זיי דערשאָסן.

די אומדערטרעגלעכע לאַגע האָט באַוויגן אַ סך יידישע יונגעלייט צו גרייטן זיך צו אַן אויפשטאַנד. צווישן די אויפשטענדלער זענען אויך געוועזן יידן פון וולאָדאַווע.

ווען די דייטשן האָבן מיט אויטאָמאַטיש געווער אַרומגערינגלט דאָס געטאָ, איז דער ערשטער קרבן געפאַלן דער ייד דרעבסקי, וועלכן די דייטשן האָבן דערשאָסן אויפן אָרט.

עס איז געגעבן געוואָרן דער סיגנאַל און די יידישע אויפשטענדלער האָבן אונטערגעצינדן דאָס געטאָ, באַפאַלן די דייטשע וואַך און צוגענומען ביי זיי דאָס געווער. די דייטשן, וואָס זענען געשטאַנען אין וועג זענען דערשאָסן געוואָרן.

די אויפשטענדלער זענען אַנטלאָפן אין וואַלד, אָבער איבערן גאַנצן וועג האָבן די דייטשן זיי נאָכגעשאָסן. די אויפשטענדלער האָבן געענטפערט און עס זענען געפאַלן קרבנות פון ביידע זייטן.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן די דייטשן זיך געוואָנדן צום ד״ר איגעלניק ער זאָל געבן מעדיצינישע הילף אַ פאַרוווּנדעטן דייטשן זעלנער. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט און איז דערפאַר אויפן אָרט דערשאָסן געוואָרן.

דאָס לאַכווער געטאָ האָט געברענט. מיר האָבן באַוויזן צו אַנטלויפן אַ צען קילאָמעטער ביזן טייך פּראַפּעשטש, ווו עס האָבן זיך צונויפגעזאַמלט אַ צוויי הונדערט אַנטלאָפענע פונעם ברענענדיקן געטאָ.

מיטן אָנקום פון דער נאַכט האָבן מיר זיך איינגעטיילט אין גרופּעס און אַוועק פון פּראַפּעשטש, זוכן פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין די בלאָטעס אויפן גריטשין.

נאָכן אַריבערגיין די באַן־ליניע זענען מיר אַריין אין וואַלד, ווו מיר האָבן אין דער פינצטער זיך אָנגעטראָפן אויף פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אונדז פאַרהאַלטן און



נישט געלאָזט גיין טיפער אין וואַלד, ווו עס האָט זיך געפונען זייער אָטריאַד.

מיר זענען געבליבן אויפן אָרט ביז עס איז אָנגעקומען דער קאָמאַנדיר פונעם אָטריאַד, אַ רוס, האָט אונדז אויסגעפרעגט ווער מיר זענען און ווי אַזוי מיר זענען אָנגעקומען אין וואַלד. דערנאָך האָט ער אונדז געראַטן, מיר זאָלן אָרגאַניזירן זיך אין אַ באַזונדערן אָטריאַד.

מיר האָבן אַזוי געטון. אַלס קאָמאַנדיר פון אונדזער אָטריאַד איז אויסגעוויילט געוואָרן אברהם, פון דאָרף זבערעזש, הינטער וולאָדאַווע. יצחק ליכטנבערג, איך און נאָך אַ יונגערמאַן זענען באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמאַנדירן פון קלענערע גרופּעס. נאָך עטלעכע טעג איז צו אונדז געקומען דער רוסישער קאָמאַנדיר, אינטערעסירט זיך מיט אונדזערע שוועריקייטן, וואָס האָבן געדראָט, אַז דער אָטריאַד זאָל זיך צעפאַלן. ער האָט געזאָגט, אַז 25 מאַן קאָן ער נעמען צו זיך, אין זיין אָטריאַד.

די איבריקע, צווישן וועלכע אויך איך און מיין ברודער האָבן זיך געפונען, האָבן געמוזט פאַרלאָזן דעם וואַלד און, לויט דער אָנווייזונג פונעם קאָמאַנדיר, האָבן מיר זיך געלאָזט קיין גאראַדיטש, ווו עס האָט זיך געפונען דער הויפּטשטאַב פונעם פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד.

אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט אַ ייד, וואָס איז געווען טויב־שטוב און איז געוואָרן שרעקלעך צעשלאָגן דורך די פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אים פאַרטריבן פון וואַלד. מיר האָבן אויך באַגעגנט אַ מיידל דעבסקאַ און צוויי קינדער פון די וולאָדאַווער ווײַנפעלדס.

אויפן וועג האָבן מיר באַגעגנט פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אונדז אָבער נישט געוואָלט מיטנעמען מיט זיך. ערשט ווען מיר זענען צוגעקומען ביז גאראַדיטש האָט אונדז פאַרהאַלטן אַ פּאַרטיזאַנער־וואַך, נישט געוואָלט דורכלאָזן ווייטער און אויך נישט געלאָזט אַוועקגיין פון אָרט, ווייל דאָס איז געווען די פּאַרטיזאַנער זאָנע און ער האָט אונדז דערפאַר געהיטן ביז עס איז אָנגעקומען אַ גרויסער פּאַרטיזאַנער אָטריאַד און דער וועכטער האָט דערציילט דעם קאָמאַנדיר וועגן אונדז, איבערגעגעבן גלייכצייטיק, וואָס מיר האָבן דורכגעמאַכט און איבערגעלעבט.

דער קאָמאַנדיר האָט זיך באַצויגן צו אונדז פריינטלעך און אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל אונדז אַריינלאָזן אין דאָרף, ווו ער האָט געהייסן דעם פּאָרזיצער פון קאָלכאָז איינאָרדענען אונדז אין דער קאַנצעלאַריע, געבן אונדז אָפּצועסן, אַז מיר זאָלן נישט דאַרפן גיין צווישן דער דאָרפישער באַפעלקערונג בעטלען עפּעס צו עסן.

אין דער לויפנדער וואָך האָט מען אונדזער גרופּע איינגעטיילט אין באַזונדערע בריגאַדעס. מיך האָט מען צו־

געטיילט צו דער 6־טער בריגאַדע. דער קאָמאַנדיר האָט מיך געפרעגט צי איך קאָן שיסן פון אַ האַרמאַט און ווען ער האָט געהערט, אַז איך האָב געענדיקט אין פוילישן מיליטער אַן אַרטילערישע שול פאַר אונטער־אָפיצירן, האָט ער מיך אַריינגעפירט טיפער אין וואַלד, ווו עס האָט זיך געפונען אַ האַרמאַט, וועלכן די אָפּטרעטנדיקע רויטע־אַרמיי האָט איבערגעלאָזט.

דאָס איז געווען אַ נייער האַרמאַט מיט 150 סנאַריאַדן. צום דאָזיקן האַרמאַט האָט מען צוגעטיילט אַ גרופּע פון זעקס פּאַרטיזאַנער, וועלכע איך האָב געלערנט שיסן. דער קאָמאַנדיר האָט מיך אָבסערווירט, באַמערקט מיינע פעאיקייטן און באַשטימט מיך אַלס אָנפירער פון דער גרופּע אַרטילעריסטן.

נאָך אַ וואָך האָב איך באַקומען אַ באַפעל צו פאָרן מיטן האַרמאַט אין דער ריכטונג ווו מען האָט געדאַרפט דורכפירן אַן אָפּעראַציע. די דייטשן האָבן קאָנפיסקירט אין דעם דאָרף אַלע קי און חזירים און זיך דאָרט באַפעסטיקט. איך בין מיט מיין גרופּע געבליבן שטיין אַ 5 קילאָמעטער פון דאָרף, אָנגעשטעלט דעם ציל און אויסגעשאָסן פינף שראַפּנעלן אויף די הייזער, וואָס זענען געשטאַנען ביים סוף פון דאָרף, אין וועלכע די דייטשן האָבן זיך באַזעצט און דאָרט געהאַט צונויפגעזאַמלט די רעקווירירטע בהמות. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק צווישן די דייטשן און זיי זענען אַנטלאָפן, איבערלאָזנדיק דעם גאַנצן לעבעדיקן אינווענטאַר, וועלכער איז צוריק אָפּגעגעבן געוואָרן אין דעם דאָרף.

שפּעטער האָבן מיר דורכגעפירט נאָך אַ ריי אַקציעס, אויפגעריסן באַן־ליניעס, גאַנצע עשאַלאָנען מיט מיליטער און אַמוניציע, וואָס די דייטשן האָבן געפירט צום פראָנט.

אין יאָר 1942 זענען מיר אָנגעקומען אין אַ גרויסן וואַלד, אין וועלכן עס איז געווען אַ לאַגער פון אַ צוואַנציק טויזנט פּאַרטיזאַנער, אין וועלכן מיר האָבן זיך אויך אָנגעשלאָסן. מיך מיטן האַרמאַט האָט מען אָנגעשלאָסן אין אַן אַרטילערישע איינהייט, אין וועלכער עס זענען געווען פופצן האַרמאַטן.

אין וואַלד האָט זיך גענומען רודערן. מען האָט זיך געגרייט צו אַ גרעסערער אַקציע און געריקט זיך אין דער ריכטונג אויף פּטיטש, ווו עס איז געשטאַנען אַ דייטשער פּולק, וועמענס הויפּט־אויפגאַבע איז געווען צו היטן די באַן־ליניע און די אייזערנע בריק, איבער וועלכער עס האָבן געמוזט דורכפאָרן די צוגן פון בריסק אויף גאָמעל און מאָסקווע. די דייטשן זענען געזעסן אין בעטאָנענע בונקערס און ווען מיר האָבן אָנגעהויבן דעם אָנגריף אויף דער בריק, האָבן זיי געעפנט אויף אונדז אַ שטאַרק פייער. מיר האָבן זיך געמוזט צוריקציען. עס איז געבליבן בלויז אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער אויפצורייסן די בריק מיט דינאַמיט.

אין דער דאָזיקער אַקציע זענען געפאַלן אַ סך פּאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע עס זענען געווען אויך יידישע יונגעלייט פון וואָלאָדאָווע. אין דער דאָזיקער אַקציע האָבן אָנטיילגענומען אַ סך יידישע פּאַרטיזאַנער, וואָס האָבן געהערט צו דער ערשטער מינסקער איינהייט.

משה קצב

# אלץ פאר א ביקס

בעת דער לעצטער „יודענריין"־אַקציע, בין איך מיט מיין פרוי און צוויי זין געלעגן אין באַהעלטעניש. מיט אונדז צוזאַמען זענען געווען: מיין שוועסטער חיה'ס טאָכטער שרה (איצט אין ישראל), מיינע שוואָגערס הערשל און לייבוש, יעקב בערגער מיט זיין שוועסטער און לייבל.

איבער די גאַסן האָבן געהילכט ביקסן־שאָסן און גראַנאַטן־אויפריסן. אוקראַינער און דייטשן האָבן געזוכט די לעצטע בונקערס און באַהעלטענישן, פון וואַנען זיי האָבן אַרויסגעשלעפּט די לעצטע יידן. דאָס קרעכצן פון פאַרוווּנדעטע און די גרויליקע קולות פון מאַמעס און קינדער, האָבן זיך, מיט קליינע פויזעס, געהערט אַ גאַנצן טאָג; אין אָוונט זענען די שיסערייען און קולות זעלטענער און שטילער געוואָרן און מיר האָבן געוווּסט: מיר זענען די לעצטע פון אַ שטאָט מיט יידן, וואָס מען האָט אָוועקגעפירט צו דער שחיטה.

ביינאַכט האָבן מיר זיך אַרויסגעשלייכט פון אונדזער באַהעלטעניש און זיך אַרויסגעגנבעט פון יידישן טייל. אויף דער אַנדערער, גויאישער גאַס האָבן מיר זיך פאַרנומען צווישן די

סטאָדאָלעס. אַ שגץ איז אַנגעפאַלן און גענומען שרייען „סטאַי!”. איך האָב געכאַפּט אַ לייסט און אים דערלאַנגט איבערן קאָפּ. ער איז אַנידערגעפאַלן און מיר זענען אַנטלאָפן.

פאַרנאַכט האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט טיפער אין וואַלד. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן אדאם קייזער מיט זיין פרוי, גאָלדע שלעווין, איינעם אַ שפּאַרבער און אַ מיידל. ביידע נישט קיין וואָלאָדאַווער. צוזאַמען האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט זוכן פּאַרטיזאַנער.

אויפן פינפטן באַגינען האָט אונדז דאָס פרעמדע מיידל אַנגעיאָגט מיט אַ פרייד: זי האָט אין עק וואַלד דערזען אַ פּאַסטוכל און געבעטן ביי אים אַ שטיקל ברויט, האָט ער איר אַוועקגעגעבן זיין פלאַש מילך און דאָס ברויט, וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיך אויפן גאַנצן טאָג.

די פרייד איז אונדז אָבער נישט באַקומען, מיר האָבן מורא געהאַט אַז דאָס פּאַסטוכל קען אונדז נאָך אויסגעבן. האָבן מיר באַשלאָסן, צו פאַרהאַלטן אים צוזאַמען מיט זיינע בהמות. ער האָט זיך געשוואָרן, אַז ער איז אונדז נישט קיין שונא. ער איז אַ פּאַסטוך ביי יענעם. זיין טאַטן האָבן דייטשן דערהרגעט. ער העלפט פּאַרטיזאַנער מיט וואָס ער קען. דאָס יינגל פון ניין יאָר האָט שוין פאַרשטאַנען אונדז צו וואַרענען, אַז אָן געווער וועלן מיר נישט קענען לעבן אין וואַלד און אַז אַ ביקס דאַרף קאָסטן צוויי טויזנט זלאָטעס. ער האָט זיך אויך אַרויסגעכאַפּט, אַז ביי זיין באַלעבאָס אין שטרוי איז פאַרשטעקט אַ ביקס, וואָס ער וואָלט געקאָנט אַרויסגנבענען. איך האָב אים צוגעזאָגט פאַר איר פיר טויזנט זלאָטעס און מיר האָבן אים אָפּגעלאָזן. צוליב פאָרזיכטיקייט, זענען מיר אַוועק פון דאָרט אַ דריי קילאָמעטער. צו דער אָפּגערעדטער צייט, האָבן מיר זיך צוריק דערנענטערט אַ צוויי קילאָמעטער און פון דער ווייטנס געפּאַרשט דעם שטח, זיך איבערצוצייגן, צי דאָס פּאַסטוכל קומט נישט אַמאָל מיט קיין דייטשן.

מיטאַמאָל האָבן מיר אים דערזען, דעם ניין־יאָריקן, ווי ער שלעפּט אַ ביקס, וואָס איז גרעסער פון אים... ער איז געווען איינגאַנצן אַליין און מיר זענען אים אַנטקעגן־געלאָפן. אויסער דער ביקס, האָט דער קליינער נאָך כוח געהאַט צו ברענגען אונדז צוויי לאַבנס ברויט און עטלעכע אייער. איך האָב אים געגעבן די פיר טויזנט זלאָטעס און אַ זייגער.

דאָס קליינע פּאַסטוכל האָט גערעדט פאַרשטענדיק און דערפאַרן ווי אַ גרויסער:

— איצט, אַז איר האָט שוין אַ ביקס, וועט איר קענען לעבן — האָט ער געזאָגט — איר וועט קומען אין דאָרף. איך וועל אייך אָנווייזן אַ רייכן פּויער, אַ כלב שבכלבים. ביי אים וועט איר באַקומען שפּייז. די ביקס וועט שוין אַלץ מאַכן.

אַ דאַנק דעם פּאַסטוכל, האָבן מיר שפּעטער איינגעהאַנדלט נאָך אַ ביקס, אָבער בלויז די מעטאַלענע טייל, אָן דעם האָלץ־פּראָקלאַד. מיט דער פריערדיקער ביקס איז אויך געשען אַ מכשול: באַלד ביים ערשטן שאָס, איז די גילזע געבליבן שטעקן, נישט אַרויסצובאַקומען זי.

דאָס האָט מיך געצוווּנגען נאָך אינטענסיווער צו זוכן פּאַרטיזאַנער, כדי צו קריגן ביי זיי אַ „שאַמפּאָל”, אַרויסצונעמען די גילזע און אויסצורייניקן די ביקס. איך האָב איבערגעלאָזט מיין משפחה און האָב זיך אַוועקגעלאָזט אין וואַלד זוכן.

ענדלעך האָב איך געפונען משה ליכטענבערגס גרופּע. דאָרט זענען אויך געווען לעאָן נ., מאָטל ראַזנבערג, מישא פעלדמאַן, דער חתן פון אידל למדנס טאָכטער און שמחה.

ליכטענבערג האָט מיר געגעבן שפּייז פאַר מיין גאַנצער גרופּע, אָבער אַריינגעמען אונדז אַלעמען אין זיין גרופּע, אָן געווער, האָט ער נישט געוואָלט. איבערהויפּט נאָך, ווען זיין גרופּע גייט באַלד אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג.

זיי זענען טאַקע באַלד אַוועק. איך האָב אויף יענעם פּלאַץ איבערגענעכטיקט און פּאַרטאָג, האָב איך זיך געלאָזט גיין צוריק צו מיין גרופּע און צו ווייב און קינד.

איך בין אַזוי געגאַנגען ביז אַרום עלף אַ זייגער, ווען איך האָב פּלוצלונג דערהערט אַ געדיכטע שיסעריי, וואָס איז געקומען פון יענער ריכטונג, ווו איך האָב איבערגעלאָזט די מייניקע. דאָס האַרץ האָט מיך קיין גוטס נישט אָנגעזאָגט. מיט אַ ביטער פּאָרגעפיל האָב איך זיך באַוועגט פאָרויס. אינדעם האָב איך באַמערקט, ווי עס שלייכן־זיך און פלאַטערן סילועטן. צי איז שוין געווען פאַרנאַכט, אָדער מיר איז דאָס אַזוי פינצטער געווען פאַר די אויגן? — דאָס זענען מיר אַקעגנגעקומען עטלעכע פון מיין גרופּע מיט מיין שוואָגער לייביש. יאָ, דאָס אומגליק איז געשען. יאָמערדיק האָבן זיי מיר אָנגעזאָגט די פינצטערע בשורה: איך האָב שוין נישט קיין פרוי. איך האָב שוין נישט קיין קינדער. אויסער די פּאָר אַנטלאָפענע, האָט זיך מער קיינער נישט געראַטעוועט.

היות איך בין געווען מיט אַ ביקס האָבן געגומען קלעבן צו מיר מענטשן: אַ בחורל בעלע, וועלכער האָט זיך פאַרזינדיקט פאַר ליכטענבערגן און ער האָט אים אַרויסגעוואָרפן פון זיין גרופּע. דער בעלע האָט מיט זיך אַ מיידל. אויסער זיי — שלמה דאָקטער, דעם סטאָלער משה כעלעמערס זון מיט אַ פרוי. יאַנקעלע שוסטערס בחורל און מיין שוואָגער לייביש. די אַלע האָבן געוואָלט געפינען שוץ אונטער מיין ביקס, כאָטש איין ביקס האָט נישט געקענט אַלעמען באַשפּייזן און אָפּהיטן דאָס לעבן.

משהס זון האָט דערציילט, אַז אַרבעטנדיק ביי דער גרענעץ־וואַך אין וואָלאָדאַווע, אויף דער מיל־גאַס נעבן דעם דענקמאָל, ביי דער רוסישער צערקווע, פלעגט ער אָפּגרוזעווען געווער. צוויי ביקסן האָט ער דאַן באַהאַלטן אונטער

האָלץ און ער מיינט, אַז זיי ליגן נאָך דאָרט. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז בעלע, משהס זון און יענקעלע שוסטערס ייִנגל (וועלכער האָט געוואָלט געפינען גאָלד, וואָס זיין פאָטער האָט געהאַט באַהאַלטן), זאָלן גיין נאָך די ביקסן.

ווען זיי זענען אַוועק, האָט זיך שלמה דאָקטער פאַרקוקט אין דער ווייט און עפּעס האָט אַ בליאַסק געטאָן פאַר זיינע אויגן. ער איז צוגעגאַנגען אַהין, אַ שאַר־געטאָן די ערד און דערזען אַ ליופּע, וואָס שטאַרצט דאָרט אַרויס. ער האָט אימפּעטיק גענומען גראָבן און אויסגעגראָבן אַ ביקס !... די שמחה איז געווען אַזוי גרויס, אַז זי האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע נאַכט.

צומאָרגנס ביינאַכט איז צוריקגעקומען יענקעלע שוסטערס זון אַליין. ער איז געווען פאַרוווּנדעט און אינגאַנצן פאַרבלוטיקט. דערציילט האָט ער אַז די ביקסן האָבן זיי טאַקע געפונען און אַרויסגענומען. אויך זיין טאַטנס גאָלד האָט ער שוין געהאַט. אָבער שוין ביים צוריקגיין איז געעפנט־געוואָרן אויף זיי אַ פייער. בעלע און מרדכי׳ס זון זענען געפאַלן און ער, אַ פאַרוווּנדעטער, האָט זיך קוים דערשלעפּט מיט די לעצטע כוחות.

דערהערנדיק וועגן זייער אומגליק, האָבן מרדכיס פרוי און בעלעס כלה באַשלאָסן אומצוקערן זיך אין לאַגער אדאמפאל, אויך מיין שוואָגער לייביש איז מיט זיי אַוועק.

מיט מיר איז געבליבן שלמה דאָקטאָר און יענקל שוסטערס פאַרוווּנדעטער זון. מיר האָבן אויך געטראָפן משה כעלעמערס זון און צוזאַמען האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט זוכן די וולאָדאַווער פאַרטיזאַנער. ענדלעך האָב איך זיי געפונען זיצנדיק אַרום אַ פייער. אין דער גרופּע האָב איך דערקענט: דעם פירער משה ליכטענבערג, לעאָן נ., מאָטל ראָזנבערג, מישקע פעלדמאַן, אילקע באָרנשטיין, ישראלקע פישמאַן, חיים טענצער (דער „ראַדיסט״) און יענקעלע ל.

משה ליכטנבערג האָט באַטראַכט מיין ביקס און האָט מיך אַריינגענומען אין זיין גרופּע.

# קינדער־מארד

אויפן עדות־פאַרהער וועגן ניטשקען האָט משה קצב דערציילט וועגן דער „אָפּנאַר־אַקציע״, ווען די האָבן געמאָלדן אין אויגוסט 1942) אַז אַלע קינדער ביז 10 יאָר זאָלן זיך צושטעלן אויפן ספּאָרט־פּלאַץ. דער רוב עלטערן זענען דאַן אַנטלאָפן צוזאַמען מיט זייערע קינדער און האָבן זיך אויסבאַהאַלטן. בלויז צען קינדער האָבן זיך צוגעשטעלט צוזאַמען מיט זייערע עלטערן. דער הענקער ניטשקע האָט דאַן געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיין כוונה איז בלויז צו באַטראַכטן און אונטערזוכן דעם געזונט־צושטאַנד פון די קינדער, האָט געלויבט זייער ציכטיקייט און גוטן אויסזען פון די טויט־איבערגעשראָקענע קינדער און זיי אהיימגעשיקט.

דאָס האָט באַרואיקט די אַנדערע און זיי זענען אַרויס פון די באַהעלטענישן. ערשט ווען עס זענען פאַרביי צען טעג נאָך דער דאָזיקער אָפּנאַרערישער אַקציע האָט ער ווידער גערופן די קינדער צוצושטעלן זיך אויפן ספּאָרט־פּלאַץ. אַלע זענען שוין דאַן געווען איבערצייגט, אַז דאָס איז בלויז אַן אונטערזוכונג און די עלטערן האָבן דאָס מאָל געבראַכט זייערע קינדער אויסגעצוואָגענע און אויסגעפּוצטע. די עס־עס־לייט האָבן זיך געוואָרפן אויף די איבער פינף הונדערט קינדער און אַכזריותדיק אָפּגעריסן זיי פון די עלטערן. עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט האַרצרייסנדיקע סצענעס. דער וולאָדאַווער רב ר׳ מענדל מאָרגנשטערן האָט זיך געשטעלט צווישן די קינדער און נישט אָפּגעטרעטן פון זיי איבערן גאַנצן וועג ביז צו דער גאַז־קאַמער.

ש. נתן

# דער וועג צו די פארטיזאנער



וף זומער 1942.

די ליקווידאַציע אַקציעס אין וולאָדאַווע זענען געווען אין פולן ברען און האָבן אַרומגענומען אויף די גאַנצע געגנט. פון מיינע נאָענטסטע איז שוין קיינער נישט געבליבן אין וולאָדאַווע און איך האָב זיך אַרומגעדרייט ווי אַלע אַנדערע איבערגעבליבענע יידן אין פחד פאַר דעם, וואָס מוז קומען.

עס איז געווען אַ פינצטערע נאַכט. ס׳איז געפאַלן אַ געדיכטער רעגן. אין ערגעץ האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיק נפש, ווען איך האָב זיך אַרויסגעשאַרט פון געטאָ און אַוועק צו אַ לעשניטשי, מיט וועמען איך בין געווען באַקאַנט נאָך פון פריער און ער האָט מיך טאַקע פריינטלעך אויפגענומען אָבער גלייך מיר דערקלערט, אַז איך וועל ביי אים נישט קענען זיין, ווייל עס טרעפט אָפט, אַז די דייטשן, וואָס גייען אויף יאגד אין וואַלד טרעטן אָפּ אין זיין הייזקע. פון זיינע אויגן האָט ווירקלעך אַרויסגעקוקט די שרעק און ער האָט געבעטן, איך זאָל וואָס שנעלער פאַרלאָזן זיין הייזקע. דערביי האָט ער מיר געראטן, אַז איך זאָל אַוועק אין די וועלדער ביי די דערפער ראדאשטש — מיעדניע. לויט די ידיעות, וואָס דערגייען צו אים, זענען דאָרט פאַראַן פאַרטיזאַנער.

דער לעשניטשי האָט מיר געגעבן אַ גרינע לענטע, אַזאַ ווי עס טראָגן די וואַלד־וועכטער מיט אַן אויפשריפט „דויטשע פאָסט־פאַרוואַלטונג”, מיט אַ שטעמפל פון געסטאַפּאָ. ער האָט דערביי געזאָגט:

„דיר וועט אויסקומען אַ סך צו וואַנדערן איבער די וועגן און דאָס קען דיר ברענגען גרויס נוצן. געדענק בלויז, אַז די לענטע האָסטו געפונען אין וואַלד...”

איך האָב גוט געקענט די געגנט און דאָך האָט עס ביי מיר געדויערט עטלעכע שעה דאָס גיין אין דער ריכטונג פון די וועלדער, וועלכע ער האָט מיר אָנגעוויזן.

עס האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג און דער רעגן האָט אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער צו גיסן. פון ווייטער גיין



האָט נישט געקענט זיין קיין רייד. איך האָב זיך אַרומגעקוקט און דערזען פון דערווייטנס אַ סטויג היי, איבערגעדעקט מיט אַ דעכל. נישט לאַנג געטראַכט בין איך צוגעגאַנגען אַהין און אַרויף אויפן סטויג, אָבער אין דעם מאָמענט האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער טומל. דאָס האָט אַ הון, וואָס איז געזעסן אויפן היי זיך דערשראָקן און אַראָפּפליענדיק אָנגע־מאַכט אַן אַלאַרם. די פויערטע, וואָס האָט דערהערט, האָט גענומען שרייען: „וואָס פאַראַ טשאָרט האָט זיך דאָרט באַזעצט?”.

נישט געווען קיין ברירה און איך האָב געמוזט אַראָפּ. איך האָב מורא געהאַט, אַז די פויערים קענען מיך נאָכיאָגן און איך האָב מיט אַלע כוחות גענומען לויפן אין דער ריכ־טונג פון וואַלד ווו איך האָב זיך פאַרשטעקט און אין איין ועגס זיך אָפּגערוט אַביסל.

ביינאַכט האָב איך ווידער גענומען גיין. איך האָב געוווסט, אַז איך געפין זיך נאָענט פון בריסקער שאָסיי. ס׳איז מיר געווען פאַרדעכטיקט דער גערדיש פון פאָרן. צוקומענדיק נענטער האָב איך געזען אַ לאַנגן קאַראַוואַן מיט פורן, וועלכע זענען געווען אָנגעלאָדן מיט זעק. איך האָב באַמערקט ווי די פויערים פון די לעצטע פורן זענען געגאַנגען פאָרויס און געשמועסט צווישן זיך. איך האָב זיך שטיל צוגעשאַרט צום לעצטן וואָגן און אַראָפּגענומען די בייטש.

מיט דער בייטש אין האַנט האָב איך זיך דערנענטערט צו די פויערים, וואָס זענען געגאַנגען פאָרויס און געשמועסט צווישן זיך. מיר איז געלונגען צו מאַכן דעם אָנשטעל אַז איך בין איינער פון זיי און צוגעהערט זיך צו זייערע שמועסן. איינער פון די פויערים האָט געזאָגט אַז ער האָט מיטגענומען אַ שטיקל פוטער און נאָכן אָפּגעבן דאָס קאַרן וועט ער צוגיין צו די דראָטן פון געטאָ און אויסטוישן עס אויף זאַכן, וועלכע די יידן גיבן אַוועק פאַר אַביסל עסן.

צוהערנדיק זיך צו זייערע שמועסן האָב איך געטראַכט, אַז עס וואַלט כדאי געווען צוצוגיין קיין בריסק, ווו עס איז מעגלעך, אַז איך זאָל דאָרט געפינען מיין ברודער,

וועלכער האָט דאָרט געוווינט זינט די מלחמה איז אויסגעבראָכן.

איך האָב געלאָזט די פויערים גיין פּאָרויס און ביסלעכווייז געבליבן הינטערשטעליק און אַליין געשפּאַנט איבערן וועג. ס׳איז געווען פּוסט. ערשט ווען עס האָט אָנגעהויבן טאָגן איז פּלוצלינג מיר אַקעגנגעפאָרן אַן אויטאָ. כ׳האָב גיך אַרויפגעצויגן אויפן אַרבל די לענטע און אין דער מינוט האָט דער אויטאָ זיך פאַרהאַלטן נעבן מיר און עס איז אַרויסגעשפּרונגען פון אים אַ מונדירטער דייטש, פאָרשנדיק מיך באַטראַכט, געקוקט אויף דער לענטע און געזאָגט:

„יאַ, גיי ווייטער".

צוקומענדיק צו דער בריק איבערן מאראַוויעץ האָב איך געזען ווי אַ דייטש קאָנטראָלירט די דורכגייענדיקע מענטשן און בין דערפאַר אַוועק אין אַ זייט, מיט די פעלדער. אין דער לופט איז געהאָנגען אַ געדיכטער נעפּל, וואָס האָט מיך פאַרשטעלט, אָבער גלייכצייטיק האָט עס מיר אויך פאַרשטעלט דעם וועג.

פּלוצלינג האָב איך דערזען, אַז איך געפין זיך אויפן סאַמע ברעג טייך און פויערים גייען אַרויף אויף אַ פּראָם, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפונען צוויי פּאָליציאַנטן. עס איז שוין געווען צו שפּעט צוריקצוציען זיך און איך בין דערפאַר דרייסט אַרויף אויפן פּראָם. גלייך נאָך מיר איז אַרויף אַ פויער, וואָס האָט געהאַלטן אין האַנט אַ קאָסע. ער האָט געהאַט אַ יידיש פּנים און די פּאָליציאַנטן זענען גלייך צוגעגאַנגען צו אים, געזאָגט:

„באַלד וועט דער מאראַוויעץ רויט ווערן פון דיין יידיש בלוט".

יענער האָט טרויעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך גאָרנישט אָנגערופן. אַן עלטערער פויער, וואָס איז דערביי געשטאַנען, האָט געזאָגט צו די פּאָליציאַנטן: „אויף מיינע אַלטע יאָרן וויל איך נישט זען ווי מען פאַרגיסט בלוט אַפילו פון אַ ייד".

אויפן קעגנאיבערדיקן ברעג האָט דער פּראָם זיך פאַרהאַלטן און די פּאָליציאַנטן האָבן אַוועקגעפירט דעם פויער מיט דער קאָסע, וועמענס יידיש פּנים האָט פאַראַטן. איך בין אַוועק צוזאַמען מיט די אַנדערע פויערים. פון דער ווייטנס האָב איך געזען די דראָטן־צוים, וואָס האָט אַרומגערינגלט דאָס געטאָ. איך בין צוגעגאַנגען נענטער און אויסגעזוכט אַן אָרט, ווו מען קען אַריבערגיין די דראָטן. ווען איך בין שוין געווען אויף דער אַנדערער זייט האָב איך געזען ווי אַן אַלטער ייד נעמט אַנטלויפן. איך בין דאָך אויך אַ ייד ער האָט מיך אָנגעקוקט אַ פאַרוווּנדערטער: „ווי קומט עס צו אַ ייד אַ גרינע לענטע?".

ער האָט גלייך באַקומען צו מיר צוטרוי און מיך אַריינגעפירט צו זיך אין שטוב, ווו איך האָב אַראָפּגענומען די גרינע לענטע און אָנגעטאָן אַ געלע לאַטע. דערנאָך זענען מיר ביידע אַוועק אין יודנראַט, ווו מיר איז געלונגען צו דערוויסן זיך ווו עס וווינט מיין ברודער. און איך בין גלייך אַוועקגעגאַנגען צו אים.

די באַגעגעניש איז געווען זייער אַ רירנדיקע און מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן אַ פּלאַן ווי אַזוי אַוועקצוגיין אין וואַלד.

אויפן דריטן טאָג פון מיין אַריינקומען קיין בריסק איז דאָס געטאָ געוואָרן אַרומגערינגלט דורך ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן דורך הילכערס געמאָלדן, אַז אַלע יידן דאַרפן זיך צושטעלן אויפן אָנגעוויזעם פּלאַץ ביז צען אַזייגער.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן אָפּשפּילן מוראדיקע סצענעס. אַלטע־לייט און קראַנקע זענען דערשאָסן געוואָרן אויפן אָרט און די לופט איז געוואָרן פול מיט געשרייען און געוויינען. צוזאַמען מיט מיין ברודער זענען מיר אַרויף אויף אַ בוידעם, וואָס האָט געהאַט אַ דאָפּלטע וואַנט. אויף דער אויסערלעכער וואַנט האָט זיך געפונען אַ טויבן־שטייג און דורך די שפּאַרעס האָבן מיר געזען שטיין קעגנאיבער צוויי פּאָליציאַנטן און זיי האָבן געשריגן איין אונדזער ריכטונג, אַז די טויבן וועלן נישט אַריינפליען אין שטייג, ווייל עס איז ווער דאָ אויפן בוידעם. זיי האָבן געפאָדערט, מיר זאָלן אַראָפּגיין, ווייל אַנדערש וועלן זיי אַרויפשיסן.

נישט האָבנדיק קיין ברירה זענען מיר אַראָפּ פון בוידעם און די פּאָליציאַנטן האָבן אונדז גלייך מכבד געווען מיט קלעפּ און אָפּגעפירט אויפן זאַמל־פּלאַץ.

אין יענעם טאָג זענען אַכצן טויזנט בריסקער יידן אַריינגעטריבן געוואָרן אין פאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאָנען. מען האָט זיי נישט דערלויבט מיטצונעמען מיט זיך קיין שום זאַך. אין די וואַגאָנען איז נישט געווען מיט וואָס צו עטעמען, קינדער האָבן געשריגן און געוויינט, שוואַכע און עלטערע פרויען האָבן געחלשט. פון אומעטום האָבן זיך געהערט קרעכצן פון מענטשן, וואָס האָבן שוין נישט געהאַט קיין כוח צו וויינען.

אין איינעם פון די וואַגאָנען איז געווען אַ קריסטין מיט צוויי קינדער. זי איז געקומען פריי אין געטאָ און געוואָלט פאַרכאַפּן באַצייטנס אַ וווינונג. די דייטשן האָבן זי אָנגענומען פאַר אַ יידישע און זי אַוועקגעטריבן צו די וואַגאָנען. זי האָט אַן אויפהער געשריגן: „הייליקע מאַריע, מיר זענען דאָך קריסטן". עס האָט איר אָבער גאָרנישט געהאָלפן. די דייטשן האָבן איר נישט געגלויבט און נישט געלאָזט אַרויס פון וואַגאָן.

נאָך עטלעכע שעה פאָרן איז דער צוג געבליבן שטיין. די טיר פון אונדזער וואַגאָן האָט זיך געעפנט און עס האָבן

זיך באַוויזן צוויי דייטשן. איינער פון זיי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ קרוג וואַסער און אַ געשריי געטון:

„פאַר גאָלד באַקומסט איר די קרוג וואַסער".

אַ פרוי האָט זיך גענומען שטופּן צו דער טיר און דערביי געמורמלט: „לאָזט מיך, כ'וועל זיי אָוועקגעבן דאָס לעצטע. מיטן ביסל וואַסער וועל איך ראַטעווען מיין טאַטן".

זי דערלאַנגט די דייטשן אַ קליין פּעקעלע, אָבער אַנשטאָט דעם וואַסער האָבן ביידע דייטשן איר אַ שפּיי געטאָן אין פּנים, זאָגנדיק: „אָט האָסטו וואַסער..."

זיי האָבן פאַרהאַקט די טיר און דער צוג האָט ווייטער געריסט. דער שפּיי פון די דייטשן און זייערע גרויזאַמע ווערטער זענען געבליבן הענגען אין דער לופט. אין מוח האָט עס געעגבערט: מיר פאָרן צום טויט... צי דאַרפן מיר וואַרטן ביז אינדערפרי? מיינע אויגן האָבן זיך באַגעגנט מיטן פילזאָגנדיקן בליק פון מיין ברודער. ביידע האָבן מיר געהאַט די זעלבע געדאַנקען און מיר האָבן באַשלאָסן נישט צו וואַרטן. אונדז איז געלונגען אָראָפּצורייסן אַ ברעט פון דער פאַרקלאַפּטער עפענונג. אַ כוואַליע מיט לופט, וואָס איז אַריין אין וואַגאָן האָט אונדז פאַרכאַפּט דעם אָטעם. די מענטשן האָבן געשלונגען די פרישע לופט. עס האָבן זיך געהערט קולות, וואָס האָבן זיך אַרויסגעריסן פון פאַרשוואַכטע העלדזער, וועלכע האָבן אונדז געבענטשט: „אַ כוח אין אייערע הענט".

עס האָט זיך געהערט דאָס צעצויגענע פייפן פונעם לאָקאָמאָטיוו און דער צוג האָט מיט אַ מאָל אָנגעהויבן גיין לאַנגזאַמער. מיין ברודער האָט אויסגערופן הויך אויפן גאַנצן קול:

„ווער עס וויל אַרויסשפּרינגען פון וואַגאָן, זאָל צוקו־מען צו אונדז!".

דאָ האָט זיך מיטאַמאָל געענדערט די שטימונג. אייניקע פון די, וואָס האָבן אונדז אַרומגערינגלט, האָבן געפּרוווט אויף אונדז ווירקן, אַז מיר זאָלן נישט אַרויסשפּרונגען פון וואַגאָן, ווייל עס דראָט אונדז צו בלייבן ליגן שווער פאַר־וווּנדעט אויפן פעלד, אָדער אויסגיין אין יסורים. זיי האָבן געהאַלטן, אַז איידער אַזאַ טויט איז גלייכער צו גיין מיט אַלע אין די גריבער.

מיר האָבן געזען, אַז עס זענען פאַראַן ווייניק קאַנדידאַטן אויף אַרויסצושפּרינגען. די מענטשן זענען געלעגן פאַרש־מאַכטע, רעזיגנירטע. בלויז איך, מיין ברודער און נאָך איינער זענען מיר אַרויסגעשפּרונגען. צו מיינע אויערן זענען דערגאַנגען די לעצטע ווערטער פון די איבערגעבליבענע, וואָס האָבן אונדז נאָכגעשריגן: „איר זאָלט דערלעבן צו זען היטלערס מפּלה... נעמט נקמה פאַר אונדזער פּיין!".

דער שפּרונג איז אונדז געלונגען. די פינצטערניש איז



געווען אַ געדיכטע און מיר האָבן זיך בשום אופן נישט געקענט אָריענטירן, ווו מיר געפינען זיך. פאַר אונדז איז געווען קלאָר, אַז מיר טאָרן נישט לאַנג טראַכטן נאָר וואָס שנעלער צוקריגן זיך צו אַ וואַלד. דער וועג איבער די בלאָטיקע פעלדער איז געווען אַ שווערער און עס האָט גע־נומען שעהן לאַנג ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַן אָרט, ווו עס איז געווען פאַרוואַקסן מיט געדיכטע קוסטעס. די געגנט איז געווען אַ זומפּיקע.

עס האָט שוין גענומען טאָגן, אָבער דער געדיכטער נעפּל האָט אונדז געשטערט צו זען ווו מיר געפינען זיך. פון דער ווייטנס האָבן מיר געהערט דעם גערויש פון אַ פאָרנ־דיקער באַן און ביסלעכווייז האָבן אונדזערע בליקן דורכ־געדרונגען דעם נעפּל און געזען, אַז מיר געפינען זיך נאָענט פון אַ באַן סטאַציע און אויף דער אַנדערער זייט באַן־ליניע האָט זיך געשוואַרצט דער שאָטן פון אַ וואַלד, אָבער איצט איז געווען אַ געפאַר דורכצומאַכן דאָס שטיק וועג צום וואַלד און מיר האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אין די קוסטעס ביזן אָנקום פון דער נאַכט.

די שעהן האָבן זיך געשלעפּט שווער. אַ דראָבנער רעגן האָט אונדז דורכגעווייקט און פון קעלט האָט אונדז געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן. דער הונגער האָט אָנגעהויבן צו מאַטערן. אַ ווײַלע האָט אויסגעזען די לאַגע נישט צום איבערהאַלטן. מושקע האָט געזאָגט, אַז עס איז שוין גלייכער געווען צו פאָרן מיט אַלע און טיילן דעם זעלבן גורל איידער אויסצוגיין דאָ פון הונגער און קעלט.

איך האָב זיך דערמאָנט אין מיין גרינע לענטע און זי אָנגעטון אויפן אָרבל מיטן באַשלוס אַרויסצוגיין, זוכן אַן אויסוועג פון אונדזער ביטערער לאַגע.

ביי אַ הייזקע, נאָענט צו דער באַן־סטאַציע האָב איך זיך אָפּגעשטעלט, אָנגעקלאַפּט אין דער טיר און אויפן איינע־וויניקסטן אָפּרוף זי געעפנט. ביים טיש זענען געזעסן צוויי פרויען, וועלכע האָבן זיך פריינטלעך אָפּגערופן אויף מיין באַגריסונג „זאָל זיין געלויבט יעזוס כריסטוס", מיך איינגע־לאַדן צום טיש מיטצועסן מיט זיי פרישטיק.

דאַנקענדיק פאַר זייער איינלאַדונג האָב איך געזאָגט, אַז עס וועט נישט זיין שיין פון מיין זייט אָוועקצוזעצן זיך עסן אין דער צייט ווען מיינע צוויי געהילפן וואַרטן אויף מיר. איך האָב דערקלערט, אַז מיר זענען געשיקט געוואָרן פון דער דייטשער פאָסט־פאַרוואַלטונג אויסצומעסטן דעם פרייעם שטח, וואָס טיילט אָפּ דֵי באַן ליניע פון וואַלד. וואַרשיינלעך וועט דער שטח אויסגעברייטערט ווערן, ווייל דער וואַלד איז צו נאָענט פון דער באַן־ליניע און עס איז מעגלעך, אַז דאָרט געפינען זיך פאַרטיזאַנער.

איינע פון די פרויען האָט זיך אָנגערופן: „אמת, מען

זאָגט טאַקע, אַז פּאַרטיזאַנער רייסן אויף באַנען. דאָ גייט דורך די באַן קיין מאָסקווע".

איך האָב די באַמערקונג דורכגעלאָזט און געזאָגט, אַז מיר דאַרפֿן היינט באַקומען פּראָדוקטן, אָבער דער טראַנספּאָרט האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט און מיר וואָלטן גערן געקויפֿט אָדער געבאָרגט אַ שטיקל ברויט אויף פֿרישטיק. די פֿרויען האָבן מיר גלייך געגעבן אַ היפּש שטיקל ברויט און אַ פֿלאַש מילך, נישט געוואָלט נעמען קיין געלט, געזאָגט, אַז מיר וועלן זיך פֿונאַנדעררעכענען בעת מיר וועלן דאָ אַרבעטן.

צוריקקומענדיק צו אונדזער באַהעלטעניש מיטן ברויט, זענען ביידע אַרויפֿגעפֿאַלן אויף מיר, געהאַלדזט און געקושט, געפֿרייט זיך מיט מיר, וואָס איך בין אַרויס אַ גאַנצער. זיי האָבן מיר דערציילט, אַז בעת איך בין געזעסן און גערעדט מיט די פֿרויען, האָבן זיי געזען ווי צוויי פּאָליציאַנטן זענען אַראָפּ פֿון זייערע פֿערד און אַריין אין אַ הויז. זיי זענען געווען זיכער, אַז זיי וועלן מיר כאַפּן און זענען געווען גרייט אַרויסצוגיין פֿון באַהעלטעניש און זיך איבערגעבן די פּאָליציאַנטן. מושקע האָט געזאָגט, אַז נאָך דעם איצטיקן נס וועט ער שוין אין די שווערסטע מאָמענטן נישט רעזיגנירן און נישט לאָזן זיך איינברעכן.

אויף דער נאַכט זענען מיר אַריבער די באַן־ליניע און אַוועק אין וואַלד. נישט־זעענדיק פֿאַר זיך קיין וועג, האָבן מיר מורא געהאַט, אַז מיר וועלן בלאָנדזשען און באַשלאָסן צו וואַרטן ביים ראַנד פֿון וואַלד ביז עס וועט ווערן טאָג און ערשט אויף צומאָרגנס זענען מיר אַוועק טיפֿער אין וואַלד. געגאַנגען אַ גאַנצן טאָג און נישט אָנגעטראָפֿן אויף קיין לעבעדיק נפֿש, קיין שפּור פֿון פּאַרטיזאַנער.

עס איז צוגעפֿאַלן די נאַכט און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אָפּרוען. מיטאַמאָל איז צו אונדזערע אויערן דערגאַנגען אַ בילעריי פֿון הינט. גייענדיק אין דער ריכטונג האָבן מיר דערזען עטלעכע שוואַך באַלויכטענע הייזער, וואָס זענען געשטאַנען אין וואַלד. שטיל, היטנדיק זיך פֿאַרן מינדעסטן גערויש, האָבן מיר זיך דערנענטערט צו אַ הויז און דורך די פֿענצטער געזען אַן אַלטן פּויער און פּויערטע אַרומדרייען זיך אין שטוב. נישט ווּיסנדיק ווו מיר געפֿינען זיך און ווער עס זענען די איינוווינער פֿון די הייזקעס, האָבן מיר שוין געוואָלט צוריקציִען זיך און נאָך אַ קורצן באַראַטן זיך, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז איך זאָל אַריינגיין אינעווייניק און זיי וועלן בלייבן אויף דער וואַך, אויב זיי וועלן באַמערקן אַ פֿאַרדעכטיקע באַוועגונג, וועלן זיי געבן אַ פֿייף.

אַריינגייענדיק אינעווייניק, האָב איך זיך ווידער פֿאָרגעשטעלט אַלס באַאַמטער פֿון דער דייטשער פֿאָסט־פֿאַרוואַלטונג קאָנטראָלירן, צי אין וואַלד זענען פֿאַראַן פֿיעניעס, פֿון וועלכע מען קען טרייבן טערפּענטין. ווען עס איז גע־



וואָרן פֿינצטער האָב איך געבלאָנדזשעט... אין דעם מאָמענט האָט זיך געעפֿנט די טיר און עס זענען אַריינגעקומען צוויי יונגע פּויערים און ווען זיי האָבן מיר דערזען, האָבן זיי גלייך געפֿאָדערט, איך זאָל זיי ווייזן מיין דאָקומענט. איך האָב זיך מיט אַלע כּוחות באַהערשט און געוויזן זיי אויף מיין גרינער לענטע, אָבער זיי זענען איינגעשפּאַרט, אַז אויב איך וועל זיי נישט ווייזן קיין דאָקומענט, וועל איך מוזן אויסטרעטן די הויזן. זיי האָבן דערביי צוגעגעבן, אַז טאָמער איך בין אַ ייִד, וועלן זיי פֿאַר מיר באַקומען אַכט קילאָ צוקער.

ערשט איצט האָב איך דערהערט דאָס פֿייפֿן פֿון דרויסן. כ'האָב זיך באַמיט, אַז די פּויערים זאָלן נישט דערקענען אויף מיר קיין פֿאַרלעגנהייט און האָב גערעדט צו זיי שטרענג, אַז עס זאָל זיך זיי נישט פֿאַרגלוסטן קיין דייטשער צוקער, ווייל זייערע הייזקעס וועלן דערפֿאַר אַוועק מיטן רויך. „איך בין נישט אַליין — האָב איך צוגעגעבן — מיר זענען דאָ אַ סך".

מיין שטרענגער טאָן האָט געווירקט און די פּויערים זענען געוואָרן צעטומלט. נישט געקענט זיך דעצידירן, וואָס צו טאָן מיט מיר. איך האָב אויסגענוצט זייער צעמישטקייט און בין אַרויס.

עס איז געפֿאַלן אַ שטאַרקער רעגן און די פֿינצטערניש איז געווען אַ געדיכטע. אַ ווײַלע זענען מיר געבליבן שטיין צווישן די ביימער, געוואַרט ביז די צוויי יונגע פּויערים זענען אַרויס פֿון דער הייזקע און פֿאַרשוווּנדן אין דער פֿינצטערניש. דאַן זענען מיר אַריינגעגאַנגען אין שטאַל, ווו מיר האָבן צוגעוואַרט ביז עס האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג און מיר האָבן אָנגעהויבן ווייטער אונדזער מאַרש.

דער רעגן האָט אויפֿגעהערט און אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האָבן מיר דערזען אַ שילדל, וואָס ווייזט, אַז מיר זענען זעקס קילאָמעטער פֿון בולדאַני און מיר האָבן זיך דעצידירט צו גיין אין יענער ריכטונג. פֿון דער ווייטנס האָבן מיר שוין געזען דאָס דאָרף, וואָס איז געשטאַנען פֿון דער אַנדערער זייט וואַלד, אָבער מיר האָבן צוגעוואַרט ביז עס איז געוואָרן טאָג און דאַן בין איך אַריין אין דער ערשטער הייזקע, ווו איך האָב געטראָפֿן אַ פּויערטע און איך האָב איר געזאָגט, אַז איך דאַרף צום סאָלטיס איבערגעבן אים, ער זאָל צושטעלן אַרבעטער אויף צו גראָבן פּניאַקעס פֿאַרן טרייבן טערפּענטין פֿאַר די דייטשן.

זי האָט מיר געזאָגט, אַז דער סאָלטיס וווינט אין אַנדערן עק דאָרף און דערביי האָט זי מיר געבעטן, אַז ווען מען וועט נעמען איר זון צו דער אַרבעט, זאָל איך אים אַהיימשיקן, ווייל ער איז זייער אַ שוואַכער.

איך האָב פֿאַרשריבן זיין נאָמען, צוגעזאָגט איר, אַז איך

וועל אים באַפּרייען פון דער אַרבעט און דערווייל דערציילט איר, אַז מיר וואַרטן אויף די פּראָדוקטן, וועלכע מען דאַרף אונדז צושטעלן, אָבער דערווייל האָבן מיר נישט קיין פריש־טיק און געבעטן צי זי קען נישט באַזאָרגן אַ פרישטיק פאַר מיר מיט מיינע צוויי געהילפן. זי האָט מיר גלייך אָפּגעשניטן אַ שטיק ברויט און איך בין אַרויס.

דריי וואָכן האָבן מיר זיך באַהאַלטן אין וואַלד נעבן דעם דאָרף בולדאָני, ווו מיר האָבן זיך דערנערט מיט געבראָטענע קאַרטאָפל, וועלכע מיר האָבן אין די נעכט אַרויסגעגנבעט פון די קעלערס.

גאַנצע טעג זענען מיר אַרומגעגאַנגען איבערן וואַלד און געזוכט פּאַרטיזאַנער. די טעג זענען געווען רעגנדיקע און מיר פלעגן ווערן דורכגענעצט. אַמאָל האָבן מיר זיך באַהאַלטן אויף אַ ברויג היי, וואָס איז געשטאַנען ווייט פון דאָרף און געווען געדעקט מיט אַ דעכל.

אין איינער אַ נאַכט, זענען מיר געזעסן ביי אַ פייער, וואָס מיר האָבן אָנגעצינדן צווישן די געדיכטע קוסטעס און געבראָטן אונדזערע קאַרטאָפל. מיטאַמאָל האָבן מיר דער־הערט טריט. מיר האָבן גיך צעוואָרפן דאָס פייער און אָנ־געשטרעגט אונדזערע בליקן אין דער ריכטונג פון וואַנען עס האָבן זיך געהערט די טריט. מיר האָבן דערזען גיין צוויי פויערטעס און אַ פויער. זיי האָבן געטראָגן זעק אויף די פּלייצעס. אין זייער הילוך האָבן מיר באַמערקט, אַז דאָס זענען נישט קיין עכטע פויערים. עמיץ פון אונדז האָט אַ רוף געטון: „אחים לצרה!‟; עס איז גלייך געקומען דער ענטפער: „שמע ישראל‟.

אונדזער פרייד מיט דער באַגעגעניש איז געווען אין לשער. אָבער דאָס האָט נישט לאַנג געדויערט, ווייל באַלד האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינע פון די פרויען איז שווער קראַנק און זי נויטיקט זיך אין גיכער הילף.

זיי זענען פון שטעטעלע דראָהיטשין, ווו דאָס געטאָ איז מיט עטלעכע טעג צוריק ליקווידירט געוואָרן און זיי זענען געווען באַהאַלטן ביי אַ פויער, וועלכן זיי האָבן געשיקט קיין פּרוזשאַנע צו זייערס אַ שוועסטער און ער האָט פון איר געברענגט אַ בריוו, זיי זאָלן קומען צו איר קיין פּרוזשאַנע, וואָס איז געווען צוגעטיילט צום דריטן רייך און דאָס געטאָ אין דאָרט דערקלערט געוואָרן אַלס יודנשטאַדט און עס קר־מען דאָרט נישט פאָר קיין אַקציעס און מען פילט נישט דאָרט קיין מאַנגל אין עסן, ווייל מען אַרבעט פאַר די דייטשן און מען איז אין קאָנטאַקט מיט די אַרומיקע דערפער.

מיר האָבן געפּרוווט מיט אַלע אַרגומענטן איבערצייגן זיי, אַז דאָס צוריקגיין אין געטאָ איז אַן אומזין. און גלייכצייטיק האָבן מיר דעצידירט, אַז אַלע גייען מיר באַגלייטן די קראַנקע ביז פּרוזשאַנע און דערנאָך אומקערן זיך צוריק איין וואַלד.



גאַנצע צוויי נעכט האָט געדויערט דאָס גיין אין וואַלד ביז מיר זענען אָנגעקומען נאָענט פון פּרוזשאַנע. ביידע פרויען האָבן זיך מיט אונדז געזעגנט און זענען אַוועק. מיר זענען געבליבן וואַרטן אין וועלדל. אויפן צווייטן טאָג איז די געזונטע פרוי צוריקגעקומען. זי האָט דערציילט, אַז אין געטאָ איז פאַראַן אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע. די מענטשן האָבן אַ ביסל געוועור און זענען אין קאָנטאַקט מיט די פּאַרטיזאַנער פון פּרוזשאַנער פּושטשע.

די פרוי האָט איבערגעגעבן, אַז אויף דער סילוועסטער נאַכט איז פּלאַנירט צו מאַכן אַן איבערפאַל אויף די פּרוזשאַ־נער דייטשן און דאַן אַוועקגיין צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד. אויב מיר וועלן זיין דעצידירט אַריינצוגיין אין געטאָ, איז פאַראַן אַ מעגלעכקייט צוצושטיין צו די גרופּעס, וואָס גייען יעדן טאָג אַרויס פון געטאָ גראָבן קאַרטאָפל פאַר די דייטשן און גייען צוריק ווען עס איז שוין כמעט נאַכט. מיר קענען זיך דאַן אָנשליסן אין זיי. זיי ווערן געהיט פון אַ דייטשן וועכטער און עס איז נישט שווער אָנצושליסן זיך אין זיי. זי האָט איבערגעגעבן, אַז אירס אַ קוזין, וועלכער איז איינער פון די אָנפירער אין דער אונטערערדישער אָרגאַני־זאַציע, איז גרייט אונדז אָפּצוואַרטן.

נאָך אַ קורצער באַראַטונג האָבן מיר דעצידירט אַריינ־צוגיין אין געטאָ, ווו מיר זענען געווען עטלעכע טעג אויס־באַהאַלטן, ביז עס איז דורכגעפירט געוואָרן דאָס לעגאַליזירן אונדז.

מיט אומגעדולד האָבן מיר געוואַרט אויף דער סיל־וועסטער־נאַכט, ווען עס האָט געדאַרפט פאָרקומען דער איבערפאַל. אין דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע איז אָנגעגאַנגען אַ פיבערהאַפטע צוגרייטונג. פון צייט צו צייט פלעגן קומען אין געטאָ פּאַרטיזאַנער, וועלכע מען האָט באַזאָרגט מיט וואַרעמע מלבושים, מעדיקאַמענטן און אַנדערע אַרטיקלען.

עטלעכע טעג פאַר סילוועסטער איז דאָס געטאָ פּלוצלינג אַרומגערינגלט געוואָרן מיט דייטשע ס.ס.־לייט, וועלכע האָבן דורך הילכערס געמאָלדן, אַז אַלע יידן ווערן איבערגעזידלט אויף אַן אַנדער אַרבעטס־אָרט. דאָס געטאָ ווערט צעטיילט אויף צוויי זאָנעס. פון דער ערשטער זאָנע דאַרפן אַלע זיך צושטעלן אויפן מאַרק פּלאַץ. ווער עס וועט פּרווון איבער־לויפן אויף דער צווייטער זאָנע, וועט ווערן דערשאָסן.

די מיטגלידער פון דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע זענען געווען צעטיילט אין קליינע גרופּן. אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון זעקס חברים און געהאַט נישט מער ווי איין ביקס און איין האַנט־גראַנאַט. מיר האָבן זיך געפונען אויף דער זאָנע נומער צוויי. ביינאַכט האָבן מיר געפּרוווט

אַרויסבאַקומען זיך פון געטאָ, אָבער דאָס האָט זיך אַרויס־געוויזן פאַר אוממעגלעך.

אויפן צווייטן טאָג אינדערפרי איז ווידער געקומען אַ מעלדונג, אַז אַלע פון דער צווייטער זאָנע דאַרפן זיך צושטעלן אויפן מאַרק־פּלאַץ ביז צוועלף אַזייגער. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ וווינונג פון איינעם וואָס האָט געהערט צו אונדזער גרופּע. זיינע באַקאַנטע זענען אַוועק אויפן זאַמל־פּלאַץ און מיר האָבן נישט געוווּסט וואָס צו טאָן, געזוכט אַ וועג ווי אַזוי אַרויסצובאַקומען זיך פון געטאָ.

עס איז אַריינגעקומען איינער פון דעם חברס משפחה און פאַרגעשלאָגן מיר זאָלן מיט אים מיטגיין אין אַ בונקער, וועלכן ער האָט צוגעגרייט צוזאַמען מיט זיינס אַ קוזין, אַ בוי־אינזשיניער. מיר האָבן נישט געזען קיין אַנדערן אויס־וועג און אַוועק מיט אים אין דעם גרויסן בעטאָנירטן קעלער, וועלכן זיי האָבן צוגעגרייט אין משך פון אַ גאַנץ יאָר. די פּאַליצעס אויף די ווענט זענען געווען אָנגעשטעלט מיט פלעשער און פּושקעס. ער האָט צו אונדז געזאָגט: „אויב איר וועט דאָ געפונען די עפענונג פון בונקער, בין איך גרייט צו גיין מיט אייך אויפן זאַמל־פּלאַץ״.

מיר האָבן ווירקלעך בשום אופן נישט געקענט געפינען די עפענונג. דאָן האָט ער געטאָן אַ דרוק אויף אַ פּאַרמאַסקירט אָרט און עס האָט זיך געעפנט אַ בעטאָנענע טיר, דורך וועלכער מיר זענען אַראָפּ אינעם בונקער. די טיר האָט זיך נאָך אונדז הערמעטיש פאַרמאַכט און פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך באַוויזן אַ גרויס צימער, וואָס האָט זיך געפונען דריי מעטער טיף אונטער דער ערד. דורך די געמויערטע ווענט האָבן זיך געצויגן לופט־רערן. עס זענען דאָרטן געווען אָנגעזאַמלט פאַרשידענע פּראָדוקטן, צוגעגרייטע פּריטשעס אויף געלעגערס.

אויף דער נאַכט האָבן מיר געהערט די דייטשן זענען אַריין אין קעלער, זיי האָבן לאַנג געזוכט, געקלאַפּט אין די ווענט און זענען אַוועק.

אויפן צווייטן טאָג האָבן מיר מיטאַמאָל דערפילט, אַז עס איז נישטאָ קיין לופט. די עפענונגען פון די לופט־רערן זענען פון דרויסן פאַרשיט געוואָרן מיט שניי, און עס איז נישט געווען מיט וואָס צו אָטעמען. פון אַרויסגיין פאַריכטן האָט נישט געקענט זיין קיין רייד, און מיר האָבן זיך אַזוי געמאַטערט ביזן אָנקום פון דער נאַכט, ווען מיר האָבן זיך דעצידירט אויפצומאַכן די טיר און אַריינצולאָזן אַביסל לופט. באַלד האָבן מיר אָבער דערהערט פּאַרדעכטיקטע קולות און מיר האָבן גיך פאַרמאַכט די טיר. באַלד האָבן מיר טאַקע געהערט קלאַפּן אין די ווענט פון קעלער. מיר האָבן איינגע־האַלטן דעם אָטעם און צוגעהערט זיך און קוים דערוואַרט זיך ביז דאָס קלאַפּן האָט אויפגעהערט און זיי זענען אַוועק.

אין בונקער איז געווען אַן עלטערע פרוי, וועלכע האָט געליטן אויף אַסטמע און מען האָט אָפּט געמוזט אויפמאַכן די טיר, אָבער באַלד צוריק פאַרמאַכט זי פון פחד פאַר יעדן שאָרך.

אינעם בונקער איז אויך געווען אַ ברונעם, וואָס האָט אונדז געדאַרפט באַזאָרגן מיט וואַסער אויף אַ לענגערער צייט, אָבער גאָר גיך האָבן מיר דערפילט ווי דאָס ווערט געזאַלצן. עס איז באַלד קלאָר געווען די סיבה. אויף דעם אָרט איז אַמאָל געווען אַ גאַרבאַרניע.

ביינאַכט זענען מיר אַרויף אויפן בוידעם און אַראָפּ־געשאַרט פון דאַך דעם שניי. אין דרויסן איז אָנגעגאַנגען אַ שניי ־זאַווערוכע און די קעלט האָט זיך איינגעגעסן אין די ביינער.

שפּעט ביינאַכט ווען מען האָט אויפן פּאַרלאַנג פון דער אַלטער פרוי געעפנט די טיר, האָט מען מיטאַמאָל דערהערט רעדן פּויליש. מיר האָבן גיך פאַרמאַכט די טיר און ווידער האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן אין די ווענט. די אַלטיטשקע פרוי האָט נישט געקענט איינהאַלטן דעם הוסט און מיר האָבן זי געמוזט אַוועקנעמען אין אַ ווינקל, אונטער דער פּריטשע און אַרויפגעוואָרפן אויף איר אַ קאָלדרע. קוים מען האָט זיך דערוואַרט עס זאָל איינגעשטילט ווערן דאָס קלאַפּן.

די לאַגע איז געוואָרן פאַרערגערט און מיר האָבן געמוזט פאַרלאָזן דעם בונקער. שפּעט ביינאַכט זענען מיר, 9 פּערזאָן, דערונטער דריי פרויען, אַרויס פון בונקער. אַלע זענען מיר געווען אָנגעטאָן אין ווייסן, כדי מיר זאָלן זיך נישט אָנזען אינעם פאַלנדיקן שניי.

מיר זענען אַרויס פון געטאָ און נאָך עטלעכע שעה גיין, איז אונדז אַקעגנגעקומען אַ שליטן מיט פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אונדז אַוועקגעפירט אין וואַלד, ווו עס האָבן זיך געפונען אַ פיר צענדליק יידן, זיי האָבן געהאַט 5 ביקסן. דער קאָמאַנדיר פון די פּאַרטיזאַנער האָט אונדז דערקלערט, אַז מיר בלייבן דערווייל אין וואַלד און ווען מיר וועלן האָבן געווער, וועט מען אונדז אַרייננעמען אין זייער אָטריאַד, וואָס געפינט זיך ווייט פון דאַנען. ווען זיי זענען אַוועק, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַ באַראַטונג און באַשלאָסן קודם־כל צו שאַפן פּראָדוקטן. אַ גרופּע פון צען מענטשן מיט די עטלעכע ביקסן, זענען אַוועק אין דאָרף און נאָך עטלעכע שעה זענען זיי צוריקגעקומען מיט אַ שליטן אנגעלאָדן מיט עטלעכע זעק קאַרטאָפל און עטלעכע שעפּסן.

מיר האָבן צעשטעלט וואַכן אין פאַרשידענע טיילן פון וואַלד. פאַרטאָגס האָט זיך פון אַ פארפאסטן דערהערט אַ וואָרענונג־שאָס און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן שיטן אַ האָגל מיט קוילן. דאָס שיסעריי פון מאַשינגעווער איז געקומען

פון אַלע זייטן. עס איז אַנטשטאַנען אַ שרעקלעכער פּאַניק. אייניקע יידן זענען געפאַלן טויט, אַנדערע זענען געוואָרן שווער פאַרוואונדעט און שפּעטער אַריינגעפאַלן צו די דייטשן.

מיין ברודער און מושקע, מיט וועלכן מיר האָבן זיך די גאַנצע צייט געהאַלטן צוזאַמען און עס איז אונדז מיט אַ גרעסערער טייל יידן געלונגען אַרויסצובאַקומען זיך פון דער בלאָקאַדע. נאָך אַ גאַנצן טאָג גיין אין וואַלד זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף הוט, ווו מיר האָבן געטראָפן אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע עס האָט זיך געפונען אַ ייד און זיי האָבן אונדז געראַטן, אַז מיר זאָלן זיך צעטיילן אין קליינע גרופּעס און יעדער זאָל זיך זוכן אַ וועג אַרויסצובאַקומען פון דער געפאַר.

איך, מיין ברודער און מושקע זענען מיר אַוועק אין די יאַנינער כוטורעס, ווו עס הייבט זיך אָן די רוזשאַנער פּושטשע און מיר האָבן זיך דאָרט אָנגעטראָפן אויף פּאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן אונדז אָנגעוויזן די ריכטונג צו אַ זיעמלאַנקע אין וואַלד, ווו עס געפינען זיך יידן.

מיר האָבן דאָ געטראָפן אַ משפחה, וועלכע האָט אונדז פריינטלעך אויפגענומען. מיר זענען גלייך אַוועק שאַפן אַביסל קאַרטאָפל, אָבער ווען מיר זענען צוריקגעקומען איז שוין קיינער נישט געווען אין דער זיעמלאַנקע. זיי האָבן איבערגעלאָזט אַ בריוול, אַז ווען מיר זענען נאָר אַוועק זענען געקומען פּאַרטיזאַנער און זיי אַוועקגענומען, ווייל מען האָט זיך גערעכנט אויף אַ גרויסער אבלאַווע פון דייטשן.

מיר זענען ביינאַכט געבליבן אין דער זיעמלאַנקע און אינדערפרי האָט זיך ווירקלעך אָנגעהויבן די אָבלאַווע. אַ געדיכטע שיסעריי האָט פאַרהילכט דעם וואַלד און מיר האָבן נישט געוווסט דורך וועלכער זייט מיר וועלן זיך קענען דורכרייסן. מיר זענען אַריין אין אַ זומפּ צווישן געדיכטע קוסטעס. די דייטשן זענען פאַרבייגעגאַנגען נאָענט פון אונדז און אונדז נישט באַמערקט.

אויף דער נאַכט זענען מיר אַוועק צו אַן אָסאַדניק, וועלכער איז געווען אַ פאַרבינדלער מיט די פּאַרטיזאַנער און ער האָט אונדז דערציילט, אַז אַלע פּאַרטיזאַנער זענען אַוועק אין די פּינסקער בלאָטעס, ווייל די גאַנצע פּושטשע איז אַרומגערינגלט פון דייטשן. נישט ווייט פון זיין הייזקע, אין דער שול, האָבן זיך באַזעצט 80 דייטשן.

אין דעם מאָמענט האָט דער הונט אָנגעהויבן שטאַרק בילן, וואָס האָט אָנגעזאָגט דעם אָנקום פון די דייטשן. מיר האָבן קוים באַוויזן אַריינצולויפן אין וואַלד, ווו מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אין משך פון עטלעכע וואָכן און געלעבט פון די געגנבעטע קאַרטאָפל. אין משך פון דער צייט איז אונדז אויסגעקומען דורכצולעבן גענוג פּחד, פּאַסטוכער



האָבן אונדז אַנטדעקט און מיר האָבן געמוזט אַוועק ווייטער, טיפער אין וואַלד.

דער וואַלד האָט אונדז אָבער נישט געגעבן תמיד דאָס געפיל פון זיכערקייט. מיר זענען געווען דורכגענומען פון פחד און מיר האָבן איינגעזאַפּט אין זיך דעם גאַנצן ווי פון אַ דור, וואָס האָט אַלץ פאַרלוירן און מיר אַליין טראָגן זיך אַרום עלנטע, פאַרפּאָלגטע, אָן דער אויסזיכט צו געפינען אַ מקום מנוחה. פאַרשידענע וועגן האָבן מיר געזוכט, אַלע זענען זיי אָבער געווען פול מיט סכנות. איינמאָל זענען מיר אין אַ פינצטערער רעגנדיקער נאַכט אַריין אין אַ שייער, ווו מיר האָבן געפונען אַ פאַס פול מיט קאָרן, מיר האָבן זיך אָנגעשאָטן פולע נאָגעוויצעס מיט קאָרן, אָבער אין מאָמענט ווען מיר זענען שוין געשטאַנען ביים אַרויסגאַנג פונעם שייער, האָבן מיר פּלוצלינג דערהערט דאָס בילן פון אַ הונט און געשרייען פון דייטשן: „באַנדיטן, גייט אַרויס פונעם שייער”.

עס האָט אויסגעזען, אַז מיר זענען פאַרלוירן און מיר האָבן גענומען טראַכטן אונטערצוצינדן דעם שייער, כדי נישט אַריינצופאַלן לעבעדיקע אין די הענט פון די דייטשן, אָבער אין לעצטן מאָמענט האָבן מיר זיך געכאַפּט, אַז די דייטשן געפינען זיך אויף יענער זייט שייער און דער אַרויסגאַנג איז פריי. מיר זענען גיך אַרויסגעלאָפן, באַווייזנדיק זיך אָפּצורעדן, אַז ווער עס וועט בלייבן לעבן, זאָל לויפן צום שוואַרצן דאמב, וואָס האָט זיך געפונען אַ קילאָמעטער ווייטער פונעם אָרט, ווו עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּושטשע.

איבער אונדזערע קעפּ האָט זיך געשיט אַ האָגל פון קוילן און ווען מיר זענען אַריין אין וואַלד האָב איך דערפילט אַ ווייטיק אין דער לינקער האַנט. איך בין געווען פאַרוואונדעט. מושקע איז געווען פאַרוואונדעט אין אַ פוס. מיט די לעצטע כוחות האָבן מיר זיך דערשלעפּט טיפער אין וואַלד, ביז מיר זענען צוגעקומען צו אַ פּליסיקן שטראָם, וועלכער האָט אונדז געהאָלפן פאַרווישן די שפּורן.

עס האָט שוין געטאָגט ווען מיר זענען צוגעקומען צו אַ זומפּיקער פּושטשע צווישן איינגעפאַלענע ביימער. ווו מיר זענען אַוועקגעפאַלן אָן כוחות. מיין ברודער האָט צעריסן זיין העמד און באַנדאַזשירט אונדזערע וווּנדן און דערנאָך איז ער אַוועק צום אַלטן באַהעלטעניש אין וואַלד, ווו עס זענען געווען באַהאַלטן אַביסל קאַרטאָפל. ער האָט געדאַרפט צוריקקומען פאַרנאַכט, אָבער עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט און ער איז נאָך אַלץ נישט צוריקגעקומען. דאָס פייער, וואָס מיין ברודער האָט געהאַט אָנגעצונדן, איז שוין געווען אויסגעלאָשן און עס האָט זיך דערהערט דאָס וויען פון וועלף, וואָס האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז.

ערשט פאַרטאָגס איז מיין ברודער אָנגעקומען. אַ גאַנצע

נאַכט האָט ער געבלאָנזשעט, אָבער ער האָט געברענגט מיט זיך די קאַרטאָפל, מיט וועלכע מיר האָבן געהאָלפן היילן אונדזערע ווונדן.

נאָך אַכט טעג האָט שוין מושקע געקענט גיין און ער מיט מיין ברודער זענען אַוועק קיין יאַנין. איך האָב זיך אויך נאָכגעשלעפט. אויפן וועג האָבן מיר געטראָפן אַ פויער, וואָס האָט אונדז דערציילט, אַז די דייטשן זענען אַוועק פון דער יאַנינער שול. אויף דער נאַכט האָבן מיר זיך אַהין אַריינגעכאַפט און אין אַ קאַמער געפונען אַ שטיק געלן לעדער. מושקע, פון פאַך אַ שטעפער, האָט גלייך אויפגענייט שיידלעך צו רעוואָלווערן און פון קאָרע אויסגעשניצט פאַרעמס פון רעוואָלווערן, וועלכע מיר האָבן אַריינגעלייגט אין די שיידלעך, כדי צו מאַכן דעם אָנשטעל פון באַוואָפנטע פאַרטיזאַנער.

אין עטלעכע טעג אַרום האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופע פאַרטיזאַנער און זייער קאָמאַנדיר האָט אונדז אויפגעפאָדערט אָפצוגעבן דאָס געווער. מיר האָבן אַרויסגענומען די שטיקלעך האָלץ פון די שיידלעך און אַלע האָבן זיך צעלאַכט. דער קאָמאַנדיר האָט געזאָגט, אַז זייערע פאַרבינדלער האָבן צוויסנגעגעבן, אַז עס דרייען זיך אַרום באַוואָפנטע פאַרטיזאַנער אין וואַלד און זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז עס איז אמת.

מיר האָבן זיי דערציילט וועגן אונדזערע איבערלעבענישן און זיי האָבן אונדז געהאָלפן אָנקומען אויפן געהיימען פונקט פון דימיטראָווסקי אָטריאַד, וועלכער האָט געציילט קרוב 500 רוסישע פאַרטיזאַנער, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען אויך 8 יידן. אין דער זעלבער פושטשע זענען געווען נאָך דריי אָטריאַדן, אין וועלכע עס האָבן זיך געפונען אויך עטלעכע צענדליק יידן, יידישע פרויען און צווישן זיי אויך די צוויי טעכטער פון סלאָוועטיטשער רב.

אַ קאָמאַנדיר פון אַ קליינע אָפטיילונג, אַ קאָזאַק, האָט געוואָרפן אַן אויג אויף איינער פון די מיידלעך, האָט זי פאַרכאַפט און אַוועק קיין רוזשאַני, ווו ער האָט זיך איבערגעגעבן די דייטשן און געוואָרן זייער שפיאָן. ערשט ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט, אַז דאָס מיידל איז אַ יידישע, האָט מען זיי ביידע דערשאָסן.

אין איינעם פון די פיר אָטריאַדן, האָט זיך געפונען אַ 17־יאָריקער בחור, ליאָווע, פון וואָלקאָוויסק און ער האָט געשלאָגן דעם רעקאָרד פון אויפרייסן באַנען אויף דער ליניע בריסק—מאָסקווע. ער איז העלדיש געפאַלן אין קאַמף.

באַריס איז געווען דער פירער פון די יידישע קאָמוניסטן אין ביאַליסטאָק און אין פרוזשאַנער געטאָ האָט ער געשפילט אַן אָנפירנדיקע ראָל אין דער אונטערערדישער אָרגאַניזאַציע. איז געווען מיט אונדז צוזאַמען אין בונקער. איצט איז ער געווען אין שטאַב און האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זיין העלדישקייט ביים פרייוויליקן אויספירן די געפערלעכסטע אויפגאַבן. אויך ער איז געפאַלן אין קאַמף. צווישן די געפאַלענע איז אויך געווען אַ יידישער דאָקטאָר בערקאָוויטש פון באַראַנאָוויטש.

דער קאָמאַנדיר פון אונדזער אָטריאַד, אַן אוקראַינער מיטן נאָמען קאָנדראַטיעוו, איז געווען אַן אַנטיסעמיט און ער האָט מיך און מיין ברודער געשיקט צוזאַמען מיט אַ גרופע פאַרטיזאַנער אויף אַ געפערלעכע אויפגאַבע ביי דער סטאַנציע קאָסאָווע, ווו מיר האָבן פאַרנומען קי און פערד און ביים צוריקגיין זענען מיר שטאַרק באַשאָסן געוואָרן פון מינע־וואַרפערס.

דער וועג אויף צוריק איז געווען זייער אַ שווערער, עס איז געלעגן אַ טיפער שניי און ביים טרייבן די קי האָב איך פאַרלוירן דעם שלאָס פון מיין ביקס. איך האָב זיך צוריקגעקערט זוכן דעם שלאָס, אָבער אים נישט געפונען. אין דער זעלבער צייט זענען צוויי פאַרטיזאַנער צוריקגעקומען פון אַן אויפגאַבע, ווו מען האָט זיי אין יענעם דאָרף אָנגעשיכורט און צוגענומען ביי זיי די ביקסן. עס האָט זיי דערפאַר געדראָט טויט־שטראָף, אָבער מען האָט זיי פאַרמשפט אַרויסצוגיין שאַפן אַנדערע ביקסן און צוזאַמען מיט זיי האָט מען מיך אויך געשיקט. עס האָט נישט געהאָלפן די אינטערווענץ פונעם יידישן דאָקטאָר אין דער בריגאַדע, סמאָלענסקי. יעדן פון אונדז האָט מען געגעבן צוויי האַנטגראַנאַטן און מיר זענען אַוועק אין דער ריכטונג פונעם שטעטל ראָזשאַנאַ.

אין אַ זאַגייניק, נאָענט פונעם שאָסיי, האָבן מיר זיך פאַרשטעקט. באַלד האָבן מיר געזען אָנקומען פיר אוקראַינישע פאָליציאַנטן, רייטנדיקע אויף פערד. מיר האָבן נישט לאַנג געטראַכט און זיי באַוואָרפן מיט גראַנאַטן. דריי פון זיי זענען געפאַלן טויט אויפן אָרט. מיר זענען צוריקגעקומען אין אָטריאַד מיט 4 ביקסן און אַ געפאַנגענעם פאָליציאַנט.

דער דאָזיקער פאַל האָט געהאָלפן הייבן אונדזער פרעסטיזש. אַלע פאַרטיזאַנער זענען אויסגעשטעלט געוואָרן צו אַן אַפעל און דער קאָמאַנדיר האָט געלויבט אונדזער העלדישקייט.

דעם 15־טן יולי 1944 האָט די רויטע אַרמיי פאַרנומען אונדזער געגנט. דערמיט האָט זיך געענדיקט אונדזער ראָל אַלס פאַרטיזאַנער. מיין ברודער האָט זיך באַקענט מיט אַ יידישן פּאָלקאָווניק, וועלכער האָט אונדז מיטגענומען מיט זיך. דאָס איז שוין אַ קאַפיטל פאַר זיך. אומעטום ווו מיר זענען געקומען האָבן מיר געזוכט יידן, בכדי געוווּיר צו ווערן עפּעס וועגן אונדזערע היימען. קיין סך האָבן מיר זיך נישט געקענט דערוויסן. מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף

נאָך אַזעלכע, וואָס האָבן זיך פונקט ווי מיר פּאַראינטערע־סירט מיטן דאָזיקן ענין און נישט דערוווּסט זיך קיין סך מער פון דעם, וואָס זיי האָבן שוין געוווּסט פון פריער: אַלץ איז פאַרניכטעט געוואָרן. דאָ און דאָרט האָט מען אָנגעטראָפן איינצלנע יידן, וואָס זענען נאָך געווען פול מיט מורא און שרעק.

סוף אויגוסט 1944 זענען מיר אָנגעקומען קיין וולאָדאַווע. אַן אימה איז אונדז באַפאַלן, ווען מיר האָבן זיך געטראָפן פנים אל פנים מיט אונדזער היימשטאָט. אַ שטילקייט האָט געהערשט אין די גאַסן ווי אויף אַ בית עולם. מען האָט שוין דאָ מער נישט געזען קיין יידישע קינדערלעך, וואָס זאָלן זיך אַרומשפּילן ווי אַמאָל. אייגנטלעך האָב איך דאָך נישט דער־וואַרט צו טרעפן דאָ יידן, אָבער די פּוסטקייט האָט דאָ געשריגן מיט טויזנטער קולות, די גאַסן זענען געווען פּוסט און וויסט. כ׳האָב בלויז געפילט ווי טויזנטער שאָטנס פון אומגעקומענע וואָלטן מיך נאָכגעיאָגט. עס האָט זיך מיר געוואָלט אַוועקלייגן דאָ אינמיטן דער טויטער גאַס, אַזוי ווי אונדזערע באָבעס האָבן זיך געוואָרפן רייסן קברים, אַזוי האָב איך זיך געוואָלט צעוויינען, אַז מיין געיאָמער זאָל דערגיין ביז צו די הימלען.

אַן אומעטיקע פּוסטקייט האָט מיך אַרומגענומען, אַ מורא־דיקער שוידער. חרוב איז געוואָרן יידיש וולאָדאַווע, וויסט אומעטום, קיין שפּור פון יידיש לעבן. אויך די איבערגעבלי־בענע גאַסן זעען אויס אומעטיק, ווי עס וואָלטן אויף זיי געדרוקט די דערמאָנונגען פון יידישן חורבן.

עס האָבן אין יענע מינוטן אויפגעלעבט פאַר מיר די קדושים פון אַלע צייטן און דורות אין וולאָדאַווע און כ׳האָב זיך קלאָר געמאַכט, אַז אומעטום אויף דער פּוילישער ערד לויערט אויף אונדז שענדונג און טויט, וואָס קריסטלעכע „דערלייזער״ ברענגען אויף אונדז.

פאַר מיינע אויגן האָבן זיך געשטעלט די העלדישע יידן, וואָס האָבן צוזאַמען מיט מיר געקעמפט קעגן גרויזאַמען שונא, געקעמפט און געפאַלן. אין מיינע אויערן האָט געקלונ־גען זייער לעצטער נישט־אַרויסגעזאָגטער ווונטש, ווי אַ נישט־געשריבענע צוואה: ‚פאַר אַ פריי יידיש לעבן אין איי־גענעם לאַנד׳!

סוף זומער 1950 האָב איך מיט מיין משפחה עולה געווען קיין ישראל.

ש. ביילע

# פון ארבעטס־לאגער צו די פארטיזאנער

פאַר דער גרויסער אַקציע האָבן מיינע ברידער אויסגעגראָבן אַ גרויסן בונקער, וואָס האָט געדאַרפט דינען פאַר אַ באַהעלטעניש פאַר מיינע עלטערן. איך און מיין ברודער אליעזר זענען מיר אַוועק אינעם אַרבעטס־לאַגער.

באַגין איז דאָס געטאָ אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ סך ס. ס.־לייט און אוקראַינישע פּאָליציאַנטן. די אַרומרינגלונג האָט אויך אַרומגענומען פאָלקענבערגס אַרבעטס־לאַגער. מען האָט אָנגעהויבן אַרויסטרייבן און יאָגן די יידן פון די שטובן, אַנגערייצטע ווילדע הינט האָבן געריסן שטיקער פון יעדן, וואָס איז אָפּגעשטאַנען.

אויפן פּלאַץ האָט זיך אָנגעהויבן די באַקאַנטע סעלעק־ציע: רעכטס, לינקס. אויף מיין ברודער אליעזר איז אויס־געפאַלן געשיקט צו ווערן אויף רעכטס. דאַקעגן מיך האָט מען געשיקט אויף לינקס, וואָס האָט געהייסן צום טויט. שפּעטער האָט מיר אָפּגעגליקט, עס איז געקומען אַ באַפעל, אַז די, וואָס טראָגן גומענע שטיוול זאָלן אַרויסגיין פון דער ריי, וואָס איז געשטאַנען אויף לינקס. איך האָב אויך גע־טראָגן גומענע שטיוול, אַדאַנק דעם, וואָס איך האָב געאַר־בעט אין די זומפּן און בין דערפאַר געווען די „גליקלעכע״, וואָס מען האָט אַרויסגענומען פון דער לינקער ריי.

אין דער דאָזיקער גרויסער אַקציע זענען אויפן אָרט געפאַלן אַ סך טויטע, בלוט האָט זיך געגאָסן איבערן גאַנצן געטאָ. איך בין דעמאָלט אַלט געווען נישט מער ווי 14 יאָר, אָבער דעם גרויל פון דער דאָזיקער בלוטיקער סיטואַ־ציע, האָב איך באַנומען גלייך מיט אַלע דערוואַקסענע.

ווידער בין איך געגאַנגען צו דער אַרבעט, צו וועלכער מען האָט געדאַרפט שפּאַנען 12 קילאָמעטער אַהין און אַזויפיל קילאָמעטערס צוריק. דער ווינטער איז געווען אַ קאַלטער מיט טיפע שנייען. ווען מיר זענען געקומען „אַהיים״, איז שוין געווען שטאַרק פינצטער, אינעם לאַגער־באַראַק האָט געהערשט אַ שטאַרקע קעלט. גאַנצע נעכט פלעגן זיך הערן שיסערייען. מיר האָבן געוווּסט, אַז דאָס שיסן די ס.ס.

די געכאַפּטע ייִדן, וואָס האָבן געמיינט זיך אויסצובאַהאַלטן פון דער אַקציע.

אין פרילינג איז ווידער פאָרגעקומען אַן אַקציע. איך און מיין ברודער אליעזר צוזאַמען מיט אַן ערך 25 מענטשן, האָבן זיך געפונען אין אַ בונקער, אין וועלכן עס האָט אונדז געדראָט אויסצוגיין פון הונגער און דורשט און מיר האָבן דערפאַר באַשלאָסן אַרויסצוגיין פון בונקער. מיר האָבן בעסער געוואָלט פאַלן פון אַ קויל איידער אַ פּאַמעלעכן טויט פון הונגער און דורשט.

מיינע ברידער אליעזר און שעפּסל זענען אַוועק אין וואַלד. איך בין געבליבן אין אַ קעלער מיט קאַרטאָפל, ווייל איך בין געווען באַהערשט פון שרעק פאַרן גיין אין וואַלד. דער קעלער מיט קאַרטאָפל האָט זיך געפונען אויפן שטח פון לאַגער. אַן אויסגעהונגערטע האָב איך זיך געוואָרפן עסן די רויע קאַרטאָפל, וועלכע איך האָב געגעסן ווי אַ וואַנזיניקע.

ווען עס האָט זיך פאַרענדיקט די אַקציע האָבן ווידער מענטשן אָנגעהויבן אַרויסקריכן פון די לעכער און פאַרשידענרליי באַהעלטענישן. ביים לאַגער־שעף פאַלקענבערג האָבן זיך ווידער צונויפגעזאַמלט ביי אַ 50 מיידלעך און אויך מענער. מיר האָבן געאַרבעט אין אַ גאָרטן פון גרינצייג.

די שטאָט וואָלאָדאַווע איז שוין געווען אויסגעליידיקט פון ייִדן. שטובן און גאַסן זענען געשטאַנען פּוסטע. אַלע איינוווינער זענען שוין געוואָרן אויסגעכאַפּט און אָפּגעפירט אינעם טויטן־לאַגער סאָביבאָר.

איינמאָל האָט מיך באַגעגנט אַ באַקאַנט שייגעצל און מיר איבערגעגעבן, אַז מיין פאָטער געפינט זיך נישט ווייט פון מיר. ער האָט מיר אָנגעוויזן דאָס אָרט און איך בין אַהינגעגאַנגען און ווירקלעך געטראָפן דאָרט דעם טאַטן. מיר האָבן זיך שרעקלעך צעוויינט. דער טאַטע האָט מיר דערציילט די פּיין, וואָס זיי האָבן דורכגעמאַכט אינעם בונקער. ער האָט נישט געקענט צוקוקן די יסורים פון דער מאַמען און ער איז אַרויס פון בונקער זוכן עפּעס צו דערהאַלטן איר נשמה. ווען ער איז צוריקגעקומען האָט ער שוין קיינעם נישט געטראָפן.

לאַנגע שעהן זענען מיר געזעסן און געוויינט, נישט געקענט און נישט געפּרוווט זיך באַרויקן. דער טאַטע האָט מיר געגעבן זיין זייגער, געזאָגט: „נעם דעם זייגער, אפשר וועסטו זיך דערמיט אַמאָל קענען ראַטעווען...״.

מיר האָבן זיך צעשיידט און מער האָב איך שוין מיין פאָטער נישט געזען.

אין אַ קורצער צייט אַרום, צוריקקומענדיק אין אַ געוויסן טאָג פון דער אַרבעט איז צוגעלאָפן צו מיר דאָס זעלבע שייגעצל און געבראַכט מיר די וויסטע בשורה: „היינט האָט מען געשאָסן דיין פאָטער, דעם פאַן יצחק״.

אַ פאַרשטיינערטע האָב איך נישט געקענט אויסרעדן קיין וואָרט. דער קוואַל פון טרערן איז אויסגעטרוקנט געוואָרן. איצט בין איך געבליבן עלנט, אָן די עלטערן, אָן מיינע שוועסטער און ברידער.

איינמאָל, אינמיטן דער אַרבעט, האָט מיין קוזינע מיר געזאָגט, אַז זי מיט נאָך עטלעכע מיידלעך קלייבן זיך צו גיין אין וואַלד, צו משה ליכטענבערגס פּאַרטיזאַנער גרופּע. איך האָב געוואָלט מיטגיין מיט זיי, אָבער זי האָט געזאָגט, אַז איך בין נאָך צו יונג צו גיין אין וואַלד.

אויף צומאָרגנס, פיר אַזייגער פאַרטאָג זענען געקומען ס.ס.־לייט און אַרויסגענומען פון לאַגער די לעצטע 50 מענער, וועלכע מען האָט אַוועקגעפירט קיין סאָביבאָר.

אין דעם זעלבן טאָג, נאָך דער אַרבעט, האָט דער שעף פאַלקענבערג איבערגעגעבן די מיידלעך, אַז צומאָרגנס וועלן קומען די ס.ס.־לייט און זיי אַוועקנעמען. עס איז דערפאַר בעסער, זיי זאָלן נאָך היינט אַנטלויפן אין וואַלד אַריין.

אין יענער נאַכט איז אַ גרויסער טייל מיידלעך אַנטלאָפן אין וואַלד. איך האָב צוזאַמען מיט חנה פּיעטרושקע אַוועק אין פעלד, ווו מיר האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין קאָרן. שפּעטער זענען מיר פון דאָרט אַוועק צו אַ קריסטן פון זאַבאַגאַניע. איר נאָמער איז וואָלטשאַק און ביי איר אויפן בוידעם האָבן מיר זיך אויסבאַהאַלטן. די ס.ס.־לייט האָבן מיטן גאַנצן אימפּעט גענומען זיך יאָגן נאָך די אַנטלאָפענע ייִדישע מיידלעך. זיי זענען געקומען אויך צו דער וואָלטשאַק, געפרעגט זיך, צי זי האָט נישט געזען דורכגיין דאָ ייִדישע מיידלעך און צי זי וויסט נישט ווו זיי באַהאַלטן זיך. די קריסטין האָט זיי געענטפערט, אַז זי האָט קיינעם נישט געזען.

מיר האָבן זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון פון דער געפאַר, אין וועלכער מיר פירן אַריין די דאָזיקע גוטע קריסטן און ווען די ס.ס.־לייט זענען אַוועק בין איך אַראָפּגעשפּרונגען פונעם בוידעם און אַ גאַנצע נאַכט איבערגענעכטיקט אויפן פעלד, אין קאָרן.

ווען עס האָט גענומען שאַריען אויף טאָג האָב איך זיך געלאָזט גיין מיט אַ שטעגל צום נאָענטן וואַלד, וועלכן איך האָב לגמרי נישט געקענט און טאַקע געבלאָנדזשעט אַ לענגערע צייט. דעם הונגער האָב איך געפּרוווט שטילן מיט די רויטע יאַגדעס, וואָס איך האָב אָפּגעריסן פון די קוסטעס. באַלד איז מיך באַפאַלן אַ שרעקלעכע מידקייט און איך האָב געפילט ווי די אויגן מאַכן זיך צו. איך בין אַוועקגעפאַלן אונטער אַ בוים און איינגעשלאָפן.

אין חלום האָב איך דערמאָלט געזען ווי מיין מאַמע שטייט איבער מיר און זאָגט: „קינד מיינס, הויב זיך אויף

און אַנטלויף... ראַטעווע זיך, קינד מיינס, כּל־זמן דו קאָנסט. די געפאַר איז נאָענט".

איך האָב זיך אויפגעריסן פון שלאָף און אַן גערדאַנקען געגומען לויפן צווישן די ביימער, נישט וויסנדיק צי איך לויף אין דער געהעריקער ריכטונג. פלוצים האָב איך באַמערקט, אַז עס דערנענטערן זיך צו מיר עטלעכע מענטשן אָנגעטאָנענע אין דייטשע אוניפאָרמען, באַוואָפנט מיט ביקסן. פון גרויס שרעק בין איך געבליבן אַ פאַרשטיינערטע און זיך נישט געקענט רירן פון אָרט.

זיי האָבן מיך באַמערקט און עס האָט במילא נישט געקענט קיין רייד פון אַנטלויפן. איך האָב געוואַרט ביז זיי זענען צוגעקומען צו מיר, גענומען מיך אויספרעגן ווער איך בין און פון וואַנען איך גיי. כ'האָב זיי אַלץ דערציילט און דערביי האָב איך געפילט ווי מיין גאַנצער קערפער וואַרפט זיך ווי אין קאָנוווּלסיע פאַר שרעק.

ווי גרויס איז געווען מיין פאַרוווּנדערונג ווען זיי האָבן מיך גענומען באַרואיקן, איך זאָל נישט מורא האָבן, עס וועט מיר נישט געשען קיין שלעכטס. זיי האָבן צווישן זיך עפעס שטיל גערעדט, געסודעט זיך און דאַן געזאָגט, אַז איך זאָל מיטגיין מיט זיי אינעם דאָרף קראַסיוּוקע.

זיי האָבן מיך אַריינגעפירט אין אַ כאַטע פון אַן אַלטע פויערטע, וועלכע האָט מיר גלייך געגעבן צו עסן און טרינקען.

איך האָב נאָך אַלץ נישט געוווּסט אויף קלאָר ווער זיי זענען. זיי האָבן רואיק געוואַרט ביז איך האָב אָפּגעגעסן און דאַן האָבן זיי מיך אַוועקגעפירט אין וואַלד, ווו עס האָט זיך געפונען דער פאַרטיזאַנער־שטאַב און דאָרט האָב איך שוין געזען, אַז דאָס זענען נישט קיין דייטשן, נאָר אמתע פאַרטיזאַנער, פאַר וועלכע איך דאַרף נישט מורא האָבן.

אינעם פאַרטיזאַנער־שטאַב האָט מען מיך ווידער אויסגעפרעגט און געפאָרשט און איך האָב ווידעראַמאָל אַלץ דערציילט. דערביי האָב איך נישט געקענט דערשטיקן אין זיך די טרערן, וועלכע זענען געפלאָסן פון מיינע אויגן.

ענדלעך האָב איך זיך באַרואיקט און די פאַרטיזאַנער האָבן מיך צוריקגעפירט צו דער אַלטער פויערטע, כ'זאָל דאָרט וווינען.

איינמאָל, ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען פון דער כאָטע, איז מיר אַקעגנגעקומען אַ פרוי, וועלכע האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז זי איז אַ קריסטין. איך האָב זיך שטאַרק דערשראָקן און אָנגעהויבן זיך צוריקציען, אָבער יענע האָט מיך באַמערקט און אויסגערופן:

„אַנטלויף נישט... איך בין אויך אַ יידישע, מיט די זעלבע יידישע צרות, די זעלבע שרעק..."

די פרוי האָט מיר דערציילט, אַז אין וואַלד איז פאַראַן



אַ טאַבאָר, ווו עס געפינען זיך פיל יידן, מענער, פרויען מיט קינדער, אָבער זי קען מיך אַהין נישט מיטנעמען מיט זיך.

מיר איז געוואָרן זייער אומעטיק און די פרוי האָט מיך געטרייסט, אַז מאָרגן דאַרף דאָ דורכפאָרן מיט אַ פור איינער מיטן נאָמען באַציאַן. איך קען זיך צו אים ווענדן און אויב ער וועט וועלן, קען ער מיך יאָ מיטנעמען.

אויף צומאָרגנס איז טאַקע דורכגעפאָרן די פור, אויף וועלכער עס איז געזעסן אברהם באָציאַן פון פאַרצעווע. איך האָב זיך צו אים געוואַנדן, געזאָגט אים ווער איך בין און פשוט געפאַלן צו זיינע פיס, געבעטן אים ער זאָל מיך דאָ נישט איבערלאָזן, נאָר מיטנעמען מיט זיך.

ער האָט מיך באַרואיקט און טאַקע דעם זעלבן טאָג מיטגענומען מיט זיך און אָפּגעפירט צום טאָבער טיף אין וואַלד.

אינעם טאַבאָר איז געווען גאָר אַן אַנדער וועלט. עס האָבן זיך אַרומגעדרייט יידן אָנגעטאָן אין דייטשע מונדירן און באַוואָפנט מיט ביקסן. דאָס טאָג־טעגלעכע לעבן איז דאָ געווען אָרגאַניזירט און עס האָט געהערשט אַ שטאַרקע דיסציפלין.

אינעם טאַבאָר זענען געווען יידן פון פאַרשידענעם עלטער, זקנים, קינדער, און פרויען, עס זענען געווען צווישן זיי אויך פאַרוווּנדעטע.

אין איינעם אַ טאָג איז געקומען אַ באַפעל פונעם קאָמאַנדיר, אַז היינט גייט מען אַרויס אויף אַן אָפּעראַציע קעגן די דייטשן. די קאַמפּס־גרופּע האָט זיך שנעל אָרגאַניזירט און איך בין געבליבן מיט די איבעריקע מענטשן, וואָס זענען נישט געווען קאַמפּס־פעאיק.

ווען די גרופּע איז אַוועק האָט דער וואַלד גענומען אויסזען פוסט און געשראָקן. פאַר מיינע אויגן האָבן געשוועבט בילדער פון דער צייט, ווען כ'בין דאָס ערשטע מאָל אַנטלאָפן פון געטאָ, פון אַרבעטס־לאַגער. גאָר יונג האָב איך דערפילט דעם גאַנצן גורל פון אונדזער לאַגע. געוווּסט, אַז דאָס לעצטע קאַפּיטל איז נאָך נישט געקומען.

פאַרזונקען אין אָט די מחשבות, האָב איך מיטאַמאָל דערהערט ווי עס איז געקומען צו לויפן אַ קליין שייגעצל און דערציילט, אַז אין פיגאַזשעלעץ און הולעשאַוו זענען אָנגעקומען דייטשן און באַדייטנדיקע פאַרשטאַרקונג האָבן די דייטשן געקריגן אין קאָפּלעניעץ. פאַר אונדז איז קלאָר געוואָרן, אַז מיר ווערן אַרומגערינגלט און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן צום אַוועקגיין. אינמיטן פּאַקן בין איך צוגעגאַנגען צו איינעם, בערעלע, געבעטן אים, אַז מען זאָל מיך מיטנעמען. איך האָב געזען ווי ער וואַקלט זיך און איך האָב געזאָגט אַז איך וויל נישט קיין עסן, אַבי נישט בלייבן אין וואַלד אַליין. ער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אין דער

בריית און געזאָגט, אַז ער קאָן מיך נישט מיטנעמען מיט זיך, ווייל ער האָט זיין משפּחה, פאַר וועלכער ער מוז זאָרגן און ער קאָן נישט נעמען דעם עול אויף זיך.

אַ טרויעריקע האָב איך זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ פניאַק, געטראַכט וועגן מיין פינצטערן גורל. פאַר די אויגן האָבן מיר גענומען שוועבן די בילדער פון די דייטשע רציחות, די טויטע קערפּערס פון יידן, וועלכע איך האָב געזען וואַלגערן זיך הפקר אין די גאַסן, אויפן וועג אין וואַלד, הפקר פאַר די ווילדע חיות. איך בין געווען שוצלאָז, עלנט.

פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ ביקס און צווישן די מענטשן האָט זיך אויפגעהויבן אַ טומל. מען האָט אַלץ איבערגעלאָזט און געלאָפן טיף אין וואַלד. באַלד האָט זיך ווידער דערהערט אַ שאָס און גלייך נאָך אים האָבן מיר דייטלעך געהערט זינגען. לויטן געזאַנג האָבן מיר דערקענט שלמה פון זאַהייקעס שטים. באַלד האָט ער זיך טאַקע באַוויזן, אַ לוסטיקער און צעזונגענער. ער האָט אונדז באַ־רואיקט, אַז דערווייל דראָט אונדז נישט קיין געפאַר און מיר האָבן זיך צוריקגעקערט צו אונדזער אָרט אין וואַלד.

אונדזער לעבן אין וואַלד האָט געמוזט זיין אָן איבעריקן גערודער. אָפּטמאָל אָן אַ מינדסטן שאָרך. אַזוי האָט אונדז שוין אויסגעלערנט די געוווינהייט, וואָס איז ביי אונדז גע־וואָרן די צווייטע נאַטור. די טעג אָדן שעהן האָבן זיך געצויגן שווערע, אָבער עס זענען געווען שטילע מינוטן, ווען מען האָט זיך דערציילט די נייעס פון טאָג, דערמאָנט זכרונות פון די צעשטערטע היימען, געטוישט זיך מיט עצות, גערעדט וועגן האָפענונגען און אַפילו געמאַכט פּלענער אויף דער צוקונפט, וואָס זענען קיינמאָל נישט געווען קיין איינ־הייטלעכע. אַ סך האָבן געטראַכט, אַז אויב זיי וועלן נאָר בלייבן לעבן, וועלן זיי זיך באַגנוגענען מיט אַ טרוקן שטיקל ברויט און אַ דאַך איבערן קאָפּ, מער גאָרנישט. זיי וועלן זיך נישט יאָגן נאָך קיין פאַרמעגנס. מען זעט דאָך שוין, וואָס פון אַלעם איז געוואָרן.

געווען אַזעלכע, וואָס האָבן אינעם לעצטן חורבן געזען די פאַרניכטונג פון מענטשן, פונעם יושר אויף דער וועלט. זיי האָט שוין גאָרנישט אינטערעסירט. אַבי לעבן. זיי האָבן שוין נישט געגלייבט אין גאָרנישט. היינט לעב איך, מאָרגן שטאַרב איך און דאָס איז אַלץ. עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געקלערט: וואָס וועט זיין מיטן ביסל יידן, וועלכע וועלן בלייבן לעבן? ווו וועלן זיי זיך אַהינ־טאָן?

מערסטנס זענען די געשפּרעכן אָפּגעהאַקט געוואָרן מיט דער טענה:

„נאַראָנים וואָס איר זייט, מען שטייט מיט איין פוס אין קבר און איר קלערט וועגן מאָרגן. וועלן מיר אים דער־לעבן?... בעסער נישט אַריינטראַכטן אין דעם אַלעם, ווייל מען קען דאָך אַראָפּ פון זינען".

צו מיר איז צוגעקומען אַ בחור מיטן נאָמען שענקע, וועלכן איך האָב ביז דעמאָלט נישט געקענט. ער איז געקומען אין וואַלד מיט אַ גרופּע רוסישע פּאַרטיזאַנער. ער האָט מיך געזען זיצן ביי מיין פאַרמאַסקירטער בודע און איז צוגעקומען צו מיר, אויסגעפרעגט ווער איך בין. איך האָב אים דערציילט אַלץ וואָס איך האָב דורכגעמאַכט. ער האָט מיך שטיל אויסגעהערט און איז אַוועק צו זיין גרופּע רוסישע פּאַרטיזאַנער.

אויפן צווייטן טאָג איז ווידער דורכגעלאָפן איבערן טאַבאָר די מורמלעניש, אַז מען ריכט זיך אויף אַ דייטשער אַבלאַווע. דער טאַבאָר האָט זיך גענומען פּאַקן און געגרייט זיך איבערצוציען אויף אַ צווייטן פּלאַץ. אין יענעם מאָמענט איז שענקע צוגעקומען צו מיר, געפרעגט צי איך וויל מיט־גיין מיט אים. קלאָר, אַז איך האָב שטאַרק געוואָלט פילן זיך אונטער אַ שוץ, אָבער אין דער זעלבער צייט איז מיר געווען אַ שאָד צו פאַרלאָזן דעם טאַבאָר און איך האָב געפרעגט די דאַנעכיע, מיט וועלכער איך האָב זיך צו ביסלעך באַפריינדעט און געבעטן פון איר אַן עצה, וואָס איך זאָל טון. זי האָט מיך צוגערעדט, אַז איך זאָל מיטגיין מיט שענקען, ווייל ער איז אַ בראַווער פּאַרטיזאַן און ער וועט מיך באַשיצן.

שענקע איז ווירקלעך געווען אַ גרויסער העלד, האָט אנטיילגענומען אין גרויסע דיווערסיע־אַקטן, אויפגעריסן דייטשע עשאַלאָנען, אָנגעפאַלן אויף דייטשע און אוקראַיני־שע גאַרניזאָנען. ער איז געווען פון די ערשטע, וואָס זענען אַוועק אין וואַלד. אין אים האָט געברענט די נקמה פאַרן אכזריותדיקן טויט פון זיין מוטער וועלכע די דייטשן האָבן דערשאָסן טראַגנדיק איר קינד אויף די פּלייצעס.

דאָס פאַרשרייבן מיך אין שענקעס פּאַרטיזאַנער אָטריאַד איז פאַר מיר געווען אַ גרויסע סאַטיספאַקציע, כ'האָב דער־פילט, אַז עס הייבט זיך אָן פאַר מיר אַ נייע צייט, ווען איך וועל אנטיילנעמען אין קאַמף, נקמה נעמען פאַר אונדזער אויסגעפייניקט פאָלק, פאַרן טויט פון מיין מוטער און פאָ־טער. איך וועל קענען פאַרטיידיקן אונדזער לעבן און אויך נעמען נקמה אין אונדזערע שונאים וואָס לויערן אויף אונדז ווי די שאַקאַלן.

עס איז געקומען אַ באַפעל, אַז מיר זאָלן אַריבערגיין דעם בוג. עס איז נישט געווען קיין צייט פאַר לאַנג טראַכטן און איך בין צוגעגאַנגען צו שענקען, געבעטן אים, אַז אפשר איז מעגלעך אַרויסצוראַטעווען מיין ברודער אליעזר, וועל־כער איז געבליבן אין וואַלד. שענקע האָט מיר אויסגעהערט

שווייגנדיק, נישט געענטפערט מיר, נאָר ווייטער געטאָן זיין אַרבעט, דאָס צוגרייטן זיך צום אַריבערגיין דעם טייך.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך האָב פון אים געבעטן עפּעס אַזעלכעס, וואָס איז איבער זיינע כוחות. כ'בין אַוועק אַזיך מיין פּלאַץ, איינגעשלאָפן מיט שווערע חלומות.

ווען איך בין צומאָרגנס אויפגעשטאַנען, קוים אויפגעכאַפּט זיך פון שלאָף און געעפנט די אויגן, האָב איך געזען שטיין נעבן מיר מיין ברודער. ער האָט מיר דערציילט, אַז שענקע האָט צוזאַמען מיט אַ גרופּע פּאַרטיזאַנער, רוסישע און יידישע, אינמיטן דער נאַכט אַרויסגעראַטעוועט זיי, ממש אין דער לעצטער מינוט, פונעם שונאס הענט. די דייטשע אבלאווע איז געוואָרן אַלץ געדיכטער און האָט זיך שוין דערנענטערט צו זייער באַהעלטעניש.

איצט האָבן זיי שוין, מיין ברודער און נאָך עטלעכע יידן, געקעמפט צוזאַמען מיט די פּאַרטיזאַנער קעגן דעם געמיינזאַמען שונא.

דורכן וואַלד האָבן דורכגעוואַנדערט אַנטלאָפענע יידן, וואָס האָבן זיך אַרויסגעראַטעוועט פון געטאָ, פון די לאַגערן. אין איינעם אַ טאָג האָב איך באַגעגנט אביגדור דאַבעלעס, שמעון און מאָטל זילבערשטיין. זיי האָבן זיך מיט מיר זייער דערפרייט און געבעטן, אַז איך זאָל אינטערווענירן, מען זאָל זיי אַריינעמען אין אונדזער פּאַרטיזאַנער אטריאַד.

ווידער האָב איך זיך געוואַנדן צו שענקען, אַז ער זאָל בעטן דעם קאָמענדאַנט אַריינצונעמען די יידן, וועלכע איך קען פון וולאַדאַווע און בין זיכער, אַז זיי וועלן זיין גוטע קעמפער.

גרויס איז געווען אונדזער פרייד ווען דער קאָמאַנדיר האָט געגעבן זיין הסכמה.

אונדזער אטריאַד איז געווען פול מיט אומרו. אלע האָבן זיך געגרייט צום אַריבערגיין דעם בוג. אין דער פינצטערניש בין איך אַריינגעפאַלן אין אַ גרוב. אַרויסגעראַטעוועט האָט מיך באלעק אַלעף, וועלכער איז געווען אין אונדזער איינהייט. עס איז שוין געווען ערב די יום־טובים, דער בוג איז געווען טיף, דאָס וואַסער איז געווען קאַלט און געגאַנגען ביזן האַלדז. יעדער פון אונדז האָט געטראָגן אַ ביקס אויפן אַקסל. איך האָב נאָך דערצו געטראָגן אויף זיך אַ טאַש מיט מעדיקאַמענטן.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך באַמערקט פון דער ווייטנס אַ פייער פון אַ פּאַפּיראָס און האָב געמאָלדן דעם קאָמאַנדיר. ער האָט זיך גלייך געכאַפּט, אַז מיר געפינען זיך נאָענט פון דייטשן מיליטער און ער האָט באַפוילן צוריקגיין.

מיר האָבן זיך שטילערהייט גענומען צוריקציען, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. די דייטשן האָבן געעפנט אַ פייער און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרביטערטע שלאַכט. איינער פון די פּאַרטיזאַנער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַ דייטשער קויל און איך בין גלייך צוגעלאָפן צו אים, געגעבן אים די מעדיצינישע הילף, וואָס איז געווען צו מיין דיספּאָזיציע.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף אננע, פון וואַנען מיר האָבן זיך שפּעטער פאַראייניקט מיטן וואראשילאָוו אטריאַד.

אביגדור דאַבעלעס, שמעון און מאָטל זילבערשטיין זענען אַוועק צו משה ליכטענבערגס גרופּע.

מיר זענען צוגעקומען צו דער באַן־ליניע בריסק—קאָוועל, וועלכע איז שטאַרק געהיטן געוואָרן דורך די דייטשן. דער באַפעל פון קאָמאַנדיר איז אָבער געווען אומבאַדינגט אויפצורייסן די דאָזיקע באַן־ליניע.

מיר האָבן זיך שטילערהייט דערנענטערט צו דער ליניע, אונטערגעלייגט דעם דינאַמיט און אונטער דער שוץ פון דער נאַכט האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין וואַלד. באַלד האָבן מיר דערהערט דאָס אָנקומען פונעם צוג און אַ שאַרפער בליץ האָט דורכגעריסן די נאַכט צוזאַמען מיט אַ שטאַרקן אויפרייס. דער צוג איז אַראָפּ פון די רעלסן און מיר האָבן געהערט די געשרייען פון די פאַרוווּנדעטע, קולות פון די אָפיצירן און זעלנער וואָס האָבן גענומען אַרומלויפן און אַרויסגעגעבן צעטומלטע באַפעלן.

די נאַכט אַרום אונדז, די געדיכטע פינצטערניש אין וואַלד איז געווען אונדזער געטרייער שומר. פּונקט ווי די אַנדערע פּאַרטיזאַנער האָב איך זיך אויך צוגעוווינט ליב צו האָבן די נאַכט, די געדיכטע וואָלקנס, וואָס האָבן פאַרשטעלט די לבנה און איך האָב געטראַכט, אַז עס וועט קומען אַמאָל אַ צייט ווען מיר וועלן ווידער ליב האָבן די זון, גלייך ווי אַלע מענטשן.

די דייטשן האָבן געברענגט פאַרשטאַרקונג פון בריסק און אָנגעהויבן באַשיסן דער וואַלד, אָבער אונדזער אטריאַד האָט שוין באַוויזן צוריקצוציען זיך טיפער אין וואַלד, ווו די דייטשע קוילן האָבן צו אונדז נישט דערגרייכט.

מיר זענען אָנגעקומען צו דער ווייסער אָזערע, ווו עס האָט זיך געפונען דער 11־טער באַטאַליאָן און בודזענקאָס אטריאַד. דאָרט האָט דאָס לעבן אויסגעזען אין גאַנצן אַנדערש. עס זענען דאָרט געווען פערד, בהמות, וועלכע מען האָט קאָנפיסקירט ביי די פויערים און יעדער פּאַרטיזאַנער האָט געהאַט אַ פּאַלאַטקע. דאָ האָט מען זיך געפילט אַ סך זיכערער, ווייל אַהין האָבן די דייטשן מורא געהאַט אַריינצוגיין. די דיסציפּלין איז דאָ געווען זייער אַ שטרענגע.

אַנקומענדיק צום שטאַב פונעם דאָזיקן אטריאַד האָט דער קאָמאַנדיר ביי אונדז אָפּגענומען די פּאַרטיזאַנער־שבו־

עה, איינגעגלידערט אינעם אטריאד און מיר האָבן זיך דער־
פילט זיכערער.

אונדזער פּאַרטיזאַנער גרופּע איז איצט אַריינגעטראָטן אין אַ נייער פאַזע פון עקזיסטענץ. פון צייט צו צייט זענען דורכגעפירט געוואָרן פאַרשידענע אָפּעראַציעס, אָנפאַלן אויף דייטשע גאַרניזאָנען. אַ באַזונדער גרויסע שלאַכט איז פאָרגעקומען ביי קאַמיען קאשירסק. עס זענען געפאַלן אַ סך פּאַרטיזאַנער, אָבער לסוף האָט אונדזער אטריאד פאַרנומען די שטאָט און געגאַנגען אויף ניעשוויעזש, ווו מיר האָבן זיך אָנגעטראָפן אויף אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד פון די דייטשן. זיי האָבן געשאָסן פון שווערער אַרטילעריע און באַמבאַרדירט אונדז פון עראָפּלאַנען. עס זענען געווען אַ סך פאַרוווּנדעטע, איך האָב געהאָט פולע הענט מיט אַרבעט, ביים געבן די ערשטע הילף די פאַרוווּנדעטע, וועלכע מען האָט גלייך אָפּגעשיקט קיין קיעוו.

אין אַ געוויסע צייט שפּעטער איז שענקע מיט זיין גרופּע אַוועק אויף מאַלאַריטע און איך בין אָנגעשלאָסן געוואָרן אין אַ צווייטער גרופּע, וואָס איז געגאַנגען אויף מאַטשעיעוו, אַ שטעטל נעבן קאָוועל, ווו מיר האָבן אויסגעגראָבן אקאפּעס, באַלאַגערט דאָס שטעטל און לסוף האָבן די דייטשן געמוזט זיך צוריקציען. עס האָט אָבער נישט לאַנג געדויערט און די דייטשן האָבן געברענגט פאַרשטאַרקונג און ווידער גענומען שיסן אויף אונדז, עס איז פאָרגעקומען אַ פאַרביטערטע שלאַכט, אין וועלכער עס זענען געפאַלן טויטע און פאַרוווּנדעטע פאַרטיזאַנער. דעמאָלט בין איך אויך פאַרוווּנדעט געוואָרן און געבליבן ליגן באַרווּסטלאָז. ווען דאָס פייער האָט זיך איינגעשטילט און די סאַניטאַרן זענען געקומען צונויפנעמען די פאַרוווּנדעטע און באַגראָבן די טויטע, האָט מען מיך פאַרעכנט צו די טויטע, ווייל איך בין געלעגן אינגאַנצן באַוווּסטלאָז, אין דער לעצטער מינוט האָט אַ סאַניטאַר באַמערקט, אַז איך באַוועג זיך.

מען האָט מיר געגעבן די ערשטע הילף און אָפּגעשיקט אין אַ שפּיטאָל קיין קאַמיען קאשירסק.

דאָ האָט מען מיר אָפּגעשווירן די צעפּ, אָפּגעוואַשן דאָס בלוט און גענומען זיך פאַרנעמען מיט מיין וווּנד.

דאָס האָט פאַרנומען אַ סך צייט און דערווייל האָט דער שונא באַמבאַרדירט קאַמיען קאשירסק. מען איז געווען געצוווּנגען צו עוואַקואירן אַלע פאַרוווּנדעטע און אָפּשיקן זיי קיין קיעוו.

אין קיעוו בין איך געלעגן אין אַ גרויס שפּיטאָל, ביז איך בין געקומען צו זיך.

די רוסן האָבן מיר געגעבן קליידער און געלט, ביים אַרויסגיין פון שפּיטאָל, און אַן אומזיסט האָטעל. ענדלעך איז צו אונדז אָנגעקומען די ידיעה, אַז די רויטע אַרמיי האָט



פאַרנומען לובלין און איך האָב באַשלאָסן צוריקצופאָרן קיין וו׳אַדאַווע.

מיין געמיט אין יענעם מאָמענט איז זיך שווער פאָרצושטעלן. מיין רייזע איז געווען איין לעטאַרגיע, אַ לאַבירינט פון שווערע מחשבות, וואָס האָבן מיך פשוט דערפירט צו קאָפּווייטיק און פיבער.

איצט וועל איך ווידער זען די מויערן פון די וולאָדאַווע הייזער, וועלכע איך האָב געזען אויסגעליידיקטע פון יידן; זען ווי אַזוי פון אונדזער קהילה איז געוואָרן אַ גרויסער מאסן-קבר. וועל איך כאָטש טרעפן אייניקע פון מיינע נאָענטע?

אָנקומענדיק אין שטעטל בין איך געבליבן ווי פאַרגליווערט אין אָנבליק פונעם מוראדיקן אויסזען פון די יידישע גאַסן.

מיר האָט זיך אויסגעוויזן, אַז די קאַלוזשעס בלוט פון די דערשאָסענע יידן זענען נאָך נישט אויסגעטרוקנט, די ווירקער-גאַס און די אַרומיקע געסלעך, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס געטאָ, איז פאַרברענט, דער בית הקברות איז צעשטערט און פאַרזייט מיט קאַרטאָפל. די גאַסן אַרום דער שיל זענען ברוקירט מיט יידישע מצבות.

גלייך ווי אין די ערשטע טעג אין וואַלד אַזוי האָט מיך איצט דאָ באַגאַסן אַ קאַלטער שווייס. מיינע פיס האָבן זיך געבראָכן אונטער מיר. וואָס ווייטער אַלץ שטילער האָבן שוין אָפּגעקלונגען איבער דער טויטער גאַס מיינע טריט, וואָס זענען ענלעך געווען צו די טריט פון אַן אבל אין די זאָקן.

דער שפּאַציר איבער די טויטע יידישע גאַסן האָט מיך אינגאַנצן צעטרייסלט, איך בין אַרומגעגאַנגען אַ דערשלאָגענע ווי אין אַ מעלאַנכאָליע. ווידער האָבן זיך גענומען וועבן אין מיין מוח געדאַנקען, כ׳האָב זיך אַליין געשטעלט פראַגן און אַליין געענטפערט. איז טאַקע געווען כדאי איבערצולעבן? פאַרוואָס-זשע האָבן מיר געקעמפט אויב קיינער איז נישט געבליבן לעבן? האָב איך טאַקע געקעמפט בלויז דערפאַר, אַז עס זאָל זיין ווייניקער מיט אַ קרבן אין דער מיליאָניקער רשימה? צי דען באַשטייט די גאַנצע נקמה אין די דייטשע בעסטיעס, אַז מען דאַרף זיי ביז איינעם הענגען? איך האָב געטאָן אַלץ וואָס איז געווען אין מיינע מעגלעכקייטן, אָבער צי איז דאָס גענוג?

פאַר מיר איז קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב נישט וואָס צו טאָן אין מיין חרובער היימשטאָט, און צוזאַמען מיט מיין מאַן שענקע, דער פאַרטיזאַן, וואָס האָט מיך אַרויסגעראַטעוועט אין וואַלד און געגעבן מיר די מעגלעכקייט צו קעמפן מיט געווער אין האַנט, האָבן מיר פאַרלאָזט וולאָדאַווע, פאַרלאָזט פוילן און דורך עסטרייך אָנגעקומען קיין איטאַליע, פון וואַנען מיר זענען עולה געווען קיין ארץ ישראל.

א. בן רייזל

# אין דראנג נאך נקמה

זומער 1942 איז אין וואָלאָדאַווע פאָרגעקומען די קינדער אַקציע. כדי די אַקציע פון פאַרניכטן די יידישע קינדער זאָל זיין אַ פולשטענדיקע, האָבן געמוזט אַלע אַרומיקע דערפער און ישובים אָפּשיקן זייערע קינדער ביז 12 יאָר און זקנים איבער די 60 יאָר און וואָלאָדאַווער געטאָ.

איך האָב געהאַט אַ טאָכטער פון צוויי יאָר און אַ זונעלע פון דריי חדשים. איך מיט מיין פרוי האָבן באַשלאָסן, אַז מיר וועלן אונדזערע קינדער נישט אָפּשיקן אין געטאָ. די נאַכט איז געווען אַ פינצטערע. האָבן מיר עס אויסגענוצט און מיר זענען אַנטלאָפן קיין קאָדעניץ, צו דער „אָכאָזשע".

עס איז אונדז אָבער נישט באַשערט־געווען צו ראַטעווען אונדזער זונעלע. ער האָט זיך זייער פאַרקילט און — — — מיר האָבן אים פאַרלוירן.

אונדזער גרופּע איז באַשטאַנען פון סקראַדניצער און האַלער יידישע משפחות. צוזאַמען מיט די פרויען און קינדער — אַרום הונדערט און פופציק נפשות. טייל פון אונדז זענען שוין געווען באַוואָפנט. אויך איך האָב פאַרמאָגט צוויי ביקסן מיט אַ פּיסטאָליעט, וואָס איך האָב באַצייטנס איינגעהאַנדלט. אונדזער ערשטער נקמה־אַקט האָט געדאַרפט זיין געווענדעט קעגן דאָרף זאַמאָלאָדיטשע, וועמענס פויערים זענען שולדיק געווען אין דעם טויט פון זייערע אייגענע און די האַלער יידן. דאָס גאַנצע דאָרף האָט געזאָלט פאַרברענט־ווערן. ליידער האָבן מיר דאַן איבערגעלעבט אַ פלוצלונגדיקן און מעכטיקן איבערפאַל פון די דייטשן. אין דער גרויזאַמער שלאַכט האָבן מיר פאַרלוירן צוואַנציק מאַן און אונדזער נקמה־פּלאַן איז צונישט־געוואָרן.

אַנטלויפנדיק פון געטאָ און לאַגער, האָבן די יידן אויך אין וואַלד קיין רו נישט געהאַט. אויך דאָ האָבן געלויערט אויף אונדז בלוטיקע שונאים. די „אַקאָווצעס" האָבן זיך דאָ פאַרנומען הויפּטזעכלעך מיט אויסראָטן יידן. אַלע טאָג זענען געפאַלן קרבנות. עס זענען געפאַלן פּאַרטיזאַנער פון „טאַבאָר" און פון כילס אָטריאַד, צווישן זיי — חיים אַבּרבנאל. כדי צו קענען זיך פאַרטיידיקן קעגן די „אַקאָווצעס", האָט אונדז כיל צעטיילט אין קלענערע גרופּעס.

אונדזערע פרויען און קינדער האָבן מיר איינגעאָרדנט אין דאָרף, צעטיילנדיק זיי צווישן די פויערים. מיר האָבן זיי געוואָרנט, אַז אויב עמעצן פון די פרויען און קינדער וועט עפּעס געשען, וועלן מיר פאַרברענען זייערע מאַיאָנטקעס.

מיין פרוי מיטן קינד האָב איך איינגעאָרדנט ביי אַ פויער אין דאָרף האַלע. ער האָט סימפּאַטיזירט מיט די פּאַרטיזאַנער און ער האָט זיי באַהאַלטן אין שטאַל, אונטערן מיסט.

איינמאָל האָבן מיר באַקומען דעם מעטאַלענעם טייל פון אַ ביקס. מיר האָבן עס אַוועקגעטראָגן צו אַ פויער ער זאָל צואַרבעטן אַ הענטל. עטלעכע מאָל זענען מיר געגאַנגען נאָכפרעגן אויף דער ביקס און זי איז נישט געווען פאַרטיק. איינמאָל זענען אַהין אַוועק לעזער מיט לייבלען. צוויי טעג האָבן מיר געוואַרט אויף זיי און דאַן, האָב איך מיט בערלען באַשלאָסן גיין און זיך דערוויסן, וואָס עס איז געשען.

אין דאָרף זענען מיר אָפּגעטראָטן ביים פויער, ווו עס זענען באַהאַלטן געווען מיין פרוי מיטן קינד און פייגע הערשל טוביה'ס.

פלוצלונג איז דאָס הויז אַרומגערינגלט־געוואָרן דורך „אַקאָווצעס". זיי האָבן געפאָדערט, אַז מיר זאָלן אַרויסקומען, אַנישט פאַרברענען זיי דאָס גאַנצע הויז. גלייכצייטיק האָבן זיי גענישטערט און געפונען מיין פרוי מיטן קינד און פייגען.



**חיים ווייסמאַן און זיין טאָכטער**

...ווי קליין און נישטיק עס זענען נישט געווען די אויסזיכטן איבערצולעבן האָט זיך דאָך אין די צעוויייטיקטע נשמות און צעבראָכענע הערצער געפונען דער גרויסער ווידערשטאַנדכוח נישט אונטערצוגעבן זיך דעם שונא, אויסהאַלטן און אויסדויערן אין קאַמף.

מיר זענען געווען געצוווּנגען אַרויסצוקומען. די פרויען מיטן קינד האָבן זיי געבונדן און אַרויפגעלייגט אויף אַ וואָגן. איך האָב זיך געראַנגלט און נישט געלאָזט זיך בינדן. אינדעם האָט מיין פרוי געקראָגן אַ קלאַפּ און דאָס קינד האָט גענומען וויינען. איך האָב אַ ווילדן שפּרונג געטאָן קעגן דעם פּאַטראָל און גענומען לויפן.

איך האָב געוווּסט, אַז אָן הילף זענען מיר פאַרלוירענע. עמעץ מוז זיך דורכרייסן. זיי האָבן מיך נאָכגעשאָסן און פאַרווּנדעט, אָבער מיר איז דאָך געלונגען צו אַנטרינען.

מיין אַנטלויפן האָט טאַקע אָפּגעראַטעוועט די גאַנצע גרופּע, וואָרעם די „אַקאָוצעס" פלעגן הרגענען יידן בשתיקה און שפּעטער מאַכן דעם אָנשטעל, אַז דייטשן האָבן עס געטאָן. אין פאַל, אָבער, ווען איך בין אַנטלאָפן, ווען עס האָט געקענט זיין אַ לעבעדיקער עדות, האָבן זיי מורא געהאַט פאַר נקמה און זיי האָבן אַלעמען אָפּגעלאָזן. שפּעטער זענען מיר געוויר געוואָרן, אַז די זעלבע באַנדע האָט טאַקע דערמאָרדעט לעזערן מיט לייבלען.

---

די פּאַרטיזאַנער־אָטראַדן האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער ניי־געשאַפענער „אַרמיאַ לודאָוואַ". כיל האָט באַקומען אַ באַפעל פון שטאַב אויסצופירן דריי אַקציעס: פאַרברענען די דובעטשנער הוטע, וווּ עס געפינען זיך דייטשן; אויפרייסן די בריק, וואָס פאַרבינדט דעם שאָסיי וולאָדאַווע־כעלם; אַראָפּלאָזן אַ צוג פון די שינעס ביי סאָביבאָר. פאַר די דריי אויפגאַבן האָט כיל איינגעטיילט דריי גרופּן. איך בין באַשטימט־געוואָרן אין דער גרופּע צו דער בריק.

עס איז געווען אַ ווינטערדיקער טאָג און מיר האָבן געבראָדזשעט אין טיפן שניי. אויפן וועג האָבן מיר אונטערגעשניטן טעלעפאָן־סלופּעס און איבערגעריסן די דראָטן. די בריק איז געווען שטאַרק באַוואַכט און עס איז אוממעגלעך געווען אויסצופירן די אויפגאַבע, וואָס מיר האָבן געמוזט אָפּלייגן אויף אַ פּאַסיקערן מאָמענט.

אויפן וועג צוריק, צווישן קאָלאַטש און ברוס, האָבן מיר דערזען אַ לאַסט־מאַשין פאַרזונקען אין שניי. מיר האָבן זי אַרומגערינגלט. אַ פּאַטראָלירנדיקער דייטש האָט אַ ווענדגעטאָן צו אונדז זיין ביקס, אָבער ער איז באַלד אומגעשלייַדערט געוואָרן דורך אונדזערן אַ חבר, וועלכער איז אים באַפאַלן פון הינטן. אין דער מאַשין איז געשלאָפן נאָך אַ דייטש. מיר האָבן צוזאַמענגענומען זייערע ביקסן און עטלעכע קאָלדרעס און געצוווּנגען די צוויי דייטשן דאָס צו טראָגן. די מאַשין האָבן מיר פאַרניכטעט.

איינער פון די צוויי דייטשן, אַ צוואַנציק־יעריקער, האָט נאָך געהאַט דעם מוט צו וואָרענען:

— פרייט זיך, אונדזער פירער וועט פאַר אַלץ באַצאָלן!

— אָבער איצט וועלן מיר אייך באַצאָלן!

זיי האָבן אַליין געגראָבן זייער קבר, ווי טויזנטער יידן האָבן עס געטאָן. זיי האָבן זיך אויסגעטאָן נאַקעט און — באַקומען זייער לוין.



מאָטל פּאַרטיזאַן

אַ קינד פון פאַרשפּאַרטן און איינגעשפּאַרטן געטאָ־פּאָלק, איז מיט זיינע העראָאישע מעשים נישט אָפּגעשטאַנען פון די גבורים אין אַלע צייטן. —אָן אַלטע ביקס, אַ גראַנאַט — דאָס איז געווען זיין געווער קעגן מאָדערנעם וואָפן פון שונא.

אין דער זעלבער נאַכט האָבן מיר זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט די צוויי אַנדערע גרופּן אונדזערע, וועלכע האָבן מער מצליח־געווען: די דובעטשנער הוטע האָבן זיי אונטערגעצונדן און דעם צוג ביי סאָביבאָר אויפגעריסן.

אינגיכן האָט אונדז באַזוכט אַ הויכגעשטעלטער גאַסט: דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמיאַ לודאָוואַ, גענ. ראָלאַ זשימערסקי.

אונדזער אָטריאַד האָט פאַרביידעפילירט פאַר אים. אויך מיין פרוי און קינד, אין הויזעלעך, האָבן מאַרשירט אין דער ריי. דאָלאַ זשימערסקי האָט זיי אַרויסגערופן און געפרעגט מיין קינד: „וואָס ביזטו, אַ ייִנגעלע, צי אַ מיידעלע?". „אַ מיידעלע" — האָט מיין טעכטערל דרייסט געענטפערט. „ווי אַלט ביסטו, פּאַרטיזאַנטשיקל?". „פינף יאָר".

גענעראַל זשימערסקי האָט זי אַ קוש געטאָן אין קעפּל און איר דערלאַנגט אַ פּופּציק זלאָטי־באַנקנאָט זאָגנדיק: „דערפאַר וואָס דו האָסט איבערגעלעבט און ביזט שיין ווי אַ בלום..." און ער האָט באַפוילן איינצואָרדענען מיין קינד ביי אַ פּויער, וועלכער זאָל זיך פאַר איר פאַראַנטוואָרטלעך.

---

די רויטע אַרמיי איז אַריבער אין אָפּענסיווע און דער פראָנט האָט זיך כסדר גערוקט צוריק, נענטער צו אונדז. עראָפּלאַנען זענען געפלויגן און באַשאָסן די אָפּטרעטנדיקע דייטשן אויף די שאָסייען און פעלדער און באָמבאַרדירט די בריקן. און דאָ האָט זיך געמאַכט עפּעס אַן אויסטערלישע סיטואַציע: די דייטשן, וואָס האָבן תמיד אויסגעמיטן די וועלדער, אויס מורא פאַר די פּאַרטיזאַנער, האָבן איצט קיין ברירה נישט געהאַט און גענומען זוכן שוץ אין די וועלדער.

ווען מיר האָבן זיי באַמערקט דאָס ערשטע מאָל, זענען מיר זיכער געווען, אַז דאָס איז אַן אַבלאַווע, אַז מיר זענען



דאָס פּרעזידיום אין פּאַקינג בעת דער אזכרה, ניסן, 16.1947

אַרומגערינגלט. אַרויסגעוויזן האָט זיך, אַז דאָס האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן פון די סאָוועטישע באָמבאַרדירונגען אויף די שאָסייען און פעלדער און זיי האָבן אויסגעקליבן דאָס קלענערע בייז... אין פיל פאַלן, ווען די פּאַרטיזאַנישע גרופּן זענען געווען גרעסער און שטאַרקער, האָט מען זיי צוריק געטריבן צו די שאָסייען און אָפענע פעלדער, ווו זיי זענען געפאַלן מאַסנהאַפט. אָבער קלענערע גרופּן האָבן אויסגעמיטן אַ נישט־גלייכן קאַמף מיט זיי און זיי האָבן אונדז שוין אויך צו־רו געלאָזן.

אין איינעם פון יענע טעג, ווען מיר זענען געקומען אין דאָרף קאַידעניץ, האָט מען אונדז אָנגעזאָגט די בשורה, אַז פּאַרצעווע איז שוין באַפרייט פון די דייטשן און אַז דאָ אין דאָרף איז שוין געווען אַ סאָוויעטישע „ראַזוויעטקע" (פּאָר־פּאָסטן).

עטלעכע טעג שפּעטער האָבן מיר אָפּגענומען אונדזער טעכטערל פון פויער און, צוזאַמען מיט דער גאַנצער גרופּע, זענען מיר אַוועק קיין לעווערטאָוו. דאָרט האָט מען אונדז צעשיקט אין די פּאַרנומענע שטעט, צו האַלטן אָרדענונג.

כילס גרופּע איז אַוועקגעשיקט געוואָרן קיין לובלין. איך מיט מיין פרוי און קינד, צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע וולאָדאַווער, האָבן זיך געלאָזן גיין קיין וולאָדאַווע...



אזכרה פון דער וולאָדאַווער שארית הפליטה אין פּאַקונג, דייטשלאַנד

י. שיענקא

# אין יידישן פּאַרטיזאַנער־אָטריאַד

## אין לאַגער

מיינע עלטערן האָבן געוווינט אין ווירעק. אין יאָר 1942 אין אָקטאָבער, ווען ס'איז אַ באַפעל, אַז אַלע ייִדן פון די דערפער, מוזן גיין אין וולאָדאַווער געטאָ, זענען זיי געקומען אין וולאָדאַווע. זיי האָבן בלויז איבערגענעכטיקט איין נאַכט ביי מיין ברודער, ווו איך האָב שטענדיק געוווינט, הערנדיק אָבער, אַז עס גרייט זיך אַן אַקציע, האָט מיין פאָטער אויסגענוצט זיין קענטשאַפט מיטן כראַביע זאַמויסקיס פאַרטרעטער, קאַסאַווסקי און אַ דאַנק זיין פּראָטעקציע איז מיין גאַנצע משפּחה, מיינע עלטערן, איך, מיין ברודער מיט זיינע צוויי קינדער (זיין פרוי האָט מען שוין געהאַט צוגענומען קיין סאָביבאָר) אַוועק קיין אַדאַמפּאָל, ווו דער פירער פון אַרבעטס־לאַגער איז געווען דער מאַיאָר זעלינגער.

איך בין שוין דאָרט פריער געווען, געאַרבעט דאָרט אַלס שטובן־מאַלער, דאָס איז מיין פאַך. מיט מיר האָט אויך געאַרבעט שמואלקע ראַניעס. אויפצומאָרגנס איז אין וולאַדאַווע פאָרגעקומען אַן אַקציע אויף עלטערע מענטשן.

מיין גאַנצע משפּחה האָט געאַרבעט אין די גערטנער אָדער געקאַרטשעוועט די פּיעניעס אין וואַלד און אַנדערע פאַרשידענע אַרבעטן. אַ געוויסן טאָג, עטלעכע חדשים נאָך מיינע עלטערנס קומען אין לאַגער, רופט אונדז זעלינגער, זאָגט, אַז איך מיט שמואלקע ראַניעס דאַרפן זיך צוגרייטן, איינס אַ זייגער דאַרפן מיר מיטפאָרן מיט אַ גרופּע עס־עס־לייט, וואָס וועלן אונדז אַוועקפירן אין וולאַדאַווע אויסקאַלכן עטלעכע צימערן.

שמואלקע ראַניעס ווי פיל אַנדערע יידן האָבן געגלויבט זעלינגערן, אים געהאַלטן פאַר אַ גוטן דייטש. זיי האָבן נישט געזען, אַז ער איז דער זעלבער באַנדיט נאָר אין ציוויל, מיט אַ גרינער שליאַפּע און אַ פעדל און גלאַנציקע שטיוועלעך. ער פלעגט אומבאַמערקט פאַר די יידן, מיטהעלפן ביי די





י. שענקאַ

צוזאַמען מיט זיין גרופּע האָט ער אויפגעריסן דייטשע עשאַלאָנען, בריקן, מינירט וועגן, צעשטערט טעלעפאָן־פאַרבינדונגען, אָנגעפאַלן אויף גאַרניזאָנען און דערמיט אַריינגעשריבן אַ רומפול קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג וואָס עס האָבן געפירט די יידישע פאַרטיזאַנער פון וולאָדאַווע

דורכגעפירטע אַקציעס. ער האָט געהאַט פאַרשידענע וועגן און טריקן, אַז די יידן זאָלן נישט באַמערקן ווי ער גרייט צו אַלץ מער נייע און פרישע קרבנות פאַר דער בלוטיקער עסדע.

פלעגט ווער זיך פאַרזינדיקן קעגן אים, האָט ער אָנגערייצט זיינע הינט, וועלכע האָבן אים צעביסן ביז בלוט. נישט איינמאָל בין איך אויך געפאַלן אַ קרבן. דאָס לעצטע מאָל האָט ער זיי אָנגערייצט אויף מיר, דערפאַר, ווייל כ'האָב געוואַגט אים צו בעטן, ער זאָל נישט אַרויסשיקן קיין וולאַדאַווע מיינע עלטערן. ער האָט געהאַלטן, אַז זיי זענען צו אַלט פאַר אים. די הינט האָבן אויף מיר צעריסן אַלע מיינע מלבושים, מיך צעביסן ביז בלוט. ער האָט קאַלטבלוטיק געשמייכלט „נאָ, וואָס מאַכסטו אַזעלכע געשרייען, די הינט זענען דאָך זייער גוטע" — האָט ער געזאָגט און זיי גערופן פון מיר.

יעדן טאָג פלעגן פאַלן שאָסן אין אַדאַמפּאָל און קיין איין טאָג איז נישט דורך אָן געהאַרגעטע ייִדן און אין אַלע איז ער, זעלינגער שולדיק געווען.

אויך שמואלקע ראַניעס האָבן די הינט נישט פאַרמיטן כמעט יעדן טאָג אַראָפּצורייסן זיין אַנטועכץ און אַלץ לויט אַ צייכן פון זעלינגער, אָבער שמואלקע האָט נישט באַמערקט.

מיר גייען צוריק צו אונדזער פריערדיקן דערציילן וועגן אונדזער פאָרן אין וולאַדאַווע בכדי אויסצומאָלן עטלעכע

צימערן. איך האָב באַשלאָסן זיך צו באַהאַלטן אונטער אַ שטאַל און פון דאָרט האָב איך געזען ווי שמואלקע קריכט אַרויף אויפן אויטאָ. ביז נאַכט האָב איך זיך אויסבאַהאַלטן, שפּעטער זיך געזעגנט מיט מיין משפּחה און אַוועק אין וואַלד.

## מיט ייִדן אין וואַלד

אין יענער צייט האָב איך שוין געהאַט באַהאַלטן אין וואַלד אַ ביקס מיט פּאַטראָנעס. אויך מיין שוואָגער און ברודער האָבן שוין געהאַט ביקסן, מיר האָבן דאָס געקויפט פאַר אַנצוגער און שטיוול, וואָס מיר האָבן נאָך באַוויזן מיט־צוכאַפּן מיט זיך. כ׳האָב גענומען מיין ביקס און אַוועק זוכן די ייִדישע פּאַרטיזאַנער, וואָס זענען שוין געווען עטלעכע גרופּעס אין די וועלדער.

אין יענער צייט האָבן איבער די וועלדער זיך שוין אַרומגעבלאָנקעט פאַרשידענע גרופּקעס, טייל אָן געווער, אַנדערע מיט אַ ביקס אָדער צוויי און אויסער די האָבן שוין קורסירט צוויי באַוואָפנטע גרופּעס, איינע אונטער דער אָנ־פירונג פון משה ליכטנבערג פון וולאַדאָווע מיט וולאַדאָווער חברה, די אַנדערע אונטער דער אָנפירונג פון יחיאלן. די ערשטע גרופּע האָט זיך געדרייט נעבן אַדאַמפּאָל, די אַנדערע — אויף דער „אכאזשע". פון מאָל צו מאָל פלעגן ייִנגלעך פון ליכטנבערגס גרופּע קומען קיין אַדאַמפּאָל מיט אָדער אָן געווער., זיך זען מיט זייערע נאָענטע און צוריק אַוועק אין וואַלד.

איצט האָב איך זיך אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע פון סקראָדניצער און מאַריאַנקער ייִדן מיט פרויען און קינדער, טיילווייז באַוואָפנט, איך בין געגאַנגען מיט זיי. מיט אַכט טעג שפּעטער בין איך צוריקגעגאַנגען אין אַדאַמפּאָל. דאָרט האָב איך געהערט, אַז שמואלקע ראַניעס האָבן די עס־עס געהאַרגעט ווי ער האָט פאַרענדיקט קאַלכן. גראַשטשינסקיס זון פון אַדאַמפּאָל האָט געפונען יענעמס דאָקומענטן נישט ווייט פון טאַרטאַק ביים צמענטאַזש... דאָס איז געווען די באַצאָלונג און דער סוף פון שמואלקעס צוטרוי צו זעליג־גערן.

צוריקגעקומען בין איך אַ סך צוליב מיינע עלטערן, איך זאָל זיי קענען אויסהאַלטן און אפשר ווי ווייט מעגלעך זיי אויסהיטן, אין לאַגער האָב איך שוין אָבער נישט גענעכטיקט, נאָר אין אַ בערעזענעם וועלדל, ווו ס׳האָבן גענעכטיקט אויך מיין ברודער און שוואָגער און טיילמאָל האָבן מיר אַהין גענומען אויך די עלטערן און די צוויי קינדער מיר האָבן מורא געהאַט, אַז סוף כל סוף וועלן די דייטשן באַפאַלן דעם לאַגער און אויסשחטן אַלע ייִדן.



## די שחיטה אין לאַגער

דאָס, פאַר וועלכן מיר האָבן זיך געשראָקן, איז זייער גיך געקומען: איינמאָל, אַ געוויסן שבת, האָט זעלינגער צו־זאַמענגערופן אַלע ייִדן, זיי געהייסן אַריינגיין אין כראַביע זאַמויסקיס פּאַלאַץ, דאָרט, האָט ער געזאָגט, וועלן זיי זיין זיכער, ווייל פאַרמיטאָג דאַרפן קומען אַהער עס־עס. איך, וואָס בין שטענדיק געווען זייער סקעפּטיש און נישט געג־לויבט אין זיינע גלאַטע ריידעלעך, בין דאָך צוגלייך מיט אַלע ייִדן אַריינגעגאַנגען אין פּאַלאַץ, געזעסן דאָרט ביז נאָכמיטאָג. די עס־עס זענען נישט געקומען, זעלינגער האָט אונדז געהייסן אַרויסגיין אויף עטלעכע שעה און שפּעטער זאָלן מיר ווידער אַריינגיין.

די ייִדן האָבן אָבער שפּעטער נישט געוואָלט צוריק־גיין אַהין, אַ טייל איז אַוועק אויף די פעלדער צו דער אַרבעט און אַן ערך פון צוויי הונדערט מענער, פרויען מיט קינדער און בתוכם איך מיט מיין משפּחה זענען מיר אַנט־לאָפן אין וואַלד אַריין. נאָכמיטאָג זענען געקומען די זשאַנ־דאַרן מיט עס־עס־לייט און האָבן די אַלע וואָס האָבן זיך געפונען אויף די פעלדער אויסגעשאָסן. די טויטע מיט די נאָך לעבעדיק־געכאַפּטע האָבן זיי אויף פורן אָפּגעפירט קיין סאָ־ביבאָר.

געווען אַזעלכע, וואָס זענען אַנטלאָפן טיף אין די קאַרנס און האָבן זידבאַנאַכט נאָך צוריקגעקערט אין אַדאַמ־פּאַל, געכאַפּט וואָס זיין האָבן געקענט פון זייער אַנטאָן און אַוועק אין וואַלד.

## מיר טרעפן זיך מיט משה ליכטנבערג

איך האָב געקענט יעדן בוים אין וואַלד, זענען אַלע גע־גאַנגען מיט מיר. אויפן וועג האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף דער גרופּע פון משה ליכטנבערג. ער האָט אונדז געגעבן פלייש מיט ברויט, איך באַצייכן פריער פלייש, ווייל אין וואַלד איז טאַקע פלייש געווען מער ווי ברויט. ער האָט אויך צוגעזאָגט צו העלפן ווי ווייט ער וועט קענען. איב־צווישנצייט האָט זעלינגער באַפוילן מיט איינצעלנע, וואָס פלעגן גיין הין און צוריק, אַז אַלע זאָלן צוריקקומען און עס וועט זיי גאָרנישט געשען.

מיט אַכט טעג שפּעטער זענען טאַקע פיל צוריקגעגאַנגען קיין אַדאַמפּאָל, אויך מיינע עלטערן האָבן געזאָגט, אַז זיי קענען דאָ אין וואַלד נישט זיין, שווער אַרומצוּוואַלגערן זיך אונטערן פרייען הימל, זיי זענען צוזאַמען מיטן שוואָגער און זיינע קינדער צוריקגעגאַנגען און האָבן זיך ביי מיר געבעטן: „קום אויך מיט. לאָמיר כאָטש זיין צוזאַמען נאָך אַ פּאָר טעג"... כ׳האָב זיך נישט געקענט קעגנשטעלן און

בין אויך מיטגעגאַנגען. דאָרט בין איך אָבער שוין לאַנג נישט געבליבן; מיין באַגראָבענע ביקס אין וואַלד האָט מיר קיין רו נישט געגעבן. בין איך טאַקע געווען מער אין וואַלד ווי אין לאַגער.

## „יודענריין" אין אַדאַמפּאָל

1943, צען טעג אין חודש תמוז בין איך צום פינפטן אָדער זעקסטן מאָל צוריקגעקומען פון וואַלד אין אַדאַמפּאָ־לער לאַגער. ביי יעדן מאָל אוועקגיין אין וואַלד אריין, בין איך דאָרט אָפּגעווען אַ חודש, זעקס וואָכן אָדער מער, זיך אַרומגעבלאָנקעט מיט פאַרשידענע גרופּעס ווילדע, נישט אָרגאַניזירטע, יידישע פון פאַרשידענע דערפער און מיט רוסישע פּלעניקעס וואָס מ'האָט גערופן די „שעסטיאַרקע".

יעדעס מאָל האָט עס פּלוצים מיך אַ ציי געטאָן צו מיינע עלטערן און נאָענטע, געווען דאָרט אַ טאָג און שוין נישט קענענדיק פאַרטראָגן די לאַגער־לופט, בין איך ווייטער אוועק אין וואַלד. מיין ביקס וואָס כ'האָב שטענדיק באַגראָבן נעבן לאַגער אין וואַלד, האָט מיר געגעבן דעם גרויסן זכות צו קענען זיך „פריי" באַוועגן אין וואַלד, אי דעם זכות צו קענען אָנקומען צו וועלכער גרופּע איך אַליין האָב נאָר געוואָלט. אָן אַ ביקס איז מען דעמלט געווען הפקר און קיינער האָט נישט געוואָלט צונעמען אַזוי גערן. איך האָב אויך געהאַט אַ רעוואָלווער, אַ זיבעטל (זיבן קוילן) און עטלעכע האַנט־גראַנאַטן, וואָס איך האָב שטענדיק מיטגענומען מיט זיך.

אין לאַגער בין איך געקומען מיט מיין ברודער יאַנקל, דער יינגערער פון מיר, יצחק, איז געבליבן מיט דער „שעסטיאַרקע". אין דער נאַכט, וואָס כ'האָב מיט מיין ברו־דער גענעכטיקט אין לאַגער, האָט אַלץ אַרום אויסגעזען שטיל און רויק, מען האָט נישט דערקענט, ס'זאָל זיין ערב אַן אַקציע.

פּלוצים, פיר אַ זייגער פאַרטאָג, האָב איך דערהערט דורכשיסונגען. דאָס איז געווען אַ סימן, אַז דער לאַגער איז אַרומגערינגלט און עפּעס שלעכטס וועט שוין פּאַרקומען. ליגנדיק אונטער אַ שטאַל, אויף גראָזן מיט הויכע קראָפּיווע באַוואַקסן אַרום, האָב איך באַמערקט ווי די דייטשן שלעפּן פון אַלע זייטן יידן מיט פרויען און קינדער. די געשרייען און יללות האָבן געלעכערט די אויערן. נאָך איצט, דערציילנדיק דאָס, בויערן יענע געשרייען מיינע אויערן און רייסן אויף מיין קאָפּ מיט שרעקלעכע שמערצן.

אַלע יידן האָבן זיי צוגעטריבן צו דער פערד־סטייניע, דאָרט זיי געשאָסן. אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך באַ־מערקט ווי זיי פירן מיינע עלטערן, דאָ בין איך אוועק געפאַלן אונטער אַ בוים אַ פאַרחלשטער. פּלוצים האָב איך דערפילט נעבן מיר אַ שמעק־הונט, ער האָט מיך אַרומגעש־



מעקט, אַנטלאָפן און באַלד צוריקגעקומען און אַט שטייט שוין נעבן מיר אַ הויכער דייטש מיט אַ ביקס אין האַנט, שטאַרקעט מיך מיט זיין פוס און שרייט: „אופשטיין!"

כ'האָב אָנגעהויבן קומען צו זיך און מיין באַוווּסטזיין האָט מיר אַ וואָרן געטאָן אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך געפון זיך.

כ'האָב זיך אויפגעשטעלט, דער זשאַנדאַרם מיטן ביקס אין האַנט האָט מיך צוגעפירט צום הויפּט־קאָמענדאַנט, שריי־ענדיק: „זעסט, וואָס פאַר אַ באַנדיט איך האָב געכאַפּט!" אויף דעם האָט אים דער קאָמענדאַנט געענטפערט, ער זאָל מיך אָפּפירן אין אַ זייט, „אַפּלייגן און אַפּנעמען"...

איך בין געגאַנגען מיט די הענט אין דער הויך. דער זשאַנדאַרם האָט מיר געזאָגט, אַז ער וועט מיך נישט שיסן, אָבער אין דעם מאָמענט האָט אַ געדאַנק מיר אַ בויער־געטון דעם מוח: „וואָס גייסטו אַזוי רואיק? גייסט דאָך שוין אויף אַ זיכערן טויט, טו עפּעס און ראַטעווע זיך, קענסט נאָר גע־ווונען". כ'האָב פּלוצים מיט מיינע צוויי אויפגעהויבענע הענט זיך אַ וואָרף־געטון אויפן שלאָס פון דער ביקס און בלויז אַ סעקונדע האָט געדויערט און די ביקס איז שוין געווען אין מיינע הענט. אויגנבליקלעך האָב איך זיך צוריקגעצויגן אויף עטלעכע מעטער און אָנגעצילט אין דער ריכטונג ווו דער דייטש האָט זיך איצט אנידערגעוואָרפן אויף דער ערד, אויסגעשאָסן און גלייך אָנגעהויבן לויפן.

די דייטשן האָבן געעפנט אַ פייער אויף מיר און איך האָב זיך געריכטעט אין דער געגנט פון פּאַפּינסקיס וואַלד. (גאַיוווּקע). צוויי דייטשן זענען מיר נאָכגעלאָפן, געוואָלט מיר כאַפּן אַ לעבעדיקן, איך האָב אַראָפּגעוואָרפן די שטיוול, אוועקגעשליידערט די ביקס און מיט אַלע כוחות געלאָפן. אַ קויל האָט מיר געטראָפן אין רעכטן פוס, אָבער כ'בין ווייטער געלאָפן.

אָפּלויפנדיק פינף קילאָמעטער בין איך אָנגעקומען אין אַ געדיכטן וועלדל, פּאַפּינסקיס וועלדער.

עלף אַ זייגער באַטאָג האָב איך איבערגעלעבט אַן אָב־לאַווע אין וואַלד. איך בין געלעגן אונטער זייער געדיכטע ביימלעך און זיי האָבן מיך נישט באַמערקט. אין אָוונט בין איך אַרויס פון דאָרט.

אָפּגייענדיק אַ שטיקל מהלך האָב איך געטראָפן דוד מיט יאַסקע, אַברהמל און יאַנקל ווירקער. אויך דוד איז געווען לייכט פאַרוווּנדעט אין פוס.

איבערגענעכטיקט אין וואַלד, זענען מיר אויף צו מאָרגנס פאַרטאָג אַוועק נאָענט צו אַדאַמפּאָל, פון דאָרט אַרויסגענומען אונדזער באַהאַלטענע צוויי באַגראָבענע ביקסן און פאַרנאַכט זענען מיר אוועק אויף די קאַפּלעניצער „אכאזשע".

איידער מיר זענען דערגאַנגען צו דער „אכאזשע" בין איך אַוועקגעפאַלן, נישט געקענט גיין, מיינעביידע פיס זענען געפערלעך געשוואָלן געוואָרן. דוד און די אַנדערע דריי, האָבן מיך אַריינגעלייגט אין אַ ליילעך און אַזוי מיך געטראָגן ביז דער „אכאזשע". דאָרט האָבן זיי מיך איבערגעגעבן צו נחמן קראַסיווקער, וואָס איז געווען דער פירער פון „טאָבאָר".

דוד איז דעם זעלבן טאָג אַוועק אויף יענער זייט בוג און אין זעלבן טאָג האָב איך געהערט, אַז אַ רוס האָט דערהרגעט משה ליכטנבערג.

## ביי כילן אין אָטריאַד אין די מאַקושקער וועלדער

נאָך אַ צוויי וואָכן זיין ביי נחמן קראַסיווקער אין „טאָבאָר", האָט זיך מיר אויסגעהיילט מיין פוס. גראָד זענען אין אַ געוויסן טאָג אָנגעקומען כיל מיט דוד זאַהייקער, זיי האָבן מיר מיטגענומען מיט זיך אין דער באַוואָפנטער גרופּע. ביי מיין אָנקומען איז שוין כילס גרופּע נישט געווען קיין ווילדע, נאָר אָנגעשלאָסן אין שטאָב פון דער „גוואַרדיע לודאָווע, וואָס האָט זיך אויך געפונען אין יענע וועלדער. כיל האָט שוין דעמאָלט גאָרנישט געטאָן אויף אײגענער האַנט, נאָר אַלץ מיט דער הסכמה און לויט די באַפעלן פונעם שטאָב.

אין יענער צייט האָט שוין אין יעדן דאָרף זיך געפונען אַ קאָמענדאַנט, וועלכער האָט סימפּאַטיזירט מיט די פּאַרטיזאַנער, לויט זיינע אָנווייזונגען פלעגן די פּאַרטיזאַנער זיך אַיינשאַפן דאָס עסן, ער פלעגט אָנווייזן ווו מ'דאַרף יאָ און ווו מ'דאַרף נישט נעמען, אַן אים האָט מען נישט געטאָרט גיין אין די דערפער. זיי האָבן אויך אָנגעוויזן ווען און ווו צו מאַכן אַן איבערפאַל אויף די דייטשע פּאָסטערונקעס און אויף די וועגענער וואָס פירן די „קאָנטיגענטן" פאַר די דייטשן. דורך אָט די קאָמענדאַנטן האָבן מיר געריכטעט אונדזערע אַלע אַקציעס קעגן די דייטשן און קעגן אַלע זייערע מיטהעלפער אין די דערפער ווי אין די שטעטלעך.

מיין ערשטע אויפגאַבע וואָס איך האָב דורכגעפירט לויט כילס באַפעל, איז געווען: איך מיט הערשל (פּאָליטרוק), דוד זאַהייקער און שמחה מאַריאַנקער האָבן מיר געדאַרפט ליקווידירן אַ שוועסטער מיט אַ ברודער — פּאָליאַקן פון מאַריאַנקע, צו וועמען אין שטוב מיר פלעגן זייער אָפט קומען און זיי האָבן אָנגעהויבן רויבן די רייכע פּויערים פון אַנדערע דערפער אין נאָמען פון די פּאַרטיזאַנער.

אין אָנהויב זענען עס געווען ידיעות, וועלכע עס איז געווען שווער צו קאָנטראָלירן. ביי דער האַנט האָט מען זיי נישט געכאַפּט. איינמאָל איז געלונגען פעסטצושטעלן, אַז



זיי האָבן געצווונגען אַ געוויסן פּויער טראָלעצקי פון דאָרף זאַהייקער, ער זאָל זיך אַוועקלייגן און זיי האָבן אים געזאָגט, אַז אין נאָמען פון די פּאַרטיזאַנער נעמען זיי ביי אים צו אַלץ וואָס זיי איז נוטיק. דער דאָזיקער פּויער איז גראָד געווען אונדזערס אַ סימפּאַטיקער און געטאָן פיל גוטס די פּאַרטיזאַנער. ווען ער האָט זיך פאַרקלאָגט אויף דעם, האָבן מיר שוין געהאַט קלאָרע באַווייזן קעגן זיי און מיר זענען טאַקע געווען די, וואָס האָבן אויסגעפירט אויף זיי זייער פאַרדינטן אורטייל.



אַ סך פאַקטן פון גרויסע גבורה איז פאַראַן צו דערציילן וועגן די דאָזיקע העלדישע יידישע מיידלעך און ייִנגלעך, וואָס האָבן געקעמפט אין די פּאַרטיזאַנער־רייען

## אַ באַן פאַר סאָביבאָר פליט אין דער לופטן

אַ געוויסע ווינטער נאַכט אין יאָר 1943. זענען מיר אַ מאַן צוואַנציק, צווישן זיי; כיל, דודקין, ליאָנקע, סעמיאָן, אַבראַשקע, „פּאַצאַן", אויך דודקינס אַ קליין ברודערל פון אַ יאָר פערצן און באַטשאַן, זיגמונד, איך און נאָך אַנדערע וואָס כ'געדענק נישט זייערע נעמען, אַוועק פון די מאַקושקער וועלדער, זיך געריכטעט צו דער באַן־סטאַציע, וואָס פירט פון כעלם קיין סאָביבאָר, אַ מהלך פון אַ 50 קילאָמעטער.

פאַרן דאָרף קאָסין האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף אַן אוקראַינישן פּאָליציאַנט, וואָס איז געשטאַנען באַהאַלטן אונטער אַ בוים. ס'איז געווען אַ לבנה־נאַכט, מיר האָבן אים באַמערקט און אַיידער ער האָט אונדז געפרעגט ווער מיר זענען, האָבן מיר זיך געוואָרפן אויף אים. ער האָט אונדז דערציילט, אַז אין דער ערשטער כאַטע זיצט זיין חבר וואָס היט אַ געכאַפּטן פּלעניק. לעבעדיק איז שוין דער אוקראַינער נישט ארויס פון אונדז. כיל מיט דודן זענען

אַריינגעשפּרונגען אין דער כאַטע, געכאַפּט דעם אַנדערן פּאַ־ליציאַנט אַ לעבעדיקן. ער האָט געהאַט אַ גרויסן מאַוזער און פולע קעשענעס מיט אַנגערויבטן גאָלד. דעם פּלעניק האָבן מיר באַפרייט.

אָפּגעפּאַרטיקט זיך, האָבן מיר פון קאָסין גענומען אַ פויער, פאַרצייכנט זיין גענויעם אַדרעס און אים געצוווּנגען, ער זאָל גיין מיט אונדז ווייזן דעם וועג צו דער באַן־ליניע סאַביבאָר.

מיט זיך האָבן מיר געטראָגן אַ גרויסע מינע, וואָס האָט געווויגן בערך אַ צוואַנציק קילאָ, מיר האָבן זיך געביטן אינעם טראָגן. ביי אַ צוויי קילאָמעטער פאַר דער סטאַציע סאַביבאָר האָבן מיר זיך דערנענטערט צו די שינעס, אויסגע־גראָבן אונטער אַ שינע אַ גריבל, אַריינגעלייגט די מינע, זי פאַרדעקט. צוויי מענטשן האָבן מיר איבערגעלאָזט ביים שטריקל וואָס איז געווען אַ פופציק מעטער לאַנג און מיר אַלע האָבן זיך צעלייגט פון ביידע זייטן אין אַ פאָרם פון צוויי פליגל, אַנצוהאַלטן די פאַרטיידיקונג אין פאַל פון אַ קאַמף.

אין יענע עטלעכע מינוט וואָס כ'בין געלעגן אין דער־וואַרטונג, זענען מיינע נערוון געווען געשפּאַנט און מיט יעדן דערנענטערן זיך פון צוג, וועלכן מיר האָבן שוין גע־הערט, איז די שפּאַנונג געוואַקסן. דאָס איז נישט געווען קיין פחד, נאָר אַ געוואַלדיקע שפּאַנונג צו זען אונדזער אויפגאַבע אָן אויסגעפירטע.

פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקער זעץ, האָט מיך אַפילו אונטערגעהויבן פון אָרט.

דער אויפרייס, באַגלייט מיט געשרייען און יאָמערן פון די „העלדן" פונעם הערנפאַלק, האָט מיך אַרויסגעריסן פון מיין ביז איצטיקן נעפּל. איך האָב זיך געזען ליגן נאָענט פון מיינע חברים.

די אַנדערע צוויי, די היטער פונעם שטריקל, האָבן שפּעטער דערציילט, אַז אויך זיי האָבן איבערגעלעבט די זעלבע געשפּאַנטקייט, האָבן זיך אָבער אין דער לעצטער מינוט געפּאַסט און קאַלטבלוטיק אָפּגעוואָרט דעם זיך דער־נענטערדיקן צוג.

מיר זענען נאָך געלעגן אַ פינף מינוט, שפּעטער האָבן מיר, קריכנדיק זיך אַנגעהויבן דערווייטערן פון דער באַן־ליניע און אַריין צווישן די ביימער. דער פויער, האָט אונדז איצט געוויזן אַ צווייטן וועג מיר זאָלן גיין דורכן דאָרף זשאַרקע, אים האָבן מיר אָנגעזאָגט, ער זאָל שווייגן און ווען נישט, ווייסן מיר זיין אַדרעס.

אויפצומאָרגנס האָבן מיר געלייענט אין די צייטונגען, אַז באַנדיטן זענען באַפאַלן די באַן, וואָס איז געגאַנגען פון כעלם. אונדזערע צוריק־וועג צו דער באַזע האָט געמלט גע־



דויערט גאַנצע אַכט טעג. אין די דאָזיקע טעג האָבן מיר נאָך דורכגעפירט פאַרשידענע אַקציעס.

## מיר פאַרברענען די קאָנטיגענטן

סוף זומער 1943. פון די מאַקושקער וועלדער זענען מיר שוין געווען אַוועק און אַריבערגעגאַנגען אין „באָר". דאָס איז געווען אַ גרויסער סאָסנאָווער וואַלד, וואָס האָט זיך געצויגן און פאַרבונדן מיט דער קאַליניצער „אַכאַזשע" און מיט די ווירקער וועלדער.

דאָרט האָבן מיר באַשלאָסן צו צעקלאַפּן דעם קאַפּלעני־צער הויף, וואָס דאָס איז געווען אַן אַפּטיילונג פון אַדאַמ־פאָל. דאָרט זענען געשטאַנען דייטשע עס־עס, וועלכע האָבן געהיטן די דאָרטיקע צונויפגעפירטע און געמאַכטע גרויסע סקלאַדעס תבואה וואָס איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון כראַ־ביעס פעלדער אין לעצטן שניט.

אונדזער אויפגאַבע איז געווען צו צעקלאַפּן דעם הויף, די באַזע פון די דייטשן און גלייכצייטיק אונטערצונדן אַלע סקירדעס פון קאָרן און ווייצן. אויף דער אַקציע זענען מיר אַוועק אַ מאַן דרייסיק מיט כילן בראש. אַ צענדליק פון אונדזערע מענטשן האָבן זיך פאַרזעצט גאַנץ נאָענט פון די סקירדעס; קודם האָבן מיר געוואָלט, אַז מיט אונדזער אונ־טערצונדן די תבואות זאָלן מיר אָפּציען די דייטשישע אויפ־מערקזאַמקייט פונעם הויף, כדי די אַנדערע צוואַנציק מאַן זאָלן דאָרט קענען אָנהויבן זייער אַקציע.

ווען אונדזערע ביקסן מיט די צינד־קוילן האָבן אַריינ־געטראָפן אין די סקירדעס, האָט די טרוקענע תבואה באַלד אויפגעפלאַקערט מיט רויטע ריזנצונגען און בליצשנעל האָבן פלאַמען פאַרנומען די הימלען. פון הויף זענען אַנגעלאָפן די דייטשן און מיר האָבן אין אַ קריכנדיקער פאָזע זיך צוריק־געצויגן, ווייל דער אַרום איז געוואָרן שטאַרק באַלויכטן.

אין דעם מאָמענט האָבן מיר געהערט שטאַרקע אויפ־רייסן פון יענער זייט, ווו עס האָט זיך געפונען דער דייט־שער פאַסטערונעק. דאָס האָבן אונדזערע צוואַנציק דאָרט אונטערגעלייגט מינעס און זיי אויפגעריסן. אויך יענע זענען אַוועק אין פולער אָרדנונג, אַפילו זיך נישט געדאַרפן אָפּ־שיסן.

אויפצומאָרגנס זענען אין יענעם אָרט פאָרגעקומען אַב־לאַוועס, מיר אָבער זענען שוין געווען אויף אַ מהלך פון אַ פופצן קילאָמעטער ווייטער און דאָרט אַדורכגעפירט אַן איבערפאַל אויף אַ גאַנצן טראַנספּאָרט פון „קאָנטיגענט" וואָס די פויערים האָבן געפירט פאַר די דייטשן. מיר האָבן די זעק תבואה אַרויסגעשיט אויף דער ערד, זיי פאַרוואָרפן מיט מיסט און ערד און זיי פולשטענדיק פאַרניכטעט.

אגב זענען אַזעלכע אַקציעס ביי אונדזער גרופּע געווען א טאָג טעגלעכע דערשיינונג. מיר פּלעגן קיין צוויי טעג און אַמאָל אויך איין טאָג נישט איינזיצן אויף אַן אָרט, אי צוליב זייערע אַבלאָוועס, אי צוליב די אַקציעס אַליין און אַזוי גייענדיק פון אָרט צו אָרט, האָבן מיר אונדזער צייט נישט פאַרבראַכט אומזיסט, מיר פלעגן די דייטשן איבער־ראַשן אין פאַרשידענע ערטער, ווו זיי האָבן נישט געריכט זיך אויף אונדז.

אין יענער צייט האָבן מיר זיך גענומען אויך צו אַן אַנדערער און זייער וויכטיקער אַרבעט. א גרופּע פון א מאַן הונדערט זענען מיר אַוועק צו די ערטער, ווו עס ציען זיך טעלעפאָן־סלופּעס. מיר האָבן זיך צעוואָרפן צו דריי אונטער א סלופּ און מיט לאַנגע זעגן אונטערגעזעגט די סלופּעס. אין יענער נאַכט זענען געפאַלן א דרייסיק סלופּעס. מיט העק און שערן האָבן מיר איבערגעהאַקט די דראָטן און די איזאָלי־ראַטאָרן צעקלאַפּט. אָפּגעטאָן דאָס שטיקל אַרבעט זענען מיר שוין ווידער געווען אויף די פיס און מיט א פּאָר שעה שפּעטער אויף אַן אַנדער ריכטונג, זענען ווידער סלופּעס געפאַלן און מיר זענען שוין ווידער אין גאַנג...

עס דאַרף געזאָגט ווערן, אַז אין אַזעלכע אַקציעס האָבן אונדז זייער פיל צוגעהאָלפן די קאָמענדאַנטן פון די דער־פער און שפּעטער אויך אַנדערע פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, מיט וועלכע מיר זענען געשטאַנען אין קאָנטאַקט.

כילס גרופּע איז געווען שטאַרק באַוועגלעך, דאקעגן איז דער „טאַבאָר" אונטער נחמנס אָנפירונג געזעסן אויף אַן אָרט, הגם אויך מיר האָבן אים באַשיצט, ווען מיר זענען גע־שטאַנען נאָענט צו אים, אָבער ווען מיר זענען געווען ווייט, זענען זיי נישט איינמאָל געפאַלן קרבנות דורך די „אַקאָווו־צעס", וואָס זענען זיי באַפאַלן.

## קאַמף קעגן שפּיאָנאַזש און קעגן דייטשישע אַגענטן אין די דערפער און שטעטלעך

אין אונדזער טאָג־טעגלעכער פּאַרטיזאַנען־אַרבעט, האָ־בן מיר אָנגעהויבן א שטאַרקן קאַמף קעגן די אייגענע, די אוקראַינישע און פּוילישע קוויסלינגס, דייטשע מיטאַרבע־טער. אַזוי האָבן מיר אין דאָרף קריוויבאָר און כמיעליוואַ געשאָסן די דאָרטיקע סאָלטיסעס פאַר זייער מיטאַרבעט מיט די דייטשן. אויך אין קודעניץ, זינקי און אַנדערע דערפער, האָבן מיר נאַכט־איין נאַכט־אויס זיך צערעכנט מיט די דאָרטיקע דייטשע אַגענטן. אין קראַסיוויקע האָבן מיר ליק־ווידירט א שיינע צאָל פון אַזעלכע פּויערים־אַגענטן, וואָס זענען אונדז געשטאַנען אין וועג און אַקטיוו מיטגעאַרבעט פאַר די דייטשן.



א געוויס מאָל איז געוואָרן באַשלאָסן זיך אָפּצורעכענען מיט די פּויערים פון דאָרף זאַמאַלאַדיטשע, וועלכע האָבן מיט א יאָר צוריק זיך אַריינגעריסן אין א נאָענטן וועלדל, ווו ס'איז געווען א באַהעלטעניש מיט ייִדן פון טעלעכע דער־פער, זאַמאַלאַדיטשער, האָלער און מאַריאַנקער יידן, מיט העק און מעסערס האָבן זיי אַרויסגעטריבן די אַלע ייִדן און זיי איבערגעגעבן צו די דייטשן.

א גאַנץ יאָר האָבן מיר דאָרט נישט געקענט צוקומען, ווייל אין דאָרף ליובען און אַנדערע ערטער זענען געווען פיל דייטשן און אונדזער כח איז געווען א צו קליינער. איצט, מיט א יאָר שפּעטער, האָט זיך אונדזער אָטריאַד געשטאַרקט און דער רינג אַרום אונדז איז געווען שוואַכער. מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן זיך צוצורעכענען מיט די פּויערים־באַנדיטן פאַרן בלוט פון יענע ייִדן.

כיל איז שטענדיק בדרך כלל געווען ביי דער מיינונג, אַז מ'טאָר נישט אָנפאַלן אויף אַזעלכע ערטער ווו ס'קען פאַלן פון אונדזערע אפילו איין ייִד.

בערך א הונדערט און אַכציק מאַן באַוואָפנט, זענען מיר פאַרנאַכט אַוועק אין דער ריכטונג פון דאָרף זאַמאַלאַדיטשע. אַרום האַלבער נאַכט האָבן מיר אַרומגערינגלט דאָס דאָרף. ביי יעדן דריטן פּאַרטיזאַן איז געווען דער נאָמען און פאַמי־ליע, וועמען מדאַרף אַרויסנעמען פון דער אָדער יענער הייזקע.

אין יענער נאַכט האָבן מיר ליקווידירט טעלעכע צוואַנ־ציק פון די אָנפאַלער אויף די ייִדן אין וואַלד. צווישן זיי זענען געווען פיל, וואָס האָבן שפּיאָנירט פאַר די דייטשן און אויסגעגעבן פאַר זיי די ערטער ווו די פּאַרטיזאַנער גע־פונען זיך.

די דאָזיקע שפּיאָנען, וועלכע זענען ממש געווען צווישן אונדז, געוווּסט יעדער שטעגעלע און יעדן בוים אין וואַלד, האָבן אונדז פּאַרטיזאַנער און איבערהויפּט ייִדישע, אָנגעטאָן זייער גרויסע צרות.

צוריקוועגס זענען מיר געגאַנגען אויף מאַריאַנקע. אין יענעם דאָרף האָבן מיר דערשאָסן צוויי ענדעקישע פּירער און פאַרברענט זייער פאַרמעגן, אַלס נקמה־אַקט, פאַר דעם, וואָס זייערע מענטשן, האָבן מיט א טאָג פריער דערשאָסן אונדזערע צוויי מענטשן פון „טאַבאָר".

מיט טעלעכע וואָכן פריער האָבן מיר צוליב זיכערהייטס טעמים אַריינגעגעבן אין דאָרף מאַריאַנקע דריי פון אונדזערע פרויען, פייגע הערשל טוביהס, און צוויי מיידלעך, מאַטל טוכשניידער און נאָך איינע. יעדע פון זיי איז געווען ביי אַן אַנדערן פּויער. מיר האָבן די פּויערים פון דאָרף געוואָרנט, אויב ס'וועט וועמען פון די דאָזיקע מיידלעך געשען שלעכטס, וועלן מיר זיי פאַרברענען צוזאַמען מיט די הייזער.

אַכט טעג נאָך אונדזער אַקציע אין דאָרף מאַריאַנקע, איז מען אונדז געקומען זאָגן, אַז די דאָרטיקע ענדעקעס האָבן דערהאַרגעט איינע פון די מיידלעך. ווען מיר זענען אין אַן אָוונט אַהין אַוועק, האָבן מיר געטראָפן פיגע הערשל טוביהס אַ צעשטאָכענע מיט מעסערס ליגן באַגראָבן אונטערן שניי, ווו ס׳ זענען נאָך געווען פרישע בלוטפלעקן. דאָס מאָל האָבן מיר דערשאָסן נאָך זיבן באַנדיטן.

## אונדזער קאַמף קעגן די „אַקאָווצעס" און נ. ס. ז.

סוף יאַר 1943 האָבן זיך אין די פוילישע וועלדער בכלל און אין די וואָלאָדאַווער און אַרומיקע וועלדער פון כראַביע זאַמויסקין און אַנדערע, פאַרשטאַרקט די גרופּן פון דער „אַקאַ — אַרמיאַ קראַיאָוואַ" און „נ.ס.ז. — נאַראָדאָווי זוויאָנזעק שיל זבראָיניך".

די אַזויגערופענע נ.ס.ז. זענען געווען די זעלבע מעסער־העלדן, וואָס פלעגן צעשלאָגן און אַרויסוואַרפן די ייִדישע סטודענטן פון די פוילישע אוניווערזיטעטן, קומען אין די ייִדישע קוואַרטאַלן שלאָגן ייִדן, אויסהאַקן די „וויסטאַוועס" אין די ייִדישע געשעפטן, פּיקעטירן די ייִדישע געוועלבער מיטן „סוואַי דאָ סוועגאָ", איבערקערן ייִדישע קינדערוועג־לעך, צעשלאָגנדיק די קינדער מיט זייערע מוטערס.

די דאָזיקע גרופּן האָבן אויך איצט, אייפעריק געוואָרפן זיך אויף די ייִדישע פּאַרטיזאַנער און אַנדערע יידיש וואַנ־דערנדיקע גרופּעס, וואָס האָבן געזוכט איבערצולעבן די בלוטיקע צייט אין וואַלד.

ס׳איז שוין געווען נאָך די דייטשער מפּלה ביי סטאַלינ־גראַד און זיי האָבן אָנגעהויבן זייער צוריקלויף, זענען פון יענער זייט בוג אָנגעקומען פאַרשידענע פּאַרטיזאַנער גרופּן. מיט אַ צייט שפּעטער האָט אונדזער גרופּע זיך פאַרבונדן מיטן גענעראַל באַראַנאָווסקי, וועלכער האָט אָרגאַניזירט די דאָרפישע יוגנט, זיי זאָלן גיין אין די וועלדער צו די פּאַר־טיזאַנער און שפּעטער האָבן מיר טאַקע, דורכגעפירט אַ נצחונדיקע אַקציע קעגן אַ גרעסערער דייטשישער אָפּטיילונג. אין יענע טעג האָבן די „אַקאָווצעס" און די „נ.ס.ז." זיך פאַרהאַלטן רואיק, נישט אָנגערירט אונדזערס אַ מענטש, ווייל אונדזער כוח האָט אָנגעוואָרפן אויף זיי אַ פּחד.

## אונטער דער אָנפירונג פון יידישן קאַפּיטאַן זעמסטאַ

נאָך דער גרויסער שלאַכט, וואָס מיר האָבן געהאַט צו־זאַמען מיטן גענעראַל באַראַנאָווסקי קעגן די דייטשן ביים דאָרף וואָליע ווירשטשינסקי, מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ ריזיקן נצחון איבער זיי, איז געקומען אַ באַפעל פון שטאַב



פון דער „אַרמיאַ לודאָוואַ" מיר זאָלן אַוועק אין די ריכאָ־ווער וועלדער. אין וואַלד לעבן דאָרף זינקי, האָט אונדזער גרופּע זיך באַגעגנט מיטן קאַפּיטאַן זעמסטאַ, וועלכער האָט, לויט אַ שטאַב־באַפעל, איבערגענומען די קאָמענדע און כיל איז איצט געוואָרן זיין צווייטע האַנט.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָבן מיר זיך געטראָפן אין דאָרף זינקי וואָס איז גענצלעך געווען אונדזערס, מיטן גע־נעראַל ראַליאַ זשימיערסקי. יעדן פון אונדז האָט ער געד־ריקט די האַנט, אויסגעפרעגט ווי לאַנג יעדער איז אין די פּאַרטיזאַנער. עטלעכע נעכט איז ער געשלאָפן אין אונדזער לאַגער. שפּעטער איז ער פאַרשוווּנדן אַזוי געהיים ווי ער איז געקומען.

אונדזער איצטיקע גרופּע צוזאַמען מיטן קאַפּיטאַן זעמ־סטאַס מענטשן האָט געציילט אַן ערך 600 מאַן, גוט באַ־וואָפנט. מיטן קאַפּיטאַן זעמסטאַ זענען מיר אַרומגעגאַנגען אין די וועלדער בערך אַ דריי חדשים. דורכגעפירט אונדזערע אַקציעס קעגן די דייטשן און קעגן די „נ.ס.ז."-לייט. אין יע־נער צייט, איז שוין כמעט דער גאַנצער וואַלד געווען אין אונדזערע הענט און דאָס האָט געהייסן, אַז אויך די דערפער זענען געווען אונדזערע. מיר פלעגן שוין נישט נעכטיקן אין וואַלד, נאָר אין די סטאָדאָלעס פון די פויערים.

גראַד האָבן אונדז די קאָמאַנדירן פון די דערפער, וועל־כע זענען געשטאַנען אין שטענדיקער פאַרבינדונג מיט אונדז, געמאָלדן וועגן דעם, אַז די דייטשן האָבן אַראָפּגעוואָרפן שפּיאָנען אין וואַלד אַריין און איינער אַזאַ שפּיאָן דרייט זיך אַרום אין ריכעווע. מיר זענען גלייך אַוועק אַהין, אים אָפּגעפונען און ער האָט אונדז אויסגעגעבן נאָך אַנדערע פינף און די ערטער ווו זיי געפונען זיך. מיר האָבן זיי טאַקע אויפ־געזוכט. זיי זענען געווען איבערגעטאָן ווי בעטלערס מיט גרויסע טאָרבעס און פּאָר פּאַסטעכער. כדאי צוצוגעבן, אַז אין די אַלע אַקציעס, האָבן אונדז צוגעהאָלפן די קאָמענ־דאַנטן פון די דערפער. און אויך אַנדערע פויערים.

מיט בערך אַ דריי חדשים שפּעטער האָבן מיר, כילס גרופּע, זיך אָפּגעטיילט פון קאַפּיטאַן זעמסטאַ, וועלכער איז מיט דער גרעסטער מערהייט פון דער גרופּע אַוועק אין דער ריכטונג פון די וראַמבליאַווער וועלדער, וואָס גרעניצן זיך מיט די יאַנאָווער וועלדער און ציען זיך ביז צו די קאַר־פּאַטן.

אין אונדזער גרופּע איז געבליבן אַ זעכציק מאַן און מיר האָבן ווייטער אָנגעהאַלטן אונדזערע אַקציעס, ווי אונ־טערשניידן טעלעפאָן־סלופּעס, ליקווידירן „קאָנטיגענטן" און אונדזערע שטענדיקע קאַמפן און אַקציעס קעגן די דייטשן און זייערע מיטהעלפער.

שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז דער קאַפּיטאַן זעמסטאַ,

האָט נאָענט צו די קאַרפּאַטן זיך אָנגעטראָפן מיט אַ זייער שטאַרקן דייטשן כח, זיך געשלאָגן אַ טאָג מיט אַ נאַכט. אין אַ מאָמענט ווען ער מיט זיין גרופּע האָבן זיך צוריקגעצויגן, זענען זיי באַשאָסן געוואָרן פון די פאַרעטערישע קוילן פון דער „אַקאַ", זייער פיל זענען געפאַלן פון יענע קוילן און פאַרוווּנדעט געוואָרן. אויך ער קאַפּיטאַן זעמסטאַ מיט וואַנקאַ קראַפּיטשניק (דער ערשטער אָרגאַניזאַטאָר פון די פּאַרטיזאַנער אין די וואָלאַדאַווער און פּאַרצעווער וועלדער) זענען געפאַלן פון פאַרעטערישע קוילן. צו אונדז זענען דערנאָך צוריקגעקומען עטלעכע געזונטע און פאַרוווּנדעטע חברים, צווישן זיי, בערל מיקאַלאַי, דורכגעשאָסן אין האַלדז און די קויל איז אים אַדורך דורכן מויל. איין פּאַרצעווער שטאַרק פאַרוווּנדעט און נאָך אַנדערע וואָס כ׳געדענק נישט זייערע נעמען.

## מיר דערנענטערן זיך צו דער באַפרייאונג

ס׳איז געבראַכן געוואָרן דער פראָנט ביי קאָוולע. איצט האָבן די דייטשן שוין געיאָגט אין אַ ווילדן צוריקלויף פון יענער זייט בוג. מיר, די פאַרשידענע פּאַרטיזאַנער גרופּן, האָבן זיך איצט גענומען נאָך ענערגישער צום קאַמף קעגן די אָפּטרעטנדיקע דייטשן. אין אונדזער געגנט האָט גענעראַל קאָלפּאַק שוין געהאַט אָפּגערייניקט כמעט אַלע דייטשע פּאָס־טערונקעס און אומעטום האָבן געהערשט די פּאַרטיזאַנער.

## די באַפרייאונג פון וולאָדאַווע

די קאַרנס זענען שוין געשטאַנען גרייט צום שניט און די דייטשן זענען געלאָפן אויף צוריק אין ווילדן אימפּעט. אין איינעם אַזאַ טאָג האָבן מיר דערהערט אַז די סאָוועטישע אַרמיי האָט שוין פאַרנומען וולאָדאַווע. אונדזער אַלעמענס פרייד איז זיך גרינג משער צו זיין, מיר האָבן זיך אַלע געקושט און געטאַנצט פאַר פרייד. וולאָדאַווע אין פאַרנומען געוואָרן אָן איין שאָס, די סאָוועטישע אַרמיי איז אָנגעקומען נישט דורכן בוג, נאָר דורך כעלם און די אַלע פאַרפעסטיקטע דייטשע פּאָזיציעס ביים בוג זענען געבליבן אומבאַנוצט...



אַ געוויסן מיטן העלן טאָג ווען מיר זענען געווען אין קוידעניצער וואַלד, האָבן מיר זיך דערזען שטיין **פּנים אל פּנים** מיט אַ גרעסערע גרופּע דייטשן, מיר האָבן געמיינט אַז מיר זענען אַרומגערינגלט, אָבער שוין אויסשטרעקנדיק די ביקסן קעגן זיי, גרייט צו עפענען אַ פייער, האָבן יענע אויפ־געהויבן די הענט און געשריגן: „קאַמעראַדען קאָמוניסטען, דאָס געווער וועקגעשמיסען!"...

די דייטשן, וועלכע האָבן געיאָגט פון די פראָנטן, האָבן זיך באַמיט אַריינצובאַקומען אין וואַלד אַריין און דאָרט זיך אויסצובאַהאַלטן פון די באָמבעס פון די סאָוועטישע עראָפּלאַנען, וואָס האָבן געקרייזט אַרום די וועלדער. מיר אָבער האָבן זיי כסדר געשטויסן אויף צוריק אויף די אָפענע פעלדער.

באַנאַכט האָבן מיר זיך שוין געטראָפן מיט דער סאָוועטישער אַרמיי אין כראַסטיטער וואַלד. זיי האָבן אונדז געזאָגט, אַז מיר זענען שוין באַפרייט פון די דייטשן און אַוועק ווייטער.

אין זעלבן טאָג האָבן מיר מיטן „טאַבאָר" צוזאַמען און אין אונדזער פולער באַוואָפענונג זיך געצויגן דורכן אָפענעם שאָסיי קיין לובלין. דאָרט זענען נאָך פאַרגעקומען גאַסן־קאַמפן. אַריינקומענדיק אין דער ערשטער גאַס, זענען מיר פון די באַלקאַנען באַוואָרפן געוואָרן מיט בלומען, אָבער אין אַן אַנדער גאַס, האָט מען אונדז פון די באַלקאַנען באַשאָסן. דאָס זענען געווען פון דער „נ.ס.ז.".

מיט עטלעכע טעג שפּעטער, איז כיל באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט פון אַן אָפּעראַציע־קאָמאַנדע אין לובלין און מיר, די פּאַרטיזאַנער זענען אַוועק אין דער מיליץ און אין די זיכערהייטס אָרגאַנען.

שפּעטער בין איך באַשטימט געוואָרן אַלס קאָמענדאַנט פון אַ תפיסה, אויף דעם פּאָסטן בין איך געווען אַנדערהאַלבן יאָר.

סוף 46, בין איך אומלעגאַל געפאָרן קיין ארץ ישראל, וואָס איז נאָך געווען אונטערן ענגלישן מאַנדאַט. אין יאָר 48 בעת דער באַפרייאונגס מלחמה פאַר אונדזער יידישן לאַנד, בין איך אין דער הגנה, שפּעטער אין צה"ל ביזן יאָר 1949.

ו. פּאַצאַן

# דורך בלוטיקע שלאַכטן

## מיינע איבערלעבענישן אין וולאָדאַווער געטאָ אונטער דער נאַצישער אָקופּאַציע

1939.

עס איז שוין נאָכן איבערפאַל פון די דייטשן אויף פּוילן, וואָס ווערט צעטיילט אויף צוויין. די אַנדערע זייט בוג פאַלט אַריין צו די סאָוויעטן און מיר, אויף דער זייט בוג צוזאַמען מיט אונדזער פּאָוויאַט וולאָדאַווע ווערט אָקופּירט דורך די דייטשן. עס הייבן זיך אָן שיטן ביטערע גזירות אויף ייִדן אין די אַרומיקע שטעטלעך און דערפער אין וולאָדאַווער פּאָוויאַט. אונדזער קליין אָרעם שטעטעלע סאָסנאָוויץ מאַכט דורך די אַלע רדיפות, פּיין און יסורים. דאָך זעט דער אַנהויב אויס צו זיין „דערטרעגלעך". אין יאָר 1940 ווערן די צרות און פּיין מיט יעדן טאָג אַלץ שווערער, מען כאַפּט אויף אַרבעט, מען שיקט קיין סאָביבאָר. ווי אַ סך אַנדערע האָב איך אויך מורא צו שלאָפן אין דער היים און גיי אַוועק אין די נעכט אויף די פעלדער, אין די קאַרנס.

דעם 10־טן אָקטאָבער 1942 איז געקומען דער באַפעל פון דער וולאָדאַווער געסטאַפּאָ, וואָס האָט געפאָדערט פון אונדזער יודענראַט אין סאָסנאָוויץ, אַז אַלע ייִדן פון שטעטל דאַרפן אין משך פון 36 שעה זיך צונויפצוזאַמלען אויפן רינעק־פּלאַץ אין וולאָדאַווע.

אויפצומאָרגנס, עלף אַזייגער אינדערפרי, האָבן אַלע ייִדן געמוזט זיין אויפן דערמאָנטן פּלאַץ. אונטער דער דראָונג, אַז אויב מען וועט עמיצן טרעפן נאָך דער אָנגעוויזענער צייט אין שטעטל, וועט ער ווערן דערשאָסן.

עס איז אויסגעבראָכן אַן אומבאַשרייבלעכע מהומה. יע־דער האָט זיך אָפּגעגעבן אַ חשבון אַז די איצטיקע אַקציע דראָט מיט גאַז־אויוונס.

אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט און געראָפן די ייִדישע יוגנט פון אונדזער שטעטל אַרויס־צוגיין אין וואַלד און דאָרט אַנשליסן זיך אין די פּאַרטיזאַנער, וואָס קעמפן קעגן די היטלעריסטן.





דער פּאַרטיזאַן פּאַצאַן האָט פאַרשריבן אַ העלדיש קאַפּיטל אינעם מעכטיקן פאַרנעם פון די שלאַכטן, וואָס עס איז אויסגעקומען צו פירן די וולאָדאַווער ייִדישע פּאַרטיזאַנער. עס איז אוממעגלעך צו באַשרייבן דעם גאַנצן יסורים־וועג, אָנגעלאָדן מיט שטורמישע געשעענישן, באַגלייט מיט סכנותפולע סיטואַציעס און אומ־באַשרייבלעכער גבורה.

מיין פאָטער האָט גלייך געגעבן די הסכמה דערויף, האָט געזאָגט צו מיר:

„גיי מיין קינד, אין וואַלד און נעם נקמה פאַרן אומזיסט פאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט".

אין יענעם מיטוואָך איז מיר געלונגען צו באַקומען די ערשטע צוויי ביקסן, וועלכע עס האָבן מיר איבערגעגעבן אַ פּוילישער בחור, מיט וועלכן כ'בין געגאַנגען צוזאַמען אין איין קלאַס. עס האָבן זיך דאַן אָנגעשלאָסן צו מיר נאָך זיבן יינגלעך. דאָס אָרגאַניזירן האָט געמוזט צוגיין בסוד סודות כדי עס זאָל נישט דערגיין צום יודענראַט, צו דער ייִדישער פּאָליציי.

אין דער נאַכט אויף דאָנערשטיק, איינס אַזייגער, האָב איך זיך געזעגנט מיט מיינע טאַטע־מאַמע, שוועסטער און 6־יאָריקן ברודערל. אין שטוב איז געווען אַ יאָמער און אַ געקלאָג. אין האַלדז האָבן מיר געשטיקט גאַנצע קנוילן, אָבער איך האָב זיך איינגעהאַלטן מיט אַלע כוחות נישט אַרויס־צוברעכן אין אַ געיאָמער און בין פּשוט אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

אינדרויסן האָבן מיך נאָכגעיאָגט די געוויינען פון מיינע נאָענטסטע, וואָס רייסן נאָך מיין האַרץ ביזן היינטיקן טאָג.

נאָך אַזויפיל יאָרן פיל איך נאָך די קראַמפּן אין מיין האַרץ און מיין האַנט ציטערט ביים שרייבן. אַ ציטערניש, וואָס איז פאַרבליבן, פון יענע פאַרשטיקטע ספּאַזמעס און וועט דויערן ביזן לעצטן טאָג פון מיין לעבן.

אין יענער נאַכט האָבן מיר זיך צונויפגעטראָפן אין דער ייִדישער ציגיעלניע, וואָס האָט זיך געפונען אין אַ וועלדל. פון דאָרט זענען מיר געגאַנגען דורך פעלדער און וועלדער, ביז מיר זענען אָנגעקומען אין דעם גרויסן פאַרצעווער וואַלד.

מיט מיר זענען געווען:

יחיאל גרינשפּאַן, אברהם ג., ניסן צין (געפאַלן אין קאַמף), שמחה לעווינסאָן (געפאַלן אין קאַמף), דוד פּ., חיים לייזער בלומענקראַנץ (געפאַלן אין קאַמף).

דאָנערשטיק אויף דער נאַכט זענען מיר אָנגעקומען אין פאַרצעווער וואַלד. מיר האָבן געוווּסט, אַז אין וואַלד דאַרפן זיך שוין געפונען רוסישע זעלנער, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון דייטשער געפאַנגענשאַפט, אָבער וואָס טיפער מיר זענען אַריין אין וואַלד האָבן מיר אָנגעהויבן בלאָנדזשען און מיט־אַמאָל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ רעגן, וואָס האָט אונדז דורכ־גענעצט ביז צו די לייבער.

קיין עסן האָבן מיר שוין נישט געהאַט, נאָר טרינקען האָבן מיר געקענט פון די קאַלוזשעס וואַסער, וואָס האָבן זיך געשאַפן פונעם רעגן. אין גרויס פאַרצווייפלונג האָבן מיר געקוקט איינער אויפן אַנדערן, געוואָלט אַרויסלייענען פון די אויגן דעם צושטאַנד, דאָס געמיט. דער ערשטער איז געווען יחיאל גרינשפּאַן, וואָס האָט מיר צוגעגעבן מוט און האָט געזאָגט:

„נישט געזאָרגט, ייִנגלעך. מיר האָבן נישט וואָס צו פאַרלירן. צווייִמאָל שטאַרבט מען נישט... איינמאָל ווערט מען געבוירן און איינמאָל פאַרלירן, דער עיקר נישט צו פאַרלירן דעם מוט און די האָפנונג".

מיטאַמאָל האָבן מיר דערהערט אַ שאָס פון אַ ביקס, וואָס איז געקומען ערגעץ פון דער נאָענט. מיר האָבן אָנגע־הויבן לויפן אין יענער ריכטונג און פון דער ווייטנס באַ־מערקט ווי צוויי מענער מיט ביקסן אין די הענט לויפן גיך אַריבער דעם וועג און באַהאַלטן זיך אין די געדיכטע קוס־טעס.

זיי האָבן געוואָרט, אַז מיר זאָלן זיך צו זיי דערנע־טערן און ווען מיר זענען געווען שוין אַ דרייסיק מעטער פון זיי האָט זיך דערהערט זייער געשריי:

„סטאָי! ווער זייט איר?"

מיר האָבן זיי געזאָגט, אַז מיר זענען ייִדן און זיי האָבן אונדז צוגעלאָזט נאָענטער, געזאָגט:

„כאַראַשאָ, טאָוואַרישטשי..."

זיי האָבן אונדז אַריינגעפירט אין זאַגייניק, געהייסן אונדז מאַכן אַ פייער, אויסצוטרוקענען די נאַסע מלבושים און צוגעזאָגט, אַז באַלד וועט קומען זייער קאָמאַנדיר און וועט אונדז מיטנעמען מיט זיך.



זיי זענען אַוועק און מיר זענען געבליבן ביים פייער שיינע עטלעכע שעה ביז זיי זענען צוריקגעקומען מיט זייער קאָמאַנדיר, וועלכער האָט געהייסן פיאָדאָר.

ער האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַן אמתן ייִדן־פריינט, האָט אונדז זייער האַרציק אויפגענומען און מיטגענומען מיט זיך אויף זייער באַזע, וווּ ער האָט געהייסן געבן אונדז גוט אָפּצועסן און לייגן זיך שלאָפן און נאָכן אויסרוען זיך וועלן מיר רעדן.

ער האָט זיך מיט אונדז וואַרעם געזעגנט און געזאָגט: „זאַווטראַ בודים גאַוואַריט".

## מיט די רוסישע פּאַרטיזאַנער

נישט געקוקט אויף אונדזער מידקייט איז קיינער פון אונדז אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. יעדער איז געווען פאַרנומען מיט זיינע טראַכטענישן איבערן גורל פון די אי־בערגעבליבענע עלטערן, שוועסטערס און ברידער.

אויף צומאָרגנס, ווען מיר האָבן זיך געשטעלט פאַרן קאָמאַנדיר האָט ער פון אונדזערע פּנימער אַראָפּגעלייענט אונדזער זאָרג און פאַרצווייפלונג און האָט זיך באַמיט אונדז צוצוגעבן מוט, געזאָגט, אַז מיר זענען נישט די איינציקע, עס איז דאָס אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיליאָנען.

די רוסן זענען געווען לעבעדיקע חברה. פיאָדאָר פלעגט שפּילן אויף דער האַרמאָשקע און זיי האָבן געטאַנצט אַרום דעם פייער, לעבעדיק, לוסטיק, ווי זיי וואָלטן אינגאַנצן נישט געדענקט אין די געפאַרן, וואָס האָבן געלויערט אויף אונדז.

אין משך פון עטלעכע חדשים האָבן מיר זיך מיט זיי איינגעלעבט און אויך צוגעוווינט זיך צו כאַפּן מיט זיי אַ טאַנץ, אַ לאַך טון, הגם אינעווייניק האָט געפייניקט דער גע־דאַנק וועגן שווערן גורל פון אונדזערע נאָענטע, וועגן די מיתות משונות, וואָס זיי מאַכן דורך.

נאָך עטלעכע חדשים האָט די גרופּע שוין געציילט עט־לעכע הונדערט מאַן און מיר האָבן שוין געהאַט אַ שיין ביסל געווער, צוויי פּוילישע „צ.ק.מ.ען" און עס איז שוין געווען מיט וואָס זיך פאַרטיידיקן.

עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען אין וואַלד אַריין פּאַר־צעווער ייִדן, גאַנצע פאַמיליעס, ייִנגלעך און מיידלעך. עס איז געווען לעבעדיק אין וואַלד. עס האָט זיך געשאַפן אַ שול. מען האָט געדאַוונט מיט אַ מנין, גאָר ייִדישלעך.

די דייטשן האָבן שוין געוווּסט, אַז די ייִדן לויפן אין פּאַרצעווער וואַלד און דאָס איז געוואָרן געפערלעך אויף פאַר די פאַרטיזאַנער. פיאָדאָר, דער קאָמאַנדיר, האָט מורא געהאַט,

אַז די דייטשן וועלן אַריין אין וואַלד מיט אַ גרעסערן כּוח און אַלעמען אויסהאַרגענען. די געפאַר איז געווען נאָך גרעסער דערמיט, וואָס די אַלע ייִדן, וועלכע זענען אַנטלאָפן פון געטאָ, האָבן נישט מיטגעבראַכט מיט זיך קיין איין ביקס.

דאָס האָט דערפירט, אַז די רוסן זאָלן באַשליסן צו פאַר־לאָזן דעם פּלאַץ און אַריבערגיין אויף אַן אַנדער אָרט, טיפער אין וואַלד. די ייִדן זענען אַזוי אַרום געבליבן אָן שוץ, אָן געווער. עס איז געוואָרן טרויעריק אויף דער נשמה, אָבער עס איז נישט געווען קיין ברירה.

אויפן אַנדערן טאָג איז געקומען פּיאַדאַר און אַרויס־גענומען אַלע בחורים, יונגע מענער, וואָס האָבן נישט געהאַט קיין פרויען. מיר זענען געווען פון די ערשטע, וועלכע פּיאַדאַר האָט גענומען מיט זיך אין דער קאַמפּס־גרופּע. פון די אַנדערע, וואָס זענען געבליבן אויפן אָרט, האָט ער גע־שאַפן אַ „טאַבאָר״, אין וועלכן עס זענען אַריין גאַנצע פאַ־מיליעס, נישט קאַמפּס־פּעאיקע.

## די ערשטע שלאַכטן

זייענדיק שוין גוט אָרגאַניזירט און מיט אַ היפּש ביסל געווער האָבן מיר, די ייִדישע פּאַרטיזאַנער־גרופּע אונטער יחיאל גרינשפּאַנס אָנפירונג, אָנגעהויבן זיך גרייטן דורכ־צופירן אַן אַקציע קעגן דער דייטשער געסטאַפּאָ, וואָס איז געשטאַנען אין אַסטראָווע, וואָלאָדאַווער פּאָוויאַט.

עטלעכע וואָכן האָבן מיר זיך געגרייט, אַרויסגעשיקט אויסשפּיר־גרופּן אויסצוקוקן זייערע איינגעפונדעוועטע ער־טער, דעם פּאָסטערונעק, אויף וועלכן עס האָבן זיך געפונען דייטשע און פּוילישע פּאָליציאַנטן.

דעם 16־טן דעצעמבער 1942, אין אַ פינצטערער נאַכט האָט יחיאל אונדז אַוועקגעפירט צום שטעטל אַסטראָווע. ווו מיר האָבן פאַרפירט אַ שווערע שלאַכט מיט די היטלעריסטן און נאָך עטלעכע שעה איז אונדז געלונגען צו פאַרנעמען דאָס שטעטל .אין אונדזערע הענט זענען אַריינגעפאַלן 6 דייטשע אָפיצירן און 12 פּוילישע פּאָליציאַנטן, וועלכע זענען שפּעטער דערשאָסן געוואָרן. מיר האָבן דאָן פאַרנומען אַ סך געווער, מונדירן און פיל אַנדערע זאַכן. זייער זיץ־פּלאַץ האָבן מיר אונטערגעצונדן. דאָס זעלבע האָבן מיר געטון מיטן מאַגיסטראַט. דער בירגעמייסטער, וועלכער האָט מיט־געאַרבעט מיט די דייטשן, איז דערשאָסן געוואָרן.

דאָס איז געווען אונדזער ערשטער גרעסערער נקמה־אַקט פאַרן פאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט.

נאָכן דאָזיקן נצחון איז פאַרביי אַ קורצע צייט און די דייטשן האָבן אונדז אַרומגערינגלט מיט טאַנקן און עראָפּ־לאַנען. די אַבלאַווע איז געווען זייער אַ שווערע. דריי טעג האָבן זיי אונדז באַמבאַרדירט פון עראָפּלאַנען און שווערער אַרטילעריע. מיר זענען געזעסן אין אונדזערע אַקאָפּעס אונ־טערן שוץ פון די ביימער און געוואַרט, אַז די דייטשן זאָלן אַריינדרינגען טיפער אין וואַלד.

מיר זענען געווען פונאַנדערגעטיילט אין קאָמפּאַניעס אונטער דער אָנפירונג פון דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פּיאַדאַר. ווען די דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו אונדז ביז אַ 40 מעטער איז געקומען דער באַפעל: „פייער!״

מיר האָבן דאָן געעפנט אויף זיי אַ פייער פון אַלע זייטן. זיי האָבן נישט געקענט זען פון וואַנען מיר שיסן. זיי האָבן זיך געפונען אויפן פרייעם תּבואה־פעלד, וועלכן זיי האָבן געדאַרפט דורכגיין אויפן וועג צו אונדז.

אין יענער שלאַכט האָבן מיר פאַרלאָרן דריי פּאַרטי־זאַנער, צוויי רוסן און איין ייִד, שמחה לעווינסאָן, אַ העלדי־שער בחור פון סאָסנאָוויץ. פון די דייטשן זענען געפאַלן אַ סך צענדליקער און נאָך אַ 5־טעהדיקער שלאַכט האָבן זיי זיך צוריקגעצויגן.

כ׳נעם זיך נישט אונטער צו באַשרייבן אַלע שלאַכטן, וועלכע אונדז איז אויסגעקומען צו פירן קעגן די דייטשן. דעם ערשטן ווינטער 1942 האָבן אונדז די דייטשן אָפט אַטאַקירט דורכגעפירט גרויסע אַבלאַוועס, געיאָגט אונדז פון איין וואַלד אין אַנדערן און אונדז נישט געגעבן קיין רו. עס פלעגט טרעפן, אַז מיר זענען געווען געצוווּנגען אַוועקצו־וואַרפן אונדזערע גראַנאַטן, כּדי עס זאָל אונדז זיין לייכטער צו אַנטלויפן. עס פלעגט טרעפן, אַז ווער פון אונדזערע העל־דישע בחורים האָט זיך אַליין דערשאָסן מיט דער לעצטער קויל, כּדי נישט אַריינצופאַלן אין די הענט פון די היטלע־ריסטן.

דער ווינטער איז שוין אין פּולן פאַרנעם, טיפע שנייען, שטאַרקע פרעסט. די לאַגע איז נישט קיין פריילעכע, די מלבושים זענען געוואָרן אָפּגעריסן און מיר זענען אַרומגע־גאַנגען כּמעט נאַקעט און באָרוועס. דער הונגער האָט זיך אויך געלאָזט פילן און מיר האָבן אָנגעהויבן באַפאַלן די דערפער, גענומען מיט כּוח קעלבלעך און קי, אָבער ביי יעדן מאָל קאָסט עס אונדז קרבנות. די דייטשן מאַכן לויערונגען ביי די אַרויסגענג פון דאָרף, באַפאַלן אונדז. מיר פּאַרטיי־דיקן זיך, אָבער אונדזער געווער איז נאָך צו ווייניק אויף צו שטעלן אַ ווידערשטאַנד די דייטשן, וואָס זענען באַוואָ־פנט פון קאָפּ ביז פיס. עס איז אָבער נישטאָ קיין אַנדערע ברירה און מיר פאַרטיידיקן זיך מיט דער גרעסטער פאַר־ביסנקייט און די נויט צווינגט אונדז ווייטער דורכצופירן די אַקציעס, וועלכע וואָלטן אין נאָרמאַלע צייטן אויסגעזען איבער אונדזערע כּוחות.

די פּויערים מעלדן כּסדר די דייטשן, אַז די פּאַרטיזאַ־

נער נעמען ביי זיי צו אַלץ און זיי וועלן נישט קענען צושטעלן דעם געפאָדערטן קאָנטיגענט פאַר די דייטשן. ביסלעכוויז אָרגאַניזירן מיר די דערפער, אַז די פויערים זאָלן פאַרשטיין, אַז עס איז נישט אין זייער אינטערעס צו מעלדן די דייטשן, אַז עס קומען צו זיי פּאַרטיזאַנער. מיט דער צייט האָבן מיר געקריגן צווישן די פויערים פאַרבינדעטע און זיי האָבן אונדז פרייוויליק צוגעשטעלט די נויטיקע שפייז.

דעם 11־טן יאַנואַר 1943 זענען מיר אין די פאַרצעווע וועלדער אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ גרויסן דייטשן כוח. די פרעסט זענען דעמאָלט געווען שווערע טיפע שנייען און שטורעם־ווינטן. אונדזער לאַגע איז געווען אַ שווערע, אָבער אונדזער רוסישער קאָמאַנדיר, פיאָדאָר, האָט איבערגעכיטרעוועט די דייטשן און מיר האָבן אַלע זייערע אָנגריפן אָפּגעשלאָגן מיט גרויסע פאַרלוסטן פאַר זיי און געצוווּנגען זיי צוריקצוציען זיך.

דעם 26־טן פעברואַר 1943 זענען מיר, אַ גרופּע פון 10 מאַן אונטער דער אָנפירונג פון ייִדישן קאַפּיטאַן זעמסטאָ, געוואָרן אַרומגערינגלט דורך 400 דייטשן. מיר האָבן זיך געפונען אין אַ גאַיוווקע, אין אַ שטוב און אַלע זענען געשלאָפן. נאָר איך בין געשטאַנען אויף דער וואַך, אָנגעטון אין אַ דייטשן מונדיר.

דאָס איז געווען 11־אַזייגער בייטאָג. די אָנגעקומענע דייטשן האָבן זיך דערנענטערט צו מיר און איינער פון זיי האָט מיר אַ רוף געטון: „קאַמעראַד!" אין זעלבן אויגנבליק האָב איך זיך אַ וואַרף געטון אויף דער ערד און אָנגעהויבן שיסן אויף זיי.

די דייטשן האָבן געעפנט אַ שרעקלעך פייער פון מאַשינגעווער, אָבער איך האָב באַוויזן זיי אָפּצוהאַלטן, ביז אונדזערע קעמפער זענען צוזאַמען מיטן קאַפּיטאַן זעמסטאָ אַרויס פון הויז און איך האָב באַוויזן זיך אַריבערצוכאַפּן אויף דער אַנדערער זייט וואַלד. אונדזערע קעמפער, צווישן וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען די פרוי ציפּורה האָבן געעפנט אַ שיסעריי אויף די דייטשן און דורכגעריסן זיך און אַרויס פון דער אַרומרינגלונג.

## יחיאל גרינשפּאַן — הויפּט־קאָמאַנדיר פון די ייִדישע פּאַרטיזאַנער אין די וואָלאָדאַווער און פּאַרצעווער וועלדער

מערץ 1943 זענען אָנגעקומען פון ראַטנפאַרבאַנד די ערשטע עראָפּלאַנען מיט סאָוויעטיש געווער. מיר האָבן אין יענער צייט זיך אָפּגעטיילט פון די רוסישע פּאַרטיזאַנער און געשאַפן אַ ייִדישע קאָמפּאַניע אונטער דער אָנפירונג פון יחיאל גרינשפּאַן. אונדזער קאָמפּאַניע האָט זיך פונאַנדערגעשפּרייט איבער אַלע וועלדער פון וואָלאָדאַווער פּאָוויאַט. גלכצייטיק האָבן מיר געשאַפן אַ „טאַבאָר", אין וועלכן עס זענען אַריין עלטערע מענער, פרויען און קינדער, וועלכע מיר האָבן באַשיצט קעגן אָנפאַלן מצד די דייטשן און מצד דער באַנדיטישער פּוילישער אונטערערד.

אונדזער קאָמפּאַניע אונטער יחיאל גרינשפּאַנס אָנפירונג האָט דורכגעפירט אַ סך קאַמפּס־אויפגאַבן, שלאַכטן און סאַבאָטאַזש־אַקציעס, מיט אַ סך פּינקטלעכקייט און סטראַטעגישער אויסרעכנונג און דערמיט אַריינגעשריבן אַ רומפול קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון דער ייִדישער ווידערשטאַנד־באַוועגונג אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט־מלחמה.

מיר האָבן אויפגעריסן צוגן ביים דאָרף זשאַרקע, נישט ווייט פון סאַכאָווע. מיר האָבן פאַרברענט די גלאָז־פאַבריק אין דובעטשנע, אויפגעריסן בריקן אויף די וועגן אויף וועלכע די דייטשן האָבן געפירט זייערע טראַנספּאָרטן, פאַרניכטעט זייערע אָפּגענומענע קאָנטיגענטן ביי די פויערים.

אינעם דאָרף ווירעק האָבן מיר אונטערגעצונדן דעם פּאָסטערונעק. אין קאַפּלאָניץ האָבן מיר צעקלאַפּט דעם דייטשן גאַרניזאָן. אין יענער שלאַכט זענען דערהאַרגעט געוואָרן 26 היטלעריסטן.

מיר האָבן אויפגעריסן די בריק ביי סאָווין, אויף וועלכער עס האָט זיך געצויגן די באַן־ליניע, וואָס האָט געפירט דייטשע טראַנספּאָרטן צום פראָנט. אין סאָסנאָוויעץ האָבן מיר צעקלאַפּט דעם דייטשן גאַרניזאָן, וואָס האָט געציילט 120 סאָלדאַטן און אָפיצירן.

אין אַ געוויסער נאַכט זענען מיר אַריין אין דער שטאָט פּאַרצעווע ווו מיר האָבן אונטערגעצונדן דעם מאַגיסטראַט, ליקווידירט דעם וועכטער און זיך צוריקגעצויגן אָן שום שאָדנס פאַר אונדז. עס איז כמעט נישט דורכגעגאַנגען קיין איין וואָך, אַז מיר זאָלן נישט אַרונטערלאָזן אַ דייטשן צוג פון די רעלסן.

אין יענער צייט זענען מיר שוין נישט געשלאָפן אין וואַלד, נאָר אין די דערפער, וועלכע האָבן זיך געפונען אין אונדזערע הענט און מיר האָבן דאָרט געהאַט אונדזערע אָנהענגער, וועלכע האָבן אונדז געהאָלפן אין אונדזערע קאַמפן קעגן די דייטשן און אויך פּוילישע באַנדיטן. מיר האָבן איבערגענומען די מאַכט אין אַלע גמינעס, וואָס האָבן זיך געפונען אין וואָלאָדאַווער פּאָוויאַט.

אין יענער צייט האָט יחיאל גרינשפּאַן אָרגאַניזירט זיין שטאַב וואָס איז געווען אונטערגעוואָרפן דער אָנפירונג פון דער אַרמיאַ לודאָוואַ וואָס איז אין יענער צייט שוין געווען גוט אָרגאַניזירט.

אין אַ געוויסן טאָג איז צו אונדז געקומען דער שעף

פון דער אַרמיאַ לודאָווא, גענעראַל ראָלאַ זשימיערסקי מיט אַ גרופּע פּוילישע אָפיצירן און מיר האָבן פאַר זיי אָרגאַניזירט אַ גרויסע דעפילאַדע. יחיאל גרינשפּאַן האָט אַוואַנסירט אַלס קאָמאַנדיר פון באַטאַליאָן און מיר אַלע האָבן באַקומען ראַנגעס. איך אַליין האָב באַקומען די ראַנגע פון אַ פּלוטאָנאָווע. דאָס איז געווען אַן אויסצייכנונג פאַר אַ נצחון, וואָס איך האָב געהאַט אין קאַמף קעגן די דייטשן. מיר זענען דאַן געווען אַן איינהייט פון 10 מאַן און מיר זענען אַרומגערינגלט געוואָרן דורך דייטשן, וועלכע האָבן געציילט 400 מאַן. איך בין דאַן גראַד געווען אויף מיין וואַך־פּאָסטן און די אַנדערע זענען געשלאָפן. אַליין האָב איך געמוזט אויפהאַלטן די דייטשן און נישט צולאָזן זיי צום הויז, אין וועלכן מיר האָבן זיך געפונען. פון מיין ביקס זענען דאַך געפאַלן 11 דייטשן און אַלע אונדזערע חברים זענען ארויס גאַנץ.

אין אַפּריל 1943 האָבן מיר ווידער דורכגעמאַכט אַ שווערע אַבלאַווע פון די דייטשן אין קאַפּלעניצער וואַלד. אין דער שלאַכט האָבן מיר פאַרלוירן איבער 70 ייִדישע קעמפער. עס זענען דערהאַרגעט געוואָרן אויך פרויען און קינדער, אָפּגעראַטעוועטע פון וואָלאַדאָווער געטאָ.

מיר האָבן זיך דערוווּסט, אַז אין אַדאַמפּאָלער לאַגער זענען נאָך פאַראַן ייִדן. דער אָנפירער פון לאַגער, זעלינגער, אַ פאָלקסדויטש. אינעם לאַגער האָבן זיך געפונען וואָלאַדאָווער און סאָסנאָוויצער ייִדן.

אין יענער צייט איז אונדזער קאָמאַנדיר געווען יחיאל גרינשפּאַן און איך האָב ביי אים געבעטן אַ דערלויבעניש צו גיין אין יענעם לאַגער, אַרויסנעמען די ייִדן און זיי ברענגען אין וואַלד אַריין.

פון אונדזער גאַנצער גרופּע האָט נאָר ניסן ציון מסכים געווען צו גיין מיט מיר.

אויף דער נאַכט זענען מיר ביידע אַוועק צו אַ באַקאַנטן פויער אויף דער קאַפּלעניצער קאָלאָניע, וועלכן מיר האָבן געקענט פאַר אַ גוטן מענטש און אים געבעטן, ער זאָל אונדז פירן צום לאַגער. מיר האָבן אים דערפאַר צוגעזאָגט צו ברענגען אַ גוטן חזיר.

אין דער פינצטערער נאַכט האָט דער פויער אונדז געפירט אַהין, געבליבן שטיין אַ האַלבן קילאָמעטער פון לאַגער און איך מיט ניסנען זענען מיר צוגעגאַנגען אַהין. ניסן איז געבליבן ליגן ביים פּלויט און איך, איבערגעטון אין אַ דייטשן מונדיר, האָב זיך אַריינגעקריגן אינעם לאַגער מיטגענומען מיט זיך צוויי ייִדן און צוריק אין וואַלד.

## „נעם נקמה פאַר אונדז אַלע"

שווער האָבן זיך געשלעפּט די ווינטער־חדשים און עס איז אָנגעקומען דער זומער 1943. די ידיעות, וואָס זענען



אָנגעקומען פון וואָלאַדאָווע, האָבן דערציילט, אַז אין געטאָ זענען נאָך פאַראַן ייִדן. איך האָב זיך דערוווּסט, אַז פון מיין גאַנצער משפחה, וואָס איז אומגעקומען אין סאָביבאָר, איז געבליבן לעבן בלויז מיין טאַטע און איך האָב געשיקט אַ פויער פון דאָרף קראַסיווקע, אַז ער זאָל ברענגען מיין טאַטן אין וואַלד.

דער פויער איז צוריקגעקומען מיט אַ בריוו פון מיין טאַטן, ער האָט מיר געשריבן:

„קינד מיינס, איך האָב שוין נישט וואָס צו זוכן אין מיין לעבן און מיר לוינט שוין נישט צו גיין אין וואַלד. זאָל דיר גאָט העלפן און אָפּהיטן דיך פון אַלע געפאַרן. נעם נקמה פאַר אונדז אַלע, פאַרן אומשולדיק פאַרגאָסענעם ייִדישן בלוט".

## מיר ראַטעווען ייִדן פון אַדאַמפּאָלער לאַגער

דעם 2־טן מאַי 1943, אינמיטן נאַכט, איז וואָלאַדאָווע אַרומגערינגלט געוואָרן דורך די ס.ס.־לייט און אוקראַינער, וועלכע האָבן אָנגעהויבן אַרויסשלעפּן ייִדן פון די באַהעלטענישן און בונקערס. צענדליקער מענער, פרויען און קינדער זענען דערשאָסן געוואָרן אינמיטן גאַס. אויך מיין פאָטער איז דערשאָסן געוואָרן אויף דער ווירקער־גאַס.

דאָס איז געווען די לעצטע אַקציע, וואָס האָט אַ סוף געמאַכט צו די איבערבלייבעניש פון ייִדישן ישוב אין וואָלאַדאָווע.

אַ געוויסע נאַכט בין איך ווידער אַריין אינעם ערשטן באַראַק פון אַדאַמפּאָלער לאַגער, ווו די ייִדן זענען שוין געשלאָפן און איך האָב זיי איבערגעגעבן דעם ציל פון מיין קומען. איצט האָב איך אַרויסגענומען עטלעכע דרייסיק פּערזאָן, בחורים און מיידלעך, געהייסן זיי אַריבערקריכן דעם פּלויט און איך בין אַריבער דער לעצטער.

דאָס איז געטון געוואָרן זייער שטיל און קיינער האָט נישט באַמערקט אונדזער אַנטלויפן. דער פויער האָט אונדז צוריקגעפירט אין קאַפּלאַניצער וואַלד און מיטן טאָג זענען מיר אָנגעקומען אויף אונדזער פּונקט, ווו עס האָט שוין אויף אונדז געוואַרט יחיאל גרינשפּאַן מיט דער גאַנצער גרופּע.

דער דאָזיקער געלונגענער פּרווו האָט אונדז צוגעגעבן מוט און מיר האָבן גענומען מאַכן אָפטע באַזוכן אין אַדאַמפּאָלער לאַגער און ביי יעדן מאָל אַרויסגעפירט פון דאָרט אַ גרופּע ייִדן, צווישן וועלכע עס האָבן זיך געפונען איינוווינער פון וואָלאַדאָווע, פון סאָסנאָוויץ, פון קאַפּליניצע, ווירעק און אַנדערע.

אין אַ געוויסן טאָג האָבן מיר גערופן אַ פאַרזאַמלונג און עס איז באַשטימט געוואָרן אַרויסצונעמען אַלע יידן פון לאַגער, ווייל עס זענען צו אונדז דערגאַנגען קלאַנגען, אַז אַ ליאַדע טאָג קען דאָרט דורכגעפירט ווערן די לעצטע אַקציע.

עס איז געוואָרן באַשטימט, אַז פינף פערזאָן זאָלן אַריינגיין אין לאַגער מיט זייער געווער און דאָרט עס באַהאַלטן, זיין דאָרט אַ גאַנצן טאָג און אָרגאַניזירן דאָרט אַלע יידן, אַז זיי זאָלן זיין גרייט אויף דער צווייטער נאַכט אַרויסצוגיין פון לאַגער אין וואַלד אַריין.

צוליב דעם, וואָס איך בין שוין עטלעכע מאָל געווען אינעם לאַגער, האָט נישט געטויגט, אַז איך זאָל מיטגיין מיט דער גרופע. געגאַנגען זענען דעמאָלט: יורעק כאלמסקי, ס'זענען מיטגעגאַנגען נאָך פיר בחורים, וועמענס נעמען זענען מיר אַרויס פון זכרון.

עס איז אָבער אַזוי געשען, אַז דער לאַגער־קאָמענדאַנט זעלינגער, האָט זיך דערוווּסט, אַז עס זענען געקומען פינף פאַרטיזאַנער מיטן ציל אַרויסצופירן די יידן אין וואַלד אַריין. ער האָט גלייך טעלעפאַנירט צו דער געסטאַפּאָ אין וולאָדאַווע און אין דעם זעלבן טאָג זענען געקומען עטלעכע הונדערט געסטאַפּאָ־לייט, אַרומגערינגלט דעם לאַגער און אַלע יידן אַרויסגעפירט אויפן פעלד צום שיסן.

די פינף פאַרטיזאַנער זענען געגאַנגען די ערשטע פאַרויס און ווען זיי זענען שוין געווען אויפן פעלד, האָבן זיי אויפגעהויבן אַ הוראַ־געשריי און אַלע יידן זענען זיך צעלאָפן אין פאַרשידענע ריכטונגען.

די דייטשן האָבן געעפנט אַ שיסעריי און אויסגעמאָרדעט אַלע יידן. בלויז צוויי פאַרטיזאַנער האָבן זיך געראַטעוועט. איינער פון זיי, אַ וולאָדאַווער בחור, איז געוואָרן פאַרוווּנדעט אין דער האַנט. דער אַנדערער, יורעק כאלמסקי, איז געווען פאַרוווּנדעט אין דער האַנט. אַ צווייטער פאַרטיזאַן האָט ביי אַן ס.ס.־מאַן אַרויסגעריסן זיין ביקס און אַנטלאָפן. ער איז געוואָרן פאַרוווּנדעט אין פוס.

אין יענעם טאָג זענען אומגעקומען 600 יידן פון וולאָדאַווע און פון דער געגנט. זיי זענען באַגראָבן געוואָרן אין אַ גרויסן ברידער־קבר אין וואַלד ביי אַדאַפּאָל.

אין יוני 1943 האָבן מיר געפירט אַ שלאַכט מיט די דייטשן אונטערן דאָרף זאַהייקע. אונדזער קאָמאַנדיר איז דעמאלט געווען דער קאַפּיטאַן יחיאל גרינשפאַן, וועלכער האָט אָנגעפירט מיט דער שלאַכט מיט קאַמפּס־איניציאַטיוו און אויסערגעוויינלעכער סטראַטעגישער פעאיקייט. אין יענער שלאַכט האָבן מיר פאַרלוירן צוויי קעמפער. איינער איז געווען דעם וולאָדאַוואַער רבס זון, שייע ליכטענשטיין.

אַזוי האָבן מיר געלעבט און געקעמפט אין די וולאָדאַווער און פאַרצעווער וועלדער, ווו געטאָגט נישט גענעכטיקט. פון אַלע זייטן האָבן געלויערט אויף אונדז דייטשן און פאָליאַקן, וועלכע זענען געווען פאַרסמט פון יידן־שנאה און מיט וועלכע מיר האָבן געמוזט טאָג איין טאָג אויס קעמפן. די קרבנות, די שווערע באַדינגונגען און האַרבע נאַטור האָבן אונדז נישט אַנטמוטיקט. מיט גרויס מסירות־נפש האָבן מיר געקעמפט און אַ סך זענען געפאַלן ווי גיבורים אויפן שלאַכט־פעלד.

ווי קליין און נישטיק עס זענען נישט געווען אונדזערע אויסזיכטן איבערצולעבן, האָט זיך דאָך געפונען אין אונדזערע הערצער דער גרויסער ווידערשטאַנד־כוח אויסצוהאַלטן און אויסדויערן אין קאַמף.

און אויב מיינע באַשיידענע זכרונות וועלן אין אַ געוויסער מאָס דערגענצן דאָס העראָישע קאַפּיטל פון יידישער גבורה אין דער צייט פון דער חורבן־תקופה, וועל איך האַלטן מיין חוב פאַר דערפילט.

ש. בת־כינקע

# די ערשטע וולאַדאַווער פּאַרטיזאַנער

אין יאָר 1943, אין חודש מערץ, נאָך אַ צוגרייטן זיך פון עטלעכע חדשים, איז אַ גרופּע פון צען מאַן, אונטער דער אָנפירונג פון משה ליכטענבערג, אַוועק אין אַ געוויסער נאַכט אין וואַלד די דאָזיקע צען, זענען געווען, עטלעכע פון געטאָ, אייניקע פון פאלקענבערגס אַרבעטס לאַגער און משה ליכטענבערג פון אַדאַמפּאָלער לאַגער. די צען מיט נאָך עטלעכע, וועמענס נעמען איך געדענק נישט, זענען געווען די ערשטע גרינדער פון די ייִדישע וולאַדאַווער פּאַרטיזאַנער. די נעמען פון די צען; משה ליכטנבערג, מאָטל ראָזנבערג, יאַנקעלע ל., מישאַ פעלדמאַן, לעאָן נעמזער (אַנטלאָפן פון דייטשן געפאַנגענשאַפט ,נישט קיין וולאַדאַווער) אילקע באַרנשטיין, סראָלקע פישמאַן און דריי ברידער אַבּרבנאל, פון וולאַדאַווער סביבה.

די דאָזיקע גרופּע, האָט אין לויף פון דער צוגרייטונגס צייט זיך אײַנגעשאַפן אַ ביסל געווער און ווי שוין געזאָגט, אַוועק אין וואַלד. דאָקעגן די אַנדערע מיטגלידער, זענען נאָך פאַרבליבן אין שטאָט און זענען אויך אַוועק אין וואַלד נאָך דער יודענריין־אַקציע. איך בין אַוועק אין וואַלד פון אַרבעטס לאַגער אדאמפּאָל אין חודש יולי 1943, פאַרשטענדלעך, אַז ס'איז גרינג צו זאָגן „כ'בין אַוועק אין וואַלד", זייער שווער איז דאָס מיר אָנגעקומען ביז איך האָב די דאָזיקע וולאַדאַווער גרופּע געפונען, אָבער נאָך אַלע שוועריקייטן האָב איך זיך מיט זיי באַגעגנט.

## אויף דער „סטאַנאָוויסקאַ"

די וולאַדאַווער גרופּע פּאַרטיזאַנער אונטער דער אָנפירונג פון משה ליכטענבערג, האָט זיך געפונען אינעם וואַלד, בערך אַ 10—15 קילאָמעטער פון אַדאַמפּאָל, ווו דער גאַיאָווע פּאָפּינסקי האָט געוווסט וועגן אונדז און האָט אונדז צוגעהאָלפן מיט אַלץ וואָס ער האָט געקענט. ביי אים אויפן הויף פלעגן מיר אויך נעמען וואַסער.

אונדזער גרופּע האָט געציילט בערך אַ פערציק פּערזאָן. צווישן אונדז איז אויך געווען אַ פּאָליאַק פון וולאַדאַווע וולאַדעק קאָזלאָווסקי. ער איז אַנטלאָפן פון דער „לעשני־טשוווקע".

וולאַדעקן פלעגן די פּאַרטיזאַנער אויסנוצן אַלס פאַרבונדלער מיט וולאַדאַווע און אַדאַמפּאָל.

אַ געוויסן טאָג איז ער פּונקט ווי יעדעס מאָל געגאַנגען



קיין וולאַדאַווע צום פּאָוויאַטאָוון דאָקטאָר זשיכאָווסקי, וועלכער פלעגט שטענדיק העלפן די פּאַרטיזאַנער מיט פאַרשידענע מעדיקאַמענטן. אויך איז ער געווען אין אַ שליחות פון די פּאַרטיזאַנער צו פאלקענבערגן וועגן געווער. אין שטאָט איז ער אַריין אין אַ ראַזורע זיך אָפּשערן און ראַזירן. ווען ער איז שוין געווען איינגעזייפט, האָט ער אין שפּיגל דערזען אַן עס־עס־מאַן. יענער האָט אויסגעשריען „הענדע האָך" און אַזוי מיטן אײַנגעזייפטן פּנים האָט ער אים פאַרנומען. ער האָט געהאַט מיט זיך צוויי פּיסטאָלעטן מיט אַ גראַנאַט.

נישט געקוקט דערויף האָבן זיי אים שפּעטער באַפרייט, אים אַראָפּגעוואָרפן מיט אַ פּאַראַשוט אויף דער „אכאזשע", ווו עס האָבן זיך געפונען פּאַרטיזאַנער. אָבער מיר האָבן אים חושד געווען אין פּראָוואָקאַציע און דאָס צוווּיסן געגעבן אַלע פּאַרטיזאַנער.

מען האָט אים אַ צייט אַרומגעזוכט, אָבער זיינע שפּורן זענען פאַרשוווּנדן.

## אין קאַמף

אין אַ געוויסע נאַכט איז כמעט די גאַנצע גרופּע אַוועק שאַפן עסן. אויף דער „סטאַנאָוויסקאַ" זענען געבליבן, פיר מיידלעך; איך, חאשקע, אַנדזשע, חיה מיט עטלעכע מענער, צווישן זיי יאַשע.

עס דאַרף באַצייכנט ווערן, אַז דאָס גיין זיך אײַנשאַפן עסן איז געווען פון די שווערע אויפגאַבעס. די פּויערים זענען געווען פאַרביסענע קעגנער פון די פּאַרטיזאַנער אין אַלגעמיין, בפרט ייִדישע פּאַרטיזאַנער.

אײַנמאָל דערהערן מיר אַ געדיכטע שיסעריי, גאָר נאָענט פון אונדז. אויגנבליקלעך האָבן מיר זיך אַלע אַ ריס געטאָן פון די ערטער און גענומען לויפן, ווער ווו עס האָט געקענט. לויפנדיק בין איך אַריין אין געדיכטע קוסטעס, זיך צעריסן די הענט, די פיס, אָבער ווייטער געלאָפן.

ענדליך האָט זיך די שיסעריי אָפּגעשטעלט און איך בין שטיין געבליבן, דערהערט אַ שאָרכען צווישן די קשאַקעס, די טריט האָבן זיך אַלץ מער דערנענטערט און ביי דער שיין פון דער לבנה האָט זיך מיר דערקענט דעם סילועט פון יאַשען. איצט איז מיר גרינגער געוואָרן אויפן האַרץ, יאַשע האָט גוט געוווּסט אַלע וועגן אין וואַלד.

מיר האָבן זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צוריק צו אונדזער „סטאַנאַוויסקאַ״. גאָר נאָענט פון דאָרט, האָט יאַשע געגעבן אַ פּאַראַל־פּייף, פון דאָרט איז צוריקגעקומען אַן ענלעכער ענטפער. ווען מיר זענען צוגעקומען, זענען אַלע שוין געשטאַנען גרייט געפּאַקט, נאָר צום אַוועקגיין פון דאַנען. אויפן וועג האָב איך זיך דערוווּסט די גאַנצע געשיכטע פון דער דורכשיסונג:



ליאָנקע איז געווען איינער פון די ערשטע פּאַרטיזאַנער אין די וועלדער אַרום וולאָדאַווע.

ווען אונדזער גרופּע איז אַוועק שאַפן עסן, האָבן זיי, ווי דער שטייגער, אָפּגעטראָטן ביים גאַיאָווע פּאַפּינסקי. פון דער ווייטנס האָבן זיי דערזען שטיין אַ דייטש אין דרויסן און וואַשן זיך. משה האָט געגעבן אַ באַפעל אַרומרינגלען דאָס הויז פון אַלע זייטן. אַ גרעסערע גרופּע מיט משהן איז צו צום דייטש, משה האָט אויסגעשריגן, נאָכמאַכנדיק דאָס רעווען פון די דייטשן: „הענדע האָך״, יענער האָט זיך אפילו נישט באַוויזן אומצוקוקן און שוין שטייט ער מיט די הענט אינדערהויך. באַלד איז ארויס נאָך אַ דייטש, אויך אים האָבן זיי פאַרנומען, ער האָט באַוויזן אַ געשריי צו טאָן און האָט באַקומען אַ קויל און איז אַוועקגעפאַלן.

צוויי אַנדערע דייטשן האָבן גענומען שיסן דורך די פענצטער, די פּאַרטיזאַנער האָבן געענטפערט מיט אַ שטאַרק פייער, די צוויי דייטשן זענען געפאַלן און דער פינפטער דייטש האָט באַוויזן צו אַנטלויפן. אין דער דאָזיקער דורכשיסונג איז פאַרוווּנדעט געוואָרן מאָניעק בארנשטיין, אברהם הללס אַ זון. די צוויי לעבעדיקע דייטשן האָבן די פּאַרטיזאַנער אַרויסגעפירט און דערשאָסן.

מיר זענען איצט באַרייכערט געוואָרן מיט פיר שפּאָגלנייע ביקסן, מער ווערט ווי געלט און אַנדערע מיליטערישע חפצים. ביי איינעם פון זיי האָט מען געפונען אַ מאַפּע פונעם וואַלד און אויך באַצייכנט דאָס אָרט פון אונדזער „סטאַנאַוויסקאַ״.



דאָס דערהאַרגענען די דייטשן, די נקמה וואָס יעדער איינער פון דער גרופּע פּאַרטיזאַנער האָט דעמלט געפילט און די פיר ביקסן, דאָס אַלץ האָט גרינגער געמאַכט אונדזערע טריט, אַריינגעגעבן אין אונדז אַ נייעם מוט, אַ גלויבן, אַז ס'וועט דאָך קומען דער טאָג פון דער נקמה.

## מיר גייען איבערן טייך בוג

דער מצב אין וואַלד האָט זיך פאַר אונדז פון טאָג צו טאָג אַלץ מער פאַרערגערט; די פּויערים זענען זייער פיינדליך געווען צו די פּאַרטיזאַנער, די פאַסטעכער פלעגן אונדז מסרן פאַר די דייטשן, יעדן צווייטן טאָג פלעגן מיר געצוווּנגען זיין צו לויפן פון איין וואַלד אין אַנדערן. אַ געוויסן טאָג זענען געקומען צוויי רוסן פון דער אַנדערער זייט בוג, איינער קאַלקאַ, דער צווייטער וואַשקאַ. זיי האָבן דערציילט, אַז דאָרט אויף יענער זייט זענען גאַנצע דערפער באַהערשט פון פּאַרטיזאַנער, דאָס לעבן אין וואַלד איז דאָרט פיל גרינגער און זיי האָבן אונדז געעצהט, מיר זאָלן אַריבערגיין אויף דער אַנדערער זייט בוג.

אונדזער גרופּע איז איצט באַשטאַנען פון אַריבער הונדערט פּערזאָן. עס איז צוגעשטאַנען צו אונדז אַ גרעסערע גרופּע פון דער „אכאזשע״, צווישן זיי פיל פון וולאָדאַווע און עטלעכע רוסן. מיר זענען אַוועק אין דער ריכטונג פון בוג.

די רוסן, וועלכע האָבן געוווּסט דאָס אָרט ווו ס'איז גרינג אַריבערצוגיין דעם בוג, וועלכער איז נאָך אַלץ אָנגעגאַנגען אַלס די גרעניץ צווישן גענעראַל־גוווערנאַמענט און ווייסרוסלאַנד, אָדער אוקראַינע און איז געווען באַוואַכט מיט דייטשן, האָבן דאָס מאָל געבלאָנדזעט אַ גאַנצע נאַכט. עס איז געוואָרן טאָג און צווישן אונדז איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע פּאַניק; איין טייל האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף צוריקגיין, אַנדערע האָבן געזאָגט, אַז מען זאָל איבערזיצן ביז נאַכט אין די קשאַקעס. אויך די רוסן האָבן זיך צעטיילט מיט די דעות. דערביי האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז, די צוריקגייער האָבן מיט זיך געהאַט כמעט דאָס גאַנצע געווער, דערונטער אויך דאָס איינציקע מאַשינגעווער וואָס מיר האָבן זיך אינצווישנצייט איינגעשאַפט.

מיר, אַ קלענערע גרופּע, אַ מערהייט פרויען און בלויז מיט אַ צען ביקסן זענען מיר געבליבן ליגן אין די קשאַקעס נאָענט פון בוג. דאָס אָרט איז געווען ביי סלאַוועטיטש, אַקעגן דאָמאַטשעווע, מיר זענען געלעגן דאָרט אַ גאַנצן טאָג, געזען און געהערט רעדן די דייטשע פּאַטראָלן. מיט אונדז זענען געבליבן דריי רוסן, צווישן זיי אויך וואַשקאַ. קאַלקאַ איז אַוועק מיט דער גרעסערער גרופּע אויף צוריק.

פאַרנאַכט האָבן בײדע רוסן געזאָגט, אַז זײ גײען אין אַ נאָענטן דאָרף שאַפן עפּעס עסן. אויפן װעג האָבן זײ זיך אָנגעשלאָגן אויף אַ דײטשן פאַטראָל, ס׳איז געקומען צו אַ קעגנזײטיקן איבערשיסן. די צװײ פאַרטיזאַנער האָבן זיך צוריקגעצויגן אויף זײערע פּלעצער. זײ האָבן אונדז דערצײלט װעגן דעם פאַל און געזאָגט, אַז מען דאַרף גײן אין קאַמף.

עס איז געװען אַ זיכערע זאַך, אַז די דײטשן װעלן ברענגען פאַרשטאַרקונג און מיר מיט אונדזער געװער קענען נישט אויפנעמען אַן אָפענעם קאַמף, מיר האָבן דעריבער באַשלאָסן איבערצוגײן דעם בוג.

צװישן די קשאַקעס האָבן מיר איבערגעלאָזט אַלע אונדזערע זאַכן, װאָס מיר האָבן געהאַט װי שטיקער ברױנע לעדער צו מאַכן שטיװל, אַ פלאַנדעקע, װאָס האָט אונדז געשיצט קעגן רעגן און, און זענען געבליבן בלױז אין אונדזערע שמאַטעס אויף די לײבער.

אין דער פינצטער זענען מיר אַרײן אין װאַסער, די מענער האָבן געטראָגן די ביקסן מיט די פאַטראָנעס איבער זײערע קעפּ. מיר האָבן געבראָדזשעט אין װאַסער עטװאָס טיפער פון האַלבן קערפער. נאָענט צום צװײטן ברעג, האָט זיך געמאַכט טיף־װאַסער, כמעט ביזן האַלדז. איצט האָבן די שטאַרקע געשלעפט די שװאַכערע.

װען אַלע זענען שױן געװען בשלום אַרױס פונעם װאַסער, האָבן די דײטשן גענומען אונדז נאָכשיסן און נאָכװאַרפן גראַנאַטן. זײ האָבן אונדז אָבער נישט געטראָפן און מיר האָבן זיך בשלום אַרײנגעכאַפּט אין אַ דערנעבנדיקן געדיכטן װעלדל.

## אויף דער צװײטער זײט בוג

זײ האָבן אויפגעהערט שיסן און מיר האָבן דערפילט, אַז דאָ האָבן טאַקע די דײטשן קײן שליטה נישט.

עס איז אָנגעפאָרן אַ פויערל מיט אַ פורל, ער האָט אונדז געראַטן מאַכן פײער און אויסטרוקענען די קלײדער. מיר האָבן שױן דערפילט, אַז די באַציאונג פונעם פויער צו אונדז איז גאָר אַן אַנדערע װי אויף דער פּױלישער זײט. „דאָ, זאָגט ער, דאַרפט איר פאַר די דײטשן קײן מורא נישט האָבן, מ׳זעט זײ דאָ אינגאַנצן נישט די הינט".

מיר האָבן טאַקע געמאַכט אַ גרױס פײער, אויסגעטרוקנט די קלײדער און אין דער פרי זענען מיר אָװעק װײטער, לויט די נעכטיקע אָנװײזונגען פונעם פויער, װאָס האָט געפירט צום װאָראָשילאָװ־אָטריאַד. דאָ זענען מיר שױן געגאַנגען באַטאָג פרײ.

דאָ האָבן מיר זיך דערװוּסט, אַז אַלע פאַרטיזאַנער־גרופּן זענען דאָ פאַרבונדן צװישן זיך, קײנער גײט דאָ נישט גע־



מען אויף אײגענער האַנט בײ די פויערים עסן, נאָר יעדע גרופּע װערט אַלץ געגעבן לויט אַ צוטײלונג. זײ זענען אויך פאַרבונדן מיטן סאָװעטישן גענעראַל־שטאַב, באַקומען פון דאָרט באַפעלן און פירן זײ אויס.

דער װאָראָשילאָװ־אָטריאַד האָט אונדז זײער גוט אויפגענומען, אונדז אָפּגעטײלט אַ שטיקל װאַלד. דאָ האָבן מיר געװאַרט מיז די גרעסערע טײל פון אונדזער גרופּע זאָל אויך אַריבער דעם בוג און זיך פאַראײניקן מיט אונדז.

## דײטשן פאָרשן אַ ײדישן פאַרטיזאַן



װען די דײטשן האָבן געכאַפּט אַ ײדישן פאַרטיזאַן איז נישט געװען קײן גרענעץ צו זײער נצחון־פרײד. זײ האָבן דאָס בילד פונאַנדערגעשיקט צו אַלע זײערע צײטונגען, אָבער אומזיסט האָבן זײ געהאָפט אַרױסצובאַקומען פון אים ידיעות. דער ײדישער פאַרטיזאַן האָט אױסגעהאַלטן די שװידערלעכסטע פּײניקונגען און קײנעם נישט אױסגעגעבן.

אינצװישנצײט זענען צו אונדזער גרופּע אַריבערגעגאַנגען אַ צען פאַרטיזאַנער פון דאַמאַטשעװע, װעלכע זענען געװען אין װאָראָשילאָװ־אָטריאַד, זײ זענען אָבער געקומען אָן געװער. דער אָטריאַד, װעלכער האָט זײ דאָס געװער געגעבן, האָט עס בײ זײ צוריק אָפּגענומען.

צװישן די צען איז אויך געװען מײן איצטיקער מאַן, װעלכער שטאַמט פון בריסק. בערך אַ זעקס װאָכן שפּעטער, זענען אויך אַריבערגעקומען די אַנדערע, פון דער גרעסערע גרופּע און אויך אַנדערע ײדן, חוץ משה ליכטענבערג, מאָטל ראָזנבערג און חיים פישמאַן (טענצער), װעלכע זענען דערשאָסן געװאָרן דורך קאַלקאָן און זײן חברה, בעת די דרײ ײדישע פאַרטיזאַנער האָבן צוריקגעפאָדערט פון קאַלקאָן דאָס מאַשינגעװער.

איצט האָבן מיר זיך אָנגעטראָפן אויף שװעריקײטן. די בריסקער פאַרטיזאַנער פאַראײניקונג, האָבן אונדזער ײדישע גרופּע שױן עטלעכע מאָל געװאָלט צוריק אַריבערפירן אויף דער פּױלישער זײט, סוף כל סוף איז אונדז געלונגען זײ איבער צו צײגן אַז מיר זאָלן בלײבן. זײ האָבן אונדז גע־

געבן אַ ריכטונג וווהין צו גיין און אָנפירן אַליין מיט אונדזער אָטריאַד.

## אין מאַלאַטאָוו־אָטריאַד

אויפן וועג האָבן מיר זיך פאַרשאַפט פיל געווער. די אָנפירער זענען געווען; וואַשקאַ און סיאָמע ראַטנבערג פון טאָמאַשעווקע (דער לעצטער איז געפאַלן אין דער רויטער אַרמיי). מיר זענען דורכגעגאַנגען גרויסע געפאַרן, אָבער אונדזער מוט איז געווען גאָר אַנדערש ווי אויף דער פּוילישער זייט, געהאַט שוין אייגענע ראַזוויעטקעס און אַנדערע מיליטערישע אָפּטיילונגען.

מיר זענען געגאַנגען מיט דער געגנט פון קרולעווסקי קאַנאַל וואָס פאַרבונדט דעם טייך פּריפּעטש מיטן בוג אין פּינסקער געגנט, ווו עס איז געשטאַנען די מאַלאַטאָוו־בריגאַדע און אַהין האָבן מיר געצילט אָנצוקומען.

דער קאָמאַנדיר פון דער בריגאַדע, זייער אַ ווילער מענטש, מישקאַ, האָט אונדז געזאָגט אַז ער טיילט אונדז פונאַנדער אין זיינע דריי אָטריאַדן, און ווער עס וויל זיין צוזאַמען, זאָל אַרויסטרעטן אין אַ זייט.

מיר זענען צעטיילט געוואָרן אין פאַלגענדע פיר אָטריאַדן; שישאָווסקי, קאַלינסקי, לאַזאָוו און קוטוזאָווסקי. איך בין אַריין אין שישאָווסקי. דאָ איז שוין געווען אַ האַרבע מיליטערישע דיסציפּלין, ווי אין דער רעגולערער אַרמיי. דאָרט איז געווען אַן אייגענער אַעראָדראָם, ס׳פלעגן קומען עראָפּלאַנען, ברענגען מעדיקאַמענטן, געווער און צונעמען די שווער פאַרוואונדעטע, פאַר די לייכטע איז געווען אַ שפּיטאַל אויפן אָרט. געוווינט האָבן מיר אין זעמליאַנקעס, געהאַט פעלד־קוכן. דאָס איז געווען ווינטער 43—1944.

איך בין געווען מיט נאָך צוויי יידישע מיידלעך, אַנדזיע און רבקה. אונדזער אויפגאַבע איז געווען שטיין אויף פּאָסט צו צוויי שעה און עטלעכע שעה רוען. כ׳געדענק נישט אויסצורעכענען די פאַרשידענע קאַמפּס אַקציעס, אין וועלכע אויך די יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן אָנטיילגענומען גלייך מיט אַלע, אָבער אין אַלע פיר אָטריאַדן האָבן די וואָלאַדאָווער יידישער פּאַרטיזאַנער אַ גלייכן אָנטייל גענומען אין אַלע געפערלעכסטע דיווערסיע־אַקציעס ווי, איבערפאַלן אויף די דייטשן, אויפרייסן בריקן, באַן־ליניעס און טעלעפאָן־סלופּעס און אַנדערע געפערלעכע אַקציעס קעגן די דייטשן.

ווען ס׳האָט זיך אונטערגערוקט דער פראָנט האָבן די דייטשן געוואָרפן אַ שטאַרקן כוח פון עס־עס אויף דער געגנט, ווו עס האָט אָפּערירט די מאַלאַטאָוו־בריגאַדע און נאָך אַ שווערן קאַמף זענען מיר געצוווּנגען געווען אָפּצוטרעטן פון יענעם פּלאַץ און מיר זענען אַוועק אין דער ריכטונג צום פראָנט. אין אַפּריל 1944 האָבן מיר זיך צוזאַמענגעטראָפן מיט דער קעמפנדיקער רויטער אַרמיי. כמעט אַלע פון אונדזערע פּאַרטיזאַנער זענען מאָביליזירט געוואָרן אין דער רויטער אַרמיי. מיר, די וואָלאַדאָווער מיידלעך, האָבן באַשלאָסן וואַרטן ביז וואָלאַדאָווע וועט ווערן באַפרייט.

א. טוליפּ

# דער וועג אין וואלד

זוכנדיק אין וואַלד די שפּורן פון די פּאַרטיזאַנער, האָב איך באַמערקט פּוסטריט אין די פייכטע גראָזן. עס איז נאָך געווען פריער באַגינען און אויף די גראָזן איז נאָך געווען טוי. איך האָב זיך געלאָזט גיין מיט די איינגעטראָטענע פּוס־טריט, ביז איך בין אָנגעקומען צו אַ ברייטן און טיפן ראָוו, פול מיט וואַסער. האָב איך זיך געלאָזט גיין לענגאויס דעם ראָוו און דערזען אַן אומגעשלידערטן בוים, ווי אַ בריקל אין דער ברייט. אַריבערגעגאַנגען דאָס „בריקל". בין איך ווידער געגאַנגען מיט די פּוס־טריט אַ צוויי הונדערט מעטער, ביז איך האָב דערהערט אַ באַפעל:

— סטאָי! רוקי וויערך!

בין איך שטיין געבליבן מיט אויפגעהויבענע הענט.

דאָס זענען געווען פּאַרטיזאַנער פון דער זעלבער גרופּע, וואָס האָט אַמאָל געוואָלט אַוועקלייגן זעלינגערן. די גרופּע איז באַשטאַנען פון אַרום דרייסיק מאַן, רוסן, היגע פּויערים און יידן.

זיי האָבן נישט געהאַט קיין צוטרוי צו מיר און כאָטש קיינער האָט מיך נישט געהיטן, האָב איך געוווּסט, אַז איך בין אַן אַרעסטירטער. זיי האָבן מיך געהאַלטן ביז נאָך מיטאָג און נאָכן עסן, האָבן זיי מיך אָפּגעפירט צו דער

יידישער פּאַרטיזאַנער גרופּע אונטער משה ליכטנבערגס אָנפירונג.

איך האָב דאָרט באַלד דערקענט משה ליכטנבערגן, דודן, יענקעלען, ל. סיראָשקאַ, חיים טענצער, משה לעמ־בערגער, סרולקע פישמאַן, כאַסיע דעם לעקעך־בעקערס טאָכטער, שמואל ס. און נאָך וולאַדאָווער.

איך האָב זיי דערציילט מיין אומגליק אין אַדאַמפּאָלער לאַגער, פון וועלכן איך בין ערשט נעכטן אַנטלאָפן און ווי צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע יידן, זענען דאָרט דער־שאָסן געוואָרן מיינע ביידע קינדער. היות כמעט אַלע פּאַר־טיזאַנען האָבן דאָרט אין לאַגער נאָך געהאַט זייערע נאָ־ענטסטע, וועמען זיי האָבן געהאָפט צו ראַטעווען, — האָבן זיך איצט אַלע צעיאָמערט און צעקלאָגט.

איך האָב באַקומען אַ ביקס און בין געבליבן מיט זיי.

דעם נאָענטסטן זונטיק האָט אין דאָרף זאַהייקע גע־זאָלט פאָרקומען אַ חתונה. משה האָט געזאָגט, אַז אויף דער חתונה וועט ער איינשאַפן שטיוול, וואָס דאָס איז געווען איינע פון די נויטיקסטע און שווערסטע דערגריי־כונגען.

ער האָט דאָרט אויך געהאַט צו דערליידיקן אַן ענין מיט אַ פאַרעטערישן פּאַרטיזאַן, אַ רוס, וועלכער האָט ביי אונדז צוגערויבט אַ מאַשין־געווער.

משה ליכטנבערג איז אוועק אַהין מיט נאָך עטלעכע מאַן. זיי האָבן זיך דאָרט משמח געווען און געגומען צו גלעזער. אינדעם, האָט ער דערזען דעם רוסישן פּאַרטיזאַן, דעם פאַרעטער. זיי האָבן זיך אַ נעם־געטון צו אים, ער זאָל אָפּגעבן דעם אויטאָמאַט.

— מענטשן, וואָס דאַרפן מיר זיך דאָ קריגן אויף אַ שמחה? — האָט דער כיטרער מנוול געזאָגט — אָט קומט אַרויס אינדרויסן, וועלן מיר זיך פונאַנדערנעמען אין דעם ענין און דערליידיקן אויף אַ גערעכטן אופן.

ליכטנבערג מיט זיינע חברים זענען מסכים־געווען און זענען אַרויס אינדרויסן. דער פאַררעטער האָט דאַן באַוויזן צו געבן אַ כאַפּ דאָס מאַשין געווער און אַ לאָז־טון נאָך זיי אַ סעריע קוילן.

משה ליכטנבערג מיט נאָך צוויי פּאַרטיזאַנער זענען געפאַלן טויט אויפן אָרט.

שמואל סטול איז פאַרטאָג צוריקגעקומען און אָנגע־זאָגט וועגן דעם אומגליק.

מיט ליכטנבערגס פאַלן איז צעקלאַפּט געוואָרן דער אָטריאַד. איך האָב ווידער פאַרלוירן דעם זיכערן באָדן אונטער די פיס און האָב ווידער געמוזט גיין זוכן זיך אַ נייעם מקום־מקלט.

*



דער פלוצלונגדיקער טויט פון ליכטנבערגן מיט זיינע צוויי חברים, האָט זיך בליץ־שנעל צעטראָגן איבערן גאַנצן וואַלד. צומאָרגנס אינדערפרי איז געקומען נחמן פון קראַ־סיוועק, דער פירער פון דעם „טאַבאָר", וואָס שטייט אונ־טער כילס אויפזיכט. מיר זענען געווען גוטע באַקאַנטע און ער האָט מיך מיטגענומען אין „טאַבאָר". איך האָב דאָרט געטראָפן לייזער פישמאַנען, פישל „האַלב זעקס" אַ ייִנגל, אברהם פון די שישטשיקעס (וועלכער איז שפּע־טער געפאַלן אין ישראלס באַפרייאונגס־מלחמה), יצחקן און פנחס ווירקער מיט זיין פרוי שיינדל, יעקב־מענדל שישנער מיט אַן איינינקל פון אַ יאָר זיבן, פייגע הערשל טוביהס מיט בערעלע פון דובעטשנע און נחמן קראַסיוו־קערס שוועסטער מיט אַ קינד. עס זענען אויך צוגעקומען שמאַי קאַשעמאַכער מיט אַ פרוי, שימעלע און אַנדערע. דער „טאַבאָר" האָט שוין געציילט אַריבער הונדערט מאַן.

דער „טאַבאָר" האָט זיך געפונען טיף אין דער „אכאַ־זשע", אַ געגנט וואָס איז געווען אַרומגערינגלט מיט זומ־פּיקע בלאָטעס. ווינטער, ווען אַלץ איז געפרוירן, איז לייכט אַהין צוצוקומען, אָבער זומער האָט מען געבראָדזשעט ביז איבער די קני אין שיטערע בלאָטעס, ווו די פיס האָבן גע־קנאָטן אין אַ וווייכער שליימיקייט און כסדר געזונקען אַלץ טיפער. אָדער מען איז געשפּרונגען איבער מאָך־באַוואַק־סענע בערגלעך און גריבער מיט וואַסער.

פון פאַרטאָג, ביז נאָך מיטאָג, זענען געשטאַנען וואַכ־זאַמע פּאַטרולן, אין פולער גרייטקייט. אמת, די דייטשן זענען אַהער נישט אַריינגעדרונגען. בעת זייערע אַבלאָ־ווּעס פלעגן זיי נאָר אַרומשטעלן דעם וואַלד מיט מאַשין־געווער און באַשיסן פון דרויסן. איבערהויפּט פלעגן זיי ביינאַכט נישט וואַגן אַריינצוקומען טיפער אין וואַלד און מיר האָבן געקענט זיין רואיק.

פלעגן מיר טאַקע אין די פאַרנאַכטן פאַרברענגען. עמעץ האָט אַ צי־געטון אַ ניגון, האָט מען באַלד אונטער־געכאַפּט און איבער דער בלאָטיקער „אכאַזשע" האָט זיך צעטראָגן אַ כאָראַל געזאַנג. מערסטנס זענען די געזאַנגען געווען בענקענדיקע, טרויעריקע, וואָס האָבן האַרמאָני־זירט מיט אונדזערע שטימונגען און מיט אונדזער מערכה. אָבער עס פלעגט אויך טרעפן, אַז עמעץ האָט, להכעיס זיין ביטער געמיט, אָדער טאַקע אויפצוהייטערן אַלעמען, אויפ־געזונגען אַ פריילעכס. אָפט פלעגט עס אים געלונגען און דער גאַנצער „טאַבאָר" האָט פאַרגעסן ווו ער געפינט זיך אין דער וועלט און מען האָט פריילעך מיטגעזונגען און זיך אַפילו אוועקגעלאָזט אין אַ טאַנץ. אַנדערע האָבן דער־ציילט געשיכטעס, זכרונות און פאַרליבטע פּאַרלעך האָבן זיך אַוועקגעשלייכט צווישן די ביימער.

נחמן האָט מיך צוגעטיילט צו אַ באַוואָפנטער גרופּע, וועלכע פלעגט גיין ביינאַכט אין די דערפער נאָך שפּייז. מיין אויפגאַבע איז געווען אויסצוקלייבן אַ גוטע קו, אַ קאַלב. אין „טאַבאָר״ האָב איך עס באַאַרבעט, אָפּגערייניקט און פונאַנדערגעטיילט דאָס פלייש. מיר האָבן קיינמאָל נישט געקענט קלערן און פאַרזאָרגן זיך אויף מאָרגן, דעריבער האָט מען תמיד געלעבט מיטן היינט. אַלע טאָג האָט מען געשאָכטן אַ קו און פלייש איז געווען איבערגענוג. געפעלט האָט נאָר קאַרטאָפל און מילכוואַרג, און ברויט איז בכלל געווען אַ זעלטנהייט.

אין איינעם אַן אינדערפרי איז אונדז אָנגעזאָגט געוואָרן, אַז מיר זענען אַרומגערינגלט. נחמן האָט מיך אַרויסגעשיקט מיט אַ צען מאַן, צו פּאַטרולירן די געגנט. אונדזער וואַלד האָט זיך געגרענעצט מיט אַ שטיקל לאָנקע, וווּ עס זענען געשטאַנען הויכע סטויגן היי. נאָך דער דאָזיקער לאָנקע האָט זיך אָנגעהויבן אַ צווייטער וואַלד. אויף דער לאָנקע האָבן מיר קיין דייטשן נישט געזען.

פּלוצלונג האָבן זיי גענומען שיסן פון עק וואַלד, וואָס פירט צום דאָרף. דאָס האָט אונדזערע מענטשן אַרויסגעיאָגט פון וואַלד, צו דער „אומשולדיקער״ לאָנקע, כדי אַריבערצולויפן אין אַנדערן וואַלד אַריין. אָבער ווי נאָר מיר האָבן זיך אַלע געפונען אויף דער אָפענער לאָנקע, זענען מיר באַגעגנט געוואָרן מיט געקרייציקטע פייערן פון אַלע זייטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אויסער די צעשטעלטע פּאַטרולן אַרום וואַלד און ביים וועג, וואָס פירט אין דאָרף אַריין, זענען אונטער אַלע סטויגן היי געלעגן דייטשן מיט מאַשין־געווער. נחמן האָט געשריען, אַז מען זאָל לויפן „סקאָס״, ביים ראַנד פון וואַלד, אויסצומיידן קוילן. אין צעטומלונג האָט מען אים אָבער נישט געהערט, געלאָפן גלייך אַנטקעגן פייער, געלאָפן און געפאַלן.

איך בין נאָכגעלאָפן נחמנען. אויפן וועג האָב איך געטראָפן שטייגערן אַ פאַרווונדעטן. ער האָט נאָך אַלץ געשאָסן. נעבן אים איז געלעגן אַ טויטע פרוי. אין אַ טיפן ראָוו האָב איך געטראָפן אַ מיידל, פאַרזונקען אין דער בלאָטע. איך האָב זי אַרויסגעשלעפּט און געצויגן נאָך זיך. שאַיע ווירקער האָט דערווייל געשאָסן, כדי אָפּצוציען פון אונדז די אויפמערקזאַמקייט.

לויפנדיק האַסטיק, האָב איך נישט באַמערקט, אַז איך לויף־אָן אויף אַ דייטשן פּאַטרול. אָבער דער דייטש האָט זיך אויך דערשראָקן, איז אומגעפאַלן און איך בין אַריבערגעשפּרונגען איבער אים. אַזוי האָבן מיר זיך געראַטעוועט אין צווייטן וואַלד אַריין, וווּ מיר זענען אָפּגעלעגן ביזן אָוונט.

אין אָוונט, ווען מיר זענען אַרויס אויף דער לאָנקע, האָבן מיר דערזען דאָס שוידערלעכע בילד: צענדליקער און צענדליקער געהרגעטע מענער, פרויען און קינדער פון אונדזער יידישן „טאַבאָר״. פון הונדערט און צוואַנציק מאַן זענען מיר איצט פאַרבליבן קוים פינף און דרייסיק.

*

שלמה „דאָקטער״ האָט פאָרגעלייגט צוריק צו גיין אין סקראַדניצער וועלדער. פינף זענען דערצו מסכים געווען: ביילטשע (היינט שלמהס פרוי), די שוואַרצע אסתר (היינט סאַמעטס פרוי), מאָטל סאַמעט, איך און נאָך עמעץ. מיר האָבן פאַרמאָגט דריי ביקסן און צוויי רעוואָלווערן. אין די סקראַדניצער וועלדער האָבן מיר געטראָפן יאָסל כעלעמערגרין און שפּעטער — שעפּטלס גרופּע פון אַרום דרייסיק מאַן.

צומאָרגנס האָבן מיר איינגעשאַפט שפּייז אין אַ דאָרף און געבראַכט צו פירן אין וואַלד. ווען מיר האָבן אַלץ אָפּגעלאָדן, האָבן מיר דאָס פערד און וואָגן אָפּגעלאָזן. אָבער דער וואָגן האָט זיך פאַרטשעפּעט אָן אַ בוים און די פערד זענען דאָרט שטעקן געבליבן ביז אינדערפרי. לויט די שפּורן איז דער פויער געגאַנגען זוכן זיין פערד און וואָגן, אויסגעפונען ווו אונדזער גרופּע געפינט זיך און דערטראָגן עס די דייטשן.

שעפּטלס גרופּע איז נישט געווען פאָרזיכטיק און האָבן נישט אַוועקגעשטעלט קיין פּאַטרולן, נאָר האָבן זיך אַלע געלייגט שלאָפן. מיר האָבן זיך צופעליק געפונען אַ קילאָמעטער ווייטער, ווען מיר האָבן דערהערט אַ געדיכטע שיסעריי. שפּעטער זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז אין יענעם פּלוצלונגדיקן איבערפאַל, איז אומגעקומען אַ העלפט פון שעפּטלס גרופּע, צוזאַמען מיט זיין פרוי און קינד. שעפּטל אַליין האָט זיך געראַטעוועט אָן זיין ביקס.

עס האָט זיך דערנענטערט דער ווינטער, פאַר וועלכן מיר האָבן זיך זייער געשראָקן. אין פרעסט און אין שנייען צו וואַנדערן דורך די וועלדער און שלאָפן אונטערן אָפענעם הימל, איז נישט פון די גוטע זאַכן. מיר האָבן גענומען טראַכטן וועגן בויען־זיך אַ זיעמליאַנקע אין אַ זיכער אָרט. מיר האָבן אַזוי לאַנג געזוכט, ביז מיר האָבן געפונען אַ זייער געדיכט סאָסנע־וועלדל, ווּהין מיר האָבן זיך קוים אַריינבאַקומען. העק, לאָפּעטעס און אַפילו אַ זעג האָבן מיר שוין געהאַט צוגעגרייט און מיר האָבן זיך גענומען אינטענסיוו צו דער אַרבעט. די דריי פרויען, וואָס זענען געווען מיט אונדז, האָבן דערביי געאַרבעט נישט ערגער ווי די מענער.

במשך אַכט טעג האָבן מיר אויסגעגראָבן און אַרומגעבויט אַ זיעמליאַנקע פון צוויי מעטער די ברייט, דריי מעטער די לענג און צוויי מעטער די טיף. אינעווייניק האָבן

מיר נאָך אויסגעגראָבן אַ גריבל אויף אַ מעטער טיפער, ווו ס'האָט זיך שוין באַוויזן עטוואָס וואַסער. מיט אַ קווערטל האָט מען עס שוין געקענט אָנשעפּן און דאָס האָט אונדז געדינט פאַר אַן אינערלעכן ברונעם...

אויך אַ זייטיק קעמערל האָבן מיר דורכגעגראָבן און פאַרהאָנגען מיט אַ פּלעד, פאַר פאַרשטענדלעכע געברויכן. אינדערהויך האָבן מיר פאַרדעקט מיט צווייגלעך און אויף זיי אָנגעשאָטן ערד. פאַר לופט־ווענטילאַציע האָבן מיר אין דעם דאָזיקן „סופיט" אַריינגעשטעקט 5 פלעשער מיט אָפּגעהאַקטע דנאָען, וואָס אויבן האָט מען זיי נישט געקענט באַמערקן.

אויפן צוריק־אָנגעשאָטענעם ערד, האָבן מיר אָנגעשאָטן מיט סאָסנע־בוימער־נאָדלען און אַפילו צוריק פאַרפלאַנצט די פאָר אויסגעהאַקטע בוימלעך. מיר האָבן געמאַכט טרעפּלעך אַראָפּצוגיין און אַ טירל אויבן, צו וועלכן מיר האָבן צוגעקאַלפּט אַ גאַנץ בוימל. דאָס „טירל" האָט זיך אונטערגעהויבן מיטן בוימל צוזאַמען.

מיר האָבן זיך איינגעשאַפט אַ קאַרביד־לאָמפּ און צוויי „פּרימוס"־מאַשינקעס מיט נאַפט און אונדזער פּאַלאַץ מיט אַלע קאָמפאָרטן איז געווען פאַרטיק. אויך שפּייז אויף אַ פאָר חדשים האָבן מיר זיך אָנגעגרייט, איבערהויפּט — סוכאַרעס. ווען אַלץ איז פאַרטיק געוואָרן, איז געפאַלן דער ערשטער שניי, וועלכער האָט פאַרדעקט אַלע שפּורן און פאַרשאָטן אונדזער לעבעדיקן קבר.

עס האָט זיך געשטעלט אַ ווינטער מיט פרעסט, אָבער אינעווייניק איז געווען געוואַלדיק הייס און דושנע. אַזוי הייס, אַז מיר האָבן געמוזט ליגן כמעט נאַקעט. צו־ווייניק לופט און ליכט האָבן מיר געהאַט דורך די פינף פלעשער. צוליב דער ענגשאַפט און דושנאָטע, זענען מיר מער געשלאָפן, ווי וואַך געווען. מען האָט געשמועסט, געפלאַפּלט, געשפּילט אין קאָרטן און ווידער אַנידערגעפאַלן דרימלען. מיר האָבן שוין נישט אונטערשיידט פון טאָג ביז נאַכט און מיר האָבן פאַרלוירן דעם חשבון פון די טעג. מיר האָבן אַמאָל געהערט שיסערייען, גראַנאַטן־אויפרייסן, געוווּסט, אַז אויבן איז אַן אָבלאַווע און מיר האָבן ווייטער געדרימלט. די סוכאַרעס האָבן געשימלט, מיר האָבן זיך די מאָגנס פאַרדאָרבן, געקרענקט און ווייטער געדרימלט. אַזוי זענען אַריבער עטלעכע וואָכן.

פלוצלונג האָבן זיך פינצטערע שטראָמען גענומען רייסן אין אונדזער גרוב אַריין. מיר האָבן נישט פאַרשטאַנען פון וואַנען דאָס פלייצט אַזוי, אָבער דערפילנדיק שוין הינטער זיך אַ קאַלטן טייך, האָבן מיר געמוזט אַרויפשטופּן דאָס טירל און אַרויסגיין.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז וואַרעם־זוניקע טעג האָבן



דעם שניי צעשמאָלצן און דאָס וואַסער האָט אָנגעפילט אונדזער גרוב. דאָס עסנוואַרג איז דערטרונקען געוואָרן אין בלאָטע און שמוץ. די מלבושים זענען געווען אויסגעווייקט. מיר האָבן פאַרלוירן אונדזער „היים", אונדזער רו און זיכערקייט, דאָס אָנטון און די שפּייז. די לאַגע איז געווען ממש אַ פאַרצווייפלטע און דאָך, האָבן מיר אַלע געמוזט לאַכן און קייכן ביז טרערן.

מיר זענען אַלע געווען שוואַרץ ווי די קוימענקערערס, פאַרשמירט מיט בלאָטע און מיט סאַדזע פון די אָנגערויכערטע „פּרימוסן". דאָס קאָמישע אויסזען האָט אונדז, אין דער טראַגישער לאַגע, געבראַכט צו לאַכן ביז בויך־ווייטיק. מיר האָבן זיך נאָכדעם לאַנג געריבן און געשייערט די פּנימער מיט שניי, ביז מיר האָבן באַקומען אַ מענטשלעך אויסזען.

דאַן האָבן מיר פאַרלאָזט אונדזער זיעמליאַנקע, וואָס האָט שוין איצט אויסגעזען, ווי אַ פולער ברונעם, און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזט זוכן אַ צווייטן מקום מקלט. איצט האָבן מיר שוין אויפגעבויט אַביידל אויף דער ערד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ סוכה. און מיר האָבן שוין אין ווינטערדיקן וואַלד „געפּראַוועט סוכות" ביז פּסח...

אין יענער צייט איז אָנגעקומען גענעראַל קאַלפּאַק מיט אַ פאַרטיזאַנער־אָטריאַד פון אַרום אַכציק טויזנט מאַן (אַזוי האָט מען געשמועסט). זיי האָבן איבערגענומען די דערפער און זיי איבערגעגעבן צו די פאַרטיזאַנער־גרופּן פון דער געגנט. דער מצב איז געוואָרן לייכטער און די געפאַר — קלענער. שפּעטער האָבן מיר געהערט, אַז קאָלפּאַקס אָטריאַד איז צעקלאַפּט געוואָרן בעת אַ מפּלה ביי די קאַרפּאַטן.

*

אין סקראַדניצע האָט אונדז אַ פויערטע דערציילט, אַז יעדע פאָר טעג קומט אין דאָרף אַ ניין־יעריק יינגעלע בעטן ברויט. ער באַהאַלט זיך ערגעץ אין וואַלד. וועלנדיק טרעפן דאָס קינד, האָבן מיר זיך פאַרשטעקט אין אַ סטאָדעלע און געוואַרט אויף אים. ווען מיר האָבן פון דער ווייטנס דערזען אים אָנקומען, זענען מיר אַרויס פון אונדזער באַהעלטעניש און אים גערופן. אַ דערשראָקענער האָט ער גענומען אַנטלויפן.

— יינגעלע, האָב נישט קיין מורא! קום אַהער! — האָבן מיר געשריען צו אים אויף יידיש.

ער איז שטיין־געבליבן אַ ווייל און דאַן, נאָך אַלץ אַן צוטרוי, גענומען זיך דערנענטערן.

— מיר זענען יידן, האָב נישט קיין מורא. קום אַהער. ווי רופט מען דיך?

— יידן? — האָט ער נאָך אַלץ נישט געגלויבט.

— יידן, ייִנגעלע, זעסט דאָך... ווי הייסטו ?

— מממממשהלע.

הויט אוןביינדלעך איז עס געווען. אָנגעטון אין אַ גראַ־נאַט־געפאַרבט לייוונט־רעקעלע און קורצע הויזלעך, פון וועלכע עס זענען נאָכגעהאנגען צויטן. הילצערנע טרעפעס אויף די דאַרע פיסלעך. ער האָט געלאַכט און געוויינט, געוויינט און געלאַכט און לסוף — זיך פאַרגאַנגען אין אַ היסטערישן העשען.

דאָס קינד האָט שוין ניין חדשים קיין פרייינטלעך פּנים נישט געזען און קיין ייד נישט געטראָפן. אונדזער באַגע־געניש, די ערשטע באַגעגעניש מיט יידן, האָט אים ממש דערשיטערט. מיר האָבן אָנגעקוקט דאָס עלנטע פאַרפייניק־טע נפשל, זיך דערמאנט אָן אונדזערע אומגעבראַכטע קינ־דער און — מיר האָבן מיטגעוויינט און מיטגעשליוכצט מיט אים.

ער האָט אונדז דערציילט, אַז ער פלעגט דאָ פּאַשען די פויערישע בהמות. זיינע עלטערן און צוויי שוועסטערלעך זענען ערגעץ געווען באַהאַלטן. פון דאָרף קאלאטש שטאַ־מען זיי. איינמאָל, אין פעלד, האָבן אים אַנדערע פּאַסטוכלעך אָנגעזאָגט, אַז מען האָט געפונען זיין גאַנצע משפחה, דעם טאַטן, דער מאַמען און די צוויי שוועסטערלעך און די דייטשן האָבן זיי דערהרגעט. אויך אים וועט מען געפינען און דערהרגענען. האָט דאַן משהלע איבערגעלאָזן די בהמות, איז אַנטלאָפן און האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ סטויג היי. שוין ניין חדשים ווי ער שלעפּט זיך אַרום אַזוי אַליין אין וואַלד, הונגעריק, באָרוועס און נאַקעט. ער האָט שוין מער קיין כוח נישט צו קעמפן פאַר זיין פּיצעלע לעבן. — האָט ער געכליפּעט.

— קום מיט אונדז, משהלע. וועסט זיין מיט אונדז און מיר וועלן שוין זאָרגן פאַר דיר, עס זאָל דיר גאָרנישט פעלן.

ער האָט זיך געוואָרפן צו אונדזערע פיס, געכאַפּט קושן אונדזערע הענט און מיר האָבן אים אַרומגענומען און געטור־ליעט צו זיך, ווי מיר וואָלטן אונדזערע אייגענע קינדער געפונען.

מיר האָבן משהלען באַשוכט און באַקליידט און ער האָט אַריינגעבראַכט אַ ביסל נחת אין אונדזער מרה־שחורה־דיקן לעבן. היות אָט דאָס קליינע ווערוריקל האָט שוין גע־קענט די אַרומיקע דערפער און פויערים, פלעגן מיר אים מיטנעמען אויף אונדזערע אַקציעס, איינצושאַפן שפּייז. די צרות האָבן אים פאַרהאַרטעוועט. זיין ניין־יעריק פּנימל האָט אויסגעזען, ווי פון אַ רייפן בחור. און שכל און אָריענ־טאַציע האָט ער פאַרמאָגט פון אַן עלטערן, דערפאַרענעם



מענטשן. אַזוי איז אויך זיין לשון געווען, בעתן עצהנען אונדז :

— דער פויער איז אַ גוטער, אָבער אַן אָרעמער. מען דאַרף אים נישט טשעפּען. אָבער יענער דאָרט, איז אַ „סור־קין־סין"! ביי אים נעמט וואָס מער !...

*

די רויטע אַרמיי איז שוין געשטאַנען הינטער קאָוועל, עפּעס מער ווי אַ הונדערט קילאָמעטער פון וולאָדאַווע. די דייטשן האָבן זיך באַמיט דאָרט איינצוהאַלטן דעם פראָנט און עס איז זיי נישט געלונגען. זיי זענען כסדר אָפּגעטראָטן צוריק.

אונדזער גרופּע האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין דער ריכ־טונג פון וואָליאַ־וויערשטשינסקי, ווו עס האָט זיך געפונען דער פאַרטיזאַנער־אָטריאַד פון גענעראל באַראַנאָווסקי.

כיל מיט זיין גרופּע איז שוין אויך דאָרט געווען. ער האָט אונדז איינגעאָרדנט אין סטאָדאָלעס צום שלאָפן און באַזאָרגט מיט אַ שפּייז־צוטיילונג, אַז מיר זאָלן נישט דאַרפן אַליין גיין איבער די דערפער. דער אָטריאַד האָט געציילט אַ מאַן אַכט הונדערט. ער איז געווען באַוואָפנט מיט לייכט געווער און ער האָט פאַרמאָגט אַ סך אַמוניציע.

מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה, אַז די דייטשן גרייטן זיך אָנצופאַלן אויף אונדז. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל, אַרויסצוגיין קעגן זיי. פאַרן דאָרף איז געווען אַ שיטער וועלדל. דאָרט האָבן מיר זיך אויסגעשטעלט אין צוויי פליגל, גרייט מקבל פּנים צו זיין די דייטשן. פאַרן וועלדל איז געשטאַנען אַ הייזל, אין וועלכן עס האָבן זיך פאַרפעס־טיקט זעקס מאַן פון כילס גרופּע. די דייטשן האָבן אָבער באַשאָסן דאָס הייזל מיט האַרמאַטן און דאָס פייער איז גע־ווען אַזוי שטאַרק, אַז די זעקס האָבן נישט באַוויזן אַרויס־צובאַקומען זיך פון דאָרט. דאָס הייזל איז פאַרברענט גע־וואָרן מיט זיי אינאיינעם.

אויך דאָס וועלדל האָבן זיי באַשאָסן מיט אַ האַרמאַטן־פייער און נידעריק־אַרומקרייזנדיקע עראָפּלאַנען האָבן אונדז באַשאָסן מיט מאַשין־געווער. זיי זענען געפלויגן אַזוי נידעריק, אַז אונדזערס אַ מינאָמיאָט האָט איינעם געטראָפן און ער איז אַנטלאָפן אַן איינגעהילטער אין רויך.

די אַנדערע דריי עראָפּלאַנען האָבן נישט אָפּגעשטעלט דאָס פייער און מיר זענען געצוווּנגען געווען צוריקצוציען זיך. די עראָפּלאַנען האָבן אונדז נאָכגעיאָגט, ביז מיר זענען אַריין אין וואַלד, ווו עס איז געשטאַנען די גרופּע פון איבער 150 סאָוויעטישע פאַרטיזאַנער אונטערן שוץ פון די געדיכטע ביימער, ביז אַרום איינס בייטאָג.

מיטאמאָל דערזעען מיר, אַז די דייטשן קומען אַרויס פון דאָרף און זיי דערנענטערן זיך צו אונדז. מיר האָבן באַקומען אַ באַפעל, זיי צו לאָזן גיין. זיי האָבן זיך באַוועגט פאָראויס, שיסנדיק אָן אויפהער אין אונדזער ריכטונג. מיר האָבן נישט געענטפערט. די דייטשן האָבן זיך אַלץ דערנענטערט מיט אַ געדיכטן פייער. ערשט ווען זיי זענען שוין געווען אַ דרייסיק מעטער פון אונדז, איז געפאַלן דער באַפעל:

— „אַגאַן”!

און דער וואַלד האָט זיך צעדונערט און צעבליצט. אַ געדיכטן קוילן־האַגל האָט דער וואַלד געשיקט צום קאָרן־פעלד, ווו די דייטשן זענען געלאָפן און געפאַלן און זענען אָפּגעקאָשיעט געוואָרן צוזאַמען מיט די זאַנגען. מיר האָבן געאַרבעט מיט אַלע „כלים”, וואָס מיר האָבן נאָר פאַרמאָגט.

די דייטשן האָבן זיך אויך איצט באַנוצט מיט עראָפּלאַנען און האַרמאַטן. אָבער אין געדיכטן וואַלד, אונטערן שוץ פון די געטרייע ביימער, האָבן מיר פאָרט געהאַט בעסערע פּאָזיציעס, אין דער צייט, ווען די דייטשן זענען געווען אין אָפענעם פעלד און מיר האָבן אַריינגעהאַקט אין זיי אַזוי, ווי מען האַקט קרויט.

מיר זענען אויסגעגאַנגען די פּאַטראָנען. אַ רוסישער פּאַרטיזאַן, וועלכער האָט פּאַטראָלירט די ליניע, איז אָנגעקומען און מיך געפרעגט:

— פאַרוואָס שיסטו נישט, חבר?

—איך האָב שוין נישט מיט וואָס, חבר!

— נאַ דיר און שיס. שיס ברודער, קיין קוילן וועלן נישט פעלן!

און באַלד האָב איך דערזען נעבן זיך אַ גאַנץ קעסטל פּאַטראָנען. איך האָב זיך אַ נעם געטון צו זיי מיט אַ גוטן אַפּעטיט און דאָס האַרץ איז אין מיר געוואַקסן פון פרייד.

פאַרנאַכט האָט זיך די שלאַכט איינגעשטילט.

שפּעטער האָבן פויערים דערציילט, אַז זיי האָבן אָנגעציילט אַ קנאַפּע צוויי הונדערט טויטע דייטשן. די פאַרוווּנדעטע האָבן זיי אַוועקגענומען מיט זיך, אָבער זייער צאָל איז געווען אומגעהויער.

פון אונדז האָט כמעט קיינער נישט געליטן, אויסער די ערשטע זעקס, וואָס זענען פאַרברענט געוואָרן אין דעם הייזל.

צומאָרגנס האָבן מיר געהערט, אַז דייטשע עראָפּלאַנען האָבן באָמבאַרדירט און פאַרברענט דאָס גאַנצע דאָרף וואָליאַ ווירשטשינסקי. די פויערים זענען פאַרבליבן היימלאָז און פאַראָרעמט. כילס גרופּע איז שפּעטער באַפאַלן אַ הויף



מיט דייטשן, צוגענומען ביי זיי אַ פערציק בהמות, וואָס ער האָט צעטיילט די פאַראָרעמטע פויערים.

*

דער פראָנט ביי קאָוועל איז דורכגעבראָכן געוואָרן. די דייטשן זענען געלאָפן צוריק אין בהלה, געלאָפן אָן אָטעם, אין פּאַנישער שרעק.

אַלע פּאַרטיזאַנער־גרופּן האָבן פאַרלאָזן זייערע ערטער און האָבן געצויגן צו די כראַסטיטער וועלדער. דאָ האָבן מיר געהערט, אַז כעלם איז שוין באַפרייט און אַז די דייטשן גראָבן טראַנשייען ביים בוג, אין דער געגנט פון וולאָדאַווע, וווּהין זיי וואַרפן פאַרשטאַרקונג. זיי האָבן אָבער שלעכט אויסגערעכנט, די דייטשן, וואָרעם די רויטע אַרמיי איז גאָר אָנגעקומען פון דער כעלעמער זייט...

די דייטשן האָבן זיך שוין איצט אַזוי פאַרלוירן, אַז זיי האָבן זיך שוין געוואָלט אַריינרייסן אין וואַלד, ווו מיר זענען געשטאַנען, צו געפינען דאָ שוץ. אָבער זיי האָבן דאָ ביי אונדז די אמתע „שוץ” באַקומען. אַ „שוץ”, וואָס איז זיי באַצאָלט געוואָרן פאַר אַלע אונדזערע יאָרן פּיין און יסורים. די, וועלכע זענען צוריקגעלאָפן אין פעלד, האָבן שוין סאָוויעטישע עראָפּלאַנען באַשאָטן מיט „צוקערלעך”...

שבת איז איינגענומען געוואָרן וולאָדאַווע. די רוסישע פּאַרטיזאַנער האָבן באַקומען אורלויב און זענען נאָכדעם אַריינגעצויגן געוואָרן אין דער רעגולערער אַרמיי. די יידישע פּאַרטיזאַנער זענען געשיקט געוואָרן אין די שטעט, ווו זיי האָבן איבערגענומען די מיליץ, באַוואַכט דער באַפעלקערונג און איינגעפירט אָרדענונג.

איינאונדרייסיק יידישע וולאָדאַווער איינוווינער, מיט ביקסן אויף די אַקסלען, האָבן מיר זיך צוריקגעקערט אין אונדזער חרובער היימשטאָט. מיר זענען געגאַנגען דורך אָפּגעברענטע גאַסן, דורך חורבות מיט שטאַרצנדיקע שוואַרצע קוימענס. אונדזערע הערצער זענען אַזוי פאַרשטיינערט געוואָרן, אַז מיר האָבן נישט געקענט אַרויסברענגען אַפילו קיין טרער.

ערשט ווען איך בין שטיין געבליבן אויפן פּלאַץ פון מיין געוועזענער היים, האָט זיך מיין פאַרשטיינערטקייט גענומען אין מיר ברעכן. לאַנג־פאַרטריקנטע טרערן־קוואַלן האָבן זיך צעעפנט און איך האָב געוויינט, געכליפּעט און געהעשעט איף מיין חורבן. דאָ האָב איך געהאַט אַ היים און אַ פאַמיליע, אַ ווייב און קינדערלעך.

— יתגדל ויתקדש שמה רבא!

*

מיר האָבן זיך פֿאַרקליבן אין הויז פֿון יאָסל שיסגאַל (פּנחס ווירקערס איידעם און שעפּטלס שוועד). דאָרט זענען מיר געזעסן אַכט טעג.

אַ וואָך נאָך דער באַפֿרייאונג האָט אונדז אַ פּויער דער־ציילט, אַז נאָענט צו קראַליוווקע ליגן אין אַ גרוב באַהאַלטן דריי ייִדן און זיי ווילן נישט אַרויס פֿון דאָרט. זיי גלויבן נישט די פּויערים, אַז עס איז שוין אויס מלחמה און אַז קיין דייטשן זענען דאָ שוין מער נישטאָ. מיר זענען באַלד אַוועק אַהין און זיי געפֿונען. דאָס זענען געווען מאָטל רייכמאַן (היינט אין ישראל), אברהם־יששכר דעם ראַדזינער רבינס שוואָגער און רחל בנימינס אַ זון. אברהם־יששכר איז דאָרט אָפּגעלעגן אַרום אַנדערהאַלבן יאָר, נישט־רירנדיק זיך פֿון אָרט. זיינע פֿיס זענען אים ווי געליימט געוואָרן און ער האָט נישט געקענט גיין. דאָס איז שוין נישט געווען קיין מענטש, נאָר אַ סקעלעט. מיר האָבן אים צוגעטראָגן צו אַ שאָסיי, פֿאַרהאַלטן אַ לאַסט־אויטאָ און געבעטן דעם שאָפֿער, ער זאָל אונדז אויפֿנעמען. דער אויטאָ איז טאַקע געפֿאָרן קיין וולאָ־דאַווע און ער האָט אונדז געבראַכט אַהיים. אַכט וואָכן איז אברהם־יששכר געלעגן אין בעט, ביז ער איז געקומען צו די כוחות. ער לעבט היינט אין אַמעריקע און איז ראַדזינער רבי.

מיט יעדן טאָג זענען צוגעקומען ייִדן, וולאָדאַווער, פֿון דער אומגעגנט און פֿרעמדע, וואָס האָבן אין אונדזער געגנט איבערגעלעבט. צווישן זיי געדענק איך פֿאָלגנדע משפּחות און פּערזאָנען: שאול רימער מיט פֿרוי און קינדער, וועלכע האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין אַ פּויערישער מיסט־שטאַל. יאַנקל ספּאַקאַיני מיטן זון, וועלכע זענען געלעגן אין אַ גרוב. שטשוריקס ייִנגסטער זון. פּערל דאַבעלעס מיטן מאַן און אַ טאָכטער. לייזער מעלצער. דוד זישעס מיט אַ זון. יאַכע ראָזשאַנקער (נחמיהס טאָכטער). זי האָט איבערגע־לעבט אין אַ חזיר־שטאַל. זיי זענען די ערשטע ייִדן וואָס זענען אָנגעקומען נאָך דער באַפֿרייאונג אין אונדזער חרוב־געוואָרענער שטאָט וולאָדאַווע.

בן אריה

# אין פֿייער פֿון בלוטיקע שלאַכטן

דעם 25־טן אויגוסט 1943. עס איז געווען אַ שטאַרק פֿינצטערע נאַכט, וועלכע מיר האָבן אויסגעקליבן דורכצורייסן די דראָטן־פֿאַר־צוימונג און מיר זענען אַנטלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון וועלדל. מיר זענען געלאָפֿן איינער הינטערן אַנדערן און באַמיט זיך נישט צו פֿאַרלירן זיך אין דער פֿינצטערניש. דער פּחד האָט געיאָגט און מיר האָבן מורא געהאַט אויס־צודרייען זיך, זען, צי אַלע זענען דאָרט. ערשט ווען מיר זענען שוין געווען טיפֿער אין וועלדל האָבן מיר זיך אָפּ־געשטעלט, אַרומקוקן זיך ווו מיר זענען אין דער וועלט. ערשט דאַן האָבן מיר באַמערקט, אַז פֿון אונדזער 9־פּער־זאָניקער גרופּע פֿעלן צוויי. איינער איז געווען דער שוס־טער און די אַנדערע — דאָס מיידל, וואָס איז צוגעשטאַ־נען צו אונדז, געבעטן, אַז מען זאָל זי מיטנעמען אין וואַלד אַריין. עס איז געוואָרן קאַלעמוטנע אויפֿן האַרצן. אָבער עס איז נישט געווען קיין ברירה און מיר האָבן געמוזט ווייטער גיין, געטרייסט זיך, אַז זיי וועלן זיך אָפּגעפֿינען ווען עס וועט ווערן ליכטיק.

מיר זענען ווייטער געלאָפֿן, נישט מיט קיין אויסגע־טרעטענע סטעשקעס, נאָר מיט אומוועגן. די פֿינצטערניש איז געווען אַ געדיכטע און מיר האָבן נישט באַמערקט, אַז מיר האָבן פֿאַר זיך אַ זומפּ. מיר זענען אַריין אין דער טיפֿער בלאָטע און געפֿילט, אַז מיר זינקען. יעדער פֿון אונדז האָט געטראַכט, אַז דאָס איז דער סוף. עס האָט זיך אויסגעוויזן אַז מיר וועלן שוין פֿון דאַנען קיינמאָל נישט אַרויס. איך האָב געטראַכט וועגן מיין גורל: אָט איז מיר געלונגען אַרויסצורייסן זיך פֿון גהינום, געמיינט, אַז איך האָב זיך אָפּגעראַטעוועט פֿונעם טייוולס נעגל און אָט, שוין די ערשטע נאַכט בין איך אַליין געגאַנגען צום טויט. עס האָט זיך אַזוי שטאַרק געוואָלט לעבן, דערלעבן די מפּלה פֿון די בלוטיקע מערדער.

דאָס איז געווען דער כוח, וואָס האָט אונדז געהאָלפֿן

אַרויסרייסן זיך פון דעם טויט אין דער זומפּיקער בלאָטע. איינער דעם צווייטן האָט געהאָלפן און ענדלעך זענען מיר געווען אויף דער טרוקעניש.

ווידער האָבן מיר גענומען לויפן. אין די אויערן האָט עס גערוישט און עס האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז מען יאָגט אונדז נאָך. מיט די לעצטע כוחות זענען מיר געלאָפן אַלץ ווייטער פון די שונאים. אָט זענען מיר שוין אַריבער די אייזנבאַן־ליניע, דעם שאָסיי, נעבן דאָרף פּריוועראַוויע. מיר זענען צוגעקומען צו אַן אָזערע, געוואָלט גיין ווייטער, אָבער עס האָט שוין אָנגעהויבן צו טאָגן. פון אַלע זייטן האָט געלויערט די געפאַר אַריינצופאַלן צו די דייטשן. מיר זענען אַריין צווישן די קוסטעס, געוואָלט זיך אָפּרוען און טראַכטן וואָס ווייטער צו טון.

פונעם שאָסיי איז דערגאַנגען צו אונדז דער טומל פון די דייטשע טאַנקעטעס, אויטאָס און מאָטאָציקלען, וועלכע זענען געפאָרן איבערן נאָענטן שאָסיי. מיר האָבן זיך אָפּ־געגעבן אַ חשבון, אַז מיר זענען נאָענט צום שאָסיי און יעדע מינוט קען אונדז עמיץ פון די דייטשן דערזען. מיר האָבן דערפאַר באַשלאָסן צו גיין ווייטער, אַריינקריכן זיך אין די דעבאַקער וועלדער.

ווען מיר זענען שוין געווען טיף אין וואַלד האָבן מיר זיך אָנגעזעצט אָפּרוען. פאַרשטעקט צווישן די ביימער, האָבן מיר אַזוי אָפּגעוואַרט ביז עס איז צוגעפאַלן די נאַכט און אין דער פינצטערניש האָבן מיר אָנגעהויבן גיין ווײַ־טער, נישט געוווּסט צי מיר גייען אין דער ריכטונג אויף מזרח, צי אין אַן אַנדערער זייט. די פינצטערניש איז גע־ווען אַזוי געדיכט, אַז מיר האָבן נישט געזען איינער דעם אַנדערן און נישט געווען זיכער צי מיר באַוועגן זיך פאָרויס אָדער צוריק.

אַזוי האָבן מיר אַרומגעבלאָנדזשעט אין וואַלד דריי טעג, אָן ברויט און אָן וואַסער. דער פחד האָט אונדז נישט אָפּגעלאָזט. אַלע ווײַלע האָט זיך אונדז אויסגעוויזן, אַז מיר הערן אַ גערויש, אַ טומל פון נאָכיאָגנדיקע דייטשע זעל־נער, ס. ס.־לייט און אָט ,אָט דערנענטערן זיי זיך צו אונדז.

אויפן פערטן טאָג האָבן מיר ענדלעך דערזען ווי דער וואַלד ענדיקט זיך. פון דער ווייטנס האָבן זיך געזען די פעלדער, וועלכע די פויערים האָבן באַאַרבעט. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט, באַראַטן זיך וואָס צו טון. אַרויסגיין צו די פויערים איז געווען אַ ריזיקע. מיר האָבן געוווּסט פון אַ סך פאַלן, וואָס די פויערים האָבן איבערגעגעבן דער געסטאַפּאָ אַנטלאָפענע יידן. מיר זענען אָבער געווען פול־שטענדיק צעבראָכן, פיזיש און גייסטיק, געטראַכט, אַז אין אַזאַ סיטואַציע וועלן מיר סיי־ווי־סיי נישט אויסהאַלטן. עטלעכע פון אונדז זענען אַרויס פון וואַלד, דערנענטערט



זיך צו די פויערים און געפרעגט זיי אויפן נאָמען פון דער־נעבנדיקן דאָרף. דאָס איז געווען דער דאָרף דעבאַק. מיר האָבן זיי אויסגעפרעגט אויף עטלעכע ריכטונגען, כדי זיי זאָלן זיך נישט אָריענטירן אין וועלכער ריכטונג מיר האָבן באַשלאָסן צו גיין. מיר האָבן געוווּסט, אַז אין די דערפער נאַוועליס און ראַדיש האָבן די דייטשן מורא צו קומען, ווייל דאָרט הערשן די פאַרטיזאַנער און נישט איינמאָל האָבן זיי פאַרשאַפט די דייטשן אַ סך קרבנות.

ענדלעך זענען מיר אָנגעקומען אין דאָרף נאַוועליס. ווו איך האָב געהאַט אַ סך באַקאַנטע פויערים און געהאָפט, אַז זיי וועלן אונדז נישט מסרן. מיר זענען טאַקע אַריין צו אַ פויער, אַרומגעוואַשן זיך, אָפּגעגעסן. באַלד זענען אָנ־געקומען עטלעכע פאַרטיזאַנער, וועלכע מען האָט מודיע געווען וועגן אונדז און זיי האָבן אונדז אָפּגעפירט אין וואַלד, אין וועלכן עס האָבן זיך געפונען די פאַרטיזאַנער פון וואָ־ראָשילאָווסקי־אָטריאַד. דאָרט האָבן מיר באַגעגנט נאָך דריי יידן פון דאַמאַטשעווע, וועלכע האָבן געאַרבעט צו־זאַמען מיט אונדז ביי דער זעלבער ס.ס.־אָפּטיילונג. מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז זיי זענען אויך אין דער זעלבער נאַכט אַנטלאָפן. איצט זענען מיר געווען צוזאַמען ניין יידן, וועלכע מען האָט צוגעפירט צום שטאַב. פון וואַנען עס איז צו אונדז אַרויסגעקומען דער קאָמאַנדיר גולאַיעוו. זיינע ערשטע ווערטער זענען געווען:

„אָ, יעווריעי, האָט איר גאָלד?"

די פאַרטיזאַנער האָבן זיך געוואָרפן אויף אונדז באַ־זוכן. דער קאָמאַנדיר אַליין האָט יעדן באַזונדער באַטאַפּט. איבערגעדרייט די קעשענעס. נישט געפינענדיק ביי אונדז קיין שום זאַך, האָט ער אונדז געהייסן אַוועקלייגן זיך אויף דער ערד, מיטן פנים אַראָפּ און גענומען אונדז מערדערלעך שלאָגן, ביז די מלבושים זענען שוין געווען דורכ־געווייקט פון בלוט.

דערנאָך האָט ער באַפוילן אַוועקצופירן אונדז אויף דער דערנעבנדיקער לאָנקע, ווו מען האָט אונדז אַוועקגעזעצט נעבן אַ סטויג היי און געהייסן וואַרטן. נאָך אַ געוויסער צייט, וואָס האָט זיך געצויגן ווי אַן אייביקייט, האָט מען אונדז צוגעברענגט אַן עמער מיט עסן.

אין אַ געוויסן מאָמענט איז דורכגעפאָרן פאַרביי אונדז אַ ייד פון אונדזער שטעטל, סענדער אָרטשעס. ווען ער האָט געזען ווי מען האָט אונדז צעשלאָגן, האָט ער אונדז געטרייסט, אַז מיר זאָלן זיך נישט איבערנעמען. דער קאָמאַנדיר איז טאַקע אַ שונא ישראל, אָבער מ'האָט אים אין דער ערד.

ער איז ווייטער געפאָרן און מיר זענען געבליבן זיצן ביים סטויג היי. עס האָט נישט לאַנג געדויערט און מען האָט אונדז צוגעברענגט צוויי פלעשער ברען־מאַטעריאַל און באַפוילן

מיר זאָלן גיין קיין דאמאטשעווע, ווו אונדזער אויפגאַבע איז צו פאַרברענען די כאַטעס, אין וועלכע עס געפינען זיך דייטשן.

מיר האָבן זיך פונאַנדערגעטיילט אין צוויי גרופּן און אַריין אינעם שטעטל פון צוויי זייטן. עס איז אונדז געלונגען צוצוקריגן זיך צו די דייטשע כאַטעס, וועלכע מיר האָבן אונטערגעצונדן. די דייטשן האָבן גלייך באַמערקט דאָס פייער און עס איז געוואָרן אַן אַלאַרם. גאָר גיך איז זיי געלונגען צו פאַרלעשן דאָס פייער. פון אַלע זייטן האָט מען אויף אונדז געשאָסן, באַלויכטן דעם וועג מיט ראַקעטעס. דאָך איז אונדז געלונגען אַרויסצוקריגן זיך פון שטעטל בשלום און צולויפן צום וואַלד.

אין וואַלד האָבן מיר זיך ווידער צונויפגעטראָפן און צוזאַמען צוגעקומען צום שטאַב פונעם פאַרטיזאַנער אָטריאַד. מיר האָבן נישט באַוויזן זיך אָפּצורוען און מען האָט אונדז באַלד ווידער געשיקט אויף אַ „זאַדאַניע". מיר האָבן געדאַרפט ווידער אונטערצינדן אַ מאַגאַזין מיט תבואה, וואָס די דייטשן האָבן צוגענומען ביי די פּויערים.

מיר זענען שוין געהאַט אַ ביסל געקומען צו זיך פון די מערדערישע קלעפּ, וואָס די פאַרטיזאַנער האָבן אונדז מכבד געווען און שוין מער באַהערשט האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזט אויספירן אונדזער אויפגאַבע. מיר זענען איצט געגאַנגען אין דריי גרופּן. מיט מיר איז געווען יצחק קאַמעניצקי און הערשל שטעפער. אין דער פינצטערניש האָבן מיר זיך צוגעקריגן צום תבואה־שפייכלער און אים אונטערגעצונדן. מיר זענען קוים אַפּגעלאָפן עטלעכע טריט און עס האָבן זיך גלייך דערהערט די געשרייען פון דייטשע זעלנער. דאָס פייער האָט באַלויכטן דעם גאַנצן אַרום. איבער אונדזערע קעפּ האָט עס געהאגלט מיט קוילן און מיר זענען אַריין אין די בראָזנעס און זיך אַוועקגעלייגט אויף דער ערד ביז די שיסעריי איז געוואָרן שטילער און מיר האָבן זיך גענומען שאַרן צום וואַלד.

עס האָט אונדז דעמאָלט נאָך געפעלט די נויטיקע דערפאַרונג. דער טומל און טרעוואָגע, וואָס אונדזער שריפה האָט אָנגעמאַכט אינעם שטעטל, האָט פאַרשאַרפט די אויפמערקזאַמקייט פון די זעלנער און ס.ס.־לייט און די אַנדערע גרופּן האָבן שוין גאָרנישט געקענט טון. זיי האָבן געמוזט צוריקציען זיך נישט־אויספירנדיק זייער אויפגאַבע.

אויף צומאָרגנס אינדערפרי האָבן מיר זיך ווידער צונויפגעטראָפן אויפן באַשטימטן אָרט און מיר זענען צוזאַמען געגאַנגען צום פאַרטיזאַנער שטאַב, ווו מיר האָבן אָפּגעגעבן דעם באַריכט וועגן אונדזער אָפּגעטוענער אַרבעט.

באַלד האָבן זיי אונדז ווידער געהייסן צוריקגיין אין שטעטל, געגעבן ברען־מאַטעריאַל מיטן באַפעל צו פאַרברענען די וויכטיקסטע פלעצער, וואָס די דייטשן האָבן פאַרנומען. מיין גרופּע האָט געדאַרפט גיין אויף קאַצי, נעבן דאַמאַטשעווע, ווו עס האָבן געוווינט פאָלקסדויטשן און מיר האָבן געדאַרפט



פאַרברענען זייערע כאַטעס. דערנענטערנדיק זיך צום דאָרף האָט זיך אויפגעהויבן אַ שרעקלעכע געבילעריי פון הינט, אָבער נישט געקוקט דערויף האָבן מיר זיך ווייטער גערוקט, דערנענטערט זיך צו די שייערן און זיי אונטערגעצונדן. אין יענער נאַכט איז אויך די אַנדערע צוויי גרופּן געלונגען אויסצופירן זייער אויפגאַבע. דערמוטיקטע האָבן מיר אויף צומאָרגנס אָפּגעגעבן אונדזער באַריכט אינעם שטאַב פון פאַרטיזאַנער אַטריאַד. דאַן איז צוגעקומען צו אונדז דער קאָמיסאַר און געמאָלדן, אַז דער אָטריאַד טראָגט זיך איבער אויף אַ צווייט אָרט און מיר קענען גיין וווהין מיר ווילן.

מיר האָבן זיך נישט שטאַרק איבערגענומען מיט דעם, וואָס די פאַרטיזאַנער ווילן אונדז נישט מיטנעמען. מיר האָבן געטראַכט, אַז מיר וועלן דאָ אין וואַלד געפינען אַ פריינטלעכערן פאַרטיזאַנער אָטריאַד, וואָס וועט אונדז אויפנעמען.

עס טרעפט, אַז איך מאַך צו אויף אַ רגע מיינע אויגן און כ'ראָג זיך אַריבער צו יענע מטורפדיקע טעג און נעכט, זע איך אויך ווי דערשראָקענע פייגל, וואָס האָבן בעת די שיסערייען זיך געלאָזט פליען הויך צו די הימלען. זיי האָבן געוואָלט אַנטלויפן וואָס ווייטער פון די מענטשנס שגעון. עס פלעגט טרעפן, אַז אַ פייגעלע איז געטראָפן געוואָרן פון אַ קויל און שטיל אַראָפּגעפאַלן אויף דער ערד. אַמאָל איז אַ פייגעלע לייכט פאַרוווּנדעט געוואָרן פון אַ שפּריץ פון אַ גראַנאַט און גענומען שפּרינגען פון איין בוים אויפן צווייטן. דערזעענדיק דאָס האָט עס אַ ברי געטאָן ביים האַרץ.

דאָס פלעגט אָבער טרעפן זעלטן, ווייל אין יענע שעהן האָבן מיר גאָרנישט געזען אַרום זיך אויסער ברענענדיקן וואַלד און געהערט פייפנדיקע קוילן, קנאַלערייען, וואָס האָבן פאַרהילכט דעם גאַנצן וואַלד און מיר האָבן געהאַט דאָס געפיל, אַז דער מענטשלעכער שגעון וועט זיך קיינמאָל נישט ענדיקן.

די טעג און נעכט פון וואָגל און קאַמף, פון אומאויפהערלעכן וואַנדערן פון אָרט צו אָרט, כדי אַרויסצודרייען זיך פון באַלאַגערונגען, האָבן נישט געקענט פאַרווישן די פריערדיקע איבערלעבענישן, די גרוילן, וואָס איך האָב צוגעזען, אין די נעכט. אויפן געלעגער אויף דער ערד אָדער בעתן גיין אויספירן אַן אויפגאַבע, זענען פון מיינע אויגן נישט אָפּגעטראָטן די פאַרשידנערליי גרויזאַמע בילדער. ווי פאַרהאַרטעוועט עס איז נישט געוואָרן מיין כאַראַקטער פונעם וואַלד־לעבן, האָב איך זיך דאָך נישט געפונען קיין רו.

אין דער געגנט האָט כסדר געהערשט אומרו. עס זענען אַרומגעפאָרן פאַרטיזאַנער פאַטראָלן און עס איז אָפט געקומען

צו צוזאַמענשטויסן מיט די דייטשן. די פּויערים אין די דערפער האָבן שטאַרק געליטן פון די דייטשן, פלעגן מורא האָבן פאַר דער נקמה, וואָס די דייטשן האָבן דורכגעפירט אין יענע דערפער און גלייך ווי עס האָבן זיך באַוויזן דייטשע זעלנער זענען אַלע פּויערים אַוועק אין וואַלד. אין די צוזאַמענשטויסן צווישן די דייטשן מיט די פּאַרטיזאַנער זענען געפאַלן אַ סך קרבנות פון ביידע צדדים.

ענדלעך איז אונדז געלונגען צוצוקריגן זיך צו די פּאַרטיזאַנער פונעם זשוקאָוו־אָטריאַד און מיר האָבן געפּועלט ביי די קאָמאַנדירן, אַז מען זאָל אונדז אַריינעמען. ערשט דאַן האָט זיך אָנגעהויבן אונדזער פולע מיטבאַטייליקונג אין די שלאַכטן. מיר האָבן אויפגעריסן באַן־ליניעס, אָנטיילגענומען אין אָרגאַניזירטע אָנפאַלן אויף דייטשע וואַך־פּאָסטנס, אונטערגעצונדן דייטשע הייזער און מאַגאַזינען ווי אויך פאַרשידענע אַנדערע קאַמפּס־אויפגאַבן.

דאָס איז געווען ווינטער 1944. מיר זענען נאָך אַלץ געווען אין וואַלד, ווו דער פּחד פאַר די דייטשן איז שוין נישט געווען אַזוי גרויס. אַלע זענען געווען דורכגענומען מיטן גייסט פון קאַמף, אויסגעפּרוווט אין פאַרביסענע שלאַכטן און מיר האָבן גערן אויסגעפילט די קאַמפּס־באַפעלן פון אונדזערע קאָמאַנדירן. אין איינעם אַ טאָג, אין חודש מערץ, האָט דער קאָמאַנדיר פון אונדזער אָטריאַד גערופן אונדז צוצושטעלן זיך אויף אַן אַפּעל און דאַן געמאָלדן אונדז, אַז אויף אונדז איז אַרויפגעלייגט געוואָרן אַ וויכטיקע אויפגאַבע, וואָס איז פאַרבונדן מיט אַ שלאַכט מיט אַ דייטשער מיליטערישער איינהייט, אין וועלכער עס זענען פאַראַן אַ סך וולאַסאָווצעס.

מיר זענען שוין געווען אויפן וועג ווען מען האָט אונדז געזאָגט, אַז מיר גייען אויף שאַצק, אַ ראַיאָן־צענטער, וואָס איז באַהערשט פון אַ שטאַרקער דייטשער מיליטערישער איינהייט. מען האָט אונדז איבערגעגעבן ווי אַזוי עס זעט אויס דער מצב און צוגעגרייט צום איבערפאַל, אַרויסגעגעבן די לעצטע אינסטרוקציעס.

אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט איז אונדז געלונגען גיך צו פאַרכאַפּן דעם וואַך־פּאָסטן, וואָס האָט געהיטן דעם צופאָר און אַרומיקע וועגן. דאָס אָרט, ווו עס האָבן זיך געפונען די דייטשע זעלנער, איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ הויכער באַריקאַדע, איבער וועלכער מיר האָבן זיך שטילערהייט אַרויפגעכאַפּט און גלייך געעפנט אַ פייער פון די פאַרשידענע מינים געווער וועלכע מיר האָבן מיט זיך געהאַט. די איבערגעשראָקענע דייטשן האָבן געענטפערט מיט אַ ווילד־שיסעריי, פון וועלכער עס זענען געפאַלן אונדזערע דריי פּאַרטיזאַנער. צווישן זיי איז געווען אונדזער חבר שלומקע רובינשטיין.

מיטן גאַנצן שוווּנג און הורא־געשרייען האָבן מיר זיך



געוואָרפן אין דער שלאַכט און נאָך אַ קורצער צייט האָבן זיך אונדז איבערגעגעבן אין געפאַנגענשאַפט 95 וולאַסאָווצעס. צו אונדז איז דעמאָלט אַריינגעפאַלן אַ סך טראָפעען און 30 פערד און פורן, אַ סך ביקסן און אַנדערע וויכטיקע מאַטעריאַלן. די איבעריקע זאַכן, וועלכע מיר האָבן נישט געקענט מיטנעמען מיט זיך, האָבן מיר פאַרברענט. אויפן שלאַכטפעלד זענען געבליבן אַ סך טויטע דייטשן.

ענטוזיאַסטישע, נאָך דעם נצחון, האָבן מיר זיך אומגעקערט אין אָטריאַד, ווו מען האָט אונדז אויפגענומען מיט גרויס פרייד.

דער קאָמאַנדיר קאָטקאָוו האָט גלייך צונויפגערופן אַן אַפּעל. פון די 100 פּאַרטיזאַנער, וועלכע זענען אַרויס אין דער שלאַכט, האָבן זיך אומגעקערט 97. דער קאָמאַנדיר האָט געהאַלטן אַ קורצע טרויער־רעדע נאָך די געפאַלענע פּאַרטיזאַנער.

די געפאַנגענע, וועלכע האָבן זיך אונדז איבערגעגעבן, האָט דער קאָמאַנדיר פונאַנדערגעטיילט איבער די באַזונדערע קאָמפּאַניעס און זיי האָבן זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר גוטע זעלנער, געקעמפט צוזאַמען מיט אונדז קעגן די דייטשן.

אין יענער צייט האָט אונדז נישט געפעלט אין וואַלד קיין עסן און טרינקען. ערשט ווען עס איז אָנגעקומען דער זומער, איז די לאַגע געוואָרן אַ ביסל ערגער. די דייטשן האָבן זיך אַלץ מער דערנענטערט צו אונדז און זיי האָבן באַגרענעצט אונדזערע באַוועגונגען.

דעם 1־טן מאַי זענען מיר געוואָרן אַרומגערינגלט דורך דייטשע טאַנקען, אונדזער קאָמאַנדיר האָט באַפוילן, אַז מיר זאָלן נישט אַריינלאָזן זיך אין שלאַכט מיט די טאַנקען, קעגן וועלכע אונדזערע כוחות זענען צו שוואַך. אונדז איז געלונגען דורכצורייסן זיך און מיר האָבן דעם 1־טן מאַי געפייערט מיט גרויס שמחה.

קורץ נאָכדעם האָט מען אונדזער אָטראַד פונאַנדערגעטיילט אין צוויי אָפּטיילונגען. איין אָפּטיילונג איז געבליבן אין וואַלד און די צווייטע איז אַריבערגעגאַנגען אין די שאַצקער וועלדער. איך האָב געהערט צו דער צווייטער אָפּטיילונג. קומענדיק אויפן נייעם אָרט האָבן מיר זיך גלייך אויפגעשטעלט ביידלעך, פאַרבונדן באַקאַנטשאַפט מיט אַנדערע פּאַרטיזאַנער־גרופּן, וועלכע זענען דאָרט געווען פון פריער.

עס האָט נישט גענומען קיין סך צייט און מיר האָבן באַקומען אַ ידיעה, אַז דייטש־מיליטער דערנענטערט זיך צום וואַלד, ווו מיר געפינען זיך. עס זענען גלייך פונאַנדערגעשטעלט געוואָרן וואַכן און קאַמפּס־גרופּן. ווען די דייטשן זענען צוגעקומען האָבן מיר זיי אַריינגעלאָזט נישט אויס־

געגעבן אונדזער אָנוועזנהייט. ערשט ווען זיי זענען שוין געווען טיפער אין וואַלד, האָבן מיר אויף זיי געעפנט אַ געדיכטע שיסעריי. עס איז ווייניק פון זיי געבליבן, וואָס האָבן זיך געראַטעוועט, איבערלאָזנדיק זייער געווער אין וואַלד, אָבער באַלד נאָכדעם איז אָנגעקומען אַ גרויסער מיליטערישער כוח און די שלאַכט, וועלכע מיר האָבן דעמאָלט געפירט מיט די דייטשן האָט געדויערט דריי טעג.

דער דייטשער מיליטערישער כוח איז געווען פיל גרעסער אין צאָל פון אונדז און די איבערגעוויכט איז בפירוש געווען אויף זייער זייט. מיר האָבן זיך געמוזט צוריקציען. מיר זענען געגאַנגען דורך זומפן, בלאָטעס און וואַסערן, ביז מיר זענען אָנגעקומען צו די טשערסקער וועלדער, ווו מיר האָבן זיך ווידער אָרגאַניזירט און ווייטער געפירט דעם קאַמף קעגן די דייטשן. אָרגאַניזירט פאַרשידענע אָנפאַלן, דורכגעפירט פאַרביסענע שלאַכטן, ביז עס האָט זיך דערנענטערט די רויטע אַרמיי און מיר זענען ענדלעך געווען פריי.

די ערשטע זאַך וואָס איך האָב געטון, איז געווען גיין אינעם שטעטל ווו איך האָב געוווינט פאַר דער מלחמה. יידן אין שטעטל זענען אַלע אומגעקומען. צווישן זיי אויך מיין משפחה, אַ פרוי מיט דריי קינדער.

אַ צעבראָכענער בין איך געשטאַנען ביי די צוויי מאַסן־קברים, אין וועלכע עס זענען באַגראָבן געוואָרן די יידן פון שטעטל. מיט אַ קול, וואָס האָט זיך געשטיקט פון טרערן, האָב איך געזאָגט קדיש.

צוריקקומענדיק אינעם אָטריאַד האָט אונדז איבערגענומען די רויטע אַרמיי, איינגעגלידערט אין פאַרשידענע איינהייטן, אין וועלכע מיר האָבן געקעמפט אין די שלאַכטן ביז וואַרשע, ווו מיר זענען געשטאַנען אַ געוויסער צייט און דערנאָך ווייטער מאַרשירט פאָרויס ביז בערלין.

ווען די רויטע אַרמיי האָט אונדז באַפרייט בין איך גלייך אַוועק אינעם שטעטל, ווו איך האָב געוווינט פאַר דער מלחמה. אַ צעבראָכענער בין איך געבליבן שטיין ביי די צוויי גרויסע מאַסן־קברים, ווו מען האָט באַגראָבן די אויסגעשאָסענע יידן פון שטעטל. איך האָב געזאָגט קדיש.

אומקערנדיק זיך קיין וולאָדאַווע, האָב איך די שטאָט



נישט דערקענט. איך האָב גענומען גיין איבער די גאַסן, ווו אַלץ איז געווען פרעמד. אָט בין איך אויף דער יאטקע־גאַס, ווו איך בין געבוירן און דערצויגן געוואָרן. אַלץ איז דאָ צעשטערט. קיין ווינקל איז נישט ענלעך צו דעם בילד פון מיינע קינדער־יאָרן. אַלץ זעט אויס אַזוי ווייט, אַזוי פרעמד און אַזוי פיינטלעך.

נאָך עטלעכע טעג אַרומדרייען זיך אין וולאָדאַווע איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז איך האָב דאָ נישט וואָס צו טון, אַז ס'איז דאָ נישטאָ קיין אָרט פאַר מיר, פאַר קיין שום ייד.

איך בין צוריקגעפאָרן קיין לאָדזש, ווו איך האָב זיך דערוווּסט, אַז מיין ברודער הערשל איז אַוועקגעפאָרן קיין איטאַליע און מיין גרעסטע שטרעבונג איז איצט געווען צו באַגעגענען זיך מיט אים.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך דערפילט ווי אַ שטאַרקע קראַפט וואָלט מיך געצויגן ווידער צו פאָרן קיין וולאָדאַווע, אַפשר וועל איך דאָך טרעפן דאָרט עמיצן פון מיינע נאָענטע אָדער דערוויסן זיך עפּעס וועגן עמיצן פון אונדזער משפחה.

אַזוי איז טאַקע געווען, גלייך ווי איך בין אָנגעקומען קיין וולאָדאַווע, האָט מען מיר געזאָגט, אַז מיין ברודער הערשל איז צוריקגעקומען פון איטאַליע און געפינט זיך אין כעלם.

איך בין גלייך צוגעפאָרן קיין כעלם, אויף דער אַדרעס, וואָס מען האָט מיר אָנגעוויזן. צוקומענדיק צום הויז האָט מען מיר געזאָגט, אַז מיין ברודער איז אַוועק דאַווענען, אָבער מען האָט נישט געוווּסט ווו עס געפינט זיך דער בית המדרש אָדער שטיבל, ווו ער האָט געדאַוונט.

איך האָב זיך גענומען זוכן דאָס שטיבל, וועלכעס איך האָב געפונען מיט גרויס מי. איך בין דאָרט אַריינגעקומען אָנגעטון אין אוניפאָרם פון דער רויטער אַרמיי, גענומען זוכן צווישן די צוויי מנינים יידן, דאָס פּנים פון מיין ברודער און אין דער זעלבער מינוט האָב איך דערפילט ווי ער פאַלט אויף מיר אַרויף, נעמט מיך האַלדזן און קושן. ער האָט מיך גלייך דערקענט און פון גרויס פרייד האָבן זיך די טרערן גענומען גיסן פון אונדזערע אויגן. נאָך דעם מוראדיקן חורבן איז עס געווען די גרעסטע פרייד אין מיין לעבן.

# אַ פּאַרטיזאַנער־פירער איז געפאַלן

**ע**ס איז געווען דאַן, ווען די גרופּע האָט זיך געהאַט געשפּאַלטן,ביים בוג. אַ קליינע און שוואַך־באַוואָפנטע גרופּע (מערסטנס פּרויען), איז אַריבער דעם בוג און די גרעסערע גרופּע, מיטן געווער, האָט זיך אומגעקערט.

לעאָן נ. מיטן מאַשין־געווער און איך, זיין פאַרטרעטער, זענען געווען אין דער גרופּע, וואָס האָט זיך אומגעקערט אין וואַלד אַריין.

דער טאָג האָט אונדז אָנגעיאָגט און מיר זענען געווען געצוווּנגען אָפּצושטעלן זיך און באַהאַלטן זיך אין די קוסטן. מיט אונדז צוזאַמען זענען אויך געווען עטלעכע רוסישע פּאַרטיזאַנער. פּלוצלונג האָבן מיר דערהערט אַ געדיכטע שיסעריי און מיר זענען זיכער געווען אַז מיר האָבן אונדזער קליינע, שוואַכע גרופּע פאַרלוירן, אַז מען האָט זיי שוין אויסגעשאָסן. מיר האָבן דייטלעך געזען די באַוועגונג פון די דייטשן און גרייט געהאַלטן דאָס געווער צו דערלאַנגען פייער. זיי האָבן אונדז אָבער אויסגעמיטן, זענען אַוועק אין אַן אַנדער ריכטונג און מיר זענען דאָרט געבליבן ליגן אַ גאַנצן טאָג.

איינער פון די רוסן האָט דאַן געזאָגט:

— חברה, עס איז אַ זיכערע זאַך, אַז די דייטשן באַוואַכן איצט שטאַרק דעם בוג. לאָמיר זיך אומקערן, רעביאַטאַ, צוריק אויף אונדזער פריערדיקן אָרט.

היות מיר זענען איצט געבליבן אָן אונדזער פירער משה ליכטנבערג, איז אונדז נישט אויסגעקומען צו טון מער ווי דאָס, וואָס דער רוסישער פּאַרטיזאַן האָט פאָרגעלייגט און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזן צוריק.

אַרום פינף מעת־לעת האָט געדויערט דער צוריקוועג. מיר זענען געגאַנגען ביינאַכט און גערוט בייטאָג. איינמאָל האָבן מיר גערוט אין אַ סטאָדאָלע. דאָס מאָל איז איינער פון די רוסן געשטאַנען אויף דער וואַך און מיר האָבן זיך געלייגט שלאָפן.

דאָס איז געווען אַ שלאָף, וואָס האָט אונדז געקענט קאָסטן אונדזער אַלעמענס לעבן, וואָרום מיר זענען דאַן געבליבן אָן אַ וואַך און אָן אונדזער מאַשין־געווער.

גאַנץ פּשוט: אונדזער וואַכמאַן, דער רוסישער פּאַרטיזאַן, האָט צוגעגנבעט דעם „ר.ק.מ.״ און איז זיך מיט אים אַוועק, לאָזנדיק אונדז אויף הפקר.

ווען מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט און דערזען, אַז דאָס בעסטע געווער פעלט אונדז, זענען מיר פּשוט פאַרצווייפלט געוואָרן. און ווי האָט עס אַ וואַכמאַן געוואַגט צו לאָזן אַ גאַנצע גרופּע אויף הפקר?

מיר הייבן אָן אַריינטראַכטן: „אפשר איז דאָס גאָרנישט קיין פּאַרטיזאַן, נאָר אַ שפּיאָן, אַ פאַררעטער און ער איז אַוועק צו די דייטשן, אונדז מסרן? געווען מיינונגען, אַז ער איז נישט אַנדערש נאָר אַ באַנדיט!

פאַרפאַלן נישטאָ די „ר.ק.מ.״!

מיר האָבן איילִיק פאַרלאָזט די סטאָדאָלע און, מיט פאַרביטערטע געמיטער, האָבן מיר זיך ווייטער אַוועקגעלאָזט אין וועג אַריין, צוריק צו דער „אָכאָזשע״. דאָס איז אַ זומפּ, באַוואַקסן מיט בוימלעך.

*

צוויי וואָכן שפּעטער, אין אַ פאַרטאָג ווען איך בין געשטאַנען אויף דער וואַך, האָב איך דערהערט טריט און איך האָב אַלאַרמירט מיינע חברים. איך בין זיכער געווען, אַז פּויערים אָדער דייטשן גייען אויף אונדז. אָבער ווען זיי זענען נענטער צוגעקומען, זענען מיר געוואָרן פריידיק־איבעראַשט: משה ליכטנבערג איז דאָ! משה ליכטנבערג אין דער באַגלייטונג פון שמואל און חיים טענצער־פישמאַן! ניין, די סטאַדע איז ווידער נישט הפקר, דער פּאַסטוך אונדזערער איז צוריקגעקומען...

זיין ערשטע פראַגע איז געווען:

„וואָס הערט זיך מיטן קעלבל?״

געמיינט האָט ער דאָס מאַשין־געווער. ווי אַזוי ער האָט זיך עס אין די ווייטע וועלדער דערוווּסט פון אונדזער איבערלעבעניש און פאַרלוסט איז פאַר מיר געבליבן אַ סוד. פּלוצלונג האָט ער אַ זאָג־געטון אַנטשלאָסן:

„דאָס מאַשין־געווען מוז זיין צוריק! דאָס זאָל מיך אַפילו קאָסטן מיין לעבן, וועל איך עס אָפּנעמען. דאָס איז אונדזער! יידיש געווער! וווּהין, מיינט איר, איז ער אַוועק?

„מיר מיינען, אַז ער געפינט זיך אין דאָרף זאַהייקע.

מיר האָבן געהערט, אַז אַ רוס מיט אַ מאַשין־געווער געפינט זיך דאָרטן. מסתמא ער.״

משה ליכטנבערג האָט אויסגעקליבן עטלעכע פּערזאָן, וועלכע זאָלן מיטגיין מיט אים אין דאָרף זאַהייקע. דאָס דאָס זענען געווען: שמואל ס., חיים טענצער, חאַסיע און מאָטל ראָזנבערג, משהס פּאַרטרעטער.

„אַז איך וועל האָבן דאָס מאַשין־געווער צוריק, וועל איך אייך אויך באַזאָרגן מיט שטיוול״ — האָט ער געזאָגט פאַרן אַוועקגיין.

אין דאָרף זאַהייקע, וווּ אַלע פּויערים האָבן משה ליכטנבערגן גוט געקענט און טייל זענען אַפילו געווען מיט אים באַפריינדעט, איז גראָד פאָרגעקומען אַ חתונה.

„דאָרט וועלן מיר אים טאַקע געפינען!״ — האָט משה געזאָגט.

ער איז מיט זיינע חברים אַוועק אויף דער שמחה. מען האָט די פּאַרטיזאַנער דאָרט פריינדלעך אויפגענומען און מכבד געווען מיט אַ גוטן טרונק. אין דעם האָט משה דערזען דעם רוסישן געווער־גנב און ער איז צו אים צוגעגאַנגען מיטן כוס אין דער האַנט. מיט דער צווייטער — האָט ער אים שטיפעריש געקלאַפּט איבערן אַקסל:

„דו האָסט אַ לייטיש שטיקל געווער, האָב איך געהערט. מאָלאָדיעץ!... זאָג מיר, ברודערל, וווּ האָסטו דאָס גענומען דיין מאַשין־געווער? האַ?...״

״גענומען וווּ איך האָב געקענט״ — האָט יענער שאַרף געענטפערט.

„אויב דו האָסט עס אויסגעקעמפט, ביסטו ווירקלעך אַ מאָלאָדיעץ! אָבער דו האָסט עס פּשוט געגנבעט, ברודערל, איז עס זייער נישט שיין. און דו וועסט עס, מיט חרפה, דאַרפן צוריקגעבן.״

„הערט, ברידערלעך!״ — האָט זיך דער פּויער מונטער אָנגערופן — צו וואָס זאָלן מיר דאָ מאַכן אין שטוב אַ טומל און פאַרשטערן אַ שמחה? אָט, קומט בעסער אַרויס אינדרויסן, וועלן מיר זיך דורכשמועסן און מיר וועלן די פראַגע „ראַזביערייען״.

„גוט. קום אַרויס אינדרויסן״ — האָט ליכטנבערג מסכים געווען.

עס איז אויסגעקומען אַזוי, אַז משה ליכטנבערג מיט זיינע חברים זענען אַרויס די ערשטע (אפשר כדי דער רוס זאָל נישט קענען אַנטלויפן?) און דער רוס איז נאָכגעגאַנגען דער לעצטער. ווען ער איז שוין געווען ביי דער טיר, האָט ער געכאַפּט זיין מאַשין־געווער און נאָכגעלאָזט עט־



לעכע זאַלפן אויף די אַרויסגעגאַנגענע פאָראויס. משה ליכטנבערג, חיים טענצער און מאָטל ראָזנבערג זענען געפאַלן אויפן אָרט. חאַסיע ברייזבלאַט און שמואל סטול זענען קוים אַנטלאָפן מיטן לעבן, זיי זענען צומאָרגנס צוריקגעקומען, יעדערער באַזונדער, און האָבן אונדז אָנגעזאָגט וועגן דעם אומגליק.




...מיט גליאיקן אייפער האָבן די וולאָדאַווער יידישע פּאַרטיזאַנער אויסגעפירט נקמה־אַקציעס קעגן דייטשן און פּאָליאַקן, וועלכע האָבן געמאָרדעט יידן.

דאָס פאַלן פון דעם פּאַרטיזאַנער־פירער משה ליכטנבערג האָט אונדז געטראָפן, ווי אַ דונער. די טרויעריקע בשורה האָט זיך בליץ־שנעל פאַרשפּרייט איבערן גאַנצן וואַלד. אַלע פּאַרטיזאַנער זענען דערציטערט געוואָרן. טרויער און פאַרצווייפלונג האָבן אַרומגענומען אַלע וואָגלענדיקע וואַלד־גרופּן, וועלכע האָבן זיך מער קיין אָרט נישט געקענט געפינען.

די וולאָדאַווער יידישע פּאַרטיזאַנער האָבן פאַרלוירן זייער קאָמאַנדיר.

עס האָבן זיך דערטראָגן צו אונדז קלאַנגען, אַז דער רוסישער פאַרעטער מיטן מאַשין־געווער אָרגאַניזירט נאָך פּויערים, וועלכע זאָלן אַרויס קעגן אונדז און אונדז איינגאַנצן פאַרניכטן. מיר האָבן אויסגעוויילט סטולן, וועלכער ווייסט שוין דעם וועג איבערן בוג אַריבער, אַז ער זאָל אונדז אַריבערפירן אויף יענער זייט, כדי זיך צו פאַראייניקן מיט יענער האַלבער גרופּע. מיר האָבן זיך טאַקע באַלד אַוועקגעלאָזט צום בוג. אָבער געגאַנגען זענען מיר מוטלאָז, מיט געזונקענע קעפּ און שווערע געמיטער, ווי אַ צעקלאַפּטע אַרמיי וואָס טרעט־אָפּ פון איר שלאַכט־פעלד, וווּ איר פירער איז געפאַלן.

שלמה שטראַוס־מאַרקאָ

# די יידישע קאַמפּאַניע

## איר אָנפירער כיל גרינשפּאַן, פּסעודאָנים „דאָמבראָווסקי"

קאַפּיטאַן כיל האָט מען אים גערופן. ער שטאַמט פון דאָרף סאָסנאָוויצע, וולאָדאַווער פּאָוויאַט. זיין גאַנצע משפחה פון דור־דורות זענען געווען פערד־הענדלער. פון דאַנען שטאַמט אויך זיין שוואַכקייט צו שיינע פערד, וואָס זיין פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג האָט פאַרמאָגט אין אַזאַ גרויסער צאָל.

כיל איז נישט געווען קיין „גרויסער געלערנטער". ער האָט קוים געקענט אַביסל עברי, אָבער דערפאַר איז ער געווען אַ גלענצנדיקער אָרגאַניזאַטאָר, אַ זייער פעיקער און געוואַגטער בחור. אָט דער פּשוטער יאַט האָט אָרגאַניזירט אין די פאַרצוווער וועלדער אַ יידישע פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג, וועלכע האָט זיך אויסגעצייכנט אין קאַמף קעגן דער היטלעריסטישער בעסטיע מיט גרויסע טאַטן, וואָס וועלן אַריין אין דער געשיכטע פון פּוילישן און יידישן פאָלק.

דער יונגער, שיינער יאַט, מיט די צוויי פינקלדיקע שוואַרצע אויגן און געדיכטן קאָפּ געלאָקטע האָר איז געווען אַ מענטש מיט אַ גרויס האַרץ. זיין ציל איז איצט געווען — קאַמף און נקמה, אָבער גלייכצייטיק האָט ער נישט פאַרגעסן אין די צענדליקער און הונדערטער שוצלאָזע מענטשן, וואָס האָבן שוין נישט געקאָנט, אָדער זענען נאָך נישט געווען פעיק צו נעמען געווער אין האַנט. כיל אָרגאַניזירט אַ גרויסן טאַבאָר פון אַלטע לייט, פרויען און קינדער, וועלכע ס'איז געלונגען צו אַנטלויפן פון פאַרשידענע געטאָס און לאַגערן.

דער טאַבאָר האָט געציילט ביי אַ דריי הונדערט מענטשן, צווישן זיי אויך אַ גרויסע צאָל האָלענדישע יידן. אין דעם טיפן פוילישן וואַלד האָבן זיי געפונען זייער „צווייטע היים", פאַר וועלכער עס האָט געזאָרגט, געשיצט און דערנערט כיל גרינשפּאַן און זיין פּאַרטיזאַנישע אָפּטיילונג.

עס איז דעריבער קיין וווּנדער נישט, וואָס ער איז געווען ביי יעדן אַזוי באַליבט. וועגן דעם לעגענדאַרן קאַפּיטאַן כיל האָט מען זיך דערציילט פאַרשידענע פאַנטאַסטישע געשיכטעס אין אַ סך לאַגערן און געפענגענישן, ווו יידן האָבן זיך נאָך געפונען.

די קאַמפּס־אָפּטיילונג אונטער זיין אָנפירונג ווערט שפּעטער אָנגעשלאָסן אַלס פערטע קאָמפּאַניע פון דעם באַטאַליאָן א. ל. אויף דעם נאָמען פון „האלאד", וועמענס פירער ס'איז געווען אַלעקסאַנדער סקאטניצקי — „זעמסטאַ".

די אָפּטיילונג איז שוין דעמלט געווען גוט באַוואָפנט, מייַנסטנס דורך געווער דעראָבערטן ביים שונא. זיי האָבן אויך געהאַט אַ סך קורץ־אָפּגעשניטענע ביקסן, וועלכע מען האָט געקאָנט טראָגן אונטער די מאַנטלען, ביי ספּעציעלע אַקציעס. זיי זענען געווען נישט שלעכט אָנגעטאָן. אַ סך האָבן געהאַט אויף זיך דייטשישע מיליטערישע מונדירן און אוניפאָרמען פון עס־עס און געסטאַפּאָ. אַ גרויסער טייל האָט געהאַט פערד צום רייטן.




די פּאַרטיזאַנער — יחיאל און דודקין, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער העלדישקייט אין די שלאַכטן.

כיל האָט געהאַט אַן „איזערנע" האַנט און אַ גרויסן מאָראַלישן כוח, וואָס האָט שטאַרק באַווירקט זיינע זעלנער. אין זיין אָפּטיילונג האָט געהערשט אַ שטרענגע מיליטערישע דיסציפּלין. עס זענען געפירט געוואָרן פאַרשידענע מיליטערישע איבונגען און אויך פּאָליטישע לעקציעס אונטער דער אויפזיכט פון דעם וואַרשעווער מעטאַלאַרבעטער הערש רובינשטיין, וועלכער איז געווען דער פּאָליטישער לייטער — „קאָמיסאַר" — ביי כילן אין דער אָפּטיילונג.

אין אויגוסט 1943 ווערט רובינשטיין צוזאַמען מיט משה פלאַמענבוים־קשעמינסקי אַרויסגעשיקט צו דער סאָוועטישער פאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג אונטער דעם נאָמען „טשערניאַק", וועלכע האָט סטאַציאָנירט אין די בריסקער וועלדער, כדי אָנצוקניפּן אַ קאָנטאַקט. זיי טרעפן זיך דאָרט מיט דעם שעף פון די רוסישע פאַרטיזאַנישע אָפּטיילונגען אויף דעם געביט, זאכאר פילימאָנאָוויטש פּאָפּלאָווסקי, און מיט דעם שטאַב־מיטגליד פון „טשערניאַקס" אָפּטיילונג, ראָמקאָווסקי — אַ ייִדישער בחור פון קראָקע, פּסעוודאָנים „אַנטאָן", וועלכע נעמען זיי אויף דורכצומאַכן אַ צוויי־וואָכיקן קורס פון מינירן.

זיי קומען צוריק מיט אויפרייס־מאַטעריאַל און צינדערס, צוטרעטנדיק גלייך צו דער ערשטער אַקציע.

אויף דעם באַפעל פון כילן ווערן זיי אַרויסגעשיקט מיט נאָך צוועלף מאַן צו צעשטערן די באַן־ליניע נישט ווייט פון מילאַנאָוו אויפן טראַקט לוקאָוו ־ לובלין.

עס איז איבערגעקערט געוואָרן אַ מיליטערישער צוג און עס זענען פאַרניכטעט געוואָרן עלף וואַגאָנען. דער איבעררייס פון באַן־פאַרקער אויף דער דאָזיקער ליניע האָט געדויערט אַ גאַנצן מעת־לעת.

דער געלונגענער קאַמפּס־טאַט האָט איצט צוגעגעבן מוט צו ווייטערדיקע זיגרייכע אַקציעס.

*

רומפּול איז די געשיכטע פון דער ייִדישער פאַרטיזאַנישער אָפּטיילונג. דאָס זענען געווען מענטשן מייסטנס אַנטלאָפענע פון די געטאָס אין פולאַוו, קאַזשימיעזש (קוזמיר), מאַרקושעוו און אַנדערע שטעט. מענטשן, וועמען ס'איז געבליבן אין לעבן בלויז איינס — נקמה נעמען פאַר זייערע אויסגעקוילעטע טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, פרויען און קינדער.

מיט שטאָלץ פלעגט כיל דערציילן וועגן זיי אין די לאַנגע ווינטערדיקע אָוונטן פון די יאָרן 1946—1947 אין זיין וווינונג אויף דער פּיעטרקאָווער גאַס אין לאָדזש. די צוויי קליינע שטיבלעך, אין וועלכע ער האָט געוווינט נאָך



דער מלחמה, זענען געוואָרן דער טרעף־פונקט פון אַלע פאַרטיזאַנער, וועלכע זענען נאָר געקומען קיין לאָדזש. זיין גאַסטפריינטלעכקייט, זיין בענקשאַפט צו אַ קאָלעקטיוון לעבן איז אים טאַקע געבליבן נאָך פון די פאַרטיזאַנישע צייטן. נישט איין מאָל זענען ביי אים פאָרגעקומען געמיינזאַמע אָוונטן, טיילמאָל אויך באַשפּריצט ווי ביי אמתע פאַרטיזאַנער מיט אַ „ביטערן טראָפּן"... דעמלט האָט מען זיך געטאָן דערמאָנען אין די דורכגעפירטע פאַרשידענע אַקציעס... אין די געפאַלענע חברים... אין דעם לעבן אין די פאַרטשעווער וועלדער...

„מאַרקאָ, מאַרקאָ — פלעגט ער גוטמוטיק שאָקלען מיטן קאָפּ און לאַכן, ווען ער האָט מיך געכאַפּט, אַז אָנשטאָט בראָנפן האָב איך אַריינגעגאָסן אין גלעזל וואַסער — ווען דו זאָלסט געווען האָבן אַזעלכע יום־טובים ווי מיר אין דאָרף בויקי, וואָלסטו היינט אויך געקענט טרינקען.

כיל איז אויפגעשטאַנען פון זיין פלאַץ און גענומען דערציילן. דאָס איז געווען אין מאַי 1944. ווי געוויינלעך, האָבן מיר געפייערט דעם ערשטן מאַי, נאָר מיר האָבן זיך געמוזט רעכענען מיט דער צייט און מיט דער באַפעלקערונג, פאַר וועלכער די טראַדיציע פון דריטן מאַי איז געווען שטאַרק איינגעוואָרצלט; האָט מען דעם יום־טוב אויך געפייערט.

מיר זענען שוין דעמלט געווען די פערטע קאָמפּאַניע פון באַטאַליאָן א. ל. „האלאד". די יאַטן, וואָס זענען געווען פריי פון דינסט, האָבן צוזאַמען מיט דער דאָרפישער באַפעלקערונג צונויפגעטראָגן בענק, אויפגעבויט אַ סצענע און זיך גענומען פאַרווילן מיט טענץ און געזאַנג. צו דער פייערונג זענען געקומען די אָנפירער פון אונדזערע אָפּטיילונגען, אויך פון די סאָוועטישע, וועלכע האָבן נישט ווייט געלאַגערט. מיטאַמאָל איז די מוזיק שטיל געבליבן, די פאָרלעך האָבן אויפגעהערט צו טאַנצן, די פּנימער ביי אַלע זענען געוואָרן ערנסט. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, איז געקומען אַ מעלדער פון שכנותדיקן גאַרניזאָן פון א. ק. און איבערגעגעבן, אַז זיינס אַן אָפּטיילונג איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון איבערוועגנדיקע דייטשישע כוחות ביים הויף וואָלקאַ־זאַוויעפּשיצקאַ און בעטן דרינגענדיק מיר זאָלן קומען צו הילף.

פון זיין פלאַץ איז דער ערשטער אויפגעשטאַנען דער מאַיאָר „זעמסטאַ" און זיך געלאָזט אין מיין ריכטונג. איך האָב גלייך פאַרשטאַנען מיט וואָס דאָס שמעקט.

— דאָמבראָווסקי — האָט ער געזאָגט מיט אַן ערנסטן טאָן — איך וויל, אַז איר זאָלט גיין מיט אייער קאָמפּאַניע... און זיי, די אַקאָווצעס, וויזן ווי איר שלאָגט.

מיר האָט מען נישט געדאַרפט צוויי מאָל איבערחזרן. אין געציילטע מינוטן איז אַלץ געווען אויף די וועגענער און פערד און מיר האָבן זיך געלאָזט אין דער ריכטונג פון טייך וויעפש. עס איז אויך מיטגעפאָרן דער פּאָליטישער אָפיציר — גוסטאַוו אַלעף באָלקאָוויאַק און דער שעף פון מאַיאָר סקאַטניצקיס אָכראַנע פון שטאַב — קאַפּיטאַן יאַן ראַק־„זשביק".

מיט דער אָפּטיילונג פון א. ק. האָט אָנגעפירט דער פּאָרוטשניק זביגניעוו סטעמפּקאַ, פּסעוודאָנים „זבישעק". ווען מיר זענען צוגעקומען צום הויף איז זייער לאַגע געווען כמעט אַ האָפענונגסלאָזע. אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, איז זיי געבליבן איינס — צו גיין אויף ווייס געווער און פאַלן ווי עס פּאַסט פאַר פּאַרטיזאַנער.

שוין אין מאַרש האָבן מיר זיך צעטיילט אין דריי גרופּן און זיך צעשיט אין טיראַליערעס — אַזוי האָבן מיר



אַ גרופּע יידישע פּאַרטיזאַנער אין די מאַקושקער וועלדער ס'שטייען (רעכטס): — פּאַצאַן, אַבראַשקע, דאָרקאַ, סעמיאָן, פּסח קניענדיקע (רעכטס): — חנינה, אַבראַשקע און שיענקאַ — פון בוך „גבורים פון דער נאַכט".



אָנגעגריפן די דייטשישע פּאָזיציעס. דער שונא האָט זיך מיטאַמאָל געפונען צווישן צוויי פייערן... — געדענקסט, ליאָנקע, ווי מיר האָבן דעמאָלט געשלאָגן? — האָט זיך כּ'יל געווענדט צו זיין געוועזענעם אַדיוטאַנט — אַ יונגן שלאַנקן בחור, וועלכער איז אויפגעצויגן געוואָרן ביי די פּאַרטיזאַנער.

— אָבער געשלאָגן, ווי „גאָט האָט געבאָטן"...

— מיר זענען געווען גוט באַוואָפנט און אונדזער פלוצעמדיקער קלאַפּ האָט די דייטשן אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט. אין גרויס פּאַניק האָבן זיי גענומען פאַרלאָזן דאָס שלאַכטפעלד, איבערלאָזנדיק טויטע און פאַרוווּנדעטע.

די אָפּטיילונג פון א. ק. איז אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכערן טויט. צוזאַמען מיט זייער פירער „זבישעק" און זיין שטאַב זענען מיר צוריקגעקומען קיין בויקי, ווו דער גאַנצער עולם האָט מיט אומגעדולד אויף אונדז געוואַרט.

ווען דער מאַיאָר אַלעקסאַנדער סקאַטניצקי — „זעמסטאַ" האָט געמאָלדן, אַז יידן האָבן זיי געראַטעוועט, איז געוואָרן אַ גאַנצער הוראַ און מיר האָבן טאַקע דעמאָלט געמאַכט אַ גוטע כוסה פון בימבער, וואָס די פויערים האָבן אַליין אויסגעאַרבעט.

— יאָ, שלמה ברודער, וואָלסט אויך דעמלט געטרונקען... — כּ'יל איז מיטאַמאָל טרויעריק געוואָרן. — ווו זענען די יאַטן, וואָס האָבן מיט מיר געקעמפט?... — האָט ער געזאָגט ווי צו זיך אַליין. — אַ סך זענען שפּעטער געפאַלן אין פּאַרטיזאַנישע אַקציעס, אַנדערע האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דער אַרמיי... אָט, זיצט דאָ פון זיי איין ליאָנקע.. לאָמיר אויסטרינקען... אפשר וועט דער ווייטיק עטוואָס געלינדערט ווערן...

# אויף די חורבות

ד״ר שושנה געלערנטער־קאַמענער

## אויף די וועגן פון אַמאָל



ינטער 1944. עס איז נאָרוואָס באַפרייט־געוואָרן די שטאָט מינסק און איך בין, מיטן ערשטן רעגירונגס־צוג פון מאָסקווע, אַהערגעקומען. חורבות, גרוז, שמוץ און קויט. די גאַנצע שטאָט זעט־אויס ווי איין גרויסע חזיר־שטאַל. נאָך אַ נס, וואָס איך דאַרף דאָ נישט בלייבן. איך זיץ־איבער מיט מיין טעכטערל אין אַ צווייטן צוג און מיר פאָרן ווייטער. מיר פאָרן פאַרביי ריזיקע שטרעקעס, שטעט און שטעטלעך מיט היימיש־באַקאַנטע נעמען. אומעטום האָט דאָ אַמאָל געברויזט אַן אימפּולסיוו ייִדיש לעבן.

און איצט ?

די ייִדישע שטאָט בריסק. בלויז איין־איינציקן ייִד באַגעגן איך דאָ, וועלכער איז דריי יאָר געלעגן באַהאַלטן אין אַ בונקער, ווו ער האָט זיך אָפּגעוווינט פון רעדן. אַנשטאָט ווערטער, האָט ער זיפצן, וואָס צעשניידן דאָס האַרץ. און כאָטש קיין ייִדן זענען כמעט נישטאָ אין דער ייִדישער שטאָט בריסק־דליטאָ, פעלן דאָ אָבער נישט קיין אַנטיסעמיטן און כוליגאַנעס, וועלכע זוכן נאָך אַלץ אַ געראַטעוועטן, כדי פולשטענדיק צו פאַרניכטן דאָס, וואָס היטלער האָט נישט באַוויזן צו פאַרענדיקן.

אַ טאָג שפּעטער באַגעגן איך דעם דאָקטאָר בלומאַוויטש. ער זאָגט מיר ווו איך קען זיך באַגעגענען מיט ייִדישע פּאַרטיזאַנער. דורך זיי, האָב איך אויסגעפונען רחלען, פון פּאַדזאַמטשע מיט איר טעכטערל. רחל איז מיין חברטע פון די קינדער־יאָרן. אויך זי האָט איבערגעלעבט אין דער פּאַרטיזאַנקע. פון איר דערוויס איך זיך, צום ערשטן מאָל, וועגן די אַלע גרויליקע פאַרניכטונגס־אַקציעס אין וולאַדאַווע, וולאַדאַווקע און טאָמאַשווקע; וועגן געטאָ, יודענראַט, סאָביבאָר און וואַלד־לעבן. זי איז געווען אין משה ליכטענבערגס גרופּע און זי דערציילט וועגן די פּאַרטיזאַנישע העלדנטאַטן.

ליידער מוזן מיר זיך שיידן. איך פאָר קיין טאָמאַשווקע, באַאויפטראָגט דורכן „זדראָוו־אָטדיעל״ (געזונט־הייטס־אָפּטיילונג), איינצואָרדענען דאָרט אַן אַמבולאַטאָריע און אַ שפּיטאָל. דאָ אין דעם שטעטל האָט געלעבט מיין פעטער אברהמעלע צימערמאַן, אַ צענדליק קוזינען און פיל גוטע פריינט. איצט איז דער גרעסטער טייל שטעטל פאַרברענט און קיין ייִדן זענען נישטאָ. איך פאָר ווייטער און פאַרהאַלט־זיך ביי די ריזיקע ברידער־קברים אין קאָצי, ווו עס ליגן די אויסגעשאָכטענע ייִדן פון דאָמאַטשעווע און אין קאָמאַרווקע, ווו מען האָט באַגראָבן די וולאַדאַווקער און טאָמאַשווקער ייִדן, וועלכע מען האָט נישט דערפירט קיין סאָביבאָר.

די אָרטיקע מאַכט אין טאָמאַשווקע טיילט מיר צו צוויי הייזער פאַר אַ שפּיטאָל. איין הויז איז דעם וולאַדאַווער אַלעמוצקיס. בשייכות מיטן אָרגאַניזירן דעם שפּיטאָל, קומט מיר אויס צו באַזוכן אַ סך הייזער, ווו עס האָבן פריער געלעבט אַזוי פיל שיינע ייִדישע באַלעבאַטים: מאַטעס האָלצמאַן, משה לאס, משה זעצער, דודטשע לעדערמאַן, די ביאַלערס, די צוקערמאַנס א.א.

די איצטיקע קריסטלעכע איינוווינער האָבן דרך־ארץ, אָדער מוראַ פאַר מיין סאָוועטישן מונדיר און זיי נעמען מיך אויף העפלעך. פון זיי דערוויס איך זיך וועגן טויט פון מיין יוגנט־חבר ליטמאַן ביאַלער, וועלכן די דייטשן האָבן אין אַלעקסאַנדראָווקע אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב מיט וואַפנע; וועגן דעם טויט פון מיין קוזינס צוויי זין 16—18־יעריקע יינגלעך, אברהמעלע און יצחקל רובינשטיין; וועגן מיין קוזינע יענטע אידעסעס מיט אירע פינף קינדער, וואָס זענען אַוועק צום עקזעקוציע־פּלאַץ.

אין יעדן הויז דערקען איך ייִדיש מעבל, בעטגעוואַנט, קליידער, געשיר — ייִדיש האָב און גוטס. אָט איז אַ שטויסל, אָט — אַ פּאָר שבת־לייכטער, אַ סאַמאָוואַר און... איך באַמערק אַליין נישט, ווי מיין האַנט שטרעקט זיך אויס און

גלעט און צערטלט די דאָזיקע חפצים, ווי קעפּלעך פון ליבע יידישע קינדער.

איך קען זיך נישט אָפּהאַלטן פון גיין אויף קבר־אבות אין דער רוסישער אַרכאַווע, אויף די קברים פון מיינע על־טערן, וואָס זענען אומגעקומען אין יאָר 1920, דורך באַלאַ־כאָוויטשעס באַנדיטן. מיין טאַטן ע״ה האָבן זיי ראש־השנה געבונדן הענט און פיס מיט שטעכל־דראָט און אים באַג־ראָבן לעבעדיקערהייט. מיין מוטער האָט דאָס אומגליק נישט געקענט אַריבערטראָגן. זי איז דאַן געווען שוואַנגער. באַלד נאָכן געבורט איז זי אַוועק צו איר געליבטן מאַן און שפּעטער איז אויך נאָכגעקומען דאָס יתומל. אויך מיין זיידן, ניסעלע ראַבעוור, האָבן זיי דערמאָרדעט ערב ראש־השנה.

איצט, צוריקקומענדיק פון מיינע ווייטע מהומהדיקע וואָגלענישן, ווי זאָל איך נישט גיין אָנקוקן די טייערע קב־רים? אמת, דאָס שנייבאַדעקטע פעלד איז פאַרזייט מיט מינעס. עס געשעען אויפרייסן. דער וועג איז אַ געפערלעכער און מיין טעכטערל בעט־זיך, איך זאָל נישט ריזיקירן מיטן לעבן. אָבער ווי וועל איך דען קענען פאַרלאָזן אויף אייביק די געגנט, אַוועקלאָזן־זיך ווייט איבער ימען, נישט־געזעג־נענדיק־זיך פריער מיט מיינע טייערע קברים? — בין איך געגאַנגען, געזוכט דעם בית־הקברות און געפונען אַ צעאַקערט פּאַשע־פעלד פאַר פערד, בהמות און חזירים. נישטאָ קיין קברים מער, נישטאָ.

טייל מצבות האָב איך שפּעטער יאָ געפונען. זיי זענען אויסגעלייגט־געווען אַלס טראָטואַרן און טרעפּלעך.

איך גיי צוריק דורך דער גרעבליע, קיין וולאָדאַווקע — מיין געבוירן־שטעטל. אָבער ווו איז מיר שטעטל? מען זעט דאָרט קיין סימן נישט פון קיין הויז. דאָס גאַנצע שטעטל איז איין גרויס פעלד, וואָס די אָרטיקע פּויערים באַאַרבעטן, אַקערן און זייען. דאָרט, ווו אונדזער הויז איז געשטאַנען, איז אַ קאַרטאָפל־פעלד.

פאַר מיינע אויגן גייט־אויף דאָס שטעטל פון אַמאָל, מיט אַלע באַלעבאַטים און ליבע שכנים. אָבער באַלד דער־וואַך איך אין אַן אָפן פעלד, וואָס גלאָצט אויף מיר אַ אומהיימלעך־פרעמד און בייזע ווינטן ברומען און שטויסן מיך; יאָגן און טרייבן.

אויפן דריטן טאָג נאָכן באַפרייען וולאָדאַווע, איז די גרענעץ נאָך אָפן. איך נעם מיין טעכטערל און מיר לאָזן זיך גיין אַהין מיטן גוט־באַקאַנטן שאָסיי און דאָס האַרץ קלאַפּט און פלאַטערט.

די ווירקער גאַס, ווו דאָס געטאָ איז געווען, איז פאַר־ברענט. אין דער מיל־גאַס פעלן בלויז אַ צוויי הייזער, דוכט מיר, אַז שטילערמאַנס און סאַמעלסאָנס. די גרויסע אַלטע שול און דער בית־מדרש זענען איצט תבואה־שפּייכלערס. ווייטער איז דאָס שטעטל גאַנץ און שיין. עס שטייען כמעט אַלע יידישע הייזער, וואָס גויים האָבן געירשנט, וווינען אין זיי, פּראַווען שמחות און גייען פרום אין קאַשטשאָל אַריין.

איך דערוויס־זיך וועגן די וולאָדאַווער פּאַרטיזאַנער, וואָס זענען איצט צוריקגעקומען און זיי האַלטן זיך אויף אין שפּעטלס הויז. איך טרעף די טאָמאַשעווקער ברידער שערמאַן שעפטל, שמחה כהנען, מאַניק ספּאַקאַיני מיט זיין פּאַטער, באַליעק הובערמאַן, רבקה ביאַלער און אַנדערע. ביי ד״ר אַזשעכאַווסקין, וועלכער האָט געהאָלפן יידן אין „יענער" צייט, טרעף איך שיינדל בארנהאָלץ און פאַטשע שטולבערג. איך דערוויס זיך, אַז דינה לעמבערגער לעבט. זי האָט זיך געראַטעוועט אַלס קריסטין מיט אַ צלם אויפן האַלדז. דוד אַסאַוורס אייניקל איז ביי קריסטן.

מען דערציילט מיר וועגן מוטיקן לעבן און מוטיקן טויט פון ראַדזינער רבין זצ״ל און וועגן דעם גרויסן מאַרטירער־דיכטער יצחק קאַצענעלסאָן, וועלכער האָט באַזונגען און באַקלאָגט אונדזער שחיטה־שטאָט. דאָ האָב איך אויך באַ־קענט בערעק סאַבלמאַנען, וועלכער איז שפּעטער געפאַלן אין נגב, בעת ישראלס באַפרייאונגס־מלחמה.

איך האָב זיך געמוזט אומקערן קיין טאָמאַשעווקע, צו מיינע שפּיטאַל־פּליכטן. מיין שטוב איז דאָרט פאַרוואַנדלט־געוואָרן אין אַ דורכגאַנגס־פּונקט פאַר יידן, וואָס זענען גע־גאַנגען איבער דער גרענעץ קיין וולאָדאַווע, לובלין, וואַר־שע. איך און מיין טאָכטער האָבן געהאָלפן די מענטשן גיין איבער דער גרענעץ, דורכן בוג. צווישן זיי איז געווען אַ יידישער אָפיציר ווישניעווסקי, אַ רבס אַ זון פון כאַרקאָוו.

זייער וועג האָט זיך געצויגן דורך פּוילן, עסטרייך, איטאַליע, פראַנקרייך — קיין ארץ־ישראל. און אויך איך מיט מיין טאָכטער האָבן זיך געלאָזט אין וועג.

# עדות־דערקלערונג פון וולאדאווער לעבנגעבליבענע יידן

## קענן שעף פון דער עס־דע אין וולאַדאַווע, ניטשקע

מיר, אונטן אונטערגעשריבענע, שטעלן פעסט פאל־גנדעס:

אין יאַר 1939, אין חודש דעצעמבער, איז ניטשקע מיט זיינע געהילפן, מיט אומגעפער 15 עס־דע־לייט אָנ־געקומען קיין וולאַדאווע, זיינע געהילפן, וועלכע מיר גע־דענקען, זענען געווען האמער, שוואַב און מילער. זיי האָבן אַרויסגעטריבן די פוילישע באַאַמטע פון „דאָם אוזשענדני־טשי", ווו זיי האָבן שטענדיק געוווינט, אויף דער ראַזשאַנ־קער־פילסודסקיעגאָ גאַס און זיך דאָרט באַזעצט.

צוויי טעג נאָכן באַזעצן זיך אין דערמאָנטן הויז, האָט ניטשקע געגומען פופציק יידן ערובניקעס. דאָס איז געווען אַ פרייטיק, ער האָט זיי אָפגעשיקט קיין כעלם, דאָרט האָט מען זיי מערדערלעך געשלאָגן און אויפן אַנדערן טאָג האָט מען זיי צוריקגעשיקט צעהרגעטע, אַלע זענען קראַנק געווען און עטלעכע פון זיי זענען געשטאָרבן.

צווישן די פופציק זענען געווען: הערשל פייגנבוים, גרשון זיידמאַן, כיל גרינהויז, לאַזער גרינהויז, שלום לעמ־בערגער, יחזקאל ליכטנשטיין, נחום יאַבלאָנעק, לעזער יאָסל האַלצמאַן, משה סאַכאַווער, יאָסל גאַלדמאַן, ישראל טשעמ־נער, משה מאַנדלבוים, יחיאל אייזנבערג, שאַיע טשערוואָני־גורע, דוד האַלצמאַן, דוד אַלאַמוצקי, מאָטל רייכמאַן, מענדל ליפשיץ און אַנדערע וואָס מיר געדענקען נישט זייערע נעמען. פון זיי זענען עטלעכע צוריקגעקומענע געשטאָרבן פון די שווערע ווונדן.

אין זעלבן טאָג פרייטיק, האָט ניטשקע באַפוילן צונויפ־שטעלן אַ יודענראַט. ביים יודענראַט האָט ער געפאָדערט פופציק טויזנט זלאָטעס קאָנטריבוציע, ווי אויסלייז־געלט פאַר די דערמאָנטע ערובניקעס. דאָס געלט איז אים באַלד געגעבן געוואָרן.

די גאַנצע צייט, פון 41/40/1939 און 1942 ביזן פאַר־לאָזן דורך אים דאָס שטעטל וולאַדאַווע, איז ער, ניטשקע, געווען דער גאַנצער באַלעבאָס איבער דער שטאָט; ער האָט אַרויסגעגעבן דעם באַפעל אָנצוטאָן ווייסע לענטעס מיט אַ בלויען מגן דוד, מענער און פרויען. דאָס האָט ביי זיי גע־הייסן „די יודענשאַנדע". וועמען ער האָט געטראָפן אין גאַס אָן אַזאַ לענטע, האָט ער פערזענלעך געשאָסן. אויך זיינע מיטהעלפער האָבן דאָס זעלביקע געטאָן.

יידן איז געווען פאַרבאָטן צו פאַרלאָזן די שטאָט, ווען מען האָט געטראָפן אַ ייד אויסער דער שטאָט האָט מען אים געשאָסן.



וולאַדאָווער עדות, אויפן משפט אין האַנאָווער — דייטשלאַנד קעגן שעף פון דער עס־עס אין וולאַדאַווע ניטשקע און זיינע מיטהעלפער דעם 7.8.64 פון רעכטס צו לינקס: לעאָן לעמבערגער, י. ח. גרינהויז, יחזקאל הובערמאַן, שרה אַמאַלינסקי, אברהם כוינע ז"ל און תמר טורקעניעץ.

אַ ייד האָט נישט געטאָרט קויפן ביי קיין פויער קיין זאַך און דאָס אויך פאַרקערט. האָט מען געטראָפן אַ ייד וואָס האָט געקויפט עפּעס עסן ביי אַ פויער, האָט מען אים געשאָסן. יידן איז געווען פאַרבאָטן צו גיין אויפן טראָטואַר.

שפּעטער האָט ניטשקע אַרויסגעגעבן אַ באַפעל אָפּצו־געבן אַלע זאַכן, וואָס האָבן אַ שייכות צו פוטערוואַרג. ווען איינער האָט נישט באַוויזן אָפּצוגעבן עפּעס אַ שטיקל פוטער אָדער אַן אַלט פעלצל, האָט מען אים געשאָסן. אַזוי האָט ער אַליין געשאָסן דעם בעקער־אַרבעטער משה שוואַרץ מיט זיין פרוי פאַרן נישט אָפּגעבן עפּעס אַן אַלט פעלצל.

ער האָט אויסגעהרגעט פאָלגנדע יידן, וואָס מיר גע־דענקען זייערע נעמען, פאַר פאַרשידענע „פאַרברעכנס", ווי: נישט־צוגעשריבענע, צוריקגעקומענע פון דער רוסישער

זייט, פאַר נישט טראָגן קיין לענטע, פאַר אַרויסגיין פון שטאָט, פאַר שחיטה, פאַר גיין אין אַנדערע גאַסן, ווו ס'איז געווען „יודענפאַרבאָט" און נאָך אַזעלכע „פאַרברעכנס".

צווישן זיי געדענקען מיר פאָלגנדע:

מאַטל באַרנהאָלץ, נאַטע ראָטנבערג, מאַטל פּאַראַוואָזניק, צאַלקע קרייז, יאַנקל עקהויז, חיים קנאַפּמאַכער, חיים מעכעלעס, מענדל באַרנהאָלץ, שאַיע זילבערמאַן, מענדל פרייטיק, שיע גאָלדפאַרב ,דוד לייבמאַן, מרדכי ראָזנבלום, פּאַוועל סקאָפּ, אַבראַשע סאַמעלסאָן, מענדל ראָזנבלום, משה ראַבינער, אידל ליען, אידל היפשמאַן, אַלטער סאַפּירשטיין מיט זיין פרוי חיה און צוויי טעכטער פייגע און חנה און נאָך צענדליקער, וואָס מיר קענען נישט געדענקען זייערע נעמען, ווייל ס'איז צו אונדז אין שטעטל אַנגעטריבן געוואָרן יידן פון קאַליש, מיעליץ, ווין, לובלין און נאָך אַנדערע, אַפילו פון דייטשלאַנד.

דעם ראַדזינער רבין ר' שלמה ליינער האָט ער אַרעסטירט און די שטאָט האָט געגעבן אַ גרויסע קאָנטריבוציע. ער האָט צוגעזאָגט, אַז ער וועט אים לאָזן לעבן. ער האָט אים אַוועקגעשיקט איבערן בוג און שטעטעלע טאָמאַשעווקע אין דער ט.א.ט אָרגאַניזאַציע, דאָרט האָט ער געאַרבעט ביים בויען שאָסייען און בריקן, אָבער נאָך עטלעכע טעג שפּעטער האָט מען אים אויפן באַפעל פון ניטשקען צוריקגעברענגט קיין וולאָדאַווע און אים געשאָסן נעבן יידישן בית עולם. נאָכן רבין האָט ניטשקע געשאָסן דעם רבינס אַ קוזין.

לויט אַ באַפעל פון ניטשקען, האָט מען אַרויסגענומען די פּוילישע אינטעליגענץ און זיי אַפּגעשיקט קיין אַשוויענטשים. צווישן זיי געדענקען מיר פאָלגנדע: זשעליאַזשניעוויטש, אַן אייזנקרעמער מיט זיינע צוויי זון, אַדוואָקאַט קאַשינסקיס זון, ד"ר רושיניאַקס אַ זון. שיפּילעוויטש — קאָמענדאַנט פּאָליציע, דירעק — קעראָווניק פון דער פּאָווישעכנע שולע, פּאַטשינסקי — רעפערענט פּשעמיסלאַווע, אַדוואָקאַט אַדלאַ, געוועזענער סטאַראָסטווע פון וולאָדאַווע, אַ לערער פיליפ און נאָך אַנדערע, בערך אַ מאַן דרייסיק. פון אַשוויענטשים זענען זיי שוין מער קיינמאָל נישט צוריקגעקומען. צו עטלעכע משפחות זענען יאָ צוריקגעקומען קליינע קעסטעלעך מיט אַש...

ערב פסח 1941 האָט ניטשקע אַפּגעגעבן אַ באַפעל צוצושטעלן 125 מאַן פון וולאָדאַווע, אַפּשיקן זיי אויף אַרבעט קיין סאָביבאָר, אַ באַן־סטאַציע זיבן קילאָמעטער פון וולאָדאַווע.

בערך אַ צוויי חדשים שפּעטער זענען געקומען צו לויפן דריי יידן שמאי טרייבערמאַן, שמואל מאכלער און אַ געוויסער מאָטעס. אַלע זענען געווען אינגאַנצן נאַקעט און האָבן דערציילט, אַז אין סאָביבאָר זענען די יידן געצווונגען געווען צו בויען גאַז־קאַמערן און אַז אויף עטלעכע הונדערט מאַן, פון די זעלבע וואָס האָבן געבויט דעם טויטנלאַגער, האָבן די דייטשן אויסגעפּרווט די גאַז־קאַמערן. בלויז זיי דריי איז געלונגען צו אַנטלויפן.

## ערשטע אַקציע

ערב שבועות, אין פרייטיק 1942, האָט ניטשקע געגעבן אַ באַפעל דעם יודענראַט ער זאָל צושטעלן 1500 יידן, קאַליקעס, קראַנקע און אינוואַלידן. די אַלע זענען צונויפגעטריבן געוואָרן אין קינאָ „זאַכענטאַ". צווישן זיי זענען געווען שטעטישע און פון אַרומיקע דערפער און אויך יידן, וואָס מען האָט מיט וואָכן צוריק געברענגט פון ווין.

אונטער דער אויפזיכט פון ניטשקען האָט מען זיי געהאַלטן אין קינאָ־זאַל ביז נאַכט. צען אַזייגער ביינאַכט האָבן די ס. ס. לייט אַריינגעוואָרפן גראַנאַטן אין קינאָ, פון וועלכע פיל זענען געפאַלן, דערנאָך האָט מען די אַלע יידן געטריבן צו דער באַן אין אָרכאַווקע. פיל פון זיי, וואָס האָבן נישט געקענט נאָכלויפן אַזוי ווי די דייטשן האָבן געוואָלט, האָט מען אויפן וועג געשאָסן. פּוילישע פורן, וואָס זענען מיטגעפאָרן פון הינטן, האָבן באַלד די טויטע קערפּער אויפגעלאָדן אויף די וועגענער.

איין ייד, דער וולאָדאַווער אַפּטייקער גראָס, האָט זיך באַהאַלטן אין קינאָ און האָט אויפן צווייטן טאָג דערציילט דעם גרוילעכן פאַרלויף פון פרייטיקדיקן טאָג. פון אָרכאַווקע האָט מען די אַלע יידן אַפּגעשיקט אין טויטנלאַגער סאָביבאָר.

דעם ערשטן טאָג שבועות האָט אויף ניטשקעס באַפעל זיך אַריינגעריסן אין אַלע יידישע הייזער די זיכערהייטס־פּאָליציי און פאָלקס־דייטשן, צונויפגעטריבן נאָך בערך אַ טויזנט יידן אויפן מאַרק און אין זעלבן טאָג צופיס זיי געטריבן קיין סאָביבאָר.

נאָך דער דאָזיקער אַקציע, איז דאָס שטעטל צוריק געוואָרן „פריי" אַזוי יידן האָבן ווידער זיך געקענט באַוועגן.

## קינדער אַקציע

שבת דעם 24 יולי 1942 אינדערפרי האָט ניטשקע געגעבן אַ באַפעל דעם יודענראַט, אַז אַלע עלטערן זאָלן צושטעלן זייערע קינדער אויפן ספּאָרט־פּלאַץ, וואָס איז געווען קעגנאיבער זיין וווינאָרט, דעם „דאָם אוזשענדניטשע". אויטאָס זענען שוין געשטאַנען גרייט אויפן פּלאַץ. די יידן זענען געקומען מיט זייערע קינדער, בערך אַ זיבן הונדערט, יעדער האָט געמיינט, אַז די דייטשן ווילן מאַכן אַן איבערקוק, אַזוי ווי זיי

האָבן געזאָגט. דאַן האָט ניטשקע געגעבן אַ באַפעל זיינע מענטשן, זיי האָבן זיך ווי ווילדע חיות געוואָרפן אויף די טאַטעס און מאַמעס, אַרויסגעריסן פון זייערע הענט די קינדער און זיי געוואָרפן אין די אויטאָס ווי מען וואַרפט אָן שטיקער האָלץ. אַנדערע האָבן מיט גרויליקע קלעפּ אַוועקגעטריבן די עלטערן פונעם פּלאַץ. די געשרייען און יללות זענען געווען גרויליק. די דאָזיקע אַרבעט האָבן דורכגעפירט אונטער דער אָנפירונג פון ניטשקע, זיינע געהילפן און די אוקראַינישע פּאָליציי.

פיל עלטערן און צווישן זיי דער וולאָדאַווער רב ר׳ מענדל מאָרגנשטערן הי״ד האָבן נישט געוואָלט לאָזן זייערע קינדער אַליין און זענען מיט זיי מיטגעגאַנגען קיין סאָביבאָר.

## דריטע אַקציע

אַכט טעג פאַר דער אַקציע האָט ניטשקע געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון די דערפער, ווי האַנסק, דובעטשנאַ, ליטע, ווירעק, סוכאָווע, זאַאיקע, אַקאַנינקע, טשייטשיץ, טשילטשיץ, שומינקע, גערמאַנקע, קאַפּלאַנאָס, אַסאָווע, גרי־כאָוו און פון אַלע לאַגערן ווו נאָר ס׳זענען געווען יידן, זאָלן זיך צושטעלן אין שטאָט אַריין. דאָנערשטיק ביינאַכט, דעם 22 אָקטאָבער 1942, אין אַ שטאַרקן שלאַקס רעגן האָבן די דייטשן געבראַנגט צוטרייבן די אַלע יידן אין שטאָט אַריין. אַ סך זענען געלעגן אויפן גאַס, ווייל ס׳איז נישט געווען וווהין זיי אַריינצונעמען.

שבת אינדערפרי, דעם 24 אָקטאָבער, דאָס איז געווען דער שוואַרצער בלוטיקער שבת פון די וולאָדאַווער יידן. ניטשקע האָט געגעבן אַ באַפעל, אַז אַלע יידן פון שטאָט מיט די אַלע איינגעוואַנדערטע, זאָלן זיך צושטעלן אויפן ספּאָרט־פּלאַץ.

די גאַנצע שטאָט איז שוין געווען אַרומגערינגלט מיט דער זיכערהייטס־פּאָליציי, זשאַנדאַרמעריע און אוקראַינישע פּאָליציי.

פאַלקענבערג, דער שעף פון דער „שיפּבויאונטערנעמער" אַרבעטסלאַגער, אַ ציווילער דייטש, וועלכער האָט געהאַט אונטער זיך 2000 יידן צו דער אַרבעט, האָט באַקומען אַ טע־לעפאָנישן באַפעל, ער זאָל מיט די מענטשן נישט אַרויסגיין צו דער אַרבעט, נאָר אַלע אויסשטעלן אין רייען.

פון די מענטשן ביי פאַלקענבערגן און וואָס האָבן דאָס אַלץ אַליין געזען מיט אייגענע אויגן, זענען לעבן געבליבן פאָלגנדע: אביגדור לעדערמאַן, לייבל ראַזשאַנקע, לייזער מעלצער, משה קנאָפּמאַכער, מאָטל ראַבינאָוויטש, מאָטל זיל־בערשטיין, שלום מירמלשטיין, שמעון לעדערמאַן, א. קרייז, אייזיק ראַטנבערג, זעליק רויטבלאַט יחזקאל הובערמאַן, אפרים פישמאַן, שרה אַמאַלינסקי און נאָך עטלעכע.



ניטשקע איז געקומען מיט זיין גרויסן הונט, גערעדט מיט פאַלקענבערגן און אויף ניטשקעס באַפעל האָט פאַלקענ־בערג אָפּגעשיקט אַלע זיינע אַרבעטער, יידן אויפן ספּאָרט־פּלאַץ. זיי אַלע זענען אויך אַוועקגעטריבן געוואָרן קיין סאָ־ביבאָר.

אויפן ספּאָרט־פּלאַץ האָט ניטשקע אַליין געמאַכט די סעלעקציע, וועמען רעכטס, וועמען לינקס. ער האָט בלויז אויסגעקליבן אַכצן מאַן, פאַכמענער, און זיי אַוועקגעשיקט צו זיך אויפן הויף אַנטקעגן.

נאָך עטלעכע שעה, וואָס דער טראַנספּאָרט האָט זיך גע־צויגן קיין סאָביבאָר, האָט ער די אַכצן מאַן צוריקגעשיקט צו פאַלקענבערגן. פון די 18 מאַן זענען לעבן געבליבן עטלעכע, צווישן זיי: לייבל ראַזשאַנקע, שמיל סטול, אברהם שעכטמאַן, מאָטל זילבערשטיין, משה קנאָפּמאַכער און נאָך עטלעכע וואָס זענען אין אַנדערע לענדער.

ביי דער אַקציע זענען אומגעקומען אַריבער צען טויזנט יידן.

נאָך יעדע אַקציע איז ניטשקע אַרומגעפאָרן מיט זיין בריטשקע און מיט זיין ריזיקן הונט און וועמען ער האָט גע־טראָפן האָט ער געשאָסן אָדער אַנגערייצט אויף אים דעם הונט, וועלכער האָט פון יענעם געריסן לעבעדיקע שטיקער.

נאָך דער דאָזיקער אַקציע זענען נאָך געבליבן עטלעכע הונדערט יידן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן, איז לויטן באַ־



די רוצחים פון דער ס. ד. שוואַב, מילער, האַמער אין וולאָדאַווע. דער מיטלסטער — געמשפט געוואָרן אין האַנאָווער. ער האָט אויף דעם פּראָצעס אין האַנאָווער מודה געווען אַז ער האָט דערשאָסן דעם ראַדזינער רבין.

פעל פון ניטשקען געשאַפן געוואָרן אַ פאַרמאַכטער אַרבעטס־לאַגער אונטער דער אויפזיכט פון דייטש פאַלקענבערג.

כדאי צו דערמאָנען, אַז אין דער זעלבער אַקציע האָט ניטשקע מיטגעשיקט אַ העלפט פונעם יודענראַט.

אויף דאָסמאָל, נאָך דער אַקציע, האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז מער וועט שוין גאָר קיין שלעכטס נישט געשען. האָבן ווידער אַלע אויסבאַהאַלטענע יידן זיך צוריק אַרויסבאַקומען פון זייערע לעכער און ווידער געקומען אין שטאָט אַריין אין לאַגער און אין געטאָ.

## פערטע אַקציע

ס׳האָט געדויערט נישט מער ווי אַ צוויי וואָכן, ווי די וולאַדאווער האַלב טויטע געבליבענע יידן האָבן אַביסל פרייער אָפּגעאָטעמט פון דער טויטשרעק און פּלוצים, דעם 7 נאָוועמבער 1942, האָט ניטשקע ווידער אַרומגענומען דעם געטאָ מיט זיינע באַנדיטן און ווידער אַן אַקציע. דאָס מאָל איז ניטשקע געקומען אין לאַגער מיט זיין געהילף און מיט זיין הונט, קאָנטראָלירט יעדנס אַרבעטס־שיין. ווער עס איז אים נישט געפעלן געוואָרן, האָט ער אַרויסגענומען פון די רייען און אָפּגעשיקט אויפן ספּאָרט־פּלאַץ און אַלע אָפּגעשיקט קיין סאָביבאָר.

דריי טעג נאָכן אָפּשיקן זענען נאָך די עסדע און אוקראַי־נישע רוצחים אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און געסלעך, געשאָסן וועמען זיין האָבן נאָר אָפּגעפונען אין די פאַרשידענע לעכער און באַהעלטענישן.

די שטאָט האָט, פונקט ווי נאָך יעדער אַקציע, אויסגעזען ווי נאָך אַ שרעקלעכער שלאַכט. צו באַגראָבן די טויטע האָט ניטשקע גענומען די געבליבענע אַרבעטער פון פאַלקענבערגס לאַגער, וועלכע ער האָט נאָר צייטווייליק איבערגעלאָזט.

נאָך די דריי בלוטיקע טעג, האָט ער צעהאַנגען מעלדונגען אין די גאַסן, אַז אַלע באַהאַלטענע יידן מעגן צוריק באַוועגן זיך פריי, עס וועט שוין מער קיינעם נישט געשען קיין שלעכטס. וולאַדאווע ווערט אַ יידנשטאָט. אויף דעם אופן האָט די געסטאַפּאָ אַריינגענאַרט אין געטאָ די יידן, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אין די בונקערס, דערפער און וועלדער.

נאָך דער אַקציע האָט ניטשקע אַליין אָוועקגעפירט אַ שניידער מיט זיין טאָכטער פון קאַליש, וועלכע האָבן פאַר אים גענייט און ער האָט זיי דערשאָסן אין וואַלד. ער האָט אויך דערשאָסן אַלי גאַזונטהייט און דעם בוי־מייסטער, וואָס האָט געאַרבעט פאַר ניטשקען.

אויף ניטשקעס באַפעל האָט מען אויסגעהאַקט די ביימער פון יידישן בית־עלמין, אַרויסגעריסן די מצבות און מיט זיי געפלאַסטערט די גאַסן.

קרוב צוואַנציק טויזנט יידן אין וולאַדאווע האָט ניטשקע אויף זיין געוויסן. הונדערטער האָט ער אַליין דערשאָסן.

דעם 30־טן אַפּריל 1943 איז ליקווידירט געוואָרן פאַל־קענבערגס אַרבעטסלאַגער. וולאַדאווע איז געוואָרן יידנריין.

מיר, אונטערגעשריבענע, וועלכע זענען על פּי נס ניצול געוואָרן פון ניטשקעס בלוטיקע הענט, ווענדן זיך צו דער דייטשער פּראָקוראַטור צו אַרעסטירן דעם מערדער ניטשקע און זיינע געהילפן. יעדער פון אונדז איז גרייט צוצושטעלן זיך און עדות־זאָגן וועגן זיינע בלוטיקע מעשים.

לייבל ראַזשאַנקע
יחזקאל הובערמאַן
מאָטל ראַבינאָוויטש
שמעון לעדערמאַן
יחיאל גרינהויז
דוד ציון
משה קנאָפּמאַכער
לעזער מעלצער
וויגדער לעדערמאַן
שרה אַמאַלינסקי
אייזיק ראָטנבערג
תמר טורקעניץ

מאָטל זילבערשטיין
פנינה קנאָפּמאַכער
שמחה כהן
שלמה לעמבערגער
אברהם חוינע
לעאָן ליבאָווסקע (לעמבערגער)
גרעטאַ ראָטשטיין פון מיעלעץ
יאָשע גלינצמאַן פון קאַנאַדע
יאָסל כהן פון קאַנאַדע

ח. בן־אליעזר

# אין קרייז פון טייערע מענטשן

## זכרונות פון אַ פּלעננִיק

נישט די געשיכטע פון פּיינען און רציחות איז דער ציל פון מיין שרייבן די דאָזיקע זכרונות. דאָס דאַרף דערציילט ווערן באַזונדער. דאָ וויל איך נאָר בקיצור אַרויסברענגען די איבערלעבענישן, וואָס איך האָב דורכגעמאַכט ביז איך בין אַנגעקומען אין סאָביבאָר וואַלד, אָבער דער עיקר גייט מיר אין דערציילן וועגן די גרויסע הערצער פון די וולאַדאַווער יידן, טייערע און גוטהאַרציקע מענטשן, וואָס האָבן אונדז אויפגענומען ווי געטרייע ברידער און געהאָלפן אונדז מיט דער גרעסטער מסירות נפש.

איך בין פון שטשוטשין, לאָמזשער גובערניע, דריי ק״מ פון דער מזרח־פּרייסישער גרענעץ. פרייטיק, דעם 1־טן סעפּטעמבער 1939, האָבן די דייטשן אונדז געכאַפּט אויף אַרבעט, אַלעמען צוזאַמענגעטריבן אויפן פּלאַץ ווו ס'איז געווען דער פּוילישער קאָמיסאַריאַט פון דער גרעניץ־וואַך. צווישן די יידן זענען אויך געווען פּוילישע פּלעניקעס און איך צווישן זיי.

זיי האָבן אונדז מיט אַ שטרענגער וואַך אַריבערגעטריבן די גרענעץ קיין דייטשלאַנד. דאָרט זענען אונדז ציווילע דייטשן באַפאַלן מיט זידלערייען און קללות: „די יודען האָבן דען קריג געוואָלט״. „מען דאַרף זיי אַלע טויט שלאַגען״.

יענע נאַכט האָבן מיר גענעכטיקט אונטערן פרייען הימל. אויפצומאָרגנס האָבן זיי פון אונדז אָפּגעטיילט די פּאָליאַקן און די יידן געצוווּנגען צו גראָבן גריבער, אויפגעשטעלט לייוונטענע געצעלטן און אַריינגעפּאַקט צו מער ווי הונדערט פּערזאָן אין אַ געצעלט. געליטן הונגער, קעלט און געפּערלעכן שמוץ.

דעם 27 אָקטאָבער 1939 האָבן די דייטשן אַרויסגענומען די יינגע ביז 18 יאָר און די קראַנקע — „צום באַפרייען״. צווישן אונדז זענען געווען יידן פון לאָמזשע, סטאַוויסק, קינישען, אָסטראַווע און אָסטראָלענקאַ. אונדזער פרייד איז געווען גרויס.

זיי האָבן אונדז געפירט אין פאַרמאַכטע לאַסט־וואַגאַנען. אויפצומאָרגנס האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט און זיי האָבן אונדז אַריינגעפירט אין אַ לאַגער. דאָס איז געווען אין דזשאַלדאַווע, ווו זיי האָבן אָנגעהויבן רעגיסטרירן צו פאָרן אַ היים.



אין עטלעכע טעג אַרום האָבן זיי באַפרייט די יידן, וועלכע זענען געווען פון די דייטשישע אָקופּירטע געביטן. דאַקעגן האָבן זיי נישט באַפרייט די אַלע וואָס זענען געווען פון רוסישע אָקאָפּירטע געביטן.

דעם 1־טן דעצעמבער האָבן זיי אונדז ווידער געפירט צום צוג. קיינער האָט נישט געטראַכט צו אַנטלויפן. נאָכן אָפּפאָרן אַ גאַנצן טאָג, האָבן מיר זיך ווידער געפונען אין דייטשלאַנד. דאָרט האָט מען אונדז אויפגענומען מיט קללות און קלעפּ. זיי האָבן אונדז געיאָגט עטלעכע קילאָמעטער און אַריינגעפירט אין לאַגער אכינשטיין. דאָרט זענען געווען נאָך געפאַנגענע.

דאָרט זענען מיר געווען 5 וואָכן אין נויט, הונגער און קלעפּ. עס זענען געווען קראַנקע, וואָס האָבן זיך געבעטן, מען זאָל זיי לאָזן רואיק שטאַרבן אין דעם באַראַק, אָבער די דייטשן האָבן זיי אַרויסגעטריבן נעמען דאָס ביסל וואַסערקאַווע און פּיצל ברויט און דאָס, ערשט דערנאָך ווען זיי האָבן שוין געהאַט צעטיילט דאָס עסן פאַר די פּאָליאַקן. און ווער עס האָט נישט געקענט גיין שנעל, האָבן די דייטשן זיי געשטאָכן מיט די באַגנעטן.

דעם 9־טן יאַנואַר 1940 האָבן זיי אונדז ווידער געטריבן צום צוג — „צום באַפרייען״. כ'בין געווען אַזוי דערשעפּט, אַז כ'בין קוים געגאַנגען, צוויי יידן האָבן מיך אונטערגעהאַלטן ביי די הענט.

אין די וואַגאָנען איז געווען שרעקלעך ענג, איינער אויפן אַנדערן. מיר זענען געווען בערך 650 יידן, אַממערסטן פון אונדזער שטאָט שטשוטשין, אָן עסן און אָן טרונקען, אין פאַרהאַקטע וואַגאָנען. דער צוג איז געפאָרן דורך דאַנציק, בידגאָשטש, פּאָזנאַן, לאָדז, וואַרשע, לובלין און כעלם. זייער פיל זענען אויסגעשטאָרבן אין די וואַגאָנען פון הונגער און דורשט.

פרייטיק פאַרנאַכט דעם 12־טן יאַנואַר 1940, זענען מיר אָנגעקומען קיין כעלם, דאָ זענען אַוועק די זעלנער פון דער ווערמאַכט און זייער אָרט האָבן פאַרטרעטן עס־עס־לייט.

מיר האָבן געזען, אַז עס האָט זיך געענדערט אונדזער גורל צום ערגערן.

אויפצומאָרגנס, שבת, זענען מיר געפאָרן ווייטער... עטלעכע מאָל האָט זיך דער צוג געשטעלט אין וואַלד אויף קורצע ווייַלעס, ענדלעך האָט זיך דער צוג אָפּגעשטעלט. די

עס־עס לייט האָבן געעפנט די וואַגאָנען און געהייסן אונדז אַרויסגיין, זיך שטעלן אין רייען, צו פינף אין אַ ריי און מיר זאָלן אַרויסטראָגן אַלע טויטע.

ווען מיר האָבן שוין געענדיקט די דאָזיקע שרעקלעכע אַרבעט, האָבן זיי אויף אונדז אָנגעהויבן שיסן פון מאַשינ־געווער. עס איז געוואָרן אַ פּאַניק, יעדער האָט זיך געזוכט צו ראַטעווען און געלאָפן וווהין מהאָט געקענט. איך, נישט געקוקט אויף מיין שרעקליכער שוואַכקייט, האָב פּלוצים באַקומען כוחות און אויך גענומען לויפן אין וואַלד.

נאָכן אָפּבלאַנדזשען עטלעכע שעה, האָב איך זיך ווידער געפונען אויפן זעלבן פּלאַץ, ווו דער צוג האָט זיך געשטעלט.

די באַן איז שוין נישט געווען, אָבער פּאָר מיינע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט אַ שרעקלעך בילד, צענדליקער און צענדליקער טויטע אַרום און אַרום צווישן די ביימער. כ׳בין געוואָרן צעטומלט און נישט געוויסט וואָס צו טאָן, ענדלעך האָב איך גענומען אַנטלויפן פון דאָזיקן שרעקלעכן אָרט, אָפּגעלאָפן עטלעכע קילאָמעטער און אָנגעקומען אינעם דערפל סאָביבאָר.

דאָרט האָב איך געטראָפן נאָך געראַטעוועטע. די פּויערים האָבן אונדז געגעבן עפּעס אָפּצועסן און מיר האָבן באַשלאָסן גיין אין דער ריכטונג צום בוג און דורכצושוואַרצן די גרענעץ.

מיר האָבן זיך צעטיילט צו צוויי און דריי מענטשן אין אַ גרופּע, כדי די דייטשן זאָלן אונדז נישט באַמערקן און אַלע האָבן מיר געצויגן אין דער ריכטונג צו דער גרענעץ.

אַזוי זענען מיר געגאַנגען דורך וואַלד און פעלד, אין טיפן שניי. ערשט נאָך עטלעכע שעה האָב איך פון דער־ווייטנס דערזען ליכט און בין צוגעקומען נאָענט צום דאָרף זשלאַבעק.

אַריינקומענדיק אין דאָרף האָב איך דאָרט געטראָפן די אָפּגעראַטעוועטע יידן פון אַנדערע גרופּעס. אויך דאָ האָבן אונדז די פּויערים אַריינגענומען אין די כאַטעס, געגעבן אונדז אָפּצועסן און דערלויבט אונדז דורכצושלאָפן די נאַכט.

אויפצומאָרגנס בין איך צוזאַמען מיט נאָך צוויי מענטשן ווידער אַרויס אין דער ריכטונג צו דער גרענעץ, געטאָפּטשעט אין טיפן שניי. דער וועג האָט זיך געצויגן שווער און מאַטערנדיק.

אַזוי גייענדיק אויף אַ שטעג איז אונדז אַקעגנגעקומען אַ שליטן, אויף וועלכן עס זענען געזעסן צוויי יידן. איינער פון זיי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון שליטן. ער איז געווען אַ הויכער, אַ הינקענדיקער און האָט אונדז געפרעגט, צי מיר זענען פון די פּלעניקעס, וואָס די דייטשן האָבן אויף אונדז געשאָסן. הערנדיק, אַז מיר זענען עס, האָבן זיי אונדז גע־הייסן אַרויפגיין אויפן שליטן.



אַ ווילע האָב איך זיך געוואַקלט, נישט געוווּסט וואָס צו טון. אין קאָפּ האָט גענומען עקבערן אַ געדאַנק, אַז אפ־שר זענען זיי געשיקט פון די דייטשן.

די יידן האָבן באַמערקט אונדזער וואַקלען זיך און זיי האָבן אונדז באַרואיקט, געזאָגט, אַז איצט זענען מיר געראַ־טעוועט און קיינער וועט אונדז נישט טון קיין שלעכטס.

דאָס זענען געווען וואָלאַדאַווער יידן. ווען זיי האָבן זיך דערוווּסט וואָס עס האָט מיט אונדז פּאַסירט, האָבן זיי גלייך אָרגאַניזירט הילף, אַרויסגעשיקט מענטשן וואָס זאָלן אונדז אָפּזוכן. זיי האָבן געזוכט סיי לעבעדיקע און סיי דער־הרגעטע, וועלכע זיי האָבן געוואָלט ברענגען צו קבורה, צו קבר ישראל. ווען זיי האָבן אונדז געטראָפן לעבעדיקע האָבן זיי זיך שטאַרק דערפרייט.

אַריינקומענדיק קיין וואָלאַדאַווע האָבן אונדז די יידן זייער וואַרעם מקבל־פנים געווען. אויף זייערע פּנימער האָט זיך געמאָלן פרייד און צער. די פרייד פון אָפּראַטעווען יידישע פּלעניקעס, איז געווען באַגלייט מיט צער וואָס עס האָט אַרויסגערופן אונדזער אויסזען פון האַלב טויטע מענטשן.

מען האָט אונדז אַריינגעפירט אין אַ חסידים־שטיבל, אין וועלכן עס זענען שוין געזעסן עטלעכע אָפּגעראַטעוועטע יידישע פּלעניקעס. ד״ר שפּרינגער האָט מיך גלייך באַטראַכט, צי איך בין נישט פאַרוווּנדעט און צי כ׳האָב נישט אָפּגע־פרוירן זיך קיין שום אבר. געווען אַ סך וואָס האָבן געהאַט אָפּגעפרוירענע הענט און פיס, אויערן און נעז.

מען האָט אונדז אַריינגעברענגט עסן פון אַלדאָס גוטס. מיר האָט זיך גענומען אויסווייזן, אַז דאָס איז אַ חלום. עס האָט זיך מיר פּשוט נישט געוואָלט גלויבן, אַז איך געפין זיך ווידער אין אַ שטוב און אַרום מיר אַזויפיל איידעלע מענטשן, מיט אַזויפיל וואַרעמער האַרציקייט.

אויף צומאָרגנס האָט מען אונדז געפירט אין באָד אַריין. די זאַכן, וואָס מיר האָבן געטראָגן, האָט מען פאַרברענט, ווייל זיי זענען געווען שטאַרק פאַראומרייניקט. מיר האָבן באַקומען נייע מלבושים.

צוויי חסידים־שטיבלעך האָט מען אין יענע טעג פאַר־וואַנדלט אין שפּיטעלער, אָוועקגעשטעלט בעטן אין וועלכע עס זענען געלעגן אַן ערך 40 קראַנקע, מערסטנס מיט אָפּ־געפרוירענע גלידער. איך בין געלעגן זעקס וואָכן.

די געזונטערע האָט מען איינגעאָרדנט אין דוד ביג־מאַנס בית המדרש און זיי האָבן באַקומען עסן פון דער קיך פאַר פּליטים. עס זענען געווען פּליטים פון ווין און פון קאַליש, וועלכע מען האָט דאָ איבערגעלאָזט אויפן וועג קיין סאָביבאָר.

די וואָלאַדאַווער יידן האָבן יעדן אָנגעטראָפענעם פּלעניק אַריינגענומען צו זיך אין שטוב און געגעבן אָפּצועסן. שבת

פלעגן מיר עסן ביי פאַרשידענע מענטשן, וואָס האָבן מיט גרויס וואַרעמקייט גענומען צו זיך אַן אורח אויף שבת.

מיט די קראַנקע האָבן זיך פאַרנומען: ד״ר שפּרינגער און די פעלדשערס: הימעלפאַרב און די ברידער בערגער.

וולאַדאַווער מיידלעך און פרויען האָבן מיט גרויס מסי־רת נפש זיך אָפּגעגעבן דער אַרבעט פון העלפן די פּליטים און די פלעניקעס, האָבן זיך מיט אונדז פאַרנומען בייטאָג און ביינאַכט. אויף יעדן זיפץ פון אַ קראַנקן זענען זיי גלייך געווען גרייט צו העלפן, באַנדאַזשירט די אָפּגעפרוירענע הענט און פיס.

עסן האָבן אונדז געטיילט די פרוי ציגל, די מענער דוד און אפרים. חוץ דעם פלעגן אויך פאַרשידענע אַנדערע מענטשן קומען און ברענגען אונדז עסן. משהלע ציגלמאַן פלעגט אריינקומען צו אונדז כמעט יעדן אָוונט, געברענגט אַ טשייניק מיט טיי און ברויט. דאָס איז געווען פאַרבונדן מיט גרויס ריזיקע ווייל מען האָט אין אָוונט נישט געטאָרט ארויסגיין אין גאַס.

וולאַדאַווער ייִדן זענען אויך געווען פאַרנומען מיט גראָבן קברים פאַר די אומגעקומענע ייִדישע פלעניקעס, וואָס מען האָט געבראַכט פון וואַלד. די ערד איז געווען שטאַרק געפרוירן און מען האָט געדאַרפט האַקן די ערד. מען האָט קיינעם נישט קובר געווען איידער מען האָט געוווסט גענוי דעם נאָמען פונעם מת, וועלכן מען האָט פריער געדאַרפט דערקענען ווער עס איז און עס איז געוואָרן פאַרשריבן זיין נאָמען און די נעמען פון די, וואָס האָבן אים דערקענט און די סימנים, וואָס זיי האָבן אָנגעגעבן. דאָס האָט מען געטון דערפאַר, ווייל מען האָט געמיינט, אַז עס וועט נאָך זיין אַ וועלט און די פרויען פון די געהאַרגעטע זאָלן נישט דאַרפן בלייבן קיין עגונות.

ביסלעכווייז זענען די אָפּגעראַטעוועטע געקומען צו זיך, געוואָרן אויסגעהיילט און געוואָלט גיין עפּעס אַרבעטן, אָבער די וולאַדאַווער ייִדן האָבן זיי נישט געלאָזט, זענען געווען פאַרזאָרגט, אַז אפשר זענען זיי נאָך צו שוואַך צו גיין אַר־בעטן. מען האָט זיי געטרייסט און צוגעזאָגט, אַז עס וועט זיי נישט פעלן קיין עסן אויך אָן דער אַרבעט.

עטלעכע בחורים האָבן באַשלאָסן צו בלייבן אין וולאָ־דאַווע און זיי האָבן חתונה געהאַט מיט אָרטיקע מיידלעך. געווען אָבער אַ סך וואָס האָבן נישט געקענט גיין און זיי זענען געבליבן ליגן אין די חסידים־שטיבלעך. די לאַגע איז דערווייל מיט יעדן טאָג געוואָרן אַלץ ערגער, די דייטשן האָבן געכאַפּט אויף אַרבעט, געשלאָגן און געפייניקט. מיר האָבן געלעבט אין שרעק, אַז זיי קענען אונדז ווידער אָוועק־פירן אין די לאַגערן און אַ סך האָבן באַשלאָסן אריבער־צוגיין דעם בוג, ווו עס זענען געווען די רוסן. אויך איך בין געווען צווישן די, וואָס האָבן פאַרלאָזט וולאָדאַווע. מיר זע־נען געגאַנגען צום ראַדזינער רבין, באַראַטן זיך מיט אים און נעמען פון אים אַ ברכה. דער רבי האָט אונדז אויך געהייסן אַריבערגיין די גרענעץ.

דער אָנפירער פון יודנראַט, האָט אָפּגעמאַכט מיט די דייטשן, אַז זיי זאָלן נישט פּאַטראָלירן די גרענעץ אין דער נאַכט ווען מיר וועלן דורכגיין דעם בוג.

אַ סך ייִדן פון וולאָדאַווע האָבן אונדז באַגלייט צו דער גרענעץ, מיטגעגעבן עסנוואַרג און מלבושים.

זיי האָבן זיך מיט אונדז האַרציק געזעגנט. טרערן האָבן זיך געגאָסן פון אונדזערע אויגן.

דאָס איז געווען דעם 3־טן מערץ 1940, שבת פאַרנאַכט, ערב פּורים.

צען וואָכן האָבן מיר פאַרבראַכט אין וולאָדאַווע און די דאָזיקע וואָכן האָבן זיך טיף איינגעקריצט אין אונדזערע זכרון. קיינמאָל וועל איך נישט פאַרגעסן די גרויסע הילף, וואָס מיר האָבן באַקומען פון די וולאָדאַווער ייִדן, די וואַרעמקייט, מיט וועלכע זיי האָבן אונדז ארומגערינגלט און דאָס אַלץ האָבן זיי געטאָן מיט גרויס מסירת נפש.

ליידער איז קיינער פון זיי נישט געבליבן לעבן.

# די ערשטע רעטונגס־טעטיקייט

## גבית־עדות אין דער ייד. היסטאָרישער קאָמיסיע אין לאָדזש

ד״ר שפּרינגער אַדאַם
1897 י. וואַרשע
ביז אָקטאָבער 1942 יאָר, אין וולאָ־
דאַווע בייים בוג, אַלס קריסט.

א רום 16טן דעצעמבער 1939, אין אָוונט, זענען אין וולאָ־דאַווע דערשינען צוויי אָפּגעריסענע מענטשן. דאָס איז זיכער געווען אין אַ שבת. זיי זענען אריין אין דער יידישער גמינע און האָבן געמאָלדן, אַז זיי זוכן וועלכע־עס־איז הילף, ווארעם זיי געהערן צו אַ טראַנספּאָרט קריגס־געפאַנגענע פון פוילישן מיליטער, וואָס דעם טראַנספּאָרט זייערן האָבן די דייטשן ארויסגעשיקט פון אַ לאַגער אין פרייסן, אין דער ריכטונג פון כעלם, סאָביבאָר, און אין מאָמענט, ווען מען האָט זיי אין סאָביבאָר אויסגעלאָדן פון צוג, האָבן די דייטשן געעפנט אויף זיי אַ פייער פון מאַשין־ביקסן, און זיי זענען אַנטלאָפן אין וואַלד־אַריין.

כאָטש אין יענער צייט האָט זיך עס אויסגעוויזן פאַנטאַסטיש, האָבן מיר ביסלעכוויז אָנגעהויבן צו גלויבן אין דעם פאַקט, ווארעם אין די נענטסטע טעג זענען אין וולאָדאַווע דערשינען וואָס אַמאָל מער פליטים פון דאָזיקן טראַנספּאָרט, פון וועלכן אַ טייל האָט געהאַט פאַרהעלטניסמעסיק לייכטע ווונדן פון קוילן. די אַנדערע, גרעסערע טייל, האָט געהאַט ערנסט־אָפּגעפרוירענע פיס און פאַרקילונגס־קראַנקהייטן, וואָרעם במשך פון עטלעכע שעה האָבן זיי זיך אויסבאַהאַלטן ווער אין שניי און ווער אין וואַלד.

גלייכצייטיק האָבן די ארומיקע פויערים אין משך פון אַ צייט, אָנגעהויבן געפינען אויף די פעלדער און וועגן מתים, פון די איבעריקע קריגס־געפאַנגענע. אַלע — מערסטנס מיט ווונדן פון קוילן. די יידישע קהילה אין וולאָדאַווע האָט דעמאָלט באַקומען אַ דערלויבעניש פון דער וו. ס. ד. אין וולאָדאַווע, צו ברענגען די מתים קיין וולאָדאַווע און באַגראָבן זיי אויפן יידישן בית־הקברות.

במשך צוויי וואָכן אומגעפער, זענען געבראַכט־געוואָרן אויפן יידישן בית־הקברות אין וולאָדאַווע, אייינציקוויז און גרופּנוויז אַרום צוויי הונדערט און פופציק הרוגים, וואָס זענען דאָרט צו קבורה געקומען. אַלס דאָקטאָר פון דער דאָרטיקער קהילה, האָב איך באַטראַכט אַלע קערפּערס פאַר דער קבורה, וואָרעם עס האָט געטראָפן, אַז דער אָדער יענער קדוש האָט נאָך אַרויסגעוויזן שוואַכע סימנים פון לעבן.

די ס.ד. האָט כסדר געדראָט דער יידישער קהילה מיט רעפּרעסיעס דערפאַר, וואָס די הרוגים, וועלכע זענען געבראַכט־געוואָרן אין שטאָט אריין, זענען נישט תמיד געווען זאָרגפעליק פאַרדעקט, אַזוי אַז מענטשן, וועלכע זענען געווען אויף דער גאַס, האָבן געקענט אָבסערווירן אַ האַנט אָדער אַ פוס פון אַ הרוג, וואָס האָט ארויסגעשטאַרצט פון אונטער דער צודעק.

צווישן אַנדערע, האָט דער שעף פון דער ס. ד., ניטשקע, גערעדט וועגן פּיעטעט פאַר די קדושים, אַז מיר דאַרפן האָבן פאַר די דאָזיקע הרוגים פּיעטעט...

לויט די דערקלערונגען וואָס איך האָב צוזאַמענגענומען ביי די אַלע לעבנגעבליבענע יידן, האָט זיך באַקומען פאָלגענדעס:

אין איינעם פון די לאַגערן אין פּרייסן, ערגעץ נישט ווייט פון דאַנציג, האָבן די דייטשן צוזאַמענגענומען אַ גרופּע פון אַרום 500 יידן, וואָס אַ טייל פון זיי זענען געווען זעלנער פון פוילישן מיליטער, דאָס הייסט, קריגס־געפאַנגענע פון פאַרשיידענע פוילישע געביטן; און אַ טייל ווידער זענען געווען ציוויל־געפאַנגענע, וואָס די דייטשן האָבן צוזאַמענגענומען באַלד ווי זיי זענען אריינגעדרונגען קיין לאָמזשע, שטשוטשין א.א.וו. מערסטנס זענען דאָס געווען יונגע מענטשן, צווישן זיי אויך מינדעריעריקע ייִנגלעך. די דייטשן האָבן דערקלערט דער דאָזיקער גרופּע, אַז מען שיקט זיי קיין סאָוועט־רוסלאַנד. כדי צו מאַכן די זאַך זאָל אויסזען וואָר שיינלעך האָט יעדערער פון די דאָזיקע מענטשן באַקומען אַ פאָרמולאַר אויסצופילן, אַז דער אונטן־אונטערגעשריבענער דריקט־אויס זיין ווילן אריבערצוגיין אויף דער רוסישער זייט און אַז ער האָט נישט קיין שום פרעטענזיעס צו דער דייטשער מאַכט. אַלע דרוק־בויגנס, אויסגעפילטע מיט שוואַרצן בליי־פעדער, אָן אונטערשייד, האָט די ס. ד. אין וולאָדאַווע, אונטער שטרענגע דראָונגען, געהייסן ברענגען צו זיי.

דער טראַנספּאָרט איז אָנגעלאָדן־געוואָרן אין פראַכט־וואַגאָנען. די רייזע פון פרייסן קיין סאָביבאָר האָט געדויערט אַרום אַ וואָך צייט. קיינער האָט נישט געטאָרט פאַר דער

צייט פאַרלאָזן דעם טראַנספּאָרט, צום דערליידיקן זיינע באַ־דערפעענישן. צוליב די דאָן הערשנדיקע פרעסט און צוליב הונגער, מיט וועלכן די דייטשן האָבן געפּלאָגט זייער געפאַנ־גענע זענען אַ סך אויסגעשטאָרבן אין וועג. ווען דער טראַנס־פּאָרט אין אנגעקומען אויף דער באַן־סטאַציע סאָביבאָר, האָבן די דייטשן באַפוילן אַלע געפאַנגענע צונויפצוזאַמלען־זיך פאר די וואַגאַנען, און אַ געוויסע גרופּע פון די דאָזיקע געפאַנגענע האָט געהאט די אויפגאַבע, ארויסצוטראָגן די מתים פון די וואַגאַנען. אין דער צייט ווען דאָס איז געטון געוואָרן, איז פון אַלע זייטן געעפנט־געוואָרן אַ פייער פון מאַשין־געווער צו די געפאַנגענע, וואָס האָבן זיך פארזאמלט ביי די וואַגאַנען.

ווער עס האָט געקענט, איז אין דער אנטשטאַנענער פּאַניק אַנטלאָפן אין וואַלד־אַריין. טייל זענען דערביי געט־ראָפן געוואָרן דורך קוילן און אַנדערע האָט זיך איינגעגעבן צו אנטרינען אומבאַשעדיקט און שיצן־זיך צווישן די בוימער. די געראַטעוועטע האָבן אַרומגעבלאָנקעט אין וואַלד אַ גע־וויסע צייט און ווער עס איז געווען שווערער פאַרוווּנדעט, איז אויסגעגאַנגען אָן הילף. ווייניק האָבן נאָך געהאַט גענוג כוחות, זיך צו דערשלעפּן קיין וולאָדאַווע, ווי צו דער גאָענט־סטער גרעסערער שטאָט.

די דאָזיקע לעבן־געבליבענע האָבן זיך אָנגעזאַמלט ארום הונדערט. כמעט אַלע אָן אויסנאַם האָבן געהאַט אָפּגעפרוי־רענע פיס אין דער דריטער סטאַדיע. אַ טייל זענען קראַנק געווען אויף פאַרשידענע פאַרקילונגס־קרענק און דערשעפּטע פון די כוחות. איך האָב נישט געזען צווישן זיי קיין טיפוס־פאַלן בכלל.

פאַר די דאָזיקע אַלע פאַרוווּנדעטע און קראַנקע, איז שנעל געשאַפן־געוואָרן אַ שפּיטאַלכל אין די לאָקאַלן פון בתי־מדרשים, וואָס זענען געווען נאָענט איינער פון אַנדערן.




אזכרה־אָונט פון וולאָדאַווער יידן אין נידערשלעזיען יאָר 1947

# זיי זענען געווען א סך

**יידישע קעמפער פון וואָלאַדאַווע און אומגעגנט, וועלכע זענען געפאַלן אין די שלאַכטן פון די באַפרייאונגס־אַרמייען אויף די פראָנטן און פון די פּאַרטיזאַנער אין די פעלדער**

יידישע בחורים און מיידלעך פון וואָלאָדאַווע און פון דער אַרומיקער געגנט האָבן אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן קעגן היטלעריסטישן שונא נישט בלויז אַלס פּאַרטיזאַנער אין הינ־טערלאַנד פונעם שונא, נאָר אויך ווי זעלנער און אָפיצירן אין די רעגולערע באַפרייאונגס־אַרמייען אויף די פאַרשידענע פראָנטן. אומעטום האָבן זיי זיך אַרויסגעוויזן ווי העלדישע קעמפער, וואָס האָבן זיך נישט אָפּגעשראָקן פאַר קיין שום טויט־געפאַרן און גאַנץ אָפט זענען זיי געווען די, וואָס האָבן פּלאַנירט און אָרגאַניזירט די אָנגריפן אויף די באַזונדערע אָפּשניטן. די, וואָס האָבן נישט באַוויזן צו מאָביליזירן זיך אין דער רעגולערער אַרמיי און זענען אַוועק אין וואַלד, האָבן נישט דורכגעלאָזט קיין שום געלעגנהייט אָנצופאַלן אויף די דייטשע מיליטערישע איינהייטן.

כאַראַקטעריסטיש איז דאָס עדות־זאָגן פונעם דייטשן קאָמיסאַר ווילהעלם קובאַ, וועלכער האָט אין זיין באַריכט צום דייטשן גענעראַל־שטאַב פון 31־טן אויגוסט 1942 איבער־געגעבן: „...אין אַלע צוזאַמענשטויסן מיט די פּאַרטיזאַנער אויף די שטחים, וואָס האָבן געהערט צו פּוילן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די יידן זענען דער הויפּט־קערן און דער פאַרביסנסטער פאַקטאָר אין דער פּאַרטיזאַנער־באַוועגונג".

די היטלעריסטישע פּרעסע אין פּוילן און אין דייטש־לאַנד האָט אין די יאָרן 3־1942 אַלאַרמירט, אַז די יידישע געטאָס ווערן נישט געהיטן ווי געהעריק און די יידן אַנט־לויפן פון דאָרט אין וואַלד, ווו זיי אָרגאַניזירן זיך אין „באַנ־דעס" און פירן דורך סאַבאָטאַזש־אַקטן, באַקומען געווער פון מאָסקווע, וווינען אין אונטערערדישע היילן, וואָס ציען זיך אויף לאַנגע קילאָמעטערס... אין די דערפער אַרום וואָלאַדאַווע האָבן די געסטאַפּאָוצעס געדראָט די פּויערים, אַז זיי וועלן זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אָנפאַלן פון די יידישע פּאַרטיזאַנער.

די וואָלאַדאַווער יידישע בחורים און מיידלעך, וואָס זענען אַוועק אין די וועלדער און אויף די פראָנטן, האָבן געגעבן אַ שבועה, זיך, דעם אייגענעם געוויסן, די נשמות פון די



דערמאָרדעטע אין די געטאָס און לאַגערן — צו נעמען נקמה אין די רוצחים. אויב שטאַרבן, איז מיט געווער אין האַנט.



מאיר זבערטשוק

דער דאָזיקער דראַנג נאָך נקמה איז געווען אייגן אַלע שיכטן יוגנטלעכע אָן אויס־נאַם. אַלע האָבן מיט אימה־דיקער קלאָרקייט באַנומען דעם חורבן און דער ווילן צום קאַמף האָט געברענט אין זייערע הערצער ווי אַ גליענדיקע לאַווע און דער־פאַר איז פאַרשוווּנדן ביי זיי דער פחד פאַרן טויט. אין האַרצן איז געווען דער איינציקער באַגער: קעמפן מיט געווער אין האַנט.

אַזעלכער איז געווען מאיר זבערטשוק (מאַקס), וועל־כער האָט געהאַט הינטער זיך אַ רייכע רעוואָלוציאָנערע פאַר־גאַנגענהייט און האָט צוליב דעם געמוזט פאַרלאָזן וואָלאָדאַווע נאָך ביים סוף פון די 20־ער יאָרן. אין פּאַריז איז ער געווען באַקאַנט ווי אַן אַקטיווער טוער אין די לינקע קרייזן, מיט לייב־און־לעבן געווען איבערגעגעבן דער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט. אין יאָר 1940 איז ער פרייוויליק אַריינגעטראָטן אין דער קעמפנדיקער פראַנצויזישער אַרמיי, אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן און דעם 27־סטן מאי 1940 איז ער געפאַלן ווי אַ העלד אין קאַמף.

אויפן בילד זעען מיר אים אין מיליטערישן מונדיר. אויפן פּאַסעק, אין פראָנט, זעט מען די פּאָטאָגראַפיע פון זיין פיר־יאָריק טעכטערל קלאַראַ, וואָס ער האָט תמיד גע־טראָגן מיט זיך, אויפן פראָנט, אין די שווערע שלאַכטן.

זיין פרוי מארי און ביידע קינדער: קלאַראַ און זשאַנעט, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן ביי גוטע פראַנצויזישע מענטשן און זענען געבליבן לעבן. זיי וווינען ביזן היינטיקן טאָג אין פּאַריז.

אין די יאָרן פון 1943 ביז 1945 זענען אין די פּוילישע וועלדער געפאַלן די וואָלאַדאַווער יידישע פּאַרטיזאַנער:

אילקע באַרנשטיין, אברהם וואַסערמאַן, אַהרעלע פּישמאַן, ברוכל שניידערמאַן, ב ענצע עפּשטיין, חיים ראַדיסט, חיים צ עלניק, מאָטל ראָזנבערג, משה ליכטנבערג, סראַלקע פּישמאַן, קלמן מלכה ברכהס, שמחה שאַבעסמאַן א. א.

אין די יאָרן 5־1944 זענען געפאַלן אין די שלאַכטן אַלס סאָלדאַטן און אָפיצירן אין דער רויטער אַרמיי און אין דער פּוילישער אַרמיי, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט הינטער מאָסקווע:



קוטשער אייזיק געפאַלן אין דער רויטער אַרמיי אין קאַמף קעגן נאַצי־דייטשלאַנד

הונדערטער און טויזנטער יידישע בחורים פון פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. דאָס זענען געווען די, וועלכע האָבן ביים אָנהייב פון דער מלחמה באַוויזן צו אַנטלויפן פון אָקופּירטן פּוילן און ראַטעווען זיך אין ראַטנפאַרבאַנד. פון די פאַרוואָרפנסטע ערטער זענען זיי געקומען אויף די מאָביליזיר־פּונקטן און פרייוויליק אַריינגעטרעטן אין די קעמפנדיקע אַרמייען. צווישן זיי זענען אויך געווען די וואָלאַדאַווער:

חיימעק קעלבערמאַן (אין פּיוסק, ביי לובלין); מאָטעלע יאַנקל שוסטערס, אייזיק קוטשער. ער איז געווען פון די, וואָס זענען די ערשטע אַריין אין דער דייטשער טעריטאָריע און איז געפאַלן ביי קעניגסבערג; אלי למדן, שלומקע ראָטנבערג, מאָטל ראָזנבוים, משה בעקערמאַן א. א.



חיימעק קעלבערמאַן

חיימעק קעלבערמאַן האָט זיך מאָביליזירט אין דער 1־טער פּוילישער דיוויזיע, וואָס האָט זיך אָרגאַניזירט הינטער מאָסקווע. (ער איז געווען איינער פון די הונדערטער יידן, וואָס האָבן זיך אַריינגעריסן אין דער פּוילישער אַרמיי, באַקעמפנדיק די טענדענץ פון דער העכערער מאַכט נישט אַריינצולאָזן קיין יידן). ער האָט אָנטיילגענומען אין די שלאַכטן און געפאַלן אין פּיוסק, ביי לובלין.

וואָלאַדאַווער בחורים, וואָס האָבן זיך אָפּגעראַטעוועט פון אומקום און זענען אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, זענען גלייך אַריין אין מיליטערישע איינהייטן און אָנטיילגענומען אין די באַפרייאונגס־קאַמפן.



יצחק פרידמאַן, ר' פייוול לעדערמאַנס אַן אייניקל, האָט געקעמפט אין די פּאַרטיזאַנער־רייען אין די פּוילישע וועלדער. אים איז געלונגען צו בלייבן לעבן און אויסנוצנדיק די ערשטע געלעגנהייט צו אַנטלויפן פון פּוילן איז ער אָנגעקומען קיין ארץ־ישראל, איז אַריינגעטראָטן אין די רייען פון „אצל" און געפאַלן אין קאַמף.

אין דער באַפרייאונגס־מלחמה אין יאָר 1948 איז אויך געפאַלן דער וואָלאַדאַווער דב סאַבלמאַן. ער האָט פינף יאָר געוואָגלט מיט די פּאַרטיזאַנער אין די פּוילישע וועלדער.




די מצבה אויפן קבר פון דב סאַבלמאַן אין כפר ורבורג

מיר באַטאָנען, אַז די נעמען, וואָס ווערן דאָ דערמאָנט שעפּן ווייט נישט אויס די רשימה פון די וואָלאַדאַווער גבורים, וועלכע זענען געפאַלן אין קאַמף. זיי זענען געווען אַ סך, אָבער נישט אַלע נעמען זענען אונדז באַקאַנט. מיר לאָזן איבער פרייע ערטער, וועלכע יעדער וועט קענען אויספילן, ווען ער וועט זיך דערוויסן אָדער דערמאָנען נעמען, וואָס זענען, אָן אונדזער שולד, נישט אַריין אין דער רשימה.

אויפן צעשטערטן בית־עלמין אין וואָלאַדאַווע איז געבליבן




דער איינציק געבליבענער קבר אויפן בית־עולם נאָך דער שואה...
דער קבר איז פון יידישן פּאַרטיזאַן הערשעלע ווירקער (גייערמאַן)

גאַנץ דאָס איינציקע קבר, אין וועלכן עס רוען די ביינער פונעם העלדישן פּאַרטיזאַן, הערשל ווירקער (גייערמאַן).

דאָס ברענגען צו קבורה אויפן יידישן בית־עולם האָט דורכגעפירט חיים קליגער נאָך דער מלחמה.

## דב סובולמן (ברהלה)

נולד בשנת 1930 בכפר הולישוב, ע״י ולודבה, פולין. הוריו: אריה ושפרינצה.

בעודו פעוט בן תשעה חודשים מתה עליו אמו. בהיותו בן עשר שנים אנוס היה לעזוב את בית אבא ולנדוד, כדי למלט את נפשו מחמת הנאצים.



דב סאָבלמאַן

קצר המצע מהכיל את פרשת הטראגדיה של נער צעיר זה, ותיזכר, איפוא, רק בקוים מס־פר. רק מעט מאוד מן הנערים האלה הצליחו להישאר בחיים. דב סובלמן היה בין אלה שניסו באופן אינסטינקטיבי להימלט בימי תוהו אלה מזרחה, כדי להיות בטוחים מסכנות האב־דון, והנה כל הדרכים נחסמו והנער נשאר לבד בין הגויים, נבדק ונחקר, עבר תלאות ועינויים.

בדרך נדודיו הצטרף ללוחמי הפרטיזנים ביערות פולין ועד מהרה נתחבב עליהם מאוד והיה למורה דרכים ביערות הסביבה שנולד וגדל בה.

כחמש שנים חי בין הפרטיזנים. עם גמר המלחמה הצטרף לתנועת הנוער החלוצי „נוחם״, עלה לארץ דרך איטליה וגורש על־ידי שולטונות המנדט לקפריסין.

כעבור שנה, ב־1948 עלה לארץ בשם בדוי ועל אף גילו הצעיר התגייס להלוך ישר מבית עולים בנתניה לליווי שיירות מתל־אביב לירושלים.

נפל בקרב עורק אלמנשיה בששה עשר לאוקטובר 1948, ובאותו יום הובא למנוחות עולמים בבית קברות בכפר ורבורג.

מספר „יזכור״
הוצאת משרד הבטחון ה׳תשט״ו



## פרידמן יצחק

בן ישראל יוסף וגיטל דבורה, נולד ב־25.1.1927 בעיר ולודבה בפולין, חונך באוירה ציונית בבית הוריו שהשתוקקו כל הימים לעלות לארץ ישראל, אך הדבר לא נסתייע בידיהם. סיים שש מחלקות בבית הספר העברי של „תרבות״ עד שפרצה מלחמת העולם השניה. משהושמדה כל המשפחה והוא נשאר יחידי באוירה של שנאת ישראל גדולה, עזוב לנפשו, ראה במו עיניו תהליך כליונם הפיסי של היהודים, שנעשה לעיני הפולנים. במוחו נקבה השאלה: ומה עתה? מה התח־בולות והדרכים להציל את נפשו? כל התקוות נכזבו כולן, והוא ראה לנגדו את הדרך היחידה: להילחם!



יצחק פרידמאַן

ב־1943 יצא יצחק אל היערות והשתתף בפעולות הפרטיזנים נגד האויב הנאצי. כשהדפו הרוסים ב־1944 את הגרמנים מהאזור ההוא, שלחו אותו ועוד כמה בחורים למו־הילוב שברוסיה הלבנה וחינכום לשירות בבולשת המדינה. שם נזכר בשאיפות הוריו ובדברי סבא ר׳ פייבל לדרמן, שליהודים אין להתמסר לשירות מגמות זרות, אלא לשחרור מולדתם ההיסטורית. ביקש ממפקדיו חופשה לנסוע לעיר הולדתו לראות אולי נשאר בחיים מישהוא ממשפחתו, אף כי ידע שלא שרד מהם איש.

מפולין יצא ב„נתיב״־הבריחה לאיטליה ומבארי העפיל והגיע ארצה באוקטובר 1945. בימים הראשונים התאכסן ב„מצודת זאב״ בתל־אביב ואחר כך התחיל לעבוד בבית חרושת לטקסטיל, הצטרף למחתרת „אצל״, סיים קורס מ״כ ונקרא בכינוי „המפקד צדקיהו״. השתתף בפעולות רבות נגד הבריטים ואחר כך נגד הערבים, בז למוות ולסכנות ויצא מכולן בשלום.

בפעולתו האחרונה, בתפיסת רכבת־הנשק והתחמושת של הבריטים ליד פרדס חנה, נפלו הוא ואיוב אבטליון ביום 18.4.1948. למחרת היום הובא לקבורות בכבוד צבאי בבית הקברות בנחלת יצחק.

חיים־דוד ברוס

# יצחק פרידמאַן

## פון די פאַרטיזאַנער ביז אצ״ל („צדקיהו״)

געבוירן אין יאָר 1927 איז יצחק פרידמאַן דערצויגן געוואָרן אין אַן אַטמאָספער פון ליבשאַפט און בענקשאַפט צו ארץ־ישראל. זיינע עלטערן גיטל און ישראל יוסף פרידמאַן (פּייוול לעדערמאַנס אַן אייניקל) זענען געווען הייסע ציוניסטן. די קינדער האָבן געלערנט אין חדר און שפּעטער אין דער תרבות־שול.

אין יאָר 1941, ווען יצחק פרידמאַן איז אַלט געווען פערצן יאָר איז ער גלייך ווי אַלע אַנדערע קינדער אין זיין עלטער, גענומען געוואָרן דורך די נאַציס פון וולאַדאַווע צו צוואַנגסאַרבעט, וואָס איז באַשטאַנען פון אויסטרוקענען דעם טייך, נישט ווייט פון בוג. די אַרבעט איז געווען זייער אַ שווערע.

ביז פרילינג 1943 האָבן די וולאַדאַווער יידן זייער געליטן, געווען באַשעפטיקט ביי די שווערסטע און שמוציקסטע אַרבעטן, דורכגעמאַכט עטלעכע שוידערלעכע אַקציעס, אין וועלכע טויזנטער יידן זענען פאַרשיקט געוואָרן קיין סאָביבאָר, ווו זיי זענען אומגעקומען.

דעם 1־טן מאַי 1943 זענען די דייטשן באַפאַלן דעם אַרבעטס־לאַגער פאַלקענבערג און אַרויסגעפירט די יידן קיין סאָביבאָר. פאַר די אויגן פון דעם יונגן יצחק פרידמאַן האָבן די היטלעריסטן דערשאָסן זיין פאָטער און יונגערן ברודער.

אַ געוויסע צאָל יידן האָט זיך אויסבאַהאַלטן אין גריבער, ביז עס איז געוואָרן פינצטער און דאַן זענען זיי זיך צעלאָפן אין די אַרומיקע וועלדער. פרידמאַן איז דאַן געלאָפן קיין אַדאַמפּאָל, ווו דער היטלעריסט זעלינגער איז געווען לאַגערפירער.

אין אַדאַמפּאָל האָבן די יידן נאָך אַלץ געאַרבעט עבודת פרך און די היטלעריסטישע מערדער האָבן דערנאָך אויסגעהרגעט דעם גרעסטן טייל פון די יידישע אַרבעטער. דאָס רעשטל לעבנגעבליבענע יידן זענען אַנטלאָפן אין די וועלדער, געוואַלגערט זיך אין די שווערסטע באַדינגונגען, אין הונגער און פחד, ביז זיי האָבן אָנגעטראָפן אויף אַ גרופּע רוסישע פאַרטיזאַנער, וועלכע האָבן די וואַנדערנדיקע יידן אַוועקגעפירט אין די פּינסקער וועלדער. אויפן וועג האָבן זיי זיך אָנגעטראָפן אויף באַוואָפנטע דייטשן און אויפגענומען מיט זיי אַ קאַמף.

אין די פּינסקער וועלדער איז געווען אַן אָרגאַניזירטע פאַרטיזאַנער־גרופּע, וועלכע האָט דורכגעפירט אַ גאַנצע ריי סאַבאָטאַזש־אַקציעס קעגן די דייטשן. אין די דאָזיקע אַקציעס האָט אויך אָנטיילגענומען יצחק פרידמאַן.

אין יאָר 1944, מערץ, ווען די רוסן האָבן באַפרייט די געגנט זענען אַ סך אַריין אין דער אַרמיי. יצחק פרידמאַנען האָט מען באַפרייט צוליב זיין יונגן עלטער.

אין דער פאַרטיזאַנער גרופּע האָט צוזאַמען מיט יצחק פרידמאַן געקעמפט אויך זיין יונגער חבר אלי למדן.

נאָך דער באַפרייאונג האָט יצחק פרידמאַן דורכגעמאַכט פאַרשידענע גילגולים ביז ער האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן פוילן און איז אויף אומלעגאַלע וועגן געקומען קיין איטאַליע, ווו ער איז עטלעכע חדשים געווען אין אַ קיבוץ פון בית״ר. אין אָקטאָבער 1945 איז ער אָנגעקומען קיין ישראל, ווו ער איז געווען דער ערשטער אָפּגעראַטעוועטער ייד פון וולאָדאַווע, וואָס איז אָנגעקומען אין לאַנד.

די חבלי־קליטה זענען אים אָנגעקומען גענוג שווער. ער איז געווען אָן געלט, אָן אַ פאַך, האָט געאַרבעט אַלס טרעגער אין אַ מיל, שפּעטער אין אַנדערע פּלעצער און האָט שווער אָבער ערלעך פאַרדינט זיין ברויט.

פאַר דער באַפרייאונג־מלחמה איז יצחק פרידמאַן פרייוויליק אַריינגעטרעטן אין אצ״ל, אָנטיילגענומען אין קאַמפן, געווען ראש הקבוצה אונטערן פּסעוודאָנים: „צדקיהו״.

דעם 17־טן אַפּריל 1948 איז ער מיט זיין גרופּע איבערגעפאַלן דעם צוג ביי פּרדס־חנה, צוגענומען דאָס גאַנצע געווער און עס איבערגעשיקט קיין תל־אביב.

אין אַ שפּעטערדיקן קאַמף איז ער געפאַלן ווי אַ העלד פאַר דער באַפרייאונג פון דער יידישער מדינה.

חיים קליגער
קרית גיורא



# אויף קבר אבות

אין יאָר 1965 האָט דער קולטורגעזעלשאַפטלעכער פאַרבאַנד" אין לובלין באַקומען אַ בריוו פון וולאָדאַווער נאַציאָנאַל־ראַט מיט פאָלגנדן אינהאַלט: „היות אין די אורבאַניסטישע פּלענער פאַר וולאָדאַווע איז פאָרויסגעזען צו שאַפן אַ שטאָטישן גאָרטן אויפן פּלאַץ פון געוועזענעם ייִדישן בית־עולם, ווו עס וועט גלייכצייטיק אויפגעשטעלט ווערן אַ דענקמאָל פאַר די ייִדישע קעמפער, וועלכע זענען געפאַלן אין קאַמף קעגן נאַצישן דייטשלאַנד, האַלטן מיר פאַר נויטיק צו באַראַטן זיך מיט די פאָרשטייער פון דער ייד. געזעלשאַפטלעכקייט, צי זיי זענען מסכים מיטן דאָזיקן פּלאַן א.א.וו.".

אלס סעקרעטער פון קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד בין איך באַפולמעכטיקט געוואָרן צו פאַרנעמען זיך מיטן דאָזיקן ענין, וואָס האָט מיך באַזונדערס פאַראינטערעסירט אַלס געוועזענער וולאָדאַווער תושב פון דור־דורות. מיט ציטער און האַרצקלאַפעניש בין איך געפאָרן קיין וולאָדאַווע. איבערן גאַנצן וועג בין איך געווען פאַרטיפט אין מחשבות און זכרונות. ווידער האָט אויפגעלעבט אין מיין זכרון די שטאָט פון מיין געבוירן, פון מיין קינדהייט און יוגנט. דאָ האָב איך באַקומען מיין דערציאונג, בילדונג און געזעלשאַפטלעכע רייפקייט, געשטעלט מיינע ערשטע טריט אין געזעלשאַפטלעכן לעבן. אין אָנהויב ווי אַ מיטגליד אין לינקע פועלי ציון און דערנאָך אין דער קאָמוניסטישער באַוועגונג.

וולאָדאַווע, טייער שטעטל מיינס, וועמענס ייִדישע קהילה איז חרוב געוואָרן מיט דריי צענדליק יאָר צוריק. דאָ זענען אומגעקומען מיינע טייערע, מיין מאַמע, מיינע טרייע חברים. נישטאָ מער דער ברויזנדיקער ייִדישער ישוב מיט זיבן טויזנט ייִדן, אַכציק פּראָצענט פון דער אַלגעמיינער באַפעלקערונג.

נישטאָ דאָס גייסטרייכע, שפּרודלדיקע ייִדישע לעבן, די געזעלשאַפטלעכע אינסטיטוציעס, פּאָליטישע פּאַרטייען פון אַלע שאַטירונגען, די שיינע אידעאַליסטישע יוגנט מיט אירע גרויסע חלומות און וויזיעס פון אַ שענערער וועלט.

פון דעם אַלעם זענען געבליבן בלויז חורבות.

אויף דער ווירקער־גאַס זענען אויפגעשטעלט געוואָרן עטלעכע נייע וווינונגסבלאָקן. עטלעכע פּלעצער זענען נאָך געבליבן אַרומגעצוימט מיט שטעכיקע דראָטן.

דאָס איז דער זכר פון שרעקלעכן חורבן.

וולאָדאַווע, פון דער לינקער זייט בוג, איז געווען פאַרבונדן מיט די שטעטלעך וולאָדאַווקע, טאָמאַשעווקע, דאָמאַטשעווע, קאָדניע און מאַלאָריטע, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דער צווייטער זייט בוג. שפּעטער איז די שטאָט פאַרצעווע געוואָרן אַ זעלבשטענדיקער פּאָוויאַט.

אַ שווייגנדיקער, ווי אַן אבל בין איך אַריינגעפאָרן קיין וולאָדאַווע און מיט אויסגעשטאַרטע אויגן געזוכט אַ שפּור, אַ צייכן פון אַמאָליקן שטעטל. איך האָב שפּאַצירט איבער די גאַסן און געסלעך. טייל זענען געוואָרן פאַרשענערט, אַספאַלטירטע וועגן, דער מאַרק פאַרפלאַנצט מיט ביימער און בלומען. אָבער אַלץ זעט אויס פּוסט, ווי אַ גוף אָן אַ נשמה, אָן לעבן, אָן יענער איניציאַטיוופולער ענערגיע. שטיל, טרויעריק.

אָט בין איך אויף דער ראָזשאַנקער־גאַס, וועלכע האָט שפּעטער געהייסן פּילסודסקיעגאָ. דאָ זענען אַמאָל געווען די בענקלעך, אויף וועלכע עס זענען געזעסן פאַרליבטע פּאָרלעך. אָט דאָ בין איך געזעסן מיט מיין מיידל, מיט חברים, געפירט באַראַטונגען, ווי אַזוי צו פירן די טעטיקייט פאַר אויסבעסערן די וועלט, פאַר אַ שענערן מאָרגן, פאַר פרייהייט און דערלייזונג.

דאָ האָב איך שפּאַצירט מיט העניעלע גוטמאַן און ביידע האָבן מיר געשפּילט די ראָל ווי אַ פאַרליבט פּאָרל, אָפּגעצויגן די אויפמערקזאַמקייט פונעם פּאָליציאַנט, וועלכער איז געגאַנגען הינטער אונדז, כדי אונדזערע חברים זאָלן קענען קלעפּן אויף די ווענט די אויפרופן קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער רעגירונג. עס איז געווען וועגן וואָס צו שמועסן, וועגן גרויסע וועלט־ענינים און וועגן דער פּיעסע „די שחיטה", וועלכע עס האָט געשפּילט דער דראַמאַטישער קרייז ביי די פּראָפ.־פאַריינען.

אָט גיי איך פאַרביי דאָס גרויסע הויז פון מאַטיס האַלצ־

מאַן, ווו עס איז אַמאָל געווען דאָס ליקעווער חסידים־שטיבל, וווהין איך האָב געפּלעגט גיין דאַווענען מיט מיין דערציער פון יתומים־הויז, שמואלקע ביאַלי. דאָ האָבן געדאַווענט די פּאַרמעגלעכע באַלעבאַטים פון שטעטל: אליעזר האַלצמאַן, דוד האַלצמאַן, יאַנקעלע ריכטמאַן, בעני באַרנהאָלץ און אַנדערע שיינע יידן פון דער האָלץ־בראַנזשע.

אָט בין איך אויף דער 11־טער ליסטאָפּאַד־גאַס. פאַר די אויגן שטעלט זיך לאַמקעס קליינע קרעמל מיט נאַשוואַרג, אַרום וועלכן עס פלעגן זיך תמיד דרייען קינדער, יוגנטלעכע. מיר דאַכט זיך, אַז באַלד וועל איך דאָ דערזען דעם לערער פון דער העברעאישער שפּראַך, קיפּעל, אַן אַפּשטאַמיקער פון בריסק, רעדט אַ ליטווישן יידיש, אַנגעזאָפּט מיט אַ סך וויסן, אַ הייסער ציוניסט און אַ פּשוטער און ערלעכער פאָלקסמענטש, איז געווען דער בעסטער שאַך־שפּילער אין שטעטל. ביי זיין פענצטער האָט מען אָפט געקענט טרעפן מאיר־ישראל בריקמאַן, אַ זייגערמאַכער, גערעדט גלאַסן, פאַרטראַכט, פאַרנומען מיטן חלום פון שיבת־ציון. ער איז אויך געווען אַ גוטער שאַך־שפּילער. דערצו האָט ער אויך ליב געהאַט יידיש טעאַטער און ער איז טאַקע געווען דער איניציאַטאָר פונעם ערשטן דראַמקרייז אין וולאָדאַווע.



אַ גרופּע וולאָדאַווער יידן מיט חיים קליגער לייגן אַ קראַנץ ביים אַנטהילן דעם דענקמאָל אין סאַביבאָר, 1965

אויף דער גאַס געפינט זיך דאָס קינאָ. אַמאָל האָט מען דאָ אָפּגעהאַלטן פאַרזאַמלונגען. אין זכרון קומט אויף יענער חול המועד פסח, ווען עס איז דאָ אַרויסגעטראַטן מיט אַ רעדע דער אומאָפּהענגיקער סאָציאַליסט, ד״ר יוסף קרוק, גערעדט וועגן דעם יידיש־ענגלישן דענקער ישראל זאַנגוויל. דער דראַמקרייז האָט געשפּילט די באַרימטע פּיעסע אוריאל אַקאָסטאַ. דער זאַל איז געווען געפּאַקט. דער סטאָליער, שלום קאַסטער, האָט געשפּילט די ראָל פון אוריאל אַקאָסטאַ. זיין געליבטע האָט געשפּילט אסתרקע, אַ פּשוט שניידער מיידל. בערל פרייבערג איז געווען רעזשיסער, אָרגאַניזאַטאָר און



סופלאָר אינאיינעם. האָט זיך שטאַרק איבערגענומען מיט דער אַרבעט פון דראַמקרייז און אויב עס איז נישט אַרויסגעקומען אַזוי ווי ער האָט עס פאַרשטאַנען, האָט ער זיך געריסן די האָר פון קאָפּ, געביסן די נעגל, געשריגן, ווי עס וואָלט אים פאַרשאַפט ממש פיזישע יסורים.

די אויגן קוקן, ווילן אַלצדינג אויפכאַפּן, אויפלעבן; אַלץ ווי געווען? אָט בין איך נעבן אהרון־בערלס ראַזורע, ביי וועלכער מען האָט זיך תמיד געמוזט פאַרהאַלטן, געווען אַן אָפענע שטוב פאַר אַלע שיכטן פון דער וולאָדאַווער יוגנט. דאָ האָט מען געפירט דיסקוסיעס, דערציילט זיך וויצן, באַגייסטערט זיך מיט יידישע טעאַטער־פאַרשטעלונגען. ווען עס איז געווען שווער אויפן געמיט, אין צייטן פון אַרבעטסלאָזיקייט און אויסזיכטסלאָזיקייט, איז מען אַהערגעקומען פאַרגעסן אין די צרות.

אָט איז די שיל־גאַס. חוץ דער אַלטער שיל זענען דאָ געווען אויך צוויי בתי־מדרשים. דער ארון קודש אין שיל איז געווען באַרימט אין גאַנץ פּוילן. איין בית המדרש איז איצט אינגאַנצן פאַרמאַכט, פאַרהאַמערט, דער צווייטער איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ מאַגאַזין פון לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינען. די גרויסע שיל איז איצט אַ תבואה־מאַגאַזין.

מיר איז אויסגעקומען צו רעדן מיטן אינזשעניער גאַווערעצקי, אַן אַנשטענדיקער מענטש, מיט פאַרשטענדעניש פאַר קונסט־ווערק און ער האָט זיך באַמיט, אַז דער ארון קודש זאָל ווערן קאָנסערווירט און אָפּגעהיטן דורך דער אָפּטיילונג פאַר קולטור און קונסט ביים וואָיעוואָדישן אַמט אין לובלין. אַ דאַנק אים האָט מען אויך קאָנסערווירט די שיל, באַמיט זיך צו האַלטן זי ריין און אָפּהיטן איר אַמאָליקן כאַראַקטער.



פאַרזיצער און סעקרעטאַר פון וולאָדאַווער שטאָט־ראַט אין יאָר 1962 נעמען אין סאַביבאָר אַש פון די פאַרברענטע יידן און פירן עס איבער צום דענקמאָל, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן אין לובלין. עס באַגלייט זיי חיים קליגער

אין דער מאַרק-גאַס פאַרהאַלט איך זיך נעבן דער לעדער-קראָם פון הערשל גפן. דאָ פלעגט מען תמיד טרעפן זיין ווייב רחלע מרים שפּרינצעס זיצן אויף אַ בענקל פאַרן געשעפט. ווען עס איז אַריינגעקומען אַ שוסטער, אַ שטעפּער האָט זי אַליין גענומען דאָס מעסער און געשניטן די האַרטע לעדער מיט אַ געניטער האַנט. דערצו האָט זי געהאַט אויף זיך אַ סוחרישן קאָפּ, האָט קלוג געפירט דאָס געשעפט. איר מאַן ר' הערשל גפן איז געווען אַ תלמיד-חכם, אויסגעטון פון עולם הזהדיקע ענינים, תמיד געלערנט און געזאָרגט פאַר עולם הבא.

אַביסל ווייטער איז דאָס הויז פון די ראַוונערס, ווו זעלדע צאַלקעס (גאָלדמאַן) האָט געהאַט דאָס קאָלאָניאַל-געשעפט. האָט גערעדט שיין רוסיש און פויליש, געווען אַן אַלמנה און פרויען פלעגן קומען זיך האַלטן מיט איר אַן עצה. עס האָט פון איר געשפּרודלט מיט לעבנס-חכמה, איז געווען באַהאַוונט אויך אין וועלטלעכע ענינים, געלייענט ביכער, געגאַנגען אין טעאַטער.

רייזעלע הענעכס האָט געהאַט אַ הורט-געשעפט פון קאָלאָניאַל-אַרטיקלען. איר מאַן איז געווען אַ בן-תורה, יומם ולילה געזעסן און געלערנט און די יונגע רייזעלע האָט אַליין געפירט דאָס געשעפט, געהאַט אַ סוחרישן קאָפּ, אָבער דערביי אויך אַ גוט האַרץ און איר שטוב איז געווען אָפן פאַר נויט-באַדערפטיקע און האָט תמיד געהאַט אַן אָפענע האַנט צו טון אַ גמילת חסד.

חוהלע קראַקוס, אַ קליין-געוויקסיקע, מיט אַ געשליפן ציגל, געפירט אין בראָם אַ גרויס אייזן-געשעפט, הונדערטער אַרטיקלען, שלעסער, שלעסלעך פון פאַרשידענע גרויסן, גע-וווּסט ווי יעדע זאַך געפינט זיך. איר מאַן ר' יהושעלע איז געווען אַ בטלן און דאָס גאַנצע געשעפט איז געווען אויף איר קאָפּ, געחשבונט די שווערסטע רעכענונגען פון אויסנ-ווייניק. וועגן איר האָט מען געקענט זאָגן דאָס פאָלקס-ווערטל: „אויב דיין פרוי איז קליין, בויג זיך אַראָפּ און האַלט זיך מיט איר אַן עצה".

אין שכנות איז געווען די קראָם פון גיטעלע גפן. אַלע האָבן געוווּסט, אַז ביי איר קען מען באַקומען אַ גוט זעקל ווייצן-מעל. זי האָט געהאַט אַ ברען צום האַנדל און, דער עיקר, שכל. דאַקעגן איר מאַן האָט זיך מער פאַרשטאַנען אין אַ בלעטל גמרא ווי אין געשעפט.

ווער האָט נישט געקענט אין שטעטל חנה די גבאיטע. אומעטום, ווו עמיץ האָט זיך געניטיקט אין הילף, האָט מען זי געקענט טרעפן, ביי אַ קראַנקן אָרעמאַן, ביי אַן אָרעם כלה-מיידל, ביים פאַרזאָרגן אַ ישיבה-בחור מיט „טעג", ביי אַ געפאַלענעם ייד, אַ יורד, וואָס האָט זיך געניטיקט אין מתן בסתר. זי איז געווען די פאַרקערפּערונג פון די נשים צדקניות, וואָס זענען גרייט יעדע שעה פון טאָג און נאַכט ברענגען הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע. זי איז געשטאָרבן אין די דרייסיקער יאָרן. דאָס גאַנצע שטעטל האָט איר באַגלייט צו איר אייביקער רו. דער רב און דער ראש ישיבה האָבן געהאַלטן הספדים ביי דער גרויסער שיל.

אויף אַ בענקל נעבן מרדכי ווערטהיימס גאַסטהויז פלעגט אין די זומערטעג זיצן לאה אפרימס (לאה קליגער). די „בלינדע" האָט מען זי גערופן. זי איז געוואָרן בלינד אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען די דייטשן זענען אַריין קיין וולאָדאַווע און אַ קויל האָט פאַרבלאָנדזשעט אין דער וווינונג פון מרדכי ווערטהיים, ווו מיין מוטער איז צופעליק געשטאַנען ביים פענצטער און געטראָפן געוואָרן אין די אויגן. מיין מוטער איז נאָך דאַן געווען זייער יונג, געהאַט פיר קליינע קינדער. אָבער נישט געקוקט דערויף, וואָס זי איז געוואָרן פולשטענדיק בלינד,האָט זי זיך נישט איינגעבראָכן, נישט פאַרלוירן דעם גלויבן אין די אייגענע כוחות. עס איז איר בייגעשטאַנען איר טיפע לעבנס-חכמה און די גרויסע ליבשאַפט צו אירע קינדער.

טייערע מאַמע מיינע, כ'געדענק ווי איך פלעג זיצן אויף איר שויס, קוקן אין איר ליכטיק פנים, וואָס האָט געשיינט אויך נאָכדעם ווי זי האָט פאַרלוירן דאָס ליכט פון אירע אויגן. ווען אירע הענט האָבן געגלעט מיין פּנים איז אויף איר געווען אויסגעגאָסן אַ זיסער שמייכל. זי האָט זיך תמיד באַמיט מיר צו ענטפערן אויף מיינע פראַגן אין מיין פריער קינדהייט. טיילמאָל זענען די ענטפערס געווען אַזעלכע, וואָס מיין קינדערשער שכל האָט קוים באַגריפן, אָבער זיי האָבן גערעדט צו מיין געמיט, האָבן זיך געהאַלטן אין מיין קינדישן מוח און ווען כ'בין עלטער געוואָרן זענען זיי פאַר מיר געוואָרן קלאָרער און כ'האָב פון זיי אַ סך געלערנט.

שווערער ווי ביי אַנדערע מאַמעס איז געווען איר צער גידול בנים. זי האָט ווי מיט אַ זעקסטן חוש אַרויסגעפילט אַלץ וואָס טוט זיך אַרום איר, געוווּסט וועגן די ענדערונגען, וואָס זענען פאַרגעקומען אין מיר ווען איך בין אויפגעוואַקסן און וואָס מער זי האָט דערפון געליטן, אַלץ מער האַרץ און טרערן האָט זי אַריינגעלייגט אין ליכט-בענטשן. איר פּנים איז דאַן געוואָרן אַ נעץ פון דערשטיקטן צער, דער צער פון אַ סך הונדערטער מאַמעס אין וולאָדאַווע, אָבער פילפאַכיק גרעסער צוליב איר בלינדקייט. אָבער ווי העלדיש זי איז געגאַנגען אין דער פינצטערניש. געוואַשן, גערוימט, געחלומט פון געשטיקטע חלה-טישטעכלעך, פון שבתדיקע ליכט און געזען די גוטע מלאכים, די מלאכי השלום שוועבן איבערן ליכטיקן שבתדיקן צימער.

דעם סידור האָט זי געקענט פון אויסנווייניק, אַזויפיל תפילות, תחינות, פירושים און משלים פון דובנער מגיד. און

ווי שיין זי האָט געקענט דערציילן וועגן די הייליקע ביבלישע געשטאַלטן, וועגן דבורה הנביאה, וועגן רות, תמר און שולמית. אַ שטילער אומעט איז געגאַנגען פון די טרויעריקע מעשיות וועגן חורבן ירושלים, וועגן דעם האַן און דער הון, דורך וועלכע עס איז חרוב געוואָרן טור־מלכא; וועגן אַקס פון וואָגן, איבער וועלכע ס׳איז צעשטערט געוואָרן ביתר.

יאָרן זענען אַוועק. זי האָט געפילט, אַז עפּעס איז דער מער מיט איר חיימען, עפּעס שפּילט עס אין זיינע בלוטן. זי האָט געוווּסט, אַז ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ חלום צו ענדערן דעם סדר העולם און שאַרפער פון איר יונגן זעעוודיקן זון האָבן אירע בלינדע אויגן געזען די האַרבע וואָר, וואָס מישט זיך אַריין אין חלום, געוואָלט אים פאַרהיטן פון צרות, פון די סכנות, וואָס לויערן פון אַלע זייטן דווקא אויף גוטע מענטשן. ווען זי האָט אַזאַ סכנה דערפילט ביי זיך אין שטוב, האָט זי די גאַנצע געפאַר גענומען אויף זיך און מיט גרויסער ליבשאַפט איז געווען דורכגענומען איר לעבנס־חכמה. זי האָט געוווּסט, אַז איר אונטערגעוואַקסענער זון גלייבט אין דער רעוואָלוציע. איך האָב מיט איר געפלעגט רעדן וועגן אידעאַל צו באַפרייען די אונטערדריקטע אַרבעטער, די אַרעמע פּויערים, האָט זי מיר געזאָגט: „קינד מיינס, אמת, מען טאָר נישט זאָגן קיין ליגן, אָבער געדענק, אַז פאַרן אמת קריגט מען געשלאָגן און אַ יידיש קינד שלאָגט מען צוויי מאָל. צי האָסטו געפרעגט די פּויערים צי זיי ווילן, אַז דו זאָלסט זיי באַפרייען? האָסטו דען ניט געלערנט, אַז יידן זענען שטענדיק און אומעטום די ערשטע צו ווערן געשלאָגן?״

איר גרויס פאַרגעניגן איז געווען, ווען איך פלעג זי יעדן אָוונט פירן אין דער עזרת נשים פונעם בית המדרש, ווו די פרומע און ערלעכע חנהלע משה מאירס פלעגט לערנען די ווייבער ווי אַזוי צו גיין אין יידישן גאַנג און דינען געטריי דעם רבונו של עולם.

נישטאָ מיין מאַמע, נישטאָ קיינער, וואָס זאָל פאַרנעמען דאָס שטילע פליסטערן פון מיינע ליפּן, די תפילה, וואָס איך מורמל איצט אין די שטילסטע טענער, ווי מיין מאַמע פלעגט עס טון אין שעהן פון שטילקייט, אין געווייגלעכע טעג און אין ימים־נוראים.

לאַנג און גרוי ציען זיך די שעהן און איך הער אין מיר שטילע געוויינען, דאָס געוויין פון מיין מאַמען און די געוויינען פון טויזנטער מאַמעס, וועלכע זענען דאָ געגאַנגען זייער לעצטן וועג. מיינע פיס קענען דעם וועג. כ׳האַלט איין מיינע טריט, געמאָסטענע, פאַמעלעכע. צו־וואָס זיך איילן, צו וועמען? דאָך פיל איך, אַז אַ געהיימע קראַפט שטויסט מיך פאַרויס, טראָץ דעם וואָס איך ווייס, אַז ס׳איז



נישטאָ צו־וואָס און נישטאָ צו וועמען. ווען עס איז געקומען דער מוראדיקער חורבן, איז מיין מאַמע געווען פון די ערשטע קרבנות. זי איז אומגעקומען אין סאָביבאָר.

## בעלי עגלות

נאָך אַ סך געשיכטעס פלעגן דאָ פאַסירן און וועגן יעדער באַזונדער איז פאַראַן אַזויפיל צו דערציילן, ווי וועגן די מענטשן, וואָס שטעלן זיך פאַר מיינע אויגן מיט פריינדלעך־אויסגעשטרעקטע הענט. אָט זענען די בעלי־עגלות מיט זייער גוטסקייט און גבורה, ווי זיי פלעגן זיך צעשמייכלען ווען די פערד ביים דערזען זיי האָבן זיך צעהירזשעט פון שמחה.

דוד גלינצמאַן מיט זיינע זין לייבוש און יאָשע האָבן געהאַט די טראַסע קיין לובלין. דוד איז געווען אַן ערלעכער, פרום־אָפּגעהיטענער ייד, מיט אַ קליין געל בערדעלע. די לובלינער הורטאָווניקעס האָבן אים אָנגעטרויט די סחורה קיין וולאָדאַווע און ער איז אויך געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן געלט. זיינע זין זענען געווען געזונטע יונגען, גיבורים.

קיין כעלם פלעגט אויך פאַרן הערשל האפקע. זיין פאָטער זעליג, האָט לעצטנס געוווינט אין כעלם. ביידע זענען געווען באַקאַנט מיט זייער ערלעכקייט, געפלעגט פירן פון כעלם הערינג, צוקער, רייז, געטרוקענע פרוכטן. טאָג און נאַכט אויף די וועגן, אָבער קיינמאָל נישט פאַרפעלט קיין מנחה און מעריב, קיינמאָל נישט אַרויסגערעדט קיין גראָב וואָרט, באַצויגן זיך צו מענטשן מיט דרך־ארץ און כבוד. אַזעלכע זענען זיי געווען די בעלי עגלות אין אונדזער שטעטל.

דאַנערשטיק שפּעטסטנס פרייטיק איז אָנגעקומען פון וואַרשע דער גרויסער לאַסט־וואָגן, פול אָנגעלאָדן מיט סחורות. יאָסל ציין מיט חיים־דוד ברוס זענען עס געווען די מאָדערנע עקספּעדיטאָרן, אָן אנזאג אויף דער נייער טעכניק, וועלכע האָט ביסלעכווייז אָנגעהויבן אַרויסשטופּן די בעלי עגלות פון זייערע פּאָזיציעס.

## גלעזער

חיים־יאַנקל גלעזער, אַ הויכער, געטראָגן אַ לאַנג כאַלאַטל, אַ קליין בערדעלע, אין ברילן, אויף זיינע ברייטע פּלייצעס האָט ער געטראָגן דעם גרויסן קאַסטן מיט גלאָז. ער איז געווען אַ ראַדזינער חסיד, אַ ירא־שמים און אַ נהנה מיגיע כפּיו.

גרשון־הענעך בראַמבערג, אַ יונגער מענטש, פרום אָפּגעהיטן און ערלעך, האָט יעדן טאָג געדאַוונט אין בית המדרש מיט מנין און גלייך פון דאָרט געלאָפן צו זיין אַרבעט.

מען פלעגט זאָגן אויף אים, אַז ער האָט גאָלדענע הענט, געהאַט אַנזען ביי די פּריצים פון די נאָענטע דערפער, וועלכע האָבן נישט געהאַט קיין צוטרוי צו קיין צווייטן גלעזער. ער האָט געאַרבעט שנעל און סאָליד, איז געווען באַליבט אויך ביי די פּויערים. ער האָט געהאַט אַן אייגן הויז אויף דער ווירקער גאַס און מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ גביר, ווייל די אַנדערע גלעזער זענען געווען אָרעמעלייט. אַ גאַנץ יאָר געוואָרט אויפן האַרבסט, ווען עס איז געווען דער סעזאָן פון פאַריכטן צעבראָכענע שויבן.

בערעלע גלעזער האָט לעצטנס געוווינט אויף דער סאָקאָלאָווער גאַס, ביי גדלקעלע סטאָליער. דאָס איז געווען אַ גאַנצע דינאַסטיע פון גלעזער. בערעלע האָט געהאַט פיר זין און דריי האָבן איבערגענומען דאָס גלעזער-פאַך. מען האָט זיי געפלעגט זען אויף די גאַסן מיט די קאַסטנס אויף די פּלייצעס, שווער געהאָרעוועט און וויניק פּרנסה, אָבער סיי דער טאַטע און סיי די זין זענען תמיד געווען צופרידענע און גוטהאַרציקע מענטשן, באַליבט ביי אַלע באַקאַנטע.

**
*

אליין בין איך געשטאַנען אין עק מאַרק-גאַס, וווּ עס קרייצן זיך די גוישקע-גאַס און די ווירקער-גאַס. אַ מאָדנע פּוסטקייט האָט מיך אַרומגענומען. די זעלבע גאַס, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן, וווּ מיין מאַמע האָט געהאַט איר אָרעם קרעמל, וווּ זי האָט פאַרלוירן אירע אויגן, און דאָך אַזוי פרעמד נישט צום דערקענען. עס איז פאַרווירקלעכט געוואָרן דער בייזער חלום פון די פּוילישע אַנטיסעמיטן, וואָס האָבן מיט נאָך אַ סך יאָרן צוריק אַזוי פאַרביסן געקעמפט פאַרן אַראָפּוואַרפן פון מאַרק יידישע קראָמען, אָבער אפילו זיי האָבן זיך דעמאָלט נישט פאָרגעשטעלט אַזאַ מוראַדיקן חורבן. די אַלע יידן, וועלכע האָבן דאָ אויף אַ שטיקל פּוסט פעלד אויפגעבויט אַ ברויזנדיקן צענטער פון האַנדל און מלאכה און אַ קולטור-געזעלשאַפטלעך לעבן און וויפל לעבן האָבן די דאָזיקע יידן אַריינגעבראַכט אין דער גאַנצער געגנט. דער מאַרק און די געסלעך אַרום זענען שטענדיק פול געווען מיט זיי. גרופּנווייז איז מען דאָ געשטאַנען און געשמועסט, געאַמפּערט זיך. נישטאָ קיינער פון זיי. אַלץ איז אויסגעליידיקט, פאַרשלאָפן, טויט.

## טרוימער און קעמפער

מיין האַרץ האָט געבלוטיקט. פאַר מיינע אויגן האָט ווידער אויפגעלעבט די אַמאָליקע ברויזנדיקע טעטיקייט. ערגעץ דאָ האָב איך געהאַט מיין „מאַגאַזין", וווּ איך האָב באַהאַלטן קאָמוניסטישע ליטעראַטור און רויטע פענער. אין



שכנות זענען געווען צוויי גאַסטהייזער, איינס פון מרדכי ווערטהיים, דאָס צווייטע פון שרה קוטשערס (גרינשפּאַן). מרדכי ווערטהיים איז אין דער יוגנט געווען אַ סטאָליער האָט זיך אַרויפגעאַרבעט, געהאַנדלט מיט ברענהאָלץ, געוואָרן אַ פּאָדריאַטשיק ביים מיליטער, צוגעשטעלט היי פאַר די פערד, דערנאָך אויך פלייש און איז דערביי אויך געווען אַ געזעלשאַפטלעכער מענטש. נאָך דער ערשטער וועלט-מלחמה, ווען אין וולאָדאַווע זענען זיך צונויפגעקומען אַ סך פּליטים פון רוסלאַנד און געטראָפן פאַרברענטע היימען, האָט מרדכי ווערטהיים מיט זיין גאַנצער ענערגיע זיך אַריינגעוואָרפן אין דער אַרבעט פון העלפן פּליטים.

שרה קוטשערס גאַסטהויז איז געווען באַרימט מיט די געשמאַקע מאכלים. ווען עס איז פאָרגעקומען דער גרויסער יאַריד און אין שטעטל זענען זיך צונויפגעפאָרן די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, פערד און בהמה-סוחרים, סאָדאָווניקעס האָבן זיי נאָך אַ געלונגען געשעפט געמאַכט ביי שרה אַ גוטן שנאַפּס. קיינער האָט נישט געוווּסט, אַז דאָ, אין שרה קוטשערס גאַסטהויז איז אויך געווען אַ געהיימער טרעף-פּונקט פון דער לינקער יוגנט, פון דער אומלעגאַלער קאָמוניסטישער באַוועגונג. דאָ פלעגן פאָרקומען קאָנספּיראַטיווע באַראַטונגען מיט שליחים פון בריסק. דאָ זענען באַשלאָסן געוואָרן פאַרשידענע אַקציעס קעגן דער רעגירונג. געוווּסט פון דעם האָט בלויז די עלטסטע טאָכטער, חנהטשע גרינשפּאַן. וועלכע איז אויך געווען די פאַרבינדלערין און געהיטן, אַז קיין פרעמד אויג זאָל אונדז נישט באַמערקן. אין גרויסן קאָמוניסטישן פּראָצעס אין יאָר 1929 איז זי פאַרשפאַרט געוואָרן אויף לאַנגע יאָרן תפיסה.

איך גיי ווייטער, וווּ עס קרייצן זיך די ראַזשאַנקער און די שיל-גאַס (סאַלבע). אַ גאַנצע וואָך איז דאָ געווען אַ רעש, אַ יאַגעניש, אַ לויפעניש. דער יצר-הרע פון מסחר איז געווען גרויס. יידן האָבן געהאַנדלט איינע מיט די אַנדערע, געצויגן פּרנסה איינע פון די אַנדערע. עס האָט זיך געדרייט דאָס רעדל, דער אַרויף, יענער אַראָפּ, אָבער ווען עס איז געקומען שבת איז דאָ געוואָרן שטיל און שלווהדיק. יידן אין זייערע שבתדיקע מלבושים האָבן געאיילט אין די בתי-מדרשים, אין שיל אַריין און אין די חסידים-שטיבלעך. נאָענט פון ביגמאַנס קראָמען האָט מען זיך געקענט באַגעגענען מיט אַ גרופּע חברים. אָט זע איך זייערע פּנימער, משה און אביש קאַסטער, שמואל בוימגאַרטן, יאַסל כץ, ברוך געווירצמאַן, יידל געווירצמאַן, אברהם רייכשטיין, גאָלדע און אַ סך אַ סך אַנדערע, וועלכע מען האָט געהאַלטן, אַז זיי געהערן צו דער בעסערער יוגנט זענען געווען דורכגעדרונגען מיטן גייסט פון קאַמף קעגן דער אַלטער וועלט, טרוימער פון אַ וועלט-רעוואָלוציע.

משה קאַסטער איז געווען אַ מאַסאָוויעץ, גערעדט מיט

גרויס התלהבות און איבערצייגונגס-קראַפט. זיין ברודער אביש קאַסטער, אַ גוטער מעבל-סטאָליער, האָט געטראָגן דעם עול פון אויסהאַלטן די גרויסע משפחה, איז נישט געווען קיין באַרעדעוודיקער, האָט אַ סך געטון פאַר די האָלץ-אַרבעטער אין וולאָדאַווע, איז געווען דער פאַרזיצער פון סטאָליער-פאַראיין.

יאָסל כץ איז געווען אַן אינטעליגענטער בחור, אויסגעקאָכט אין מאַרקסיזם. אַזעלכער איז אויך געווען ברוך געווירצמאַן, מסירת-נפשדיק איבערגעגעבן דער אַרבעטער באַוועגונג און דערפאַר געזעסן לאַנגע יאָרן אין די פּוילישע תפיסות.

***

אַלע שטייען זיי איצט פאַר מיינע אויגן, די טרוימער און קעמפער, ווי זיי זענען מיט שמחה געגאַנגען אויף דעמאָנסטראַציעס, אין תפיסות און אויפן וועג געזונגען רעוואָלוציאָנערע לידער און געחלומט פון אַ שענערער וועלט, פון יושר, גלייכהייט און ברידערלעכקייט פאַר אַלע. אַ הייליקער פלאַם האָט זיי געלייטערט די אויגן און זיי האָבן געקוקט מיט גלויבן אין דער צוקונפט, געדורשט נאָך וויסן, כדי צו קענען העלפן בויען אַ שענער לעבן.

איצל געווירצמאַן, אַ שטעפּער-אַרבעטער, האָט זייער ליב געהאַט די רוסישע ליטעראַטור. יצחק גאָלדמאַן פון אַ באַלעבאַטישער און פרומער פאַמיליע, געקומען פון דאָרף ווינען אין שטאָט, געהאַנדלט מיט פיש, פאַראייניקט אין זיך הייסן גלויבן און ניכטערן שכל. פון אַ פרומען ייד איז ער געוואָרן אַ הייסער קאָמוניסט, איז אומגעקומען אין תפיסה.

שמואל בוימגאַרטן האָט דורכגעמאַכט זיין וועג צו דער אַרבעטער-באַוועגונג דורך טיפערן פאַרטראַכטן זיך איבער די פּראָבלעמען פון גוטס און שלעכטס און געפילט אויך זיך די אחריות פאַרן גורל פון אַרבעטס-מענטש.

שלום קאַסטער איז געווען אַ פאַרחלומטער בחור, אַ ראָמאַנטיקער און גלייכצייטיק זיך אינטערעסירט מיט פּאָליטישע פראַגן. ער האָט געשפּילט אין דראַמקרייז ביי דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און צוליב זיין שיינעם אויסזען האָט ער שטענדיק באַקומען די ראָל פון אַן אַמאַנט. ער האָט זיך געריסן צום וויסן און צו זעלבסט-בילדונג, געווען באַ־



האַוונט אין דער ידישער ליטעראַטור, אין דער וועלט-ליטעראַטור און גאָר באַזונדערס שטאַרק איז געווען זיין ליבע צום יידישן טעאַטער, צו יידישער פּאָעזיע.

די דערינערונגען לאָזן זיך נישט סדרן, פּלאָנטערן זיך, ווי מיינע טריט ביים שפּאַצירן איבער די וולאָדאַווער גאַסן און געסלעך. זיי פאַרהאַלטן זיך נעבן קינאָ ביי דער מיל-גאַס, וואָס מען האָט גערופן קאַזשיקטשיכעס קינאָ. דאָ האָבן מיר געפּלעגט איינאָרדענען ליטעראַרישע משפּטים. אינעם משפּט איבער שלום אַשס „מאָטקע גנב" איז געווען איצל גאָלדמאַן פאַרזיצער פונעם געריכט. העניעלע גוטמאַן איז געווען די סעקרעטערין, דער באַשולדיקער — חיים קליגער.




לעבנגעבליבענע וולאָדאַווער יידן ביי דער אַלטער שיל אין וולאָדאַווע 1944

משה קאַסטער — פאַרטיידיקער. אין זעלבן זאַל איז אַרויסגעטראָטן מיט אַ רעפעראַט דער פירער פון דער לינקער פועלי ציון, אהרון וואַל, וועלכער איז שפּעטער אַריבער צו די עקסטרעם-לינקע. דאָ איז אויך אַרויסגעטראָטן דער פּוילישער שרייבער דלוגאָשעווסקי און די פּוילישע לעגיאָנערן האָבן אים געשטערט, נישט געלאָזט אים רעדן און געשלאָגן, אַרויסגעטריבן אים פון זאַל מיט ווילדע געשרייען „זשידאָ קאָמונאַ".

ווייטער, לענגאויס דער מיל-גאַס. עס דערמאָנט זיך: דאָ איז געווען אַ שניט-קראָם, אַ שפּייז-קראָם, אַ בוכהאַנדלונג, אַ זייגערמאַכער, אַ פריזירער, אַ קרעמל מיט זיסוואַרג, אַ יידישער רעסטאָראַן, אַ מעבל-געשעפט. אַ פאַרטראַכטער בלייב איך שטיין ביי נחום פעלדמאַנס קרעמל. ער האָט אויך געגעבן פּריוואַטע העברעאישע לעקציעס, איז געווען אַ מזרחיסט און די פרוי האָט געפירט דאָס שפּייז-געוועלבל. ער איז געווען אַ מענטש מיט אַן אַ שיעור וויסן, יידיש און וועלטלעך, מיט אַ הייסער ליבשאַפט צו ארץ ישראל און

אידעלער טאָלעראַנץ צו קעגנער. זיין חבר, אַ מזרחיסט איז געווען ישׂראל קראַסאָווסקי, אַן אייגנטימער פון אַ קליין קרעמל אויף דער ווירקער גאַס. ביי אים האָט מען תמיד געקענט טרעפן דעם „הצופה״, האָט ליב געהאַט צו רעדן וועגן ביאַליקן און דערציילן חסידישע מעשׂיות וועגן רביים.

עטוואָס וויטער האָט זיך געפונען די אַטעליע פון פאָטאָגראַפיסט קאַלעצקי, וואָס האָט יעדן אַקעגנגעטראָגן זיין שמייכלדיקן גוט מאָרגן. אַן אַריסטאָקראַט מיט אייראָפּעאישער קולטור און איידעלע מאַניערן. זיין עלטערער זון יאַנקל, האָט געשפּילט אין מכבי־אַרקעסטער. זיין טאָכטער כאַשע איז פון „השומר הצעיר״ איבערגעגאַנגען צו די לינקע. ביי זיי אין שטוב זענען פאַרגעקומען באַגעגענישן פון יוגנטלעכע און מען האָט דאָרט געשמועסט וועגן ליטעראַטור, קונסט און פּאָליטיק.

ווער האָט נישט געקענט אין וולאָדאַווע ר׳ נסים דודן, אַ הדרת פּנים, אַ שאַרפער מוח. אָט איז די פּאַטשט־גאַס ווו



לעבנגעבליבענע וולאָדאַווער יידן ביים ארון קודש אין שיל 1944



ער האָט געוווינט. אין הויף איז געווען די אַלטע פּאַטשט. צוזאַמען מיט ר׳ הערש־לייבעלע פישטשערמאַן, פלעגן זיי אויסגלייכן דין־תורהס. עס פלעגט צו אים קומען דער שטאָטישער אַדוואָקאַט פרעגן אַן עצה ווי אַזוי אויפצופלאָנטערן קאָמפּליצירטע ענינים.

אָט בין איך אויף דער סאָקאָלאָווער־גאַס, ווו עס האָט זיך געפונען דאָס יתומים־הויז, אין וועלכן איך האָב פאַרברענגט עטלעכע פון מיינע קינדער־יאָרן. דאָרט האָט מיך שמואלקע ביאַלער געלערנט שפּילן טעאַטער, באַקענט מיט שלום־עליכמס ווערק. דאָ איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן אויפגעבויט געוואָרן דער בנין פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע אין וולאָדאַווע, וואָס איז געוואָרן דער גייסטיקער צענטער פון יידישן נאַציאָנאַלן לעבן אין שטאָט. דאָ האָט מען געקענט טרעפן אַלע אָנגעזעענסטע פּערזענלעכקייטן און כלל־טוער פון שטאָט. דאָ איז געווען די פרעכטיקע תרבות־שול. דאָ האָט עס געקלונגען מיט העברעאישע לידער. דאָ איז דערצויגן געוואָרן אַ דור פול מיט גלויבן אין נאַציאָנאַלער אויפריכטונג.

מיט אַ צייט פריער בין איך געווען אין סאָביבאָר אין צוזאַמענהאַנג מיטן אויפשטעלן אַ דענקמאָל פאַר די אומגעקומענע. איך בין דעמאָלט געווען אַלס אָפיציעלער פאַרשטייער פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט אין לובלין, געלייגט אַ קראַנץ אין נאָמען פון יידישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן פאַרבאַנד. מיט מיר זענען דעמאָלט געווען עטלעכע וולאָדאַווער משפחות, די ליכטנבערגס און שטולבערגס, אסתר קעלבערמאַן.

אַ צווייט מאָל בין איך דאָ געווען נעמען אַ קעסטעלע מיט אַש אויף צו באַגראָבן אונטערן דענקמאָל, וואָס איז אויפגעשטעלט געוואָרן צום אָנדענק פון די קדושים פון לובלין.

איצט בין איך געווען אַליין, געגאַנגען אויף דעם זעלבן וועג, וועלכער איז געווען דער לעצטער וועג פון מיינע נאָענטסטע, פון מיין מאַמען, קרובים און פריינד. מיט דעם וועג איז אויך געגאַנגען דער קדוש ר׳ מענדעלע מאָרגנשטערן, וועמענס לעצטער גאַנג רופט זיך איבער מיט דער מאָראַלישער גבורה פונעם גרויסן קינדער־פריינד יאַנוש קאָרטשאַק אין וואַרשע.

דאָ זענען אויך געגאַנגען זייער לעצטן וועג טויזנטער יידן פון וולאָדאַווע און פון אַנדערע שטעט.

ווידער שטיי איך ביי דעם דענקמאָל, וואָס שטעלט פאַר אַ סקולפּטור פון אַ פרוי מיט אַ קינד אויף דער האַנט. עס איז דאָרט פאַראַן אַן אויפשריפט, אַז אין סאָביבאָר זענען אומגעקומען 200 טויזנט פּוילישע בירגער. מיט קיין איין וואָרט ווערט נישט דערמאָנט, אַז דאָס זענען געווען יידן.

אמת, ס'וואָלט געווען אַ קנאַפּע טרייסט, ווען עס זאָל אַפילו זיין דאָ די אויפשריפט, אַז די אומגעקומענע זענען געווען יידן, אָבער אין דעם באַוווסטזיניקן אַפּווישן די שפּורן פון די קדושים איז געווען וויסטער בזיון, אכזריותדיק טרעטן מיט די פיס דעם הייליקן אָנדענק פון די אומגעקו־מענע יידן.

אַ געבויגענער, מיט פאַרשטאַרטן בליק, בין איך גע־שטאַנען פאַרן דאָזיקן דענקמאָל אין סאָביבאָר און מיינע ליפּן האָבן שטיל געפּליסטערט:
„יתגדל ויתקדש...״

איך בין אַוועק צום יידישן בית עולם, ווו עס זענען שוין נישטאָ קיין מצבות. די ערד איז פאַרוואַקסן מיט גראָז איבער וועלכער עס טרעטן בהמות. דער איינציקער קבר איז פון יידישן פּאַרטיזאַן, הערשעלע ווירקער (גייערמאַן). ער האָט געוווינט אין הויז פון אשר לערער אויף דער ראָזשאַנ־קער גאַס. פאַרן טויט האָט ער אויסגעדרוקט זיין באַגער מען זאָל אים באַגראָבן אויפן יידישן בית עולם און מען זאָל זאָגן נאָך אים קדיש. איך בין פון לובלין געקומען אויף זיין לוויה, געטון זיין לעצטן ווילן, געווען דער איינציקער ייד און געזאָגט קדיש אויף זיין פרישן קבר. היינט בין איך צום צווייטן מאָל אויף דעם בית עולם, דאָס לעצטע מאָל אויף דער וולאָדאַווער ערד.

נישטאָ מער קיין יידיש לעבן אין מיין שטעטל. ווי טרויעריק איז דאָס לעבן און ווי גרויזאַם איז געווען דער אומקום פון די אַלע יידן, סוחרים און בעלי־מלאכות, כלל־טוער און יידן פון אַ גאַנץ יאָר. אין מיינע אויערן קלינגען ווידער די קולות און ניגונים פון די מתפללים און לערנער, פון די ערלעכע יידן, וואָס האָבן דאָ געלעבט, געדאַווענט און געלערנט, געהאַנדלט און געאַרבעט ,געווען געבענטשט מיטן כוח פון גלויבן, אַז דאָס שלעכטס וועט פאַרגיין און די רשעות וועט פאַרשווונדן.



**חיים קליגער בראש פון אַ דעלעגאַציע וולאָדאַווער יידן ביים קדושים־דענקמאָל**

אַ, שיינע און שטאַרקע יידן פון אונדזער שטעטל, וואָס מיט זייערע מידות און התנהגות זענען זיי געווען מוסטערן פון הויכער מאָראַל און אַזעלכע האָבן זיי זיך אַזוי איינגע־קריצט אין אונדזער זכרון.

געווען אַ יידיש וולאַדאַווע און נישטאָ מער.

טייער און הייליק וועלן זיי בלייבן אין אונדזער גע־דעכעניש. מיר וועלן זיי קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

# האדמו"ר ר' יחיאל יהושע מביאלא שליט"א
# דרכו והליכותיו מוולודאבה עד לירושלים



השראתה של האם הרבנית ובכוחותיו הוא, עמל רבי יחיאל יהושע, ללא הרף, על עיצוב דמותו, שכן, כבר בימי נערותו חש כי הוא יהיה ממשיך שושלת ביאלא; כי על כתפיו יוטל עומס ההנהגה. גם רבים מחסידי אביו לשעבר, שותפים היו להרגשה זו.

שעה זו לא איחרה לבוא.

לאחר שנשא לאשה את בתו של ר' אליעזר ברנהולץ, מנכבדי העיר וולודאבה, קבע את מושבו בוולודאבה והתמסר ראשו ורובו ללימוד התורה, ואז התבלטה אישיותו לא רק כעילוי בעל כושר תפיסה והבנה בלתי־מצוי, אלא גם כצדיק בכל דרכיו.

בן עשרים ושלוש היה רבי יחיאל יהושע כשהוכתר כאדמו"ר מביאלא. על אף גילו הצעיר זכה להערכה מצד גדולי אדמו"רי פולין, שגילו אותות חיבה לאדמו"ר האברך. במיוחד קירבו וחיבבו מאוד, האדמו"ר הזקן מגור, אליו היה רבי יחיאל יהושע ממשיך לנסוע, גם לאחר שהוא עצמו מקבל היה מאות חסידים וקורא את ה„קוויטלעך" שהגישו לו. אפילו האדמו"ר ממונקטש, רבי חיים אלעזר שפירא, שלא הרבה ל־שבח אדמו"רים אחרים, אמר על הרבי הצעיר משדליץ, כי הוא רואה בו את אחת הדמויות הגדולות שבפולין.

## בעת צרה ומצוקה

משנכבשה פולין בידי הנאצים ויחידת גסטאפו נכנסה לשדליץ, היה הרבי מן הראשונים שנאסרו. כפעולת השפלה ראשונה נגד הרבי, אלצוהו הגרמנים לקבור במו־ידיו שני חיילים גרמנים, שנהרגו בעיר. אולם, משאורגנה פלוגת עבודה והוחל בהובלתה לכיוון בלתי ידוע, הצליח הרבי להמלט ממש ברגע האחרון ובעוד משמרות הגרמנים יורים אחריו, קפץ לאחת החצרות והסתתר במאפיה, ששכנה באותה חצר. כמה ימים שהה בחצר זו, כשהוא מחופש לאופה ולאחר זמן הצליח לעבור, עם בני משפחתו, את הגבול לרוסיה.

ברוסיה, יחד עם מאות פליטים יהודיים אחרים מפולין,





האדמו"ר ר' יחיאל יהושע מביאלא
המעינות יפוצו חוצה

נשלח לסיביר הרחוקה. היתה זו, כמובן, אחת התקופות הקשות בחיי הרבי מביאלא — אבל, גם אחת התקופות המזהירות. שכן, כאן בסיביר הנידחת בתנאי חיים מחרידים, נתגלתה אישיותו במלוא גודלה וזוהרה. עוד היום מהלכים אגדות על התנהגותו של הרבי מביאלא בסיביר. הוא עצמו עבד באריגת חבלים משעות הבוקר המוקדמות ועד לשעות הלילה. אך דבר זה לא מנע ממנו מלעודד ולחזק את שאר היהודים, שעבדו בפרך.

קיים שיעורי־תורה ומנייני־תפילה, תוך סכנת נפשות חמורה. הוא אף ערך „שולחנות", אחר־הצהרים, כשמאות היהודים היו חוזרים למחנה מעבודתם ביערות. הרבי לא החסיר אף ערב־שבת אחד בלא טבילה, אותה ערך בנהר סמוך לאחר שהבקיע את הקרח העבה שכיסה את פני הנהר. ברמת־גן מתגורר כיום אדם, המספר בגאווה כי הוא היה זה שעזר לרבי החלש להבקיע את הקרח, בעת שהותו באותו מחנה־עבודה בסיביר. ואילו יהודי אחר, תושב בני־ברק, שהיה אף הוא במחנה זה, העיד בפנינו, בשבוע שעבר, כי את העובדה שנשאר בחיים והצליח לעבור בשלום את תלאות מחנה־עבודה סיבירי זה, הוא זוקף לזכותו של הרבי מביאלא, שעודד וחיזק את היהודים במחנה זה, בעצם התנהגותו ומנהיגותו המופלאה בתקופה ההיא.

## בכוחות מחודשים

אף שמאז ומתמיד לא היה רבי יחיאל יהושע עסקן ציבורי ותמיד ברח מעסקי־ציבור — גייס עצמו מיד והחל מארגן חיי ציבור וחברה בעיר העזובה. ראשית, הקים חברא קדישא ודאג לקבורת המתים. ארגן חלוקת מצרכי־מזון. פתח שיעורים לנוער ולמבוגרים, ושינה לחלוטין את מצבם של היהודים האומללים והנרדפים בעיר.

בימי ה„ספירה", שנת תש"ז, הגיע סוף־סוף, לאחר תלאות ונדודים, לארץ־ישראל. הוא קבע מושבו בדרום תל־אביב וחסידי ביאלא מכל חלקי הארץ החלו נוהרים ל„חצר" שברחוב זבולון בתל־אביב. אך, גם כאן טרם מצאה נפשו של רבי יחיאל יהושע מנוח. שכן, שאף תמיד להשתקע בירושלים. ורק לפני כמה שנים עלה בידו להגשים חלומו זה והוא עבר לירו־שלים וקבע את בית־מדרשו במעלה רחוב יוסף הנשיא, בשכונת מחנה־יהודה.

כאילו בכוחות מחודשים החל רבי יחיאל יהושע מנהיג את עדתו. ראשית, חזר לשיטתו הישנה, שיטת חצר ביאלא מאז ומתמיד, והיא: צניעות בכל; בריחה מעניני־ציבור ועסקנות בימי בחירות אין קולו נשמע וחתימתו אינה מופיעה בשום כרוז. כך, זכה לאהדה רבה מכל החוגים והמחנות ורבים־רבים בירושלים, אף כאלה שלא היו מעולם חסידי ביאלא, נוהרים ל„שולחנות" שהוא עורך בבית־מדרשו, או מבקשים עצתו וישועתו.

## צעירים נכנסים

גם כאן בארץ, כמו בוולודאבה התפרסם הרבי בעיקר בשל סדר־יומו המיוחד והמפליא. תפילתו נמשכת שעות מרובות, והוא יושב מעוטר בטלית ותפילין עד לשעת תפילת „מנחה". כמו זקנו „היהודי הקדוש", שמספרים כי לילה אחד לא יכול היה להרדם, משום שהרגיש כי בביתו נשארה פרוטה אחת — כך רבי יחיאל יהושע, שכפי שמספרים חסידיו, הרי אם אין



הרבנית מספיקה להסתיר כמה לירות לצורכי שבת, הוא מיד ממהר לחלקן לצדקה. לפני זמן מה נודע, בדרך מקרה לגמרי, כי הוא נוהג לשלוח על־ידי שליחים מיוחדים הקצבות כספיות לאלמנות רבות בעיר. הרב שאז ז"ל, שהיה גר בשכנות לדירתו של הרבי אמר פעם, כי הוא יכול להעיד שעשרים ואחת שעות ביממה עוסק הרבי בתורה ותפילה. „בשתים בלילה אני עוד שומע אותו לומד ובארבע בבוקר אני כבר שומע אותו שוב" — נהג הרב שאז לספר.

שעות קבועות יש לו לרבי יחיאל יהושע, בהן הוא מקבל בני נוער וצעירים. על פי רוב ביום חמישי בערב נכנסים אצלו צעירים, בני ישיבות ואחרים והוא משוחח עמם ביחידות בבעיות שונות, מייעץ, מדריך ומעודד אותם. ערבים אלה הפכו לשם־דבר בירושלים. ואילו בשבתות הקיץ הוא נוהג ללמוד „פרקי אבות" עם ילדים רכים.

## הספרים נפתחים

לפני כשנתיים חל לפתע שינוי בדרכו של הרבי כלפי ה־ציבור והעולם החיצוני. הוא קרא לבנו ר' דוד רבינוביץ ושוחח עמו ארוכות על נושא זה. „מעטים יודעים כיום על ביאלא" — אמר הרבי, „ישנם ספרים מאדמו"רי ביאלא שאזלו ונעלמו ושוב מעטים הם היודעים ספרים אלה. מן הראוי להתחיל להפיץ את תורת ביאלא" — החליט הרבי.

כצעד ראשון ציווה על בנו להדפיס מחדש את ספריהם של אדמו"רי ביאלא, בעיקר את אותם הספרים ששוב אין להשיגם כיום. הבן ר' דוד שהוא מעובדי המועצה הדתית בתל־אביב, ניגש לפעולה זו במרץ ובהתלהבות. ולפני זמן מה הופיעו שני הספרים הראשונים מבית אוצרה של חסידות ביאלא. הראשון הוא: „תפארת אבות", המכיל „אמרות קודש תולדו־תיהם והליכות חייהם של הני צנתרי דדהבא" והם: רבינו הקדוש מרן שלמה ליב מלענטשנא, רבינו הקדוש מרן יהושע מאוסטרובא והרבי ר' יעקב יצחק מביאלא זצ"ל.

הספר השני מכיל שני פירושים להגדה של פסח „דברי בינה" מרבי יצחק יעקב מביאלא ו„תולדות אדם" מרבי יהושע מאוסטרובא. „ההגדה הזאת", כותב ר' דוד רבינוביץ בהקדמתו להוצאתו השניה — „יצאה לאור לפני שלושים ושתיים שנים בפולניה, בעוד שבית ישראל בפולניה היה על מכונו והמוני בית ישראל שתו בצמא את דבריהם הקדושים — — — כעת אחרי השואה הנוראה שפקדה את בית ישראל בפולניה, כאשר רבבות מישראל עלו על מוקד ובתוכם אלפי חסידי ביאלא וגם ספריהם עלו באש בבחינת ,אותיות פורחות באוויר', רק הגדות ספורות נשארו לפליטה. ראיתי חובה לעצמי להוציא מחדש ביתר הידור כדי שחובבי תורה יוכלו לרוות צמאונם ולהנות מזיו תורתם".

# וולאדאווער קאמיטעטן אין ישראל און אין די תפוצות:

### ארגון יוצאי ולודבה והסביבה בישראל:

פון זינט מען האט געגומען שאפן דאס יזכור־בוך — אברהם בארנהאלץ — פרעזעס, זישע פוקס — ערן־פרעזעס.

קאמיטעט מיטגלידער — גאולה גלינצמאן, מלכה תכלת אריין אויף דעם ארט פון איר פאטער גאלדמאן ז״ל, מלכה תכלת מיט אברהם בארנהאלץ זענען טעטיק אין דער גמילת־חסד קאסע, עליזה רמס, העלא שערער, שרה פורת, ירחמיאל זבערטשוק ע״ה, יצחק פישמאן, ע״ה, שלמה חוינע, א. האלצ־מאן, יונה שערמאן ז״ל, יחזקאל הובערמאן, יעקב ראזנבלאט.

### בוכקאמיטעט אין ישראל:

זישע פוקס, אברהם בארנהאלץ, א. האלצמאן, שרה אמאלינסקי, תמר טורקעניץ, יונה שערמאן ז״ל, יחזקאל הובערמאן, יעקב ראזנבלאט.

### קאמיסיע פאר סאציאלער הילף ביים ארגון יוצאי ולודבה והסביבה בישראל:

אברהם בארנהאלץ, יעקב ראזנבלאט, מלכה תכלת, זישע פוקס, חיים קליגער, יונה שרמן ז״ל און יחזקאל הובערמאן.

### ליידיס עגזעלערי — דאמען־קאמיטעט אין ניו־יארק:

פון 1935 שטייט די מיסיס פארבמאן מאליע ביי דער אומדערמידערלעכער ארבעט אינעם דערמאנטן קאמיטעט אין ניו־יארק. אין 1947 זענען אריין אין קאמיטעט פרישע כוחות: רבקה פיינשטיין ע״ה, מיסיס שרה בויטשעק, מאליע קנאפמאכער.

דעם אמט פון פרעזידענטין האט איבערגענומען מיסיס עטל סטאל און וויספרעזידענטין — מיסיס פארבמאן.

אין יאר 1960 האט מיסיס סילוויא פארלייטער איבער־גענומען דעם אמט פון סעקרעטערין. פון יאר 1965 איז פרעזידענטין — ראזא עקהויז און וויספרעזידענטין מיסיס פארבמאן.

### פון ניו־יארקער מענער־רעליף איז אונדז נאר באקאנט:

געוו. פרעזעס מיסטער חיימאוויטש ז״ל, מיסטר בריס־קער ז״ל — סעקרעטאר, מיסטער פארבמאן, מיסטער פאר־לייכטער, איצטיקער פרעזידענט — מיסטער שושנער, סעק־רעטאר — מענדל חיימאוויטש און א. ראבינאוויטש ז״ל.

### וולאדאווער קאמיטעט אין בראזיל:

י. שערמאן, ש. קאליכשטיין, ח. שקלא, ב. טערבילער, ב. בלושטיין, ראשע בלושטיין. זייערע פרויען זענען טעטיק אינעם דאמען־קאמיטעט.

### וולאדאווער קאמיטעט אין ארגענטינע:

שמואל קליין ז״ל, — פרעזעס, פסח פאפלאווסקי ע״ה — סעקרעטאר.

קאמיטעט מיטגלידער: שיע סטול ז״ל, מאטל ביאלי ז״ל, ב. קאלטמאן ז״ל, און צו לאנגע יאר: פעליא פעלדמאן, מאטל וולאדאווער, חיים קליק, סאניע ראבאטשוק, ל. קאלט־מאן, י. ליכטנשטיין, האכמאן.

### וולאדאווער דאמען־קאמיטעט אין ארגענטינע:

נעשע ראבאטשוק, אסתר קליין, קאלטמאן, חיה ליכטנ־שטיין ע״ה, טעמע פאפלאווסקי ע״ה.

חיה מאַליעס־פאַרבמאַן
**ניו־יאָרק**

# וולאַדאַווער פרויען־קאָמיטעט אין אַמעריקע (ליידיס עקזעלערי)

אין יאָר 1922 איז געגרינדעט געוואָרן דער ערשטער פרויען־קאָמיטעט אין וועלכן עס האָבן אָנטייל גענומען מנוחה כיימאָוויטש, לאה פאַלקער, מיסיס קאַפּערמאַן, משה חוינעס אַ טאָכטער און גאָלדע עקהויז. זיי האָבן זיך געשטעלט פאַר אַ הויפּט־אויפגאַבע צו העלפן די נויטבאַדערפטיקע אימיגראַנטן, וואָס זענען געקומען פון וולאַדאַווע. דער קאָמיטעט האָט געפירט זיין אַרבעט ביזן יאָר 1932. דאַן איז אַריינגעטרעטן אַ קריזיס אין דער טעטיקייט און דער קאָמיטעט איז זיך צעפאַלן.

חיה מאַליעס־פאַרבמאַן געהער צו די געשטאַלטן, וועלכע פאַרדינען באַזונדער דערמאָנט צו ווערן פאַר זייערע גוטע טאַטן לטובת הכלל און לטובת היחיד. זי איז תמיד געווען אומדערמידלעך אין איר אַרבעט און אויסגעצייכנט זיך מיט איר איבערגעגעבנקייט, מיט האַרץ און מיט איר גאַנצן לייב־און־לעבן, פאַר העלפן וולאַדאַווער לאַנדסלייט.



חיה מאַלעס — פאַרבמאַן און איר מאַן הערשל

אין יאָר 1935 איז לויט דער איניציאַטיוו פון חיה מאַליעס פאַרבמאַן געשאַפן געוואָרן פונסניי אַ וולאַדאַווער פרויען קאָמיטעט, וועלכע האָט זיך געשטעלט פאַר זיין אויפגאַבע צו העלפן די יידן אין דער אַלטער היים, אין וולאַדאַווע. אַלס פּרעזידענטין איז אויסגעוויילט געוואָרן די פרוי פאַרבמאַן. אין דער פאַרוואַלטונג זענען אַריין רחל שאַמאַן, דבורה גלינצמאַן, מנוחה כיימאָוויטש, חנהטשע כיימאָוויטש, מיסיס גראָסבאַרד, יאַנקל מאַליערס שנור.

די איניציאַטיוו־קאָמיסיע האָט זיך קודם־כל גענומען אַריינציען וואָס מער מיטגלידערינס אין דער אַקטיווער אַרבעט. עס איז באַשטימט געוואָרן אַ יערלעכער מיטגלידס־אָפּצאָל. און דערצו זענען אָרגאַניזירט געוואָרן פאַרשידענע אונטערנעמונגען, ווי אויך פאַרוויילונגס־אימפּרעזעס, וועלכע האָבן אַריינגעבראַכט גרעסערע סומעס און דאָס אַלץ איז באַשטימט געוואָרן פאַר העלפן די יידן אין וולאַדאַווע.

די אַרבעט אינעם פרויען־קאָמיטעט האָט מיך אַריינגעצויגן אַלץ מער און איך האָב אָפּגעגעבן מיין גאַנצע פרייע צייט, איניציאַטיוו און ענערגיע אויף צו שאַפן וואָס מער מיטגלידערינס און פאַרגרעסערן די הכנסות. אין משך פון דער גאַנצער צייט ביזן יאָר 1939 האָט דער פרויען־קאָמיטעט אונטער דער אָנפירונג פון דער פרוי פאַרבמאַן אַרויסגעשיקט באַדייטנדיקע מאַטעריעלע הילף פאַר די נויטבאַדערפטיקע יידן אין וולאַדאַווע. די הילף איז אַרויסגעשיקט געוואָרן אויפן אַדרעס פון דודל בעקערמאַן א. אַ.

דער פרויען־קאָמיטעט האָט געפירט זיין טעטיקייט אויך אין די מלחמה־יאָרן. אין יענער צייט האָט זיך פריוויליק געמאָלדן צו דער אַרבעט די פרוי לאה ווייסמאַן, כאָטש זי איז נישט געווען קיין וולאַדאַווערין, איז געקומען פון רוסלאַנד, האָט זי זיך דאָך איבערגעגעבן דער אַרבעט מיט דער גאַנצער נשמה. זי האָט איבערגענומען דעם פּאָסטן פון סעקרעטאַרין פונעם קאָמיטעט און איז די גאַנצע צייט אין לויף פון 28 יאָר אַרבעט געווען איינע פון די סאַמע אַקטיווסטע מיטאַרבעטערינס פון קאָמיטעט, האָט געהאָלפן דורכפירן גרויסע זאַמל־אַקציעס, געלט און מלבושים.

דער וולאַדאַווער לאַנדסמאַן, הערשל גראָסבאַרד האָט אָפּגעגעבן זיין געשעפט פאַר אַ מאַגאַזין, אין וועלכן עס זענען געזאַמלט געוואָרן די מלבושים. ליידער איז ער אויך שוין נישט צווישן די לעבעדיקע.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָבן אָנגעהויבן אָנקומען בריוו פון וולאַדאַווער יידן, וועלכע האָבן זיך געפונען אין פאַרשידענע לאַגערן, אין עסטרייך, דייטשלאַנד, איטאַליע, פראַנקרייך, ווי אויך אין נידערשלעזיע. דער קאָמיטעט האָט זיך אויף די אַלע ווענדונגען אָפּגערופן מיט דער גרעסטער וואַרעמקייט, אַרויסגעשיקט הילף אין די אַלע ערטער.

נאָך אַ קורצער צייט האָט דער קאָמיטעט אָנגעהויבן באַקומען בריוו אויך פון ישראל, וווהין עס זענען אַרויס־

געשיקט געוואָרן הונדערטער פעקלעך, מלבושים און שפּייז פאַר די וולאָדאַווער יידן און אויך פון די אַרומיקע שטעט־לעך.

אין יאָר 1947 האָט זיך דער וולאָדאַווער פרויען־קאָמי־טעט פאַרגרעסערט און האָט אויסגעברייטערט זיין טעטי־קייט. עס זענען צוגעקומען נייע אַקטיוויסטינס: שרה בויטשאַק, רבקה פיינשטיין, מאַלע קנאַפּמאַכער. אַלס פּרע־זידענטין איז אויסגעוויילט געוואָרן עטל סטאָל. די אַרבעט אין די גאַנצע צייט געפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער ענערגיע און מסירת נפש. עס איז רעגולער געשיקט גע־וואָרן הילף פאַר די וולאָדאַווער יידן אין ישראל, פּוילן און אין אַנדערע לענדער, אומעטום ווו עס האָט זיך געפונען אַ נויטבאַדערפטיקער ייד פון וולאָדאַווע.

אין יאָר 1962 האָט די פרוי סילוויאַ פּאַרלייטער איבער־גענומען דעם אַמט פון סעקרעטאַרין פון קאָמיטעט.

אין יאָר 1965 איז אַלס פּרעזידענטין אויסגעוויילט גע־וואָרן די פרוי ראָזאַ עקהויז.

די אַרבעט פון קאָמיטעט גייט ווייטער אָן. יעדער בריוו פון אַן אָרעמען לאַנדסמאַן ווערט באַטראַכט. די גרעסטע הילף פאַר נויטבאַדערפטיקע וולאָדאַווער גייט קיין ישראל, און ס'איז אויך פאַראַן אַן ענגער קאָנטאַקט מיט די וולאָ־דאַווער יידן אומעטום ווו זיי געפינען זיך.




אַ יובליי־פייערונג פונעם קאָמיטעט פון וולאָדאַווער־וולאָדאַווקער לאַנדסלייט אין אַמעריקע, וואָס איז געווען טעטיק אין די יאָרן פון 1922 ביז 1933

זעליג ווײַנשל
ניו־יאָרק

# די ערשטע וולאַדאַווער אין אַמעריקע

מיר איז שווער צו געדענקען ווער עס איז געווען דער ערשטער וולאָדאַווער ייִד, וואָס איז געקומען קיין אַמעריקע איינס איז זיכער, אַז אין יאָר 1907 האָבן די וולאָדאַווער עמיגראַנטן פֿון וולאָדאַווע זיך אַרומגעוואַלגערט איבער פֿאַרשידענע שטעט און שטעטלעך אין אַמעריקע און איינער האָט נישט געוווּסט פֿונעם צווייטן. איינצלנע פֿלעגן זיך אָפּגעפֿינען, אָבער מער ווי פֿרייען זיך איינער מיטן אַנדערן און אויסגיסן די ביטערע הערצער האָבן זיי נישט געקענט. פֿון ערגעץ האָבן זיי נישט געקריגן קיין הילף, די שטיצע פֿון האיאַס איז געווען אַ נעבעכדיקע.

ביסלעכווייז האָבן די וולאָדאַווער ייִדן אין אַמעריקע גענומען זיך צונויפֿטרעפֿן און אַרומרעדן די לאַגע פֿון זייערע לאַנדסלייט און ענדלעך איז געקומען דער באַשלוס, אַז מען דאַרף גרינדן אַ לאַנדסמאַנשאַפֿט.

אין יאָר 1907 איז טאַקע געגרינדעט געוואָרן די ערשטע וולאָדאַווער לאַנדסמאַנשאַפֿט, וואָס האָט זיך געשטעלט פֿאַר אַ ציל צו העלפֿן די ניי־אַרגעקומענע ייִדן פֿון וולאָדאַווע, מאַטעריעל און מאָראַליש. מען פֿלעגט זיך צונויפֿטרעפֿן אין דער לאַנדסמאַנשאַפֿט ווי אין אַן אייגענער היים.

די אָנפֿירער פֿון דער לאַנדסמאַנשאַפֿט זענען געווען חנא עקהויז, זלמן באַטשעס אַ זון, אלי באַנקהאַלטער, סאַניע גראָסבערג, אלי־הערש פֿרידמאַן, גראָסבאַרד, אשר מאַלערס אַ זון. לײַדער זענען זיי שוין אַוועק פֿון אונדז און געפֿינען זיך שוין נישט צווישן די לעבעדיקע.

אויף דער ערשטער זיצונג איז באַהאַנדלט געוואָרן די נויטווענדיקייט צו שאַפֿן אַן אייגענעם בית הקברות. שוין דעמאָלט פֿלעגט טרעפֿן, אַז עס איז געשטאָרבן אַ וולאָדאַווער לאַנדסמאַן און מען האָט דאָרט געדאַרפֿט זוכן אַ פּלאַץ ווו קובר צו זיין אים, ווייל עס זענען נישט געווען קיין באַשטימטע הייליקע ערטער, וואָס זאָלן געהערן צו קהל, נאָר יעדע לאַנדסמאַנשאַפֿט און פֿאַרשידענע גרופּירונגען האָבן געהאַט זייערע אייגענע בית־עלמינס. צו זיי האָט מען געדאַרפֿט לויפֿן און בעטן צו באַקומען אַן אָרט אויף אַ קבר, פֿאַר וועלכן מען האָט אויך געדאַרפֿט גוט באַצאָלן.

עס זענען געווען אַ סך פֿאַלן, ווען מען האָט שפּעטער נישט געוווּסט ווו די געשטאָרבענע זענען אַהינגעקומען, אויף וועלכן בית עלמין זיי זענען באַגראָבן.

עס איז דערפֿאַר אין יענער צייט געשאַפֿן געוואָרן אַ ספּעציעלע קאָמיסיע, וואָס זאָל זיך פֿאַראינטערעסירן מיטן דאָזיקן פּראָבלעם און פֿאַרנעמען זיך מיטן שאַפֿן אַן אייגע־



וולאָדאַווער קאָמיטעט אין אַמעריקע. פֿון זיי לעבט ביים הײַנטיקן טאָג בלויז זעליג ווײַנשל.

נעם בית־עלמין. אין דער קאָמיסיע זענען אַריין די פאָלגנדיקע מיטגלידער, וועלכע האָבן אויף זיך גענומען אויך די אויפגאַבן פון חברה קדישא: סאַפּירשטיין, גראָסבערג, קאַפּלאַן, אברהם טראַטש, מאַטיס אהרון טאַבאַק פון וואָלאַדאַווקע, ברוינשטיין, שמעון מאַטיסעס אַ זון א. אַ. אויך זיי געפינען זיך שוין נישט צווישן די לעבעדיקע. אין יאָר 1922 האָט זיך געשאַפן דער פאַרגרעסערטער קאָמיטעט, אין וועלכן עס זענען אַריין מער מיטגלידער, כדי אויסצוברייטערן די הילף פאַר אויסלאַנד, קומען אין קאָנטאַקט מיט אַלע וואָלאַדאַווער לאַנדסלייט אומעטום ווו זיי געפינען זיך, אין די שטעט און שטעטלעך פון אַמעריקע. דער קאָמיטעט האָט געזאַמלט גרויסע סומעס און די זאַמלונג האָט אָנגעהאַלטן רעגולער ביזן יאָר 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן די צווייטע וועלט מלחמה. די געזאַמלטע געלטער זענען געשיקט געוואָרן קיין וואָלאַדאַווע.

דער קאָמיטעט פון די וואָלאַדאַווער לאַנדסלייט אין אַמעריקע האָט געפירט זיין טעטיקייט אויך אין דער צייט פון דער צווייטער וועלט מלחמה, האָט די גאַנצע צייט געפירט רעגולערע געלט־זאַמלונגען, ווי אויך מלבושים, פאַר וועלכע עס איז געוואָרן צוגעגרייט אַ גרויסער מאַגאַזין. דאָס איז געטון געוואָרן מיט דער האָפענונג, אַז סוף־סוף וועט זיך געפינען אַ געלעגנהייט ווי אַזוי צו העלפן די יידן אין וואָלאַדאַווע. קיינער האָט זיך נישט געקענט פאָרשטעלן דעם גרויזאַמען חורבן.

ווען די מלחמה האָט זיך געענדיקט האָט דער וואָלאַדאַווער קאָמיטעט אין אַמעריקע גלייך גענומען זיך צו דער הילף־אַרבעט, וואָס איז געפירט געוואָרן מיט דער גאַנצער אינטענסיווקייט. עס איז אַרויסגעשיקט געוואָרן הילף אין אַלע לאַגערן, ווו עס האָבן זיך געפונען יידן פון וואָלאַדאַווע. אין אַלע גרעסערע און קלענערע שטעט אין פוילן, ווו וואָלאַדאַווער יידן האָבן געפונען זייער צייטווייליקן וווינאָרט.

גלייכצייטיק איז טעטיק געווען דער פרויען־קאָמיטעט, וועמענס מיטגלידער האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין דער הילפס־אַרבעט מיטן גאַנצן אימפעט און מסירות־נפשדיקער איבערגעגעבנקייט.

ביז נאָכן פערציקסטן יאָר האָט חנא עקהויז אָנגעפירט מיט דער לאַנדסמאַנשאַפט און האָט פאַר דער דאָזיקער אַרבעט אַוועקגעגעבן אַ סך מי, איניציאַטיוו און ענערגיע. ער איז ווירקלעך געווען אַ געטרייער מיטגליד און איבערגעגעבענער פריינט פון די וואָלאַדאַווער יידן, צום באַדויערן איז ער יונג אַוועק פון דער וועלט.



נאָך עקהויזן האָט דעם אַמט פון פרעזידענט פון די וואָלאַדאַווער לאַנדסמאַנשאַפט איבערגענומען אַדאָלף ראָזענבוים, אַן אייניקל פון וואָלאַדאַווער רב ר' לייבעלע. אַן ערך צוואַנציק יאָר האָט ער אָנגעפירט מיט דער אַרבעט פון דער לאַנדסמאַנשאַפט. ווען ער איז מיט עטלעכע יאָר צוריק אַוועק, האָט זיך די לאַנדסמאַנשאַפט אָפּגעלאָזט און די אַרבעט איז זיך צעפאַלן, ווייל עס איז נישט געווען ווער עס זאָל מיט איר אָנפירן.

עס האָט ווייטער געפירט זיין אַרבעט דער קאָמיטעט פאַרן בית־עלמין, וועלכער האָט אַ גרעסערע צאָל מיטגלידער און זיי צאָלן אַ יערלעכן מיטגלידס־אָפּצאָל, כדי צו האָבן די רעכט צו באַקומען נאָכן טויט אַ פּלאַץ אויפן וואָלאַדאַווער בית־עלמין.

די פאַרוואַלטונג באַשטייט פון פאָלגנדע פערזאָנען: יאַנקל סטול, אַ זון פון משה סאַכאָווער (פרעזידענט), זעליג ווייגשל (וויצע־פרעזידענט), משה קנאָפּמאַכער, יאַנקל בערטשאַק, אַ זון פון רחל די וועכטערין, משה פיינשטיין און הערשל פּאַרלייטער (סעקרעטאַר).



אויפן בית־עלמין פון די וואָלאַדאַווער אין אַמעריקע.
ערשטע ריי: סטול (רעכטס) און קנאָפּמאַכער.
צווייטע ריי: מ. פיינשטיין און ז. ווייגשל



רבקה פיינשטיין

ניו־יאָרק

# וולאַדאַווער נשים צדקניות אין אַמעריקע

מנוחה כיימאָוויטש (פון די ראַשקעס) איז געקומען קיין אַמעריקע באַלד נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה, האָט געהאַט אַ שם פאַר זייער אַ פרומע און ערלעכע יידענע. אַלע האָבן געוווּסט, אַז זי האָט אַ גוט האַרץ, זאָרגט פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע, עס זאָל חלילה נישט זיין קיין יידישע שטוב פון די וולאָדאַווער אין אַמעריקע, ווו מען זאָל הונגערן נאָך אַ שטיקל ברויט, אָדער עס זאָל נישט זיין צו געבן די קינדער אַ גלאָז מילך.

זי האָט געהאַט אַ רשימה פון אָרעמעלייט, וועלכע שעמען זיך מיט זייער אָרעמקייט, זענען אַמאָל געווען פאַר־מעגלעכע מענטשן און זענען אַראָפּגעפאַלן, נישט געהאַט צו געבן עסן זייערע קינדער. גאָר ביטער איז זיי געווען, ווען עס איז עמעץ אין שטוב קראַנק געוואָרן און עס איז נישט געווען קיין גראָשן אין שטוב. מען האָט נישט געקענט רופן קיין דאָקטאָר. מנוחה האָט געפלעגט יעדן טאָג אַרומגיין צווישן די פאַרמעגלעכע יידן פון די וולאָדאַווער און אַפילו נישט וולאָדאַווער, וועלכע האָבן זי שוין געקענט און פלעגן איר אַקעגנטראָגן זייערע נדבות. זי האָט גענומען וואָס עס האָט זיך נאָר געלאָזט און אַוועקגעטראָגן ווי מתן בסתר פאַר אירע אָרעמעלייט.

כ׳פלעג זיך מיט איר אָפט טרעפן און ס׳איז אָנגענעם געווען צו שמועסן מיט איר וועגן „בימים ההם״, אָבער גראָד דעמאָלט, ווען אירע אויגן האָבן זיך צעשמייכלט, האָב איך טיילמאָל באַמערקט אַ מידע בלאַסקייט אויף איר פנים און איך האָב דערפילט אַ באַדערפעניש איר אַ צערטל צו טאָן מיט ווערטער פון פריינדלעכער זאָרג:

„מיר שיינט, מנוחה, אַז איר אַרבעט צופיל, אַז איר זעצט זיך אַרויס פון די כוחות מיט דעם אַרומלויפעניש און זאָרגן פאַר אַלע. גאַנץ וולאָדאַווע אין אַמעריקע נעמט איר דאָך אויף אייערע פלייצעס. איר מוזט דאָך געדענקען אויך אין זיך. שוינט אַביסל אייער ענערגיע און כוח״.

מנוחה האָט אויסגעהערט מיינע ווערטער מיט פאַרוווּנ־דערונג און געזאָגט:

„וואָס רעדט איר, רבקה, ווי איז דאָס מעגלעך? ווי קאָן מען זיך שוינען, אַז ס׳איז דאָ אַזויפיל אַרבעט, אָן אַ שיעור אַרבעט, ס׳קומען וולאָדאַווער און זיי זענען נאָך אַזוי אומבאַהאָלפן, אין דער פרעמד — קען מען זיצן און צוקוקן?״

יעדן דאָנערשטיק פלעגט מען זי זען אַרומגיין איבער די שטובן צונויפנעמען און אַפילו זיך אויסביטן וואָס מ׳זאָל איר געבן, כדי דער שבת זאָל נישט פאַרשעמט ווערן אין אָרעמע שטובן פון וולאָדאַווער אין אַמעריקע.

קיינער האָט איר קיינמאָל נישט אָפּגעזאָגט. אַלע האָבן געקענט איר נאָבל האַרץ. זי איז געווען דער אַדרעס פאַר אַלע נויטבאַדערפטיקע. עס האָט געפלעגט טרעפן, אַז עמעץ האָט זיך דערוווּסט וועגן אַזאַ קראַנקגעוואָרענעם אָרעמאַן, האָט ער זיך גלייך געוואָנדן צו מנוחהן און איז געווען זיכער, אַז זי וועט שוין זאָרגן פאַרן קראַנקן.

זי האָט געוווּסט ווער עס קען געבן מער און ווער ווייניקער. זי האָט געבעטן דריי דאָלער, פינף און אַפילו צען דאָלער. קיינער האָט נישט געפרעגט צי וואָס זי דאַרף. אַלע זענען געווען זיכער, אַז זי טיילט ערלעך פונאַנדער דאָס געלט, די אַלע נדבות, וואָס זי באַקומט פאַר אירע נויטבאַ־דערפטיקע.

מען האָט זי גערופן מנוחה די צדיקית און אַז מען האָט זי געזען פון דער ווייטנס האָט מען געזאָגט:

„דער מלאך גייט. דער גוטער שליח!״

חיים שקלאַ

# וולאדאווער לאנדסמאנשאפט אין בראזיל



די שווערע עקאָנאָמישע לאַגע אין פוילן, איר אַנטי־סעמיטישע באַציאונג צו די ידישע איינוווינער, די שווריקייטן, וואָס די פוילישע רעגירונג האָט גע־לייגט אויף דעם ידישן האַנטווערקער און נאָך אַנדערע סיבות האָבן גורם געווען, אַז פיל ידן האָבן אַרויסגעוואַנ־דערט פון אונדזער געבורט שטאָט וולאָדאַווע און פון אירע אַרומיקע שטעטלעך און דערפער אין אַנדערע לענדער.

כאָטש בראַזיל איז אַ גרויס, שיין לאַנד מיט גוטע אויסזיכטן זיך דאָרט איינצואָרדענען און רופט זיך „דאָס לאַנד פון מאָרגן", איז זי אָבער נישט געווען אַזוי פּאָפּולער ווי אַמעריקע אָדער אַרגענטינע און דאָס איז אפשר די סיבה, וואָס די צאָל ידישע איינוואַנדערער קיין בראַזיליע איז געווען אַ קליינע, צווישן זיי אויך זייער ווייניק פון וולאָדאַווע.

די וולאָדאַווער האָבן זיך קאָנצענטרירט אַמערסטן אין צוויי שטעט פון בראַזיליע: אין פּאָרט־אַלעגרא, וואָס ליגט ביי די גרעניצן פון אַרגענטינע און אורוגוויי און אין דער הויפּט שטאָט ריאָ דע זשאַנעראָ. איינציקע אויך אין סאַן פּאַולאָ.

די ערשטע אין פּאָרט־אַלעגרע זענען געווען: אברהם לעדערמאַן און פישל קראקוס. אין ריאָ האָט זיך באַ־זעצט דער ערשטער, חיים שקלא אין יאָר 1929. בראַזיל ווערט באַקאַנט אין וולאָדאַווע דורך די גוטע בריוו פון די ערשטע און אין יאָר 1933 קומט יאַנקל ראָוונער, שפּעטער, די פרוי פייגע שקלא צו איר מאַן חיים און שקלא יאנקל מיט זיין פרוי פייגע, ברוך בלושטיין מיט זיין פרוי ראַשע (פון דער היים העכט), חיים לייב און מלכה מאסלוך, יונה און דבורה זילבערשטיין, יצחק פרידמאַן, נחמן און טעמע טערבילער. משה און ברײַנדל קאָנסעוויצקי, שלמה און פּערל גרינשפּאַן, סאַנדא און פריידע פּאלעטשקאַ, משה און שרה זילבערמאַן, הערשל און שרה לעדערמאַן, שלמה און גיטל קאַלעכשטיין נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה — יעקב און רבקה שערמאַן, חיים און לאה זילבערמאַן און ישראל און פראַדל.

כמעט אַלע, וואָס זענען געקומען קיין ריאָ, האָבן די ערשטע צייט געפונען אַ היים ביי דער פאַמיליע פון פייגע און חיים שקלאָ, וואָס פלעגן יעדן אויפנעמען, ביז זיי האָבן זיך ווו ס'איז איינגעאָרדנט אָדער זענען געפאָרן אין אַנדערע שטעט. אַלע פלעגן פריער אָפּשטעקן אַ וויזיט דעם אַזוי גוט באַקאַנטן וולאָדאַווער הויז ביי חיים און פייגע שקלא. דאָרט האָט יעדער באַקומען די געהעריקע אָנווייזונגען און אויך ממשותדיקע הילף.

אַלע וולאָדאַווער האָבן זיך געהאַלטן געבונדן צווישן זיך ווי איין משפחה, איינער האָט געזאָרגט פאַרן צווייטן. אָפט זיך צוזאַמענגעקומען לייענען בריוו פון דער אַלטער היים, זיך באַטייליקן צוזאַמען אין אַ שמחה. אַזוי איז מיט דער צייט געגרינדעט געוואָרן די „וולאָדאַווער לאַנדסמאַנ־שאַפט" אין ריאָ.

אין דער ערשטער פאַרוואַלטונג זענען געווען: חיים שקלאָ, ברוך בלושטיין, שלמה גרינשפּאן, יונה זילבערשטיין אַלס פרעזעס און שלמה קאַליכשטיין אַלס סעקרעטאַר.

אין יאָר 1941, אין ברען פון דער צווייטער וועלט־מלחמה, שאַפט זיך אַן אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע, וואָס קעמפט קעגן דער נאַצישער כוואַליע, וועלכע פאַרשפּרייט זיך ראַשיק אין בראַזיל. ברוך בלושטיין, זיין פרוי ראַשע און שקלא פייגע מיט חיימען טרעטן אַריין און העלפן פירן דעם קאַמף קעגן די אַלע נאַציס, וואָס האָבן מיטגעאַרבעט מיט די דייטשן.



דער קאָמיטעט פון וולאָדאַווער לאַנדסמאַנשאַפט אין ברזיל

שטייען (רעכטס): יעקב שערמאַן, שלמה קאַליכשטיין, חיים־לייב מאַסלוך, משה קאַנסעוויצקי, פרוי ראַשע און ברוך בלאָשטיין, חיים שקלאָ, פרוי ראָזע און נחמן טערבילער, יעקב שקלאָ. זיצן (רעכטס): רבקה שערמאַן, גיטל קאַליכשטיין ז״ל, ברײַנדל קאַנסעוויצקי־בלאָשטיין, פערל גרינשפאַן, פייגע שקלאָ (חיימס פרוי), אַ גאַסט און פייגע שקלאָ (יעקבס פרוי). —אויפן דיל זיצט ראַשעס און ברוכס טאָכטער.

ענדע 1944 קומט דער פוילישער רויטער קרייץ, וואָס פאַרבינדט אַלע פוילישע בירגער. חיים שקלא ווערט דעלעגירט פון דער וולאָדאַווער לאַנדסמאַנשאַפט און אַרבעט מיט ביז ענדע מלחמה מיטן רויטן קרייץ, וואָס האָט אויך איבערגעגעבן אַלע נייעסן פון פוילן.

אין יאָר 1942 דערוויסן מיר זיך פון גרויסן אומגליק, וואָס האָט געטראָפן דעם פוילישן יידנטום, בתוכם אונדזער שטאָט. אָבער מער ווי זיך צוזאַמענקומען אָפט און לייענען די פרעסע, זיך אויסווייינען, האָבן מיר לײדער נישט געקענט, קיין וועג עפּעס אַהין צו שיקן איז נישט געווען.

אין יאָר 1944, ווען מיר האָבן באַקומען די ערשטע געלעגנהייט צו שיקן הילף, צוערשט דורכן פוילישן רויטן קרייץ, שיקן מיר איבער געלט און מלבושים.

אין 1945, גלייך נאָך דער מלחמה הויבן מיר אָן אָרגאַניזירן די הילף פאַר אונדזערע לעבנגעבליבענע. ברוך בלושטיין ווערט דער פאַרזאָרגער פון אַרויסשיקן די פעקלעך. עס געלונגט אונדז זיך צו פאַרבונדן מיט די ערשטע וולאָדאַווער.

פון די וולאָדאַווער אין פּאָרט־אַלעגרע באַקומען מיר צושטייער 500 דאָלאַר און מיר שאַפן אַ גרויסע סומע, פאַר וועלכע מיר קויפן איין לעדער און מאַנופאַקטור. די סחורה גייט אויף חיים־לייב מאַסלוך אומזיסט. פאַר 320 לעבנגעבליבענע לויט אַ ליסטע, וואָס מיר האָבן באַקומען און מיר שיקן דאָס אַריבער קיין פוילן פאַר אונדזערע וולאָדאַווער. מיר שיקן אויך מעדיקאַמענטן פאַר קראַנקע וולאָדאַווער אין ישראל.

מיד שטעלן זיך אין קאָנטאַקט מיט אַלע וולאָדאַווער, סיי מיט די וואָס זענען אין שטעטל און סיי מיט די אַנדערע, וואָס האָבן זיך באַזעצט אין די דייטשישע געביטן.

אָנפאַנג 1947 שיקן מיר אייניקע קאַסטנס מיט מלבושים און לעדער קיין נידערשלעזיע, דורכן פוילישן רויטן קרייץ פאַר אונדזערע שטעטישע. אויך באַקומען מיר באַזונדערע בריוו, וואָס בעטן הילף און יעדן שיקן מיר פעקלעך.

צו דער געשיכטע פון די וולאָדאַווער אין בראַזיל, דאַרף נאָך צוגעגעבן ווערן, אַז כאָטש מיר זענען ווייניק אין צאָל, איז די פאַראינטערעסירונג צו אַלע וולאָדאַווער, בפרט צו די פון ישראל, זייער אַ וואַרעמע.

לעצטנס איז די אַקטיוויטעט נאָך מער געשטיגן, מיט דעם, וואָס אַנשטאָט בלויז אַ פאַרוואַלטונג פון עטלעכע פערזאָן, קומען מיר זיך אַלע צוזאַמען סטאַביל איינמאָל אין

חודש, דעם שבת פון סוף מאָנאַט, יעדעס מאָל ביי אַ צווייטן, ווו עס ווערן באַהאַנדלט אַלע אויסערלעכע און אינערלעכע פראַגן, וואָס בנוגע די לעצטע פעלן אויך נישט קיין זאָרגן און מען פאַרזאָרגט דעם וואָס מען דאַרף.

אין פאַרלויף פון דער צייט זענען אייניקע וולאַדאַווער אַוועק אין דער אייביקייט, זאָלן זייערע נעמען דאָ דערמאָנט ווערן: יונה זילבערשיין, זיין פרוי דבורה, יאַנקל ראַוונער, יצחק פרידמאַן, טעמע טערבילער, שרה זילבערמאַן, הערשל לעדערמאַן, זיין פרוי שרה.

די אַלע זענען געווען זייער איבערגעגעבענע לאַנדס־לייט, וואָס פלעגן תמיד זיין אַקטיוו געזעלשאַפטלעך און מאַטעריעל זיך באַטייליקט אין אַלע אונטערנעמונגען פאַר שאַפן הילף פאַר אונדזערע וולאַדאַווער. זיי האָבן קיינמאָל נישט פאַרגעסן, אַז זיי זענען וולאַדאַווער.

כבוד זייער אָנדענק!

די וולאַדאַווער אין בראַזיל זענען ווי שוין דערמאָנט, געבונדן ווי איין משפחה. די דאָזיקע שיינע מידה פון ברי־דערלעכקייט באַמיען מיר זיך איינצופלאַנצן אין אונדזערע קינדער. מיר העלפן ווי ווייט מעגלעך איינער דעם צווייטן און זענען געבונדן מיט אַלע וולאַדאַווער אויף דער וועלט און ישראל, מיט וועלכער מיר שטייען כסדר אין קאָנטאַקט און מיר זענען תמיד גרייט אויף יעדן רוף.



# טריי דעם חלום פון דער יוגנט



שאול־וואָלף ליכטנבערג איז ביזן היינטיקן טאָג באַ־ליבט צווישן די וולאַדאַווער לאַנדסלייט אין ישראל און צווישן די, וואָס געדענקען אים פון שטעטל, זיין דינאַמישע אַקטיוויטעט אַלס איינער פון די ערשטע ציוניס־טישע טוער; זיין רעדנערישן טאַלאַנט, אַ מייסטער פון מקרב זיין זאכן צום שכל הישר און געפינען דאָס וואָרט, וואָס האָט תמיד געהאַט דעם ריכטיקן אָפּקלאַנג אין די הערצער פון דער יוגנט אין שטעטל און געהאָלפן שמידן דעם ווילן צו באַזיגן שטרויכלונגען און גיין ווייטער אומ־דערשיטערט און אָנטשלאָסן צום אויסגעבענקטן ציל.

תמיד אין צענטער פון די פרישע און ברויזנדיקע כוחות פון דער יוגנט, ביי וועלכער דער ציוניזם איז געווען דער ברענפּונקט פון זייער וועלט־אַנשויאונג און זייער לעבן, האָט שאול־וואָלף באַוויזן אויסצושטראַלן זיין גלויבן אויף אַלע, וואָס האָבן אים אַרומגערינגלט.

אַ מוטיקן און ענערגישן ווי אַלס ראַטמאַן אין מאַ־גיסטראַט, זעען מיר אים אויך היינט צווישן די וולאַדאַווער לאַנדסלייט אַזעלכן, מיט דער זעלבער האַרציקייט און וואָ־רעמער זאָרג, מיט דער זעלבער גרייטקייט צו העלפן מיט וואָרט און טאַט.

וולאַדאַווער לאַנדסלייט אין ישראל און אין די תפוצות זעען אין אים דעם וועטעראַן פון דער ציוניסטישער באַ־וועגונג אין וולאַדאַווע, תמיד אַן איבערגעלאַדענער מיט אַרבעט און פּלענער פאַר — גרויסע אויפטוען און אַלץ פאַר ארץ־ישראל, פאַר יידישער גאולה און דערביי נישט פאַר־לוירן זיין לייכטן געמיט אין פאַרקער מיט מענטשן. ער איז תמיד אויפגעלייגט צו אַ פריינטשאַפטלעכן שמועס מיט אַ וולאַדאַווער לאַנדסמאַן, מיט אַ שמייכל פון פרייד און הנאה.

שאול־וואָלף ליכטנבערג דערמאָנט אונדז אין אונדזער יוגנט, אין דער התלהבות פאַרן ציוניסטישן אידעאַל, מיט וועלכער ער האָט אָנגעשטעקט אויך אַנדערע. פאַראַן אין אים אַ גייסטיקע פעסטקייט אינאיינעם מיט אַ צאַרטקייט און נשמהדיקער באַציאונג צו מענטשן; אין איינעם מיט אַ תמימות און פשטות, וואָס מאַכט אים באַליבט ביי אַלע, וואָס קומען מיט אים אין באַרירונג.

**ז. פוקס**

## יונתן שערמאַן ז״ל



ער איז געווען איינער פון די מסירות־נפשדיקע טוער אין אירגון יוצאי וולאַדאַווע אין ישראל, איז מיט האַרץ־און־נשמה געווען איבערגעגעבן דעם יזכור־בוך און האָט, צום גרויסן באַדויער, — נישט זוכה געווען צו זען זיין דערשיינען.

חבל על דאבדין.

מאָטל וולאַדאַווער

און

יהושע סטול

# וולאדאווער לאנדסמאנשאפט אין ארגענטינע

דער וולאָדאַווער לאַנדסלייט־פאַריין אין אַרגענטינע. איז געגרינדעט געוואָרן דעם 3־טן פעברואַר 1929 אַ דאַנק דער איניציאַטיוו פון די ה״ה שמואל ביאַלי, יצחק קאלטמאַן און מאָטל וולאָדאַווער. די ערשטע פאַרזאַמלונג איז גערופן געוואָרן דורך די אַרגענטינער „די פרעסע״ און „יידישע צייטונג״, איז פאָרגעקומען אין בוענאָס איירעס אין דער וווינונג פון מרדכי ביאַלי. עס איז דאַן אויסגעוויילט געוואָרן אַ צייטווייליקער קאָמיסיע־פאָרזיצער, שמואל ביאַלי, סעק־רעטאַר — מ. וולאַדאַווער, קאַסיר — יצחק קאַלטמאַן.

דעם 22־טן פעברואַר 1929 איז גערופן געוואָרן אַ פאַר־זאַמלונג פון 22 מיטגלידער. עס זענען אויסגעאַרבעט גע־וואָרן די סטאַטוטן, וואָס האָבן געלויטעט: דער פאַריין איז געגרינדעט געוואָרן פאַר פאָלגענדע צוועקן: קעגנזייטיקע הילף פאַר מיטגלידער, 2) שטרעבן צו שאַפן אַן אַקציע־גע־



קאָמיטעט פון וולאָדאַוער לאַנדסלייט צוזאַמען מיטן פרויען־קאָמיטעט אין אַרגענטינע. עס זיצן (פון רעכטס) שמואל קליין ז״ל, פעליאַ פעלדמאַן, פסח פאַפלאַווסקי ז״ל, שיע סטול ז״ל, חיים קליין. שטייען: מאָטל וולאָדאַווער, מאָטל ביאַלי ז״ל, לייב קאַליכמאַן, סאָניע ראַבאַטשוק, יאַנקל ליכטנשטיין. ב. קאַלטמאַן ז״ל

זעלשאַפט, 3) געבן מעדעצינישע הילף אין נויט־פאַלן און העלפן נײַ־אָנגעקומענע עמיגראַנטן.

אין דער נײַער פאַרוואַלטונג, וואָס איז אויסגעוויילט געוואָרן אויף זעקס חדשים, זענען אַרײַן: חיים קליין — פּרעזידענט, מ. וואָלאַדאַוער — סעקרעטאַר, יצחק קאַלטמאַן — קאַסיר און שמואל ביאַלי, שמאי יאַבלאָן און יהושע סטול — פאַרוואַלטונגס מיטגלידער. שפּעטער זענען יערלעך געפירט געוואָרן פאַרזאַמלונגען און אויסגעוויילט פּונקט די פאַרוואַלטונג.

די פינאַנסיעלע מיטלען פון פאַריין האָבן זיך געשטיצט אויף מיטגלידס־אָפּצאָל פון פּיקניקן, ווו מ׳האָט געפּלעט פאַרשידענע זאַכן, וואָס זענען געשאָנקען געוואָרן פון די מיטגלידער און פון קינאָ־פאַרשטעלונגען, צו וועלכע עס זענען געקומען פיל לאַנדסלייט פון דער אומגעגנט. אין וויטפּאַלן האָט די פאַרוואַלטונג געזאָרגט צו געבן מאַטעריעלע הילף און אויך געגעבן לאַנג־טערמיניקע הלוואות אָן פּראָצענט.

אין יאָר 1935, ווען אין דער וואָלאַדאַווער גרויסער שול איז אויסגעבראָכן אַ שריפה און ס׳זענען פאַרברענט געוואָרן דער קינסטלעריש־געשניצטער ארון קודש מיט פיל ספרים, האָט די פאַרוואַלטונג געשאַפן אַ געוויסע סומע געלט און דאָס אָפּגעשיקט קיין וואָלאַדאַווע. אין קאָמיטעט פון דער געלט־זאַמלונג האָט זיך אויך באַטייליקט נחמיה גאָלדשטיין ע״ה.

בכלל האָבן די וואָלאַדאַווער לאַנדסלייט אין אַרגענטינע זיך פאַרהאַלטן ווי איין גרויסע משפחה, סײַ אין פריידן און סײַ אין לײַדן. דער פאַריין האָט געציילט 75 מיטגלידער. פריער האָט ער זיך געפונען אין פּריוואַטע דירות, שפּעטער האָט מען געדונגען אַ צימער אין הויז פון „צענטראַל פאַרבאַנד פון די פּוילישע ייִדן אין אַרגענטינע״, ווו דער פאַריין איז אַ געוויסע צײַט געווען אָנגעשלאָסן. און לעצטנס, אין דער געבײַדע פון אַ ייִדישן ספּאָרט־קלוב. אין געוויסע פּעריאָדן האָט מען אײַנגעאָרדנט אָוונטן, געפּראַוועט אין אַ גרויסן סאַלאָן און אויף אַ פּיקניק געפאָרן אין אַ געדונגענעם אויטאָבוס.

ביי דער פאַרוואַלטונג איז אויך טעטיק געווען אַ פרויען־קאָמיטעט, וועלכער האָט זיך באַזונדערס פאַרנומען מיט שאַפן געלט־מיטלען און גלײַכצײַטיק צוגעגרייט אַלע אונטערנעמונגען, ווי אויך ביים אויפנעמען נײַ־געקומענע לאַנדסלייט פון אויסלאַנד.

די פרויען קאָמיסיע איז באַשטאַנען פון: נעשע ראַבאַטשוק, חיה ליכטענשטיין ע״ה, טעמע פּאַפּלאַווסקי ע״ה, שרה קאַלטמאַן ע״ה, אַדעלינאַ קאַלטמאַן ע״ה, רבקה פורער, אסתר קליין, גאָלדע כהן, אַאידאַ קאַלטמאַן און חנה קאַלטמאַן.

גלייך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה, האָט דער פאַריין אַרויסגעשיקט קיין וואָלאַדאַווע דריי קאַסטנס מלבושים און שיך, פאַר די געראַטעוועטע ייִדישע וואָלאַדאַווער פּאַרטיזאַנער און אַנדערע ייִדן, וואָס האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין די וועלדער און על־פּי־נס לעבן געבליבענע. און דאָס גלייכן געשיקט הילף פאַר יחידים, וואָס האָבן זיך געפונען אין די פון פּוילן פאַרנומענע געביטן.

דער פאַריין האָט זיך אויך באַשטייערט פאַרן גרויסן קאַמפּיין נאָך דער זעקס טאָגיקער מלחמה אין יאָר 1967 פאַר מדינת ישראל.

דער פאַריין האָט אויך געשיקט הילף דעם ארגון יוצאי ולודבה אין ישראל. פיל לאַנדסלייט האָבן זיך ספּעציעל באַשטייערט פאַרן יזכור־בוך און דאָס געלט געשיקט צו דער וואָלאַדאַווער פאַרוואַלטונג אין ישראל.

יעדעס יאָר האָבן מיר דורכגעפירט אַן אזכרה נאָך די וואָלאַדאַווער קדושים, וועלכע איז פאָרגעקומען ביים מאָנומענט פון די קדושים אויפן בית הקברות אין בוענאָס־איירעס. צווישן די צענדליקער בראָנדזענע טאָוולען פון די פאַרשניטענע ייִדישע קהילות, געפינט זיך אויך אַ טאָוול לזכר דער וואָלאַדאַווער פאַרשניטענער קהילה.

פערציק יאָר האָט עקזיסטירט דער וואָלאַדאַווער פאַריין אין אַרגענטינע, נאָר לעצטנס, צוליבן פאַרלוסט פון עטלעכע מיטגלידער, וועלכע האָבן יאָרנלאַנג בלב ונפש געאַרבעט לטובת דעם פאַראיין, איז די אַרבעט שטאַרק אָפּגעשוואַכט געוואָרן. קיין פרישע כוחות קומען נישט צו.

עס איז כדאי צו באַטאָנען, אַז צווי פערזאָן, וועלכע האָבן יאָרנלאַנג געאַרבעט און פאַרנומען וויכטיקע אַמטן אין פאַריין, זענען בכלל נישט געווען קיין וואָלאַדאַווער, נאָר חתונה געהאַט פאַר וואָלאַדאַווער פרויען: פסח פּאַפּלאַווסק ע״ה האָט געשטאַמט פון ביאַליסטאָק, חתונה געהאַט פאַר אַדעלינאַ קאַלטמאַן, ער האָט קוים פאַרשטאַנען עפּעס ייִדיש, אַ לאַנגע צײַט האָט ער געשריבן די פּראָטאָקאָלן פון די פאַרזאַמלונגען אויף שפּאַניש, אָבער מיט דער צײַט האָט ער זיך געהאַלטן פאַר אַ געבוירענעם וואָלאַדאַווער.

די לעצטע פאַרוואַלטונג פון וואָלאַדאַווער לאַנדסלייט פאַריין אין אַרגענטינע: יהושע סטול ע״ה — פּרעזידענט, נעשע ראַבאַטשוק — סעקרעטערין, יעקב ליכטענשטיין — קאַסיר, פסח פּאַפּלאַווסקי ע״ה, האַטשמאַן, חיים קליין, יחזקאל פעלדמאַן, מישאַ פורער — פאַרוואַלטונגס מיטגלידער.

אין חודש יוני 1969 האָבן עטלעכע געבליבענע אַקטיוויסטן איינגעזען, אַז עס איז אוממעגלעך ווייטער אָנצוגיין

מיט דער פאַריינס אַרבעט, האָבן זיי אין בײדע ידישע צײַ־טונגען געמאָלדן, אַז צוליב די אויבנדערמאָנטע סיבות פון פעלן פון אַקטיוויסטן, ווערט דער פאַריין אויפגעלייזט. — די סאַלדאָ וואָס האָט זיך געפונען אין דער פאַריינס קאַסע איז איבערגעשיקט געוואָרן מיטן ה׳ יעקב ליכטנשטיין צום וולאָדאַווער לאַנדסלייט פאַריין אין ישראל.

צווישן די פאַרשטאָרבענע אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן



שלמה חונה טרעט אַרויס אויפן געזעגענונגס־אָוונט צום אָפּפאָר פון זיין זון יוחנן קיין ישראל אין יאָר 1955

יאָרנלאַנג געאַרבעט לטובת דעם פאַריין דאַרפן פאַרצייכנט ווערן פאָלגענדע פערזאָנען: שמואל ביאַלי, מרדכי ביאַלי, יצחק קאלטמאַן, לייב קליין, יהושע סטול, ברוך מייטער (יעקב מאיר מלמדס זון), פסח פאפלאָווסקי, בערנאַרדאָ

קאלטמאַן, יוסף קאלטמאַן, שלמה קאלטמאן, שמאי יאַבלאָן און שמואל קליין ע״ה.

אויך די אַקטיוויסטן, וועלכע האָבן אין פאַרשידענע פעריאָדן פאַרנומען אַמטן אין דער פאַרוואַלטונג: יעקב ליכטנשטיין, סאָניע ראַבאַטשוק, יחזקאל פעלדמאַן, זישע גאָלדמאַן, משה פישמאַן, מ. וולאָדאַווער, חיים קליין, שלמה חונה (טשוכנע), דוד כהן, ל. קאַצאַפּ, ישראל לעזער פעלד־מאַן, האטשמאַן, מישאַ פורער, אריה קארמאַן און משה קאלטמאַן.

אַזוי האָט זיך פאַרענדיקט די פערציק יעריקע טעטיקייט פון וולאָדאַווער לאַנדסלייט פאַריין אין אַרגענטינע.

# וולאדאווער יידן אין די תפוצות

ענדלעך נאָך אנדערהאַלבן צענדליק יאָר האָבן מיר זוכה געווען צו זען אונדזער אַלעמענס יזכור־בוך אויף דער ליכ־טיקער שיין.

ווילן מיר דורך אָט דעם וועג, דורך די הייליקע בלעטער, וואָס דאַרפן בלייבן פאַר די ווייטערדיקע דורות,, איבערשיקן אין נאָמען פון אַלע לאַנדסלייט פון וולאָדאַווע און פון דער אַרומיקער געגנט, וועלכע געפינען זיך אין מדינת ישראל — האַרציקע ווונטשן און אונדזער טיפע אָנערקענונג פאַר אַלע אונדזערע לאַנדסלייט, וועלכע זענען צעשפּרייט איבער דער וועלט אין די צפון אַמעריקאַנישע שטאַטן און אין די דרום אַמעריקאַנער לענדער:

אונדזער אָנערקענונג פאַר די פאַראייניקטע וולאָדאַווער קאָמיטעטן אין צפון אַמעריקע אין וועמענס שפּיץ עס זענען געשטאַנען: דער פּרעזעס חיימאָוויטש און דער סעקרעטאַר



דער קאָמיטעט פון די וולאָדאַווער־וולאָדאַווקער לאַנדסלייט צוזאַמען מיט ליידיס עקזילערי אין ניו־יאָרק

Wlodawer Wlodawker young ladies auxiliary 1st Row: left to right

Eli Wortman, Mrs. Wortman, Hospitaler; Mrs. Rose Feinstein, Treasurer; Mrs. Sylvia Furleiter, Finance Secretacy; Mrs. Ethel Stoll, Honorary President, Mrs. Rose Harris, President; Mrs. Ida Farbman, Vice President; Mrs. Berchuck, Recording Secretary; Mrs. Ruth Schulman.

2nd Row: Left to right'

Mrs. Mollie Knopmacher, S. Russman; Mrs. S. Russman, S. Wishner, Mrs. Wishner, Mrs. Esther Schumacher, Sheya Schumacher, Mrs. Ida Rosenfeld, William Rosenfeld, Mrs. Anna Appleman, Mrs. Yetta Wishofsky, Mrs. Lena Weissman, Past Finance Secretary.

3rd Row: left to right:

Morris Knopmacher ,Mrs. M. Geyer, M. Geyer, Mrs. Sol Weinshall, Sol Weinshall, Harry Furleiter, Jack Stoll, Morris Feinstein, Joseph Schulman, Jack Berchuck, Harry Farbman.

בריסקער זכרונם לברכה און צו וועלכן ס'האָט אויך צוגע־האָלפן מיט זיין פאַרמיטלונג אונדזער דעמאָלסדיקער קאָמי־טעט־מיטגליד ירחמיאל זבערטשוק ז"ל. אַ דאַנק זייער איני־ציאַטיוו איז מיט יאָרן צוריק געשאַפן געוואָרן אַ גרעסערע סומע געלט און דאָס האָט דערמעגלעכט צו שאַפן די גמילת חסד־קאַסע וואָס עקזיסטירט ביזן היינטיקן טאָג און יעדער װלאָדאַװער קען באַקומען הלוואות אָן פּראָצענטער מיט קליינע אויסצאָלונגען. דאָס איז געווען זייער אַ גרויסע שטיצע פאַר אונדזערע נויטבאַדערפטיקע משפחות אין לאַנד און דאָס געלט גייט בלויז אויף פּראָדוקטיווע צוועקן.

אונדזער אַנערקענונג פאַר דער געשעצטער פרוי פאַרבמאַן מיט איר מאַן און דעם גאַנצן ליידיס עקזעלערי קאָמיטעט אין וועמענס שפּיץ די דערמאָנטע פרוי שטייט אומ־דערמידלעך שוין פון די אָנהויב דרייסיקער יאָרן און ביזן היינטיקן טאָג.

דער ליידיס קאָמיטעט מיט אַלע אַנדערע װלאָדאַװער קאָמיטעטן אין ניו־יאָרק האָבן נאָך אונדזער שוידערלעכער פאָלקס קאַטאַסטראָפע פיל געהאָלפן אונדזערע שארית הפליטה אין די לאַגערן אין דייטשלאַנד און דערנאָך געשיקט פיל הילף די זעלבע שארית הפליטה וואָס זענען עולה געווען קיין ישראל.

מיר ווילן מיט האַרציקע דאַנקען דערמאָנען די יאָר יער־לעכע הילף, וואָס דער ליידיס עקזעלערי קאָמיטעט שיקט פאַר די נויטבאַדערפטיקע װלאָדאַװער אין ישראל ביזן היינטיקן טאָג און דאָס איז גאָר אַ גרויסע און הייליקע אַרבעט, מחמת אַזעלכע נויטבאַדערפטיקע אַלטע, און קראַנקע קומען כסדר




דער לעצטער קאָמיטעט פון װלאָדאַװער לאַנדסלייט אין אַרגענ־טינע. קיינער פון די קאָמיטעט־מיטגלידער לעבט נישט מער





װלאָדאַװער־װלאָדאַװקער ליידיס עקזעלערי און די קאָמיטעט־מיטגלידער אין אַמעריקע

קאָמיטעט פון וולאָדאַווער לאַנדסמאַנשאַפט אין אַרגענטינע אין יאָר 1952, ווען ער האָט געפייערט דעם יובל פון 25 יאָר טעטיקייט: משה קאַלטמאַן, חיים קליין, שיע סטול, לעמבערגער, בערנאַרדאָ קאַפּלאַן, קאַלטמאַן, שלמה חונה



באַגעגעניש פון אַ גרופּע וולאָדאַווער פּליטים אין ראַטנפאַרבאַנד 1־טע ריי (פון רעכטס): טעמע גרינשפּאַן, יאָסקע גאָלדמאַן, רחל גאָלדמאַן, חיים קליגער, פייגע אַדלער־קליגער, יאַניע פעלדמאַן.2־טע ריי (זיצנדיק): לייבל גרינשפּאַן, אלי גערשמאַן, ביילע פוטערמאַן, איצל גאָלדמאַן, שרה אַדלער־פעלדמאַן

צו און מען מוז זיי העלפן און מיר דאָ אין ישראל זאַמלען אויך און טוען אַלץ כדי צו לינדערן אויף ווי ווייט מעגליך די נויטן פון אַזעלכע.

אונדזער אָנערקענונג פאַרן קאָמיטעט פון די געוועזענע וולאָדאַוור אין בראַזיל, וועלכע זענען געשטאַנען אַלע יאָרן און אויך ביזן היינטיקן טאָג מיט אונדז אין נאָענטן קאָנטאַקט און העלפן לויט זייערע מעגלעכקייטן אונדזערע נויט־באַדערפטיקע משפחות אין ישראל.

ווען מען זאָל צוגעבן, אַז זיי זענען זייער אַ קליינע צאָל משפחות און דערצו איז זייער וואַלוטע זייער אַ נידעריקע, באַקומען זייערע זאַמלונגען נאָך אַ גרעסערן ווערט און ס׳קומט זיי אויך אַ גרויסן יישר כוח!

אונדזער אָנערקענונג פאַרן וולאָדאַווער קאָמיטעט אין אַרגענטינע. ליידער מוזן מיר מיט גרויס צער און ווייטיק פעסטשטעלן, אַז מערסטנס מיטגלידער פון דאָזיקן קאָמיטעט זענען שוין נישט צווישן די לעבעדיקע און האָבן נישט זוכה געווען צו זען אונדזער אַלעמענס הייליקן יזכור־בוך!

אויך זיי האָבן אין זייער צייט פיל צוגעהאָלפן צו לינדערן די נויטבאַדערפטיקע.

אונדזער טיפסטע אָנערקענונג דריקן מיר אויס אונ־דזערע פריינד די וולאָדאַווער לאַנדסלייט אין ווענעזועלאַ: די ברידער לייבל און שמעון שניידערמאַן, יחיאל גרינהויז און אייזיק רייס — פאַר זייער גרויסער הילף אונדזער עזרה סוציאלית. ביי דער געלעגנהייט שיקן מיר זיי איבער אונדזערע געפילן פון דאַנקבאַרקייט און בעסטע ווונטשן: זאָלן זיי נאָך לאַנגע יאָרן אָנגיין מיט זייערע מעשים טובים

זאָלן די טיף־האַרציקע אויסגעדרוקטע ווערטער אין נאָמען פון אַלע וולאָדאַווער און אויך פון איר אומגעגנט אין ישראל און פון ישראל־קאָמיטעט זיין בלומען אויף די מצבות פון די אַלע קאָמיטעט מיטגלידער אין צפון און אין דרום אַמעריקע וואָס זענען אַוועקגעריסן געוואָרן פון אונדז און זאָל דאָס אַלץ זיין צו גרויסער מצווה פאַר זייערע שיינע און גוטי מעשים.

זאָלן אויך די ווערטער זיין אַ דערמוטיקונג פאַר אַלע לעבעדיקע און די דערמאָנטע קאָמיטעטן, איר, טייערע שוועסטער און ברידער זאָלט נאָך לאַנגע און געזונטע יאָרן לעבן און הנאה האָבן פונעם לעבן און ווייטער אָנגיין מיט אייערע מעשים טובים.

ארגון יוצאי ולודבה והסביבה בישראל.
קאָמיטעט פאַר סאָציאַלער הילף ביים ארגון יוצאי ולודבה.
בוך־קאָמיטעט פאַרן ספר יזכור.



צוזאַמענטרעף פון אַלע וולאָדאַווער
אויף דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד

